ד״ר. מארק דוואָרזשעצקי

# ירושלים דליטא
# אין קאַמף און אומקום

זכרונות פון ווילנער געטאָ

אַרויסגעגעבן דורכן יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד אין אַמעריקע
און יידישן פאָלקספאַרבאַנד אין פראַנקרייך

1948 תש״ח

ד"ר. מארק דוואָרזשעצקי

# ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום

אַרויסגעגעבן דורכן יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד אין אַמעריקע
און יידישן פאָלקספאַרבאַנד אין פראַנקרייך

1948 תש"ח

DR. MARK DWORZECKI

---

# Yeruschalayim D'Lita in Kamf un Umkum

(Lutte et chute de la Jérusalem-de-Lithuanie)

## Histoire du Ghetto de Vilna

EDITE PAR L'UNION POPULAIRE JUIVE EN FRANCE, 1948.

## צום זכרון

פון מיין פאָטער דוב-בער
נפטר געוואָרן אין צער פון ווילנער געטאָ
אין יאָר 1941,

פון מיין מוטער צביה (געבוירן רומאַנאָוו)
אַרויסגעפירט אויפן וועג פון ניט צוריקקומען
אין ליקווידאַציע־טאָג פון ווילנער געטאָ אין
אין יאָר 1943,

פון מיין פרוי מרים (געבוירן קויפמאַן) און
פון מיין שוועסטער שפרה,
דערמאָרדעט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קלאָאגא
אין עסטלאַנד אין יאָר 1944,

פון מיין שוועסטער ליזע ליפשיץ
אומגעקומען אין די שחיטות פון ווייסרוסלאַנד
אין יאָר 1942

און פון אַלע איבעריקע משפחה־מיטגלידער, חברים
און יוגנט-פריינט, אומגעקומען אין פּאָנאַר
ביי ווילנע, אין די געטאָס, אין די קאָנצענ-
טראַציע-לאַגערן און אין די וועלדער.

דער מחבר.

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש

צווייטער טייל

# פארשידן זענען געווען די וועגן פון געראַנגל

דריטער טייל

# צווישן פּאַלנדיקע ווענט

## רשימה פון פאָטאָגראַפיעס און בילדער

## פאָטאָגראַפיעס, בילדער און מאַפּעס אויסערן טעקסט



אַ — אַנטקעגן

# מקור פון די בילדער און ציטירטע דאָקומענטן:

1. פּלאַקאַט פון „פאָלקס-געזונט", אַ זייטל פון פאָלקס-געזונט נום. 14, בלעכענער נומער 1157, פראַגמענט פון פאָלקס-געזונט נום. 13, מעלדונג וועגן דער 17טער זיצונג פון געטאָ-דאָקטוירים, פאַראָרדענונג נישט צו דערלאַנגען די הענט, אויפפאָדערונג פון געטאָ-געריכט, באַשטעטיקונג פון אימפונגען אין געטאָ, רוף פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט, טאַבעלע פון געזונט-שוץ (שפּיטאָל), באַריכט פון סאַניטאַרן אויפזיכט, יאַנואַר-יוני 1942, באַריכט פון דער עפּידעמיאָלאָגישער סעקציע 1943, טאַבעלע פון טויט-פאַלן לויט זייערע סיבות, פּרעלימינאַר-ביודזשעט פון די אַנשטאַלטן פון געזונטהייטס-אָפּטיילונג, אויפרוף פון דער סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, קאָנצערט-פּראָגראַם פון העברעאישן כאָר, אַרבעטס-פּלאַן פון טעאַטער-סעקציע, פּראָטאָקאָלן פון פּרעזידיום-זיצונג פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט, טעטיקייטס-באַריכט פון דער געזונטהייטס-אָפּטיילונג 1-30 סעפּטעמבער 1943, באַריכט פון אַריינגעפאַלסענע געלטער פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט, פּראָדוקטן-באַריכט פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט, שער-בלאַט פון ערשטן נומער „פאָלקס-געזונט", געטאָ-ידיעות — אַ פּאָר שורות פון זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש, מירע בערנשטיין.
צוגעשיקט פון ייוואָ, ניו-יאָרק.

2. געלער לעבנס-שיין, פּאַספּאָרט פון ווילנער געטאָ, פּאַסירשיין פון געטאָ, דאָס רויטע אַרבעטס-ביכל, שטייער-קאַרטע פון יידן-ראַט, אַ ווינשונגס-בריוו פון צוויי געטאָ-שילערינס, דער העברעאישער כאָר פון ווילנער געטאָ, פאָרהאַנג פון געטאָ-טעאַטער, אַ סצענע פון דוד פּינסקים היהודי הנצחי, פּראָגראַם פון העברעאישן געטאָ-טעאַטער, דער „נביא" פון דוד פּינסקים „היהודי הנצחי", בלעכענער נומער פון ווילנער געטאָ, אַ הזכרה אויף פּאָנאַר.
צוגעשיקט פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכען.

3. די זעלבע דאָקומענטן, ווי אויך בילדער פון קאָנצענטראַציע-לאַגער קלאָאָגא און פאָטאָגראַפיע פון העברעאישן כאָר זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך פרוי גיטע מילער-גורוויטש.

4. רשימה פון אומגעקומענע פּאַרטיזאַנער, פּלאַן פון ביידע ווילנער געטאָס, פּלאַסטישער פּלאַן פון ווילנער געטאָ. צוגעשיקט דורך דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן.

5. די זעלבע מאַפּעס, ווי אויך אייניקע פאָטאָס פון ווילנער געטאָ, אַקציע פון געלע שיינען (פאָטאָ גירשאָווסקאַ — פּרוזשאַן), פאַרבאַנד פון ווילנער יידן אין פּוילן.

6. פאָטאָגראַפיעס פון פּאַרטיזאַנער-גרופּן.
צוגעשיקט פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע ביי פּה"ח, איטאַליע.

7. הויף פון יידן-ראַט, באַקאַנטמאַכונג פון געביטס-קאָמיסאַר הינגסט, פראַגמענט פון אַ מאַסן-קבר אין פּאָנאַר, די חרובע יאַטקעווער גאַס, דייטשע גאַס אין חורבות.
צוגעשיקט דורך כ. גערשאַטאָר, לאָדזש.

8. פאָטאָ פון ד"ר יעקב ווינאָדסקי אין טשערסקער געפאַנגען-לאַגער, פאָטאָ פון ד"ר קלמן שפּיראָ און פון ד"ר ראָזע שאַבאַד-גאַווראָנסקאַ. צוגעשיקט פון ד"ך א. ליבאָ, לאָדזש.

9. פאָטאָ פון הערמאַן קרוק, אַסיאַ ביק און אַברהם בוואַיניק.
צוגעשיקט פון פּ. שוואַרץ ניו-יאָרק.

10. פאָטאָ פון אַ לערער-אויספלוג אויף פּאָנאַר, פאָטאָ פון יעקב קאַפּלאַן.
צוגעשיקט פון אַ. גאָלאָמב, מעקסיקע.

11. חרובער שול-הויף, לוויה פון געשענדעטע ספרי תורות, הספד אויפן שול-הויף.
צוגעשיקט פון מ. פוקסמאַן, עסטרייך.

12 פאָטאָ פון ברודער-קבר אין ק. צ. דאַאוטמערגען.
איבערגעגעבן דורך פרוי יאָכל וועקסלער-באַנק.

13. פאַקסימיליע פון מרדכי טענעבוים-טאַמאַראָוו
אַרכיוון פון מזכירות קיבוץ המאוחד.

14. פאָטאָגראַפיעס פון פּאַרטיזאַנער און אומגעקומענע געזעלשאַפטלעכע טוער
צוגעשיקט פון פּעסיע און לעאָ בערנשטיין (איטאַליע), שלמה בראַנד (א"י), נתן גרינבלאַט (א"י), אלחנן מגיד (א"י), מלך נײשטאַט (א"י), יצחק קאָוואַלסקי (שוועדן), ניסן רעזניק (א"י).

15. מאַפּע פון שטאָט-ווילנע, צוגעשיקט פון וואָראַבייטשיק (א"י).

16. דיאַגראַמע פון געזונטהייטס-וועזן — סקיצירט פון מחבר, געצייכנט פון לעפלער; סכעמאַטישער פּלאַן פון ווילנער געטאָ — סקיצירט פון מחבר, געצייכנט פון וו. גלעזער.

דער פאַרלאַג און דער מחבר דאַנקען די אַלע אינסטיטוציעס און פּערזאָנען, וועלכע האָבן צוגעשיקט דעם מחבר די אויבנדערמאָנטע מאַטעריאַלן און דערמיט בייגעשטייערט צו דער דאָקומענטאַציע פון בוך.

# כ'וויל דערציילן

(הקדמה)

ס'האָבן הערצער און טרוימען פון יידן אין אַלע תפוצות זיך תמיד געצויגן צו ווילנע, ירושלים דליטא; ס'האָבן זי דיכטער באַזונגען אַלס עיר ואם בישראל, אַלס שטאָט פון גייסט און תמימות, אַלס יידישע מעקאַ — און ס'האָט די ליבע פון דער יידישער פאָלקס-לעגענדע זי געקרוינט מיטן מלכותדיקן נאָמען — ירושלים.

ווילנע — דאָס וויגעלע פון חיבת-ציון און פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג; ווילנע — די שטאָט פון גאונות — פון הירש לעקערט — פון ערשטע חלוצים — פון תורה און השכלה, פון בייעם העברעאישן און יידישן וואָרט — ס'האָבן אין איר אַלע געזען דעם צענטער פון יידישן לעבן אין גלות, די הויפּטשטאָט פון יידישן קולטור-שאַפן.

ניטאָ ווילנע! ניטאָ ירושלים דליטא!

מיט אַן אינערלעכן ציטער טרעט איך צו, אַ צופעליק געבליבענער ביים לעבן, איינער פון דער שארית-הפליטה פון דער יידישער ווילנע, און אַן עד־ראיה פון איר לעצטן געראַנגל, צו באַשרייבן און דערציילן איר לעצט קאַפּיטל, די לעצטע טעג פון ירושלים דליטא.

כ'וויל דערציילן פאַר ברידער יידן, ווי — אַרומגעצוימט מיט מויערן און דראָטן, האָבן מיר געבויט אין געטאָ אַ יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן און אויפגעשטעלט אַ שול־ווזען און קולטור-אינסטיטוציעס, און אויף צו להכעיס דעם שונא געצויגן די טראַדיציע פון ווילנע, איר גאָלדענע קייט, איר דורותדיקן נוסח.

כ'וויל דערציילן, ווי אַזוי ס'איז אַנטשטאַנען אַ מוטיקע יוגנט, וועלכע האָט געקעמפט פאַר יידישן און מענטשלעכן כבוד, אַ פאַרטיזאַנער-באַוועגונג, אין וועלכער עס זענען געווען אַנגעשלאָסן יידן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע גרופירונגען און פאַרטייען — און זיי האָבן צוגעגעבן נאָך אַ הייליק רינגעלע צו דער דורותדיקער שלשלת פון גבורה און יידישן מוט.

כ'וויל דערציילן וועגן שווערע שעהן פון נסיונות אין געטאָ, וועגן מאָמענטן פון עלית-הנשמה און ווי אויך פון ירידה; וועגן קדושה, וועלכע וועט לייכטן אויף דורות און וועגן דעם נכשל ווערן פון אייגענע ברידער, וועלכע האָבן אונטערן איום־ונורא־דיקן קאָשמאַר פון נאַצי־רעזשים ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון...

כ'וויל דערציילן וועגן טרויער און פרייד אין געטאָ, וועגן מאַמעס און קינדער, וועגן לערערס און שילערס, וועגן יידישע שרייבערס און טוערס, וועגן געשטאַלטן און לייסטונגען פון פאַרשידענע טיילן פון דער יידישער ווילנע, פון ציוניסטן, חלוצים, קאָמוניסטן, בונדיסטן, רעליגיעזע — און סתם יידן, פשוטע יידן, וועלכע האָבן ווירדיק געטראָגן די שווערע געטאָ-לאַסט.



אַ ווינקל אין ווילנער געטאָ נומער צוויי
(דער דורכהויף און דער שול-הויף)

ציכנונג פון יעקב שער.

כ'וויל דערציילן וועגן וואָס מען האָט געטראַכט און אויף וואָס מען האָט געהאָפט אין געטאָ; ווי האָט מען געוואוינט און געאַרבעט, און געהונגערט, און געזונגען לידער ווען דער טויט האָט שטענדיק געשוועבט ביים טויער פון געטאָ.

איך הויב אָן צו שרייבן מיינע זכרונות אין טאָג פון מיין באַפרייאונג פון דער נאַצישער הערשאַפט.

איך שרייב צום דריטן מאָל...

מיר האָבן אין געטאָ זיך תמיד געזאָגט: ווער ווייסט, ווער ס'וועט פון אונז בלייבן ביים לעבן. אָבער זאָלן קומענדיקע דורות וויסן פון אונזערעליידן, קאַמף און שאַפן אין געטאָ, זאָלן זיי עס פון קינד צו קינד איבערגעבן, און אַמאָל אפשר אויך אַ מוסר־השכל זיך לערנען פון אונזער טרער און פון אונזער בלוט.

מען האָט אין געטאָ זיך דערציילט: ווען מען האָט געפירט פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו צום טויט האָט ער זיך געווענדעט צו די אַרומיקע יידן און געזאָגט זיי: „שרייבט און פאַרשרייבט"...

האָבן מיר געשריבן און נאָטירט, יעדער לויט זיין פעאיקייט און זיין יכולת צו זען און צו באַמערקן. ס'האָט דער געטאָ געזאַמלט אויף בוידעמער און אין קעלערס דאָקומענטן, עדות־זאָגן, אַרכיוו־מאַטעריאַלן, און ביים לעבן — זיך אַליין אַ מצבה געשטעלט.

ס'וועט נאָך אַמאָל געפונען ווערן ניט איין זכרונות־בוך וועגן געטאָ־ווילנע. און ניט איין ניי, אומבאַקאַנט בלעטל וועט נאָך אויפגעדעקט ווערן פון יענער גרויסער טראַגעדיע. און אפשר וועט נאָך אַמאָל געפונען ווערן אויף אַ בוידעם, אויף זאַוואַלנע 44, אויך מיינס אַ טאָג־בוך, וואו כ'פלעג יעדע נאַכט ביי אַ ציטערדיק ליכטל, פאַר־צייכענען דאָס וואָס איך האָב געהערט און געזען, באַפעלן פון געטאָ־פּאָליציי, יום־טובים און שול־פאַראַנשטאַלטונגען, און נעמען פון אומגעקומענע און אַוועקגעפירטע, און פּראָטאָקאָלן פון געהיימע זיצונגען פון די אונטערערדישע קרייזן צו וועלכע איך בין געווען אָנגעהעריק.

און ווען מען האָט מיך אין מיטן דער שפּיטאָל־אַרבעט, ניט געזעגנט מיט מוטער, פרוי און שוועסטער, — אַרויסגעפירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן קיין עסטלאַנד, וואו מען פלעגט אונז רעווידירן ביים אַריינגיין און אַרויסגיין פונעם לאַגער — האָב איך מיט אַ דינעם כעמישן בלייפעדער אויף פּאַפּיר־באַנדאַזשן, אין אַ שפּראַך פון רמזים פאַרנאָטירט געשעענישן און פאַקטן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער, און נעמען פון דערמאָרדעטע און געפאַלענע ביי דער אַרבעט, און נעמען פון אונזערע מערדערס.

אין שטוטהאָף, ביי דאַנציק, אין גרויסן קאָנצענטראַציע־לאַגער פון איבער אַכטציק טויזנט מאַן — דאָרט פאַרן גרויסן „מאָדערנעם" באָד (וואו מען פלעגט פירן אַלע געבראַכטע „העפטלינגע", אין קיינער האָט ניט געוואוסט צי ס'איז אַ ווירקלעכע באָד, אָדער אַ פאַרשטעלטע גאַז־קאַמער), דאָרט, אַז מען וועט גראָבן דעם פּלאַץ פאַרן געהיימנישפולן באָד, וועט מען אין דרערד געפינען פאַרגראָבן יידישע קדושין־רינגלעך, משפּחה־זכרונות, בריוו פון פריישאַפט און ליבע, פּערלען־קרענץ געירשנט פון דורות. דאָרטן ליגן אויך באַגראָבן באַנדאַזשן־זכרונות פון אַ שריד פון ירושלים דליטא...

ס'זענען מיינע בלעטער־זכרונות ניט קיין אויסשעפּנדיקע געשיכטע פון געטאָ ווילנע. און כ'פּרעטענדיר דערצו ניט.

און ס׳איז אויך ניט ביכולת פון איין פערזאָן צו קענען אַרויסשטעלן אַן אייביקן און אַלזייטיקן מאָנומענט פאַר יענער גרויסער, רעטענישפולער און, פאַר די וואָס האָבן עס ניט מיטגעלעבט, אומפאַרשטענדלעכער טראַגעדיע פון ליידן, ווידערשטאַנד, האָפענונג און יאוש, נידערגעפאַלנקייט און הייליקן אויפשטייג — אונטער דראָטן...

ס׳איז מיין צוועק נאָר, און כ׳פיל עס פאַר מיין אינערלעכן חוב, וועלכן איך מוז דערפילן פאַר די פאַרשוואונדענע, צו דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב געזען אין יענע טעג, בכדי עס זאָל ניט פאַרגעסן ווערן, און דערמיט העלפן צוצולייגן אַ שטיינדל צום קומענדיקן מאָנומענט, וועלכן עס וועלן אויפשטעלן לעתיד די יידישע געשיכטע-שרייבערס, וואָס וועלן פאַרפּיקסירן אין דער אייביקייט דאָס יידישע לעבן און דעם געראַנגל אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

צוליב דער אחריות פאַר דער געשיכטע, באַטאָן איך נאָך אַ מאָל, אַז וואָס איך וועל דאָ דערציילן איז נאָר אַ ספּור פון אַ יחיד: וואָס איך האָב געזען און פאַרגעדענקט, זייענדיק אין געטאָ און אַרבעטנדיק דאָרט, אַלס יידישער דאָקטאָר און אָנטייל-נעמענדיק גלייכצייטיק אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און אין דער אונטערערדישער טעטיקייט פון געטאָ.

איך שרייב, ניט באַזיצנדיק אינטערן האַנט קיין שום דאָקומענטן און ציפערן. ס׳איז מעגלעך און זיכער, אַז אַ גאַנצע רייע פאַקטן און נעמען געדענק איך שוין ניט; ס׳איז מיר אויך זיכער, אַז צוליב די קאָנספּיראַציע-באַדינגונגען פון געטאָ, זענען מיר ניט אַלע טיילן פון געטאָ־לעבן באַקאַנט.

צו די איבערגעבליבענע חברים פון געטאָ ווילנע און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, צו וועמען עס וועלן אַריינפאַלן מיינע שורות, איז געווענדעט מיין פאָלגנדיקע ביטע: די אַלע געשעענישן און דערשיינונגען פון געטאָ־לעבן וועלכע איך דערמאָן ניט אין די דאָזיקע זכרונות, ווייל זיי זענען מיר ניט גענוי באַקאַנט — ברענגט איר אַרויס צו דער עפנטלעכקייט, און העלפט דערגאַנצן די דאָקומענטאַציע וועגן געטאָ ירושלים דליטא און וועגן אומקום־גורל פון ווילנער יידנטום.



די הקדמה „כ׳וויל דערציילן״ איז געשריבן געוואָרן דעם 28סטן אַפּריל 1945, אין דעם שטעטל סאַלגאַו ביי ווירטעמבערג, דרום-דייטשלאַנד — אין מיין ערשטן טאָג פונעם באַפרייען זיך פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָרט זענען אויך געשריבן געוואָרן די קאַפּיטלען וועגן די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע.

דאָס גאַנצע איבעריקע בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום״ איז געשריבן געוואָרן אין פּאַריז פון 15טן מאַי 1945 ביזן 30סטן נאָוועמבער 1946.

טעקסטן פון „געטאָ־ידיעות״, פּאַטאָס פון געטאָ־דאָקומענטן זענען דערהאַלטן געוואָרן און צוגעגעבן געוואָרן בעתן זעצן ענדע 1946 — און אינם פאַרלויף פון 1947.

מ. ד.

# 1. די דייטשן זענען אַריין קיין ווילנע

## דער פֿאַלשער לופֿט־אַלאַרם

דעם 20סטן יולי 1941 האָט מען זיך געריכט אין ווילנע אויף אַ פֿאַלשן לופֿט־אַלאַרם, אַלס אַן איבונג פֿאַר דער באַפֿעלקערונג, ווי זי זאָל זיך האַלטן, אויב עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה. עס איז געווען זונטיק. גרויסע טיילן פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט זענען געווען אַרויסגעפֿאָרן הינטער ווילנע קיין פּאָספּעשקי און וואָלאָקומפּיע אויף אויספֿלוגן מיט אָרקעסטערס און באַלאַלייקעס.

פּלוצעם סירענעס. די הימלען זענען באַדעקט מיט אייראָפּלאַנען. איך געפֿין זיך אויפֿן גאַס אין וועג צו אַ קראַנקען. עס פֿאַלן פֿון ניט ווייט באָמבעס, עס הערן זיך מעכטיקע דעטאָנאַציעס, עמודים רויך הויבן זיך אויף. דוכט זיך, עפּעס ברענען בנינים? — — —

די מענטשן לויפֿן אין די צוגעגרייטע לופֿט־אַלאַרם־קעלערס. אַנדערע שטייען אויפֿן גאַס און באַוואונדערן ווי עס איז געלונגען איינגעאָרדנט געוואָרן דער פֿאַלשער לופֿט־אַלאַרם: דעטאָנאַציעס, ווי פֿון אמתע באָמבעס! און ס'אַראַ רויך! און דאָס פֿייער איז פּונקט ווי אַן אמתער!

כ'קום אין שטוב. די מוטער איז זייער נערוועז:

— מיין קינד, עס איז אַן אמתע מלחמה מסתמא, ניט קיין פֿאַלשער אַלאַרם. זע, וואָס עס טוט זיך אויפֿן הימל!

איך קוק זיך אום. דער הימל איז שוואַרץ פֿון אייראָפּלאַנען. עס הערן זיך אויפֿרייסן, שיסערייען, קנאַלן. פֿון ווייטן שטייט אַ בנין אין פֿלאַמען, מען פֿירט אויף אַ דראָזשקע אַ פֿאַרוואונדעטן. די קאַנאַריקלעך אין די שטייגן ביי דעם פֿענצטער שפּרינגען ווי צעדולטע.

איך לויף צום ראַדיאָ. איך שטעל אים אָן. עס זינגט דער סאָוועטישער ראַדיאָ, ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען, אַ יידיש לידל:

„לאָמיר זינגען אַ לחיים —
„פֿאַר דעם לעבן פֿאַר דעם נייעם!
איי, איי, איי איי!"

איך שטעל אָן אויף מאָסקווע. ס'שפּילט עפּעס אַן אָרקעסטער, און פּלוצעם: מאָלאָטאָוו רעדט:

— „היינט פֿרי איז דער שונא באַפֿאַלן די סאָוועטישע טעריטאָריע".

דער פאַלשער אַלאַרם איז געווען דער אָנהויב פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה. —

## דער צוריקצוג פון סאָוועטישן מיליטער

איניקע טעג האָט געדויערט דאָס באָמבאַרדירן די שטאָט. מתים זענען געלעגן אין די גאַסן און צווישן די רואינען. דאָס סאָוועטישע מיליטער האָט אָנגעהויבן צו־פּ־צו־טרעטן. רויטע אַרמעער, שווער באַלאָדענע, האָבן זיך געצויגן דורכן שטאָט אין ריכטונג פון אַרומיקע שאָסעען און וועלדער. דאָרטן האָט זיי געטראָפן די קויל פון ליטווישע אַנטיסאָוועטישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען געלעגן אין די וועלדער און געוואוסט וועגן דייטשן אָנגריף. דאָרטן האָט אויף זיי געוואַרט דער פאַרראַט פון דעם ליטווישן מיליטער, וואָס איז געווען אַ טייל פון סאָוועטישן, און איז מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אַריבער אויף דער דייטשער זייט.

אין שטאָט פאַרשפרייט זיך אַ קלאַנג, אַז מאָלאָטאָוו האָט דערקלערט אין ראַדיאָ, אַז ניט וועלנדיק צעשטערן ווילנע, פאַרלאָזט זי דאָס סאָוועטישע מיליטער און דערקלערט זי אַלס אָפענע שטאָט.

די מענטשן פילן אויס די גאַסן און קוקן זיך צו צום סאָוויעטישן צוריקצוג. פאַרביי אונזער שטוב מאַרשירן קאָלאָנעס רויט־אַרמעער.

איינער פון אונזער הויף שרייט צו זיי:

— פּראָשטשייטע טאָוואַרישטשי! (זייט געזונט, חברים!).

— פּראָשטשייטע רעביאַטאַ! (זייט געזונט, חברה!), שרייען די אַוועקגייענדיקע רויט־אַרמעער — אָני איזמעניליי! (זיי האָבן פאַרראַטן!) — וואָרנימאָסיאַ! (מיר וועלן זיך צוריקקערן!).

— ווערניטעס! ווערניטעס! (קומט צוריק! קומט צוריק!) שרייען זיי נאָך די יידן, וועלכע שפירן, אַז עס קומט אָן די שווערע גורלדיקע שעה.

## דער גורל פון די, וואָס זענען אַנטלאָפן

עס קומט מיטאַמאָל צולויפן מיט אַ רוק־זאַק אויפן פּלייצע דער חבר מאַגיסטער ישעיהו צינצינאַטוס:

— טויזנטער מענטשן פאַרלאָזן ווילנע! מען אַנטלויפט פון דייטש, מען לויפט קיין סאָוועט־רוסלאַנד. די וועגן זענען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. קום, לאָמיר גיין צו די סאָוועטן.

איך וואַרף אַרויף אַ פּעקל אויפן פּלייצע און בין גרייט צו גיין. איך הויב אָן זיך צו געזעגענען מיט מיינע נאָענטע. אַרום און אַרום פאַרוויינטע, פאַרלוירענע, פאַר־יאושטע בליקן. איך וואַרף אַראָפּ דאָס פּעקל פון פּלייצע:

— ניין, ישעיהו, איך קאָן ניט לאָזן די פרוי, די מוטער, דעם פאָטער, די שוועס־טער. זיי וועלן ניט קענען מיטגיין. וואָס וועל איך זיך אַליין לויפן ראַטעווען? ישעיהו, איך בלייב טיילן צוזאַמען מיט זיי דעם גורל. דו ביסט אַליין, אַ בחור, גיי ראַטעווע זיך! זיי געזונט!

— אַליין, אָן חברים גיי איך ניט — ענטפערט ער אָפּ און בלייבט.

אַרום און אַרום: מענטשן לויפן, געזעגענען זיך, דינגען פורן, שאַפן וועגעלעך, גייען, קערן זיך צוריק.

צענדליקער טויזנטער זענען דאַן אַוועק פון ווילנע. געציילטע פון זיי איז גע־לונגען אָנצוקומען אין סאָוועט־רוסלאַנד. די טראַנספּאָרט־מיטלען זענען געווען אָקו־פּירט דורכן מיליטער, וועלכע האָט זיך שנעל עוואַקואירט. אויף די באַנען האָט מען אַריינגעלאָזן פון דער ציווילער באַפעלקערונג נאָר די איינצלנע, וועלכע האָבן גע־האַט מיטגלידס־קאַרטן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איז מען געגאַנגען אין די טויזנטער צופוס איבער וועגן און שטעגן. די אָנגעקומענע דייטשע טאַנקען האָבן זיי איבערגעיאָגט. אַ טייל פון זיי איז אויף די וועגן פאַרניכטעט געוואָרן און וואָכן לאַנג האָבן זיך געוואַלגערט קערפּערס איבער וועלדער און פעלדער; און אַ טייל האָט זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע צעבראָכן, הונגעריק, אַנטוישט, אויסגעמאַטערט.

## מיר זענען אין די דייטשע הענט!

עס איז אָנגעקומען די נאַכט. אַ טויטע, געדריקטע, געהיימנישפולע שטילקייט האָט באַדעקט די שטאָט, וועלכע איז געבליבן אָן אַ בעל הבית. די סאָוועטן האָבן זי שוין פאַרלאָזן, די דייטשן זענען נאָך ניט אָנגעקומען, נאָר פון ווייטן, פון הינטערן שטאָט, האָבן זיך געהערט שיסערייען: דאָס האָבן די ליטווישע אַנטיסאָוועטישע פּאַר־טיזאַנער אין די וועלדער באַשאָסן די צוריקציענדיקע רויט־אַרמייער.

די יידן האָבן זיך פאַרשלאָסן אין די הייזער, פאַרבאַהאַלטן זיך אויף די בוידעמער אין דערוואַרטונג, אַז די פּוילישע און ליטווישע אַנטיסעמיטישע באַפעלקערונג וועט איצט איינאָרדענען אַ באַרטאָלאָמעאוס-נאַכט פאַר די יידן.

פּלוצעם האָבן זיך דערהערט דורך דער געשפּאַנטער שטילקייט אַ רויש פון אומצאָליקע טאַנקען. דאָס האָבן דייטשע חיילות אַריינגעמאַרשירט קיין ווילנע.

דורך פאַרמאַכטע לאָדנס האָבן יידן מיט פּחד און מיט אויסגעלאָשענע אויגן, גע־קוקט אויפן מיליטער, וואָס האָט אין דער שטילער נאַכט־פינצטערניש געצויגן אין שטאָט אין אומענדלעכע שורות פון טאַנקען, אויטאָס און מאַשינען־געווערן.

מיין מוטער, אַ פאַרקלעמטע איז געשטאַנען ביים פענצטער, טרויעריק געקוקט און געזאָגט:

— קינדער, האַלט זיך. עס איז אַלץ פאַרפאַלן, מיר זענען אין די דייטשע הענט! — — —

## 2. די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע

**ליטווישע און פּוילישע געוועזענע סאָוועטישע אַגיטאַטאָרן...**

די ערשטע טעג, ווען די דייטשע חיילות זענען אַריין אין ווילנע, האָבן זיי קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך באַרואיקט. אין שטאָט האָט אָנגעהויבן אויסצופעלן ברויט. לאַנגע רייען פלעגן שטיין און וואַרטן אויף הייס געבעקס. ליטווישע און פּוילישע אָרדנערס מיט באַנדן אויף די הענט, פלעגן אַרויסשטופּן די יידן פון די רייען, און הייסן זיי שטעלן זיך צום סוף פון רייע. די יידן האָבן זיך געטרייסט:

— ווי לאַנג וועט עס דויערן? מיר האָבן זיי אין דרערד. מיר וועלן זיי איבערלעבן!

און מען האָט אָנגעהויבן אליין צו באַקן ברויט. יידן האָבן זיך אויסגעהיט פון צו גיין אין גאַס, טאָמער וועלן זיי האָבן צרות פון די דייטשן. נאָר די יידישע דאָקטוירים זענען געגאַנגען אויף וויזיטן צו די קראַנקע, טראָגנדיק אַ רויטן קרייץ אויפן אַרבל. עס האָט דאַן געהערשט אין שטאָט די בויך־טיפוס־עפּידעמיע.

איך קום אַריין אין פּאָליקליניק, אָפּגעבן דעם חודש־באַריכט און באַקומען מיין חודש-געהאַלט. דער קאַסירער, אַ ליטווין, איינער פון די הייסע סאָוועטישע אַגיטאַטאָרן און רעדנערס אויף די מיטינגען, וואו ער פלעגט רופן אַלעמען צו סטאַכאַנאָווישע אנשטרענגונגען פאַרן סאָוועט־רעזשים, באַגעגנט מיך מיט פאָלגנדיקן לשון:

— יידן און קאָמוניסטן באַקומען ניט קיין שכירות. איר האָט זיך גענוג אָנגעזויגט מיט געלט.

ער בעט מיין לעגיטימאַציע אַלס אַמבולאַטאָריע-דאָקטאָר און צערייסט זי. די אַרומרינגלענדיקע פּריילינס, ליטווישע און פּוילישע, וועלכע האָבן נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק אַזוי געפּלייסיקט זיך אין סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם — לאַכן הויך, וואויל־יונגעריש, זיגרייך און צופרידן. — — —

**אָפּגעבן ראַדיאָס**

עס גייט אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן אָפּגעבן די ראַדיאָס. די ראַדיאָס ווערן אָפּגעגעבן. אויף אונזער הויף, אין אַ קעלער, הינטער ברעטער, ווערט אַריינגעטראָגן אַ ראַדיאָ. און מען הערט נייעס.

לויט די גוטע ידיעות פון ראַדיאָ, דוכט זיך, אַז דער קריג איז באַלד צו ענדע...

## רעוויזיעס

עס הויבן זיך אָן רעוויזיעס אין יידישע הייזער. מען זוכט געווער. וואָס מען געפינט פון ווערטפולע זאַכן, ווערט צוגענומען דורך די זוכער: גאָלד, ברילייאַנטן, געלט, פאַרשידענע שמוק, טואַלעטן־זייף. אין משך פון איניקע טעג לערנען זיך אויס די יידן, ווי אויסצובאַהאַלטן דאָס אַלץ אויף די בוידעמער און אין קעלערן, מען זאָל ביי אַ רעוויזיע גאָרניט געפינען. אויב ביי אַ רעוויזיע ווערן געפונען „פאַרדעכטיקע" זאַכן, אָדער רוסישע ביכער, ווערט דער ייד צוגענומען און ער קומט שוין מער ניט צוריק. דער עולם געזעגנט זיך מיט פושקינס לידער און מיט טאָלסטאָיס ווערק. ווער עס איז זיי מקבר וואו עס איז; און ווער עס פאַרברענט זיי.

## כאַפּענישן

27 סטער יוני 1941.

עס הויבן זיך אָן כאַפּענישן. מען כאַפּט אויף די גאַסן פאַרבייגייענ-דיקע יידישע מענער. אַ טייל פון זיי קערט זיך צוריק אין אָוונט, מיט אַ „שיין" אויפן האַנט, אַז זיי האָבן געאַרבעט ביי דייטשן; אַנדערע קערן זיך שוין מער ניט צוריק. די דייטשן דערקלערן, אַז די יידן זענען צוגענומען געוואָרן אויף אַרבעט הינטערן שטאָט.

מענטשן מיט אַן אונטערנעמערישן גייסט גייען אַליין צו דער אַרבעט, קומען צו-ריק מיט „שיינען", וואו עס איז געשריבן, אַז זיי מעגן גיין פריי איבער די גאַסן, וואָס פירן צו זייער אַרבעטס־פּלאַץ. אַנדערע ברענגען פון דער אַרבעט אַ לעבל ברויט. עס ווערט אַ בהלה אויף צו באַזאָרגן זיך מיט שיינען. עס געפינען זיך אויס פאַרמיטלערס, וועלכע קריגן פאַר אַ פּאָר הונדערט רובל אַ שיין. די וואָס זענען ניט צוריקגעקומען, זעט מען אָפּט, אין אייניקע טעג אַרום, אַז מען פירט זיי אויף אויטאָבוסן דורך נאָוו-גאָראָדער גאַס, אין דער ריכטונג צום שיינעם וואַלד-אָרט פּאָנאַר, אַ זיבן קילאָ-מעטער הינטער ווילנע. מסתמא פירט מען זיי אויף וואַלד-אַרבעט...

קריסטן, איינוואוינער פון דערפלעך, ניט ווייט פון פּאָנאַר, דערציילן, אַז עס הערן זיך דאָרט שיסערייען. דער עולם טייטשט עס אויס:

— דאָרטן מוזן זעלנער זיך איבן אין שיסן, און יידן בויען פאַר זיי באַראַקן.

10טער יולי. ס'ווערן גרויסע גרופּן פון געכאַפּטע יידן אַרויסגעפירט אין בור-בישקער וואַלד און קערן זיך ניט צוריק.

11טער יולי. מאַסן געכאַפּטע יידן ווערן אין אויטאָס געפירט אין ריכטונג פון פּאָנאַר.

14טער יולי. ס'ווערן געכאַפּט און אַרויסגעפירט די יידן פון זאַרעטשער קוואַרטאַל.

## טאַקסי-פאַרשוואונדענישן

טאַקסיס מיט געשטאַפּאָ-מענטשן שטעלן זיך אָפּ ביי פאַרשידענע יידישע הייזער. זיי רופן אַרויס די מענער, הייסן נעמען אַ האַנטוך און אַ שטיקל זייף. זיי ווערן גענומען אויף אייניקע טעג אַרבעט. די מענטשן קערן זיך שוין קיינמאָל ניט צוריק.

## „כאַפּונעס"

אויף די גאַסן באַווייזן זיך גרופּן פּוילישע יונגע לייט מיט ווייסע אָרעמבענדער אויף די הענט. זיי כאַפּן די יידן און פירן זיי אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט אדער אין תפיסה. אַנדערע רייסן זיך אַריין אין די הייזער און כאַפּן אַרויס די יידישע מענער. מען רופט זיי „כאַפּונעס".

דער רוב מנין פון די כאַפּונעס זענען געווען ליטווישע פאַשיסטן. מען האָט זיי אָנגערופן אויף ליטוויש „איפּאַטינגאַס" (אויסדערוויילטע). זייער שטאַב איז געווען אויף ווילנער גאַס 12. זיי זענען געשטאַנען צו דינסט פון דעם געשטאַפּאָ־אָפיצער שווינענבערג.

די כאַפּונעס האָבן געהאַט באַהעלפערס: קליינע פּוילישע און ליטווישע יינגלעך, וועלכע פלעגן אויסשמעקן, איבער די הויפן און הייזער, וואו אַ ייד באַהאַלט זיך. ווען אויף אַ הויף האָט זיך באַוויזן אַזאַ יינגל, איז געוואָרן אַ בהלה: מען האָט גע־וואוסט, אַז עס גייען אַגענטן פון די כאַפּונעס.

מען דערציילט: פאַר אַ געכאַפּטן יידן פלעגט אַ „כאַפּון" קריגן זיין האָנאָראַר: צען רובל (ווייניקער ווי איין קילאָ ברויט...).

## העץ-פּראָפּאַגאַנדע

אין ווילנע האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אַ פּוילישע צייטונג „גאָניעץ צאָדזשיעננעי" און אייניקע ליטווישע צייטונגען, וועלכע זענען געווען פול מיט אַנטי-יידישער העץ־פּראָפּאַגאַנדע, מיט פאָטאָגראַפיעס פון מתים, און אויפשריפטן, אַז דאָס זענען ליטווי־נער און פּאָליאַקן, דערמאָרדעטע דורך יידן ביים אָוועקגיין פון די סאָוועטן. אין די צייטונגען פלעגן זיין אָפטע ידיעות וועגן דעם, אַז די ליטווישע באַפעלקערונג נעמט פון די יידן נקמה, און שטעטל נאָך שטעטל ווערט יידן־ריין.

צי איז דאָס אַגיטאַציע, צי קומט עפּעס ווירקלעך פאָר אין ליטע, האָבן מיר ניט געוואוסט...

## לאַטעס

דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון ווילנע צענפּעניג האָט פאַרעפנטלעכט דעם 4טן יולי אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן דאַרפן ביזן 8טן יולי אָנטון אויפן ברוסט און אויף דער פּלייצע אַ ווייסן צייכן, צען צענטימעטער אויף צען צענטימעטער, אין מיטן דאַרף זיין אַ געלער קרייז און אינווייניק אַ „J".

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אָפּגערופן געוואָרן דאָס געזעץ וועגן לאַטעס און עס איז פאַראָרדנט געוואָרן:

אַלע יידן דאַרפן טראָגן אַ בלויען אָרעמבאַנד מיט אַ ווייסן מגן דוד.



אין אַ פּאָר טעג אַרום שפּעטער, דעם 3טן אויגוסט, ווידער אַ פאַראָרדענונג: אַלע יידן דאַרפן טראָגן געלע לאַטעס אויפן ברוסט און אויף דער פּלייצע. מ'טאָרן ניט אויפירן דעם באַפעל — די גרעסטע שטראָף. די לאַטע שטעלט מיט זיך פאָר אַ געלן מגן-דוד.

און ווירקלעך, ווער עס האָט דעם טאָג ניט אָנגעטאָן די לאַטעס, און איז אַרויס אויפן גאַס אָן די לאַטעס, איז שוין מער קיינמאָל ניט צוריקגעקומען...

## מיר טוען אָן די געלע לאַטעס

די פרויען פון אונזער הויף האָבן זיך צונויפגעזאַמלט, צונויפגעלייגט ווייסן שטאָף, געלע פאַרב, פאָדעם, און גאַנצע נעכט גענייט די לאַטעס. פאַר יעדן איינעם צו צוויי לאַטעס, אויף יעדן בגד און אויף יעדן מאַנטל. די דאָקטוירים האָבן נאָך געמוזט האָבן אַ צוגאָב פון צוויי געלע לאַטעס אויף יעדן ווייסן מעדיצינישן כאַלאַט ביים אויפנעמען קראַנקע.

מען האָט געניית און געוויינט. —

יונגע פרויען פאַר מענער, כלות פאַר חתנים, האָבן אויסגענייט דעם „געלן יוד" מיט זיידענעם פאָדעם, און אַרומגעזוימט די לאַטע מיט ליבע און געפיל, עס זאָל אויסזען די לאַטע וואָס שענער, וואָס אָנגענעמער פאַרן אויג.

מיין פרוי בראָגט מיר צו די געלע לאַטעס, נייט זיי צו צו מיין בגד און זאָגט אַ פאַרקלעמטע:

— זע, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט. אַ געלע לאַטע, ווי אַ קאַטאָרזשניק !...



פרימאָרגן. אַלע האָבן שוין אָנגעטאָן די געלע צייכנס, עס רעדן צווישן זיך הויף־איינוואוינער:

— ווער וועט אַרויסגיין דער ערשטער אויפן גאַס מיטן שאַנד־צייכן?

— וואָס וועלן זאָגן די פוילישע שכנים? אוי, וועלן זיי האָבן נחת פון אונזער אומגליק! ווי באַווייזט מען זיך פאַר זייערע אויגן? — — —

איך נעם מיין מעדיצין־טעקע און איך גיי צו אַ פוילישן פאַציענט.

— וואָס איילסטו זיך? — פרעגן מיך מיינע שטובּיקע. — ער איז נאָך ניט אַזאַ חולה מסוכן, ער קען נאָך אויסוואַרטן.

— דוקא פאַרקערט, איך וויל זיין פון די ערשטע, וואָס גייען אַרויס מיטן „יוד" און מיט דער געלער לאַטע אויפן גאַס. און דוקא דערמיט אַוועקגיין צום פוילישן פאַציענט, און זאָלן די פוילישע שכנים זען, אַז מיר שעמען זיך ניט, מיט דער לאַטע און מיטן „יוד". — — —



אויפן גאַס. עס האַלט מיך אָפּ אַ דייטש און פרעגט מיט רוגזה:

— וואָס טראָגסטו דו אויף דער ברוסט?

— מיין ידישן קען־צייכן!

— ביסט דו איין יודע?

— יאַ!

און ער גייט אָפּ און פאַרהאַלט אַ צווייטן פאַרבייגייער, אונזערן אַ שכן מיט אַ לאַטע. איך זע פון ווייטן: ער פרעגט אים עפּעס מיט רוגזה, און ווייזט אָן אויף די לאַטעס. יענער איז צעטומלט, און ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. דער דייטש פאַרשווינדט צוזאַמען מיטן יידן. דער ייד איז מער ניט צוריקגעקומען...

## פאַראָרדענונגען

עס האָבן זיך אַ שיט געטאָן פאַראָרדענונגען:

— יידן טאָרן ניט האָבן קיין קאָנטאַקט מיט ניט־יידן.

— יידן האָבן ניט קיין רעכט צו פאַרקויפן זייערע זאַכן.

— יידן האָבן ניט קיין רעכט צו פאָרן מיטן באַן, אָדער אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען.

— יידן מעגן באַזוכן די מערק נאָר אין געוויסע שעהן (שפּעטער — אינגאַנצן פאַרווערט געוואָרן).

— יידן מעגן גיין אין שטאָט נאָר ביז זעקס אין אָוונט.

— יידן טאָרן ניט גיין אויף די טראָטואַרן. זיי מעגן גיין נאָר אויפן ברוק און דאָס איינער נאָך דעם אַנדערן, ווי עס גייען גענדז.

— יידן איז ניט דערלויבט צו גיין אויף מיצקעוויטש־גאַס, ברייטע־גאַס, זאַוואַלנע־גאַס, קאַטעדראַל־פּלאַץ (די „אַריסטאָקראַטישע געגנטן” פון ווילנע) ווי אויך אַרום באַן. זיי האָבן רעכט צו גיין נאָר אויף 17 גאַסן פון שטאָט.

## פּאָגראָמען, אַרויספירונגען

יעדן אין דער פרי פלעגן אָנקומען ידיעות פון אַלץ וואַקסנדיקע צרות. דאָ האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט אַ הויף אויף שפּיטאָל־גאַס, דאָ אויף סטעפאַן־גאַס, געהייסן די יידן אַרויסגיין, מענער און פרויען, און זיי אַוועקגעפירט אין תפיסה, ממש נאַקעט, קיינער איז פון זיי ניט צוריקגעקומען.

ווי אַ בליץ האָט זיך אַרומגעטראָגן די ידיעה וועגן אַ פּאָגראָם אויף שניפּישאָק, די דייטשן האָבן געמאַכט אַ שייטערהויפן אויפן הויף פון בית מדרש, געוואָרפן דאָרטן ספרי־תורות און ספרים, געהייסן די יידן טאַנצן אַ קאַראַהאָד אַרום דעם ברענענדיקן שייטערהויפן און שפּרינגען איבערן פייער.

עס זענען דאַן אַ סך יידן פון שניפּישאָק אַוועקגעפירט געוואָרן ערגעץ. קיינער איז פון זיי ניט צוריקגעקומען.

## ערובניקעס

דעם 24סטן און 25סטן יוני 1941 האָבן זיך באַוויזן אין אַ גאַנצער רייע הייזער מענטשן מיט שריפטלעכע אָרדערס פון דער דייטשער שטאָט־מאַכט צו אַרעסטירן געוויסע פּערזאָנען אַלס ערובניקעס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן אַפישן, געחתמעט פון ליט־ווישן שטאָט־קאָמענדאַנט קאַלענדרא, אַז בכדי אין שטאָט זאָל זיין רואיק, און עס זאָלן ניט זיין קיין אומגעהאָרכזאַמקייט־אַקטן, כלפּי דער דייטשער מאַכט, זענען גענומען געוואָרן ערובניקעס: זעכציק יידן און דרייסיק פּאָליאַקן.

דער שליסל, לויט וועלכן עס זענען גענומען געוואָרן די ערובניקעס איז פאַר קיינעם ניט געווען פאַרשטענדלעך: מענטשן פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן,

אָבער כמעט קיינער ניט קיין באַקאַנטע אין דער יידישער געזעלשאַפט, אָדער אין די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען.

דעם 22סטן יולי זענען פון זיי באַפרייט געוואָרן זעקס יידן, די איבעריקע זענען קיינמאָל שוין ניט צוריקגעקומען.

## דער שרעקנס-פּאַוויליאָן פון לוקישקי

עס האָט מיר דערציילט איינער פון די ערובניקעס:

— דעם 24סטן יוני האָט מען מיך צוגענומען אַלס ערובניק פון מיין שטוב און געבראַכט אין דער תפיסה לוקישקי.

מיר אַלע זעכציק יידישע ערובניקעס, זענען געזעסן אין איין געמיינזאַמער ספּע־ציעלער אָפּטיילונג, און מיר האָבן קיין זאַך ניט געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט. נאָר פון אונזער פענצטערל אין תפיסה, פלעגן מיר זען, אַז מען האַלט אין ברענגען פּאַרטיעס יידן אין תפיסה, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט.

אַנטקעגן אונז איז געווען אַן אָפּטיילונג, וועלכע מיר האָבן אָנגערופן „שרעקנס־פּאַוויליאָן”, ווייל פון דאָרט האָבן זיך געהערט געשלעגן און געשרייען.

איינמאָל ביי נאַכט האָט מען אונז אויפגעוועקט און געהייסן זיין גרייט. פון „שרעקנס־פּאַוויליאָן” האָבן זיך געהערט שוידערלעכע געשרייען, און דאַן טריט פון מענטשן, וואָס מען פירט אַרויס. פּאַרטאָגס איז געוואָרן שטיל. און אונז האָט מען ניט גערופן. פאַרגעסן? אָדער אָפּגערופן דעם באַפעל? —

אין אייניקע טעג אַרום האָט מען געבראַכט אין פוסטן „שרעקנס־פּאַוויליאָן” יידישע זעלנער פון דער געוועזענער ליטווישער אַרמעע. אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען זיי אויך אַרויסגעפירט געוואָרן ביי נאַכט.

אַזוי פלעגט עס שפּעטער פאָרקומען יעדע פּאָר טעג. איינמאָל האָט אַן ערובניק געקוקט דורכן פענצטער און אויסגעשריען:

— מען האָט ווידער אַרויסגעפירט אַ פּאַרטיע יידן, צווישן זיי אַ סך זקנים מיט בערד. מיר דוכט זיך, אַז איך זע צווישן זיי דעם אַלטן רב גערשאטאר פון שניפּישאָק!

דעם 20סטן יולי האָט מען געמאַכט אַ רעגיסטראַציע צווישן די ערובניקעס, וועלכעס פאַך יעדער פון זיי באַזיצט.

דעם 22סטן יולי האָט מען אונז אַרויסגעפירט אויפן הויף, אָפּגעטיילט די דאָק־טוירים און אינזשעניערן: ווייזט אויס, אַז דאַן איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז דאָקטוירים און אינזשעניערן זאָל מען, לעת עתה, ניט אויסמאָרדן, און מען האָט אונז געזאָגט:

— גייט, איר זייט פריי!

די איבעריקע האָבן מיר מער ניט געזען.

## דער טאָג פון די רבנים

עס האָט מיר דערציילט הרב גוסטמאַן, וואָס האָט געוואוינט אין שניפּישאָק, ווילקאָמירסקי-גאַס 29:

— עס איז געווען דעם 13טן יולי 1941, שבת צו נאַכט, ערב שבעה עשר בתמוז, וועלכער איז אויסגעפאַלן זונטאָג, אַלס אַ נדחה.

צוועלף בייגאַכט איז צוגעפאָרן צום הויף אַ טאַקסי: עס זענען אַרויס דריי דייטשן און אַ ליטווינער. זיי זענען אַריין צו מיר:

— דאָ וואוינט ראַבינער גוסטמאַן?

— איך בין דאָס!

די דייטשן האָבן אים אָנגעהויבן שלאָגן איבערן קאָפּ. ער האָט געפרעגט:

— ווארום שלאָגט איר?

— ווייל דו ראַבינער ביסט!

אין שטוב איז געוואָרן אַ טומל. ער ווייס אַליין ניט, ווי אים איז געלונגען אַרויס צורייסן זיך פון זייערע הענט, אַרויסלויפן אויפן הויף און אַריינלויפן אין די געדיכטע קאַרטאָפל־בייטן אין גערטל. פון וויטן האָט ער געהערט ווי די דייטשן זוכן אים, שרייען שוין לעבן אים. איינער האָט מיט אַ פוס אויף אים אַרויפגעטרעטן, גייענדיק צווישן די בייטן. דער רב האָט אָנגעהויבן זאָגן וידוי. — — —

די דייטשן האָבן געזוכט אים אין גאָרטן און ניט באַמערקט צווישן די קאַר־טאָפל־בייטן, אַ הינטעלע איז פאַרבייגעלאָפן, אַרומגעשמעקט — און אַוועק...

אַז די דייטשן זענען פאַרשוואונדן, האָט די קריסטלעכע הויף־וועכטערין אים אַראָפּגעשיקט אַ שער־מאַשינקע מיט אַ היטל. ער האָט אָפּגעשוירן די באָרד, אָנגעטאָן דאָס היטל, אַרויס דורכן הויף, און קיינער פון די שכנים האָט אים ניט דער־קענט. דער רב האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ גאַנצן שבעה עשר בתמוז ביי אַ שכן עקמאַן.

אויף מאָרגן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דעם זעלבן טאָג זענען דייטשן גע־גאַנגען מיט אַ רשימה איבער אַלע וואוינונגען פון די רבנים, און וועמען זיי האָבן געפונען האָבן זיי מיטגענומען. — — —

דעם טאָג האָט מען שפּעטער אָנגערופן מיטן נאָמען: „דער טאָג פון די רבנים".

# 3. דער פּאָגראָם אויף נאָוואָגראָד

דעם 17טן יולי 1941 נאָכמיטאָג איז עס געווען. אויף די גאַסן פון אַרבעטער־ראַיאָן נאָוואָגראָד איז געוואָרן פלוצעם אַ דענערווירטע שטימונג. מען האָט פון מויל צו מויל איבערגעגעבן, אַז אין אַ רייע נאָך ברויט האָט אַ דייטש ברוטאַל אַרויסגעוואָרפן אַ ייִדן, וועלכער האָט צוריק אָפּגעשטופּט דעם דייטש און אַנטלאָפן. דער דייטש האָט אָנגעהויבן אים נאָכיאָגן, דער ייד איז פאַרשוואונדן. דייטשע מאָטאָציקליסטן לויפן איבער די געסלעך, זוכן דעם פאַרשוואונדענעם. זיי זאָגן, אַז ער האָט פאַרוואונדעט דעם דייטש. אין אַ דענערווירטער שטימונג פאַרשווינדן די ייִדן פון די גאַסן. מען באַהאַלט זיך אין די הייזער.

שטיל. אַ שעה טויטע שטילקייט. ניט קיין ייִדן און ניט קיין דייטשן אויף די גאַסן. אַ שטילקייט, ווי פאַר אַ שטורעם. מיר קוקן דורכן פענצטער, וואָס וועט דאָ פאַרקומען.

פלוצעם באַווייזן זיך אויטאָבוסן אויפן פּלאַץ פון נאָוואָגראָדער מאַרק, נעבן שול־הויף און אַפּטייק. לויט אַ פייף־צייכן לויפן אַרויס באַוואָפנטע דייטשן און צע־שיטן זיך איבער די נאָענטע הויפן, שלעפּן אַרויס פון די הייזער מענער, וועמען אָן זאַכן, וועמען האַלב געקליידעט. די וואָס גייען ניט, כאַפּן מוראדיקע קלעפּ און דאַרפן שטיין אויף די קני אויפן מאַרק־פּלאַץ.

ווידער שטיל. ניט קיין דייטשן, ניט קיין ייִדן. מסתמא: באַהאַלטן ייִדן זיך אויס. עס איז זיי שווער צו געפינען. עס הערט זיך פון ווייטן ווי די דייטשן ברעכן מיט קאָלבעס פון די ביקסן פאַרשלאָסענע טירן, רייסן זיי אויף. עס הערן זיך ווילדע געשרייען, געוויינען, מענטשן לויפן ווי משוגעים. עס טראָגן זיך אַלץ שטאַרקערע יללות און געשרייען. שאָסן־קנאַלן. אַ פּאָגראָם. — — —

עס ווערט פינצטער. די געשרייען, די געוויינען און דער קלאַנג פון געבראָכענע טירן און שויבן דערנענטערט זיך צו אונזער שטוב.

— וואָס טוט מען? ווי ראַטעוועט מען זיך? — — —

די מענער צעשיטן זיך איבער פאַרשידענע בוידעמער און באַהאַלטן זיך דאָרט אויס אונטער אויפגעלייגטע ברעטער און אַלטע מעבל; יעדער איינער אין אַן אַנדערער באַהעלטעניש. די פרויען בלייבן אויף דער וואַך. פרויען לאָזט מען דאָס מאָל צו רו. איך גיי אַראָפּ אין הויף צו דער הויז־וועכטערין פושאָוואַ. איך רעד מיט איר אָפּ: זי באַקומט טויזנט רובל, בגדים פאַר איר און פאַר איר מיכאַל. זי דאַרף זיך נאָר לייגן אין בעט אַלס אַ קראַנקע; איך וועל נעבן איר זיצן אין אַ כאַלאַט. און אַז די דייטשן וועלן אַריינגיין, וועל איך איר מאַכן אַלס אַ קראַנקע אַן איינשפּריצונג. וועלן זיי מיך ניט באַמערקן. זי האָט מסכים געווען.

איך טו זיך אָן אַ ווייסן כאַלאַט. אויפן טישל נעבן איר בעט לאָז איך קאָכן אַן אימפונגס-שפּריץ. איך פּיל זי אָן מיט קאָפעאין.

וואַטע, יאָד, ספּירט, עטער, אַלץ איז צוגעגרייט צו דער אימפונג.

די קולות, געוויינען, געוואַלטן זענען שוין ביי אונזער טויער. די דייטשן זענען שוין ביי אונז אויפן הויף. זיי זענען שוין אויבן ביי מיר אין די צימערן. איך הער געשרייען, שטיוול־טריט איבערן קאָפּ, קאָלבעס־קלעפּ אין אַלמערס, אין טירן, אין שויבן.

— ווען האָבן זיי אָנגעכאַפּט דאָרט? ווער איז זייער קרבן? —

שנעלע שטיוול־טריט ביי דער טיר פון דער הויז-וועכטערין. איך שפּיר מיין האַרץ קלאַפּט ווי אַ גלאָק. די טיר רייסט זיך אויף. דייטשן לויפן אַריין און שרייען: „יודען ראַוס! געלאַסן און קאַלטבלוטיק באַשמיר איך די האַנט פון דער וועכטערין מיט יאָד, שפּריץ אַריין די קאָפעאין, כאַפּ אַרויס דעם שפּריץ, מאַסאַזשיר איין דעם גע־אימפטן אָרט, בכדי די רפואה זאָל זיך גוט פונאַנדערגיין אין קערפּער און ווירקן...

די הויז-וועכטערין אָטעמט ווי אַ געחלשטע, וועלכע קומט ערשט איצט צו זיך און האַלט די אויגן האַלב פאַרגאַפּט. די דייטשן רוקן זיך אַרויס פון צימער. זייערע טריט דערווייטערן זיך. עס הערן זיך שוין געשרייען אין אַ שכנותדיקן הויף. און טירן און פענצטער ווערן געבראָכן, אייזערנע שטאַבעס אַרויסגעריסן. — — —

פּלוצעם אַ פייף. עס איז שוין צען אין אָוונט. די געשרייען אין די כאַפּענישן אין די הויפן הערן אויף, ווי לויט אַ קאָמאַנדע אויפן זייגער.

נאָר פון מאַרק־פּלאַץ הערן זיך געשרייען, געוויינען, שיסערייען, לויפענישן, און דאַן טריט, טריט. עס גייען און גייען המונים. און שטיל.

די הויז-וועכטערין שיקט אַרויס איר טאָכטער אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך אויפן גאַס. זי קומט און זאָגט: עס איז שטיל. די הויז-וועכטערין גייט אַרויס אויף אויספאָרשונג צווישן קריסטלעכע שכנות. קומט צוריק און דערציילט, אַז אויפן פּלאַץ שטייען צונויפגעזאַמלט ביי אַ זיבן הונדערט יידישע מענער און מ'האָט געהייסן זיי קניען, קריכן אויף אַלע פיר, טאַנצן, פּויזשען ווי זשאַבעס אויף דרערד. און דאַן האָט מען זיי געהייסן לויפן מיט אויפגעהויבענע הענט, און די דייטשן האָבן זיי געיאָגט מיט נאַגייקעס, ביז לוקישקער תפיסה, צווישן זיי דעם רב פון נאָווגאָראָד.

די פרויען גייען אַרויף אויף די בוידעמער, רופן מיט געדריקטע שטימען:

— באָריס! ישעיהו! ישראל! אַלטער! קומט אַראָפּ! עס איז שוין שטיל!

די מענער, בלייכע, פאַרשמוציקטע, קריכן אַרויס פון די באַהעלטענישן. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און אָפּגעהאַקטע זאַצן דערציילן זיי, וואָס זיי האָבן געזען און גע־הערט — און ווי אַזוי איז געשען דער נס, אַז די דייטשן האָבן זיי ניט באַמערקט.

אַ גאַנצע נאַכט זענען אַלע געזעסן אין איין צימער. צוגעטוליעט איינע צו די אַנדערע, פאַרטרויערט און פאַרשעמט, צעבראָכן און ראַטלאָז און שטיל געשעפּטשעט, ווער אַ תפילה און ווער אַ טרייסט־וואָרט. ביי די פרויען האָבן די ציין געטרייסלט און געקלאַפּט פון שרעק.

אַ פּאָר טעג זענען אַלע טויערן און הייזער געווען געשלאָסן אויף נאָווגאָראָד. די גאַסן אויסגעשטאָרבענע. נאָר פון צייט צו צייט באַווייזט זיך אַ פאַרוויינט פּנים פון אַ פרוי, וועלכע לויפט דורך דער גאַס מיט אַן עמער וואַסער.



קריסטלעכע שכנים האָבן אין אַ פּאָר טעג אַרום דערציילט, אַז זיי האָבן געזען ווי מען האָט פון לוקישקער תּפיסה געפירט אַלע נאָוואָגראָדער יידן צו פינף אין אַ שורה, אין דער ריכטונג פון פּאָנאַר.

— מסתמא אויף אַרבעט! — האָבן זיך יידן געטרייסט. — מען וועט זיך נאָך מיט זיי זען אין פרייַדן! נאָר אַריבערשטיפן די צייט!...

# 4. נאָכן פּאָגראָם

## א. דער דייטש וואָס זוכט פּאָנאַר

אויף מאָרגן נאָכן פּאָגראָם אויף נאָווגראָדאַ, איז נעבן אונזער שטוב אויף קאָרסקאַ גאַסל, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף אַ פּלויט דאָס אויסגעדאַרטע שיינע מיידל בורשטיין און האָט געוויינט: מען האָט צוגענומען איר ברודער.

ס'איז אַקוראַט פאַרבייגעפאָרן אַ דייטש. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט וואָס זי וויינט. זי האָט אים דערציילט די געשעעניש פון פּאָגראָם. דער דייטש האָט זי באַרואיקט: אַז ער וועט פאָרן זיך דערוויסן, וואו איר ברודער איז און ער וועט אים פון דאָרטן אַרויסנעמען.

אויף מאָרגן איז ער געקומען אַ בלייכער און עפּעס אַ צעטומלטער. מען האָט געפירט יידן — האָט ער דערציילט — אין זײַן אַרבעטסלאַגער פּאָנאַר, ניט ווייט, הינטער ווילנע. ער איז דאָרט צוגעפאָרן ביז אַ טויער. אינעווייניק האָט מען אים ניט אַריינגעלאָזן. אפילו הויכע אָפיצערן לאָזט מען אויך ניט אַריין. ער קען גאָר ניט העלפן. און ער איז אַוועקגעפאָרן בלייך און עפּעס סודותדיק.

דער עולם האָט זיך געשושקעט:

— אין פּאָנאַר... אין פּאָנאַר...

## ב. כ'מאַך מיין ערשטע מאַלינע

אין עטלעכע טעג אַרום, איך זע, עס באַווייזן זיך דורכלויפנדיק מענער אויף נאָווגראָדער גאַס.

איך האָב זיי געפרעגט:

— ווי האָט איר זיך געראַטעוועט?

— מיר זענען געווען אין מאַלינעס.

— וואָס איז דאָס אַ מאַלינע?

און די מענטשן דערציילן וועגן קינסטלעך־אויסגעבויטע באַהעלטענישן, וועלכע זיי האָבן צוגעגרייט גלייך נאָכן אַריינגיין פון די דייטשן. דאָרטן זענען זיי געלעגן בשעת דעם פּאָגראָם און קיינער האָט זיי ניט באַמערקט.

איך באַשליס אויך צו בויען אַ מאַלינע, וואו עס זאָל זיך קענען באַהאַלטן אונזער משפּחה בשעת געשעענישן.

מיר רופן אַ באַקאַנטן סטאָלער. מען איז זיך מישב, און אין אַ פינצטערן קאָרידאָר פון אונזער וואוינונג ווערט אונטערן דאַך אויסגעבויט אַ מאַלינע, אַ באַהעלטעניש, וואו עס קענען זיצן אָדער ליגן צונויפגעפרעסט אַ מאַן פינף. די מאַלינע ווערט

מאַסקירט מיט ברעטער, וועלכע האָבן אין זיך אַ קונציק טירעלע דורך וועלכן מען דאַרף דורכקריכן אויף אַלע פיר. דאָס טירעלע לאָזט זיך אַראָפּ און הויבט זיך אויף. ביים טירעלע ווערט אַוועקגעשטעלט אַ טישל. ס׳ווערן אָנגעוואָרפן שייטלעך האָלץ, שטיקלעך טעפּ און בלעך.

אין דער דאָזיקער מאַלינע האָט מיין פאָטער זיך אויסבאַהאַלטן לאַנגע וואָכן און געראַטעוועט זיך פון די כאַפּערס.

איין מאָל: איך שטיי אויף די טרעפּ פון דעם הינטערשטן אַריינגאַנג צו אונזער וואוינונג און איך טראַכט: וואו קען מען עפּעס מאַכן נאָך אַ מאַלינע, טאָמער ווערט אויפגעדעקט די איצטיקע? פּלוצעם גיט זיך אַ טרעפּל אַ וויג, פאַרשווינדט און עס באַווייזט זיך אַ קאָפּ פון אַ שכן:

— וואָס קריכט איר מעשה כשוף־מאַכער פון מיטן די טרעפּ אַרויס? — פרעג איך אים.

— וואָס פאַר אַ כשוף! איר האָט אויבן אַ מאַלינע אין קאָרידאָר — און איך האָב אונטן, אונטער די טרעפּ. —

מיר באַשליסן, אַז די מאַלינעס זאָלן ווערן שותפותדיקע. און בשעת אַ סכנה וועט יעדער איינער לויפן צום צווייטן, דאָרט וואו ס׳וועט זיין נענטער.

ביינאַכט האָבן זיך פון שכנותדיקע טרעפּ און בוידעמער געהערט שטילע פאַרזיכטיקע באַוועגונגען און אָפּגעהאַקטע קלעפּ: שכנים מאַכן מאַלינעס.

## ג. געראַטעוועט זיך פון פּאָנאַר

אייניקע טעג נאָכן פּאָגראָם האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן צו גיין אויפן גאַס, ווייל נאָכן פּאָגראָם האָבן דאָך קיין מענער ניט געטאָרט זיין אויף נאָוואַראָד.

אויפן דריטן טאָג האָט זיך אַ פרוי בערמאַן פאַרעקשנט, אַז איך מוז גיין וויזיטירן אירס אַ קינד, וואָס איז קראַנק אויף מאָזלען און לונגען-אַנטצינדונג. איך בין זאָוועק צו איר און אויף צוריקוועגס באַגעגן איך ד״ר בער קאָלאָדנער, וועלכער האָט געוואוינט ניט ווייט פון מיר אויף פּילסודסקי גאַס.

— איר גייט פריי אויפן גאַס, און וואָס וועט זיין טאָמער מען וועט פאַרהאַלטן און בעטן אַ שיין? — פרעג איך אים.

— וואָס איז דאָ וואָס מורא צו האָבן? איך בין דאָך אַ דאָקטאָר און גיי צו אַ קראַנקען. דאָס איז דאָך מיין מעדיצינישע פליכט.

אַזוי ווי מיר שטייען און רעדן, גייט צו אונז צו אַ ליטווישער פּאָליציסט און פאַרלאַנגט פון אונז אַרבעטס־שיינען.

ד״ר בער קאָלאָדנער נעמט רואיק אַרויס זיין מעדיצינישן דיפּלאָם, איך טו דאָס זעלבע. דער פּאָליציסט ווערט גאָרניט נתפּעל:

— איר האָט ניט קיין שיינען — איר ווערט אַרעסטירט. —

אַריינגעפאַלן. מען פירט אונז אין קאָמיסאַריאַט. אויפן וועג גיב איך אַ צייכן אַ דורכגייענדיקן קריסט, מיינעם אַ געוועזענעם פּאַציענט, אַז ער זאָל לויפן צו מיר אין שטוב אָנזאָגן, אַז מען פירט ד״ר בער קאָלאָדנער און מיך אין קאָמיסאַריאַט.

אין קאָמיסאַריאַט. עס שטייען אויפן הויף פאַרטיעס יידן, אויסגעשטעלט אין רייען צו פינף.

זיי טראָגן ברעטער אויף די פּלייצעס און וואַרטן אויף אַ באַפעל פון אָפּמאַרש.

— וואו גייט איר דאָס? — פרעג איך זיי.

— מיר זענען אָקאָרשט געכאַפּט געוואָרן אין שיינען, פירט מען אונז אויף דער אַרבעט קיין פּאָנאַר.

— קיין פּאָנאַר?

— יאָ, זיי האָבן אונז געזאָגט, אַז מיר דאַרפן דאָרטן ברענגען די ברעטער, דאַן וועט מען אונז אָפּלאָזן און מיר וועלן דאַרפן יעדן טאָג טראָגן אַהינצו ברעטער. איר וועט אויך מיט אונז גיין.

איך דערשפּיר אַן אומקלאָרן, אומהיימלעכן געפיל. איך גיב אַ קוק דורכן פענצ־טער: ד״ר בער קאַלאָדנערס פרוי, מיין מוטער און מיין פרוי גייען שוין פּאַרווייניטע אַרום פּלויט פון קאָמיסאַריאַט, בעטן מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין הויף. זיי ווערן אָבער ניט אַריינגעלאָזן. איך גיי צו צוזאַמען מיט ד״ר בער קאַלאָדנער צום שעף פון קאָמיסאַריאַט און מיר זאָגן:

— מיר זענען דאָקטוירים און מיר זענען געגאַנגען צו קראַנקע, מיר בעטן אונז אָפּלאָזן צו דער אַרבעט.

דער פּאָליציי־שעף לאַכט זיך אויס.

מיר זאָגן דאַן, אַז מיר זענען די איינציקע דאָקטוירים, סיי פאַר דער יידישער, סיי פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון ראַיאָן; אַז מען וועט אונז צונעמען צו דער אַרבעט, בלייבט דער גאַנצער ראַיאָן אָן מעדיצינישער הילף ביי קראַנקייטן און אומגליקספאַלן.

דער פּאָליציי־שעף טעלעפאָנירט ערגעץ, רעדט, דינגט זיך, אַמפּערט זיך און זאָגט ענדלעך:

— איר האָט מזל. פון היינט אָן איז דאָ אַ באַפעל, אַז יידישע דאָקטוירים מעגן גיין צו קראַנקע. איר וועט אויך באַקומען ספּעציעלע מעדיצינישע שיינען. שנעלער! ראַוס!

ביים טויער האַלטן אונז אָפּ מיין מוטער און פרוי און ד״ר בער קאַלאָדנערס פרוי, זיי דערציילן זייער שרעק ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן אונזער אַרעסט.

מיר גייען אויפן וועג אַהיים. פאַרביי אונז מאַרשירט דורך אַ פּאַרטיע פון אַכציק יידן מיט ברעטער אויף די פּלייצעס.

— גיט איבער אַ גרוס אונזערע פרויען. מיר גייען אויף אַרבעט קיין פּאָנאַר!...

## ד. מרדכי־בצלאל שניידער

אַ פּאָר טעג נאָכן פּאָגראָם אויף נאָוואָראָד. מען קלינגט אין טיר. איך עפן אויף: מרדכי־בצלאל שניידער, דער עלטסטער העברעאישער שריפטשטעלער פון ווילנע, דער באַקאַנטער פאָרשער פון העברעאישער גראַמאַטיק און סינטאַקס, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך ביכער אויפן געביט פון העברעאישער שפּראַך־קענטעניש, קומט אַריין פאַרזאָרגט, צוזאַמען מיט זיין פרוי.

— הערט זיך איין — זאָגט ער צו מיר נערוועאיש, און עס דוכט זיך מיר, אַז ער רעדט ניט לויט אַלע כללים פון דער גראַמאַטיק, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט

— איך האָב געהערט, אַז דעם שרייבער חיים אריה חזן האָט מען די טעג אַרויס־געפירט פאַרטאָג פון שטוב, באַרויעס פון בעט אַרויסגענומען.

— כ'האָב דאָס אויך געהערט פון מענטשן, עדי ראיה.

— כ'ווייס, מען וועט מיך צונעמען, מען וועט ניט קוקן וואָס איך בין אַן אַלטער, נאָר דאָס אַרט מיך ניט. מיין לעבן האָב איך שוין אָפּגעלעבט. אָבער איך בין פאַר איין זאַך באַזאָרגט: איך האָב צוויי־און־צוואַנציק יאָר געשריבן מיין לעבנס־ווערק, אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן בוך וועגן דער העברעאישער גראַמאַטיק און סינטאַקס אין פאַרגלייך מיט פאַרשידענע אָריענטאַלישע שפּראַכן. ס'איז מיר קוים געבליבן נאָך אייניקע זייטלעך צו פאַרענדיקן.

— איר וועט אי"ה ענדיקן אייער ווערק — טרייסט איך אים.

מרדכי־בצלאל שניידער קוקט פאַרזאָרגט. זיין פרוי העלפט אים אַרויס:

— מרדכי־בצלאל האָט מורא, טאָמער נעמט מען אים צו, וועט פאַרלוירן גיין פאַר דער העברעאישער וויסנשאַפט זיין בוך, אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט אַ לעבן. אפשר קענט איר אויסבאַהאַלטן זיין מאַנוסקריפּט? העלפט אַרויס מיין מאַן אין דעם ענין.

— איך מיין, עס איז כדאי צו באַהאַלטן דאָס מאַנוסקריפּט צווישן די ספרים פון סטראַשון־ביבליאָטעק, אַז עס וועט קומען די גוטע שעה, וועט איר וויסן, וואו עס אַרויסצונעמען. אויב עס וועט חס ושלום אונז ניט זיין באַשערט — וועט דאָך ווער עס איז, ווען עס איז בלעטערן צווישן די ספרים פון סטראַשון־ביבליאָטעק און ער וועט אָפּגעפינען אייער ווערק.

— קום, זאָגט ער צו זיין פרוי, לאָמיר גיין גיכער אין סטראַשון־ביבליאָטעק, ראַטעווען דאָס מאַנוסקריפּט...

שפּעטער האָט מען מיר דערציילט, אַז מען האָט געזען מרדכי־בצלאל שניידערן אין פאַרטיעס יידן, וועלכע האָבן געקערט מיט בעזעמער די גאַסן.

לויט דעם ווי מען האָט דערציילט, האָט מען דעם 6טן סעפּטעמבער 1941 אים אַרויסגעפירט קיין פּאָנאַר.

אפשר וועט מען נאָך אַמאָל צווישן די ביכער פון דער געוועזענער סטראַשון־ביבליאָטעק געפינען דאָס מאַנוסקריפּט פון שריפטשטעלער, דאָס מאַנוסקריפּט, וואָס איז אים געווען חשובער פון זיין לעבן.

## ח. אַ גרוס משהלען

אַ פּאָר טעג נאָכן פּאָגראָם אויף נאָווגאָראָד, באַגעגן איך נעבן שפּיטאָל די מוטער פון דיכטער משה באַסאָק.

— גוטע יאָרן אָנגעקומען אויף אונז — זאָג איך איר.

— איר ווייסט, איר האָט דאָך געקענט משהלען, זיך אַמאָל געחברט, אָרגאַניזאַציעס... רעפעראַטן... געלייענט צוזאַמען לידער אין צימערל אויף באַסאָקער־פּלעצל... ווען ער איז געפאָרן קיין ארץ ישראל, האָב איך אים גאָרניט געזאָגט. איך האָב אים ניט געשטערט. נאָר איר ווייסט דאָך, אַ מאַמעס האַרץ... עס איז געווען שווער צו צעשיידן זיך, געווען שווער... אָבער היינט בין איך גליקלעך, ער איז אין ארץ ישראל. אפשר וועט ער כאָטש איבערלעבן פון אונזער גאַנצער משפּחה.

— מען דאַרף ניט פאַרלירן דעם מוט. איר וועט זיך נאָך מיט אים זען אין פריידן.

— ווער ווייס? ווער ווייס צי מען וועט נאָך דערלעבן צו אַ ביסעלע נחת... אפשר איר, איר זייט דאָך נאָך אַ ייִנגערער, איז אויב איר וועט איבערלעבן, זאָלט איר אים אויפזוכן דאָרט אין די קבוצים, און גיט איבער פון מיר אַ גרוס פאַר מיין משהלען אין ארץ ישראל...

### צוויי אינדזלען:

אין משך פון איניקע חדשים, פון 22סטן יוני ביזן 6טן סעפטעמבער 1941 (דאָס הייסט פון דעם איינגעמען ווילנע ביזן אָרגאַניזירן דעם ווילנער געטאָ) זענען געווען אין ווילנע צוויי פונקטן, וואו עס האָט פולסירט אַ יידיש לעבן, וואו יידן האָבן זיך געזאַמלט און דערציילט זיך נייס. דאָס איז געווען: דער הויף סטראַשון־גאַס 6 (פון יידן־ראַט) און דער יידישער שטאָטישער שפּיטאָל אויף זאַוואַלנע גאַס.

שפּעטער אין געטאָ, איז סטראַשון גאַס 6, געווען איינע פון די צענטראַלע הויפן פון געטאָ, וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראַגישע און אויך דערהויבענע מאָמענטן.

### א. אויף סטראַשון־גאַס 6 (יידן־ראַט־הויף ערב דעם געטאָ).

דאָס איז געווען די רעזידענץ פון ערשטן יידן־ראַט. דער הויף האָט שטענדיק געקאָכט פון מענטשן. דאָ פלעגן זיך מעלדן אַלע, וואָס ווילן גיין צו דער אַרבעט מיט דער האָפענונג צו קריגן שיינען, דאָ פלעגן סתם נייגיריקע אַריינכאַפּן זיך צו הערן נייס, וועלכע נייע גזרות זענען שוין אַרויס. דאָ פלעגט מען צונויפברענגען דאָס געלט און גאָלד פון קאָנטריבוציע, דאָ פלעגן די דייטשן קומען מיט „באַשטעלונגן" אויף אַרבעטער.

דאָ האָב איך איניקע מאָל געטראָפן דעם דיכטער א. י. גאָלדשמיד, וועל־כער איז שפּעטער אומגעקומען פון די געסטאַפּאָ־הענט.

דאָ פלעגן אָנקומען פון זיכערע קוואַלן ידיעות וועגן די אַרויסגעפירטע און פאַר־שוואונדענע, אַז פויערים האָבן מכלומרשט זיי געזען אַרום מינסק און וויטעבסק. אַהערצו פלעגן אויך אַריינלויפן יידן, בעת כאַפּעניש אויף די גאַסן, מיינענדיק אַז דאָ זענען „קרנות־המזבח" צום ראַטעווען זיך... דאָ זענען אויך אַ סך צופעליקע מענטשן מיטגעשלעפּט געוואָרן בשעת דער ליקווידאַציע פון ערשטן יידן־ראַט.

### ב. אין יידישן שפּיטאָל

אויף די גאַסן פון שטאָט, ווי באַקאַנט, האָט מען געקענט גיין נאָר מיט אַרבעטס־שיינען. די יידישע שפּיטאָל דאָקטוירים האָבן געהאַט רעכט צו גיין צו זייער מעדיצינישער אַרבעט. שפּעטער האָבן אויך אַנדערע דאָקטוירים באַקומען שיינען, אַז זיי מעגן גיין צו די קראַנקע אויף וויזיטן און אויך אין שפּיטאָל. די דאָזיקע „מע־

דיצינישע שיינען" האָט אויסגעפּועלט ביים דייטשן שטאַבס-דאָקטאָר צעלך, די יידישע מעדיצינערן, פּרוי ד"ר ליבע כאָלעם, וועלכע האָט אין אַמאָליקע יאָרן געלערנט אין דייטשלאַנד אין זעלבן אוניווערסיטעט וואו דער דייטשער שטאַבס-דאָקטאָר.

פלעגן זיך אַלע יידישע דאָקטוירים זאַמלען אין יידישן שפּיטאָל, איבערגעגעבן זיך נייס געהערטע פון פּאַציענטן און אונטערגעהערטע פון געהיימע ראַדיאָס. דער הויפּט־מייסטער אין איבערגעבן ראַדיאָ־ידיעות איז געווען דער באַקאַנטער דאָקטאָר יאַש־פּאַן, וועלכער פלעגט וויסן אויף אויסנווייניק אַלע ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן, פלעגט דערצו אויך צולייגן אייגענע הוספות און פלעגט יעדן טאָג צייכענען פאַר די אויפגעזאַמלטע דאָקטוירים מאַפּעס פון די קריגס־אָפּעראַציעס. ער פלעגט די קריגס־באַריכטן אָפּגעבן מיט התלהבות און עקזאַלטאַציע. די באַגייסטערונג ביי אַלע צוהערערס פלעגט וואַקסן. ער פלעגט צעשמעטערן יעדן טאָג אין זיינע באַריכטן צענדליקער דייטשע דיוויזיעס, הונדערטער אייראָפּלאַנען און טויזנטער טאַנקען. די סטראַטעגיע פון קריג איז געווען פאַר אים קלאָר ווי אַ דיאַגנאָז פון אַ געוועגלעכן בראָנכיט. אַ גרויסער מאַדים פון גוטע ידיעות איז אויך געווען דער באַקאַנטער ווילנער דאָקטאָר משה גירשאָוויטש. די דאָקטוירים פלעגן זיך צעגיין אַ היים דערמונטערט און צעטראָגן צווישן זייערע פּאַציענטן די פריילעכע ידיעות. יעדער איינער לויט זיין טאַלאַנט און עפּעס צוגעבן אייגענע השערות. אין שטאָט פלעגט מען עס אָנרופן די „שפּיטאָל־קאָמוניקאַטן".

ווען עס האָבן זיך געמערט אַזוינע פאַנטאַזיע-קאָמוניקאַטן מיט גוטע ידיעות (ספּעציעל אין געטאָ, אין די זונטאָג־טעג, ווען יידן זענען ניט געגאַנגען צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ) האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן יווּ"אָ-קאָמוניקאַטן (יידן ווילן אַזוי...).

## 5. דער ערשטער יידן-ראַט

### דער באַפֿעל צו גרינדן אַ יידן-ראַט

די ערשטע טעג יולי 1941 האָט דער ליטווישער קאָמענדאַנט פון ווילנע, קאלענ־דראַ, געשיקט רופן צו זיך הרב שמואל פריד. דער רב איז געווען אָקאָרשט נאָך אַ שווערער האַרץ־קראַנקייט („אינפאַרקט״), האָט ער ניט געקענט גיין צופוס. איז געקומען צו אים צו פאָרן אויף אַ בריטשקע פון צדקה גדולה דער שטאָט־שמש גאָרדאָן, און זיי זענען אַוועקגעפאָרן צום קאָמענדאַנט.

הרב שמואל פריד האָט באַקומען דעם אויפטראַג, צונויפשטעלן אַ יידן־ראַט און אָנפירן מיט אים.

הרב שמואל פריד האָט געענטפערט, אַז צוליב זיין קראַנקייט קען ער ניט אָנפירן מיטן יידן-ראַט, נאָר ער וועט צונויפשטעלן אַ ליסטע און אים פאָרשטעלן.

דאַן האָט הרב שמואל פריד וועגן דעם מודיע געווען דורך פאַרשידענע שליחים אַלע געזעלשאַפטלעכע יידישע קרייזן און געבעטן זיי צו שיקן פאָרשטייערס אין יידן־ראַט.

### צי דאַרף מען גיין אין דייטשן יידן-ראַט ?

ס'איז צו מיר געקומען, אַלס צו אַ געוועזענעם ראַטמאַן פון בלאָק פועלי־ציון־התאחדות אין ווילנער מאַגיסטראַט, אַ שליח אין נאָמען פון די גרינדער פון יידן־ראַט מיט דער ווענדונג, איך זאָל פאַרטרעטן אין יידן־ראַט דעם לאַגער פון אַרבעטנדיקן ארץ ישראל.

ער האָט מיר דערקלערט: די גרינדער פון יידן־ראַט גלויבן, אַז זיי וועלן קענען רעגולירן די אַרבעטס-כאַפעניש דורך דעם וואָס זיי וועלן אַליין צושטעלן יידן צו דער אַרבעט, וואָס עס וועט דערמעגלעכן צו באַקומען פאַר זיי אַרבעטס-שיינען, וויסן וואו זיי ווערן געשיקט צו דער אַרבעט און פאַרהיטן פון פאַרשווינדענישן.

כ'האָב גלייך צונויפגערופן אַן ענגערע באַראַטונג פון די אָנפירנדיקע חברים פון „התאחדות״ און „פועלי־ציון (צ.ס.)״. אָן שיינען האָבן זיך דורך די גאַסן (וואו די כאַפּערס האָבן געלויערט) דורכגעריסן די חברים נפתלי וויניק־ראָזע, ישעיה צינצי־נאַטוס, אַראָנאָוויטש און נאָך אייניקע. עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע: גיין אָדער ניט גיין אין יידן־ראַט? ווי דאַרף זיין אונזער שטעלונג?

פאַרן יאָ גיין אין יידן-ראַט האָבן געדעדט די מאָטיוון, אפשר וועט מען דורך אַ יידישער רעפּרעזענטאַנץ עפּעס אויפטאָן, בכדי צו לינדערן די דייטשע נגישות? אפשר וועט מען קענען עפּעס פאַרהיטן?

קעגן גיין אין יידן־ראַט האָבן געערעדט די מאָטיוון, אַז ער וועט, טראָץ זיין בעסטן ווילן, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אינסטרומענט פון געסטאַפּאָ. דער יידן־ראַט וועט מוזן אויספילן אַלע פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט. פון פאָדערונגען און אינטערווענצן ביי די דייטשן וועלן די יידן קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט האָבן, ווייל די היטלער־מאַכט וועט קאָנסעקווענט אויספירן איר פּראָגראַם. פאַרקערט, דער יידן־ראַט וועט נאָך איר פאַרלייכטערן אויסצופירן אירע פאַרניכטונגס־צילן: יידן וועלן דורך יידן אַליין ווערן צוגעשטעלט צו דער אַזוי־גערופענער אַרבעט, פון וועלכער מען קערט זיך שוין וואַרשיינלעך ניט צוריק.

עס זענען געווען אין דער פראַגע טיפע חלוקי־דעות. לסוף האָט געזיגט דער צוגאַנג פון די קעגנער פון גיין אין יידן־ראַט, צווישן וועלכע עס זענען געווען, דרך אגב, מענטשן, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט אַ קאַפּיטל דייטשן רעזשים אין געפאַנגען־לאַגער, אָדער אין דער אָקופּאַציע־זאָנע פון פוילן.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פּועלי־ציון־צ.ס. און התאחדות אַלס די פּאָליטישע פּאַרטייען פון אַרבעטנדיקן ארץ ישראל — שיקן ניט קיין חברים אין יידן־ראַט, זיי וועלן אָבער זוכן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע גרופּירונגען, אופנים פון אָרגאַניזירן דעם ווילנער יידישן קיבוץ, בכדי צו דערמעגלעכן אים דורכצוטראָגן די אָנקומענדיקע שווערע צייטן.

## דער יידן־ראַט ווערט געגרינדעט

ווייזט אויס, עס זענען אויך ביי אַנדערע גרופּירונגען געווען ספקות צו גיין אין יידן־ראַט אָדער ניט. מען האָט דערציילט: אויף דער גרינדונגס־זיצונג האָט דער אַלטער דאָקטאָר גרשון גרשוני געהאַלטן אַ רירנדיקע רעדע צו די פאַרזאַמלטע און גערופן זיי, טראָץ זייערע ספקות, אַריינצוגיין אין יידן־ראַט און זען דורך דעם צו העלפן יידן מיט וואָס עס לאָזט זיך.

עס ווערט געשאַפן אַ יידן־ראַט בראש מיטן דאָקטאָר גרשון גרשוני.

מיטן צעטל פון יידן־ראַט איז הרב שמואל פריד געפאָרן צו קאַלענדראַ, בכדי צו באַשטעטיקן די ליסטע.

דאָקטאָר גרשון גרשוני האָט צוליב זיין טיפן עלטער ניט געקענט זיך באַטייליקן אין די אַרבעטן פון יידן־ראַט, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אַלס פאָרזיצער.

דאַן האָט זיך דער יידן־ראַט רעאָרגאַניזירט און בראש פון אים האָבן זיך געשטעלט אינזשעניער שאול טראָצקי, פון דער אייל־פאַבריק, און אינזשעניער אַנאַטאָל פריד.

לסוף האָט דער יידן־ראַט געציילט קרוב פינף־און־צוואַנציק מיטגלידער, אַ חוץ זיי האָבן געאַרבעט ביים יידן־ראַט אַ געוויסע צאָל מיטהעלפער.

אויף ווי ווייט איך בין מיך ניט טועה, איז די ליסטע פון די פינף־און־צוואַנציק מיטגלידער געווען פאָלגנדיקע:

1. אינזש׳ שאול טראָצקי.
2. שמואל פּיעטוכאָווסקי פון שאוול.
3. אַדוו׳ פנחס קאַן.
4. יואל פישמאַן.
5. גריגאָרי יאַשונסקי.
6. האָפמאַן.
7. יוסף שאַבאַד.
8. לייזער קרוק.

9. אַדוו׳ שבתי מילקאַנאָוויצקי.
10. אַדוו׳ סוכּר.
11. ד״ר ראָזע שאַבאַד-גאַווראָנסקי.
12. אברהם זאַלקינד.
13. פרוי ד״ר לובע כּאַלעם.
14. אינזש׳ אַנאַטאָל פריד.
15. אברהם זיידשנור.
16. שקאָלניצקי.
17. אַדוו׳ באָריס פרנס.
18. ישראל ווערבלינסקי.
19. אַדוו׳ קאַצענעלסאָן.
20. הרב שוב.
21. א. לאַנגבאַרד.
22. ד״ר אליהו סעדליס.
23. חיים טראפּידא.
24. אַדוו׳ סראָלאָוויטש.
25. ד״ר גרשון גרשוני.

אין יידן־ראַט זענען געווען מיטגליד הרב כּץ, ראַבינאָוויטש, ד״ר ליבער, קראַסנע, אַדוו׳ זילבערשטיין (מעגלעך, אַז עמיצער פון זיי איז אויך געווען מיטגליד פון די פינף־און־צוואַנציק).

וועגן א. לאַנגבאַרטן האָט מען דערציילט, אַז ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך מסירות־נפש און אָפּפערוויליקייט בשעת זיין אַרבעט אין יידן־ראַט.

ד״ר יעקב וויגאָדסקי איז ניט געווען קיין טעטיקער מיטגליד פון יידן־ראַט. צי איז דאָס געווען צוליב זיין טיפן עלטער — אָדער ווייל ער האָט ניט געגלויבט אין דער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פון אַ יידן־ראַט אונטערן נאַצי־רעזשים — איז מיר שווער צו ענטפערן; די מיטגלידער פון יידן־ראַט פלעגן אָבער אָפט צו אים קומען פרעגן אַן עצה, ווי אַזוי צו האַנדלען אין שווערע סיטואַציעס.

דער הויף פון יידן־ראַט איז געווען סטראַשון־גאַס נומער 6 (הויף פון ביבליאָטעק פון מפיצי השכלה).

## קאָנטריבוציע, צושטעלונגען צו אַרבעט

דעם 6טן אויגוסט 1941 האָט מורער פאַררופן די פאָרשטייער פון יידן־ראַט און געמאָלדן, אַז ביז מאָרגן דאַרף דער יידן־ראַט צושטעלן אַ קאָנטריבוציע פון פינף מיליאָן רובל (דערפון צוויי מיליאָן רובל ביז ניין פרי) — אויב ניט וועט דער גאַנצער יידן־ראַט אויסגעשאָסן ווערן. עס איז אַנטשטאַנען אַ גוואַלדיקע פּאַניק אין יידן־ראַט. יידן האָבן ספּאָנטאַן אין אייניקע שעהן געשאַפן גאַסן־קאָמיטעטן, וועלכע האָבן אין איילעניש געזאַמלט די קאָנטריבוציע, געלט, גאָלד, זייגערס, ווערט־זאַכן. דאָך איז אויף מאָרגן ניט געווען גרייט די גאַנצע סומע. זענען דאַן דערשאָסן געוואָרן פּיעטראַכּאָווסקי און לייזער קרוק. די קאָנטריבוציע־זאַמלונגען האָבן געדויערט ווייטער.

דער יידן־ראַט פלעגט אויך מוזן צושטעלן יעדן פרימאָרגן אַ געפאָדערטע צאָל יידן צו דייטשער צוואַנגס־אַרבעט. לכתחילה האָבן די יידן פרייוויליק זיך געשטעלט צו די אַרבעט־אַרויסשיקונגען אונטערן אויפזיכט פון יידן־ראַט; הויפן און גאַסן האָבן איינגעשטעלט צווישן זיך אַ רייע, ווען יעדעס הויז זאָל שיקן זיינע מענער צו דער אַרבעט.

אָבער די כאַפּענישן און פאַרשווינדענישן האָבן ניט אויפגעהערט, טראָץ דעם וואָס דער יידן־ראַט האָט צוגעשטעלט יידישע אַרבעטער, און אויך וועגן די צוגעשיקטע פלעגט מען ניט שטענדיק וויסן, וואו זיי ווערן געשיקט, און צי זיי וועלן

צוריקקומען. יידן האָבן אויפגעהערט צו שטעלן זיך פריוויליק צו די אַרבעט־אַרויס־שיקונגען פון יידן־ראַט. מען האָט אויך דערציילט, אַז דער אַלטער ד״ר יעקב ווי־גאָדסקי וואָרנט דעם יידן-ראַט ניט צו שיקן מענטשן צו דער אַרבעט, כל זמן מען וויים ניט, וואו זיי גייען און צי וועלן זיי צוריקקומען.

## טראַגישער סוף פון ערשטן יידן-ראַט

טראָץ די שווערע קאָמוניקאַציע־מעגלעכקייטן האָבן זיך פלוצעם פאַרשפרייט קלאַנגען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, אַז ישראל ווערבלינסקי און הרב שוב זע־נען צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן אַלס שטראָף פאַרן ניט צושטעלן צו דער צייט די געפאָדערטע קאָנטריבוציע.

דעם 2טן סעפטעמבער 1941 איז אַריין שווייַנעבערג מיט צוויי געהילפן אין לאָ־קאַל פון יידן־ראַט און אויסגעשטעלט ביי די ווענט אַלע די, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, אויסגעקליבן זעכצן יידן און אָפגעשיקט זיי אין לוקישקער תפיסה, מער זענען זיי שוין ניט צוריקגעקומען.

צווישן די צוגענומענע זענען געווען: פנחס קאָן, לאַנגבאַרט, שאול טראָצקי, קראַסנע, יוסף שאַבאַד, אַדוו. קאַצענעלסאָן און אַנדערע.

דער יידן־ראַט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

פאַרשידענע קלאַנגען האָבן שפעטער קורסירט וועגן די אומשטענדן, ביי וועלכע ס׳זענען אומגעקומען די יידן פון ערשטן יידן־ראַט.

ווען מען איז אַריין אין געטאָ איז דורך געסטאַפּאָ באַמינירט געוואָרן אין יידן־ראַט אַנאַטאָל פריד. ער האָט קאָאָפּטירט גריגאָרי יאַשונסקי, אַדוו. מילקאָנאָוויצקי, אינזש. גוכמאַן און פישמאַן.

אַברהם זיידשנור איז געווען די ערשטע צייט דער סעקרעטאַר פון יידן־ראַט.

אויך וועגן דעם אופן, ווי אַזוי עס זענען נאָמינירט געוואָרן די אויבנדערמאָנטע יידן־ראַט־מיטגלידער, האָבן קורסירט פאַרשידענע קלאַנגען, די אידענטישקייט פון וועלכע עס איז מיר ניט אויסגעקומען פעסטצושטעלן.

# 6. דער טויט פון ד״ר יעקב וויגאָדסקי

## ערשטער ווידערשטאַנדלער פון ווילנער יידנטום

### די לעצטע באַגעגעניש מיט ד״ר וויגאָדסקי

יוני 1941, אַ פּאָר וואָכן פאַרן אויסברוך פון דייטש־סאָוועטישן קריג, האָב איך געזען ד״ר יעקב וויגאָדסקי צום לעצטן מאָל. אַ זקן־מופלג פון 86 יאָר, איז ער געווען נאָך פול מיט לעבן, נאָר זיין גרייז־גרויער קאָפּ האָט זיך געטרייסלט, און אויך די הענט האָבן שוין ניט פעסט געהאַלטן דעם שטעקן, ווי אַמאָל; און זיין שטים איז שוין געווען גאַנץ ציטערדיק.

מיר האָבן זיך באַגעגנט אויפן פּלעצל, ביים גערטנדל, אויף ווילנער־גאַס. דאָרט האָט ער תמיד ליב געהאַט צו שפּאַצירן. דאָרטן פלעגן אים אָפּהאַלטן שטענדיק די ווילנער יידישע פיש־הענדלערינס, מאַרק־ווייבער, בעלי־מלאכות, קליינהענדלער און אויסגיסן פאַר אים זייער ביטער האַרץ, און דערציילן זייער עגמת־נפש.

די לופט איז געווען פול מיט דערוואַרטונג פון קריגס־געשעענישן. ד״ר יעקב וויגאָדסקי, דער אייביקער אָפּטימיסט, איז געווען דאָס מאָל זייער פאַרזאָרגט:

— עס גייען שווערע, שווערע כמאַרעס; שווערע, שווערע וואָלקנס פאַרציען אונזער הימל — האָט ער בעזאָגט, ווי צו זיך אַליין — און פּלוצעם האָט ער אַ וואָרף געטאָן עפּעס אַ פראַגע, וועלכע האָט מיך, ווי צעטומלט מיט איר אינהאַלט, און וועלכע איך האָב זיך דערמאָנט ניט איינמאָל אין געטאָ און קאָנצענטראַציע־לאַגערן:

— מיין קינד (אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען צו רופן אַלעמען, וועמען ער האָט געקענט נאָך פון דער טעטיקייט אין יידישן סטודענטן־פאַריין, וואו ער איז געווען דער) באַליבטער ערן־פּאָרזיצער) מיין קינד, עס גייען שווערע צייטן. זאָג: דו וועסט געדענקען אונזער לערע?

און ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך אַ גרויסן אומזעבאַרן עולם, וואָס רינגלט אים אַרום, האָט ער איבערגעחזרט זיין פראַגע אין חלל אַריין:

— קינדער, זאָגט, איר וועט געדענקען אונזער לערע?

עס איז מיר דורך עפּעס אַ ציטער. איך האָב דערשפּירט עפּעס אַ מיסטישע גורל־דיקייט אין זיינע ווערטער. איך האָב זיך דערשפּירט מיטאַמאָל, אַלס איינער פון די אומזעבאַרע קינדער, צו וועלכע דער אַלטער טאַטע פון יידישן ווילנע ווענדעט זיין פראַגע — און אַ תשובה האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין מויל בלשון „מיר״ —

— דאָקטאָר, מיר וועלן געדענקען די לערע!

ער האָט מיר געגעבן זיין טרייסלענדיקע און דאָך שטייפע האַנט, געקוקט אַרום און אַרום, ווי ער וואָלט מיך ניט דערקענט און געזעגנט זיך מיט דער פראַגע:

— קינדער, קינדער, וועט איר ניט פאַרגעסן אונזער לערע?

און ער איז אַוועק קלאַפּנדיק מיטן שטעקן איבערן אַספאַלט ביים גערטנדל פון ווילנער גאַס. עס האָבן נאָך פון ווייטן געהילכט זיינע טריט — און אין דער לופטן זענען ווי געהאנגען שווערע, גורלדיקע ווערטער: „אונזער לערע״!

ווי אַ צעטומלטער האָב איך זיך געזעצט אויפן בענקל ביים גערטנדל און פאַר מיינע אויגן זענען פאַרבייגעלאָפן צענדליקער, צענדליקער בילדער פון פייערונגען, מיטינגען, פאַרלעזונגען און פאָלקס־דעמאָנסטראַציעס, אין וועלכע ד״ר יעקב וויגאָדסקי האָט אָנטייל גענומען אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער ווילנע און איר ראש־הקהל.



ס'האָט זיך מיר דערמאָנט אַ סצענע פון סטודענטן־לעבן, פון די באַרימטע „וואַצלאַוווסקי־טעג״ אין ווילנע. די אַנטיסעמיטישע פּוילישע סטודענטן פלעגן ניט לאָזן זיצן די יידישע סטודענטן אויף די רעכטע בענק, פלעגן זיי שטעכן מיט שפּילקעס, שלאָגן, און אָט האָבן זיי אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן אַ נייעם מיטל: אַרויסצוואַרפן די יידישע סטודענטן דורך די פענצטער פון אוניווערסיטעטס־בנין. די יידישע אַקאַדעמיקער האָבן באַשלאָסן זיך ניט צו לאָזן און געשאַפן אַ מין זעלבסטשוץ. לעבן בנין פון אוניווערסיטעט, אויף סלאָוואַצקע־גאַס, איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן די יידישע סטודענטן קעגן די פּוילישע סטודענטן, וועלכע האָבן אונז באַוואָרפן מיט שטיינער. מיר האָבן זיי געענטפערט מיטן זעלבן. אַ שטיין, עד־היום אומבאַקאַנט פון וועמען, האָט געטראָפן איינעם פון די אַנטיסעמיטישע אָנפירערס, דעם סטודענט וואַצלאַוווסקי, און געשפּאָלטן אים דעם שאַרבן און אַ צווייטער שטיין האָט דערנענטערט זיין סוף.

וואַצלאַוווסקיס טויט איז געוואָרן אויסגענוצט צו יידן־עקסצעסן אין ווילנע. די יידישע סטודענטן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט און זיך פאַרבאַריקאַדירט אין סטודענטן־פאַריין אויף לודוויסאַרסקע גאַס 4. אַ פּאָר טויזנט פּוילישע סטודענטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף סלאָוואַצקע־גאַס און געצויגן אין אַ דעמאָנסטראַציע צום יידישן סטודענטן פאַריין, בכדי אים צו דעמאָלירן און נעמען נקמה אין די יידישע סטודענטן פאַרן טויט פון זייער אָנפירער וואַצלאַוווסקי.

ד״ר יעקב וויגאָדסקי איז געקומען אין יידישן סטודענטן־פאַריין און געקלונגען פון דאָרט צום פּאָליציי־שעף, אַז ער זאָל אַרויסשיקן פּאָליציי, בכדי צו שיצן דעם יידישן סטודענטן־פאַריין פון די אַנטיסעמיטישע דעמאָנסטראַנטן, וועלכע קלייבן זיך מאַכן אַ בלוט־באָד ביי די יידישע סטודענטן.

דער פּאָליציי־שעף האָט אים געענטפערט, אַז דאָס איז אַן אוניווערסיטעטס־ענין פון סטודענטן־צווישן־זיך. דער אוניווערסיטעט האָט אויטאָנאָמיע און די פּאָליציי קען זיך ניט מישן אין דער אוניווערסטעטס־אויטאָנאָמיע...

דאַן האָט ד״ר יעקב וויגאָדסקי צו אים געקלונגען:

— איך ד״ר וויגאָדסקי, דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים, וועלכער געניסט לויט דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פון אומבאַרירלעכקייטס־רעכט בין אייך מודיע, אַז איך בלייב זיצן צווישן די יידישע סטודענטן — און איך דערוואַרט מיין טויט צוזאַמען מיט זיי...

ד״ר יעקב וויגאָדסקי איז געבליבן זיצן צווישן די יידישע סטודענטן. אין לעצטן מאָמענט, ווען טויזנטער פּוילישע אַנטיסעמיטישע סטודענטן האָבן אַרומגערינגלט די יידישע סטודענטן־היים און אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אין די פענצטער, זענען אָנ־

געקומען רייטער־פּאָליציי און צעטריבן די דעמאָנסטראַנטן. ד״ר יעקב וויגאָדסקי איז דאַן געבליבן העלפן פאַרבאַנדאַזשירן די פאַרוואונדעטע סטודענטן און געגעבן אינ־סטרוקציעס „זיינע ליבע קינדער״ ווי ווייטער צו האַנדלען אין קאַמף קעגן „נומערוס קלאַוזוס״ אין אוניווערסיטעט.

## דער טאַטע פון ירושלים דליטא

דעם ד״ר יעקב וויגאָדסקי האָט מען אָנגערופן אין ווילנע מיטן נאָמען „דער טאַ־טע פון ירושלים דליטא״. אין זיין לעבן און טעטיקייט האָט ער פאַרקערפּערט די שענסטע טראַדיציעס פון דעם יידישן ווילנע; פון זיין יידישן שטאָלץ, פון זיין יידישן קאַמף און פון זיין יידישן פּאָליטישן אויסלעבן זיך.



ד״ר יעקב וויגאָדסקי (1855—1941)

ער איז געבוירן אין באָברויסק אין יאָר 1855. ביז פערצן יאָר פון זיין לעבן האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה. אין יאָר 1872 האָט ער געענדיקט אין פּעטערבורג די מעדיקאָ־כירורגישע אַקאַדעמיע. אין יאָר 1884 האָט ער זיך באַזעצט אין ווילנע, וואו ער איז געווען טעטיק זיבן און פופציק יאָר נאָכאַנאַנד.

אין יאָר 1908 העלפט ער גרינדן דעם יידישן דאָקטוירים־קרייז, פון וועלכן ער איז געווען דער ערשטער פּאָרזיצער.

ווען טעאָדאָר הערצל קומט קיין ווילנע, שטייט ד״ר יעקב וויגאָדסקי בראש פון דער דעלעגאַציע, וואָס האָט אים באַגעגנט מיט ברויט און זאַלץ אין נאָמען פון ווילנער יידנטום.



מיטן אויסברעכן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914 האָבן אַ סך פון די געוועזענע אָנפירערס פון ווילנער יידנטום פאַרלאָזן ווילנע מיטן עמיגראַציע־שטראָם. געבליבן זענען דאַן אין ווילנע: ד״ר וויגאָדסקי, הרב יצחק רובינשטיין, ד״ר צמח שאַבאַד, אַדוואָקאַט שמשון ראָזענבוים, אינזש׳ קלעבאַנאָוו, און שפּעטער איז אויך

צוריקגעקומען ביינוש מיכאַלעוויטש. ד״ר יעקב וויגאָדסקי ווערט דאַן אָנפירער פון ווילנער יידנטום, און קעמפט פאַר זיין ברויט און כבוד.

פאַר פראָטעסטירן קעגן די דייטשע רדיפות אויף יידן ווערט ער אין יאָר 1917 אַרעסטירט דורך דער דייטשער מאַכט. ווען מען האָט אים געפירט צו פאַרשיקונג, האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון ווילנע אים באַגלייט צום באַן, אויסדריקנדיק אים אירע סימפאַטיעס אַלס פאַרטיידיקער פון יידישע רעכט. די נאַגייקעס פון דער דייטשער פּאָלציי האָבן ניט געקענט צעטרייבן דעם גרויסן עולם, וועלכער האָט מאַניפעסטירט זיינע געפילן צו ד״ר יעקב וויגאָדסקי.

אין יאָר 1918 קומט ער צוריק קיין ווילנע פון טשערסקער געפאַנגען־לאַגער און טרעט צו אָרגאַניזירן די דעמאָקראַטישע יידישע קהלה אין ווילנע. ער ווערט פאַר־



ד״ר יעקב וויגאָדסקי
אין טשערסקער
געפאַנגען-לאַגער.
1917.

זיצער פון דער ווילנער קהלה, און יידישער פאָרשטייער אין ווילנער שטאָטראַט, און אין יאָר 1922 ווערט ער געוויילט אַלס יידישער דעפוטאַט אין פוילישן פאַרלאַמענט.

ד״ר יעקב וויגאָדסקי אַנטוויקלט אַן אויסערסט דינאַמישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער איז פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. אַקטיוו אין אויפבויען דאָס העברעאישע און יידישע שול־וועזן און בעיקר גיט ער אָפּ זיין גאַנצע צייט פאַר אַ שטאָלצן פּאָליטישן קאַמף פאַר יידישע רעכט, אין ווילנער שטאָטראַט, און אין פוילישן פאַרלאַמענט.

ער האָט זיך כאַראַקטעריזירט מיט ליבע צו יעדן ליידנדיקן און פערזענלעכער שטענדיקער גרייטקייט אים צו העלפן. פירנדיק זיין אַלגעמיינעם פּאָליטישן קאַמף פאַר יידישע רעכט אויף זיצונגען פון שטאָט־ראַט, אין פאַרלאַמענט, אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען — האָט ער אָבער געהאַלטן פאַר זיין אויפגאַבע און שליחות

צו ווידמען זיין יעדע מינוט, בכדי צו טראָגן הילף פאַר יעדן באַעוולטן ברודער. דער יידישער פאָלקס־מענטש, דער פשוטער בעל־מלאכה, דער פרנסהלאָזער קליינהענדלער (אויף וועמען עס האָבן געלויערט אַזוי פיל גזרות מצד דער אַנטיסעמיטישער פוילישער מאַכט), די אָרעמע פיש־הענדלערין, וועמען מען האָט ניט דערלויבט צו פאַרקויפן איר באַליע פיש, דער יידישער סטודענט פאַר וועמען מען האָט געשלאָסן די טירן פון אוניווערסיטעט, דער יידישער טאַטע, וועמענס זון מען האָט אַרעסטירט צוליב פאַרדאַכט אין „אַנטימלוכהשער טעטיקייט" — זיי אַלע האָבן געהאַט אין ד"ר יעקב וויגאָדסקי זייער פאַרטיידיקער און דעם פריינד, וואָס האָט זיך צו אַלעמען באַצויגן מיט אַ ניט געזעענער אַהבת־הבריות, און וואָס איז גרייט געווען תמיד, טאָג און נאַכט, צו העלפן מיט אַ ראַט און טאַט און מיט פערזענלעכער אינטערווענץ.

ד"ר יעקב וויגאָדסקי איז געווען באַליבט און אויסערסט געאַכטעט דורך אַלע שיכטן פון ווילנע. מען האָט אים גערופן דער „פאָלקס־דאָקטאָר", דער פאָלקס־ייד און דער פאָלקס־מענטש.

ד"ר יעקב וויגאָדסקי האָט זייער ליב געהאַט די יידישע קינדער און די יוגנט. עס איז ניט געווען קיין שול־שמחה וואו ער זאָל ניט נעמען אַנטייל פערזענלעך מיט אַ וואַרעמען וואָרט צו די קינדער. ער פלעגט ניט איבערהיפן קיין פייערונג אָדער צוזאַמענקום פון ההלוץ, קיין ל"ג בעומר-אויספלוג פון שומרים, קיין סטודענטן-פאַרזאַמלונג — אומעטום פלעגט ער קומען, דער זקן, און אַריינהויכן יוגנט-התלהבות.

אַ מענטש מיט דעמאָקראַטישע אַנשויאונגען, האָט ער געזען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע די יידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע. אים האָבן געוויטיקט די דיפערענצירונגען צווישן די אַלגעמיין-ציוניסטישע „א"- און „ב"־גרופן. ער פלעגט אַקטיוו מיטהעלפן אַלע אונטערנעמונגען פון דער „ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל", און אויפטרעטן מיט באַגייסטערטע רעדעס אויף אַלע אַקאַדעמיעס וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל, די „הסתדרות העובדים". ער איז געווען אַ פרעדיקער פון שלום און אַחדות צווישן די יידישע פאַרטייען, פון ענגער מיטאַרבעט מיט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן (די ווייסרוסן און ליטווינער), וועלכע האָבן שטאַרק געליטן אונטער דעם רעאַקציאָנערן פוילישן רעזשים.

אין דער צייט פון די סאָוויעטן אין ווילנע, 1940, שיקט ער אַ מעמאָראַנדום צו סטאַלין אין מאָסקווע, מיט דער בימע דערלויבן די עקזיסטענץ פון העברעאישע שולן אין די אינקאָרפּארירטע שטחים פון פוילן און ליטע.

ד"ר יעקב וויגאָדסקי האָט געאַרבעט זייער פיל ליטעראַריש. פאַרעפנטלעכט יעדע פאַר טעג פאָליטישע אָפּהאַנדלונגען אין דער ווילנער יידישער פרעסע, ווי אויך אַ גאַנצע רייע זכרונות־ביכער: „אין שטורעם" (זכרונות פון די דייטשע אָקופּאַציע־יאָרן), „אין גיהנום" (זכרונות פון די דייטשע געפאַנגען־לאַגערן) און „אין סמבטיון"... (זכרונות פון צווייטן פוילישן סיים 1922—1927). ער האָט געגרייט צום דרוק אַ גרויס מעמואַרן־בוך א. נ. „די יונגע יאָרן".

## מוטיק געלעבט און מוטיק געשטאָרבן

ווען עס זענען געקומען די היטלעריסטן קיין ווילנע און עס האָט זיך אָנגעהויבן די שוידערלעכע סדרה פון יידן־פאַרפאָלגונגען, איז ער צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן פון

צער. טראָץ דעם, וואָס ער איז געלעגן אַ קראַנקער אין בעט און קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס, טריי זיין לעבנס־וועג פון מוטיק פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן און דעם יידישן כבוד, האָט ער אָנגעטאָן זיין שוואַרצן סורדוט מיטן געלן מגן־דוד און אַוועק אין דער געסטאַפּאָ, צו פאָדערן גערעכטיקייט פאַר יידן. דאָרטן האָט ער פּראָטעסטירט פאַרן שעף פון געסטאַפּאָ, מורער, קעגן די פאַרברעכנס, וואָס די דייטשן באַגייען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. מורער האָט ניט געענטפערט קיין וואָרט, נאָר אָנגעטאָן אַ פּאָר ווייסע הענטשקעס אויף זיינע הענט (בכדי ניט צו מטמא זיין זיך מיט אַ יידן...) און אַראָפּגעוואָרפן דעם זעקס און אַכציק יאָריקן זקן פון אַלע טרעפּ.

דער אַלטער דאָקטאָר האָט זיך קוים אויפגעהויבן, אָפּגעווישט דאָס בלוט פון פּנים און זיך גענומען שלעפּן אַ היים אויף דער מיצקעוויטש גאַס.

אין גיכן איז ער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעפירט געוואָרן אין דער לוקישקער תפיסה. דאָרטן איז ער געפּייניקט געוואָרן דורכן נאַצישן מערדער שווייגענבערג.

יידן, וועמען עס איז געלונגען צו קומען צוריק פון דער לוקישקער תפיסה, האָבן דערציילט, אַז הגם דער זקן האָט געוואוסט, אַז זיינע טעג זענען שוין געציילטע, איז ער דאָך ניט געפאַלן פון מוט. ער האָט געטרייסט די אַרעסטירטע יידן, אַז ניט לאַנג וועט די היטלעריסטישע בעסטיע הערשן און עס איז נאָענט דער צוזאַמענבראָך פון היטלער־רעזשים. ער האָט גערופן די אַרעסטירטע אַריינוואַרפן זייער געלט, זייגערס, גאָלדענע פינגערלעך און אַנדערע קאָסטבאַרקייטן אין די אָפּטריטן פון תפיסה, בכדי די דייטשן זאָלן דערפון גאָרניט קענען געניסן.

ד"ר יעקב וויגאָדסקי איז אומגעקומען אין לוקישקער תפיסה.

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז געשטאָרבן דער פאָטער פון ירושלים דליטא.

זיין נאָמען האָט געלויכטן ווי אַ לעגענדע אין ווילנער געטאָ. זיין מאַרטירער־טויט און קאַמף פאַרן פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד אונטערן נאַצי־שטיוול, איז געווען אַ רוף און אַ סימבאָל פון מוטיקן ווידערשטאַנד פאַר דער יידישער יוגנט אין געטאָ.

# 7. די גרויסע פּראָוואָקאַציע

31טער אויגוסט 1941.

ס'איז געווען אַ זוניקער, שפּעט-זומערדיקער טאָג. פאַרטאָג זענען אַרויס פון אַלע ווינקלען שטאָט, ווי געווײנלעך, די יידישע פּאַרטיעס צו דער אַרבעט.



פאַרנאַכט זענען פּלוצעם צוגעקומען אויף נאָוואָגראָדער גאַס באַאומרואיקנדיקע קלאַנגען, אַז עפּעס קומט פאָר אין שטאָט. יידן זענען פאַרשוואונדן פון אונזער גאַס און זיך באַהאַלטן אין מאַלינעס אין דערוואַרטונג פון דעם, וואָס וועט באַלד פאָרקומען.

פון קריסטן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט אין אָוונט פון דער אַרבעט, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דעם יידישן קוואַרטאַל פון ווילנע: דייטשע גאַס, דאָמיניקאַנער גאַס, לידסקע גאַס, גאַון גאַס, סטראַשון גאַס, רודניצקער גאַס, שאַולער גאַס, אָשמענער גאַס, לידער געסל, מיקאַלאַי געסל, גלעזער גאַס, יאַטקעווער גאַס, יידישע גאַס. מען לאָזט ניט אַריין, מען לאָזט ניט אַרויס.

באַן-אַרבעטער, וועלכע זענען צוריקגעגאַנגען ביינאַכט האָבן דערציילט, אַז פון אַרומגערינגלטן יידישן קוואַרטאַל, טראָגן זיך שוידערלעכע געשרייען און געוויינען, און מען פירט אַרויס די יידן. וואַרשײַנלעך אין אַ געטאָ. זיי טראָגן מיט זיך פּעקלעך. אַנדערע גייען האַלב נאַקעט.

שפּעטער זענען צו אונז דערגאַנגען קלאַנגען, אַז מען האָט זיי געפירט אין לוקישקער תפיסה, קריסטן האָבן דערציילט, אַז מען האָט די יידן געפירט אין ריכטונג פון פאָנאַר. „מסתמא אויף אַרבעט, אין לאַגער, וואו מען פירט אַלע יידן" — האָט מען זיך איינער דעם אַנדערן דערקלערט. מען האָט זיך אפילו געטרייסט:

— בעסער אין פאָנאַר אויף אַרבעט — איידער אין לוקישקי אין דער תפיסה!

## דער פּלאַקאַט פון געביטס-קאָמיסאַר

דער אַלטער יידישער קוואַרטאַל האָט אויסגעזען ווי אַ בית-עולם. די גאַסן פוסט. די הייזער פאַרחתמעט.

אויף אַלע ראָגעס האָבן געהאַנגען גרויסע רויטע פּלאַקאַטן אויף דייטש, ליטוויש און פויליש מיטן פאָלגנדיקן טעקסט:

BEKANNTMACHUNG

Am gestrigen Sonntag nachmittag wurde in der Stadt Wilna aus dem Hinterhalt auf deutsche Soldaten geschossen.

Zwei der feigen Banditen konnten festgestellt werden. Es waren Juden.

Die Taeter haben ihr Leben verwirkt. Sie wurden sofort erschossen.

Zur Verhuetung derartiger feindseliger Akte sind bereits weitere schaerfste Gegenmassnahmen getroffen. Die Vergeltung trifft die Gesamtheit der Juden.

Vorerst ist es darueberhinaus allen Juden beiderlei Geschlechts mit sofortiger Wirkung verboten, ihre Wohnungen in der Zeit von 15 Uhr nachmittags bis 10 Uhr vormittags zu verlassen. Ausgenommen hiervon sind nur diejenigen Juden und Juedinnen, die ausdruecklich zum Arbeitseinsatz befohlen sind.

Die getroffenen Anordnungen dienen der Sicherheit der Bevoelkerung und der Sicherstellung ihres Lebens. Pflicht jedes anständig denkenden Einwohners ist es, daran mitzuhelfen, dass Ruhe und Ordnung herrschen.

[illegible]

gez. HINGST

SKELBIMAS

[illegible]

HINGST

OBWIESZCZENIE

W zeszłej niedzieli po południu strzelano w Wilnie z ukrycia do niemieckich żołnierzy.

Dwuch z tchórzliwych bandytów [illegible]. Były to żydzi.

Sprawcy przypłacili czyn swój życiem. Zostali natychmiast rozstrzelani.

[illegible]

Podjęte zarządzenia służą bezpieczeństwu ludności i zabezpieczeniu życia mieszkańców. Obowiązkiem każdego rozsądnie myślącego mieszkańca jest współpraca nad utrzymaniem spokoju i porządku.

[illegible]

HINGST

## באַקאַנטמאַכונג

נעכטיקן זונטיק נאָכמיטאָג איז אין שטאָט ווילנע פון אַ באַהעלטעניש געשאָסן געוואָרן צו דייטשע זעלנער.

עס זענען דערקענט געוואָרן צוויי פון די פּחדנותדיקע באַנדיטן. דאָס זענען געווען ייִדן.

די אָנפאַלערס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן. זיי זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן.

בכדי צו פאַרהיטן אויף דער צוקונפט פון אַזעלכע פיינטלעכע אַרויסטרעטונגען, זענען פאַראָרדנט געוואָרן נייע שאַרפסטע מאָסמיטלען. די אחריות פאַלט אויפן ייִדישן כלל.

ראשית כל איז דערפאַר פאַרבאָטן אַלע ייִדן פון ביידע געשלעכטער, פון היינטיקן טאָג אָן, אין דער צייט פון 15 אַזייגער נאָכמיטאָג ביז 10 אַזייגער אינדערפרי צו פאַרלאָזן זייערע וואוינונגען. אַ יוצא מן הכלל זענען נאָר יענע ייִדן און ייִדינס, וואָס האָבן אַ קלאָרן אַרבעטס באַפעל.

די אויבנדערמאָנטע פאַראָרדנונגען דינען דער זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג און דעם פאַרזיכערן זייער לעבן. ס׳איז דער חוב פון יעדן אָנשטענדיק דענקנדיקן איינוואוינער מיטצוהעלפן, אַז עס זאָלן הערשן רו און אָרדנונג.

ווילנע, דעם 1-טן סעפּטעמבער 1941.

דער געביטסקאָמיסאַר פון שטאָט ווילנע

געחתמעט: הינגסט.

מיט דער דאָזיקער מודעה האָט דער געביטס-קאָמיסאַר הינגסט געוואָלט פאַר־מאַסקירן די גרויסע דייטשע פּראָוואָקאַציע, אַ דאַנק וועלכער ס׳איז אומגעבראַכט געוואָרן אַ העלפט ייִדנטום פון ווילנער צענטער שטאָט.

אין יענע טעג זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון ייִדישן ווילנער קוואַרטאַל קרוב 10.000 מאַן. אין זעקס טעג אַרום זענען אַהערצו, אין די פּוסטע הייזער, אַריינ־געפירט געוואָרן די איבריקע ווילנער ייִדן און דאָ איז געשאַפן געוואָרן געטאָ נר. 1 און געטאָ נר. 2.

ייִדן האָבן אַ נאָמען געגעבן די דאָזיקע „אַקציע״ מיטן נאָמען : די ערשטע גרויסע פּראָוואָקאַציע.

## דער ערשטער לעבעדיקער גרוס פון פּאָנאַר

דעם 3טן סעפּטעמבער 1941 אין דער פרי. איך קוק דורכן פענצטער פון מיין שטוב אויפן פּלאַץ פון נאָווגאָראָדער מאַרק. אין מיינע אויגן וואַרפט זיך אַ געשטאַלט פון אַ פרוי מיט צעלאָזענע האָר, מיט אַ צעשראָקענעם קוק, אַ באָרוועסע, מיט אַ פאַרבונדענער האַנט, מיט אַ גרויסן פּאַק בלומען. זי גייט, זי קוקט זיך אַרום, איר בליק בלאָנדזשעט, זוכט עפּעס. דער איינדרוק: אַן אומנאָרמאַלע דאָרפיש מיידל.

אין אַ געוויסער צייט אַרום: מען פירט זי אַריין צו מיר. זי וויל מיר עפּעס דערציילן, נאָר זי בעט אַלע זאָלן אַרויסגיין.

זי קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטן, און זאָגט שטיל:

— איך בין אַנטלאָפן פון פּאָנאַר!

— פון לאַגער פּאָנאַר? ...

— ניין, פּאָנאַר איז ניט קיין לאַגער. דאָרט שיסט מען אויס אַלע יידן... איך בין אַ דורכגעשאָסענע, אַן אַנטלאָפענע, איך בין געקומען צו אייך, איר זאָלט מיר איבערבאַנדאַזשירן מיין וואונד.

איך דערלאַנג איר וואַסער. איך בעט זי באַרואיקן זיך. זי האָט מסתמא געהאַט אַ שווערע איבערלעבונג, זאָל זי דערציילן אַלץ רואיק, געלאַסן, פּאַמעלעך.

און זי דערציילט:

— איך הייס פּעסיע אַראָנאָוויטש, געוואוינט אויף שאַוועלסקע גאַס נומער זעקס. געהאַט צוויי קינדערלעך. זענען געקומען דעם איין און דרייסיקסטן אויגוסט פאַרנאַכט דייטשן און אַרויסגעפירט מיך מיט די קינדער אין אַ גרויסער פּאַרטיע יידן אין דער לוקישקער טורמע. מען האָט ניט געגעבן קיין עסן, ניט קיין טרינקען, נאָר געשלאָגן. און דערנאָך האָט מען אַריינגעשטופּט אין אָנגעפּראָפּטע אויטאָמאָבילן און געפירט. מיר זענען אַריינגעפאָרן אין אַ פאַרצוימטן פּלאַץ. איך האָב דערקענט לויטן וועג, וואוהין מען פירט אונז. איך בין דאָך אַ ווילנערין און איך קען די אומגעגנט. מען האָט אונז געבראַכט קיין פּאָנאַר.

עס איז געווען פול, איבערפול דער פּלאַץ מיט מענער, פרויען און קינדער.

מען האָט געפירט פון אונז גרופּעס ניט ווייט אין אַ וועלדל. און מען האָט זיי געשאָסן. גרופּע נאָך גרופּע... די קינדער האָבן געוויינט פאַר שרעק פאַר די שיסערייען. מיין מיידעלע האָט מיך געפרעגט:

— מאַמע, וואו זענען מיר! איך האָב מורא, איך האָב מורא.

איך האָב איר געענטפערט:

— האָב ניט מורא. מיר געפינען זיך אין אַן אָרט, פון וואַנעט עס פירט אַ וועג צום גן־עדן. דו ווייסט דאָך אין גן־עדן איז אַזוי גוט. שלאָף איין מיין קינד. אין גן־עדן איז אַזוי גוט. — — —

מיר האָבן אַלע געוואַרט אויף אונזער רייע. עס איז געווען אַ טויטע שטילקייט. ניטאָ וואו צו לויפן. אַלץ איז אַרומגערינגלט מיט דייטשן. און אַרום און אַרום קוילנוואַרפערס. און ווער עס פּרובירט אַנטלויפן ווערט אויפן אָרט מערדערלעך געשלאָגן און דערשאָסן. און דאָרטן וואו מען שיסט — האָט מען איינער דעם אַנדערן דערציילט — צעטיילט מען די קרעפּטיקערע אויף אַרבעט און די שוואַכע און אַלטע צום טויט. איז דאָך נאָך אַלץ פאַראַן אַ האָפענונג צו בלייבן ביים לעבן. לוינט דאָך ניט ריזיקירן און לויפן, וואָס דאַן איז אַ זיכערער טויט.

וואַרטנדיק האָבן אַנדערע מיט די פיס געגראָבן אונטער זיך גריבלעך און באַ־האַלטן דאָרטן זייער צירונג און געלט, זאָל דאָס ניט אַריינפאַלן צו די דייטשן אין די הענט.

אַנדערע, פאַרקערט, האָבן זייער געלט און צירונג געהאַלטן, אפשר וועט עס נאָך צונוץ קומען אין לעצטן מאָמענט.

אַלטע יידן האָבן געזאָגט וידוי און געזעגנט זיך. זיי האָבן שוין גאָר קיין האָפענונג ניט געהאַט.

אַנדערע זענען געזעסן עפּעס ווי פאַרחלשטע. ניט געגלויבט זיך. אַנדערע האָבן געגעסן ברויט.

מיינע קינדער האָבן זיך אויפגעוועקט און געשריען:

— מאַמע, וואַסער!

איך האָב געהאַט ביי זיך אַ טערמאָז. האָב איך אַרויסגענומען דעם טערמאָז און אָנגעגאָסן פאַר זיי וואַסער. איז צוגעלאָפן אַ דייטשער היטער, אַרויסגעריסן דעם טערמאָז, צעבראָכן אים און דאָס וואַסער אויסגעגאָסן. זענען די קינדער געגאַנגען דורשטיקע צום טויט...

— — — און אַז עס איז אָנגעקומען די נאַכט, האָט מען אונזער גרופּע געיאָגט אַרום אַ גרויסן פּירקאַנטיקן לאַנגען גרוב. איך בין געלאָפן צום גרוב מיט די צוויי קינדער אויף די הענט. שיסעריי. אַ האָגל קוילן. איך געדענק נישט וואָס עס איז געווען.

— — — איך דערשפּיר: איך ליג איבער קערפּערס, וועלכע באַוועגן זיך נאָך. און איבער מיר זענען קערפּערס, אַלץ באַוועגט זיך און דרייט זיך אין קראַמפּן. מיינעביידע קינדערלעך זענען טויט. דורכגעשאָסן. עס רינט בלוט פון זייערע קערפּער־לעך. מיין האַנט איז דורכגעשאָסן, אבער איך לעב... די קערפּערס, וואָס האָבן זיך באַוועגט זענען געוואָרן שטילער, שטילער. און איינגעשטילט זיך. און רואיק איז געוואָרן אין פּאַנאַר. איך בין געלעגן, געלעגן, איך ווייס ניט ווי לאַנג. איך ווייס ניט ווי לאַנג. דערנאָך האָב איך זיך גענומען אַרויסצודרייען פון צווישן די קערפּערס און פאַמעלעך, פאַרזיכטיק, אַרויסגעפּויזשעט פון גרוב.

די גופימלעך פון מיינע קינדער זענען געבליבן אין גרוב, צווישן אַלע טויטע. און איך בין אַרויס אַליין. עס איז געווען שטיל און פינצטער. פון ווייטן האָבן געשכורט ליטווישע שיסערס. איך בין דורכגעקראָכן דורך די דראָטן פון צוים. און קיינער האָט ניט געזען. דאַן האָב איך זיך געקייקלט און געפּויזשעט איבער גראָז און זאַמד. קיינער זאָל ניט זען. עס איז געווען אַ וואַלד בוימער. איך געדענק ניט וואו. איך האָב צוגעפּויזשעט צו אַ כאַטע פון אַ פּויערטע. איך האָב איר דערציילט מיין סוד. זי האָט געהאַט מורא, איר מאַן זאָל זיך ניט דערוויסן. האָט זי מיר פאַרבונדן די האַנט מיט אַ האַנטוך, געגעבן עסן, טרינקען, אָנגעטון אין פּויערישע קליידער און געזאָגט:

— גיי אַ באָרוועסע, און טראָג בלומען אין די הענט, וועט מען מיינען, אַז דו ביסט אַ קריסטין פון דאָרף.

אָט אַזוי בין איך געקומען" — — —

▼

גלויבן, אָדער ניט גלויבן ? עס איז אַן אמת אָדער אַ קראַנקע פאַנטאַזיע ? — זענען ביי מיר געלאָפן געדאַנקען דורכן קאָפּ.

קען דאָס אַלץ זיין ? און אפשר איז די פרוי אומנאָרמאַל ? אויסגעטראַכט אַלץ פון שרעק ? און ווי קען דאָס זיין, אַז מענטשן האָבן געגעסן פאַרן טויט ? און וואָס פלאָנטערט זי דאָרטן מיט וואַסער פאַר די קינדער ? אַ מעשה מיט אַ טערמאָז ? און ווי איז זי אַרויס פון גרוב?



איך בינד פונאַנדער איר וואונד.

דער לינקער אָרעם דורכגעלעכערט מיט אַ קויל־שאָס.

אין שאָס־וואונד קריכן אום מוראַשקעס — וואַלד מוראַשקעס. —

איך האָב דערזען דעם אמת !

דעם אמת פון פּאָנאַר.

איך האָב איר אָפּגערייניקט די וואונד, פאַרבונדן און אָפּגעשיקט אין יידישן שפּיטאָל.

כ'בין אַרויס פון מיין שטוב אויפן פּלאַץ פון גאָוואַראַדער מאַרק.

פון ווייטן האָב איך געזען דעם בנין, וואו הירש לעקערט האָט געוואוינט.

— דאָ האָט הירש לעקערט געלעבט — — —

— און דאָ איז אקארשט געווען דער ערשטער גרוס פון פאנאר.

האָב איך אָנגעהויבן רופן צו זיך יידן און עס איז געוואָרן אַרום מיר אַ גרויס רעדל. כ'האָב געזאָגט :

— יידן ! אין פּאָנאַר איז ניט קיין אַרבעטס־לאַגער. אין פּאָנאַר שיסט מען אויס אַלע יידן !

און קיינער האָט ניט געגלויבט.

— יידן ! איך האָב אַליין איצט געזען אַ דורכגעשאָסענע פון פּאָנאַר. איך האָב אַליין געזען איר וואונד. מוראַשקעס זענען געקראָכן אין איר וואונד.

— דאָקטאָר ! איר טרייבט אַליין פּאַניק. אָנשטאָט אונז צו טרייסטן און מוטיקן, דערציילט איר גאָר, אַז מען שיסט יידן אין פּאָנאַר...

— ווי קען איך אייך פּאַלש טרייסטן, אַז איך האָב אַליין געזען די וואונד, און אַליין געהערט, וואָס די דורכגעשאָסענע האָט דערציילט.

— מאַלע וואָס אַ משוגענע רעדט... מאַלע וואָס אַ פרוי קען זיך אויסדוכטן... מאַלע ווער עס האָט איר געקענט דורכשיסן די האַנט.

— יידן, מען דאַרף עפּעס טאָן באַצייטנס. איידער מען וועט אַלעמען אויסשיסן אין פּאָנאַר ! — — —

— מען דאַרף גאָרניט טאָן. עס זענען אויסגעטראַכטע מעשיות, פאַנטאַזיעס פון בעלי־פּחד. מען דאַרף איין זאַך האָבן : ב ט ח ו ן !



איך האָב שפּעטער פּעסיע אראנאָוויטשן געטראָפן אין ווילנער געטאָ. זי האָט געאַרבעט אַלס שניידערין אין די שניידער־וואַרשטאַטן אויף רודניצקער גאַס 6, אונטער דער פירונג פון דער דיכטערין לאה רודניצקאַ.

איז זי געזעסן אין די וואַרשטאַטן צווישן אַלע פרויען, געניית ווי אַלע און... געלאַכט ווי אַלע.

נאָר איך און נאָך אַ פּאָר איינציקע האָבן געוואוסט איר סוד, וועלכן זי האָט געהאַט מורא צו דערציילן, בכדי די געשטאַפּאָ זאָל זי ניט אַרויסשיקן פון געטאָ ווידער קיין פאנאר.

נאָר איינצלנע האָבן מיר געוואוסט, אַז זי טראָגט אין זיך: דעם סוד פון פאנאר.



פראַגמענט פון אַ מאַסן-קבר אויפן עקזעקוציע-פעלד אין פּאָנאַר.

# 8. מיר גייען אין געטאָ

## קלאַנגען וועגן געטאָ

— — — עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין שטאָט עקשנותדיקע קלאַנגען, ספּעציעל אין קריסטלעכע קרייזן, אַז מען וועט אַרויספירן אַלע ווילנער יידן אין געטאָ. לכתחילה האָבן די יידן אויפגענומען די עקשנותדיקע קלאַנגען אַ ביסל איראָניש:

— מאַלע וואָס די קריסטן רעדן וועגן אַ געטאָ, דאָס לייגט זיך ניט אויפן שכל, ווי וועט מען עס אַרויסנעמען פון זייערע הייזער אַ זעכציק־זיבעציק טויזנט מאַן, און וואו וועט מען זיי געבן פלעצער? און ווי וועלן זיי לעבן? דאָס איז מסתמא אַן אויסטראַכטעניש פון די קריסטן אויף אָנצושרעקן און אָנמאַכן עגמת נפש. סיי ווי סיי, וועט מען עס ניט באַווייזן מאַכן, ווייל די מלחמה איז אַ פראַגע פון וואָכן, אָדער לכל־היותר פון איי ניקע חדשים...

שפּעטער זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז אין קאָוונע און אַנדערע שטעט מאַכט מען געטאָס. האָט מען אָנגעהויבן צו גלויבן. פאַרקערט, אַ סך האָבן זיך געוואונטשן:

— זאָל מען אונז שוין פירן אין געטאָ, וועלן אויפהערן פאַר אונז די כאַפּעניש, די צרות, און מיר וועלן קענען, הגם אין אָרעמקייט, אין ענגשאַפט, אָבער דאָך לעבן רואיק. די גרעסטע צרה און שאַנד, וואָס זיי ווילן אונז אָנמאַכן איז דאָך געטאָ. טאָ זאָל שוין זיין אַ געטאָ און אַ סוף...

## וואו וועט זיין דער געטאָ?

עס האָבן זיך אָנגעהויבן דיסקוסיעס, וואו וועט זיין דער געטאָ: אַ טייל האָבן געבראַכט זיכערע ידיעות, אַז דער געטאָ וועט איינגעאָרדנט ווערן אויף שניפּישאָק: עס איז הינטערן שטאָט, און עס איז אַ געדיכטער יידישער ראַיאָן, וועט מען דאָרטן אַלעמען צונויפּפּאַקן. זענען געקומען אַנדערע און האָבן געזאָגט:

— שניפּישאָק — ניט מעגלעך! ס׳איז לעבן טייך ווילי, לעבן אַ וויכטיקן בריק, לעבן וויכטיקע סטראַטעגישע אָביעקטן און קאַזאַרמעס. אין ענלעכע ערטער וועט מען יידן ניט זעצן.



אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דער געטאָ וועט זיין אין ראַיאָן נאָוואָראָד. עס איז הינטערן שטאָט, און כמעט אַ ריין יידישער ראַיאָן.

זענען געקומען אָבער „סטראַטעגן" און געזאָגט:

— דורך נאָוואָגראָד גייט דער וועג, אויף וועלכן עס פאָרן די דייטשע טאַנקען און אויטאָמאָבילן צום פראָנט. וועט מען ניט לאָזן יידן דאָרטן זיך באַזעצן.



א טייל האָט אָנגעוויזן, אַז דער געטאָ וועט נאַטירלעך זיין דאָרטן, וואו ער איז אַמאָל געווען, דאָס הייסט, אין ראַיאָן פון שול־הויף, לעבן די גאַסן דייטשע און יידי־שע. האָבן אַנדערע פאַרקערט אויפגעוויזן, אַז דער דאָזיקער ראַיאָן געפינט זיך דאָך אין צענטער שטאָט, וועט מען ניט לאָזן די יידן זיצן אין מיטן צווישן די קריסטן, מען וועט וועלן זיי איזאָלירן.



זענען געקומען נאָך און האָבן דערציילט, אַז מען בויט גרויסע באַראַקן לעבן די שטעטלעך פאָדבראָדז, דרוזקעניקי. דאָרטן וועט מען באַזעצן די יידן.

האָבן אַנדערע געענטפערט:

— מען וועט ניט אַרויספירן זעכציק, זיבעציק טויזנט מאַן אין אַנדערע שטעט, ווי וועלן זיי דאָס מאַכן, און ווי וועט מען באַווייזן?...

## מאָרגן: געטאָ

פרייטיק דעם 5טן סעפטעמבער 1941. אין שפּיטאָל. אַ גרויסער גומל און צע־דודערניש.

— וואָס איז געשען? — פרעג איך אַן אָנקומענדיקן דאָקטאָר.

— מען שמועסט, אַז מאָרגן וועט מען אין איין טאָג אַלעמען אַרויספירן אין געטאָ — זאָגט ער מיר אָן, אַ בלייכער, אַ דענערווירטער.

— וואו וועט זיין דער געטאָ?

איך באַקום אויף דעם פאַרשידענע, פילצאָליקע תשובות.



איך גיי פון שפּיטאָל אַ היים אויף נאָוואָגראָדער גאַס. איך זע עס שלעפּן זיך יידן מיט פּעקלעך.

— וואו גייט איר?

— מיר גייען פון סטעפאַן־גאַס. מען זאָגט, אַז מאָרגן וועט מען פירן די יידן אין געטאָ אויף נאָוואָגראָד. ביים פירן וועט מען שלאָגן און ממיתן. האָבן מיר אַלץ אַוועקגעוואָרפן און גענומען נאָר קליינע פּעקלעך. גייען מיר אויף נאָוואָגראָד. מיר וועלן דאָרטן וואו עס איז איבערנעכטיקן ביי באַקאַנטע יידן אין אַ פּאָדעריהויז. וועט מען אונז שוין מאָרגן ניט דאַרפן פירן. מיר וועלן שוין זיין אַליין אין געטאָ.



כ׳גיי אַ ביסל ווייטער באַרג אַרויף צום מאַרק פון נאָוואָגראָד. עס לויפן אין ריכטונג פון שטאָט באַקאַנטע פּנימער.

— וואו לויפט איר?

— עהע, איר ווייסט גאָרניט, קריסטן האָבן אונז דערציילט, אַז מאָרגן פירט מען אַוועק אין געטאָ אויף שניפּישאָק. עס וועט פירן געסטאַפּאָ און ס״ס. מען וועט הרגענען און רויבן. לויפן מיר באַצייטנס אויף שניפּישאָק.

## אָפּגעבן די ווערטפולע זאַכן

ביים טיר פון מיין וואוינונג הענגט אַ מודעה, וועלכע זאָגט אָן, אַז דאָס יידישע פאַרמעגן געהערט צו דער מלוכה, און אַלע יידן מוזן אָפּגעבן אין די פּאָליציי-קאָמי-סאַריאַטן ביזן אָוונט אַלע געלטער, גאָלד, ווערט־זאַכן, ברילִיאַנטן. ביי וועמען מען וועט געפינען, וועט דערשאָסן ווערן.

יידן לויפן אין די קאָמיסאַריאַטן און ברענגען בעכערס, לייכטערס, קדושין־פינגערלעך און זוכן מען זאָל פאַרשרייבן זייער נאָמען, אַז זיי האָבן געבראַכט ווערט־זאַכן — און זיי איילן זיך אַהיים צו באַרשטעקן אין קעלערס, אויף בוידעמער אַלע זייערע באמת ווערטפולע זאַכן. אַנדערע, וועלכע האָבן ניט וואו צו באַהאַלטן — רייסן געלטער אויף שטיקלעך, און וואַרפן זייערע ווערטפולע זאַכן אין קלאָזעטן.

## קריסטן מאַכן צלמים אויף זייערע הייזער

אין שטוב. אַלע אין אַ דענערווירטער שטימונג:

— זע. אַלע קריסטלעכע שכנים האָבן אויסגעמאָלט צלמים אויף זייערע הייזער. עס גרייט זיך עפּעס אויף אונז. ווער ווייס צי מען וועט פירן אין געטאָ? ס׳קען מאָרגן זיין אַ פּאָגראָם. זע, די צלמים אויף די קריסטלעכע הייזער!... די צלמים אויף די קריסטלעכע הייזער!...

וואו מען זאָל ניט גיין, טאָמער הייסט מען גיין, טוען מיר זיך אַלע אָן עטלעכע פּאָר וועש, אייניקע בגדים, אייניקע סוועטערס, עס וועט צונוץ קומען אויף קאַלטע טעג... מען מאַכט זיך פּעקלעך, פאַר יעדן אַ פּעקל. וואָס זשע נעמט מען מיט זיך, אַז אַלץ איז דאָך וויכטיק? און אפשר איז קיין זאַך ניט נויטיק?

עס איז אַ ליל־שמורים. מיר זיצן אַלע צוזאַמען אין איין צימער. די לאָדנס פאַר־קלאַפּט, בכדי עס זאָל ניט אַריינפאַלן אַ שטיין פון אַ קריסטלעכן שכן, אָדער מען זאָל ניט מאַכן אַ פּראָוואָקאַציע, אַז פון פענצטער האָט מען עפּעס געוואָרפן אויף די דייטשן. אין די קאָרידאָרן און די צימערן דרייען זיך אַרום באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע יידן, וועלכע זענען געלאָפן פון זייערע גאַסן, מיינענדיק, אַז דער געטאָ וועט זיין אויף נאָוואָראָד. ס׳איז פינצטער. אָבליגאַטאָרישע נאַכט־פאַרטונקלונג. אַנדערע דאַווענען מעריב. אַנדערע זאָגן קאַפּיטלען תהלים. אייניקע גיבן זיך איבער, וואו מען האָט באַ־האַלטן די ווערטפולע זאַכן. אַנדערע גיבן איבער די קינדער די אַדרעסן פון קרובים אין אויסלאַנד: „טאָמער צעשיידט מען, זאָלט איר געדענקען צו וועמען צו ווענדן זיך" — מען זיצט אַ גאַנצע נאַכט צוגעטוליעט, מען רעדט צווישן זיך שטיל, שעפּ־טשענדיק — — —

## אין קעלערל פון דער וועכטערין

פאַרטאָג. שבת דעם 6טן סעפּטעמבער. אַ ליכטיקע רויטע זון גייט אויף איבערן מאַרק־פּלאַץ פון נאָוואָראָד. עס פאַלן סנאָפּעס ליכט אויף דער שטוב, וואו ס׳האָט געוואוינט אַמאָל הירש לעקערט. טויטע שטילקייט.

פלוצעם אויטאָמאָבילן מיט באַוואָפנטע דייטשע זעלנערס און געסטאַפּאָ־לייט. צו צען, צו צוואַנציק, שטעלן זיי זיך אָפּ לעבן יעדע פאַר הויפן. אַ גרעסערע צאָל זעל־

נערס לעבן שול-הויף פון נאָוואָראַד. אַלץ שטיל. עס לויפן מינוטן. שוין אַ האַלבע שעה. מיר קוקן דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס: שטיל. נאָר זעלנערס ביי יעדן הויז.

די הויז־וועכטערין פּושאָוואַ לויפט אַריין פון אַ הינטער־טיר און זאָגט אָן:

— דייטשע זעלנערס האָבן אַרומגערינגלט אַלע גאַסן און וואוינונגען. עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם! ראַטעוועט זיך, ווער עס קען, און וואו איינער קען.

אַלע צעלויפן זיך איבער די קעלערן און בוידעמער און אין דער מאַלינע וואָס מיר האָבן צוגעגרייט. מיין פרוי, מיין שוועסטער און איך גייען אַראָפּ צו דער וועכ־טערין. זי שפּאַרט אונז אַריין אין אַ קעלערל. פאַרשטעלט אים מיט אַן אַלמער. פאַר־וואָרפט מיט האָלץ. זי גייט אַרויס פון איר וואוינונג און פאַרשליסט די טיר אויף אַ שליסל.

מיר זיצן זאַלבעדריט צונויפגעשפּאַרט אין דעם פאַרשטעלטן קעלערל, אָפּגעז־דיסענע פון דער וועלט. עפּעס הערן זיך פון ווייטן שטימען. מען רעדט, מען גייט, מען שרייט, אַנדערע וויינען. דוכט זיך מען רופט אונז. וואָס קומט דאָרטן אויבן פאָר? מיר זענען פאַרשפּאַרט.

מיין פרוי מרים, און איך נעמען אַראָפּ די קדושין־פינגערלעך, מיין שוועסטער שפרה, נעמט אַראָפּ דאָס גאָלדענע האַלדז־קייטל — אין מיר באַהאַלטן עס אין קע־לער צווישן די וואַנט־ציגל. ווען מיר איבערלעבן — וועלן מיר פון דאַנען עס אַרויס־נעמען; און אויב ניט — איז עס ניט נויטיק...



אַ זייגער עלף פאַרמיטאָג. ס'הערט זיך אַ גערויש לעבן קעלערל, דער אַלמער רוקט זיך אָפּ און די וועכטערין זאָגט אָן:

— ס'איז ניט קיין פּאָגראָם. נאָר מען פירט אַלע יידן אין געטאָ. ס'זענען שוין כמעט אַלע אויפן מאַרק־פּלאַץ. און זי גיט צו: — אייך דאָקטאָר, און אייער פרוי און אייער שוועסטער, קען איך אויסבאַהאַלטן אין קעלערל, די פּאָר וואָכן, וואָס די מל־חמה וועט נאָך דויערן... מער קיין מענטשן קען איך ניט אויסבאַהאַלטן... מיינער וועט ניט זיין מסכים. —

איך ענטפער איר:

— אויב אַלע יידן גייען אין געטאָ — גייען מיר אויך. מיר וועלן זיך ניט אָפּ־טיילן פון אַלע יידן!

## מיר געזעגענען זיך מיט אונזער שטוב

איך גיי אַרויף צו זיך אין שטוב. די עלטערן, וואָס זענען ערשט אַרויס פון אַ מאַלינע, שטייען פאַרוויינטע.

— קינדער, עס איז געבליבן נאָר אַ פערטל שעה. די וועכטערין האָט געהאַט מורא אייך ביז איצט אַרויסצורופן, טאָמער וועט מען זיך דערוויסן, אַז ביי איר באַ־האַלטן זיך אויס יידן. אַלע שטייען שוין אויפן מאַרק־פּלאַץ. מען לאָזט טראָגן גרויסע זעק. איילט זיך צו. באַלד וועט מען אַרויסטרייבן פון שטוב און פאַרחתמען די טירן מיט לאַק. —

איך גיב אַ קוק דורכן פענצטער. דער מאַרק־פּלאַץ באַדעקט מיט טויזנטער יידן, פרויען און קינדער. אַלע בויגן זיך אונטער גרויסע פּעק. יעדער איינער שלעפּט, וואָס

נאָר ער קען אַרויסנעמען פון שטוב. נאָר דאָס איז זיינע. דאָס איבעריקע פאַר־פאַלן און הפקר. די פעק פאַרוויקלט אין ווייסע ליילעכער, אין רויטע דעקן, אין פאַרביקע פאַ־טשיילעס. צעטומלטע קינדער לויפן און זוכן זייערע עלטערן. קינדער־וועגעלעך מיט זויג־קינדער. דייטשע זעלנערס מאַכן אָרדענונג מיט שפּיצרוטן אין די הענט.

כ׳מאַך שנעל אַ פּאָר פּעקלעך. כ׳שפּיר, אַז כ׳וועל זיי ניט דערטראָגן. אין האַנט־רענצל לייג איך אַריין אַ ביסל מעדיקאַמענטן, באַנדאַזשן, שפּריצן, נאָדלען. כ׳לויף אַראָפּ צו דער וועכטערין, כ׳דאַנק איר פאַרן העלפן מיר העלפן. כ׳זאָג איר, זי זאָל צונעמען אַלע בגדים, וועש, עסנוואַרג, און וואָס איר וועט געפעלן. זי זאָגט צו, אַז אַלץ וועל איך באַקומען בשלום צוריק נאָכן געטאָ. איך בעט זי באַהאַלטן מיינע מעדיציניש אינסטרומענטן און גיב איר זאַכן און געלט אַ מתנה פאַר איר, איר מיכאַל און קינד.

כ׳גיי אַרויף צוריק. מיין פרוי גייט איבער די צימערן און וויינט, און געזעגנט זיך מיט די צימערן. זי פאַלט צו צום קישן פון בעט, טוליעט זיך צו, וויינט און גע־זעגנט זיך. זי גלעט די בילדער פון די ווענט, די קליינע שפּילצייגן אויף די טישלעך פון שלאָף־צימער. זי קושט דאָס קאַנאַריקל, וואָס שטייט עפּעס צעטומלט אין זיין אָפענעם שטייגל —

— זיי געזונט מיין שטוב! מער קום איך שוין ניט צוריק! קאַנאַריקל, דו בלייבסט — אונז טרייבט מען אַרויס! — — —

▼

מיין מאַמע קלייבט בחפזון פאָטאָגראַפיעס, באַשטעטיקונגען, קוויטלעך מיט אַדרעסן, און פּאַקט עס אין זעקלעך מיט פּאָדעם, באַוול, נאָדלען און שפּילקעס. דאָס שוועסטערל שפרה, זוכט אירע צייגענישן פון די לימודים, פאָטאָגראַפיעס פון חברטעס און געשטריקטע האַנט־אַרבעטן.

דער טאַטע שטייט ביים ספרים־שאַנק. ער גיט אַ קוש אַ גמרא, אין וועלכער ער האָט עפּעס אַריינגעקוקט. געזעגנט זיך. גייט אָפּ. דערמאָנט זיך עפּעס. נעמט אַרויס אַ באַנד גרעץ־געשיכטע, קוקט אין אים אַריין, פאַרקנייטשט אַ זייטל און גייט אָפּ מיט אַ קרעכץ.

איך גיי צו צום ספרים־שראַנק. כ׳עפן אויף דעם באַנד גרעץ־געשיכטע, ס׳איז פאַרקנייטשט אויפן זייטל: „גרוש ספרד״... כ׳גיב אַ וואָרף דעם לעצטן בליק אויפן ספרים־שראַנק: ש״ס בבלי, ירושלמי, תנ״ך, יידישע געשיכטע, ביאַליק, טשערניכאָווסקי, פרץ, מענדעלע, שלום־עליכם, רהל, למדן, שלאָנסקי, מעדיציניש ביכער. מען דאַרף עס אַלץ לאָזן, איבערלאָזן.

איך דערמאָן זיך אין פיאַנע. כ׳לויף אַריין אין קיך.

איך נעם אַ האַק, עפן אויף גיך די פיאַנע, און האַק איבער מיט כעס די סטרונעס און זעץ אַרויס אַ פאַרוויסטע פיאַנע־ציינער. די פיאַנע גיט אַ גרויען ברום. זאָל דער דייטש ניט שפּילן און הנאה האָבן. — — —

אַ לעצטן קוק אויף די ווענט. עס הענגט מינקאָווסקיס גרויסע בילד: „יידישע פליטים״, הענגט און וויינט... פליטים פון בילדער קוקן שטום אויף מיר, וואָס דאַרף באַלד אַרויסגיין מיט זיין פּעקל אויפן אומבאַקאַנטן וועג.

מיר גייען אַרויס אויף די טרעפּ. כ׳פאַרשליס די טיר אויפן אויטאָמאַטישן שלאָס און איך באַהאַלט ביי זיך דעם שליסל. כ׳זאָג צו מיין פרוי:

— כ'האָב מיטגענומען דעם שליסל. אַז מיר וועלן אַרויסגיין פון געטאָ, וועלן מיר גלייך קענען גיין אין שטוב און עפענען די טיר מיטן אייגענעם שליסל.

די פרוי גיט אַ שמייכל מיט אומעטיקע אויגן און זאָגט:

— דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז מיר וועלן שוין מער קיינמאָל די טיר פון אונזער שטוב ניט עפענען...

## אויפן מאַרק־פּלאַץ

אויפן מאַרק־פּלאַץ. איך ווער אַריינגעכאַפּט אין געווירבל פון מענטשן און געפּעק. אַרום און אַרום באַקאַנטע פּנימער. יידן טרייסטן זיך:

— אַבי צוזאַמען, מען וועט זיי איבערלעבן!

אַ פּייף. און דער טויזנט־קעפּיקער עולם רירט. ס'גייען זקנים, טאַטעס, מאַמעס, קינדער. מיטן שטראָם ווערן געטראָגן קינדערשע וועגעלעך. משפּחות האַלטן זיך צוזאַמען, און באַמיען זיך ניט לאָזן זיך צו צערייסן דורכן שטראָם. ס'הערן זיך שטימען:

— מאַמע, וואו ביזטו?

— ישראלקע, האַלט זיך מיט מיר!

פאַר די אויגן לויפן מיר דורך באַקאַנטע בילדער: דעם רבינס לויה...

די געסטאַפּאָ־לייט יאָגן אונז מען זאָל גיין שנעלער, מען לויפט. ס'איז ניטאָ קיין כח צו שלעפּן די פּעק. דער טאָג איז הייס, אַלע זענען געקליידעט אין דאָפּלטע זאַכן. מען וואַרפט אַראָפּ פּעק. עס וואַלגערן זיך אויפן וועג און עס ווערן צעטרעטן ווייסע ליילעכער, העמדער, בגדים, מאַנטלען, טשעמאָדאַנס און קינדער־שפּילצייג.

## פּאָליאַקן און ליטווינער

פּאָליאַקן און ליטווינער שטייען אויף די לאַוועס, קוקן. די מערהייט פון זיי לאַכט און האָט הנאה. די יינגלעך פּייפן פון שמחה. אַנדערע פון עולם שרייען צו די יידן שפּאָטעריש:

— זשידזשי דאָ געטאַ! זשידזשי דאָ געטאַ! דאָבזשע וואָם! (יידן אין געטאָ אַריין! יידן אין געטאָ אַריין! גוט אויף אייך!)

אַנדערע פון זיי שרייען:

— כטשעלישטשע באָלשעוויקאָוו — מאַטשיע געטאַ! (איר האָט געוואָלט די באָלשעוויקעס — אָט האָט איר אַ געטאָ!)

און אַנדערע:

— כטשעלישטשע פּאַלעסטינע: אידזשעטשיע דאָ געטאַ! (איר האָט געוואָלט פּאַ־לעסטינע! גייט איר אין געטאָ!)

איינגעשלאָסן אין זיך, פּלייצע צו פּלייצע, מאַן און פרוי, קינדער, עלטערן, מיר גייען ווייטער, מיר גייען און ס'פאָלגן נאָך געלעכטער־געשרייען פון פּוילישע און ליטווישע שקצים:

— באָלשעוויצי! דאָ פּאַלעסטיני! דאָ געטאַ! נאַ שמיערטש! (באָלשעוויקעס, קיין פּאַלעסטינע! אין געטאָ אַריין! צום טויט!)

מיר גייען. נאָר איינצלנע פון די קריסטלעכע שכנים קוקן פאַרטרויערט אויף אונזער פּראָצעסיע. זיי האַלטן אָפּ די קינדער און זאָגן זיי מוסר:

— קינדער לאַכט ניט פון די אומגליקלעכע. היינט זיי — און מאָרגן קען מען אונז אַזוי פירן. —

און איינער אַ פּאָליאַק גיט צו אונז אַ געשריי און פאַרשווינדט צווישן עולם:

— יידן האָט ניט מורא! מען פירט אייך צום אַלטן געטאָ! —

## ווען דער צופאַל דעצידירט ביים טויער

אַראָפּ נאָווגאָראַד. לעבן האָלץ־מאַרק. די באַגלייטנדיקע וואַך יאָגט פאַראויס מיט געשרייען. איך באַמערק: דער עולם ווערט געטיילט אויף צוויי שטראָמען. איינעם יאָגט מען אויף סטראַשון־גאַס, און איינעם אויף דער דערבייאיקער לידסקער־געסל וואָס גרענעצט זיך מיט די ליטווישע קאַזאַרמעס. כ׳דערשפּיר פּלוצעם ווי עפּעס אַ שלעכטן פאַרגעפיל צו לידסקער געסל.

כ׳שריי צו די עלטערן און דער פרוי:

— לאָמיר לויפן צו סטראַשון-גאַס. לידסקע געסל איז נעבן די ליטווישע קאַזאַרמעס! ס׳טויג ניט!

מיר גיבן זיך אַ ריס און לויפן צום שטראָם פון סטראַשון־גאַס. דייטשן שלאָגן מיט נאַגייקעס. די משא פון די פּעק לאָזט אונז ניט לויפן. אויפן וועג וואַרפן מיר אַראָפּ פּעקלעך. די נעבן אונז לויפנדיקע משפּחה גאַלבערשטאַט ווערט לויפנדיק צעטיילט: אַ טייל אויף סטראַשון־גאַס און אַ טייל אויף לידסקער-געסל. אַלע פון לידסקער־געסל זענען שפּעטער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאנאר. לעבן אָדער טויט — איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ צופאַל ביים טויער.

דער לויפנדיקער שטראָם רייסט מיט ביז סטראַשון־גאַס. אַ הילצערנער טויער. עס שטייען ס״ס־לייט, דיריזשירן, שרייען.

די כוואַליע מענטשן גיט אַ יאָג, און יאָגט אַרײַן אויף סטראַשון־גאַס, וועלכע איז געפּראָפּט פון המונים און רוישט ווי אַ בינשטאָק.

מיר זענען אין געטאָ. — — — —



עמבלעם פון ווילנער געטאָ

# 9. די ערשטע נאַכט אין געטאָ

**אַבי צווישן יידן**

אומפאַרשטענדלעך, אָבער ס׳איז דאָך אַזוי געווען.

דאָס ערשטע געפיל, וואָס מיר האָבן איבערלעבט אין געטאָ נאָכן דורכשפרייזן דאָס טויער איז געווען אַ געפיל פון דערלייכטערונג און צופרידנהייט.

עס האָבן די פּאָר ענגע געסלעך געשפּרודלט מיט מענטשן, ווי אין אַ בין-שטאָק. דוכט זיך: אַלע היימלאָזע, אַלע אומגליקלעכע, אַלע אַרויסגעטריבענע און געיאָגטע דורך אַ מאַכט, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אומבאַזיגבאַר.

אָבער טראָץ דעם, ניט מיט אַ געוויין האָט מען דעם ערשטן „ברוך הבא״ זיך געגעבן, נאָר פאַרקערט מיט אַ געוויסן שמייכל אויף די ליפּן און מיט אַ בטחון־געפיל.

דעם ערשטן באַקאַנטן, וואָס איך האָב געטראָפן אין געטאָ ביים אַריינשווימען מיט די אַלע אָנוואַקסנדיקע מענטשן־שטראָמען — איז געווען דער שריפטשטעלער זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש.

ער באַגעגנט מיך מיט אַ האַלב אומעטיקן און אַ האַלב פריילעכן שמייכל:

— אַבי צווישן יידן!... מען דאַרף האָבן בטחון!...



— אַבי צווישן יידן!

אַזוי האָט יעדער איינער זיך געטרייסט אין געמוטיקט.

ס׳האָט זיך אַלעמען געדוכט, אַז הגם אָרעם און הונגעריק, אָבער אין געטאָ וועט מען דאָך פריי אָטעמען. דאָ וועלן אויפהערן די כאַפּענישן, דאָ וועט מען ניט דאַרפן גיין אויף די ברוק־שטיינער ווי „געענדז״! פון דאַנעט וועט מען שוין ניט פירן קיין פּאָנאַר; דאָ וועט מען קענען איבערוואַרטן אויף בעסערע צייטן.

— פּטור געוואָרן פון די דייטשע פּנימער — באַגעגנט מיך מיט פרייד יעקבסאָן, דער שוחט פון נאָוואָגראָד — דאָ וועלן מיר לעבן צווישן זיך! צווישן יידן!...

— מיר וועלן זיי איבערלעבן! — באַגריסן זיך אין שטראָם אומבאַקאַנטע מענטשן און דריקן זיך די הענט אין מוט.

— ס׳איז אַ מחיה! אַלע רעדן דאָ נאָר יידיש! — וואַרפט מיר אַריין אין אויער פאַרביישווימענדיק אַ יידישער לערער.

— אָט דאָ וועלן מיר זיך דערווייל איבבויען אַ קליינע יידישע מדינה — זאָגט אַרויס זיין האָפענונג אַ פאַרביישווימענדיקער חלוץ.

— דאָקטאָר, כ׳האָב דעם לעצטן קאָמוניקאַט פון סאָוויעטישן ראַדיאָ — איז מיר מודיע אַ פריילעכע בשורה מיינער אַ באַקאַנטער אַרבעטער פון פעל־פאַבריק „פורם״, אַן אַקטיווער קאָמוניסט, וואָס ווערט געטראָגן לעבן מיר, מיטן מענטשן־שטראָם.

ביים סוף סטראַשון־גאַס האַלט זיך אָפּ דער שטראָם און דער יונגער אַרבעטער שטייט אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן עולם און דערציילט מיט התלהבות דעם היינ־טיקן ראַדיאָ:

מען האָט גערעדט פון מאָסקווע צום ווילנער יידנטום. מען האָט געזאָגט:

— ווילנער יידן! היינט פירט מען אייך אין געטאָ. פאַלט ניט פון מוט. געציילט זענען די טעג און מיר וועלן זיך צוריקקערן, צעשמעטערן די דייטשע באַנדעס און אייך באַפרייען פון געטאָ, וואַרט אויף דער גיכער שעה פון באַפרייאונג.

— די סאָוועטן וועלן אונז די טעג באַפרייען פון געטאָ — גיבן זיך איבער יידן פון מויל צו מויל בשמחה די פריילעכע ידיעה, ווען אויטאָר איז שוין אַרומגע־רינגלט אין אַן אַנדער ווינקל מיט אַ נייעם עולם מענטשן.

— די דייטשן וועלן ניט דערלעבן זען זייער נחת אין אונז... טרייסטן זיך די יידן.

## אין אונזער ערשטער דירה

— וואו וועט מען דאָ וואוינען? — גיב איך אַ פרעג אַ ייד נעבן מיר.

— וואו איינער וועט פאַרכאַפּן אַן אָרט, דאָרטן וועט ער וואוינען — זאָגט מיר דער ייד. דאָס ערשטע געזעץ פון געטאָ־לעבן — מען קלייבט זיך אַריין אין די דירות פון די יידן, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן בשעת דער פּראָוואָקאַציע קיין פּאָנאַר.

איך קוק זיך אַרום: אַלע ווילן פאַרכאַפּן דירות, מען לויפט משפחהווייז, גרופּן־ווייז. די וואָס זענען געווען אַמאָל צוזאַמען, ווילן ווייטער אין געטאָ לעבן צוזאַמען. אָבער אומעטום איז שוין אָנגעפּראָפּט.

דער שטראָם פאַרטראָגט מיך אויפן הויף סטראַשון־גאַס 2.

אַ גרופּע פון אַ מאַן דרייסיק, פאַרנעמען מיר אַ דירה פון אַן אַרויסגעפירטן קיין פּאָנאַר. די פענצטער גייען אַרויס אויף זאַוואַלנע־גאַס. מיר זעען פון וויטן ווי עס ציען זיך מחנות נאָך מחנות אין געטאָ אַריין.

אין עס־צימער הענגט אַ גרויס בילד פון אַ יידן אַ למדן, מיט אַ ליטווישן הדרת־פּנים.

אויף דער ערד וואַלגערן זיך דאָקומענטן. אַ פּאַספּאָרט: פאַמיליע נאָמען: קרעמער, און קוויטלעך פון באַצאָלטע שטייערן.

אין צימער הענגט ווי פאַרגליווערט אַ לעבן, וואָס האָט נאָך אָקאָרשט געלעבט, און וויל ניט פאַרשווינדן: דאָס געלעגער איז האַלב אָפּגעדעקט, דוכט זיך נאָך וואַרעם. נעבן בעט אַ ווייס נאַכט־טישל אויף וועלכן עס ליגט אַ האַלבער אויסגעריי־כערטער פּאַפּיראָס. אויף אַ שטול ביים בעט ליגט אַן אויבערהעמד. אויפן טיש שטייט אַ האַלב גלאָז גוט אָנגעצויגענע טיי, אַ לעפעלע שטעקט אין אַ סלאָיקל געפּרעגלטע קערשלעך.

ווייזט אויס אין אָוונט פאַרן לייגן זיך שלאָפן איז דער מענטש צוגענומען געוואָרן פון זיין ווייכן געלעגער צום טויט. —

מיר עפענען אַ בופעט. עס שלאָפן פסחדיקע זילבערנע כוסהלעך. אין אַן אייביקער רואיקייט שטייט פאַרחתמעט אַ כוס פון אליהו הנביא. אין אַ ווינקעלע, אַ האַלב פאַרגרינטע און אַ פאַרחלומטע, אַלטע, זילבערנע חנוכה־מנורהלע מיט קנאָספּן און קווייטן.

אַ יינגעלע פון אונזער גרופּע ווערט פאַרכאַפּט פון דער מנורהלע און ברומט צו זיך אַליין אין דער שטיל:

— אַ איר קליינע ליכטעלעך — איר דערציילט געשיכטעלעך.

עס זאָגט צו אים אַן אַלטער לערער וועלכער איז מיטגערייסן געוואָרן מיטן שטראָם אין אונזער גרופּע אַריין:

— מיין קינד, די ליכטעלעך האָבן דאָ געזען אַ געשיכטעלע, אַזאַ טרויעריקע — וואָס זיי וועלן גאָר קיינמאָל ניט קענען אויסדערציילן — — —

אויף אַ טישל ליגט אַ גרויסער אַלבאָם מיט פאָטאָגראַפיעס. זקנים מיט שיינע ווייסע בערד. פרויען אין זיידענע חתונה קליידער. מיידלעך מיט פאַרקעמטע צעפּ און שוואַרצע שירצן. יינגלעך אין גימנאַזיע־אוניפאָרמען. בחורימלעך אין בר־מצוה־טלי־תימלעך. אין מיטן אַלבאָם אַ גרויס משפחה-בילד: דער אַלטער און זיין זקנה, זיין זון און שנור און אייניקלעך, און גאָר אַ קליין קינד מיט אַ פערדעלע.

איך קוק זיך אַרום. פּוסט און פוסט. עס האָט דער שטורעם צוגענומען די משפחה. געבליבן איז נאָר דאָס פאַמיליע־בילד. עס פאַלט מיין אויג אויף אַן אויפגעעפנטן סידור. מיט גרויסע אותיות שיינען אַראָפּ די שטילע ווערטער פון דעם לעצטן מאָל גיין צום שלאָף:

„השכיבנו לשלום" — — —

## די ערשטע באַקאַנטשאַפטן

מיר באַזעצן זיך אַ מאַן זיבצן אין איין צימער, וואו ס'האָבן אַמאָל געוואוינט וואַרשיינלעך צוויי פּערזאָן.

עס איז אַ שטימונג ווי ביי מענטשן, וועלכע האָבן זיך געכאַפּט אין אַ באַן־קופּע. מען וועט דאָ דאַרפן דורכמאַכן אַ לענגערן וועג פון אַ פּאָר וואָכן מסתמא. דאַרף מען זיך באַפריינדן...

מען באַקענט זיך, מען קרעכצט אַביסל, מען גיט זיך מוט און מען איז זיך מכבד אויף צו שליסן פריינדשאַפט אין דער נייער דירה...

איינער האָט געבאַקטע קאַרטאָפל מיטגענומען, דער אַנדערער אַביסל הייסן טיי אין אַ טערמאָז, אַ דריטער סוכאַרעס-ברויט, אַ פערטער אַ סלאָאיק מאַרמעלאַדע.

— נו שוין, אַבי דאָס ערגסטע איבערגעקומען, מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן — פּסקענען אָפּ די נייע שכנים. מען לאָזט איבער די פרויען און קינדער צו מאַכן אַביסל אָרדענונג און איינשטעלן די גרענעצן פון יעדער משפחה אין דער געמיינ־זאַמער דירה, און די מענער גייען אַרויס אין גאַס דערוויסן זיך עפּעס נייס: וואָס הערט זיך אין געטאָ...



אויפן גאַס דערזע איך די שריפטשטעלער חיים לעווין, געוועזענער רעדאַקטאָר פון ווילנער טאָג־ציַיטונג „צייט" און ש. גראָדזענסקי, געוועזענער רעדאַקטאָר פון אָוונט־צייטונג „אָוונט־קוריער". ביי יעדן דער זעלבער געדאַנק:

— מען דאַרף שרייבן זכרונות, יעדער איינער, וואָס ער האָט געזען, זאָלן די קומענדיקע דורות וויסן. —

ווייטער טרעף איך זיך צונויף מיט דעם שרייבער נפתלי וויניק־ראָזע, מיט מאַגיס־

טער ישעיהו צינצינאַטוס, מיט זיידמאַן, אַ פּועלי־ציון־טוער פון פּוילן, מיט אַראַנאָ־וויטש, אַן אַלטער חבר פון התאחדות.

אַראַנאָוויטש, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין ווילנע מיט זיינע סאַטירישע גראַמזאַגעכישן אויף פּאָליטישע באַנקעטן, זאָגט צום ברוך־הבא גלייך אַ גראַם:

— איך פאַרלייג מייַן וועטאָ — אויפן גאַנצן געטאָ. —

מען באַשליסט אויף איבערמאָרגן צונויפרופן עפּעס אין אַ חורבה די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג פון אַן אונטערערדישער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער גרופּע אין געטאָ.

נעבן רב שאולקעס קלויז, אויף שאַוועלסקע־גאַס, דערזע איך דעם באַקאַנטן ווילנער העברעאישן לערער משה אָליצקי.

— וואָס וועט זיין עפּעס מיט אַ שול־וועזן אין געטאָ? — גיב איך אים אַ פרעג האַלב ערנסט, האַלב וויצלענדיק זיך.

— עס וועט זיין, איך האָב שוין אַ פּלאַן.

איך באַגעגן דאָקטאָר קלמן שאַפּיראָ און נאָך אַ גרופּע דאָקטוירים. זיי אינפאָר־מירן מיך:

—מאָרגן טרעפן זיך אַלע דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטערס אויף סטראַשון־גאַס נומער 6. מיר וועלן דאָרט גרינדן אַ געטאָ־אַמבולאַטאָריע, מען וועט אויפנעמען קראַנקע, מען וועט גיין זיי וויזיטירן אין זייערע וואוינונגען.

## באַאומרואיקנדיקע פראַגן

אויפן גאַס הויבט שוין אָן אַ ביסל צו טונקלען און די שטימונג ווערט אַ ביסל אַ געפּרעסטע. דער עולם שטייט אין גרופּקעס און מען דערציילט זיך.

זאָגט איינער:

— איר ווייסט, ס'איז ניט איין געטאָ, נאָר גאָר צוויי געטאָס. מיר זענען אין געטאָ נומער איינס און נאָך דייטשע גאַס איז געטאָ נומער צוויי. וואָס קען דאָס באַדייטן און וואו איז בעסער?

זאָגט אַ צווייטער:

— מיר געפעלט ניט וואָס מען האָט אונז דאָ פירנדיק אין געטאָ נומער איינס געטיילט אויף צוויי שטראָמען, איינעם אויף סטראַשון־גאַס און דעם אַנדערן אויף לידסקע־געסל. מייַן האַרץ שרעקט מיך, ווער ווייס וואו ס'איז בעסער!

דערציילט אַ דריטער:

— איר ווייסט, מען האָט אַרויסגעפירט די יידישע משוגעים פון אַנטאָקאָל־שפּיטאָל און זיי געפירט בראש פון אַ מחנה יידן, וואָס איז געגאַנגען צום געטאָ. צו זיי האָט מען אויך צוגעגעבן יידישע קראַנקע און קאַליקעס אין גרויע שפּיטאָל־כאַלאַטן, און אַ פילם־אָפּעראַטאָר איז געפאָרן און פאָטאָגראַפירט די פּראָצעסיע פון די יידן מיט פּעק, בראש מיט די משוגעים, קראַנקע און קאַליקעס.

דערציילט אַ פערטער:

— ניט אַלעמען האָט מען געפירט אין געטאָ. גרויסע גרופּעס יידן האָט מען אָפּגעטיילט און אַוועקגעפירט אויף לוקישקעס. אַ פּאָר קריסטן, וואָס זענען איצט פאַרבייגעגאַנגען האָבן דערציילט, אַז די יידן פון ביידע פאָהולאַנקע־גאַסן, מיצקע־

וויטש-גאַס, טאַרטאַקי־גאַס, פּאָרטאָווע-גאַס, אַ טייל זוואַרינעץ-גאַס, זענען פון וועג אָוועקגעפירט געוואָרן אין תפיסה. פאַרוואָס האָט מען זיי געפירט אין תפיסה און ניט אין געטאָ? ווער ווייס, וואָס עס וועט מיט זיי פאָרקומען? אין מיטן וועג האָט מען זיי שטאַרק געשלאָגן...

## די ערשטע נאַכט

עס ווערט נאַכט. איך קער זיך צוריק אויפן הויף סטראַשון־גאַס נומער 2. אויפן הויף אַן אומהיימלעכע שטימונג. עס הערט זיך פונוויטן געשרייען און מען ווייס ניט פון וואַנעט. דער עולם באַשליסט צו האַלטן וואַך ביים טויער פון הויף. יעדע שעה אַנדערע פיר מענטשן, וועלכע זאָלן ביי עפּעס אַ געשעעניש אָנזאָגן דעם עולם.

אין אונזער נייער דירה איז פינצטער. אָבליגאַטאָרישע נאַכט-פאַרטונקלונג. מיר לייגן אויס אויף דער ערד מיטגענומענע דעקן און מען לייגט זיך אויס שלאָפן, צונויפגעפּרעסט און צונויפגעטוליעט, איינע צו די אַנדערע, משפחה צו משפחה.

כ׳שפיר: איך זינק אַריין אין עפּעס אַ צעריסענעם שלאָף. איך זע מענטשן גייען, ס׳גייען המונים אָן אַ סוף. פון צייט צו צייט כאַפּ איך זיך אויף. איך הער פון ווייטן, ווי עפּעס אַ שכן דאַוונט מעריב און שעפּטשעט זיכער, ווי ער וואָלט געוואויגן יעדעס וואָרט און מיט בטחון:

— המעביר בניו בין גזרי ים-סוף, ואת רודפיהם ואת שונאיהם בתהומות טבע. — (ער פירט דורך זיינע קינדער דורך די כוואַליעס פון ים־סוף, זייערע פאַרפאָלגערס און שונאים דערטרינקט ער טיף אין די אָפּגרונטן).

פּלוצעם עפּעס געשרייען און גאָר ניט ווייט.

אונזער טויער גרענעצט מיטן לידסקער־געסל. עפּעס קומט דאָרט פאָר פון יענעם קאַנט טויער. עפּעס רוישט דאָרט. עפּעס באַוועגט זיך.

פון אַ בוידעם קריכט אַראָפּ אַ מענטש אַ באַדעקטער מיט שטויב.

— איך בין פון בוידעם צו בוידעם אַנטלאָפן פון לידסקע־געסל. אַלע יידן פירט מען פון דאָרטן אַרויס. ווייזט אויס אין תפיסה לוקישקי.

און שפּעטער האָבן זיך אַ גאַנצע נאַכט געהערט טריט, געלויף, גע׳יעג, געשרייען. מען האָט די גאַנצע נאַכט געפירט פאַרטיעס יידן פון לידסקער-געסל צו דער תפיסה.

פאַרטאָג, ווען עס איז געוואָרן ליכטיק, האָבן מיר דורך די פענצטער פון אונזער וואוינונג, וואָס גייען אַרויס אויף זאַוואַלנע־גאַס, געזען די גאַנצע גאַס פאַרוואָרפן מיט פּעק, טשעמאָדאַנעס און פאַרשידענע חפצים.

יידן האָבן עס געוואָרפן גייענדיק אויף זייער לעצטן וועג.

אַריבער נאַכט. די ערשטע נאַכט אין געטאָ.

# 10. דער געטא פארמירט זיך

### דער ערשטער פרימאָרגן

7טער סעפטעמבער 1941. פינף פאַרטאָג זענען שוין אַלע געווען אויף אין געטאָ. אַלע האָבן זיך אַרויסגעשיט אין די פּאָר ענגע געסלעך, בכדי צו דערוויסן זיך, וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן ביינאַכט מיט די מענטשן פון לידסקע-געסל.

ס'איז ביי אַלעמען מיט איינמאָל צערונען געוואָרן די ערשטע געטאָ־אילוזיע: אַז אין געטאָ וועט מען קענען לעבן רואיק, אָן קרבנות. עס האָבן אַלע זיך דערוואוסט: די יידן פון לידסקע־געסל האָט מען אַרויסגעפירט אין תפיסה. וואוהין עס פירט דער וועג פון תפיסה האָט שוין יעדער אַליין פאַרגעפילט.

אַ קליינע צאָל יידן איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פון דער אַקציע פון לידסקע־געסל. דורך לעכער, קעלערס און בוידעמער און סתם מיט וואונדער איז זיי געלונגען אַריינצושמוגלען זיך אין געטאָ נומער איינס.

צווישן זיי איז געווען דער דיכטער ישראל דימענטמאַן.

גרוי האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער פרימאָרגן אין געטאָ. די נעכטיקע אויפמונטערלעכע פרייד פון צוזאַמענטרעפן זיך בהמון — איז פאַרשוואונדן. מאַמעס זענען געלאָפן און באַקלאָגט זייערע קינדער, וועלכע האָבן על־פּי צופאַל פאַרבלאָנ־דזשעט אין לידסקע־געסל, פרויען האָבן באַקלאָגט זייערע מענער, קינדער די עלטערן.

גאָר אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט זיך געהויבן די שטימונג.

ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין געטאָ: אַז אַ טייל פאַכמענער (און אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז אַלע פאַכמענער) באַפרייט מען פון תפיסה, און אַז בכלל מיט פּראָטעקציע, מיט באַקאַנטשאַפט, קען מען אַרויס פון תפיסה. האָט יעדער איינער געטראַכט, אַז זיין קרוב וועט שוין געפינען עפּעס אַ פאַך אויף צו באַפרייען זיך.

און אַז עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע באַפרייטע פון תפיסה — האָט זיך אַ שמייכל ווידער באַוויזן ביי אַלעמען אויף די פּנימער:

— איר וועט זען. זיי וועלן נאָך אַלע קומען צוריק בשלום...

און ווייבער האָבן גענומען קאָכן קאַרטאָפל, מאַכן עפּעס אַ געקעכטס און מענער האָבן זיך געלאָזן איבער די הויפן זוכן אַ שטיקל האָלץ צו אונטערצינדן אַ פייער, און קינדער האָבן אָנגעהויבן שפּילן אין „כאַפּעניש", אין „גיין אין געטאָ", אין „דייטש און ייד".

און פון דעמאָלט אָן איז אַ וועקסלענדיקער אָנפאַל פון יאוש און האָפענונג, פון טויטן־שרעק און קינדישן בטחון, געווען דער שטאַרקסטער באַגלייטער פון לעבן אין געטאָ.

אין איין מאָמענט פלעגט זיך פאַרשפּרייטן די שווערסטע פּאַניק־שטימונג — און

אַלע פלעגן פאַרשוואונדן ווערן אין בוידעמער, דעכער און מאַלינעס. אין אַ צווייטן מאָמענט — עפּעס אַ שטראַל פון אַ דערמוטיקטער ידיעה — און אַלע ווידער אויף די גאַסן — און עס קאָכט דער געטאָ פון שמועסן, האַנדל־וואַנדל און פון נייס און האָפענונגען.

אַוועקגעפירט האָט מען פון לידסקע־געסל איבער צוויי טויזנט מאַן: צוריקגעקערט האָבן זיך אַ מאַן צוויי הונדערט (דאָקטוירים און אַנדערע פאַך־מענער).

אַלע איבעריקע האָט מען געפירט קיין פּאָנאַר.

## ד״ר גרשון גרשוני

צווישן די באַפרייטע פון תפיסה איז געווען אויך ד״ר גרשון גרשוני, דער אַלטער ציוניסטישער עסקן, ערן־פאָרזיצער פון ווילנער יידישן דאָקטוירים־פאַראיין.

כ׳בין געווען אין געטאָ שפּיטאָל, ווען מען האָט אים געבראַכט פון דער תפיסה, אינגאַנצן צעשלאָגן, זיין פּנים איז געווען צעהאַקט פון נאַגייקעס שמיץ. רעדנדיק מיט אים, האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן די אַלטע פראַגע:

— חביבים עליך יסורים?

ער האָט מיר געענטפערט:

— איך בין מקבל באהבה מיינע יסורים, איך בין ווערט מיינע קלעפּ. אַ גאַנצן לעבן האָב איך געטאָן ציוניסטישע אַרבעט, און אויב איך האָב ביזן סוף פון מיין



ד״ר גרשון גרשוני (1860—1940)

לעבן ניט באַוויזן עולה צו זיין — אין דערלעבט צו זען אויף מיין עלטער, ווי מען פירט אונז אין געטאָ — און ווי מען פירט מיך אין געטאָ — קומט מיר געשלאָגן צו ווערן. איך בין מקבל באהבה מיינע יסורים — —

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע געטאָ וואָכן. פאַריאושטער גייעג נאָך שיינען. איבערן אויבערפלאַך פון געטאָ האָבן אויפגעטויכט מענטשן פון נידעריקער מאָראַל. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ירושלים דליטא פאַרלירט איר יידישן כבוד, ערב איר אומקום. ס׳האָט נישט געקענט דער זקן אַריבערטראָגן דאָס שפלותדיקע לעבן אין געטאָ און די מענטשלעכע געפאַלנקייט, און ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

געבוירן אין גראָדנע אין יאָר 1860. אַ קרוב פון באַקאַנטן רעוואָלוציאָנער גרשוני, איינער פון די ערשטע חובבי ציון אין ווילנע, יו״שב ראש פון קרן היסוד, איינער פון די עמודי התוך פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע, אַן

עניו און אַ מתמיד, אַן ערנסטער וויסנשאַפטס-מאַן, ספּעציאַליסט פון דערמאַטאָלאָגיע, איינער פון די גרינדער פון דער מלאכה געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט“, פון מושב זקנים און פון אַנדערע אינסטיטוציעס, איז ער געווען באַליבט און געאַכטעט אין אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

81 יאָר איז ער אַלט געווען ביים באַגיין זעלבסטמאָרד. ווען מען האָט זיך באַמיט צו קריגן פאַר די דאָקטוירים לעבנס שיינען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון נעמען אַ שיין. ער האָט געזאָגט:

— זאָלן דאָס נעמען די יונגע, איך דאַרף שוין ניט.

זיין זעלבסטמאָרד האָט דער געטאָ אויפגענומען אַלס פּראָטעסט קעגן דער הערשאַפט פון בעסטיאַליטעט און פאַרשקלאַפונג, מצד אַ מענטש וואָס האָט אויסגעלעבט אַ לאַנג לעבן אין יידישער און מענטשלעכער ווירדע. זיין אָרון האָט מען געטראָגן אויף די הענט. אַלע יידן האָבן אים באַגלייט ביזן געטאָ-טויער און מיט יראת הכבוד דערמאָנט זיין נאָמען אויף טרויער פאַרזאַמלונגען.

## גרינדונג פון געטאָ-יידן-ראַט

בייטאָג האָט שוין דער געטאָ געוואוסט, אַז מ'האָט באַשטימט אַ יידן-ראַט. עס האָבן צו אים געהערט: אינזשעניער אַנאַטאָל פריד (אַ געוועזענער אַסימילירטער באַנקיר), ג. יאַשונסקי (פון „בונד“), א. פישמאַן (פון „בונד“), אינזשעניער גוכמאַן (אַן אומפּאַרטייאישער מיט אָריענטאַציע אויף „בונד“), אַדוואָקאַט ש. מילקאָנאָוויצקי (אַן אומפּאַרטייאישער ציוניסט).

דער יידן-ראַט האָט באַשטימט אַלס זיין זיץ-אָרט דעם הויף פון רודניצקע-גאַס, נומער 6, אין בנין פון דער אַמאָליקער יידישער רעאַל-גימנאַזיע.

מיט דער צייט האָט דער יידן-ראַט פאַרטיילט צווישן זיך די רעסאָרטן. אַלס אַקטיווסטער מיטגליד האָט זיך אין די אויגן פון די געטאָ-איינוואוינער אַרויסגעוויזן ג. יאַשונסקי, וועלכער האָט גלייך געקראָגן די הויפּט-השפעה אין יידן-ראַט.

## גרינדונג פון דער יידישער געטאָ-פּאָליציי

איך גיי אַריין אין שפּיטאָל. אויפן הויף — עס מושטירן זיך יידישע בחורים. עס דיריגירן מיט זיי צוויי יונגע לייט: איינער שלאַנק מיט אַן אַריש-אָפיצערישן אויסזען און דער צווייטער אַ הויכער, מיט אַ ספּעציפיש יידישן אויסזען, מיט אַ בערדעלע.

— ווער זענען דאָס די מענטשן? — פרעג איך ביי די אַרומיקע.

— דאָס איז די געטאָ-פּאָליציי.

— און ווער איז דער שלאַנקער מיטן אַרישן אויסזען?

— דאָס איז יעקב גענס, אַ געוועזענער ליטווישער אָפיצער, ער איז איינער פון די אָנפירערס.

— און ווער איז דער צווייטער מיטן בערדל?

— דאָס איז אַדוואָקאַט מושקאַט, אַ געוועזענער רעוויזיאָניסטישער טוער פון וואַרשע, אויך איינער פון די אָנפירערס.

און אין אַ טאָג אַרום האָב איך שוין געזען מעלדונגען אויף די גאַסן: עס ווערן

גערופן יונגעלייט, געוואונטשן מיליטעריש געאיבטע, צו פאַרשרייבן זיך אין דער געטאָ־פּאָליציי.

מען האָט זיך אָנגעהויבן צו מעלדן.

די פּאָליציי האָט אָנגעטאָן אויף די אָרעמס ווייסע בענדער מיט בלויע מגן-דודס (און שפּעטער בלויע בענדער מיט ווייסע מגן־דודס). צווישן דער פּאָליציי זענען אויך געווען אייניקע יונגע פרייליגס.

## גרינדונג פון דעם געזונטהייטס־וועזן

אין דעם ערשטן טאָג פון געטאָ איז דורך די יידישע דאָקטוירים געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון געזונטהייטס־וועזן, וועלכעס איז געווען איינע פון די פּאָזיטיווסטע טיילן פון געטאָ־לעבן.

אַלע דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטער האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויף סטראַ־שון־גאַס 6, דאָרט איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן זיי די אַרבעט.

איין טייל דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטערס, וועלכע האָבן פריער געאַרבעט אין ווילנער יידישן שפּיטאָל אויף זאַוואַלנע־גאַס, וועלכעס איז איצט געוואָרן דאָס געטאָ־שפּיטאָל, האָט איבערגענומען די אַרבעט אין אים.

אַ צווייטער טייל האָט געגרינדעט אין זעלבן טאָג דעם אָנהויב פון דער געטאָ־אַמבולאַטאָריע אין אַ קליין צימערל אויף סטראַשון־גאַס 6.

אַ דריטער טייל האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום געשאַפן די סאַניטאַר־עפּידעמיאָ־לאָגישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן פון געטאָ.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען אויך אַנטשטאַנען די מעדיצינישע קינדער־אויפזיכט־אַנשטאַלטן, און אויך דער שול־מעדיצינישער צענטער.

לכתחילה האָט אָנגעפירט מעדיציניש מיטן געזונטהייטס-וועזן פון געטאָ ד״ר רפאל שאַדאָווסקי מיט אַ דאָקטוירים־קאָלעגיע אין וועלכער ס'זענען אַריין ד״ר ר. שאַבאַד-גאַווראָנסקאַ, ד״ר א. קאַנטאָראָוויטש, ד״ר ל. עפּשטיין, ד״ר ל. פינקעלשטיין, ד״ר ג. ראָן. שפּעטער איז שעף-אַרצט פון געטאָ געוואָרן ד״ר מיכאל בראָדסקי. לייטער פון געזונטהייטס־וועזן מצד דעם יידנראַט איז געווען ד״ר יורי שבתי מילקאָנאָוויצקי.

## אַנטשטייאונג פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין געטאָ

אויף מאָרגן פון אַריינגיין אין געטאָ, האָב איך געטראָפן דעם לערער משה אָליצקי ער האָט געהאַט זיין ווינקל אין ר' שאולקעס קלויז. דאָרט האָט ער מיר דערציילט, אַז ער גייט גרינדן אַ שול-וועזן אין געטאָ. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שוין געווען אָנגעגעבן אַ מעמאָראַנדום אין יידן-ראַט וועגן דעם און אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַנטשטאַנען דאָס שול־וועזן, וועלכעס איז געווען איינס פון די ליכ־טיקסטע אינסטיטוציעס אין געטאָ.

דעם דריטן טאָג אין געטאָ איז אויף די חורבות פון דזיסנע-געסל, פאָרגעקומען די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „פועלי־ציון־התאחדות״.

עס האָבן אָנגעהויבן זייער פּאָליטישע אַקטיוויטעט דער החלוץ, דרור־פרייהייט, השומר־הצעיר, הנוער־הציוני, „בונד", קאָמוניסטן.

עס האָט אָנגעהויבן פּולסירן אַן אונטערערדיש געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש לעבן אין געטאָ: עס האָט אָנגעהויבן פאָרמירן זיך אַ קולטור־טעטיקייט.

## די ערשטע געטאָ־פּראָבלעמען

פון ערשטן טאָג פון געטאָ איז דער געטאָ־ייד געשטאַנען פאַר דריי קאַרדינאַלע פּראָבלעמען:

א. וואו קריגט מען אַרבעט און אַ שיין? אַ מענטש אָן אַ שיין איז דער ערשטער קאַנדידאַט צום טויט.

ב. וואו קריגט מען עפּעס אַ ווינקל פאַרן קאָפּ — אַ וואוינונג?

ג. וואו שאַפט מען זיך עפּעס שפּייז — כדי אויסצומיידן דעם הונגער־טויט?

דאַן זענען געקומען וויטערע פּראָבלעמען: וואו קריגט מען עפּעס באַהייצונג, כדי אָנצוואַרעמען די שטוב איך די ווינטער־טעג און וואָס עס איז אויפקאָכן — און וואו קריגט מען אַ בגד, אַ שוך?

# 11. אויף די וועגן פון צעטומלען, צעטיילן און פארפירן

## „שיינען", „אַרבעטס-ביכלעך", „נומערן"

אָן אַ „שיין" (דייטשע אַרבעטס-באַשטעטיקונג) האָט מען ניט געקענט לעבן אין געטאָ.

אַ מענטש „אָן אַ שיין" — האָט זיך געשפּירט ווי איינער צום הענגען פאַר דער תליה, ווי אַ צום טויט-פאַרמשפּטער פאַר דער שחיטה.

בייטאָג און ביינאַכט איז זיין לאַגע אומזיכער.

ביי יעטוועדער „אַקציע", ביים צופעליקסטן אַריינגיין פון אַ ס"ס-מאַן אין געטאָ — איז ער צום אַרויספיר צום טויט.

אויף פאַר אייגענע שכנים דאַרף זיך היטן אַ „שיינלאָזער", עס קען דערגיין צו דער יידישער געטאָ-פּאָליציי, און זי קען אים אויפזוכן, ווען זי וועט דאַרפן צושטעלן אַ געפאָדערטן פון איר סכום מענטשן צו אַן אַקציע.

אַ „שיין" איז וויכטיקער ווי ברויט, ווי אַ בגד, ווי אַ וואוינונג.

אַ „שיין" — איז די האָפענונג פון לעבן, איבערלעבן, דערלעבן...

אַ „שיין" — איז דאָס לעבן אַליין.



אַז איך וואַרף מיטן געדאַנק אַ בליק צוריק אויף דער געשיכטע מיט די שיינען אין געטאָ-ווילנע, און אַז איך הער אַז אַזוי ענלעך איז געווען אין אַלע געטאָס — זע איך —

דער „שיין" איז געווען — דער פערפיד אויסגערעכנטער נאַצישער אינסטרומענט, צו פאַרפירן די מענטשן אין די געטאָס. צעטומלען זייער געדאַנק, שאַפן זיי פאַלשע אילוזיעס, צעטיילן זיי אינערלעך אויף אַ קלאַס פון „שיינען"-באַזיצערס (וואָס שפּירט זיך רואיק און זיכער אונטערן „דייטשן שוץ") — און אויף אַ קלאַס, אַ „שיינלאָזן" (וועמענס איינציקער ציל איז, מיט אַלע וועגן, גערעכטע אָדער אומגערעכטע — צו קריגן אַ „שיין").

דער „שיין" איז געווען אַ טייוולאַניש-פאַרטראַכט מיטל פון „צעטיילן און הערשן", אַ מיטל צו זייען קנאה צווישן ברודער און ברודער, טויטן-שנאה צווישן „שיינלאָזן" און „שיין-באַזיצער".

דער „שיין" איז געווען — אַ מיטל צו פאַרשלעפערן די וואַכזאַמקייט פון די „שיין-באַזיצערס" און זייער עווענטועלע קאַמפּס-גרייטקייט קעגן דייטשן רעזשים.

(וועט דען אַ „שיין-באַזיצער" קעמפן קעגן זיין „באַשיצער". וועלכער גיט אים אַן „אָפיציעל דאָקומענטירט רעכט צו לעבן"? — — —)

דער „שיין״ איז געווען —

אַ מיטל צו איזאָלירן דעם „שיינלאָזן״, פּאַראַליזירן און טויט־שלאָגן זיין עווענ־טועלע קאַמפּס־גרייטקייט קעגן דייטשן רעזשים — דורכן יאוש פון אומפּאַרמייד־לעכן אומקום, און דורכן שוידערלעכן באַוואוסטזיין, אַז ער איז פאַרלאָזן פון אייגענע ברידער־יידן — „שיין־באַזיצערס״ — און אַז קיין „שיין־באַזיצער״ וועט ניט שיצן אים, דעם „שיינלאָזן״ אין טאָג פון אומגליק, אין טאָג פון אַן אַקציע. — — —



דער „שיין״ האָט זיך געביטן ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ זיין אויסזען, זיין פאָרם און זיין לעבנס־ווערט. —

דער „שיין״ — וואָס איז געווען נאָך נעכטן גילטיק — און געראַטעוועט פון טויט — איז אויף מאָרגן געווען אַ ווערטלאָז פּאַפּיר. עס איז שוין געווען אַ בעסערער „שיין״ פון אים, מיט אַן אַנדער אויסזען, אָדער אַנדערש געשטעמפּלט. —

דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן געשפּאַנט אויפן פּאַקט „שיין״. דער געדאַנק האָט געאַרבעט קאָנצענטרירט און אָן הפסקה אין איין ריכטונג: וואו קריגט מען אַ „שיין״ — ווי היט מען אים אָפּ פון פאַרלירן — ווי ווייס מען געניו ביז ווען איז זיין ווירקלעכע גילטונג — ווי איז מען פון די ערשטע צו קריגן דעם נייעם גילטיקן, ריכטיקן „שיין״ — ווי פאַרהיט מען זיך פון אַריינפאַלן קיין פּאָנאַר אין דעם קליינעם „בין־הזמנים״, דאָס הייסט אין דעם אינטערוואַל צווישן אויסגיין פון לעצט־גילטיקן שיין, ביזן איינשאַפן זיך אַ נייעם שיין — אין דעם דאָזיקן אינטערוואַל וועלכן מען ווייס קיינמאָל ניט, ווען ער וועט אָנקומען, אָבער דו ווייסט זיכער, אַז ער קען פּלוצעם אומגעריכט אָנקומען יעדן טאָג, און דו ווייסט, אַז דאַן איז די צייט פון אַרויספירן קיין פּאָנאַר — און דו ווייסט, אַז דער שיין, וואָס האָט דיר ערשט מיט אַ מאָמענט פריער געגעבן דאָס רעכט צו לעבן — איז איצט דער וועג צו כאַפּן דיך צום טויט — אַן אינסטרומענט קעגן דיר אַליין, ווייל דורך אים ביסטו פאַררעגיסטרירט אין דיין אַרבעטס־קאָמאַנדאָ, אין דער פּאָליציי, און מען וועט דיך זוכן... מען וועט דיך זוכן אין שטוב און אויף באַהעלטענישן...



ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ווילנע, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „כאַפּע־נישן״, האָבן זיי אַרויסגעגעבן „שיינען״, אַז זייערע באַזיצערס מעגן גיין צו דער אַרבעט אויף אָנגעוויזענע גאַסן, און טאָרן ניט „געכאַפּט ווערן״. די „שיינען״ זענען געווען אונטערגעשריבן דורך פאַרשידענע אַרבעטס־געבערס.

אָבער גאָר גיך האָבן זיך די יידן אַרומגעזען, אַז עס זענען דאָ צוויי סאָרטן שיינען: מיט פאָטאָגראַפיעס — און אָן פאָטאָגראַפיעס.

די שיינען מיט פאָטאָגראַפיעס זענען בעסער, ווייל אַ סך, וועלכע עס האָבן געהאַט פאָטאָגראַפיסלאָזע שיינען און זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי באַזיצן אַ ווערטפולן דאָקומענט, זענען אויף די גאַסן געכאַפּט געוואָרן, און מער ניט צוריקגעקומען.

(איז ווי קריגט מען — אַ שיין מיט אַ „פאָטאָגראַפיע״?...)

עס האָבן זיך געפונען גלייך „מאַכערס״, פאַרמיטלערס, וועלכע האָבן געוואוסט דעם וועג פון קריגן אַזאַ גוטן שיין — (פאַר אַ פּאָר הונדערט רובל...).



אינגיכן איז בטל געוואָרן די קראַפט פון די פאָטאָגראַפיע-שיינען, גילטיק זענען געוואָרן גאָר אַנדערע, אַזוי גערופענע „ווייסע שיינען", באַשטעטיקטע פון אַרבעטס־אַמט אין ווילנע.

די אינהאַבערס פון די פאָטאָגראַפיע־שיינען (צוזאַמען מיט זייערע מאַכערס און פאַרמיטלערס) וועלכע האָבן באַצייטנס ניט געהאַט קיין „ווייסע שיינען" — זייער גורל איז געווען — קיין פּאָנאַר.



ווען מען איז אַריין אין געטאָ, האָט זיך מיט אַ מאָל אַרויסגעוויזן, אַז די „ווייסע שיינען" זענען פון צוויי קאַטעגאָריעס:

1) מיט דער אונטערשריפט „פאַך־אַרבעטער" און

2) אָן דער אונטערשריפט „פאַך־אַרבעטער".

די לאָגיק האָט אַלעמען געזאָגט, און די פאַקטן האָבן עס גיך באַשטעטיקט, אַז אַ „פאַך־אַרבעטער"־שטעמפּל איז אַ מעלה, אַ שמירה פון פּאָנאַר — ווייל די, וואָס האָבן ניט געהאַט דעם איבערשטעמפּל, זענען געכאַפּט געוואָרן און מער ניט צוריק־געקומען.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָכן איבערשטעמפּל „פאַך־אַרבעטער". אין דער



ARBEITSAMT WILNA

Wilna, den ... 194..

Facharbeiter Ausweis Nr. ...

Der Jude (Zuname) (Vorname)

Die Jüdin

ist bei ... als ...

Wilna

beschäftigt und darf ohne Einwilligung des Arbeitsamts nicht anderweitig verwendet werden.

Dieser Ausweis hat nur Gültigkeit in Verbindung mit dem Personalausweis

und ist befristet bis 31. 3. 42.

Nach Ablauf ist der Ausweis der Beschäftigungsstelle zurückzugeben

Siegel

Im Auftrage

Staatsdruckerei, Wilna

געלער לעבנס-שיין פון ווילנער געטאָ

אַרויסגעגעבן דעם 30־סטן אָקטאָבער 1941 (אַ געלער שיין וואָס האָט פאַרלאָרן זיין קראַפט, אָדער איבערגעטוישט געוואָרן אויף אַ רויט אַרבעטס-ביכל, איז איבערגעסטעמפּלט געוואָרן מיטן וואָרט „אומגילטיק").

זעלבער צייט האָט דער יידן־ראַט אַרויסגעגעבן פאַר די אָנגעשטעלטע אין זיינע אַנשטאַלטן „יידן־ראַט־ווייסע שיינען".



פּלוצעם אַ נייס. דאָס דייטשע אַרבעטס־אַמט האָט אַרויסגעגעבן פאַרן ערשטן געטאָ אַ דריי טויזנט געלע שיינען פאַר פאַכלייט.

די דייטשן האָבן פאַרזיכערט, אַז דאָס זענען „לעבנס־שיינען" ביז סוף קריג.

אויף יעדן שיין האָט מען רעכט צו פאַרשרייבן די פרוי און אַ פּאָר קינדער ביז זעכצן יאָר.

דער עולם האָט געשפּירט, אַז מען גרייט זיך צו מאַכן אַן אַקציע. האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדער געיעג נאָך „געלע שיינען", אַ צושרייבעניש פון מענער צו פרויען.

און פאַר אַ געלן שיין האָט מען געצאָלט מיט אַ צען־רובלדיקן גאָלדשטיקל אָדער מיט טויזנט רובל.

(אָבער וואו קריגט מען די רובלס? וואו קריגט מען די גאָלדענע „צענערלעך"? און וואו קריגט מען דעם „מאַכער", דעם אמתן, — ווייל עס האָבן זיך באַוויזן פאַלשע „געלע שיינען").



אין דער נאַכט צום 24סטן אָקטאָבער 1941 האָבן די משפחה־מיטגלידער צוגע־שריבענע צום „געלן שיין" באַקומען האַרטע בלויע צעטלען (ווי אַ באַן־בילעט).

דעם 24סטן אָקטאָבער 1941 און פון 3טן ביזן 5טן נאָוועמבער 1941 זענען פאָרגעקומען די אַקציעס איבער די, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין געלע שיינען.




פּאַספּאָרט פון געטאָ

דער אות „מ" באַצייכנט אַז דער אינהאַבער איז אַ מאַן.

מען האָט דאַן אַרויסגעפירט צו דער שחיטה קרוב אַכט טויזנט ייִדן, „ווייסע שיינען", דאָס הייסט, מענטשן אָן „געלע שיינען". אַ טייל „ווייסע שיינען" איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן זיך אין מאַלינעס און בונקערס. נאָכדעם איז די געטאָ־באַפעלקערונג שוין באַשטאַנען פון צוויי טיילן: 1) לעגאַלע — די „געלע שיינען" און 2) אַן אומלעגאַלע, אונטער דער שטענדיקער טויט־מורא — די „ווייסע שיינען".



די בלויע צעטלען זענען גיך אומגילטיק געוואָרן. לכתחילה האָט יעדער אַוועק־געגאַנגענער צו דער אַרבעט געדאַרפט איבערלאָזן פאַר זיינע משפחה־מיטגלידער אַ קאָפּיע פון זיין שיין — „לעגאַליזירט" פון דער געטאָ־פּאָליציי.

שפּעטער איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע, וואָס בלייבן אין געטאָ און האָבן ניט קיין „געלע שיינען" מוזן באַקומען „ראָזע פאַמיליע־שיינען".

דערביי האָט דער יידן־ראַט באַקומען רעכט אַרויסצוגעבן פאַר אַ געוויסע צאָל יידן אָן שיינען, וועלכע זענען פאַכלייט אָדער נויטיק צו געטאָ־אַרבעט ספּעציעלע ראָזע „שוץ־שיינען".

סוף דעצעמבער 1941 איז פאַרגעקומען אַן אַקציע פאַר „ראָזע שיינען" אין געטאָ, און ווער עס האָט זיי ניט געהאַט איז אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר.



מיט אַ „געלן שיין" האָט מען רעכט אַרויסצוגיין אויסערן געטאָ צו דער אַרבעט. ביי דער אַרבעט קען מען עפּעס שאַפן פאַר באַשפּייזונג.

געוויינלעך פלעגט מען האָבן רעכט צו גיין צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ נאָר גרופּנווייז. עס זענען אָבער געווען אויך אויסנאַמען, ווען מענטשן האָבן געהאַט רעכט אַלס יחידים אַליין צו גיין אויסערן געטאָ. דערצו האָבן געדינט ספּעציעלע „פּאַסיר־שיינען".


Der Jude [illegible] ist berechtigt
ohne Begleitung die Strassen zu passieren
[illegible], den 15. November 1941.

פּאַסיר־שיין פון געטאָ.

דער דאָזיקער צעטל האָט געגעבן דאָס רעכט צו גיין פריי אויסערן געטאָ.

אַ „ראָזער שיין" באַרעכטיקט נאָר זיין אין געטאָ גופא. אויף אַרויסצוגיין פון געטאָ האָבן די „ראָזע שיינען" געדאַרפט האָבן ספּעציעלע בלויע צוגאָב־שיינען, און אין אַ געוויסער צייט אַרום גרינע צוגאָב־שיינען.



שפּעטער זענען אומגילטיק געוואָרן אַלע געלע, ראָזע, בלויע, גרינע שיינען און עס זענען איינגעפירט געוואָרן רויטע אַרבעטס־ביכלעך.

דער בעסטער, דער זיכערסטער שיין האָט זיך דאַן גערעכנט דאָס „רויטע אַרבעטס־ביכל".

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די „רויטע ביכלעך" זענען פאַרנאָטירט

**Vermerke**
(Nur für das Sozialamt und Ghettopolizei)

**Bestimmungen.**

1. Der Inhaber dieses Ausweises ist verpflichtet, diesen stets bei sich zu tragen.
2. Die zugewiesene Arbeit ist sofort anzunehmen.
3. Eigenmächtiges Verlassen der Arbeitsstelle ist strafbar.
4. Den Anordnungen des Sozialamtes und der von ihm beauftragten Arbeitsabteilung im Ghetto ist Folge zu leisten.
5. Entlassungen sowie Adresseänderungen sind sofort zu melden.
6. Nichtbefolgung vorstehender Bestimmungen wird bestraft.

Der Gebietskommissar in Wilna
— SOZIALAMT —

Inhaber dieses Ausweises ist beim Sozialamt Wilna registiert.

AUSWEIS №
Pažymėjimas

PERSONALIEN — ASMENS ŽINIOS

Name
Pavardė
Vorname
Vardas
Geboren am ... in
Gimimo data ... Gimimo vieta
Wohnhaft: Wilna-Ghetto.
Gyvenamoji vieta
Familienstand
Šeimos sudėtis
Erlernter Beruf
Įgyta specialybė
Ausgegeben am
Išduota

Der Gebietskommissar in Wilna
— SOZIALAMT —

דאָס רויטע אַרבעטס-ביכל פון געטאָ

אַרויסגעגעבן אויפן נאָמען פון מלך קויפמאַן, דעם 18טן אַפּריל 1943. דאָס „רויטע אַרבעטס־ביכל" האָט פאַרטראָטן דעם „געלן לעבנס-שיין".

קאַטעגאָריעס. יעדעס פאַך האָט זיין באַזונדערע קאַטעגאָריע־פאַרצייכענונג (ווי וויים מען, וועלכע קאַטעגאָריע איז בעסער ?...)

▼

נאָך שפּעטער איז איינגעפירט געוואָרן דער „געלער געטאָ־פּאַס": יעדער מאַן אַ פּאַספּאָרט מיט אַן אויפשריפט מ; יעדע פרוי — מיט אַן אויפשריפט וו. יעדער פּאַספּאָרט מיט זיין נומער.

▼

יעדער אינהאַבער פון געלן געטאָ־פּאַס האָט באַקומען אַ „בלעכענעם נומער" וועלכן ער האָט געמוזט טראָגן אויפן האַלז. אין געטאָ האָט מען דאָס אָנגערופן דער „הינטישער נומער".

▼

אין אויגוסט 1943 האָט זיך דער געטאָ אַרומגעזען אַז עס זענען דאָ „הויכע נומערן" (איבער צען טויזנט) און קליינע נומערן (אונטער צען טויזנט). עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויספירונגען קיין עסטלאַנד פון די „הויכע נומערן".

▼

אין סעפּטעמבער 1943 האָט שוין קיין „שיין", „ביכל" און „נומער" ניט געהאָלפן. דער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן און זיינע איינוואוינער אַרויסגעפירט, ווער צום טויט און ווער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און גאָר אַ קליינער טייל איז געבליבן אין עטלעכע בלאָקן אויסערן געטאָ.

▼

שיינען אָן פאָטאָגראַפיעס.
שיינען מיט פאָטאָגראַפיעס.
ווייסע שיינען פון אַרבעטס־אַמט.
ווייסע שיינען פון יידן־ראַט.
ווייסע שיינען מיטן איבערשריפט „פאַך־אַרבעטער".
געלע לעבנס־שיינען.
בלויע פאַמיליען־צעטלעך.
ראָזע שוץ־שיינען.
ראָזע פאַמיליען־צעטלעך.
גרינע צוגאָב־שיינען.
בלויע צוגאָב־שיינען.
פיאָלעטע צוגאָב־שיינען.
רויטע אַרבעטס־ביכער.
„פּאַסיר־שיינען" אויסערן געטאָ.
געלער געטאָ־פּאַס מיט נידעריקע נומערן.
געלער געטאָ־פּאַס מיט הויכע נומערן.
דער בלעכענער הינטישער נומער.

אָט דאָס איז געווען דער נאַציסטישער וועג פון פאַרפירן, פאַרבלענדן, פאַרטומלען, צעטיילן, צעברעכן די מאָראַל און פאַראַליזירן דעם ווידערשטאַנדס־גייסט פון געטאָ־מענטש.

## וואָס איז בעסער?

(פּראָבלעמען פון געטאָ־לעבן)

### וואָס איז די באַהאַלטענע כוונה?

דער געטאָ־מענטש האָט זיך שטענדיק געפילט ווי אַ געכאַפּטער אין פּאַסטקע. ער האָט שטענדיק זיך געזען אַרומגערינגלט מיט סכנות, דראָענדיקע אַרויספירונגען, און אין יעדער טאַט פון דייטשן האָט ער תמיד פאַרדעכטיקט אַ באַהאַלטענע, מער־דערישע כוונה, אַ ווערלן אָפּצונאַרן, פאַרפירן. (און די פּראַקטיק האָט אים באַרעכטיקט אַזוי צו טראַכטן).

אין יעדן שנוי פון געטאָ־לעבן האָט ער רק געזוכט דעם פאַרבאָרגענעם מיין.

אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון געטאָ און אויף דער אַרבעט אויסערן געטאָ האָט אים תמיד געמאַטערט איין געדאַנק:

ווי דרייט מען זיך אַרויס פון דער דראָענדיקער געפאַר?

ווי שטעלט מען אַ ווידערשטאַנד דער באַהאַלטענער דייטשער כוונה? וואו געפינט מען עפּעס אַן אויסוועג?

ביי יעדער געשעעניש אין געטאָ, און ביי יעטווידן פאַל, וואָס דער געטאָ־מענטש האָט געדאַרפט דעצידירן, איז ער געשטאַנען אַ צעטומלטער, אַ פאַרספּקטער:

וואָס איז בעסער?

### אַ „שיין" — אָדער באַהאַלטן זיך?

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ווילנע און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „כאַפּע־נישן" און פאַרשווינדונגען — איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז די בעסטע זאַך איז קריגן אַ „שיין".

האָט אָבער די פּראַקטיק באַוויזן, אַז די גילטיקייט פון „שיין" גייט אויס מיט אַ מאָל, דו גייסט זיך אַרום רואיק, זיכער מיט דיין „שיין" — און ווערסט גאָר מיט אַ מאָל געפירט אין תפיסה.

דער אָבער, וואָס האָט ניט קיין „שיין" און ליגט באַהאַלטן אין אַ באַהעלטעניש — בלייבט לעבן.

איז וואָס איז בעסער? גיין צו דער אַרבעט און האָבן אַ „שיין"?

אָדער ניט באַזיצן קיין „שיין" און לעבן באַהאַלטן?

וויפיל איז אָבער דער שיעור פון אויסבאַהאַלטן זיך?

מען דאַרף דאָך עסן, טרינקען, און דאָס פאַלט דאָך ניט אַראָפּ פון הימל?

אַ מענטש מוז זיך דאָך אויך אויסשלאָפן!

און סוף כל סוף קענסטו דאָך אויך אין דער מאָלינע געכאַפּט ווערן — און מיט אַ „שיין" ביסטו דוכט זיך זיכערער!

איז וואָס איז בעסער?

די מערהייט פון די געטאָ־יידן האָט געהאַלטן, אַז מען מוז זיך פאַרשאַפן „שיינען". עס איז אָבער געווען אַ גאָר קליינע גרופּע, וועלכע האָט ניט געטרויט קיין „שיינען", געהאַט מורא פאַר ביכלעך, פּאַספּאָרטן, נומערן, איינמעלדונגען און רעגיס־טראַציעס, זיי האָבן געלעבט אין באַהעלטענישן, אַלס ניט־פאַרשריבענע, אַלס נעלמים.

## רעגיסטראַציעס

די פּאָליציי אין געטאָ פלעגט אָפט דורכפירן רעגיסטראַציעס:

ווער איז עלטער פון פופציק יאָר — און ווער איז יינגער? —

ווער האָט שיינען — און ווער ניט?

ווער איז חתונה געהאַט — און ווער ניט?

ווער האָט אַ פּאַך — און ווער ניט?

ווער איז יינגער פון זעכצן יאָר — און ווער איז עלטער?

איז ווי קען מען וויסן וואָס איז בעסער?

## יינגער פון פופציק יאָר — אָדער עלטער?

דוכט זיך, אַז עס איז געווען בעסער זיין יינגער פון פופציק יאָר, איז מען דאָך אין אַן „אַרבעטספעאיקן עלטער" —

לאָזט זיך אָבער אויס, אַז די יינגערע צווינגט מען גיין צו שווערע אַרבעט און די עלטערע לאָזט מען גאָר צו רו (הומאַניטאַרע דייטשן!).

ווייס אָבער יעדער איינער ביי זיך אין האַרצן — אַז עס איז דאָ פאַרבאָרגן אַ שלעכטע כוונה: די עלטערע, וואָס גייען ניט צו דער אַרבעט, וועלן זיי דורכדעם ניט קריגן קיין „שיין" — וועלן זיי סוף כל סוף אַרויסגעפירט ווערן צום טויט. —

איז ווי קען מען עפּעס מאַכן אַזוי, אַז מען זאָל זיין גלייכצייטיק אַלט און יונג, ניט גיין צו דער אַרבעט, ווייל עס לאָזן שוין ניט די שוואַכע כוחות — און זיין על כל צרה שלא תבוא, גלייכצייטיק „אַרבעטס־פעאיק"? —

## יינגער פון זעכצן — אָדער עלטער?

וואָס זאָל מען טאָן מיט די קינדער?

פאַרשרייבן זיי אַלס עלטער פון זעכצן יאָר? דאַרפן זיי דאָך האָבן לויטן געטאָ־געזעץ אַן אייגענעם זעלבסטשטענדיקן „שיין"!

איז ווי קריגט מען פאַר יעדן קינד אַן אייגענעם „שיין"? אַז מען האָט דאָך פאַר זיך און פאַר דער פרוי קוים געקריגן אַ „שיין"? און לויטן געטאָ־געזעץ מעג מען אויפשרייבן אויפן „שיין" קינדער נאָר ביז זעכצן יאָר!

און ביי אַזויפיל „אַקציעס" זענען טאַקע נאָר ניצול געוואָרן די ביז זעכצן־יאָריקע קינדער. זיי זענען דורך צוזאַמען מיט די עלטערן, און גענאָסן פון זייער „שיין" — און דאַקעגן די איבער זעכצן־יאָריקע זענען אַוועק צום טויט, זיי האָבן ניט געהאַט קיין זעלבסטשטענדיקן „שיין".

הייסט עס, אַז עס איז בעסער צו פֿאַרשרייבן קינדער אַלס ייִנגערע ווי זעכצן יאָר —

(ווייס מען אָבער טיף אין האַרצן — אַז מינדעריאָריקע זענען אַן אומגעוואונטשע־נער אַרבעטס־אומפּעאיקער עלעמענט, וואָס „עסט אומזיסט" — און דאָס האַרץ פּילט פֿאָראויס, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסער אומגליק פֿאַר די מינדעריאָריקע).

איז ווי מאַכט מען? ווי זאָל מען אַליין ניט זיין שולדיק אין די קינדערס טויט? —

## און אפשר אָנגעבן ריכטיקע יאָרן?

מיינעם אַ באַקאַנטן איז געלונגען דורך באַקאַנטשאַפט פֿאַרשרייבן זיין עלף־יאָריקן זון אַלס אַ זיבעצן־יאָריקן און קריגן פֿאַר אים אַ „געלן שיין".

איז ער געווען גליקלעך, איבערגליקלעך.

האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ צוואַנגס־חוב פֿאַר אַלע „שיין"־באַזיצערס צו אַרבעטן שווערע פֿיזישע אַרבעט אויסערן געטאָ, און די שוואַרצע אַרבעטער שטייען שטענדיק פֿאַר דער סכנה אַרויסגעשיקט צו ווערן אין צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן ביי טאַרף, ביי האַקן וועלדער, ביי פּירן טאַטשקעס זאַמד!

איז ווי שטעלט מען אַ קינד אין אַזאַ סכנה?

איז אפשר גאָר מוחל זיין דאָס גליק פֿון „געלן שיין" — און פֿאַרשרייבן אים לויט די ריכטיקע יאָרן?

פּלעגט ער מיך פּשוט מאַטערן יעדעס מאָל ביים באַגעגענען:

— זייט אַ פֿריינד, גיט אַן עצה, אַזאַ, אַן אמתע, אַ חברישע. איך ווער דאָך משוגע פֿון געדאַנק;

וואָס איז בעסער? — — —

## „לעגאַלע" אָדער „אומלעגאַלע" עלטערן?

וואָס זאָל מען טאָן מיט די עלטערן? —

אין אַ גאַנצע רייע אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, ווי אין דער געסטאַ־פּאָליציי, איז דער־לויבט געוואָרן צוצושרייבן די עלטערן צום „שיין" — און זיי זענען דורכדעם ניצול געוואָרן פֿון טויט. אין דער צייט, וואָס גרויסע טיילן פֿון די עלטערן פֿון אַנדערע קאָמאַנדאָס האָט מען אַרויסגעפֿירט קיין פּאָנאַר.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה צו פֿאַרשרייבן זיך אַלס עלטערן פֿון די אַרבעטערס אין די „גוטע אויסדערוויילטע קאָמאַנדאָס".

די בעסטע, גליקלעכסטע קאָמאַנדאָ האָט זיך דאַן גערעכנט אין געטאָ — די אַרבעטס־איינהייט פֿון די פֿיזישע אַרבעטערס ביי „געשטאַפּאָ". זיי זענען געווען מיוחסים. יידן, וואָס מעגן האָבן עלטערן!...

אין אַ געוויסן פֿאַרטאָג (4טער דעצעמבער 1941) האָט מען געהייסן די אַזוי גע־רופֿענע „געשטאַפּאָ־איינהייט", וועלכע האָט געוווינט אויף סטראַשון־גאַס נומער 1, 2 און 3 — אַרויסגיין אויפֿן פּלאַץ, יעדע משפּחה מיט אירע עלטערן.

מען האָט אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך אַן אַקציע אין געטאָ איבער זקנים — נאָר זיי, די אויסדערוויילטע טיילט מען בכיוון אָפּ, בכדי אָפּצוראַטעווען זייערע עלטערן פֿון טויט. זיי האָבן זיך געשפּירט אַלע גליקלעך — — —

מען האָט זיי אַלעמען אַוועקגעפירט פון געטאָ אין תפיסה לוקישקי, און דאָרטן האָט מען אָפּגעטיילט די „אַרבעטנדיקע שיין־באַזיצערס" — און זייערע עלטערן באַזונדער.

די „שיין־באַזיצערס" האָט מען צוריקגעפירט אין געטאָ. די עלטערן האָט מען אַרויסגעפירט קיין פאָנאַר. —

און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז דאָן פאַרגעקומען אַן אַקציע נאָר אויף די עלטערן פון די „אויסדערוויילטע".

קיין אַנדערע עלטערן, „אומלעגאַלע עלטערן" האָט מען ניט געזוכט, און זיי גראָד, די אומגליקלעכע שיינלאָזע עלטערן — זענען געבליבן לעבן...

האָט זיך אָנגעהויבן ביי די עלטערן פון אַנדערע קאָמאַנדאָס אַ בהלה־אָפּשרייבעניש פון די צושרייבענישן.

האָט אַ טייל געטאָ געהאַלטן, אַז איצט וועט זיין אַן אַקציע אויף אַלע איבעריקע „צוגעשריבענע עלטערן".

און אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז עס איז געווען נאָר אַ שפּיצל, אָפּצושרעקן די צוגעשריבענע — און מער וועלן שוין קיין אָפּיציעלע עלטערן־אַקציעס ניט זיין.

איז וואָס זאָל מען טאָן — אַן אומלעגאַלער טאַטע — אָדער אַ צוגעשריבענער טאַטע?

וואָס איז בעסער? — — —

## לאָזן זיך פירן קיין עסטלאַנד — אָדער בלייבן ביזן לעצטן טאָג אין געטאָ?

און אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרויספירונגען קיין עסטלאַנד — האָט דער פּשוטער געטאָ־ייד ווידער ניט געוואוסט: איז דאָס צום טויט — אָדער צו אַרבעט?

זאָל ער שוין יאָ גלויבן, אַז צו אַרבעט — און ווי קען מען עס אויסהאַלטן שווערע פיזישע אַרבעט ביי הונגער־באַדינגונגען, קעלט און נאַקעטקייט.

איז אפשר בלייבן אין געטאָ? —

דראָט דאָך אָבער דאָס געטאָ אַ פולקומע ליקווידאַציע — און עס קען זיין, אַז די לעצטע וועט מען שוין גאָרניט פירן קיין עסטלאַנד — נאָר קיין פאָנאַר!

איז וואָס איז בעסער — לאָזן זיך פירן אויף שווערע אַרבעט קיין עסטלאַנד — אָדער אויסבאַהאַלטן זיך און בלייבן ביזן לעצטן טאָג אין געטאָ? —

מען קען קיינמאָל ניט וויסן...

## מען קען קיינמאָל ניט וויסן...

דער געטאָ־ייד האָט זיך קלאָר אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז ער געפינט זיך אין אַ כף־הקלע פון צופאַלן, און דער דייטש שפּילט זיך מיט אים ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז, אַט לאָזט ער אָפּ, אַט כאַפּט ער צוריק — אַז ניט ער איז דער בעל־הבית פון זיין גורל — און ביי יעדן געגעבענעם פאַל — קען מען קיינמאָל ניט וויסן, ווי צו דעצידירן, און יעדע דעציזיע קען ברענגען גאָר צו פאַרקערטע רעזולטאַטן —

איז געווען טאַקע אין געטאָ געזונגען דורך קינד און קייט אַ זייער פּאָפּולער געטאָ־ליד, וועמענס נאָמען און רעפריין איז געווען —

„מען קען קיינמאָל ניט וויסן"...

# און אפשר וועט געשען אַ נס?...

— — — לכתחילה האָט מען ניט געגלויבט...

„עס קען ניט זיין" — האָט איינער צום אַנדערן געטענהט — „מען נעמט ניט סתם מענטשן און מען שיסט זיי אויס".

מסתמא קומט דאָרט פאָר אין פּאָנאַר אַ סעלעקציע. די אַלטע, די וואָס קענען ניט אַרבעטן — פאַרפאַלן, מען פאַרניכטעט זיי — עס איז קריגס־צייט...

אָבער די יינגערע, די קרעפטיקערע, לאָזט מען איבער צו אַרבעט. און אַרבעט וועט מען שוין ווי עס איז אַריבערטראָגן. —

— — און שפּעטער האָט מען שוין געוואוסט — אַז פּאָנאַר איז פאַרניכטונג — אָבער דאָך האָט יעדער איינער ביי זיך אין האַרצן געטראַכט:

אפשר וועט געשען אַ נס? — —

דער נס קען קומען שטענדיק און אומגעריכט:

אין דער פרי קען מען נאָך אַריינרייסן זיך אין געטאָ — און כאַפּן מענטשן קיין פּאָנאַר — אָבער אין מיטן וועג, פּלוצעם, קען אָנקומען די גוטע, די ליכטיקע, די לאַנג־דערוואַרטעטע בשורה:

— אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד!

אָדער: אַ בונט פון גענעראַל־שטאַב אין דייטשלאַנד. קאַפּיטולאַציע!

אָדער: היטלער איז פּלוצעם געפּגרט, אָדער דערמאָרדעט געוואָרן און — אויס קריג!

אָדער — גאָר אַ פּלוצעמדיקער אַראָפּפאַל פון סאָוועטישע דעסאַנטן...

אַז דייטשלאַנד האַלט פאַרן צעפאַלן זיך, אַז סוף קריג איז באַלד־באַלד — דאָס האָט געוואוסט יעדער ייד, און אין דעם האָט ער הייליק געגלויבט, פון ערשטן טאָג פון קריג. און פּרוביר זאָגן — אַז ניט.

מען זעט דאָך בולט פון אַלע ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן!...

(ווי זיס און אַנגענעם צו הערן אין געטאָ די בעל־פּהדיקע ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן, וואָס זענען געוואַקסן פון מויל צו מויל!...)

אַז די סאָוועטן זיגן, לויפן, יאָגן — און אַז דער דייטש אַנטלויפט — און קען שוין ניט באַוויזן צו אַנטלויפן — און אַז באַלד וועט הענגען די רויטע פאָן איבער ווילנע — און דאָס איז אַ פראַגע פון געציילטע וואָכן (אפשר פיר וואָכן? אפשר זעקס?).

אויך דאָס האָט יעדער איינער געוואוסט נאָך אין יאָר 1941 — — —

דאָס איז דאָך געווען אַזוי קלאָר פון ראַדיאָ...

דער נס, די גאולה, די גרויסע ישועה — הענגט בולט איבערן קאָפּ, פאַר די

אויגן. מען דאַרף מער ניט ווי עס איז איבערוואַרטן די קליינע צייט. ווי עס איז דורכשטופן, ווי עס איז ניט באַמערקט ווערן — — —

און דאַן געשעט דער גרויסער נס!



— ווער האָט געגעבן מוט איבערצוטראָגן די ליידן פון געטאָ?

— אונזער גרויסער בטחון, אונזער ממש מיסטישער אָפּטימיזם, אונזער פּאַטאַ־ליסטישער גלויבן, אַז באַלד באַלד געשעט דער נס!

און אַז איך טראַכט וועגן אונזער בטחון, קומט מיר אויפן געדאַנק אַ ווייטערדיקע פראַגע:

— ווער האָט אונז צווישן אַנדערע געהאָלפן צו פאַרפירן, ווער האָט געהאָלפן צו פאַראַליזירן אונזער קאַמפּס־גרייטקייט און ווידערשטאַנדספעאיקייט —

— אָט דער זעלבער בטחון, אָט דער זעלבער אָפּטימיזם, דער זעלבער פּאַטאַ־ליסטישער גלויבן. — — —

דער בטחון, דער פאַטאַליסטישער גלויבן אין נס האָט געזאָגט:

אפילו אויב אַלעמען פירט מען צום טויט, קען נאָך טרעפן מיט דיר פּערזענלעך דער נס.

דיך וועט מען ניט כאַפּן!

דיר וועט געלינגען ווי עס איז זיך אויסצודרייען, אויסצובאַהאַלטן!

אויפן וועג קיין פּאָנאַר קען נאָך דיר געלונגען צו אַנטלויפן!

אין פּאָנאַר גופא — קען נאָך דאָך אפשר טרעפן אַ סעלעקציע!

און ביים סאַמען גרוב — קען נאָך טרעפן דער נס פון ניט ווערן דערשאָסן, און פון צווישן טויטע זיך אַרויסרייסן און אַנטלויפן!

אַזויפיל שאַנסן זענען נאָך דאָ צום בלייבן לעבן!

און אויב אַזויפיל שאַנסן איז דאָ פּערזענלעך פאַר יעדן איינעם ראַטעווען זיך פון טויט, אפילו אין שעה ווען מען פירט אים קיין פּאָנאַר — איז נאָך וואָס זאָל ער טראַכטן וועגן ווידערשטאַנד? — — —

ווידערשטאַנד אין געטאָ — אַרומגערינגלט פון אַ באַפעלקערונג פון ליטווינער און פּאָליאַקן — וועלכע וועט ניט העלפן אין קאַמף — און וועלכע וועט נאָך צוהעלפן דעם שונא — דעם דייטש —

ווידערשטאַנד אין געטאָ — איינגעקלעמט אין די דייטשע נעגל, באַלאַגערט דורך טאַנקען, מאַשינען־געווער און באָמבען־וואַרפערס —

ווידערשטאַנד אין געטאָ — האָט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון יעדער האָפענונג בלייבן ביים לעבן, אָפּזאָגן זיך פון יעדן שאַנס אויף אַ נס —

ווידערשטאַנד אין געטאָ — איז געווען לכתחילה איז די אויגן ביי די מערסטע געטאָ־איינוואוינערס, רעזיגנאַציע פון לעבן, — אַ גיין זיכער און אָפן — מיטן פּנים צום טויט...

און אפשר ווייל דער זעלבער געדאַנק, פון גלויבן אין פערזענלעכן נס פון בלייבן ביים לעבן, פון „עס וועט שוין ווי עס איז זיין גוט" — האָט געהערשט אין אַלע געטאָס —

און גלייכצייטיק זענען כמעט ניט קאָנטיק געווען שפּורן פון פּוילישער אָדער ליטווישער ווידערשטאַנדס־טעטיקייט —

און ווייל קיינער האָט זיך נאָך ניט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון — ווי גרויס עס איז דער פיינט־דערשיטערנדיקער כוח פון פּאַרטיזאַנישקייט, פון סכום פון צענד־ליקער טויזנטער פּערזענלעכע ווידערשטאַנדס־אַקטן —

אפשר איז דאָס געווען איינע פון די סיבות פון שפּעטן אויפקום פון אָרגאַניזירטן יידישן ווידערשטאַנד —



די „שוואַרץ־זעערס", די וואָס האָבן געוואָרנט קעגן פּאַסיוון בטחון, די וואָס האָבן געשריען „גלויבט ניט אין נס, דער דיימיש וויל און וועט אַלעמען פאַרניכטן" — טאָ לאָמיר כאָטש שטאַרבן בכבוד. —

זיי — די „שוואַרצע נביאים", די „לאחר יאושניקעס" — זיי זענען געווען די, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט דעם יידישן ווידערשטאַנד.

אָבער אויך זיי, וועלכע זענען געגאַנגען אָפן צום טויט —

אויך זיי, האָבן טיף, אונטערן באַוואוסטזיין, געגלויבט אין אַ נס, אין נס פון קאַמף.

ווייל עס איז שווער צו גיין מיט יאוש — אפילו צום טויט...

מען האָט געגלויבט אין אַ נס; אפשר וועט אָנקומען הילף פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג?

און שפּעטער: אפשר וועט אין לעצטן מאָמענט קומען הילף און שטאַרקונג פון קאָמוניסטישן אונטערערד?

און אַז מען האָט שוין געזען, אַז אויך דאָס איז ׳שוין ניט וואַרשיינלעך, האָט מען געגלויבט:

עס וועט זיין אַ קאַמף אין געטאָ — אַ טייל וועט פאַלן, אָבער אפשר וועט געלונגען אַ טייל זיך דורכרייסן מיט געווער אין האַנט אין וואַלד אַריין?

און דער וואַלד איז גרויס — און דאָרט קען מען זיך פאַראייניקן מיט די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנערס און צוזאַמען פירן דעם קאַמף. —

און זייענדיק גרייט מיט לייב און לעבן, מיט יוגנט־הייליקייט און מסירת־נפש צום קעמפער־טויט, האָט דאָך דער אינסטינקט פון לעבן ניט איינעם פון די פּאַרטיזאַנערס געשעפּטשעט:

דורך אונטערערד — דורך רעוואָלט אין געטאָ — דורך קאַמף אין די וועלדער — אפשר וועסטו דערלעבן צום נס פון פרייהייט:

אפשר וועט געשען אַ נס?!...



כ׳דערמאָן מיך:

איינמאָל, אויף איינע פון אונזערע ערשטע קאָנספּיראַטיווע זיצונגען, האָט אימיצער אַריינגעבראַכט אַ מתנה: ער האָט געפונען אין אַ חורבה אורי צבי גרינבערגס לידער: „אימה גדולה וירח", „כלב בית", „איזור מגן ובן הדם".

מיר האָבן געלייענט צוזאַמען ליד נאָך ליד, און אַנדערע זענען אונז אויסגעקומען, אַז זיי זענען געשריבן ממש אין געטאָ, און אָט איז אונז אַריינגעפאַלן דאָס ליד: „אני מתפלל על הנס" (איך בין מתפלל אויף אַ נס...).

האָט ניט איינער, שטיל, אין־זיך, איבערגעזאָגט די ווערטער:

„אני מתפלל על הנס"...

▼

**כתריאל ברוידא, אַרטיסט און פאָלקס־דיכטער, האָט געשאַפן אין געטאָ אַ ליד, וועלכעס עס האָט געזונגען דער גאַנצער געטאָ. דער רעפריין פון דאָזיקן פאָלקס־ליד איז געווען:**

אפשר וועט געשען אַ נס?
אפשר וועט געשען אַ נס?
אמת יידן, מען קען ניט זאָגן:
ס'איז שווער דעם גורל דורכצוטראָגן —
נאָר אפשר וועט געשען אַ נס? — — —

# יום־כפור 1941

**עס גייט יום־כפור...**

— עס האָבן שווערע כמאַרעס געהאָנגען איבערן געטאָ:
עס גייט יום־כפור...

עס גייט דער טאָג, וועלכן די דייטשן האָבן אַ מנהג צו פאַרוואַנדלען אין אַ יום-הדין פאַר יידן.

נאָך אין יאָר 1939, ווען איך בין אַנטלאָפן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט און איך בין דורך די שטאָט יאַראָסלאַוו און געזען זי „יידן־ריין", האָבן די פּוילישע לאָקאָמאָטיוו אַרבעטער מיר דערציילט, אַז יום־כפור האָבן די דייטשן געצוואונגען אַלע יידן צונויפזאַמלען זיך ביים טייך סאַן (וועלכער טיילט יאַראָסלאַוו אויף צוויי טיילן), אויסטאָן זיך נאַקעט און אַריין אין טייך. אַרויסגיין פון טייך האָט מען שוין ניט געלאָזן. די אַרומרינגלענדיקע דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער פון מאַשינען־געווער, ווער עס האָט געקענט אַריבערשווימען דעם טייך איז אַרויס אַ נאַקעטער אויפן צווייטן ברעג סאַן (וועלכער האָט שוין געהערט צו די סאָוועטן). אַלע איבעריקע זענען אומגעקומען אין וואַסער פון סאַן.

פליטים אַנטלאָפענע פון פוילן, האָבן געוואוסט צו דערציילן ענלעכע אומצאָליקע געשיכטעס פון דייטשע מעשה נוראים, פּראָוואָקאַציעס און גרויליקע שחיטות אין טאָג פון יום־כפור.

**צו כל נדרי...**

פאַרנאַכט צו כל נדרי זענען געווען די געטאָ־בתי-מדרשים (יאָגיכעס קלויז, ר' שאולקעס קלויז, קצבישע קלויז) איבערפּראָפט. דער עולם האָט געשטראָמט. האָבן זיך ספּאָנטאַן פאַרמירט מנינים אין צימערן, אין חורבות און אין די הויפן פון די בתי מדרשים.

ווער ס'איז געקומען רייסן הימלען מיט האָפענונג: אפשר וועט ער מיט תשובה ותפילה וצדקה מעביר זיין די גזירה —

און ווער ס'איז געגאַנגען זאָגן זיין לעצטן ווידוי, אין זיין לעצטן יום־כפור.

און ווער ס'איז געגאַנגען אָן האָפענונג, ווי אַלע, און אָן רעזיגנאַציע, נאָר געטריבן פון פאַרלאַנג צו זיין צוזאַמען מיט יידן, ווען עס וויינען די הערצער, ווען עס טראָגן זיך תפילות פון ברידער יידן. וועלכע וועלן שוין אַ סך ניט זיין איבעראַיאָר ביים לעבן (און אפשר אויך ער און זיין פרוי און זיין קינד?).

### הס קטיגור!...

די תפילות האָבן געריסן הימלען. די עקזאַלטאַציע איז דערגאַנגען צו מיס־טעריעזע פאָרמען. מענטשן האָבן געשריען תפילות, הויבנדיק פויסטן צום הימל, פריִען און מענער פלעגן פאַלן אין אָנמאַכט, פון געוויין און געשריי, פון זעלישער אויפרעגונג, פון ווילן וואָס מעכטיקער אַרויסשרייען אַזאַ תפילה, אַזאַ איינציקע, אַזאַ נאָך ניט געזאָגטע, וועלכע זאָל דערגיין צום כסא הכבוד, און וועלכע זאָל אויסבעטן אַ רעטונג. — — —

אַנדערע תפילות האָט דער עולם אין עקסטאַז געזאָגט צו עטלעכע מאָל.

„הס קטיגור — וקח סניגור מקומו" (שווייג דו באַשולדיקטער — און זאָל דער פאַרטיידיקער פאַרנעמען דאָס אָרט!) האָבן יידן געדונערט צום הימל, איינמאָל און אַ צווייט מאָל און אַ דריט מאָל, און אָט וויינט דער חזן ביי אַ טויטער שטילקייט:

„קולי שמע — וראה דמע עיני.

ריב ריבי — שעה ניבי — והשיבני — סלחתי!"

(הער מיין שטים — און זע די טרער פון מיין אויג —

נעם זיך אָן מיין קריוודע — און פאַרנעם מיין געבעט — און ענטפער מיר — כ'האָב פאַרגעבן דיין זינד!).

„כי הנה כחומר ביד היוצר" — מיר זענען ווי ליים אין האַנט פון דעם שעפער — האָט געוויינט דער עולם — ווי אַ שטיין אין האַנט פון שטיין־האַקער — ווי אַ האַק אין האַנט פון סטאָלער, ווי אַ רודער אין האַנט פון מאַטראָס...

„כי הנה כחומר ביד היוצר — ברצותו מרחיב וברצותו מקצר — כן אנחנו בידך חסד נוצר — לברית הבט ואל תפן ליצר — — —"

### שטורמיסטן

יום־כפור ביי טאָג זענען געקומען דייטשע שטורמיסטן אין געטאָ, געכאַפּט יידן צו דער אַרבעט, אַרויסגעשלעפּט פון די הייזער, פון די בתי מדרשים. מען האָט זיי אָוועקגעפירט אין די זעלנער־קאָמאַנדאָס אויף פּיראַמאַנט, לעבן „אַלטן בית עולם", געהייסן לויפן אָן אויפהער טראָגנדיק שווערע קלעצער און דערביי געשניטן זייער לייב מיט גומענע נאַגייקעס.

### עפּעס וועט פאָרקומען...

12 בייטאָג איז אַריבער אַ געמורמל איבערן געטאָ. אין געטאָ נומער צוויי קומט פאָר אַן אַקציע, מען פירט אַרויס דעם גאַנצן געטאָ נומער צוויי, אַלט און יונג, מאַן און פרוי.

אַ פּאַניק האָט באַהערשט דעם געטאָ...

אין אַ שעה אַרום איז אויפן „סעדל" (רודניצקע גאַס נומער 6) פלוצעם פאָרגע־קומען אַן אַפּעל פון דער געטאָ-פּאָליציי. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט יעקב גענס האָט געגעבן דירעקטיוון.

די פּאָליציאַנטן זענען געווען חושך און בלייך.

— וואָס האָט יעקב גענס געזאָגט? — אויף דער פראַגע האָבן זיי גאָרניש געענטפערט. נאָר אין געטאָ האָט מען איבערגעגעבן פון מויל צו מויל:

— דער דייטש פאָדערט יידן — טויזנט — און אפשר מערער...

## צו נעילה...

עס איז געוואָרן שטיל. מען האָט קיינעם ניט גענומען און קיינעם ניט געכאַפּט, און ידיעות וועגן געטאָ נומער צוויי זענען אויך ניט אָנגעקומען. האָט זיך דער עולם באַרואיקט — און צו נעילה זענען די שולן ווידער פאַרפּולט געוואָרן איבער די ברעגן.

און ווידער מיט התמדה, מיט עקסטאַז און עקזאַלטאַציע, און האַרציק געוויין, אַז כל עיר על תלה בנויה ועיר האלהים משפלת עד שאול תחתיה (יעדע שטאָט שטייט פעסט אין איר געבוי — נאָר די הייליקע שטאָט ליגט געפאַלן אין אָפּגרונט).

און עפּעס ווי אַ באַרואיקונג איז אַריין אין די הערצער.

מען האָט געבלאָזן שופר — און בקולי־קולות געשריען: לשנה הבאה בירושלים.

און יידן זענען אַרויס און געזאָגט זיך:

— אַ גוטער יום טוב! אַ גוט יאָר! מיר האָבן אויסגעבעטן אַ גוטן יאָר! און אפשר טאַקע לשנה הבאה בירושלים? אוי וואָלט דאָס געווען אַ יושר — נאָך אַזוי פיל שרעק און ליידן.

און יוגנט האָט זיך געדריקט די הענט און געוואונטשן:

— לשנה הבאה בירושלים! לשנה הבאה בירושלים! — — —

## גלויב ניט דער יידישער פּאָליציי

אין אַ זונער שטוב (דזימנע 5) האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם אָפּפּאַסטן זיך. מען האָט געגעסן ברויט באַשמירט מיט עפּעס אַזאַ מין מאַרמעלאַד, און פאַר־טרונקען מיט הייס וואַסער, און עס איז געווען געגרייט אויך אַ זופּ מיט קאַרטאָפל.

צווישן עולם זענען געווען באַקאַנטע פון אַמאָל: ד״ר אימיניאַטאָווע (די שוועסטער פון פאַטי קרעמער, די אַלטע בונדישע טוערין); שרה קאָפּעלאָוויטש; דוד וואָלאַדאַוו־סקי; ח. סענדער (פּועלי ציון חברים פון ווילנע); אינזש. וואָלאַדאַווסקי, מיין פאָטער און מוטער, און מיין פרוי, און מיין שוועסטער, און נאָך אַ סך באַקאַנטע. — — —

און פּלוצעם לויפט אַריין אַ יידישער פּאָליציאַנט און זאָגט:

— יידן, עס גרייט זיך עפּעס אַן אַקציע! מען פאָדערט מענטשן! ווער עס האָט אַ „שיין״ (דאַמאָלסט איז געווען די עפּאָכע פון ווייסע שיינען) — יענער איז געזי־כערט.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען געלאָפן יידישע פּאָליציאַנטן און געשריען פון הויף צו הויף:

— אַלע מענער מיט „שיינען״ זאָלן גלייך גיין צום געטאָ־טויער. דאָרט וועט מען שטעמפּלען זייערע שיינען — און צוריקשיקן אַהיים!

די וואָס וועלן ניט האָבן קיין געשטעמפּלטע שיינען — וועט מען איבערשיקן אין צווייטן געטאָ...

אַלע האָבן אָנגעהויבן גיך צו פאַרענדיקן דאָס עסן און איילן זיך גיין צום טויער שטעמפּלען די שיינען. און אויך איך בתוכם...

פּלוצעם גיט זיך אַ שטעל מיין פרוי און זאָגט:

— גלויב ניט דער יידישער פּאָליציי! גיי ניט צום טויער!

איך קוק אויף איר פאַרחדושט:

— איך האָב דאָך אַ שיין, מען דאַרף גיין אָפּשטעמפּלען ווי אַלע.

זאָגט מיין פרוי:

— דער ייד וואָס איז אַוועק אין פּאָליציי איז ניט בעסער פון געשטאַפּאָ! עס זאָגט מיר מיין האַרץ, אַז דאָ ליגט אַן אָפּנאַרעריי. גיי ניט צום טויער.

אין דעם מאָמענט רייסן זיך אַריין אַ פּאָר יידישע פּאָליציאַנטן מיט אַ ליטווישן באַוואָפנטן זעלנער און היבן אָן יאָגן אַלע מענער צום טויער.

מיין פאָטער הויבט אָן גיך אָנצוטאָן זיך. ער קען אָבער ניט באַוויזן. לאָזן זיי אים. אַלע איבעריקע פירט מען אַרויס פון צימער אויף דעם גאַנגעק פון שטוב.

פון וויטן לויפט מיר נאָך מיין פרויס שטימע:

— גיי ניט צום טויער! האָב אויף זיך רחמנות, אַנטלויף!

## אויף בוידעמער

אויפן הויף איז שטאָק פינצטער. מיר גייען אַראָפּ פון די טרעפּ. עס קלאַפּן הילכיק אונזערע טריט. איך גיב אַ כאַפּ דוד וואָלאָדאַווסקין פאַרן אַרבל:

— קום!

מיר לויפן אויף אַן אומבאַקאַנטע טרעפּ אין דער נאַכט און פינצטערניש. מען יאָגט אונז. געשרייען אויפן הויף. מען לויפט.

מיר שטייגן גיך אויף די טרעפּ. צווייטער שטאָק, דריטער שטאָק. די געשרייען ווערן שטילער, פאַרשוואונדן. מיר כאַפּן זיך אַרויף אויף אַ בוידעם און פון אים אויף אַ צווייטן, און פון צווייטן אויף אַ דריטן.

אַ ווילד געפיל טראָגט אונז איבער טרעפּ, לייטערס, מיר ווייסן אַליין ניט וואו מיר זענען.

פון וויטן, פון טויער פון געטאָ, טראָגט זיך אַ גרויסער געטומל, און פלוצעם שיסערייען. און שפּעטער טריט, טריט, — און שפּעטער שטיל, טויט שטיל.

אַריבער אַ שעה, צוויי שעה, שטיל. עס דוכט זיך אַז עס ציען זיך דורות.

פלוצעם פון וויטן, פון עפּעס אַ וויטן בוידעם, טראָגט זיך אַ ווייטע שטים:

—מאַרעק! מאַרעק! וואו ביסטו?

איך דערקען, דאָס איז די שטים פון מיין פרוי.

— מרים! איך בין דאָ! איך בין דאָ! — ענטפער איך — און מיין קול טראָגט זיך, ווי עפּעס אין וויסטע וועלטן.

— גיי אַרויס פון דער באַהעלטעניש! עס איז שויך געענדיקט! עס איז שוין געענדיקט!

## די יידישע פּאָליציי האָט אָפּגענאַרט

איבער טרעפּ און לייטערס, קריכן מיר אַראָפּ פון בוידעם, דוד וואָלאָדאַווסקי און איך, פאַרשמוציקטע און פאַרשטויבטע. אויפן וועג טרעפן מיר נאָך באַהאַלטענע אויף בוידעמער.

אין שטוב טרעפן מיר אָן אַלע פאַרווײנטע און צעטומלטע. און מען האָט אונז דערציילט:

— די יידישע פּאָליציי האָט אָפּגענאַרט!

— מען האָט עטלעכע טויזנט מאַן, וועלכע זענען געקומען שטעמפּלען די שיינען, צונויפגעזאַמלט ביים טויער, אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי, די שיינען ניט געשטעמפּלט,

און אַרויסגעפירט פון טויער — אין וועג צו דער תפיסה לוקישקי! די פּאָליציי האָט אָנגעזאָגט בסודי סודות זייערע באַקאַנטע און קרובים, אַז זיי זאָלן צום טויער ניט גיין...

— מיר האָבן געמיינט, אַז איר זייט אויך אַוועק צום טויער, און אַז איר זייט שוין פאַרלוירן — נאָר דאָך האָבן מיר פּרובירט גיין איבער די בוידעמער און שרייען און רופן אייך — אפשר האָט איר זיך וואו באַהאַלטן?

## צו שפּעט...

די יונגע שרה קאָפּעלעוויטש שטייט אין גאַנצן אין טרערן. זי דערציילט מיר: זי האָט באַזאָרגט איר טאַטן און מאַמען מיט „שיינען", זענען זיי געווען ביי זיך זיכער, זיי האָבן געוואוינט אויף רודניצקער גאַס, נאָענט לעבן געטאָ טויער.

אַז זי איז געזעסן מיט אונז, זענען דערווייל געקומען פּאָליציאַנטן און אָפּגע־נאַרט טאַטע-מאַמען...

ווי זי האָט נאָר געהערט, אַז מען רופט צום געטאָ־טויער, איז זי פון אונז, דזיסנע גאַס 5, געלאָפן אויף רודניצקער גאַס, אָבער געפונען די שטוב פאַרשלאָסן. טאַטע מאַמע האָבן עס אַליין פאַרשלאָסן מיינענדיק, אַז זיי גייען שטעמפּלען זייער שיין. זיי האָבן געוואוינט נאָענט צום טויער און זענען געווען די ערשטע קרבנות.

אין שטוב איז אַלץ דאָ, ניט גערירט אפילו די מאַנטלען. טאַטע מאַמע האָבן געמיינט, אַז זיי גייען אויף אַ מינוט צום טויער...

וואָס וועט זי איצט טאָן?! — זי איז שולדיק, וואָס זי האָט געגעבן זיי אַ שיין, און מיט דעם האָבן זיך אירע גוטע טאַטע-מאַמע אַליין פאַרפירט... בעסער וואָלטן זיי זייער לעבן באַהאַלטן אין אַ מאַלינע...

זי איז געלאָפן, גערודערט וועלטן, און אויף איבערמאָרגן, זיבן אין דער פרי, באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינגיין אין תפיסה, אַרויסנעמען די עלטערן.

עס איז שוין געווען צו שפּעט — פינף פאַרטאָג האָט מען זיי אַרויסגעפירט קיין פּאָנאַר.

גאָר אַ קליינע צאָל איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען פון תפיסה. די מערהייט, אייניקע טויזנט מאַן, זענען שוין געווען אַרויסגעפירט צום טויט.

אַזוי איז פאַרלאָפן די יום־כפור־אַקציע.

און פון דאַן אָן האָבן יידן אין געטאָ פאַרלוירן דעם צוטרוי צו דער יידישער פּאָליציי — און באַצויגן זיך אַלס כלל צו זיי, ווי צו אינסטרומענטן פון געשטאַפּאָ.

# 13. מאַלינעס

## די מאַלינעס (מלינות) און זייערע ערשטע בויער

איינע פון די ערשטע פאָרמען פון ווידערשטאַנד קעגן די דייטשע פאַרניכטונגס־כוונות, איינער פון די ערשטע אויסדרוקן פון רצון ניט צו לאָזן זיך פירן צום טויט — זענען געווען די מאַלינעס — (בונקערס).

פון וואַנען שטאַמט דער נאָמען מאַלינע ווייס איך ניט גענוי. אַלנפאַלס איז ער געווען באַקאַנט נאָך פון פאַר דער מלחמה, אין שפּראַך פון פאַרברעכערס, וועלכע פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן „אין מאַלינעס" פון דער מאַכט, וואָס האָט זיי געזוכט.

מען האָט דערקלערט, אַז „מאַלינע" שטאַמט פון העברעאישן וואָרט מלונה (אַן אָרט אויף איבערצונעכטיקן), (ונותרה בת ציון כסוכה בכרם כמלונה במקשה, ישעיה — א״ח), אָבער אויך די פּאָליאַקן פלעגן באַנוצן דאָס וואָרט, סיי אין רעדן, סיי אין אויפרופן.

מאַלינעס זענען שוין געבויט געוואָרן נאָך פאַרן געטאָ.

זייערע ערשטע בויערס זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן שוין געהאַט די טראַדיציע פון אויסבאַהאַלטן זיך, אָדער אויסבאַהאַלטן עפּעס... די תורה, ווי אַזוי צו בויען אַ מאַלינע האָט זיך גיך פאַרשפּרייט, און זי איז געוואָרן אַ נחלת הכלל. דערביי האָט יעדער איינער געמאַכט זיינע אינדיווידועלע שינויים, אָפּהענגיק פון אָרט, וואו ער האָט געמאַכט זיין מאַלינע.

דעם 17טן יולי 1941, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין נאָוואָגראָד, און יעדער מאַן איז צוגענומען געוואָרן צום טויט — זענען דאָך געבליבן אַ סך מענער אויף נאָוואָגראָד, ווייל זיי האָבן באַוויזן באַצייטנס צוצוגרייטן זיך מאַלינעס.

אין דעם קליינעם געסל קאָזיע, אין נאָוואָגראָד, האָבן דאַן אונטער אַ שטאַל פון פערד אויסבאַהאַלטן זיך הונדערטער יידן. דער אַריינגאַנג איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ פור. די דייטשן האָבן גענישטערט און ניט געקענט געפינען.

## די מאַלינע־וויסנשאַפט

ווי מען איז אַריין אין געטאָ איז דער ערשטער געדאַנק געווען: בויען מאַלינעס. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גאַנצע קונסט און וויסנשאַפט ווי און וואו צו בויען די מאַלינעס.

מאַלינעס זענען געווען אינדיווידועלע (פאַר איין מענטשן), דירות־מאַלינעס (פאַר אַלע איינוואוינער פון דער זעלבער דירה), בלאָק־מאַלינעס, הויף־מאַלינעס.

דאָס רוב מאַלינעס זענען געווען קאָלעקטיווע, „שותפותדיקע", ווייל נאָר מיט געאייניקטע אָנשטרענגונגען האָט מען געקענט שאַפן זיך דעם נויטיקן מאַטעריאַל, דאָס נויטיקע אָרט, די נויטיקע מענטשן צום מאַלינע־אויפבוי.

וואָס איז דער הויפּט־יסוד אין מאַלינע־בוי? — דער יסוד — איז דער סוד, קיינער זאָל ניט וויסן, נאָר די פּאַרטרויטע, די וועלכע וועלן אַליין זיצן אין איר בעת אַ סכנה. ווייסט וועגן איר אַ ניט־פּאַרטרויטער, פאַרלירט די מאַלינע איר ווערט. ווייל בשעת אַן אומגליק, אַ טומל, אַ פּאַניק, אַן אַקציע, וועט יעדער דווקא וועלן זיך „אַריינרייסן" אין דער מאַלינע, וואָס וועט זיין פאַרשפּאַרט — ער וועט קלאַפּן און פּאָדערן אַריינגיין. שכנים וועלן זיך דערוויסן — און וואָס נאָך ערגער, די יידישע געטאָ־פּאָליציי... אַזאַ מאַלינע, וועגן וועלכער עס ווייסן אויך אַנדערע, אַ חוץ אירע איינוואוינער, קען גיך „פאַרשיט ווערן", פאַרראַטן ווערן.

ווען בויט מען אַ מאַלינע? — אַ מאַלינע ווערט געבויט געוועהנלעך אין דער נאַכט, ווען אַלע שלאָפן. אָבער אַמאָל קען אַ באַנאַכטיקער געריויש אַרויסרופן חשד ביי שכנים, אַז מען בויט אַ מאַלינע — און דער סוד וועט אַזוי אַרום אויפגעדעקט ווערן — פלעגן טאַקע אַנדערע בויען זייערע מאַלינעס אין מיטן טאָג־טומל. אַ סך גרויסע מאַלינעס זענען געבויט געוואָרן אין מיטן טאָג. דאָס ליים און די ציגל זענען געטראָגן געוואָרן אָפן, ווי אויף אַ רעמאָנט. נאָר יחידים האָבן געוואוסט, אַז מען בויט אַ מאַלינע.

וואו בויט מען אַ מאַלינע? — יעדעס אָרט וועלכעס מאַסקירט זיינע איינוואוינערס — איז גוט פאַר אַ מאַלינע.

אויף בוידעמער, אין קעלערס, אונטער אַלטע בנינים, אונטער מיסט־קאַסטנס, אונטער קלאָזעטן און אין קוימענס, אין ברונעמער, אין היילן — זענען געבויט געוואָרן מאַלינעס.

עס איז ניט געווען אַ הויף אין געטאָ אין וועלכן עס זענען ניט געווען קיין מאַלינע, אָדער אפילו עטלעכע מאַלינעס.

איינער פון די הויפּט־טיפּן מאַלינעס איז געווען אַ פאַרמאַסקירט צימער (אָדער טייל פון אַ צימער) באַדעקט מיט טאַפּעטן, פאַרשטעלט מיט אַן אַלמער אָדער אַ בופעט, דורך וועלכן עס האָט געפירט אַ קליינער אַריינגאַנג אין דער אַזוי גערופענער „שטוביקער מאַלינע". עס זענען געווען מענטשן, וועלכע פלעגן חדשימווייז אָפליגן אין אַזאַ מין מאַלינע. —

רייך מיט מאַלינעס איז געווען דער הויף פון געטאָ־שפּיטאָל, וועלכער האָט בעהאַט אַ סך שפּייכלערס און ניט באַוואוינטע בנינים.

דער הויף רודניצקע־גאַס 6 (פון יידן־ראַט) איז געווען ממש אַ נעץ פון מאַלינעס. דאָרטן איז אויך געווען אַ מאַלינע מיט אַן אַריינגאַנג דורך אַן אויוון, אין וועלכן עס איז געווען אַ דעקל, וואָס עפנט און פאַרמאַכט זיך עלעקטריש. אויך אויף סטראַשון־גאַס 2 און שפּיטאָל־גאַס 5 זענען געווען מאַלינעס מיט אַן אַריינגאַנג דורך באַק־אויוונס.

אַ מאַלינע פאַר אַכציק קינדער, מיט אַן אַריינגאַנג דורך אַ בלעכענעם אויוון, איז אויך אויסגעבויט געוואָרן אין יידישן אַרבעטער־בלאָק „קייליס״ אויסערן געטאָ. דאָרטן האָט מען אויסבאַהאַלטן די קינדער פון די הענט פון די דייטשע וויסנ־שאַפטלערס, וועלכע פלעגן באַנוצן זייער הויט פאַר קאָסמעטישע אָפּעראַציעס. דער בלעכענער אויוון פלעגט אַ גאַנצן טאָג געהייצט ווערן, בכדי עס זאָל ניט איינפאַלן דעם דייטש, אַז הינטער אים געפינט זיך ווער עס איז. דאָרטן אין דער דאָזיקער מאַלינע, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שול פאַר קינדער, דאָרטן איז פאַר זיי אויך אויסגעפירט געוואָרן אַ פאַרשטעלונג.

אינזשיניער מאַרקוס האָט מיר געוויזן אַ מאַלינע אויף רודניצקער־גאַס 6, איבערן בנין פון געטאָ־טעאַטער (פריער קליינער שטאָט־זאַל פון ווילנע), וועלכע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ „מאַלינע אין אַ מאַלינע״. אויף אַ גוט פאַרמאַסקירטן בוידעם, וועלכער האָט געדינט אַלס מאַלינע פאַר דריי הונדערט מענטשן, בשעת דער ערשטער אַקציע פון די „געלע שיינען״, און וועלכער איז ביי אַ צווייטער אַקציע דורכגעפאַלן — איז געווען אזא פאַרמאַסקירטע ווינקל, וואו עס האָבן געקענט ליגן אַ פאָר מענטשן, נאָר אויפן בויך, ניט קענענדיק זיך אפילו איבערקערן. אַזוי האָבן זיך די דאָזיקע עטלעכע מענטשן געראַטעוועט פון טויט, ווען עס איז אויפגעדעקט געוואָרן די הויפּט־מאַלינע אויפן בוידעם.

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ נומער צוויי, האָבן אַ סך יידן לאַנגע חדשים געלעבט דאָרטן אין מאַלינעס און פון צייט צו צייט פלעגט דער געטאָ נומער איינס אויפגעטרייסלט ווערן פון אַ ידיעה, אַז מען האָט ווידער אויפגעדעקט אַ מאַלינע אין געטאָ נומער צוויי און אַרויסגעפירט די אויסגעפונענע קיין פאָנאַר.

אין די מאַלינעס פלעגט דער עולם זיך אָנגרייטן שפּייז אויף לענגערע צייטן (ברויט, קאַרטאָפל, מעל, אַרבעס וכדומה), עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס, וואַסער אין עמערס, (טאָמער וועט מען איבעררייסן די וואַסער־לייטונג), אַנדערע האָבן אפילו צוגעגרייט ביכער צום לייענען.

אין אַ סך מאַלינעס, וועלכע זענען אַנטשטאַנען אין דער שפּעטערער תקופה אין געטאָ, זענען געווען ספּעציעלע עפענונגען צו די קוימענס, בכדי אַריינצולאָזן לופט; ווי אויך קליינע „מאַלינעס־אַפּטייקלעך״ מיט וואַטע, באַנדאַזשן, יאָד, וואַלעריאַן־טראָפּנס, אַספּירין־טאַבלעטן.

## אונזער מאַלינע אויף זאַוואַלנע 44

אונזער דירה, זאַוואַלנע־גאַס 44, האָט געהאַט אַ גרויסע מאַלינע, אין וועלכע עס האָבן געקענט אַריינגיין ביי אַ הונדערט מענטשן.

מיר האָבן געוואוינט אויף אַ מאַנסאַרד, פון אונז האָט געפירט אַ פינצטערער קאָרידאָר צו אַ קליין צימערל, נאָך וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער בוידעם.

אין קאָרידאָר איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ דיקע וואַנט פון ציגל מיט אַ קליינער עפענונג, וואָס פלעגט זיך קענען מיט אַ ספּעציעלן מעכאַניזם, אַרויפהויבן און אַראָפּ־לאָזן. אין דער עפענונג האָט מען געקענט אַריינגיין „אויף אַלע פיר״. הינטער דער עפענונג האָבן זיך געפונען דאָס צימערל מיטן בוידעם.

אין צ׳מער האָבן געוואוינט שטענדיק אַן אַרטיסט, זיין מוטער און אַן עלטערער ייד. זייער קומען אַהיים איז געווען שטענדיק פאַרבונדן מיט אַריינקריכן דורך דער מאַלינע־עפענונג.

במשך פון דער צייט, זענען איינגעפירט געוואָרן אין דער מאַלינע „מאָדערנע איינריכטונגען״, וואַסער, אָפּגוס, אָפּטריט, עלעקטריע, עלעקטרישע מאַשינקעס, בכדי צו קענען אויפקאָכן וואַסער, נאַרעס אויף צו קענען ליגן.

די קליינע עפענונג פון דער מאַלינע איז געווען מאַסקירט דורך אַ קלאָזעט־געביידע מיט אַן אַרויסטראָג־עמער.

אין דער דאָזיקער מאַלינע האָבן זיך הונדערטער מענטשן געראַטעוועט פון טויט בעת אַלע אַקציעס אין געטאָ.

ניט איינמאָל האָבן די ס״ס־לייט געקלאַפּט אין וואַנט פון דער מאַלינע, און ניט געכאַפּט זיך, וואו זי איז. זיי פלעגן זען פאַר זיך אַ קאָרידאָר, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ דיקער וואַנט. ביי דער וואַנט, אַן צימער מיט אַ טירל. עס עפנט זיך אַ טירל, אַ קלאָזעט־בענקל שטאַרק פאַרשמוצט, אונטער אים אַן עמער מיט אורין און קויט, אַרום און אַרום וואַלגערט זיך שמוציק פאַפּיר, אַלטע פלעשער. די ווענט באַדעקט מיט שפּינוועבס. זיי האָבן זיך ניט געכאַפּט, אַז הינטער דעם עמער געפינט זיך די עפענונג פון דער מאַלינע.

נאָר איינמאָל האָט די מאַלינע זיך כמעט פאַרשאָטן. —

די פענצטער פון דער בוידעם־מאַלינע זענען אַרויס אויסערן געטאָ. יעדע נאַכט פלעגן אַלע פענצטער פון געטאָ מוזן פאַרטונקלט ווערן מיט שוואַרצע טיכער, בכדי מען זאָל ניט קענען געבן קיין סמנים דעם שונא בשעת אַ לופט־אָנגריף. דאָס פלעגט זייער שטרענג אָפּגעהיט ווערן און קאָנטראָלירט דורך דער געטאָ־פּאָליציי, דורך דעם בלאָק־קאָמענדאַנט, הויף־קאָמענדאַנט און שטוב־קאָמענדאַנטינס.

צו דער בוידעם־מאַלינע איז אַזאַ קאָנטראָל ניט דערגאַנגען. —

איינמאָל, אַ פרייטיק פאַרנאַכט, האָבן די זקנים, וואָס האָבן געוואוינט אין דער מאַלינע פאַרגעסן צו פאַרטונקלען די פענצטער, און זיי האָבן ווי געוויינלעך, יעדן פרייטאָג צו נאַכט, געבענטשט ליכט און געשטעלט זיך דאַווענען מעריב.

האָט פון פאַרטונקלטן געטאָ אַרויסגעווינקען אין דער נאַכט צו דער שטאָט — די שבת־קידוש־ליכט פון אַ מאַלינע.

אַ פאַרבייגייענדיקער דייטש האָט באַמערקט: עס שיינט פון געטאָ אַ ליכט אין דער נאַכט־פאַרטונקלונג. האָט ער אַלאַרמירט די געטאָ־פּאָליציי און אָנגעוויזן איר וואו אַן ערך עס שיינט דאָס ליכט.

איז געקומען די פּאָליציי מיט אַ טומל אויף זאַוואַלנע־גאַס 44: ס׳טייטש עס ברענט ביי אייך אַ ליכט אין דער נאַכט־פינצטערניש — האָבן אַלע איינוואוינער געענטפערט, אַז זיי ווייסן ניט פון וואָס צו זאָגן, זאָל מען קאָנטראָלירן. אַלע פענצטער זענען פאַרטונקלט מיט שוואַרצע טיכער.

דער פּאָליציסט האָט געזאָגט: איר האָט דאָ מסתמא אַ מאַלינע, פון וואַנעט עס גייט אַרויס ליכט! ער האָט זי געזוכט און ניט געפונען. —

אָבער פון יענעם מאָל אָן פלעגן די יידן גיין מיט שרעק אין דער מאַלינע, און זיי האָבן שטענדיק מורא געהאַט, צי וועט אַמאָל ניט אַרויסקומען אַ צרה פון

דעם, וואָס דער פּאָליציסט ווייס, אַז עפּעס וואו, נעבן אונזער דירה, האָט געברענט אַ ליכט פון אַ באַהאַלטענעם צימער.

## מאַלינעס אויסערן געטאָ

אַז עס זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן ליקווידאַציע פון אַנדערע געטאָס און וועגן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט דער עולם דערזען, אַז די מאַלינעס, וואָס האָבן געשיצט טויזנטער, טויזנטער יידן ביי אַקציעס, וועלן זיי ניט שיצן אין טאָג פון ליקווידאַציע, ווען די דייטשן וועלן באָמבאַרדירן דעם געטאָ און צווישן די חורבות וועלן די ליטווישע „איפּאַטינגאַ"־באַפּערס אויסזוכן די לעצטע אויסבאַהאַלטענע יידן.

מען האָט אָנגעהויבן אין שטאָט בויען מאַלינעס צו וועלכע עס האָט געפירט אַ דורכגאַנג פון געטאָ.

פון הויף קאַרמעליטן-גאַס 3 האָט געפירט אַן אונטערערדישער וועג צו אַ מאַלינע, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער אַ פּוילישער סטאָלעריי אויף קאַרמעליטן־גאַס 2 (וועלכע איז שוין געווען אויסערן געטאָ).

פון יידישן געטאָ־שפּיטאָל האָט געפירט אַן אונטערערדישער וועג צו דער כאָר־שול אויף זאַוואַלנע־גאַס.

פון הויף רודניצקער-גאַס 6 האָט געפירט אַ הייל צום מאָנאַסטיר פון אַלע הייליקע אויף רודניצקער־גאַס.

פון דיקאַשע-גאַס 29 איז געווען אַן אונטערערדישער וועג אין געטאָ נומער צוויי. דער אינזשעניער ספּאָקאָיני האָט אויסגעבויט אַ גאַנצע נעץ פון אויסטערלישע אונטערערדישע וועגן, וועלכע האָבן געפירט פון רודניצקער־גאַס צו די רערן פון קאַנאַליזאַציע.

אַ סך מענטשן האָבן זיך געדונגען מאַלינעס (פאַר גאָלד און אַנדערע ווערט־זאַכן) ביי פּאָליאַקן אויסערן געטאָ. זיי זענען אַרויס וואוינען דאָרטן פאַר דער געטאָ־ליקווידאַציע, און אויסבאַהאַלטן זיך לאַנגע חדשים אויף בוידעמער און אין קעלערן. נאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָט דערלעבט דעם טאָג פון דער פרייהייט, די אַנדערע זענען אומגעקומען דורך פּראָוואָקאַציעס פון פּוילישע שכנים און די רעוויזיעס פון דייטשן.

## דאָס לעבן אין די מאַלינעס

שווער, אומבאַשרייבלעך שווער איז געווען יעדע מינוט פון לעבן אין די מאַ־לינעס. בשעת אַן אַקציע, פלעגן די מאַלינעס ווערן אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. גיך פלעגט אויסקלעפּן לופט, עס פלעגט דערגיין צו אַזאַ מצב פון לופט־מאַנגל, אַז עס איז געווען שווער אַ שוועבעלע אָנצוצינדן. די מענטשן פלעגן ליגן פאַרחלשטע, אין אַ צושטאַנד פון צעטומלונג. עס זענען געווען אַ סך פאַלן, ווען מענטשן פלעגן אויפדעקן די עפענונג פון דער מאַלינע, בכדי אַריינצולאָזן אַ ביסל לופט. אָפט פלעגט דאַן דורכפאַלן די מאַלינע. אַזאַ פאַל איז מיר באַקאַנט מיט דער קעלער־מאַלינע פון זאַוואַלנע-גאַס 44 (מעדיצינישער בלאָק), ווען אַ סך צענדליקער מענטשן

זענען אַנטדעקט געוואָרן אין מאָמענט, ווען זיי האָבן ניט געקענט שוין מער אויס־האַלטן פון לופט־מאַנגל און זיי האָבן געעפנט די צודעק פון דער מאַלינע.

טראַגיש איז געווען די לאַגע אין די מאַלינעס, וואו עס האָבן זיך געפונען קליינע קינדער. זייער געוויין פלעגט אַרויסגעבן די מאַלינעס. אָפט אין מיטן טויט־געשפּאַנטקייט; ווען עס דערנענטערט זיך שוין געשטאַפּאָ צו דער מאַלינע, דערהערט זיך פּלוצעם אַ געוויין פון אַ קינד. וואָס זאָל מען טאָן? די מאַלינע־איינוואוינער פאַרשטאָפּן דאָס מויל פון קינד מיט אַ קישעלע. דאָס קינד ראַנגלט זיך. מען פאַר־שטאָפּט שטאַרקער. די דייטשן גייען אַוועק. דאָס קינד איז טויט־בלוי.

מ׳איז אויסגעקומען אַ סך מאָל צו פאַרשרייבן שלאָף-מיטלען פאַר עלטערן, וועלכע האָבן קליינע קינדער. בשעת אַן אַקציע, פאַרן גיין אין מאַלינע, פלעגן זיי פאַרשלעפערן די קינדער מיט שלאָף־געטראַנק און פאַרהיטן דערמיט די מאַלינע און די קינדער פון אַן אומגליק.

די מאַלינע־איינוואוינערס פלעגן געוועהנלעך באַשטימען צווישן זיך אַ „מאַלינע־קאָמענדאַנט״, וועלכער פלעגט אויפהאַלטן די דיסציפּלין אין דער מאַלינע, אָנווייזן פאַר יעדן זיין פּלאַץ, פאַרטיילן די קאָלעקטיווע פּראָדוקטן און דאָס ביסל וואַסער, באַשטימען ווען צו עפענען די מאַלינע. דער „מאַלינע־קאָמענדאַנט״ האָט געהאַט אַ דיקטאַטאָריש רעכט.

די נערוועזישקייט אין די מאַלינעס איז דערגאַנגען צו די העכסטע שטופן. עס פלעגן אויסברעכן פאַלן פון מאַסן־פּסיכאָזן.

עס זענען אויך געווען פאַלן ווען אַ מאַלינע פלעגט דורכפאַלן וועגן אַ טויט־פאַל פון אַ מענטש. זיין קערפּער פלעגט זיך שוין אָנהייבן פונאַנדערצולייגן, מען פלעגט מוזן עפענען די מאַלינע, בכדי אים מקבר צו זיין. די מאַלינע פלעגט דאַן פאַרשיט ווערן.

## אין די קאַנאַליזאַציע־רערן נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, זענען זייער אַ סך מאַלינעס אַנטדעקט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ אין ליטווישער „איפּאַטינגאַ״.

אַ סך מענטשן האָבן זיך דאַן אויסבאַהאַלטן אין די קאַנאַליזאַציע־רערן.

דאָס דאָזיקע קאַפּיטל האָב איך שוין פערזענלעך ניט דורכגעמאַכט, עס האָבן מיר דערציילט נאָך דער באַפרייאונג עטלעכע געראַטעוועטע דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן אַ גאַנצע ריי פּרטים וועגן זייער לעבן דאָרט.

מען פלעגט גיין אין די רערן אין דער פינצטערניש. מיט דער צייט האָט מען זיך צוגעוואוינט צו זיי, און געגעבן די רערן נעמען לויט די גאַסן, אונטער וועלכע זיי זענען געלעגן. אָפט פלעגט אָנלויפן אַ שטראָם וואַסער, פלעגן זיי מוזן מיט אַלע כוחות אָנהאַלטן זיך אין די רערן־ווענט, בכדי ניט מיטגעטראָגן צו ווערן מיטן שטראָם.

ביינאַכט פלעגט מען אַרויסגיין פון די קאַנאַליזאַציע־רערן זוכן שפּייז. מיט דער צייט האָבן אַנדערע געפונען באַקאַנטע קריסטן, בשכנות פון די רערן און אויס־געבויט זיך ביי זיי מאַלינעס, מיט אונטערערדישע פאַרבינדונגען צו די קאַנאַלי־זאַציע־רערן. זיי פלעגן לעבן דאַן אין די מאַלינעס (וואו עס איז געווען וואַרעמער) און בשעת אַ סכנה — אַנטלויפן פון דאָרטן אין די קאַנאַליזאַציע־רערן.

ווי מען האָט מיר דערציילט, איז געשאַפן געוואָרן דורך די אויסבאַהאַלטענע

אין די רערן זוז מאַלינעס (אין יאָר צווישן דער ליקווידאַציע פון געטאָ ביז דער באַפרייאונג, אַ שול צו יאָוועגען — ווי אויך אַ קליינער בית־עולם אין אַ מאַלינע אויף גלעזער־גאַס 9.

מען האָט מיר אויך דערציילט, אַז אין יענער קאַנאַליזאַציע־רערן־עפּאָכע האָבן די „נסתרים" געשריבן טאָג־ביכער, איינגעאָרדנט שמחות (חנוכה, ערשטער מאַי) און געשאַפן מוזיק־קאָמפּאָזיציעס און לידער.

מיטן אַריינקומען פון דער סאָוויעטישער אַרמיע זענען זיי אַרויס אויף דער פריי.

## דיכטונגען און פאָלקלאָר וועגן די מאַלינעס

אַ סך לידער און ווערק, געשאַפענע אין געטאָ, האָבן באַשריבן דאָס לעבן אין די מאַלינעס. איך וויל אויסרעכענען דאָ:

דער דיכטער ישראל דימענטמאַן, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ העברעאישע נאָוועלע „עד השער", וואו די הויפּט־אַקציע קומט פאָר אין אַ מאַלינע פון געטאָ נומער צוויי פאַר זיין ליקווידאַציע.

דער דיכטער א. אפּעסקין, האָט אָנגעשריבן אַ ליד „דער ייד פון דער מאַלינע", וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די קינדער אין געטאָ.

די יונגע דיכטערין סאלא וואַקסמאַן (קטנה) האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע אויף פּויליש, אין וועלכער זי שילדערט טיילוויז דאָס לעבן אין אַ געטאָ־מאַלינע.

אין די לידער „טרעפּ, טרעפּ, טרעפּ!...", „מיר זענען אין מאַלינעס געזעסן", זענען באַשריבן געוואָרן די געפילן פון די מענטשן אין אַ מאַלינע בשעת די אַקציעס.

די לערער פון די פאָלקס־שולן האָבן אָנגעזאַמלט זייער אַ גרויסע צאָל באַשרייבונגען פון די קינדער וועגן זייערע איבערלעבונגען אין די מאַלינעס.

עס האָבן זיך געשאַפן אַ גאַנצע ריי נייע ווערטער:

איך בין געווען גוט פאַרמאַלינעוועט.

איך האָב אַריינגעמאַלינעוועט קאַרטאָפל אין געטאָ.

ער איז אַ מייסטער, אַ מאַלינטשיק.

עס זענען אומגעגאַנגען אַ גאַנצע ריי ווערטלעך וועגן דער מאַלינע:

אַ גוטע מאַלינע איז דער בעסטער שיין.

די פרוי פון לערער ה. סטאָליצקי האָט געבוירן איר קינד אין אַ מאַלינע, האָט זי עס אַ נאָמען געגעבן: מאַלינע.

## מאַלינעס אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג

די מאַלינעס האָבן אויך געדינט דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. אין מאַלינעס פלעגט מען איינאָרדענען געהיימע פאַרזאַמלונגען און געווער־איבונגען.

אין מאַלינעס פלעגן געזאַמלט ווערן דאָקומענטן און קולטור־ווערק.

אין די מאַלינעס זענען געזאַמלט געוואָרן די געהיימע געווער־אַרסענאַלן פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן זענען אַרויס די לעצטע גרופּעס געטאָ־ווידערשטאַנדלער אין וואַלד אַריין.

# אין די טעג פון די געלע שיינען

עס איז געווען אין אָקטאָבער 1941, אַ חודש נאָכן אַריינגיין אין געטאָ.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ אַ קלאַנג: אַלע ביז איצטיקע „שיינען" ווערן אומגילטיק. עס ווערט אַריינגעפירט אַ נייער שיין — דער „געלער שיין". זיינע באַזיצער זענען גאַראַנטירט אויף אַ לענגערע צייט מיטן לעבן. עס ווערן אַרויסגעגעבן נאָר דריי טויזנט „געלע שיינען". אַ שיין איז גילטיק פאַר משפּחה־מענער מיט זייערע פרויען און צוויי קינדער ביז זעכצן יאָר. צוזאַמען ווערן אַלזאָ פון די „געלע שיינען" געניסן פון צען טויזנט ביז צוועלף טויזנט מאַן.

אין געטאָ איז אָבער דאָ אַן ערך דריי און צוואַנציק טויזנט מענטשן. טאָ וואָס דשע וועט זיין מיט די איבעריקע?

דער געטאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז גלייך נאָכן אַרויסגעבן די „געלע שיינען", וועט אַ העלפט געטאָ־איינוואוינער פאַרניכטעט ווערן.

די גרינדלעכקייט ביים אויספירן די פאָרמאַליטעטן פון יעדן שיין, די שווערי־קייטן אים צו באַקומען, די גענויע רעגיסטראַציעס לויט פאַכן, וואָס מען האָט דאַן דורכגעפירט אין געטאָ — האָבן באַוויזן אַלעמען, אַז דאָ גרייט זיך אַן ערנסטע, מעטאָדישע סעלעקציע און צעטיילונג פון געטאָ: אַ העלפט צום לעבן, און אַ העלפט צום טויט.

אויף די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס זענען פאָרגעקומען רעדוקציעס. פאַר די געבלי־בענע ספּעציאַליסטן, פאַכמענער אָדער מענטשן מיט פּראָטעקציע, האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן „געלע שיינען". די איבעריקע האָבן פאַרלוירן דאָס רעכט אויפן שיין און אויפן לעבן...

די רעדוצירטע האָבן זיך גלייך דערשפּירט — ווי פאַרמשפּטע צום טויט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע פּאַניק און בהלה צו קריגן אַ „געלן שיין". מען האָט געצאָלט גרויסע פרייזן, אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע דעם, וואָס קען שאַפן פּראָטעקציע, בכדי צו קריגן אַ געלן שיין, אָדער קען צושרייבן צו זיך אַ פרוי (אָדער פאַרקערט).

מער ווי צוויי קינדער האָט אַ „געלער שיין" ניט געטאָרט האָבן. האָט זיך אָנ־געהויבן אַ בהלה מיט קינדער־צושרייבענישן און אָפּשרייבענישן.

דער וואָס האָט געהאַט מער קינדער ווי צוויי — פלעגט זיי צושרייבן צום „געלן שיין" פון אַ צווייטער פּערזאָן, אַלס יענעמס קינדער. ווער עס האָט ניט געהאַט קיין קינדער — האָט צו זיך צוגעשריבן פרעמדע קינדער, בכדי וואָס מער מענטשן צו ראַטעווען פון דער שחיטה.

## דער גורל

אין זייער אַ געדריקטער שטימונג זענען אַריינגעפאַלן די אַרבעטער פון די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן. פאַר זיי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן זייער אַ קליינע צאָל „געלע שיינען".

די לערערס, אַלע צוזאַמען, האָבן באַקומען אויף זייער חלק — נאָר צען „שיינען". אַלע איבעריקע הייסט עס דאַרפן אומקומען. אָליצקי איז געלאָפן אַ פאַר־חושכטער — ער קען ניט אָפּראַטעווען זיינע לערערס.

אויך זייער קליין איז געווען די צאָל „שיינען" פאַר די דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטערס און סאַניטאַרן. פרוי דאָקטאָר כאַלעם האָט געקענט דעם דייטשן שטאָט־דאָקטאָר נאָך פון די אוניווערסיטעטס־יאָרן, ווען זיי האָבן צוזאַמען שטודירט — האָט זי ביי אים אויסגעפועלט נאָך אַביסל „שיינען" פאַר דעם מעדיצינישן פערסאָנאַל. אָבער עס איז געווען ווייט ניט גענוגנד. דאָקטוירים האָבן צוגעשריבן צו זיך קראַנקען־שוועסטערס אַלס פרויען, סאַניטאַרינס האָבן צוגעשריבן דאָקטוירים אַלס מענער. נאָר עס איז אַלץ ניט געווען גענוג די צאָל פון די „געלע שיינען".

אין אַ צימער פון יידן־ראַט איז געזעסן די קאָמיסיע, וועלכע האָט דעצידירט וועגן די שיינען.

און אַז מען האָט געוואָרפן גורל צווישן מיר און מיין פריינד, דעם דאָקטאָר קאַלאָדנער — זענען מיר ביידע געזעסן אין האַלב טונקעלן קאָרידאָר פון יידן-ראַט און געוואַרט אויפן אורטייל. געוואַרט, און צוזאַמען געשמועסט, און געוואוסט האָט יעדער איינער פון אונז, אַז דער צעטל, דער לעבן-שיין פאַר איינעם, איז אַ גזר-דין צום טויט פאַרן צווייטן.

און פאַרוואָס עפּעס אַ גורל דוקא צווישן אונז ביידן — צוויי גוטע פריינד פון כמה יאָרן ? — —

צווישן די גורל-וואַרפערס זענען געווען דאָקטאָר אייזיק גאָלדבורט פון ווילנע און דאָקטאָר לאַזאַר פינקעלשטיין פון קאָוונע.

איז אַרויסגעצויגן געוואָרן פאַר מיר דער צעטל צום לעבן —

און מיין פריינד איז געבליבן פאַרמשפט — —

האָב איך געשעמט זיך אויפהויבן פאַר אים די אויגן — און איך האָב דאָך גענומען דעם שיין פאַר זיך, פאַר מיין פרוי און צו ראַטעווען מיין שוועסטער.

(און געוואוסט האָב איך — אַז ווען עס וואָלט אויסגעפאַלן דער שיין פאַר מיין פריינד דאָקטאָר קאַלאָדנער, וואָלט ער זיך געשעמט אויפצוהויבן די אויגן — און וואָלט דאָך גענומען דעם שיין, פאַר זיך, פאַר זיין פרוי און פאַר נאָך וועמען עס איז).

האָט ער מיר געגעבן די האַנט צום געזעגענונג און געזאָגט, אַז ניט איך בין שולדיק אין דעם, וואָס ער האָט ניט באַקומען דעם שיין. עס איז געווען אַזאַ גורל — — —

## שיין נומער 777

מען האָט אויסגערופן מיין נאָמען. איך בין אַריין אין צימער — און באַקומען מיין געלן שיין נומער 777 — מיין לעבנס־שיין.

איך בין אַרויס מיטן שיין. עס האָבן מיך באַגלייט די בליקן פון די אַלע, וואָס האָבן קיין שיין ניט באַקומען, און ווילדער יאוש איז געלעגן אין זייערע אויגן:

וואָס וועט איצט זיין? דאַרף מען גיין צום טויט? יונג, און פריש און לעבנספּעאיק — און צום טויט? ווי אַ הונט — קיין פּאָנאַר? — — —

ביי די טרעפּ האָט מיך דערוואַרט מיין פרוי:

— דו האָסט באַקומען דעם געלן שיין! מיר בלייבן לעבן!

— עס איז נאָך די געשיכטע ניט געענדיקט. ווער ווייס, וואָס עס דערוואַרט נאָך אַלעמען. יאָ: היינט צו טאָג בלייבן מיר לעבן — אָבער דאָקטאָר קאַלאָדנער און זיין פרוי? — —

זענען מיר ביידע אַוועק שטיל, ווי נאָך אַ לויה, און דער שיין, וועלכן איך האָב באַהאַלטן אין אַ ברוסט־טאַש, האָט מיך געברענט ווי אַ צייכן פון קין...

און אַז עס איז אָנגעקומען די אַקציע האָט זיך דאָקטאָר קאַלאָדנער מיט דער פרוי באַהאַלטן אין אַ מאַלינע. מען האָט זיי אָבער געפונען און געפירט אין אַ פּאַרטיע קיין פּאָנאַר.

ביים טויער פון געטאָ האָט זיי דערקענט דער יידישער פּאָליציסט, דער געוועזענער פוילישער מאַיאָר פרוכט — און ער האָט זיי געראַטעוועט.

און מיר האָבן שפּעטער ביידע פריינדלעך מיטגעאַרבעט די גאַנצע צייט פון געטאָ אין דער סאַניטאַרער־עפּידעמאָלאָגישער אָפּטיילונג, אין שול־מעדיצינישן צענטער און צוזאַמען געהאַלטן רעפעראַטן פאַר עלטערן און קינדער — ווי אָפּצו־היטן דאָס געזונט אין געטאָ.

דער גורל האָט אונז ווידער צוזאַמענגעטראָפן אין קאָנצענטראַציע לאַגער קור־רעמע, אין עסטלאַנד, וואו ער האָט מיך געהיילט פון פלעק־טיפוס.

דער גורל האָט אונז צוזאַמענגעטראָפן אויפן גרויסן עוואַקואַציע־מאַרש פון קורעמע אין ריכטונג גאָלדפילק, וואו מיר האָבן זיך ביידע געהאַלטן דעם גאַנצן וועג אונטערן האַנט, בכדי ניט צו פאַלן בשעת דעם אומענדלעכן מאַרש אין שניי און ווינט.

דער גורל האָט אונז צוזאַמענגעבראַכט אין לאַגער גאָלדפילק, וואו מיר זענען געשלאָפן קאָפּ בײַ קאָפּ אויף די האַרטע ברעטער, געטיילט זיך מיט דער פּאָרציע ברויט אין מאַראַריין — און צוזאַמען געפּראַוועט אַ טרויעריקע סדר־נאַכט אין לאַגער, און צוזאַמען געלייענט די מגילה פון המנס מפּלה. — — —

## די נאַכט פון די געלע שיינען

ס׳איז געווען די נאַכט פון 23סטן אָקטאָבער 1941.

דער געטאָ איז געווען אין אַ געפּרעסטער דערוואַרטונג. באַלד דאַרף אויסברעכן די אַקציע. גאַנצע טעג און נעכט האָבן זיך געהערט פון קעלערס און בוידעמער קלעפּ פון העק. מען האָט געבויט מאַלינעס.

אויף אונזער מאַנסאַרדע אויף זאַוואַלנע־גאַס 44 איז געווען אַ בית־עלמין־שטימונג. די מערהייט איינוואוינערס איז געבליבן אָן „געלע שיינען". אונזער מאַלינע

איז פאַרטיק. מען קלאַפּט אַריין די לעצטע ברעטלעך און מען מאַסקירט זי מיט צעבראַ־כענע פלעשער. צי וועט אויסהאַלטן די מאַלינע? וועלן זיך די מענטשן אין איר ראַטעווען? — — —

איך דערשפּיר פּלוצעם אַ שניידנדיקן ווייטיק אין דער רעכטער זייט, ווי אַ מעסער אַריינגעשטעקט אין לייב. עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. איך קען ניט זיך זעצן און ניט שטיין. איך קאָנטראָליר זיך אַליין. ניין, ס׳איז ניט קיין אַפּענדיציט. כ׳לייג זיך אויף דער ערד און קרעכץ אין דער שטיל. די שטוביקע באַמערקן, פירן מיך אַוועק אין געטאָ־שפּיטאָל.

אין שפּיטאָל אַ ווירוואַר. מען רעדט נערוועאיש, מען דערוואַרט.

ס׳איז ניט איצט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט אַ קראַנקען חבר. מען לייגט מיך אַריין אין אַ בעטל און מען מאַכט מיר אַן איינשפּריצונג צו שטילן דעם ווייטיק, וואָרשיינלעך מאָרפיום — און מען לאָזט מיך אַליין —

כ׳שפּיר ווי ס׳ווערט מיר גוט. אַלע דאגות אַנטלויפן. עפּעס וויגט זיך. עפּעס דרייט זיך. אַלץ פרייט זיך. עס איז מיר לייכט, לייכט, — כ׳שלאָף איין...

פּלוצעם — איך הער די שטים פון מיין פרוי:

— שטיי אויף, שטיי אויף! אין אַ פּאָר שעה אַרום קומט פאַר די אַקציע אין געטאָ!

כ׳וועק זיך אויף.

דאָס גאַנצע שפּיטאָל איז באַהערשט מיט אַ ווילדער פּאַניק. די קראַנקע לויפן צעטומלט. וואָס זאָלן זיי טאָן? זיי האָבן ניט קיין „געלע שיינען“!

מיין פרוי דערציילט מיר:

— די געטאָ־פּאָליציי האָט אָקאָרשט געמאָלדן: אַלע וואָס האָבן געלע שיינען דאַרפן זיך שטעלן מיט זייערע משפּחות אין די געטאָ־פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן, וועלכע וועלן זיין טעטיק די גאַנצע נאַכט. דאָרטן וועט מען אַרויסגעבן פאַר די פרויען און קינדער בלויע צעטלעך... די געלע שיינען און די בלויע צעטלען וועלן האָבן לעבנס־רעכט. די איבעריקע פאַרשטייט מען אַליין — — —

אַ בלויער צעטל אַליין, אָן דער באַגלייטונג פון אַ געלן שיין, וועט נישט ראַטעווען פון טויט.

עס לויפט אָן מיין שוועסטערל שפרה:

— פאַרשרייב מיך אַלס טאָכטער, כ׳האָב שוין געפינען עדות, וועלכע וועלן באַשטעטיקן, אַז איך בין דיין טאָכטער.

מיר נעמען זיך אָן ביי די הענט און גייען אַרויס פון שפּיטאָל. מיינע פיס זענען נאָך וואַקלענדיק פון דער שלעפערונגס־איינשפּריצונג. נאָר מיר גייען.

אַ העלע לבנה באַגיסט מיט אַ זילבער־כשוף דאָס גאַנצע געטאָ. אין לבנה־ליכט לויפן מענטשן צעטומלטע. אין לבנה־ליכט זעען זיך גרופּקעס ביי קעלערן, ביי בוידעמער, אויף טרעפּ. מען באַראַט זיך. מען סודעט זיך. מען מאַכט פּעקלעך. מען לויפט אין די מאַלינעס — און די וואָס האָבן ניט וואוהין — לויפן צו שכנים, בעטן רחמים מען זאָל זיי אַריינגעמען אין זייער באַהעלטעניש.

און אָט ווערט די לבנה באַהאַלטן און אַ געדיכטער חושך באַדעקט דעם געטאָ.

אין דער שטאָק־פינצטערניש ציען זיך מענטשן־שטראָמען צו די קאָמיסאַריאַטן. פון צייט צו צייט גיט אַ בליץ עפּעס אַ ליכטיקייט. אימיצער צינדט אָן אַ שוועבעלע, בכדי צו אָריענטירן זיך וואו מען איז.

אין דער שפּיטאָל־גאַס נומער 11. אין געטאָ־פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. מיין שוועסטער — איז מיין טאָכטער. עדות באַשטעטיקן עס. עס איז אַן אונטערשיד צווישן איר און מיין פרוי אין אַכט יאָר — זי איז פון אַן אַנדערער פרוי... עדות באַשטעטיקן דאָס. זיי ווערן אויפגעשריבן אויף מיין געלן שיין אַלס פרוי און טאָכטער און באַקומען בלויע צעטלען.

ביי דער פּאָליציי אַנטשטייען נייע טאַטעס, מאַמעס, קינדער.

אַלע באַהאַלטן זאָרגפול די שיינען און די בלויע צעטלען — דאָס איז איצט — דאָס לעבן. מיר גייען צוריק.

— מיר דריי האָבן שוין שיינען, אָבער דער טאַטע, די מאַמע? — — —

די עלטערן באַגעגענען אונז: זאָל זיין וואָס וועט זיין. אַבי איר קינדער זייט באַזאָרגט מיט שיינען. בלייבט איר כאָטש ביים לעבן — — —

יענע נאַכט האָט מען אָנגערופן אין געטאָ: די נאַכט פון די געלע שיינען.

## איך געזעגן זיך מיט די עלטערן

פרייטאָג, דעם 24סטן אָקטאָבער 1941. ס'איז נאָך פינצטער, נאָר פון ווייטן גרויען שוין די געדימין־בערג.

געטאָ־פּאָליציי לויפט איבער די הויפן און זאָגט אָן:

— אַלע אַרבעטער פון די קאָמאַנדאָס, באַזיצערס פון די געלע שיינען, מיט זייערע משפחה־מיטגלידער, וועלכע האָבן בלויע צעטלען — אַלע זאָלן זיך שטעלן נעבן טויער פון געטאָ —

— אַלע אָנגעשטעלטע פון יידן־ראַט־אַנשטאַלטן — געלע שיינען און בלויע צעטלען — קלייבן זיך אויפן יידן־ראַט־הויף. —

— אַלע זאָלן מיטנעמען פעקלעך, ווייל עס קען זיין מען וועט דאַרפן אַרויסגיין פון געטאָ. אַלע דאַרפן זיין גרייט ביז זעקס פאַרטאָגס.

עס קומען אָן די לעצטע שעהן פאַר דער צעשיידונג.

אויף דער מאַנסאַרדע זאַוואַלנע־גאַס 44 — אַלע געגרייט מיט פעקלעך, ווער צו דער מאַלינע, ווער צום געטאָ־טויער, ווער צום יידן־ראַט־הויף. מען וויינט, מען געזעגנט זיך. מען ווינטשט זיך טרעפן לעבעדיקערהייט. מען בעט איינער דעם אַנדערן מחילה.

אויף די טרעפּ געזעגענען מיר זיך מיט די עלטערן.

דער פאָטער זאָגט:

— האַלט זיך צוזאַמען, איצט ביסטו דער טאַטע. שפרה איז דיין טאָכטער — און אויב עס איז מיר באַשערט פאַנאַר — וועל איך פון פאָנאַר שיקן מיין ברכה — אָן געדענקט: איך האָב אַ שוועסטער אין רחובות, מלכה ראַבינאָוויטש, און אַ ברודער אין חיפה, איזידאָר דוואָרזשעצקי. און אַ שוועסטער אין אַמעריקע, סימע לוריע. זאָלסט זיי איבערגעבן אַ גרוס פון מיר פון דער היינטיקער נאַכט.

און די מוטער זאָגט:

— האַלט זיך קינדער צוזאַמען. זאָל כאָטש איך זיין באַשערט דאָס לעבן. איר זענט נאָך יונג. און געדענקט: איך האָב אַ ברידער איז ירושלים, משה רו־מאַנאָוו, און אַ ברודער אין ניו־יאָרק, פּנחס רומאַנאָוו און צוויי שוועסטערס אין ניו־יאָרק, יהודית און חנה. זאָלסט זיי איבערגעבן אַ גרוס פון מיר פון דער היינטיקער נאַכט.

מיר צעקושן זיך אַלע און מיר צעגייען זיך וויינענדיק. — מיר דריי צום יידן־ראַט־הויף — די עלטערן צו דער מאַלינע.

## אין געטאָ־זאַל

די אַרבעטער אין די קאָמאַנדאָס (געלע שיינען), צוזאַמען מיט זייערע משפחות (בלויע צעטלען), ציען צום געטאָ-טויער. —

די שיינלאָזע — אין די מאַלינעס.

די אָנגעשטעלטע פון די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן שטייען צונויפגעזאַמלט.

אויפן הויף פון יידן-ראַט, רודניצקער גאַס 6, ביים טויער פון געטאָ-טעאַטער (אַמאָליקער קליינשטאָט-זאַל). דאָרט שטייט די געטאָ-פּאָליציי און פּירט דורך אַ קאָנטראָלע, זי לאָזט אַריין אין זאַל אַלע, וואָס האָבן געלע שיינען און בלויע צעטלען. פּאָליציסטן ווערן אַריינגעלאָזן ניט נאָר מיט זייערע פרויען און קינדער — בלויע שיינען, נאָר אויך מיט די גאַנצע משפחות, עלטערן, ברודער און שוועסטערס; דאָס איז זייער פּריווילעגיע, דער פּרייז פאַרן העלפן דעם דייטש אַדורכצופירן אין אָרדנונג די אַקציע — — —

אין געטאָ־זאַל ליגן אַלע צונויפגעפּאַקט אויף דער ערד ווי אין אַ שטייג, משפּחה ביי משפּחה, יעדער געלער שיין נעבן זיינע בלויע צעטלען, קאָפּ ביי קאָפּ.

פון דרויסן הויבט אָן אַריינצוגרויען דער פרימאָרגן. אַ ידיעה לויפט דורך דורכן זאַל:

— אין געטאָ זענען אַריין די געשטאַפּאָ־לייט מיט די ליטווישע זעלנערס. עס הויבט זיך אָן די אַקציע.

און אין אַ פּאָר שעה אַרום האָבן מיר שוין פון וויטן געזען אויף רודניצקער־גאַס פאַרטיעס נאָך פאַרטיעס יידן געפירט צום טויער.

נעבן מיר זיצט דער שריפטשטעלער ז. קאַלמאַנאָוויטש, שוואַרץ ווי די ערד און שעפּטשעט ווי צו זיך אַליין:

— אָט אַזוי פירט מען אונזער פאָלק! — — —

און שפּעטער איז געוואָרן שטיל. און עס זענען געלאָפן שעהן אין דער שטילקייט. נאָר פּאָליציסטן פלעגן אָנקומען יעדע ווײַלע מיט אַ נייס:

— אַלע אַרבעטער פון די קאָמאַנדאָס מיט זייערע משפּחות האָט מען אַרויס־געפירט צו די אַרבעטס-פּלעצער. די געלע שיינען מיט די בלויע צעטלען ראַטעווען דאָס לעבן!

— עס איז דורכגעפאַלן אַ מאַלינע פון זיבציק מאַן.

— אַנטדעקט אַ מאַלינע פון דריי הונדערט מאַן!

— דורכגעפאַלן אַ קעלער אויף זאַוואַלנע־גאַס 44.

— שוין אַרויסגעפירט טויזנט מאַן „ווייסע שיינען“.

— מען ברעכט איצטער אַ מאַלינע אויף רודניצקע־גאַס 11.

— אויפגעבראָכן די מאַלינע און קיינעם ניט געפונען. די מענטשן האָבן זיך באַצייטנס באַהאַלטן אין אַן אַנדער מאַלינע.



פיר נאָכמיטאָג. מען הייסט אונז אַרויסגיין אַלעמען אויפן געטאָ־הויף, מען ציילט, מען קאָנטראָלירט די שיינען, די צעטלען. ליטווישע זעלנערס מיט קאָלבן יאָגן אונז אַרום איבערן הויף, כאַפּן אַרויס די ווייסע שיינען, וועלכע רייסן זיך אַריין צווישן די רייען פון די געלע שיינען.

כ׳זע פון ווייטן ליטווישע זעלנערס יאָגן דעם שריפטשטעלער חיים לעווין, דעם לאַנג־יאָריקן רעדאַקטאָר פון דער ווילנער ציוניסטישער צייטונג „צייט". ער לויפט, און צוזאַמען מיט אים — זיין משפחה. מער האָב איך אים שוין אין געטאָ ניט געזען.

יעקב גענס פאַרשווינדט עפּעס מיט אַ ליטווישן אָפיצער. דער עולם שושקעט זיך:

— גענס מאַכט אַ שנאַפּס מיטן אָפיצער!

אין אַ האַלבע שעה אַרום גייט אַרויס גענס מיטן ליטווישן אָפיצער און גיט אונז אַרויס אַ באַפעל:

— צוריק גיין אין די הייזער! — — —

### צוריק

מיר גייען איבער פוסטע גאַסן. ס׳קלאַפּט אָפּ אונזער טראָט. ניטאָ קיין לעבע־דיקער מענטש. נאָר אויף די גאַסן, רעשטלעך פון פעקלעך, בגדים, געשיר.

מיר ווייסן: די אַקציע איז נאָך ניט געענדיקט. אין אַנדערע הויפן זוכט מען נאָך, מען רייסט אויף מאַלינעס. מיר דערגייען צום הויף זאַוואַלנע־גאַס 44, אויפּ־געריסן די מאַלינע אין קעלער. די געטאָ־פּאָליציסטן דערציילן:

— די מאַלינע האָט זיך אַליין אַרויסגעגעבן. ס׳האָט אויסגעפעלט לופט, האָבן די מענטשן געעפנט דאָס דעקל פון איינגאַנג. אין דעם מאָמענט זענען אָנגעקומען דייטשן — און אַלעמען צוגענומען קיין פּאָנאַר.

מיר גייען מיט קלאַפּנדיקע הערצער אויף די טרעפּ. אונזער מאַלינע איז ניט גערירט. אַלע זענען דאָרט בשלום. מיר גייען אַלע אַריין צו אונז אין דירה. כ׳גיי צו צו דער מאַלינע, קלאַפּ אָן דעם אָפּגערעדטן צייכן און זאָג:

— מיר זענען געקומען אַלע בשלום. זיצט רואיק, רעדט ניט צווישן זיך: די אַקציע איז נאָך ניט געענדיקט. אויב מען וועט אייך רופן — אפילו אויף יידיש — אַרויסצוגיין, — זאָלט איר ניט אַרויסגיין. די יידישע פּאָליציי קען אייך אָפּ־נאַרן. זיצט אַזוי לאַנג ביז וואַנעט איר וועט ניט דערהערן מיין שטים און מיין סימן: אַרויסגיין!

אין אָוונט, נאָך דער ענדע פון דער אַקציע, האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקערן זיך אין געטאָ די קאָמאַנדאָ־אַרבעטער מיט זייערע משפחות.

—

שפּעט ביי נאַכט זענען אַלע אַרויס פון דער מאַלינע, פאַרפרוירן, בלייך, צעבראָכן.

זיי האָבן דערציילט:

— עס זענען געקומען דאָ די דייטשן, געוועזן נעבן סאַמע מאַלינע. געקלאַפּט אין וואַנט. אונז איז די נשמה אַרויסגעפאַלן. זיי האָבן אָבער גאָרניט באַמערקט און אַוועק. ס׳איז אַ גוטע מאַלינע. — —

מיר האָבן אויפגעקאָכט טיי. מען האָט אַלע צוזאַמען געטרונקען און דערציילט ווי ס׳איז פאַרלאָפן דער טאָג. מען האָט געגעסן, דערציילט, און ביי אַנדערע האָבן די הענט געטרייסלט פון איבערלעבטער נערוועאישער שפּאַנונג.

אין יענעם טאָג האָט מען אַרויסגעפירט פון געטאָ פינף טויזנט יידן צום טויט.

אויף צומאָרגנס זענען די לעבן־געבליבענע יתומישע פאָטערס, מוטערס, אלמנים און אלמנות, — מיט אַ צעבראָכן געמיט אַוועק ווידער צו דער אַרבעט, ווידער צום טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַרן לעבן, פאַר דורכלעבן און דערלעבן צו זען דעם דייטשס פינצטערן סוף. — —

# די דריי געלע טעג

ס׳איז אַריבער אַ וואָך אין געשפּאַנטקייט. אַלע האָבן געוואוסט, אַז די דייטשן האָבן ניט באַוויזן אַרויסצופירן אַזויפיל, וויפיל זיי האָבן באַדאַרפט לויט זייער חשבון אַרויסצופירן — אַלע האָבן געוואוסט, אַז עס גרייט זיך נאָך אַ ווייטערע אַקציע. מענטשן האָבן אין די נעכט געשלאָפן אָנגעטאָן אין די בגדים. אַ סך זענען געזעסן אין די מאַלינעס און באַשלאָסן דאָרט אָפּוואַרטן די געשעענישן. מען האָט זיך געריכט, מען האָט דערוואַרט, אַז די אַקציע קען אַ ליאַדן מאָמענט אויס־ברעכן.

און גלייכצייטיק איז דאָס לעבן דערוויל פון אויסן געוואָרן אַזוי ווי נאָרמאַל. מען איז געגאַנגען צו דער אַרבעט. מען האָט „אָרגאַניזירט״, עפּעס אַריינגעבראַכט. מען האָט געטוישט בגדים קעגן שפּייז. מען האָט געזוכט וועגן, ווי אַזוי צו קריגן אַ געלן שיין. די געטאָ־אַנשטאַלטן האָבן געאַרבעט, פּראָדוצירט. אין די שולן האָט מען געפירט די לימודים מיט די קינדער, אויף וועלכע עס הענגט דער שווערד.

די נאַכט אויפן דריטן נאָוועמבער 1941 האָב איך געהאַט אַ נאַכט־דיזשור אין דער גיכער הילף, ביי דער אַמבולאַטאָריע, אויף רודניצקע־גאַס 7. מען רופט מיך פּלוצעם צו אַ יידישן געטאָ־פּאָליציסט פון ליטע, איינער מיטן נאָמען שיין.

איך קום אַריין צו אים אין שטיבל. ער איז אַרומגערינגלט מיט יידן, וועלכע שטייען אַרום אים הילפלאָז און ווייסן ניט, וואָס צו טאָן.

כ׳אונטערזוך אים. כ׳שטעל פעסט, עס זענען ביי אים פּאַראַליזירט די עקס־טרעמיטעטן, ווי אויך טיילווייז דאָס לשון.

כ׳פרעג די אַרומיקע וואָס איז געשען מיט אים פּלוצעם?

אַ יידישער פּאָליציסט, וואָס האָט זיך מיט אים מטפל געווען, רופט מיך אין אַ זייט און זאָגט מיר אַ סוד:

— אָקאָרשט איז געמאָלדן געוואָרן דער געטאָ־פּאָליציי, אַז פּאַרטאָג הויבט זיך אָן אַ דרייטאָגיקע אַקציע. מען וועט אַרויספירן פון געטאָ אַלע יידן מיט די געלע שיינען — און אַלע איבעריקע וועט מען שיקן קיין פּאָנאַר. די יידישע פּאָליציי וועט אונטער באַוואַכונג פון ס״ס דאַרפן אויסזוכן די באַהאַלטענע יידן, אויפּדרייסן מאַליניעס. ווי שיין האָט דערהערט דעם באַפעל, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן, געפאַלן און פּאַראַליזירט געוואָרן. — — —

— מען דאַרף אָנזאָגן אין שטוב, וואָס עס גרייט זיך, לויפט מיר דורך אַ געדאַנק, אָבער איך קען אין שטוב ניט גיין, ווייל איך באַקום אַלץ דרינגנדיקע אַרויס-רופונגען צו געהלשטע און קראַנקע. צוויי בייטאַכט ביז איך אַקוראַט נעבן אונזער הויף. כאַפּ זיך אַריין אין אונזער מאַסאַרדע אָנזאָגן. אין שטוב געפין איך: אַלע זענען וואַך, עס איז שוין דערגאַנגען די ידיעה, מען מאַכט פּעקלעך, אַלע גרייטן זיך גיין אין דער מאַלינע, יעדער איינער מיט אַ קליין פּעקעלע פון עפּעס שפּייז און נייטיקסטע בגדים.



מיטן גרויען פּאַרטאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַ געווירבל־באַוועגונג אין געטאָ. — ס׳איז פּאַראָרדנט געוואָרן: אַלע געלע שיינען מיט די בלויע צעטלען דאַרפן זיך אויסשטעלן משפּחהוויז, אין זייערע קאָמאַנדאָס אָדער אין גרופּן פון געטאָ־אָנגעשטעלטע. יעדער איינער נעמט מיט זיך מיט אַלץ, וואָס ער האָט. מען גייט אַריבער אין געוועזענעם געטאָ נומער צוויי אויף דריי טעג. (אַנדערע האָבן צווישן זיך געמורמלט, אַז אויף שטענדיק...). עס בלייבט נאָר אַ גרופּע פּאָליציי, וועלכע וועט דורכפירן די אַקציע. אַלע אַנדערע, אפילו מיט שיינען, אויב זיי וועלן געפינען ווערן אין געטאָ נומער איינס, וועלן אַרויסגעפירט ווערן. —

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געדראַנג. מענטשן האָבן געוואָלט וואָס גיכער שוין פּאַרלאָזן דעם געטאָ, ערב דער אַקציע. ווער ווייס, אפשר אויב מען וועט זיין די לעצטע, קענען נאָך אָנקומען די ס״ס־לייט און ליטווינערס און ליקווידירן צוזאַמען מיט די ווייסע שיינען.

מען איז געגאַנגען באַלאָדן מיט פּעק און פּעקלעך, ווי אין טאָג פון אַריינגיין אין געטאָ. אַנדערע האָבן געפירט קינדער אין וועגעלעך. משפּחות סטאַרען זיך צו האַלטן זיך צוזאַמען. עס גייט אָבער דער מענטשן-שטראָם אַלץ שטאַרקער. דער מענטשן-שטראָם צעשטופּט די גרופּן, צערייסט די שורות. די ענגע געסלעך ווערן פּאַר־פּראָפּט. ניט גיין פּאָראויס — און ניט צוריק. אין דער מאַסע זע איך פון ווייטן דאָקטאָר בוראַק זייער פּאַריאושט. ער און זיין פרוי זענען באַלאָדן מיט פּעק. זיי פירן זייערע צוויי קליינע קינדער אין אַ קינדער־צווילינג־וועגעלע, וואָס ווערט געשטופּט, געטראָגן פון עולם. באַלד ווערט אָפּגעריסן דאָס קינדערישע צווילינג־וועגעלע פון די עלטערן... און ס׳וועט געטראָגן ווערן דורכן פּאַנישן מענטשן־שטראָם...

און ביים געטאָ-שפּיטאָל איז אַ גרויסער געדראַנג, עלטערן וואַרפן אונטער זייערע קינדער. אויב זיי וועלן בלייבן לעבן, וועלן זיי אָפּגעפינען דאָס קינד — און אויב ניט, בלייבט עס אויף דער השגחה פון געטאָ־שפּיטאָל. איך העלף מיין חבר ישראל לעוויטאַן אונטערוואַרפן זיין קינד. ער זאָגט מיר אָן:

— געדענק,ביים צוועלפטן ריפּ איז דאָ ביים קינד אַ ברוין פּינטל. טאָמער מען וועט מיך צונעמען, זאָלסטו אויפזוכן דאָס קינד און אַכטונג געבן.

איך פיר אַריין ישראל לעוויטאַן צו אונז אין דער מאַלינע.

## אין שעה פון סעלעקציע

אויפן הויף פון יידן־ראַט, רודניצקע־גאַס 6. דער געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס פירט דורך אַ קאָנטראָלע. די יידישע געטאָ־פּאָליציי שטעלט אויס די אַרבעטער פון די געטאָ־אַנשטאַלטן אין גרופּן. יעדע גרופּע ווערט צעטיילט אין שורות. יעדע שורה: אינמיטן, דער באַזיצער פון געלן שיין, און פון ביידע זייטן זיינע משפחה־מיטגלידער, פרוי און צוויי קינדער, באַזיצער פון בלויע צעטלען.

אינמיטן הויף פון יידן־ראַט געפינט זיך אַ גערטעלע. אַרום דעם גערטעלע פלעגן אַמאָל שפּילן די קינדער פון דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. איצט זענען די בלומען צעטרעטן, דאָס גראָז פאַרשוואונדן. עס שטייט נאָר אַן אַלטער בוים, דער איינצלנער בוים אין געטאָ, ווי אַ זכרון פון אַמאָל. —

אין גערטעלע ווערן אַריינגעלאָזן די, ביי וועמען די שיינען זענען אין אָרדענונג. זיי שטייען דאָרטן אין שורות און וואַרטן אויף זייער ווייטערדיקן גורל.

יעקב גענס, דער געטאָ־קאָמענדאַנט, שטייט צווישן דעם גערטעלע און צווישן דעם עולם, וועלכער מאַרשירט צו אים, ווי אויף אַ שוידער־דעפילאַדע. ער איז אַרומגערינגלט מיט יידישער געטאָ־פּאָליציי. נעבן אים שטייען אייניקע העכערע ס״ס־לייט. זיי נעמען נישט אָנטייל אין דער סעגרעגאַציע. זיי קוקן זיך נאָר צו. די סעגרעגאַציע פירט דורך יעקב גענס. זיי פאַרלאָזן זיך אויף אים...

יעקב גענס האַלט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט. ער ציילט מיטן שטעקן. די משפחות גייען פאַרביי אים מיט די געלע שיינען און די בלויע צעטלען אין די הענט.

ער ציילט: „איינס, צוויי, דריי, פיר — פאָטער מוטער — קינד — קינד״, און לאָזט אַריין אין גערטעלע. אַזוי גרופּע נאָך גרופּע.



מיט אַכט שורות פאַר מיר: עס גייט אַ שורה פון־פינף מענטשן: מאַן, פרוי און דריי קינדער. ביי אַלעמען קלאַפּט דאָס האַרץ: וואָס וועט דאָ זיין.

יעקב גענס ציילט: „פאָטער, מוטער, קינד, קינד, קינד״. דאָס דריטע קינד, אַ צוועלף־יאָריק יינגעלע, וואַרפט ער אַרויס פון דער שורה. ער שלאָגט אים מיטן שטעקן איבער דער פּלייצע.

מיטן שטעקן איבער דער פּלייצע טרייבט ער דעם פאָטער, די מוטער און די צוויי קינדער אין גערטעלע אַריין. דאָס דריטע קינד טרייבט ער אָפּ אין אַ זייט. — — —

שטייט די משפחה אין גערטעלע, פאַרבראָכן די הענט און פאַריאָמערט:

— פאַרלוירן דאָס קינד, צוליב יידן, צוליב גענסן! — — —

אַ ווילדער מאַכטלאָזער כעס באַהערשט די שורות, וואָס גייען. איינער צו דעם אַנדערן שעפּטשעט:

— גענס איז אַ יידישער מערדער!

— אַ פאַררעטער!



און אָט עטלעכע שורות פאַר מיר: עס גייט אַ שורה — אַ טאַטע, אַ מוטער און איין קינד.

יעקב גענס ציילט: איינס — פאָטער. צוויי — מוטער. דריי — קינד — און שרייט אויפן פאָטער:

— דו לומפ איינער, וואָו האָסטו פאַרלוירן דיין צווייט קינד? —

דער פאָטער הויבט אָן צו מורמלען:

— איך האָב ניט קיין צווייט קינד. איך האָב נאָר — — —

יעקב גענס לאָזט אים ניט ענטפערן. ער גיט אים מיטן שטעקן איבערן רוקן. אַ געשריי, אַ טומל...

אין מיטן טומל כאַפּט אָן יעקב גענס מיטן הענטל פון שטעקן פאַרן האַלז פון צוועלף־יאָריקן יינגל, וועלכן ער האָט פריער אַרויסגעשטופּט פון דער שורה — וואַרפט אים צו, אַלס אַ פערטן, צו דער משפחה און ער שרייט ווידער:

— דו לומפ איינער, אָט איז דיין קינד. נאָכאַמאָל, טיפש, זאָלסטו דיין קינד ניט פאַרלירן!

דאָס קינד מאַרשירט אַריין מיט דער אומבאַקאַנטער משפחה אין גערטעלע. ער איז געראַטעוועט. — — —

אַ געמורמל גייט צווישן די שורות:

— גענס האָט געראַטעוועט דאָס יינגעלע.

— גענס איז פאָרט אַ ייד.

— גענס האָט צוויי נשמות...

— גענס איז אַ רעטעניש...



און אָט איז מיין שורה, מיר גייען, איך, מיין פרוי, מיין טאָכטער (די שוועסטער שפרה), און אַן עלטערנלאָז קינד, אַ יתום, וואָס איז אין טומל פון געווירבל געלאָפן מיט אַ געפּוינעם בלויעם צעטעלע איז האַנט און געשריען:

— יידן, ווער האָט ניט קיין קינדער? יידן ווער וויל ווערן מיין טאַטע? —

בין איך געוואָרן זיין טאַטע — אויף אַ מאָמענט. און מיר זענען צוזאַמען אַריין אין גערטעלע.



פון גערטעלע האָט מען אונז געפירט דורך רודניצקער־גאַס, צום טויער פון געטאָ.

ביים טויער ווידער אַ קאָנטראָלע, אַ שטרענגערע, אַ דעצידירנדיקע. ביי דער קאָנטראָלע יעקב גענס, יידישע געטאָ־פּאָליציי און אַ גאַנצער שטאַב פון ס״ס־לייט און ליטווישע זעלנערס.

אָט דאָ קומט פאַר די לעצטע דעציזיע. מי יחיה — מי ימות...

עס גייען די שורות. איינע נאָך איינע. פאַמעלעך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, צו דער גרויסער סעלעקציע, צו דער לויה פון אייגענע ברידער און קינדער.



פון די שורות הער איך אַ שעפּטשען:

— אָט דאָ זענען מיר געגאַנגען אַמאָל... אויף דער זעלבער גאַס, אין פריידיקע רייען צו דער ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציע, מיר האָבן געשריען: זאָל לעבן די פעלקער־ברידערשאַפט...

— אָט שטייט זי די פעלקער־ברידערשאַפט ביים טויער: דער דייטשער ס״ס־מאַן, דער ליטווישער זעלנער — און דער יידישער געטאָ־פּאָליציסט. זיי נעמען אויף די דעפּילאַדע... און די צוקוקערס זענען המונים פּאָליאַקן, וואָס שטייען אויף די גאַסן און וואַרטן אויף אונזער אומגליק. זאָל לעבן די פעלקער־ברידערשאַפט...

— האָסטו פאַרלוירן דעם גלויבן אין פעלקער, אין ברידערשאַפט? — — — דעם ענטפער האָב איך שוין ניט געהערט. עס זענען די שורות געגאַנגען. —



מיר זענען אין שורות געגאַנגען צו דער סעלעקציע. געגאַנגען, געגאַנגען. איך זע דאָס נאָך היינט. אין שעהן שטילע, און אין רויש פון גאַסן — איך זע אונזער גאַנג, אונזער יענעם מאַרש פון טויט און לעבן — — —



ביים טויער פון געטאָ איז רעגולירט אַ סיסטעם. אַלע משפחות מוזן מאַרשירן לויט פאָלגנדיקער אָרדענונג:

א) יינגער קינד מיטן בלויען צעטל.

ב) עלטער קינד מיטן בלויען צעטל.

ג) פרוי — מיטן בלויען צעטל.

ד) דער מאַן — מיטן געלן שיין.

(עווענטועל — דער מאַן מיטן בלויען צעטל — די פרוי מיט איר געלן שיין).



אָט מאַרשירט אַ שורה: אַ זעקס־יאָריק קינד. דאַן אַ פריילין אין אַ ניט קלאָרן עלטער, אפשר אַכצן יאָר, אפשר עטלעכע און צוואַנציק, און אפשר נאָך מערער, זי איז קורץ געקליידעט, בכדי אויסצוזען יונג, זי איז די שוועסטער פון דעם מאַנס פרוי, זיין שוועגערין, פאַרשריבן אַלס אַ טאָכטער.

דאַן גייט דאָס ווייב, אַ פרוי אַן ערך אַ יאָר אַכט און צוואַנציק.

דאַן גייט דער מאַן, אַן ערך אַ יאָר צוויי און דרייסיק.

די ס״ס־לייט ביים טויער כאַפּן זיך, אַז דאָס פריילין איז עלטער פון זעכצן יאָר. זיי האַלטן זי אָפּ, קאָנטראָלירן, קוקן זיך צו און פסקענען: זי איז עטלעכע און צוואַנציק יאָר. זיי אַנערקענען זי ניט אַלס קינד פון דעם מאַן, וואָס מאַרשירט דער לעצטער, נאָר אַלס זיין פרוי. דאָס אמתע ווייב ווערט אַרויסגעוואָרפן פון דער שורה אין אַ הויפל, וואו מען זאַמלט די ווייסע שיינען קיין פּאָנאַר...

די ס״ס־לייט לאָזן דורך נאָר דריי פערזאָן — דאָס זעקס־יאָריקע קינד, דאָס פריילין — און דעם מאַן.

די פרוי איז געפאַלן אַ קרבן — ביים ראַטעווען דאָס לעבן פון איר שוועסטער.

און עס מאַרשירן די רייען ווייטער — — —



עס מאַרשירן די רייען —

עס גייען צוויי קינדער מיט די בלויע צעטלען, און זייער מוטער מיטן בלויען צעטל. און זייער פאָטער מיטן געלן שיין — — —

עס גליטשט זיך אַרויס עפּעס אומבאַמערקט אַ פרוי מיט אַ בלויען צעטל אין האַנט. אַ פרוי אָן אַ שורה (פון וואַנעט האָט זי דעם בלויען צעטל? אַ געפו־נענעם? אַ נאָכגעמאַכטן?) ס׳ווערט אַ טומלעניש:

— פינף מאַן אין איין שורה. צוויי קינדער, צוויי פרויען און איין מאַן.

ווער איז די אמתע פרוי? — — —

אַ טומל. ווי טענהט מען זיך מיט איר אויס?

די ס״ס־לייט מיט שפּיצרוטן שמייסן די פינף מענטשן איבערן קאָפּ. זיי שרייען צו דער יידישער פּאָליציי:

— מאַכט אָרדענונג, שנעלער. טרייבט אַרויס די איבעריקע פרוי...

די אַריינגעלאָפענע פרוי נעמט אַרום די קינדער און גלעט זיי און שרייט:

— קינדער, זעט, מען וויל אייך צעשיידן פון אייער מאַמען!...

די אמתע מאַמע שטייט צעטומלט, פאַרשטומט, פאַרלוירן דאָס לשון. עפנט דאָס מויל. עס גייען ניט אַרויס קיין ווערטער. — — —

די אַריינגעלאָפענע פרוי שרייט:

— קינדער, זעט, מען וויל אונז צעשיידן! קינדער, מען וויל אונז צעשיידן...



די סעלעקציע ביים געטאָ־טויער אין טאָג פון דער אַקציע פון געלע שיינען (24טער אָקטאָבער 1947)

אַ ייד מיט אַ קינדער־וועגעלע ווייזט פאַר די דייטשן אַ שיין, אַז זיין קינד, אַ „בלויער צעטל״, איז צוגעשריבן צו זיין געלן לעבנס־שיין.

די ס״ס־לייט ווערן דענערווירט. די שורות וואַרטן צום גאַנג. דער טאָג איז קורץ... שנעלער... שנעלער...

ס׳ווערט געמאַכט אַן אָרדענונג. די שווייגנדיקע פרוי ווערט מיט אַ זעץ אין ברוסט אַרויסגעשטופּט פון דער שורה.

ס׳מאַרשירן דורכן טויער די קינדער, די פרעמדע פרוי און דער מאַן.

די פאַרטומלטע מוטער ווערט אַריינגעשטופּט אין הייפל וואָס וועט גיין קיין פּאָנאַר.

דאָס אַלץ קומט פאָר אין אַ בליציקער שנעליקייט —

און עס מאַרשירן די רייען ווייטער. —



באַלד דאַרף איך דורכגיין.

איך קוק מיך אַרום: מיין שוועסטער איז יינגער קוים מיט אַכט יאָר פון מיין פרוי. וואָס טוט מען? מען וועט דערקענען, אַז ס׳איז ניט קיין טאָכטער! און אפשר וועט געלינגען? זי טראָגט דאָך אַ קינדער־קליידל און אַ קינדער־טיכל אויפן קאָפּ. אפשר וועט עס דורכגיין?

מיין פרוי טראָגט אַ פאַטשיילקע איבערן קאָפּ, בכדי עלטער אויסצוזען, די האָר ניט פאַרקעמט. האָט זי שוין אַן אויסזען פון אַ מאַמען?

וועל איך אויסזען ווי אַ טאַטע?... ס׳איז גוט, וואָס איך בין ניט ראַזירט. און אויך וואָנסעס האָב איך פאַרלאָזן. יאָ, אַזוי זע איך אויס, ווי מיין שוועסטערס אַ טאַטע... אפשר וועט עס דורכגיין?...

דער פערטער, דאָס יינגל, וועט זיכער דורכגיין... און אפשר וועלן מיר אַלע צוזאַמען דורכפאַלן?...

איך זאָג אָן די לעצטע אינסטרוקציעס:

— האַלט זיך. צעטומלט זיך ניט. מאַרשירט זיכער. לאָזט ניט צערייסן די ריי פון די פיר...

ביים טויער. יעקב גענס. ווייס. פּאָליציי. ליטווינערס. דייטשן.

איך גיי פאַר אַן אָפענעם תהום — — —

דורכגעגאַנגען. ניט דערקענט. מיר זענען שוין אויסערן טויער. — — —

און עס מאַרשירן די רייען ווייטער. — —

## אויף די גאַסן פון שטאָט

אויסערן טויער גייען מיר דורך אַ שפּאַליער פון אַ פאַר הונדערט ליטווישע זעלנערס, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. אַ שמירה מען זאָל ניט לויפן פון וועג. מ׳פאַרקריצט זיך אין זכרון די פנימער פון די ליטווישע זעלנערס: חיהשע אויגן, אָנגעלאָפענע מיט בלוט. שכּורע פּנימער. טעמפּער אויסזען. ברוטאַלע זעלבסט־זיכערקייט. זיי זענען שטאַרק. זיי זענען שטאַרק — קעגן אונז אומבאַוואָפנטע. — — —

זיי וועלן דאָס באַלד אויספירן די עקזעקוציע אין פּאָנאַר איבער זייער רויב, וואָס זיי וועלן כאַפּן אין געטאָ.

זיי וועלן טרינקען — און שיסן — און טרינקען, און טרינקען — — —

מיר גייען פאַרויס צו דער ריכטונג פון ווילנער ראַטהויז אויף ברייטער גאַס.



דאָס יתומל, וואָס איז געוואָרן מיין זון (אַ נאָווגאָראָדער ייִנגל, געוווען אַ פּיאָנער אין צייט פון די סאָוויעטן) שפּרייזט צוזאַמען און זאָגט מיר שטיל:

— און אַז עס וועלן קומען די סאָוויעטן וועלן די זעלביקע ליטווישע זעלנערס טראָגן רויטע פאָנען — — —

זאָג איך דעם ייִנגעלע:

— איז גוט אַז זיי וועלן טראָגן רויטע פאָנען?

ענטפערט מיר דאָס ייִנגעלע:

— פאָנען איז בעסער ווי ביקסן, אָבער...

— אָבער וואָס מיין קינד?

— אָבער יידן וועלן דאַן גיין אונטער איין פאָן מיט זייערע מערדערס — — —

— ניט אַלע ליטווינערס זענען דאָך מערדערס...

— טאָ ווי וועט מען דערקענען? עס וועט גיין נעבן מיר אַ ליטווינער און זינגען, און עס קען זיין, אַז ער האָט גאָר דערשאָסן מיין טאַטן! — — —



מיר גייען אין רייען מיט די פּעק אויף די פּלייצעס. פאַרביי דעם גערטעלע פון ברייטער־גאַס, פאַרביי דעם קינאָ „קאַזינאָ" (געוועזענער „שטרעמער").

די טראָטואַרן באַדעקט מיט הונדערטער ליטווישע און פּוילישע מענער און פרויען. אייניקע קוקן סתּם, אַנדערע שאָקלען איראָניש מיטן קאָפּ. יונגע פּוילישע ייִנגלעך נעמען אונז אויף מיט פייפערייען:

— זשידזשי! זשידזשי! —

ביי איינעם פון די מאַרשירערס, מיט אַ פּאָר שורות פאַר אונז, פאַלט אַראָפּ אין וועג זיין פּעקל און צעשיט זיך. ער בויגט זיך איין אויפצוהויבן זיין פּעקל. ס'לויפט אונטער אַ פאָליאַק און רייסט אַרויס ביי דעם ייד דאָס פּעקל פון זיין האַנט. עס הויבט זיך אָן אַ געראַנגל. דער ייד שרייט:

ס'לויפט אונטער אַ פאָליאַק און רייסט אַרויס דעם ייד דאָס פּעקל פון זיין האַנט. עס הויבט זיך אָן אַ געראַנגל. דער ייד שרייט:

— לאָז אָפּ, ס'איז מיין לעצטע האָב און גוטס.

— זשיד, דו גייסט דאָך סיי ווי סיי צום טויט. נאָך וואָס דאַרפסטו דאָס אַלץ? דו גיריקער זשיד, אפילו פאַרן טויט ביסטו קאַרג. —

עס לויפט צו אַ פאָליאַק און שרייט צו דעם, וואָס ראַנגלט זיך:

— סטעפאַן, ווי שעמסטו זיך ניט?!

סטעפאַן גייט צוריק אויפן טראָטואַר און שרייט:

— דו קאַרגער ייד, אפילו פאַרן טויט ווילסטו מיר, אַ פאָליאַק, אַ קאַטאָליק, ניט אָפּגעבן דיינע זאַכן. האַלט זיך, האַלט זיך מיט דיין פּעקל! דער טויט וואַרט אויף דיר סיי ווי סיי!...

און מיר מאַרשירן ווייטער. —



פּלוצעם פאַרבויגן מיר צו דער גלעזער־גאַס. אין מיטן גאַס אַ הילצערנער טויער.

אַ געמורמל לויפט דורך די שורות:
מען פירט אונז אין געוועזענעם געטאָ נומער צוויי.



דייטשע גאַס אין חורבות
אַ בליק אויפן געטאָ נומער צוויי

# אין צווייטן געטאָ

אין שורות, אין שורות, מיט פּעק אויף די פּלייצעס — גייען מיר אַריין אין געטאָ נומער צוויי.

פּוסט די גאַסן. עס זעט זיך קיינער ניט פון די פענצטער. עס קלינגט אָפּ יעדע שטים. עס הענגט דאָ אויף אַלץ דער שאָטן פון טויט. —

מיר צעשיטן זיך איבער די וויסטע הייזער. יעדע גרופּע באַזעצט זיך אין אַ צימער, וואו עס ברענגט זי דער צופאַל. אויף ווי לאַנג? אַנדערע זאָגן, אַז אויף דריי טעג. אַנדערע זאָגן, אַז דאָ וועט מען שוין בלייבן וואוינען. דאָ וועט זיין דער געטאָ. מרה־שחורהדיקע זאָגן — אַז פון דאַנען וועט מען פירן אונז קיין פּאָנאַר, וואו מען האָט געפירט די פריערדיקע איינוואוינער פון געטאָ נומער צוויי.



אונזער צימער געפינט זיך אַקוראַט בשכנות פון אַ קלויז.

כ׳גיי אַריין אין קלויז. חרוב ומוחרב. וואַרשיינלעך, אַז דאָ איז געווען איינע פון די הויפּט־אַנשטאַלטן פון דער יידישער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון געטאָ נומער צוויי. דאָ וואַלגערן זיך דאָקומענטן, באַשטעטיקונגען, מאַטורעס, דיפּלאָמען. נאָך וואָס האָט מען דאָס אַלץ דאָ געזאַמלט?

ס׳ליגן אויף דער ערד צעריסענע ספרי־תורות, מגילות און אַלטע ספרים. ס׳וואַלגערן זיך ספר־תורה־מענטעלעך מיט צעבראָכענע עץ־חיימס. און אַ העפט מיט אַ יידישן איבערשריפט „פּראָטאָקאָלן“. און אַ בויגן פּאַפּיר מיט אַן איבערשריפט „רשימה פון יידישע דאָקטוירים פון געטאָ נומער צוויי“. און פּאַספּאָרטן —

פאַספּאָרטן — פּאַספּאָרטן. פּוילישע פּאַספּאָרטן, ליטווישע פּאַספּאָרטן, סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן — — —

ווייזט אויס, מען האָט דאָ דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע. און יידן זענען געגאַנגען און געטראָגן זייערע פּאַספּאָרטן, בכדי צו באַווייזן די יאָרן, בכדי צו באַווייזן זייערע פּאַכן, באַווייזן, אַז זיי זענען ראוי צום לעבן — — —

ס׳וואַלגערן זיך ספרים. כ׳הויב איינס אויף: „חובת הלבבות“. כ׳הויב אויף אַ צווייטס: „מורה נבוכים“. און צווישן די ספרים, שטיקלעך מנורות, און עפּעס עטלעכע שיך, ניט צו פּאָר. —

שיך. און מנורות. און ספרים. —



כ׳גיי אַרויס, בכדי צו זען די געסלעך פון געטאָ נומער צוויי, דאָ איז געווען אַ טייל פון מיין משפּחה. מיין מאַמעס אַ שוועסטער, חיה דיסטעלירער און צוויי אַכצן־יאָריקע מיידלעך שפרה און פייגל. מען האָט מיר דערציילט: די מיידלעך האָבן זיך געקענט ראַטעווען, אַנטלויפן פון געטאָ. זיי ווילן אָבער די מאַמען אַליין ניט לאָזן. — זענען זיי אַוועק צוזאַמען אויפן לעצטן וועג יום־כפור 1941.

יידן גייען איבער די הויפן, אפשר וועלן זיי עפּעס געפינען אַ שפּור פון לעצטן אָטעם, פון לעצטן גאַנג פון זייערע פאַרשוואונדענע משפּחות. כ׳גיי מיט זיי מיט.

פּלוצעם פון עפּעס אַ קעלער קריכט אַרויס אַ געשטאַלט —

— סאָניע סווערדלין!

— יאָ, דאָס בין איך! כ׳בין פון די רעשטלעך פון געטאָ נומער צוויי! בשעת דער ליקווידאַציע — באַהאַלטן זיך אין אַ מאַלינע. און געלעגן ביז היינט. איצטער, אַז כ׳האָב געהערט אַ טומל, יידישע שטימען, בין איך אַרויס. כ׳האָב געמיינט: עס איז שוין אויס קריג, ווידער אַ וועלט. ווידער יידישע שטימען...

— סאָניע, דער קריג איז נאָך קריג. נאָר האַלט זיך מיט אונז. אפשר וועט איר צוזאַמען אַריבערגיין אין געטאָ נומער איינס און מיר וועלן זוכן עפּעס אַ מיטל צו קריגן אַ שיין.

— איר ווילט זען אונזער מאַלינע?...

און מיר גייען אַראָפּ אין קעלער. פון אים גייט מען אַריין אין אַ צווייטן. הינטער שטיינער ליגט אַ קופּע ברעטער. אַז מען רוקט פונאַנדער די ברעטער — ווידער אַ קעלער. אויף די האַרטע, קאַלטע שטיינער זענען זיי דאָ געלעגן, אַ גרופּע פון אַכט מאַן — פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ נומער צוויי ביזן טאָג, וואָס מען האָט אונז געבראַכט אַהער. — — —

דריי סוכאַרעס אַ טאָג — און אַ ביסל וואַסער, צוגעגרייטע אין אַן עמער — דאָס איז געווען דער טאָג־שפּייז.

נאָך אויף זעקס טעג האָבן זיי געהאַט שפּייז — וואָס וואָלט געווען שפּעטער? — איינער פון די אַכט פון דער מאַלינע פרעגט, אפשר האָב איך וואָס צו רויכערן? כ׳האָב אַקוראַט אַ פּעקל ציגאַרעטן און כ׳גיב אים.

אויף מאָרגן. איך זע דעם יונגען מאַן אין די געסלעך פון געטאָ. ער שטייט און פאַרקויפט ציגאַרעטן.

ער דערציילט מיר מיט שמחה. נעכטיקע ציגאַרעטן האָט ער פאַרקויפט. נאָר

איינע אויסגערויכערט. ער האָט גענומען אַ גוטן פּרייז. דער עולם איז נערוועאיש, ווייל רויכערן.

מיט חדשים שפּעטער האָב איך אים געטראָפן דעם מענטשן אין געטאָ נומער איינס. ער האָט געהאַט אַ געוועלבל פון ציגאַרעטן אויף ראָג שאַוועלסקאַ־גאַס 1 און ראָג יאַטקעווער־גאַס.

▼

אין משך פון זעלבן טאָג האָב איך באַמערקט אויף די גאַסן צענדליקער מענטשן, אַרויסגעקראָכענע פון די מאַלינעס, געראַטעוועטע פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ נומער צוויי.

▼

שפּעטער האָב איך באַמערקט ווי געטאָ־פּאָליציי גייט אַריין און אַרויס פון אַ שטוב.

— וואָס איז דאָס? — פרעג איך דעם עולם.

— עס האָט זיך געעפנט אַ יידישער פּאָליציי־פּונקט אויף צו היטן די אָרדענונג. דער יונגער מאַן, וואָס דרייט זיך אַרום — דאָס איז לעוואַס — פון ליטע. אַ נייער „שטערן" אין דער פּאָליציי.

פלוצעם לויפט דורך אַ ציטער צווישן דער יידישער געטאָ־פּאָליציי. עס באַווייזט זיך עפּעס אַ דיקער ייד, אין אַ לעדערנער קורטקע, מיט אַ דיקן שטעקן אין דער האַנט. די פּאָליציי־לייט שטעלן זיך אויף „אַכטונג". לעוואַס גיט אים אָפּ אַ ראַפּאָרט. דער דיקער מאַן שרייט און געוואַלדעוועט.

— דאָס איז כספּי פון קאָוונע — דערקלערן מיר די אַרומיקע. אַ געוועזענער זשורנאַליסט מיטן נאָמען סערעבראָוויטש. איצט זאָגט מען, אַז ער דינט אין געשטאַפּאָ. ווען ער באַווייזט זיך, קומט פּאָר עפּעס אַן אַקציע, אַן אומגליק.

כ'גיי צוריק צו מיין ווינקעלע. ס'איז שוין דאָרטן וואַרעם. מען האָט צעבראָכן אַ טיר, צעהאַקט אויף שטיקלעך און מען הייצט דעם אויוון. עס קאָכט זיך וואַסער. סאַכאַרין איז דאָ. וועט זיין אַ ביסל טיי. מען האָט אויך מיטגענומען אַ ביסל גרויפּן, וועט זיין אַ זופּ. אין פאַרלאָזענע בופעטן האָט מען געפונען טעלערס, לעפל, ס'וועט זיין מיט וואָס צו עסן. עס איז שותפותדיקער מיטאָג. אַלע צוואַנציק מאַן וועמען דער גורל האָט איצט צונויפגעבראַכט אין צימער, וועלן עסן צוזאַמען.

▼

ס'ווערט נאַכט. אַלע פאַלן מיר שלאָפן. מען ליגט אויפן טיש, אויף דער ערד, אויף צונויפגעשטעלטע שטולן, אויף אַן איבערגעקערטן אַלמער.

כ'קען ניט איינשלאָפן. וואָס טוט זיך דאָרטן אין דער מאַלינע אויף זאַוואַלנע גאַס 44, וואו עס ליגן באַהאַלטן מיינע עלטערן?

כ'גיי אַרויס אויפן גאַניק, וועלכער רינגלט אַרום דעם הויף. אַ זילבערנע, אַ ליכטיקע, שטילע נאַכט. איבער גאָלדענע צלמים פון ניט ווייט שטייענדיקע קלויסטערס — שווימט אַ רואיקע לבנה. אונזער הויף, וועלכער איז געבויט אין קאָלאָנאַדן און שטאַמט מסתמא נאָך פון דער צייט פון די מיטלעלטערלעכע געטאָס, איז באַגאָסן מיט אַ געהיימניספולער ליכטיקייט, איבערגעריסן מיט שוואַרצע שאָטנס פון די קאָלאָנאַדן. אין ווינקלען שטייען גרופּקעלעך און שעפּטשען. זיי שלאָפן אויך ניט. ס'איז ליכטיק, אַז מען קען ממש לייענען. אַ „פּעטערבורגער" נאַכט.

זילבער־ליכטיקייט, און שאָטנס, און לבנה. —

— די לבנה, זי שיינט מסתמא איצט אויך אין פּאָנאַר. זי באַלייכט דעם פּלאַץ, די גריבער. ביי איר כשוף־ליכטיקייט איז לייכט צו יאָגן צום גרוב. —

אַ שכן, וואָס שטייט אויך אויפן גאַניק, ווייזט אויס לייענט מיין געדאַנק און זאָגט מיר שטיל:

— כ׳קוק שוין שעהן אויף דער לבנה. קען זיין, אַז מייניקע, געכאַפּטע אין אַ מאַלינע, זענען שוין איצט אין פּאָנאַר, זיי וואַרטן שוין נאַקעט אויף דער רייע און קוקן דעם לעצטן מאָל אויף דער זעלבער לבנה. איך וויל פון איר אַרויסכאַפּן זייער לעצטן בליק.

נאָר זי איז ווי די וועלט: זי לייכט, זי שיינט, זי זעט, זי שווייגט.

▼

אויף מאָרגן האָבן אָנגעהויבן דערגיין ידיעות, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ נומער איינס. עס פאַלן דורך מאַלינעס, אין קעלערס, אויף בוידעמער, אין אויוונס, אין קוימענס. —

מען פירט פּאַרטיעס נאָך פּאַרטיעס געכאַפּטע יידן צום טויער פון געטאָ. און פון דאָרטן אין תפיסה לוקישקי.

▼

איז מען געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין די געסלעך פון געטאָ נומער צוויי און מען האָט געוואַרט אויף עפּעס אַ ידיעה פון אַן אָנגעקומענעם פּאָליציסט.

עס זענען געשטאַנען חברים און דערציילט זיך איינער דעם אַנדערן, וואָס עס מאַטערט זיי.

אַ בחור מיט אַ געלן שיין האָט געקענט פאַרשרייבן זיין מוטער אַלס פרוי און זיינע ברידערלעך און שוועסטערס אַלס קינדער — און ראַטעווען זיי.

איז ער אָבער אַ חתונה געהאַט, שטייט ער שוין פאַר דער ווילדער דילעמע:

— וועמען ראַטעווען — די מוטער אָדער די פרוי.

און פאַרקערט אַ מיידל מיט אַ געלן שיין האָט געקענט ראַטעווען דעם טאַטן (אַלס מאַן) און ברידער־שוועסטער אַלס קינדער.

איז זי אַ חתונה־געהאַטע, שטייט זי פאַר אַ ברירה וועמען ראַטעווען: דעם מאַן אָדער דעם פאָטער?...

און דאָס זעלבע שטייט די לעבן־טויט־פראַגע: וועמען ראַטעווען אַ קליינעם ברודער, שוועסטער אָדער דאָס אייגענע קינד?

אין גורל צווישן ברידער־שוועסטער און קינד, האָבן אַלע געוויילט דאָס לעבן פון קינד.

אין גורל־אויסטויש צווישן מוטער און פרוי האָבן כמעט אַלע געוויילט די פרוי.

▼

איז געשטאַנען נעבן מיר אַן אומבאַקאַנטער און זאָגט:

— כ׳פאַרשילט די שעה פון מיין חתונה. כ׳וואָלט געווען אַ בחור, וואָלט דאָך מיין געוויסן געווען ריין. איצטער האָב איך געמוזט אַליין אויסקלויבן פאַר וועמען פאַרטיילן לעבן — פאַר דער פרוי אָדער פאַר דער מוטער. וועמען זאָל איך אַליין אַרויסגעבן דעם טויט־אורטייל — דער פרוי אָדער דער מוטער... און כ׳האָב

געגעבן דאָס לעבן — פאַר מיין פרוי; פאַר מיין מאַמען, מיין טייערער מאַמען — האָב איך געלאָזן פאַנאַר...

▼

זאָגט אַ צוויי־טער:

— כ׳בין זיך מודה. איך האָב די מאַמען מער ליב ווי מיין פרוי, אָבער מיין פרוי איז דאָך די מאַמע פון מיינע קינדער. מיין אַלטע מאַמע האָט שוין איר לעבן אָפּגעלעבט, און געוועזן שוין אַ מאַמע פאַר קינדער, און דערלעבט צו זיין אַ באָבע פאַר אייניקלעך. מיין פרוי אָבער דאַרף נאָך האָדעווען די קינדער, קען איך אַליין צונעמען ביי מיינע קינדער — זייער מאַמען? האָב איך געוויילט מיין פרוי און ניט מיין מאַמען...

▼

דערציילט אַ דריטער:

— יידן, איך בין זיך מודה:

— כ׳האָב גענומען מיין מאַמען און זי פאַרשריבן אַלס מיין פרוי — און געפירט זי אַהערצו. און מיין אמתע פרוי — באַהאַלטן אין אַ מאַלינע. אַ מאַמען האָט מען נאָר איינע, און אַ פרוי קען מען האָבן אַ צווייטע, אַ דריטע. פאַרליר איך די מאַמען, וועל איך מער קיין מאַמען ניט האָבן. פאַרליר איך די פרוי, וועל איך קענען נעמען אַן אַנדערע. יידן, איך האָב שלעכט געטאָן, אָבער דאָס האַרץ האָט מיך אַזוי געהייסן... כ׳האָב מיין מאַמען מער ליב, ווי מיין פרוי... זי האָט מיר געגעבן דאָס לעבן — מוז איך איר געבן לעבן.

▼

דערציילט מיר אַ פערטער:

— פאַרן צעשיידן זיך מיט דער מאַמען בין איך צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט:

— מאַמע איך קען דיך ניט נעמען... איך נעם די פרוי. דו אַליין האָסט דאָך אונז געפירט צו דער חופה, דו אַליין האָסט דאָך געגעבן אונז די ברכה און געבענטשט אונז, מיר זאָלן האָבן קינדער און אויפשטעלן אַ דור... זאָג אַליין, מאַמע, וואָס זאָל איך טאָן? — האָט די מאַמע אַרויסגענומען איר אַלטע „צאינה וראינה" און האָט געוויינט און האָט געלייענט: „על כן יעזב האדם את אביו ואת אמו ודבק באשתו" — („דעריבער טוט פאַרלאָזן דער מענטש זיין פאָטער און זיין מוטער — און באַהעפט זיך צו זיין פרוי"). דאַן האָט די מאַמע געזאָגט:

— אַזוי וויל די הייליקע תורה — גיב דאָס לעבן פאַר דער פרוי — זי איז דיין באַשערטע מן־השמים —

און די מאַמע האָט אונז געגעבן איר לעצטע ברכה. —

▼

עס לויפן פאַמעלעך די מינוטן. ווי ווייסט מען שוין, וואָס עס טוט זיך דאָרט אין דער מאַלינע:

אַנטדעקט אָדער געלאָזט אויפהאַלטן זיך?

יעדער אָנגעקומענער געטאָ־פּאָליציסט ווערט אַרומגערינגלט מיטן עולם און פאַרוואָרפן מיט פראַגן:

— וואָס איז דאָרט אויפן הויף? (וועגן דער מאַלינע פרעגט קיינער ניט — ווייל אַ פּאָליציסט טאָר ניט וויסן וואו די מאַלינע איז).

מיין געדאַנק איז ווי מיט טשוועקעס צוגעקלאַפּט צו דער מאַנסאַרדע אויף זאַוואַלנע־גאַס 44.

איך זע זי, די מאַלינע, איך זע ווי די מענטשן זיצן דאָרט אין טויט־שרעק און צווישן זיי מיין טאַטע און מיין מאַמע: אָט דוכט זיך מיר, אַז איך הער ווי געשטאַפּאָ קלאַפּט אין דער מאַלינע, און ברעכט זי אויף. אָט זע איך ווי מען פירט זיי אַלע צום טויער — — —

כ׳קוק זיך אום. — איך כאַפּ זיך אויף ווי פון אַ נאַרקאָזע. איך בין אין געטאָ נומער צוויי.



אויפן דריטן טאָג אינדערפרי, האָבן שוין אַלע געוואוּסט: באַלד גייט מען צוריק אין געטאָ נומער איינס. די אַקציע איז שוין דאָרט געענדיקט. מער קען מען שוין קיינעם דאָרטן ניט געפינען. צוריק וועט מען גיין ניט דורכן שטאָט (דורך ברייטער־גאַס) נאָר אַ פּאָר טריט — דורך דייטשע־גאַס.

מען וואַרט פון פאַרטאָג אָן. ס׳לויפן שעהן. ניטאָ קיין באַפעל צו גיין אין געטאָ נומער צוויי.

וואָס איז געשען?

מען האָט צופעליק אַנטדעקט אַ נייע מאַלינע. זוכט מען ווייטער און מען רייסט אויף קעלערס, בוידעמער. —

## די אויסבאַהאַלטענע האָבן זיך גערעטעוועט

ענדלעך אַ באַפעל: אויסשטעלן זיך אין רייען. קאָמאַנדאָוויז. צוריק גיין אין געטאָ נומער איינס, דורך די געעפנטע טויערן.

און אָט לויפט דורך אַ טומל. אַ ווידערשפּעניקונג. מען שאַפט ניט קיין רייען, מען שטראָמט צעשאָטן צום טויער. די געלע שיינען — צוזאַמען מיט די געראַטעוועטע פון די מאַלינעס פון געטאָ נומער צוויי...

די יידישע געטאָ־פּאָליציי קען נישט צוריקהאַלטן דעם עולם. די מאַסע שטראָמט צום טויער פון געטאָ נומער צוויי אויף יאַטקעווער גאַס 2 (קלאַטשקאָ גאַס). מען פלייסט דורך אים דורך — מיט אַ שטורעמדיקן אימפּעט.

מען לויפט דורך דער דייטשע־גאַס און אָט איז מען שוין ביים טויער פון געטאָ נומער איינס, אויף רודניצקע־גאַס 4.

ווידער יידישע געטאָ־פּאָליציי. קיין דייטשן זעען זיך ניט פון דער נאָענט.

מיר שטייען פאַרן טויער. מען שרייט צו דער געטאָ־פּאָליציי:

— פּאָליציסטן — מאַכט ניט קיין קאָנטראָלע! זייט יידן, זייט מענטשן! זעט עס זענען דאָ ניטאָ קיין דייטשן.

— לאָזט אַריין שנעל. מיר זענען דאָ צוזאַמען מיט די געראַטעוועטע יידן פון געטאָ נומער צוויי.

— שנעלער, שנעלער ביזן אָנקום פון די דייטשן.

די יידישע געטאָ־פּאָליציי עפנט שנעל אויף די טויערן פון געטאָ נומער איינס. אין אָנבררויזנדיקע כוואַליעס, אין אַ ווילדן געלויף לויפן אַריין די „געלע שיינען" מיט די מאַלינע־יידן פון געטאָ נומער צוויי. צוזאַמען מיט אונז לויפט סאָניע סווערדלין. מען צעשיט זיך איבער די הויפן. מען פאַרשווינדט.

ס׳גייען סעקונדן און אין געטאָ זענען שוין דאָ אַ פּאָר הונדערט יידן געראַ־טעוועטע פון געטאָ נומער צוויי.

די רעשט פּאַרמירט זיך אין רייען און מאַרשירט אַריין אין אָרדענונג אין געטאָ נומער איינס, באַוואָפּנט מיט געלע שיינען און בלויע צעטלען. —



און ווידער אויפן הויף זאַוואַלנע־גאַס 44. כ׳קלעטער אויף די הויכע ענגע טרעפּ, עטאַזש נאָך עטאַזש. די טרעפּ פאַרשיט מיט גלאָז, פּאַפּיר, ציגל, שטיקלעך מעבל. די טיר פון וואוינונג איז אָפן. ס׳זעען זיך צעבראָכענע בופעטן, שפּיגלען, פּיאַנעס. מען האָט וואַרשיינלעך געזוכט צי זיי מאַסקירן ניט קיין מאַלינעס. —

דאָס האַרץ קלאַפּט. כ׳לויף מיט אומרו. אַלץ העכער. ווי ווערט דאָס זיין טאָמער

דאָס האַרץ קלאַפּט. כ׳לויף מיט אומרו. אַלץ העכער. ווי ווערט דאָס זיין, טאָמער טאַטע־מאַמען אויף הפקר. און אַליין זיך געראַטעוועט מיט דער פרוי און שוועסטער.

איך בין שוין אין אונזער מאַנסאַרדע. פינצטער. טויטע שטילקייט. פאַרן אַוועקגיין אין די מאַלינע האָבן זיי פאַרגעסן אַראָפּצונעמען די פאַרטונקלונג. ס׳איז שטיל און פינצטער ווי אין אַ גרויסן ארון פון מתים.

כ׳לויף צו דער מאַלינע. קאָנטיק, אַז מען האָט דאָ געבראָכן מיט אייזנס. לעכער אין די ווענט.

פאַרשאָטן — אָדער געראַטעוועט? — — —

כ׳שריי צו דער מאַלינע. כ׳גיב סימנים. קיינער ענטפערט ניט. כ׳גיב ווידער סימנים — שטיל.

און אין אַ מינוט אַרום הער איך אַ שטיל קול:

— דאָס ביסטו? שוין ענדע?

— שוין ענדע! ווי איז אַריבער ביי אייך? —

— מען האָט געקלאַפּט, געריסן, ניט אויפגעריסן און אַוועק.

— וואַרט ביז פאַרנאַכט, טאָמער וועלן נאָך אַריינגיין צוריק די דייטשן און זוכן —

— מיר וועלן וואַרטן ביז אַ סימן.



כ׳גיי צוריק אין צימער. כ׳נעם מיין מעדיצינישע טעקע. איך גיי גלייך אין דער אַמבולאַטאָריע. די „אַקציע" איז געענדיקט. דאָס לעבן גייט ווייטער. דאַרף מען געבן הילף די לעבנגעבליבענע.

אויפן וועג טרעף איך דאָקטאָר קלמן שאַפּיראָן, דעם לייטער פון אַמבולאַ־טאָריע. ער איז איצט אָנגעקומען פון שטאָט (ער איז געווען מיט אַ קאָמאַנדע אויפן אַרבעטס־פּלאַץ אין משך פון די דריי טעג).

— וואו לויפט איר — פרעגט ער מיך.

— איך גיי האַלטן דיזשור אין אַמבולאַטאָריע פון גיכע הילף. דאָס לעבן גייט ווייטער... אַז איר וועט שפּעטער געפינען אַ דאָקטאָר, שיקט אים אַהער מיך צו פאַרטרעטן. איך האָב נאָך מיינע עלטערן ניט געזען...

ביי דער אַמבולאַטאָריע וואַרטן שוין מענטשן, פאַרוואונדעטע און קראַנקע.

כ׳עפן אויף דאָס אַמבולאַטאָריע־בוך. דריי טעג גאָרניט געווען איינגעשריבן. כ׳שטעל די דאַטע און רעגיסטריר דעם ערשטן פּאַציענט — — —

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז געקומען אַ דאָקטאָר מיך צו פּאַרטרעטן. כ׳אייל זיך אַהיים. ס׳איז שוין אָוונט. איך רוף אַרויס די מענטשן פון דער מאַלינע. איינער נאָך איינעם קריכן זיי אַרויס אויף אַלע פיר, דורכן קליינעם דורכגאַנגל. בלייכע, חושכע, מיט אַ געלן אָפּשיין אויפן פּנים, מיט האָר צעפּודלטע. זאַכן איינגעשמוצטע אין זאַמד, ליים און שטרוי.

און אָט איז מיין מוטער, און אָט איז מיין פאָטער. אוי ווי ער האָט זיך פאַר־ ענדערט אין די פּאָר טעג. אַזאַ שטאַרקער ייִד געווען אַמאָל, און ווי קראַנק ער זעט אויס.

ס׳רופט מיך איינער פון דער מאַלינע.

— קום — זאָגט ער, כ׳וועל דיר דערציילן, וואָס איך האָב געזען דורך די דאַכעלקעס פון בוידעם פון אונזער מאַלינע. מיר האָבן געזען, וואָס עס טוט זיך אויף שפּיטאָל גאַס 9 און אויף שפּיטאָל גאַס 11. מיר האָבן געזען, ווי מען האָט אויפגעריסן די מאַלינעס, ווי מען האָט אויסגעשטעלט די ייִדן, ווי מען האָט זיי געשלאָגן. מיר האָבן געזען דעם אָנטייל פון דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי — — קום — כ׳וועל דיר דערציילן וואָס מיר האָבן געזען — — —



מען האָט מיר דערציילט:

— פון אַ גאַנצע רייע פּאַרטיעס האָט מען אַרויסגערופן די, וואָס קענען שפּילן און מען האָט זיי געהייסן גיין פאָרויס און שפּילן אויף פידלען דאָס סאָוויעטישע פריילעכע ליד „קאַטיושאַ“. און די ייִדן האָבן געמוזט נאָכזינגען אין כאָר דאָס ליד „קאַטיושאַ“ — אויפן וועג קיין פּאָנאַר.

האָבן די ייִדן ניט געוואָלט זינגען דאָס „קאַטיושאַ“־ליד. —

זענען זיי געגאַנגען און געזונגען „התקוה“ און „אינטערנאַציאָנאַל“. —

האָבן די דייטשן געשלאָגן מיט נאַגייקעס — און דער עולם ייִדן, געפירט צום טויט, האָט געזונגען.

און ס׳האָבן געהילכט די גאַסן פון דער אַלטער ירושלים דליטא — מיט „התקוה“ און „אינטערנאַציאָנאַל“.

און עס זענען געשטאַנען די קריסטלעכע שכנים און געוואונדערט זיך:

— מען פירט ייִדן צום טויט — און זיי זינגען...



אין יענע טעג פון די ביידע אַקציעס פון די געלע שיינען, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר קרוב אַכט טויזנט ייִדן.

## די עלעגיע ביים געטאָ־טויער

צום זכרון פון יענע טעג, ווען יעקב גענס איז געשטאַנען ביי דער סעלעקציע און געציילט „איינס־צוויי־דריי“, איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ אַ ליד (מחבר, לייב ראָזענטאַל, מוזיק וועקסלער, געזונגען דורכן אַרטיסט יעקב בערגאַלסקי), אונטערן נאָמען „ביים געטאָ־טויער“. דאָס ליד איז געווען געווידמעט יעקב גענסן.

דער נגון פון איינס-צוויי-דריי שטאַמט וואַרשיינלעך פון אַ שפּאַניש פאָלקס-ליד אונטערן נאָמען: „ליד פון גענייניקטן פראָנט”.

## ביים געטאָ-טויער

עס האָט אונז דאָס לעבן גערופן,
דאָס לעבן אויף זוניקע טעג.
האָט יעדער אין לאַנד
אַזוי מוטיק געשפּאַנט,
און באַזונדער געגאַנגען זיין וועג.

**רעפרען:**
צו איינס־צוויי־דריי,
צו איינס־צוויי־דריי,
אויף אַרבעט אין וועג זיך געלאָזט.
יעדער טראָט האָט זיין קלאַנג
יעדער וועג — זיין געזאַנג.
ווען דו ווייסט — וואו דו גייסט
און פאַרוואָס. — — —

און איצט: פאַרווערט טראָטואַרן,
פאַר אַנדערע דער וועג אַזוי פריי.
און מיר? טוט אַ קוק:
אויפן שטיינערנעם ברוק
אונטער אייזערנע קלעפּ און נאַגיי.

**רעפרען:**
צו איינס־צוויי־דריי,
צו איינס־צוויי־דריי,
דעם ברוק האָט מען אונז נאָר געלאָזט
האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג
גאָר אַן אַנדער געזאַנג.
ווען דו גייסט — וואו מען הייסט
אָן פאַרוואָס. — — —

ס'האָבן ביי אונז הונדערטער דורות
אומזיסט געבויט און געהאָפט,
ביז עס האָט אַזאַ שווערד,
אַלץ פאַרוויסט פון דער ערד
און געפירט האָט מען אונז ווי די שאָף.

**רעפרען:**
צו איינס־צוויי־דריי,
צו איינס־צוויי־דריי,
אַזוי ווי די שאָף זיך געלאָזט,

וואו דיין פרוי? וואו דיין קינד?
וואו דאָס גאַנצע געזינד?
ווען דו גייסט, און ניט ווייסט
וואו אַהין? און פאַרוואָס. — — —

נאָר ברודער אַן אַנדערער ריטעם
וועט באַלד צו דיין אויער דערגיין.
און די, וואָס פאַר שרעק
ליגן היינט נאָך פאַרשטעקט,
זיי שפאַנען מיט אונז ניט אַליין.

**רעפרען:**

צו איינס־צוויי־דריי,
צו איינס־צוויי־דריי,
די געסלעך, דאָס טויער פאַרלאָזט!
האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג,
גאָר אַן אַנדער געזאַנג
ווען דו גייסט — און דו ווייסט
וואו אהין און פאַרוואָס. — — —

# 51. אין די טעג פון די ראָזע שוץ-שײַנעז

## די ראָזע שוץ־שײַנען זענען אויך לעבנס־שײַנען

במשך פון אַ זיבן וואָכן נאָך דער אַקציע פון די „געלע שײַנען" איז דעם יידן-ראַט געלונגען אויסצופועלן שוץ־שײַנען פאַר אַ געוויסע צאָל יידן פאַכמענער, וועלכע באַזיצן ניט קיין געלן שײַן.

די געטאָ-פּאָליציי האָט געמאָלדן, אַז אַלע ווײַסע שײַנען-פאַכמענער זאָלן זיך רעגיסטרירן לויט זייערע פאַכן, כדי צו באַקומען ראָזע שוץ־שײַנען. לכתחילה איז מען ניט געגאַנגען צו דער רעגיסטראַציע, מורא האָבנדיק, אַז די געטאָ־פּאָליציי וויל האָבן אַ נאָמענטלעכע ליסטע פון שײַנלאָזע יידן, בכדי אַרויסצוגעבן זיי צו די דײַטשן. אָבער שפּעטער האָט מען זיך איבערצײַגט, אַז די ראָזע שוץ־שײַנען שיצן ווירקלעך זייערע אינהאָבערס אַזוי ווי די געלע לעבנס־שײַנען.

ס'איז מיר עד־היום ניט קלאָר און אומפאַרשטענדלעך צוליב וועלכער סיבה האָבן די דײַטשן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַזעלכע שוץ־שײַנען פאַר די יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער אַקציע פון די געלע שײַנען, און וועלכע האָבן לויט די דײַטשע באַגריפן ניט געהאַט קיין לעבנס־רעכט.

איז דאָס געווען אַן אויפטו פון יעקב גענס' דיפּלאָמאַטיע, אָדער איז דאָס געווען אַ רעקאָמפּענסאַציע דער יידישער געטאָ־פּאָליציי פאַרן טרייעם אויסדינען זיך דער דײַטשער מאַכט ? אָדער איז דאָס געווען איינע פון די נאַצישע מעטאָדן פון פאַר־בלענדן, אַרויסרופן צו זיך צוטרוי, בכדי צו קענען דערנאָך לײַכטער פאַרנאַרן און פאַרטיליקן ? — —

פאַמעלעך, פול מיט חשד און ספיקות איז פאַרגעקומען די רעגיסטראַציע פון שײַנלאָזע פאַכמענער. אַ סך פון זיי האָבן אָנגעגעבן פאַלשע נעמען און פאַלשע אַד־רעסן צוליב פאָלגנדיקער אויסרעכענונג: ממה נפשך איז עס אַ „פאַסטקע" מצד דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, וועט זי מיך ניט קענען אויסגעפינען מיט אַ פאַלשן נאָמען און מיט אַ פאַלשן אַדרעס; איז דאָס אָבער אַן אמתער גילטיקער שײַן — „ווער איך אויס איך" און איך ווער דער, אויף וועמענס נאָמען עס איז אויסגעשטעלט דער ראָזער שוץ־שײַן.

דעם 19טן דעצעמבער 1941 האָט מען זיך פלוצעם דערוואוסט, אַז די רעגיס־טראַציע און דאָס אַרויסגעבן די ראָזע שוץ־שײַנען מוז פאַרקומען במשך פון דער נאַכט אויפן 20סטן דעצעמבער ביז פאַרטאָג. אין געטאָ איז גלײַך געוואָרן אַ גע־פּרעסטע שטימונג: אין משך פון איין נאַכט אַ רעגיסטראַציע ? — הייסט דאָס, אַז אויף מאָרגן קומט פאַר אַן אַקציע.

די אַלע וואָס האָבן ביז יעצט געספּקט: גיין צו דער רעגיסטראַציע אָדער נײַן, האָבן זיך שוין צו איר געריסן. דער הויף פון יידן־ראַט איז געווען איבערפולט מיט מענטשן, וועלכע האָבן געזוכט עדות, אַז זיי זענען פאַכמענער, אָדער געבראַכט באַ־ווייזן אויפן סמך פון פאַספּאָרטן און מיליטערישע ביכלעך.

פאַרשידענע פּאַכקרייזן האָבן געשאַפן ליסטעס פון שיינלאָזע פאַכמענער און געגאַנגען צו דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, פאָדערן און אינטערוועניִרן וועגן שוץ־שיינען.

## ווי ראַטעוועט מען די רעשטלעך פון געזעלשאַפטלעכע טוערס?

די רעשטלעך פון די געזעלשאַפטלעכע טוערס, שריפטשטעלערס, רבנים און ישיבה־לייט זענען ווידער געשטאַנען ביי דער סכנה צו בלייבן אָן שוץ־שיינען. זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאַך און ניט מיט וואָס צו דאָקומענטירן אַ פאַך.

עס איז דאַן אַנטשטאַנען אַ געדאַנק ביי די געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען פון געטאָ, קעמפן ביים יידן־ראַט, ער זאָל צוטיילן שוץ־שיינען פאַר געזעלשאַפטלעכע טוערס, שרייבערס, בני־תורה, וועלכע זאָלן פיקטיוו פאַרשריבן ווערן אַלס „פאַכ־מענער״. יעקב געגנס האָט מסכים געווען אונטערצושרייבן פאַר זיי אַ געוויסן סכום ראָזע שיינען. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל דערמיט ראַטעווען אַ ביסל יידישע אינ־טעליגענץ.



די טרעפּ, די קאָרידאָרן און די צימערן פון יידן־ראַט זענען געווען איבער־פּראָפּט מיט מענטשן וועלכע זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף זייער גורל צו באַ־קומען אַ ראָזן שוץ־שיין, מען איז געלעגן אויף דער ערד די גאַנצע נאַכט און גע־וואַרט. —

מען איז מודיע דעם חבר יצחק אַראָנאָוויטש, אַז ער פיגורירט אויף אַ „געזעל־שאַפטלעכער ליסטע״ צו קריגן אַ שיין.

— נעמט מיך אַראָפּ פון דער ליסטע — זאָגט ער — איך בין פון פאַך אַ יוּוועליר, אַ זייגער־מאַכער, מען האָט שוין מיך אַרויסגעשטעלט אויף אַ פאַך־ליסטע, שטעלט אַרויס אַן אַנדערן אויף מיין אָרט.

ס׳איז זייגער זעקס פּאַרטאָג. אַלע וואָס האָבן פיגורירט אויף די „געזעלשאַפט־לעכע״ ראָזע ליסטעס, האָבן שוין באַקומען זייערע ראָזע שוץ־שיינען. חבר אַראָ־נאָוויטש נאָך ניט. אַ יידישע געטאָ־פּאָליציסטין, וועלכע דערלייידיקט זיין ליסטע איז מיד און אַרבעט לאַנגזאַם.

כ׳ווער אומרואיק און איך באַשליס בלייבן ביז חבר אַראָנאָוויטש וועט האָבן זיין ראָזן שוץ־שיין. ס׳ווערט זייגער זיבן, דאַן אַכט און באַלד ניין פרי. די פּאָליציסטין שטעלט זיך פּלוצעם אויף און זאָגט:

— עס זענען געבליבן נאָך איניקע מענטשן צו דערלייידיקן, אָבער עס איז שוין ניין אַזייגער, כ׳בין פאַרמאַטערט. קומט נאָך מיטאָג, וועט איר קריגן די שיינען.

און זי גייט אַוועק.

מיר גייען אַרויס אויף די טרעפּ. שטיל. קיינער ניטאָ. אויפן הויף — קיינער ניטאָ. אויפן גאַס אַ געלויף, יידן זאָגן זיך אָן:

— ליטווינער און דייטשן אַריין אין געטאָ.
— עס הויבט זיך אָן אַן אַקציע.
חבר אַראָנאָוויטש פאַרשווינדט צו באַהאַלטן זיך אין אַ מאַלינע.

## די צוואה פון מיין פאָטער

מיין פאָטער איז געוואָרן קראַנקער פון טאָג צו טאָג נאָכן פאַרברענגען די דריי טעג פון די געלע שיינען אין אַ מאַלינע. ער איז אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל. דאָ האָט ער געמוזט דרינגענדיק דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע.

אָבער ווי קען מען איצט מאַכן אַן אָפּעראַציע, נאָך וועלכער מען מוז לאַנגע וואָכן ליגן צוגעשמידט צום בעט ? אַ ליאַדן טאָג קען דאָך פאַרקומען אַן אַקציע. דער פאָטער האָט דאָך קיין שיק. ער וועט מוזן לויפן אין דער מאַלינע.

אָ פּ ע ר י ר ן זיך און לויפן אַן אָפּערירטער אין דער מאַלינע, וועט ער דאָרט אומקומען פון אָפּעראַציע־קאָמפּליקאַציעס.

פאַרקערט אָבער, נ י ט אָ פּ ע ר י ר ן זיך — דראָט אים אומקום צוליב דעם, וואָס די קראַנקייט איז היילבאַר נאָר כירורגיש.

וואָס זאָל מען טאָן ?

דערווייל איז דער פאָטער געלעגן אין שפּיטאָל ניט אָפּערירט. איבערוואַרטן כאָטש די אַקציע פון די ראָזע שוץ־שיינען, שפּעטער וועט מען ווייטער זען...

ער איז געלעגן אין אַ שפּיטאָל־פּאַלאַטע מיט נאָך קראַנקע, וועלכע האָבן געוואַרט אַריבערצושטופּן ווי עס איז די אַקציעס.

מען איז געלעגן און דערציילט זיך נייס פון גרויסע נצחונות פון די אַלי־אירטע און געוואַלדיקע צעשמעטערנדיקע מפּלות פון די דייטשע חיילות.

מיין פאָטער דוב בער, אַ ייד אַ למדן, אַ מוסמך פון סלאָנימער ישיבה, וועלכער האָט ניט וועלנדיק מאַכן די תורה אַ קרדום לחפור בו, זיך פאַרנומען כל ימיו מיט האַלצבראַנזשע און בוכהאַלטעריע — איז געלעגן אין שפּיטאָל־פּאַלאַטע אַרומגע־רינגלט מיט קראַנקע, באַקאַנטע „פון אַמאָליקע גוטע יאָרן", דערציילט זיי און פאַר־טייטשט נייס, אָדער געלייענט ספרים „זכרונות לבית דוד" און „דון יוסף הנשיא", וועלכע מען האָט געפונען אין שפּיטאָל.

מיר פלעגט זיך דוכטן קומענדיק אין שפּיטאָל, אַז נאָך לאַנגע יאָרן אומדער־מידלעכע אַרבעט און זאָרג פאַרן שטוב און פאַר דאגות חיונה, רוט זיך אָפּ דער פאָטער דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, ערשט איצט אין געטאָ־שפּיטאָל.

עס האָט זיך אים עפּעס אויך ענלעכעס וואַרשיינלעך געדוכט און ער פלעגט מיט מיר פאַנטאַזירן, וואָס וועט זיין אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן ? ווי וועלן מיר אָנזאָגן די קרובים ? איבערגעפרעגט מיך, צי איך געדענק גוט אַלע אַדרעסן און ווי וועט זיין די פריידע, אַז מען וועט זיך נאָכן געטאָ צוזאַמענטרעפן...

מיין פאָטער האָט באַקומען אַ ראָזן שוץ־שיין אַלס האָלץ־מעסטער; מיין מו־טער צביה אַלס טעכנישע צייכנערין, אַ פאַך מיט וועלכן זי האָט זיך פאַרנומען פון אירע יוגנט יאָרן ביי איר פאָטער רב אליהו רומאַנאָוו, וואָס איז געווען רב און אַרכיטעקט אין ווילנע.

▼

דעם 20סטן דעצעמבער אין דער פרי, ווען איך האָב אַריינגעבראַכט פאַר מיין

פאָטער אין שפּיטאָל־פּאַלאַטע דעם ראָזן שוך־שיין האָט ער עס אויפגענומען זייער גליייכגילטיק.

— טאַטע, כ׳האָב דיר געבראַכט דיין שוך־שיין און דו פרייסט זיך גאָרניט ? — האָב איך אים געפרעגט אַן אַנטוישטער.

— מיין קינד, איך שפּיר זיך שוואַך, איך ווייס ניט, כ׳ווייס ניט, צי איך וועל שוין דערלעבן די פרייהייט.

איך גיב אַ טאַפּ ביים פאָטער דעם פּולס, אַ באַדייטנדיקע פאַרערגערונג כּלפּי נעכטן. אויך דער אָטעם איז פאַרשנעלערט. כ׳רוף אַריין אייניקע דאָקטוירים אויף אַ קאָנסיליום :

— וואָס זאָל מען טאָן ? באַלד הייבט זיך אָן אַן אַקציע. אין אַזעלכע הייסע טעג איז ניט גוט צו מאַכן קיין אָפּעראַציע.

כ׳באַרויִק דעם פאָטער אַז זיין צושטאַנד איז ניט שלעכט, ער איז נאָר א ביסל אָפּגעשוואַכט.

איך בין געבליבן זיצן מיטן פאָטער. כ׳קוק דורכן פענצטער פון שפּיטאָל־פּאַלאַטע אויפן הויף. דייטשע ס״ס־לייט און ליטווישע זעלנערס זענען שוין דאָ אויפן הויף. באַלד קענען אויפגעדעקט ווערן די שפּיטאָל־מאַלינעס, וואו עס ליגן די שיינלאָזע קראַנקע...

— וואָס קוקסטו דאָרט, וואָס זעסטו אויפן הויף, — פרעגט מיך מיין פאָטער.

— גאָרניט, כ׳קוק ווי מען האַקט האָלץ...

עס האָט זיך באַלד באַוויזן הויכע טעמפּעראַטור און אַ שטאַרק פאַרשנעלער־טער אָטעם.

דער פאָטער רופט מיך צו :

— כ׳שפּיר, מיין זון, אַז מיינע כּוחות פאַרלאָזן מיך. כ׳וויל פון דיר אַ וואָרט. זאָג מיר צו, אַז נאָכן געטאָ וועסטו גיין קיין ארץ־ישראל.

— טאַטע, וואָס עפּעס זאָגסטו נאָר וועגן מיר אַליין. מיר וועלן אַ ל ע, די גאַנצע משפּחה, פאָרן צוזאַמען קיין ארץ ישראל. דו וועסט זען, די מלחמה ענדיקט זיך שוין, ס׳איז דאָ גוטע נייס...

— כ׳האָב אַ גאַנצן לעבן אַלץ געהאָפּט און געקליבן זיך קומען קיין ארץ־ישראל, נאָר אַלץ אָפּגעלייגט : נאָך יונג די קינדער, מען דאַרף זיי נאָך לערנען, מען דאַרף חתונה מאַכן די טעכטער, איז אָנגעקומען דערווייל די מלחמה און דער געטאָ. איך שפּיר : א י ך וועל שוין דעם געטאָ ניט איבערלעבן. טאָ גיב אַ וואָרט, אַז דו כאָטש וועסט גיין קיין ארץ־ישראל.

— טאַטע, איך גיב דיר מיין וואָרט.

— אָבער גיב מיר דיין וואָרט, אַז אויב אַפילו עס וועט זיין דאָ גוט נאָך דער מלחמה און, אַז אויב מען וועט שוין דאָ קיין יידן ניט טאָן מער קיין שלעכטס, יועסטו ניט בלייבן דאָ. ניטאָ דאָ פאַר יידן קיין אָרט, נאָך פאָנאַר — — — גיב דיין האַנט.

— איך גיב דיר מיין האַנט, טאַטע — — — —

▼

אין דער נאַכט פון 27סטן דעצעמבער האָט זיך אָנגעהויבן די גסיסה. אונזער גאַנצע משפחה איז געזעסן ביים טויטן־בעט און נאָכגעפאָלגט דעם שווערן אָטעם.

אין שפּיטאָל־פּאַלאַטע איז געווען פינצטער. נאָר אַ קליין ליכטל האָט געשיינט ביים טיִעַלע פון פאָטערס בעט.

קיינער פון די קראַנקע זקנים זענען ניט געשלאָפן. מען האָט געקוקט אויף דער גסיסה און — מקנא געווען.

אַ ייד, אַ שכן, איז געלעגן אין בעט און געשעפּטשעט:

— ווי דערוואַרט מען שוין צום טויט אויף דעם אייגענעם בעט — — —

אין מיטן שאַרפן אָטעמען, אין פיבער, הויבט זיך אויף דער פאָטער, גיט אויף אונז אַ קוק מיט אַ בלאָנדזשענדיקן בליק און זאָגט:

— צביה... די קינדער...

די ווערטער ווערן שטיל. דער פּאַציענט איז שוין ניטאָ.

## זוכה געווען קומען צו קבר־ישראל

עס גייט צו אַ זקן און זאָגט צו אונז:

— ברוך דיין אמת, געלויבט דער אמתער שופט. פאַרמאַכט די אויגן אייער זעליקן פאָטער און וויינט ניט. אייער פאָטער איז געווען אַ צדיק. ניט יעדערער איז זוכה דערצו: נפטר צו ווערן אויף זיין אייגן בעט, אַרומגערינגלט פון דער פרוי און קינדער. — — —

און אז עס האָט אָנגעהויבן דורך די פענצטער גרויען דער פאַרטאָג, האָט זיך דער זקן געווענדעט צו די אַרומיקע:

— לאָמיר אָפּגעבן כבוד המת, לאָמיר איינאָרדענען א לוויה אין שפּיטאָל, דעם לעצטן חסד של אמת.

צוויי זקנים האָבן געטראָגן צוויי לייכטערס מיט ברענענדיקע ליכט, פיר זקנים האָבן געטראָגן די מיטה. נאָך זיי אונזער משפּחה און די אַרומיקע קראַנקע.

שטיל, טריט נאָך טריט, איז מען געגאַנגען מיט דער מיטה איבער די קאָרי־דאָרן און טרעפּ פון געטאָ־שפּיטאָל.

דער זקן איז געגאַנגען בראש פון דער לוויה און מיט אַ טרויער־ניגון געזאָגט:

צדק לפניו יהלוך וישם דרך לפעמיו — — —

אין דער פאַרטאָגיקער שטילקייט האָט אָפּגעהילכט אין די צימערן פון געטאָ־שפּיטאָל דער טרויער־ניגון פון לעצטן גאַנג: צדק לפניו יהלוך! צדק לפניו יהלוך!...

קאָרידאָרן, קאָרידאָרן, טרעפּ, הויף אין נאַכט טונקלקייט. מתים־שטיבל. ער־שטער קדיש.

זקנים האָבן זיך געזעצט זאָגן תהילים.

▼

ווען עס איז געוואָרן ליכטיק האָט מען מיר דערציילט, אַז במשך פון די צוויי טעג, וואָס איך בין אָפּגעזעסן לעבן מיין פאָטערס טויטן בעט, איז פאָרגעקומען אין געטאָ אַן אַקציע איבער די, וואָס האָבן ניט קיין ראָזע שוץ־שיינען. מען האָט געפונען אַ סך יידן אין די מאַלינעס, אָבער ניט אַזוי פיל, וויפיל אין די אַקציעס

פון די געלע שיינען. ווי מען שמועסט פעלט די דייטשן אַ סכום מענטשן צו דער נאָרמע, וואָס זיי פאָדערן אַרויסצופירן קיין פּאָנאַר.

אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז די דייטשן וועלן מסתמא פאָדערן מען זאָל זיי אַרויסגעבן די מתים, וואָס ליגן אין מתים־שטיבל פון געטאָ־שפּיטאָל, בכדי אַרויס־צופירן זיי קיין פּאָנאַר. דער חשבון פון אַרויסגעפירטע יידן מוז שטימען. קען מען די פעלנדיקע קאָמפּלעטירן מיט מתים...

ווי דאָס איז ניט וואַרשיינלעך, דאָך אייל איך זיך איינצואָרדענען וואָס פריער די לוויה, ווער ווייס, אפשר ליגט עפּעס אַן אמת אין די שמועסן ?...

אפשר וועלן טאַקע די דייטשן וועלן פירן די מתים צו פאַרשוועכונג קיין פּאָ־נאַר. איז אויב דער פאָטער האָט שוין זוכה געווען ניט געפירט צו ווערן ביים לעבן קיין פּאָנאַר, דאַרף מען זען ניט דערלאָזן אים צו פירן נאָכן טויט קיין פּאָנאַר...

איך לויף אין יידן־ראַט צו דערלעדיקן די פאָרמאַליטעטן, וואָס גיכער קענען ברענגען דעם פאָטער צו קבר־ישראל.

אין יידן־ראַט בעט די מתים־אָפּטיילונג אַ גרויסע סומע קבורה־געלט. ס'איז געווען אַ הכנסה־מקור. מיר גיבן אָפּ אַ מאַנטל צו פאַרקויפן און עס ווערט פון אים קבורה־געלט.

ענדלעך איז שוין דאָ דער ארון ביים מתים־שטיבל. די אַרומיקע פאַרשטייען מיין איילעניש — ברענגען דעם פאָטער צו קבר־ישראל.



עס גייט די לוויה איבער די ענגע געסלעך פון געטאָ, נאָכן אָרון גייען מיר אין אַ שורה, די מוטער, די שוועסטער, די פרוי און איך. פריינד און חברים פירן אונז לויטן מנהג ביים האַנט. לעבן מיר גייען משה אָליצקי און מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו. איך זע גרויסע שורות שכנים, באַקאַנטע, פריינד פון פאָטער, מיינע חברים און סתם יידן.

עס גייט דער ארון איבער די געסלעך. איך הער עס רעדן צווישן זיך יידן:

— אַ צדיק, אַ צדיק —

— זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל —

— ווי דערלעבט מען צו אַזאַ טויט — — —

ביים טויער פון געטאָ הויבט זיך אויף דער שלאַגבוים. עס עפנט זיך אויף דאָס טויער. דער ארון פאָרט אַוועק אַליין און מיר בלייבן שטייען ביז וואַנעט דער ארון ווערט פאַרשוואונדן פון די אויגן, אַרויסגיין פון געטאָ צו אַ לוויה טאָר מען ניט.



אויף צוריק, עס לויפט מיר דורך פּלוצעם ווי אַ בליץ אַ געדאַנק, וועלכער ציטערט מיך אויף און איך זאָג צו משה אָליצקין און מרדכי טענענבוים־טאַ־מאַראָוו :

— געבראַכט דעם פאָטער צו קבר־ישראל, אָבער ווער ווייס, אפשר וועלן טאַקע קומען ס"ס און פאָדערן די מתים ? אויב ס'וועט פעלן צו דער צאָל איז דאָך אַ מת אָנשטאָט אַ לעבעדיקן. אַ מת האָט דאָך געקענט פאַרשפּאָרן אַ לעבעדיקן. איז ווי האָב איך געדאַרפט האַנדלען, זען ברענגען דעם פאָטער צו קבורת ישראל, אָדער לאָזן זיין קערפּער צו פאַרשוועכונג און שענדונג נאָכן טויט אין פּאָנאַר ? אפשר

וועט דערמיט אָפּגעראַטעוועט ווערן איין יידישער לעבעדיקער ? — — — — די ס״ס האָבן דאָך באמת געקענט קומען און פאַדערן מתים...

משה אָליצקי און מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו קוקן זיך איבער, קוקן מיך אָן און שווייגן.

כ׳קום אַהיים, כ׳קער איבער אַ בענקל און זעץ זיך שבעה. אין אַ פּאָר שעה אַרום קומען צוגייען מרדכי טענענבוים ־ טאַמאַראָוו און סאווע גוריאַן און זאָגן:

— מיר זענען געקומען דיך מנחם אָבל זיין, אָבער אין געטאָ איז ניטאָ קיין אבילות, אַלע האָבן דאָ פאַרלוירן זייערע נאָנטע... קום, שטעל זיך אויף און קום אויף אַ באַראַטונג.

## דער טויט פון י. אַראָנאָוויטש

אין זעלבן אָוונט האָט מען מיר מודיע געווען: אַראָנאָוויטשעס פּרוּי האָט מען געפונען אין אַ מאַלינע און אַרויסגעפירט קיין פּאָנאַר. אַראָנאָוויטשן האָט מען ניט געכאַפּט. אָבער ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון זיין אומגליק, איז ער געוואָרן צוזאַמענגעבראָכן און ער ליגט טויט־קראַנק.

אין גאַנצן עטלעכע מינוטן האָבן געפעלט, ער זאָל האָבן זיין ראָזן שוץ־שיין, אָבער די געטאָ־פּאָליציסטין איז געווען מיד...

איך בין גלייך געקומען צו אים, ער איז געווען אין אַן ערב גסיסה־צושטאַנד. ער האָט מיך דערקאָנט און אָנגעהויבן צו מורמלען:

— געדענק... די חברים.

לאַנגע שעהן איז ער געלעגן אין צושטאַנד פון אומבאַוואוסטזיין. נאָר פון צייט צו צייט פלעגן זיינע ליפּן אַרויסוואַרפן דאָס וואָרט:

— די חברים... די חברים.

פאַרטאָג האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

זיין לוויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער ערשטער ציוניסטישער געטאָ־דעמאָנסטראַציע.

אויף די געטאָ־ווענט האָבן זיך באַוויזן מודעות אין בלוי־ווייסן שריפט מיט שוואַרצע ראַמען:

בצער ויגון הננו מודיעים על מותו הטרגי של היהודי המסור, העסקן הציבורי הנאמן, הלוחם בעד ארץ־ישראל העובדת, בעד שיחרור הלאום והאנושיות

**י. אַרונוביץ**

והננו קוראים את כל הציבור היהודי בגיטו וילנה לחלוק לו את כבודו האחרון מבית החולים היהודי עד שער הגיטו.

נאמני ציון
ארץ־ישראל העובדת בגיטו וילנה.

ביי זיין טויטן־קערפּער האָט מען געהאַלטן אַן ערן־וואַך. דעם ארון באַדעקט מיט אַ ווייס־בלויער פאָן האָט מען געטראָגן אויף די פּלייצעס ביזן טויער פון גע־

טאָ. בראש זענען געגאַנגען יידן מיט פייער־פּאַקלען. נאָך זיי חברים פון פּועלי-ציון־התאחדות, החלוץ, ציוניסטן פון אַלע ריכטונגען און טויזנטער סתם יידן.

אין געטאָ זענען נפטר געוואָרן מיטן נאַטירלעכן טויט אייניקע געזעלשאַפטלעכע טוערס און לערערס ווי יעקב גערשטיין, באַסמאַמסקי א. א. זייערע לוויות פלעגן ספּאָנטאַן פאַרוואַנדלט ווערן אין געזעלשאַפטלעכע דעמאָנסטראַציעס פון געטאָ. אַזאַ איז אויך געווען די ערשטע גרויסע געטאָ-לויה פון ד״ר גרשון גרשוני. אַזאַ איז אויך געווען די לעצטע גרויסע געטאָ-לויה פון פאַרטיזאַנער יחיאל שיינבוים.

## דער ווידערשטאַנד פון האַוז און גאָלדשטיין

פון מויל צו מויל האָט מען זיך איבערגעגעבן אין יענע טעג וועגן ווידער־שטאַנדס־אַקט פון האוז און גאָלדשטיין בשעת דער אַקציע פון די ראָזע שוץ־שיינען.

מען האָט דערציילט: עטלעכע צענדליק יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ מאַלינע אויף שפּיטאָל־גאַס 11. די ס״ס לייט האָבן מיט שפּיר־הינט אויסגעפונען די מאַלינע און זי אויפגעריסן. ווען די יידן האָבן באַקומען דעם באַפעל אַרויסצוגיין פון דער מאַלינע האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט: דאָ אויפן אָרט וועלן זיי שטאַרבן. זיי גייען ניט קיין פּאָנאַר.

דער ס״ס־מאַן שווייגענבערג איז אַריין אין דער מאַלינע, באַגלייט פון ס״ס־לייט און אויפגעפאָדערט די יידן אַרויסצוגיין, האַלטנדיק אויף זיי געצילט אויטאָ־מאַטיש געוועהר. ה אַ ו ז און ג אָ ל ד ש ט יי ן האָבן זיך מיט בלויזע הענט אַ וואָרף געטאָן אויף די ס״ס־לייט. די איבעריקע יידן האָבן נאָכגעטאָן זייער ביי־שפּיל. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אומגלייכער געראַנגל פון צוואַנציק אומבאַ־וואָפנטע יידן מיט אַ באַנדע ס״ס־לייט שווער באַוואָפנט.

די אַלע צוואַנציק יידן זענען העלדיש אומגעקומען. ניט אַלעמענס נאָמען איז אַפילו געווען באַקאַנט. געוואוסט האָט מען די נעמען האַוז און גאָלדשטיין.

▼

אויף די ווענט פון געטאָ האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אין שוואַרצע ראָמען:

כבוד די קדושים האוז און גאָלדשטיין,
כבוד די געפאַלענע.

# 16. געטאָ נומער צוויי

געציילט זענען געווען די טעג פון געטאָ נומער צוויי, און אויסערסט טראַגיש איז געווען דער גורל פון זיינע איינוואוינערס. און גאָר ווייניק שרידים זענען פון אים געבליבן; איך אַליין האָב געזען דעם געטאָ נומער צוויי עראָשט אַ וואָך נאָך זיין ליקווידאַציע (בשעת דער אַקציע פון די גרעלע שיינען, און דעריבער זענען וועגן אים אַזוי באַגרענעצט און אומאויסשעפּנדיק מיינע אינפאָרמאַציעס).

געשאַפן איז געוואָרן געטאָ נומער צוויי דעם זעלבן טאָג, וואָס געטאָ נומער איינס. אין אַ פיר קליינע געסלעך (יאַטקאָווע גאַס 2, גאָון-געסל, יידישע גאַס, גלעזער גאַס) זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן קרוב עלף טויזנט מאַן (לויט אַנדערע ציפערן ניין טויזנט מאַן).



פון ערשטן טאָג האָבן די דייטשן אַריינגעפירט אַן אונטערשיד צווישן געטאָ נומער איינס און געטאָ נומער צוויי.

געטאָ נומער איינס איז געווען באַשטימט פאַר פאַך־אַרבעטער און געטאָ נומער צוויי פאַר שוואַרצע אַרבעטער און פאַר ניט אַרבעטנדיקע. עס איז אויך אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע פאַך־אַרבעטער פון געטאָ נומער צוויי זאָלן אַריבערגיין אין געטאָ נומער איינס, — און פאַרקערט, אַלע פאַכלאָזע פון געטאָ נומער איינס זאָלן אַריבערגיין אין געטאָ נומער צוויי. די יידן אין געטאָ נומער צוויי האָבן געלעבט זייערע געציילטע טעג אין שטענדיקער שרעק. זיי האָבן קיין פאַכשיינען ניט געהאַט. האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם גורל, וואָס עס דערוואַרט זיי.

אין די טעג פון די „איבערוואַנדערונגען" פון די פאַך־אַרבעטער פון געטאָ נומער צוויי אין געטאָ נומער איינס — האָבן זיך אויך געריסן די פאַכלאָזע אַריבערצוגיין צוזאַמען מיט זיי אין גליקלעכערן געטאָ. אָבער אין געטאָ נומער צוויי איז געווען אַ באַזונדערער יידן־ראַט, מיט אַ באַזונדערער יידישער געטאָ־פּאָליציי, וועלכע האָבן געהיטן, אַז מען זאָל ניט אַריבערגיין אומלעגאַל פון געטאָ צו געטאָ.



אין משך פון די קורצע טעג פון געטאָ נומער צוויי איז דאָרטן אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שול פאַר די קינדער, אין וועלכער עס איז געווען טעטיק די לערערין מ י ר ע ב ע ר נ ש ט יי ן, ווי אויך אַן אַמבולאַטאָריע (בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען ד״ר וו. פאַטשמער) און אַן אַפּטייק, וועלכע האָט זיך געפונען אין בנין פון דער סטראַשון־ביבליאָטעק, ביי דער אַלטער ווילנער גרויסער שול.

אין געטאָ נומער צוויי האָט זיך געפונען אַ מ ר ח ץ. ס'איז דערלויבט געוואָרן, אַז גרופּן יידן זאָלן אַריבערגיין פון געטאָ נומער איינס אין געטאָ נומער



יאַטקעווער גאַס צוויי — (קלאַטשקא גאַס)
אַ געסל אין געטאָ נומער צוויי.



די ז.רובע יאַטקעווער גאַס צוויי — (קלאַטשקא גאַס)
פאָטאָגראַפירט נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ

צוויי, בכדי צו באַנוצן זיך מיטן מרחק. דורך די דאָזיקע מרחק־געגנג פלעגן אונ־טערגעהאַלטן ווערן קאָנטאַקטן צווישן ביידע געטאָס. אויך די פּאָסט־ביוראָ פון געטאָ נומער איינס פלעגט איבערשיקן בריוולעך פון איין געטאָ צו דער צווייטער.



אין דער נאַכט פון 15טן סעפּטעמבער 1941 זענען דריי טויזנט פינף הונדערט פופציק יידן אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ נומער איינס. מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען פירט זיי אַריבער אין געטאָ נומער צוויי, ווייל זיי זענען פּאַכלאָזע. שפּע־טער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז פון די דאָזיקע יידן זענען נאָר זעקס הונדערט געבראַכט געוואָרן אין געטאָ נומער צוויי. די איבעריקע צוויי טויזנט ניין הונדערט פופציק זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

יום־כפור — 1טער אָקטאָבער 1941 זענען אין געטאָ נומער צוויי פּאָרגעקומען צוויי אַקציעס. זייגער איינס בייטאָג האָבן די דייטשן אַרויסגענומען אַכט הונדערט מאַן, ביינאַכט ניין הונדערט מאַן (אין דער זעלבער צייט איז אויך פּאָרגעקומען אין געטאָ נומער איינס די יום־כפור־אַקציע).

דעם 4טן אָקטאָבער האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט פון געטאָ נומער צוויי — צוויי טויזנט יידן. מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען פירט זיי אין אַ דריטן געטאָ. ווען די יידן האָבן דערזען אויפן וועג, אַז מען פירט זיי צו דער תפיסה לוקישקי, איז אויסגעבראָכן ביי איינער פון די פּאַרטיעס אַ ספּאָנטאַנער פּאַסיווער ווידערשטאַנדס־אַקט. זיי האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן וועג און ניט גערירט זיך פון אָרט טראָץ די קלעפּ. דאָס איז געווען דער ערשטער קאָלעקטיווער ווידערשטאַנדס־אַקט אין ווילנער געטאָ.

דעם 16טן אָקטאָבער זענען ווידער אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ נומער צוויי דריי טויזנט יידן.

דעם 28סטן אָקטאָבער, האַרט נאָך דער ערשטער אַקציע פון די געלע שיינען אין געטאָ נומער איינס, איז לגמרי ליקווידירט געוואָרן דער געטאָ נומער צוויי (וועלכער האָט אַזוי אַרום עקזיסטירט פון 6טן סעפּטעמבער 1941 ביזן 29סטן אָק־טאָבער 1941). עס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קרוב צוויי טויזנט פינף הונדערט יידן. קליינע רעשטלעך איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך אין מאַלינעס און אַרי־בערגייך אין געטאָ נומער איינס דעם 5טן נאָוועמבער 1941 — לעצטער טאָג פון דער צווייטער אַקציע פון געלע שיינען אין געטאָ נומער איינס.

גרויסע צאָלן יידן האָבן זיך נאָך לאַנגע וואָכן און חדשים אויסבאַהאַלטן אין מאַלינעס אויפן שטח פון געטאָ נומער צוויי. די מאַלינעס האָבן געשאַפן דאָרט אַ ווירקלעך מיסטעריעזן לאַבירינט. דער הונגער האָט אָבער אַרויסגעטריבן די יידן פון די באַהעלטענישן, פלעגן זיי געכאַפּט ווערן פון די דייטשע ס"ס לייט און ליט־ווישע זעלנערס, וואָס האָבן אויף זיי געלויערט. לאַנגע וואָכן נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ נומער צוויי, פלעגט מיט אַמאָל געטאָ נומער איינס אויפגעציטערט ווערן

מיט אַ פלוצעמדיקער ידיעה, אַז אויפן שטח פון געטאָ נומער צוויי איז פלוצעם פאַרשיט געוואָרן אַ מאַלינע מיט צענדליקער יידן.

פון דאַמאָלסט אָן האָט געטאָ נומער איינס זיך אָנגערופן פשוט ג ע ט אָ - ווי ל נ ע.



ב אַ מ ע ר ק ו נ ג : די ציפערן פון די אַרויסגעפירטע יידן פון געטאָ נומער 1 און פון געטאָ נומער 2 זענען באַזירט אויף דער אַרבעט פון ד״ר העלער (געשריבן אין געטאָ) ווי אויך אויף קלאַנגען, וועלכע האָבן דאַמאָלסט אין געטאָ קורסירט. ס׳איז ניטאָ קיין זיכערקייט צי זיי זענען פינקטלעך.



חרובער שול־הויף — געטאָ־ווילנע נומער צוויי

# געסלעך פון ווילנער געטאָ



די לוויה פון די געשענדעטע ספרי־תורות, נאָך דער באַפרייאונג, 1945,
גייט דורך די געסלעך פון געוועזענעם געטאָ.



לוויה פון געשענדעטע ספרי-תורות, נאָך דער באַפרייאונג.
הספד אויפן שול-הויף (אַ ווינקל פון געטאָ, נומער צוויי)
(אויפן בילד לינקס זעען זיך די טרעפּ פון „גאונס־מנין״).

# 1. די סטאַביליזאַציע-עפּאָכע פון געטאָ

## דער בלוט-בילאַנס

דעם 21סטן דעצעמבער 1941 האָבן זיך אין געטאָ איינגעטלעך געענדיקט אַלע גרויסע טויט-אַרויספירונגען (אַקציעס), געטאָ נומער צוויי איז שוין געווען פולקאָם ליקווידירט; און אין געטאָ נומער איינס איז געבליבן אַן ערך צוועלף טויזנט יידן, כמעט אַלע באַזאָרגטע מיט געלע לעבנס-שיינען, אָדער מיט ראָזע שוץ-שיינען. יידן האָבן געחשבונט דעם בלוטיקן בילאַנס: געוועזן איז מען אין ווילנע אין טאָג פון מלחמה-אויסברוך אין יאָר 1939, אַן ערך זעכציק טויזנט יידן; אין די ערשטע טעג פון אַריינגיין אין געטאָ נומער איינס און געטאָ נומער צוויי איז געווען צוזאַמען אַן ערך פערציק טויזנט יידן (דרייסיק טויזנט אין ערשטן געטאָ און קרוב צען טויזנט יידן אין צווייטן געטאָ), געבליבן איז צום טאָג פון 1טן יאַנואַר 1942 אַן ערך צוועלף טויזנט יידן, דאָס הייסט צוואַנציק פּראָצענט פון דער געוועזענער צאָל יידן אין ירושלים דליטא.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען חדשים רואיקע אָן אַקציעס. די סטאַבילע שפּאַנונג אין געטאָ, די אָנגעגליטע נערוואָזיטעט, דער יאושדיקער באַוואוסטזיין, אַז מען געפינט זיך תמיד צווישן אַקציעס, אַז דאָס לעבן איז גאַראַנטירט אויף אַ קורצן אָפּשניט, פון איין אַקציע ביז אַ צווייטער, די מאוימדיקע דערוואַרטונג פון דער באַלד אָנקומענדיקער אַקציע, די דאָזיקע אַלע געפילן האָבן פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ ווייניקער אינטענסיוו.

אַכטציק פּראָצענט דערמאָרדעט — צוואַנציק פּראָצענט לעבט — וואָרשיינלעך ליגט אין דעם אַ דייטשער סיסטעם, אַ דייטשע בלוט-נאָרמע. די דאָזיקע בלוט-נאָרמע איז שוין פול. די צוואַנציק פּראָצענט פון רעשט יידן וועט שוין בלייבן לעבן — אַזוי האָבן זיך יידן איינער צום אַנדערן געזאָגט, געטרייסט און באַרואיקט. און וואָס מערער חדשים זענען געלאָפן אָן אַקציעס — אַלץ מערער האָט אַ רואיקייטס-געפיל באַהערשט דעם געטאָ, און דער געטאָ איז אַריין אין דער תקופה פון סטאַביליזאַציע.

## די אַרבעטס-אידעאָלאָגיע

אין געטאָ האָט געהערשט אַן „אַרבעטס-אידעאָלאָגיע". אירע פּרעדיקער זענען געווען די געטאָ-פּאָליציי און די פירנדיקע מענטשן פון יידן-ראַט. דער הויפּט-טרובאַדור פון דער אַרבעטס-אידעאָלאָגיע איז געווען דער געטאָ-קאָמענדאַנט יעקב

גענס, אָבער דער רוב געטאָ־איינוואוינערס האָט געגלויבט אין איר אָדער געלאָזט זיך אין דעם איינרעדן.

די אַזוי גערופענע אַרבעטס־אידעאָלאָגיע האָט געזאָגט:

די אַקציעס זענען צו ענדע. דער בלוט־פּראָצענט פּאַראויסגעזען לויט דער נאַצישער לערע און געזעצגעבונג איז שוין גענומען. ס'איז געבליבן אין געטאָ אַזאַ צאָל יידן, וואָס וועט ווערט וואַרשיינלעך באַטראַכט דורכן דייטש אַלס ווירטשאַפטלעך נוצלעך. דער וואָס וועט קענען אַרויסווייזן זיך אַלס ווירטשאַפטלעך נוצלעך וועט בלייבן ביים לעבן, אָדער האָט שאַנסן צו בלייבן ביים לעבן ביזן דייטשן אָפּטרעטן פון ווילנע (ווען די נוצלעכע וועלן אים שוין ניט זיין נוצלעך...). די ווירטשאַפטלעכע נוצלעכקייט פאַרן דייטש קען אַרויסגעוויזן ווערן דורך אַ גרויסע צאָל יידישע אַר־בעטער אויף די קאָמאַנדאָס און דורך גוט קוואַליפיצירטע אַרבעטן, אויסגעפירטע אין די געטאָ־וואַרשטאַטן אויף באַשטעלונגען פון די דייטשע אָדער שטאָטישע מאַכטן.

אין געטאָ האָט זיך באַוויזן אַ צופלוס פון מענטשן. ס'זענען אַרויס פון זייערע פאַרשטעקענישן די שיינלאָזע מענטשן (ווייסע שיינען), וועלכע האָבן זיך ביז איצט אויסבאַהאַלטן אין די מאַלינעס; ס'זענען אָנגעקומען יידן אַנטלאָפענע פון די פּאָ־גראָמען אין ווייסרוסלאַנד; לסוף זענען אויך צוגעקומען די יידן פון די ליקווידירטע שטעטלעך פון דער ווילנער אומגעגנט. דער געטאָ האָט דאַן געציילט ביז זיבצן טויזנט מאַן.

די געטאָ־אַדמיניסטראַציע האָט געווידמעט איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו באַזעצן די יידן, מענער, פרויען, אפילו קינדער און זקנים, אויף אַרבעטס־פּלעצער און דערביי געפירט אַן אַגיטאַציע, אַז מען זאָל גיין צו די שווערסטע אָבער נוצ־לעכסטע אַרבעט פאַר די דייטשן.

יעקב גענס פלעגט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט צו פּרעדיקן אַרבעטס־אַקטיוויזם.

אין דער געטאָ־צייטונג אויף יידיש „געטאָ־ידיעות”, פלעגן זיך באַווייזן אויפ־רופן:

אַכטונג, געטאָ־יידן!

געדענקט, אַז אַרבעט שפּאָרט איין בלוט!



פון אַ באַריכט אין „געטאָ־ידיעות” וועגן יעקב גענס' אַ רעדע:

„...הן אין דער אַרבעט אין דער געטאָ אינדוסטריע, און הן אין אונזער אַרבעט אויף קאָמאַנדאָס, דאַרפן מיר להיפך צו דער אָנגענומענער מיינונג, אַז מיר טויגן ניט צו קיין שום מלאכה — אויפווייזן, אַז מיר זענען דוקא זייער נוצלעך און אַז מען קען אונז ניט פאַרבייטן. אין איצטיקע מלחמה־באַדינגונגען איז די אַרבעט בכלל, און די אַרבעט פאַר דער ווערמאַכט בפרט אַ געבאָט פון דער שעה.... מיר דאַרפן אויך אויף להבא ניט אָוועקגיין פון דער אַרבעטס־באַזע.

איצטער דערגייט די צאָל אַרבעטערס אין געטאָ ביז פערצן טויזנט און מיר דאַרפן אָננעמען מיטלען, אַז ביז זעכצן טויזנט זאָל דערגיין די צאָל באַשעפ־טיקטע אין געטאָ און אויסערן געטאָ... אָבער אויך צווישן די באַשעפטיקטע דאַרף מען אַריינפירן פאַסיקע שינוים — בכדי אונזער אַרבעטס פּראָדוקטיוויטעט זאָל שטייגן — ווייל דורך דעם וועט ממילא פאַרגרעסערן זיך אונזער עגזיס־טענץ־באַרעכטיקונג. דעריבער מוזן אונזערע אַרבעטערס פון אויסערן געטאָ בייטן זייערע באַקוועמע אַרבעטס־פּלעצער אויף אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער, בכדי דערפון זאָל אַרויסוואַקסן מער נוץ פאַר די אַלגעמיינע אינטערעסן פון געטאָ.”

## דער מאַניפעסט

אין דער תקופה פון דער געטאָ-סטאַביליזאַציע איז די גאַנצע אינערלעכע מאַכט אין געטאָ אַריבער צו דער געטאָ־פּאָליציי, וועלכע איז אין דער פריערדיקער תקופה פון די אַקציעס געווען בעיקר נאָר אַן אויספיר־אָרגאַן פון יידן־ראַט, בכדי אָפּצו־היטן די אָרדענונג און בכדי אויסצופירן די פון די דייטשן געפאָדערטע אַקציעס. איצט אָבער איז דער יידן־ראַט אין דער ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויספירער פון די אָנווייזונגען און באַפעלן פון דער געטאָ־פּאָליציי.

יעקב גענס איז פאַקטיש איצט געוואָרן דער דיקטאַטאָר פון געטאָ. שפּעטער איז דער דאָזיקער אינערלעכער געטאָ־רעזשים אָפיציעל סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט. יעקב גענס האָט באַקומען דעם טיטל „געטאָ־פאָרשטייער".

דעם 15טן יולי זענען אויף די געטאָ־גאַסן אויסגעהאָנגען געוואָרן פאָלגנדיקע פּלאַקאַטן:

לויטן באַפעל פון געביטס-קאָמיסאַר אין ווילנא פון 12-טן יולי 1942 האָב איך איבערגענומען, אַלס פאָרשטייער פון געטאָ און שעף פון דער פּאָליציי די פולע פאַראַנטוואָרטונג פאַר דעם געטאָ.

דער יסוד פון עקזיסטענץ אין געטאָ איז אַרבעט, דיסציפּלין און אָרדע־נונג. יעדער אַרבעטס-פעאיקער געטאָ-איינוווינער איז אַ זייל, אויף וועלכן עס שטיצט זיך אונזער קיום.

עס דאַרפן ניט זיין צווישן אונז אַזעלכע, וואָס פאַראַכטן אַרבעט און גייען אויף פאַלשן וועגן, באַגייענדיק פאַרשידענע פאַרברעכנס.

וועלנדיק צוגעבן מער חשיבות צום פאַקט פון ווערן געטאָ-פאָרשטייער און, גלויבנדיק וואַרשיינלעך באמת, אַז ער האָט מאַכט... האָט יעקב גענס אין דער זעלבער באַקאַנטמאַכונג מודיע געווען וועגן אַן אַמנעסטיע:

גלויבנדיק אַז אַלע געטאָ-איינוואוינערס וועלן דאָס פאַרשטיין, האָב איך פאַראָרדנט צו באַפרייען אַלע פערזאָנען, וועלכע געפינען זיך אין אַרעסט אין געטאָ. און איך גיב אַרויס אַ ברייטע אַמנעסטיע, געבנדיק אויף דעם אופן די נעכטיקע פאַרברעכערס די מעגלעכקייט צוריקצוקערן זיך צו אַן ערלעך לעבן צוליבן גוט פאַרשטאַנענעם אייגענעם אינטערעס. זאָל אָבער קיינער ניט צווייפ־לען, אַז אויב ס'וועט קומען די נויטווענדיקייט, וועל איך זיך ניט אָפּשטעלן פאַר די שטרענגסטע מיטלען אין קאַמף קעגן די פאַרברעכערישע עלעמענטן ביי יעדער זייער נײַטשטייאונג.

▼

אין געטאָ האָט די באַקאַנטמאַכונג באַקומען דעם נאָמען: „גענס־מאַניפעסט".

לכבוד זיין ווערן אָפיציעל געטאָ־פאָרשטייער האָט יעקב גענס גערופן אַ פייער־לעכע פאַרזאַמלונג פון דער געטאָ־פּאָליציי און אין אָוונט האָט ער געלאָזט זיך איינ־אָרדענען אַ פייערלעכן באַנקעט. די דייטשע מאַכט האָט אפילו דערלויבט אַריינצו־טראָגן בוקעטן און קערב מיט בלומען אין געטאָ אַריין, די בלומען זענען באַשטעלט געוואָרן דורך די קאָמיסאַרן פון דער געטאָ־פּאָליציי, דורך די אָנפירערס פון יידן־ראַט־אָפּטיילונגען, ווי אויך דורך די בריגאַדירן פון די איינהייטן אַלס מתנות יעקב גענסן צו זיין נאָמינאַציע. די געטאָ־פּאָליציי האָט אויך אין יענעם טאָג זיך געמאַכט ניט זעענדיק, ווי עס ווערן אַריינגעשמוגלט מעל און צוקער און אין אָוונט פון יעקב גענס' קרוינונג (כ'באַנוץ זיך מיט די דאַמאָלסדיקע טערמינען), האָבן צו זיין העל־

באַלויכטענער וואוינונג געצויגן קערב מיט בלומען, יום־טוביק געקליידעטע פּאָליציי־דאַמען, און מאַכט־מענטשן פון געטאָ.

דער געווענלעכער מענטש פון געטאָ האָט געזען אין די דאָזיקע פּאַראַדן דעם בולטסטן אויסדרוק פון דער געטאָ־סטאַביליזאַציע און געלאָזט זיך פאַרפירן פון ווזאיקייטס־אילוזיעס.

יעקב גענס האָט אויפן יידן־ראַט־הויף אין אַ ספּעציעל שטייגל דאַן געלאָזט האָדעווען אַ גאַנדז, וועלכע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם לעבעדיקן עמבלעם פון דעם רעגירנדיקן הויז אין געטאָ. אין געטאָ שאַול איז יעקב גענס׳ ברודער געווען געטאָ־אָנפירער און אין ווילנער געטאָ איז זיינער אַ צווייטער ברודער געווען אַ העכערער באַאַמטער פון פּאָליציי און אַרבעטס־אַמט. די גאַנדז איז געווען אויסגעשטעלט צו אַלעמענס באַקוק און איז באַזונגען געוואָרן אין אַ גאַנצער רייע געטאָ־הומאָריסטישע לידער. אָרעמע לייט פלעגן מקנא זיין די גאַנדז, זאָגנדיק, אַז זי באַקומט אַ בעסערע דערנערונג ווי זיי...

### אַ יידישער אינדזל אין נאַצישן ים

ווי נאָר ס׳האָט זיך פון געטאָ עפּעס דערווייטערט דער קאָשמאַר פון נאָנטן טויט האָט זיך אין געטאָ פונאַנדערגעוויקלט אַ פאַרצווייגט, פאַרבנרייך, געזעלשאַפט־לעך, קולטורעל, פּאָליטיש אוןווירטשאַפטלעך לעבן.

אינמיטן נאַצישן ים — אַ יידישער אינדזל; אויף אַ וואולקאַן — אַ יידישע מדינה הינטער טויערן און דראָטן.

אויפן קולטור־געביט: שול־וועזן, קולטור־הויז, יידישער און העברעאישער ליטעראַטן־פאַראיין, ברית עברית, יידיש טעאַטער, העברעאישע דראַמאַטישע סטודיע, יידישע און העברעאישע כאָרן, קולטור־רעפעראַטן, וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, מוזיק־שולן, סימפאָנישער אָרקעסטער, יוגנט־קלוב, קינדער־קלוב.

אויפן פּאָליטישן געביט: אונטערערדישע פּאָליטישע פאַרטייען, אַן אַלץ וואַקסנדיקע פאַרטיזאַנישע ווידערשטאַנד-באַוועגונג.

אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט: וואַרשטאַטן מיט אַן אייגענער געטאָ־פּראָדוקציע, אַ מיסטעריעזע געטאָ־עקאָנאָמיק, געטאָ־האַנדל, געטאָ־שמוגל און אַ גרויסע הילפס־טעטיקייט פון דעם „געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט״ און פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג ביים יידן־ראַט, פּלאַנירונג פון אַ וואוינונגס־פּראָבלעם.

אויפן געזונטהייטס־געביט: עקשנותדיקע אינערלעכע צוואַנגסמיטלען צו דער־ברענגען דעם געטאָ צו אַ הויכן סאַניטאַרן היגיענישן צושטאַנד און כמעט צו אַבסאָלוטער ריינקייט פון וואוינונגען, הויפן און גאַסן; קאָנסעקווענטע און דערפאָלגרייכע באַקעמפונג פון קלעפּיקע קראַנקייטן, ברייט פאַרצווייגטע נעץ פון סאַניטאַר־מעדי־צינישע אַנשטאַלטן.

▼

עס באַווייזט זיך אין געטאָ אַ שטייגנדיקער פאַרלאַנג צו געניסן פון לעבן, און צו וועלן זיך פאַרגעסן, אַז מען איז אין געטאָ. ביי דער יוגנט און אין די געזעלשאַפט-לעכע קרייזן אין געטאָ ווערן די דאָזיקע דראַנגען קאָנצענטרירט אין אַן אויסערסט

אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער אַרבעט און אין באַזוכן אומצאָליקע פֿאַרשטעלונגען, קאָנצערטן און רעפּעראַטן. ביי אַנדערע קרייזן און בעיקר ביי די, וואָס „פֿאַרדינען״, דריקט זיך עס אויס אין אַ פֿאַרלאַנג בעסער צו קליידן זיך, בעסער צו עסן. עס באַווייזן זיך אין געטאָ עלעגאַנטע קליידער, עס באַווייזן זיך רעסטאָראַנען מיט סחורות.

די פּאָליציי אָרדנט איין בעלער, טאַנץ־אָוונטן און פּייערלעכע אויפֿנעמען.

אין געטאָ ווייזט זיך אַ בולטע סאָציאַלע דיפֿערענצירונג ביי פֿאַרשידענע עקאָנאָמישע שיכטן, וועמענס לעבנס־סטאַנדאַרט איז גוואַלדיק אונטערשידן.

מענטשן זאָגן:

— מען דאַרף אַריינכאַפּן דאָס לעבן, כל־זמן עס לאָזט זיך, ווייל אומגעריכט קען ווידער געשען אַן אומגליק.

▼

דער יידן־ראַט איז אַלס כלל געווען אין געטאָ אומבאַליבט, אומפּאָפּולער און אָפּטמאָל פּשוט פֿאַרהאַסט. ווייל אין אים האָט דער געטאָ־עולם געזען אַן אויספּיר־אָרגאַן פֿון די דייטשע פֿאַראָרדענונגען. ס׳זענען אָבער אויך געווען מענטשן, וועלכע האָבן אויף אים בײלוויז מלמד זכות געווען, אַז אין די גרענעצן פֿון זיינע מעגלעכ־קייטן, טוט ער וואָס מערער פֿאַר דער געטאָ־באַפֿעלקערונג.

די געטאָ־פּאָליציי, וואָס האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט לכתחילה אַן אָפּטייל פֿון יידן־ראַט, איז געוואָרן מיטן לויף פֿון דער צייט אַן אינסטיטוציע, וואָס הערשט פּאַקטיש איבער אים און גיט אים אַרויס פֿאַראָרדענונגען. אין דער לעצטער תקופה פֿון געטאָ איז די „מאַכט״ איבערן געטאָ געלעגן בעיקר אין די הענט פֿון דער געטאָ־פּאָליציי. אויך דער „אַרבעטס־אָפּטייל״, וועלכער האָט פֿאַרטיילט די יידן אויף אַרבעטס־פּלעצער און דער „מעלדונגס־אַמט״, וואָס האָט רעגיסטרירט אַלע געטאָ־איינוואוינער, האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אינסטיטוציעס מיט געוויסע פּאָליצייאישע פֿונקציעס.

די אַנדערע אָפּטיילן פֿון יידן־ראַט האָבן אָבער מיט דער צייט זיך פֿאַרוואַנדלט אין כמעט אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געזאָרגט פֿאַר די טאָג־טעגלעכע נויטן פֿון דער געטאָ־באַפֿעלקערונג. אַזעלכע זענען געווען די אָפּטיילן פֿון קולטור, געזונטהייטס־וועזן, וואוינונג, באַשפּייזונג, אינדוסטריע און סאָציאַלע פֿאַרזאָרגונג.

די אָנגעשטעלטע פֿון די דאָזיקע יידן־ראַט־אַנשטאַלטן האָבן געציילט איבער טויזנט מאַן און זיי האָבן געהערט צו די אָרעמסטע שיכטן פֿון דער געטאָ־באַפֿעלקערונג. גרויסע טיילן פֿון זיי האָבן געאַרבעט מיט התמדה און מסירת־נפש, זעענדיק אין זייער אַרבעט ניט נאָר אַ מקור־פּרנסה און אַ מעגלעכקייט צו באַזיצן אַ שיין — נאָר אויך אַ געזעלשאַפטלעכע שליחות צו טראָגן הילף דעם געטאָ־ייד. די אָנגעשטעלטע אין די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן פֿלעגן אָפֿט זוכן אין זייער אַרבעט אַלע מיטלען, ווי אַזוי צו סאַבאָטירן די פֿאַראָרדענונגען פֿון יידן־ראַט און געטאָ־פּאָליציי, אויב ס׳האָט זיך אין זיי געזען אַ כאַראַקטער פֿון אַ דייטשן באַפֿעל. אינערהאַלב די דאָזיקע געטאָ־אַנשטאַלטן איז אַזוי אַרום אויפֿגעשטעלט געוואָרן דורך די געטאָ־מענטשן אַ מין „געטאָ־אויטאָנאָמיע״, וועלכע האָט אויך געזוכט פֿאַרשידענע פֿאָרמען ווי אַזוי זיך צו מאַניפֿעסטירן מיט איר דעמאָקראַטישן און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער: ווי דער געזעלשאַפטלעכער הילפֿס־קאָמיטעט מיט זיינע עפֿנטלעכע באַריכטס־מיטינגען; אַרבעטער־קאָמיטעטן, געוויילטע אין באַזונדערע אַרבעטס־איינהייטן; פֿאַרבאַנדן פֿון לערערס, דאָקטוירים,

ליטעראַטן, קינסטלער און אַרטיסטן; פּרואוון פון אויפשטעלן אַ פּראָפעסיאָנעלן ראַט, וועלכער זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אַ געוויילטע רעפּרעזענטאַנץ פון די אָנגעשטעלטע אין די באַזונדערע אינסטיטוציעס פון יידן-ראַט.

די געטאָ-מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די פאַרשידענע געטאָ-אַנשטאַלטן האָבן, אַ דאַנק זייער געזעלשאַפטלעכן צוגאַנג, פאַרוואַנדלט זיי מיט דער צייט אין אינדזלען פון יידישן קולטורעלן, עקאָנאָמישן, סאַניטאַרן און פּאָליטישן ווידערשטאַנד און פון אונטערערדישער טעטיקייט. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן מיטגעהאָלפן די יידישע צוואַנגס-אַרבעטער אויף די קאָמאַנדאָס, וועלכע האָבן אויך דאָרטן, אונטערן דייטשן ביקס און נאַגייַ, געשאַפן צענטערס פון יידישן ווידערשטאַנד.

## ווילנע — צענטראַלער געטאָ

אַ פּאָר חדשים נאָך דער אַמנעסטיע איז יעקב גענס באַשטימט געוואָרן אַלס אָפיציעלער פאָרשטייער פון די געטאָס פון ליטע און ווייסרוסלאַנד.

ווילנער געטאָ גופא איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטראַל-געטאָ, וועמענס אויפזיכט און הערשאַפט עס ציט זיך אויף אַ גאַנצע רייע יידישע געטאָס, אַרבעטס-לאַגערן אַרום ווילנע — „ווילנער לאַנד”. יעקב גענס האָט אַרויסגעשיקט זיינע פּאָליציי-מענטשן און אָנגעשטעלטע אין די אַרומיקע געטאָס אין די קליינע שטעטלעך, בכדי איינצואָרדענען זיי לויטן מוסטער פון ווילנער געטאָ.

די געטאָ-פּאָליציי האָט זיך געשפּירט ווי אַ רעגירונג פון אַן אימפּעריע, וואָס האָט קאָלאָניעס אונטער איר ממשלה. די פּאָליציי איז אויסגעפּוצט געוואָרן אין ספּעציעלע פּאָליציי-היט מיט גאָלדענע אומרייפונגען און מיט גאָלדענע מגן-דוד-אָפּצייכענונגען, יעדער לויט זיין ראַנג אויפן הוט און אויפן בגד. יעקב גענס האָט געטראָגן אַ ספּעציעלן פּאָליציי-הוט מיט אַ גאָלדענער באַקרוינונג און מיט אַ גאָלדענעם מגן-דוד. ער האָט זיך געשפּירט מלך אין געטאָ. ער האָט אויך געגלויבט, אַז מיט זיין טאַקטיק האָט ער עס דערגרייכט דעם געטאָ צו זיין סטאַביליזאַציע-פּעריאָד. ער האָט אויך געגלויבט, אַז מיט זיין טאַקטיק פון אַרבעט, אייזערנער דיסציפּלין און מיטאַרבעט מיט דער דייטשער מאַכט וועט ער ראַטעווען די יידן און ער אַליין וועט זיי נאָך אַרויספירן פון געטאָ. — — —

אין דער זעלבער צייט איז אַלץ מער געוואַקסן די אונטערערדישע באַוואָפנטע ווידערשטאַנדס-באַוועגונג.

# 2. דער לעבנס-רוים פון געטא

## וואוינונגס־פּראָבלעמען

פון ערשטן טאָג פון געטאָ האָט זיך געשטעלט די פראַגע:

וואו וועט מען וואוינען?

די ענגשאַפט איז געווען ניט צו דערטראָגן. אין אַ קליין שטיבל, וואו פאַרן קריג האָבן געוואוינט פון איינס ביז דריי פּערזאָן, האָבן אין געטאָ געוואוינט פופצן ביז צוואַנציק פּערזאָן. זייער זעלטן פלעגט אויף אַ מענטשן אויספאַלן אַ קוואַדראַט־מעטער, צום מייסטן 0,8־0,7 קוואַדראַט-מעטער אויף איין פּערזאָן. אין איין צימערל האָבן געוואוינט אַזוי פון פינף ביז אַכט משפּחות, פּרויען, מענער, אַלטע און קינדער, געזונטע און קראַנקע צוזאַמען.

ניט אַלע דירות אין געטאָ האָט מען געקענט אויסנוצן אַלס וואוינונגען, אַ סך זענען געווען פאַרוואַנדלט אין חורבות בשעת די אַקציעס. מען האָט אויך געדאַרפט האָבן לאָקאַלן פאַר אַנשטאַלטן.

דער שטראָם, וואָס האָט געטראָגן די מענטשן אין געטאָ, האָט זיי פאַרטראָגן וואו עס האָט זיך געמאַכט, געמישט מענטשן מיט פאַרשידענע כאַראַקטערן, פון פאַרשידענע פאַכן און אייגנשאַפטן. עס איז געווען שווער צוצופאַסן זיך איינער צום אַנדערן. מען איז גיך געוואָרן מיאוס איינער דעם אַנדערן. וויל איינער שלאָפן, וויל דער אַנדערער רעדן און דערציילן זיינע טאָג געשעענישן. וויל איינער עפענען דאָס פענצטער, שרייט דער צווייטער, עס איז אים קאַלט. וויל איין פרוי הייצן דאָס אייוועלע און עפּעס אויסקאָכן, ווילן דוקא דאַן די אַנדערע פרויען טון דאָס זעלבע. דאַרף מען אָבער אויסקערן די צימערן און וואַשן די דילן — וויל קיינער ניט:

— פאַרוואָס עפּעס איך, און ניט דו? —

די הייזער האָבן אָנגעהויבן זינקען אין שמוץ, עס האָט אין זיי געהערשט תמיד טומל און געדראַנג. פלעגט פאַרלוירן ווערן עפּעס אַ זאַך — פלעגן שכנים זיך איינער די אַנדערע חושד זיין; פלעגט עס אָפּגעפונען ווערן — פלעגט מען זאָגן, אַז מען האָט אונטערגעוואָרפן צוריק. סקאַנדאַלן און קריגערייען צווישן אויפגערעגטע שכנים, דער עיקר צווישן די פרויען, וועלכע האָבן געהאַט שטענדיקע „אייוועלעך־סכסוכים"; דאָס ניט קענען צוזאַמענלעבן זיך אין דער גרויסער ענגשאַפט — זענען געווען איינע פון די שווערע פּלאָגן אין געטאָ.

מענטשן האָבן אָנגעהויבן אויסזוכן זיך מיט־לאָקאַטאָרן און בייטן זייערע דירות. עס האָבן זיך צונויפגעפּאַסט: קרובים מיט קרובים אָדער געוועזענע שכנים, אָדער

מענטשן פון איין פאַך, אָדער מענטשן, וועלכע זענען געווען טעטיק אין די זעלבע פּאָליטישע ריכטונגען און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אַזאַ זעלבסט-סעלעקציע האָט געמינדערט די רייבונגען, איז געווען געבויט אויפן יסוד פון קעגנזייטיקן צוטרוי — און געבראַכט צו אַ ביסל שלוה צווישן די געטאָ־איינוואוינערס.

אין דער זעלבער ענגשאַפט זענען אויך געווען „בעסערע" דירות און ערגערע דירות; אין אַ גרוימיקן הויף אָדער אין אַ ענגערן, מיט פענצטער אָדער אָן פענצטער, ליכטיקע, פינצטערע, לופטיקע, אָדער גאָר נאָענט צום קלאָזעט און מיסט-קאַסטן...

ווי איז מען זיך קונה רעכט אויף אַ וואוינונג? — דורך „באַזעצן" זי. ווער עס כאַפּט זיך אַריין פריער, דער האָט זי. און אויב עס ברעכט אויס אַ סקאַנדאַל צווישן אַ סך פּרעטענדענטן — דעצידירט דער געטאָ־פּאָליציסט, ער קען אַריינלאָזן, ער קען אויך פאַרווערן. גיך האָבן זיך די געטאָ־איינוואוינערס אַנטוישט אין דער אָביעקטיוויטעט פון אַ גאַנצע ריי יידישע פּאָליציסטן. זייערע דעציזיעס אין קאָנפליקטן זענען געווען גאַנץ אָפט בולט איינזייטיק. פאַר זיך און פאַרן ברודער און פאַר גוטע באַקאַנטע האָבן זיי געפונען אַ בעסערע, גרוימערע דירה, אָדער „קאָנפיסקירט" פון מענטשן וועלכע האָבן זי שוין געהאַט באַזעצט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן פּראָטעקציע אין געטאָ...

אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָך דער יום־כפּור־אַקציע, איז אַרויס מיטאַמאָל אַ באַפעל אין געטאָ, אַז בכדי עס זאָלן זיך ניט טומלען די מענטשן פון פאַרשידענע איינהייטן ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט, און בכדי די מענטשן זאָלן זיין רעגיסטרירט לויט זייערע פאַכן, ווערן געשאַפן „בלאָקן" — יעדער פאַך אָדער יעדע אַרבעטס־איינהייט וועלן וואוינען אין זייער בלאָק. דאָס איבערקלייבן זיך האָט געמוזט פאָרקומען אין משך פון געציילטע שעהן. עס איז דאָן פאָרגעקומען אַ „פעלקער־וואַנדערונג" איבער די גאַסן פון געטאָ, מיט פּעק, מיט טשייניקעס און עמערס (געפונענע אין די פאַרלאָזענע הייזער). טראָץ דעם, וואָס דער באַפעל האָט געהאַט אַן אָרדענונגס־יסוד, האָט ער אויך אַרויסגערופן אַ גרויסע פּאַניק אין געטאָ — ווייל ער האָט אָפּגעטיילט די פאַך־מענטשן פון די ניט פאַך־מענטשן — און ער איז געווען אַן אָנזאָג פון אָנקומענדיקע אַקציעס...

**וואוינונגס־אָפּטיילונג**

בכדי צו שאַפן אַן אָרדענונג אין דער וואוינונגס־פראַגע, רעגולירן די איבער־וואַנדלונגען, איינשטעלן אַ סיסטעם און אַ פּראָפּאָרציע אין צאָל פון די איינוואוינערס אין דער זעלבער דירה, איז דורכן יידן־ראַט געשאַפן געוואָרן אַ וואוינונגס־אָפּטיילונג. די ערשטע אָנפירערס זענען געווען אינזשיניער פרידמאַן פון וואַרשע, דאַן יוסף גלאַזמאַן, שפּעטער חיים שקאָלניצקי ביי דער מיטאַרבעט פון רפאל אָסטער, וועלכער איז געווען „איבער־אויפזעער" פון דער סאַניטאַר־פּאָליציי־אישער אָפּטיילונג מיט דער וואוינונגס־אָפּטיילונג צוזאַמען.

בכדי צו האָבן אַ שטאַרקע, פּרעציזע אויפזיכט איבער די איינוואוינערס, זייער צופלוס און אָפּפלוס, זייער רעגיסטראַציע, שיין־פראַגן, ברויט־קאַרטן־אַרויסגעבונג,

איז דורך דער וואוינונגס-אָפּטיילונג געשאַפן געוואָרן פאָלגנדיקער היעראַרכיע־אַפּאַראַט:

יעדע שטוב (פיר, אַכט, צען, צוואַנציק איינוואוינערס) האָט זיין פאַראַנטוואָרט־לעכן, דאָס רוב אַ פרוי — צימער קאָמענדאַנטין.

איבער אַלע שטובן פון איין הויז (דירה) שטייט די הויז־קאָמענדאַנטין.

איבער אַלע הויז־קאָמענדאַנטינס אין זעלבן הויז שטייט די הויף־קאָמענדאַנטין.

איבער אייניקע הויפן (וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר איין בלאָק אָדער האָבן אַנדערע קרובהשאַפט) שטייט דער „אופּראַוודאָם" (אַדמיניסטראַטאָר — אופּראַוודאָם איז אַ רוסישע ראשי־תיבות — אופּראַווליאַאושטשי דאָמאַ).

אַלע „אופּראַוודאָמען" שטייען אונטער דער אויפזיכט פון וואוינונגס־אָפּטיילונג.

אַן אופּראַוודאָם איז געווען אין געטאָ אַ וויכטיקער אַמט פון גרויסער השפּעה. ער האָט געקענט אַרויסוואַרפן מענטשן פון זייערע וואוינונגען, מאַכן געדיכטער אַ וואוינונג אָדער שיטערער... די „אופּראַוודאָמען" פלעגן פירן ספּעציעלע „מעלדונגס־ביכער", וואו ס'זענען געווען פאַררעגיסטרירט אַלע געטאָ־איינוואוינער.

## רעמאָנטן

בכדי צו פאַרגרעסערן דעם וואוינונגס־רוים אין געטאָ, האָט זיך אָנגעהויבן צו פירן אַ גרויסע רעמאָנט־אַרבעט. מען האָט איבערגעבויט חרובע הייזער: רעמאָנטירט געוועזענע מאַגאַזינען, סקלאַדן, אַריינגעשטעלט דאָרט ווענט, בכדי צו שאַפן מער דירות, פּראָוויזאָרישע אויוועלעך, שויבן, קוימענס; מען האָט פאַרוואַנדלט קעלערס און בוי־דעמער אין וואוין־ערטער. אין דעם פּרט האָט דער אַפּאַראַט גוט געאַרבעט.

## עס ווערט גרוימער אין געטאָ

דורך די אַקציעס איז די צאָל איינוואוינער אין געטאָ געפאַלן פון עטלעכע און דרייסיק טויזנט ביז זיבצן טויזנט — עס איז געוואָרן גרוימער אין געטאָ.

דורכן צוגעבן צום געטאָ נאָך אַ צענדליק הויפן (דער נייער געטאָ) און דורכן שאַפן נאָך דירות (פון רעמאָנטירטע חורבות, סקלאַדן, קעלערס און בוידעמער) — איז גע־וואָרן אַזאַ גרוימקייט — אַז אַ מענטש האָט שוין דורכשניטלעך געהאַט צו זיין דיס־פּאָזיציע פון 1,5 קוואַדראַט־מעטער ביז צוויי קוואַדראַט-מעטער.

אָפט האָבן די מענטשן ניט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע ענגע דירות און אַריבערגיין אין גרוימערע. ווייל זיי האָבן שוין געהאַט אויסגעבויט דאָרטן באַהעלטענישן, מאַלינעס.

## די גאַסן פון געטאָ נומער איינס

צום געטאָ נומער איינס האָבן געהערט פאָלגנדיקע גאַסן (אָפּטמאָל נאָר אייניקע הויפן פון גאַס):

זאַוואַלנע גאַס 36, 38, 44, 46.

שפּיטאָל גאַס („הקדש־גאַס") פון 1 ביזן סוף און פון 4 ביזן סוף.

גאַנץ סטראַשון גאַס („קאָמעניצקע) דאָס הייסט פון 1 ביז 15 און פון 2 ביז 12.

רודניצקע גאַס פון 4 ביז 18 און פון 5 ביז 23.

גאַנץ שאַוולער (שאָוועלסקע) גאַס און אייניקע הויפן פון יאַטקעווער גאַס און דזיסנער גאַס.

אייניקע הויפן פון קאַרמעליטן-גאַס (פּאָליצייסקע) און אַרקליו-גאַס (קאָנסקע).

אין דער צווייטער תקופה פון געטאָ האָט די דייטשע מאַכט דערלויבט צו פאַרברייטערן דעם געטאָ און עס זענען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר הויפן פון דזיסנער גאַס, אשמענער (4, 6, 8), יאַטקעווער, דייטשער גאַס (19, 22, 27, 29, 31, 36) די צוגעגעבענע הויפן האָט מען אָנגערופן מיטן נאָמען „דער נייער געטאָ".

די טויערן פון די הויפן, וואָס האָבן געגרעניצט מיטן אויסערן געטאָ, זענען געווען שטענדיק פאַרקלאַפּט, די פענסטערס פאַרשמירט. מען פלעגט אין אַזאַ גרעניץ־הויף אַריינגיין דורך לעכער אין ווענט פון אַנדערע הויפן, וואָס האָבן אַ פרייען אַרויסגאַנג צו אַ געטאָ־גאַס.

## די גאַסן פון געטאָ נומער צוויי

צום געטאָ נומער צוויי וועלכער האָט עקזיסטירט עטלעכע געציילטע וואָכן (געטאָ פון ניט פאַך־מענער) האָבן געהערט די יידישע גאַס, גאון גאַס, יאַטקעווער גאַס, און נאָך אַ פּאָר קלייניקע געסלעך אין אומגעבונג פון שול־הויף. מען האָט גערעכנט, אַז דאָרטן איז געווען אַ באַפעלקערונג פון ניין טויזנט ביז עלף טויזנט מאַן.

## וואוינונגס־בלאָקן

אויף ווי ווייט איך דערמאָן זיך — זענען געווען אין געטאָ פאָלגנדיקע הויפּט־בלאָקן:

„מעדיצינער בלאָק"

— פאַר אַלע דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטערס, סאַניטאַרן און סתם מעדיצינישן פּערסאָנאַל מיט זייערע משפחות.
אויף שפּיטאָל גאַס נומער 7, 9, 11. און זאַוואַלנע גאַס נומער 44, 46.

„בלאָק פון אַרבעטער אין „פעלד־בוי־לייטונג „איינהייט"
אויף רודניצקע גאַס 16 און קאַרמעליטן גאַס 7.

„שניידער שטובע"
— אויף רודניצקע גאַס 9, 11.

„געשטאַפּאָ" (דאָס הייסט פיזישע אַרבעטער אין געשטאַפּאָ)
— סטראַשון גאַס 1, 2, 3.

„בורבישקי"

„באַן קאָמאַנדאַטור"
— רודניצקע גאַס 10.

„אַרמס־קאָמענדאַנטור"
— רודניצקע גאַס 18, קאַרמעליטן גאַס 5.

יידישע פּאָליציי און יידן־ראַט־אַדמיניסטראַציע
— רודניצקע גאַס 6, קאַרמעליטן גאַס 5.

אָנגעשטעלטע פון יידן־ראַט
— סטראַשון גאַס 40, 6.

▼

## וואוינווירטשאַפטס־אָפּטייל

**ספּעציעלע קאָלעקטיווע היימען** ווערט געפּלאַנט אינגיכן צו אָרגאַניזירן פאַר איינזאַמע פרויען און מענער. די דאָזיקע קאָלעקטיווע היימען וועלן באַזאָרגט ווערן מיט געלעגערס, נויטיקע מעבל און וועלן באַהייצט ווערן.

**היימען פאַר אָנקומענדיקע לאַגער־אַרבעטער** האָט מען לעצטנס באַזאָרגט אין עטלעכע ערטער פאַר העכער 300 פּערזאָן. די געשאַפענע היימען ווערן דורכן אָפּטייל באַזאָרגט מיט אויוונס און אַלע אַנדערע איינריכטונגען. מען קלייבט זיך צו שאַפן נאָך נייע אַזעלכע קאָלעקטיווע היימען, ווייל עס ווערן דערוואַרט נאָך מערערע הונדערט לאַגער־אַרבעטער פון די פּראָווינציעלע ערטער.

**די טראַנסלאָקאַציע פון די שטענדיקע געטאָ-איינוווינער** איז לעצטנס געוואָרן אַקטועל, ווייל דער אָפּטייל מוז באַזאָרגן די אָנקומענדיקע לאַגער-אַרבעטער.

**אויוועלעך אין די געטאָ-דירות** — דאָס באַזאָרגן די געטאָ-דירות מיט קלייניע בלע-כענע אויוועלעך ווערט דורכן אָפּטייל דורכגעפירט אויף ווי ווייט מעגלעך. פון גרעסערע אַלטע אויוונס, וואָס ווערן פונאַנדערגענומען, ווערן געמאַכט קלענערע אין אַ גרעסערער צאָל.

(„געטאָ-ידיעות", נומ. 25. י"ח שבט תש"ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)



אַ זייטל פון די „געטאָ־ידיעות", וואָס פלעגן דערשיינען וועכנטלעך אין ווילנער געטאָ.

# 3. סאָציאַלע אונטערשיידן אין געטאָ

## א. ערשטע תקופה: פּריווילעגירטע און גורל־פאַרשעמטע

אויך אין געטאָ האָבן עקזיסטירט סאָציאַלע אונטערשידן.
זיי האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן אַריינגיין אין געטאָ. — עס האָט זיך געדוכט, אַז עס איז אַ פּראָדוקט פון אַ צופאַל, דאָס איז אָבער געווען אַ רינג פון דער נאַצישער נעץ.

### די וואָס האָבן געבראַכט

די יידן האָבן געהאַט רעכט אַריינגיין אין געטאָ נאָר מיט דעם פּעקל, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף די פּלייצעס, און מיט דריי הונדערט רובל (דרייסיק מאַרק). גאָלד און ווערטזאַכן האָט מען געדאַרפט אָפּגעבן נאָך פריער, פאַרן אַריינגיין אין געטאָ.

עס זענען געווען גרעסערע טיילן באַפעלקערונג, וועלכע האָבן מורא געהאַט מיט־צונעמען מער געלט אָדער ווערטזאַכן, כאָמער וועט מען קאָנטראָלירן ביים מאַרש און עס איז דאָך געווען קלאָר דער גורל פון דעם, ביי וועמען מען וועט געפינען נישט־דערלויבט געלט אָדער ווערטזאַכן. (צווישן די „מורא־האָבערס" זענען געווען אַ סך בעלי־הביתישע יידן, בוכהאַלטערס, לערערס, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, קליינהענדלער, האַנטווערקערס, שרייבערס, אַרטיסטן און סתם אינטעליגענץ).

עס איז אָבער געווען נאָך אַ טייל באַפעלקערונג, דער געוואַגטער, וועלכער האָט ריזיקירט און אַריינגעטראָגן געלט און ווערטזאַכן (באַהאַלטן אין בגדים און עסנוואַרג). צווישן די „ריזיקאַנטן" זענען געווען בעלי־עגלות, טראַנספּאָרט־אַרבעטער, געוועזענע בעריזע־לייט, שמוגלערס און די אַזוי־גערופענע „ווילנער אונטערוועלט" פון אַלע אירע גראַדאַציעס (גנבים, פאַסערס, שענק־אינהאַבערס וכדומה).

### די וואָס האָבן געפונען

אויך אין געטאָ האָט מען געדאַרפט האָבן מזל.
געווען מענטשן וועלכע זענען אַריין אין אַ וואוינונג פון אַ געוועזענעם רייכן יידן וואָס איז אַרויסגעפירט געוואָרן נאָך פאַרן געטאָ (בשעת דער פּינאָ־וואָקאַציע) קיין פּאָנאַר. און זיי האָבן געפונען אַ שטוב מיט מעבל, בעטן, געשיר און עסנוואַרג אין די בופעטן, קאַרטאָפל אין די קעלערס, האָלץ אין די סקלאַדיקעס און אויך אָפטמאָל באַהאַלטן געלט ווי אויך פאַרשידענע שטאָפן און סחורות אין „ווענט־מאַלינעס" אָדער אויף בוידעמער — און זיי האָבן דאָס גלייך קונה געווען במשיכה און געירשנט.

און עס זענען געווען „שלים מזלניקעס", וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין אַ צערו־

איגיר׳טע׳ חורבה פון אַ געוועזענעם קבצן, אָן מעבל און בעטן, אָדער נאָך מיט צע־בראָכענע פענצטער און אויפגעריסענע דילן — אין אַ חורבה אָן זאַפּאַס פון שפּייז, האָלץ, סחורות און געלט — און זיי זענען שוין געווען פאַרמשפּט צו בלייבן אין געטאָ אָן מיטלען, געטאָ־קבצנים. —



עס זענען אויך געווען „נאַאיווע״, וועלכע זענען געקומען אין אַ שט״ב „מכל טוב״ און זיך ניט דערלויבט אָנצורירן דאָס געפונענע, ווייל דער בעל־הבית קען נאָך אפשר צוריקקומען... און ווי מעג מען עס געניסן פון אַ טויטן ?

(...אַז איך בין אַרײַן אויף דזיסנער גאַס 5, צוזאַמען מיט דער דאָקטאָרין אימע־ניטאָווא, אינזש. וולאַדאַווסקי, דוד וולאַדאַווסקי און געפונען אָן אַלמער מיט פוטערס, סחורות, קליידער, אַ זאַק מעל וכדומה, האָבן מיר געמאַכט אַ באַשרייבונגס־פּראָטאָקאָל פון אַלע געפונענע זאַכן און פאַרחתמעט זיי אין אַלמער, מיט וואַקס. מיר האָבן גע־וואָרנט די שכנים, קיינער זאָל ניט אָנרירן די פאַרחתמעטע זאַכן, ווייל דער בעל־הבית קען צוריקקומען... אונזערע שכנים האָבן פּראָטעסטירט און אָנגערופן אונז נאַ־איווע בעל־חלומות און געפאָדערט, מען זאָל עפענען די פאַרחתמעטע זאַכן און פאַר־טיילן עס צווישן די איינוואוינערס. זיי, מיט זייערע נישט־נאַאיווע פאָדערונ־גען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר רעאַל־גערעכטע : דער בעל־הבית פון די זאַכן איז שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען, אָבער בשעת דער אַקציע פון די געלע שיינען, ווען אַלע זענען געלעגן אין די באַהעלטענישן — האָבן ליטווישע זעלנערס און ס״ס־לייט אויפגעריסן דעם אַלמער מיט די זאַכן און אַלץ צוגענומען.

אַזוי אַרום האָט קיין ייד ניט גענאָסן פון די זאַכן. אָפּהיטן דאָס אייגנטום פון אַ פאַרשוואונדענעם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פאַנטאַזיע אין געטאָ).

## די וואָס זענען געקומען צו זיך אין שטוב

עס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דאָס „גליק״ קומען אין געטאָ — צו זיך אין שטוב, אָדער אין שטוב פון אַ נאָענטן קרוב, אַ ברודער, אַ פעטער וכדומה. — זיי זענען געוואָרן די בעלי־הבתים פון די קליידער, וועש, קישנס, קאָלדרעס, עסנ־וואַרג און פאַרשידענע חפצים פון יענע „אייגענע״ דירות. זיי פלעגן אַלץ אויספאַר־קויפן און דערפון געהאַט געענוג צום לעבן.

די איבערוויגנדיקע מערהייט איז געקומען אין פרעמדע הייזער — און זיי האָבן גאַנץ גיך אָנגעהויבן צו רעוואָלטירן קעגן דעם „ירושה־רעכט״ פון געוועזענעם דירה־אייגנטימער אָדער זיין קרוב :

— וואָס הייסט ? — פלעגן זיי טענהן — מיר זענען אַלע יידן — און פאַרן זעלבן חטא זיצן מיר אַלע אין געטאָ, טאָ פאַרוואָס קומט דאָס איינעם צו באַזיצן אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט פריער — און אַלע איבעריקע דאַרפן גאָרניט האָבן ? עס מוז ווערן אויסגעגליכן ! אַלץ וואָס מען געפינט אין שטוב — געהערט צו אַלע זיינע איינוואוינער „אָן אונטערשיד צי ער איז אַ תושב אָדער אַ גר״.

## פּאַק־אַרבעטער און פּאַכלאַזע

גלייך מיטן אַריינגיין אין געטאָ און אָנהויבן פאַרמירן אַרבעטס־קאָמאַנדאָס —

האָט דער עולם דערזען, אַז אַן אמתער פאַך־אַרבעטער ווי אַ שלאָסער, שניידער, שוסטער, קירזשנער — האָט עפּעס נאָך אַ חשיבות אין די אויגן פון דייטש, וועלכער נוצט אים אויס, גיט אים דערווייל אַ שיין, אַמאָל אויך באַשפּייזונג. — דער פּאַכלאָזער האָט זיך גלייך דערשפּירט, אַז ער איז אַן איבעריקער, דער דייטש דאַרף אים ניט האָבן. ער קומט אים ניט צוניץ. דער פּאַכלאָזער מוז זיך לאָזן צו די שווערסטע, שוואַרצסטע פיזישע אַרבעטן, בכדי צו קריגן אַ שיין, און דאָס געלינגט אים ניט אַלעמאָל. די אינטעליגענץ, די לערערשאַפט, שרייבער־וועלט און קונסט־וועלט — האָבן פאַרלוירן שוין פאַרן געטאָ אַ גרויסן צאָל פון זייערע חברים — ווייל די אינטעליגענץ איז געווען לויטן דייטשן באַגריף „פאַכלאָז״.



נאָכן אַריינפירן די יידן אין געטאָ, האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן ווערן צעטיילט אין צוויי שיכטן: פאַכאַרבעטער און פאַכלאָזע.

אין געטאָ נומער איינס געפינען זיך די פאַכאַרבעטער מיט זייערע משפחות.

אין געטאָ נומער צוויי אַלע פאַכלאָזע. —

געטאָ נומער צוויי, דער געטאָ פון די פאַכלאָזע, איז במשך פון געציילטע וואָכן ליקווידירט געוואָרן און אַלע זיינע איינוואוינערס זענען אַרויסגעפירט צום טויט.

עס איז געבליבן נאָר געטאָ נומער איינס, וואו עס זענען געווען אָפיציעל די „פאַך־אַרבעטער״ און אומאָפיציעל, גרויסע צאָלן פון פאַכלאָזע מענטשן. דער אַזוי גערופענער ווילנער געטאָ איז געווען דער געטאָ נומער איינס. געטאָ נומער צוויי איז שוין געווען אין פאַנאַר.

די פאַכלאָזע האָבן במשך פון דער גאַנצער צייט פון געטאָ מיט אַלע אופנים זיך באַמיט צו ווערן פאַך־אַרבעטער, זיך איינשאַפן אַ שיין פון אַ פאַך־אַרבעטער דורך באַקאַנטשאַפט, פּראָטעקציע, געלט אָדער דורך אויסלערנען זיך אַ פאַך אין געטאָ גופא (ווי איווונמאַכעריי, קוימענקערעריי, געהילף־סטאָלער, וכדומה). פּרוּוון האָבן גע־לערנט שניידעריי, שטריקעריי, קאַרטאָן־אַרבעט, שטרוי־פלעכטעריי. אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ, איז שוין ניט געווען כמעט אַ מאַן אָדער אַ פרוי, אַ קינד, איבער צוועלף־דרייצן יאָר, אָדער אַפילו אַ זקן און אַ זקנה, וועלכע זאָלן זיך ניט קענען אַרויס־ווייזן מיט עפּעס אַ מלאכה־קענטעניש (די מלאכה גיט דאָך דאָס רעכט אויף אַ שיין).

## צוויי קלאַסן

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אין געטאָ שיכטן־קלאַסן. זייער געבוי, זייער אַנטשטייאונג, זייער גראַנגל — איז געווען ווייט ניט אידענטיש מיט דער גע־ווינלעכער קלאַסן־צעטיילונג פון פאַר דער מלחמה. די ליניע פון דער שיכטן־צעטיילונג איז געווען דיקטירט פון בלינדן צופאַל, און פון פערזענלעכער געוואַגט־קייט. עס האָט זיך פאָרמירט (איך וועל פּראָבירן געבן נעמען):

**א.** קלאַס פון פּריווילעגירטע (געלט־ און שפּייז־באַזיצערס)

צו דעם דאָזיקן קלאַס האָבן געהערט די, וואָס האָבן ריזיקירט, מיטגעבראַכט געלט און צירונג, די וואָס זענען דורכן צופאַל געקומען צו זיך אין די וואוינונגען און געירשנט די אייגענע ווירטשאַפט, די וואָס האָבן דורך אַ צופאַל געפונען אין

פרעמדע הייזער זאַפּאַכן, ווי אויך די, וועלכע האָבן געהאַט לויטן דייטשן באַגריף „גוטע פאַכן״: שוסטערס, סטאָלערס, קירזשנערס און אַנדערע. דער דאָזיקער שיכט האָט זיך באַזירט פון מענטשן געזונטע, קרעפטיקע, וועלכע קענען זיך אַדורכ־שלאָגן „מיט עלנבויגנס״; פון פאַרשידענע צופעליקע „בר מזלס״ פון אַלע שיכטן; און דער עיקר פון אַמאָליקער אַזוי גערופענער ווילנער אונטערוועלט. צום קלאַס פון פריווילעגירטע איז גיך צוגעקומען די יידישע געטאָ-פּאָליציי. זי איז דערגאַנגען, אויספּירנדיק בשעת די געטאָ-אַקציעס די דייטשע פאַראָרדענונגען, צו אַ קראַפט פון דיקטירן טויט און לעבן — און דורך שוחד און האַנדל מיט שיינען (וואָס עס האָבן פּראַקטיצירט אַ גאַנצע ריי פון אירע מיטגלידער) — איז זי אויך דערגאַנגען צו אַ באַקוועמען לעבן אין געטאָ גופא: צו באַזיצן געלט-מיטלען, עסנוואַרג בשפע און בגדים.

ב. קלאַס פון גורל-פאַרשעמטע — „געטאָ־קבצנים״

צו דעם דאָזיקן שיכט האָבן געהערט: די וואָס האָבן ניט ריזיקירט און קיין ווערטפולע זאַכן ניט מיטגעבראַכט, געקומען אין אָרעמע, צעזרובעטע, פאַרוואָר־לאָזטע פרעמדע וואוינונגען, ניט געהאַט קיין „גוטע פאַכן״ (לערערס, בוכהאַל־טערס, שריפטשטעלערס, אַרטיסטן, קליין־הענדלערס, מענטשן פאַכלאָזע, מענטשן עלטערע און שוואַכע, יתומות און יתומים אין יונגען עלטער).

דער „קלאַס פון פריווילעגירטע״ האָט זיך אָן עצה געגעבן, בעסער אָדער ערגער, מיט שפּייז און בגדים. ביי די „גורל־פאַרשעמטע״ האָט זיך אָנגעהויבן הונגער, פאַרלייזונג און אין אַ גיכן טעמפּאָ פּראָגרעסיווע אָפּגעשוואַכטקייט.

## ב. צווייטע תקופה: געלע־ווייסע

און עס זענען געקומען די טעג, ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן די „געלע לעבנס־שיינען״ פאַר דער געטאָ־באַפעלקערונג. האָט די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די „פריווילעגירטע״ באַקומען די געלע שיינען (דורך פאַך, דורך באַקאַנטשאַפט, דורך פּראָטעקציע אָדער מיט געלט). דאַקעגן די מערהייט פון „די גורל־פאַרשעמטע״ האָט (צוליב פאַכלאָזיקייט, מיטלען־לאָזיקייט, צו יונגען אָדער צו אַלטן עלטער, צוליב מאַנגל אין איניציאַטיוו) — קיין געלע שיינען ניט באַקומען — זיי זענען געבליבן די „ווייסע שיינען״. די צווייטע תקופה אין געטאָ שטייט אַלזאָ אונטערן צייכן פון אַ בולטער שיכטן־צעטיילונג אין געטאָ:

א) „געלע שיינען״ (פּראָוויזאָריש פאַרזיכערט מיטן לעבן) און

ב) „ווייסע שיינען״ (אויסגעשטעלטע אויף באַלדיקע טויט אַרויספירונגען).

(און צי זאָל איך ניט דערציילן, אַז אַ תהום און אַ שנאה איז געלעגן צווישן די צוויי וועלטן, די וועלט פון געלע שיינען און די וועלט פון די ווייסע־שיינען?...)

די „ווייסע שיינען״ האָבן זיך דערשפּירט פולקאָם שוצלאָז: געיאָגט צום טויט דורך די דייטשן און פאַרלאָזן דורך אייגענע ברידער־יידן, באַזיצערס פון די געלע שיינען... עס איז געשטאַנען אין קאָן ניט באַקוועמלעכקייטן, ניט באַשפּייזונג, ניט

וואוינונג — נאָר דאָס לעבן גופא. און דאָס לעבן האָבן די דייטשן געשאָנקען נאָר פאַר די, וואָס האָבן די געלע שיינען אין אַ באַגרענעצטן צאָל פון אַ דריי טויזנט שיינען, וואָס עס מאַכט אויס מיט משפחות קרוב צען טויזנט מאַן. ווען דען די גליקלעכע „געלע שיינען" אַוועקגעבן זייער לעבן פאַר די ווייסע שיינען? —

## די דעמאָנסטראַציע פון די ווייסע שיינען.

כ'דערמאָן זיך:

אויפן הויף פון יידן-ראַט, רודניצקע-גאַס 6, האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער עולם פון ווייסע שיינען מיט אַ דעמאָנסטראַציע צו יעקב גענסן, צום יידן־ראַט. רעדנערס האָבן זיך באַוויזן און מיט לאחר-יאושדיקע געשרייען געפאָדערט גערעכטיקייט:

— פאַרוואָס זאָל עפּעס איין טייל יידן באַקומען שיינען צום לעבן — און די אַנדערע ניט?

— אַלע זענען די זעלבע יידן — אַלע דאַרפן טיילן דעם זעלבן גורל!

— קיינער זאָל ניט אָננעמען דעם געלן שיין!

— אָדער אַלעמען — לעבן, אָדער אַלעמען — טויט!

אָבער די מערהייט באַרעכטיקטע צו געלע שיינען — האָט שוין דאַן געהאַט די שיינען אין די קעשענעס, קיינער איז ניט געגאַנגען אָפּגעבן דעם שיין צוריק, און אויך די איבעריקע האָבן ניט רעזיגנירט פון נעמען זיי. זיי האָבן געענטפערט:

— דעם דייטש קען מען ניט אָנשרעקן מיט דעמאָנסטראַציעס. עס איז אַ נאָך אין דער וועלט ניט געוועזענער אומגליק. יעדער איינער, מוז זיך ראַטעווען ווי ער קען, און ווי עס לאָזט זיך, און אויף זיין אייגענער האַנט. די וואָס זאָגן, אַז מען דאַרף דעם שיין ניט נעמען, ווען זיי וואָלטן געהאַט די מינדעסטע מעגלעכקייט אַ געלן שיין צו באַקומען, וואָלטן זיי פון אים ניט רעזיגנירט.

## סאָלידאַריטעטס־פּרואוון

אָבער ווער זענען דאָס די ווייסע שיינען? — דאָס איז דאָך אָפט דער אייגענער טאַטע, די אייגענע מאַמע פון געלן שיין, אָפט אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ פעטער, אַ קוזין אָדער אַ טרייער יוגנט־חבר.

אָפּגעבן אים דעם לעבן־שיין — דאָס לעבן — קען מען ניט, אָבער ראַטעווען זיך דאַרף מען, אים העלפן מיט וואָס עס לאָזט זיך. און —

אַ סך מענטשן האָבן פאַרשריבן פרעמדע קינדער אַלס אייגענע. אַ סך בחורים האָבן צוגעשריבן אומבאַקאַנטע מיידלעך — אַלס זייערע פרויען (און פאַרקערט).

די געלע שיינען האָבן געהאָלפן בויען מאַלינעס און באַהעלטענישן פאַר די ווייסע, און אין פאַלן ווען עס האָט זיך געלאָזט, געהאָלפן זיי אַרויסקומען פון תפיסה.

ווי נאָר עס זענען פאַרלאָפן די צוויי אַקציעס פון „געלע שיינען" — האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג אין געטאָ, בכדי ניט לאָזן פאַלן די ווייסע שיינען, זען אַריינציען זיי אין אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, קריגן פאַר זיי שוץ־שיינען און אַרבעטס־ביכלעך, לערנען זיי פאַכן, ניט לאָזן זיי הונגערן (די „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג" פון

יידן־ראַט — און דער „געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט" האָבן דערצו אַ סך אויפגעטאָן). עס האָבן אויפגעהערט צו זיין הונגעריקע אין געטאָ.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַנדל אין געטאָ, אַנדערע יידן האָבן אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ פּראָדוקציע פון אייגענע פאַבריקאַטן: קונסט־האָניק, זייף וכדומה. עס האָבן זיך באַוויזן געטאָ־נגידים.

עס איז אָנגעקומען די דריטע תקופה אין געטאָ, ווען אַלע זענען געווען גלייך יורידיש, דאָס הייסט, באַזיצט אַרבעטס־ביכלעך, פּאַספּאָרטן, נומערן.

און צווישן זיי, די גלייכע, האָבן זיך ווידער אויסגעפאָרמירט נייע אונטערשיידן.



אין דער ערשטער תקופה איז די צעשיידונגס־ליניע געווען דער בלינדער צופאַל און די איניציאַטיוו.

אין דער צווייטער תקופה — דער יורידישער סטאַטוט (געלע אָדער ווייסע שיינען).

אין דער דריטער תקופה — דער סאָציאַלער אונטערשיד אין לעבנס־סטאַנדאַרט.

## ג. דריטע תקופה: אונטערשיד אין לעבנס־סטאַנדאַרט

עס האָבן זיך דאַן אויסגעקריסטאַליזירט פאָלגנדיקע שיכטן:

א. שיכט פון דער געטאָ „גרויס־בורזשואַזיע" — פון אייניקע הונדערט מענטשן, וועלכע האָבן מאַטעריעל געלעבט אין וואוילטאָג און לוקסוס, הן אין עסן, הן אין באַקליידונג. זיי האָבן זיך דערלויבט צו טרינקען משקאות אין געטאָ — און איינקויפן זיך „צענערלעך" אויף זאַפּאַס.

צו זיי האָבן געהערט:

1. דאָס רוב פון געטאָ־פּאָליציי.
2. די מערהייט פון די יידישע „בריגאַדירן" (דאָס הייסט יידישע אָנפירערס פון די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס).
3. אַ גרופּע גרויסע שמוגלער־ספּעקולאַנטן, וועלכע האָבן געקריגן פאַרבינדונגען אין אַריינגעפירט אין געטאָ גרויסע מענגען פון פּראָדוקטן.
4. די קוימענקערערס פון געטאָ.

פון דעם שיכט האָבן זיך רעקרוטירט די באַזוכערס פון די פּאָר „לוקסוסאָווע" געטאָ־רעסטאָראַנען, וואו מען האָט געקריגן בראָנפן (געגנבעט ביי די דייטשן) און אַפּעלסינען (געגנבעט ביי די דייטשן). אַ גאַנצע רייע פון די פּאָליציסטן פלעגן מאַכן ביי זיך „אויפנאַמעס", פאַרוויילונגען און טענץ.

ב. אַ שיכט פון „פּאַרדינערס".

1. די בעלי־הבתים פון די געטאָ־רעסטאָראַנען.
2. די בעלי־הבתים פון די געטאָ־קרעמלעך.
3. די בעלי־הבתים פון די פאַרשידענע פּראָדוקציע־צווייגן.

4. די שוסטערס.
5. די שניידערס.
(פאַר מאַכן אַ בגד אָדער אַ שוך האָט מען געצאָלט אויסערסט גרויסע פּרייזן).

ג. די האָרעפּאַשניקעס.

דער רוב מנין ורוב בנין פון געטאָ איז באַשטאַנען פון מענטשן, וועלכע האָבן מיט אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטן, אָפטמאָל מיט לעבנס-ריזיקע, זיך אַריינגעבראַכט דאָס ביסל שפּייז, בשעת שווערער אַרבעט אין די קאָמאַנדאָס, דורך אויסטויש פון זאַכן מיט קריסטן בשעת דער אַרבעט, דורך אַריינשמוגלען סחורות דורכן טויער, דורך באַקן ברויט אין געטאָ, דורך קליין־האַנדל, דורך גנבענען אין די נאַציִשע אַמטן, דורך פּראָדוצירן עפּעס אין געטאָ. די איבערוויגנדיקע מערהייט פון זיי האָט געהאָרעוועט עבודת פרך, אויסערן געטאָ, אין די דייטשע אַרבעטס־קאָמאַנדאָס.

ד. די פּאָר הונדערט אָנגעשטעלטע פון יידן־ראַט אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען, האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו גיין אויסערן געטאָ און ניט געקענט זיך עפּעס אַריינברענגען דורכן אויסטויש. צו זיי האָבן געהערט די לערערס, די בוכהאַלטערס פון געטאָ, די אַרטיסטן, אַ גאַנצע ריי דאָקטוירים און קראַנקענשוועסטערס. זיי איז געווען שווער אפילו די מינימאַלסטע לעבנס־הצטרכותן זיך איינצושאַפן: זיי זענען געווען אויפן גרענעץ פון הונגער. בכדי פאַרבעסערן עפּעס זייער לאַגע איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואו מען האָט פאַרטיילט פאַר זיי פון צייט צו צייט, צו ביליקע פּרייזן, גרינסן, עפּל, מערלעך, קאַרטאָפל. יעקב געגנס האָט שפּעטער אויך איינגעפירט פאַר זיי צוגאָב־דערנערונג (פּאַיאָק) פון ברויט, קאַרטאָפל, קרויט וכדומה.

ה. טיילווייז אָדער אינגאַנצן אומפעאיקע צו פאַרדינסט אָדער אַרבעט.
זיי האָבן געגנאָסן הילף אין געלט און פּראָדוקטן פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. אַנדערע פון זיי זענען אונטערשטיצט געווען פון „פאַרדינערס", קרובים אָדער געוועזענע חברים. אַנדערע האָבן געוואַשן וועש, געצירעוועט זאָקן, געלייגט לאַטעס, געהיט קינדער, ביינאַכט פאַרטרעטן אויף די וואַך־שעהן (דיזשורן) — אַבי ניט אָנקומען צו מענטשן.

באַהאַנדלענדיק די סאָציאַלע צעטיילונג פון געטאָ איז כדאי צו דערמאָנען נאָך איניקע סאָציאַלע דערשיינונגען פון געטאָ־לעבן:
— דער שיכט פון פאַרוואָרלאָזטע, עלטערנלאָזע קינדער (בעזפּריזאָרניקי), וועלכע פלעגן זיך וואַלגערן אויף די גאַסן נאָך די אַקציעס (בשעת מען האָט צוגענומען זייערע עלטערן, און זיי פלעגט געלינגען זיך צו באַהאַלטן וואו עס איז אין אַ קוימען צי אין אַ לאָך). די יינגערע פון זיי זענען אַריינגענומען געוואָרן אין יתומים־אינטערנאַט, די עלטערע פון זיי האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן זיך אין חברות פון געוואַגטע אַרויסלויפערס פון געטאָ, זיי פלעגן דורך בוידעמער און לעכער ביי נאַכט אַרויסלויפן פון געטאָ, איינקויפן פּראָדוקטן, ברויט, מעל, קאַרטאָפל ביי פּויערים און עס אַריינטראָגן אין געטאָ. דערפון האָבן זיי געמאַכט דאָס לעבן

(און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויכטיקן טייל פון דער געטאָ־עקאָנאָמיק). אַ טייל פון זיי האָט זיך אָרגאַניזירט אין „שייקעס פון „ביט אָנערקענער פון פּריוואַט־אייגנטום", וועלכע האָבן אָן פּחד געראַבירט אין געטאָ און אויסערן געטאָ. אין משך פון דער געטאָ־אַנטוויקלונג זענען זיי אַריינגענומען געוואָרן אין דער טראַנס־פּאָרט־בריגאַדע ילדים (וואו זיי פלעגן פירן די וועגעלעך מיט משאות אויסערן געטאָ) אָדער אין יתומים־אינטערנאַט „ילדים און ילדות" וואו מען האָט זיי געלערנט פאַכן. אַנדערע זענען אַוועק צו אַרבעט אין קאָמאַנדאָס אויסערן געטאָ, אָדער אַלס לערן־יינגלעך אין די געטאָ־וואַרשטאַטן.

— גרופּן וואָס לעבן אין קאָמונע־ווירטשאַפט אין געטאָ. דאָס זענען געווען די חלוצישע קבוצים, וואו דאָס פאַרמעגן און דער פאַרדינסט פון אַלע חברים איז געווען אַ קאָלעקטיווער אייגנטום.

(אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז געווען צו באַמערקן אַ דערשיינונג פון קליינע קאָמונעס „ברידערשאַפט פון גורל" פון צוויי, דריי, פיר חברים, וועלכע גיבן אַ תקיעת־כף זיך צוזאַמען טיילן אויף גלייך אַלץ, וואָס יעדערן וועט געלינגען זיך דערוועררבן דורך „אָרגאַניזירן", אין לויף פון לעבן אין די לאַגערן. צו אַזאַ מין קאָמונע האָב איך אויך געהערט אין די לאַגערן פון לאגעדי, שטוטהאָף און דאַאוט־מערגען).



איך האָב פּרובירט דאָ אַנאַליזירן ווי אַזוי עס זענען אַנטשטאַנען אין געטאָ סאָציאַלע אונטערשידן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט און טראַנספאָרמירט, ווי אַזוי זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו ניוועלירן די אונטערשידן און דערמעגלעכן אַלעמען אַ מינימאַלע עקזיסטענץ. איך וויל דאָ אויך דערמאָנען דעם פּראָיעקט פון אינזשעניער מאַרקוס וועגן קאָלעקטיוויזירן די געטאָ־ווירטשאַפט.

אויף איינע פון די ערשטע עפנטלעכע באַראַטונגען פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט מיט די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע טוער פון געטאָ, ווינטער נאָך די אַקציעס פון די געלע שיינען — איז אינזשיניער מאַרקוס אַרויס מיט פאָלגנדן פּראָ־יעקט:

עס טאָר ניט זיין אין געטאָ קיין סאָציאַלע אונטערשידן. איין געטאָ, איין קלאַס. אַלע דאַרפן האָבן די זעלבע ווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן. עס טאָרן ניט זיין אַזעלכע, וואָס לעבן אין לוקסוס — און אַזעלכע, וואָס לעבן בצמצום; באַקליידעטע — און נאַקעטע. די גאַנצע געטאָ־ווירטשאַפט מוז קאָלעקטיוויזירט ווערן. עס מוז געשאַפן ווערן איין געטאָ־אייגנטום. אַלע דאַרפן אָפּגעבן פּריוויליק, אָדער דורך אַ יידישן געזעלשאַפטלעכן צוואַנג, זייערע געלטער און איבעריקע בגדים, פאַר אַ יידישער איינציקער אינסטיטוציע, וועלכע זאָל דאָס צעטיילן צווישן אַלעמען שוה בשוה. זיין פּראָיעקט איז געווען אומאָפּטימיסטיש און אומרעאַל ביי יענע באַדינגונגען. ער האָט אָבער געמאַכט אויף אַלעמען אַ שטאַרקן איינדרוק אַלס אַ רוף פון געוויסן.



און אויך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד און דייטשלאַנד איז געווען אַן אַנאַלאָגישע צעשיכטונג פון די דעפּאָרטירטע אויף:

1. די וואָס לעבן נאָך מיט דער ראַציע (זיי זענען אויסגעשטאָרבן פון לאַנגזאַמען הונגער־טויט אָן קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן).

2. די וואָס געבן זיך אַן עצה דורך פאַרשידענע איינפאַלן און באַצאָלן אָפּט דערפאַר מיטן לעבן.

3. די וואָס קריגן קליינע „פונקציעס” אין לאַגער גופא און באַקומען אַ טאָפּעלטע פּאָרציע זופּ. (צימער־רוימערס, קלאָזעטן־רוימערס וכדומה).

4. די וואָס האָבן אַ גוט פאַך, ווי שניידערס, שוסטערס — אין לעבן פאַרהעלטניש־מעסיק גוט (האָבן ניט קיין מאַנגל אין ברויט און זופּ).

5. די וואָס האָבן אַ „לוקסוס"־לעבן: לאַגער־עלטסטע, בלאָק־עלטסטע, קאַפּאָס.

די דאָזיקע צעטיילונג האָב איך געזען אין אַלע לאַגערן, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט (וויוואַראַ, וויוויקאָני, קורעמע, לאַגעדי, גאָלדפילן און עסטלאַנד; שטוטהאָף, דאַטמערגען־דייטשלאַנד). וועגן דעם האָב איך אויך געהערט פון לאַגער־מענטשן פון אַלע ווינקלען דייטשלאַנד.



די צעשיכטונג, די צעטיילונג אויף קלאַסן, אויפן גרענעץ פון אָפּגרונט — איז געווען איינע פון די פילע פּערפידע נאַצישע מיטלען פון שאַפן צופרידענע און אומצופרידענע, זיכערע און אומזיכערע, עקספּלואַטאַטאָרס און עקספּלואַטירטע צווישן די אונטערדריקטע גופא (געטאָ־מענטשן און „קאַצעטניקעס”), בכדי צו דעסאָלידאַריזירן זיי, צעטומלען און פאַרפירן, פאַראַליזירן זייער מאָראַלישן ווידערשטאַנד און ברעכן זייערע פּרואוון פון אַקטיוון ווידערשטאַנד.

# 4. מקורות פון דער געטא-עקאנאמיק

פון וואַנען האָט מען געלעבט אין געטאָ, פון וועלכע מקורות האָט מען געקריגן באַשפּייזונג, געלט, זאַכן?

ווי אַזוי האָט דער געטאָ אַלס כּלל, און יעדער יחיד אַלס פּרט, זיך געראַנגלט פאַרן טאָגטעגלעכן לעבנס-מינימום?

כ׳וועל פּרובירן אילוסטרירן אייניקע מקורות פון דער געטאָ-עקאָנאָמיק.

## אַרבעט און לוין

די אַרבעט ביים דייטש, און שפּעטער אויך אין די אַנשטאַלטן פון יידן־ראַט, האָט ניט נאָר געגעבן רעכט אויף אַ שיין, נאָר אויך געווען אַ מיטל צו באַקומען אַ „פּראָדוקטן־קאַרטע”. דאָס איז געווען די באַזע פון באַשפּייזונג אין געטאָ.

די וואָס האָבן געאַרבעט אין די געטאָ־אַנשטאַלטן האָבן באַקומען לוין לויט קאַטעגאָריעס פון דער וויכטיקייט פון זייער אַמט: דריי הונדערט, דריי הונדערט פופציק, פיר הונדערט ביז זעקס הונדערט רובל אַ חודש (אַ קילאָ ברויט האָט אין געטאָ־האַנדל געקאָסט דאַן פופציק ביז זעכציק רובל). דאָס האָט ניט געגעבן די מינימאַלע מעגלעכקייט פון לעבן — איז דורכן יידן־ראַט געגרינדעט געוואָרן אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואו מען פלעגט פון צייט צו צייט פאַרקויפן צו ביליקע פרייזן קאַרטאָפל, מערן, גרינסן — און שפּעטער זענען אויך צוגעגעבן געוואָרן ספּעציעלע „צוגאָב־דערנערונגען” (פּייקי) פון ברויט, מעל, צוקער, פערד-פלייש. דער איני-ציאַטאָר פון די „פּייקי” איז געווען יעקב גענס.

די גרויס פון צוגאָב-פּאַיאָק איז אָפּהענגיק געווען פון דער קאַטעגאָריע פון דער שטעלע און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַמט: די מיטגלידער פון יידן־ראַט גופא פלעגן קריגן אַ גאַנצן פּאַיאָק, די אָנגעשטעלטע אין יידן־ראַט אַלס לייטערס פון אָפּטיילונגען, רעסאָרטן, אָדער די וואָס פלעגן זיך אויסצייכענען מיט אַקטיוויטעט ביי זייער אַרבעט — פלעגן קריגן אַ האַלבן, אַ פערטל, אַן אַכטל פּאַיאָק. יעקב גענס פלעגט באַקומען פאַר זיינע הצטרכותן איין אַ האַלב פּאַיאָק.

די אַרבעטער אויסערן געטאָ פלעגן באַקומען אייניקע פעניג שכירות אַ טאָג. סוף יאָר 1942 האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג פון געביטס־קאָמיסאַר הינגסט, אַז דער טאַריף פון דעם אַרבעטס־לוין איז געהעכערט און דעריבער וועלן די יידן דאַרפן מער אַרבעטן.

אַלע אַרבעטער אויסערן געטאָ זענען איינגעטיילט געוואָרן אין פאָלגנדיקע קאַטעגאָריעס:

1. ניט קוואַליפיצירטע — באַקומען פאַר אַ שעה אַרבעט דרייסיק פעניג.
2. האַלב־קוואַליפיצירטע — באַקומען פאַר אַ שעה אַרבעט פיר און דרייסיק פעניג.
3. פאַך־אַרבעטער — באַקומען פאַר אַ שעה אַרבעט אַכט און דרייסיק פעניג.
4. ספּעציאַליסטן פאַך־אַרבעטער — באַקומען פאַר אַ שעה אַרבעט פיר און פערציק פעניג.
5. בריגאַדירן — (אָנפירערס פון קאָלאָנעס) — פופציק פעניג.

דאָס איז געווען אָפיציעל, אָבער פאַקטיש פלעגט יעדער אַרבעטער באַקומען פופצן פעניג אַ שעה (איין אַ האַלב רובל). דאָס איבעריקע האָט געהערט צום געביטס־קאָמיסאַר — דאָס הייסט דורכשניטלעך פינף און צוואַנציק פעניג אַ שעה.

יידישע בעלי־חשבונות האָבן געמאַכט אַ רעכענונג און אויסגעפונען, אַז היות עס אַרבעטן ביי די דייטשן קרוב אַכט טויזנט יידן — פאַרדינט אויף זייער חשבון דער געביטס־קאָמיסאַר הינגסט — קרוב אַ האַלבן מיליאָן מאַרק אַ חודש.

אָבער אויך די קליינע סומע (פופצן פעניג אַ שעה, בערך 1.5 מאַרק אַ טאָג, אַכט און דרייסיק מאַרק אָדער דריי הונדערט אַכציק רובל אַ חודש) — אויך די דאָזיקע סומע איז כמעט קיינמאָל ניט אַריינגעפאַלן אין די יידישע הענט, ווייל מען פלעגט דאַרפן תמיד איינקויפן מתנות פאַרן אַרבעטס־אויפזעער, אַ פוטער פאַר זיין פרוי ערגעץ אין דייטשלאַנד, שטיוועלעך פאַר זיין טאָכטער וכדומה.

די יידישע אַרבעטער האָבן געלעבט נאָר דורך דעם, וואָס זיי האָבן ריזיקירט, דאָס הייסט געשמוגלט זאַכן אויף שפּייז־פּראָדוקטן און אַריינגעבראַכט עס אין געטאָ.

## פּראָדוקטן־קאַרטן

די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן פאַר דער געטאָ־באַפעלקערונג „פּראָדוקטן־קאַרטן" אויף ברויט, קאַרטאָפל, מעל און גרינסן. אין דער ערשטער צייט, ווען עס האָבן זיך געפונען אין געטאָ קרוב דרייסיק טויזנט מאַן, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן ברויט־קאַרטן אין אַ סכום פון אַכט טויזנט קילאָ ברויט אויף פינף טעג (דאָס הייסט פופצן הונדערט קילאָ ברויט אויף דרייסיק טויזנט מאַן, אַן ערך פון פופציק גראַם אויף איין מענטשן אַ טאָג). אין ענלעכע מיקראָסקאָפּישע דאָזעס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויך אַנדערע פּראָדוקטן — ווי קרויט, קאַרטאָפל און פערד־פלייש. אין יאַנואַר 1942, נאָך די אַקציעס איבער די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין געלע שיינען, ווען אין געטאָ האָבן געמעגט לעבן נאָר צוועלף טויזנט יידן, האָט מורער אַריינגע־שיקט אין געטאָ צו פאַרטיילן פּראָדוקטן פאַר די צוועלף טויזנט מענטשן.

דער יידן־ראַט האָט דאַן געדרוקט יידישע שפּייז־קאַרטן, און האָט פאַרטיילט די פּראָדוקטן פון די צוועלף טויזנט מענטשן פאַר אַכצן טויזנט מענטשן (ווייל נאָך

זעקס טויזנט זענען געווען אָן געלע שײַנען, דאָס הייסט „ווייסע שיינען"). די ווייסע שיינען האָבן לכתחילה מורא געהאַט צו נעמען די פּראָדוקטן-קאַרטן טאָמער ליגט דאָ אַ שפּיצל פון יידן־ראַט, אָדער פון דער געטאָ־פּאָליציי, בכדי צו וויסן, ווער עס געפינט זיך אַלס נעלם אין געטאָ — אָבער, אַז דער הונגער האָט געדריקט, האָט מען זיך דעצידירט און גענומען די פאַרדעכטיקע פּראָדוקטן־קאַרטן.

שפּעטער האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די יידן, וואָס אַרבעטן ביי די דייטשן אויסערן געטאָ, ווי אויך די יידן, וואָס אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן אין געטאָ, זאָלן באַקומען מער שפּייז, ווי די יידן, וואָס אַרבעטן אינער־האַלב געטאָ אין די פאַרשידענע אַנשטאַלטן פון יידן-ראַט.

## דאָס „אָרגאַניזירן"

דער מיקראָסקאָפּיש קליינער אַרבעטס־לוין און די מיקראָסקאָפּיש קליינע באַ־שפייזונג אויף די פּראָדוקטן־קאַרטן, האָבן ניט געגעבן אפילו אַ מינימום פון הונגער־עקזיסטענץ. מען האָט געמוזט זיך געבן אַן עצה דורך כל־המינים וועגן, אַבי ניט שטאַרבן פון הונגער. די אַלע מיטלען און איינפאַלן, איינצושאַפן זיך וואָס עס איז אין געטאָ, האָט מען אַ נאָמען געגעבן „אָרגאַניזירן". דאָס זענען אַלץ געווען מיטלען פון עקאָנאָמישן ווידערשטאַנד מצד דער געטאָ-באַפעלקערונג קעגן דראָענדיקן הונגער,

עס זענען געווען פאַרשידענע וועגן פון אָרגאַניזירן פאַר זיך לעבנס־מיטלען:

א) חפצים-אויסטויש אויף עסנוואַרג ביי די פאַרבייגייענדיקע קריסטן, בשעת דער אַרבעט אין די קאָמאַנדאָס, דאָס איז אייגנטלעך געווען דער יסוד פון געטאָ־האַנדל.

ב) אַרבעט אין „גוטע איינהייטן", וואו מען האָט געגעבן אַ טעלער זופּ בשעת דער אַרבעט, אָדער וואו יידן איז געלונגען צו שאַפן באַהאַלטענע „קאָאָפּעראַטיוון", וואו דער אויסטויש פון די זאַכן און דער איינקויף פון די פּראָדוקטן ביי די קריסט־לעכע שכנים (פאַרשטענדלעך אַלץ באַהאַלטענערהייט) פלעגט פאָרקומען קאָלעקטיוו, און דאַן פלעגט עס צעטיילט ווערן צווישן אַלע יידן, וואָס אַרבעטן אין איינהייט און געהערן צום געהיימען קאָאָפּעראַטיוו.

ג) דאָס אַרויסגנבענען זאַכן פון די נאַציסטישע אינסטיטוציעס בשעת דער אַרבעט דאָרטן, אָדער בשעת רייך־מאַכן די צימערן — איז געווען סיי אַ וויכטיקער טייל פון דער געטאָ־עקאָנאָמיק, סיי אַ ספּאָרט פון שעדיקן. לכתחילה זענען געבראַכט געוואָרן מעדיקאַמענטן, ברויט, עפּל און ציטרינען פאַר קראַנקע קינדער, פּושקעס קאָנסערוון און שפּעטער אויך ביינוול, פּאַפּיראָסן און משקאות. דאָס רוב מענטשן האָבן געגנבעט פון די נאַצי־אינסטיטוציעס אויף זייערע טעגלעכע לעבנס־געברויכן, זייענדיק גלייכצייטיק שטאָלץ, אַז זיי איז געלונגען עפּעס שאָדן אָנטון דעם דייטשן רעזשים. עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ גרופּע, וואָס האָט געגנבעט בכדי אָנצוזאַמלען זיך „מאַיאָנטקעס" אין געטאָ. זיי פלעגן אַרויסגנבענען ווייך, שנאַפּס, ליקער און פאַרקויפן עס דער געטאָ־פּאָליציי. אין דער זעלבער צייט פלעגט די פאַרטיזאַנישע יוגנט גנבענען גראַנאַטן, געווער־אינסטרומענטן און אַריינטראָגן אין געטאָ.

# דאָס אָפּנעמען די זאַכן

כמעט אַלע יידן האָבן פאַרן גייז אין געטאָ איבערגעלאָזט זייערע זאַכן ביי קריסטלעכע באַקאַנטע און שכנים, וועלכע האָבן זיי צוגעזאָגט עס אָפּצוגעבן מיט פרייד ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

אַז עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סמנים פון אָנקומענדיקן הונגער, האָבן אַ גאַנצע רייע יידן ריזיקירט און אַוועק (אויסטועגדיק די לאַטעס) אָפּנעמען עפּעס פון זייערע זאַכן, אָדער פון שפּייז־מיטלען. אַ סך מענטשן האָבן פאַרלוירן דערביי דאָס לעבן, ווייל אַרויסגייענדיק פון געטאָ זענען זיי געכאַפּט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ־אַגענטן.

די ערשטע צייט פלעגן די באַקאַנטע קריסטן און שכנים אָפּגעבן די זאַכן, שפּעטער האָט אַ גרויסער טייל פון זיי אויפגעהערט צו וועלן אָפּגעבן די פקדונות.

אַ גאַנצע רייע יידן האָבן דאַן אָנגעהויבן צו גיין צו די באַקאַנטע קריסטן און שכנים אונטער דער באַגלייטונג פון אַ דייטשן אַרבעטס־אויפזעער פון זייער קאָמאַנדאָ (דאָס רוב עפּעס אַן אַלטן עסטרייכישן בעל־מלאכה, וועלכער איז געווען גנאַד־פול פאַר זיינע יידן, וואָס אַרבעטן אין זיין קאָמאַנדאָ). אַנדערע פלעגן עס מאַכן „אויף פּראָצענטער", דאָס הייסט צונעמען ביים יידן אַ חלק פון די אָפּגענומענע זאַכן אין זייער אָנוועזנהייט.

שפּעטער האָבן זיך געכאַפּט די קריסטן, די ניט־אָפּגעבערס, אַז די דייטשע באַגלייטערס האָבן אייגנטלעך ניט קיין רעכט צו באַגלייטן און אָפּנעמען די יידישע זאַכן. פלעגן זיי דראָען, אַז זיי וועלן פאַרמסרן ביי דער געשטאַפּאָ סיי דעם ייד, סיי דעם דייטשן אויפזעער, אָדער דעם מיטגליד פון דער „טאָדט"־אָרגאַניזאַציע.



ווען עס זענען געקומען אויף פאַר אונזער משפּחה הונגער־טעג, בין איך אַרויס אויסערן געטאָ, אונטער דער באַגלייטונג פון אַזאַ דייטשן אויפזעער פון אַן אַרבעטס־קאָמאַנדאָ, וואו עס האָבן געאַרבעט אַ גרופּע מיינע חברים. ער האָט זיך דערקלערט אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַט און האָט פאַרן באַגלייטן קיין געלט ניט גענומען. איך בין אַוועק צו דער הויף־וועכטערין פון נאָוואָראַד־גאַס 64, פּושאַוואַ, וועלכע האָט מיך געוואַטעוועט בשעתן פּאָגראָם אויף נאָוואָראַד. דער דייטש איז געבליבן אויפן גאַס און איך בין אַריין אין שטוב. זי האָט מיר אָפּגעגעבן אייניקע זאַכן און געזאָגט, אַז דאָס רעשט איז באַהאַלטן, איך זאָל קומען אַן אַנדערש מאָל.

דאָס צווייטע מאָל קומענדיק האָב איך געפונען אין שטוב איר מאַן (אָדער „פריינד"). ער האָט מיך אויפגענומען בייז און שטרענג געפרעגט:

— וואָס ווילט איר דאָ?

— איך וויל עפּעס פון מיינע זאַכן, בכדי איך זאָל האָבן וואָס צו טוישן אויף עסנוואַרג.

— די זאַכן וועל איך אייך אָפּגעבן נאָך דער מלחמה.

— פאַרוואָס?

— ווייל סיי ווי סיי וועט דער דייטש אייך אויסהרגענען. קיין ייד וועט ניט בלייבן. טאָ נאָך וואָס זאָלן אַריינפאַלן אייערע זאַכן צום דייטש. בעסער זאָל עס בלייבן ביי מיר.

— אָבער איך לעב דאָך נאָך, און די זאַכן זענען דאָך מיינע. טאָ גיט מיר אָפּ כאָטש אַ טייל.

— אויב איר גייט ניט גלייך אַוועק, גיי איך שוין מעלדן אין געשטאַפּאָ, און דאַן איז אַ סוף צו אייך און אייער באַגלייטער. — —

אַזאַ „קבלת פנים" האָבן געהאַט די מערהייט יידן, ווען זיי זענען געקומען אָפּנעמען די זאַכן.



אומגעריכט איז אַרויס אַ מעלדונג פון דער דייטשער מאַכט, אַז אַלע יידן, וועלכע האָבן באַהאַלטן זאַכן ביי קריסטן, קענען דאָס צוריק באַקומען. און ווירקלעך, די דייטשע מאַכט פלעגט געבן אַן אָפיציעלן באַגלייטער, און אַלע זאַכן פלעגן אָפּגענומען ווערן. די בעסערע זאַכן (טעפּיכער, פוטערס, פעלצן) פלעגן דאַן צוגענומען ווערן פאַר די דייטשן.

שפּעטער האָט די יידישע געטאָ־קרימינאַל־פּאָליציי באַקומען דאָס אָפיציעלע רעכט דורכצופירן אָפּנעמונגען אויף די זעלבע אויבנדערמאָנטע יסודות, דאָס הייסט די בעסערע זאַכן פאַר דער דייטשער מאַכט.

עס זענען געווען אין געטאָ אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט: די פּוילישע באַפעלקערונג וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף אונזער טויט, גיבן אונז אפילו ניט אָפּ עפּעס פון אונזערע זאַכן, און לאָזן אונז אויסגיין פון הונגער. זייער כוונה בנוגע יידן איז די זעלבע ווי פון די נאַציס. זיי געבן אונז ניט אָפּ די זאַכן מיטן כח פון נאַצי, טאָ לאָמיר פון זיי עס אָפּנעמען מיטן זעלבן כח, מיט וועלכן זיי באַוועלטיקן אונז... מיטן זעלבן געווער, וואָס זיי ווילן אונז דערשטיקן, לאָמיר אַרויסנעמען פון זיי כאָטש עפּעס פון אונזער אייגן האָב און גוטס. —

און עס זענען געווען אַנדערע, וועלכע האָבן געזאָגט: די האַנדלונג פון די פּוילישע שכנים, וועלכע גיבן ניט אָפּ אונזערע זאַכן, און דראָען אונז מיט געשטאַפּאָ — איז נידערטרעכטיק ווי די נאַציסטישע האַנדלונגען. אָבער מיר וועלן מיט דער הילף פון געשטאַפּאָ אפילו אַ גערעכטע קריוודע ניט אויפמאָנען, מיר וועלן דורך הילף פון געשטאַפּאָ אונזער אייגן האָב און גוטס ניט אָפּנעמען. דאָס דאָזיקע „אָפיציעלע" אָפּנעמען האָט צוויי פערפידע צילן מצד דער דייטשער מאַכט:

1) דערוויסן זיך ביי וועלכע קריסטן ליגן באַהאַלטן יידישע זאַכן, בכדי צו קענען האָבן זיי אין האַנט, שאַנטאַזשירן, דראָען און שטראָפן,

2) פלאַנצן אַ שנאה צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג קעגן דעם יידישן געטאָ דורכן אויפווייזן, אַז די יידן נוצן זיך קעגן די פּאָליאַקן מיט דער הילף פון געשטאַפּאָ...

און זיי האָבן טאַקע געהונגערט אין געטאָ, און ניט געגאַנגען אָפּנעמען בגוואַלט זייערע אייגענע זאַכן פון די פּוילישע שכנים.

# דאָס אַריינשמוגלען פּראָוויאַנט אין געטאָ

דאָס אַריינשמוגלען אין געטאָ פּראָוויאַנט איז געווען אַ שווער פּראָבלעם. ביים טויער פון געטאָ איז געשטאַנען אַ וואַך פון יידישער פּאָליציי, ווי אויך אַ שטענדיקע וואַך פון ליטווישע זעלנערס. יעדע ווײַלע פלעגן אויך אָנקומען ס״ס־לייט. ביים אַריינגיין פון טויער פלעגן פּאָרקומען רעוויזיעס. מיט דער צייט האָט מען אונטער־געקויפט די ליטווישע אויפזעערס ביים טויער און די רעוויזיעס פלעגן זיין פּאָרמעלע. ביים אָנקומען אָבער פון אַ דייטש, פלעגן די ליטווישע אויפזעערס צוזאַמען מיט דער יידישער פּאָליציי זייער שטרענג רעווידירן. דאָס געפונענע פלעגט צוגענומען ווערן (אָפטמאָל דאָס לעצטע ביסל האָב און גוטס פון מענטשן, דאָס אויסגעטווישטע פאַרן לעצטן העמד). דער פאַרזינדיקטער פלעגט אַריינגעזעצט ווערן אַלס שטראָף אין געטאָ־תפיסה. די שטענדיקע רעוויזיעס, די נערוועאישע אַטמאָספער ביים טויער, די שטענדיקע מורא פאַרן דייטש, האָבן דעמאָראַליזירט אַ גאַנצע רייע יידישע פּאָליציי־לייט, וועלכע פלעגן לכתחילה שלאָגן למראית עין און שפּעטער געוואָרן אמתע שלעגערס. צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט לרעה דער שלעגער, פּאָליציסט לעוואַס.

אַ גאַנצע רייע מענטשן זענען צוליבן אַריינשמוגלען עפּעס דורכן טויער אַרעס־מירט געוואָרן און פאַרענדיקט אין פּאָנאַר. ביים געטאָ־טויער האָט מען פאַרהאַלטן די וואונדערבאַרע געטאָ־זינגערין לובאַ לעוויצקי. מען האָט ביי איר געפונען אַ קילאָ אַרבעס. זי האָט דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן.

עס זענען געווען פאַרשידענע אַרטן אַריינשמוגלען פּראָדוקטן אין געטאָ, אינדי־ווידועלע, ווי אויך קאָלעקטיווע.

די ערשטע פּראָדוקטן־שמוגלערס זענען געווען פאַרוואָרלאָזטע קינדער. זיי פלעגן אין דער פינצטערניש אַרויסקריכן דורך בוידעמער און לעכער פון געטאָ, איינקויפן פּראָדוקטן ביי קריסטן און אַריינברענגען עס אין געטאָ; עלנטע מאַמעס פון קליינע קינדער, וועלכע זענען געקומען אין געטאָ אָן זייערע באַשפּייזערס, זענען אויך געווען פון די ערשטע אַריינשמוגלערינס פון קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן. זיי זענען געווען דאָס רוב אָן שיינען און אַ גרויסע צאָל פון זיי איז געכאַפּט געוואָרן און אַרעסטירט אין דער תפיסה נעבן סטעפאַן־גאַס און אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר; שפּעטער איז כמעט יעדער אַרבעטער (וואָס איז געגאַנגען צו זיין קאָמאַנדאָ) געוואָרן אַ פּראָדוקטן־אַריינשמוגלער. עפּעס אַריינברענגען אין געטאָ, האָט יעדער איינער געהאַלטן פאַר זיין אַמביציע, ערן־חוב און אויפגאַבע. די וואָס טראָגן ניט אַריין, האָבן זיך געהאַלטן פאַר אומגליקלעכע, שלימזלניקעס און טויגנישטן.

### דער קליינשמוגל

דאָס קליין־דורכשמוגלען די פּראָדוקטן פלעגט פאָרקומען אויף זיך גופא דורך:

1) זייער לאַנגע טיפע קעשענעס אין די הויזן, אַזוי, אַז ביי די טויער־רעוויזיעס זאָל מען ניט דערשפּירן קיין זאַק דאָרטן, וואו עס געפינען זיך די געווינלעכע קעשענעס.

2) „קאָרסעטן״ אָדער קאָמפּרעסן. דאָס זענען געווען זעקלעך אויפגענייט אין

פאָרם פון קאָרסעטן, וועלכע רינגלען אַרום די ברוסט און לענדן, און אין וועלכע עס ווערט אַריינגעשיט אַרבעס, גרויפּן אָדער מעל, און וועלכע זענען ביים באַטאַפּן נישט באַמערקבאַר.

מען פלעגט באַשטעלן ביי די „קאָרסעטניקעס" בזה הלשון: ברענג מיר היינטיקע וואָך אַ פיר פינף קאָרסעטן מעל.

3) „באַנדאַזשן". סאַכאַרין, שטיקלעך לייוונט, בייגוול, וואָל, אַנדערע קליינ־קייטן, פלעגן פאַרוויקלט ווערן אַרום די פיס און הענט מיט באַנדאַזשן און זענען געווען ניט מערקבאַר ביים דורכגיין.

4) „פּריזורן". פּרויען, ווי אויך מענער מיט גרויסע טשופּרינעס, פלעגן אין די האָר באַהאַלטן פּעקלעך סאַכאַרין, אַ וווּרטספּולן שטיין, אַ רינג, און דורכפירן עס.

5) „טאָפּעלע דעקן". אַ גאַנצע רייע אַרבעטער, ווי גלעזערס, בלעכערס, שמידן, אויווי־מאַכערס וכדומה, פלעגן אַריינגיין און אַרויסגיין מיט אינסטרומענטן, די מכשירים פלעגן זיי טראָגן אין ספּעציעלע טראָג־קעסטלעך, אָדער עמערס. זיי האָבן איינגעאָרדנט טאָפּעלע דעקן צו די קעסטלעך און צו די עמערס און דאָרטן דורכטראָגן די פּראָדוקטן.

6) „סאַזשע". אין געטאָ האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַ גרופּע קוימענקערערס, וועלכע האָבן געהאַט רעכט גיין אויסערן געטאָ צו רייניקן קוימענס. זיי זענען געווען הויפּט־שמוגלערס פון פּראָדוקטן, וועלכע זיי פלעגן דורכטראָגן אין זייערע קעסטלעך צוגעדעקט מיט אַ שיכט סאַזשע.

7) „ברויטן". אַ גאָלדן רינגל, אַ זייגערל, אַ בריליאַנט צום אויסטויש אָדער אויף צוריק פלעגט מען דורכטראָגן אין אַ שטיק ברויט.

8) „דיסקרעטע" — האָט געהייסן דאָס אַריינטראָגן אַ שטיק פלייש אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך דיסקרעט אַרום דעם געזעס. ביים באַטאַפּן פלעגט מען עס כמעט קיינמאָל ניט באַמערקן.

9) „בלומענקוישן". אַ געוויסע צייט איז געווען דערלויבט די קינדער גיין אין גרופּן צו וואַלד־שפּאַצירן אונטערן אויפזיכט פון די לערערס. אין וואַלד פלעגן זיי טוישן ביי פּויערים, אָנגעבייגענדיקע קריסטן קליינ־קייטן אויף מערעלעך, קאַרטאָפל, שטיק־לעך ברויט און אַריינטראָגן עס אין די קוישן פון בלומען און גרינס, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון וואַלד. דער דאָזיקער שמוגל האָט ניט לאַנג געדויערט, ווייל די שפּאַצירן זענען איבערגעריסן געוואָרן.

### דער גרויס־שמוגל

דאָס דורכשמוגלען אין גרויסן פאַרמאָס פלעגט פאָרקומען דורך:

1) בוידעמער. — אויף אַ גאַנצע רייע בוידעמער, וועלכע האָבן זיך געגרענעצט מיט „ניט יידישע" בוידעמער, זענען געמאַכט געוואָרן לעכער, דורך וועלכע מען פלעגט דורכטראָגן אָדער דורכשמוגלען (אָפט אין „מסחרישן קאָנטאַקט" מיט די בעלי־הבתים פון יענע בוידעמער) זעקלעך מעל און אַנדערע פּראָדוקטן.

2) דעכער. — די קוימען־קערערס, וועלכע פלעגן קריכן איבער דעכער צו פאַרריכטן די קוימענס פלעגן אויף גרענעץ־דעכער שוין האָבן אַ וועג פון „מסחרישן קאָנטאַקט", בכדי צו באַשטעלן פּראָדוקטן און אַראָפּלאָזן עס דורך די קוימענס.

4) לעכער אין וואַנט און טויערן. — אין אַ גאַנצע רייע וועגט און טויערן פון הויפן, וואָס גרענעצן מיטן אויסערן געטאָ, זענען געמאַכט געוואָרן לעכער און שפּאַלטן, דורך וועלכע עס פלעגן פאַרבייגייענדיקע „שותפים"-אַריער דורכשטופּן ביינאַכט פאַרשידענע חפצים.

6) ארון פון מתים. — די מתים וועלכע זענען געשטאָרבן אין געטאָ־שפּיטאָל פלעגן אַרויסגעפירט ווערן אין שוואַרצן אָרון אויסערן געטאָ אויפן יידישן בית־עולם. דער שוואַרצער ארון פלעגט פאָרן הין און צוריק. דורכן דאָזיקן שוואַרצן ארון פלעגן דורכגעפירט ווערן אָפט פּראָדוקטן.

7) פורן פון האָלץ. — אַ געוויסע צייט איז געווען דערלויבט אַריינצופירן אויף פויערישע פורלעך האָלץ אויסגעהאַקט פון שכנישע וועלדער דורך יידישע אַרבע־טער. דאָס האָלץ איז פאַרווענדעט געוואָרן אויף באַהייצונג אין די געטאָ־קיכן, אַנ־שטאַלטן און טיילווייז אויך אין די הייזער. צווישן די קלעצער האָלץ פלעגט מען דורכפירן אויך פּראָדוקטן.

8) פורן מיט מיסט, גרוז און שניי. — דאָס מיסט פון געטאָ, וואָס האָט זיך געקליבן אין די מיסטקאַסטנס, די קופּעס אָפּפאַל פון דעם קאַרטאָפל-שאָלעכץ, גרוז און שניי און שטיקער אייזן — פלעגן אַרויסגעפירט ווערן אויף פורלעך אויסערן געטאָ. די פורלעך פלעגן אָפט מאַכן ביז צען נסיעות הין און צוריק. דורך זיי, אונטערן טאָפּעלן דעק פון די פורן, עווענטועל אין דעם מיסט און שניי, פלעגן דורכגעפירט ווערן צום אויסטויש פאַרשידענע פּראָדוקטן.

9) פּראָדוקטן־פורן. — עס פלעגט אָנפאָרן וואָיק אַ פויערל און פירן אַ פור פּראָדוקטן איבער די גאַסן פון ווילנע. ס'פלעגט אים, מעשה־שטן, עפּעס קאַליע ווערן ביים טויער פון געטאָ. פלעגט ער זיך אָפּשטעלן אין אַ דערבייאיקן טויער, צו פאַרריכטן און ווי נאָר די ס"ס־לייט פלעגן פאַרשווינדן פון געטאָ־טויער, איז דאָס פורל שנעל אַריינגעפאָרן אין טויער, פאַרשוואונדן אין אַ געטאָ־הויף, אויסגעלאָדן דאָרט די סחורות און אַרויסגעפאָרן צוריק. דורך די דאָזיקע פורלעך פּראָדוקטן פלעגט געפירט ווערן דער גרויסער שמוגל דורך „שמוגלער־ספּעציאַליסטן", וועלכע זענען געשטאַנען אין „סוחרישן קאָנטאַקט" מיט אַ גאַנצער רייע קריסטלעכע לאַנד־ווירטן פון אַרומיקע דערפער. דורך די דאָזיקע פורלעך מיט פּראָדוקטן פלעגט אויך אַריינגעפירט ווערן אומלעגאַל פּראָוויאַנט פאַר די קאָאָפּעראַטיוון און פאָלקס־קיכן פון דער, באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג פון יידן־ראַט.

10) אויטאָס. — אין געוויסע איינהייטן, וואו יידן האָבן געשאַפן וויכטיקע אַר־בעטן פאַרן מיליטער (שניידעריי וכדומה), אָדער וואו עס פלעגן זיך געפינען הומאַנע שעפן, פלעגט מען דערלויבן אַלס אַרבעטס־לוין איינקויפן פאַרלעגנע אָדער צוגע־פרוירענע קאַרטאָפל ביי די פויערים און אַריינפירן עס מיט לאַסט־אויטאָס אין געטאָ. אין די דאָזיקע לאַסט־אויטאָס פלעגן שוין פאַר איין וועג דורכגעפירט ווערן אויך אַנדערע פאַרווערטע לעבנס־מיטלען.

11) וועש־פורן — אויף די פורן וואָס פלעגן פאָרן מיט שמוציקער וועש פון שפּיטאָל צו דער דעזינפעקציע אויסערן געטאָ פלעגן אויך אַריינגעשמוגלט ווערן פּראָדוקטן צווישן די וועש.

אויף אַזעלכע אופנים האָט דער געטאָ געפירט זיין עקאָנאָמישן ווידערשטאַנד קעגן הונגער. דער עולם פלעגט אָנרופן דאָס אַריינשמוגלען די פּראָדוקטן מיטן

נאָמען „אַריינמאַלינעוועז״ פּראָדוקטן; זאָן די לעכערס אין די בוידעמער, קעלערס, ווענט, פלעגט מען רופן „סחורה מאַלינעס״. אַ גאַנצע רייע מענטשן זענען דורכגעפאַלן ביים „אַריינמאַלינעווען״ סחורות און דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. דאָס האָט אָבער ניט איבערגעריסן דאָס אַריינשמוגלען פּראָדוקטן אין געטאָ, ווייל אַן דעם, וואָלט זיך אָנגעהויבן במשך פון געציילטע טעג דער שאַרפסטער הונגער.

אויף די זעלבע וועגן — דורך בוידעמער, קעלערס, דעכער, דורך מיסט־פורן, און אויף פאַרשידענע אופנים אויף זיך גופא — האָט די פּאַרטיזאַנישע יוגנט אַריינגעמאַלינעוועט אין געטאָ פאַרשידענע געווערן און גראַנאַטן.

# דער האַנדל אין געטאָ.

## דער טויש־האַנדל צווישן זיך

דער האַנדל אין פאָרם פון טויש־האַנדל, האָט זיך אָנגעהויבן פון ערשטן מאָמענט פון געטאָ. איינער האָט געבראַכט מיט זיך, למשל, אַ זאַפּאַס פון נאָדלען און אייניקע פאָר שיך. אַן אַנדערער האָט געבראַכט זאַלץ און אייניקע פאָר הויזן. האָט מען זיך געביטן — אַ נאָדל פאַר אַביסל זאַלץ, איבעריקע שיך פאַר אַ פאַר הויזן וכדומה. דער דאָזיקער טויש־האַנדל צווישן זיך האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט פון געטאָ. ווען אַ מענטש האָט וואָס עס איז געדאַרפט האָבן, פלעגט ער אַראָפּגיין אויפן גאַס, מיטנעמענדיק עפּעס צום אויסטויש. ער פלעגט שטענדיק קריגן דאָס געזוכטע.

עס זענען געווען אייניקע הויפן, וואו מען האָט געוואוסט, אַז דאָרטן געפינט מען די טוישער, דאָרט קען מען אַלץ קריגן און אַלץ טוישן.

## דער אויסטויש פון אייגענע בגדים

ווי כ׳האָב שוין ניט איינמאָל דערמאָנט, איז איינע פון די הויפּט־קוועלעס פון דער געטאָ־עקאָנאָמיק, געווען דער אויסטויש פון בגדים מיט די קריסטן, בשעת דער אַרבעט אויף די קאָמאַנדאָס אויסערן געטאָ. פאַמעלעך פלעגט יעדער געטאָ־איינוואוי־נער ווערן אַלץ אָרעמער אין זיינע זאַכן. לכתחילה פלעגט ער פאַרקויפן אַן איבעריקן מאַנטל, דאַן אַן איבעריקן רעקל, שפּעטער פלעגט מען שוין טוישן אויך דאָס העמד פון לייב און די פאָר זאַכן פון דער פרוי. דער אויסטויש־פּרייז איז געווען אַן ערך פאָלגנדיקער:

פאַר אַן אויבערהעמד פלעגט מען קריגן אַ פיר קילאָ ברויט מיט אייניקע קילאָ קאַרטאָפל, פאַר אַ מענער־מאַנטל אַ האַלבע קילאָ פעטס, אַ צען קילאָ ברויט, אַן אַכצן קילאָ קאַרטאָפל. פאַר אַ דאַמען־בייטל אַ פיר־פינף קילאָ ברויט וכדומה.

## דער אויסטויש פון פרעמדע בגדים

עס זענען געווען אויף די קאָמאַנדאָס ייִדן מיט קאָמערציעלער איניציאַטיוו. זיי האָבן געשאַפן באַקאַנטשאַפטן מיט פאַרבייגייענדיקע קריסטן, ניי־אויפגעקומענע מלחמה־גבירים, וועלכע פלעגן ביי זיי באַשטעלן און אָפּקויפן גרעסערע צאָלן בגדים. זיי פלעגן

אין געטאָ אָנזאַמלען זאַכן ביי די געטאָ־איינוואוינער, וועלכע גייען ניט אַרויס אויסערן געטאָ אָדער אַרבעטן אין שלעכטע, צום האַנדל ניט צוגעפּאַסטע, קאָמאַנדעס און פאַר־קויפן עס אויף דער קאָמאַנדאָ און קריגן מעקלעריי: אַ פּאָר קילאָ ברויט, קאַרטאָפל, פּאַפּיראָסן וכדומה.

## „קאָמיסיאָנס־געשעפטן"

די ראָלע פון אויסטויש־פאַרמיטלער איז געוואָרן אין געטאָ אַ נויטווענדיקע, ווייל אָן בגדים־אויסטויש האָט מען אין געטאָ נישט געקענט לעבן. פאַרמיטלער, וועלכע האָבן באַזיצט איניציאַטיוו, האָבן געשאַפן ביי זיך אין די וואוינונגען „קאָמיסיאָנס־געשעפטן". דאָרט פלעגט מען זיי ברענגען, יעדער איינער וואָס ער האָט; צום אויס־בייטן, און דאָרט פלעגן קומען יידן פון פאַרשידענע קאָמאַנדאָס מיטן אָנבאָט אָדער באַשטעלונג פון פאַרשידענע סחורות, פאַר קונים אויף קאָמאַנדאָס. פון דער אויסטויש־אָפּעראַציע פלעגט גענומען ווערן אַ געוויסער פּראָצענט.

אַזוי איז פאַרמירט געוואָרן די קייט פון געטאָ־האַנדל: געטאָ־ייד, קאָמיסיאָנס־געשעפט, יידישער אויסטויש־פאַרמיטלער, קריסטלעכער אויסטויש־פאַרמיטלער אויף דער קאָמאַנדאָ — קריסטלעכער קויפער אויסערן געטאָ.

## דער „קעסטל־האַנדל"

אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן אומגייענדיקע גאַסן־סוחרים מיט קעסטלעך, אין וועל־כע עס פלעגן ליגן: פּאַפּיראָסן, סאַכאַרין־טאַבלעטן, שנירלעך, ביינוול, קנעפּלעך, נאָד־לען. אַנדערע האָבן געהאַט אין זייערע קעסטלעך באַבקעלעך און לעקעכלעך פון שוואַרצן מעל, שוואַרצע קיכעלעך, קליינע ברויטלעך. די זאַכן פלעגן אויסגעקויפט ווערן דורך די אַרויסגייענדיקע און צוריקקומענדיקע אַרבעטער אין די פרימאָרגנס און אָוונט־שעהן. דעם הויפּט־אָפּגאַנג האָבן געהאַט פּאַפּיראָסן, געבעקס און סאַכאַרין־טאַבלעטן.

פלעגט זיך באַוויזן מורער ביים טויער פון געטאָ, זענען די וואַנדערנדיקע „קעסט־לעך" פאַרשוואונדן פון די גאַסן. מיט זיין אַוועקגיין, פלעגן ווידער די „קעסטלעך" מאַרשירן איבער די ענגע געטאָ־גאַסן און אָנבאָטן איטלעכן זייערע סחורות.

## געטאָ־געוועלבער

מענטשן מיט איניציאַטיוו האָבן געעפנט „געוועלבער" אין געטאָ. אייניקע שות־פים פלעגן, ווי עס איז, איבערבויען צוזאַמען אַ חורבה, פאַרמאַסקירן זי מיט אַן אַלמער, אָן אויוון, אַזוי, אַז בשעת אַ רעוויזיע אין געטאָ זאָל עס ניט זיין קאָנטיק — און עפע־נען דאָרט אַ געוועלב. וואו איז דער מקור פון די סחורות? פון די „אַריינגעמאַלינע־וועטע" פּראָדוקטן. אין די דאָזיקע געוועלבער פלעגט מען קריגן אַביסל קאַרטאָפל, אַביסל געבעקס, גרינס — אַלץ פאַר טייערע פרייזן, ווייל די אַריינברענגערס האָבן דאָך געגוג ריזיקירט ביים באַזאָרגן די סחורות. די געוועלבער האָבן עקזיסטירט אין באַצוג צו דעם יידן־ראַט כמעט אָפיציעל, אַרויסגענומען „יידן־ראַט־פּאַטענטן", געצאָלט שטייערן און געשטאַנען אונטער דער השגחה פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג.

## די געטאָ־וואַלוטע.

ווי האָט מען געצאָלט אין געטאָ ?

די ערשטע צייט האָט מען געצאָלט פּראָדוקט פאַר פּראָדוקט. נאַטירלעכער אויס־טויש. שפּעטער איז אַריין אין לעבן דאָס באַנוצן סאָוויעטישע רובלס און דייטשע מאַרקן, צען סאָוועטישע רובל (דאָס הייסט — איין טשערוואָנעץ) פאַר אַ דייטשן מאַרק. היות דער עולם האָט נישט געהאַלטן פון דער דייטשער מאַרק קיין אַריכות־ימים, פלעגט יעדער איינער וועלן האָבן בעסער מ׳שערוואָנצעס. אין אַלע קניות פלעגט דער פאַרגלייך־מאָס זיין אַ קילאָ ברויט, אָדער קאַרטאָפל. למשל, מען פלעגט זאָגן: איך האָב צו פאַרקויפן אַ ראַזיר־אַפּאַראַט, ער איז ווערט אַ האַלב קילאָ ברויט, אָדער דריי קילאָ קאַרטאָפל.

די „פאַרדינערס״ אין געטאָ, די „הויכע בורזשואַזיע״ האָט געוואָלט זיכערן אירע קאַפּיטאַלן דורך איינקויפן דאָלאַרן אָדער אין פינפער און צענער גאָלדשטיקלעך.

די פינפער־ און צענער־גאָלדשטיקלעך זענען געווען זייער הויך אין קורס, ווייל די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע פלעגן פאַרקויפן די געטאָ־שמוקלערס קאַרטאָפל, גרינסן, מעל וכדומה — האָבן אָנערקענט נאָר איין וואַלוטע : „גאָלדענע צאַר־ישע קערבלעך״ מינן בילד פון ניקאָלאַי דעם צווייטן. זיי פלעגן זאָגן: „דער צאַר איז געווען אַ כוח, ער וועט עס שטענדיק זיין. נאָר זיין געלט איז געלט״. די איינגע־האַנדלטע גאָלד־רובלס פלעגן זיי זאַמלען אין זאָקן. די קריסטלעכע שטאָט־פּאַרמיט־לער האָבן דאַקעגן נישט געבראַקירט מיט דאָלאַרן, זיי האָבן אויך אָנערקענט האַנט־זייגערס פאַר אַן אויסטויש־מיטל. דער ווערט איז געווען אָפּהענגיק פון דער מאַרקע : „לאָנגין״, „אָמעגאַ״, „צימאַ״.

אַזוי איז פאַמעלעך אַריבער צו די קריסטלעכע שטאָטישע שכנים און פויערים דאָס גאַנצע ביסל האָב און גוטס, וואָס יידן האָבן מיט טויט־ריזיקע אַריינגעבראַכט אין געטאָ : די ווערטפולע זאַכן — פאַר אַביסל ברויט און קאַרטאָפל.

עס זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן בעסער אויסגעקליבן צו הונגערן, אָבער ניט צו פאַרקויפן דאָס לעצטע זייגערל, רינגל, ווייל זיי האָבן שטענדיק געזאָגט : דאָס קען נאָך אונז צוניץ קומען, בשעת אַן אַקציע, בכדי אויסצוקויפן זיך אין דער לעצ־טער שעה פון אַ געשטאַפּאָ־זשאַנדאַרם, אָדער פון אַ ליטווישן זעלנער. און עס זע־נען טאַקע אויך געווען פאַלן, ווען דאָס פלעגט העלפן.

און אויך אַריינצוגיין צו אַ פויער, אָפּזיצן ביי אים בשעת הדחק אַ פּאָר טעג, האָט מען געדאַרפט האָבן ניט איין פינפער־גאָלדשטיקל און אויך אויף איינצוקויפן געווער, האָט מען געדאַרפט האָבן ניט איין פינפער־גאָלדשטיקל און ניט איין זייגערל. — — —

## די פינאַנסן ביים יידן־ראַט

דער יידן־ראַט האָט זיך גענויטיקט אין געלט, בכדי צו צאָלן שכירות אַלע אָנ־געשטעלטע אין די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן, וואַרשטאַטן וכדומה. ער האָט געדאַרפט האָבן געלט, בכדי צו צאָלן די שכנים פון אויסערן געטאָ פאַר איינגעקויפטע און אַריינגע־שמוגלטע סחורה. ער האָט געדאַרפט האָבן געלט, בכדי די געטאָ־פּאָליציי זאָל קענען מאַכן „אויפנאַמען״ פאַר דייטשע אינספּעקציעס, און צו „וויכער מאַכן זייער האַרץ״. ער האָט געדאַרפט האָבן געלט פאַר אונטערצוקויפן פאַרשידענע דייטשע און ליט־

ווישע העכערע באַאַמטע, און האָט געדאַרפט אויך האָבן מיטלען אויף „זאַפּאַס" פאַר אַ שווערער שעה. אויף אונטערצוקויפן די דייטשע און די ליטווישע העכערע באַאַמטע איז געלט געווען אָפט ניט קיין וויכטיקער ווירקונגס־מיטל. מען האָט געדאַרפט פאַר זיי האָבן גאָלד, בריליאַנטן, פאַרשידענע צירונג און אַנדערע ווערטפולע זאַכן.

וואו נעמט מען דאָס ?

דער יידן־ראַט און די געטאָ־פּאָליציי פלעגן אָפט באַקומען אויפפאָדערונגען, אַז דער גאַנצע געטאָ דאַרף אָפּגעבן אַלץ דאָס גאָלד, צירונג, פוטערס פאַר דער דייטשער מאַכט. די יידישע געטאָ־פּאָליציי איז געווען באַפולמעכטיקט דאָס צו באַזאָרגן דורך רעוויזיעס און שטראָפן. די געטאָ־פּאָליציי פלעגט טאַקע מאַכן רעוויזיעס, צונעמען די געפאָדערטע זאַכן, אָבער אַ טייל פון זיי אויסבאַהאַלטן פון דייטש אין ספּעציעלע מאַלינעס, און אַזוי אַרום האָט מען אָנגעהויבן צו זאַמלען אַן „אוצר" פון יידן־ראַט, אויף שוחד פאַר דייטשן, אויף על כל צרה שלא תבוא.

אין נויטווענדיקע פאַלן פלעגט יעקב גענס אַרויסרופן די „גבירים" פון געטאָ, בתוכם די קוימענקערערס, און זיי באַפעלן באַשטייערן זיך פאַר דער קאַסע פון געטאָ מיט כך וכך גאָלדענע פינפער־גאָלדשטיקלעך. וואָס עס באַטייט ניט צו פאָלגן יעקב גענסן, האָבן אַלע געוואוסט — און די סומען פלעגן געשאַפן ווערן.

דער אויפזיכט איבער דעם פעקל פון די פינפער־גאָלדשטיקלעך און צירונג איז געלעגן, ווי מען דערציילט, אין די הענט פון יידן־ראַט־פאַרזיצער אַנאַטאָל פריד און פון פּאָליציי־שעף דעסלער. ווי מען דערציילט, האָט אין טאָג פון דער געטאָ־ליקווידאַציע, דעסלער צוגענומען די קאַסע פון יידן־ראַט און אַנטלאָפן פון געטאָ.



דאָס געלט אויף שכירות איז געשאַפן געוואָרן דורך שטייערן און אָפּצאָלן. עס איז געווען אַ „פינאַנס־אָפּטיילונג" ביים יידן־ראַט, וואָס פלעגט אַלץ אויפמאָנען.

שטייערן — פלעגן גענומען ווערן פּעריאָדישע פון יעדן געטאָ־איינוואוינער. ווער עס האָט ניט געהאַט קיין שטעמפּל אויף זיינע געטאָ־דאָקומענטן, אַז ער האָט באַצאָלט שטייער, פלעגט ניט קענען קריגן קיין פּראָדוקטן.

דער הויפּט־שטייער לטובת דעם יידן־ראַט איז געווען 10 פּראָצענט פון דער שכירות פון יעדן אַרבעטער אויף די קאָמאַנדאָס (א. ג. „אַרבעטס־שטייער").

דעם 27סטן אויגוסט 1942 האָט דער ווילנער בירגערמייסטער פאַראָרדנט אַ קאָפּ־שטייער אויף אַלע געטאָ־ ־איינוואוינער אין הויך פון 10 רייכסמאַרק; דער שטייער פלעגט איינגעמאָנט ווערן דורך דער הויפּטקאַסע פון יידן־ראַט.

אַ חוץ דעם פלעגן גענומען ווערן שטייערן פון יעדן, ווער עס האָט געהאַט אַן אונטערנעמונג אין געטאָ, אַ בעקעריי, אַ געוועלבל, אַ פריזירערײ, אַ מעדיצינישן קאַבינעט, וכדומה, אויך פון געטאָ־טעאַטער איז גענומען געוואָרן שטייער.

אָפּצאָלן — פלעגן אין געטאָ־קאַסע אַריינפליסן פון דירה־געלט (אַלע איינוואוינער פון אַ צימער פלעגן צאָלן לויטן צאָל קוואַדראַט־מעטער פון צימער, און לויט זיין גוטס־קאַטעגאָריע), פאַר פּראָדוקטן־קאַרטן, פאַר מעדיצינישע הילף, אין שפּיטאָל און אַמבולאַטאָריע, פאַר האָלץ, פאַר באַנוצן די געטאָ־פריזירערייען, פאַר באַזוכן דעם סאַניטאַרן־פונקט, פאַר די מיטאָגן אין די געטאָ־רעסטאָראַנען, פאַר קאַווע אין די קאַפע־הייזער, פאַר הייס וואַסער אין די טיי־הייזער, פאַר געקויפטע מאַטעריאַלן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, פאַרן ברענגען צו קבורה אַ בר־מינן.

עס פלעגן זיך אָזוי אַרום צונויפזאַמלען גרויסע סומען. די אַרבעטן פון דער פינאַנס־אָפּטיילונג האָבן אָנגעפירט קאַשוק, אברהם זיידשנור, אַדוואָקאַט וואָלפזאָן און אַנדערע.

יעקב גענס האָט באַשטימט אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט גרויסע פולמאַכטן צו קאָנטראָלירן די הוצאות און הכנסות פון יידן־ראַט, צו ווערן ניט געמאַכט מאַלווערסאַציעס אין די אַנשטאַלטן, צו זענען די ביודזשעטן פּאַרגינפּטיק צונויפגעשטעלט, צי אַרבעטן די אָנגעשטעלטע ערלעך, געוויסנהאַפט און פּינקטלעך. בראש פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע איז געשטאַנען גורוויטש, מיטגעאַרבעט טרומ־פּיאַנסקי און אַנדערע.

יעדן חודש פלעגט יעדע געטאָ־אַנשטאַלט דאַרפן געבן אין יידן־ראַט אַ באַריכט פון איר טעטיקייט און אַ בלאַן מיט אַ פאָראויסגעזען בודזשעט פאַרן קומענדיקן חודש.

Zur Kenntnisnahme des Steuerzahlers.

1. Gemäss der Verordnung des Herrn Gebietskommissars Wilna-Stadt, hat jeder arbeitende Jude von dem erhaltenen Bruttolohn 10% Steuer zu Gunsten des Judenrates abzuführen.

2. Diese Steuer ist innerhalb 3 Tage nach dem Lohnerhalt, an den Judenrat abzuliefern.

3. Bei der Steuerablieferung ist diese Steuerkarte vorzuzeigen.

4. Die Steuerkarte muss sorgfältig und sauber aufbewahrt werden.

Judenrat im Ghetto, Wilna
ARBEITSABTEILUNG

STEUER-KARTE

Arbeitsausweis Nr.

Name

Vorname

Adresse

Beruf

Arbeitsstelle

Gruppenführer

Leiter d. Arbeitsabteilung

Wilna, d. 1942.

Staatsdruck. „Ausekra". Wilna — 8118

שטייער־קאַרטע פון יידן־ראַט אין געטאָ־ווילנע אַרויסגעגעבן דעם 1־טן יולי 1942

פון אַ פינאַנס־באַריכט פון סטאַטיסטישן־אַמט אין געטאָ־ווילנע וועגן די הוצאות און הכנסות פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג אין ערשטן האַלב־יאָר 1942:

| הכנסות: | רייכסמאַרק |
|---|---|
| באַשפייזונגס־אָפּטיילונג | 292.400 |
| אַרבעטס־שטייער | 108.700 |
| אינערלעכער שטייער | 16.200 |
| וואוינונגס־אָפּטיילונג | 110.600 |
| געזונטהייטס־אָפּטיילונג | 69.100 |
| אינדוסטריע־אָפּטיילונג | 11.800 |
| בית־עולם | 8.000 |
| פאַרשידענע | 42.000 |
| צוזאַמען | 658.800 |

| הוצאות | רייכסמאַרקן |
|---|---|
| שכירות | 336.400 |
| סאָציאַלע־הילף | 142.500 |
| טעכנישער מאַגאַזין | 37.700 |
| פאַרשידענע | 28.200 |
| צוזאַמען | 544.800 |

## די געטאָ-פּראָדוקציע

דער געטאָ מוז ווערן אין ווירטשאַפטלעכע פראַגן זעלבסטשטענדיק, אַליין פּראָ־דוצירן נויטיקע פּראָדוקטן — דאָס איז געוואָרן דער לאָזונג פון אַ גאַנצע רייע געזעל־שאַפטלעכע טוערס אין געטאָ און דער דאָזיקער געדאַנק האָט געקריגן אַ זייער הילכיקן אָפּקלאַנג ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג. ביי דער שאַפונג פון דער געטאָ־פּראָדוקציע האָבן זיך אַ סך פאַרדינט: אינזשעניער מאַרקוס, אינזשעניער גוכמאַן און הערש גוטגעשטאַלט.

עס זענען אַנטשטאַנען אין געטאָ וואַרשטאַטן פון דער אַזוי־גערופענער „גרויס־אינדוסטריע" און „קליין־אינדוסטריע".

### די גרויס־אינדוסטריע

בראש פון די וואַרשטאַטן פון דער געטאָ־גרויס־אינדוסטריע איז געשטאַנען אינזשעניער מאַרקוס. אונטער זיין אויפזיכט האָבן זיך געפונען די וואַרשטאַטן פון בלעכעריי, שלאָסעריי, מעבל־סטאָלעריי, טאָקעריי, עלעקטראָטעכניק, שניצעריי, האָלץ־שיף־אויסאַרבעטונגען, קעסל־וואַרשטאַטן, מאַטראַצן־טאַפּעצירעריי, מעדיצינישע אינ־סטרומענטן וכדומה.

די דאָזיקע וואַרשטאַטן האָבן פאַרנומען צ גאַנצע רייע בנינים. עס פלעגט זיך הערן פון דאָרט שטענדיק אַ רויש פון מאָטאָרן, אַ קלאַפּן פון האַמערס, פון אייזן און בלעך, פון האָלץ־געזעגעריי.

דער געטאָ איז געווען שטאָלץ מיט זיין „גרויס־אינדוסטריע". יעדע איינציקע דייטשע רעוויזיע, הן פון דער לאָקאַלער מאַכט, און הן פון בערלין, פלעגט באַזוכן די געטאָ־וואַרשטאַטן. די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען פלעגן מאַכן באַשטעלונגען אויף מעבל פאַר זייערע נייע לאָקאַלן, לוקסוס־מעבל פאַר פּריוואַט־וואוינונגען פון העכערע באַ־אַמטע אין דייטשלאַנד (בופעטן, אַלמערס, שאַך־טישלעך, בודואַרן וכדומה). עס זענען געווען אויך אַ סך באַשטעלונגען פון די שטאָטישע ליטווישע מאַכט־אָרגאַנען אויף קעסלען, אויף דעכער, עלעקטראָטעכנישע אויסאַרבעטונגען, האָלץ־שיך און לאָמפּן.

אַלע אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן פון דער „גרויס־אינדוסטריע" האָבן געהאַט געלע שיינען און אויך צוגאָב־ראַציעס. זיי האָבן זיך גערעכנט פאַר די, וועלכע זענען מער זיכער מיט זייער לעבן, ווי אַנדערע. זיי זענען פּראָדוקטיוו און נויטיק...

אַ סך האָבן אויך געהאַלטן, אַז די וואַרשטאַטן זענען אַ גרויסע סגולה פאַרן קיום פון געטאָ. אין דעם האָט זייער געגלויבט דער קאָמענדאַנט יעקב גענס, און ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ, האָט ער מיט אַלע כוחות געהאָלפן פונאַנדערצובויען די וואַרשטאַטן, מיט דער האָפענונג, אַז בזכות פון זיי וועט געראַטעוועט ווערן דער געטאָ, אָדער כאָטש אַ טייל פון אים.

מען האָט געמאַכט אין געטאָ אַ פאָטאָגראַפישן אַלבום פון די אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן, און איבערגעגעבן דער דייטשער מאַכט־אינספּעקציע מיטן נאַאיוון גלויבן, אַז דאָס קען האָבן אַ פּאָזיטיווע ווירקונג אויף אירע דעציזיעס בנוגע דעם גורל פון ווילנער געטאָ.

▼

אינזשעניער מאַרקוס האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז די וואַרשטאַטן האָבן אַן אויפטראַג צו פאַרריכטן מעבל, וועלכע זענען אָנגעקומען מיטן באַן קיין ווילנע אין זענען אין וועג צעשעדיקט געוואָרן. אין די בופעטן און אַלמערס האָבן די אַרבעטער געפונען תליתים און תפילין און פראַנצויזישע פּאַספּאָרטן. מען האָט זיך דורך דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט דערוואוסט, אַז אין פראַנקרייך קומט עפּעס פאָר מיט די יידן...



די טעכנישע וואַרשטאַטן האָבן אויסגעאַרבעט אַ סך נויטיקע זאַכן פאַרן געטאָ־לעבן: עמערס, קעסלען, מעדיצינישע אינסטרומענטן, אויוועלעך וכדומה. פון גרעסערער חשיבות זענען געווען די נאַרעס (פּריטשן), וואָס די וואַרשטאַטן האָבן אויסגעאַרבעט. די פּריטשן פלעגן זיין איין־פּערזאָניקע, צוויי־פּערזאָניקע און משפּחה־פּריטשן. זייער וויכטיק זענען אויך געווען די הילצערנע שיך (קלומפּעס) וועלכע די וואַרשטאַטן פלעגן אויסאַרבעטן אין גרעסערע כמותן.

אַן ערשטראַנגיקן פאַרדינסט פאַרן געטאָ האָבן געהאַט די טעכנישע וואַרשטאַטן מיטן אויפשטעלן אַ דעזינפעקציע-קאַמער און סאַניטאַרן דורכלאַז פּונקט (דעזינסעק־טאָר), וועלכער האָט געהאָלפן צו פאַרטרייבן דעם פלעק-טיפוס פון געטאָ.

אַ מאַסן־פּראָדוקציע פון די טעכנישע וואַרשטאַטן זענען געווען די „מענאַזש־קעס" (קאָך-געשיר) פון בלעך, וועלכע יעדער אַרבעטער פלעגט מיט זיך נעמען צו דער אַרבעט. אין די מענאַזשקעס פלעגט ער קריגן זיין זופּ און אויך עס אַריינטראָגן אין געטאָ. די מענאַזשקעס האָבן פאַרביטן אַ טאָפּ, אַ שיסל, אַ גלאָז, אַ פלאַש און אַ טשייניק...



מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג זענען די טעכנישע וואַרשטאַטן געוואָרן אַ וויכטיקער מקור צום אויסאַרבעטן געווער פאַר די פּאַרטיזאַנער. אין די נעכט זענען דאָרט פּראָדוצירט געוואָרן אַמעריקאַנער העטשקעס, מעסערס, קינ־זשאַלן, צינדערס צו גראַנאַטן און פאַרשיידענע געווער־טיילן. דאָרט איז אויך פאַריכט געוואָרן אַלטע, אומברויכבאַרע וואָפן.



עס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל צו דערציילן ווי מען האָט זיך איינגעשאַפּט די מאַשינעס, ווי מען האָט זיי צונויפגעשטעלט פון שטיקלעך, געפונענע אויף בוידעמער און אין קעלערס. עס איז געווען אַ גרויסער מאַנגל אין בלעך פאַר דער געטאָ־פּראָ־דוקציע, פלעגט מען עס רייסן פון די דעכער, יעדע אַלטע שטיק ברוך און „שברי כלי" פלעגט אין די וואַרשטאַטן געפינען אַ תיקון, און ס'פלעגן דערפון אַנטשטיין פאַרשי־דענע אינסטרומענטן.



אַ גאַנצע רייע קליינע מכשירים ווי שלעסלעך, שליסלען וכדומה, האָבן אָנגע־הויבן אויסצואַרבעטן די טעכנישע קורסן אונטער דער פירונג פון אינזשעניער מ. שרייבער.

די סאַניטאַר־טעכנישע וואַרשטאַטן אונטער דער פירונג פון די ברידער אינזשע־ניערן ספּאָקאָיני האָבן אויסגעאַרבעט און פאַרריכט רערן און אַנדערע מכשירים, וועלכע זענען נויטיק פאַר די וואַסער־קאַנאַליזאַציע.

אַ גאַנצע רייע בעלי-מלאכות האָבן זיך אויפגעעפנט אייגענע וואַרשטאַטלעך, וואו זיי פלעגן פון שטיקלעך בלעך אויסאַרבעטן אייוועלעך, עמערלעך און ענלעכע מכשירים. זיי פלעגן אַרבעטן אין די אָוונט-שעהן, אין די זונטאָגן און פאַרדינען דערמיט זייער חיונה. פאַרן מאַכן אַ מעזשקע, לשמל, פלעגן זיי נעמען פון איינס ביז צוויי קילאָ ברויט. אַ גרויסע אָנפראַגע איז געווען אין די פּריוואַטע וואַרשטאַטן אויף שלאָף־פּריטשעס, ווייל די געטאָ-וואַרשטאַטן האָבן ניט באַוויזן נאָכצוקומען דעם אַלגעמיינעם באַדאַרף נאָך אַ שטיקל געלעגער.

## די קליין־אינדוסטריע

די אַזוי גערופענע „קליין-אינדוסטריע״ איז באַשטאַנען פון וואַרשטאַטן פון שניידעריי, זאָקן־מאַכעריי, שטעפּעריי, שוסטעריי, פלעכטעריי, פאַרבעריי וכדומה. בראש פון זיי איז געשטאַנען יואל פישמאַן און הערש גוטגעשמאַלט.

אויך זיי האָבן געענטפערט אויף אַ גאַנצער רייע נויטן פון די געטאָ-איינוואוינערס. אַ פּאָר שיך מאַכן אין געטאָ האָט געקאָסט אַ צוויי טויזנט רובל (אַ פערציק קילאָ ברויט) און פאַרריכטן — פון פיר הונדערט ביז פינף הונדערט רובל, ווייל עס איז ניט געווען פריוואַט צו קריגן קיין לעדער. אויף אַזאַ הוצאה האָבן זיך געקענט פאַרגינען נאָר די „גבירים״ פון געטאָ. אָבער אין די וואַרשטאַטן פלעגט מען קענען פאַרריכטן שיך פאַר אַ פּופציק רובל, אויף אַ צעטל פון יידן־ראַט־פאַרוואַלטונג און בעיקר אויף אַ צעטל פון יידישן קאָמאַנדאָ-בריגאַדיר, אַז זיין אַרבעטער נויטיקט זיך אין שיך צו דער אַרבעט.

די זאָקן־וואַרשטאַטן פלעגן פאַרריכטן זאָקן. פאַר צוויי צעריסענע פּאָר זאָקן האָבן זיי אָפּגעגעבן אַ גאַנצע פּאָר. פאַרן געטאָ־עולם, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט פון איינצוקויפן זאָקן, איז דאָס געווען פון אַ גרויסער חשיבות. אין דער פאַרבעריי פלעגט מען פאַרבן אויף ברוין, גרין, בלוי, פאַרשידענע אָפּגענוצטע בגדים, דער עיקר פרויען־קליידער.

עס זענען געווען אין געטאָ אַ גאַנצע רייע קליינע, פּריוואַטע וואַרשטאַטן פון שניידעריי און שוסטעריי, וועלכע פלעגן אויספירן באַשטעלונגען פאַר דער „געטאָ־בורזשואַזיע״ אָדער אויספאַרטיקן שיך, לאַפּטשעס, היטעלעך, הויזן, און אַרויסטראָגן אויסערן געטאָ, פאַרקויפן עס און דערמיט פאַרדינען צום לעבן.

## געטאָ־פאַבריקאַציע

אין געטאָ איז געווען אַ פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער און לימאָנאַדע. די אַרבעטער פלעגן קומען זייער דורשטיק אין געטאָ און טרינקען אַ סך וואַסער.

דאָס פאַבריקל איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון שברי-כלים, וואָס זענען איבער־געבליבן פון פאַר-מלחמהדיקע אונטערנעמונגען. לכבוד דער דערעפענונג פונם פאַבריקל האָבן זיינע בעלי-בתים צוגעשיקט אַ מתנה אייניקע הונדערט פלעשלעך געטראַנק פאַר די קינדער-אַנשטאַלטן.

אינזשעניער פּאָליאַק האָט אויפגעבויט אין געטאָ אַ מיל. דאָרט פלעגט מען מאָלן קאָרן, אַריינגעשמוגלט אין געטאָ. אַ טייל פון דער מיל־מאַשינעריי האָט מען פאַבריצירט אין די טעכנישע וואַרשטאַטן און אַ טייל געפונען אין געטאָ. אין מיל פלעגט מען אַרבעטן אַ גאַנצן מעת־לעת. דער זעלבער אינזשעניער האָט אויפגעבויט אַ מאַשין צו מאָלן גרויפּן.

אין געטאָ האָט אויך עקזיסטירט אַ געהיים פּאַבריקל פון סאַכאַרין פאַרן געברויך פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. עס זענען געווען אייניקע געטאָ־זעגערייען, וואו מען האָט צעזעגט דאָס געטאָ־האָלץ אויף שטיקלעך און שטיקלעך פון שטיקלעך (פאַר די קליינע געטאָ־אויוועלעך). עס זענען אויך געווען לאַבאָראַטאָריעס אויסצואַרבעטן פון פערדישע ביינער — זייף, פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ — קראָכמאַל, פון אַש — אַ וואַש־מיטל, פון געפרוירענע קאַרטאָפל — סיראָפּ, פון די סיראָפּן — צוקערקעס. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן טינט, ציין־פּולווער, פּודער און ליפּן־פאַרב. אַ גאַנצע רייע פון די פּראָדוקטן האָבן געהאַט אַן אָפּגאַנג אויסערן געטאָ. פון אַ וויכטיקן באַדייט זענען געווען די מעדיצינישע לאַבאָראַטאָריעס פון וויטאַמינען „ב" (געמאַכט פון ביר־הייוון, אַריינגעבראַכטע פון שאָפּענס פאַבריק אויסערן שטאָט), פון קאַלך־פּודער (געמאַכט פון פערדישע ביינער), פון געטאָ־פּאָספּאַטין (קאַלך פון די ביינער געמישט מיט ביר־הייוון, וויטאַמינען און קוילן־פּודער). מענטשן האָבן פּריוואַט אַנטוויקלט פּראָדוקציע־צווייגן פון קונסט־האָניק, פון צוקערקעס, „איריסן", פון געטאָ־ציגאַרעטן, געטאָ־זייף (לויט „אייגענע רעצעפּטן"), פון ציין־פּולווער, פון כל המינים קליינע געבעקסן, פון ספּעציעלע געטאָ־מאכלים: געטאָ־הערינג (פון קרויט), געטאָ־לעבער (פון בוריקעס מיט קרויט) וכדומה.

איניציאַטיוו־פולע מענטשן פלעגן פּראָדוצירן אויף חנוכה — דריידלעך, אויף פּורים — גראַגערס, און אויף פּסח צונויפגעשטעלט מעכאַנישע בעקערייען צו באַקן מאַשינען־מצה.



אין 1943 האָט דער געטאָ באַקומען אַ באַשטעלונג אויסצופירן אַ פּלאַסטישן פּלאַן פון ווילנע און אומגעגנט. דער פּלאַן איז געווען גרויס ווי אַ צימער און באַשטאַנען פון פערציק באַזונדערע חלקים. אויפן פּלאַן איז געווען צו זען יעדעס הויז פון ווילנע בכלל און פון געטאָ בפרט.

די דאָזיקע באַשטעלונג, אַרום וועלכער עס האָבן זיך מתעסק געווען אַ סך קינסטלער, אינזשעניערן און טעכנישע אַרבעטער, האָט צו זיך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון געטאָ, אַרויסרופנדיק די האָפנונג, אַז כל זמן דער פּלאַסטישער פּלאַן איז נאָך ניט פאַרטיק, וועלן די אויספירער פון פּלאַן ניט ליקווידירט ווערן...

דער פּלאַן האָט אויך געגעבן אויף אייניקע מאָנאַטן די מעגלעכקייט פאַר צענדליקער מענטשן אַרויסצוגיין פון געטאָ, מכלומרשט מעסטן די הויפן און גאַסן, און דערביי דורכפירן בגדים־טוישונגען אויף פּראָדוקטן און אָנבינדן קאָנטאַקטן מיט באַקאַנטע קריסטן.



### אָפּטייל פאַר געטאָ־אינדוסטריע

אין דער פלעכטעריי איז מען לעצטנס צוליבן מאַנגל אין אַנד. רוווואַרג אַריבער צו פּראָדוצירן שטרוי־פלעכטונגען. ס'ווערן אויסגעאַרבעט זייער אַ סך שטרוי־מאַטן פאַר אויטאָמאָביל קילערס, שטרויענע טרעטערס ביי די טירן, שטרויענע שליוועס

מאָרגן-שיך), שטרויענע שטיוול און שיך, פאַנטאָפל פאַר נאַכט-וועכטער און פאָליציסטן. אויף אַלע די אויסגעאַרבעטעטע איז פאַראַן אַ גאָר גרויסער נאָכפרעג.

**אין דער העפטעריי** ווערן אויסגעאַרבעט פאַרשידנאַרטיקע האַנטבייטלען פון מאַנילע אין פאַרשידענע פאַרבן און פון פאַרשידענע מוסטערן. דער רוינוואַרג איז פון די באַשטעלער.

**די קאַרטאָנאַזש-וואַרשטאַטן** אַרבעטן אויס לויט באַשטעלונגען פון „דויטשן קאַופ-האַוז" פון זייער רוינוואַרג, טעקטורענע שאַכטלען און אויך לויט באַשטעלונגען פון אַלגעמיינעם אָפּטייל ביי דער געטאָ-פאַרוואַלטונג פאַרשידענע נויטיקע אַרטיקלען.

**ביידע שניידער-וואַרשטאַטן** ווערן אינגיכן פאַראייניקט אין איין גרויסער שניידעריי-און קירזשנערײ-וואַרשטאַט, וואָס וועט זיך געפינען אין איין לאָקאַל אויף רודניצקער 15. צו דעם צוועק ווערט איצט פאַרענדיקט אַ פּראָיעקט פון אַ קאַפּיטאַלן רעמאָנט. דער קומענדיקער לאָקאַל פון פאַראייניקטן שניידעריי-וואַרשטאַט וועט באַשטיין פון צוויי גאָרנס און וועט האָבן אַלע נויטיקע פאַרפולקאָמונגען.

**דער אומזאַץ פון אַלע וואַרשטאַטן פאַר דעצעמבער** באַטרעפט אַ סומע פון 80.327 ר"מ. באַשטעלונגען זענען פאַר דער זעלביקער צייט געווען צירקא 1000. דער אומזאַץ פון די וואַרשטאַטן לויט באַשטעלונגען פון אויסערן געטאָ האָט במשך פון דעצעמבער באַטראָפן אַ סומע פון 5.269 ר"מ.

**פאַר נויטבאַדערפטיקע שילער פון די טעכנישע קורסן,** סך-הכל פאַר זיבן, האָט דער עלטערן-קאָמיטעט אויסגעפועלט הילף מיט ברויט צו פרישטיק, וואָס ווערט זיי געגעבן פון 9טן ד. ח. אָן.

(„געטאָ-ידיעות", נומ. 25. י"ח שבט תש"ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)

## די באַשפּייזונגס-אָפּטיילונג ביים יידן-ראַט

אַ קאַנטיקע ראָלע אין אַריינבריינגען פּראָדוקטן אין געטאָ, ביים רעגולירן די פאַרטיילונג און דורכדעם באַקעמפן דעם הונגער, האָט געהאַט די באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג פון יידן-ראַט. בראש פון איר איז געשטאַנען חיים טראַפּידאָ, אַ קאָוונער ייד. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו ביים אַריינפירן לעגאַל, ווי אויך אומלעגאַל אין געטאָ אַריין: מעל, ברויט, קאַרטאָפל, מערן, פערד־פלייש, גרינסן. די פונאַנדער־טיילונג פון די פּראָדוקטן פלעגט פאָרקומען דורך ספּעציעלע קאָאָפּעראַטיוון.

### פאָלקס־קיכן

אונטערן אויפזיכט פון דער באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג האָבן זיך געפונען אויך פינף פאָלקס־קיכן:

1. פאָלקסקיך אויף סטראַשון־גאַס 2. — די ציוניסטישע קיך (דאָרטי פלעגן זיך זאַמלען בעיקר חלוצים, ציוניסטן. דאָרטן פלעגן פאָרקומען אין די אָוונטן שטי־לערהייט שיחות פון חלוצים, ציוניסטישע זיצונגען, העברעאישע רעפעראַטן).

2. קינדער־קיך אויף סטראַשון־גאַס 12. — אָרגאַניזירט דורך דער קינדער־קאָנסולטאַציע ביי דער געזונטהייטס-אָפּטיילונג. די קיך איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון ד"ר שאַבאַד-גאַווראָנסקאַ. דאָרט פלעגן עסן די שול-קינדער. זיי פלעגן קומען בשעת דער) גרויסער למודים־הפסקה, געפירט גרופּנוויז דורך זייערע לערערס. לייטערין איז געווען שפרה שאַבאַד (אלמנה פון ד"ר צמח שאַבאַד), ביי דער מיט-אַרבעט פון דער פּעדאַגאָגין אַננאַ וויגאָדסקאַ און שוועסטער חנה סאַפּיר-שפּיז.

3. פאַלקסקיך אויף שאַוועלסקע־גאַס 5. — די כשרע קיך אָדער די „פרומע קיך" — דאָרטן איז אַלץ געווען כשר. קיין פלייש איז דאָרטן כמעט קיינמאָל ניט געקאָכט געוואָרן, ווייל דאָס פלייש אין געטאָ איז בעיקר געווען פערד־פלייש. דאָ איז געווען דער צענטער פון פרומע יידן.

4. פאַלקס־קיך אויף רודניצקער־גאַס 17. — די בונדישע קיך, דער טרעף־פונקט פון די בונדישע טוערס און די צו זיי נאָענט שטייענדיקע קרייזן. (דאָרט פלעגן אָפט פאָרקומען פאַראַנשטאַלטונגען איינגעאָרדנט דורך דער ליטעראַרישער פאַראייניקונג ווי אויך דורך דעם לערער־פאַריין).

5. יידן־ראַט קיך אויף רודניצקער־גאַס 6. — די קיך פון דער געטאָ־פּאָליציי, שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר אַ קיך פאַר אַלע אָנגעשטעלטע פון יידן־ראַט. (דאָס איז געווען די גרויסטע קיך און דאָרטן פלעגן פאָרקומען גרויסע פייערלעכע פאַראַנשטאַלטונגען פון דער ליטעראַרישער פאַראייניקונג און פון ברית עברית אין געטאָ).

אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ איז די פאָלקסקיך פון סטראַשונער גאַס 2 אַריבער אויף דייטשע גאַס 31 און שפּעטער זענען אַלע קיכן, אַ חוץ די קינדער קיך און די רעליגיעזע קיך, פאַראייניקט געוואָרן אין איין צענטראַל־קיך אויף שפּיטאַל־גאַס 12.



אין די פאַלקס־קיכן האָט מען געגעבן פאַר ביליקע פּרייזן (איין רובל, שפּעטער געהעכערט אויף צוויי רובל) אַ מיטאָג פון אַ זופּ (אַ געמיש פון קרויט, בוראַקעס, אַ ביסל מערן), אַ מאָל אויך אַ גרויפּן־קאַשע און פון צייט צו צייט אַ שטיקל פערד־פלייש. די נאַרהאַפטיקייט פון די קיכן, אין וועלכע עס האָבן געגעסן פיל הונדערטער יידן, איז געווען אַ גאַנץ קליינע. פלעגן זיך מענטשן סטאַרען צו עסן צוויי־דריי טעלערס זופּ, אַ מאָל נאָך מער, בכדי אָנצוּוואַרעמען דעם קערפּער אין די גרויסע פראָסט־טעג פון יענע קאַלטע געטאָ־ווינטערס.

די קיך פון דער געטאָ־פּאָליציי איז אין פּרט פון באַשפּייזונג געשטאַנען בעסער. ווען זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קיך פאַר יידן־ראַט־אָנגעשטעלטע, איז זי אויסגעגליכן געוואָרן מיט אַלעמען.

די קינדער־קיך פלעגט באַקומען ספּעציעלע צוגאָבן מצד דער באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג, בכדי צו געבן פאַר די קינדער אַ בעסערע דערנערונג.

שפּעטער איז אויך איינגעפירט געוואָרן אין אָוונט און פרימאָרגן אַ גלאָז הייסע קאַווע (ערזאַץ קאַווע) פאַרזיסט מיט סאַכאַרין. דאָס האָט געקאָסט פּופציק קאָפּיקעס (אַ האַלבער פעניג).

עס איז געווען לכתחילה אַ שוועריקייט, וואו נעמט מען קעסלען, געשיר, טעלערס, לעפלען, גאָפּלען, דאָס איז געזוכט געוואָרן אין די חרובע רעסטאָראַנען און טיי־הייזער אין געטאָ־ראַיאָן. שפּעטער איז דאָס פאַבריצירט געוואָרן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן.

## געטאָ־רעסטאָראַנען

די באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג האָט איינגעאָרדנט אַ רעסטאָראַן אויף רודניצקער־גאַס נומער 13, וואו עס פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן אַ בעסערער מיטאָג פאַר די אָנגע־

שטעלטע פון יידן-ראַט (וועלכע געניסן ניט פון די זופּן, וואָס מען פלעגט געבן אין אַ גאַנצע רייע דייטשע איינהייטן). דער מיטאָג פלעגט קאָסטן פינף און צוואַנציק רובל.

אַ חוץ דעם זענען אַנטשטאַנען אַ גאַנצע רייע פּריוואַטע רעסטאָראַנען, וואו די גבירים פון געטאָ, די בריגאַדירן, פּאָליציי־לייט, די גרויסע שמוגלערס, פאַרשידענע מינים פאַרדינערס — פלעגן דערלויבן זיך עסן לויט זייער פאַרמעגן דאָס, וואָס דעם דורכשניטלעכן געטאָ־מענטש האָט זיך אפילו ניט געחלומט, און וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ מיט גרויס לעבנס-ריזיקע. דער פּרייז פון אַזאַ מיטאָג איז געווען פון אייניקע הונדערט ביז אייניקע טויזנט רובל. דער חודש-געהאַלט פון אַן אָנגעשטעלטן אין די געטאָ־אַנשטאַלטן האָט דאַן אויסגעמאַכט פיר ביז פינף הונדערט רובל.

עס זענען אויך געווען שטוביקע רעסטאָראַנען, וואו מען פלעגט קענען קריגן אַ היימישן מיטאָג פאַר אַ זעכציק ביז אַכציק רובל.

## קאַפע־הייזער

די באַשפייזונגס־אָפּטיילונג האָט אָרגאַניזירט אייניקע קאַפע־הייזער, אין דערצו ספּעציעל רעמאָנטירטע און אויסגעמאָלענע זאַלן מיט טישלעך און בענקלעך, וואו דער עולם פלעגט אין געוויסע שעהן פון טאָג קענען זיצן און טרינקען אַ גלאָז קאַווע מיט סאַכאַרין און אָפּרוען זיך פון דער אַרבעט.

פון די גרעסערע קאַפעען זענען געווען:

א) קאַפע רודניצקע-גאַס 13. — „רעפרעזענטאַנץ-קאַפע" (ביטאָג איז דאָרטן געווען דער געטאָ־רעסטאָראַן). דאָרטן פלעגן אָפט פאָרקומען ליטעראַרישע פאַראַנ־ שטאַלטונגען און לייען-[illegible]-אויפֿפֿירונגען. דאָרטן פלעגט זיך טרעפן די יונגע און מיינען אַ מאָמענט, אַז זיי פאַרווילן זיך אין אַ קאַפע ווי אין אַמאָליקע גוטע יאָרן. דאָרט פלעגן אויך זייער גערן קומען די יידישע פּאָליציסטן מיט זייערע „דאַמען".

ב) קאַפע שאַוועלסקע-גאַס. 1. — פון אַ מער עמך-דיקן כאַראַקטער, וואו דער עולם פלעגט פירן צווישן זיך פאַרשידענע מסחרים און אויסטוישונגען. דאָרטן זענען אויך פון צייט צו צייט פאָרגעקומען קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען.

## טיי־הייזער

עס איז געווען אַ שווערקייט מיטן מאַכן אַ ביסל הייס וואַסער אין דער היים צו טרינקען פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט, אָדער צו וואַשן וועש, ווייל האָלץ איז געווען ווייניק. עלעקטרישע אויוועלעך צו באַנוצן איז געווען פאַרווערט.

צו דעם צוועק זענען איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן יידן-ראַט טיי-הייזער (טשיינעס), וואו דער עולם פלעגט קענען פון פיר פאַרטאָג ביז עלף און פון פיר נאָכמיטאָג ביז ניין אָוונט, קריגן הייס וואַסער אין גלעזער, טשייניקעס אָדער עמערס, צו ביליקע פּרייזן, פון צען קאָפּיקעס (איין פעניג) ביז אייניקע רובל. כמעט אויף יעדער גאַס פון געטאָ איז געווען אַ יידן-ראַט-טייהויז.

**בעקערייען**

אָן ערשטראַנגיקע ראָלע אין דער געטאָ־ווירטשאַפט האָבן געשפּילט די געטאָ־בעקערייען.

עס זענען געווען עטלעכע „אָפיציעלע“ בעקערייען, וועלכע האָבן געבאַקן ברויט פאַרן יידן־ראַט, בכדי צו פאַרטיילן אויף די שפּייז־קאַרטן.

אַ חוץ דעם זענען געווען אייניקע צענדליגג פּריוואַטע בעקערייען, וועלכע פלעגן באַקן ברויט אין מאָס פון זייער קענען איינקויפן אָדער אַריינשמוגלען מעל. אַ קילאָ ברויט האָט געוויינלעך געקאָסט פון פערציק ביז זעכציק רובל. די פּריוואַטע בעקערייען פלעגן אויך אָננעמען מעל אויף אויסבאַקן ברויט. פאַר אַ קילאָ מעל האָבן זיי געגעבן איין קילאָ צען דעקאַ ברויט. די דאָזיקע קליינע קוואַנטומס פלעגן שטאַמען פון „באַנדאַזשן“, „קאָמפּרעסן“... די גרויסע כמותן זענען אַריינגעשמוגלט געוואָרן דורך די בוידעמער און קעלערס אָדער דורך די פאַרשידענע מיסט־פורלעך...

אַ חוץ דעם איז אין יעדן הויז כמעט געווען אַ קליין־בעקעריי.

אין די בעקערייען האָט דער עולם אויך געשטעלט טשאָלנט אויף שבת.



**באַשפּייז־אָפּטיילונג**

די געשעפטן פון דער פּאָליציי־קיך מיט אַלע אירע אונטערנעמונגען זענען צוליב ראַציאָנעלע טעמים איבערגענומען געוואָרן דורכן אָפּטייל, וועלכער איז שוין איצט דער איינציקער קאָאָרדינאַטאָר פון אַלע באַשפּייז־ענינים אין געטאָ.

קאַווע אויף אַהיים אין אַלע עפנטלעכע קיכן. — כדי צו באַפרידיקן אַלע אַרבעטער, וואָס גייען אין די פרימאָרגן־שעהן אַרויס צו דער אַרבעט אין שטאָט, ווערט פון היינט זונטיק, דעם 24טן ד. ח. אָן פאַרקויפט קאַווע אויף אַהיים אין אַלע עפנטלעכע קיכן פון באַשפּייז־אָפּטייל רודניצקער־גאַס 9, רודניצקער־גאַס 17, שאַוולער־גאַס 5 און סטראַשון־גאַס 2.

קאַווע אויף אַהיים ווערט געגעבן פון 5 ביז 8 פרי. דער פּרייז איז 12 פעניג אַ ליטער.

די צווייטע קאַווע־שטוב, שאַוולער 1, איז נאָכן דורכגעפירטן שיינעם רעמאָנט פון לאָקאַל דערעפנט געוואָרן פאַרן ברייטן עולם. אין דער דאָזיקער נייער קאַווע־שטוב קען מען באַקומען אַלץ, חוץ מיטאָגן, ווי אין דער ערשטער קאַווע־שטוב.

(„געטאָ־ידיעות“, נומ. 25. י"ח שבט תש"ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)

## דאָס האָלץ־פּראָבלעם אין געטאָ (באַהייצונג)

אין געטאָ־ראַיאָן איז קיין צענטראַל־באַהייצונג קיין מאָל ניט געווען. די ווילנער יידישע באַפעלקערונג פלעגט זיך נוהג זיין איינצוקויפן האַרבסט־צייט (סוכות) האָלץ און קוילן אויף ווינטער. אין געטאָ זענען די יידן אַריין סוף זומער, אין גרויסע היץ־טעג און דעריבער איז כמעט גאָר קיין באַהייצונגס־מאַטעריאַל דאָרט ניט געפונען. אַריינצופירן אין געטאָ האָלץ אָדער קוילן איז געוואָרן גאָר שווער, פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע הוצאות און ספּעציעלע דערלויבענישן פון דער דייטשער מאַכט. די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, פלעגן מיט זיך מיטברענגען אויף זייערע פּלייצעס פון די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס שטיקלעך האָלץ, בכדי צו באַהייצן די דירות, אָדער אָנוואַרעמען אַ גלאָז וואַסער. דאָס מיטגעבראַכטע האָלץ פלעגט אָפט רעקווירירט ווערן ביים געטאָ־טויער און די אַריינברענגערס פלעגן קריגן דערפאַר שמיץ.

אַ סך מענטשן האָבן געאַרבעט אויף פּונקטן, וואו עס איז ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו „אָרגאַניזירן״ האָלץ, אויך די געטאָ־אָנגעשטעלטע האָבן ניט געהאַט קיין שום מקור צו קריגן האָלץ. מען פּלעגט אָראָפּרייסן באַלקנס, צעברעכן טישן, אַלערליי מעבל און דערמיט הייצן. עס איז אָבער ניט געווען אין די דאָזיקע מעטאָדן קיין שום לייזונג פון דער באַהייצונגס־פּראָגע. זענען טאַקע אַ סך הייזער ניט געהייצט געוואָרן במשך פון די ביידע געטאָ־ווינטערן, און די „געהייצטע״ הייזער זענען נאָר אַביסל אָנגעוואַרעמט געוואָרן פון צייט צו צייט, ביים אָפּקאָכן אויף אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ עפּעס אַ וואַרעם געקעכטס.

פייכטקייט און שימל האָבן גיך באַדעקט די ווענט. שפּעטער איז אויך צוגע־קומען די פּלאָג פון וואַנצן, וועלכע האָבן אין די טויזנטער מאַרשירט אויף די ווענט, סופיטן, אויף די נאַרעס און צווישן דעם אָרעמען בעטגעוואַנט.



ווי גיט מען זיך אַן עצה מיט דער באַהייצונגס־פּראָגע?

אינזשעניער מאַרקוס, דער אָנפירער פון די טעכנישע וואַרשטאַטן, האָט קאָנ־סטרואירט אַ ספּעציעלן טיפּ פון קליינע בלעכענע אויוועלעך, וועלכע זענען געווען זייער שפּאָרזאַם. מען האָט זיי געקענט הייצן מיט שטיקלעך קאָרע, האָלץ, שפּענדלעך, פּאַלאָווינעס. די קליינע בלעכענע אויוועלעך האָט מען אָנגערופן מאַרקוסוווקעס. מען האָט זיי געקויפט פאַר פּופּציק רובל אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. די „מאַרקוסוווקעס״ פּלעגן, פאַרשטייט זיך, געבן ווייניק וואַרעמקייט, אָבער אויף זיי האָט מען געקענט גוט אָפּקאָכן וואַסער אָדער אַ קאַרטאָפל־זופּ. פאַר דער דערפינדונג איז אינזשעניער מאַרקוס פּרעמירט געוואָרן דורכן יידן־ראַט.

באַמזצן עלעקטרישע קאָך־מאַשינקעס איז געווען אין געטאָ שטרענג פאַרווערט אונטער דראָאונג פון תפיסה. אַ געפונענע עלעקטרישע קאָך־מאַשינקע פּלעגט קאָנ־פיסקירט ווערן.

דעם געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס איז געלונגען, אויסצופּועלן ביי דער דייטשער מאַכט, אַז זי זאָל געבן צו דער דיספּאָזיציע פון יידן־ראַט, אַ שטיק וואַלד, וועלכע יידן פון געטאָ וועלן דאָס אויסהאַקן און דערמיט קענען באַהייצן די אַנשטאַלטן. דעם וואַלד האָט מען אָנגערופן יידן־ראַט־וואַלד (דער עולם פּלעגט עס אָנרופן הומאָ־ריסטיש יער גענס). לכתחילה האָבן זיך נישט געמאָלדן קיין פרייוויליקע צו דער וואַלד־אַרבעט, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דאָרט אין וואַלד איז דאָס לעבן רואיקער, זויבערער, די דערנערונג אַ בעסערע (אַ דאַנק גוטע אויסטויש־מעגלעכקייטן מיט פּויערים) און עס האָבן זיך געפונען בעלנים צו האָלץ־אַרבעט; דאָרטן, אין „יער גענס״, האָבן זיך אָנגעהויבן אָנבינדן „פּאָליטישע״ קאָנ־טאַקטן און זוכונגען פון וועגן צו די פּאַרטיזאַנערס.

אין געטאָ איז אַנטשטאַנען אַ ספּעציעלע האָלץ־אָפּטיילונג, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו באַזאָרגן קודם־כל אין גענוגנדיקער כמות האָלץ פאַר די צוויי סאַניטאַרע דורכלאָז־פּונקטן פון געטאָ (די בעדער), פאַרן שפּיטאָל, טשיינעס, קאַפע־הייזער, דאַן פאַר אַלע יידן־ראַט־אַנשטאַלטן. אויף ספּעציעלע צעטלען פּלעגן אויך פאַרטיילט ווערן פון צייט צו צייט קליינע כמותן האָלץ פאַר פּריוואַטע וואוינונגען, לויט זייער צאָל איינוואוינערס. דאָס האָלץ פּלעגט אויפן הויף פון יידן־ראַט, אָדער

אויף סטראַשון־גאַס 6 צעזעגט ווערן און צעפּירט איבער די געטאָ־אַנשטאַלטן און הייזער דורך דער טראַנספּאָרט־בריגאַדע „ילדים“. דאָס אַריינגעפירטע האָלץ פון וואַלד איז אָפּגעלייגט געוואָרן אין ספּעציעלע פּוסטע בנינים אויף רודניצקע־גאַס 6 און אויפן פּלאַץ סטראַשון־גאַס 6, „האָלץ־פּלאַץ“, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „געטאָ־שפּאַציר־פּלאַץ“. דאָס האָלץ איז אַריינגעפירט געוואָרן אויף פויערשע פורלעך.

▼

באַהייץ־אָפּטייל

ברענהאָלץ לויט די ברויט-קאַרטן פון יאַנואַר טרעט מען צו צו פאַרטיילן פון 25טן ד. ח. דאָס מאָל וועלן אַלע באַזיצער פון ברויט-קאַרטן אָן אויסנאַם באַקומען צוגעטיילט צו צענטל (קוב.) מעטער ברענהאָלץ. אַלע הויז-קאָמענדאַנטינס האָבן באַקומען אַן אָנווייזונג צוצושטעלן אַלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן צו באַקומען ברענהאָלץ פאַר די איינוואוינער פון זייערע הייזער פון 25טן יאַנואַר ביזן 5טן פעברואַר.

(„געטאָ-ידיעות“, נומ. 25. י"ח שבט תש"ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)

## באַקליידונג און באַשוכונג

אין געטאָ זענען אַריין די יידן, ווי געזאָגט, אין די הייסע זומער־טעג, מיטנעמענדיק מיט זיך אויף די פּלייצעס אַלץ, וואָס יעדער האָט געקענט שלעפּן: אַ מאַנטל, אַ קישן, אַ ביסל וועש, אַ ביסל עסנוואַרג. מיט דער צייט זענען די זאַכן זיך צעפאַלן, צעריסן און צעטראָגן ביי דער אַרבעט. ארומגעגאַרטלט מיט שטריק, אין מלבושים, לאַטעס אויף לאַטעס, פלעגן זיך די מענער צוריקקערן פון דער אַרבעט. די פרויען האָבן באַוויזן אַריינצוברענגען אַ געוויסע „עלעגאַנץ“, אַ האַרמאָניע אין דער „געלאַטעטקייט“. זיי האָבן אַריינגעפירט אַ „געטאָ־מאָדע“, וועלכע איז באַשטאַנען אין קליידער (מאַנטלען, געשטריקטע זשאַקעטן וכדומה), צונויפגענייטע פון סימעטרישע שטיקלעך פון אַלטע בגדים פון כל-המינים פאַרבן (שוואַרצע, בלויע, רויטע, גרויע) די שטיקלעך זענען געווען געווינלעך אין פאָרם פון פּירקאַנטן און דרייעקן — ביי גאָר „עלעגאַנטע“ אין רעדלעך און קרייזן. אַזוי אַרום האָבן די שווערע לעבנסבאַדינגונגען געשאַפן אין געטאָ די מאָדע פון „שאַכמאַט־בגדים“.

גיך האָט מען אָנגעהויבן צו באַנוצן זעק צו מענער- און פרויען־בגדים. די „עלעגאַנטן“ פלעגן פאַרבן די זעק אויף שוואַרץ, ברוין אָדער בלוי. אַנדערע פלעגן טראָגן די זעק ווי זיי שטייען און גייען. טאָמער האָט נאָך ווער עס איז געהאַט אַ בעסערן בגד, פלעגט ער אים זשאַלעווען אָנצוטון, אפשר וועט נאָך אים אויסקומען צו פאַרקויפן דעם בגד אויף ברויט.

▼

די שיך־פראַגע איז גיך געלייזט געוואָרן דורכן אַריינפירן אַן אַלגעמיינע געטאָ־מאָדע פון הילצערנע שיך און קלומפּעס. די פרויען האָבן דאָ אויך אַרויסגעוויזן געשמאַק אין באַלייגן און באַפּוצן זייערע הילצערנע שיך מיט „געקעסטלטע“ און „שאַכמאַטן“־באַפּוצונגען פון שטיקלעך לעדער און שטאָף.

▼

אין געשטאַפּאָ־הויף זענען געווען די יידן געצוואונגען צו סאָרטירן די זאַכן פון די אומגעבראַכטע, אונטער דער ליי טונג פון אַ ווינער דייטש, מייער. די סאָרטירטע זאַכן פלעגט מען שיקן קיין דייטשלאַנד. עס האָבן זיך געפונען יידן, וועלכע פלעגן

אָפּנעמען בגדים פון דער סעגרעגאַציע, ברענגען זיי מיט זיך אין געטאָ און שפּעטער אויסטוישן אויף פּראָדוקטן.

איך האָב אַמאָל געפרעגט אַזאַ יידן, ווי דערלויבט ער זיך געניסן פון די זאַכן פון אַ יידישן הרוג? — האָט ער געענטפערט: „דאָס זענען טאַקע זאַכן פון אַ יידישן מת — נאָר אַז אויב מען וואָלט געפרעגט דעם מת, ווי וויל ער בעסער — זיינע זאַכן זאָלן אָנקומען צום דייטש, אָדער צו אים, דעם יידן, און אַרויסראַטעווען אים פון הונגער — וואָלט דער מת איב אַליין אָפּגעגעבן די זאַכן".

נאָך דער שחיטה פון „אַקציע קאָוונע" האָט דער דייטש אַריינגעשיקט אין געטאָ אַ מתנה — די ערגערע בגדים און שיך פון די הרוגים...



בכדי צו לינדערן די נויט אין זאַכן פאַר די אומפּאַרמעגלעכע, האָבן אַ סך בייגעטראָגן די אָפּטיילונגען פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג ביים יידן־ראַט, וועלכע האָבן געהאַט מאַגאַזינען מיט אַלטע בגדים, געפונענע אין חורבות, אויף בוידעמער און אין וואוינונגען, וואָס מען האָט זייערע בעלי־הבתים צוגענומען קיין פּאָנאַר.

## דער סאָציאַלער קאַמף קעגן הונגער און נויט

כ'האָב אין די פריערדיקע קאַפּיטלען דערציילט, ווי עס זענען געפירט געוואָרן אין געטאָ דער אומאויפהערלעכער געראַנגל, בכדי אַריינצוברענגען טראָץ לעבנס־געפאַר, באַשפּייזונג אין געטאָ, וואָס פאַר אָנשטרענגונגען זענען געמאַכט געוואָרן צו שאַפן באַקליידונג, באַהייצונג, צו אַנטוויקלען די פּראָדוקציע אין געטאָ.

דאָך זענען געווען אין געטאָ אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן זיך ניט געקענט געבן קיין עצה, און געמוזט אָנקומען צו גאַנצער אָדער טיילווייזער געזעלשאַפטלעכער אונטערשטיצונג.

לכתחילה זענען עס געווען בעיקר די מענטשן, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין לעבנס־רעכט און קיין אַרבעטס־רעכט אין געטאָ (די ווייסע שיינען), שפּעטער זענען צו זיי צוגעקומען אַ סך אַנדערע טיילן פון געטאָ, וועלכע האָבן ניט געקענט זיך שאַפן אַליין לעבנס־מעגלעכקייטן.

עס זענען געווען דריי הויפּט הילף־אינסטיטוציעס:

### א. דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט

אין דער צייט ווען דער יידן־ראַט איז געווען נאָמינירט פון דער דייטשער מאַכט, איז דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט באַשטאַנען פון די פאָרשטייערס פון די אונטערערדישע פּאָליטישע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען פון געטאָ.

אַלע יידישע אַרבעטער פון די „איינהייטן" פלעגן איינצאָלן לטובת דעם געזעל־שאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט פרייוויליק אַ מינימום — צוואַנציק רובל אַ חודש, און אַלע אָנגעשטעלטע פון די געטאָ־אַנשטאַלטן פינף פּראָצענט פון זייערע שכירות.

אַנדערע מקורות פון הכנסה זענען געווען: הכנסות פון ספּעציעלע אונטערנעמונגען אין געטאָ (פאָרשטעלונגען וכדומה), מתנות פון יחידים לכבוד זייער ראַטעווען זיך פון טויט אָדער פון תפיסה, נדבות צום געדענק־טאָג נאָך אַן אומגעקומענעם.

די לאָזונג פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט איז געווען: „עס טאָר קיין הונגעריקער ניט זיין אין געטאָ".

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס-קאָמיטעט פלעגט טיילן יעדן חודש סובסידיעס פון געלט און פּראָדוקטן (ברויט, קאַרטאָפל, מעל, גרויפּן).

ער פלעגט אויסטיילן ספּעציעלע סובסידיעס פאַר קינדער־אַנשטאַלטן, לערערס, פאַר אַרבעטער פאַרוואונדעטע ביי דער אַרבעט, אומזיסטע נאַרעס פאַר אומ-מעגלעכע, קליידער און שיך פאַר באָרוועסע און קליינע קינדער. געלט־אונטערשטי־צונגען פאַר די, וואָס פלעגן פאַרלאָזן דעם געטאָ בכדי צו זוכן וואו עס איז אַ מקום מקלט.

אַ סך האָבן באַקומען זייער אונטערשטיצונג אין פאָרם פון מתן בסתר, די מיט־אַרבעטער פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט פלעגן באַזוכן די יידישע שריפט־שטעלערס, לערערס, אַרטיסטן, געזעלשאַפטלעכע טוערס, אלמנות, פון פארשוואונ־דענע און אַרעסטירטע, וואָס געפינען זיך אין אַ שווערער לאַגע — און מען פלעגט זיי געבן די הילף אין אַן אויסערסט חברישער פאָרם.

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט האָט אויסגעטיילט במשך פון זיין טעטיקייט איניקע מיליאָן רובל סובסידיעס און איז געשטאַנען אונטער אַ געזעל־שאַפטלעכער קאָנטראָל. ער פלעגט אָפט איינאָרדענען אין באַזונדערע יידישע אַרבעטס-איינהייטן באַריכטס-פאַרזאַמלונגען מיט דיסקוסיעס פון זיין טעטיקייט, ווי אויך אַלגע-מיינע באַריכטס־פאַרזאַמלונגען אין געטאָ.

ביים געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט, וועלכער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט לויט אַ פּאָליטישן שליסל, האָט עקזיסטירט אַ ביי־ראַט מיט פאָרשטייערס פון די געטאָ־אָנגעשטעלטע און פון אַלע גרעסערע יידישע אַרבעטס־איינהייטן אויסערן געטאָ. דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט איז גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינע פון די באַליבסטע אינסטיטוציעס און געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע חשיבות אַלס „יידישער פּאַרלאַמענט פון געטאָ".

## ב. די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג

דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג ביים יידן־ראַט (ווי למשל די געזונטהייטס־אָפּטיי־לונג, ווי די באַשפּייזונגס-אָפּטיילונג), אָנגעפירט דורך אַדוואָקאַט סראַלאָוויטש, אַמאָל באַקאַנטער טוער אין די רייען פון די ציוניסטישע סטודענטן. די מקורות פון הכנסה פאַר דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג זענען געווען שטייערן, וואָס דער יידן-ראַט פלעגט נעמען פון די געוועלבלעך און פאַר פאַרשידענע דאָקומענטן, זאַכן, שטאָפן, געפו-נענע אין חורבות, אין מאַלינעס, אָדער קאָנפיסקירטע אַלס שטראָף. די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג פלעגט אונטערשטיצן די קאָנסולטאַציע פון קינדער, טאָג-היימען, אי־טערנאַטן, מושב זקנים, געבן אומזיסטע מיטלען און רפואות פאַר די נויטבאַדערפ־טיקע, העלפן אין פראַגן פון באַקליידונג, באַפרייען פון צאָלן דירה-געלט און געטאָ-שטייערן.

די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג האָט אויך געהאָלפן די ווילנער יידן, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו אַרבעט אין נאָענטע לאַגערן: רעשא, בעזדאן, ביאַלאָוואַקא.

עס זענען געווען אַ סך פון דער „געפאַלענער אינטעליגענץ" וואָס האָט זיך ניט דערלויבט צו בעטן אונטערשטיצונג אין דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג פון יידן־ראַט

— און האָט די אונטערשטיצונג יאָ געגומען פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט, זעענדיק אין אים אַ חברישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע.

### ג. די ווינטער־הילף

דער ווינטער-הילף-קאָמיטעט האָט געהאַט אַלס ציל בעיקר צו באַקעמפן דעם מאַנגל אין קליידונג. ער האָט געזאַמלט צווישן דער געטאָ־באַפעלקערונג קליידונג און זי פאַרטיילט די נויטבאַדערפטיקע. ער האָט אויך פאַרטיילט בגדים פון די אומגע־קומענע. ער האָט געהאַט וואַרשטאַטן, וואו עס פלעגן פאַרריכט ווערן די צונויפ־געזאַמלטע זאַכן.

▼

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט, די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג און די ווינטער־הילף — איז געלונגען אין אַ געוויסער מאָס צו לינדערן די נויט פון די אומפאַרמעגלעכע אין געטאָ.

▼

### אָפּטייל פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג

**פאַר 280 לאַגער-אַרבעטער** וואָס זענען לעצטנס געבראַכט געוואָרן פון פאַרשידענע פּראָווינציעלע ערטער זאָרגט דער אָפּטייל פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. די דאָזיקע לאַגער-אַרבעטער ווערן געהאַלטן אין ספּעציעל איינגעאָרדנטע זעקס אבסניות און דאַרטן אויף אָן אָרט ווערט פאַר זיי באַזאָרגט קאַווע און פרישטיק, מיטאָג־און אָוונט-זופּ און 200 גראַם ברויט טעגלעך פּראָ קאָפּ.

**הילצערנע געלעגערס פאַר איבער טויזנט פּערזאָן** ווערן איצט געגרייט לויט אַ באַשטעלונג פון אָפּטייל, כדי איינצואָרדנען מיט נאַכטלעגער די אַלץ מער און מער צוקומענדיקע לאַגער-אַרבעטער פון פּראָווינץ. די געלעגערס ווערן געמאַכט לויט אַ ספּעציעלן איינהייטלעכן מוסטער (סטאַנדאַרט), ווי אַ שטייגער צוויי־גאָרנדיקע און אין אַ ברייט, וואָס זאָל קלעקן פאַר דריי פּערזאָן אויף יעדן גאָרן.

**ברענהאָלץ פאַר די געניסער פון ווינטער-הילף** האָט מען אויך פאַרענדיקט צו פאַרטיילן. פון אַלע אָנגעגעבענע ווענדונגען האָט מען באַפרידיקט בערך נײַנציק פּראָצענט. עס ווערט געגעבן צו איין צענטל קוב. מעטר ברענהאָלץ פּראָ קאָפּ.

▼

### געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט

**80 פאָר ווינטער-קלומפּעס** האָט שוין דער קאָמיטעט איבערגעגעבן דער שול סעקציע ביים קולטור אָפּטייל. די שול סעקציע פאַרטיילט איצט די באַקומענע מתנה צווישן די נויטבאַדערפטיקע קינדער.

(„געטאָ-ידיעות”, נומ. 25. י”ח שבט תש”ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943).

## אַרבעטס־אָפּטייל

די אַרבעטס-אָפּטייל ביים יידן-ראַט האָט זיך פאַרנומען מיטן „אַרבעטס-איינזאַץ״. דאָרט פלעגן פאַרשידענע מיליטערישע און ציווילע אַנשטאַלטן אַדרעסירן די אָנבאָטן מיט די צאָלן פון די אַרבעטן, וואָס זענען זיי נויטיק פאַר פאַרשידענע „איינהייטן״. די אַרבעטס-אָפּטייל פלעגט מוזן צו דער צייט צושטעלן די געפאָדערטע צאָל אַרבעטער. די אַרבעטס-אָפּטייל פלעגט פונאַנדערטיילן די יידן אין די פאַרשידענע איינהייטן, אַרויס־געבן זיי זייערע אַרבעטס-ביכלעך. די ערבייי פלעגן זיין אָפט אַ סך אומצופרידענע, ווייל ס׳זענען געווען קאָמאַנדאָס, וועלכע האָבן זיך גערעכנט פאַר גוטע (מען קען דאָרט „אָרגאַניזירן״ און די אַרבעט איז לייכט), און אַלע האָבן געוואָלט דווקא דאָרטן באַ-קומען אַרבעט.

פאַרבינדונגס-מאַן מיט דער געטאָ-פאַרוואַלטונג איז געווען א. ברווידא.

בראש פון די אַרבעטס-איינהייטן פלעגן שטיין יידישע בריגאַדירן, וועלכע האָבן געהאַט צו זייער הילף „קאָלאָנען-פירערס״. זיי האָבן צוזאַמען געבילדעט דעם „ברי-גאַדירן־ראַט״ אין געטאָ. פאָרזיצער פון בריגאַדירן-ראַט איז געווען ד. קאַפּלאַן-קאַפּ־לאַנסקי, וועלכער האָט געשאַפן אין געטאָ די „אַרבעטער-אוידיטאָריע״.

יעקב גענס און א. ברווידא פלעגן אָפט אויפטרעטן מיט רעדעס אויפן בריגאַ-דירן-ראַט, באַהאַנדלענדיק די לאַגע אין געטאָ, אויפקלערנדיק די טאַקטיק פון יידנראַט און פאָליציי און רופנדיק די בריגאַדירן אויסנוצן די השפעה אויף די אַרבעטער פון זייערע קאָמאַנדאָס, זיי זאָלן אויספירן די פאַראָרדנונגען פון דער געטאָ־פאָליציי.

צווישן די בריגאַדירן האָבן זיך אָפט געפונען אויך אַזעלכע פערזאָנען, וועלכע האָבן זייער מאַכט אויסגענוצט ניט לטובת זייערע יידישע אַרבעטער. דער געטאָ-עולם פלעגט זיך צו אַזעלכע בריגאַדירן און קאָלאָנען-פירער באַציען מיט אַפענער שנאה.

דעם 26טן אויגוסט 1943, ד. ה. פיר טעג פאַרן אָנהויב פון דער געטאָ־ליקווי-דאַציע, האָט נאָך די אַרבעטס-אָפּטיילונג געקלעפּט מודעות אין געטאָ, אַז זי זוכט קוואַליפיצירטע שלאָסער, סטאָליער און גלעזער...



### אַרבעטס-אָפּטייל

**נייע יידישע אַרבעטער.** — אין משך פון דער לעצטער וואָך זיינען אָנגעקומען אין געטאָ 120 אַרבעטער פון לאַגער זשעזשמער און 100 פון לאַגער יעוויע צווישן די דאָזיקע אַרבעטער איז נאָר גאָר אַ קליינע צאָל ווילנער יידן. די אַרבעטער זענען באַשטימט צו אַרבעטן אין דער בוי-גרופּע „גיזלער״.

**די גרעסטע איינהייט פאַר יידישע אַרבעטער אין ווילנע** איז איצט די א. ג. בוי-גרופּע „גיזלער״. צום מאָמענט אַרבעטן פון ווילנער געטאָ ביי דער דאָ-זיקער גרופּע 810 מאַן און פרויען. די בוי-גרופּע פירט אָן מיט די אַרבעטן אויף דער ווילנער באַן-סטאַנציע.

**דער בריגאַדירן-ראַט** האָט צונויפגערופן פאַריקן שבת אַ פאַרזאַמלונג פון בריגאַדירן און קאָלאָנען-פירער. אַ באַריכט אין קומענדיקן נומער „געטאָ- ידיעות״.

(„געטאָ-ידיעות״, נומ. 25. י״ח שבט תש״ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)

# 5. קאַמף פאַרן געזונט

## סאַניטאַר-היגיענישע לעבנסבאַדינגונגען אין געטאָ

### צימערן

דער געטאָ האָט זיך געפונען אין די סאַמע ענגסטע געסלעך פון ווילנע, דאָרט, וואו עס איז געווען אַ געטאָ מיט הונדערטער יאָרן צוריק. אין די צימערן האָט געהערשט אַ גוואַלדיקע ענגשאַפט. פון פופצן ביז צוואַנציק מענטשן האָבן געוואוינט אין איין קליין צימערל. בעטן זענען אין געטאָ געווען נאָר אין אַ קליינער צאָל. אויך זיי האָט מען ניט געדאַרפט האָבן, ווייל זיי האָבן פאַרנומען צופיל פלאַץ. די געטאָ-באַפעלקערונג איז געשלאָפן אויף דער ערד. שפּעטער האָט מען איינגעפירט הילצערנע פּ ר י טש ן (נאַרעס).

די לופט אין די צימערן איז געווען דערדריקנדיק. מענטשן פלעגן אָפט נישט קענען שלאָפן די גאַנצע נאַכט צוליב לופט-מאַנגל.

### קלאָזעטן

אין אַלטן ווילנער קוואַרטאַל, וואו עס האָט זיך געפונען דער געטאָ, זענען קיין שטוב-קלאָזעטן ניט געווען אויך פאַרן קריג, נאָר הויף-קלאָזעטן. אין געטאָ האָבן געוואוינט פון צוויי הונדערט ביז פינף הונדערט פערזאָן אין אַ הויז אין וועלכן עס האָבן געוואוינט פריער פון דרייסיק ביז פערציק פערזאָן. לאַנגע, לאַנגע שורות פון וואַרטנדיקע אויף זייער רייע פלעגן שטיין פאַר די קלאָזעטן.

די קאַנאַליזאַציע איז גיך צעשטערט געוואָרן, דאָס וואַסער פלעגט ניט אַראָפּ־געלאָזט ווערן, די קלאָזעטן האָבן זיך פאַרשטאָפּט. אין אָוונט איז אין די קלאָזעטן געווען פינצטער. דעריבער זענען אין משך פון עטלעכע וואָכן די קלאָזעטן געוואָרן קוואַלן פון אויסערגעוויינלעכער שמוץ און פּאָטענציעלע מקורות פון קומענדיקע עפּידעמיעס.

### מיסט־קאַסטנס

אין די הויפן האָבן זיך געפונען פאַרן קריג אין געטאָ־ראַיאָן ביי יעדן קלאָזעט אַ מיסטקאַסטן. אין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסערגעוויינלעכער פאַרברויך פון קאַרטאָפל צוליב מאַנגל אין ברויט און אַנדערע דערנערונגס־פּראָדוקטן. דאָס מיסט (צענפאַכיק מערער ווי פריער) און די אומנאָרמאַלע גרויסע צאָלן פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ האָבן שוין אין די ערשטע טעג פון געטאָ איבערגעפולט די מיסט־קאַסטנס, באַדעקט די קליינע הויף־שטחים און אָנגעהויבן וואַקסן אין פאָרם פון בערג, וואָס האָבן אָפט פאַרדעקט דעם שיין פון די אונטערשטע עטאַזשן. מיטן אָנקומען פון די ערשטע פרעסט איז דאָס אַלץ צוגעפרוירן געוואָרן.

בערג פון מיסט צונויפגעמישט מיט קאַרטאָפל־שאָלעכץ, מענטשן־קויט און מענטשן־אורין — דאָס איז געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע בילד פון יעדן הויף פון דער ערשטער תקופה אין געטאָ.

1) גענויערע פּרטים וועגן סאַניטאַרן וועזן אין געטאָ, וועגן די געטאָ קראַנקייטן און בנוגע די דאָקטוירים, זעט אינם בוך פון זעלבן מחבר אונטערן נאָמען „קאַמף פאַרן געזונט אין געטאָ ווילנע" אַרויסגעגעבן דורך „אָזע", פּאַריז 1946.

### וואַסער

אָפּגעריסן פון שטאָט זענען גיך אין געטאָ צעבראָכן געוואָרן אין אַ סך הייזער די קאַנאַליזאַציע-רערן. מיטן אָנקומען פון ווינטער האָבן אין אַ סך ניט געהייצטע בנינים געפּלאַצט די רערן. עס האָט אויסגעפעלט וואַסער אין געטאָ צום טרינקן, קאָכן, און צום וואַשן וועש. פון שמוץ זענען גיך אַנטשטאַנען ביי די איינוואוינערס הויט־אויס־שיטונגען, פורונקלען און פּיאָדערמיעס.

### לייז

אין די באַדינגונגען פון ענגשאַפט און שמוץ האָבן זיך באַוויזן לייז. זייער צאָל איז געוואַקסן. אין די ערשטע חדשים פון געטאָ זענען לייז כמעט אויף יעדן איינעם געקראָכן. שפּעטער זענען אַ סך מענטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נעסטן פון הונ־דערטער און טויזנטער לייז.

## דער קאַמף פון די יידישע מעדיצינער

הונגער, קעלט, ענגשאַפט, מאַנגל פון באַהייצונג און פון וואַסער, מאַנגלהאַפטע באַקליידונג און באַשוכונג, שמוץ, בערג מיסט, פאַרשמוציקטע, פאַרשטאָפּטע קלאָ־זעטן, פייכטקייט און שימל אין די צימערן, וואַנצן און לייז — דאָס זענען געווען די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען אין ווילנער געטאָ.

ביי די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן די יידישע מעדיצינערס אין געטאָ אָנגע־הויבן דעם קאַמף פאַרן געזונט פון געטאָ־ייד, אין טאָג־טעגלעך געשפּאַנטער דערוואַר־טונג פון אַלגעמיינער אויסמאָרדונג און ביי דער אינערלעכער איבערצייגונג, אַז פאַרהיטן דעם געטאָ פון עפּידעמיעס הייסט פאַרהיטן פון פּריציפּיעלע מאַסן־אויס־מאָרדונגען און געבן אים די מעגלעכקייט צו לעבן, איבערלעבן און דערלעבן בעסערע צייטן.

### די פּסיכיק פון געטאָ

דער רוף פון די מעדיצינערס צום קאַמף פאַרן געזונט, צוגלייך מיטן רוף פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין געטאָ, ניט אַריינצופאַלן אין יאוש, האָט געהאַט זיין טיפסטן אָפּקלאַנג ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג. די טראַגישע איבערלעבונגען פון שטענדיקן דערוואַרטן דעם טויט, האָבן דאָך ניט געבראָכן דעם מוט און די מאָראַל פון די געטאָ־יידן. זעלבסטמאָרד איז אין געטאָ געווען אַן אויסערסט זעלטענע דערשיינונג.

מיר זענען באַקאַנט נאָר פאָלגנדיקע פאַלן פון זעלבסטמאָרד: ערב אַריינגיין אין געטאָ — משה טאַאוב (פון שאָפענס ברויז) מיט זיין פרוי און יצחק סטראַשון (פון דער סטראַשון-ביבליאָטעק); און אין געטאָ גופא — ד"ר גרשון גרשוני, קראַנקנ-שוועסטער חיה גאָלדפאַרב און פעלדשער ברוק.

מען האָט איבערגעלעבט זאַכן, פון וועלכע מען קען אַראָפּגיין פון זינען און אויף עטלעכע און צוואַנציק טויזנט איינוואוינערס פון געטאָ, זענען פאַרנאָטירט געוואָרן נאָר איניקע פאַלן פון משוגע ווערן. טראָץ די שוואַרצסטע פּערספּעקטיוון, זענען די מענטשן ניט אַריינגעפאַלן אין רעזיגנאַציע און פּעסימיזם. מען האָט זיך דערמוטיקט מיט אָפּטימיסטישע ידיעות, קלאַנגען און גלויבן אין גיכן סוף. עס זענען

אַנטשטאַנען נייע קוואַלן פון גייסטיקע און פיזישע ווידערשטאַנדס־פּעאיקייטן. דער פאַרלאַנג צום לעבן האָט דערגרייכט די העכסטע שטופן און איז געווען אַ מעכטיקער אימפּולס דורכצוטראָגן די שווערע קנעכטישע איבערלעבונגען.

## שטערבלעכקייט, געבורטיקייט און חתונות אין געטאָ

די „נאַטירלעכע" שטערבלעכקייט אין געטאָ, מיט אַ באַפּעלקערונג פון קרוב צוואַנציק טויזנט מאַן, איז געווען מיטלמעסיק איינס ביז צוויי פאַלן אַ טאָג, לויט ווי ס'האָט מיך אינפאָרמירט דאָקטאָר סעדליס. אין דער יידישער פאַר־מלחמהדיקער ווילנע, וועלכע האָט געציילט קרוב זיבציק טויזנט מאַן, איז געווען די שטערבלעכקייט פון ערך דריי ביז פיר מאַן אַ טאָג. די שטערבלעכקייט אין געטאָ איז געווען אין דער ווירקלעכקייט, פּראָפּאָרציאָנעל צו אַמאָל, באַדייטנדיק שטאַרקער, ווייל אין געטאָ איז דאָך געווען קליין די צאָל פון די זקנים...

די מתים פלעגן אַרויסגעפירט ווערן פון געטאָ צום יידישן בית־עולם הינטערן שטאָט. לוויות פלעגן פאָרקומען נאָר ביזן טויער פון געטאָ, ווייטער איז די עגלה געפאָרן אַליין מיט אַ פּאָר מענטשן פון בית־עולם־אָפּטיילונג, וועלכע האָבן געהאַט דערצו אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, געוויינלעך פלעגן פאָרקומען „שותפותדיקע" לוויות, ווייל אויף איין עגלה פלעגט מען פירן מיטאַמאָל עטלעכע מתים.

די געבורטיקייט איז געווען גאָר קליין, צוליבן פאַרווערן, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף, צו געבוירן קינדער. עס האָבן מיט לעבנס־ריזיקע אויסגעטראָגן די שוואַנגערשאַפט די פרויען, וועלכע זענען געווען אין די הויכע חדשים. נייע געבורטן פון פאַרשוואַנגערטע אין געטאָ גופא זענען געווען זייער זעלטן.

חתונות אין געטאָ זענען געווען אָפטע. אין געטאָ זענען געווען אַ סך פרויען, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען צום טויט די מענער, און מענער ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די פרויען. יעדער, ווער ס'האָט געהאַט אַ לעבנס־שיין, האָט געמעגט האָבן אַ פרוי, וועלכע האָט געהאַט רעכט אויף לעבן אַ דאַנק דעם שיין, און פאַרקערט, דער מאַן האָט געהאַט לעבנסרעכט, אַ דאַנק דער פרויס שיין. האָבן מענער און פרויען זיך פאַרשריבן אַלס אַ פּאָר פאַלק און געמוזט לעבן אין זעלבן צימער, בכדי ביי אַ רעוויזיע זאָל זיך ניט אַרויסווייזן די פיקציע. מיט דער צייט זענען אַנטשטאַנען פון די פיקטיווע פּאָרן — אמתע זיווגים, טרייע אויף טויט און אויף לעבן. די אָפּי־ציעלע פיקטיווע חתונות פלעגט מען דורכפירן אין „מעלדונגס־אַמט" פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי.

די רעליגיעזע קרייזן האָבן לכתחילה ניט געוואָלט געבן הופה וקדושין פאַר די יונגע לייט, וועלכע האָבן זיך צו זיי געווענדעט. עס איז דאָך ניט געווען מעגלעך אין געטאָ־כאַאָס צו וויסן צווישן די מענער, ווער עס איז אַ בחור, געגטער אָדער אלמן — און דאָס זעלבע מיט די פרויען. היינט פון וואַנען וויס מען, אַז די אַרויסגעפירטע קיין פּאָנאַר וועלן שוין ניט צוריקקומען? עס זענען דאָך ניטאָ קיין עדות פון זייער טויט?... די גאָר רעליגיעזע האָבן דערצו געטענהט, אַז עס זענען ניטאָ אין געטאָ קיין מקוות, איז דאָך פאַראויסגעזען, אַז די פרוי וועט ניט קענען אָנהאַלטן דעם רעלי־גיעזן ריטואַל פון פאַמיליע־לעבן.

דאָס לעבן האָט געגעבן די פשרה, אַז מענער און פרויען, וועגן וועלכע מען האָט געוואוסט, אַז זיי האָבן נאָך קיין מאָל ניט חתונה געהאַט אָדער וועמענס יורידישע זייט איז געווען קלאָר, פלעגן באַקומען אָפיציעלע חופה וקדושין פון די איינצלנע לעבן־געבליבענע רבנים אין געטאָ. די איבעריקע ניי־אַנטשטאַנענע פּאָרן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די קאַטעגאָריע פון „געטאָ־מאַן" און „געטאָ־ווייב", דאָס הייסט, פּאָרן נאָך ניט אָפיציעל רעליגיעז חתונה־געהאַטע, אָבער וועלכע דעקלאַרירן זיך אומעטום אַלס מאַן און פרוי, און האָפן עס צו בלייבן נאָכן געטאָ, אויב זיי וועלן איבערלעבן...

און די דריטע קאַטעגאָריע איז געווען נאָך די „צוגעשריבענע" מאַן און פרוי, דאָס הייסט, לגמרי פיקטיווע פּאָרן, ווי מען האָט זיי גערופן אין געטאָ — „אַ פּאַפּי־רענער מאַן" און אַ „פּאַפּירענע פרוי".

## דאָס זקנים־פּראָבלעם אין געטאָ

זייער טראַגיש איז געווען דאָס פּראָבלעם פון די זקנים אין געטאָ. זיי זענען ניט געווען פעאיק צו אַרבעטן — האָבן זיי קיין אַרבעטס- און לעבנס־שיינען ניט געקריגן. פלעגן זיי זיין די ערשטע אויף אַרויסגעפירט צו ווערן קיין פּאָנאַר ביי אַלע אַקציעס. דאָך האָבן זיך אַנדערע זקנים אַזוי קונציק אויסבאַהאַלטן אין די מאַלינעס, אַז ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ האָט מען מיטאַמאָל דערזען אַן אַלטיטשקן אָדער אַ באָבעשי שפּאַצירנדיק איבערן געטאָ מיט אַ סידור אין האַנט.

פאַר אָפּגעשוואַכטע זקנים איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ אַ מושב־זקנים. זענען אַלע איינוואוינערס פון מושב זקנים צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן אין האַרבסט 1941.

שפּעטער, אין 16, 17 יולי 1942, האָבן די דייטשן צונויפגעזאַמלט אַלע זקנים פון געטאָ אין פּאָשפּיעשקי־וואַלד אין בנין פון דער געוועזענער קינדער־קאָלאָניע פון אָזע, אויפן נאָמען פון ד"ר צמח שאבאד. האָט מען דאָרטן געהאַלטן די אַלטע אַ געוויסע צייט אויף גוטע דערנערונג, געגעבן זיי קאַווע מיט מילך, טרושקאַווקעס, ווייס ברויט, גערופן אויסלענדישע געסט, פּאָטאָגראַפירט און גלייך נאָכדעם — אַרויס־געפירט צום טויט.

# געטאָ-קראַנקייטן

### 1) אַלגעמיינע קערפּער־שוואַכקייט

אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן ביי אַ סך עלטערע מענטשן אַ דערשיינונג פון פּלוצעמדיקער אָפּשוואַכונג פון קערפּער, אַ געפיל פון „אויסגיין פון די כוחות" און אַן אויסגעדאַרטקייט, וואָס האָט שנעל פּראָגרעסירט און געבראַכט צו אָפטע טויטפאַלן. מען האָט דאָס דאַן דערקלערט אַלס פּראָדוקט פון די שווערע איבערלעבענישן און אונטער־דערנערונג, וועלכער מאַניפעסטירט זיך מיט שווערע רעזולטאַטן, ספּעציעל ביי מענטשן מיט אַ קלענערער פיזישער ווידער־שטאַנדס־פעאיקייט. דער עולם אין געטאָ פלעגט עס אָנרופן פשוט „לאַנגזאַמער הונגער־טויט". מיטן פאַרבעסערן זיך פון די לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ און מיטן איינ־שטעלן הילף פאַר די פרנסהלאָזע איז די דאָזיקע דערשיינונג פאַרשוואונדן אינגאַנצן.

אין אַ שאַרפער מאַסן-פאָרם האָב איך געזען די דערשיינונג פון אַלגעמיינער קערפער-שוואַכקייט אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן אין עסטלאַנד און דייטשלאַנד. זי איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, פּאָפּולער און בולט, און איר פּראָגנאָז איז געווען אַזוי קלאָר ביי די לאַגער-באַדינגונגען, אַז די דאָזיקע דערשיינונג איז ביי די אָפיציעלע דאָקטוירים אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן (ביי די סטאַטיסטיקן) ניט פאַררעכנט געוואָרן אַלס פּועל-יוצא פון פאַרשידענע סיבות, ווי: הונגער, אַרבעט, אויסשעפּונג — נאָר זי האָט אין אַלע באַריכטן פיגורירט אַלס זעלבסטשטענדיקע דיאַגנאָסטישע קראַנקייט-איינהייט אונטערן נאָמען אַ. ק. ס. — אַלגעמיינע קערפּער-שוואַכע, — און דער אָפּגעשוואַכטער פלעגט זיך רופן: „אַ.ק.ס.-ניק”. דער עולם פלעגט די דאָזיקע אָפּגעשוואַכטע אָנרופן מיטן נאָמען „מוסולמענער”. דעם דאָזיקן טערמין האָב איך געהערט אין אַלע קאָנצענטראַציע-לאַגערן, און דערביי האָט מען מיר געגעבן צוויי דערקלערונגען אויף דער עטימאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן טערמין:

1) זיי רופן זיך אָן „מוסולמענער, ווייל אָפּגעשוואַכטע, פילן זיי אַ שטענדיקן געפיל פון קעלט, שלעפּן אויף זיך זייערע קאָלדריעס, ווי אַראַבער זייערע אבאיעס, און מאַכן דעם איינדרוק פון מוסולמענער, וואָס טרייסלען זיך ביי דער תפילה.

2) אַ מוסולמאַן איז אַ מאַן, וואָס מוז שטאַרבן, ווייל ער האָט שוין ניט קיין לעבנס-כוח און ווידערשטאַנד אין זיך: עס איז אַ מענטש, אַ פאַרלוירענער.

אין די לאַגערן האָבן אָפּט עקזיסטירט ספּעציעלע באַראַקן, בלאָקן אָדער קאָמאַנדאס פון „מוסולמענער” אָדער א.ק.ס.ניקעס. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען טראַנספּאָרטן פון מוסולמענער, ד. ה. אַרויספירונגען פון די אָפּגעשוואַכטע צום קרעמאַטאָריום.

אַ „מוסולמאַן” פלעגט זיך כאַראַקטעריזירן מיט אָפּהענגענדיקער טרוקענער הויט, איינגעפאַלענע אויגן, שפּיציקער נאָז, אויסשטייענדיקע ביינער פון די באַקן, נידעריקער הייזעריקער שטים, זייער אָפט מיט אַ וויינענדיקער און בעטלערישער אינטאָנאַציע. ביי די אַפּעלן פלעגן די „מוסולמענער” קוים זיך האַלטן אויף די פיס, ביים קלענסטן שטופּ פאַלן ווי וואַקס-לאַלקעס. שטענדיק באַהערשט פון אַ דורשט, זייער געניגט קראַנק צו ווערן אויף דאַרם-שטערונגען און דעזינטעריע. זיי פלעגן אויסגיין שטיל ווי אַ ליכט, ביים פולן באַוואוסטזיין, אָפּט האָסטו נאָך אַקאַרשט גערעדט מיטן מענטש וועגן לויפנדיקע לאַגער-פראַגן, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין טויט.

אין אַנדערע לאַגערן פלעגט מען די „מוסולמענער” אָנרופן מיטן נאָמען „קאַמעל” (ווייל ער טרייסלט זיך ווי אַ קעמל...).

## 2) אינפעקציעזע קראַנקייטן

אין דער ערשטער תקופה פון ווילנער געטאָ האָבן זיך באַוויזן מערערע פאַלן פון פלעק־טיפוס, בויך־טיפוס און פּאַראַטיפוס ב. אַ דאַנק דער זייער ענערגישער און דיקטאַטאָרישער האַנדלונג פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג און מיטהילף פון אַלע איבעריקע אינסטיטוציעס אין געטאָ זענען די קראַנקייטן כמעט איבערגעריסן געוואָרן אין וואָרצל, ברענגענדיק נאָר איינצלנע טויט־פאַלן.

מאָזלען, סקאַרלאַטין האָבן ביי די קינדער אין געטאָ געהאַט אַ לייכטן פאַרלויף. דער דיפטעריט, וואָס איז אויסגעבראָכן, איז איבערגעריסן געוואָרן אַ דאַנק מאַסן אַנטי־דיפטעריט־איינשפּריצונגען ביי די קינדער (וועגן קאַמף מיט די אינפעקציעזע קראַנקייטן זע אין די ווייטערדיקע אַרטיקלען).

אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן איז פלעק-טיפוס געווען אַן אָפּטער גאַסט מיט גרויסער שטערבלעכקייט. ביי יידן איז די שטערבלעכקייט פון פלעק-טיפוס געווען באַדייטנד קלענער, ווידער ביי די אַריער פון פאַרשידענע פעלקער, טראָץ די ערגערע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידן האָבן זיך געפונען אין די לאַגערן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז וואָס עס איז שייך דער שרעקלעכקייט פון פלעק-טיפוס ביי יידן אין די לאַגערן, איז זי ביי די מענער געווען באַדייטנדיק גרעסער

ווי ביי די פרויען. בכלל איז דאָס קראַנק ווערן און די נאַטירלעכע שטערבלעכ-קייט פון פאַרשידענע קראַנקייטן געווען ביי די פרויען אַ סך קלענער ווי ביי די מענער (מעגלעך דערפאַר, וואָס די פרוי האָט זיך בעסער אַן עצה געגעבן אין פראַגן פון ריינקייט פון אירע וועש און פון אויסקאָכן זיך עפּעס צום עסן ביי די שווערע לאַגער-באַדינגונגען).

דער פלעק-טיפוס איז אין די לאַגערן דערשינען זייער אָפט אָן די כאַראַקטע-ריסטישע פלעקן. דעם דיאַגנאָז פלעגט מען שטעלן אין איינצלנע פאַלן, וואו עס זענען געווען מעגלעכקייטן דערצו, אַ דאַנק דער וויל-פעליקס-פּאָזיטיווער רע-אַקציע. אין די מערהייט פאַלן אָבער, נאָר אויפן סמך פון אידענטישן פאַרלויף פון דער קראַנקייט מיט הויכער טעמפּעראַטור און פסיכאָזן ביי אַ סך קראַנקע, צווישן וועלכע נאָר אַ טייל האָט געהאַט די כאַראַקטעריסטישע פלעקן.

דעם דיאַגנאָז פלעגט מען שטעלן אויפן סמך פון אַ כאַראַקטעריסטישער הויט-רעאַקציע ביים אָנהריקן די קאַפּילאַרע בלוט-געפעסן פון האַנט אָדער פון פּלייצע; אויפן סמך פון כאַראַקטעריסטישע סימנים פון צונג, ווי אויך אַ דאַנק דער טענדענץ פון חולה צו ליגן ניט אין דער לענג פון בעט, נאָר אין דער ברייט (זייער אָפט באַמערקטע דערשיינונג אין עסטאַנישע לאַגערן).

אַלס אַן אָפטע קאָמפּליקאַציע פון די פלעק-טיפוס אין די לאַגערן זענען געווען גאַנגרענעס פון די פיס, שטאַרקע פסיכאָזן — און אין פאַל פון אויס-היילן זיך — חדשים-לאַנג דויערנדיקע פיס-געשווילעכצן און פאַרשנעלערטער פולס.

## 3) מענסטרואַציע-שטערונגען

גלייך מיטן אַריינגיין אין געטאָ האָבן די פרויען אָנגעהויבן צו מעלדן זיך אין אַמבולאַטאָריע צוליבן פאַרשווינדן פון דער מענסטרואַציע. אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ האָבן, לויט דער שאַצונג פון די דאָקטוירים, אַן ערך פינף און זיבציק פּראָצענט פרויען פון געטאָ פאַרלוירן דעם פּעריאָד. די דערשיינונג האָט אַרויס־גערופן אַ גרויסע באַאומרואיקונג ביי די פרויען און גרויסע דיסקוסיעס ביי די דאָקטוירים. מען האָט דאָס געוואָלט דערקלערן מיט די פּסיכישע איבערלעבונגען, מיט ענדאָקרינאָלאָגישע שינויים פון דער הערמאָנען-סעקרעציע, מיט וויטאַמינען־מאַנגל. עס זענען געווען מיינונגען, אַז די שינויים זענען סטאַבילע, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס זענען פאַראיבערגייענדיקע דערשיינונגען.

מיטן פאַרבעסערן זיך פון דער דערנערונג אין געטאָ און מיטן אויפהערן אויף אַ געוויסער צייט פון די אַרויספירונגען צום טויט, האָבן די פרויען ווידער באַקומען זייער מענסטרואַציע. אַ טייל האָט זי באַקומען אין אירעגולערע צייטן און ניט גענו־גנדיקע מאָסן און ביי אַ טייל האָט זי זיך די גאַנצע צייט פון געטאָ מער ניט באַוויזן.

פון שמועסן מיט מעדיצינער פון אַנדערע געטאָס האָב איך זיך דערוואוסט אַז מאַסן-דערשיינונגען פון מענסטרואַציע-שטערונגען זענען נאָטירט גע-וואָרן אין אַלע געטאָס. אין קאָוונער געטאָ, וואו עס איז אַ לענגערער צייט געווען רואיק און אַ נאָרמאַלע דערנערונג, האָט לויט די דערציילער, ביי דעם מערסטן טייל פרויען זיך ווידער באַוויזן. ענלעכע דערשיינונגען האָב איך אויך אָבסער-ווירט אין אַלע לאַגערן, וועלכע כ'האָב דורכגעמאַכט אין עסטלאַנד, אין דייטש-לאַנד, ווי אויך געהערט פון אַ סך מעדיצינער גרעסטעוועטע פון פאַרשידענע לאַגערן. די ניט-מענסטרואירנדיקע יונגע פרויען האָט מען געקענט לייכט דער-קענען, לויט זייער אָנגעגאָסענעם אומנאָרמאַל-דיקן אויסזען און אויסערסטדיקע שטריכן פון פנים.

## 4) סקאַביעס (קרעץ)

זייער אַן אָפטע דערשיינונג איז געווען אין ווילנער געטאָ סקאַביעס, וועלכער האָט זיך געשפּרייט אין די וואוינונגען און אין די שול־אַנשטאַלטן.

Judenrat | Żydų Taryba
Ghetto–Wilna | Ghetto-Vilniaus
Ambulatorium | Ambulatorija

מעלדונג

פרייטיק, דעם 9.10. ל.י. 19 אז. קומט פאר אין לאקאל פון אמבולאטאריע אונזער זיבעצנטע וויסענשאפטליכע זיצונג מיט פאל-גענדן טאג-אָרדענונג:

ד"ר. שײנקער ב.: וועגן ד"ר.ג.גרשון /צום 1-טן יארצייט/.

1. דעמאנסטראציעס פון קראנקע.

2. רעפעראטן:

א/ ד"ר. פינגערהוט לפ: ווי פארהיט מען זיך פון שוואנגערשאפט!

ד"ר.קשאפירא
דירעקטאר פון אמבולאטאריע

איינלאַדונג צו דער 17טער וויסנשאַפטלעכער זיצונג פון די יידישע דאָקטוירים אין געטאָ-ווילנע דעם 9.10.1942.

(ייוואָ-אַרכיוון)

**Bescheinigung**

Hiermit wird bescheinigt, dass Mizerec Pejsach

im Jahre 1943 vom 20/V bis 29/V

2 mal gegen Typhus, Paratyphus A und B geimpft worden ist.

*Impfungsstelle*
*bei der Sanitar-Epidem. Abteilung*

Nr. 607

29/V 1943

„Švyturys" Wilna – 1173

באַשייניקונג פון אַנטי-טיפוס איינשפּריצונגען אין געטאָ-ווילנע, ארויסגעגעבן דעם 29.5.1943.

(ייוואָ-אַרכיוון)

ווי ביי די פרויען. בכלל איז דאָס קראַנק ווערן און די נאַטירלעכע שטערבלעכקייט פון פאַרשידענע קראַנקייטן געווען ביי די פרויען אַ סך קלענער ווי ביי די מענער (מעגלעך דערפאַר, וואָס די פרוי האָט זיך בעסער אַן עצה געגעבן אין פראַגן פון ריינקייט פון אירע וועש און פון אויסקאָכן זיך עפּעס צום עסן ביי די שווערע לאַגער-באַדינגונגען).

דער פלעק-טיפוס איז אין די לאַגערן דערשינען זייער אָפט אָן די כאַראַקטעריסטישע פלעקן. דעם דיאַגנאָז פלעגט מען שטעלן אין איינצלנע פאַלן, וואו עס זענען געווען מעגלעכקייטן דערצו, אַ דאַנק דער וויל-פעליקס-פּאָזיטיווער רעאַקציע. אין די מערהייט פאַלן אָבער, נאָר אויפן סמך פון אידענטישן פאַרלויף פון דער קראַנקייט מיט הויכער טעמפּעראַטור און פּסיכאָזן ביי אַ סך קראַנקע, צווישן וועלכע נאָר אַ טייל האָט געהאַט די כאַראַקטעריסטישע פלעקן.

דעם דיאַגנאָז פלעגט מען שטעלן אויפן סמך פון אַ כאַראַקטעריסטישער הויט-רעאַקציע ביים אָנהריקן די קאַפּילאַרע בלוט-געפעסן פון האַנט אָדער פון פלייצע; אויפן סמך פון כאַראַקטעריסטישע סימנים פון צונג, ווי אויך אַ דאַנק דער טענדענץ פון חולה צו ליגן ניט אין דער לענג פון בעט, נאָר אין דער ברייט (זייער אָפט באַמערקטע דערשיינונג אין עסטאָנישע לאַגערן).

אַלס אַן אָפטע קאָמפּליקאַציע פון די פלעק-טיפוס אין די לאַגערן זענען געווען גאַנגרענעס פון די פיס, שטאַרקע פּסיכאָזן — און אין פאַל פון אויסהיילן זיך — חדשים-לאַנג דויערנדיקע פיס-געשווילעכצן און פאַרשנעלערטער פולס.

### 3) מענסטרואַציע־שטערונגען

גלייך מיטן אַריינגיין אין געטאָ האָבן די פרויען אָנגעהויבן צו מעלדן זיך אין אַמבולאַטאָריע צוליבן פאַרשווינדן פון דער מענסטרואַציע. אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ האָבן, לויט דער שאַצונג פון די דאָקטוירים, אַן ערך פינף און זיבציק פּראָצענט פרויען פון געטאָ פאַרלוירן דעם פּעריאָד. די דערשיינונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע באַאומרואיקונג ביי די פרויען און גרויסע דיסקוסיעס ביי די דאָקטוירים. מען האָט דאָס געוואָלט דערקלערן מיט די פּסיכישע איבערלעבונגען, מיט ענדאָקרינאָלאָגישע שינויים פון דער הערמאָנען־סעקרעציע, מיט וויטאַמינען־מאַנגל. עס זענען געווען מיינונגען, אַז די שינויים זענען סטאַבילע, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס זענען פאַראיבערגייענדיקע דערשיינונגען.

מיטן פאַרבעסערן זיך פון דער דערנערונג אין געטאָ און מיטן אויפהערן אויף אַ געוויסער צייט פון די אַרויספירונגען צום טויט, האָבן די פרויען ווידער באַקומען זייער מענסטרואַציע. אַ טייל האָט זי באַקומען אין אירעגולערע צייטן און ניט גענוגנדיקע מאָסן און ביי אַ טייל האָט זי זיך די גאַנצע צייט פון געטאָ מער ניט באַוויזן.

פון שמועסן מיט מעדיצינער פון אַנדערע געטאָס האָב איך זיך דערוואוסט אַז מאַסן-דערשיינונגען פון מענסטרואַציע-שטערונגען זענען נאָטירט געוואָרן אין אַלע געטאָס. אין קאָוונער געטאָ, וואו עס איז אַ לענגערער צייט געווען רואיק און אַ נאָרמאַלע דערנערונג, האָט לויט די דערציילער, ביי דעם מערסטן טייל פרויען זיך ווידער באַוויזן. ענלעכע דערשיינונגען האָב איך אויך אָבסערווירט אין אַלע לאַגערן, וועלכע כ'האָב דורכגעמאַכט אין עסטלאַנד, אין דייטשלאַנד, ווי אויך געהערט פון אַ סך מעדיציניער גראַטעוועטע פון פאַרשידענע לאַגערן. די ניט-מענסטרואירנדיקע יונגע פרויען האָט מען געקענט לייכט דערקענען, לויט זייער אָנגעגאָסענעם אומנאָרמאַל-דיקן אויסזען און אויסערסטדיקע שטריכן פון פנים.

### 4) סקאַביעס (קרעץ)

זייער אַן אָפטע דערשיינונג איז געווען אין ווילנער געטאָ סקאַביעס, וועלכער האָט זיך געשפּרייט אין די וואוינונגען און אין די שול־אַנשטאַלטן.

Judenrat
! Ghetto—Wilna
Ambulatorium

Żydu Taryba
I Ghetto—Vilnius
Ambulatorija

מעלדונג

פרייטיק,דעם 9.10. ל.י. 19 אז. קומט פאר אין לאקאל פון אמבולאטאריע אונזער זיבצענטע וויסענשאפטליכע זיצונג מיט פאל-גענדן טאג-ארדענונג:

ד"ר. שיינקער ב.: וועגן ד"ר.ג.גרשון /צום 1-טן יארצייט/.

1.דעמאנסטראציעס פון קראנקע.

2.רעפעראט:

א/ד"ר. פינגערהוט לפ: ווי פארהיט מען זיך פון שוואנגערשאפט?

ד"ר.קאספירא
דירעקטאר פון אמבולאטאריע

איינלאדונג צו דער 17טער וויסנשאפטלעכער זיצונג פון די יידישע דאקטוירים אין געטא-ווילנע דעם 9.10.1942.
(ייווא-ארכיוון)

II 31c?

Bescheinigung

Hiermit wird bescheinigt, dass Mizerec Pejsach

im Jahre 1942 vom 20/V bis 29/V

2 mal gegen Typhus, Paratyphus **A** und **B** geimpft worden ist.

*Impfungsstelle*
*bei der Sanitar-Epidem. Abteilung*

Nr. 607

29/V 1942

„Švyturys" Wilna — 1173

באשייניקונג פון אנטי-טיפוס איינשפריצונגען אין געטא-ווילנע, ארויסגעגעבן דעם 29.5.1943.
(ייווא-ארכיוון)

# מעדיציניש-סאניטארע אנשטאלטן
# אין געטא ווילנע — 1943 - 1941

די טעטיקייט פון דער סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישער-סעקציע האָט עס שנעל איבערגעריסן, היילנדיק צוואַנגסמעסיק די קראַנקע און זייערע משפּחות מיט אַ דריי-טאָגיקער קוראַציע פון ווילקינסאָן זאַלב. די קראַנקע און זייערע משפּחות פלעגן צוואַנגסמעסיק געפירט ווערן אין באָד, און אַלע זייערע בגדים צוואַנגסמעסיק דעזינפעקצירט ווערן. שפּעטער פלעגן זיי לאַנגע וואָכן אָבסערווירט ווערן דורכן מעדיצינישן פּערסאָנאַל, צי ביי זיי באַווייזן זיך ניט פאַלן פון רעצידיוון. אין רעצידיוופאַלן פלעגן זיי צוואַנגסמעסיק ווידער דורכמאַכן די זעלבע קוראַציע. ווען עס האָט אויסגעפעלט אין געטאָ ווילקינסאָן-זאלב, האָט מען געהיילט דעם סקאַביעס מיט איינרייבונגען פון Ac. hydrochlor. conc. 4/200
Natr. hyposulf. 40/200 און עס האָט אויך געגעבן גוטע רעזולטאַטן. ווען עס זענען שוין אין געטאָ כמעט ניט געווען קיין סקאַביעס-פאַלן, פלעגן זיך פּלוצלינג באַווייזן נייע סקאַביעס-קראַנקע צווישן די צוריק געקומענע פון די לאַגערן.

סקאַביעס איז געווען אַן אָפּטע דערשיינונג אין די לאַגערן, וואו זי פלעגט קאָמפּליצירט ווערן מיט שווערע הויט-אויסשיטונגען.

## 5) פורונקלען און הויט־אויסשיטונגען

אַן אָפּטע דערשיינונג אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ זענען געווען די פורונקלען (געשווירן, טשיראַקס), וועלכע פלעגן זיך שטאַרק צעשפּרייטן איבערן קערפּער אַלס פורונקולאָזיס. עס האָבן זיך אויך באַוויזן אַ גאַנצע רייע אַנדערע הויט־קראַנקייטן: אויסשיטונגען, פּיאָדערמיע, אַלס רעזולטאַט פון ענגשאַפּט, שמוץ און לאַנג ניט בייטן וועש.

מיטן גרינדן אין געטאָ דאָס באָד און מיטן קריגן זייף האָט זיך די צאָל פורונקלען און הויט-קראַנקייטן באַדייטנדיק פאַרקלענערט. עס איז אויך געווען דער איינדרוק, אַז דאָס טרינקען די געטאָ-ב-וויטאַמין-פּרעפּאַראַטן ברענגט גוטע רעזולטאַטן.

אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן זענען די פורונקלען און קאַרבונקלען געווען אַ זייער אָפּטע דערשיינונג, וועלכע האָט געמאַטערט די לאַגער-מענטשן.

## 6) פּעדיקולאָזיס (פּאַרלייזונג)

אַ שווערע פּלאָג אין דער ערשטער צייט פון געטאָ איז געווען דאָס פּאַרלייזיקונג, וועלכע האָט אָנגענומען אַ פאָרם פון אַ קראַנקייט. מענטשן זענען געווען באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט אינזעקטן. עס איז מיר באַקאַנט אַ פאַל, ווען מען האָט געבראַכט אין געטאָ־באָד אַ מענטשן, וועלכער איז געווען באַדעקט מיט לייז ווי מיט אַ פּאַנצער, אַזוי, אַז עס האָט זיך קיין הויט ניט געזען. ווען ער האָט אַרויסגענומען פון זיינע קעשענעס פּאַפּירן און דאָקומענטן, זענען לייז געקראָכן איבער די פּאַפּירן. חדשים־לאַנג האָט מען אים געפירט צוואַנגסמעסיק אין באָד און זיינע בגדים צוואַנגסמעסיק דעזינפעקצירט, ווייל ער איז געווען אַן „עקשנותדיקער רעצידיוויסט". ביי עלטערע און אָפּגעשוואַכטע מענטשן פלעגט די פּאַרלייזיקונג אַנהאַלטן לענגער ווי ביי די יונגע. ביי אַ סך מענטשן פלעגט אַן עקשנותדיקע אַנהאַלטנדיקע פּאַרלייזיקונג זיין ווי אַן אָנזאָג פון אַן אָנקומענדיקער פולקומער אויסשעפּונג פון קערפּער. די פּאַרלייזיקטע פלעגן ווערן אַפּאַטיש, געלבלעך, אַנעמיש, זייער הויט צעזראַפּעט, מיט וואונדן און פּיאָדערמיען. די צוואַנגסמעסיקע אַנטלייזונג אין געטאָ האָט שנעל איבערגעריסן די דאָזיקע פּלאָג. דער מעדיצינישער קאַמף אין געטאָ האָט באַזיגט די פּלאָג פון לייז.

אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן האָב איך ווידער אָנגעטראָפן מאַסן-דערשיינונגען פון פּאַרלייזיקונג, וואָס האָט געבראַכט צו פלעק-טיפוס-עפּידעמיע. אין לאַגער דאַוטמערגען (דרום דייטשלאַנד) איז לאַנגע חדשים ניט געווען קיין

גענטלויזונגס-אנשטאלט, און אַלע, אָן אויסנאַם, זענען געווען פּאַראַליזירט, ממש צעפּרעסן פון לייז. מיר, אַ גרופּע דאָקטוירים, האָבן אַמאָל געמאַכט אַ „וויסנשאַפטלעכן" עקספּערימענט איבער זיך אַליין: וויפיל קענען מיר אַראָפּנעמען פון זיך אינסעקטן אין אַ שעה? מיר האָבן יעדער איינער אויסגעציילט אויף זיך אין משך פון אַ שעה איבער זעקס הונדערט לייז, און דאָך זענען מ׳ר ווייט ניט געבליבן לייז־לאָז נאָך דער דאָזיקער אָפּעראַציע.

די דאָזיקע פּאַראַליזיקונג האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אַנעמיזאַציע נערוואָזיטעט, פאַרלוסט פון לעבנס־ענערגיע און לעבנסווילן, און דאָס איז געווען, צוזאַמען מיט דער דעזינטעריע און דאָס געשלאָגן־ווערן אַ גורם פון אומנאָרמאַלער גרויסער שטערבלעכקייט.

אין יעדער פרייער מינוט פלעגן די מענטשן זיך אַנטלויזן, און אין די נעכט אויף אָנגעברענטע בלעכערנע רערן אויסדעזינפעקצירן די פאַרלייזיקטע העמדער.

## 7) אורין־שטערונגען

**ביי די עלטערע מענער האָט זיך באַוויזן אין געטאָ אין אַ גרויסער צאָל אַ פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטאַטאַ־דריז (Hyperthrophia prostatae) ווי אויך טיילווייזע און קאָמפּלעטע פאַרהאַלטונג פון אורין.**

די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטאַטאַ ביי די עלטערע לויט האָט מען אין געטאָ דערקלערט אַלס פועל־יוצא פון פאַרקילונגען ביי שלאָפן אין קאַלטע קעלערס און בוידעמער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך בעת די „אַקציעס" אין געטאָ. די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטאַטאַ און די פּסיכישע איבערלעבונגען האָבן אויך געבראַכט צו אורין־פאַרהאַלטונגען. אַ קאַטעטער איז געווען שווער צו קריגן אין געטאָ. אין די מלינעס האָט מען, פאַרשטענדלעך, די זקנים ניט געקאָנט קאַטעטריזירן. זענען אַ סך זקנים געשטאָרבן פון נאַטירלעכן אורעמיא־טויט און אַזוי אַרום באַפרייט געוואָרן פון אַרויסגעפירט צו ווערן קיין פּאַנאַר, אָדער אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ. אַ מאַסן־דערשיינונג אין געטאָ איז געווען דאָס זייער אָפטע אָפּגעבן אורין און דאָס אָפּגעבן אורין אין גרויסע כמותן.

אין די פאָדער־צימערס פון די געטאָ־וואוינונגען זענען געשטאַנען גרויסע עמערס און צעבערס: די מענטשן פלעגן גיין אָפּגעבן אורין 4-8-10 מאָל אַ נאַכט. די מענטשן פלעגן זיך אויפכאַפּן פּלוצלינג פון שלאָף מיט אַ דרינגענדיקן באַדאַרף גלייך אָפּצוגעבן אורין, און זיי פלעגן לויפן צום עמער אָפּקלאַפּנדיק זיך אין די שלאָפנדיקע שכנים. עס איז געווען אַ פּלאָג פון די נעכט דאָס שטענדיקע אומאויפהערלעכע מאַרשירן פון די שכנים אין דער חושך צו דעם אורין־עמער.

די סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג האָט מען געוואָלט דערקלערן מיט פּסיכישע מאָמענטן, וואָס רופן אַרויס ספּאַזמען פון דער פענבער־מוסקולאַטור, מיט דער שפּייז, וואָס איז געווען צו רייך אין וואַסער־מענגען מיט דער זופּ, וואָס דער עולם האָט געטרונקען ביים מאַנגל אין אַנדערע באַשפּייזונגען.

עס איז אויך געווען אַ מיינונג, וועלכע האָט עס געוואָלט דערקלערן מיטן מאַסן־באַנוצן סאַכאַרין צו טיי. (געקאָכט וואַסער, באַפאַרבן מיט עפּעס געמיש פון געטרוקנטע בלעטער און יאַגדעס). צוקער איז געווען אין געטאָ אַ זעלטענע דערשיינונג.

אויך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד האָב איך אָבסערווירט אַלס אַן אַלגעמיינע דערשיינונג דאָס אומנאָרמאַל־אָפטע אורינירן: די מענטשן פלעגן אָפּגעבן אורין 10-15 מאָל אַ טאָג ביי דער אַרבעט אויף דער שטרעקע, און 4-5 מאָל אַ נאַכט אין לאַגער (דאָס האָט זיי געבראַכט ניט איין מאָל צו ווערן מערדעריש געשלאָגן דורך די אַרבעטס־אויפזעער און באַראַקן־עלטסטע).

## 8) געשווילעכצן

**אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג אין געטאָ־לעבן זענען געווען די געשווילעכצן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן ביי אַ סך מענטשן אויף די הענט, אויף די פיס, ווי אויך אויפן פּנים.**

מען האָט געזוכט צו דערקלערן די סיבות פון די דאָזיקע געשווי־לעכצן מיט שטערונגען פון דעם נירן־סיסטעם, מיט האַרן־דיספונקציעס, מיט האָרמאָנאַלע שטערונגען, היפּאָ־וויטאַמינאָזן און אַ־וויטאַמינאָזן (טיילווייזער אָדער פולקומער מאַנגל פון וויטאַמינען). מיט אויסשעפּונג פון שווערער אַר־בעט, מיט וויסל־הונגער. ביי פאַרבעסערונגען פון דער דערנערונג און ביי איינ־רעגולירונג פון לעבן אין געטאָ זענען די געשווילעכצן באַדייטנדיק פאַרשוואונדן. אַנדערע האָבן דאָס דערקלערט מיט די גרויסע צאָלן זופּן און וואַסער, וואָס מען פלעגט טרינקען אין געטאָ. צו אַ הסכם אין דער אויפקלערונג פון דער סיבה פון דעם דאָזיקן דעפעקט פון וואַסער־ווירטשאַפט אין אָרגאַניזם איז שווער געווען צו קומען. די הערשענדיקע מיינונג ביי די מעדיציניער אין געטאָ איז געווען, אַז די געשווילעכצן זענען אַ רעזולטאַט פון עטלעכע באַזונדערע סיבות פון געטאָ־לעבן.

אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן פון עסטלאַנד און דייטשלאַנד איז די עקסטרעמיטעטן — און פּנים־געשווילעכץ געווען על פּי רוב זייער פּראָגנאָס־טיש פאַר אַן אָקנומענדיקער, שנעלער, אַלגעמיינער קערפּער־אָפּשוואַכונג.

## 9) דאַרם־שטערונגען

די צו אָפטע נויטווענדיקייט אָפּצוגעבן קויט (קאַל), איז געווען אַ מאַסן־דער־שיינונג אין געטאָ. אַ סך מענטשן פלעגן מוזן דערליידיקן צוויי ביז דריי מאָל אַ נאַכט דעם דאָזיקן פיזיאָלאָגישן געברויך. אין די פּאָדער־צימערס איז געווען שווער אַרויסצו־זעצן קויט־עמערס, ווייל די שכנים פלעגן פּראָטעסטירן צוליבן שלעכטן גערוך. פלעגט מען מוזן זייער אָפט לויפן אין די קאַלטע נעכט אויפן הויף, אין די קלאָזעטן, וועלכע זענען געווען פינצטער צוליב דער לופט־אַלאַרם־פאַרטונקלונג, און דעריבער אויך פאַרשמוציקט. בכדי אויסצומיידן די דאָזיקע אומבאַקוועמלעכקייט, פלעגן מענטשן אויף יעדן פאַל פאַרן גיין שלאָפן שטעלן זיך אין לאַנגע רייען.

דאָס אָפטע אָפּגעבן קויט (וועלכע איז געווען צום מייסטן שיטער אין איר קאָנסיסטענץ) איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם צו פיל טרינקען זופּן און פון דער דערנערונג, וועלכע איז געווען צו רייך אין צעלולאָז און צו אָרעם אין ווייסל־שטאָף.

עס איז געווען אַ שטאַרקע נייגונג צו גאַסטראָ־ענפּעראָקאָליטן (מאָגן־און דאַרם־אַנצינדונגען). פאַר טאַנאַלבין־טאַבלעטן (אויף צו פאַרהאַלטן דעם מאָגן) פלעגט מען אין געטאָ צאָלן גרויסע פּרייזן.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז גאַסטראָ־ענטעראָ־קאָליטיס אין אַ שאַר־פער פאָרם געווען אַ מאַסן־דערשיינונג, וועלכע האָט דערבראַכט צו אַן אַלגעמיי־נער אָפּשוואַכונג פון קערפּער און צו זייער פיל טויט־פאַלן. איינע פון די הויפּט־סיבות פון נאַטירלעכן טויט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז געווען די די־זענטעריע־קראַנקייט, וועלכע האָט דאָרטן שטענדיק געהערשט און פון צייט צו צייט אָנגענומען שטורמישע עפּידעמיע פאָרמען.

## 10) הינערשע בלינדקייט

אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן צאָלרייכע פאַלן פון „הינערשער בלינדקייט", פון ניט קענען אָפּשיידן בין השמשות קיין געשטאַלטן און פאַרבן — אַלס פּראָדוקט פון מאַנגל אין וויטאַמין „אַ".

אין די לאַגערן פלעגט העמעראלאָפּיע אויפטרעטן פּלוצעם ווי אַ דונער, ביי גרעסערע גרופּן מענטשן. דער עולם פלעגט עס רופן: „אַ בלינדקייט־עפּידעמיע". עס זענען געווען גענוג קליינע פאַרבעסערונגען אין שפּייז, דער עיקר אין פּרט פון פעטס, אַז די העמעראָלאָפּיע זאָל טיילווייז אָדער אינגאַנצן פאַרשווינדן.

## 11) די פאַרגרעסערטע שילד־דריזע — סטרומאַ

אַן אויסערסט כאַראַקטעריסטישע פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג אין געטאָ איז געווען

די עפּידעמישע קינדער־סטרומאַ, וועגן וועלכער עס וועט אין די ווייטערדיקע קאַפּיט־לען געניער באַהאַנדלט ווערן. אויך ביי דערוואַקסענע, ספּעציעל ביי פרויען, האָבן זיך באַוויזן מערערע סטרומעס.

עס איז כדאי צו פאַרנאָטירן, אַז אין געטאָ זענען באַמערקט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע צאָל פאַרגרעסערטע שפּיי־דריזן.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָב איך ניט באַמערקט קיין סטרומע ביי קינדער און דערוואַקסענע. הינגעגן האָבן זיך געלאָזט מערקן אָפטע פאַרגרעסערטע שפּיי־דריזן, וועלכע האָבן זיך נאָך אָנגעהאַלטן אייניקע חדשים נאָך דער באַפרייאונג.

## 12) טובערקולאָז

אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון וואַקסנדיקער טובערקולאָז, ספּעציעל ביי די קינדער. לויט די רענטגען־דורכזוכונגען, געמאַכט פון שול־מעדיצינישן צענטער אין געטאָ־ווילנע, זענען קרוב זיבציק־אַכציק פּראָצענט קינדער געווען מיט פאַרגרעסערטע פּערי־בראָנכיאַלע דריזן. די פּירקעט־רעאַקציע איז געווען שטאַרק פּאָזיטיוו ביי קינדער אין גאַר יונגען עלטער. די לעצטע חדשים פון געטאָ האָבן זיך באַוויזן ביי די קינדער מערערע פאַלן פון עריטעמאַ נאָדאָזום, ווי אויך טובערקולאָזע אינפילטראַטן אין די לונגען. קיין מאַסן־כאַראַקטער האָט דער טובערקולאָז ניט באַוויזן אָנצונעמען אין געטאָ.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט זיך טובערקולאָז פון די לונגען מאַניפעסטירט ביי די אַרישע אַרעסטירטע — אין פאַרגלייך מיט די יידישע — באַדייטנדיק אָפטער, און אין שאַרפערע טויט־ברענגענדיקע־פאָרמען. אין וואַרשעווער געטאָ האָט טובערקולאָז אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער אין דער תקופה פון נאָך דער פלעק־טיפוס־עפּידעמיע.

# סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג

## „אַכטונג — זויכע־געפאַר" !

אויף די טויערן פון געטאָ האָט די דייטשע מאַכט אויפגעהאָנגען אַ גרויסע אויפשריפט: „אַכטונג, זויכע־געפאַר, איינטריט פאַר ניט־יידן שטרענג פאַרבאָטן!"..

די יידישע דאָקטוירים האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַן אויסברוך פון אַ ווירקלעכער עפּידעמיע קען פאַרשנעלערן דעם אומקום פון געטאָ, און אַז דער קאַמף פאַר פאַר־היטן אַן עפּידעמיע, איז אַ קאַמף אויף געווינען צייט און פאַרלענגערן ביזן מעגלעכן מאַקסימום די טעג פון די יידן. גלייך אין די ערשטע טעג פון געטאָ איז צוזאַמענגע־רופן געוואָרן אויפן הויף סטראַשון־גאַס 6 אַ באַראַטונג פון די יידישע דאָקטוירים, ווי צו פאַרבעסערן די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין געטאָ־לעבן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר איר הויפּט־אויפגאַבע אַריינצוברענגען אין די טרויעריקע באַדינגונגען היגיענע און סאַניטאַריע, באַקעמפן און פאַרהיטן די יידישע איינוואוינערס פון אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

קאַמף קעגן שמוץ אין די הויפן און הייזער (סכנה פאַר בויך־טיפוס און דיזענטעריע), קאַמף קעגן לייז (סכנה פאַר פלעק־טיפוס), קאַמף קעגן קרעץ, דיפטעריט און אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן — דאָס זענען געווען די לאָזונגען פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג. מען האָט אין ווילנער געטאָ געוואוסט,

אַז אין קאָוונער געטאָ האָבן די דייטשן פאַרברענט אַ שפּיטאָל מיט יידן, אונטער דעם אויסרייד, אַז דאָרטן זענען געווען פאַלן פון אַ שווערער אומהיילבאַרער קראַנקייט (צרעת).

בראש פון דער אָפּטיילונג איז געשטאַנען ד״ר לאַזאַר עפּשטיין פון קאָוונע, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו און עקשנות אין דער אַרבעט. אין דער אָפּטיילונג האָבן געאַרבעט (אַנדערע סטאַביל און אַנדערע אין געוויסע פּעריאָדן): ד״ר אימעניטאָווא, ד״ר גאָלדבורט, ד״ר בערנשטיין, ד״ר גליקסבערג, ד״ר זיידלער, ד״ר עמנואל עפּשטיין, ד״ר קאָלאָדנער, ד״ר קאָסטשענעווסקי, ד״ר כמיעלניק־וויטש, און דער שרייבער פון די שורות. אין דער סאַניטאַר־עפּידעמאָלאָגישער אָפּ־טיילונג זענען געווען טעטיק אַ גרעסערע צאָל יידישע קראַנקן־שוועסטערס.

ד״ר לאַזאַר עפּשטיין איז געווען אַקטיוו אין ליטע אַלס מיטגליד פון דער צענטראַלע פון דער ליטוויש־סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פאַרעפנטלעכט אויף ליטוויש אַ בוך וועגן שול־היגיענע, לעצטנס אויך געשריבן יידיש.

## סאַניטאַרע ראַיאָן־דאָקטוירים און שוועסטערס

דער געטאָ איז צעטיילט געוואָרן אין ראַיאָנען. יעדער ראַיאָן איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אַ סאַניטאַר־עפּידעמאָלאָגישן דאָקטאָר און אייניקע שוועסטערס, וועלכע זענען אַ גאַנצן טאָג געגאַנגען פון דירה צו דירה, פון צימער צו צימער, דערמאָנען און אַפּעלירן, אויסצוקערן די שטובן, לופטערן דאָס בעטגעוואַנט, וואַשן טעלערס און טעפּ, וואַשן די דילן, אַראָפּנעמען שפּינוועבס פון די בילדער און ווענט. זיי פלעגן געבן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו קעמפן מיט די וואַנצן, אַכטונג צו געבן אויף דער היגיענע פון די הויפן, פון די מיסט־קאַסטנס, רעגולירן דאָס שיקן אין באָד און דעזינפעקציע, פירן רשימות פון די פאַרלייזיקטע און די פאַר־קרעציקטע, וואָס נויטיקן זיך אין ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט און קאָנטראָלע.

## קאַמף קעגן לייז, סאַניטאַרער דורכלאָז־פּונקט

איינס פון די הויפּט־פאַרדינסטן פון דער סאַניטאַר־עפּידעמאָלאָגישער אָפּטיי־לונג איז געווען דאָס געלונגענע באַקעמפן פון דער לייז־פּלאָג און דאָס פאַרהיטן די געטאָ־באַפעלקערונג פון דער פלעק־טיפוס־עפּידעמיע.

ביי דער מיטהילף פון אינזשעניער מאַרקוס איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גרויסער סאַניטאַרער דורכלאָז־פּונקט (באָד און דעזינפעקציע) אויף רודניצקער־גאַס 6 און שפּעטער אויך אַ צווייטער אויף סטראַשון־גאַס 6. פון פרימאָרגן ביז שפּעט ביי נאַכט פלעגן גיין פּאַרטיעס יידן צו צוויי און צוואַנציק מאַן אין אַ גרופּע, צום באָדן און דעזינפעקציע, וועלכע פלעגן דויערן אַ שעה פאַר אַ פּאַרטיע.

## דער משפּט איבער דער געטאָ־לויז

בכדי צו פאַראינטערעסירן דעם עולם צו קעמפן קעגן די לייז און אויפקלערן די סכנה פון פלעק־טיפוס, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין גרויסן געטאָ־זאַל, רוד־ניצקע־גאַס 6, אַן „עפנטלעכער משפּט איבער דער לויז״, וועגן וואָס עס איז פּלאַ־קאַטירט געוואָרן אין אַלע געסלעך. ד״ר לאַזאַר עפּשטיין האָט אַלס פּראָקוראָר באַשולדיקט די לויז, אַז זי פייניקט די געטאָ־איינוואוינערס, ציט אויס זייער בלוט

און וויל ברענגען צום טויט דורך אירע עפידעמיע־מעגלעכקייטן. ד"ר פאטשער, אַלס פאַרטיידיקער האָט געבעטן רחמנות פאַר דער לויז, ווייל זי איז ניט שולדיק, וואָס זי זויגט בלוט; אַזאַ איז איר ביאָלאָגישע אייגנשאַפט — נאָר שולדיק זענען די באַדינגונגען, וועלכע דערלויבן די לויז זיך צו אַנטוויקלען. ד"ר קאַלאָדנער און איך האָבן אין דער ראָלע פון עקספערטן דערקלערט דעם עולם, ווי אַזוי די לייז ברענגען די פלעק־טיפוס־עפידעמיע און מיט וואָס עס דראָט דעם געטאָ. אַ גאַנצע רייע קראַנקנשוועסטערס און די לערערין צביה גאַבאַזשנאַ זענען געווען עדות פון דער באַשולדיקונג. די ריכטערס האָבן אַרויסגעטראָגן זייער אורטייל, אַז די לויז מוז פאַר־ברענט ווערן אין דער דעזינפעקציע־קאַמער און מוז פאַרשווינדן פון געטאָ, צוזאַמען מיט די באַדינגונגען, וועלכע האָבן זי געבראַכט...

## פריזירערייען

עס זענען געווען אייניקע שער־אַנשטאַלטן. זיי זענען געשטאַנען אונטער דער טעגלעכער קאָנטראָלע פון דער סאַניטאַר־עפידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג. אַ ספּעציעלע קינדער־שערעריי איז געווען ביי דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, וואוהין עס פלעגן געשיקט ווערן דורכן שול־מעדיצינישן צענטער די קינדער צו אַן אומ־זיסטער און אָבליגאַטאָרישער האָר־שערונג. אין די לעצטע הדשים פון געטאָ, ווען מען האָט געוואַרט אויף דער ליקווידאַציע, האָט מען אויפגעהערט מקפיד צו זיין אויף דער האָר־שערונג, בכדי אין פאַל פון אַנטלויפן פון געטאָ זאָל מען לויט דעם נעט־געשוירענעם קאָפּ ניט דערקענען, אַז דאָס איז אַ געטאָ־קינד.

## פּאָפּולערע לעקציעס

די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג פלעגט אָפּט איינאָרדענען לעקציעס אין געטאָ־זאַל, ווי אויך אין די פאַרשידענע אַרבעטס־איינהייטן, ווי אַזוי צו פאַרהיטן זיך פון פאַרשידענע דראָענדיקע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן: בויך־טיפוס, פלעק־טיפוס, דיזענטעריע און אַנדערע.

## אַנטי־סקאַביעס־פונקט

אויף שפּיטאָל־גאַס האָט זיך געפונען אַ פונקט, וואו אונטערן אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר האָבן די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע שוועסטערס דורכגעפירט איינרייבונ־גען פון אַנטי־סקאַביעס־מיטלען ביי קראַנקע און זייערע משפּחות. אָנפירערין פונם פונקט איז געווען פרוי ד"ר לובע כאַלעם.

## אַנטי־טב"צ־פונקט

אויף רודניצקע־גאַס 10 האָט זיך געפונען אַ פונקט פאַר קראַנקע אויף טובער־קולאָז, וואו זיי האָבן באַקומען קאַלך־איינשפּריצונגען. דאָרט פלעגט מען מאַכן רענטגען־דורכלויכטונגען, פּניימאָטאָראַקסן און טובערקולין־פּראָבן פאַר קינדער. דער אָנפירער איז געווען דער ד"ר וו. פאַטשטער.

## אַנטי־וואַנצן־בריגאַדע

בכדי צו באַקעמפן די וואַנצן, וועלכע זענען זומערצייט געווען אַ שווערע פּלאָג, איז געשאַפן געוואָרן אַ בריגאַדע פון שוועסטערס מיט דעזינפעקטאָרן, וועלכע פלעגן דורכפירן די וואַנצן־פאַרניכטונג אין די הייזער און דערנאָך אָפּט קאַלכן די ווענט.

### דעזינפעקציע־קאַמערן

ביי דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג האָט עקזיסטירט אַ דעזינפעקציע־קאַמער, וואוהין עס פלעגן אָפּגעשיקט ווערן אַלע זאַכן פון די איינוואוינערס, וואו עס האָט געטראָפן אַ פאַל פון אַן אָנשטעקנדיקער קראַנקייט.

### וועשעריין

נעבן געטאָ-שפּיטאָל האָט עקזיסטירט אַ וועשעריי, וואו מען האָט געוואַשן לכתחילה נאָר די דעזינפעקצירטע וועש פון קראַנקע און זייערע משפּחות. שפּעטער איז די וועשעריי פאַרברייטערט געוואָרן, אַזוי אַז יעדער געטאָ־איינוואוינער האָט געהאַט דאָס רעכט צו וואַשן פינף קילאָ וועש, איין מאָל אין חודש, לויט דער רייע. די לייטערין פון דער וועשעריי איז געווען ד״ר נעמי גאָרדאָן. שפּעטער איז צוגעקומען אַ צווייטע גרויסע וועשעריי, וואו עס פלעגן געוואַשן ווערן די זאַכן פון דייטשע זעלנערס געפאַלענע אויפן פראָנט. בראש פון דער דאָזיקער וועשעריי איז געשטאַנען אברהם פּינטשוק, וועלכער איז געווען אַ ווירטשאַפטלעכער אָנפירער פון דער געזונטהייטס-אָפּטיילונג.

### דאָס אַרויספירן דאָס מיסט

בכדי צו פאַרהיטן דעם געטאָ פון דער דראָענדיקער געפאַר צוליב די וואַקסנדיקע בערג מיסט, האָט די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג אָנגעהויבן אַ מאַסן־אַקציע פון אַרויספירן דאָס מיסט אויסערן געטאָ אויף פורלעך פון פויערים פון אַרומיקער געגנט, וועלכע פלעגן באַצאָלט ווערן פאַר זייער אַרבעט מיט קענען באַנוצן זיך מיט די אַרויסגעפירטע מיסט און קאַרטאָפל־שאָלעכץ (צו באַמיכטיקן די פעלדער און געבן עסן די בהמות), ביים אַרויספירן די טויזנטסטע מיסט־פור פון געטאָ האָט די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן אָפּעל אונטערן נאָמען: „טויזנט פורן מיסט״! אויף די ווענט פון דער אָפּטיילונג איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אַ פּלאַקאַט, אויף וועלכן עס זענען געמאָלט געוואָרן אומענדלעכע שורות פון פורן, וואָס גייען פון געטאָ באַלאָדן מיט מיסט...

### די הויף־וועכטערס פון געטאָ

בכדי אויף די הויפן פון געטאָ זאָל הערשן אַ שטענדיקע ריינקייט, סיי אויף די הויפן גופא און סיי אויף די טרעפּן, סיי אין די קלאָזעטן און מיסט־קאַסטנס, אַזוי אַז ביי אַ דייטשער קאָנטראָל-קאָמיסיע זאָלן וועגן דער אַנטי־סאַניטאַרישקייט אין געטאָ ניט אַנטשטיין נייע אומבאַקוועמלעכקייט, איז באַשטימט געוואָרן אויף יעדן הויף אַ הויז־וועכטער, וועלכער האָט פאַר זיין אַרבעט געהאַט אַ לעבנסשיין. די הויף־וועכטערס זענען געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, וועמענס דאָקטוירים פלעגן יעדן טאָג נאָכן באַזוכן די הויפן אַריינשרייבן אין די „הויף־וועכטער־ביכלעך״ זייערע באַמערקונגען און דעזידעראַטן. פאַר ניט האַלטן ריין דעם הויף האָט דער הויף־וועכטער געקענט פאַרלירן זיין לעבנס־שיין.

### צימער־רוימערינס־בריגאַדע

בכדי עס זאָל זיין ריין אין אַלע אָפיציעלע אַנשטאַלטן פון דער געטאָ־פאַרוואַל־

טונג, איז באַשטימט געוואָרן אַ בריגאַדע פון צימער־רוימערינס, וועלכע פלעגט יעדן טאָג וואַשן די דילן פון די אַנשטאַלטן און ברענגען זיי צו מוסטערהאַפטער אָרדענונג. די צימער־רוימערינס האָבן זיך הויפּטזעכלעך רעקרוטירט פון פרויען פון געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוערס אין ווילנע, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע מענער און זייער שוץ. אַרבעטנדיק אַלס צימער־רוימערינס, האָבן די פרויען געהאַט די מעגלעכקייט צו האָבן אַ לעבנס־שיין.

## אימפונגען קעגן בויך־טיפוס

בכדי צו פאַרהיטן דעם געטאָ פון אַ בויך-טיפוס-עפּידעמיע און אירע „קרובֿהדי־קע" קראַנקייטן, זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך דער סאַניטאַר־עפּידעמאָלאָגישער אָפּטיילונג איינשפּריצונגען קעגן בויך־טיפוס, דיזענטעריע און כאָלערע („טעטרא"). צוואַנגסמעסיק זענען געאימפּט געוואָרן אַלע אָנגעשטעלטע פון די געטאָ-קיכן, שפּייז־קראָמען, לערערשאַפט און מעדיצינישער פערסאָנאַל. די אימפונגען זענען פאָרגעקומען אין אַ ספּעציעלן אימפונגס־פונקט. דער מאַטעריאַל צו די אימפונגען איז צוגעשיקט געוואָרן דורך די דייטשן. (ניט האָבנדיק קיין צוטרוי צו דעם מאַטעריאַל, האָט מען פריער געאימפּט אין געטאָ די הינט און אַנדערע בעלי־חיים, בכדי צו זען צי דער מאַטעריאַל איז ניט גיפטיק).

די טיי־הייזער אין געטאָ, וואו מען האָט אַ גאַנצן טאָג באַקומען געקאָכט וואַסער פאַר ביליק געלט, האָבן באַדייטנד מיטגעווירקט אינם באַקעמפן די געפאַר פון בויך-טיפוס.

## געטאָ־קאַראַנטין

נעבן טויער פון געטאָ, רודניצקע־גאַס 19, האָט זיך געפונען אַ קאַראַנטין, אונטער דעם אויפזיכט פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, וואו עס פלעגן זיך געפינען אין אַ באַשטימטן טערמין די יידן, וועלכע זענען אָנגעקומען פון די אַרומיקע לאַגערן, ביי וועלכע עס איז געווען אַ פאַרדאַכט פון פלעק־טיפוס אָדער אַנדערע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. אָנפירערין איז געווען ד״ר אימענטאָווא (די שוועסטער פון פּאָטי קרעמער).

## בלומען־גערטנדלעך

אין געטאָ איז געווען אינגאַנצן איין בוים, אויפן הויף פון רודניצקע־גאַס 6, אויף אַ פּלעצל, וואו עס איז געווען אַמאָל אַ גערטנדל. אַרום דעם בוים פלעגט די געטאָ־יוגנט גיין שפּאַצירן. די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג איז אַרויס מיט דער איניציאַטיוו צו פאַרפלאַנצן קליינע בלומען־גערטנדלעך אויף רודניצקע־גאַס 6, ווי אויך אויף אַ גאַנצער רייע אַנדערע הויפן. אַ בלומען־גערטנדל אין פאָרם פון אַ מגן־דוד איז איינגעפלאַנצט געוואָרן נעבן שול־מעדיצינישן צענטער, ביי דעם טייל פון טויער פון געטאָ, וואָס האָט אָפּגעטיילט די סטראַשון־גאַס, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ, פון דער זאַוואַלנער־גאַס, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ. די קינדער פלעגן זיך שפּילן ביי די גערטנדלעך און בגנבה אַראָפּרייסן אַ בלום פאַר דער מאַמען.

## סאַניטאַרע פּאָליציי

ביי דער געטאָ־פּאָליציי איז געווען אַ ספּעציעלע סאַניטאַרע אָפּטיילונג, וועלכע האָט אַכטונג געגעבן אויף דער אויסערלעכער ריינקייט פון די גאַסן, מויערן, פענצטער,

רעגולירן די אַרויספּירונגען פון שניי און אָפּפאַל, די פּינקטלעכע אויספירונגען פון אירע פאַראָרדענונגען, פלעגט די סאַניטאַרע פּאָליציי אַרויפּצווינגען מיט שווערע געלט־שטראָפן אָדער מיט זעצן אין געטאָ־תפיסה. בראש פון דער סאַניטאַרער געטאָ־פּאָליציי איז געשטאַנען דער ענערגישער און זייער שמירעוודיקער רפאל אָסטער פון קאָוונע. די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג האָט דאָקעגן געהאַלטן, אַז די ריינקייט אין געטאָ דאַרף מען דורכפירן ניט דורך זעצן אין תפיסה, נאָר דורך אומאויפהערלעכער פּראָפּאַגאַנדע, אויפקלערונגען און איבערצייגונג פון די ייִדן אין דער וויכטיקייט פון דער זאַך און אין דער סכנה, וואָס ליגט פאַר אַלעמען אין פאַל פון אַן עפּידעמיע.

## דאָס געטאָ־שפּיטאָל

דאָס ייִדישע שפּיטאָל, וואָס האָט זיך אַמאָל אָנגערופן „דער הקדש", האָט עקזיסטירט אין ווילנע אַן ערך הונדערט פערציק יאָר. עס איז געווען דאָס ייִדישע ווילנער פּאָלקס־שפּיטאָל, אין אים פלעגן די ייִדישע דאָקטוירים רעדן מיט די קראַנקע אויף ייִדיש, סיי ביי דעם רוסיש־צאַרישן, סיי ביים פּוילישן, סיי ביים ליטווישן רעזשים. פּסח פלעגט איינגעאָרדנט ווערן אַ סדר פאַר די קראַנקע. חנוכה און פּורים פלעגט געמאַכט ווערן יום־טובים פאַר די קינדער. דאָס שפּיטאָל איז פאַרן קריג געשטאַנען צענדליקער יאָרן אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן ייִדישן מעדיצינער און שריפטשטעלער ד"ר א. ווירשובסקי, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע וויסנשאַפטלעכע ווערק אויפן געביט פון דער ייִדישער פּסיכיאַטריע. אין געטאָ איז ד"ר א. ווירשובסקי געלעגן אין שפּיטאָל אַן אַלטער, אַן אָפּגעשוואַכטער און שטאַרק צוזאַמענגעבראָכענער וועגן זעלבסטמאָרד פון זיין חבר, דעם ווילנער באַקאַנטן דאָקטאָר גרשון גרשוני. דאָס ייִדישע שפּיטאָל האָט אָפּגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין לעבן פון געטאָ: דאָס איז געווען דער איינציקער אַנשטאַלט, וועלכער איז געבליבן נאָך פון די צייטן פון פאַרן געטאָ — אַלע אַנדערע האָט מען געדאַרפט ערשט בויען. אין געטאָ־שפּיטאָל האָט מען געצויגן ווייטער די אַלטע טראַדיציע. מיט די פענצטער איז דער געטאָ־שפּיטאָל אַרויס אויף זאַוואַלנע־גאַס — אויסערן געטאָ. אָנגעפירט מיטן שפּיטאָל האָט פון אָנהויב ד"ר מ. בראָדסקי, שפּעטער — ד"ר א. סעדליס. עס זענען אין אים געווען פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען: פרויען, פּסיכיאַטריע, קינדער, כירורגיע, אינערלעכע, אינפעקציעזע.

### דער פאַרווער פון שוואַנגערשאַפט

די פרויען־אָפּטיילונג האָט געהאַט אַ „ספּעציעלע" אויפגאַבע, ווייל עס איז געווען אין געטאָ אַ פאַרווער צו געבוירן קינדער. שוואַנגערשאַפט האָט געדראָט מיט טויט. דאָך האָבן די דאָקטוירים ניט אַזוי אָפּגעהיט די דייטשע פאַראָרדענונג. שוואַנגערע פרויען פלעגן געהיים געבוירן קינדער אין ייִדישן געטאָ־שפּיטאָל און עס איז ניט געווען קיין איין פאַל, אַז מען זאָל אָפּזאָגן אַ קימפּעטאָרן אָנגענומען צו ווערן אין שפּיטאָל, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די געשרייען ביי די געבורט־ווייען פלעגן זיך אַרויסרייסן פון די שפּיטאָל־פענסטער און זיי האָבן געקענט אַרויסרופן די אויפמערקזאַמקייט פון די שטענדיקע דייטשע באַזוכער אין געטאָ. די

קינדער פלעגן אויסבאַהאַלטן ווערן דורך די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטערס אין ספּעציעלע צימערן־„מאַלינעס״, דאָרטן פלעגט מען זיי געבן צו זייגן. אַז די זויגלינגען זענען אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָט מען זיי פאַרשריבן אַלס קינדער געבוירענע פאַרן אַריינקומען פון די דייטשן אין ווילנע. איינס פון די נייִ־געבוירענע קינדער אין געטאָ האָט מען אַ נאָמען געגעבן „מאַלינע״ (קינד פון דער לערערין סטאַליצקאַ). אַ סך פרויען האָבן דורכגעמאַכט אַבאָרטן אין ווילנער געטאָ־שפּיטאָל, ווייל די שוואַנגערשאַפט האָט געשטערט צו דער אַרבעט, און ניט אַרבעטנדיק האָט מען ניט געהאַט קיין לעבנס־שיין. עס איז אָבער געווען אַ גרויסע צאָל פרויען, וועלכע האָבן ניט געקוקט אויף דער טויט־סכנה, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער שוואַנגערשאַפט: זיי האָבן געוואָלט אויסטראָגן דאָס קינד, כדי עס זאָל זיין אַ נאָמען און אַ זכרון נאָך דעם אומגעקומענעם מאַן אין פּאָנאַר.

## ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעפירט די משוגעים פון שפּיטאָל

אין שפּיטאָל פלעגט זיך אָפּשפּיגלען די טראַגעדיע פון יידישן לעבן אין געטאָ, זיין נערוועאישקייט און זיינע וואַריאַבלע שטימונגען. עס זענען געווען ציטן, ווען דער עולם האָט זיך געשטופּט אָנצוקומען אין שפּיטאָל אַלס קראַנקער, מיט דער האָפענונג דאָרט ניט געכאַפּט צו ווערן צו דער צוואַנגס־אַרבעט. עס זענען אָבער אויך געווען ציטן, ווען די קראַנקע פלעגן מאַסנווייז פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל, פאַר מורא, אַז מען זאָל זיי ניט שיקן קיין פּאָנאַר. אַזוי למשל האָט געשטאַפּאָ „ליקווידירט״ גלייך אין די ערשטע חדשים פון געטאָ, די פּסיכיאַטרישע אָפּטיילונג. די דייטשע מאַכט האָט דאַן צונויפגעזאַמלט אַלע פּסיכישע קראַנקע פון דער אומגעגנט אין יידישן שפּיטאָל. דער ס״ס־מאַן שווײנענבערג איז דאַן געקומען אין געטאָ־שפּיטאָל, געוואָרכן זעמל און בולקעס פאַר די משוגעים און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, אַז דאָ איז זיי שלעכט, ער וועט זיי פירן אין אַ בעסערן אָרט, וואו מען וועט זיי געבן בעסער עסן. ער האָט זיי אַריינגענאַרט אין אַן אויטאָ און זיי אַוועקגעפירט קיין פּאָנאַר... אין יענער צייט האָט אין געטאָ געשפּילט אַ ראָלע פון אַ סאַניטאַרן־משגיח, נאָמינירט דורך דער געשטאַפּאָ און אַ בעל־דעה איבער דעם יידן־ראַט, איינער אַ ייד קאַמבער, וועגן וועלכן מען האָט געמורמלט, אַז ער איז ניט אין גאַנצן ביים זינען. שווײנענבערג האָט אים פאַרלאָדן מיט דעם טראַנספּאָרט משוגעים צום נייעם „היילונגס״־אָרט. קאַמבער איז פון דער דאָזיקער נסיעה שוין מער ניט צוריקגעקומען (אָקטאָבער 1941).

## אונטערגעוואָרפענע קינדער

אין די שווערע ציטן פון די „אַקציעס״, פלעגן די עלטערן, וועלכע האָבן ניט געהאַט די אַזוי גערופענע „לעבנס־שיינען״, איבערלאָזן זייערע קינדער אין שפּיטאָל. איז געלונגען די עלטערן דורך אַ נס אויסצובאַהאַלטן זיך, זענען זיי נאָך דער אַקציע געקומען אין שפּיטאָל אָפּנעמען די קינדער. האָבן זיי אָבער געטיילט דעם טראַגישן גורל פון אַלע „שיינלאָזע״ יידן, זענען זייערע קינדער איבערגעבליבן אין שפּיטאָל אין דער קינדער־אָפּטיילונג, ביז וואַנען מען האָט זיי אַריינגענומען אין די „יתומים־הייזער״ אָדער אינטערנאַטן.

## אויסבאַהאַלטענע פון פּאַנאַר

אין דער כירורגישער אָפּטיילונג האָט מען אַ חוץ די געוויינלעכע כירורגישע אָפּעראַציעס, אויך אָפּט באַהאַנדלט אומגליקס־פאַלן ביי דער אַרבעט, אין דער כירורגישער אָפּטיילונג זענען אויך געלעגן די איינצלנע פאַלן, די ניט צום־טויט־דערשאָסענע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון פּאָנאַר און באַקומען מעדיצינישע הילף. דאָרט זענען אויך פאַרשריבן געוואָרן עדות־זאָגונגען פון די געראַטעוועטע, וואָס ס'פלעגט איבערגעגעבן ווערן דעם געהיימען געטאָ־אַרכיוו.

## ווער האָט זיך געהיילט אין דער אינערלעכער און אינפעקציעזער אָפּטיילונג?

אין דער אינערלעכער אָפּטיילונג זענען געלעגן געוויינלעך אַלע קראַנקע אויף האַרץ, מאָגן וכדומה. עס האָבן זיך אַזוי אויסבאַהאַלטן לערערס, געזעלשאַפטלעכע



ד"ר קלמן שפּיראָ
לייטער פון געטאָ־אַמבולאַטאָריום
און רעדאַקטאָר פון „פאָלקס־געזונט" אין געטאָ.



ד"ר זאב וואָלף שומעלסקי
לייטער פון דער „אָבסערוואַציע־אָפּטיילונג" אין געטאָ־שפּיטאָל.

טוערס, וועמענס איינציקע קראַנקייט איז געווען אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג און אומפעאיקייט צו פיזישער אַרבעט.

די טובערקולאָזע קראַנקע האָבן זיך געפונען אין אַ באַהאַלטענער אָפּטיילונג אויף שפּיטאָל־גאַס 9. צייטווייליק פלעגט מען זיי אויסבאַהאַלטן אין אַ ספּעציעל איזאָלירטער אָפּטיילונג, אין בנין פון שפּיטאָל גופא, זיי האָבן פיגורירט אונטער אַנדערע וויניקער געפערלעכע דיאַגנאָזן, ווייל די דייטשן האָבן געשטרעבט צו ליקווידירן די טובערקולאָזע קראַנקע. אויף שפּיטאָל־גאַס 9 האָט זיך אויך געפונען אַן אָפּטיילונג פאַר כראָנישע און אומהיילבאַרע קראַנקייטן.

די אינפעקציעזע אָפּטיילונג האָט געטראָגן דעם נאָמען „אָבסערוואַציע־אָפּטיילונג". קיין פלעק- און בויך־טיפוס האָבן אין געטאָ ניט עקזיסטירט נאָר אַ „היץ־צושטאַנד" (סטאַטוס פעברילים) — אַזוי איז געווען די אָפיציעלע דיאַגנאָזע פאַר דער מאַכט. די פּאַקן פון אינפעקציעזע קראַנקייטן האָבן געמוזט אויסבאַהאַלטן ווערן פון די דייטשן אויס מורא פאַר טראַגישע רעזולטאַטן. די טעמפּעראַטור־ליסטע

פלעגט ספעציעל פּרעפּאַרירט ווערן אַזוי, אַז קיין חשד זאָל ניט אַנטשטיין. לייטער פון דער אינפעקציאָזער אָפּטיילונג איז געווען ד״ר זאב וואָלף שומעליסקי.

פלעק־טיפוס־קראַנקע זענען אין שפּיטאָל געווען די גאַנצע צייט — מיטן אויסנאַם פון זעקס־זיבן וואָכן, זומער 1942. זייער צאָל פלעגט זיך וואַקלען פון צוואַנציק ביז פופציק. פון געטאָ גופא זענען געווען נאָר פאַראיינצלטע פאַלן, די גרעסטע מערהייט האָט געשטאַמט פון דערבייאיקע אַרבעטס־לאַגערן, וואו ס׳איז פאַרשטענדלעך ניט געווען די געהעריקע סאַניטאַרע השגחה.

דייטשע קאָנטראָל־קאָמיסיעס פלעגן אָפט קומען אין שפּיטאָל אויף רעוויזיעס. „אָרישע״ קרייזן פון דער ווילנער שטאָטישער באַפעלקערונג, ניט דייטשן, זענען געווען פאַראינטערעסירט צו שליסן דאָס יידישע שפּיטאָל און צונעמען זיין אינווענטאַר און זיינע אינסטרומענטן פאַר געוויסע ניט־יידישע שפּיטאָלן. דאָס יידישע געטאָ־שפּיטאָל איז אָבער געווען אַ מוסטער אין פּרט פון אָרדענונג און ריינקייט, אונטער דער לייטונג פון ד״ר א. סעדליס. איך ווייס ניט וועגן וועלכע סיבות דאָס שפּיטאָל איז געבליבן אין יידישע הענט ביז דער געטאָ־ליקווידאַציע.

## אַמבולאַטאָריע- און גיכע הילף-אָפּטיילונגען

גלייך אין ערשטן טאָג פון געטאָ האָבן זיך אַלע יידישע דאָקטוירים צונויפגעזאַמלט אויף סטראַשון־גאַס 6 און געגרינדעט אין אַ קליין שטיבל דעם אָנהויב פון דער געטאָ־אַמבולאַטאָריע, וועלכע האָט געגעבן מעדיצינישע הילף. די ערשטע חדשים אומזיסט, און שפּעטער — אויף מינימאַלע פּרייזן, דריי רובל אַ וויזיט, ווען אַ קילאָ ברויט האָט געקאָסט פופציק רובל. די הכנסות פון דער אַמבולאַטאָריע פלעגן אַוועקגיין צו דער קאַסע פון יידן־ראַט. שפּעטער האָט די געטאָ־אַמבולאַטאָריע פאַרנומען אַ גאַנצע רייע זאַלן אויף רודניצקער־גאַס 9—11, מיט ספּעציעלע קאַבינעטן פאַר יעדער קראַנקייט. די דאָקטוירים האָבן אויך באַזוכט די געטאָ־קראַנקע אין דער היים. אַ גאַנצע רייע שוועסטערס פלעגן אויספירן איינשפּריצונגען. דער לייטער פון דער אַמבולאַטאָריע איז געווען ד״ר קלמן שאַפּיראָ. אין איר זענען געווען פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען: אינערלעכע, קינדער, פרויען, כירורגיע, נערוון, האַלדז־נאָז־אויערן, הויט, רענטגען, כעמישע אַנאַליזן.

ביי דער אַמבולאַטאָריע איז געווען טעטיק די אַזוי גערופענע „גיכע הילף״, וואו די דאָקטוירים זענען געווען טעטיק אַ גאַנצן מעת־לעת. אין אַלע דרינגלעכע פאַלן פון אָנמאַכט, אַטאַקע, פאַרוואונדונג, פלעגט מען קענען אַרויסרופן גלייך אָן צו פאַרשרייבן זיך אין דער רייע, דעם דאָקטאָר פון דער „גיכער הילף״, וואָס איז באַלד געגאַנגען צום חולה. דער דאָזיקער דאָקטאָר האָט געהאַט רעכט צו גיין אין די גאַסן אין די פאַרווערטע נאַכט־שעהן — פון ניין אָוונט, ביז פינף אין דער פרי — מיט אַ פאַרטונקלטע לאַמטערן אין דער האַנט. ער פלעגט טראָגן אַ ספּעציעל פּרעפּאַרירט מעדיקאַמענטן־קעסטל מיט אַ רויטן מגן־דוד און יידישער אויפשריפט „גיכע הילף״.

די קראַנקען־לאַגע אין געטאָ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דעם דיאַגראַם פון די אַמבולאַטאָריע־באַזוכונגען: אין די טעג פון די אַקציעס פלעגט די באַזוכן־צאָל שנעל פאַלן, און דאַקעגן פלעגן שטייגן די צאָל אַרויסרופונגען פון דער „גיכער הילף״: געחלשטע, נערוון־אַטאַקן, פאַרוואונדיקטע ביים באַהאַלטן זיך אין די „מאַלינעס״.

## אַנדערע מעדיצינישע פּאָרמאַציעס

וועגן די דאָקטוירים אין געטאָ נומער צוויי איז מיר אין אַלגעמיין ווייניק באַקאַנט. דאָרטן האָט זיך געשאַפן אַן אַמבולאַטאָריע אין לאָקאַל פון דער געוועזענער סטראַשון־ביבליאָטעק. בראש פון דער אַמבולאַטאָריע איז געשטאַנען ד״ר וו. פּאַטשטער. ס׳האָבן דאָרט געאַרבעט: ד״ר ג. ראַן, ד״ר בלומאָוויטש, ד״ר סאָניע קאַצענעלענבויגען, ד״ר הויזמאַן.

כמעט יעדע אַרבעטס־קאָמאַנדאָ האָט געהאַט אירע דאָקטוירים וועלכע פלעגן אַרויסגיין אין דער פרי צו דער אַרבעט צוזאַמען מיט די איינהייטן און צוריקקערן זיך מיט זיי.

די אַרבעטס־בלאָקן „קיילים״, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ווילנע אויסערן געטאָ, ווי אויך די יידישע לאַגערן רעשא, ביאַלאַוואַקאַ, סאָראָק־טאַטאַראָוו, האָבן באַקומען צוגעשיקט פון ווילנער געטאָ דאָקטוירים.

די דענטיסטן האָבן געשאַפן זיך אַ דענטיסטן־אָפּטיילונג ביי דער אַמבולאַטאָריע און אַ טעכניש־דענטיסטישע לאַבאָראַטאָריע.

די פעלדשערס זענען אַלס עלטערע לייט כמעט פאַרשוואונדן פון געטאָ. עס איז אַנטשטאַנען אַ נייער שיכט סאַניטאַרן, יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי הילפס־מעדיצינישע אַרבעטן אין שפּיטאָל, ביי דעזינפעקציע.

די קראַנקן־שוועסטערס האָבן מיט גרויס אחריות און אָפט מיט מסירת־נפש אויסגעפירט זייער שווערע אַרבעט. אין אַ גרויסער מאָס איז געלונגען, אַ דאַנק זייער אַקטיוויטעט, צו באַקעמפן די פאַרלייזונג און שמוץ, ווי אויך צו פירן די אויפקלערונגס־אַרבעט פון שטוב צו שטוב. אַ סך ליבע און צערטלעכקייט האָבן זיי אַרויסגעוויזן צו די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייער השגחה.

## מעדיקאַמענטן, מעדיצינישע אינסטרומענטן

עס האָט זיך געשפירט אַ גרויסער מאַנגל אין די עלעמענטאַרסטע רפואות. עס איז געווען פאַרווערט מצד דער דייטשער מאַכט, אַז די אַרישע אַפּטייקן זאָלן מאַכן רעצעפּטן פאַר יידישע קראַנקע, אָדער אפילו פאַר אַרישע קראַנקע אויף אַן אונטערשריפט פון אַ יידישן דאָקטאָר. אין לעבנס־הראָענדיקע קראַנקייטן, ווען ס׳פלעגט אויספעלן, למשל, דיפטעריט־סערום פאַר אַ שטאַרבנדיק קינד, פלעגן די יידישע מאַמעס ריזיקירן דאָס לעבן, אַראָפּוואַרפן די לאַטעס, אַריינלויפן אין אַ קריסטלעכער אַפּטייק, מיט אַ רעצעפּט, אונטערגעשריבן מיט אַן אויסגעטראַכטן פאַלשן נאָמען פון אַ דאָקטאָר, אַ נאָמען, וואָס קלינגט ניט יידיש. אייניקע קריסטלעכע אַפּטייקן פלעגן זיך מאַכן ניט פאַרשטייענדיק און אַרויסגעבן די נויטיקע רפואות אויף די פאַלסיפיצירטע רעצעפּטן.

מיר איז באַקאַנט אַ פאַל מיט אַ יונגען מאַן רובינשטיין, וועלכער האָט געוואוינט אויף סטראַשון־גאַס 15 און האָט זיך אַרויסגעגנבעט אומלעגאַל, אָן אַ לאַטע, און געגאַנגען אין דער נאָענסטער אַפּטייק פון געטאָ (געוועזענע סאַפּאָזשניקס אַפּטייק), בכדי צו קריגן אַ רפואה פאַר זיין שוועסטער, וועלכע איז קראַנק געוואָרן אויף פלעקטיפוס. אַרויסגייענדיק פון דער אַפּטייק מיט דער רפואה אין דער האַנט, איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן פון געסטאַפּאָ־לייט פאַרן גיין אָן אַ לאַטע און איז מער שוין ניט צוריקגעקומען.

אין די ערשטע טעג פון געטאָ זענען די דאָקטוירים געגאַנגען איבער די בוידע־מער, פאַרלאָזענע צימערן פון חורבות־ראַיאָנען און צונויפגעזאַמלט איבערגעלאָזענע פלעשלעך יאָד, וואַלעריאַן־טראָפּנס, טאַבלעטן, וואַטע, באַנדאַזשן, מאַרלע. אַ גאַנצע רייע דאָקטוירים ווי אויך סתם יידן, האָבן געגעבן פרייוויליק אַלס מתנה זייערע מעדיצינישע פּרעפּאַראַטן, וועלכע זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אין געטאָ און מען האָט אָנגעהויבן אויסצוטיילן אומזיסטע רפואות פאַר קראַנקע. שפּעטער איז די אַפּטייק פון שפּיטאָל, וואָס האָט פריער באַדינט נאָר אירע קראַנקע, געוואָרן די אַפּטייק פון גאַנצן געטאָ.

מיט פאַרשידענע איינפאַלן און קאָמבינאַציעס פלעגן געקויפט ווערן אויסערן געטאָ מעדיקאַמענטן. דערביי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקער איניציאַטיוו דער אַפּטייקער טשעסלי (געשטאָרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער). נאָך שפּעטער האָבן אָנגעהויבן אַ גאַנצע רייע יידישע אַרבעטער צו גנבענען מעדיקאַמענטן אין די אַפּ־טייקן פון „דייטשן רויטן קרייץ" אָדער פון קריגס־לאַזאַרעטן (וואו זיי האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע פיזישע אַרבעטן, ווי: האַקן האָלץ, וואַשן, רוימען וכדומה) און ברענ־גען אין געטאָ, מאַנכע — אומזיסט און מאַנכע פאַר פרייזן פון „שוואַרצן מאַרק".

## געטאָ־מעדיקאַמענטן און אינסטרומענטן

עס איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט, אַז דער געטאָ זאָל אַליין פּראָדוצירן הייל־מיטלען. לויט דער איניציאַטיוו פון באַקאַנטן ווילנער אינזשעניסט ד"ר משה גערשאָוויטש, האָט מען אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אין גרעסערע צאָלן וויטאַמין־ב־פּרעפּאַראַטן פון ביר־הייוון אין פאָרם פון

1) וויטאַמינען־קרעם, וועלכער לאָזט זיך שמירן אויף ברויט.
2) וויטאַמינען־געטראַנק מיט אַ ביר־טעם.
3) אַ זיסנדיקן וויטאַמינען־געטראַנק, ספּעציעל פאַר קינדער.

די וויטאַמינען פלעגן פאַבריצירט ווערן אין אַ ספּעציעלער וויטאַמינען־לאַבאָ־ראַטאָריע פון ביר־הייוון, זייערע ביי־אויסאַרבעטונגען און פּראָדוקציע־אָפּפאַלן, וועלכע פלעגט אויף פאַרשידענע לעגאַלע און אומלעגאַלע אופנים אָפּגעקויפט ווערן אין דער אַרישער ביר־פאַבריק שאָפּען אין ווילנע. די אָבסערוואַציעס אין דער קינדער־אויפ־זיכטס אָפּטיילונג פון שול־מעדיצינישן־צענטער האָבן באַוויזן, אַז די געטאָ־וויטאַ־מינען ב האָבן געבראַכט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פאַר די קראַנקע אויף פורונקלען און אַנדערע הויט־אויסשיטונגען. עס זענען אויך געמאַכט געוואָרן פּרווון צו פאַברי־צירן וויטאַמינען „ד".

דורך פאַרברענען ביינער פון פערדיש פלייש און צערייבן זיי אין ספּעציעלע שטייסלען — האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָדוקציע פון קאַלציום און פאָספאָר, וועלכע פלעגן ספּעציעל געגעבן ווערן פאַר קינדער אין ריינער פאָרם, אָדער געמישט צו־זאַמען מיט אַ פּודער פון דעם אויבנדערמאָנטן וויטאַמין ב. מוטערס און קינדער האָבן עס אַ נאָמען געגעבן „געטאָ־פאָספאַטין". עס איז פּראָדוצירט געוואָרן קוילן־פּולווער (קאַרבאָן). אַ ספּעציעלער יאָד־פּרעפּאַראַט „סאָל־די־יאָד" — בשעת דער קינדער־סטרומאַ־עפּידעמיע, ווי אויך גרעסערע קוואַנטומס פאַרטיקע סטאַנדאַריזירטע מישונגען פון אַנטי־נעוראַלגישע, אַנטי־רעוומאַטישע, אַנטי־דאָלאָראָזע מעדיקאַמענטן אין ספּעציעל פאָרמולירטע דאָזן, לויט זייער שטאַרקייט, בכדי מען זאָל פאַר יעדן

פּאַציענט ניט דאַרף צוגרייטן קיין מעדיקאַמענטן, נאָר ער זאָל קענען באַקומען גלייך פּאַרטיק.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרווער צו שוואַנגערן אין געטאָ, האָט מען, לויטן פּראָיעקט פון באַקאַנטן גינעקאָלאָג ד״ר פינגערהוט, אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן (פון אַ ספּעציעלער מאַסע) „קאַפּטורן״ אויף צו באַנוצן כאַר דעם העלזל פון דער געבער־מוטער, בכדי צו פאַרהיטן די פּרוי פון שוואַנגערשאַפט.

עס איז געווען אַ גרויסער דוחק פון מעדיצינישע אינסטרומענטן. יעדער דאָקטאָר האָט מיט זיך מיטגענומען אַ ביסל אינסטרומענטן, ווי אַ הער־אַפּאַראַט, שפּריצן־נאָדלען. אין שפּיטאָל זענען געוויסע אינסטרומענטן איבערגעבליבן נאָך פון פאַרן געטאָ, דאָס איז אָבער געווען צו ווייניק. די טעכנישע וואַרשטאַטן אונטער דער לייטונג פון אינזשעניער מאַרקוס, האָבן אויסגעאַרבעט און צוזאַמענגעשטעלט פון שברי־כלים, שטיקלעך בלעך, פון האָלץ וכדומה, פאַרשידענע מעדיצינישע וואָגן, סטעריליזאַטאָרן, אינסטרומענטן צו לאָזן פאַרע.

אַ כעמישע לאַבאָראַטאָריע האָט עקזיסטירט, און פּראָדוצירט אַ וואַש־מיטל פאַר וועש (געמאַכט פון אַש), קראָכמאַל (פון קאַרטאָפל), זייף (פון פערד־ביינער) און פליגן־פּאַפּיר.



ד״ר ראָזע שאַבאַד-גאַווראָנסקאַ
1943 — 1882



## קינדער-אויפזיכט

דאָס קינד אין געטאָ איז געווען אַ פּראָבלעם פון זאָרג און ליבע פאַר אַלע געטאָ-איינוווינער. ניט קענענדיק פאַרהיטן די זקנים פון אומקום, האָט זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט אויפן קינד.

▼

מיט דער אויפזיכט אויף קינדער ביזן שול-עלטער האָט אָנגעפירט ד״ר ראָזע שאַבאַד-גאַווראָנסקאַ, ביי אַקטיווען מיטהילף פון ד״ר לאַזאַר פינקעלשטיין, און ביי דער מיטאַרבעט פון ד״ר ר. אַלק-פערגאַמענט און ד״ר פ. פייגעלסאָן.

אין קינדער־קאָנסולטאַציע זענען געווען פאַרשריבן אַלע קינדער פון זיבן יאָר אָן. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ ספּעציעלע לעבנסמיטל־קאַרטע, לויט וועלכער מען האָט

באַקומען פּראָדוקטן און מילך, אָפּהענגיק פון עלטער און געזונט-צושטאַנד. דאָ פלעגט מען שטעלן די קינדער פּאַקן, באַשטראַלן מיט קוואַרץ־לאַמפּן, דורכפירן אַנטי־דיפטעריטישע איינשפּריצונגען, פּעריאָדיש וועגן און אונטערזוכן. ביים קינדער־אויפזיכטס־צענטער האָט עקזיסטירט אויף שפּיטאָל-גאַס אַן אינטערנאַט פאַר יתומים, וועמענס עלטערן מען האָט אַרויסגעפירט קיין פּאָנאַר. די קינדער זענען צוגעפּגענומען געוואָרן אָדער אין יידישן שפּיטאָל אָדער אין פּאַרלאָזענע הייזער נאָך די אַקציעס. קינדער־שאָטנס, לעבעדיקע מצבות פון דער דייטשער גרויזאַמקייט האָבן דאָ געהאַט זייער היים, זאָרגפולן אומגאַנג, גוטע שפּייזונג און מעדיצינישע הילף. פאַר די קליינע קינדער, וועמענס עלטערן עס פלעגן מוזן אַוועקגיין אויף דער אַרבעט אין די דייטשע קאָמאַנדאָס, איבערלאָזנדיק זיי אויף הפקר, אין טומל פון געטאָ, איז געשאַפן געוואָרן אַ טאָג־היים, אויף סטראַשון־גאַס, וואו די קינדער פלעגן באַקומען עסן, מעדיצינישע הילף און זיך שפּילן ביזן אַהיימקומען פון די עלטערן. אין דעם קינדער־אויפזיכט־צענטער איז געווען טעטיק אַ קיך, וואו עס פלעגן קומען קינדער טעגלעך עסן אונטער דער באַגלייטונג פון די לערערס, איבערהויפּט פון די גאָר אומפּאַרמעגלעכע עלטערן. עס האָט דאָ עקזיסטירט אַ ספּעציעלער פּונקט וואו עס פלעגט פאַרטיילט ווערן מילך פאַר די קליינע קינדער. ביים אַריינפירן די מילך אין געטאָ איז פאַרשידענע אומלעגאַלע וועגן, האָט די ד"ר שאַבאַד־גאַוראָנסקי אַרויס־געוויזן אַ סך ענערגיע און איניציאַטיוו. עס איז אויך געווען דאָ אַ מוטער־באַראַטונג־שטעלע, וואו עס זענען געגעבן געוואָרן עצות פאַר מוטערס אין אַלע ענינים, וואָס זענען נויטיק שוואַנגערשאַפט, מוטערשאַפט און דערציאונג.

ד"ר ראָזע שאַבאַד-גאַוראָנסקאַ איז געווען איינע פון די פּאָפּולערסטע קינדער־דאָקטוירים אין ווילנע, שול-דאָקטאָרין, מיטבויערין פון "אָזע-טאָז", מיטאַרבעטערין פון "פאָלקס-געזונט".

ד"ר לאַזאַר פינקעלשטיין איז געקומען קיין ווילנע פון קאָוונע, וואו ער האָט זיך קונה שם געווען אַלס אַ יידישער פאָלקס-דאָקטאָר, "אָזע"-טוער און וויסנשאַפטס-מאַן.

## שול-מעדיצינישער-צענטער

### אויפזיכט איבער דער יוגנט אין שול־עלטער

די סאַניטאַר־היגיענישע אויפזיכט איבער דער יוגנט אין שול־עלטער פון זיבן ביז זעכצן יאָר, האָט געהאַט דער שול-מעדיצינישער־צענטער. זיין טעטיקייטס־שטח האָט אַרומגענומען די פאָלקס־שולן נומער איינס, צוויי, דריי און זייערע קינדער־גערטנער, די גימנאַזיאַלע קורסן, די טעכנישע קורסן, די רעליגיעזע שולן נומער איינס און צוויי, ישיבה קטנה, טראַנספּאָרט־בריגאַדע ילדים, אינטערנאַט "ילדים", אינטערנאַט "ילדות". שפּעטער, ווען עס זענען געשאַפן געוואָרן קינדער־וואַרשטאַטן, האָבן זיך אונטערן אויפזיכט פון שול־מעדיצינישן צענטער אויך געפונען די: טעכ־נישע־, שניידעריי־, שטיינגיסעריי־, איינבינדעריי־, וואַליקעס־, שטרוי־, שטריקעריי־וואַרשטאַטן. אין אַלגעמיין זענען געשטאַנען אונטערן אויפזיכט פון שול־מעדיצינישן צענטער איבער דריי טויזנט קינדער אין שול־עלטער. דער אָנפירער פון שול־מעדי־צינישן צענטער איז געווען דער מחבר פון די שורות.

# געטא-ווילנע

## שול-מעד. צענטער

### באוואכט דאס געזונט פון דער לערנדער און ארבעטנדער יוגנט אין געטא




דיאַגראַמע פון שול-מעד. צענטער

געצייכנט דורכן קינד צפנת אין געטאָ-ווילנע 1943.

אין די גרויסע קרייזן זענען פאָרגעשטעלט די קינדער-וואַרשטאַטן און אין די קליינע קרייזן די לער-אַנשטאַלטן פון געטאָ.

די אויפגאַבן פון שול־מעדיצינישן צענטער זענען געווען: באַוואַכן דאָס געזונט פון דער שול-יוגנט און פאַרהיטן פון ספּעציפישע געטאָ-מעגלעכקייטן פון אָנ־שטעקנדיקע קראַנקייטן. יעדעס קינד פאַרן אָנקומען אין אַ וועלכן ניט איז לער־אָדער פאַך־אַנשטאַלט, פלעגט מוזן פריער אונטערזוכט ווערן דורכן שול־מעדיצי־נישן דאָקטאָר, צי האָט עס ניט קיין אָנשטעקנדיקע קראַנקייט, אָדער צי איז עס ניט קיין טרעגער פון לייז און לייז־ניסלעך. קיין קינד איז ניט אָנגענומען געוואָרן אין אַ שול־ אָדער פאַך־אַנשטאַלט אָן אַ שריפטלעכער דערלויבעניש פון שול־מעדיצינישן צענטער. בכדי אַזאַ דערלויבעניש צו באַקומען האָט דאָס קינד געמוזט זיין פולקאָם ריין (קערפּער, פּנים, אויערן), געבאָדן אין סאַניטאַרן דורכלאַז־פּונקט — יינגלעך — נעט געשוירן, מיידלעך — קורץ געשוירן, אָן לייז און אָן לייז-ניסלעך און אָן סמנים פון וועלכע ניט איז אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. אין דער אַרבעט פון שול-מעדיצינישן צענטער האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן ד״ר עפּשטיין לאַזאַר, ד״ר שאַבאַד־גאַווראָנסקי, ד״ר פינקעלשטיין לאַזאַר, ד״ר קאָלאָדנער, ד״ר בערנשטיין, ווי אויך די קראַנקען-שוועסטערס — טייטל, קעלסאָן און כילסבערג. פאַרן אָנקומען אויף טעכ־נישע אַרבעטן אָדער אין וואַרשטאַטן פלעגט דאָס קינד מוזן ברענגען פון שול־מעדי־צינישן צענטער אַ קוואַליפיקאַציע־באַשטעטיקונג צו וועלכן פאַך עס קען אָנגענומען ווערן. שוואַכערע קינדער האָבן באַקומען צוגאָב־דערנערונג. שפּעטער איז אויך אַריינגעפירט געוואָרן מילך פאַר די קינדער פון שול־עלטער, אַזוי, אַז געוויסע צייטן פלעגט יעדעס שול־קינד אין געטאָ קענען באַקומען אַ גלאָז מילך טעגלעך.

דאָס הויבן און באַוואַכן פון דעם געזונט פון די קינדער — דאָס איז אָן אויסערסט וויכטיקער פּראָבלעם, וועלכער דאַרף אינטערעסירן הן די מעדיצינישע אנשטאַלטן, הן די לערערשאַפט, הן די עלטערן, הן די גאַנצע געטאָ-געזעלשאַפט, ווייל די קינדער, דאָס איז אונזער איינציקע פאָלקס-האָפנונג אויף ווידער-אויפלעבונג אין די בעסערע טעג, וועלכע וועלן פאַר זיי אָנקומען.

טראָץ אַלעס דאַרף פאַר אונז זיין איין גרויסער ציל, אַז די יוגנט זאָל אַרויס פון געטאָ צו דער ליכטיקער צוקונפט — ניט קיין קראַנקע, צובראָכענע און פאַרקריפּלטע, נאָר אַ פיזיש און גייסטיק געזונטע.

(שלוסוואָרט פונם אַרטיקל „דאָס שולקינד אין געטאָ און זיין געזונטצושטאַנד״ פון ד״ר מ. דוואָרזשעצקי. פאָלקס-געזונט נומער 14 יוני 1943)

▼

דאָס צוואַנגסמעסיקע שערן די קינדער, הן פאַרן, הן בשעת דעם באַזוכן די שול־אַנשטאַלטן, האָט געבראַכט צו אַ שטאַרקער ריינקייט פון די קינדער. ביים אָנהויב פון דער שול־מעדיצינישער טעטיקייט האָט די צאָל פאַרלייזיקטע קינדער אויסגעמאַכט אַכציק פּראָצענט. אין משך פון אייניקע חדשים איז די צאָל אַראָפּגע־פאַלן ביז פיר פּראָצענט און שפּעטער האָט זי זיך געהאַלטן אויף איינס ביז איינס אַ האַלב פּראָצענט.

די שול-קינדער זענען געווען באַדייטנדיק ווייניקער פאַרלייזיקט און לייז-פאַרניסלט ווי אויך ריינער ווי די שול־קינדער אין די ווילנער פאָלקס־שולן פאַרן געטאָ.

דער שול־מעדיצינישער צענטער האָט געווידמעט זיין הויפּט־טעטיקייט דעם קאַמף קעגן פאַרלייזונג פון די קינדער און אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, שליסנדיק די שולן בשעת עפּידעמיעס און מאַכנדיק פאַרהיטנדיקע איינשפּריצונגען

ביי יעדן פאַל פון אַן עפּידעמיע אין געטאָ, שליסונג פון שולן, אימפּונגען וכדומה, פלעגן געהאַלטן ווערן דורך אונז רעפעראַטן פאַר די עלטערן און קינדער. די קינדער פלעגן גערופן ווערן צו פרייוויליקע איינשפריצונגען, כדי דערמיט מאַכן זיך ווידער־שטאַנדספעאיק קעגן קראַנקייטן און „קענען דערלעבן צו בעסערע צייטן". דאַן איז פאָרגעקומען אַן אָפּשטימונג: ווער פון די קינדער וויל זיך פרייוויליק אימפן, און ווער ניט? אַלס רעזולטאַט פלעגט זיין אַ הונדערט פּראָצענטיקע פרייוויליקייט. אַלע קינדער ווילן אַלץ טון, כדי צו קענען דערלעבן.

די אַלע וועלכע געדענקען די גרויסע צאָל פון קראַנקע אויף פּאַוואַוס און טראַכאַם ביי די יידישע קינדער נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, וועלן מיט אינטערעס אויפנעמען די ידיעה, אַז היינט צו טאָג איז ניטאָ אין אַלע לער־אַנשטאַלטן פון געטאָ קיין איין פאַל פון פּאַוואַוס און טראַכאַם.

(אויסצוג פונם אַרטיקל „דאָס שולקינד אין געטאָ און זיין געזונטצו־שטאַנד, „פאָלקסגעזונט" נומער 14, געטאָ-ווילנע, יוני 1943).



## קינדער־יום־טובים פון שול־מעדיצינישן צענטער

צום יאָר־טאָג פון עקזיסטענץ פון שול־מעדיצינישן צענטער איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך אים אַ קינדער־יום־טוב. מען האָט געטיילט די קינדער וויטאַמינען־געטראַנקען. די קינדער האָבן צוגעגרייט אייגענע טאַבעלן און בילדער, פאָרגעלייענט זעלבסט־שאַפונגען.

די לערערס, ווענדיק מיטהעלפן דעם שול־מעדיצינישן צענטער אין פּראָפּאַ־גאַנדע פון היגיענע און ריינקייט, האָבן איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע קינדער־פאָר־שטעלונג „זיי אַ צוכט" (זיי אַ ריינער) מיט לידער, מוזיק און באַלעט פון „האַנטוך, בערשטל פון ציין, בערשטל פון זאַכן, זייפעלע דופטיקן און שערל פון נעגל".

## וואַלד־שפּאַצירן

אין זומער 1942 זענען דערלויבט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט קינדער־שפּאַצירן אין זאַקרעטער וואַלד, אויסערן געטאָ. זיי פלעגן פאָרקומען אונטער דער באַגלייטונג פון לערערס און קראַנקען־שוועסטערס. דאָס שפּאַצירן פלעגט אַרויס־רופן אַ גרויסן ענטוזיאַזם ביי די לערערס און די קינדער. די עלטערן פלעגן שטיין ביים טויער און וואַרטן ביז וואַנען די קינדער זענען צוריקגעקומען. אין זומער 1943 זענען אַזעלכע שפּאַצירן שוין מער ניט פאָרגעקומען: מען האָט דאַן דערוואַרט, עס זאָלן פאָרקומען קינדער־אַרויספירונגען.

## די קינדער און דער שול־מעדיצינישער צענטער

די קינדער זענען אָפט געקומען אין שול־מעדיצינישן צענטער פאָרלייענען זייערע לידער (צווישן זיי אַ זייער באַגאַבטער יונגער דיכטער, שמעון באַמס, אַ יאָר צוועלף — לעבט ער וואו?). אַנדערע — אויסדערציילן זייערע צרות. דער שול־מעדיצינישער צענטער פלעגט אינטערווענירן אין ווילנער הילפס־קאָמיטעט און

אין דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און קריגן פאַר די אומפּאַרמעגלעכע קינדער, שיך, קלומפּעס און בגדים. צווישן די רעליגיעזע קינדער זענען געווען אַ סך זייער אָפּגעשוואַכטע. זיי האָבן בשום אופן ניט געוואָלט עסן דאָס געטאָ־פלייש פון פערד. זייערע לערערס פלעגן צושיקן אין שול־מעדיצינישן צענטער די שוואַכערע קינדער צו אונטערזוכונג און זיי פלעגן באַקומען אַ מעדיצינישן צעטל, אַז ביז דער און דער דאַטע מעגן זיי עסן דאָס געטאָ־פלייש פון פערד. דאַן האָבן די מלמדים באַווירקט די קינדער אויסצופירן די מעדיצינישע פאַראָרדענונג. די קינדער פון דער טעכנישער שול האָבן געמאַכט דיאַגראַמען פון דער אַרבעט פון שול־מעדיצינישן צענטער און באַפּוצט דערמיט די ווענט. (איינער פון די דאָזיקע דיאַגראַמען פון דעם קינד צפנת ווערט דאָ רעפּראָדוצירט).

# די עפּידעמישע קינדער־סטרומאַ

## סטאַטיסטיק

אין געטאָ האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ מאַסן־דערשיינונג פון פאַרגרעסערטע שילד־דריזן. די דאָזיקע דערשיינונג איז גלייכצייטיק נאָטירט געוואָרן הן ביי קינדער ביז זיבן יאָר, הן ביי קינדער אין שול־עלטער. די דערשיינונג האָט אָנגענומען אַ פאָרם פון אַן עפּידעמיע. בכדי אַריינצופירן אַ סיסטעמאַטיק און מעטאָדע ביי דער אונטערזוכונג פון קינדער אין שול־מעדיצינישן צענטער, האָבן מיר איינגעפירט אַ נאָמענקלאַטור, לויט דער שטאַרקייט פון דער קראַנקהייט:

ס 0 (געזונט), ס 1, ס 2, ס 3, — פאַרשידענע סטאַדיען פון דער קראַנקייט.

אין ווינטער 1942־1943 איז די סטרומאַ־עפּידעמיע דערגאַנגען ביי דער שול־יוגנט צו אַ מדרגה פון ס 0 — פינף און צוואַנציק פּראָצענט; ס 1, ס 2, ס 3 — פינף און זיבציק פּראָצענט. דאָס הייסט, אַז פינף און זיבציק פּראָצענט קינדער אין שול־עלטער האָבן געהאַט סטרומאַ־קראַנקייט.

## די וויסנשאַפטלעכע דיסקוסיע וועגן דער קינדער־סטרומאַ.

וואָס איז געווען די סיבה פון דער סטרומאַ־קראַנקייט אין געטאָ? אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך אַנטוויקלט אַ זייער ברייטע דיסקוסיע אין די מעדיצינישע קרייזן. ד״ר לאַזאַר פינקעלשטיין איז אַרויס מיט דער טעזע: די סטרומאַ־עפּידעמיע אין געטאָ איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך יאָד־מאַנגל, צוליב דעם, וואָס עס פעלן געהעריקע כמות יאָד אין דער באַשפּייזונג פון געטאָ (ס׳פעלט פיש, גרינסן וכדומה). דעריבער האָט ד״ר פינקעלשטיין פאָרגעשלאָגן אַריינצופירן אַ צוואַנגסמעסיקע פּראָפילאַקסיע און טעראַפּיע מיט יאָד ביי אַלע קינדער, וואָס געפינען זיך אונטער דער קאָנטראָלע, הן פון קינדער־אויפזיכט און הן פון שול־מעדיצינישן צענטער. די יאָד־מעדיצינען זאָלן זיי געגעבן ווערן אין די שולן בשעת די לימודים אָבליגאַטאָריש. די טעזע פון מיר איז געווען: די סיבה פון דער קינדער־סטרומאַ אין געטאָ איז נאָך ניט קלאָר. עס זענען נאָטירט פאַלן פון פאַרגרעסערטער סטרומאַ (וואָליע) ביי יידישע קינדער וועלכע האָבן זיך גוט דערנערט און אויסבאַהאַלטן זיך ביי קריסטן. עס זענען אויך דאָ גענויע ידיעות, אַז ביי קריסטלעכע קינדער אויסערן געטאָ איז אויך

פאַרצייכנט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל סטרומאַס. די סטרומאַס קענען זיך דעריבער אָנרופן ניט נאָר געטאָ־סטרומאַס, נאָר אויך מלחמה־סטרומאַס. זי קען אַרויסגערופן ווערן דורך פסיכישע מאָמענטן (מלחמה־איבערלעבונגען), סאַניטאַרע באַדינגונגען (שטויב־רייצונגען) און האָרמאָנאַלע סיבות. מען מוז דעריבער צוטרעטן צו דער פראָפילאַקטיק און טעראַפּיע מיט אַ גרויסער פאָרזיכט, בעיקר ביי דעם לאַבילן אָרגאַניזם פון די געטאָ־קינדער און ספּעציעל אין דער רייפקייטס־תקופה פון דער געטאָ־יוגנט (וועלכע האָט זיך מאַניפעסטירט אין געטאָ פריער ווי נאָרמאַל). עס איז אויך געווען א מיינונג, אַז די סיבה פון דער סטרומאַ־עפּידעמיע אין ווילנע זאָל זיין פאַרבונדן מיט די צייטן פון דער גרויסער גאַסטראָ-ענטעראָ־קאָליטיס עפּידעמיע ביי די קאָוויעטן, ווען די וואַסערן פון שטאָט זענען כלאָרירט געוואָרן, בכדי צו פאַרניכטן די מיקראָבן, וואָס עס האָט געקענט אַרויסשטויסן דעם יאָד פון די וואַסערן.

## דער צוריקפאַל פון דער סטרומאַ־עפּידעמיע

אַלס רעזולטאַט פון די פאָרשונגען און פראָבן פון די מעדיצינערס האָבן אַ טייל קינדער אין געטאָ אָנגעהויבן צו באַקומען מילך מיט יאָד־טראָפּנס (סאָל די יאָד). אַן אַנדערע גרופּע האָט באַקומען נאָר גרינס מיט פישלעך. אַ דריטע גרופּע איז גאָר ניט געגעבן געוואָרן. עס איז אָנגעקומען דער זומער 1943 און די סטרומאַ האָט אָנגע־הויבן שנעל צו פאַרקלענערן זיך און פאַרשוואונדן ביי אַלע גרופּן קינדער, הן ביי די, וועלכע האָבן באַקומען יאָד, הן ביי די, וועלכע האָבן קיין יאָד ניט באַקומען נאָר פישעלעך און גרינסן, און הן ביי די וועמענס איינציקער שינוי אין לעבן איז געווען מער זון און לופט.

# יידישער דאָקטוירים-פאַריין אין געטאָ

אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר פאַרן געטאָ האָט אין ווילנע עקזיסטירט אַ יידישער דאָקטוירים־פאַריין ווו עס פלעגן זיך צונויפקלייבן וועכנטלעך די יידישע דאָקטוירים, כדי צו האַלטן יידישע רעפעראַטן און באַטראַכטן אין איינעם די פראַגן פון יידישן געזונטהייטס-וועזן. אין געטאָ האָבן די יידישע דאָקטוירים געצויגן די אַלטע יידישע טראַדיציע און געגרינדעט אַ געטאָ־דאָקטוירים־פאַראיין. דער עיקר פון זיין טעטיקייט איז געווען געווידמעט אין „פּרייטיק־צונאַכטן" אויף וועלכע עס פלעגן פאָרקומען רעפעראַטן און דיסקוסיעס אויף וויסנשאַפטלעכע טעמעס, געבונדן מיט מעדיצינישע פּראָבלעמען פון געטאָ־לעבן. פון די רעפעראַטן דערמאָן איך זיך איצט: „וועגן פאַרהיטן זיך פון שוואַנגערשאַפט ביי די געטאָ־באַדינגונגען" און „וועגן די סיבות פון מענסטרואַציע־מאַנגל אין געטאָ" — געלייענט פון ד"ר פינגערהוט און ד"ר סעדליס. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערשיינונג פון געשווילעכץ אויפן פנים און פיס, זענען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע רעפעראַטן וועגן די „סיבות פון געשוווי־לעכצן אין געטאָ". רעפערענטן: ד"ר גירשאָוויטש, ד"ר בוראַק, ד"ר קאַפּלאַן, ד"ר פּאָ-מעראַנץ און אַנדערע.ביידע פראַגעס האָבן אַרויסגערופן אַ זייער שטאַרקע דיסקוסיע. אַ גרויסע, צייטנווייז לייזנשאַפטלעכע דיסקוסיע, וועלכע האָט פאַרנומען אַ גאַנצע רייע אָוונטן, איז געווען געווידמעט דער קינדער־סטרומאַ־עפּידעמיע. מיט התלהבות האָט מען געזוכט די סיבות פון דער דאָזיקער קראַנקייט און מעטאָדן פון איר

היילן און פאַרהיטונג. ווייטערע רעפעראַטן וועגן: „סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגי־טעטיקייט אין געטאָ״ — ד״ר לאַזאַר עפּשטיין; „קינדער־אויפזיכט אין געטאָ״ — ד״ר שאַבאַד־גאַוראָנסקי; „נייע אויספאָרשונגען און אָנשויאונגען וועגן וויטאַמינען״ — מאַגיסטער סלוצקי; „וויטאַמינען־פּראָדוקציע און איר וויכטיקייט אין געטאָ״ — ד״ר גירשאָוויטש; „האַרץ־קראַנקרייטן״ — ד״ר בוראַק; „שול־מעדיצינישער צענטער און זיין טעטיקייט״ — ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי. אייניקע אָוונטן זענען געווען געווידמעט דעם זכרון פון די פאַרשטאָרבענע ווילנער דאָקטוירים: ד״ר יעקב וויגאָד־סקי, ד״ר גרשון גרשוני און ד״ר צמח שאַבאַד.

דער 6טער אָוונט
פון ציקל: פון פּאָפּולערע מעדיצינישע שמועסן
פאָלקסגעזונט
קומט פאָר אין געטאָ־טעאַטער
מאָנטיק דעם 7טן דעצעמבער
אינהאַלט:
1. ד״ר ה. פייגוס
וועגן דערנערונג
2. ד״ר מ. ברײדבאָרד
שרעקט זיך ניט, ווען אייער קינד ווערט געל
3. ד״ר ל. פייסאַכאָוויטש
ווען ס׳רייסט א פינגער
4. ד״ר מ. בוראַק
צי איז גרויסע היץ ביי א קראַנקן א סימן פון געפאַר
5. ד״ר י. אַנטאָקאָלעץ
אַבערגלויבנישן און זאַבאָבאָנעס אין דער מעדיצין
6. ▼ ▲ ▼
מעד. בראָניק
7. ▼ ▲ ▼
בריוו־קאַסטן
אָנהויב — 8 אז.
אומזיסטע איינלאַדונגען – בעקומען!
1. אין שטעטל־פונקט
2. אין אמבולאַטאָריע

פּלאַקאַט פון זעקסטן נומער „פאָלקס־געזונט״
וועלכער איז פאַרגעלעזן געוואָרן אין ווילנער געטאָ־טעאַטער דעם 7־טן דעצעמבער 1942.

## „פאָלקסגעזונט״

בכדי צו געבן דעם געטאָ־עולם די מעגלעכקייט צו הערן מעדיצינישע פּאָפּולערע רעפעראַטן וועגן פראַגן פון געטאָ־קראַנקייטן אין אַ לייכטער און ניט דערמידנדיקער פאָרם, איז מען צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן דעם „פאָלקס־געזונט״, געוועזענער צענטראַל־אָרגאַן פון אָזע אין פוילן, אין פאָרם פון אַ לעבעדיקער צייטונג.

יעדע צוויי וואָכן פלעגט פאָרקומען אין געטאָ־טעאַטער דאָס לעבעדיקע „פאָלקס־געזונט״. אַ גאַנצע רייע פראַגן פון ספּעציפיש־פּאַטאָלאָגישע געטאָ־קראַנקייטן, וועלכע

זענען פריער דיסקוטירט געוואָרן אין דאָקטוירים־פּאַראיין, פלעגן דערנאָך געגעבן ווערן אין אַ פּאָפּולערער פאָרם אין „פאָלקס־געזונט". למשל: די פראַגן, וואָס זאָל מען טון צו די געשווילעכצן, צו מאַנגל פון מענסטרואַציע און קעגן שוואַנגערשאַפט וכדומה. עס פלעגן אָפּגעגעבן ווערן באַריכטן פון דער טעטיקייט פון קינדער־אויפזיכט, פון שול־מעדיצינישן צענטער און פון דער גאַנצער געזונטהייטס־אָפּטיילונג, וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון ד"ר בראָדסקי און ד"ר מילקאַנאָוויצקי. אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען איז געווען געווידמעט די פּערזאָנען פון העלדיש אומגעקומענעם ד"ר יעקב וויגאָדסקי, ד"ר גרשון גרשוני און ד"ר צמח שאַבאַד. אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען זענען געווען געווידמעט דער פראַגע, ווי זאָלן זיך אָפּהיטן דאָס געזונט די יידישע אַרבעטער אויף די קאָמאַנדאָס, ביי האַקן בוימער, ביי בויען בנינים, ביי טראָגן משאות. אַ סך ענערגיע האָבן געווידמעט דעם „פאָלקס־געזונט" די דאָקטוירים ק. שאַפּיראָ און אַנטאָקאָליעץ. דער לעצטער פלעגט אויך אָפט פּאָרלעזן פעליעטאָנען אונטערן נאָמען: הומאָר וועגן דאָקטוירים, אַבערגלויבנדיקע מעדיצין



אַ זייטל פון „פאָלקס־געזונט" נומ. 14, געטאָ־ווילנע, יוני 1943.

וכדומה. ד"ר קלמן שאַפּיראָ, וואָס איז געשטאַנען בראש פון אַמבולאַטאָריע, האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו ביים רעדאַגירן און אָרגאַניזירן דעם „פאָלקס־געזונט".

מיט אַן אָריגינעלן און אינטערעסאַנטן סטיל און פאָרם פון די אַרטיקלען האָט זיך אויסגעצייכנט דער יונגער און באַגאַבטער ד"ר עמנואל עפּשטיין (זון פון ד"ר שבתי עפּשטיין). פון אַנדערע שטענדיקע אָנטיילנעמערס דערמאָן איך זיך: ד"ר סעדליס, ד"ר לאַזאַר עפּשטיין, ד"ר לידסקי, ד"ר לאַזאַר פינקעלשטיין, ד"ר פייגנבערג, ד"ר געלמאַן, ד"ר בוראַק, ד"ר קאָלאָדנער, ד"ר פייגוס, ד"ר מאַרק ברייטבאַרט, ד"ר פייסאַכאָוויטש, ד"ר וו. פּאַמשוצער, ד"ר ה. פייגוס, מאַריאַ שאַפּיראָ. אַ ספּעציעלער נומער איז געווען געווידמעט דעם קאַמף קעגן טובערקולאָז.

צום סוף פון יעדן נומער פלעגט גיין מעדיצינישע כראָניק. דאַן אַן איבערבליק איבער פאַרשידענע נייס פון סאַניטאַרן לעבן אין געטאָ, ווי אויך דאָס טראַדיציאָנעלע פראַגן־קעסטל. אין די לעצטע נומערן זענען אַ גאַנצע רייע רעפּעראַטן אילוסטרירט געוואָרן מיט ליכטבילדער פון אַ ליכט־אַפּאַראַט, וועלכער איז קאָנסטרואירט געוואָרן אין געטאָ, ביי דער מיטהילף פון די וואַרשטאַטן „ילדים".

דער לעצטער נומער „פאָלקס־געזונט", נומער 18, אין וועלכן איך האָב אָנטייל־

גענומען מיט אַן אַרטיקל „מעדיצין און מעדיצינערס ביי יידן אין דער תקופה פון מיטלאַלטערלעכע געטאָס" איז פאָרגעקומען אַ פּאָר טעג פאַר מיין דעפּאָרטאַציע קיין עסטלאַנד... עס איז שוין דעמאָלט געווען קלאָר, אַז די נאָענטסטע טעג וועט דאָס געטאָ ליקווידירט ווערן, דאָך האָט מען באַשלאָסן צו פירן די אַרבעט ווי געווען, ווי עס וואָלט גאָרניט דאַרפן עפּעס באַלד פאָרקומען... אויף דעם דאָזיקן לעצטן „פאָלקס־געזונט" האָט ד"ר עמנואל עפּשטיין געלייענט אַן אָפּטימיסטישן מעדיצינישן פעליע־טאָן „שטראַלן פון האָפענונג". די פאָרגעלעזענע אַרטיקלען פלעגן איבערגעשריבן ווערן אויף אַ שרייב-מאַשין, פון יעדן נומער פון „לעבעדיקן" „פאָלקס-געזונט" פלעגט אַזוי אַרום איבערבלייבן אַ שריפטלעכער „פאָלקס-געזונט" פאַרן אַרכיוו פון געטאָ.



אָט אַזוי האָבן די ווילנער יידישע מעדיצינערס, דערצויגענע אין גייסט, אַז מעדיצין איז אַ געזעלשאַפטלעכע שליחות, אָרגאַניזירט מעדיציניש־סאַניטאַרע הילף, געפירט וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, געקעמפט קעגן אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן — און געשאַפן דעם סאַניטאַרן ווידערשטאַנד פון ווילנער געטאָ קעגן דער פאַרניכטונגס־כוונה פון די נאַציס.



פאַרשטאַרקן די דערנערונג פון די קינדער — דאָס איז פאַרשטאַרקן זייער ווידערשטאַנדס-פעאיקייט קעגן קלעפּיקע קראַנקייטן. אין דעם צוועק האָט דער שול מעדיצינישער פונקט מיטגעהאָלפן דער לערערשאַפט אין זייערע באַמיאונגען צו קריגן פאַר יעדן אומפאַרמעגלעכן קינד אַ טעלער זופּ צו מיטאָג — און אויף דער איניציאַטיוו פון שול מעדיצינישן פונקט איז אַריינגעפירט געוואָרן אַן אומזיסט גלאָז קאַווע פאַר יעדן קינד אין די פאַריקע ווינטער מאָנאַטן.

און זאָל פון דאַנען אַרויסגיין דער אַפּעל צו דער געטאָ-פאַרוואַלטונג צו פאַרגרעסערן די דערנערונגס מעגלעכקייטן פאַר די אָפּגעשוואַכטע קינדער, ווייל די וואָג פון די קינדער פאַלט פון חודש צו חודש און זייער ווידערשטאַנדס-פעאיקייט ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

(אויסצוגן פונם אַרטיקל „דאָס שולקינד אין געטאָ און זיין געזונטצושטאַנד" פון ד"ר מ. דוואָרזשעצקי. פאָלקסגעזונט נומער 14, געטאָ-ווילנע, יוני 1943; פאָרגעלעזן אין זאַל פון געטאָ טעאַטער)



## אַ פראַגע פון אַ מוטער צום פאָלקס-געזונט·

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרייניקונג פון צוויי שולן אין איין לאָקאַל (דייטשע 21) פרעג איך אָן צי דאָס אויפראַמען און איבערהויפּט דאָס אויסשטויבן די קלאַסן, ווו ס'געפינען זיך הונדערטער קינדער, ווערט דורכגעפירט אויף אַ היגיעניש-סאַניטאַרן אופן און צו דער פאָלקס-געזונט האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע פון שטאַנדפונקט פון פאַרהיטן פון טובערקולאָז ? אַ פאַרזאָרגטע מוטער.

אונזער ענטפער : פאַרזאָרגטע מוטער ! מיר פאַרשטייען גוט אייער באַאומרואיקונג מיט דער פראַגע, וועלכע עס האָט אַ שייכות צום געזונט פון אונזערע קינדער. מיר האַלטן אָבער, אַז נישט ווייניקער איז מיט דעם ענין באַזאָרגט די שול-מעדיצינישע אויפזיכט, וועלכע קלערט געוויס וועגן דעם. אַלנפאַלס דאַנקען מיר אייך פאַר דעם בריוו, וועלכער וועט געוויס ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די געהעריקע אינסטאַנצן.

(„פאָלקס-געזונט" נר. 13. בריוו-קאַסטן. ייוואָ-אַרכיוון).

**די קאָמיסיע צום אונטערזוכן דעם געזונט-צושטאַנד** פון די געטאָ-אַרבעטנדיקע און זיי איינטיילן אין געהעריקע קאַטעגאָריעס האָט במשך פון דעצעמבער באַהאַנדלט אַכט טויזנט פּערזאָן. די קאָמיסיע זעצט פאָר איר טעטיקייט.

**די אַרבעט אין דער וויטאַמינען-לאַבאָראַטאָריע** האָט זיך ווידער באַנייט. מען האָט שוין אויך אָנגעהויבן צו פאַרטיילן וויטאַמינען-אַרטיקלען אין די שולן פון דייטשישע-גאַס 21; שאָוולער-גאַס 1 און אין דער טעכנישער שול. עס ווערט געפּלאַנט איינגיכן אָנצוהויבן באַדינען די אַרבעטער פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט מיט וואַרעמע וויטאַמינען.

**פון דער וועשעריי** ווערט ווידערהאָלט געמאָלט געמאַכט אויפמערקזאַם דעם עולם, אַז אָפּגעגעבענע וועש מוז אָפּגענומען ווערן 10-8 טעג אַרום. די וועשעריי האָט ניט וואו צו האַלטן לענגער די ריינע וועש, ווייל דער פּלאַץ איז נויטיק פאַר די כסדר אָנקומענדיקע נייע פּאַרטיעס ריינע וועש.

פאַר ניט אָפּנעמען צו דער צייט ריינע וועש וועט מען באַשטראָפט ווערן.

**אין שול-מעדיצינישן פונקט** איז די צאָל ראַציאָנען פאַר אָפּגעשוואַכטע קינדער פאַרגרעסערט געוואָרן פון 60 אויף 120.

**אין די באָד-אַנשטאַלטן** זענען במשך פון דעצעמבער דורכגעגאַנגען 18.028 באָדבאַזוכער. די צאָל שיכטן טעגלעך איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון 14 אויף 18.

(„געטאָ-ידיעות", נומ. 25. י"ח שבט תש"ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)



**די דעזינפעקציע-קאַמער** האָט אויסער די אינערלעכע דעזינפעקציעס (אין געטאָ) אויך דורכגעפירט אַ גרעסערע דעזינפעקציע פון זאַכן, וועלכע עס זענען צוגעשיקט געוואָרן פון אַ שטאָטישן אַנשטאַלט מחוץ דעם געטאָ.

**דער שול-מעדיצינישער-פונקט** האָט פאָרגעזעצט זיין אַרבעט, אונטערזוכנדיק קינדער אין שול-עלטער, וועלכע עס באַזוכן נישט קיין שול, צוליב עפּידעמיאָלאָגישע טעמים (סקאַרלאַטין) זענען געווען געשלאָסן די קינדער-אויפזיכט-אַנשטאַלטן, ביבליאָטעק, לייען-זאַל, ספּאָרט-קלוב און קינדער-קלוב.

**דער סקאָביעס-פונקט** האָט אין סעפּטעמבער געהאַט באַדייטנד ווייניקער אַרבעט, ווייל אין געטאָ איז דער סקאַביעס כמעט אויסגעראָטן געוואָרן און עס ווערן געהיילט כמעט אויסשליסלעך קראַנקע, וועלכע עס קומען כסדר צו פון אויסערלעכע אַרבעטס-לאַגערן. דער פּערסאָנאַל איז פאַרקירצט געוואָרן ביז איין שוועסטער.

די פרעקווענץ אין די **סאַניטאַרע דורכלאָז-פונקטן** איז פון אָנהויב חודש געווען אַ שוואַכע. ערשט נעענטער צום טערמין פון אַרויסנעמען די ברויט-קאַרטן אויף אָקטאָבער, איז צוליב די געמאָלדענע סאַנקציעס פון פאַרהאַלטן די ברויט-קאַרטע די יעניקע, וועלכע עס וועלן נישט האָבן קיין באָד-באַזוך-באַשייניקונג. די האַסע פון די סאַנ. דורכל. פונקטן זענען געוואָרן פּשוט באַלאַגערט פון מענטשן און די בעדער האָבן גענומען אַרבעטן ביי אַ פולער באַלאַסטונג. עס איז פאָרויסגעזען אין אָקטאָבער חודש זאָל דער אָבליגאַטאָרישער באָד-באַזוך דורכגעפירט ווערן רעגלמעסיק און פולשטענדיק.

**די וועשעריי** האָט אין סעפּטעמבער אויסגעוואַשן מיט 406 קלג. מערער ווי דאָס איז געווען פאָרויסגעזען.

(אויסצוג פון טעטיקייטס-באַריכט פון דער געזונטהייטס-אָפּטיילונג אין געטאָ-ווילנע פאַר דער צייט פון 1-טן ביזן 30-טן סעפּטעמבער 1942. קאַפּיטל : סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישע סעקציע. ייוואָ-אַרכיוון).

## עפּידעמיאָלאָגישע סעקציע

### באַריכט פאַרן חודש מאַי 1943 יאָר

די עפּידעמיאָלאָגישע אַרבעט האָט זיך הויפּטזעכלעך קאָנצענטרירט אין דעם קאַמף מיט בויך-טיפוס. די דאָזיקע קראַנקייט, וועלכע איז בכלל אין ווילנע און אין געטאָ ענדעמיש, האָט זיך פאַרשטאַרקט צוליב די עוואַקואירטע פון אשמענע און סווענציאַן. דער ערשטער זאַמענגעבונדן מיט דעם הויף דייטשע 29 און אַרבעטס-לאַגער וועוויע. די קאַמף-מיטלען, זאַמענגעבונדן מיט דעם הויף דייטשע 29 און אַרבעטס?לאַגער וועוויע. די קאַמף-מיטלען, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן, האָבן אַרומגענומען: שטרענגע מעלדונגס-פליכט פון די דאָקטוירים, זאַפּאַרטיקע האָספּיטאַליזאַציע, עפּידעמיאָלאָגישע אָבסערוואַציע, דירות-דעזינ-פעקציע, פּראָפילאַקטישע אָבליגאַטאָרישע אימפונגען, באַקטעריאָלאָגישע אונטערזוכונגען פון באַצילן-טרעגער און פאַרשטאַרקטע סאַניטאַרע אויפזיכט פון נאַרונגס-מיטלען-אונטער-נעמונגען.

די פּראָפילאַקטישע אימפונגען האָבן זיך אָנגעהויבן מיט די קאָנטינגענטן פון פּער-זאָנען, וועלכע זענען באַשעפטיקט אין נאַרונגס-מיטלען-אַנשטאַלטן און אונטערנעמונגען, געזונטהייטס-אַנשטאַלטן, פּאָליציי, געטאָ-פאַרוואַלטונגס-אַנשטאַלטן און אונטערנעמונגען און זענען פאַרשפּרייט געוואָרן ווייטער אויף איינהייט-אַרבעטער און זייערע פאַמיליע-מיטגלי-דער. אויף אַזאַ אופן האָט די צאָל געאימפטע דערגרייכט: 1-טן מאָל — 1847, 2-טן מאָל — 706, סך הכל 2553. די אימפונגען זענען פאָרגעקומען גלייכצייטיק אין אַמבולאַטאָריע (אין צוויי אימפונגס-שטעלן), אין שול. מעד. פּונקט (פאַר שול-קינדער) און אין די איינהייטן גופא און בלאָקן.

די אַלגעמיינע צאָל טעגלעכע אימפונגען שוואַנקען איצט צווישן 500 און 800, איינ-רעכענענדיק אין די דאָזיקע צאָל אויך די רעוואַקצינאַציעס. ביי אַזאַ ווייטערדיקן טעמפּ פון דער אַרבעט איז צו האָפן, אַז די פאַרויסגעזעענע צאָל אימפונגען פון דער געטאָ-באַ-פעלקערונג וועט זיך ענדיקן סוף חודש יוני אָדער אָנהויב יולי.

(אויסצוג פון ד"ר לאַזאַר עפּשטיינס אַ חודש-באַריכט, געשריבן דעם 43 .6 .5, וועגן קאַמף קעגן בויך-טיפוס פון דער עפּידעמיאָלאָגישער סעקציע אין געטאָ-ווילנע. ייוואָ-אַר-כיוון).

### סטאַטיסטישער אַמט פון ווילנער געטאָ, יאָר 1942, טאַבעלע נומ. 2 געזונט-שוץ

#### טעטיקייט פון דער סאַניטאַרער אויפזיכט פאַרן ערשטן האַלבן יאָר 1942.

| | יאַנואַר | פעבר. | מערץ | אַפּריל | מאַי | יוני |
|---|---|---|---|---|---|---|
| צאָל קאָנטראָלירטע הויפן . . . . . . . . . | 3083 | 1772 | 2407 | 2279 | 2390 | 2214 |
| צאָל קאָנטראָלירטע דירות . . . . . . . . . . | 4655 | 3230 | 3996 | 4895 | 5678 | 5508 |
| צאָל קאָנטראָלירטע קראָמען און געזעלשאַפט-לעכע אַנשטאַלטן . . . . . . . . | — | — | — | 153 | 696 | 794 |
| פאַלן פון שמוציקע גאַסן . . . . . . . . . . | 39 | 16 | 42 | 41 | 8 | 1 |
| פאַלן פון שמוציקע הויפן . . . . . . . . . . | 131 | 76 | 84 | 47 | 12 | 1 |
| פאַלן פון שמוציקע דירות . . . . . . . . . . | 509 | 315 | 324 | 301 | 199 | 179 |
| קאַנאַליזאַציע-דעפעקטן . . . . . . . . . . . | 256 | 207 | 147 | 98 | 31 | 9 |
| אַסעניזאַציע-דעפעקטן . . . . . . . . . . . . | 138 | 139 | 70 | 53 | 5 | 2 |
| סאַנירונגען . . . . . . . . . . . . . . . . | 166 | 84 | 40 | 50 | 67 | 46 |
| צאָל געמאַכטע פּראָטאָקאָלן . . . . . . . . . | 141 | 163 | 179 | 316 | 301 | 333 |

(די דאָזיקע טאַבעלע, פון די ייוואָ-אַרכיוון, באַווייזט אונז, אַז די טעגלעכע צענדליק הויפן פון געטאָ פלעגן במשך פון איין חודש עטלעכע טויזנט מאָל קאָנטראָלירט ווערן דורכן יידישן סאַניטאַרן פּערסאָנאַל, ד. ה. יעדער הויף עטלעכע מאָל אַ טאָג, אָפטמאָל אויך יעדע פאַר שעה אַז די שמוציקייט פון די גאַסן און הויפן איז כמעט אַבסאָלוט פאַרשוווּנדן פון געטאָ, אין דער צייט, ווען די שמוציקייט פון די ענגע דירות האָט זיך נאָך אָנגעהאַלטן, הגם אין אַ באַדייטנד פאַרקלענערטער מאָס; אַז דאָס פאַלן פון שמוציקייט איז געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער אינטענסיווער קאָנטראָל פון די הויפן און דירות און מיט דער פאַר-שטאַרקטער צאָל סאַניטאַרע וואָרנונגס-פּראָטאָקאָלן; ווי אויך אַז די „געטאָ-קרעמלעך" האָבן זיך פונאַנדערגעבליט פרילינג 1942, ד. ה. אין א. ג. „סטאַביליזאַציע-פּעריאָד").

## פּרעלימינאַר-בודזשעט פון דער געטאָ-אַמבולאַטאָריע אויף די חדשים יאַנואַר און פעברואַר 1943.

| אינהאַלט | אויף יאַנואַר פּלאַנירט | אויף פעברואַר פּלאַנירט | באַמערקונגען |
|---|---|---|---|
| הכנסה | ר"מ | ר"מ | |
| אָפּצאָל פון קראַנקע . . . . . . . | 7000 | 8000 | צוליב העכערונג פון טאַקסע |
| הוצאה | | | |
| 1) שכירות . . . . . . . . . . | 2000 | 2480 | אין דעם 55 רמ. אויף פאַרטרעטונג |
| 2) עלעקטרישע באַלייכטונג . . . | 80 | 70 | לויט פאַקטישער הוצאה פאַר דעצעמבער |
| 3) באַהייצונג | | | |
| 11 מעטער האָלץ . . . . . . | 1080 | 990 | |
| 4) וואַסער . . . . . . . . . . | 10 | 10 | לויט פאַקטישער הוצאה פאַר דעצעמבער |
| 5) וועשעריי . . . . . . . . . | 65 | 90 | לויט פאַקטישער הוצאה פאַר דעצעמבער |
| 6) אַפּטייק . . . . . . . . . . . | 500 | 1000 | |
| 7) דענט. מאַטעריאַלן . . . . . . | 700 | 800 | |
| 8) צאָן-דענט.-מאַטעריאַלן . . . | 300 | 500 | |
| 9) אינוווענטאַר . . . . . . . . . | 300 | 300 | איינקויף פון אָקוליסטישע מאַטעריאַלן, |
| 10) רעמאָנטן . . . . . . . . . . | 150 | 600 | שטעלן אַן אייוועלע, מאַכן די פאַנאַנדער-<br>טיילונג צווישן די קאַבינעטן און אַנד. |
| 11) ווירטשאַפטלעכע און פאַרש. . | — | 150 | זייף-פּראָשעק, זעק, בערשט א. אַ.<br>צווייםאָל אין חודש צו 20 ר"מ. |
| פּלאַקאַטן פאַרן „פאָלקס-געז." | 100 | 40 | |
| נישט פאָרויסגעזעענע . . . | — | 100 | |
| ריוח | 5685 | 6630 | |
| | 1315 | 1370 | |
| | 7000 | 8000 | |

(אויסצוג פון פּרעלימינאַר-בודזשעט פון דער געזונטהייטס-אָפּטיילונג אויפן חודש פע-ברואַר 1943. ייוואָ-אַרכיוון).



# יידישע דאָקטוירים אין ווילנע

אין ווילנע איז דאַן געווען אַ גרעסערע צאָל יידישע דאָקטוירים, איבער הונדערט און דרייסיק.

איך גיב דאָ איבער זייער רשימה, אָנדייטנדיק וועגן יעדן איינעם וואו ער האָט געאַרבעט אין געטאָ, זיין פאַך און ידיעות וועגן זיין גורל.

קצורים: אַמב. — אַמבולאַטאָריע; אַמב. 2 — אַמבולאַטאָריע אין געטאָ נומער 2; ג"שפּ. — געטאָ-שפּיטאָל; שול. מ"צ — שול-מעדיצינישער צענטער; ג"ה — גיכע הילף; אינ. — אינערלעכע; כיר. — כירורגיע; גינ. — גינעקאָלאָגיע; אָקול. — אָקו-ליסטיק; פּעד. — פּעדיאַטריע; אָט. — אָטאָלאַרינגאָלאָגיע; רענטג. — רענטגענאָלאָגיע; אַלג. — אַלגעמיינע; סטאָמ. — סטאָמאַטאָלאָגיע; נערוו. — נערוון-קראַנקייטן; פּסיכ. — פּסיכיאַטריע; אַנ. — אַנאַליזן; סאַנ. עפּ. — סאַניטאַר עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג;

אור. — אוראָלאָגישע אָפּטיילונג; דערמ. — דערמאַטאָלאָגיע; אק — דאָקטאָר פון אַן אַרבעטס-קאָמאַנדאָ.

פאָנ. — פאָנאַר; עסט. — עסטלאַנד; דאוט. — קאָנצענטראַציע-לאַגער דאַוטמער-גען, דרום-דייטשלאַנד; ג. ל. — געטאָ-ליקווידאַציע; אומב. — אומבאַקאַנט; ביאַל. — אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ; נאַט. — געשטאָרבן פון נאַטערלעכן טויט.

אבראמאוויטש אלעקסאנדער, ג״שפּ. גינ. עסט. 1944
אבראמאוויטש אברהם, אק. גינ. אומב.
איוואנטער סעניאר, ג״שפּ. רענטג. עסט. 1943.
איוואנטער יוניאר, ג״שפּ. רענטג. אומב.
אימעניטאווא, סאנ. עפּ. אלג. ג. ל. 1943
אנטאקאליעץ יצחק, ג״שפּ. אלג. עסט. 1944

ברייטבארט מארק, אמב. פּעד. דאוט. 1945
ברייטבארט שמחה, אק. סטאמ. דאוט. 1945
בארנאווסקא קאטיא אלג. פּאנ. 1941
בארנאווסקי וולאדזימיעזש אלג. פּאנ. 1941
בארנאווסקי לעא, ג״שפּ. נערוו. לעבט
בוזשאנסקי לאזאר אמב. אלג. לעבט
בוך רפאל, אמב. גינ. עסט. 1944
בוראק לעא, אק. אלג. לעבט
בוראק מאקס אמב. אלג. ג. ל. 1944
בייקאוויטש, אמב.2 אלג. פּאנ. 1941
בלאך, ג״שפּ. גינ. לעבט.
בלומאוויטש אדאלף, אמב.2 דערמ. פּאנ. 1941
בערגער רימיני, אמב. פּעד. ביאל. 1943
בערלין הארי, אמב. סטאמ. לעבט
בערנשטיין, סאנ. עפּ. אלג. 1944
בראדסקי מיכאל, ג״שפּ. אלג. ג. ל. 1943
בראנט, אלג. פּאנ. 1941
גאלדבורט אייזיק, סאנ. עפּ. פּעד. ביאל. 1943
גאלדע, אמב. פּעד. לעבט
גאלדמאן אברהם, ג״שפּ. אלג. לעבט
גארדאן נעמי, סאנ. עפּ. אקול. לעבט
גודזעניאצקי, אק. אלג. לעבט
גארפינקעל, ג״שפּ. אלג. לעבט
גארדאנאוויטש, ג״שפּ. כיר. לעבט
גיטעל שלמה, אק. אלג. דאוט. 1945
גיטעלזאן שמעון, אק. אַלג. לעבט
גילעלט וועראַ, ג״שפּ. אלג. עסט. 1944
גירשאוויטש משה, ג״שפּ. אלג. עסט. 1944
געלמאן גדליהו, ג״שפּ. אנ. דאוט. 1945
גענזעל יוליוס, אק. נער. לעבט
גליקסבערג, סאנ. עפּ. אלג. לעבט
גערשאנאוויטש, אק. אלג. עסט. 1944
גערשקארן, ג״שפּ. פּעד. ג. ל. 1943
גראדזענסקי דוד, ג״שפּ. אט. דאוט. 1945
גרשוני גרשון, דערמ. געטאָ 1941
גארדאן משה, אמב. אלג. לעבט

דווארזשעצקי מאַרק, שול.מ״צ אלג. לעבט
דלוגי הירש, אק. גינ. לעבט

הויזמאן, אמב. פּעד. ג. ל. 1943

וויגאדסקי יעקב, גינ. לוקישקי 1941
וואלפזאן סעניאר, אמב. דערמ. עסט. 1944
וואלפזאן יוניאר, אק. דערמ. עסט. 1944?
ווירשובסקי אברהם, ג״שפּ. פּסיכ. ג. ל. 1943
וואלקאוויסקי לעא, ג״שפּ. אט. עסט. 1944
וויינריב אברהם, ג״שפּ. אינ. לעבט
וויינשטיין וועלוול, ג״שפּ. אינ. לעבט
וואפּנער, אינ. פּאנ. 1941

זאלקינדסאן אווסעי, ג״שפּ. כיר. עסט. 1944
זאַלקינדסאן פּרוי, אמב. אקול. עסט. 1944
זאלקינדסאן וואווא, אק. אלג. עסט. 1944
זיידלער, סאנ. עפּ. אלג. אומב.
זעלדאוויטש זאפיא, אמב. דערמ. עסט. 1944
זעליצקא פּרוי, אק. אלג. לעבט

טאראסייסקי, אק. אלג. לעבט
טאלטשינסקי, ג״שפּ. אט. לעבט
טויבענהויז, אק. פּעד. ג. ל. 1943
טויבענהויז, אק. גינ. ג. ל. 1943
טראצקי פאלק, ג״שפּ. כיר. 1944
טראצקי, אק. אלג. אומב.

יאבראוו איסר, ג״שפּ. פּעד. 1945
יוסטמאן, אלג. 1942
יאשפאן, אק. אַלג. עסט. 1944

כורג, אק. אלג. עסט. 1944
כץ אליהו, אק. אלג. עסט 1944
כץ זכריהו, ג״שפּ. פּעד. עסט. 1944
כאלעם ליבע, אמב. דערמ. עסט. 1944
כאלעם עמנואל, ג״שפּ. אור. עסט. 1944
כאנאוויטש שמעון, אק. אלג. עסט. 1944
כארמאץ מיכאל, אלג. פּאנ. 1941

ליבא אלעקסאנדער, ג״שפּ. אט. לעבט
לידסקי אברהם, ג״שפּ. כיר. 1944
לידסקא פעסיע, ג״שפּ. פּעד.. לעבט
לעוואנדא שמואל, אט. 1941
לעווין רפאל, אמב. אור. עסט. 1944
לערמאן אפרים, אק. כיר. עסט. 1944

מארגאליס שמואל, ג״שפּ. רענטג. 1945
מעלאמעד, פּעד. ביאַל. 1943

נאמיאט ליפע, אלג. פּאנ. 1941
סאליט עמיליא, ג״שפּ. אלג. לעבט
סוראוויטש, אק. דער. 1943
סלאבאדסקי, אק. אקול.
סוראוויטש מאטילדא, אק. אקול. 1942?
סלוצקאַ גינא, אלג. פּאנ. 1941

סעדליס אליהו, ג"שפ. גינ. לעבט
ספאקאיני קלמן, פעד. פאַלאנגא 1941

עלטערמאן, אק. אלג. עסט. 1944
עפשטיין לאזאר, סאנ. עפ. אלג. 1944
עפשטיין עמנואל, סאנ. עפ. אלג. עסט. 1944

פאטשטער וולאדימיר, אמב. אלג. עסט. 1944
פאָמעראנין לייב, אמב. אלג. עסט. 1944
פינגערהוט לעאן, אמב. גינ. עסט. 1944
פייגוס הלל, אק. אלג. ג. ל. 1944
פייגעלסאן פעסיע, ג"שפ. פעד. 1943
פייגענבערג משה, ג"שפ. אור. לעבט
פייסאבאוויטש, ג"שפ. כיר. לעבט
פערעוואזקי אלעקסיי, אמב. אלג. דאוט. 1945

פערעוואזקא, ג"שפ. פעד. 1943
פערעוואָלקי ראובן, אלג. אומב.
פערגאַמענט שלמה, אלג. נ. ט. 1941
פערגאמענט אלק ראניא, ג"שפ. פעד. אומב.
פריד חיים הלל, אמב. אלג. לעבט

צוקערמאן משה, ג"ה אלג. עסט. 1943

קאוואַרסקי האראצי, פעד. נאַט. 1941
קאלאהנער בער, אמב. אלג. לעבט
קאלמאנאוויטש, ג"שפ. אלג. לעבט
קאנטאראוויטש, אמב. אלג. אומב.
קאניוכסקי אליהו, ג"שפ. כיר. לעבט
קאסטשענעווסקי, סאנ. עפ. אלג. 1943?
קאצענעלענבאגען סאניא, אמב.2 אלג. פאנ. 1941

קאפלאן אלעקסאנדער, ג"שפ. אלג. עסט. 1943
קאפעליאוויטש, אלג. אומב.
קארנאווסקי, אק. פעד. 1943?
קושעלעוויטש יודעל, אלג. פאנ. 1941
קשעמיאנסקי אבעל, אמב. אלג. דאוט. 1945

ראן גריגארי, אמב. אלג. עסט. 1943
ראזענבליט אלפרעד, אמב. אלג. 1944
ראם אלעקסאנדער, אנ. נאַט. 1942
ראם מיכאל, ג"שפ. אנ. עסט. 1944
ראסאלט העניק, אלג. פאנ. 1941
ראַשקעס לעאן, אמב. אט. עסט. 1944
ריווקינד לעאן, אמב. אט. עסט. 1944
רוטשניק יצחק ג"שפ. אָקול. עסט. 1944
רעזניק נפתלי, ג"שפ. פעד. לעבט
רעזניק נאדיא, ג"שפ. פעד. לעבט
רעבעס, אמב אקול. עסט. 1944
רעמיגאלסקי, אלג. אומב.
רעשאנסקי, אלג. פאנ. 1941

שאבאד-גאווראנסקא ראזא, ג"שפ. פעד. ג. ל. 1943
שאדאווסקי רפאל, ג"שפ. אלג. לעבט
שאדאווסקא, ג"שפ.פעד. אומב.
שאפירא קלמן, אמב. אלג. עסט. 1944
שומעליסקי זאב, ג"שפ. אלג. עסט. 1944
שטיינהויער, אק. דער. לעבט
שטיינמאן אברהם, אק. אלג. לעבט
שיינקער ברכה, אַמב. אָקול. ג. ל. 1943
שמושקאוויטש, סאנ. עפ. אלג. אומב.
שערמאן, סאנ. עפ. אלג. לעבט

פון איבעריקן מעדיצינישן פערסאָנאַל, וואָס האָט געאַרבעט אין די פאַרשידענע אָפּ-צווייגונגען פון סאַניטאַרן-וועזן אין געטאָ דערמאן איך זיך נאָר פאָלגענדיקע נעמען:

קראַנקן-שוועסטערס — אגוז ווערא, אראן ליזע, אנאליק מאשע, בלאפארב חיה, באַראווסקא ביענע, גראדע-צירינסקא, הווארזשעצקא-קויפמאן מרים, וויינשטיין פּידע, זיידעלסאן, זשעלעזניקאוו, טייטל-גרענאדיער שפרה, יפה, כץ אסתר, ביליסבערג, לעווי, נאדעל, סאפיר-שפיז חנה, פאליטאצקא, קאגאן, קאפלאן, קייל-סאן, קאנטאראוויטש, קאווארסקא קלארא, שלאסבערג בעטיא, שאדאווסקא מרים, שער.

פעלדשערס — בלאפארב, ביילין, ברוק, וואלאזשינסקי, לעווינסאן בער, שער.

דענטיסטן — בלאך, ראבערט נאדעלמאן, קולקעס אפרים. סווערדלין עלזא, כארמאץ, סטאקלינסקי, רעבעס, כץ.

אפטייקערס — טשעסלי, פרומקין, מאלטשאדסקי, צוקערזים אסתר.

# 6. דאָס קולטור־וועזן אין ווילנער געטאָ

איינס פון די ליכטיקסטע קאַפּיטלען פון יידישן לעבן אין געטאָ ווילנע, איז געווען דאָס קולטור-וועזן.

אויב די ווילנער יידישע עדה האָט אין משך פון יאָרן געטראָגן דעם נאָמען ירושלים דליטא — איז געטאָ־ווילנע ראוי, אין קולטור־הינזיכט, צו טראָגן דעם נאָמען ירושלים פון די געטאָס, אַלס סימבאָל פון יידישן גייסטיקן ווידערשטאַנד אונטערן נאַצי-רעזשים.

טראָץ דער געפאַר פון טויט, פון אַרויסשיקונגען און אַקציעס, טראָץ נויט, הונגער, ליידן — האָט דאָס יידנטום אין געטאָ־ווילנע געהאַלטן פאַר זיין שליחות צווישן די מויערן פון געטאָ צו שפּינען די אַלטע, שיינע, דורותדיקע, יידישע קולטור־טראַדיציע פון ווילנע, שאַפן אַ ברייט־צעצווייגט שול־וועזן, טעאַטער, כאָר, העברעאישע און יידישע קולטור-פאַראַנשטאַלטונגען, ביבליאָטעקן, לייען־זאַל, שאַפן ווייטער יידישע און העברעאישע ליטעראַטור. אין מאַלינעס האָט מען געשריבן לידער, אין קעלערס געזאַמלט ביכער, אין אַלטע חורבות געלערנט קינדער, עס האָבן די משוגע־ווילדע לעבנס־באַדינגונגען ניט צעבראָכן דעם יידישן שאַפונגס־גייסט פון געטאָ.

## שול-וועזן

### ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען דאָס שול־וועזן אין געטאָ

אויפן דריטן טאָג פון געטאָ האָט דער לערער משה אָליצקי, געוועזענער לאַנג-יאָריקער פאָרזיצער פון ווילנער העברעאישן לערער-פאַראיין, צונויפגערופן אין בנין פון רב שאולקעס קלויז (שאָוועלסקע גאַס) די לערערינס רחל ברוידא (קאָמוניסטין), מירע בערנשטיין (קאָמוניסטין), מרים גוטגעשטאַלט (בונדיסטין) און אַרויסגעטרעטן מיט דער איניציאַטיוו צו שאַפן אַ געאייניקט שול־וועזן פון אַלע געוועזענע ווילנער שול־ריכטונגען. זיי האָבן אָנגעשריבן אַ מעמאָראַנדום פאַרן יידן־ראַט, אין וועלכן זיי האָבן אויפגעוויזן די נויטווענדיקייט צו שאַפן קינדער-אויפזיכט־אַנשטאַלטן, וואו מען זאָל אַכטונג געבן אויף די קינדער, בשעת זייערע עלטערן גייען צו דער אַרבעט, שפּילן זיך מיט זיי, לערנען זינגען, געבן זיי דערציאונג, ווי אויך אַ געוויסן סכום פון שול־לימודים. מען דערציילט, אַז יעקב גענס, דער שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי, וועלכער איז געווען זייער דענערווירט פון דער שווערער סיטואַציע אין געטאָ און שטענדיק דראָענדיקע אַקציעס, האָט געענטפערט דער דעלעגאַציע:

— פאַרדרייט מיר ניט דעם קאָפּ, אָבער נאַט אייך אייניקע לאָקאַלן, און טוט מיט די קינדער, וואָס איר ווילט.

שפּעטער האָט יעקב גענס אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג מיט די פראַגן פון שול־וועזן, ער פלעגט באַזוכן די לימודים, די שול־יום-טובים, ווי אויך אַרויסגעזאָגט מיינונגען בנוגע דעם שול־פּראָגראַם.

מיט דער צייט זענען געוואַקסן די צאָל פֿון די שיינען פּאַר. די לערערס און לסוף איז אויך אַרייַנגעפירט געוואָרן דער שול־צוואַנג אין געטאָ.

די ערשטע לאָקאַלן פון די געטאָ־שולן זענען געווען אַ חרובע קלויז אויף שאַוועלסקאַ גאַס, אַ פּרורים־יאַטקע אויף יאַטקעווער גאַס און אַ חרוב הויז אויף סטראַשון גאַס 12. אַ זעכציק מאַן, געוועזענע לערערס פון פאַרשידענע ריכטונגען, האָבן באַלד זיך גענומען אַרויסטראָגן די גרוזן, שטיינער, צעבראָכענע שויבן פון די חורבות, אויפשטעלן טירן פון שטיקלעך ברעטלעך און וואַשן די פּאָדלאָגעס. די לערערס מיט דער הילף פון קראַנקען־שוועסטערס, האָבן דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון קינדער. אין אַ גאַנצער רייע ערטער פון געטאָ זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן פּלאַקאַטן וואו מען האָט גערופן צו פאַרשרייבן די קינדער אין די קינדער־אויפזיכטס־אַנשטאַלטן. די עלטערן האָבן לכתחילה געהאַט אַ ביסל מורא, טאָמער איז דאָס אַ שפּיצל פון יידן־ראַט, כדי צו וויסן וויפיל עס זענען דאָ קינדער, און צו וויסן זייערע אַדרעסן. אָבער זעענדיק ווער עס שטייט בראש פון שול־וועזן — לערערס, וועלכע האָבן אויסגעהאָדעוועט דורות שילערס אין ווילנע — האָבן די עלטערן געקריגן צוטרוי און געפירט די קינדער צו דער רעגיסטראַציע. עס זענען דאַן אין סעפּטעמבער 1941 רעגיסטרירט געוואָרן איבער צוויי טויזנט זיבן הונדערט קינדער אין עלטער פון זעקס ביז פערצן יאָר. אַ געוויסער טייל קינדער איז דאָך, צוליב פאַרשידענע סיבות, נישט פאַררעגיסטרירט געוואָרן; הן צוליב דעם, וואָס די קינדער האָבן געדאַרפט אַכטונג געבן אויף קלענערע איבערגעלאָזענע קינדער, הן צוליב דעם, וואָס אין געטאָ זענען שוין געווען אַ גרעסערע צאָל קינדער לגמרי עלטערנלאָזע און שוצלאָזע („בעזפּריזאָרניקי”), וואָס האָבן אַליין געמוזט זוכן זייער פּרנסה.

אויך אין געטאָ נומער צוויי, וועלכער האָט געדויערט פון 6-טן סעפּטעמבער 1941 ביז יום־כפור 1941, איז געווען אַ שול בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען מרים בערנשטיין. דאָרטן האָבן געאַרבעט אַ גאַנצע רייע לערערס, צווישן זיי דערמאָן איך מיך יעקב גערשטיין, אידאַ קאַפּלאַנאָוויץ (פרוי פון שריפטשטעלער דן־קאַפּלאַנאָוויץ) און מאַניאַ גאָרדאָן. ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ נומער צוויי איז גאָר אַ קליינע צאָל לערערס געלונגען זיך אַריבערגנבענען אין געטאָ נומער איינס.



ווען עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן יידן־ראַט די אַזוי גערופענע ווייסע יידן־ראַט־שיינען, וועלכע האָבן לכתחילה געגעבן שוץ זייערע אינהאַבערס פון געכאַפּט ווערן צו אַרבעט, האָבן באַקומען די דאָזיקע ווייסע שיינען אַלע זעכציק מאַן, וועלכע האָבן זיך מטפל געווען ביים גרינדן פון דעם שול־וועזן. ווען עס איז אָנגעקומען די צייט פון די געלע לעבנס־שיינען איז אויסגעפאַלן אויפן גורל פון שול־וועזן נאָר צען געלע שיינען. אויב איך בין זיך ניט טועה, האָבן די געלע שיינען באַקומען: משה אָליצקי, מרים חיימסאָן (פרוי פון ש. באַסטאָמסקי), גדליה בושעל, רחל ברוידא, מירע בערנשטיין, מאַניע גראָסמאַן, סימע שמיט, מרים גוטגעשטאַלט, יוסף לייקין. די איבעריקע פון די זעכציק לערערס האָבן קיין געלע שיינען ניט באַקומען. אַ טייל איז געלונגען אַרויסגיין צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ און דאָרט צו באַקומען שיינען, אַ טייל האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין מאַלינעס, אַ גרויסער טייל איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר.

## דער קולטור-קאַמף אין געטאָ

אַרום איינהייטלעכן שול-וועזן אין געטאָ, האָט זיך אין דער ערשטער תקופה אַנטוויקלט אַ קולטור־קאַמף בנוגע דעם כאַראַקטער, מהות, דערציאונגס־ציל און צוזאַמענשטעל פון לערער־פּערסאָנאַל און פון למודים-פּראָגראַם — מיט וועלכע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעען זאָל דער יוגנטלעכער אַרויסגיין אין דער פרײַ פון געטאָ — וואָס פאַר אַן אָרט זאָל פאַרנעמען אין שאַפנדיקן זיך איינהייטלעכן שול־וועזן, ייִדיש און העברעאיש, ארץ־ישראל, תנ״ך, ייִדישע געשיכטע, אַלגעמיינע געשיכטע — וועלכע תקופות און העלדן דאַרפן דינען אַלס מוסטער וכדומה. געווען צייטן, ווען ס'פלעגט הערשן אַ בולטע אידעאָלאָגישע השפעה פון איין גרופּירונג, און צייטן ווען די השפעה פלעגט איבערגיין צו אַן אַנדערער. בעיקר האָט דער ציוניס-טישער „דאַך" באַקעמפט אידעאיש די איבערוויגנדיקע השפעה, וועלכע ס'האָט געהאַט אין שול־וועזן לכתחילה דער „בונד" אַ דאַנק דעם צופאַל, וואָס מיטן קולטור־רעסאָרט ביים ייִדן־ראַט האָט געלייטעט אַ חבר פון „בונד".

אין רעזולטאַט פון אַזוי געראָפענעם „קולטור־קאַמף" איז איינגעפירט געוואָרן אַ פּאַריטעט פון העברעאישע און ייִדישע לערערס, עס זענען פאַרגעקומען שנויים אין די אַמטן פון ייִדישן קולטור-אַמט פון געטאָ און פון דער שול־אָפּטיילונג — און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ סינטעטישער פּראָגראַם פון געטאָ־שול־וועזן.



די ערשטע לייטער פון דער קולטור-אָפּטיילונג זענען געווען: גריגאָרי יאַשונסקי (בונדישער טוער), שפּעטער דער ציוניסטישער לערער און טוער ד״ר לעאָ בערנשטיין; אַלס וויצע-לייטער איז געווען כמעט די גאַנצע צייט דער העברעאיש-ייִדישער דיכטער פון קאָוונע, ד״ר צמח פעלדשטיין.

דער ערשטער לייטער פון שול-וועזן אין געטאָ, איז געווען זיין פּאַקטישער גרינדער, משה אַליצקי; שפּעטער דער העברעאישער שריפטשטעלער, ישראל דימענט־מאַן פון קאָוונע; משה אַליצקי איז די גאַנצע צייט געבליבן די נשמה־חיה פון שול־וועזן. אין ביוראָ פון שול-וועזן זענען געווען טעטיק: רחל ברווידא, מרים בערנשטיין (קאָמוניסטינס), מרים גוטגעשטאַלט (בונדיסטין).

אין דער טעטיקייט פון שול-וועזן האָבן זייער פיל געלייסטעט אין פאַרשיידענע תקופות פון געטאָ, אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע, אויך די לערערס און לערערינס: לייב אָפּעסקין, שלמה באַסטאָמסקי, ישראל בערמאַן, רעיה בערקמאַן, גדליה בושעל, אליעזר גאָלדבערג, גליאָט, גילינסקי (באַטקאָ), מאַניע גאָרדאָן-צוקערמאַן, ליזע גראָסמאַן, יעקב גערשטיין, אברהם גלעזער, דורמאַשקין, ד״ר האַרט, נפתלי וויניק-ראָזע, מרים חיימסאָן, טורבאָוויטש, לעווי, אינזש. טשאַרנאָצקי, ברוך לובאָצקי, ישראל לובאָצקי, ניוסיאַ לובאָצקאַ, יוסף לייקין, סימאַ לייקין-זאַבלודאָווסקאַ, לוסקאַ, שרה לעווינסאָן, ד״ר מאָוושאָוויטש, שפרה מאַרקעלעס, גיטע מולער, ישראל מאַגאַרשאַק, צביה נאַבאָזשנאַ, יצחק סעניצקי, סמאָליצקי, אברהם סלעפּ, מאַשע עפּראָן, גרשון פלודערמאַכער, זעליג קאַבאַטשניק, קליינער, רחל קלויזנער-חזן, יעקב קאַפּלאַן, קאַרפּינקעס, יעקב רייפער, ראַסקין פאָטער און זון, סימע שמידט, לייב שעפּטעל, מיכלע קאַפּלאַן.

צווישן די אומגעקומענע לערערס אין דער תקופה פון די „כאַפּערס״ און פון די „אַקציעס״ אין געטאָ (1941) דערמאָן איך זיך משה סעניצקי, ישראל גורעוויטש, שטיינ־הויז, פּערעלמאַן, לויטמאַן, ספּירא, יפה, קאַסטרינסקי, פּאַמאַטשניק, שמעון לאַנדוי, ד״ר ישראל ביבער; ירמיהו צעמעל, פאַני צעמעל (אין דער שחיטה פון וואָראָנאָווע), הירשבערג, וויקטאָראָוו.

הן נאָכן, הן פאַרן איינשטעלן דעם סינטעטישן געטאָ־פּראָגראַם, הן בשעת די פאַרשידענע שנויים אין שול־וועזן, האָט די לערערשאַפט פון אַלע גרופּירונגען מיט גרויס איבערגעגעבנקייט פאַר די קינדער, און מיט התלהבות פאַר דער זאַך, צוזאַמען מיטגעאַרבעט און מיט ווירקלעכער מסירת נפש געבויט דאָס שול-וועזן.

## דאָס סינטעטישע פּראָגראַם פון שול-וועזן

כ׳וויל דאָ אַ פּאָר ווערטער ווידמען דעם פּראָגראַם פון שול־וועזן, וועלכעס איז איינגעשטעלט געוואָרן נאָכן אַזוי גערופענעם קולטור־קאַמף אין געטאָ, און וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אינטערעסאַנטן פּרואוו פון אַ סינטעז פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעען, און אַרויסגערופן אָנערקענונג ביי דעם עלטערן-קרייז און אויסער־געוויינלעכע התלהבות ביי די קינדער. כ׳פּרוביר צו געבן אַ סכעמאַ פון פּראָגראַם אין „סינטעטישער אידעאָלאָגיע״ פון שול־וועזן, אַזוי ווי זיי זענען מיר געבליבן אין זכרון.

### די פּרינציפּן פון פּראָגראַם

— דאָס שול־וועזן איז אַ סינטעטישער. די לערערשאַפט באַשטייט פון אַלע געוועזענע שול־צענטראַלעס.

— די לימודים־שפּראַך איז יידיש. אין איין קינדער-גאָרטן זענען די לימודים געפירט געוואָרן אַזוי, אַז די קינדער זאָלן קענען מיט דער צייט אַריבערגיין אויף העברעאיש, אַלס לימוד־שפּראַך.

— עס ווערט געלערנט אין אַלע שולן און אין אַלע קלאַסן אין אַ גרויסער מאָס העברעאיש און העברעאישע ליטעראַטור מיט דער אונטערשטרייכונג פון זייער וויכטיקער ראָל אין לעבן פון פאָלק און זיין דורותדיקער קולטור.

— יידישע געשיכטע איז אַ צענטראַלער לימוד פון שול־וועזן. גלייכצייטיק מיטן לערנען פאַרשידענע תקופות פון דער יידישער געשיכטע, ווערן געלערנט פּאַראַלעל ענלעכע תקופות פון דער וועלט־געשיכטע.

— תנ״ך איז איינער פון די גרונט-לימודים אין שול־וועזן.

### די פּרינציפּן פון דער דערציאונג

— געפיל פון נאַציאָנאַלער יידישער ווירדע.

— ליבע צו דער פאָלקס־פאַרגאַנגענהייט און ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו דער תקופה פון נאַציאָנאַלער סואווערעניטעט און צו די קעמפערס פאַר פאָלקס-פרייהייט: חשמונאים, בר־כוכבא און מסדה.

— דערקענטעניש פון פאָלקס־קעגנוואַרט: יידיש לעבן אין אַלע יידישע ישובים

— גלויבן אין פאָלקס־צוקונפט (מיט דער צייט איז עס פאַרשטאַנען געוואָרן:

די יידישע פאָלקס־צוקונפט איז — אַ יידיש פריי פאָלק אין אַ ס׳אוועקן ארץ-ישראל אַלס אַ טייל פון אַ פרייער מענטשהייט).

— ליבע צו אַרבעט און פרייהייט.

— ליבע צו דער מענטשהייט פון אַרבעט און פון קאַמף קעגן אונטערדריקערס, געפיל פון אינטערנאַציאָנאַלער שותפות פון אַלע פעלקער אינם קאַמף פאַר אַ בעסערער און גערעכטער וועלט.

די קענטעניש פון ארץ־ישראל (פאַלעסטינאָגראַפיע) איז נעלערנט געוואָרן אַלס ספּעציעלער לימוד.

רעליגיע איז געלערנט געוואָרן אַלס ניט אָבליגאַטארישער לימוד פאַר די קינדער, וועלכע ווילן זיך באַקענען מיט די פּרינציפּן פון דער רעליגיע.

## די געטאָ־שולן, לערערס און קינדער

ווילנע האָט געשמט פון תמיד אָן מיט איר איבערגעגעבענער לערערשאַפט פון אַלע אירע שול־סיסטעמען; אַ ווילנער לערער האָט געהאַט אין פוילן אַ נאָמען פון אַ מענטשן, ביי וועלכן פּעדאַגאָגיק און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זענען געווען צונויפ־געבונדן, אַ מענטש, וועלכער קוקט נישט אויף זיין פאַך ווי אַ פּראָפעסיע, נאָר ווי אויף אַ שליחות צו וועלכער ער גיט זיך אָפּ בלב ונפש. איך האָב אַ רייע יאָרן געאַרבעט אַלס שול־דאָקטאָר אין ווילנער יידישע שולן אין פאַרשידענע צענטראַלעס. עס האָט מיך שטענדיק באַגייסטערט די איבערגעגעבנקייט פון די לערערס. נאָר אַזאַ ענטוזיאַסטיש, התלהבותדיק מסירות-נפש ווי וועלכע די ווילנער געטאָ־לערערס האָבן אַרויסגעוויזן צום אויפבוי פון שול-וועזן און צו די קינדער, האָב איך אפילו אין די ליכטיקע יאָרן פון ירושלים דליטא ניט געזען. לערערס און קינדער זענען אין געמיינזאַמען רצון אויפצובויען דאָס שול־וועזן, געוואָרן איין משפחה. צוזאַמען אַרויסגעטראָגן גרוז, שטיינער און ציגל פון צעבראָכענע חורבות, וועלכע מען האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלען אין לאָקאַלן צום לערנען. צוזאַמען צונויפגעשלעפּט פון איין חורבה אַ טיר, פון אַן אַנדערער אַ ברעט, פון אַ דריטער אַן אָפּגעריסן שטיק פענצטער, בכדי צונויפשטעלן פון דעם אַלץ עפּעס, וואָס דאַרף דערמאָנען אַ שטוב. לערערינס און שול־מיידלעך זענען אין איינעם געשטאַנען אין געוואַשן פאָדלאָגעס פון די שולן. לערערס און שילערס האָבן געמיינזאַם געהאַקט האָלץ אויף צו קענען אָנוואַ־רעמען די קאַלטע שטובן וואו מען איז געזעסן און געפרווירן אין די שווערע געטאָ-ווינטערן.

אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ איז כמעט קיין שול־בענק ניט געווען. זענען די קינדער געזעסן צוגעטוליעט אויף דער ערד און געהערט די ווערטער פון די לערערס. ערשט שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוויזן שול־בענק אין געטאָ.

ווען ס׳פלעגט געגעבן ווערן די קינדער צו שרייבן אויף „פרייע טעמען״ פלעגן זיי עס צופּאַסן צו דער געטאָ-ווירקלעכקייט. כ׳דערמאָן זיך נעמען פון קינדערשע שריפטלעכע אַרבעטן: „ווי אַזוי האָב איך זיך געראַטעוועט פון פּאָנאַר״, „דער ערשטער טאָג אין געטאָ״, „מען פירט מיינע עלטערן צום טויט״, „באַהאַלט זיך אין אַ מאַלינע״ וכדומה.

ווען עס איז איינמאָל אויסגעבראָכן אַן אַקציע אין געטאָ און אַ לערערין אָן אַ שיין האָט געהאַלטן אין מיטן לעקציע, האָט זי ניט איבערגעריסן דעם לימוד נאָר ווייטער, דערציילט די קינדער וועגן דער גוטער וועלט, וואָס וועט נאָך אָנקומען. די לערערין האָט ניט באַוויזן זיך צו באַהאַלטן. איר גורל איז געווען — קיין פּאָנאַר.

זייער אָפט פלעגן די קינדער צונויפקומען זיך אין שול אַ גאַנצע שעה פאַרן באַגינען פון די לימודים און מיט אומגעדולד זיך קוים דערוואַרט, אַז דער לערער זאָל אָנהויבן דערציילן. די העפטן האָבן זיי געהאַלטן אָנגעשפּאַרט אויפן חברס פּלייצע און אַזוי פאַרשרייבן די לעקציעס. מיט דער פאַנטאַזיע פלעגן זיי זיך אַוועקטראָגן אין אַ וועלט אַן אַנדערער, וואו עס איז ניטאָ קיין געטאָ און קיין אַקציעס, און צו יידן העלדישע, חשמונאישע, מסדהשע. אויף די הפסקות האָבן קינדער, ביי וועמען מען האָט ערשט די טעג צוגענומען די עלטערן געטאַנצט אַ קאַראַהאָד און זינגען: מיר זענען יונגע, מיר זענען יונגע...

עס איז מיר אויסגעקומען אָפט צו זיין אויף די לעקציעס. איך דערמאָן זיך אַ לעקציע, ווען משה אָליצקי האָט דערציילט וועגן חורבן בית־שני און וועגן די יידישע קאַמפן. קינדערשע אויגן האָבן געפלאַמט מיט אומגעזעטיקטער פאַנטאַזיע, זיי האָבן אים ניט געלאָזט ענדיקן זיין לימוד־שעה:

— לערער, דערציילט נאָך וועגן יידישן קאַמף! לערער, דערציילט ווייטער...



היינט צו טאָג באַזיצן שוין די גערוימע, אָפט געוואַשענע און געהאמטע, צו דער צייט באַהייצטע לאָקאַלן מיט צוגעפּאַסטע שול-בענק און מכשירים.

אין געוואַלדיקער ענגשאַפט און ניט-געהייצטע צימערן, זיצנדיק אָפט אויף דער ערד, אָדער שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט, האַלטנדיק די העפט אויפן חברס פּלייצע — אַזוי האָבן די קינדער דורכגעמאַכט דעם גרעסטן טייל פון ערשטן געטאָ-ווינטער אין די לער-אַנשטאַלטן, אַרויסווייזנדיק זייער עקשנותדיקן ווילן אויפהאַלטן זייער שול, וועלכע דערמאַנט זיי אַן אַמאָליקן מענטשלעכן לעבן.

(אויסצוג פונם אַרטיקל „דאָס שולקינד אין געטאָ און זיין געזונטצושטאַנד" פון ד"ר מ. דוואַרזשעצקי. פאָלקסגעזונט נומער 14, געטאָ-ווילנע. יוני. 1943)

## די שול־אַנשטאַלטן אין געטאָ

עס זענען געווען פאָלגנדיקע שול-אַנשטאַלטן:

פאָלקס-שול נומער 1 — אויף סטראַשון גאַס 12, פאַרוואַלטער יוסף לייקין, סעקרעטאַרין, רחל גערשטיין. עס האָבן דאָרט געלערנט זעקס און דרייסיק לערערס און לערערינס. דאָס איז געווען די גרעסטע געטאָ־שול. דער טעגלעכער באַזוך פלעגט אָפט אויסמאַכן איבער טויזנט קינדער. די צאָל קלאַסן איבער פופצן.

פאָלקס-שול נומער 2 — אויף שאַוועלסקע גאַס 1. דער פאַרוואַלטער גדליה בושל, געהילף ישראל מאַגאַרשאַק. זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט: משה אָליצקי. קרוב אַכט הונדערט קינדער. ביי אַ צען קלאַסן.

פאָלקס־שול נומער 3 — דייטשע גאַס 21. איינִיקע הונדערט קינדער, צייטנווייז ביז פיר הונדערט. ביי זיבן קלאַסן.

גימנאַזיאַלע קורסן — פופציק, אַכטציק ביז הונדערט קינדער אין פיר קלאַסן.

בראש פון פאָלקס-שול נומער 3 און פון די גימנאַזיאַלע קורסן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זעלבן לאָקאַל איז געשטאַנען טורבאָוויטש, אַלס געהילפן זענען געווען טעטיק: שעפטעל, מרים גוטגעשטאַלט, סימע זאַבלודאָווסקי-לייקין.

ביי די פאָלקס־שולן האָבן עקזיסטירט קינדער-גערטנער, וואו עס האָבן זיך געלערנט קינדער פון פיר, פינף און זעקס יאָר.

פון די לערערינס פון די קינדער־גערטנער דערמאָן איך זיך: זשעלעזניקאָוו, מאַרקעלעס און פאַיע.

פון די לערערס פון רעליגיע פון די פאָלקס-שולן געדענק איך: הרב מאַרקוס, הרב סלאָדזשינסקי, ישיבה-בחור נעבאָזשטשיק-נאַבאָרשטשיק, באַרטמאַן.

אויסערן געטאָ — אין דיביידע אַרבעטער־בלאָקן „קייליס" איז געווען אויך טעטיק אַ שול־וועזן, וואָס האָט געציילט צו פופציק, זעכציק קינדער, איינגעטיילט אין איניקע גרופּן. פון די „קייליס"-לערער דערמאָן איך זיך: משה אָליצקי, יעקב קאַפּלאַן, לוסקא, גאָלדבערג.

### די שול־יום־טובים

די שול יום טובים זענען געווען ליכטיקע אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן. די קינדער האָבן זיך געגרייט מיט אַ באַגייסטערטן ברען. פון די בעסטע נומערן, וואָס יעדער קלאַס האָט צוגעשטעלט, פלעגט צוזאַמענגעשטעלט ווערן די שול-פייערונג. יעדע שול און איר פייערונג. פון די בעסטע, געלונגנסטע נומערן פון יעדער שול פלעגט פאַרקומען דער אַלגעמיינער רעפּרעזענטאַטיווער יום-טוב פון גאַנצן שול־וועזן. צו קריגן אַ איינטריט־בילעט אויף אַ שול-פייערונג האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסע פּראָטעקציע. יעדער איינער האָט געוואָלט זיך אָפּפרישן אין אַ שעה קינדערשער עקזאַלטאַציע.



איך דערמאָן זיך דעם ערשטן קינדער־יום־טוב אין געטאָ.

צוזאַמענגעפּרעסטע איז מען געזעסן: קינדער־לערערס און עלטערן פון שול, אויפן וואַנט איז געהאנגען אַ גרויסער פּלאַקאַט, לענג אויס דער בינע — מיט י. ל. פּרצס ווערטער:

„אָ מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע,
לית דין ולית דין!"

קינדער אָקאָרשט געראַטעוועטע פון טויט, קינדער, וואָס שטייען ערב דעם טויט — דעקלאַמירן, זינגען, טאַנצן בזלעט, זאָגן כאָראַלע דעקלאַמאַציעס, עס רעדן ח. נ. ביאַליק און י. ל. פּרץ פון קינדערשע מיילער צום געטאָ-ייד.

די שטימונג איז געפּרעסט, עפּעס מיסטיש, ווי אין דערוואַרטונג, אַז באַלד דאַרף אָנקומען אַ דערלייכטערונג אין שווערן קאָשמאַר — אָט אַזוי פון זיך אַליין — בזכות פון קליינע קינדער...

און אָט פּלוצעם דערהערט זיך אַן אַלטע, פאַרשיכורנדיקע און פאַרחלומטע מעלאָדיע: „אויפן בלויען שטילן דונאַי" פון יאָהאַן שטראַוס. די לערערין מאַרקעלעס שפּילט און די קינדער מורמלען אין אַ כאָר. איז דאָס אַלץ געווען אַמאָל? און איז

דאָס אַלץ פֿאַרשוואונדן און פֿאַרלוירן אין די שטילע בלויע וואַסערן פֿון דונאַי? אַמאָל געווען אַזאַ וועלט, אַ שיינע. און איצט — געטאָ... אין געפּרעסטער, אָנגע־שטרענגטער שטילקייט דערהערט זיך אַ געוויין. אַ פֿון צער פֿאַרשטיינערט האַרץ האָט ביי וועמען צוזאַמענגעבראָכן. עס וויינט אַ צווייטער, אַ דריטער. אַ מאַסן־פּסיכאָז ברעכט אויס אין זאַל. אַלע וויינען. קינדער זינגען און יידן וויינען.

נעבן מיר זאָגט אַ קינד צו זיין מאַמען:

— מאַמע, וויין ניט, מיר זינגען דאָך אַזאַ פֿריילעך ליד, פֿון איינעם אַ מוזיקער שטראַוס...

— מיין קינד, איך האָב דאָס ליד געהערט אַמאָל צום ערשטן מאָל, אין דער פֿייערונגס־נאַכט ווען איך האָב געענדיקט מיין שול. איך האָב דאַן באַקענט זיך — צום ערשטן מאָל — מיט דיין טאַטן — — —

— טאָ וויין ניט מאַמע, דער טאַטע וועט צוריקקומען —

— דו קענסט עס נישט פֿאַרשטיין... טוליע זיך צו צו מיר, און זינג. בלייב כאָטש דו ביים לעבן. וועסט עס נאָך אַמאָל זינגען אויף דער פֿריי...

כ׳האָב געזען צווישן עולם מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט אַלע גרוי־זאַמקייטן פֿון געטאָ און קיינמאָל ניט געוויינט; מענטשן וועלכע זענען אַנטלאָפֿן פֿון וועג קיין פּאָנאַר, און איינער פֿונעם עולם איז געווען אַן אַנטלאָפֿענער פֿון סאַמע גרוב. זיי האָבן מיר ניט איינמאָל דערציילט שווידערלעכע פּרטים פֿון זייערע איבערלעבונ־גען, און קיין טרער האָט זיך ניט באַוויזן אויף זייערע אויגן. און איצט האָבן זיי אַזוי ספּאַזמאַטיש געוויינט ביים קלאַנג פֿון די טענער פֿון אַזאַ אומשולדיקן, וואַלד־און־פֿויגלדיקן „אויף דעם שטילן בלויען דונאַי״. — — —



די עלטערן, פּשוטע פֿאַרהאַרעוועטע טאַטע־מאַמע, זענען געווען די הויפּט־שותּפֿים פֿון די קינדער־פֿייערונגען, וועלכע פֿלעגן פֿאַרלויפֿן אָפֿט אין עקסטאַז־שטי־מונגען, ווי ביי אַ תּפֿילה. אין די געזאַנגען און כאָראַלע דעקלאַמאַציעס פֿון די קינדער פֿלעגן די עלטערן, אונטערבאַוואוסטזיניק, זוכן אַן אויסדרוק און אויסלאָדונג פֿאַר זייערע אינטימסטע שטומע צער- און האָפֿענונג-געפֿילן. ממש ווי אין היפּנאָז, פֿלעגן טאַטע־מאַמע נאָכשעפּטשען י. ל. פּרצס ווערטער, ווען ס׳האָבן אין שול־זאַל געהילכט די קינדערשע שטימען:

— — — פֿון טרערן ווערן טייכן; פֿון טייכן ימים,

פֿון ימים — אַ מבול; פֿון פֿונקען — אַ דונער —

אָ, מיין נישט, לית דין ולית דיין!

אַן אויפֿטרייסלענדיקער ציטער פֿלעגט דורכלויפֿן אין שול־זאַל, ווען אויף דער סצענע פֿלעגן זיך באַווייזן די יינגסטע געטאָ־תּלמידים, די קליינטשינקע פֿון די קינדער-גערטנער. אין זאַל פֿלעגט דורכלויפֿן אַ געפּליסטער:

— עופֿה׳לעך, עופֿה׳לעך — — —

און די עופֿה׳לעך פֿלעגן טאַנצן באַלעטן, באַפּוצט אין גירלאַנדן און אין בגדים פֿון מלאכימלעך און פֿון פֿלאַטערלעך. עלטערן און לערערס, איינער פֿלעגט אויף אַן אַנדערן מורא האָבן אויפֿצוהויבן די אויגן, בכדי עס זאָל פֿון זיי ניט אַרויסגעלייענט ווערן דער מוראדיקער געדאַנק, וועלכער איז געווען אַזוי אומרחמנותדיק אין זיין

זיכערקייט, וועגן דעם וואָס עס דערוואַרט די עופה׳לעך — — מאָרגן אָדער איבער־מאָרגן, און אפשר — נאָך היינט ביינאַכט...



איך דערמאָן זיך פיר רעפּרעזענטאַנץ־אָוונטן פון שול־וועזן:

אָוונט 1 — מיט גרויסער כאָר־דעקלאַמאַציע פון י. ל. פרצס „ניט מיין, אַז די וועלט איז אַ קרעטשמע", ח. נ. ביאַליקס „פּריילעכס" און „זיי אַ צוסט" — אַ פאָר־שטעלונג פון היגיענע־פּראָפּאַגאַנדע, מיט מוזיק, באַלעטן, רעזשיסירט פון מירע בערנשטיין.

אָוונט 2 — אין פּראָגראַם: דאָס „ליד פון בלייען לייען" פון מאַני לייב — רעזשי סימע לייקין־זאַבלודאָווסקאַ; „אַלע מענטשן זענען ברידער" און „די לבנה דערציילט" (בילדער פון י. ל. פרץ) — רעזשי, מירע בערנשטיין.

אָוונט 3 — „ל״ג בעומר", געווען געווידמעט צו דעקלאַמאַציעס, געזאַנגען און סצענעס פון יידישן קאַמף מיט די רוימערס.

אָוונט 4 — „חמשה עשר בשבט" — וועלכער איז פאָרגעקומען אונטערן לאָזונג אַ גרוס פון די קינדער אין געטאָ צו די קינדער קיין ארץ־ישראל; אין צוגרייטן דעם מאַטעריאַל (בילדער פון דעם קינדער־לעבן אין געטאָ און בילדער פון קינדער-לעבן אין ארץ-ישראל) האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט די לערערס: ראַסקין, פּאָטער און זון, לייב שעפּטעל, און זעליק קאַבאַטשניק. דער לערער ישראל דימענטמאַן האָט געהאַלטן אַ רעדע און געענדיקט מיט די ווערטער: „עס וועט נאָך קומען אַ שעה און איר וועט, קינדערלעך, אין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט יענע פרייע קינדער פלאַנצן ביימער און זינגען לידער — און ווי אַ חלום דערמאָנען די טעג פון געטאָ"... די התלהבות פון די קינדער איז געווען אָן גרענעץ. פון בימה האָט אַראָפּגערעדט אַ פּלאַקאַט:

מיר זענען אין געטאָ —
איר זענט אין ארץ־ישראל...

חנוכה און פורים פלעגט יעדע שול און יעדער קינדער-גאָרטן פייערן אין איר אייגענעם לאָקאַל, אין דער סביבה פון לערערס, קינדער און עלטערן. די לערערס פלעגן אויסקעמפן ביים יידן-ראַט צו די חנוכה־ און פורים־פייערונגען שפּייז־מתנות פאַר די קינדער.

איך דערמאָן זיך ווי פורים 1943, האָט אַ גאַנצע נאַכט דיזשורירט דער לערער ישראל דימענטמאַן אין בעקעריי אויף שפּיטאַל־גאַס און אַכטונג געגעבן, עס זאָלן אַרויסקומען פאַר די קינדער שיינע המן־טאַשן. אויף מאָרגן האָט מען אין אַלע קלאַסן געטיילט יעדן קינד צו צוויי המן־טאַשן פון ווייסן מעל און דערציילט די קינדער וועגן המנס מפּלה.



**חמשה עשר בשבט** איז אויסגעפאַלן פאַריקן דאָנערשטיק. אין שייכות דערמיט זענען אין די שולן דעם טאָג געגעבן געוואָרן בלויז דריי לעקציעס. שפּעטער זענען אין די קלאַסן פאָרגעקומען באַשיידענע פייערונגען.

**אין געטאָ-טעאַטער** איז פאָרגעקומען אַ פייערונג פון חמשה עשר בשבט פאַר די קינדער פון די עלטערע פאָלקס-שול-קלאַסן און פון דער מיטל-שול, פּריוויטיק האַלב איינס אַ זייגער בייטאָג. די פייערונג איז דערעפנט געוואָרן מיט אַן אַריינפיר-וואָרט פון לייטער פון דער שול-סעקציע ה׳ דימענטמאַן. נאָכדעם האָבן

די קינדער באַגריסט דעם געטאָ-פאָרשטייער, וועלכער האָט צווישן אַנד. גע-וואונטשן די קינדער צו פלאַנצן, אנשטאט ווירקלעכע בוימער אין סימבאָלישן זין, בוימער פון האָפנונג.

דאַן זענען אַרויסגעטרעטן קינדער מיט דעקלאַמאַציעס, שפּיל- און געזאַנג-נומערן.

צום סוף איז אויסגעפירט געוואָרן די קינדער-אָפּערע „ליאַלקעס". דערביי איז דורך די קינדער אויך באַגריסט געוואָרן דער צופעליק אַנוועזנדיקער מחבר פון דער אויפפירונג, ה' גילינסקי און אויך דער קאָמפּאָזיטאָר פון דער מוזיק, ה' יאַטרופּיאַנסקי.

(„געטאָ-ידיעות", נומ. 25. י"ח שבט תש"ג. ווילנער געטאָ. 24.1.1943).



אין לאָקאַל פון יוגנט-קלוב איז פאָרגעקומען אין יאָר 1943 צו פסח — אַ גראַנדיעזער „מאַסן-סדר". אַלע קינדער זענען געקומען געקליידט אין ווייסן, פאַר יעדן קינד זענען געווען צוגעגרייט עטלעכע מצות, עפּעס, וואָס דאַרף דערמאָנען חרוסת אין אַ געטראַנק, וואָס דאַרף דערמאָנען ווײַן. די קינדער האָבן אין כאָר גע-זונגען די פיר קשיות:

„אבא אשאל אותך ארבע קשיות"...

דאַן זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע פּראָגראַם טיילן, צוגעגרייט דורך די לערערס דימענטמאַן, קאַבאַטשניק, שעפּטעל, בושעל, אַפּעסקין און מירע בערנשטיין. דער אינהאַלט: פּסח, דער יום טוב פון באַפרייאונג... פיר פראַגן פון געטאָ.

יעקב גענס, דער קאָמענדאַנט פון געטאָ, איז געקומען בײַצוזײַן דעם קינדער-סדר און האָט קינדיש געהאַט הנאה פון דער כאַטירע-געטאָ-הגדה, וואָס די קינדער האָבן צוזאַמענגעשטעלט און אין וועלכער ער איז געווען פון די הויפּט-העלדן...



דיירנדיק פלעגן פאָרקומען די „סיומים" אין די שולן צום סוף פון געטאָ-לערן-יאָר, ווען די קינדער האָבן באַקומען זייערע צייגענישן און אַריבערגיין אין אַ העכערן קלאַס. די אַביטורענטן פון שול זענען אַריבערגעגאַנגען אין דער טעכנישער שול אָדער אין די טעכנישע וואַרשטאַטן צו באַקומען אַ זעלבשטענדיק אַרבעטס-ביכל. בלייבן אויף נאָך אַ יאָר האָט זיך גערעכנט ביי די קינדער פאַר אַ גרויסער טראַגעדיע...

די קינדער-אַביטורענטן פלעגן פאַרלעזן זכרונות וועגן איבערלעבונגען אין שול, געזעגענען זיך מיט זייערע יונגערע חברים און מיט די קלאַסן-דערציערס און שול-פאַרוואַלטערס, און דערביי לזכרון געבן זייערע שול-פאַרוואַלטערס מתנות. יעדע מתנה, באַגלייט מיט אַ געזעגענונגס-רעדע, מיט אַ פאַרפאַסט ליד און אַפּטמאָל מיט אַ לעבעדיקע בלום (ווי איז עס די קינדער געלונגען צו קריגן די בלומען?). אַזעלכע מתנות דערמאָן איך זיך, האָבן באַקומען די לערערס משה אָליצקי, ברוך לובאצקי, יוסף לייקין, טורבאָוויטש, גדליהו בושעל.

טורבאָוויטש, דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון דער אַמאָליקער באַרימטער ווילנער יידישער רעאַל-גימנאַזיע, וועלכער האָט געוואָלט אין געטאָ פירן זיין שול אַזוי פּעדאַגאָגיש און מיט שטרענגע פאָדערונגען צו די קינדער ווי אַמאָל, — ווען ער האָט באַקומען זיין מתנה, בייגעלייגט מיט אַ בלום, האָט ער געוויינט אין זאַל ווי אַ קליין קינד, און אויסגעזען האָט ער, ווי אַ שאָטן פון אַמאָליקן טורבאָוויטש...

אַ גרויסער אַלגעמיינער סיום פון אַלע געטאָ־שולן איז פאָרגעקומען אין פרילינג 1943, אין געטאָ-טעאַטער, מיטן אָנטייל פון אַלע פאָרשטייער פון אַלע געזעל־שאַפטלעכע און פּאָליטישע קרייזן אין געטאָ. דער לערער ישראל דימענטמאַן האָט פאַרן עולם איבערגעגעבן די דערגרייכונגען פון די קינדער אין משך פון שול־יאָר און וועגן די דערציאונגס־אידעאַלן פון געטאָ־שול־וועזן. ד״ר קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי אַמאָליקער באַקאַנטער שול־טוער, האָט באַגריסט די קינדער אין נאָמען פון אַלע יידישע אַרבעטס־בריגאַדעס און דערמאָנט אַמאָליקע שול-סיומים אין ווילנע. מיר איז אויסגעקומען אין נאָמען פון שול-מעדיצינישן צענטער איבערצוגעבן וועגן דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער און ווי אַזוי עס זענען באַקעמפט געוואָרן צווישן זיי די אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. יעקב גענס האָט אין זיין גראַמאַטיש־שלעכטער שפּראַך און אין אַ זעלנערישן טאָן באַפוילן די קינדער:

— זייט חבריש, ברידערלעך, היט די עלטערן, ליבט דאָס פאָלק, אַרבעט פאַרן געטאָ. זייט שטאָלצע און מוטיקע יידישע קינדער.

אויפן הימל פון געטאָ האָבן געהאָנגען דאַן די כמאַרעס פון אָנקומענדיקער ליקווידאַציע, פון וועלכער יעקב גענס האָט וואַרשיינלעך שוין געהאַט אַן אָנונג.. אויף יענעם אָוונט האָבן אַ גאַנצע רייע קינדער געלייענט זייערע שאַפונגען. מיט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק איז אַריבער דאָס רעציטירן פון יונגן צוועלף יאָריקן דיכטער באַמס זיינס אַ ווערק אונטערן נאָמען „דער קאַמף אין מסדה״... דער אַכט יאָריקער משהלע (פון אָשמענע) האָט פאָרגעלייענט זיינס אַ ליד, וועלכעס האָט זיך פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקן פערז :

פון איבער דעם געטאָ־צוים
עס רופט צו מיר אַ בלום:
משהלע משהלע, וואָס זיצטו דאָ?
קום צו מיר, קום! — — —

## די רעליגיעזע שולן

הגם אין דעם געטאָ-שול-וועזן איז געלערנט געוואָרן רעליגיע אַלס ניט אָבליגאַטאָרישער לימוד, אָבער אין זייער אַן אינטערעסאַנטער און באַלערנדיקער פאָרם דורך די רבנים מאַרקוס, סלאָדזינסקי און דעם ישיבה־בחור ניעבאָשטשיק־נאַבאָרשטשיק, אַזוי, אַז פאַקטיש פלעגן אַלע קינדער באַזוכן די רעליגיע־לימודים, — האָבן דאָך רעליגיעזע עלטערן באַשלאָסן צו שאַפן ספּעציעלע שולן, וואו עס זאָל געגעבן ווערן אַן אויסשליסלעכע רעליגיעזע דערציאונג פאַר די קינדער.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ רעליגיעזע שול נומער 1, רעליגיעזע שול נומער 2. אַ ישיבה קטנה. די לימודים זענען געווען איינגעאָרדנט צום מייסטן אין אַזעלכע שעהן, אַז אַ גאַנצע רייע קינדער האָבן גלייכצייטיק געקענט באַזוכן די אַלגעמיינע שולן.

די לערערשאַפט און די געזעלשאַפטלעכע קרייזן האָבן ניט געזען אין דעם רעליגיעזן שול־וועזן אַ קאָנקורענץ דעם אַלגעמיינעם געטאָ־שול־וועזן, וועלכער צע־שפּליטערט די כחות — נאָר אַ צוגאָב־שול־וועזן. דאַקעגן ווען אין געטאָ וואָלטן געשאַפן געוואָרן באַזונדערע וועלטלעכע אין באַזונדערע רעליגיעזע שולן, וואָלט עס ביי יענע באַדינגונגען אויפגענומען געוואָרן אַלס צעשפּאַלטונג פון שול־וועזן.

רעליגיעזע שול נומער 1 — האָט זיך געפונען אויף שאַוועלסקאַ גאַס 1 אין יאַגעכעס קלויז.

רעליגיעזע שול נומער 2 — אויף יאַטקעווער גאַס אין קצבישער קלויז.

ישיבה קטנה — אויף שאַוועלסקע גאַס 1 אין יאַגעכעס קלויז.

ישיבה גדולה — אויפן נאָמען פון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי — אויף שאַוועל־סקע גאַס 5 אין ר׳ שאולקעס קלויז.

אין די רעליגיעזע שולן נומער 1 און נומער 2 האָבן געלערנט קינדער ביז צוועלף יאָר: עברי, חומש, תנ״ך, אַ ביסל רעכענען; אין ישיבה קטנה — קינדער פון צוועלף ביז זעכצן יאָר: משניות, גמרא; אין ישיבה גדולה — האָבן געלערנט ישיבה־בחורים פון נאָך ערב דער מלחמה. צוזאַמען האָט דאָס רעליגיעזע שול־וועזן געציילט קרוב צוויי הונדערט מאַן.

צווישן די לערערס פון רעליגיעזן שול־וועזן דערמאָן איך זיך: הרב יעקבסאָן יעקב פון דער מירער ישיבה, אָנפירער פון דער ישיבה גדולה. ר׳ גרשון ליבמאַן (פון ביאַליסטאָק), אָנפירער פון ישיבה קטנה. דער סלאָנימער משגיח (אין ישיבה קטנה), לייבל נאַבאָרשטשיק־ניעבאָשטשיק און חיים באַרטמאַן — אין די רעליגיעזע שולן.

אַן ענטוזיאַסט אַ לערער איז געווען נאַבאָרשטשיק־ניעבאָשטשיק, אַ צוואַנציק יאָריקער ישיבה־בחור.

כ׳דערמאָן זיך, איך בין אַריין אין דער רעליגיעזער שול נומער איינס, אין יאַגעכעס קלויז, כדי צו מאַכן אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג פון די קינדער. נאַבאָר־שטשיק האָט אָנגעהויבן לערנען מיט די קינדער דעם ערשטן קאַפּיטל יהושע און האָט זיי געטייטשט בזה הלשון:

— ויהי אחרי מות משה — און עס איז געווען נאָכן טויט פון משהן; משה האָט געטראָגן דאָס ליכט פון תורה אין אַ פינצטערער וועלט, און מיר טראָגן זי אייך אין געטאָ, דערפאַר יאָגט אונז די וועלט.

נאַבאָרשטשיק־ניעבאָשטשיק האָב איך געטראָפן שפּעטער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון שטוטהאָף און דאַוטמערגען. אַרום אים זענען געווען שטענדיק קרייזלעך פון ישיבה־לייט, וועלכע פלעגן אַריינכאַפּן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַרן שלאָף אַ פּרק משניות. אַ פּאָר חדשים פאַר דער באַפרייאונג איז ער אויסגעגאַנגען אין דאַוטמערגען פון אַלגעמיינער קערפּער־שוואַכקייט.

פון צייט צו צייט פלעגן די רעליגיעזע שולן איינאָרדענען עפנטלעכע „פאַרהע־רענישן״. די קינדער פלעגן אויסגעזעצט ווערן אַרום טישן, אין מיטן דער רבי. ער האָט זיי פאַרהערט דאָס געלערנטע און די געסט האָבן געשטעלט פראַגן די קינדער. נאָכדעם איז פאָרגעקומען אַ „סעודת מצוה״.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין אויף אַזאַ מין פאַרהערעניש. די קינדער זענען פאַרהערט געוואָרן אין דער סוגיא „יאוש שלא מדעת״. קינדער האָבן זיך געאַמפּערט און געפלפולט וועגן יע״ל קג״ם — די זעקס תיקו־פראַגן פון גמרא, אויף וועלכע אליהו הנביא וועט ערשט קענען געבן אַ תשובה.

אַ דרייסיק מעטער פון דער גמרא פאַרהערעניש איז געשטאַנען אויף דער וואַך דער ס.ס.־מאַן ביים טויער...

### דאָס גערטאָ־טעכניקום

גאָר שטאַלץ האָבן זיך געשפּירט די דערוואַקסענע קינדער פון פופצן און זעכצן יאָר, וועלכע האָבן באַזוכט די טעכנישע שול, דאָס „געטאָ-טעכניקום", וועמענס פאַר־וואַלטער איז געווען אינזשעניער מ. שרייבער (געוועזענער דירעקטאָר פון ווילנער יידישן טעכניקום „אָרט"). צווישן די לערער: אינזשיניער יאַנאָוו, און אינזשיניער ישראל קוניצקי.

אין טעכניקום זענען געווען אייניקע אָפּטיילונגען: שלאָסעריי און עלעקטראָ־מעכאַניק. די קינדער האָבן במשך פון אייניקע חדשים פון אינטענסיווער אַרבעט, זיך אויסגעלערנט אַ פאַך אַלס געהילפס־שלאָסער, אָדער געהילפס־עלעקטראָטעכניקער, און געקענט שוין גיין צו דער אַרבעט אַלס פאַכמאַן אויסערן געטאָ און געניסן פון אַ זעלבסטשטענדיקן אַרבעטס-ביכל.

ביים ערשטן אַרויסלאָז פון טעכניקום איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פייערונג ביים אַנטייל פון די געטאָ־פּני.

די קינדער האָבן באַקומען שיינע האַנט־אָפּגעדרוקטע יידישע דיפּלאָמען. עס איז גלייכצייטיק פאָרגעקומען אַן אויסשטעלונג פון פאַרשידענע טעכנישע אינסטרומענטן, וועלכע די קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט צו פּראָדוצירן במשך פון דער לערן־צייט אין טעכניקום.

### די מוזיק־שול

עס האָט עקזיסטירט אַ מוזיק־שול אונטער דער פירונג פון דיריגענט סלעפּ און מוזיק-לערערין טאַמאַרע גערשאָוויטש (פרוי פון ד״ר גערשאָוויטש). קלאַסן: קלאַוויר, פידל, געזאַנג. די מוזיק־שול האָבן באַזוכט קרוב הונדערט קינדער. עס זענען אויך פאָרגעקומען אָפטע עפנטלעכע קאָנצערטן. צווישן די קינדער האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט די עלף יאָריקע פידלערין דינה בעניאַקאָנסקאַ, דער אַכט יאָריקער טויבענהויז, דער צוועלף יאָריקער אַלעק וואָלקאָווויסקי (זון פון ד״ר וואָלקאָ־וויסקי), אַ פּיאַניסט־קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט געשאַפן דעם ניגון צום געטאָ־טרויער-ליד „שטילער, שטילער". דאָרטן זענען אויך געווען טעטיק די פּיאַניסטינס אַדעלאַ ביי, ראָזע נאַדעלמאַן, סאָניע רעכטדיק, מ. קאָוואַרסקאַ, פידלער ראַבינאָוויטש און די זינגערס רוזשינסקי, ליובאַ לעוויצקאַ, וועראַ ליבאַ.

### יוגנט־ און קינדער־קלובן

ביים שול־וועזן האָט עקזיסטירט אַ יוגנט־קלוב (פאַר עלטערע קינדער פון זעכצן יאָר און ווייטער) און קינדער־קלוב (פאַרן שול־עלטער). מיט דער אַרבעט אין די קלובן האָבן אָנגעפירט די לערערס לעאָ בערנשטיין, שעפטעל, קאַבאַטשניק, דאָנסקי, שמערקע קאַטשערגינסקי, באַטקא גילינסקי.

אין אַ געוועזענעם בנין פון גילזן־פאַבריק, דיסנער גאַס נומער 4, איז איינגע־אָרדנט געוואָרן אַ נייער גרויסער לאָקאַל פאַר די קלובן, מיט צימערן פאַר באַזונדערע סעקציעס, פאַרזאַמלונגס-זאַל און ביבליאָטעק-צימערן.

ביי די קלובן האָבן עקזיסטירט סעקציעס פאַר ליטעראַטור, געשיכטע, שפּראַך־פאָרשונג, פאָלקלאָר, מאַטעמאַטיק, פיזיק, דראַמאַטישע סעקציע.

דער יוגנט־קלוב פלעגט אָפּט דערשיינען מיט עפנטלעכע אימפּרעזעס לכבוד די יאָרטאָגן פון ח. נ. ביאַליק, י. ל. פּרץ, יהואש, איינאָרדענען אויסשטעלונגען און באַטייליקן זיך מיט דראַמאַטישע נומערן, רעציטאַציע און כאָר־געזאַנגען אין פאַר־שידענע אַלגעמיינע קולטור־אימפּרעזעס פון געטאָ. אין דעם יוגנט-קלוב זענען אויפגעפירט אָדער אינסצעניזירט געוואָרן: שלום עליכמ׳ס „שניידערל״, פּרצ׳ס „פּרעמ-דע חופּה־קלייד״, יהואש׳ס „דוד און שלמה״, פּרצ׳ס „די וועכטער״, „אַלע מענטשן זענען ברידער״, טשערניכאָווסקיס „ברוך פון מאַגענצאַ״, שלאָנסקיס „מרד״, פראַג-מענטן פון למדנס „מסדה״. דער יוגנט-קלוב האָט אַרויסגעגעבן אַ וואַנט-צייטונג א. נ. „צווישן ווענט — דאָך יונג !״

דער קינדער־קלוב האָט אויפגעפירט גילינסקיס און טרומפּיאַנסקיס „די ליאַל-קעס״ און רייזענס „די וואַנט״.



אַ ווינטשונגס-בריוו פון צוויי געטאָ-שילערינס צום געבורטס-טאָג פון זייער לערערין, געשריבן דעם 14. 5. 43.

די היסטאָרישע סעקציע פון יוגנט־קלוב האָט איינגעאָרדנט געזעלשאַפטלעכע משפטים איבער יוסף פלאַוויוס ווי אויך איבער הורדוס (די באַשולדיקער, פאַרטיידי-קער און ריכטער האָבן אין פלאַוויוסן און הורדוסן געמשפט דעם געטאָ־שעף יעקב גענס...).

אַ גאַנצע רייע יוגנטלעכע פון יוגנט־קלוב האָבן אַקטיוו אָנטיילגענומען אין די פאַרשידענע קרייזלעך פון דער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג. אין לאָקאַל פון יוגנט-קלוב פלעגן אָפט פאָרקומען אונטערערדישע פאַרזאַמלונגען, און אויך באַהאַלטן געוואָרן געווער.

## פאַך־שולן, אינטערנאַטן „ילדים״, „ילדות״

בכדי צו דערמעגלעכן די יוגנטלעכע צו לערנען אַ פאַך, און קענען באַקומען אַ „שיין״, זענען געגרינדעט געוואָרן אין געטאָ פאַך-קורסן, וואו מען האָט זיי געלערנט פאַרשידענע מלאכות.

פאַר די אונטערגעוואַקסענע עלטערנלאָזע קינדער (בעזפריזאָרניקי) איז גע־גרינדעט געוואָרן אַן אַרטעל „טראַנספּאָרט־בריגאַדע ילדים" — אַ גאַנצן טאָג פלעגן זיי פירן וועגעלעך און אין די אָוונטן לערנען.

עס זענען אויך געווען אין געטאָ אַן אינטערנאַט „ילדות", וואו מען האָט געלערנט די יתומות שניידעריי, שטריקעריי, וכדומה, און אַן אינטערנאַט „ילדים", וואו מען האָט געלערנט די יתומים פאַרשידענע מעכנישע האַנטווערקערייען; אַ חוץ די פאַכן האָט מען זיי געלערנט יידיש, העברעאיש און געשיכטע.

די פאַרוואָרלאָזטע קינדער פון „ילדים" און „ילדות", וואָס האָבן מיט זיך לכתחילה פאַרגעשטעלט עלנטע קינדער־גרופּן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט גנבות — זענען אין זייערע דערציאונגס־אַנשטאַלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פריילעכע יוגנט־אַרטעלן, וואָס פלעגן פאַרהילכן דעם געטאָ מיט זייער הימן: „מיר קומען אָן". עס האָבן זיך צווישן זיי געפונען אַ רייע טאַלאַנטפולע קינדער אין שרייבן, זינגען און מאָלן. זיי פלעגן אָפט איינאָרדענען אָוונטן, איינמאָל אויך קאָנסטרואירט אַ קינאָ. זייער גורל האָט באַזונגען דאָס ליד „איך בין ישראליק".

# ספּאָרט

## ספּאָרט־קלוב

אין ווילנער געטאָ איז אַנטשטאַנען אַ ספּאָרט־קלוב, וואָס איז באַשטאַנען, דער עיקר, פון שילער און יוגנטלעכע, קרוב פיר הונדערט פּערזאָן. דער לייטער פון ספּאָרט־קלוב איז געווען יאַשאַ גאָטליב, אַ געוועזענער אַקטיווער טוער אין ווילנער יידישן אַקאַדעמישן ספּאָרט־קלוב. אין טויער פון יידן־ראַט, אויף רודניצקער גאַס 6, פלעגט הענגען יעדע וואָך אַ רשימה פון די טורן־שעהן, די איבונגען פלעגן פאָרקומען ווינטער־צייט אין געוועזענעם זאַל פון רעאַל־גימנאַזיע, און זומער — אויף אַ ספּע־ציעלן ספּאָרט־פּלאַץ אויף סטראַשון גאַס 6. די דערעפענונג פון ספּאָרט־פּלאַץ איז פאָרגעקומען ביי אַ גרויסער פייערונג און אַ ספּאָרט־יום־טוב. דער יידישער געטאָ־קאָמענדאַנט, יעקב גענס, און ד"ר מילקאַנאָוויצקי, אַלס פאָרשטייער פון געזונטהייטס־אַמט, האָבן געהאַלטן פייערלעכע רעדעס. עס זענען אויך פאָרגעקומען אויפנאַמען פון די פאַרזאַמלטע און פון דער ספּאָרטלער־יוגנט. דער ספּאָרט־קלוב פלעגט איינ־אָרדענען אָפטערע ספּאָרט־יומטובים און מעטשן צווישן איינציקע קאָמאַנדאָס, צווישן וועלכע איך דערמאָן זיך: „קיילים־איינהייט", „ה.ק.פ.־איינהייט", „געטאָ־פּאָליציי־איינהייט". די אַממייסטן געליבטע ספּאָרט־צווייגן זענען געווען: לייכט־אַטלעטיק, באַסקעט־באַל, פוטבאָל, באָקס, אויפן ספּאָרט־פּלאַץ פלעגן די קינדער טורנען אונטער דער אויפזיכט פון זייערע לערערס, צווישן וועלכע כ'דערמאָן זיך די נעמען: גלעזער און גליאָט.

אויפן ספּאָרט־פּלאַץ איז געווען אַ גרויסע יידישע אויפשריפט: „אין אַ געזונטן גוף — אַ געזונטע נשמה".

אויפן זעלבן ספּאָרט־פּלאַץ האָבן די דייטשן שפּעטער געזאַמלט די זקנים צו פאַרניכטונג.

דאָרט איז אויך געווען דער צענטראַלער פונקט פון די פאַרטיזאַנער אין די לעצטע טעג פון געטאָ.

## גערטאָ־אָלימפּיאַדע

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געטאָ־אָלימפּיאַדע מיט אַ גאַסן־לויף פֿין מענער־גרופּן און פרויען־גרופּן. די לויף־שטרעקע איז געווען פון ספּאָרט־פּלאַץ, סטראַשונער גאַס 6, ביזן הויף פון יידן־ראַט, רודניצקער גאַס 6, און צוריק. אויפן וועג זענען געווען אויסגעשטעלט שטאַפּעטן מיט ספּעציעלע פאָנען. די געטאָ־פּאָליציי האָט אָפּ־געהאַלטן די באַוועגונג אויף די געטאָ־געסלעך, בכדי צו דערמעגלעכן דעם געלויף.

די בעסטע לויפער האָבן באַקומען פּרעמיעס. די טראָטואַרן פֿון געטאָ זענען געווען איבערפולט מיט יידן, וואָס זענען אַרויס זען, ווי „די יוגנט" וויל זיך פאַרגעסן". אין דער לופט האָבן געהאַנגען די שווערע כמאַרעס פון די אָנקומענדיקע אַרויספירונ־גען אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן קיין עסטלאַנד.

די פענצטער פון די קריסטלעכע גאַסן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם געטאָ זענען געווען איבערפולט מיט קריסטן, וואָס האָבן פאַרחידושט געקוקט אויף דער געטאָ־אָלימפּיאַדע, ווי אויף אַן אומדערקלערלעכע דערשיינונג, ווי אויף אַ „סעודה אין צייט פון אַ מגפה"...

## דער לערער-פאַרבאַנד

אַלע לערערס זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַ לערער־פאַרבאַנד. ער האָט לכתחילה געציילט זעכציק מיטגלידער, שפּעטער איז די צאָל דערגאַנגען ביז הונדערט און צען. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פֿון די לערערס: סעניצקי, קאַבאַטשניק, שעפּטעל, מאַגאַרשאַק, לייקין.

דער לערער־פאַרבאַנד האָט געפירט אַ ברייטע קולטור־ און זעלבסטהילף־אַרבעט.

כמעט יעדן פרייטאָג צו נאַכטס פלעגט דער לערער־פאַרבאַנד איינאָרדענען רעפעראַטן ביי אַ גלעזל טיי. צו די רעפעראַטן זענען געקומען די יידישע שריפטשטע־לערס פון געטאָ און אויך איינגעלאַדענע געזעלשאַפטלעכע טוערס פון פאַרשידענע ריכטונגען. די טעמען זענען געווען געשיכטלעכע, ליטעראַרישע, פעדאַגאָגישע און געזונטהייטס־פראַגן פון די קינדער.

עס האָבן דאָרטן געלייענט רעפעראַטן משה אָליצקי, ישראל דימענטמאַן, ג. יאַ־שונסקי, ד״ר צמח פעלדשטיין, טורבאָוויטש, שעפּטעל, קאַבאַטשניק, וויניק־ראָזע און אַנדערע.

איך האָב דאָרטן געלייענט אויף דער טעמע: „די ביאָ-פּסיכאָלאָגישע ווידער-שטאַנדס-קרעפטן פון יידישן פאָלק", ווי אויך פעריאָדיש רעפעראַטן וועגן די פאַרשי־דענע אַקטועלע עפּידעמישע קראַנקייטן ביי די קינדער אין געטאָ (וועגן וואָס מיר איז נים איינמאָל אויסגעקומען צו שליסן די שולן, מיט דער הסכמה פון דער לערערשאַפט).

אַ סעמינאַר פון מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע האָט געפירט דער לערער ברוך לו־באָצקי. אַ סעמינאַר אויף דער טעמע: „די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם" האָט געפירט די לערערין ליזע גראָסמאַן.

דער פאָרזיצער און זייער אַקטיווער אָרגאַניזאַטאָר פון לערער־פאַרבאַנד איז געווען דער לערער סעניצקי.

די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט פון פאַראיין איז געווען דאָס פאַרטיילן יעדן אָוונט פאַר די לערערס אַ גלאָז טיי מיט המוציא ברויט פאַר איין רובל. פון צייט צו

צייט אַריינפירן בשותפות אומלעגאַל קאַרטאָפל און אַרבעס און צעטיילן עס אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן צווישן די לערערס.

אַ גרויסער טייל פון דער טעטיקייט פון לערער־פאַרבאַנד איז געווען געווידמעט מאַכן הזכרות נאָך פאַרשטאָרבענע חברים.

אין געטאָ זענען געשטאָרבן מיט אַ „נאַטירלעכן טויט" די באַקאַנטע לערערס: שלמה באַסטאָמסקי (1), מרים חיימסאָן (2), גרשון פּלודערמאַכער (3), יעקב גער־שטיין (4), ד"ר העללער (5) און אַנדערע. זיי האָט דער לערער-פאַרבאַנד איינגעאָרדנט שבעה-טעג, שלושימס און יאָרטאָגן.

און איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ הזכרה נאָך אַלע אומגעקומענע און פאַרשוואונ־דענע לערערס פון געטאָ נומער איינס און געטאָ נומער צוויי.

כ׳דערמאָן זיך: ביי אַ טויטער שטילקייט האָט די לערערין רחל ברוידא איבער־געלייענט אַ ליסטע פון הונדערט און צען ווילנער אומגעקומענע לערערס. — — —

## ליטעראַטור און קונסט אין געטאָ

### פאַראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער אין געטאָ

אַלע שרייבער, מוזיקער, אַרטיסטן און מאָלער פון געטאָ האָבן געשאַפן אַ געמיינזאַמע פאַראייניקונג. וועמענס גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 17טן פעברואַר 1942.

די ערשטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון ז. ה. קאַלמאַנאָוויטש, הערש גוטגע־שטאַלט, הערמאַן קרוק, יוסף גלאַזמאַן, אַבֿרהם סוצקעווער (שריפטשטעלער), יעקב גערשטיין (מוזיקער), שבתי בליאַכער און ישעיה שאַדאָווסקי (אַרטיסטן). אין די שפּעטערע פאַרוואַלטונגען דערמאָן איך מיך אויך ד"ר צמח פעלדשטיין, ישראל דימענטמאַן, לעאָ בערנשטיין (ליטעראַטן), יעקב שער (מאָלער).

די פאַרוואַלטונג פון ליטעראַטן און קינסטלער פלעגט איינאָרדענען יעדע וואָך, יעדע צוויי וואָכן, ליטעראַריש־קינסטלערישע „גלעזלעך טיי", בעיקר אין לאָקאַל פון קיך אויף רודניצקער 17. בשעת די פאָרטראָגן פלעגט דער זאַל דעקאָרירט ווערן דורך די קינסטלער מיט דעקאָראַציעס ספּעציעל צוגעפּאַסטע צו דער טעמע. נאָך

(1) שלמה באַסטאָמסקי — געבוירן אין ווילנע 1891. איינער פון די גרינדער פון פאַרלאַג. יידישע לערנביכער און רעכנביכער, פאָלקס-מעשיות, רייזע-באַשרייבונגען, פאָל-קלאָר-ווערק; געלייסטעט גרויסע פאַרדינסטן ביים רעדאַקטירן די זשורנאַלן „גריניקע ביימע-לעך" און „דער חבר", וואָס זענען געווען זייער באַליבט ביי דער שול-יוגנט.

(2) מרים חיימסאָן — געבוירן אין נאַצע, נעבן איישישאָק; אַקטיווע שול-טוערין פאַרעפענטלעכט אַ רייע איבערגעזעצטע און אָריגינעלע נאַטורוויסנשאַפטלעכע און בעלעטריס-טישע אַרטיקלען; אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט ש. באַסטאָמסקי אַ רייע לער-ביכער און איבער-זעצונגען; מיטרעדאַקטירט „גריניקע ביימעלעך" און „דעם חבר".

(3) גרשון פּלודערמאַכער — געבוירן אין ווילנע 1876, גרינדער פון דער „יידישער קולטור-ליגע" און פון „צ.ב.ק." (צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט פון יידיש-וועלטלעכע שולן) אין ווילנע. יאָרן לאַנג פאָרזיצער פון יידישן לערער-פאַריין אין ווילנע, אָנטיילנעמער אין אַ ריי פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן און אין ווילנער „טאָג". איינער פון די פּיאָנערן פון יידיש וועלטלעכן שול-וועזן.

(4) יעקב גערשטיין — באַליבטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין ווילנע, כאָר-דיריגענט און לערער פון געזאַנג אין די שולן.

(5) ד"ר העללער, היסטאָריקער, לערער אין יידישן סעמינאַר, אָנגעשריבן אין געטאָ אַן אַרבעט וועגן די אַרויספירונגען פון געטאָ.

יעדן פאָרטראַג פלעגט פאָרקומען אַן אַרטיסטישער טייל פון דעקלאַמאַציע און געזאַנג אין יידיש און העברעאיש.

דער לעבעדיקער גייסט און אָנפירער פון לימעראַטן פאַראיין איז געווען ז. קאַל־מאַנאָוויטש. אין די אַרבעט פון פאַראיין האָבן זיך באַטייליקט ציוניסטן, קאָמוניסטן און בונדיסטן. עס האָבן געהאַלטן פאָרטראַגן און פאָרגעלעזן זייערע ווערק: ז. קאַל־מאַנאָוויטש, ישראל דימענטמאַן, א. סוצקעווער, לאה רודניצקאַ, ל. אָפּעסקין, הערמאַן קרוק, ה. גוטגעשטאַלט, ג. יאַשונסקי, טורבאָוויטש, פלודערמאַכער, יעקב גערשטיין, ד״ר צמח פעלדשטיין, יוסף גלאַזמאַן, משה אָליצקי, לעאָ בערנשטיין, לייב שעפּטעל, ברוך לובאָצקי, יעקב שער, ד״ר ש. מילקאַנאָוויצקי און ראובן כהן א. אַ.

געווײנלעך פלעגט יעדער אָוונט האָבן אַ הויפּט־רעדנער און קאָרעפערענטן.



איך דערמאָן מיך פאָלגנדיקע טעמעס:

קדוש השם מאָטיוו אין דער יידישער ליטעראַטור (**ברוך לובאָצקי**); ברוך שפּינאָזאַ (**ד״ר צמח פעלדשטיין**); פּערציק טעג פון מוזאַ דאַן (**לעאָ בערנשטיין**); מאַרק שאַגאַל (**יעקב שער**); יידישע מוזיק (**יעקב גערשטיין**); שיילאָק און נתן החכם (**לעאָ בערנשטיין**).

געוויסע טעמען זענען באַהאַנדלט געוואָרן אין זעלבן אָוונט פון פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן. למשל דער אָוונט ווילנע האָט געהאַט אייניקע רעפערענטן: ווילנע, דאָס וויגעלע פון השכלה און חבת־ציון (ד״ר מילקאַנאָוויצקי); ווילנע, דאָס וויגעלע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג (גוטגעשטאַלט); ווילנע — די שטאָט פון „ווילנער גאון" (ר. כהן).

די ווענט פון רודניצקעס גאַס 17 זענען דאַן געווען באַצירט מיט אַ דעקאָראַציע, אויף וועלכער עס זענען געווען אויסגערעכנט אַלע מענטשן פון גייסט און קונסט — אָפּשטאַמערס פון ווילנע.

אַן ענלעכער אָוונט איז געווען געווידמעט ליטע (רעפערענטן ד״ר צמח פעלדשטיין און יוסף גלאַזמאַן). די דעקאָראַציע האָט פאָרגעשטעלט ליטווישע יידן ביי זייערע קליינע הייזער, איבער וועמענס דעכער עס שפּרינגען קאָזעס.

אַ קאָלעקטיווער רעפעראַט איז געווען געווידמעט דער ראָלע פון וואַרשע אין יידישן קולטור־לעבן.



איך דערמאָן זיך אַן אָוונט וועגן מאַרק שאַגאַל. די ווענט פון ענגען לאָקאַל זענען באַצירט מיט רעפּראָדוקציעס פון מאַרק שאַגאַלס בילדער: „דער אַלטער פידלער", שפּילט אַראָפּ פון וואַנט זיין שטיל אומעטיק ליד; „דער ייד, וואָס פליט פון וויטעבסק" — פליט איבער דעכער און „געסלעך פון פאַרשלאָפענע געטאָס". כאַטקעס און ציגן, מענטשן מיט צוויי פּנימער, און אַ האַלב־קאָפּ מיט אויגן, וואָס שוועבן עפּעס ווייט פון קערפּער, און אַ „ייד איז תפילין".

דער עולם זיצט געפּרעסט און הערט געשפּאַנט י. שער׳ס רעפעראַט וועגן מאַרק שאַגאַלס קונסט. פּלוצעם אַ לופט־אַלאַרם, מען דאַרף זיך באַהאַלטן אין די קעלערס. אָבער וואָס איז דער אונטערשיד. עס איז דאָך בעסער שטאַרבן פון אַ באָמבן־אויפרייס

רעדנדיק וועגן קונסט — איידער אויסבאַהאַלטן זיך פֿון הימל־טויט און דערוואַרטן זיך דעם טויט פֿון מענטשנס האַנט.

קיינער גייט ניט אַראָפּ אין קעלער. עס ריטשען סירענעס, עס רוישן באָמבן־טרעגערס איבער ווילנע. די גאַנצע שטאָט לויפֿט אין די קעלערס. און אין געטאָ, מען זיצט און מען הערט רואיק וועגן קונסט...



דער ליטעראַטן־פֿאַראיין, דער לערער־פֿאַרבאַנד, די יוגנט, האָבן איינגעאָרדנט אָוונטן געווידמעט לייוויקס ווערק: „דער גולם", „גאולה־קאָמעדיע" און „קייטן פֿון משיח". ז. קאַלמאַנאָוויטש, הערמאַן קרוק, ד"ר צמח פֿעלדשטיין זענען געווען די הויפּט־רעפֿערענטן. ד"ר צמח פֿעלדשטיין פֿלעגט דערגיין צו מייסטער־אימפּראָוויזאַציעס רעדנדיק וועגן ה. לייוויקס „דעם גולם".

האָבן געקלונגען אין געטאָ ווערטער:

הויב אָן צו גיין און זאָג וואָס איך:
דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם („דער גולם").

און מענטשן האָבן געשפּירט, אַז דאָס איז אייגנטלעך די שילד, וואָס דאַרף הענגען איבערן געטאָ און זיין גערעאַנגל: דורך „טויט, בלוט און לעצטן אָטעם" —

ד"ר צמח פֿעלדשטיין האָט וועגן ה. לייוויקן אָנגעשריבן אַ וואונדערבאַרע אָפּהאַנדלונג, זיצנדיק אין זיין צימערל אין געטאָ־פּאָסט־ביוראָ און זי פֿאַרגעלייענט פֿאַר אַ רייע ידידים.



די פֿאַרוואַלטונג פֿון יידישע ליטעראַטן און קינסטלערס פֿלעגט איינאָרדענען עפֿנטלעכע אַקאַדעמיעס אין גרויסן געטאָ־זאַל (רודניצקער גאַס 6), זאַל פֿון דער געוועזענער רעאַל־גימנאַזיע אָדער אין געטאָ־טעאַטער (רודניצקער גאַס 6, געוועזענער קליין שטאָט־זאַל) — ווי אויך גרויסע ליטעראַרישע אָוונטן און דיסקוסיע אין זאַל פֿון „געטאָ־רעפּרעזענטאַנץ־קאָפּעהויז" רודניצקער גאַס 13.

די אָוונטן זענען געווען געווידמעט צו באַהאַנדלען די ליטעראַרישע טעטיקייט פֿון ח. נ. ביאַליק, י. ל. פּרץ, שלום עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו און אַנדערע.

## ליטעראַרישע קאָנקורסן

די פֿאַראייניקונג פֿון ליטעראַטן און קינסטלערס האָט אויך איינגעאָרדנט קאָנקורסן. ביים ערשטן קאָנקורס האָט באַקומען דעם פּרייז דער דיכטער א. סוצקעווער פֿאַר זיין ווערק „דאָס קבר־קינד".

דער צווייטער קאָנקורס איז געווען פֿון ווערק אויף העברעאיש און יידיש געווידמעט דער טעמאַטיק פֿון געטאָ און יידישן חורבן אונטערן נאַצי־רעזשים.

ישראל דימענטמאַן האָט באַקומען דעם פּרייז פֿאַר דער בעסטער העברעאישער נאָוועלע „עד השער" (ביזן טויער). לאה רודניצקי האָט באַקומען דעם פּרייז פֿאַרן בעסטן יידישן געדיכט „חורבן ליטע".

עס זענען דאָן פאַרעפנטלעכט געוואָרן ווידער קאָנקורסן פון ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמען. די פּאָלקאָמע פאַרטיילונג פון די פרייזן האָט שוין ניט באַוויזן צושטאַנד צו קומען, ווייל עס זענען אָנגעקומען די טעג פון ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

## דאָס קולטור־הויז פון געטאָ

אויף סטראַשון גאַס 6, האָבן זיך געפונען די ביבליאָטעק, דער לייען־זאַל, אַרכיוו, סטאַטיסטישער אַמט און מוזיי פון געטאָ. דעריבער האָט מען סטראַשון גאַס נומער 6 אָנגערופן דאָס קולטור־הויז פון געטאָ.

ווען די יידן זענען אַריין אין געטאָ, האָט מען געפונען וואַלגערנדיקע זיך ביכער אין די חרובע הייזער, אויף בוידעמער און אין קעלערס. יידן האָבן עס אָנגעהויבן צונויפצוטראָגן אויף סטראַשון גאַס 6, וואו ס'האָט זיך מכמה יאָרן געפונען די באַוואוסטע ווילנער יידיש־העברעאישע ביבליאָטעק „מפיצי השכלה".

יידישע אַרבעטער אויף די קאָמאַנדאָס, אַרבעטנדיק אין חרובע הייזער אין שטאָט, פלעגן אַנשטאָט קאַרטאָפל אָדער ברויט, בגנבה אַריינגנבענען פון מאָל צו מאָל ח. נ. ביאַליקס לידער, שמעון דובנאָווס געשיכטע, אָדער גאָר דעם רמב"מס „מורה נבוכים". ביי אַ גאַנצער רייע מענטשן אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען אין געטאָ קליינע ביבליאָטעקן פון געפונענע און „אַריינגעמאַלינעוועטע" ביכער. לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער געטאָ־פּאָליציי, האָבן אַלע ביכער געמוזט צענזורירט ווערן דורך אַ ספּעציעלער צענזור-קאָמיסיע, וואָס האָט זיך געפונען אויף סטראַשון גאַס 6. די פאַראָרדענונג האָט געזאָגט: „אינהאַבער פון ביכער, נישט באַשטעטיקטע דורך דער געטאָ־צענזור, וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן" (וואַרשיינלעך איז די פאַראָרדענונג פון יעקב גענסן אַרויס צוליב דעם צופאַל, וואָס אַ דייטשע קאָמיסיע איז אַריין אומדערוואַרט אין אַ יידישער שטוב אין געטאָ, און געפונען דאָרטן אַ יידן, שטודירנדיק אַ געאָגראַפישן אַטלאַס, אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע און אויף וועלכן ווילנע און נאָך ווייטערע שטעט זענען געווען פאַרצייכנט אַלס אָנגעהעריקע צום סאָוויעטן־פאַרבאַנד).

יידן האָבן אָנגעהויבן טראָגן זייערע ביכער צו דער געטאָ־צענזור. אַלע יידישע און העברעאישע ביכער פלעגן גלייך געשטעמפּלט ווערן אַלס ראוי צום לייענען. די „פאַרדעכטיקע" פרעמד־שפּראַכיקע ביכער פלעגן „קאָנפיסקירט" און באַהאַלטן ווערן אין אַ מאַלינע פון דער ביבליאָטעק. דורך די דאָזיקע „קאָנפיסקאַציעס" האָבן זיך אָנגעקליבן אַ סך ביכער אין דער ביבליאָטעק.

הערמאַן קרוק האָט געווידמעט אַ סך ענערגיע, בכדי צונויפצושטעלן די ביבליאָטעק (וועלכע האָט אָנגעהויבן צו בייטן ביכער שוין דעם 10טן סעפּטעמבער 1941, דאָס הייסט, פיר טעג נאָכן אַריינגייען אין געטאָ), ווי אויך דעם לייען־זאַל, וואָס איז שפּעטער פייערלעך געעפנט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן חנוכת־הבית.



דער לייען־זאַל איז געווען דער גייסטיקער אָפּרו־אָרט אין געטאָ. די ווענט זענען געווען באַצירט מיט פרוכתן, מנורות, שויתים, געראַטעוועטע פון חרובע שולן (אין אויסערן־געטאָ), ווי אויך מיט בילדער פון ח. נ. ביאַליק, י. ל. פרץ, מענדעלע

מוסר-ספרים, שלום עליכם און מיט אַ גרויסער אַראָפּהענגנדיקער מאַפּע פון ארץ-ישראל.

די ביכער פלעגט דערלאַנגען חייקל לונסקי, דער „אייביקער ביבליאָטעקאַר" פון דער סטראַשון־ביבליאָטעק אין ווילנע, דער „שומר פון ירושלים דליטע", וואָס האָט געקאָנט טויזנטער פּרטים פון ווילנער גאונים און גדולים, און אויף יעדער געזוכטער פראַגע פלעגט ער וויסן צו ברענגען המונים צוגעפּאַסטע ספרים.

אין פרייע מינוטן איז ער געזיצן און געשריבן זיינע קליינע אויתיותלעך אין זיין „קונטרס" פון ווילנער געטאָ, געשעעניש נאָך געשעעניש, און ווי עס פלעגט נאָר אַריינגיין אַ לייענער, פלעגט ער אים גלייך באַגעגענען מיט זיין האַרציק־יידישן שמייכל און אָפּטמאָל גאָר מיט אַ קרעכץ:

— כ'האָב ניט פאַר אייך ליידער אַלע ספרים ווי אַמאָל... ס'פעלן ביכער... נאָר



חייקל לונסקי
1881—1943

אפשר וועט נאָך ווער ניט איז אַריינברענגען, אַריינגנבענען אין געטאָ... וועט איר דאַן קריגן דאָס בוך, וואָס איר זוכט. דערווייל לעזט איבער אַ קאַפּיטל דובנאָווס געשיכטע (דובנאָווס געשיכטע איז „אַריינגעמאַלינעוועט" געוואָרן אין אַ סך עקזעמפּלאַרן און געלייענט געוואָרן מיט גרויס התמדה אין געטאָ־ווילנע).

ביי די טישן פלעגט הערשן טויטע רו. מענטשן זענען געזיצן און געמאַכט זיך באַטיצן: ווער צו רעפּעראַטן, ווער צו די לימודים אין שולן און ווער צו וויסנשאַפט־לעכע אַרבעטן. אַנדערע פלעגן דאָ זיצן און שרייבן ווערק. דאָ איז דאָך געווען דער איינציקער גרוימער אָרט אין געטאָ.

ביי די טישן פלעגט מען קענען תמיד זען איינגעטיפט אין ספרים די לעצטע רבנים פון געטאָ, די שריפטשטעלערס, די לערערס, די שילערס, וואָס האָבן געגרייט אַרבעטן צו די עקזאַמענס און צו די וואַנט־צייטונגען, ווי אויך די יוגנט, וועמען ס'פלעגט אַמאָל געלינגען צו קריגן פון די דאָקטוירים אַ באַפרייאונגס-באַשטעטיקונג אויף עטלעכע טעג פון זייער אַרבעט.

אין דער געטאָ־ביבליאָטעק זענען געווען אַבאָנירט ביז דריי טויזנט לייענער. לייענען איז געווען אַ וועג צו פאַרגעסן די קאַשמאַרן פון געטאָ.

ווען עס איז געביטן געוואָרן דאָס צען טויזנטסטע בוך אין געטאָ־ביבליאָטעק, איז איינגעאָרדנט געוואָרן, אין נאָוועמבער 1942, אַ ספּעציעלער פייערלעכער פרי־מאָרגן פאַר די קולטור־טוערס אין געטאָ.

ווען די ביבליאָטעק האָט געפייערט אַ יאָר פון איר עקזיסטענץ, האָט די ערשטע פּרעמיע פאַר איינטענסיוון לייענען באַקומען אַ פערצן־יאָריקע מיידל. זי האָט איבער־געריסן איר לייענען נאָר אין די טעג פון די אַקציעס.



אין געטאָ־אַרכיוו און -מוזיי האָט מען צונויפגעזאַמלט טויזנטער דאָקומענטן פון געטאָ: פּאָליציי־פאַראָרדענונגען, געטאָ־מודעות, עדות פון אַנטלאָפענע פון פּאָנאַר, עדות פון די יידן פון פּראָווינץ, און אַנדערע. אין בלעכענע קאַסטנס איז עס אַלץ באַגראָבן געוואָרן אין מאַלינעס.

דער סטאַטיסטישער אַמט האָט געקליבן ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון די אַלע געטאָ־אַנשטאַלטן און פאַרעפנטלעכט זיי אין פאָרם פון סטאַטיסטישע ביולע־טינען און דיאַגראַמען. יעדע אָפּטיילונג פון געטאָ־לעבן האָט געהאַט איר ביולעטין: געזונטהייטס־אָפּטיילונג, קולטור־אָפּטיילונג, באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג וכדומה.

אין זעלבן לאָקאַל האָט זיך אויך געפונען אַן אַדרעסן־ביוראָ, וועלכע האָט אַנט־וויקלט איר טעטיקייט בעיקר אין דער תקופה, ווען עס זענען געווען צוויי געטאָס און די יידן פלעגן זוכן אַן אַדרעס פון אַ קרוב אין צווייטן געטאָ, צו וועלכן מען האָט ניט געקענט אַריבערגיין.

בראש פון קולטור־הויז איז געשטאַנען דער שריפטשטעלער זעליק קאַלמאַ־נאָוויטש.

## געטאָ־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט

די יידישע וויסנשאַפטס־לייט האָבן באַשלאָסן ניט איבערצורייסן זייערע וויסנ־שאַפטלעכע אַרבעטן און זיי ווייטער פירן אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרם. לשם זה איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „אַ געטאָ־אוניווערסיטעט".

די עפענונג איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער געטאָ־ביבליאָטעק, סטראַשון גאַס 6. דאָס עפענונגס-וואָרט האָט געהאַלטן ז. קאַלמאַנאָוויטש וועגן די אויפגאַבן פון די יידישע וויסנשאַפטסלייט אין געטאָ, צו זאַמלען מאַטעריאַלן און דאָקומענטירן דאָס לעבן פון געטאָ — ווי אויך ווידמען זייער וויסנשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונג פאַר פּראַקטישע לייסטונגען, בכדי צו פאַרלענגערן דאָס לעבן פון דער באַפעלקע־רונג אין געטאָ.

הערמאַן קרוק האָט געהאַלטן אַן אָרגאַניזאַציע־רעפעראַט וועגן פּראָגראַם פון פאַרשידענע סעקציעס. אין זיין רעדן זענען אייניקע מאָל דורכגעלאָפן די ווערטער: מיר, געטאָ־אַקאַדעמיקער...

עס זענען געשאַפן געוואָרן פאָלגנדיקע סעקציעס:

1. סעקציע פאַר פילאָזאָפיע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן (אָנפירער ז. קאַלמאַנאָוויטש).
2. סעקציע פאַר לינגוויסטיק.
3. סעקציע פאַר נאַטורוויסנשאַפט.
4. סעקציע פאַר מאַטעמאַטיק און פיזיק.
5. סעקציע פאַר כעמיע.

ביי דער סעקציע פון כעמיע איז געעפנט געוואָרן אַ טעכנאָכעמישע לאַבאָראַ־טאָריע. ביי דער הומאַניסטישער סעקציע זענען געווען טעטיק עפנטלעכע קורסן פאַר עטנאָגראַפיע, עטנאָלאָגיע און פאָלקלאָר, אויף וועלכע עס זענען פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן די רעזולטאַטן פון די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אין די סעקציעס.

## די אַרבעטער־אוידיטאָריע פון געטאָ

פאַר די אַרבעטער אויף די קאָמאַנדאָס, וועלכע האָבן קיין מעגלעכקייט געהאַט צו באַזוכן די אַלע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען אין געטאָ, ווייל זיי קומען מיד און צעבראָכן פון זייער עבודת-פרך, איז לויט דער איניציאַטיוו פון דוד קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי (1) איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן ראַט פון די יידישע בריגאַדירן יעדן זונטאָג, אַן אַרבעטער־אוידיטאָריע אין געטאָ־טעאַטער (רודניצקער גאַס 6) לכתחילה אויף רודניצקער גאַס 7. דאָס פּראָגראַם פון די אַרבעטער־אוידיטאָריעס איז געווען געוויינלעך אַן אַריינפיר־וואָרט (דאָס רוב קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי), אַ רעפעראַט וועגן אַ קולטור־טעמע און דאַן רעציטאַציעס און געזאַנג אויף יידיש און העברעאיש פון די געטאָ־אַרטיסטן און בעיקר, פון די מיטגלידער פון קינדער־ און יוגנט־קלוב.

איך דערמאָן זיך איניקע טעמען פון דער אַרבעטער־אוידיטאָריע: „ווילנע", „י. ל. פּרץ", „שלום עליכם", „ח. נ. ביאַליק", „שאול טשערניכאָווסקי", „מענדעלע", „געזונטהייטס-וועזן אין געטאָ", „קאַמף קעגן קלעפּיקע קראַנקייטן", „זלמן שניאור", „חסידות", „פאָלקסלידער" און אַנדערע. פון די רעפערענטן דערמאָן איך זיך: ז. קאַלמאַנאָוויטש, ד"ר צמח פעלדשטיין, נפתלי וויניק, די לערערס: לעאָ בערנשטיין, ישראל דימענטמאַן, ל. שעפּטעל, ז. קאַבאַטשניק, פּאָטער און זון ראַסקין, גוטגע־שטאַלט, הערמאַן קרוק; אויף מעדיצינישע טעמעס: ד"ר ל. עפּשטיין, ב. קאַלאַדנער און דער שרייבער פון די שורות.

### מוזיק

מיטן פונאַנדערוואַקסן זיך פון קולטור־לעבן, רעפעראַטן, אַקאַדעמיעס, כאָרן, האָט זיך אויך צעבליט די מוזיק־קונסט.

דער סימפאָנישער אָרקעסטער, אונטער דער לייטונג פון וואָלף דורמאַשקין, איז געשטאַנען אויף אַ זייער קינסטלערישן ניוואָ. ער פלעגט באַגלייטן די אַרויסטרע־טונגען פון יידישן און העברעאישן כאָר אין די טעאַטערן. ער האָט געגעבן ווערק פון טשאַיקאָווסקי, מאָצאַרט, דוואָרזשאַק, שאָפּען און בעטהאָווען. באַזונדערע מוזיקער פלעגן אָפט אויסטרעטן מיט אינדיווידועלע קאָנצערטן פון קלאַוויר, פידל און געזאַנג.

אַ פידל-קאָנצערט (פּאַגאַניני) פון מוזיקער בוניע ראַבינאָוויטש האָט אַרויסגערופן גוואַלדיקן ענטוזיאַזם ביי די מנגנים פון געטאָ.

די פרויען גירשאָוויטש און פּייגוס (פרויען פון ד"ר גירשאָוויטש און ד"ר פּייגוס), באַקאַנטע מוזיק־לערערינס אין דער ווילנער קאָנסערוואַטאָריע פאַר דער מלחמה, האָבן געגעבן קאָנצערטן אויף צוויי קלאַווירן פון מאָצאַרטן.

אויך די מוזיק־שול פלעגט מאַכן עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען פון אירע תלמי־דים. דערביי האָבן זיך אויסגעצייכנט די קינדער: אלעק וואָלקאָוויסקי, דינה בעניאַ־קאָנסקאַ און טויבענהויז.

עס איז פאָרגעקומען אַ געטאָ־פּרעמיע פאַר מוזיק. די ערשטע פּרעמיע האָט באַקומען דורמאַשקין פאַר זיין „עלעגיע אויף פּאָנאַר"; דאַן — אָלעק וואָלקאָוויסקי,

(1) צ. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי, אַ באַקאַנטער טוער פון דער פאָלקס-דעמאָקראַטישער גרופּע אין ווילנע, ראַטמאַן אין קהלה און שטאָטראַט, אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע-לאַגער דאַוטמערגען ביי באַלינגען (ווירטעמבערג, דייטשלאַנד).

פאַר זיין מעלאָדיע צו דעם ליד: „שטילער, שטילער, קברים וואַקסן דאָ"...

די פּרעמירטע קונסטווערק זענען אויפגעפירט געוואָרן אויף אַן עפנטלעכן פייערלעכן אָוונט אין געטאָ־טעאַטער.

## קונסט־מאָלעריי

דער קינסטלער יעקב שער האָט געשאַפן אַ גאַנצע סעריע גראַפישע בילדער פון די געטאָ-הויפן, חרובע הייזער און מאַלינעס. ער האָט אויך געמאַכט דעקאָראַציעס פאַרן טעאַטער. ער האָט געשאַפן אַ גאַנצע רייע בילדער און סקולפּטורן. דער נייַן יאָריקער קינסטלער, זלמן באַק האָט אַרויסגערופן גרויסע האָפענונגען.

אין מערץ 1943 איז צושטאַנד־געקומען אין זאַל פון געטאָ-טעאַטער אַ קונסט-אויסשטעלונג מיט דער באַטייליקונג פון יעקב שער, רחל סוצקעווער, זלמן באַק; אַרכיטעקטאָרן: ראָם (מאָדעלן), דייכעס, נאָטעס און מולץ (האָלץ־שניצערייען).

אויך צווישן די קינדער פון געטאָ־שולן, טעכניקום און ילדים־אינטערנאַטן האָבן זיך באַוויזן אַ גאַנצע רייע זייער באַגאַבטע קינסטלערס, זייערע אַרבעטן האָבן אָפט באַצירט די אויסשטעלונגען פון די שולן און יוגנט-קלוב.

## געטאָ־כאָרן

עס האָט עקזיסטירט אַ כאָר אונטער דער לייטונג פון באַקאַנטן ווילנער דיריגענט אברהם סלעפ. דער כאָר פלעגט אָפט געבן קאָנצערטן פון יידישע פאָלקס-לידער. דער דיריגענט יעקב גערשטיין פון געוועזענעם כאָר „ווילביג", איז געשטאָרבן אין דער



דער העברעאישער כאָר פון ווילנער געטאָ, ביי „ברית עברית", 1943.
בראש פון כאָר זעט מען דעם דיריגענט זאב וואָלף דורמאשקין.

ערשטער תקופה פון געטאָ. איינער פון די פּאָפּולערסטע נומערן פונם כאָר איז געווען אברהם רייזענס „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן".

דער „ברית־עברית" האָט אָרגאַניזירט אַ העברעאישן כאָר פון איבער הונ־דערט מאַן אונטער דער פירונג פון זאב־וואָלף דורמאַשקין. אין פּראָגראַם פון כאָר —

בעיקר חלוצישע לידער, תימנישע, חסידישע, פרקים פון תנ״ך, „שירי־עם״ פון ח. נ. ביאַליק.

אויף איינער פון די אַרויסטרעטונגען פון העברעאישן כאָר זענען געגעבן געוואָרן גרויסע פראַגמענטן פון דער אָפּערע „אַאידאַ״ (טעקסט־איבערזעצונג פון ד״ר צמח פעלדשטיין). אַחוץ דעם, האָט ביים „ברית עברית״ עקזיסטירט אַ „מקהלה עברית קטנה״, אַ קלענער העברעאישער כאָר פון אַ מאַן פופצן, אונטער דער לייטונג פון דיריגענט שלמה ש אַ ר ף, באַס פון כאָר אין ווילנער שטאָט-שול. דער קליין-כאָר פלעגט אָנטיילנעמען אין די פעריאָדיש־ליטעראַרישע אָוונטן פון „ברית־עברית״. דער דיריגענט פון אַמאָליקן העברעאישן כאָר ביים ווילנער סעמינאַר „תרבות״, דיכטער א. א. יאָסקאָוויטש, איז אומגעקומען אויסערן געטאָ, זייענדיק דאָרט אויף אַרישע פּאַפּירן.

די פּאָפּולערסטע מעלאָדיעס פון די העברעאישע כאָרן זענען געווען: „אנו אוהבים אותך מולדת״, „ירושלים, ירושלים!״, „אומרים ישנה ארץ״, „עלי להבה״.

די עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע און העברעאישע כאָרן זענען באַגלייט געוואָרן דורכן סימפאָנישן אָרקעסטער פון דורמאַשקין.

## ברית־עברית אין געטאָ

ס׳איז געווען ווינטער 1941, אין דער תקופה צווישן די אַקציעס פון די „געלע שיינען״ און „ראָזע שיינען״, ב. פרידמאַן מיט מיר האָבן דאַן צענויפגערופן אַ באַראַטונג אויף סטראַשון גאַס 2, מיט דער איניציאַטיוו צו שאַפן אַ „ברית-עברית״ אין געטאָ.

דאָרט איז די „ברית עברית״ געשאַפן געוואָרן און די חברים פון איר ערשטער לייטונג זענען געווען: מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו, ב. פרידמאַן, אבא קאָוונער, יוסף גלאַזמאַן, ניסל רעזניק, יחיאל שייבוים, אברהם פינטשוק, ישראל דימענטמאַן, ליובאָצקי און איך. עס האָבן אַ סך בייגעהאָלפן ביי דער אַרבעט: ד״ר צמח פעלד-שטיין, ז. קאַלמאַנאָוויטש, לעאָ בערנשטיין, ל. שעפטעל, זעליק קאַבאַטשניק, פּאָטער און זון ראַסקין, משה אַליצקי.

די העברעאישע קולטור-אַרבעט איז געפירט און צענטראַליזירט געוואָרן פון יענעם טאָג אָן דורכן „ברית-עברית״, וועלכער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די קול-טור-טריבונע פון ציוניסטישן „דאַך״.

דער ציל פון „דאַך״ איז געווען, צו קאָנצענטרירן די פּאָליטישע ציוניסטישע פּאַרטייען און גרופּירונגען צו אַ געמיינזאַמער פּאָליטישער אונטערערדישער טעטיקייט; דער ציל פון ברית־עברית איז געווען דורכן לעבעדיקן העברעאישן וואָרט און דורך דער וויזיע פון פרייען לעבן אין אַן אייגן לאַנד — צו שאַפן אין געטאָ אַ טריבונע, וואָס איז אַ קאָנטראַסט צום געטאָ־לעבן.

די ערשטע מסיבות זענען פאַרגעקומען אין לאָקאַל פון דער אַזוי גערופענער ציוניסטישער „פאָלקס-קיך״ אויף סטראַשון-גאַס 2, ביי עטלעכע צענדלינג פאַר-בעטענע חברים. דאָס זענען געווען אָוונטן, געווידמעט דעם זכרון פון יוסף טרומפּעל-דאָר, אליעזר בן יהודה.

די פאַראַנשטאַלטונגען פון ברית־עברית זענען גיך געוואָרן פּאָפּולער און דער דראַנג צום וואָרט פון ארץ ישראל איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט די מסיבות אַריבערגעטראָגן אין געטאָ־זאַל און אין געטאָ־טעאַטער. עס זענען געווען פאַלן, ווען די צאָל צוהערערס זענען דערגאַנגען ביז אַ זעקס הונדערט מאַן. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן נשף פסח, נשף ל״ג בעומר, נשף שבועות, נשף חנוכה, נשף פּורים, נשף ביאַליק, נשף הערצל, נשף אחד־העם, נשף מסדה, אָוונט פון דער יונגער העברעאישער דיכטונג. יעדער אָוונט איז באַשטאַנען פון איינעם אָדער איניקע רעפעראַטן, פון כאָר־געזאַנג, און פון העברעאישע רעציטאַציעס און דעקלאַמאַציעס.

ד״ר צמח פעלדשטיין און ישראל דימענטמאַן זענען געווען די הויפּט־רעדנערס און זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פּראַכטפולן העברעאישן סטיל. אבא קאָוונער פלעגט זייער ווירקן מיט זיינע רעציטאַציעס. די צוויי שוועסטער קאַרפינקעס האָבן באַגייסטערט דעם עולם מיט זייערע געזאַנגען פון תנ״ך־קאַפּיטלען, בעיקר „כרם היה לידידי״ און פון העברעאישע פאָלקס־לידער. די אָרגאַניזאַציע-טעטיקייט פון „ברית עברית״ און זיינע אָפּצווייגן איז געווען קאָנצענטרירט און אָנגעפירט דורך ישראל דימענטמאַן און דעם מחבר פון די שורות.

דער ברית-עברית איז געוואָרן דער צוזאַמענטרעף-פּונקט פון אַלע ציון-שטרעבנדיקע אין געטאָ. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען עס זענען געהאַנגען שווערע כמאַרעס אויפן געטאָ און עס פלעגט ניט זיין קיין מוט צו אָרגאַניזירן די מסיבות פון ברית־עברית, אָדער אַ סך פון די גרינדערס זענען געווען באַשעפטיקט מיט וויכטיקע פאַראַנטוואָרטלעכע שליחותן, — דאַן פלעגט דימענטמאַן זאָגן צו די חברים:

— ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ — דאַרף געהערט ווערן דאָס העברעאישע וואָרט. דאָס הויז ברענט, און דער זייגער גייט!

און מיר האָבן געפירט די טעטיקייט פון „ברית-עברית״ ביז די לעצטע טעג פון געטאָ.



דער ברית-עברית האָט אויסגעווירקט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אין דער פּראַגע פון שול־וועזן אין געטאָ. ביי דעם האָבן אַ סך געלייסטעט ישראל דימענטמאַן, משה אָליצקי, לעאָ בערנשטיין, זעליק קאַבאַטשניק און לייב שעפּטעל.

בכדי צו קענען באַטראַכטן ערנסטע פּראָבלעמען, איז ביים ברית־עברית גע-גרינדעט געוואָרן אַ העברעאיש-וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפט „חברה מדעית עברית״. דאָרטן האָבן ד״ר צמח פעלדשטיין און ז. קאַלמאַנאָוויטש פאָרגעלייענט אַ גאַנצע רייע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען וועגן אחד־העמס ווערק, ד״ר טעאָדאָר הערצלס בריוו וכדומה. משה אָליצקי האָט דאָרטן פאָרגעלייענט אַ גרויסע אַרבעט אין העברעאיש אונטערן נאָמען „הומאָר ביי יידן אונטער אַלע באַדינגונגען״. ביי דעם ברית־עברית איז געגרינדעט געוואָרן אַ העברעאישע שרייבער־גרופּע, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו זאַמלען אין שריפט אַלע וויכטיקע העברעאישע רעפעראַטן פון ברית־עברית און חברה מדעית.

דער „ברית עברית״ האָט געגרינדעט און אָנגעפירט מיטן העברעאישן געטאָ־טעאַטער, העברעאישן כאָר און העברעאישן קליין-כאָר.

עס איז געפּלאַנט געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ העברעאישע זאַמלשריפט און אָרגאַניזירן אַן אָוונט פון די יונגע העברעאישע שריפטשטעלערס און דיכטערס אין געטאָ. עס זענען אָבער אָנגעקומען אין מיטן די טראַנספּאָרטן קיין עסטאָניע...



פאָרהאַנג פון ווילנער געטאָ-טעאַטער.

# טעאַטער אין געטאָ

## יידיש-טעאַטער

עס איז געווען אין געטאָ אַ יידיש טעאַטער.

שוין איצט קומט עס מיר אויס פאַר אוממעגלעך: אין געטאָ אַ טעאַטער! אויך דאָרט איז עס לכתחילה אויסגעקומען אַלס אוממעגלעך און שפּעטער איז עס געוואָרן אַ טייל פון קולטור־לעבן אין געטאָ און פון זיין גייסטיקן אָפּרו. די איבערגעבליבענע אַרטיסטן פון געטאָ האָבן זיך צונויפגעקליבן אויף סטראַשון גאַס 7, אין צימערל פון אַרטיסט שבתי בליאַכער און באַשלאָסן צוצוטרעטן צו שאַפן אַ טעאַטער. איינער פון די איניציאַטאָרן איז געווען דער רעזשיסאָר מאַקס וויסקינד (אַביטוריענט פון דער ווילנער העברעאישער גימנאַזיע, מיטגרינדער פון דער ווילנער העברעאישער דראַמאַטישער סטודיע. אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ).

דער געדאַנק פון טעאַטער האָט געפונען אַ שטאַרקע אונטערשטיצונג אין די קרייזן פון דער געטאָ־פּאָליציי און דער עיקר ביי יעקב גענסן. די געטאָ־באַפעלקערונג, דאַקעגן, איז געווען אויפגעבראַכט:

— וואָס, מען וועט גיין שפּילן טעאַטער אויף אונזערע צעבראָכענע הערצער? —

כ׳דערמאָן זיך אויף אַ זיצונג פון פּועלי־ציון־התאחדות מיט החלוץ ביי אינזשעניער מאַרקוס אין די וואַרשטאַטן איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז קיינער פון אונז גייט נישט צו דער דערעפענונג, וועלכע איז שטאַרק אַנאָנסירט געוואָרן דורך דער געטאָ-פּאָליציי.

— וואָס איז די פּאָליציי אַזוי פאַראינטערעסירט, אַז יידן זאָלן זיך פרייען? — האָבן זיך די חברים געפרעגט. עס זענען געווען אויך חברים, וועלכע האָבן פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל קומען דאָרטן און אויפרייסן די פאָרשטעלונג.

אין טאָג פון דער דערעפענונג זענען איבערן געטאָ געטיילט געוואָרן הונדערטער פלוגבלעטער אין אַ שוואַרצער ראַם מיט פאָלגנדיקן טעקסט:


אויף אַ בית עולם

שפילט מען ניט קיין טעאַטער!

צו דער דערעפענונג זענען אין געטאָ־זאַל פון דער רעאַל־גימנאַזיע אויף רוד־ניצקער גאַס 6 געקומען די געטאָ-נאָטאַבלען, די פּאָליציסטן מיט זייערע פרויען און סתם איינגעלאַדענע מיוחסים. די פּאָליטישע גרופּירונגען האָבן צוגעשיקט צוקוקערס צו זען וואָס עס קומט דאָרט פאָר. עס איז געווען אַלעמענס מורא: דער טעאַטער זאָל ניט פאַרשוועכן דעם טרויער פון געטאָ.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַרטיסטן איז געלונגען דורך אַ טיף־ערנסטן צוגאַנג צו שאַפן אַ קונסט־יש אין געטאָ, וועלכע שענדעט ניט די געפילן פון צער און צאָרן און ברענגט, פאַרקערט, צו מאָמענטן פון התרוממות.

דער עולם האָט אָנגעהויבן גיין אין טעאַטער.



דאָס ערשטע פּראָגראַם (16.1.42) איז געווען:

דערעפענונגס־וואָרט פון יוסף גלאַזמאַן (אַ מין התנצלות, פאַרוואָס דערלויבט מען זיך שפּילן טעאַטער אין געטאָ; און אַ הזכרה נאָך די אומגעקומענע).

„ס׳גלוסט זיך מיר וויינען״, פון ח. נ. ביאַליק (כאָראַלע דעקלאַמאַציע).

„אלי, אלי״, געזונגען פון חזן איידעלסאָן; „זאַמד און שטערן״ (ליובאַ לעוויצקאַ).

פראַגמענטן פון יעקב גאָרדינס „מירעלע אפרת״.

פראַגמענטן פון י. ל. פרצס „גאָלדענע קייט״.

אינסצעניזירונג פון סטעפאַן צווייגס דערציילונג „די מוטער רחל״.

קלאַוויר־קאָנצערט פון שאַפען (נאָקטורן־ב־מאָל) אויסגעפירט פון סאָניע רעכטיק.

אַ „פריילעכס״ פון ח. נ. ביאַליק (כאָראַלע דעקלאַמאַציע).

קאָנפעראַנסיע־טעקסט, געשריבן פון א. סוצקעווער, געלעזן פון א. סעגאַל.



אין פּראָגראַם פון צווייטן רעווי־קאָנצערט איז געווען צווישן אַנדערן:

„דורך פינצטערניש״, אַ פראַגמענט פון ה. לייוויקס „דער גולם״.

אַ קאַפּיטל תנ״ך ישעיהו אין יידישער איבערזעצונג פון יהואש.

„בר כוכבא״ א. גאָלדפאַדנס (אַריע פון תפיסה) — ליובאַ לעוויצקאַ.

די דריטע רעווי־פאָרשטעלונג איז פאַרגעקומען צוזאַמען מיט דער דער־עפענונג פון געטאָ־טעאַטער (קאָנסקאַ גאַס 3, געוועזענער קליין־שטאָט־זאַל), דעם 24סטן אַפּריל 1944. אין פּראָגראַם:

„מזל טוב״ פון שלום עליכם — איין אַקט.

„שלמה מולכו" (פראַגמענטן) פון ה. לעיוועס.
סימפאָנישער אָרקעסטער — קאַווקאַזער סויטן.



די פערטע רעווי־פאָרשטעלונג איז געגאַנגען אונטערן נאָמען: „קאָרענע יאָרן און ווייצענע טעג". דאָס פּראָגראַם איז געווען בעיקר צונויפגעשטעלט פון כתריאל ברוידא, מוזיק פון וועקסלער. פון די באַקאַנטסטע נומערן: „אפשר וועט געשען אַ נס", „אין מיין צימער איז ענג".



די פינפטע רעווי־פאָרשטעלונג איז געגאַנגען אונטערן נאָמען: „מען קען גאָרניט וויסן". אין פּראָגראַם: „מען קען גאָרניט וויסן" פון כתריאל ברוידא; „אַ געטאָ־טאַנגאָ", „בלימעלע, מיר זענען אַלט געוואָרן", „מלאכה-מלוכה", דער „בעכער פון טרערן".



די זעקסטע רעווי־פאָרשטעלונג אונטערן נאָמען: „פּעשע פון רעשע", טעקסטן פון לייב ראָזענטאַל, אויסגעפירט פון חיהלע ראָזענטאַל און יעקב בערגאָלסקי. אויפגעפירט אין די צייטן, ווען מען האָט צונויפגעבראַכט קיין ווילנע די ייִדן פון די אַרומיקע לאַגערן רעשע און אַנדערע.
דאָס ליד „ביים געטאָ־טויער" (איינס־צוויי־דריי), אויפגעפירט פון יעקב בערגאָלסקי, איז געוואָרן אַ פאָלקסליד פון געטאָ.



די זיבעטע רעווי־פאָרשטעלונג אונטערן נאָמען: „משה האַלט זיך" איז שוין פאָרגעקומען ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די טראַנספּאָרטן קיין עסטלאַנד. טעקסטן כתריאל ברוידא. אין פּראָגראַם: דאָס באַרימטע לידל „משה האַלט זיך", „איז געטאָ", „דיך פאַרגעסן וועל איך קיינמאָל ניט".



די ערשטע גרויסע אויפפירונג פון פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער" איז פאָרגעקומען דעם 20סטן יולי 1942 און איז געגאַנגען אַכט און צוואַנציק מאָל ביי געפאַקטע זאַלן פון 450 פלעצער.
די צווייטע גרויסע אויפפירונג, „דער מענטש אונטערן בריק" פון אָטאָ אינדיק (דעקאָראַציעס רחל סוצקעווער), איז געגאַנגען זעקס און פערציק מאָל.
די דריטע גרויסע דראַמאַטישע אויפפירונג „דער אוצר" פון דוד פּינסקי (דעקאָראַציעס אומאַ אוקעניצקאַ, מוזיק מישאַ וועקסלער).
די פערטע דראַמאַטישע אויפפירונג „דער מבול" פון בערגער. דעקאָראַציעס אומאַ אַלקעניצקאַ, מוזיק מישאַ וועקסלער, געגאַנגען שוין אין די אומרואיקע געטאָ־טעג פון מאַי־יולי 1943.
מען האָט געגרייט זיך אויפצופירן „טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם, נאָר אין מיטן זענען אָנגעקומען די ליקווידאַציע־טעג פון געטאָ.
אין משך פון יאָר 1942 האָט דער געטאָ-טעאַטער געגעבן 120 אויפפירונגען און די צאָל באַזוכער האָט דערגרייכט ביז 38.000.

▼

פון די אַרטיסטן דערמאָן איך זיך: יעקב בערגאָלסקי, בליאַכער שבתי, ראָטבוים (פון קאָוונע), יקותיאל רוטענבערג, אסתר ליפּאָווסקאַ, סאַשע ליפּאָווסקי, סאָניאַ ליפּאָווסקי־מינץ, צירעלע ליפּאָווסקאַ (באָבע, פאָטער, מוטער, אייניקל), מאַקס שאַדאָווסקי, חיהלע ראָזענטאַל, ליובאַ לעוויצקאַ, פּימע שאַפּיראָ, כתריאל ברוידא, פּערגאַמענט, געניאַ שאַפּיראָ, דאָראַ רובין, לילי גאָלדבערג, אידאַ נעלקין, ישראל סעגאַל, לעאָן הערסט, משה גירוויטש (באָמבע), עלייזעראָוויטש, ראובן דובינסקי.

יעדע טעאַטער־פאָרשטעלונג פלעגט געשפּילט ווערן אייניקע וואָכן. זונטאָג פלעגט מען שפּילן צוויי מאָל אין טאָג: נאָכמיטאָג און אין אָוונט. צען פּראָצענט פון די טעאַטער־הכנסות זענען געגאַנגען לטובת דעם געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט.

אין געטאָ איז געווען אַ קליינקונסט־בינע אונטערן נאָמען „די יאָגעניש אין פּאַס" (קאַלאַמבור פון וואָרט דיאָגענעס אין פּאַס). די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען אין געזאָ־רעפּרעזענטאַנץ־קאַפּע, רודניצקע גאַס 13.

▼

## גורל פון די געטאָ-אַרטיסטן:

אַ. סעגאַל האָט מיר געשריבן וועגן גורל פון פאָלגנדיקע ווילנער יידישע אַרטיסטן:

פאַרן אַנטשטיין פון געטאָ-טעאַטער: מאָרים לאַמפּע, משה זעלוועך זאַבלאָצקי, זובאַק, סטאַפּער (געכאַפּט דורך די „כאַפּונעס"); לייב שריפּטזעצער, וויטאַלינאַ, זיגעלבוים (ביי אַן אַקציע אין געטאָ); קדיש, כאַש, נחמה (אַלס ערובניקעס מיטן יידנראַט 1941); פּראַניע ווינטער (אַקציע 1942).

ליפּאָווסקאַ אסתר און סאָניע (אַוועקגעשיקט אויף „לינקס", בשעת דער געטאָ-ליקווידאַציע 1943); מאַקס שאַדאָווסקי און הערבסט (אומגעקומען בשעת דער קינדער-אַקציע אין „קיילים" 1944); שבתי בלאַכער, ראַטבלום, קרעמער, דובינסקי און דער טעקסטן-שרייבער



אַ סצענע פון דוד פּינסקיס „היהודי הנצחי" אין דער אויפפירונג פון דער העברעאישער דראַמאַטישער סטודיע אין ווילנער געטאָ.

ליוב ראָזענטאַל (אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע-לאַגער קלאָאָגא 1944); כתריאל ברוידע, סימע שאַפּיראָ, רוטענבערג, משה גורוויטש (אומגעקומען אין ק. צ. קעניגסבערג פאַר דער באַפרייאונג); יעקב בערגאלסקי און לילי גאָלדבערג (אומגעקומען אין ה. ק. פ.-אַקציע 1944). די מאָלערינס-דעקאָראַטאָרינס רחל סוצקעווער, אומאַ אָלקעניצקאַ און קאָמפּאָניסט מ. וועקפלער (אַוועקגעפירט אויף „לינקס" 1943).

געבליבן לעבן: חיהלע ראָזענטאַל, דאָראַ רובין, אידאַ נעלקין, אשר סעגאַל און עליוזערעאָוויטש.

## העברעאיש טעאַטער

דער העברעאישער געטאָ-טעאַטער איז געגרינדעט געוואָרן דורכן ברית עברית-קאָמיטעט. די אַרטיסטן (1) זענען געווען חלוצים און חלוצות פון פאַרשידענע יוגנט-גרופּירונגען. זיי פלעגן געפינען נאָכן שווערן אַרבעטס-טאָג זייער גייסטיקן אָפּרו איז דעם העברעאישן דראַמאַטישן ווינקל. דער געדאַנק וועגן אַ העברעאיש טעאַטער איז אַנטשטאַנען אין ברית עברית, ווען ער האָט שוין געהאַט אַנטוויקלט אַ ברייטע קולטור-טעטיקייט: מסיבות, כאָרן, „חברה מדעית עברית".

דער ענטוזיאַסט פון העברעאישן טעאַטער איז געוואָרן דער דיכטער ישראל דימענטמאַן.

לכתחילה האָבן מיר געוואָלט אינסצעניזירן ח. נ. ביאַליקס „קורץ פרייטאָג", נאָר ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען דאַרף זוכן אַ ווערק, וועמענס פּראָבלעמאַטיק זאָל זיין פאַרבונדן מיט די יידישע פרייהייטס-קאַמפן און גאולה-האָפענונגען.

דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף „היהודי הנצחי" פון דוד פּינסקי.

וואו נעמט מען אָבער דעם טעקסט? אין געטאָ איז ניט געווען קיין טעקסט פון „היהודי הנצחי", נאָר אַ קליינע ליברעטאָ פון אַ „הבימה"-פאָרשטעלונג, וואָס איז צופעליק געפונען געוואָרן.

זענען מיר געזעסן מיט ישראל דימענטמאַנען און דערמאָנט זיך, ווי האָט אויסגעזען „היהודי הנצחי" אין דער אויפפירונג פון הבימה. ישראל דימענטמאַן איז אַריין אין קינסטלערישער התלהבות און אָנגעשריבן אַליין אַ טעקסט פון דער דראַמע (נעמענדיק אַלס פירנדיקע ליניע די אויבנדערמאָנטע ליברעטאָ), צוגעגעבן אַ רייע לידער. ס'איז אַרויס אַ פּיעסע אין איינעם אַקט. דער לערער ראַסקין האָט צוגעהאָלפן אין צוזאַמענשטעלן דעם טעקסט פון צווייטן אַקט. דער רעזשיסאָר פון העברעאישן טעאַטער איז געוואָרן יעקב בערגאָלסקי, וועלכער האָט אַריינגעלייגט אין דער צוגרייטונג אויסערגעוויינלעכע אַרבעט און ענטוזיאַזם.

ישראל דימענטמאַן פלעגט גאַנצע נעכט אָפּזיצן אויף די פּראָבן, פאַרריכטן יעדעס וואָרט, פאַרשענערן די שפּראַך. ער פלעגט מיך אָפט רופן:

— קום אויף די פּראָבן, דו וועסט זען, עס וועט אַרויסקומען אַ ווערק, וואָס וועט הויבן דעם מוט פון דער יוגנט אין געטאָ.

דורמאַשקין האָט רעזשיסירט דעם כאָר און אָרקעסטער, יעקב שער האָט געמאַכט

---

(1) די אָנטיילנעמער פון העברעאישן טעאַטער אין געטאָ: דער נביא (א. פּעסקער) משיח'ס מוטער (פ. קליינפּלאַץ-יפה), רות (ט. סמאָלגאָווסקי); עלטסטע פון שטאָט (א. ראָזאָ; ז. קורגאַן; ש. שימעל, מרים בערנשטיין) סוחרים (א. קומפּיאַנסקי, ח. סטראַשון, א. קאַרפּינקעס, י. אונגער ריווקינד); פּאַסטוכער, בעטלערס, שליחים (ד. בערנשטיין, ג. גערשטיין, ב. שערעל, גיטע מולער, י. טריגובאָוו, י. קושינסקי, ח. סטראַשון; פּרויען (פ. דורמאַשקין, ס. קורגאַן, ד. זייף, ח. פּאַליטאַצקי, י. בערקמאַן, שפרה דוואַרזשעצקי).

ספּעציעלע דעקאָראַציעס; נינע גערשטיין האָט אָנגעפירט מיט דער כאָרעאָגראַפיע. פון טליתים און ארבע כנפות האָט מען געמאַכט סטיליזירטע בגדים לויט דער תקופה פון חורבן בית־המקדש.

די אויפפירונג פון „היהודי הנצחי" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שעה פון התרוממות הרוח, זי האָט מיטגעריסן מיט איר פּאַטאָס, גערופן צו האָפענונג און קאַמף; דאָס זענען געווען ליכטיקע אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן אין חושך פון געטאָ.

ברית - עברית
אין ווילנער געטא
-:-
העברעאישע דראמאטישע סטודיע
-:-

פראגראם

דאנערשטיק, דעם 10-טן יוני 1943 (ב' דשבועות)
פרייטיק, " 11 " " "

"היהודי הנצחי"

פון ד. פינסקי
פיעסע אין 2 אקטן.

| | |
|---|---|
| שטעלונג און רעזשי | – יעקב בערגאלסקי |
| מוזיק | – אלף דורמאשקין |
| דעקאראציעס | – יעקב שער |
| טענץ און קאסטיומען | – נינא גערשטיין |

אנטיילנעמער:

| | |
|---|---|
| פרעמדער | – פעסקער א. |
| יונגע פרוי | קליינפלאץ מ. |
| רות, איר דינסט | סמאלנאסקי מ. |
| **עלטסטע פון שטאט:** | |
| גוריון | ראזא א. |
| טרפון | קורגאן ז. |
| גמליאל | שימעל ע. |
| מארטא | בערנשטיין מ. |
| **סופרים:** | |
| אבישי | קומפאניאנסקי א. |
| ברזילי | שטראשון ח. |
| חנניה | קארפינקעס א. |
| פלטיאל | אונגער י. |
| מארקוס | ריבקינד |
| פאסטוך 1-טער | בערנשטיין ד. |
| פאסטוך 2-טער | גערשטיין נ. |
| בלינדער | שערעל ב. |
| בעטלערין | מולער נ. |
| שומר | טריגובאב י. |
| שליח 1-טער | קושינסקי י. |
| שליח 2-טער | שטראשון ח. |
| פרויען | דורמאשקין ה., קורגאן ס., זייף ד., מאליאצקי ח., בערקמאן י., דאראזשעצקי. |

פראלאג – לייענט גאניאנסקי מ.

די האנדלונג קומט פאר 10 טעג נאכן חורבן פון בית-המקדש אין דער שטעטל בית-ערבא אין ארץ-ישראל.

פּראָגראַם פון די אויפפירונגען פון דוד פּינסקיס „היהודי הנצחי" אין דער העברעאישער דראַמאַטישער סטודיע ביי דער „ברית עברית" אין ווילנער געטאָ, דעם 10-טן און 11-טן יוני 1943.

אויף דער בינע זענען געלאָפן די לעצטע מאָמענטן פון יידישן קאַמף פאַר זעלבסט־שטענדיקייט, דער צער פון מענטשן, וועלכער האָט ניט אָנטיילגענומען אין פאָלקס־קאַמף, זיין איינציקע שטראָף צו זוכן דערלייזונג, דער טרויער פון אומקום פון פאָלק, די געבורט פון משיח. און ווען עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן דער פאָרהאַנג ביי דער סצענע ווי דער „אייביקער ייד" לאָזט זיך אַוועק אין זיין אייביקן וועג צו זוכן דעם דערלייזער — האָט דער יונגער עולם זיך געוואָרפן גראַטולירן און קושן די אַר־טיסטן און אַלע אָנטיילנעמערס. יעקב בערגאָלסקי און ישראל דימענטמאַן האָבן באַקומען בלומען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן דערמיט...



דער „נביא" — פון דוד פינסקיס „היהודי הנצחי" אין דער אויפפירונג פון א. פעסקער אין ווילנער העברע־אישן געטאָ־טעאַטער.

מיין שוועסטער שפרה, וועלכע האָט אויסגעפירט די ראָלע פון אַ מיידל אין בירת ערבא, וואָס שפּאַצירט אויף דער סצענע מיט אַ קרוג וואַסער אויפן קאָפּ, איז געווען גליקלעך און צעשטראַלט:

— זע, מיר שפּילן העברעאיש טעאַטער אין געטאָ!

עס איז איר ניט באַשערט געווען, ווי דעם מערסטן טייל פון די אָנטיילנעמערס פון יענער פאָרשטעלונג, צו קענען שפּילן אויף דער פריי.



**טעאַטער-וואָך.** — פאַראַכטאָגן שבת און זונטיק איז איבערגעחזרט געוואָרן די יובל-פאָרשטעלונג, מאָנטיק אָוונט איז געגעבן געוואָרן אַן אומזיסטע פאָרשטעלונג „דער מענטש אונטערן בריק" פאַר די אַרבעטער פון וואַינגוווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג, דינסטיק אָוונט איז ווידער געגאַנגען ביי אַן אויספאַרקויפטן זאַל „דער מענטש אונטערן בריק" מיטוואָך, די רעווי-פּראָגראַם „מען קען גאָרניט וויסן". דאָנערשטיק אָוונט — אַ קאָמבינירטער פּראָגראַם פון עסטראַדע-אָר-קעסטער און דזשאַז-אַנסאַמבל. שבת צו נאַכט איז פאָרגעקומען אַ פּרעמיערע-קאָנצערט פון יידישן כאָר און סאָליסטן.

היינט זונטיק, דעם 24טן ד. ח. 16 אַז., ווערט געגעבן אַן אומזיסטע פאָרשטעלונג פאַרן בריגאַדירן-ראַט „גרינע פעלדער" און אין אָוונט קומט פאַר דער אָפּשלוס פון דער טעאַטער-וואָך מיט אַ קאָנצערט פון סימפאָנישן אָרקעסטער און העברע-אישן כאָר.

(„געטאָ-ידיעות", נומ. 25. י"ח שבט תש"ג ווילנער געטאָ. 24.1.1943.)

# ליטעראַרישע אַרבעטן

עס זענען געשריבן געוואָרן אַ סך ליטעראַרישע ווערק, מייסטנס טאָג־ביכער, באַשרייבונגען פון געשעענישן און פערזענלעכקייטן פון געטאָ.

איך וויל פאַרנאָטירן די נעמען, וועלכע זענען מיר באַקאַנט געווען: חיים לעווין (געוועזענער רעדאַקטאָר פון „ווילנער צייט") און א. י. גראָ־זענסקי (געוועזענער רע־דאַקטאָר פון ווילנער „אָוונט־קוריער") האָבן פון ערשטן טאָג געטאָ ביז זייער אומ־קומען געשריבן טאָג־ביכער.

ז. קאַלמאַנאָוויטש האָט געשריבן אויף יידיש און העברעאיש אַ גאַנצע רייע ווערק; צווישן זיי ליטעראַרישע פאָרשונגען, יידישע פּראָבלעמען אין ליכט פון געטאָ, אַן אַרבעט וועגן ד"ר צינבערגס יידישער ליטעראַטור־געשיכטע. אָפּהאַנדלונגען וועגן פּרץ, אחד העם און אַנדערע, ווי אויך אַ טאָג־בוך אין יידיש און העברעאיש.

הירשקע גליק האָט אָנגעשריבן דעם פּאַרטיזאַנען־הימן „זאָג ניט קיינמאָל", „שטיל די נאַכט איז אויסגעשטערנט" און אַנדערע לידער, פאַר וועלכע ער איז פּרע־מירט געוואָרן אין געטאָ.

ד"ר צמח פעלדשטיין האָט אָנגעשריבן ליטעראַרישע עסייען אויף העברעאיש און יידיש וועגן ה. לייוויק, ח. נ. ביאַליק, י. ל. פּרץ, אחד־העם, סילועטן פון געטאָ־פּערזענלעכקייטן, נאָוועלן פון געטאָ־לעבן און רעדאַקטירט די „געטאָ־ידיעות".

משה אָליצקי האָט געשריבן אויף יידיש (אַנדערע קאַפּיטלען אויף העברעאיש) אַ גענויעם טאָג־בוך פון געטאָ, וואו ער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דער קולטור־אַרבעט, און בעיקר אויפן שול־וועזן.

ישראל דימענטמאַן האָט געשריבן אַ טאָג־בוך אויף העברעאיש באַרירנדיק ספּעציעל דאָס פּאָליטישע און אונטערערדישע לעבן פון געטאָ. פאַר דער העברעאי־שער נאָוועלע „עד השער" האָט ער באַקומען די געטאָ־פּרעמיע. ער האָט געשאַפן דעם עיקר־טעקסט פון היהודי הנצחי. ער האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע אויף יידיש פון געטאָ־לעבן, פאַר וועלכער ער איז פּרעמירט געוואָרן.

אברהם סוצקעווער האָט געשריבן אַ גאַנצע רייע לידער, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג, ספּעציעל דאָס ליד: „אַ נעם טאָן דאָס אייזן". זיין ליד „קבר־קינד" איז פּרעמירט געוואָרן מיטן געטאָ־פּרייז.

לאה רודניצקי (אַ קאָוונערין) האָט געשריבן פּאָעמען וועגן אומקום פון ליטווישן יידנטום; איינע פון אירע פּאָעמען איז פּרעמירט געוואָרן דורכן געטאָ.

שמערקע קאַטשערגינסקי האָט פאַרפאַסט פאָלקס־לידער, וועלכע זענען געווען פאַרשפּרייט אין געטאָ: „שטילער, שטילער"..., „יונג איז דער, וואָס וויל זיין יונג" און אַנדערע.

לעאָ בערנשטיין האָט געשריבן אַ טאָג־בוך מיט אַ סך פּרטים וועגן די אַקציעס און אַרויספירונגען קיין פּאָנאַר, ווי אויך לידער און ליטעראַרישע עסייען.

חייקל לונסקי האָט געשריבן אַ טאָג־כראָניק פון געטאָ, פאַקטן און געשעענישן, וואָס ער האָט געהערט, זיצנדיק אין דער געטאָ־ביבליאָטעק.

הערמאַן קרוק האָט געשריבן אַ גרויסן טאָג־בוך פון געטאָ, וואָס האָט אַרומ־געפאַסט אַלע זייטן פון לעבן; עס האָבן מיטגעהאָלפן אים אַ סך באַקאַנטע, וועלכע

זענען געקומען ספעציעל דערציילן ידיעות פאַר זיין טאָג־בוך; אַ חוץ דעם, האָט ער געשריבן ליטעראַרישע עסייען.

לייב אָפּעסקין האָט געשריבן לידער, צוויי פון זיי: „וואו גייסטו, ייד פון דער מאַלינע ?" און „פּאַרוואָס", זענען געווען זייער פּאָפּולער.

לייב שעפּטעל האָט פאַרצייכנט אַ סך פּראַטאָקאָלן וועגן די אַרויספירונגען, געזאַמלט היסטאָרישע מאַטעריאַלן און געשריבן אַן אַרבעט וועגן חסידות.

דער אַרטיסט בליאַכער האָט געזאַמלט אַן אַלבאָם און דערצו אָפּהאַנדלונגען וועגן יעדן אומגעקומענעם אַרטיסט פון ווילנע.

ד"ר העלער האָט פאַרטיק געמאַכט אַ ווערק: „דאָס אַלטע און נייע ווילנע" מיט אַ גענויער סטאַטיסטיק וועגן די אַרויסגעפירטע יידן קיין פּאָנאַר. די אַרבעט איז באַשטעלט געוואָרן דורך יעקב גענסן, וועלכער האָט געדאַרפט צושטעלן די דייטשע אינסטאַנצן, בכדי זיי זאָלן וויסן, וויפיל יידן עס זענען געווען אין ווילנע פאַרן געטאָ און וויפיל עס זענען נאָך געבליבן אין געטאָ.

נפתלי וויינינג־ראָזע האָט געשריבן אַן אַרבעט וועגן לייב ניידוסן און וועגן פאָלקס-דיכטער אליקום צונזערן און אָנגעהויבן צו שרייבן אויך אַן אַרבעט וועגן משה קולבאַקן און יעקב גלאַטשטיין.

מאַרטאַקאָווסקי האָט געשריבן אין העברעאיש אַ טאָג-בוך.

סאַלע וואַקסמאַן האָט פאַרפאַסט אויף פויליש אַ דראַמע פון געטאָ־לעבן.

ה. גוטגעשטאַלט האָט געשריבן ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען.

דער אַדוואָקאַט פּראָאימטשיק האָט פאַרצייכנט אין זיין טאָג־בוך אַ סך פּרטים וועגן דער געטאָ־פּאָליציי.

ד"ר לאַזאַר עפּשטיין האָט געשריבן זייער אַ גענויעם טאָג-בוך מיט סטאַטיסטי-קעס וועגן דער סאַניטאַרער אַרבעט אין געטאָ, ווי אויך אַ פּאָעמע וועגן געטאָ-לעבן.

ד"ר יצחק רוטשניק האָט אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן אויגן-קראַנקייטן.

ד"ר זאַלקינדסאָן יוניאָר האָט פאַרטיק געמאַכט אַ גרעסער מאַטעמאַטיש ווערק.

כתריאל ברוידאָ און ל. ראָזענטאַל האָבן אָנגעשריבן אַ סך טעקסטן צו די געטאָ-רעוויעס. זייערע לידער זענען געזונגען געוואָרן דורך קינד און קייט אין געטאָ.

ד"ר ל. וואָלקאָוויסקי האָט אָנגעשריבן אויף פויליש דעם אור-טעקסט פון ליד „שטילער, שטילער" א. נ. „ציכאָ ! ציכאָ, סערצאַ פּלאַטשאָן". ש. קאַטשערגינסקי האָט עס דיכטעריש באַאַרבעט אויף יידיש.

איך האָב געשריבן אַ טאָג-בוך, קאַפּיטלען אין העברעאיש, קאַפּיטלען אין יידיש, באַשרייבנדיק בעיקר דעם קולטור-געזעלשאַפטלעכן, סאַניטאַרן און עקאָנאָמישן לעבן פון געטאָ — אַן אַרבעט א. נ. „די סאַניטאַר-היגיענישע לעבנס-באַדינגונגען אין די אַמאָליקע געטאָס", ווי אויך „יידישע מעדיצינערס אין די אַמאָליקע געטאָס".

די קראַנקען־שוועסטער טייטעל-גרענאַדיר האָט געמאַכט נאָטיצן פון דער טאָג-טעגלעכער סאַניטאַרער אַרבעט.

ד"ר געלמאַן האָט איבערזעצט פון ענגליש אויף יידיש אַ בוך פון באַקטעריאָלאָגיע.

ישעיה געזונטהייט האָט געשריבן וויסנשאַפטלעכע ווערק וועגן מלוכהשאַפטלעכן לעבן נאָך דער מלחמה.

האַלבערשטאַט האָט געשריבן עסייען און קאַפּיטלען זכרונות.

פרץ צונזער האָט געשריבן ליטעראַרישע עסייען.

גרישע שור האָט פאַרצייכנט אויף רוסיש אַ טאָג־בוך פון ה.ק.פּ.

וואו זענען איצט די אַלע ווערק?! —

צווישן די קינדער און יוגנטלעכע האָבן זיך באַוויזן אַ גאַנצע רייע טאַלענטירטע — צווישן זיי דערמאָן איך זיך דעם נאָמען באָמס, אַ צוועלף־יאָריק יינגל, און פרץ אַ דרייצן־יאָריק לאָדזשער יינגל.

אַ סך לידער זענען געשאַפן געוואָרן דורך מחברים, וועמענס נעמען זענען געבליבן אומבאַקאַנט. זייערע לידער פלעגן געזונגען ווערן אַלס פאָלקס־לידער פון געטאָ.

צו דער דאָקומענטאַציע פון געטאָ־לעבן און בעיקר פון זיין קולטור-לעבן, וועלן דינען, אַ חוץ די זאַמלונגען פון מוזיי און פון הערמאַן קרוק, אויך די צוויי הונדערט בריוו, וועלכע די סאָציאַליסטין־רעוואָלוציאָנערין אַננאַ שימאַיטע האָט באַהאַלטן אין סעמינאַר פון ליטואַניסטיק אין ווילנע. די בריוו זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1941־1943, פון געטאָ צו א. שימאַיטע, וועלכע האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ. די אויטאָרן פון די בריוו זענען: דימענטמאַן ישראל, מרים בערנ־שטיין, ד"ר יעקב מאָושאָוויטש, וואַקסמאַן סאַלאַ, אַבראַמאָוויטש אַננאַ, אַבראַמאָוויטש דינה, צונזער פרץ, טרומפּיאַנסקי סאָניאַ, בערמאַן אלאַ, בערמאַן גאלא, ליובאַ לע־וויצקי, באָגראָנסקי (פון געטאָ-אַרבעטס־אַמט) און טיקטין בילאַ (באַקאַנטע ווילנער לערערין).

ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ „פאַרלאַג פון ווילנער געטאָ". יעקב גענס האָט באַפולמעכטיקט אויסצוצאָלן שרייבערס האָנאָראַר פאַר יעדן ביוגן געשריבענע ווערק. מען האָט געהאָפט, אַז נאָך דער באַפרייאונג וועלן די אַלע ווערק דערשיינען א. נ. „פאַרלאַג פון ווילנער געטאָ".

עס זענען אויך געזאַמלט געוואָרן דורכן ליטעראַטן-פאַריין ליטעראַרישע ווערק אויף אַן „אַלמאַנאַך פון ווילנער געטאָ", וואָס האָט געזאָלט זיין געווידמעט פאַר־שיידענע געטאָ-פּראָבלעמען, ווי אויך דער געשיכטע פון די געטאָ-אינסטיטוציעס.

## געטאָ-ידיעות

דער אָפיציעלער אָרגאַן פון געטאָ האָט געהייסן „געטאָ־ידיעות". ער איז געווען געדרוקט אויף אַ יידישער שרייבמאַשין אין עטלעכע צענדלינג עקזעמפּליאַרן, וועלכע פלעגן צעטיילט ווערן אין פאַרשידענע געטאָ־אַנשטאַלטן און אויפגעהאַנגען ווערן אין ערטער, וואו עס זאַמלען זיך אַ סך מענטשן: געטאָ־הויף, אַמבולאַטאָריע וכדומה. די „געטאָ-ידיעות" פלעגן געוויינלעך דערשיינען אין 6-8-10 זייטלעך, צייטנווייז אויך ביז 16 זייטלעך, געדרוקט נאָר פון איין קאַנט, 11 און אַ האַלב אויף 8 מיט אַ פערטל צאָל די גרויס.

דער רעדאַקטאָר איז געווען ד"ר צמח פעלדשטיין. ער האָט געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע. די צייטונג האָט געמוזט דורכגיין די צענזור פון דער געטאָ־פּאָליציי. מען האָט געמוזט זיין פאַרזיכטיק מיט יעדן וואָרט, מיט יעדער ידיעה. דאָך פלעגט ער זיך קליגן שרייבן לייט־אַרטיקלען, אין וועלכע ער זאָל קענען איבערגעבן אין אַ רמזים-שפּראַך די שטימונגען און האָפענונגען פון געטאָ.

די באַפעלקערונג האָט עס געהאַלטן פאַר אַ „קאַזיאָנע" אויסגאַבע, זי האָט זי

אָבער געלייענט, ווייל דאָרט איז געווען צו געפינען די פאַרשידנסטע נייס פון געטאָ־לעבן, איינגעטיילט אין רובריקן: יידן־ראַט, פּאָליציי, וואוינונגס־אָפּטיילונג, באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג, שפּיטאָל, געזונטהייטס־וועזן, שול־וועזן, טעאַטער, ספּאָרט, אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, סאָציאַלע פאַרזאָרגונג, הילפס־קאָמיטעט און אַזוי ווייטער.

הערמאַן קרוק האָט געהאָלפן ביים צונויפשטעלן און רעדאַגירן די „געטאָ־ידיעות".

## די געטאָ־פּאָסט

צו דער קולטור־אָפּטיילונג איז געווען אויך אָנגעשלאָסן די געטאָ־פּאָסט־ביוראָ. לכתחילה האָט מען געשיקט בריוולעך פון געטאָ נומער איינס צו געטאָ נומער צוויי. דאָס האָט געדויערט גאַנץ קורץ: געטאָ נומער צוויי איז ליקווידירט געוואָרן.

אַ מעלדונג פון יעקב גענסן האָט פּלוצעם מודיע געווען: מען קען שיקן בריוו אין אַנדערע געטאָס, מען קען קויפן פּאָסטקאַרטלעך. און ווירקלעך, אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן גענומען אַריינפליסן בריוו אין ווילנער געטאָ. צי זענען וואו עס איז אָנגעקומען די בריוו, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנער געטאָ — איז מיר אומבאַקאַנט. דער דירעקטאָר פון דער געטאָ־פּאָסט־ביוראָ איז געווען ד"ר צמח פעלדשטיין. דאָרט, אין געטאָ־פּאָסט־ביוראָ האָב איך זיך מיט אים באַקענט. ער האָט מיר געוויזן בריוו פון פאַרשידענע געטאָס, וואו עס איז דערציילט געוואָרן, אַז פון זייערע מקומות האָט מען אַרויסגעשיקט טראַנספּאָרטן יידישע אַרבעטער אין ווילנער קאַנט. עס זענען געווען אָנגעגעבן די פאַמיליע־נעמען, ווי אויך דאַטעס און עס איז אָנגעפרעגט געוואָרן צי האָט מען ניט געזען די טראַנספּאָרטן.

פון די בריוו האָט מען זיך דערוואוסט וועגן מאַסן־אַרויספירונגען, וועלכע קומען פאָר אין גאַנץ פוילן — און עס איז אַנטשטאַנען אַ חשד, אַז מען פירט קיין פּאָנאַר צו פאַרניכטונג יידן פון פאַרשידענע טיילן פון דייטשן רייך.

שפּעטער האָבן אויפגעהערט אָנצוקומען בריוו אין געטאָ: יעקב גענס האָט דאַן געבראַכט עטלעכע צענדלינג בלאַנקען פון „רויטן קרייץ" און מען האָט דורך זיי אַרויסגעשיקט קורצע בריוו צו פינף און צוואַנציק ווערטער קיין ארץ־ישראל און אַמעריקע.

אין זעלטענע פאַלן, ווען עס פלעגן אַריינפאַלן צו הומאַניטאַרע ווערטערס בריוו, אָנגעקומענע אויף שטוביקע, געוועזענע אַדרעסן, פלעגן זיי עס אויסבאַהאַלטן און אַריינשיקן אין געטאָ.

דורך איינעם פון אַזעלכע זעלטענע בריוו, וואָס איז אָנגעקומען צו פּרוי רייזין, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אַ גאַנצע רייע אַרויסגעפירטע יידן דורך די סאָוויעטן, געפינען זיך אין טעהעראַן, אָדער זענען אין ארץ־ישראל. עס האָט אויך פאַרבלאָנדזשעט אין געטאָ דורך אַ „שטוביקן אַדרעס" אַ קאַרטל אויף דייטש פון א"י־אַמט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו ס'איז געמאָלדן געוואָרן דער פרוי חסיה אָבסטפעלד־האַלבערשטאַט, אַז איר מאַן אָבסטפעלד האָט איר אַרויסגעשיקט אַ פאָטאָקאָפּיע פון אַ צערטיפיקאַט און אַז זי זאָל זיך פאַרשרייבן אין „רויטן קרייץ" צום אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל. דער בריוו האָט געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט. צערטיפיקאַטן! ארץ־ישראל! פּאַלעסטינע־אַמט! אַ בריוו פון יענער וועלט! — קיינער האָט זיך ניט געגלויבט. שפּעטער איז אָנגעקומען אַ קאַרטל פון זעלבן אָבסטפעלד ווי אויך די

פאָטאָקאָפּיע. יעקב געגס האָט געראָטן די פּרוּוו מאַכן אַ שוויַג, ס׳זאָל ניט דערגייַן צו דער געסטאַפּאָ, וועלכע קען זי חושד זייַן אין שפּיאָנאַזש.

אין דער לעצטער תקופה האָט די געטאָ־פּאָסט־ביוראָ זיך מתעסק געווען מיט אַריבערשיקן בריוולעך פון געטאָ צו די אַרומיקע אַרבעטסלאַגערן; איר לעצטע פונקציע איז געווען איבערצושיקן צו די קרובים אין געטאָ די ערשטע גרוס־בריוולעך פון די דעפּאָרטירטע קיין עסטלאַנד.

ווילנער געטא-טעאטער

ק א נ צ ע ר ט

[illegible] ען העברעאישן כ א ר

שבת דעם 13 פעברואר 1943 — זונטאג דעם 14 פעברואר 1943

[illegible] 20.30

באגלייט [illegible]
אונטער דער אנפירונג פון וואלף דורמאשקין

מיטן אנטייל:

[illegible]

ק א נ צ ע ר ט

א.

1. [illegible]

[illegible]

2. [illegible]

[illegible]

3. [illegible]

[illegible]

ב.

ה ע ב ר ע א י ש ע ר כ א ר [illegible]
[illegible] וואלף דורמאשקין

[illegible]

1. [illegible]
2. [illegible]
3. [illegible]
4. [illegible]
5. [illegible]
6. [illegible]
7. [illegible]

[illegible] — וואלף דורמאשקין

— : —

פּראָגראַם פונם קאָנצערט פון העברעאישן געטאָ-כאָר
דעם 13-טן און 14-טן פעברואַר 1943 („ייוואָ״-אַרכיוון).

# 7. געשטאַלטן פון אומגעקומענע קולטור־טוער

## זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש

### דער נביא פון ווילנער געטאָ

שטיל איז אַרומגעגאַנגען אויף די ענגע געסלעך פון געטאָ־ווילנע דער צניעות־דיקער, ערנסטער און אין זיך איינגעשלאָסענער יידישער שריפטשטעלער זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש; עס האָט פון אים געזודיקט אַ לאַווע פון גליענדיקן גלויבן, פון עקשנות און מוט, פון גייסטיקן ווידערשטאַנד.



זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש

1881—1944

אין די טעג פון דער יידישער קאַטאַסטראָפע האָט ער געמאַכט זיין גרויסן פערזענלעכן און פאָלקס־חשבון. גרענעצלאָזע ליבע צום פאָלק, וואָס איז געזונקען אין תהום פון געטאָ־לעבן, אַן ענטוזיאַסטישע באַוואונדערונג פאַר אַלע הייליקע נצוצות, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אין געטאָ־מענטש, — און אַ שאַרפע, שניידיקע אומרחמנותדיקע לערע פון די געשעענישן, האָבן אים געגעבן אימפּולסן צו פלאַמיקע רעדעס פון ליבע און תוכחה, און האָבן אים פאַרוואַנדלט אין נביא פון ווילנער געטאָ — אַזוי איז געווען זיין נאָמען אין געטאָ פון ירושלים דליטא. — —



געבוירן אין קורלאַנד, אין שטעטעלע גאָלדינגען, דעם 30־סטן אָקטאָבער 1881; זיין פאָטער איז געווען אַ קאָראַבעלניק, זיין מוטער — אַן אַרבעטערין אין אַ נאָדל־פאַבריק; ביזן פופצנטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער געלערנט אין אַ חדר און אין אַ ישיבה. אין יאָר 1901 האָט ער באַקומען מאַטוראַ־דיפּלאָם אַלס עקסטערן; געענ-דיקט דעם פאַקולטעט פאַר סעמיטישע שפּראַכן אין פּעטערבורג.

אין יאָר 1906 האָט ער אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט, איבערזעצנדיק אויף יידיש בראָשורן פאַר דער פּאַרטיי פון די „סיימיסטן" (יידישע סאָציאַליסטישע

פאַרטיי, וואָס האָט געקעמפט פאַר יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין די גלות־לענדער), פון דאַן אָן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער יידישער ליטעראַטור און פרעסע אין פעטערבורג, קאָוונע, מינסק, בערלין און ריגע. פון 1926 — איז ער געווען אַ לערער פון העברעאישער ליטעראַטור און תנ״ך אין דער העברעאישער גימנאַזיע פון פאָנעוועזש (ליטע); אין 1929 — איז ער אַריבער קיין ווילנע, וואו ער איז געווען איינער פון די הויפט-פירערס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט ייוואָ.

זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש איז געווען אַ ייד אַן עניו, אַ נחבא אל הכלים. זיינע חברים פלעגן אים אָנרופן מיטן נאָמען „קלמנקע״. ער האָט פיינט געהאַט יעדן פרסום, איז זיין נאָמען ניט געווען באַקאַנט אין די ברייטערע קרייזן. דאָך איז ער געווען איינער פון די געשולטסטע יידישע פילאָלאָגן, געשיכטע־פאָרשערס און קענערס פון דער דורותדיקער יידישער ליטעראַטור. ער האָט איבערזעצט אויף יידיש „מל־חמות היהודים״ פון יוסיפוס פלאַוויוס, געשיכטע פון יידישן פאָלק אין צייט פון בית שני (פון ע. שירער), „די וועלט־געשיכטע פון א. ג. וועלס״; ער האָט זיך זייער פאַרדינט מיט זיין איבערזעצונג פון שמעון דובנאָווס יידישע וועלט-געשיכטע. אין די יאָרן 1933־1934 האָט ער רעדאַקטירט אין פאַריז די צוויי טיילן פון דער יידישער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע, דערשינענע אין פאַרלאַג „דובנאָוו־פאָנד״, וועלכע זענען געווען געווידמעט דעם פּראָבלעם יידן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין יאָר 1939, איז ער געבליבן אין ווילנע, און אַז עס זענען געקומען די סאָוויעטן, איז זיין אַרבעט איבערגעריסן געוואָרן אין ייוואָ. אויף זיין אָרט איז געקומען משה לערער. ער איז אַריבער אַרבעטן אַלס קאָרעקטאָר אין ב. א. קלעצקינס פאַרלאַג.



זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש איז געווען אַ בן־ששים, ווען מען האָט אונז גע־טריבן אין געטאָ. ער האָט אין זיך דערשפּירט די שליחות פון הויבן דעם מוט פון געטאָ־מענטש און בויען דעם גייסטיקן ווידערשטאַנד פון ירושלים דליטא אין די טעג פון אומקום, און ער איז געוואָרן איינער פון די צענטראַלע פיגורן פון יידישן קולטור־לעבן אין געטאָ. ער האָט אויפגעשטעלט דעם יידישן ליטעראַטן־פאַראיין, אָנגעפירט מיט דעם קולטור־הויז אויף סטראַשון־גאַס 6, געהאַלטן רעפע־ראַטן אויף די ליטעראַרישע אָוונטן פון ליטעראַטן־פאַראיין, לערער־פאַרבאַנד, אַר־בעטער־אוידיטאָריע, ברית-עברית, חברה מדעית. אין געטאָ האָט ער אָנגעשריבן אויף יידיש: „י. ל. פּרצס בליק אויף דער יידישער שפּראַך, הויפּט־פּראָבלעמען פון דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור״, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן ד״ר צינבערגס יידישער ליטעראַטור-געשיכטע און אויף העברעאיש — אַ גרעסער ווערק אונטערן נאָמען „אחד-העמס אָנשויאונגען אויף דער העברעאישער ליטעראַטור״, ווי אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן.

ז. ה. קאַלמאַנאָוויטש פלעגט טענהן צו חברים און באַקאַנטע:

„יידן, פאַלט ניט אַריין אין עצבות!״

און איין מאָל האָבן יידישע אַרבעטער אַרויסגעגנבעט פון ייוואָ, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ, און אים געבראַכט אַן אַלט־חסידיש ספרל, דוכט זיך: ספר חסידים. איז ער געקומען אויף אַ זיצונג און פאַרגעלייענט פון ספרל:

פּראָבלעמען פון דער יידישער
ליטעראַטור־געשיכטע

II

[illegible]

אַ פּאָר שורות פון ז. ה. קאַלמאַנאָוויטשעס אָפּהאַנדלונג וועגן דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, געשריבן אין געטאָ־ווילנע („ייוואָ"־אַרכיוון)

„אַ מענטש טאָר ניט אַריינפאַלן אין עצבות, ווייל עצבות איז ביטול היש, אויך ווען עס גייט דעם מענטשן שלעכט, טאָר ער אויך ניט אַריינפאַלן אין עצבות, ווייל עצבות איז כפירה בעיקר" — איר פאַרשטייט: עצבות איז ביטול היש... און דאָס וויל דאָך דער דייטש... ניט נאָר אונז טויטן, נאָר אויך מבטל זיין אונזער יש פאַרן טויט... איז אים אויף צו להכעיס, ווי טרויעריק עס זאָל ניט זיין, — געדענקען: ניט אַריינפאַלן אין עצבות!...

אַזוי האָט ער גערעדט מיט אָפּגעריסענע זאַצן, האַלב צו זיך און האַלב צו די אַרומיקע, ווי אַ רבי, שבת צו נאַכט ביים חסידישן טיש.

▼

אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז געווען צווישן די ערשטע צען חברים פון צ"ס־קרייז „חרות" אין בערלין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך נחמן סירקין. דאָס רוב זיינע יאָרן איז ער געווען אַ פאָלקיסט; דעם פאָלקיזם האָט ער באַטראַכט אַלס אַ צוגאַנג צום יידנטום, וואָס נעמט אין זיך אַריין די שלמות פון יידישן שאַפן אין אַלע דורות; ער האָט געבויט וועלטלעכע יידישע שולן און איז אַליין געווען דורכ־

געדרונגען מיט טיפע סענטימענטן צו דער יידישער טראַדיציע. ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל. בערל קאַצענעלסאָן האָט אים פאַר־געלייגט איבערצונעמען דעם אַרבעטער־אַרכיוו אין ארץ־ישראל. ער האָט געוואָלט זיך באַראַטן מיט זיין פרוי און זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע. דאָ איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אין געטאָ איז ער געקומען צו ראַדיקאַלע ציוניסטישע געדאַנקען, וועלכע ער האָט פּראָפּאַגירט אין זיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. ער פלעגט עפנטלעך אַרויסזאָגן די געזעלשאַפטלעכע חרטה פאַרן פאַרשווענדן זיינע כוחות אויף צו בויען יידישע קולטור דאָרטן, וואו עס האָט איר דערוואַרט אומקום. ער האָט צו זיך אַליין געהאַט גייסטיקע טענות פאַרן ניט־קענען פאָראויסזען דאָס, וואָס וועט קומען, און פאַרן ניט־מיטגיין מיט די, וואָס האָבן דעם יידישן פראָגנאָז מיט יאָרן צוריק פאָראויסגעזאָגט. —



איך דערמאָן מיך אַ ליטעראַרישע דיסקוסיע אין געטאָ. איינער פון די רעדנערס האָט זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטשן אָנגערופן: „דער שומר פון ייוואָ אין ווילנע״.

זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש האָט זיך אויפגעריסן פון זיין אָרט און אויסגע־שריען:

— ניין! ניט קיין שומר בין איך, נאָר אַ קברן.

זיינע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַ צערודערונג ביים עולם, צווישן וועלכן עס האָבן זיך געפונען שריפטשטעלערס, מיט וועלכע ער האָט מיטגעאַרבעט לאַנגע יאָרן אין ייוואָ און וועלכע האָבן געוואוסט, אַז ער פאַרנעמט זיך אין געטאָ מיט ראַטעווען די ביכער פון ייוואָ...

זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש האָט אַן אויפגערעגטער געטענהט:

— יאָ, אַ קברן, אַ קברן... געהאָלפן בויען אַ קולטור־בנין, וואָס גייט איצט צו קבורה... איך האָב געוואָלט זיין אַ שרייבער, אַ היסטאָריע־זאַמלער אויף אַ בית־עולם — און מיין זון איז אַוועק צו זיין אַן אַרבעטער, אַ פּאַסטוך אין ארץ־ישראל. מיך וועט מען פירן צו אַ שענדלעכן טויט — מיין זון וועט לעבן ווי אַ מענטש, און וועט שטאַרבן ווי אַ מענטש...

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט דאַן אין צימער. אַלע האָבן דאַן פאַר־שטאַנען, אַז אין אים קומט פאָר אַ טיפער נשמה־איבערברוך: אויב ער רעדט אַזוי וועגן זיין אַרבעט און זיין לעבנס־ווערק — ייוואָ. —



איך דערמאָן מיך ווידער, אַ ליטעראַרישע באַגעגעניש אין געטאָ מיט אַ דיס־קוסיע אויף דער טעמע:

„ווער איז אַ ייד?״

דאָס איז געווען אויף רודניצקער־גאַס 6, אין זאַל פון געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס. עס איז געווען זער אַ הייסע דיסקוסיע. עס האָבן אין איר אָנטייל גענומען זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש, ד״ר צ. פעלדשטיין, ישראל דימענטמאַן, גוטגעשטאַלט און אַנדערע. גוטגעשטאַלט האָט, צווישן אַנדערע, געזאָגט:

— ווען איך הער, אַז מען באָמבאַרדירט וואַרשע, כאַפּט מיך אַ ספּאַזמאַטיש געוויין.

רייסט אים איבער זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש:

— און אַז מען באָמבאַרדירט ירושלים?

און איידער גוטגעשטאַלט באַוויזט צו ענטפערן, כאַפּט זיך אַרויס אַ חבר פון גוטגעשטאַלט און רופט אויס:

— אַרט דאָס מיך ווי די קאַץ!

זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש כאַפּט זיך אויף פון אָרט, טוט אַ לויף צום אויסרופער און גיט אַ געשריי:

— וואָס האָט איר געזאָגט?! וואָס האָט איר געזאָגט? איך קען מיט אייך ניט זיצן אין איין סביבה!

קוים קוים האָט מען אים באַרואיקט, אַז יענער האָט עס ניט געמיינט אויף אַן אמת, נאָר עס האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט אַן אומגעלומפּערט וואָרט.



— — — ווען מען האָט זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטשן געפירט מיט טויזנטער יידן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד, האָט ער פון לאַגער אַרויס־שיקט אַ בריוול:

— איך בין גליקלעך, וואָס איך געפין זיך צוזאַמען מיט אברהם אבינוס אייניקלעך...



אין די לאַגערן האָט ער באהבה מקבל געווען דאָס לעבן פון פּיין און יסורים. ער איז געווען שוואַך און האָט ניט געקענט גיין צו פיזישער אַרבעט, האָט מען אים געמאַכט פאַר אַן אויפזעער פון די לאַגער־קלאָזעטן. שטיל פלעגט ער אויספירן די אַרבעט און צו די ידידים זאָגן:

— איך קוש די דרעק פון די הייליקע יידן!



— — — אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש זיך באַגעגנט מיט משה לערערן, וועלכער האָט אים אַרויסגעשטופּט אין יאָר 1940 פון ייוואָ. זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש האָט עס אים אויך אין געטאָ ניט געקאָנט פאַרגעסן און אָנגעהאַלטן אויף אים אַ ברוגז. דאָרט אָבער אין לאַגער איז משה לערער קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע, און זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש האָט זיך מיט אים מטפל געווען ווי מיט אַ ברודער, געוואַשן זיין שמוץ און געטיילט זיך מיט אים זיין קליינע פּאַרציע שפּייז. און ווען ער איז געשטאָרבן, האָט זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש געבראַכט אים צו קבורה און געזאָגט נאָך אים קדיש.

דאָרט אין לאַגער, איז ז. ה. קאַלמאַנאָוויטש געוואָרן אַלץ שוואַכער, זיין גוף געשוואָלן, קוים זיך געשלעפּט מיט די פיס און — אומגעקומען.



אין די לאַגערן האָט מען דערציילט, אַז ווען מען האָט געפירט זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש צום טויט, האָט ער אויסגעשריען:

— איך לאַך פון אייך, איך האָב פאַר אייך קיין מורא ניט! איך האָב אַ זון אין ארץ־ישראל ! (זיין זון געפינט זיך אין מרחביה).

# ד״ר צמח פעלדשטיין

איינער פון די פּאָפּולערסטע רעדנערס און קולטור־טוערס אין געטאָ איז געווען ד״ר צמח פעלדשטיין, אַן אָפּשטאַמיקער פון ליטע, געבוירן אין נײַשטאָט. שטודירט אין בערלין און בערן, געווען לערער אין דער יידישער גימנאַזיע פון קרינסקי אין וואַרשע, געגרינדעט אַ יידישע גימנאַזיע אין מינסק, נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, צוריקגעקערט זיך קיין ליטע, וואו ער איז געווען דירעקטאָר פון דער העַ-



ד״ר צמח פעלדשטיין

בראַאישער רעאַל-גימנאַזיע אין קאָוונע. באַטייליקט זיך אין דער „תרבות״-דעלעגאַציע קיין אַמעריקע, צוזאַמען מיט שאול טשערניכאָווסקי, באַזוכט ארץ-ישראל אין יאָר 1935 און פאַרעפנטלעכט אַ סעריע רייזע-באַשרייבונגען אין קאָוונער „יידישער שטימע״; אַ חוץ דעם פאַרעפנטלעכט צאָלרייכע אַרטיקלען וועגן דער יידישער און וועלט-לעכער ליטעראַטור; באַקאַנטער לעקטאָר.

אין געטאָ האָט ער געאַרבעט לכתחילה אין דער געטאָ־פּאָסט. שפּעטער האָט ער זיך מיט ברען אַריינגעוואָרפן אין דער קולטור־אַרבעט. אַרויסגעטרעטן מיט אומצאָליקע רעפעראַטן אין ליטעראַטן־פאַראיין, לערער־פאַרבאַנד, אַרבעטער־אוידיטאָריע און יוגנט־קלוב. זייער אַ סך געלייסטעט פאַר דעם „ברית עברית״ און „חברה מדעית עברית״. איבערגעזעצט אויף העברעאיש „אַאידאַ״ פאַר העברעאישן כאָר. געשריבן זכרונות פון געטאָ, סילועטן פון געטאָ־פערזענלעכקייטן, ווערק וועגן אחד העם, ח. נ. ביאַליק און מאָדאָר הערצל.

ער איז געווען רעדאַקטאָר פון „געטאָ־ידיעות״ און זייער געליטן דערפון, וואָס ער האָט געמוזט פאַרעפנטלעכן נאָר פאַרעווע „אָפיציעלע ידיעות״, קאָנטראָלירטע דורך געגנסן. דאָך האָט ער זיך באַמיט אַריינצוברענגען דאָרט וואָס מער נייס און אפילו ליטעראַטור און קונסט־אָפּהאַנדלונגען, ווי אויך אַרטיקלען, וואָס לאָזן זיך לייענען.

ער איז געווען איינער פון די באַגייסטערטע פרעלעגענטן פון ה. לייוויק און פלעגט ליב האָבן אים צו ציטירן.

אויך אין די לאַגערן האָט ד״ר צמח פעלדשטיין ניט אויפגעהערט צו שרייבן. (און אַז ס׳איז ניט געווען קיין פּאַפּיר און קיין בלייער, פלעגט ער אויפן קאָפּ פראַ־

יעקטירן ליטעראַרישע אַרבעטן און אויף דער הילצערנער נאַרע קאָמפּאָנירן העב־ברעאישע און יידישע לידער).

ווען ער איז שוין געוואָרן שוואַך איז לאַגער דאַאוטממערגען, האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט:

— הער זיך צו און פאַרשטיי וואָס איך מיין:

זעסט עס לעשן זיך
די ליכט שוין אויס, נאָר איין און איינציק ליכט
דאָס לעצטע פינקלט נאָך, און באַלד וועט אויך
דאָס לעצטע זיך פאַרלעשן — — —

איך האָב זיך געמאַכט ניט פאַרשטייענדיק און געפרעגט:

— איז וואָס זשע פאַר אַ שייכות האָט עס צו אונזער קאָנצענטראַציע־לאַגער? —

אַ געוויסן שווערן פראַסטיקן טאָג ביים לאַגער־אַפּעל האָט ער מיר געזאָגט:

— דו ווייסט, כ'האָב זיך היינט דערמאָנט אַ פערז פון לייוויקס „גאולה קאָמעדיע":

אויפן הייסן מדבר זאַמד איז אויסגעקריצט געווען מיין גורל
מיין גורל איז — געבאָט פון דורות
אָבער רחמים קומט מיר ניט.

— ווייסט, כ'האָב אַ נייעם געדאַנק וועגן דער „גאולה קאָמעדיע", נאָך דער באַפרייאונג שרייב איך אַ גאַנצע אַרבעט וועגן איר.

ס'איז געווען שוין אין יאָר 1945. אויף מאָרגן איז פאַרגעקומען דער קאַשמאַר־טאָג פון פירן נאַקעט אין לאַגער־באָד, וואָס עס האָבן ניט אויסגעהאַלטן די אַלטע און שוואַכע, און צווישן זיי איז אויך געווען ד"ר צמח פעלדשטיין.

## מירע בערנשטיין



מירע בערנשטיין

איינע פון די באַקאַנטסטע ווילנער יידישע פעדאַגאָגינס און שול־טוערינס. שטאַמט פון א. ליבערמאַן, רעדאַקטאָר פון „אמת", אַקטיוו אין די קאָמוניסטישע קרייזן.

באַשיידן, פאָלקסטימלעך, האַרציק, מיט אַ ברויזנדיקער ענערגיע און מיט אַ ים ליבשאַפט צו די קינדער, זייער אַ סך געלייסטעט אינעם אויפשטעלן דעם געטאָ־שול־וועזן און אינעם שאַפן האַרציקע פאַרבינדענישן צווישן דער לערערשאַפט און די קינדער אין געטאָ. זי איז געווען ביי די קינדער זייער געאַכטעט, באַליבט און ממש אידעאַליזירט.

זי איז אויך געווען טעטיק אויפן סאָציאַלן געביט אַלס פּרעזידיום־מיטגלידער אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט פון געטאָ. זי איז געווען די נשמה חיה פון די שול־אויפטריטן אין געטאָ; רעזשיסירט „אַלע מענטשן זענען ברידער", „זיי אַ צוכצ:", און אַנדערע. זי האָט אַריינגעבראַכט ענטוזיאַזם אין דער אַרבעט פון יוגנט־קלוב או־ן קינדער־קלוב.

אַ ריינע געשטאַלט פון אַ ווילנער יידישער אידעאַליסטישער לערערין.

## לייב אַפּעסקין

געבוירן אין יאָר 1908. אַביטורענט פון ווילנער יידישן לערער סעמינאַר.

ער איז געווען אַ שטילער האַרציקער פאָלקס־מענטש; אַ יידישער פאָלקס־לערער מיט אַ טיפן דיכטערישן טאַלאַנט, מיט אַ שטאַרקן חוש פאַר רעאַלער אַרבעט, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין זיין טעטיקייט אַלס וויצע־פאָרזיצער אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט. ער האָט פאַרפאַסט אַ רייע לידער, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אין געטאָ אַ שטאַרקן איינדרוק: „פאַרמאַטערט", „אויפן טויט פון לערער גערשטיין", „ווי קען מען פאַרגעסן". זיין ליד „דער ייד פון דער מאַלינע" איז אויסגעפירט געוואָרן כאָראַל דורך די קינדער. ער איז געווען אַן אַקטיווער חבר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, געפילט אַ טיפן סענטימענט צו די העברעאישע קולטור אוצרות און צו דער יידישער טראַדיציע. חבר פון פ.פ.א. געפאַלן אין בלאָק פון ה.ק.פ. יולי 1944.

ווען ווילנע איז באַפרייט געוואָרן, און די יידישע פאַרטיזאַנער זענען אַריין אין ה.ק.פ. בלאָק, האָבן זיי געפונען נעבן זיין טויטן קערפּער אַ פאַרבלוטיקט העפט מיט דעם דיכטערס לידער.

## משה אָליצקי

ער איז געווען פון די עלטסטע ווילנער לערערס און קולטור־טוערס אין געטאָ. אַ בן־ששים. כ׳געדענק אים נאָך פון יאָר 1916. אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע. ער איז געווען דאַן פון מיינע ערשטע לערערס פון העברעאיש און יידישער געשיכטע.

ער איז געווען צוזאַמען מיט שבתי עפּשטיין, חיים אריה חזן, מ. ב. שניידער און א. י. טריוואוש, איינער פון די מיטגרינדער פון דער ערשטער העברעאישער גימ־נאַזיע אין די תפוצות. דאַן גרינדער און לאַנגיאָריקער לייטער פון דער ווילנער תרבות פאָלקס־שול א. ב. פון ד"ר ש. עפּשטיין. צוואַנציק יאָר גענעראַל־סעקרעטאַר פון ווילנער העברעאישן לערער־פאַראיין. ווען אין ווילנע פלעגן פאָרקומען געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע לערערס פון אַלע שול־טיפּן, ווי דערקלערונגען אין קהלה, שטרייקן וכדומה — פלעגט משה אָליצקי תמיד זיי קאָנצענטרירן. ער איז געווען אַ טרייער פריינד פון אַרבעטנדיקן ארץ ישראל און פיגורירט תמיד צו די וואַלן אין דער קהלה און אין שטאָט־ראַט אויף די ליסטעס פון פועלי־ציון־התאחדות. אַ מענטש באַלאַדן מיט וויסן אויפן געביט פון העברעאישער און יידישער ליטע־ראַטור, פון יידישער און אַלוועלטלעכער געשיכטע, אַ ייד וואָס האָט שטענדיק גע־שפּרודלט מיט שאַרפזין און סאַטירע.

אין געטאָ — איניציאַטאָר פון שול־וועזן צוזאַמען מיט מירע בערנשטיין, רחל ברוידא און מרים גוטגעשטאַלט. ערשטער אָרגאַניזאַטאָר און לייטער פון שול־וועזן,

לעקטאָר אין ליטעראַטן-פאַראיין, לערער-פאַרבאַנד, ברית עברית, חברה מדעית עברית, פון ערשטן טאָג אין געטאָ געשריבן אַ טאָג-בוך (יידיש און קאַפּיטלען אין העברעאיש), פול מיט סוביעקטיווע באַמערקונגען און שאַרפע אָפּשאַצונגען פון געטאָ-געשעענישן און געטאָ-פּערזענלעכקייטן. בעיקר איז דאָס טאָג־בוך געווען געווידמעט דאָס קולטור־לעבן פון געטאָ. אויך אין געטאָ האָט ער ניט פאַרלוירן זיין חוש פאַר הומאָר און שאַרפזין, און, ווי ווילנדיק מאַכן פאַרגעסן זיך איז דערווירקלעכקייט, געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף יידיש און העברעאיש וועגן הומאָר ביי יידן אונטער אַלע אומשטאַנדן. — —

אַ מענטש פון הויכער עטישקייט, האָט ער אַ סך געפאָדערט פון זיך און פון אַנדערע. ער איז געווען אומדערמידלעך אין זיין אַרבעט, וועלכע ער האָט אויסגע-פירט ווי אַ פאָלקס-שליחות, מיט עקשנות און זעלבסט-פאַרגעסנקייט.

אין געטאָ איז געשטאָרבן זיין פרוי, אסתר, איינע פון די ערשטע פאָלקס־לערע־רינס אין ווילנע. ס׳איז געווען אַ גרויסע לוויה. ביים טויער פון געטאָ; דער ארון גייט אַליין ווייטער אין שטאָט; מיר אַלע מוזן גיין צוריק. משה אָליצקי קוקט זיך אום אַרום און אַרום, ווי ער וואָלט וועלן איינקריצן דאָס בילד פון די באַגלייטערס. אויף מיין שטומען פראַגן־בליק רופט ער זיך אָן אומעטיק־וויציק:

— איך קוק אויף דער לוויה און איך זע, וואָס פאַר אַ לוויה כ׳וואָלט געהאַט, ווען כ׳וואָלט געשטאָרבן אין געטאָ. אָבער איך וועל דערצו ניט זוכה זיין — — —

און דאַן האָט ער מיך גענומען אונטערן האַנט און געזאָגט שטיל:

— גיב אַן עצה, ווי באַהאַלט מען אויס דאָס טאָג־בוך — —

ס׳איז מיר באַקאַנט, אַז אַ טייל פון זיין טאָג-בוך איז אים געלונגען אַרויסצופירן פון געטאָ. (וואו איז עס ?)

און איינמאָל בשעת אַ לימוד־הפסקה, ווען די קינדער האָבן אויפן הויף געמאַכט אַ קאַראַהאָד, האָט ער מיך געפרעגט:

— דו זעסט די קינדער ווי זיי טאַנצן? עס פרייט דיין אויג? דו האָסט ליב די קינדער? ווייסט: זיי אַלע וועלן אומקומען — — —

משה אָליצקי איז אומגעקומען ביי דער ליקווידאַציע פון בלאָק „קיילים״ 1944. מען דערציילט, ער האָט ניט געלאָזט זיך פירן, איז ער דערשאָסן געוואָרן אויף די טרעפּ. — — —

## הערמאַן קרוק

אַ רירעוודיקע קולטור־טעטיקייט, בעיקר אויפן געביט פון זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן האָט אַנטוויקלט אין געטאָ-ווילנע הערמאַן קרוק.

געבוירן אין 1897 אין פּלאָצק, פּוילן. אין יאָר 1916 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער ס. ד. ק. פּ. ל. (קאָמוניסטישע פּאַרטיי). אין יאָר 1921 פאַרבינדט ער זיך מיט „צוקונפט״ און דאַן מיטן „בונד״. ער אַרבעט אין צענטראַל-ראַט פון די פּראָ-פעסיאָנעלע פאַריינען. און נעמט דאַן איבער די לייטונג פון דער „גראָסער־ביבליאָ-טעק״. גלייכצייטיק געווען טעטיק אַלס שרייבער און זשורנאַליסט.

אין ווילנער געטאָ איז ער אַריין אין דער געטאָ-פּאָליציי אין די ערשטע טעג פון איר גרינדונג און אין אַ פּאָר טעג אַרום איר פאַרלאָזן. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון ליטעראַטן-פאַריין, לייטער פון דער געטאָ-ביבליאָטעק

און פון געטאָ־אַרכיוו, זייער אַקטיוו אין געטאָ-וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, קאָנצענ־טרירט אַרום זיך אַ גרעסערע גרופּע מענטשן, וואָס האָבן פאַרשריבן גבית-עדותן ביי די אַנטלאָפענע פון די שחיטות, און געהאָלפן אים זאַמלען די פאַרשידנאַרטיקסטע געטאָ-דאָקומענטן, פּראָטאָקאָלן און מודעות פון יידנראַט און פּאָליציי, סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון אַלע אָפּטיילונגען פון די יידנראַט-אַנשטאַלטן. ער האָט אָפטע פאַר־טראַגן אויף קולטור-טעמען, העלפט אָפּראַטעווען יידישע קולטור-אוצרות פון ייוואָ, שרייבט אַ גענוי כראָניק פון געטאָ. די אומצאָליקע מאַטעריאַלן באַהאַלט ער אין



הערמאַן קרוק
1944—1897

בלעכענע קאַסטנס, אין ספּעציעלע מאַלינעס, וועלכע זענען געווען בשעתם באַ־וווסט נאָר איינצלנע פּערזאָנען. אַקטיוו אין דער לייטונג פון דער בונדישער גרופּע אין געטאָ, מיטגליד פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט.

דעפּאָרטירט אין עסטלאַנד, ווו ער שרייבט אַ טאָג-בוך. אומגעקומען ביי דער שחיטה פון קלאָאגא 19 סעפּטעמבער 1944.

## נפתלי וויניק-ראָזע

נפתלי וויניק־ראָזע איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע און פיינסטע יידישע קריטיקער און פאָלקלאָריסטן אין פּוילן.

געבוירן אין טאַרנע, גאַליציען, דעם 16 פעברואַר 1897, שטודירט פילאָזאָפיע און סלאַווישע ליטעראַטור אין קראָקע און קונסט-געשיכטע אין ווילנע.

מיטאַרבעטער פון דער פּועלי-ציון-צייטשריפט „אַרבעטער צייטונג" און שפּע־טער „אַרבעטער וואָרט", „אונזער וואָרט", „ליטעראַרישע בלעטער", „סאָציאַלע מע-דיצין", אָנגעשריבן אַ ריי אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישער און אַלוועלטלעכער ליטע־ראַטור, ווי אויך אַרבעטן וועגן יידישן פאָלקלאָר. פּאָפּולער געווען אין ווילנע מיט זיינע רעפעראַטן וועגן קונסט און ליטעראַטור.

אין די ערשטע טעג פון דער געטאָ-גרינדונג איז ער אַריין אין דער געטאָ-פּאָליציי, נישט פאָרויסזעענדיק אין וואָס זי וועט זיך פאַרוואַנדלען. ער פלעגט שטיין אויף אַ גאַסן-ראָג פון געטאָ און רעגולירן, אַז די באַפעלקערונג זאָל גיין אין אַ סדר. יום כפור 1941, נאָכדעם ווי יעקב גענס האָט פאַרופן אַ פאַרזאַמלונג פון די געטאָ־פּאָליציסטן און אָנגעזאָגט זיי וועגן דער אַריבערפירונגס-אַקציע פון געטאָ

נר. 1 אין געטאָ נר. 2, האָט נפתלי וויניק אָנגעזאָגט ווען נאָר ער האָט געקענט, אַז מען זאָל נישט טרויען די געטאָ-פּאָליציי און נישט אויספירן אירע פאַראָרדנונגען.

באַלד נאָכדעם פאַרלאָזט ער די געטאָ-פּאָליציי, אַנטלויפט פון געטאָ, און אַרבעט ביי האָלץ-אַרבעט אין אַ שטעטעלע סוויר, אין ווייסרוסלאַנד, ער קומט צוריק אין געטאָ, וווּ ער לעבט מיט זיין משפחה אין גרויסער אָרעמקייט, אין הונגער ממש.

ער ווערט דער לערער פון יידישער ליטעראַטור און ארץ-ישראל-וויסנשאַפט אין די געטאָ-פאָלקסשולן, שרייבט אַ גרעסערע ליטעראַרישע אַרבעט וועגן לייב ניידוס און הויבט אָן צו שרייבן וועגן יעקב גלאַטשטיין, זאַמלט אויך געטאָ-פאָלקלאָר.



נפתלי וויניק-ראָזע
1944—1897

געווען טעטיק אין פאַרבאַנד פון יידישע שרייבער און קינסטלער און געהאַלטן דאָרטן אין געטאָ זיין פאָרטראַג אין דער אַרבעטער-אודיטאָריע וועגן אליקום צונזער.

ער איז געווען אַ שטילער באַשיידענער מענטש, מיט אַ פריינטלעכער באַציאונג צו יעדן איינעם.

ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן אין די לאַגערן פון עסטלאַנד. זיינע חברים פון לאַגער דערציילן מיט יראת-הכבוד וועגן זיין לעבן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן. דאָרטן אין לאַגער נאַרוואַ 1944 איז ער אומגעקומען פון הונגער און שוואַכקייט.

## ישראל דימענטמאַן

ישראל דימענטמאַן, לערער און שריפטשטעלער, איז געווען איינער פון די עמודי התווך פון דער קולטור-אַרבעט און פון שול-וועזן אין געטאָ.

ער איז געווען חבריש, האַרציק און ברויזנדיק מיט אומאויסשעפּבאַרער ענערגיע.

געבוירן אין וועגנראָוו, הינטער וואַרשע, 1904 אין אַ חסידישער משפחה, גע-ענדיקט העברעאישע גימנאַזיע אין קאָוונע, און דאָן פילאָזאָפיע און געשיכטע אין קאָוונער אוניווערסיטעט. געווען לערער אין דער פּראָווינץ, ווי אויך אין העברעאישן

שול־וועזן פון קאָוונע. באַטייליקט זיך אין דער העברעאישער פּרעסע פון ליטע, שרייבנדיק בעיקר וועגן פּעדאַגאָגישע פּראָגן („משעולי החינוך" פון קאָוונע). געווען חבר פון מרכז „תרבות" און פון צ. ק. „המורה" אין ליטע.

אין יאָר 1932 פאַרעפנטלעכט ער אין ריגע אַ ראָמאַן אויף רוסיש אונטערן נאָמען „נאַקאַנוניע" (ערב), אין וועלכן ער שילדערט צייטן פון ערב אָנקומענדיקער מלחמה. אין יאָר 1936 פירט ער אָן מיט אַ לערער-עקסקורסיע אין ארץ-ישראל און דרוקט דאָרטן זיינע איינדרוקן אין „דבר". אין יאָר 1938 פאַרעפנטלעכט ער אַן אַרבעט אונטערן נאָמען „די דערציערישע און קינסטלערישע באַדייטונג פון מעשהלעך" אין דער ליטווישער צייטשריפט פאַר פּראָגרעסיווע לערער „קולטור און לעבן" („גיוויענימאַס איר קולטורא").

מיטן אָנשלוס פון ווילנע צו ליטע, קומט ער קיין ווילנע, ווו ער ווערט דירעקטאָר פון „תרבות"־גימנאַזיע. אין געטאָ אַנטוויקלט ער אַ זייער רירעוודיקע טעטיקייט, לכתחילה אַלס לערער פון העברעאיש אין די געטאָ-שולן און שפּעטער אַלס לייטער פון גאַנצן שול-וועזן; אויפגעטראָטן מיט צאָלרייכע רעפעראַטן אויף יידיש און העברעאיש אין ליטעראַטן-פאַריין, אַרבעטער-אוידיטאָריע, לערער-פאַרבאַנד, ברית-עברית, יוגנט-קלוב און קינדער־קלוב. מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון ליטעראַטן-פאַריין, פון ציוניסטישן „דאך", פון דער לייטונג פון פועלי-ציון-התאחדות, איז ער געווען איינער פון די צענטראַלע פיגורן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן פון געטאָ בכלל און פון דער ציוניסטישער טעטיקייט בפרט.

ישראל דימענטמאַן האָט איבערזעצט דוד פּינסקיס „היהודי הנצחי" צו דער אויפפירונג פון העברעאישן געטאָ-טעאַטער, פון וועלכן ער איז געווען די נשמה חיה. אָנגעשריבן אַ העברעאישע נאָוועלע „עד השער" פאַר וועלכע ער האָט באַקומען די געטאָ־פּרעמיע, ווי אויך אַ דראַמע פון געטאָ-לעבן אויף יידיש, פאַר וועלכע ער איז ווידער פּרעמירט געוואָרן דורכן ליטעראַטן-פאַריין. געשריבן אין געטאָ אַ טאָג-בוך אויף העברעאיש, אָפּשטעלנדיק זיך בעיקר אויף דער קולטור-טעטיקייט פון געטאָ.

דעפּאָרטירט געוואָרן קיין עסטלאַנד אין קאָנצענטראַציע-לאַגער קלאאגא. דאָרט האָט ער ווידער געשריבן אַ טאָג-בוך פון לאַגער-לעבן. אומגעקומען אין קלאאגא אין טאָג פון דער שחיטה 19 סעפּטעמבער 1944.

# 8. איז געקומען ח. נ. ביאַליק אין געטאָ־ווילנע...

...איז געקומען ח. נ. ביאַליק אין געטאָ ווילנע און די ערשטע האָבן אים דערזען די קינדער...

און עס האָבן אים די קינדערשע הערצער אויפגענומען.

און דער געטאָ האָט אויסגעזעען אין אָנהויב ווי אַ מין ס ט אַ ד ע, אַ צונויפגעטריבענע און צונויפגעדריקטע אין אַ פּאָר ענגע געסלעך. אומבאַהאָלפענע, אין שרעק לעבנדיקע, דעם טויט פּאַראויסזעענדיקע מענטשן־שאָטנס. אַ סטאַדע אין טיפן יאוש און גלייכצייטיק אין ווילדן לעבן־באַגער, ווען איין לאָם קען פאַר דער אַנדערער ווערן אַ צוקנדיקע חיה...

און אַז אין געטאָ זענען אַנטשטאַנען די ערשטע שולן און אין חרובע לאָקאַלן האָט זיך דערהערט אַ קינדער־געזאַנג, האָט מען דערשפּירט, אַז מען איז דאָך אַ מ ש פּ ח ה.

און אַז עס טאַנצן קינדער קאַראַהאָדן — און זאָל עס זיין, אַז אויף רואינען... — זענען מיר דאָך טאַטע און מאַמע, ברידער און שוועסטערס. טאָ לאָמיר העלפן מאַכן אַ קרייז אין אַ גירלאַנדע פאַרן טאַנצנדיקן יתום, לאָמיר מיטהעלפן זינגען „מיר זענען יונגע״, פאַר דעם, וואָס זיין טאַטן האָט מען ערשט נעכטן געפירט אַזוי י ו נ ג צו דער עקדה...

איז געווען בראשית דער געטאָ ווי אַ שווייגנדיקער שטיין. אַזוי איז עס — און אַזוי מוז עס זיין. נעכטן דו — איך מאָרגן איך... אָן געוויין — און אָן האָפענונג. און וואָס דאַרף געשען — זאָל געשען וואָס גיכער! און איך, און דו — מ׳קען גאָרניט ענדערן. טאָ פיר אונז בלינדער גורל — — איז דיין שוואַרצן תהום! האָסטו צוגענומען פון אונז דעם מענטשן־כבוד — זענען מיר אָן כבוד... ווערסטו צונעמען אויך דאָס לעבן — וואָרט מיר אויף דעם — נאַכט נאָך נאַכט, אין אַנגעטויענע זאַכן... אָן געוויין, אָן פּראָטעסט און אָן האָפענונג. אַ שוואַרצער שווייגנדיקער שטיין...

איז געקומען די ערשטע קינדער־פייערונג אין געטאָ ווילנע.

און פון אַ קינדס מויל הערן זיך ווערטער, שוין לאַנג ניט געהערטע:

...ס׳ציט מיך, ווי כמאַרעס, צום ים, צו דעם שוואַרצן
טיפער צו אייך, מיינע עלנטע ברידער!

און ס׳איז שטיל אין זאַל. און עס הערן הערצער „גלוסט זיך מיר וויינען״...

און עפּעס הייליקס ווערט אָנגעצונדן אין פאַרלאָשענע אויגן:

דורכשלאָגן זאָלן זיך אייערע טרערן!
גרינגער זאָל ווערן —
און פרייער זאָל ווערן!

און די טרערן שלאָגן זיך דורך. און עס וויינט דער זאַל, טאַטע און מאַמע און קינד און לערער.

דער שטיין וויינט אַ הייליק געוויין.

און עס ווערט גרינגער און פרייער. און פון דער סצענע דונערט אַ שטים פון אַ קינד, וואָס איז פול מיט בטחון:

איבערגיין וועלן די פינצטערע צייטן.

אַריבערגיין וועלן די פינצטערע צייטן ? קען עס נאָך אַמאָל קומען ? לויגט נאָך צו האָפן ?

און אויג צו אויג קוקן זיך איבער מיט חידוש, מיט אַ פראַגע, וואָס האָט אין זיך שוין דעם ענטפער: אַריבערגיין וועלן די פינצטערע צייטן.

דו בלייך קינד, דו געטאָ־יתום, זאָג נבואה, זאָל אונז טרייסטן דיין וואָרט —

און פאַר אַ זכר פון היינטיקע כמאַרעס
וועט אייך פאַרבלייבן אַ נייער „על נהרות״,
וואָס ער וועט הימל און ערד איבערקערן — — —
גליקלעך איז דער און געבענטשט זאָל דער ווערן,
וואָס וועט פאַרהייליקן אייערע טרערן,
הייליקע, צווייטויזנטיאָריקע טרערן.

און אַלע האָבן דערזען ח. נ. ב י אַ ל י ק ן . . .

איז געקומען דאַן ח. נ. ביאַליק אין געטאָ... און מען האָט אים דערשפירט, און מען האָט דערהערט אין זיך זיין וואָרט.

זענען אונזערע ליידן און טרערן — טויזנטיאָריקע טרערן — זענען מיר דאָך ניט קיין סטאַדע און ניט נאָר אַ משפחה, נאָר אַן ע ד ה !

טאָ לאָמיר אין געטאָ בויען און לעבן, אויף צו להכעיס דעם שונא, ווי עס לעבט אַן עדה, אַ געזעלשאַפט. מעג מ אָ ר ג ן קומען דער טויט — אָבער ה יי נ ט וועלן מיר לעבן מיט אַ שול, מיט אַ רעפעראַט, מיט אַן אָרקעסטער, מיט געזונטהייטס־אַנשטאַלטן, מיט פאַך־וואַרשטאַטן (און אפשר טאַקע וועט מען נאָך דערלעבן צו בעסערע צייטן, וועט מען פון געטאָ אַרויס אויף דער פריי מיט דער שול, מיטן אַנשטאַלט און מיט דעם פאַך).

האָבן די קינדער געבראַכט אין געטאָ ח. נ. ביאַליקס וואָרט פון נ ח מ ה. האָט די יוגנט געבראַכט זיין רוף צו נ ק מ ה.

ואם יש צדק יופיע מיד.
און אויב גערעכטיקייט איז דאָ —
שוין איצט זאָל דאָס קומען.

און ס׳האָט די יוגנט געוואָרפן די פראַגע: צי דאַרף מען אַזוי גיין צום טויט, ווי מען איז ביז היינט געגאַנגען ? — — — און צי זאָל מען אַזוי גיין ?

לא ידענו למה מתם — — —
ועל מי ועל מה מתם ? !
מיר ווייסן ניט פאַרוואָס איר זענט געשטאָרבן
און צוליב וועמען און צוליב וואָס איר זענט געשטאָרבן.

און אַז מען האָט ניט געקענט רעדן אָ פ ן, האָט מען געמאַכט ליטעראַרישע פייערונגען און מען האָט צום געטאָ גערעדט מיט „שירי הזעם״ — מיט די ווערטער פון ח. נ. ביאַליקס שחיטה־שטאָט:

ירימו נא אגרוף — ויתבעו את עלבונם
אַ קולאַק זאָלן זיי אויפהויבן..
און פאַר דער קריוודע פאָדערן אַ חשבון.

און עס זענען געקומען טעג, ווען דער יידישער ווידערשטאַנד אין די געטאָס האָט געפאָדערט דעם חשבון...

## 9. ווען דער געטאָ זינגט...

באַשולדיק אונז ניט, דו, וואָס דו ביסט אין געטאָ ניט געווען. מיר האָבן אין געטאָ געזונגען. — מיר האָבן געוויינט און געזונגען, באַהאַלטן זיך און געזונגען, געאַרבעט און געזונגען, געהאָפט און געזונגען.

און ס'איז געווען אַ טאָג, ווען מען האָט געפירט קיין פּאָנאַר, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט געהייסן די יידן שפּילן אויף פידלען און זינגען — האָבן די יידן זיי ניט געפאָלגט: דער לעצטער גאַנג געהערט צו אונז... זענען זיי געגאַנגען צום טויט אויפן וועג קיין פּאָנאַר און געזונגען „התקוה" און דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און געזעגנט זייער לעבן מיט געזאַנג.

דער לעצטער געזאַנג געהערט צו אונז...

און געראַטעוועטע פון פּאָנאַר האָבן דערציילט: ווען מען האָט געפירט אַן עדה צום טויט, איז געגאַנגען אַ רב מיט אַ ספר תורה אין דער האַנט און געזונגען: נחמו, נחמו עמי, מיט יענעם טרייסט־ניגון, וואָס מען האָט דורות געזונגען — האָבן די דייטשן מיט קאָלבעס געשפּאָלטן זיין קאָפּ און מיט נאַגייקעס פּאַרפּייניקט, איז ער געפאַלן טויט אויפן וועג, זינגענדיק זיין טרייסט־ליד.

דער לעצטער געזאַנג געהערט צו אונז...

און אַז עס איז אַנטשטאַנען די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, האָט די יוגנט געזונגען נייע לידער, לידער פון ווידערשטאַנד און זייערע לידער גייען איצט בתפוצות ישראל פון ישוב צו ישוב. אַ סך פון די מענטשן פון ווידערשטאַנד זענען שוין לאַנג ניטאָ.

אָבער זייער לעצטער געזאַנג געהערט צו אונז...

### לידער וועגן ווילנע

ווען מען איז אַריין אין געטאָ, און די טויט־אַרויספירונגען האָבן זיך אָלץ פּאַרמערט, זענען אַלע שוין געווען באַהערשט פון געדאַנק:

אפשר קען נאָך אַמאָל איבערבלייבן אַ קליינער יידישער ישוב אין ווילנע, אָבער ירושלים דליטא גייט אונטער, קומט אום.

האָט זיך דעמאָלט טיפע בענקשאַפט אויפגעוועקט צו דער דאָזיקער עיר ואם בישראל, צו דעם דאָזיקן פּאַרשווינדנדיקן קאַפּיטל יידישע געשיכטע, האָט די אונטערגייענדיקע יידישע שטאָט זיך אַליין באַזונגען אירע לעצטע טעג.

האָט מען געזונגען אברהם רייזינס, זלמן שניאורס און אַנדערע דיכטערס לידער וועגן ווילנע. איין ליד האָט זיך אַזוי איינגעבירגערט, אַז עס איז פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין עלעגיע-הימען פון ווילנער געטאָ. דאָס ליד הייסט „ווילנע, ווילנע", פּאַרפאַסט אין אַמעריקע, פון וו. ל. וואָלפזאָן, מוזיק פון א. אָלשאַנעצקי.

און אָט זענען עטלעכע פערזן, וועלכע איך דערמאָן זיך:

ווילנע, שטאָט פון גייסט און תמימות,
ווילנע, יידישלעך פּאַרטראַכט —
וואו עס מורמלען פול מיט סודות
שטילע תפילות דורך דער נאַכט.

ווילנע, ווילנע, אונזער הויפּטשטאָט,
אונזער בענקשאַפט און באַגער —
אַך, ווי אָפט עס רופט אַרויס דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.

ווילנער געסלעך, ווילנער טייכן
ווילנער וועלדלעך, באַרג און טאָל.
עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך
נאָך די צייטן פון אַמאָל.

ווילנע, ווילנע אונזער הויפּטשטאָט
אונזער בענקשאַפט און באַגער. —
אָך, ווי אָפט עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.

און שפּעטער האָט אַ געוויסער טייל יוגנט אויפגעהערט צו זינגען די בענקשאַפט צו ווילנע. זיי האָבן געזאָגט, אויב מיר וועלן בלייבן ביים לעבן, וועלן מיר סיי ווי סיי אַוועקגיין פון ווילנע. דאָ וועט אונז אַלץ דערמאָנען, ווי מען האָט אונז געפירט צום טויט. טאָ לאָמיר באַצייטנס אַרויסרייסן פון זיך יעדע בענקשאַפט צו ווילנע פון אַמאָל...

## וויג-לידער

אין געטאָ־ווילנע, ווי אין אַנדערע געטאָס, זענען אַנטשטאַנען וויג־לידער. פּרויען פלעגן פאַרוויגן זייערע קינדער זינגענדיק די לידער. און פרויען, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע קינדער, פלעגן מיט די לידער פאַרזינגען זייער טרויער. איינע פון די וויג-לידער איז געווען „שטילער, שטילער" („פּאָנאַר") פון ש. קאַטשערגינסקי (מו-זיק פון אַלעקס וואָלקאָוויסקי).

## שטילער, שטילער (וויג־ליד פון פּאָנאַר)

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן — קברים וואַקסן דאָ,
ס'האָבן זיי פאַרפלאַנצט די שונאים — גרינען זיי צו בלאָ
ס'פירן וועגן צו פּאָנאַר צו, ס'פירט קיין וועג צוריק,
איז דער טאַטע וואו פאַרשוואונדן — און מיט אים דאָס גליק.

שטילער, קינד מיינס, וויין ניט אוצר, ס'העלפט ניט קיין געוויין,
ס'וועלן שונאים אונזער אומגליק סיי ווי ניט פאַרשטיין.
ס'האָבן ברעגעס אויכעט ימים, ס'האָבן תפיסות אויכעט צוימען,
נאָר צו אונזער פּיין — קיין פּיצל שיין.

פרילינג אויפן לאַנד געקומען, און דיר הארבסט געבראַכט,
וויגט זיך טאָג אין ים פון בלומען — אונז זעט נאָר די נאַכט,
גאָלדיקט זיך דער הארבסט אויף שטאַמען — בליט אין אונז דער צער
זיצט פאַריתומטע אַ מאַמע — ס'קינד גייט קיין פּאָנאַר.

נאָר די וויליע אַ געשמידטע — טיף געיאָגט אין פּיין
ס'יאָגן קריעס אייז דורך ליטע, איצט אין ים אַריין —
ס'וועט דער חושך ניט צערונען — פון דער פינצטער לייכטן וייען
רייטער קום געשווינד — דיך רופט דיין קינד.

שטילער, שטילער ס'קוועלן קוואַלן טרויער הערשט אַרום,
ביז דאָס טויער וועט ניט פאַלן — זיין מוזן מיר שטום.
וויין ניט קינד מיינס, ס'איז דיין שמייכל איצט פאַר אונז פאַראַט
זען דעם פרילינג זאָל דער שונא ווי אין הארבסט אַ בלאַט.

זאָל די וויליע רואיק פליסן, רואיק זיי און האָפ,
מיט דער פרייהייט קומט דער טאַטע, שלאָף-זשע קינד מיינס שלאָף
ווי די וויליע אַ באַפרייטע, ווי די בלעטער גרין פאַרצווייגטע
לייכט שוין פרייהייט-ליכט — אויף דיין געזיכט.

טרויער־לידער וועגן אונטערגייענדיקן לעבן און וועגן די טויט־אַרויספירונגען זענען אַנטשטאַנען דורך די געטאָ־דיכטער און די אומבאַקאַנטע מחברים. אַזוי איז געזונגען געוואָרן דורך קינד און קייט דאָס טרויער-ליד „ביים געטאָ־טויער" (זע קאַפּיטל : „אין די טעג פון די געלע שיינען").

וווּ דיין פרוי, וווּ דיין קינד?
וווּ דאָס גאַנצע געזינט?
ווען דו גייסט, און ניט ווייסט
וווּ אַהין און פאַרוואָס?

אַזוי האָט אויך דער געטאָ באַזונגען די פאַרנאַרטע יוגנט קיין פּאָנאַר, בשעת דער נסיעה קיין קאָוונע אין דער עלעגיע „אַרויס איז אין ווילנע אַ נייער באַפעל". (זע קאַפּיטל : „אַקציע קאָוונע-פּאָנאַר").

דורך אומבאַקאַנטע וועגן, מסתמא דורך די שליחים פון געטאָ צו געטאָ איז דערגאַנגען דאָס לידל פון קראָקאָווער געטאָ פון פאָלקס-דיכטער משה געבירטיק : „עס ברענט יידן, עס ברענט" :

עס ברענט יידן, עס ברענט,
אוי אונזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען
אַלץ אַרום שוין ברענט.
און איר שטייט און קוקט אַזוי צו
מיט פאַרלעגטע הענט —
און איר שטייט און קוקט אַזוי צו
ווי אונזער שטעטל ברענט.
עס ברענט יידן, עס ברענט
אוי אונזער אָרעם שטעטל ברענט,
ס'האָבן שוין די פייער-צונגען
ס'גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הודזען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.
און איר שטייט און קוקט אַזוי צו
מיט פאַרלייגטע הענט —
און איר שטייט און קוקט אַזוי צו
ווי אונזער שטעטל ברענט.
עס ברענט יידן, עס ברענט —
עס קען חלילה קומען דער מאָמענט,
אַז דאָס גאַנצע שטעטל מיט אונז צוזאַמען,
זאָל אַוועק אין אש, אין פלאַמען,
בלייבן וועלן ווי נאָך אַ שלאַכט
נאָר שוואַרצע פוסטע ווענט.
קוקט ניט ברידער אָט אַזוי צו
מיט פאַרלייגטע הענט
קוקט ניט ברידער, לעשט דאָס פייער
ווייל אונזער שטעטל ברענט.
עס ברענט יידן, עס ברענט —
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט,
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים און לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט אַז איר דאָס קענט.

שטייט ניט ברידער אָט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
שטייט ניט ברידער, לעשט דאָס פייער
אונזער שטעטל ברענט.

אַ שטילע עלעגיע איז אויך געווען (אָפּעסקינס?): „צי קען מען פאַרגעסן".

פאַרוואָס איז דער הימל געווען נעכטן לויטער,
פון פרייד האָט געשיינט יעדע גאַס,
פאַרוואָס די זון, אַזאַ ליכטיקע רויטע,
פאַרכמורעט הייַנט בייז און אין כעס?
עס וויינט הייַנט דער הימל, דאָס הויז און דאָס געסל,
עס וויינט הייַנט דאָס האַרץ שטילערהייט,
צי קען מען פאַרגעסן, ווי קען מען פאַרגעסן,
פאַרגאַנגענע שעהן פון פרייד? — — —
וויש אויס דיינע טרערן, פאַרגעס דיינע זאָרגן,
צו טרויערן איז ניט כדאי
ס'קען זיין שוין אַז מאָרגן, קען זיין שוין אַז מאָרגן,
זאָל אויפשיינען די זון אויף דאָס ניי!

## לידער פון בענקשאַפט און ליבע

אין די אָוונטן פלעגט די יוגנט זיך צונויפקלייבן אויף די קלעצער פון האָלץ־פּלאַץ אָדער אין די ענגע שטיבער און זינגען לידער פון בענקשאַפט נאָך דער אַמאָליקער היים, נאָכן פרילינג, וועלכן מען זעט ניט אין געטאָ.

אַ פרילינגס־ליד פון ד"ר צמח פעלדשטיין האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

וואָס הער איך פון די טויערן,
עס קלינגט מיר אין די אויערן...

אין אַ פרילינגס־ליד פון שמערקע קאַטשערגינסקי, האָט געזונגען דאָס מיידל, וואָס קען נישט פאַרגעסן איר פאַרלוירענעם ליבסטן:

ס'איז היי־יאָר דער פרילינג
גאָר פרי אָנגעקומען,
צעבליט האָט זיך בענקשאַפט נאָך דיר.
איך זע דיך ווי איצטער,
באַלאָדן מיט בלומען —
אַ פריידיקער גייסטו צו מיר.
די זון האָט פאַרגאָסן
דעם גאָרטן מיט שטראַלן,
צעשפּראָצט האָט די ערד זיך אין גרין.
מיין טרייער, מיין ליבסטער
וואו ביסטו פאַרפאַלן —
דו גייסט ניט אַרויס פון מיין זין.

אין אויף די אָוונט־שפּאַצירונגען אַרום איינציקן געטאָ־בוים, פלעגן געזונגען ווערן פאַרחלומטע ליבע־לידער און ראָמאַנסן פון די געטאָ־רעוויס, אָדער פון אומ־באַקאַנטע מחברים.

איינע פון די רירנדסטע לידער פון ל. ראָזנטאַל, וואָס דער גאַנצער געטאָ האָט געזונגען, איז געווען דאָס ליד „איך וויל נאָך איינמאָל זען מיין היים", וועלכעס האָט באַזונגען דעם צער פון די פּליטים־פאַרוואָגלטע אין ווילנער געטאָ. דאָס ליד איז אַריבער פון געטאָ צו געטאָ, געזונגען געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן — און דייטשע זעלנערס פון דער וועדמאַכט, ווען עס איז שוין מיאוס געוואָרן דאָס בלוט־באַד, פלעגן אין געהיים נאָכזינגען דאָס יידישע ליד „איך וויל נאָך איין מאָל זען מיין היים".

## איך וויל נאָך איינמאָל זען מיין היים

ווען מענטש ביסט יונג,
איז גרויס דיין שוואונג —
דאַן יאָגסטו זיך נאָך גליק,
פאַרלאָזט, פאַרגעסט דיין היים, דיין נעסט,
די צייט קומט ניט צוריק.
און ווען דער עלטער קלאַפּט דיר אָן,
דאַן טוסטו זיך ידאָך אַ דערמאָן,
ס'גליק האָט פון דיר זיך אָפּגעטאָן
דו טראַכטסט : ווי ס'איז געשען, זיך ניט אַרומגעזען.
ווי לאַנג בין איך אַליין אַ קינד געווען.
איך וויל נאָך איינמאָל זען מיין היים
צי איז דאָרט אַלץ נאָך ווי געווען.
אָט דאָ דער טייך, אָט דאָ דער בוים,
אָט דאָ דער דאַך, וואָס האַלט זיך קוים,
איך וויל אַהיים.
פיר ווענט, אַ טיש און אַ באַנק,
אָט דאָ פאַרבראַכט האָב איך נישט לאַנג,
אָט דאָ געוועבט האָב איך מיין טרוים, מיין יוגנט-ליד.
מיין יוגנט היים —
איך וויל אַהיים.
ווי זאַרגלאָז פריי
גייסט מענטש פאַרביי,
איך שטיי דערביי און קלער,
דו האָסט געווים דיין היים, דיין טיש,
דיין טרוקן ברויט נישט מער.
מיין היים האָט מען מיר פאַרווערט,
מיין היים האָט מען מיר צעשטערט,
מיר איז דאָס גליק שוין נישט באַשערט,
איך וואַנדער אום אין לאַנד —
בין קיינמאָל ניט צו זאַט
ווען איך וואַלט כאָטש מיין אָרעם היים געהאַט.
איך וויל נאָך איינמאָל זען...
איך הער זינגט ווער
אין נאַכטיקן געריוש —
דאָס וויגט מיך מיין מאַמע אין איר שויס.
אוי וויפיל ליבשאַפט וויפיל חן,
ס'פאַרמאָגט אַן אָרעם מאַמעס היים,
ס'מעג זיין פון ברעטער צי פון שטיין,
ס'מעג זיין פון ציגל צי פון ליים.
מיין אָרעם היים
איך וויל אַהיים.
איך וויל נאָך איינמאָל זען...

## האָפענונגס-לידער

אין די שווערסטע צייטן האָט דער עולם זיך געטרייסט און געוואָלט גלויבן אין אַ פלוצעמדיקער רעטונג. איז טאַקע איינע פון די פאָפּולערסטע לידער אין געטאָ געווען:

אפשר וועט געשען אַ נס,
אפשר וועט געשען אַ נס,
אמת יידן, מען קאָן ניט זאַגן —
ס'איז שווער דאָס פעקל דורכצוטראָגן
נאָר אפשר וועט געשען אַ נס? — — — — (ווערטער פון כתריאל ברוידא).

און ס׳איז געווען אַ פּאָפּולערע לידל:

מען קען גאָר ניט וויסן
אַז גאָט וויל קען אַ בְעזעם שיסן. (כתריאל ברוידא).

און ס׳איז געווען אַ גאַנצע סעריע לידער „משה האַלט זיך". צווישן זיי דאָס ליד:

אין לעבנסצייטן גרויע, שוואַרצע
ווען שטורם הערשט אויף גאָר דער ערד,
העלפט ניט דאָס פאַרגיסן טרערן,
העלפט ניט קלאָגן: ס׳איז באַשערט.
ס׳איז אַ ווינט וואָס רייסט אויס גאַנצע גלידער
ס׳איז אַ ווינט, וואָס נאָעט אין געביין
מיר בויגן זיך און וועלן אויפשטיין ווידער,
און מיר וועלן ווייטער גיין!
מיר שפּאַנען צום בעסערן מאָרגן,
מיר גייען צו אַנדערע טעג,
און כאָטש איז די פרייד נאָך פאַרבאָרגן
דאָך ציט זיך פאָרויס אונזער וועג
עס שמייכלט פון ווייטן,
אַ וועלט אַ באַנייטע,
צעצויבערט, צעבליט און צעבלומט,
מיר זענען די גלויבער,
אין אָט א דעם צויבער,
מיר ווייסן אויף זיכער, ער קומט!

די רעווי „משה האַלט זיך" האָט גערופן צו מאַקסימאַלן אויסדויער: „משה האַלט אויס! גליטש זיך ניט אויס, ווייל גערענק: מען דאַרף אַרויס..."

און אַ ליד, וואַרשיינלעך, געבראַכט פון אַ געטאָ אין ליטע:

יידעלעך זייט ניט פאַרצווייפלט,
וואָס מען פירט אייך אַזוי שטרענג באַוואַכט,
און ניט אייביק וועט זיין פאַר אונז פינצטער
און ניט אייביק וועט זיין פאַר אונז נאַכט — — —

## לידער פון געטאָ־לעבן

אַ גאַנצע רייע לידער האָבן באַזונגען דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן. אַנדערע פון זיי זענען געווען אָפּשטאַמיק פון קאָוונער געטאָ. אַזאַ ליד איז געווען „געטאָ־ביי־געלעך", געזונגען אויפן ניגון „בובליטשקי":

קויפט געטאָ-בייגעלעך, קליינע ווי אויגעלעך
צעקוועטשטע אויגעלעך, דאָ ווי איר זעט.
אַ מאַרק אַ בייגעלע, פון שוואַרצן טייגעלע,
קויפט ביי דעם מיידעלע פון קאָמיטעט.

ס׳פלעגט זייער געזונגען ווערן אַ ליד פון גאַסן־פאַרקויפערס (אפשר אַריינגע־גנבעט זיך פון וואַרשע):

פאַר יענעמס סקווערן און בולוואַרן,
פאַר דיר אַזאַ קוואַרטאַל,
פאַר וואָס זאָל יענער דיך אַלץ נאַרן,
פאַרוואָס, פאַר דיר דער טרערנקוואַל.
וואָס הייסט די אויפשריפט אויפן ברעטל:
פאַרוואָס ניט ווייטער גיין?
פאַרווערט פאַר מיר מיין היים, מיין בעטל
און מיין געלעגער האַרט ווי שטיין.
צי דאַרף עס אַזוי זיין
צי מוז עס אַזוי זיין?

צי. איז פֿאַר אײנעם דאָס גליק באַשערט
און פֿאַר אַ צװײטן אַלץ פֿאַרװערט?
װער האָט דאָס אײנגעשטעלט
אַזױ זאָל זײן די װעלט?
ס'פֿרעגט און ס'װעקט דאָס האַרץ מײן
צי דאַרף עס אַזױ זײן
צי מוז עס אַזױ זײן?

גײענדיק צו דער אַרבעט פֿלעגט מען אָפֿט זינגען אַ ליד (אַרײנגעכאַפּט פֿון קאָװנער געטאָ):

מיר ײדישע בריגאַדעס,
אױסגעפּוצט אין לאַטעס —
מאַרשירן טאָג אײן טאָג אױס
און האַלטן די צרות מוטיק אױס.

## לידער פֿון די פֿאַרװאַרלאָזטע קינדער

די פֿאַרװאַרלאָזטע קינדער פֿון אינטערנאַט „ילדים" און „ילדות", װי אױך פֿון דער טראַנספּאָרט בריגאַדע „ילדים" האָבן געשאַפֿן אַ רײע לידער װעגן זײער פֿאַרװאַרלאָזטן לעבן.

אױך ל. ראָזענטאַל און כתריאל ברזידא האָבן געשאַפֿן לידער װעגן די פֿאַרװאַרלאָזטע קינדער: „ישראליק" און „כ'בין פֿון טראַנספּאָרט". די קינדער פֿלעגן די דאָזיקע לידער זינגען אױף זײערע אַלע אָװנטן.

### כ'הײס ישראליק

נו קױפֿט זשע פּאַפּיראָסן,
נו קױפֿט זשע סאַכאַרין,
געװאָרן איז הײנט סחורה ביליק װערט
אַ לעבן פֿאַר אַ גראָשן,
אַ פּרוטה — אַ פֿאַרדינסט —
פֿון געטאָ-הענדלער האָט איר דאָך געהערט.
כ'הײס ישראליק
כ'בין דאָס קינד פֿון געטאָ
כ'הײס ישראליק,
אַ הפקר'דיקער יונג
כאָטש פֿאַרבליבן גאָלע-נעטאָ
דערלאַנג איך אַ סװישטשע און אַ זונג׳
אַ מאַנטל אָן אַ קראַגן.
תחתונים און אַ זאַק
קאַלאָשן האָב איך — ס'פֿעלן נאָר די שיך...
װער עס װעט נאָר װאַגן
צו לאַכן אױף אַ סך
װעל איך נאָך באַװײזן װער בין איך.
כ'הײס ישראליק...
ניט מיר האָט געבױרן
די הפקרדיקע גאַס.
כ'בין בײ טאַטע מאַמען אױך געװען אַ קינד.
כ'האָב בײדן אָנגעװאָרן
ניט מײנט עס איז אַ שפּאַס
כ'בין איצט געבליבן װי אין פֿעלד אַ װינט.
כ'הײס ישראליק...

### כ'בין פֿון טראַנספּאָרט.

פּלוצלעם האָט אַ שטורעם זיך צעהוליעט
געבליבן בין איך אײנזאַם װי אַ שטײן
נאָר גוטע מענטשן האָבן מיר צוגעטוליעט
און איצט בין איך שױן װידער ניט אַלײן.

כ׳בין פון טראַנספּאָרט
מיך קען יעדערער אין גאַס
כ׳בין פון טראַנספּאָרט
איך חוזק לאַך און שפּאַס
היי זעט מיין וואָגן,
ער העלפט דעם שווערן יאָך מיר טראָגן.
מיט שטאָלץ קען איך אייך זאָגן,
אַז פון טראַנספּאָרט בין איך.

די קינדער אין די שולן, אין קינדער־קלוב און יוגנט־קלוב, פלעגן אָפט דער־שיינען מיט קאָלעקטיווע כאָראַלע געזאַנגען און דעקלאַמאַציעס. ס׳איז כמעט געוואָרן אַ מנהג אויף יעדער יוגנט־פאָרשטעלונג צו דעקלאַמירן ח. נ. ביאַליקס ליד „גלוסט זיך מיר וויינען״:

גלוסט זיך מיר וויינען געשמאַק אויפן האַרצן,
ציט מיך ווי כמאַרעס צום ים צו דעם שוואַרצן — — —

אָדער י. ל. פּרצס ליד:

אָ מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע
לית די ולית דיין.

עס זענען כאָראַל אויסגעפירט געוואָרן י. ל. פּרצס: „אַלע מענטשן זענען ברי־דער״, לעסינס „חנינא בן תרדיון״, למדנס „קאַפּיטלען פון מסדה״ און „טרעפּ, טרעפּ״ אַזאַ איז אויך געווען דאָס ליד פון אָפּעסקין „דער ייד פון דער מאַלינע״:

וואו גייסטו ייד דורך נאַכט און ווינט?
וואָס ברענט דיין בליק מיט מאָרד און זינד,
און פלאַמט מיט פונקען שנאה?
איך גיי ווו ס׳טראָגן מיך די טריט,
מיין וווּנד, אַ ברענענדיקער בליט,
איך בין אַצינד דער לעצטער ייד —
דער ייד פון דער מאַלינע.

## הומאָריסטישע לידער

און עס זענען אויך געווען לידער הומאָריסטישע, וועלכע האָבן אָפּגעלאַכט פון דער געטאָ־פּאָליציי, פון געטאָ־קאָמענדאַנט, פון יידן־ראַט, פון די געטאָ־נאָ־טאַבלען, פון די געטאָ־בעקערייען, פון דער געטאָ־תפיסה און פון פאַרשידענע געטאָ־מנהגים. אַ סאַטיריש לידל פון ד״ר ל. בוזשאַנסקי א. נ. „באָמבעס״ האָט דערציילט וועגן דער פרייד פון דעם געטאָ-מענטש ביי די באָמבאַרדירונגען :

אין שטאָט זענען באָמבעס געפאַלן
פריוהייט-גרוסן אונז שיקט
מיר יובלען פון פרייד און מיר שאַלן,
ווי ס׳וואָלט אונז געטראָפן אַ גליק.
באָמבעס, באָמבעס, ליבע טרייע,
לאַנג געוואַרט, אַז יעדע מינוט
זאָלט איר קומען וואַרפן מיט פייער
און אויב אויף אונז — איז אויכעט גוט.

אַ סאַטיריש לידל האָט אָפּגעלאַכט פון דעם געטאָ-מיידל.

מען זאָגט אַז ליבע שפּילן קען מען נאָר אין פּאַלאַצן
און אין געטאָ איז עס גאָר אַ שאַנד,
אָט האָב איך זיך פאַרכליאָבעט ביז איבער די אויערן,
און דוקא אין אַ פּראָסטן פּאָליציאַנט.
דאָס איז דאָך אברהם׳ל, אַ געזונט אין זיינע ביינדלעך
ער האַלט דאָך ביים טויער די וואַך,
ביי אַלינקע מיידעלעך נעמט ער צו די פּעקעלעך.
ביי מיר אָבער נעמט ער קיין זאַך.

ער רופט מיך קראַסאַוויצע, ער שווערט מיר: „מיין ליובעניו"
איך וועל דיך היטן ווי מיין געלן שיין,
ביי מיר וועסטו דוסינקע טראָגן פּאַקופּקעלעך,
אויב דו וועסט נאָר מיינע ווערן זיין".
א יעדיקן אָוונט קומט ער אין מיין צימערל,
דעם גאַנצן טאָג איז ער געבעך פאַרשמאַכט,
בין איך מכבד מיט רעצקענע קוגעלעך,
וואָס איך אַליין פאַר אים האָב געמאַכט.
מיר גייען שפּאַצירן פון רודניצקער אויף קאַמיניצקער,
און פון קאַמיניצקער ת׳היין און צוריק,
עס טייטלט מיט די פינגער דער בלאָק פון די חבר׳טעס:
אוי באַסקען האָט געטראָפן אַזאַ גליק!
ווען גאָט וועט נאָר וועלן, און אויך מיינער וועט וועלן,
אַ חתונה פראַווען וועלן מיר דאַן —
און צופּלאַצט וועלן ווערן די שכנים פון מיין צימערל,
מיט אלינקע צוויי- און-דרייסיק מאַן.

## קאַמף־לידער

ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג זענען געקומען נייע לידער אין געטאָ. לידער פון קאַמף און פון מוט.

אַזאַ איז געווען דאָס באַקאַנטע ליד „זאָג נישט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" פון הירש גליק, וועלכע האָט געמוטיקט די געטאָ־מענטשן אין די שלעכטע מינוטן.

(דער נגון שטאַמט וואַרשיינלעך פון רוסישן קאָמפּאָזיטאָר בלאַנטער).

### ליד פון די פּאַרטיזאַנער

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה
ס׳וועט אַ קלאַפּ טאָן אונזער טראָט : מיר זענען דאָ !
פון גרינעם פּאַלמענלאַנד ביז ווייסן לאַנד פון שניי
מיר זענען דאָ מיט אונזער פּיין, מיט אונזער וויי,
און וואו געפאַלן איז אַ טראָפּ פון אונזער בלוט
שפּראָצן וועט דאָרט אונזער גבורה, אונזער מוט.
ס׳וועט די מאָרגן-זון פאַרגילדן אונז דעם היינט
אונזער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט
און אויב פאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר
ווי אַ פּאַראָל זאָל זיין דאָס ליד פון דור צו דור.
געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און נישט מיט בליי
ס׳איז נישט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי
נאָר ס׳האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.
טאָ זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג
קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה
ס׳וועט אַ קלאַפּ טאָן אונזער טראָט : מיר זענען דאָ !

שמערקע קאַטשערגינסקי האָט אָנגעשריבן אַ ליד א. ב. „יוגנט-הימן" :

אונזער ליד איז פול מיט טרויער,
דרייסט איז אונזער מונטער גאַנג —
כאָטש דער שונא וואַרט בייִם טויער,
שטורמט יוגנט מיט געזאַנג:

יונג איז יעדער, יעדער, יעדער ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַדייט,
אַלטע קענען, קענען, קענען אויך זיין קינדער
פון אַ נייער פרייער צייט.
ווער עס וואַקלט אום אויף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט שטעלט זיין פוס
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פון דעם געטאָ אַ גרוס.
יונג איז יעדער...
מיר געדענקען אַלע שונאים,
מיר געדענקען אַלע פריינד,
אייביק וועלן מיר פאַרבינדן
אונזער נעכטן מיטן היינט.
יונג איז יעדער...

אין געטאָ איז שטאַרק געזונגען געוואָרן דאָס קאַמפּס-ליד: „אונטער די קאַנאָ-נען וועלן מיר באַגעגענען זיך”. אַזאַ איז אויך געווען דאָס ליד וועגן אַ פּאַרטיזאַנער מיידל פון הירש גליק, וועלכעס האָט צוליב איר מעלאָדיע און חן אַרויסגערופן באַ-גייסטערונג ביי דער געטאָ-יוגנט.

## שטיל, די נאַכט איז אויסגעשטערנט

שטיל, די נאַכט איז אויסגעשטערנט
און דער פראָסט האָט שטאַרק געברענט.
צי געדענקסטו ווי איך האָב דיך געלערנט
צו האַלטן אַ שפּייער אין די הענט? —
אַ מויד, אַ פּעלצל און אַ בערעט
און האַלט אין האַנט פעסט אַ נאַגאַן
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענעם פּנים
היט אָפּ דעם שונאס קאַראַוואַן.
געצילט ,געשאָסן און געטראָפן
האָט איר קליינינקער פּיסטויל
אַן אויטאָ, אַ פולינקער מיט וואָפן —
פאַרהאַלטן האָט זי מיט איר קויל.
פאַרטאָג פון וואַלד אַרויסגעקראָכן
מיט שניי-גירלאַנדן אויף די האָר
געמוטיקט פון קלייניניקען נצחון
פאַר אונזער נייעם פרייעם דור — — —

## סאָוועטישע און ציון-לידער

אין די טעג פון געטאָ-פאַרשקלאַפונג האָט דער יוגנט געלאָקט די וויזיע פון נאָענטן גרויסן שכן, סאָוויעט־רוסלאַנד, וועלכער קען קומען און באַפרייען דורך קאַמף דאָס לאַנד פון דייטשן טעראָר, און די וויזיע פון דעם יידישן לאַנד, וואו דער ייד וועט שוין מער ניט ליידן פון קיין געטאָס.

האָט אַ טייל יוגנט געזונגען סאָוויעטישע לידער און אַ טייל חלוצישע לידער, און אָפט פלעגט מען אויף די זעלבע פלעצער זינגען אי די, אי יענע לידער. אין געטאָ איז עס דאַן געווען נאַטירלעך.

פון די סאָוויעטישע לידער איז דאַן שטאַרק געזונגען געוואָרן:

יעסלי זאַווטראַ וואָינאַ (אויב מאָרגן קריג, זיי היינט שוין געגרייט).

ראַסקינולאָס מאָרע שיראָקאָ (ס'האָט זיך ברייט דער ים צעשפּרייט).

ליובימי גאָראָד מאָזשעש ספּאָט ספּאָקאָינאָ (ליבע שטאָט מעגסט רואיק שלאָפן), און אַזוי ווייטער.

מען האָט אויך געזונגען דאָס רוסישע ליד, וואָס איז במתנה אַריינגעשיקט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע קינדער פון זייער לאַגער אויף סובאַטש־גאַס:

אויף סובאַטש דער גאַס
צווי הייזער דאָרט שטייען — — — —

די העברעאישע לידער זענען דורך דעם העברעאישן כאָר צעשפּרייט געוואָרן אין געטאָ. פון תנ״ך־לידער האָט זיך פאַרוואָרצלט: „כרם היה לידידי״. און מיט אומעט פלעגט מען זינגען:

מדוע קויתי לעשות ענבים
ויעש באושים? ...
פאַרוואָס האָב איך געהאָפט אויף ווייַנטרויבן
און ס'זענען ווילדע געוויקסן געקומען?

און ביז שפּעט אין די אָוונטן פלעגט זיך אַדורכרייסן פון אַ געטאָ־פענסטערל:

אָנו אוחברים אותך מולדת
בשיר ובעמל

פאַרחלומט פלעגן יוגנטלעכע זינגען אין די טרויעריקע תקופות פון געטאָ די פראַגע פון שאול טשערניכאָווסקיס ליד:

אומרים ישנה ארץ
ארץ שטופה שמש
איה אותה ארץ
איפה אותה שמש? — — —
מען זאָגט, ס'איז דאָ אַ לאַנד,
אַ לאַנד מיט זון באַגאָסן
וואו איז יענע לאַנד
וואו איז יענע זון? — — —

באַשולדיק אונז ניט, דו, וואָס דו ביזט אין געטאָ ניט געוועזן: מיר האָבן אין געטאָ געזונגען — — —



דאָס שער-בלאַט פון ערשטן נומער „פאָלקס-געזונט״ אין ווילנער געטאָ (ייווו״אָ-אַרכיוו).

# 10. הומאָר און פאָלקלאָר

די ספּעציפישע באַדינגונגען פון געטאָ־לעבן האָבן געשאַפן געטאָ־טערמינען, געטאָ־גלייכווערטלעך, געטאָ־פאָלקלאָר.

מאַלינע איז באַנוצט געוואָרן אין אַלע נטיות: אַריינמאַלינעווען (דורכגנבענען), אָ. מאַלינשטשיק, פאַרמאַלינעוועט (באַהאַלטן). אַן ענלעכן באַגריף האָט אויך געהאַט דאָס וואָרט אַריינוואַשעווען".

געפּרוירענע עפּל — האָבן געהייסן פאַרפרוירענע דייטשן אויפן רוסישן פראָנט.

געהאַקט קרויט — שווער פאַרוואונדיקטע זעלנערס.

אַקציע — אַן אַרויספירונג צום טויט.

טראַנספּאָרט — אַן אַרויספירונג צו פאַרניכטונג אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

דער מם — „מורער".

הינטישער נומער — דאָס בלעכל מיטן נומער, וואָס יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן אויפן ברוסט.

ס'האָבן זיך געשאַפן שבועות:

איך זאָל אַזוי קומען צו קבר־ישראל...

איך זאָל אַזוי דערזען די פריי...

ווערטלעך:

ער איז ביי מיר טייער ווי דער געלער שיין.

איך בין דאָך ניט קיין קומענקערער (ניט קיין געטאָ־גביר).

עפּל! — איז געווען אַ וואָרנונגס־אויפרוף, אַז אַן אַרבעטס־אויפזעער קומט אָן. אַנדערע פלעגן זיך באַנוצן מיטן אויסרוף „זעקס"!

פון קאָוונער געטאָ איז אַריינגעקומען אין ווילנער געטאָ אַ וואָרנונגס־אויסרוף — יעלה! (פון וואָרט „יעלה ויבא" — ער קומט אָן).

מיט דער צייט איז דאָס וואָרט „יעלה" געוואָרן אַ סינאָנים פאַר יעדן העכערן באַאַמטן, אַפילו פאַר אַ יידישן מיטגליד פון יידן־ראַט. געטאָ־פּאָליציסטן רעכענען זיך אויך פאַר „יעלהס". יידישע קאַפּאָען, יידישע לאַגער־עלטסטע זענען יעלהס...

יידן־פאַרראַט — דאָס איז געווען דער נאָמען, מיט וועלכן דער געטאָ־עולם האָט מכבד געווען דעם יידן־ראַט.

אַ גאַנצע רייע ראשי־תיבות און גימטריות האָבן אויסגערעכנט די דאַטע, יאָר און טאָג פון היטלערס מפּלה. ווען אַ דאַטע פלעגט זיך ניט באַריכטיקן, פלעגן אַנט־שטיין נייע גימטריות און אויסרעכענונגען (היטל"ר; נס גדול היה שם, סוף גנב לתליה, ימח שמו וזכר"ו און אַזוי ווייטער).

דאָס געטאָ־טעאַטער האָט באַנוצט נעמען „קאָרענע יאָרן און וויצענע טעג" (אַנשטאָט „ווי צו די טעג"), „די יאָגעניש אין פּאַס" (אַנשטאָט „דיאָגעניס אין פאַס") וכדומה.

די קינדער פון געטאָ האָבן מיט גרויס התמדה געזאַמלט און סעגרעגירט דעם געטאָ־פאָלקלאָר.

דער געטאָ האָט געשאַפן זיין הומאָר, זיינע סאַטירישע וויצן, זיין אייגענעם קרומען שפיגל.

אין ערשטן שווערן געטאָ־ווינטער האָט משה אָליצקי געהאַלטן רעפעראַטן אויף יידיש אין לערער־פאַראיין און אויף העברעאיש אין „ברית עברית“ וועגן „הומאָר ביי יידן“. ער פלעגט זאָגן:

„מען דאַרף אונטערהאַלטן דעם הומאָר אין די געטאָ־באַדינגונגען“.

אַדוואָקאַט מושקאַט איז געווען אַ מייסטער אויף געטאָ־וויצן און געטאָ־פעליע־טאָנען, פון אים שטאַמען די ווערטלעך:

„אין געטאָ זענען דאָ מענטשן, וואָס גלויבן אין דעאיזם (געטלעכקייטן) — און עס זענען דאָ מענטשן, וואָס גלויבן אין טעאיזם (טעאָ — אַ פּאָליציסטין וועלכע האָט געהאַט גרויס השפעה ביי יעקב גענסן, איר פּראָטעקציע איז געווען וויכטיק ביי קריגן אַ „לעבנס-שיין“.

„ווען איז אַ טיילווייזע געטאָ־ליקווידאַציע און ווען איז אַ טאָטאַלע געטאָ־ליקווידאַציע?“

תשובה: ווען מען פירט אַרויס צען טויזנט מענטשן — און מיך ניט — איז עס אַ טיילווייזע ליקווידאַציע; ווען מען פירט אַרויס מיך — און ס'בלייבן נאָך איבער צען טויזנט — איז עס אַ פולקומע ליקווידאַציע.

„אין געטאָ האַלט מען מערער פון קאַטשקעס ווי פון גענס“ (דאָס הייסט אין געטאָ האַלט מען מערער פון פאַרשידענע אומרואיקע קלאַנגען ווי פון אַלע יעקב גענס־רו־פאַרזיכערונגען).

זייער אַ סך וויצן האָבן קורסירט אויפן חשבון פון היטלער, גערינג און געבעלס. איינער פון די וויצן: געבעלס האָט באַקומען גרויסע קאָפּ־ווייטיקן, האָט ער אין דער שטיל גערופן אַ יידישן דאָקטאָר, וועלכער האָט אים געראַטן מאַכן קאָפּ־וואַנעס.

— וואָס הייסט קאָפּ־וואַנעס?

— דריי מאָל אַריינשטעלן דעם קאָפּ אין וואַסער — און צוויי מאָל אַרויסנעמען.

אַ שפע וויצן און קאַריקאַטורן וואָס האָבן צירקולירט אויפן חשבון פון דער פּאָליציי און געטאָ-געשעענישן זענען געשאַפן געוואָרן דורך די טעאַטער-רעוויס, כתריאל ברוידא און אַנדערע. זייער בייסיקע סאַטירעס זענען געשריבן געוואָרן דורך די יוגנטלעכע פון „יוגנט־קלוב“.

די קינדער זענען געווען שעפער פון אַ קוואַל געטאָ־אַנעקדאָטן און ווערטלעך. זיי פלעגן אימפּראָוויזירן גראַמען צו יעדער געלעגנהייט. איינמאָל אונטערזוכנדיק די פאַרגרעסערטע שילד־דריזן (סטרומאַ) אין שול, זאָגט מיר אַ קינד:

„ס'איז גרויס מיין וואָליע, ווי אונזער ניעדאָליע!“ —

איינע פון די געטאָ־אַנעקדאָטן:

אויפן גאַס אַ געזעמל פרויען. אין אַ געטאָ־קאָאָפּעראַטיוו האָט מען געבראַכט פערדישע קעפּ צו פאַרקויפן. אַ פאַרבייגייענדיקע פרוי פרעגט:

— וואָס איז דאָ פאַר אַ טומל?

— קעפּ!

— אוי ווי מיר ביט געשען, וויפיל קעפּ?

— אַ פאָר הונדערט —

די פרוי לויפט איבערן געטאָ און שרייט:

— אוי יידן, די דייטשן פּאַדערן ווידער הונדערטער קעפּ. אַלע לויפן מיט שרעק אין די מאַלינעס. —

עס איז געווען אַ בריגאַדיר ווייסקאָפּ, אַ בור־דאוריתא, וועלכער איז אין געטאָ עולה לגדולה געווען און געהאַט אויף אַזוי ווייט השפעה, אַז ער האָט באַפרייט הונדערטער מענטשן פון תפיסה. דערביי ביי אַ סך געטומען צו צען גאָלד־רובל פאַרן באַפרייען, — און אַנדערע, דער עיקר פון דער רבנישער וועלט האָט ער באַפרייט אומזיסט לשם מצוה. ווען ער האָט שוין געהאַט גענוג געלט, האָט ער גענומען טיילן אַ סך צדקה פאַרן „הילפס־קאָמיטעט", פאַר די געטאָ־קלויזן, מעות חיטין און פאַר יעדן, פאַר וועמען מען פלעגט קומען בעטן. לסוף איז ער געכאַפּט געוואָרן ביים שמוקל פון געגנבעטע שפּולן ביינוול ביי די דייטשן. ער איז דערשאָסן געוואָרן אין פּאָנאַר. אין די צייטן פון זיין גדולה האָט מען ווייסקאָפּן גערופן „דער קאַליף פון געטאָ".

עס האָט קורסירט אַ וויץ (וואַרשיינלעך — אַ פאַקט):

ווען דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט איינגעאָרדנט אַ י. ל. פּרץ־אָוונט, און מען איז געגאַנגען פאַרקויפן בילעטן (און אַזוי אַרום שאַפן אַ קאַסע פאַרן ליטעראַטן־פאַראיין), איז מען געקומען צו ווייסקאָפּן: —

— קויפט, ביטע, אַ בילעט אויפן פּרץ־אָוונט; אַזאַ יידישער שרייבער...

— נעבעך, פּרץ איז אַ נצרך, און איך האָב דערפון גאָרניט געוואוסט! זאָגט אים, זאָל ער צו מיר אַריינגיין, וועל איך אים געבן אַ גוטע נדבה.

אויף איינעם פון די גלעזלעך טיי פון דעם ליטעראַטן־פאַראיין איז צווישן אַנדערע קאַריקאַטורן געהאַנגען אַ בילד: עס מאַרשירט אַ ריז: ווייסקאָפּ — און הינטער אים לויפט אַ קליינער י. ל. פּרץ מיט אַ לאַטע אויפן ברוסט. ווייסקאָפּ דערלאַנגט פּרצן אַ מטבע:

— נעמט, פּרץ, שעמט זיך ניט, מען איז דאָך אין געטאָ!...




אַ מעלדונג וועגן פאַרבאָט צו געבן זיך די הענט.

# 11. רעליגיעזער לעבן, יום-טובים און מנהגים

כ׳וויל עפּעס דערציילן וועגן רעליגיעזן לעבן אין געטאָ, וועגן טראַדיציע, מנהגים און תפילות אין געטאָ, אויף ווי ווייט איך האָב דאָס אַליין געזען ווי אויך געהערט מפי אחרים.

## דער גורל פון די ווילנער רבנים און בני-תורה

מען האָט דערציילט אין געטאָ פּאָלגנדיקעס וועגן גורל פון די ווילנער רבנים און בני-תורה:

הרב שמואל פריד, אַקטיווער עסקן פון מזרחי, וועלכער האָט פאַרטרעטן הרב רובינשטיין, איז צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן אין לוקישקער תפיסה און פון דאָרטן האָט מען אים געפירט מיט אַ פּאַרטיע יידן קיין פּאָנאַר. דער רב איז געווען זייער שוואַך, און האָט נישט געקענט גיין. ער איז אָבער געווען אויסערסט באַליבט ביים ווילנער עולם, אַלס אַן אוהב-הבריות, און אַ מענטש מיט אַ גוטער נשמה. האָט דער עולם אים געטראָגן אויף די הענט אויפן וועג קיין פּאָנאַר.

ר׳ חיים שמעון טאָפּ — ווילנער מורה הוראה, אַ בן-שבעים, איז צוגענומען געוואָרן נאָך פאַרן געטאָ דורך די כאַפּונעס. ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און נישט געוואָלט גיין. האָבן אים די כאַפּונעס געשלעפּט פון זיין דירה אויף קליין סטעפאַן גאַס ביזן האַלץ-מאַרק אויף נאָוואָגראָד. זיי האָבן אים געשלעפּט און ער האָט געשריען: „רוצחים”! חאַן האָבן די כאַפּונעס אַרויפגעלייגט דעם זקן אויף אַ לאַסט-וואָגן און אַוועקגעפירט אין לוקישקער טורמע.

ר׳ העניאָך אייגעס — דער בעל „מרחשת” (וועמען מען האָט אין די ווילנער רעליגיעזע קרייזן געהאַלטן אַלס צווייטן, אין תלמוד-גאונות, נאָך ר׳ חיים עוזר גראָדזענ-סקי), איז געפירט געוואָרן שבת, דעם 6טן סעפּטעמבער 1941 אין דער לו-קישקער תפיסה. דאָרטן אין תפיסה, האָט ער געפּראַוועט יאָרצייט, וועלכע איז ביי אים דאַמאָלסט אויסגעפאַלן. ער איז אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר צוזאַמען מיט זיין זון, ד״ר אייגעס, באַקאַנטער טוער פון מזרחי.

ר׳ העניאָך נעוויאַזסקי — דער „אינטאקאלער רב” (געשמט אין ווילנער רעליגיעזע קרייזן פאַר אַ גאון) צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן נאָך פאַרן געטאָ.

ר׳ משה קאַרעליץ — געווען אין צווייטן געטאָ און צוגענומען געוואָרן פון דאָרטן אַרום יום כפור 1941 מיט זיין גאַנצער משפחה.

ר׳ אייזיק קאָסטשיקאָווסקי — (רב חיים עוזר גראָדזענסקיס אַ קרוב) — געכאַפּט דורך די כאַפּונעס אין 1941.

ר׳ לייזער קאַפּלאַן — (משגיח פון ראַדונער ישיבה) אייניקל פון „חפץ-חיים”. צוגענומען דורך די כאַפּונעס פאַרן געטאָ 1941.

ר׳ יהושע לעווינזאָן — (משגיח פון גראָדנער ישיבה) צוגענומען פאַרן געטאָ אין 1941.

ר׳ שלמה הרכבי — (משגיח פון גראָדנער ישיבה) צוגענומען פאַרן געטאָ אין 1941.

הרב זאב סעגאַל — (נאָוואָגראָדער רב) צוזאַמען מיט זיין פאָטער, דעם שוחט, צוגענומען בשעת דעם פּאָגראָם אין נאָוואָגראָד, דעם 17-טן יולי 1941.

געווראַווער רב — אַנטלאָפן קיין ווייסרוסלאַנד און דאָרטן אומגעקומען.

הרב מיכאל בץ — צוגענומען פאַרן געטאָ 1941.

הרב שוב — צוגענומען געוואָרען פון בנין פון יידן-ראַט, סעפּטעמבער 1941.

ר' שמעון שאַפּיראָ — ליפּוווקער רב (אַ שוואָגער פון הרב זאב סעגאַל) איז געפירט געוואָרן פון געטאָ אין לוקישקער טורמע. ער איז פון דער פּאַרטיע אַנטלאָפן. אויפן וועג געכאַפּט אַ דראָזשקע און געפאָרן קיין ליפּוווקע. עס אז אָנגעקומען גראָד אַ דייטשע וואַך, איז ער אַראָפּגעלאָפן פון דער דראָזשקע און אַנטלאָפן אויף ליפּיאווקער בערג. וואַך, איז ער אַראָפּגעלאָפן פון דער דראָזשקע און אַנטלאָפן אויף די ליפּוווקער בערג. די דייטשן האָבן אים נאָכגעשאָסן. וואַרשיינלעך איז ער דאָרטן אומגעקומען.

הרב אלתר פּערלאָוו — חסידישער רבי, צוגענומען געוואָרן פון ערשטן געטאָ, ווינטער 1941.

ר' משה אבא קעסעל -- פון שניפּישאָק; בשעת דעם פּאָגראָם אין שניפּישאָק האָבן די דייטשן אים געצוואונגען צו שפּרינגען איבער שייטערהויפנס מיט ברענענדיקע ספרי-תורות. ער האָט געשטעלט אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד. אומגעקומען אין געטאָ בשעת דער אַקציע פון די געלע שיינען אין יאָר 1941.

ר' אלחנן וואַסערמאַן — (וועלט-באַרימטער גאון און ראש ישיבה פון באַראַנאָוויטש) איז געפאָרן פון ווילנע קיין קאָוונע, נאָך ערב דעם געטאָ. עס זענען געווען קלאַנגען, אַז ער איז דאָרטן דערשאָסן געוואָרן.

הרב גערשאטער — ערן-בעל-קריאה פון ווילנער שטאָטשול (פלעגט זיך אונטערשרייבן „מגזע רוקח”), אַרויסגעפירט געוואָרן בשעתן שניפּישאָקער פּאָגראָם 1941.

דער מיכאַלישקער רב, אַ זקן, איז געקומען מיט די מיכאַלישקער יידן אין געטאָ בשעת דער ליקווידאַציע פון די שטעטלעך, און איז נפטר געוואָרן אין געטאָ נאָך דער אַקציע קאָוונע-פּאָנאַר 1943.



אין געטאָ, ביז זיין ליקווידאַציע, זענען געבליבן פון ווילנער רבנים הרב זאַל־מאַנאָוויטש און הרב פּילאָווסקי. אין די לאַגערן הינטער ווילנע האָט זיך געפונען הרב גוסטמאַן. בעת דער ליקווידאַציע פון די שטעטלעך זענען צוגעקומען אין ווילנע רבנים פון דער פּראָווינץ. צווישן זיי דערמאָן איך זיך הרב סלאָדזינסקי און הרב מאַרקוס. הרב אהרון בעריק איז געלעגן די גאַנצע צייט פון געטאָ קראַנק אין שפּיטאָל אויף טובערקולאָזע.

אין דער ישיבה גדולה, איז דער ראש ישיבה געווען רב יצחק קאַרניקס (דער איידעם פון הרב פּילאָווסקי).

אין דער ישיבה קטנה און דער רעליגיעזער שול, זענען געווען טעטיק רב גרשון ליבמאַן, פון נאָוואָגרודקער ישיבה, רב מרדכי יודעלעוויטש, אַ תלמיד פון רב שמעון שקאָפּ, די ישיבה-בחורים לייבל נאַבאָרשטשיק-ניעבאָשטשיק, פון אוקראַינע, מאיר חייט דער זון פון נאָוואָגראָדער שמש, לאַנדוי, חיים באָרטמאַן און אַנדערע. דער משגיח איז געווען רב אברהם צבי ליסטאָווסקי, פריערער משגיח פון דער סלאָנימער ישיבה.

פון חזנים דערמאָן איך זיך: ליטוואַק, אומגעקומען אין עסטלאַנד, איידעלסאָן, און לייזעראָוויטש.

עס איז געווען אַ מוהל, פּעקלער (געשטאָרבן אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ). ער פלעגט דורכפירן בריתן ביי די „אומלעגאַל” געבוירענע קינדער. אַ טייל האָט אָפּגעלייגט דעם ברית ביז נאָכן געטאָ, אפשר וועלן זיי קענען אויסבאַהאַלטן דאָס קינד אַלס „אַריער”.

איינער פון די הויפּט בעל־קריאהס איז געווען גערשאַטאָר, אַ ייד אַ יודע ספר. ער האָט געוואוינט אויף פּאָרטאָווע-גאַס, אַ קרוב פון גערשאַטאָר „מגזע רוקח”, דעם בעל קריאה פון ווילנער שטאָט־שול, וועלכער איז אומגעקומען אין יאָר 1941, פאַרן געטאָ.

אין פאַרשידענע רעליגיעזע ענינים פלעגן זיך זייער מתעסק זיין, און שפּעטער אפילו געשאַפן אַ רעליגיעזן ראַט ביי דער קולטור־אָפּטיילונג פון יידן־ראַט, הרב יעקובסון, צבי ניסן יפה און י. וויגדאָרטשיק.

די גרינדער פון דער רעליגיעזער קיך זענען געווען די סענאַטאָרן יעקב טראָ־קענהיים און לייבל מינצבערג פון פוילן. זיי זענען שפּעטער אָפּגעפאָרן אין ביאַ־ליסטאָקער געטאָ.

פון די אַמאָליקע ווילנער מגידים איז געווען נאָר קלאָס. כ'האָב אים געזען ביז די טעג פון דער ליקווידאַציע. דער באַראַנאָוויטשער מגיד אריה זוכאָוויטש איז אומגעקומען פאַרן געטאָ.

## בתי־מדרשים אין געטאָ

אין געטאָ זענען געווען פאָלגנדיקע בתי־מדרשים:

1) קצבישע שול (יאַטקעווער 5).

2) רב שאולקעס קלויז (שאַוועלסקע 5).

3) יאָגיכעס קלויז (שאַוועלסקע 1).

אין די בתי־מדרשים פלעגט מען לערנען און דאַווענען פון האַלב פינף פרי ביז צען אין אָוונט.

די איבעריקע בתי־מדרשים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין תחום פון געטאָ, זענען געווען חרוב. אַ טייל פון זיי זענען געווען איבערגעבויט שפּעטער אויף אינ־טערנאַטן — שפּיטאָל־גאַס נומער 3, סטראַשון־גאַס נומער 4, אָדער פאָלקס־שולן — סטראַשון־גאַס נומער 1.

אין די לאָקאַלן פון די בתי־מדרשים האָבן זיך געפונען: די ישיבה־גדולה אויפן נאָמען פון הרב רב חיים עוזר גראָדזענסקי, די ישיבה קטנה און די צוויי רעליגיעזע פאָלקס־שולן.

## ספרי תורות

עס זענען געווען אַ זעכציק־זיבציק ספרי־תורות. דער מערסטער טייל פון זיי איז געווען אין די בתי־מדרשים; אין רב שאולקעס קלויז איז געווען ביי אַ פינף ספרי תורות. אַ טייל איז געווען באַהאַלטן. מען האָט דערציילט, אַז הערמאַן קרוק איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן אַ סך עטרות און אויך איניקע ספרי תורות פון די חרובע שולן אויסערן געטאָ.

## ספרים

די קלויזן זענען געווען פאַרלייגט ממש מיט ספרים. יידן, וואָס פלעגן געפינען אין אַ געטאָ־וואוינונג אָדער אין אַ חורבה אַ ספר — האָבן זיי עס געברענגט אין די בתי־מדרשים.

## דרשות

די יונגע ישיבה־בחורים פלעגן האַלטן אָפט דרשות פאַרן עולם. דער רעליגיעזער לערער אליעזר גאָלדבערג האָט איינגעאָרדנט אַ „רעליגיעזן סעמינאַר", וואו עס זענען פאָרגעלייענט געוואָרן פאַרן עולם יעדע וואָך צו קאַפּיטל יידישע געשיכטע. ניסן יפה האָט געלערנט משניות אין די אָוונטן.

די ערשטע תקופה פון געטאָ (ביז אַפּריל 1943 — אַקציע קאָוונע) האָט מען זיך נוהג געווען ניט צו זאָגן קדיש נאָך די אַרויסגעפירטע קיין פּאָנאַר, ווייל עס איז ניט געווען באַוואוסט זייער גורל...

זענען אָבער געווען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז וואָס עס הייסט פּאָנאַר, איז באַוואוסט, און זיי פלעגן על דעת עצמם זאָגן קדיש נאָך זייערע אַרויסגעפירטע קרובים.



ווען מען איז אַריין אין געטאָ, האָבן די רעליגיעזע יידן איינגעפירט צו זאָגן יעדן טאָג, נאָך שמונה עשרה, די תחנון תפילה, וועלכע מען זאָגט געוויינלעך יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. די תפילה הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

אלתי ישראל שוב מחרון אפיך. והנחם על הרעה לעמך
הבט משמים וראה,כי היינו לעג וקלס בגוים,
נחשבנו כצאן לטבח יובל, להרוג, לאבד ולמכה ולחרפה
ובכל זאת שמך לא שכחנו, נא אל תשכחנו.

גאָט פון ישראל קער זיך אום פון דיין גרימצאָרן און באַדענק זיך
איבער וועגן דעם שלעכטס פאַר דיין פאָלק,
קוק פון הימלען און זע, אַז מיר זענען געוואָרן צו שפּאָט און שאַנד ביי
די פעלקער,
מיר זענען געגליכן צו שאָף, וואָס ווערן געפירט צום שלאַכט, צום
הרגענען, צום פאַרניכטן, צו קלעפּ און צו שאַנד
און טראָץ דעם האָבן מיר דיין נאָמען ניט פאַרגעסן פאַרגעס-זשע
אונז אויך ניט.

מיט כוונה און מיט געוויינען פלעגט דער עולם בשעת דער תחנון תפילה אויסשרייען דעם פסוק:

שומר ישראל, שמור שארית ישראל, ואל יאבד ישראל!
(היטער פון ישראל, היט אָפּ דאָס רעשטל פון ישראל און זאָל ניט
אומקומען ישראל).

אין דער פרי און צו מנחה פלעגט מען נאָך שמונה עשרה זאָגן אבינו מלכנו.

יעדן טאָג פלעגט געזאָגט ווערן:

אחינו כל בית ישראל, הנתונים בצרה ומשביה, העומדים בין בים ובין ביבשה, המקום ירחם עליהם, ויוציאם מצרה לרוחה, מאפלה לאורה ומשעבוד לגאולה, השתא בעגלא ובזמן קריב ונאמר אמן.

אונזערע ברידער פון יידישן הויז, וואָס זענען איבערגעגעבן צו צרות און צו געפאַנגענשאַפט, די וואָס זענען אויסגעשטעלט אויף ים און אויף טריקעניש, דער אויבערשטער זאָל זיך אויף זיי מרחם זיין און זאָל זיי אַרויספירן פון ענגשאַפט אויף ברייטעניש, פון טונקלהייט צו ליכטיקייט, פון פאַרקנעכטעניש צו אויסלייזונג, אָט איצט. גאָר נאָנט, און אין דער נאָנטסטער צייט און מיר זאָגן אמן.

נאָכן דאַווענען פלעגט מען זאָגן די קאַפּיטלען תהילים:

קמב. משכיל לדוד בהיותו במערה תפילה
דודס תפילה אין דער מערה.

יג. למנצח מזמור לדוד : עד אנה ד'תשכחנו לנצח, עד אנה תסתיר פניך ממני.
למנצח, אַ געזאַנג פון דוד:
ביז ווי לאַנג גאָט וועסטו מיך שטענדיק פאַרגעסן,
ביז ווי לאַנג וועסטו פאַרבאַהאַלטן דיין פנים פון מיר.

קכא. שיר למעלות: אשא עיני אל ההרים מאין יבוא עזרי — — —
איך הויב מיינע אויגן צו די בערג, פון וואַנעט
וועט קומען מיין הילף?

דער עולם פלעגט ענדיקן הויך:

לא ינום ולא יישן שומר ישראל — — —
עס דרעמלט ניט און עס שלאָפט ניט דער היטער פון ישראל. — — —

קל. שיר המעלות: ממעמקים קראתיך — — —
שיר המעלות: פון דער טיפעניש רוף איך צו דיר.

דער עולם פלעגט ענדיקן הויך:
והוא יפדה ישראל מכל עוונותיו
און ער וועט אויסלייזן ישראל פון אַלע זיינע זינד.

כ. למנצח מזמור לדוד יענך ד' ביום צרה
אַ געזאַנג צו דוד, גאָט וועט דיר ענטפערן אין טאָג פון צרה.

עט. מזמור לאסף: אלוהים! באו גוים נחלתך — — —
— — — נתנו את נבלת עבדך מאבל לעוף השמים, בשר חסידיך לחיתו ארץ
— — — שפוך חמתך על הגוים אשר לא ידעוך ועל ממלכות אשר בשמך לא קראו
— — — והשב לשכנינו שבעתים, אל חיקם חרפתם אשר חרפוך — — —
גאָט, פעלקער זענען געקומען אין דיין נחלה
— — — זיי האָבן געגעבן די קערפּערס פון דיינע קנעכט צום עסן פאַר די פויגל פון הימל, דאָס די פלייש פון דיינע פרומע צו דער חיה פון דער ערד.
— — — גיס אויס דיין צאָרן אויף די פעלקער, וועלכע האָבן דיך ניט דער־קענט, און אויף די קיניגרייכן, וואָס האָבן דיין נאָמען ניט גערופן
— — — און קער ווידער צו אונזערע שכנים זיבנפאַכיק אין זייער שויס אַריין די שאַנד מיט וועלכע זיי האָבן דיך באַשענדעט — — —

## שבת

אָפּצוהיטן שבת אין געטאָ איז געווען זייער שווער אויף פאַר אַ רעליגיעזן, אויב ווען נאָר ער איז געגאַנגען אַרבעטן אויסערן געטאָ אין אַ דייטשער קאָמאַנדאָ. פרומע פרויען פלעגן שטעלן טשאָלנטן אין די געטאָ־בעקערייען, בכדי נישט צו דאַרפן קאָכן אום שבת. אין די בתי־מדרשים פלעגט זיין פול יידן, וואָס אַרבעטן ניט אויף קאָמאַנדאָס.

אין דער צווייטער תקופה פון געטאָ האָט זיך באַוויזן אַ באַוועגונג אָפּצוהיטן שבת. אַ פרוי פלעגט האַלטן רעדעס אין די בתי מדרשים רופנדיק צו שמירת שבת. אַבעלע (זיין טאַטע איז געווען איינער פון די צוויי יידן, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין געטאָ דורך אונטערוועלטניקעס), אַ דרייצן יאָריקער ייִנגל פון דער ישיבה קטנה מיט געדרייטע פאותלעך, פלעגט שבת פאַרהאַלטן אין די געסלעך פון געטאָ די יידן, וואָס רויכערן פּאַפּיראָסן — מיט דער פראַגע:

— פאַרוואָס רויכערסטו? היינט איז שבת! רויכערן מוזטו דאָך ניט! — —

## יום טובים

ווי טרויעריק און שווער עס איז ניט געווען דאָס לעבן אין געטאָ, זענען די פסח־טעג דאָך געפייערט געוואָרן מיט די גרעסטע אָנשטרענ־גונגען. עס זענען קאָנסטרואירט געוואָרן מאַשינען, וואו מען האָט געבאַקן מצות. די באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג פון געטאָ האָט אויף די שפּייז־קאַרטן אַרויסגעגעבן אַ פערטל קילאָ ביז אַ האַלבע קילאָ מצה פאַר אַ מענטשן אויף גאַנץ פסח. אַ סך פלעגן אָבער לאַנגע חדשים פריער אָפּשפּאָרן פון זייער מעל, וואָס זיי האָבן ווי עס איז אַריינגעגנבעט אין געטאָ, בכדי צו קענען אויף פסח האָבן מצות, וועלכע זענען געבאַקן געוואָרן אין געטאָ דורך אַ געמיש פון קאָרן־ און ווייץ־מעל. רבנים האָבן מתיר געמאַכט אַרבעס און רעטשקענע מעל. געווען מענטשן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם

גאַנצן פסח מיט אַ פערטל קילאָ מצה אויף אַכט טעג און מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל אַ טאָג.

דעם סדר אין יאָר 1942 האָבן די יידן געפּראַוועט אין זייערע געטאָ־צימערלעך, משפחות־ווייז אָדער צימערווייז.

פסח 1943 זענען געווען אַ סך קאָלעקטיווע פייערלעכע סדרים: אין דער רעלי־גיעזער קיך, אין ברית עברית, אין די פאָלקס־שולן, אין די אינטערנאַטן פון ילדים און ילדות.

שבועות האָט מען געלערנט אין די בתי מדרשים די גאַנצע נאַכט. געפּראַוועט תקון שבועות.

ראש השנה און יום כפור זענען געווען פאַרמאַכט אַלע אַנשטאַלטן פון יידן־ראַט, שול־וועזן, ביוראָס. קינדער האָבן געשיקט זייערע לערערס לשנה־טובה־קאַרטן, יידן זענען געגאַנגען איינער צום אַנדערן ווינטשן אַ גוטן יאָר.

סוכות האָבן איניקע יידן אויפגעשטעלט פון ברעטער און טירן סוכות. אַלס סכך האָט געדינט צווייגלעך, וואָס יידן האָבן געבראַכט פון דער אַרבעט אויף די קאָמאַנדאָס. אין געטאָ איז אויך געווען איין אתרוג מיט אַ לולב, געפונען אין אַ חרובע שטוב. דעם ערשטן אָקטאָבער 1942, פערטן טאָג חול המועד סוכות, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער קצבישער קלויז אַ שמחת בית השואבה-פייערונג. דער רעליגיעזער לערער אליעזר גאָלדבערג האָט גערעדט אויף דער טעמע: וויין, וואַסער און טרערן, און דער חזן אידעלסאָן האָט געזאָגט קאַפּיטלען תהלים.

שמחת תורה, האָבן קינדער געטראָגן פענדלעך, מיט טירעלעך, וואָס עפענען זיך צום אַרון קודש, וועלכע זענען געפונען געוואָרן אין די חרובע ביכערהאַנדלונגען פון פונק, ראָזענטאַל, מאַזע. עס זענען אויך געווען שמחת תורה-פענדלעך פון געטאָ-פּראָדוקציע.

צו יזכור פלעגן די שולן זיין איבערפולט. מענטשן האָבן זיך געפרעגט:

— ווער וועט זאָגן נאָך אונז אַמאָל יזכור?

חנוכה זענען פאַרקויפט געוואָרן אין די געטאָ־געסלעך בלייענע חנוכה־דריידלעך, געפונענע אין די ביכערהאַנדלונגען — ווי אויך הילצערנע דריידלעך פון געטאָ־פּראָדוקציע.

צו פורים זענען דורך אַ רייע בעלי־מלאכות אויסגעאַרבעט געוואָרן הילצערנע גרעגערס פאַר די קינדער.

תעניתים. ווען עס פלעגט דערוואַרט ווערן אַן אַקציע אָדער שווערע גזירות אין געטאָ, פלעגן די רעליגיעזע קרייזן אויסרופן אַ תענית ציבור.

נאָך דעם, ווי ס׳איז געווען דער פאַל פון צוויי יידן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך יידישע אונטערוועלט־מענטשן, וועלכע זענען אַלס שטראָף אויפגעגאַנגען געוואָרן, — האָבן די רעליגיעזע קרייזן אויסגערופן אַ תענית ציבור, בכדי צו וועקן צו התעוררות הרוח.

מקוה. די רעליגיעזע קרייזן האָבן זיך באַמיט איינצואָרדענען נעבן סאַניטאַרן דורכלאָז־פּונקט אַ מקוה. צי איז דאָס געלונגען זיי איז מיר ניט באַקאַנט.

חופה וקדושין. דאָס פּראָבלעם פון חופה וקדושין האָט אַרויסגערופן וויכוחים אין די רעליגיעזע קרייזן צוליב דער פראַגע, צי קען מען די אַרויסגעפירטע בעת

די אַקציעס אָנגעמען אַלס נפטרים, און די איבערגעבליבענע נאָך זיי אַלס אלמנים און אלמנות — און צי מעג מען ביי די געטאָ־באַדינגונגען דערטיילן חופה וקדושין.

**יהרגו כולם ואל ימסרו נפש אחת בישראל...**

נאָך דער אַקציע פון די געלע שיינען האָבן די רעליגיעזע קרייזן אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און ס'איז אַוועק דאָן אַ דעלעגאַציע צום געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס, אין באַשטאַנד פון הרב מענדל זאַלמאַנאָוויטש, הרב פּילאַווסקי, הרב יצחק קאַרבּיקס, הרב גוסטמאַן.

זיי האָבן אים געזאָגט, אַז לויט דעם יידישן דין קען מען אַרויסגעבן אַ יידן צו דער מאַכט, ווען זי פאָדערט אים, אָנווייזנדיק זיין פּערזאָן און ווען ער ווערט באַשולדיקט אין פּערזענלעכע חטאים. מען טאָר אָבער ניט אַרויסגעבן אַ יידן, ווען די מאַכט פאָדערט סתם אַ יידן, דאָס הייסט ניט וועגן פאַרזינדיקן זיך, נאָר וועגן דעם עצם זיין אַ ייד.

די רבנים האָבן אָנגעוויזן יעקב גענסן, אַז ער האָט ניט קיין רעכט אויסצו־קלייבן יידן און צוצושטעלן זיי דעם דייטש אויף זיין פאָדערונג.

יעקב גענס האָט געענטפערט, אַז מיט זיין אָנטיילנעמען אין סעלעקציעס און מיטן אַרויסגעבן אַ קליינעם צאָל יידן, ראַטעוועט ער אַלע איבעריקע פון טויט. —

און אויף אַזאַ פאַל האָט געזאָגט דער רמב"ם:

— וכן אם אמרו להם עכו"ם: תנו לנו אחד מכם ונהרגהו, ואם לא נהרוג כולכם — יהרגו כולם ואל ימסרו להם נפש אחת מישראל... (הלכות יסודי התורה" להרמב"ם, פרק ה' סעיף ה').

(און אויך, אויב עס זאָגן צו זיי די געצנדינער: גיט אונז אַרויס איינעם פון אייך און מיר וועלן אים דערהרגענען, און אויב ניט דערהרגענען מיר אייך אַלעמען — זאָלן אַלע געהרגעט ווערן און זיי זאָלן נישט אַרויסגעבן זיי אפילו קיין איין נפש ניט פון ישראל...).

טויט-פֿאַלן לויט סיבות און עלטערס

סעפּטעמבער, אָקטאָבער, נאָוועמבער 1941

| [illegible] | נאָוועמבער | | | | | | | | אָקטאָבער | | | | | | | | סעפּטעמבער | | | | | | | | סיבות |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | ס״ע | | 30-21 | | 20-11 | | 10-1 | | ס״ע | | 31-21 | | 20-11 | | 10-1 | | ס״ע | | 30-21 | | 20-11 | | 10-0 | | |
| | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | פֿ | מ | |
| 7 | – | 1 | – | 1 | – | – | – | – | 1 | 1 | – | – | 1 | 1 | – | – | 1 | 3 | – | – | – | – | 1 | 3 | 1 [illegible] |
| 16 | 2 | 3 | 1 | 1 | – | 2 | 1 | – | – | – | – | – | – | – | – | – | 3 | 8 | – | – | – | 1 | 3 | 7 | 2 [illegible] |
| 2 | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | 2 | – | 2 | – | – | – | – | 3 [illegible] |
| 5 | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | 3 | 2 | 3 | 1 | – | 1 | – | – | 4 [illegible] |
| 72 | 23 | 21 | 5 | 4 | 14 | 12 | 3 | 5 | 16 | 9 | 9 | 5 | 4 | 2 | 3 | 2 | 2 | 4 | 2 | 4 | – | – | – | – | 5 קינדער-קראַנקהייטן |
| – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | 6 [illegible]-קראַנקהייטן |
| 3 | 1 | 2 | 1 | 1 | – | – | – | 1 | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | 7 [illegible] |
| 3 | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | – | 1 | 2 | – | 2 | 1 | – | – | – | 8 פּסיכישע קראַנקהייט |
| 32 | 6 | – | – | – | – | – | 6 | – | 13 | 1 | 9 | – | – | 1 | 4 | – | 6 | 6 | 1 | 2 | 5 | 4 | – | – | 9 אַלטקייט |
| 43 | 7 | 2 | 2 | 1 | 3 | 1 | 3 | – | 6 | 2 | 4 | – | 1 | – | 1 | 2 | 7 | 3 | 4 | 1 | 3 | – | – | 2 | 10 [illegible] |
| 168 | 39 | 29 | 9 | 8 | 17 | 15 | 13 | 6 | 36 | 13 | 12 | 5 | 6 | 4 | 8 | 4 | 23 | 30 | 10 | 12 | 9 | 6 | 4 | 12 | |

סטאַטיסטישע טאַבעלע פון די טויט-פאַלן אין געטאָ 1941 (ייוואָ-אַרכיוו)

# 12. דער געטאָ-מענטש

## מאַן, פרוי, קינד, יוגנטלעכער, זקן

ווי האָט זיך געשטאַלטעט דער געדאַנקען־גאַנג פון געטאָ-מענטש? ווי האָט זיך דער געטאָ־ייד צוגעפּאַסט צו די געטאָ־באַדינגונגען? ווי האָט ער אויף זיי רעאַגירט? וועלכע נייע, ספּעציפישע מאָמענטן זענען אַנטשטאַנען אין פסיכיק ביי צוזאַמענ־טרעפן מיט די נייע, אומדערוואַרטעטע באַדינגונגען?

פאַרן לעבן מוז מען קעמפן; אין געטאָ מוז מען תמיד וואַך זיין, ווייל יעדע מינוט לויערט אויף דיר אַן אומדערוואַרטעטע סכנה — באַהערשן זיך, באַהערשן די נערוון; פאַרויסזען די סכנות, אויסמיידן זיי, אַנטרינען פון זיי; געדולדיק איבערטראָגן געטאָ־באַדינגונגען, געדולדיק צופּאַסן די באַדינגונגען צו זיך, געדולדיק איבערטראָגן אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן; וואַרטן, האָפן ביז דער לעצטער מינוט; דורכלעבן ביי אַלע באַדינגונגען און טראָץ אַלע באַדינגונגען; דער געטאָ איז צייטווייליק — שפּעטער קומט די שטענדיקע פרייהייט —

**דאָס זענען געווען עלעמענטן פונעם דענקען פון יעדן מענטש אין געטאָ.**



אויסהאַלטן! — איז געווען דאָס ציל, די לאָזונג פון יעדן איינעם. אין די שווערסטע שעהן פון אַקציעס — דאַרף מען זיין קאַלטבלוטיק, ווייל אַז ניט ביזטו אינגאַנצן פאַרלוירן און קענסט כאַרזען אפילו אַ זעלטענע מעגלעכקייט פון ראַטעווען זיך.

אין דערוואַרטונג פון אַקציעס, אין מאַלינעס און קעלערס, מעגסט אפילו ניט וועלן, דאָך עס עפּעס, נעם עפּעס אין מויל, בכדי זאָלסט ניט פאַלן פון די קרעפטן. —

מען דאַרף זיך אָנטאָן ווי אַ מענטש — בכדי ניט צו פאַרגעסן, אַז מען איז אַ מענטש — מען דאַרף דעריבער זיך ניט אָפּלאָזן. —

ס׳איז טרויעריק אויפן געמיט — דאַן גיי אויף אַ קאָנצערט, אויף אַ געטאָ־טעאַטער־פאָרשטעלונג — מען מוז „אויסלופטערן" דעם צער — בכדי צו זיין פעאיק צום דענקען — דער צער זאָל נישט פאַרטונקלען די געדאַנקען, אין שעה פון אַ דעציזיע.

ווי איינער נעמט אַ רפואה — ווי איינער שטעלט זיך געהאַקטע באַנקעס, בכדי אָפּצולאָזן דאָס שלעכטע בלוט, אַזוי פלעגן מענטשן גיין פון צייט צו צייט אויף אַ געטאָ-רעווי, בכדי אַביסל לאַכן און אָפּלאָזן די מרה שחורה, אויפּצווינגען זיך אַליין אַ בעסערע שטימונג, פאַרגעסן אַ פּאָר שעה דעם שווערן באַוואוסטזיין און דאָס שוואַרצע כאַרגעפיל — — — —

ווי אַ טרינקנדיקער אין אַ שטרוי — אַזוי אויפכאַפּן יעדע גוטע ידיעה, יעדן גוטן קלאַנג — צווינגען זיך בגוואַלט גלויבן אין זיי — קינסטלעך געבן זיך מוט; און אין שטענדיקער וואַכזאַמקייט, דאַרפסטו געדענקען טאָג־טעגלעך, שעה אין שעה, די פליכטן און אויפגאַבן, וועלכע דו האָסט צו דערפילן פאַר זיך און פאַר דיינע משפחה־מענטשן. —



דער מאַן, דער פאָטער — האָט אין געטאָ פאַרלוירן זיין פּאָזיציע פון הויפּט־שיצער און הויפּט־באַזאָרגער פון דער משפחה; עס האָט מיט אים געטיילט די פרוי גלייכמעסיק די זאָרגן. דאָך אָבער האָבן זיך געשאַפן געוויסע ספערן פון ענינים, וועלכע דער מאַן האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז זיין הויפּט־חוב צו באַזאָרגן, צו פאַרהיטן — און ערשט אויב אים געלינגט עס ניט — איז עס דער חוב פון דער פרוי.

אַלס ערשטע הויפּט־זאָרג פון יעדן מאַן אין געטאָ איז געווען קריגן דעם לעבנס־שיין; דערמיט האָט ער באַזאָרגט גלייכצייטיק אויך די פרוי מיט די קינדער; ער מוז זיך ווארפן אויף פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער, אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, בכדי צו דערגרייכן דעם לעבנס־שיין; ניט אַלע מאָל פלעגט עס אים געלינגען, אָבער דאָך, די ערשטע שיינען זענען טאַקע געווען מענער־שיינען. נאָר אַ געוויסער טייל מענער האָט גענאָסן פון דעם פרויען־שיין און זייער פרוי האָט דאַן געמוזט גיין אויף די שווערסטע אַרבעטן.

דער מאַן האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט און אויפגאַבע צו „אָרגאַניזירן" אויסערן געטאָ אויף פאַרשידענע אופנים באַשפּייזונגס־פּראָדוקטן און עס אַריין־ברענגען אין געטאָ; אויסזוכן, אויסקעמפן, אויס„סקאַנדאַלעווען" אין וואוינונגס־אָפּטיילונג זיין געטאָ־וואוינונג, זיין ווינקל; באַזאָרגן אַ נאַרע צום שלאָפן; האַלץ צום באַהייצן, שלעפּן אָפט קילאָמעטער וייט פון דער אַרבעט שטיקלעך האָלץ צום הייצן אָדער בכדי אויפצובויען דאָס געלעגער, געפינען אַן אָרט אויף אַ מאַלינע, אויסזוכן די בוי־מאַטעריאַלן און די פאַרטרויטע שותפים, מיט וועמען צוזאַמען בויען די מאַלינע; וויסן אַלע אַלגעמיינע נייס, „אויסשמעקן" די גזירות אַנזאָגן די שטוביקע וועגן די דראָענדיקע געפאַרן.



די פרוי — די מוטער — איז אָפט געשטאַנען פאַר קאָמפּליצירטע, טאָפּעלע, פאַר איר נישט געוואוינטע אויפגאַבן.

פון איין זייט זענען די הויפּט־פליכטן פון דער פרוי געווען צוגרייטן דאָס עסן פאַרן מאַן און קינדער, אויסקאָכן עס ביי די שווערע געטאָ־באַדינגונגען, אויס־קעמפן אין גרויען פאַרטאָג, אָדער אין שפּעטן אָוונט, אַ רייע ביים געטאָ־אייוועלע; וואַשן די דילן, היטן די ריינקייט פון די צימערן, פון די ווענט, פון געשיר, פון טרעפּ, פון קאָרידאָרן, פון פענצטערס אונטער דער שטענדיקער מורא פון די סאַני־טאַרע אינספּעקציעס; אָפּהיטן אָפּצונעמען אין לאַנגע „אָטשערעדן" דאָס ביסל פּראָ־דוקטן, וואָס פלעגן געגעבן ווערן אויף די געטאָ־קאַרטן; דערוויסן זיך, וואו קען מען עפּעס קויפן אַ פערד־ביין, אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַביסל בוראַקעס; אויסוואַשן די וועש, אויסטריקענען זיי, לופטערן דאָס בעט־געוואַנט, אויסברענען די וואַנצן, אַכטונג געבן, אַז דאָס קינד זאָל ניט פאַרבלאָנדזשען אין טומעל פון געטאָ.

פון אַן אַנדער זייט אָבער — האָבן אַ סך פרויען געמוזט גלייכצייטיק גיין אויף אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט, גראָבן גריבער, שלעפּן קלעצער און ציגל — בכדי צו קריגן אַ „שיין", וועלכן דער מאַן האָט ניט געקענט קריגן — און אין די פרימאָרגן־שעהן, אין אָוונט־שעהן מאַכן אַ חוץ דעם די קיך, די ווירטשאַפט, די שטוב־ריינקייט.

אָפט פלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז די פרוי, די שיין־באַזיצערין, גיט זיך גוט אַן עצה אין אַלע שווערע מענער־אַרבעטן, אין אַריינטראָגן האָלץ, אין אַריינשמוגלען פּראָדוקטן, אין טוישן זאַכן, אין אָרגאַניזירן, אין פאַרדינען — דער מאַן אָבער, דער „שיינלאָזער", וואָס מוז זיצן אין געטאָ — איז ראַטלאָז ביים אויספירן די פרויען־אַרבעטן פון וואַשן די דילן, וואַשן וועש, קאָכן די מיטאָגן און אויפהאַלטן די ריינקייט פון געטאָ־צימער.

דאַקעגן די פרוי, וואָס בלייבט אין געטאָ, ווען דער מאַן גייט צו דער אַרבעט — פאַרנייט צעריסענע זאַכן, פאַרריכט זאָקן, באַקט ברויט, פאַרקויפט די פּראָדוקטן, וואָס דער מאַן האָט אַריינגעבראַכט, האַנדלט, זוכט אויף זאַכן צום אויסטוישן און דאָס רוב „קאָמיסיאָנס־געשעפטן" זענען געלעגן אין פרויאישע הענט. דעריבער איז זי ריינער אָנגעטאָן, אַרומגעוואַשן, פאַרקעמט, אין דער צייט, וואָס די מענער פלעגן גיך אָפּלאָזן זיך אין מלבושים, אין פאַרקעמען זיך, אין ריינעם אויסזען.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די שווערע צייטן ווייזן אַרויס די פרויען מער איניציאַטיווע, אויסדויער, ענערגיע, לייסטונגס־פעאיקייטן, ווי די מענער — און גיבן זיך באַדייטנדיק בעסער אַן עצה ווי די מענער — אין פאַרשידענע אומ־גערעכטע סיטואַציעס.

דאָס זעלבע האָב איך אויך אָבסערווירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די פרויען האָבן זיך לייכטער צוגעפּאַסט צו די שווערע לעבנס־באַדינגונגען, לייכטער זיך געגעבן אַן עצה, ניט אָפּגעלאָזן זיך, באַדייטנדיק לענגער אויפגעהיטן די ריינקייט פון קערפּער און בגדים; ביי די פרויען איז געווען באַדייטנדיק קלענערע קראַנק־האַפטיקייט און „נאַטירלעכע שטערבלעכקייט" ווי ביי די מענער.

ס'לאָזט זיך אין אַלגעמיין ציען אַ מסקנה, אַז די פרויען זענען מער „קאַטאַס־טראָפע־רעזיסטאַנט" ווי די מענער.

מען דאַרף אָבער אויך ניט פאַרגעסן, אַז צו די פרויען פלעגט אָפט זיין אַ באַדייטנדיק מילדערע באַציאונג בשעת דער אַרבעט ווי צו די מענער, און זיי פלעגן אַ סך ווייניקער געשלאָגן ווערן.



אין ערן־הינזיכט איז געווען פאַר די יידישע פרויען אַ גליק, דאָס געזעץ פון „ראַסן־שאַנדע" — וועלכער האָט זיי פאַרהיט פון טעראָר, ענויים און פאַרגוואַלטי־קונגען מצד זייערע דייטשע אַרבעטס־אויפזעערס, דייטש פּאָליציי־מיליטער און ס"ס־לייט, ווייל יעטווידער דייטש האָט געוואוסט, אַז זיין יעדער אַקט פון ברעכן דאָס געזעץ פון „ראַסן־שאַנדע" מיט אַ יידישער פרוי — קען פאַר אים ברענגען דעגראַדאַציע, אָפט אויך טויט. ס'זענען אָבער געווען פאַלן, און בעיקר ביי מיידלעך, דערצויגענע אין פרעמדשפּראַכיקע שולן, ניט אָנגעהעריקע צו יידישע דערציערישע, אָדער פּאָליטישע יוגנט־באַוועגונגען — וועלכע פלעגן שענקען זייער שמייכל דעם דייטשן אַרבעטס־אויפזעער, אָפט אין האָפענונג נושא־חן זיין אין זיינע אויגן, וואָס

עס וועט העלפן בשעת אַ רעדוקציע און דערמיט זיי ראַטעווען פון טויט... אָפּט מיטן צוועק אַרויסצובאַקומען עפּעס אַ מתנה, אַ שטיקל פוטער, אַ קעזל, אַ שטיקל ברויט, אַ שיסל געבאַקענע קאַרטאָפל — און אַריינברענגען עס אין געטאָ פאַר די הונגעריקע שטוביקע; די דאָזיקע מיידלעך האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס מײַנען זייערע אַרבעטס-שכנים, די יידישע מענער, אַז אַן אומשולדיקער שמייכל צו „אַ נאַצי, וואָס שלאָגט ניט" — איז אויך ערנלאָז.

אָפּט פלעגן די צעברעכנדיקע, גרויע לעבנס-באַדינגונגען פון געטאָ ברענגען צו נערוועאישער געדרייצטקייט צווישן די פרויען, צו אַ דראַנג אויסצוגיסן אין אַ מבול פון שעלטערייען זייער צאָרן, אין יללותדיקע קאָנפליקטן צווישן שכנות פון איין צימער צוליב אַ ליאַדע קלייניקייט. דאַן פלעגט דער מאַן זיין דער פאַרמיטלער, דער שופט, און דער שלום-ברענגער.



דער געשיכטע-פאָרשער וועט פאַרשרייבן דעם פאַקט פון אַ געוואַלטיקן אַקטיוון אָנטייל פון דער יידישער פרוי אין דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג, אַן אָנטייל, וועלכער איז געווען באַדייטנדיק גרעסער, ווי דער אַקטיווער אָנטייל פון דער פרוי אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין די נאָרמאַלע צייטן.

בשליחות פון געטאָ צו געטאָ,ביים גנבענען גרענעצן, ביים איבערשמוגלען געווער און אויפרופן, אין קאַמף, אין וואַלד, אויף דער אַרישער זייט — אויף די אַלע פראָנט-פּאָזיציעס פון יידישן לעבן אונטערן נאַצי-רעזשים — איז דאָס יידישע מיידל געווען די ערשטע צו יעדער שווערער אויפגאַבע.

פרומקע, ליאָנע, טעמע — דאָס זענען נאָר איינצלנע נעמען באַקאַנטע; זיי זענען נאָר סימבאָלן פון די פרומקעס און ליאָנעס און טעמעס אין אַלע געטאָס. דער יידישער געשיכטע-שרייבער וועט וויסן צו פאַרשרייבן פון וואַרשעווער געטאָ די נעמען פון חוהקע, מירע, דיסיע, פראַניע, טאסיע, אינקא, רבקה, חנה׳טשע, צפורה און אַנדערע.

און אַזוי אין יעדן געטאָ, און אַזוי אין די וועלדער פון ליטע, ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע און פוילן.

ווי געטריבן פון אַ דראַנג צו גיין אין פייער — זענען זיי געגאַנגען צו אַלע געפערלעכסטע פּאָזיציעס; מענעריש אין שנעלער דעציזיע, אין אָפּנאַרן דאָס אויג פון ס"ס-מאַן, עלאַסטיש און געפינען אומדערוואַרטעטע איינפאַלן אין א יסוועגן, אויסגערעכנט און קאַלט אין דורכפירן טראַנזאַקציעס מיט געלט און געווער, פאַר-שיכורט אין דער ראָמאַנטיק פון זייער שליחות.

ס'איז זיכער, אַז איינע פון די סיבות, וואָס האָט געשטופּט די פרוי צו די שווערע פּאָזיציעס, איז איר אַריש פנים, איר קענען בלאָנד מאַכן די האָר, סימולירן זיך אַריערין און ניט אַרויסרופן קיין גרויסע חשדים, באַוועגנדיק זיך אויף די גאַסן און אויף די וועגן מיט פאַלשע אַרישע פּאַפּירן; טראָץ אָבער זייער רעלאַטיווער „אַרישקייט" זענען דאָך אַ סך פון די מיידלעך דורכגעפאַלן מיט די פאַלשע פּאַפּירן און געענדיקט זייער לעבן אין די קעלערן פון דער געסטאַפּאָ.

און דאָך זענען זיי געגאַנגען פרייוויליק צו זייערע שליחותן, אויספירנדיק אַר-טיסטיש די ראָלע, וואָס זיי איז אויסגעפאַלן צו שפּילן: קוקנדיק קאַלטבלוטיק אין

פנים פון טויט און שמייכלענדיק דערביי; צוזעענדיק צווישן פוילישן המון יידישע מאַסן־אַרויספירונגען און שחיטות, און מאַכנדיק דערביי איראָנישע, אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען, כדי צו גילטן אַלס אַ גוטע פּאַליאַקין... און דאַן קומען צו דער אונטערערדישער באַוועגונג און דערציילן פּרט נאָך פּרט פון אומגליק, פּראָטאָקאָ־לירן יעדע אַקציע, בכדי די געשיכטע זאָל וויסן, און בכדי צו וואָרענען די יידן אין די געטאָס.

ס׳איז דאַן, אין די שווערע שעהן, נתגלה געוואָרן ביי די פרויען אַ נייע פּסיכישע שטעלונג, כ׳וואָלט עס אָנרופן אַ קאַטאַסטראָפע־דינאַמיזם. —



דאָס קינד אין געטאָ, דאָס קלענסטע קינד האָט שוין געוואוסט וואָס איז געטאָ, וואָס מיינט געטאָ, וואָס באַדייט פּאָנאַר, וואָס ווערט דאָרט געטאָן, וואָס הייסט מאַלינע און וועגן וואָס לויפט מען אין אַ מאַלינע. די קינדער פלעגן זיך שפּילן אין „אַקציעס״, אין „אויפרייסן די מאַלינעס״, „שחיטות אין פּאָנאַר״ און „צוריקפירן די זאַכן פון די טויטע״. די קינדער האָבן געוואוסט זייער גורל, געוואוסט וואָס עס דערוואַרט זיי, און אַז זיי זענען שוצלאָז. דער טאַטע, די מאַמע, וואָס קענען אַריינ־מאַלינעווען שפּייז, אַריינגנבענען סחורה — קענען זיי אָבער ניט באַשיצן...

אינסטינקטיוו האָט דאָס קינד געוואָלט ווי אַרומקרייזן זיך מיט אַ כישוף־קרייז און לעבן דאָרט אַן אַנדער, ניט געטאָ־לעבן, דעם דאָזיקן כישוף־קרייז האָט דאָס קינד געפונען אין דער געטאָ־שול. דאָ האָט ער געלעבט אַן אויסגעחלומט לעבן צווישן ביכער, דערציילונגען פון די לערערס און לידער־געזאַנגען, אַז „אַלע מענטשן זענען ברידער״.

כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ פּיעטעט, אַזאַ ליבע, אַזאַ פאַרליבטקייט פון קינדער און זייערע לערערס ווי אין געטאָ.

די יוגנטלעכע, נאָר אַ טייל פון זיי האָט זיך געקענט ווידמען דעם לערנען, אַ סך פון זיי פלעגן אַרבעטן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, אָבער געגאַנגען אַרבעטן אויסערן געטאָ — און אין אָוונט באַזוכט דעם יוגנט־קלוב, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון די געטאָ־לערערס.

זייערע באַציאונגען צו די לערערס, אַלס זייערע וועג־ווייזערס, אַלס טרעגער פון גייסט און עטיש־ריינע יחידים אין די זומפּיקע באַדינגונגען פון געטאָ־לעבן, — איז געווען פול מיט עמאָציע, אָפּט, ממש, מיט פאַרגעטערונג.

ביי די קינדער האָט זיך אַנטוויקלט אַ פּסיכישע רייפקייט, צען־עלף יאָריקע קינדער, האָבן געטראַכט ווי דערוואַקסענע, ריזיקירט ווי דערוואַקסענע, אָרגאַניזירט ווי דערוואַקסענע און דעצידירט ווי דערוואַקסענע.

ס׳האָט זיך ביי די קינדער שטאַרק אַנטוויקלט זייער שאַפונגס־גייסט, זיי האָבן געשריבן לידער, זכרונות פון די אַקציעס, פון זייער ראַטעווען זיך, באַשרייבונגען פון געטאָ־לעבן; זיי האָבן געזאַמלט געטאָ־פאָלקלאָר, אַ סך פון זיי האָבן געמאַכט פראַכטפולע צייכענונגען; עס האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט אַ שאַרפער דראַנג צו רעציטירן, דעקלאַמירן, אויפטרעטן אויף דער סצענע.

ווי ליליען צווישן זומפּן, אַזוי האָט זיך צעבליט דער שאַפונגס־גייסט ביים יוגנטלעכן; ס׳זענען אַנטשטאַנען רייפע דיכטערישע טאַלאַנטן, געבענטשטע קינסט־לער, באַגאַבטע אַרטיסטן; דעקלאַמירן, רעציטירן — און בעיקר כאָראַלע דעקלאַ־

מאַציעס פון יידישע שריפטשטעלער און פון תנ״ך — האָט פּאַסיאָנירט די יוגנטלעכע. קאָלעקטיווע באַלעטן, וואָס אינטערפּרעטירן קאַפּיטלען געשיכטע מיט מיסטישע באַוועגונגען און פּאַטאָספולע טעקסטן, פון האָפענונג אין קאַמף — פלעגן אין אַ פאַרשכורטן עקסטאַז און נביאותפולן טאָן, אויסגעפירט ווערן דורך די יוגנטלעכע. וויפיל „מתנבאים במחנה״! —

דער יידישער און העברעאישער כאָר, די העברעאישע דראַמאַטישע סטודיע זענען טאַקע בעיקר באַשטאַנען פון דער עקסטאַזירטער געטאָ־יוגנט.

די קינדער און די יוגנטלעכע האָבן געהאַלטן פאַר זייער אַ שליחות אויפצו־טרעטן מיט זייערע דעקלאַמאַציעס, רעציטאַציעס און באַלעטן — דווקא צווישן די דערוואַקסענע, אויף די „אַרבעטער־אוידיטאָריעס״, אין „געטאָ־טעאַטער״, אויף לי־טעראַרישע אַקאַדעמיעס — בכדי אַריינצוברענגען ליכטיקייט און שיינקייט פאַר די פאַרמאַטערטע עלטערן און ברידער.

ביי די קינדער און ביי די יוגנטלעכע האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַ שטאַרק געפיל פון גורל־שותפות מיט די דערוואַקסענע און אַ רצון מיטצוהעלפן אין שווערן לעבנס־געראַנגל. די קליינע קינדער פלעגן העלפן אויספילן די „דיזשורן״, אויפהאַלטן אָרדענונג און ריינקייט פון די צימערן, שטיין אין די „קאָלייקעס״ נאָך ברויט, נאָך פּראָדוקטן, נאָך הייסע וואַסער. די יוגנטלעכע פלעגן העלפן אין „אָרגאַניזירן״, אין אַריינשמוגלען פּראָדוקטן, פאַרשרייבן זיך אַלץ עלטער פון זייערע יאָרן, בכדי אַ דאַנק דעם צו באַקומען די מעגלעכקייט גיין אויסערן געטאָ אויף שווערע, פיזישע אַרבעטן, קריגן אַ לעבנס־שיין, דורך וועלכן זיי פלעגן קענען ראַטעווען זיך, און אויך נאָך וועמען עס איז פון דער משפחה.



אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ האָבן זיך באַוויזן נעגאַטיווע דערשיינונגען ביי די פאַרוואָרלאָזטע קינדער. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין גנבים־באַנדעס און דורכגעפירט דרייסטע גנבות אין און אויסערן געטאָ. דורך די אַנשטאַלטן פון „ילדים״ זענען זיי אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ קאָלעקטיוון לעבן, צוגעצויגן געוואָרן צו לימודים, און מען האָט זיי אויסגעלערנט מלאכה. זיי זענען אַ דאַנק דער אַרבעט גיך פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ גוטער, אַרבעטזאַמער יוגנט.

די שולע אין געטאָ האָט געגעבן דעם קינד און דעם יוגנטלעכן די וויזיע פון אַ פרייהייטס־לעבן; פון דער יידישער געשיכטע זענען געלייענט געוואָרן בעיקר די קאַפּיטלען וועגן די יידישע קאַמפן פאַר פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט; פון ליטעראַטור זענען געלייענט געוואָרן די ווערק, וואָס באַזינגען דעם קאַמף קעגן קנעכטשאַפט פאַר פרייהייט. דאָס האָט גערופן דעם קינד און דעם יוגנטלעכן צו אַקטיווע פרייהייטס־מעשים. די יוגנטלעכע און אפילו די קינדער האָבן זיך געריסן אין די פּאַרטיזאַנער־רייען, אין די ווידערשטאַנדס־באַוועגונגען.



שטיל, כמעט אומבאַמערקט האָבן געלעבט די זקנים אין געטאָ. די איינצלנע הונדערטער, וועמען ס׳איז געלונגען אַרויסצודרייען זיך פון די „אַקציעס״. זיי פלעגן זיך ניט ווילן וואַרפן אין די אויגן אפילו פון די יידן, מורא געהאַט פאַר אַ בייז אויג, מורא געהאַט, אַז אַ פּאָליציסט זאָל וועגן זיי געדענקען.

דער געדאַנק, די אַקסיאָמע, אַז אין געטאָ איז ניטאָ פאַר קיין זקנים קיין אָרט —

האָט זיי באַגלייט אויף יעדן טריט. זיי האָבן זיך געזען ווי צופעליקע בירגער פון געטאָ און האָבן געוואָלט באַרעכטיקן מיט עפּעס זייער צופעליקן לעבן. זיי האָבן אויסגעפירט פרום אַלע פאַראָרדענונגען פון ריינקייט; גיין יעדע ווילע אין סאַניטאַרן דורכלאָז־פּונקט, ס׳זאָל זיי חס ושלום קיין צרה ניט טרעפן צוליב אומריינקייט, און די אינזעקטן האָבן דווקא מיט עקשנות זיך געקלעפּט צו די אַלטע לייט...

ווען די מענטשן זענען אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָבן די זקנים געהיטן די צימערן, געהאָלפן איינהייצן די אויוועלעך, אויסקערן די דילן, צוגרייטן די שפּייזן; אין אָוונט, ביים צוריקקערן זיך פון דער אַרבעט, פלעגן זיי ווי איינגעצויגן ווערן אין זיך, וועלנדיק וואָס ווייניקער רוים פאַרנעמען.

מיט אַ צוגעלייגטע האַנט צום אויער פלעגן זיי הערן אָנגעשטרענגט די נייסן און די פּאָליטיק־שמועסן פון די יונגע, אויפכאַפּן יעדע גוטע ידיעה און איבערדער־ציילן זיך טויזנטער מאָל.

די זקנים אין געטאָ — האָבן אויך געוואָלט לעבן...



די פרוי סאַלאַ זאַקס, וואָס האָט געהאָלפן דער חלוצישער אונטערערדישער באַוועגונג אין ווילנער געטאָ (פאָטאָגראַפירט אין אַ כעמי־שער לאַבאָראַטאָריע 1942).

כתריאל ברוידאָ, דער פאָלקסדיכטער פון געטאָ האָט באַזונגען אין זיינער אַן עלעגיע, „פרויען״, דעם שווערן גורל פון די פרויען און די קינדער אין געטאָ:

פרויען, געבוירענע אין בייזע שעהן,
דאַן ווען עס לויערט שרעק אויף יעדן טריט,
אין שווערע קייטן זייט איר געשמידט
שוועסטער! —
אויף אייך ליגט איצט דער יאָך דער גרעסטער,
דאַן ווען איר קערט צוריק פון מי און פּיין,
באַדאַרפט איר אויך אַ מאַמע זיין!
עס איז פאַרוועלט, צעשטערט דאָס גליק
פון יאָרנלאַנג געשפּינט
און עס איז אייך פרעמד,
די טרייסט, די פרייד,
פון אייער אייגן קינד.
קינדער! —
איר זייט ווי שפּעלעך, ווי רינדער,
איר טראָגט די זאָרג די גרויסע פאַר דער צייט
איר קלערט און טראַכט ווי אַלטע לייט.

# 13. די יידישע געטאָ-פּאָליציי

כ׳וויל דאָ פּרובירן באַהאַנדלען די פּראַגע פון דער יידישער געטאָ-פּאָליציי. אַ סך מאַטעריאַלן וועגן איר טעטיקייט זענען נאָך מיר ניט באַקאַנט, און ס׳איז נאָך ניט מעגלעך דערוויי אַרויסצוגעבן אַ דעפיניטיוון פּסק וועגן איר טעטיקייט און וועגן אירע פירערס.

כ׳וויל, אַז די קומענדיקע שורות זאָלן געזען ווערן נאָר ווי אַ מאַטעריאַל צו נאָכפאָרשן און נאָכדענקען וועגן דעם פיינלעכן קאַפּיטל: יידישע פּאָליציי אין די געטאָס.

ס׳איז מיין פליכט ניט צו פאַרשווייגן, אַז די געטאָ-באַפעלקערונג אין ווילנע האָט זיך צו דער יידישער געטאָ־פּאָליציי אַלס כלל באַצויגן מיט אומטרוי און האַס. אַ סך פּאָליציסטן זענען געווען מענטשן אָן סקרופּלען, אָן שאַנדע און אָן עטיק. ביי אַקציעס האָבן זיי ניט איינמאָל געעפנט באַהעלטענישן און אַרויסגעגעבן באַהאַלטענע יידן. זיי פלעגן זיך פאַרענטפערן, אַז זיי מוזן צושטעלן דעם געפאָדערטן סכום יידן. אויב ניט וועט זיין ערגער פאַרן געטאָ.

אָפּט האָבן זיי אָפּגענאַרט די באַהאַלטענע יידן שרייענדיק:

— יידן, קומט אַרויס, עס איז שוין נאָך דער אַקציע.

און יידן, וואָס האָבן געגלויבט דער יידישער געטאָ־פּאָליציי האָבן מיטן לעבן באַצאָלט פאַר זייער צוטרוי. די יידישע געטאָ־פּאָליציי האָט אין יום כפור 1941 באַוואוסטזיניק אָפּגענאַרט די ווילנער יידן, רופנדיק זיי שטעמפּלען די שיינען צום געטאָ־טויער, און אויסגעליווערט זיי אין די הענט פון די דייטשן און דאַן אַלע געפירט קיין פּאָנאַר.

די פּאָליציסטן האָבן געזאָגט, אַז היות פּרייוויליק האָבן די יידן אָן די שיינען ניט געוואָלט גיין צום טויער, פאַרשטייענדיק, אַז דאָס דראָט מיט פּאָנאַר, האָבן זיי געמוזט אָפּנאַרן יענע, וואָס האָבן געהאַט שיינען, און אַזוי אַרום געשאַפן דעם געפאָדערטן סכום מענטשן פאַר די דייטשן. די פּאָליציסטן פלעגן זאָגן:

— די דייטשן אַליין וואָלטן גענומען מערער יידן.

מען האָט געקוקט אויף גרויסע טיילן פון דער געטאָ־פּאָליציי, ווי אויף אַגענטן פון דער דייטשער מאַכט, וועלכע זענען גרייט אויף יעדער פאַררעטערישער אַרבעט כלפּי דעם יידישן כלל, בכדי מיטן בלוט פון אַנדערע ראַטעווען דעם אייגענעם קערפּער. אַ סך פּאָליציסטן פלעגן נעמען ש ו ח ד: גאָלד, זילבער, זייגערס, פאַרן באַפרייען מענטשן בשעת די אַקציעס, און אויף זייער אָרט צושטעלן אַנדערע, וואָס האָבן ניט קיין קאָסטבאַרקייטן. ביים טויער, ביי רעוויזיעס, פלעגן אַ סך פון זיי מ ע ר ד ע ר ל ע ך ש ל אָ ג ן די קאָנטראָלירטע יידן. זיי פלעגן זאָגן, אַז דער־

מיט קריגן זיי צוטרוי ביי די דייטשן, וועלכע פאַרלאָזן זיך אויף זיי און קומען ניט דעריבער אויף קאָנטראָלן אין געטאָ.

אין טעג פון אַלגעמיינעם אומגליק האָט אַ טייל פון די פּאָליציסטן געשיכורט, איינגעאָרדנט בעלער און פאַרווײַלונגען; ווי בכדי אָפּצושפּאָטן פון געטאָ-טרויער פלעגן זיי איינאָרדנען „סילוועסטער-נעכט" מיט טענץ... אין טעג פון נויט און הונגער האָבן קאָנטיקע טיילן פון פּאָליציסטן געלעבט אין זאַטקייט און לוקסוס. זיי פלעגן זאָגן, אַז זייער אַרבעט און זייערע אויסערסט שווערע פליכטן פאָדערן אַזאַ אַרט לעבן. בשעת אַקציעס און רעוויזיעס אין יידישע הייזער, האָט ניט איינער פון זיי געלייגט צו זיך אין קעשענע יידיש האָב און גוטס, קאָסטבאַרקייטן און עסנוואַרג. זיי האָבן געזאָגט:

— סיי ווי סיי איז דאָס אַלץ הפקר.

דאָס איז געווען אַ גרופּע, וועלכע האָט געהאַלטן דעם געטאָ אין טעראָר.

זיי פלעגן זאָגן:

— אָן טעראָר און שאַרפער דיסציפּלין, וואָלט אין געטאָ געהערשט אַנאַרכיע און כאַאָס.

צו יעקב גענסן, דעם קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־פּאָליציי, האָט אַ גרויסער טייל באַפעלקערונג געהאַט אַכטונג און אַפילו טיילוויז צוטרוי, גלויבנדיק אין זיינע גוטע כוונות. די באַפעלקערונג האָט געוווסט, אַז אין דער געטאָ-פּאָליציי זענען נאָך דאָ אויך אַנדערע יחידים מיט גוטע כוונות: מען האָט זיי געהאַלטן אַלס פ אַ ר ב ל אָ נ ־ ד ז ש ע ט ע  א ו י ס נ אַ מ ע ן, וואָס ווייסן ניט, וואָס עס טוען זייערע חברים, אָדער גלויבן בלינד אין דער שליחות פון יעקב גענסן צו ראַטעווען דעם געטאָ; צום כ ל ל אָבער פון דער געטאָ־פּאָליציי איז געווען מצד די יידן אַן אָפּשוי און אַן אָפּגרענעצן זיך. ווען אַ ייד אין געטאָ פלעגט וועלן פאַרזיכערן זיין חבר, אַז ער זאָל האָבן צו אים צוטרוי, פלעגט ער זאָגן:

— מעגסט האָבן צו מיר צוטרוי, איך בין דאָך ניט קיין געטאָ־פּאָליציסט.

כ'וויל אויך ניט פאַרהוילן, אַז אַ גאַנצע רייע מענטשן זענען לכתחילה אַנגעקומען אין דער געטאָ־פּאָליציי גלויבנדיק, אַז זיי וועלן דערמיט העלפן אַריינצופירן אָ ר ד ע נ ו נ ג און סיסטעם אין געטאָ; זיי זענען אָבער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם אַפּאַראַט פון דער געטאָ־פּאָליציי, וועלכע האָבן ווילנדיק, ניט ווילנדיק, געמוזט זינקען אַלץ אין אַ טיפערן זומפּ פון אויספירער פון געסטאַפּאָ-באַפעלן.

אַ טייל פון דער געטאָ-פּאָליציי האָט איר שפּעטער פאַרלאָזט. אַזוי איז געווען יוסף גלאַזמאַן, דער וויצע־שעף פון דער געטאָ-פּאָליציי, וועלכער האָט זיך דערנאָך געשטעלט בראש פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. אַזוי זענען אויך געווען נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די געטאָ־פּאָליציי און אַוועק אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער און גענומען דאָרטן אַן אַקטיוון אָנטייל. ס'זענען אויך געווען פאַלן, ווען די יידישע פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג האָט געשיקט אירע מיטגלידער צו אַרבעטן אין דער געטאָ־פּאָליציי, בכדי צו זיין אינפאָרמירט וועגן אַלע פאַראָרדענונגען און כוונות פון דער געסטאַפּאָ, און בכדי צו דערלייכטערן ביים טויער וואַך, דאָס אַריינפירן געווער אין געטאָ.

די קרייזן, וועלכע זענען געשטאַנען נאָנט צו דער געטאָ־פּאָליציי פלעגן זאָגן, אַז ווען די לייטונג פון געטאָ, אין טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָלט ניט געלעגן אין די

הענט פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, נאָר פון דער דייטשער, וואָלט געווען די יידן נאָך ערגער. די יידישע געטאָ־פּאָליציי ווייס גוט, ווען מען שמוגלט אַריין פּראָדוקטן אין געטאָ, אבער זי מאַכט זיך ניט זען. ביי דייטשער פּאָליציי וואָלט געהערשט הונ־גער אין געטאָ. אויך דאָס ביסל „אויטאָנאָמיע", וואָס יידן האָבן אין געטאָ, דערמעג־לעכט פריי צו באַוועגן זיך, דאָס אָרגאַניזירן אַ שול וועזן, קולטור פאַראַנשטאַלטונ־גען, פאַבריקאַציע, האַנדל — איז מעגלעך נאָר, ווייל איבערן געטאָ גיט אַכטונג אַ יידישע פּאָליציי. ביי דייטשער פּאָליציי וואָלט אַלץ אָפּגעשטאָרבן, און אויך די פאָר שעהן, וועלכע דער פאַרמאַטערטער ייד פאַרברענגט אין געטאָ, נאָכן עבודת־פּרך אויף דער קאָמאַנדאָ, וואָלטן געווען פאַרסמטע שעהן אונטערן אויפזיכט פון דער דייטשער פּאָליציי.

די זעלבע קרייזן האָבן אָנגעוויזן וועגן דער געטאָ־פּאָליציי, אַז האַלטן אָרדענונג און דיסציפּלין אין געטאָ פון אומגליקלעכע מענטשן איז זייער שווער — און דעריבער קען מען ניט אויסקומען אָן פיזישן טעראָר, און אָן אָנוואַרפן אַ מורא אויף דער באַ־פעלקערונג. זיי פלעגן אויך אָנווייזן אויף פּאָזיטיווע זייטן פון דער פּאָליציי־טעטי־קייט. יידישע פּאָליציסטן פלעגן ביינאַכט ריזיקירן און אַרויספאָרן אויף פורלעך אין די אַרומיקע דערפלעך צו די פויערים און אַריינברענגען פּראָדוקטן, אָנבינדן קאָנטאַקט אין שטאָט גופא מיט פאַרשידענע אינסטיטוציעס, בכדי אַריינצוברענגען באַשפּייזונג.

עס איז באַקאַנט, ווען געסטאַפּאָ האָט אַרעסטירט באַגריאַנסקין האָט ער געהאַט פריער באַהאַלטן אין די ראַדיאַטאָרס פון געסטאַפּאָ-הויז וויכטיקע דאָקומענטן. האָבן זיך געפונען יידישע פּאָליציסטן, וועלכע זענען אַוועק אין געסטאַפּאָ-הויז מיט פאַר־שידענע תירוצים, ריזיקירנדיק זייער לעבן — און אַרויסגעפירט פון דאָרטן די דאָ-קומענטן.

יידישע געטאָ־פּאָליציי האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן דאָס טעאַטער וועזן, דאַן ווען דער געטאָ איז לכתחילה געווען קעגן פאַרוויילונגען.

יידישע פּאָליציי שיכורט, טרינקט? — ווייל ס'איז איר ביטער אויפן האַרצן אויסצופירן אַזעלכע שליחותן, וואָס זי האָט.

ס'איז געוואָרן אַמאָל איינגעאָרדנט אַן אָוונט פון דער געטאָ־פּאָליציי. איינער פון די הויפּט־נומערן האָט פאַרגעשטעלט די שווערע טראַגישע איבערלעבונגען פון יידישן פּאָליציסט, ווען ער מוז העלפן אין די יידן-אַרויספירונגען. אָבער אויב די דייטשן וועלן אַרויספירן אַליין יידן, וועלן דען די יידן דערפון געווינען? —

זאָגט אַליין, — כ'עגן טענהן די יידישע פּאָליציסטן — וואָס איז בעסער פאַרן געטאָ, יידישע פּאָליציי צי דייטשע פּאָליציי?



לטובה וועט ניט דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון פּאָליציי־שעף ס א ל ע ק ד ע ס ל ע ר (1), וועלכן מען האָט געהאַלטן אין געטאָ פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר און דייטשן אַגענט. זיין פאָטער, פעליקס דעסלער, איז געווען אַמאָל אַ חשובער עסקן

(1) פאַר דער מלחמה שטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט, געווען מיטגליד פון דער רעוויזיאָניסטישער קאָרפּאָראַציע „חשמונאה", און געווען באַקאַנט אין אַלע סטודענטן-קרייזן מיט זיין טפּשות. אין געטאָ איז ער געווען דער סימבאָל פון דער פּאָליציי-דעמאָ-ראַליזאַציע, איינער פון די הויפּט-באַקעמפער פון דער יידישער פּאַרטיזאַנען-באַוועגונג.

אין רעליגיעזע קרייזן און אויך אין געטאָ, טראָץ זיין טיפן עלטער, אַ סך געטאָן אויפן סאָציאַלן געביט. אין געטאָ האָט מען געשמועסט, אַז סאַלעק דעסלערן האָט אַריינ־געצויגן אין נעסט פון געסטאַפּאָ זיין פרוי.

לטובה פלעגט אויך ניט דערמאָנט ווערן דער פּאָליציסט מאיר ל ע וו א ס (2), וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט סאַדיזם ביים שמייסן. מען דערציילט אויך, אַז לכתחילה איז ער אַריינגעפאַלן נאָכן שמייסן אין היסטערישע געוויינען און געקלאַפּט דעם קאָפּ אין וואַנט פון חרטה, שפּעטער האָט ער זיך צוגעוואוינט צום שמייסן... אין געטאָ האָט ער חתונה געהאַט און געפּראַוועט אַ חתונה־מאָלצייט כיד המלך — —

זייער אומקלאָר איז אויך געווען די ראָלע פון פּאָליציסט נ ת ן ש ל אָ ס־ ב ע ר ג, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן דורך פּאַרטיזאַנער ביי וואַלד־אַרבעט. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ רואיקער אַרבעטזאַמער סטודענט.

געשמועסט האָט מען אויך, אַז אין דער געטאָ־פּאָליציי איז דאָ אַ גרופּע פון דרייצן פּאָליציסטן, פאַר וועלכע יעקב גענס אַליין האָט מורא, ווייל ער האַלט זיי פאַר געסטאַפּאָ־אַגענטן, וואָס שפּיאָנירן אים נאָך.

אין דער געטאָ־פּאָליציי איז געווען אַ מין „קיניגלעכער הויף" מיט הינטער־קו־ליסן־אינטריגעס און קאַמף פאַר השפעה. אַן אַקטיווע ראָלע אין דעם געטאָ־פּאָליציי־סעקרעטאַריאַט און קרימינאַל־אָפּטיילונג האָבן געהאַט יונגע פרויען: נאַרא, טעא, פּוטי, אַריאַנאַ, לילקא. אַנדערע פון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אינטעליגענץ און אַרבעטזאַמקייט און אַנדערע האָט מען צוגערעכנט צו דער הויף־סוויטע, וועלכע איבט אויס אַ שעדלעכע השפעה אויף יעקב גענסן.



די געטאָ-פּאָליציי האָט געהאַט 4 קאָמיסאַריאַטן: 1) אויף רודניצקער גאַס נר. 6, 2) אויף שפּיטאָל-גאַס נר. 11, 3) אויף סטראַשון-גאַס נר. 13, 4) אויף סטראַשון-גאַס נר. 8. אַחוץ דעם האָבן צו איר געהערט פאָלגנדע אָפּטיילונגען: קרימינעלע פּאָליציי, „טאָר-וואַך" (טויער-וואַך), סאַניטאַרע פּאָליציי, אַרבעטס-פּאָליציי, געטאָ־תפיסה.

קאָמענדאַנט פון דער געטאָ-פּאָליציי איז געווען די ערשטע טעג פון געטאָ מושקאַט; אין אַ פּאָר טעג אַרום איז יעקב גענס געוואָרן פּאָליציי-קאָמענדאַנט. זיינע שטעלפאַרטרעטערס זענען געווען אין פאַרשידענע תקופות פון געטאָ: אָבערהאַרט, יוסף גלאַזמאַן, מושקאַט, סאַלעק דעסלער. לסוף איז יעקב גענס געוואָרן געטאָ-שעף, און סאַלעק דעסלער — קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי.

יעדער פּאָליציי-קאָמיסאַריאַט איז געווען טלעך באַשטאַנען פון אַ לייטער, שטעל-פאַרטרעטער, סעקרעטאַר, אייניקע סערזשאַנטן, עטלעכע אָבער-פּאָליציסטן און אַ 15־20 פּאָליציסטן. ווי מען האָט דערציילט אין געטאָ, האָט די צאָל פון די פּאָלי-ציסטן דערגרייכט ביז 120 מאַן. ס'פלעגט אויך אָפט פּאָרקומען, אַז אייניקע קאָמי-סאַריאַטן פלעגן צוזאַמענגעגאָסן ווערן און פּאָליציסטן פלעגן רעדוצירט ווערן פון זייערע פּאָסטנס, אָדער אַריבערגעפירט ווערן צו אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס.

די קרימינעלע פּאָליציי האָט געזוכט קרימינאַליטעטן אין געטאָ און אויסגע-פירט קאָנפיסקירונגען. אין אָנהויב האָט זי זיך פאַרנומען מיט זוכן ביי יידן געלט,

(2) געבוירן אין ליטע, געווען דאָרט אַ חבר פון ביתר, אין ווילנער געטאָ קאָמיסאַר פון געטאָ-טויער-וואַך.

גאָ״ד, בריליאַנטן און אַנדערע טייערע חפצים. זי פלעגט עס קאָנפיסקירן און אי־בערגעבן דעם יידן־ראַט. ס׳האָט געזאָלט הייסן, אַז דערמיט ווערט געשאַפן פאַרן יידן־ראַט אַן אוצר, מיט וועלכן מען זאָל קענען אונטערקויפן די דייטשן אין אַן עת צרה. די קרימינעלע פּאָליציי פלעגט זיך פאַרנעמען מיט אויסזוכן גנבים און גנבות, און אין דער לעצטער געטאָ־תקופה פלעגט זי זיך פאַרנעמען מיט אָפּנעמען יידישע זאַכן פון אַריער, וועלכע אַנטזאגן זיך דאָס אָפּצוגעבן. לסוף זענען אין דער קרימינעלער פּאָליציי פאַרגעקומען פערזענלעכע שנויים און ס׳איז צוגעקליבן געוואָרן אַ שטאַב מענטשן, וועלכער האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט נאָך אַן ענין — און נעמלעך מיט אויסזוכן און נאָכשפּיאָנירן די פּאַרטיזאַנער אין געטאָ.

די „טאָר־וואַך״ האָט געהאַלטן דעם קאָנטראָל ביים געטאָ־טויער. בראש פון טאָר־וואַך איז געשטאַנען אַ לענגערע צייט מאיר לעוואַס. לעבן דער טאָר־וואַך איז געווען אַ קליין אַרעסט־צימער, ווו עס פלעגן אַריינגעפירט ווערן די פאַרהאַלטענע ביים טויער. דאָרט פלעגן זיי אָפּט געשלאָגן און געשמיסן ווערן.

די סאַניטאַרע פּאָליציי האָט געהאַט די אויסערלעכע ריינקייט פון די גאַסן און די הויפן. בראש פון איר איז געשטאַנען רפאל אסטער. די סאַניטאַרע פּאָליציי פלעגט אָפּט אַרויפלייגן גרויסע געלט־שטראָפן און אַרעסטן צוליב סאַניטאַרע אומריינקייטן.

די אַרבעטס־פּאָליציי פלעגט היטן די אָרדנונג פון די אַרויסמאַרשירנדיקע אַרבעטס־קאָלאָנעס און אַכטונג־געבן, אַז ס׳זאָלן נישט פעלן די מענטשן ביים צוריקקער.

די געטאָ־תפיסה האָט זיך געפונען אויף לידסקע געסל. זי איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר קעלער־צימערן. בראש פון תפיסה איז געשטאַנען דער תפיסה־קאָמענדאַנט, און אַ זעקס תפיסה־פּאָליציסטן. וועגן דער תפיסה זענען אומגעגאַנגען אין געטאָ אַ סך סאַטירישע לידער.

אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער פּאָליציי איז געשטאַנען דער מעלדונגס־אַמט פון יידן־ראַט. דאָרט איז געווען איינגעפירט זייער אַ גענויע קאַרטאָטעקע פון אַלע געטאָ־איינוווינער לויט זייערע נעמען, פאַכן, אַדרעסן, שיינען, פּאַספּאָרטן. אַ דאַנק דעם מעלדונגס־אַמט פלעגט די געטאָ־פּאָליציי קענען האָבן די גענויסטע ידיעות פון יעדן מענטשן אין געטאָ.

די געטאָ־פּאָליציי פלעגט פון צייט צו צייט איינאָרדנען בעלער פאַר די פּאָליציסטן און זייערע מקורבים. די וועגנט פלעגן דערביי זיין דעקאָרירט מיט פאַרשידענע דעקאָראַציעס אויף געטאָ־טעמען און צווישן זיי מיט צאַלרייכע מאָלערייען און אויסשניטונגען פון פּאַפּיר און האָלץ, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט גענז. זיי האָבן געזאָלט מיט זיך סימבאָליזירן דעם נאָמען פון געטאָ־מושל יעקב גענס.

## דער געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס

אַ טראַגישע פערזענלעכקייט איז געווען יעקב גענס, דער געטאָ־קאָמענדאַנט און שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי.

ער איז געווען אַ מענטש פול מיט קאָנטראַסטן, מיט נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע שטריכן. אַ סך מענטשן אין געטאָ האָבן געגלויבט, אַז די כוונה פון זיינע אַלע מעשים איז צו ראַטעווען וואָס מער יידן.

יעקב גענס איז געווען אַ ליטווישער פּרייוויליקער, אַ קעמפער פאַר דער ליטווישער אומאָפּהענגיקייט. ווען עס זענען אַריין די דייטשן אין ווילנע, האָבן די ליטווישע רעגירונגס־קרייזן געוואָלט ראַטעווען יעקב גענסן און זיי האָבן אים געמאַכט דערפאַר פאַרן שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי. די ליטווינערין אַ נ נ אַ ש י מ יי ט ע האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקע פּרטים וועגן אים:

— יעקב גענס האָט געהאַט אַ פרוי אַ ליטווינערין. ווען עס זענען געקומען די דייטשן האָט ער זיך מיט איר פאָרמעל געגט, בכדי וי זאָל ניט ליידן פון זיין ייִדישקייט. ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן דער געטאָ, האָט ער איר געזאָגט: „דו גיי וואוינען אויסערן געטאָ — איך גיי אין געטאָ". ער האָט געהאַט אַ טאָכטער, איז זי



י ע ק ב  ג ע נ ס
געטאָ־קאָמענדאַנט

דערנאָך פאַרשריבן געוואָרן אַלס אַ טאָכטער פון זיין פרויס שוועסטער, אַ ליטווינערין. ער האָט געהאַט מעגלעכקייטן אויסצובאַהאַלטן זיך ביי ליטווישע פריינד. ער האָט באַשלאָסן גיין אין געטאָ.

יעקב גענס פרוי האָט דערציילט אַננאַ שימייטען, אַז אין זיין ערשטן בריוו צו איר האָט ער געשריבן:

— צום ערשטן מאָל אין לעבן פיל איך אויס אַזעלכע אויפגאַבן. עס בלוטיקט דאָס האַרץ. איך וועל אָבער שטענדיק טאָן דאָס בעסטע פאַר די ייִדן אין געטאָ.



יעקב גענס האָט פּערזענלעך אָנגעפירט מיט די ייִדן־אַרויספירונגען פון געטאָ. ער פלעגט אַליין שטייען ביים טויער און דיריגירן מיט דער אַקציע, ציילן דעם צום טויט, און דעם צום לעבן. אַלע פאַראָרדענונגען פון דער געסטאַפּאָ, וואָס ער פלעגט באַקומען, האָט ער געגעבן דער געטאָ־פּאָליציי זיי דורכצופירן.

און פון דער אַנדער זייט, האָט דער זעלבער יעקב גענס, וועלכער האָט אָנגעפירט די ייִדן־אַרויספירונגען, געהאָלפן מיט אַלע כוחות אויסצובויען די אינדוסטריע און די וואַרשטאַטן אין געטאָ, ניט געשטערט, און פאַרקערט, אָפט מיטגעהאָלפן אַלע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען, געפרייט זיך מיט די דערפאָלגן פון שול־וועזן, געסטאַרעט זיך שאַפן, וואָס מער שיינען און אַרבעטס־פּלעצער פאַרן געטאָ, אָפצוראַ־

טעווען ווי ס׳איז מעגלעך דעם יידישן געלערנטן, שריפטשטעלער, אַרטיסט פון טויט און פון הונגער — מיטגעהאָלפן אין שאַפן געלט׳ער און פּראָדוקטן פאַרן געזעלשאַפט־לעכן הילפס־קאָמיטעט און פאַר דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג פון געטאָ.



כ׳דערמאָן זיך, בשעת דעם פאַרטיילן פון די געטאָ־פּרעמיעס פאַרן דיכטער ישראל דימענטמאַנס נאָוועלע „עד השער״, און פאַר דער דיכטערין לאה רודניצקיס לידער „חורבן ליטע״, אין געטאָ־קאַפע־הויז, רודניצקע גאַס 13, האָט יעקב גענס גענומען אַ וואָרט און האָט אָנגעהויבן מיט אַ ווידוי:

— אַ סך פון אייך האַלטן מיך פאַר אַ פאַררעטער, און אַ סך פון אייך וואונדערן זיך, וואָס טו איך צווישן אייך אויף ליטעראַרישע פאַרזאַמלונגען פון געטאָ? איך, גענס, פיר אייך צום טויט; און איך, גענס, וויל ראַטעווען יידן פון טויט. איך, גענס, הייס אויפרייסן מאַלינעס; און איך, גענס, זוך ווי צו שאַפן שיינען, אַרבעט און נוץ פאַרן געטאָ. איך מאַך דעם חשבון פון יידישן בלוט, און ניט דעם חשבון פון יידישן כבוד. אויב מען בעט ביי מיר טויזנט יידן — גיב איך; ווייל אויב מיר יידן וועלן אַליין ניט געבן — וועלן קומען די דייטשן און נעמען בגוואַלט, דאַן וועלן זיי נעמען ניט טויזנט, נאָר טויזנטער, טויזנטער — און דער גאַנצער געטאָ וועט זיין הפקר. מיט הונדערטער — ראַטעווע איך טויזנט. מיט טויזנט, וואָס איך גיב — ראַטעווע איך צען טויזנט. איר זענט די מענטשן פון גייסט און פון פען. איר רירט זיך ניט צו צו דעם שמוץ פון געטאָ. איר וועט אַרויסגיין ריין פון געטאָ. און אויב איר וועט איבערלעבן דעם געטאָ, וועט איר זאָגן: מיר זענען אַרויס מיט אַ ריינעם געוויסן. איך אָבער, יעקב גענס, אויב איך וועל דערלעבן, וועל איך אַרויסגיין שמוציק און בלוט וועט רינען פון מיינע הענט. און דאָך אָבער וועל איך זיך שטעלן אַליין צום משפּט. דעם משפּט פון יידן. איך וועל זאָגן: איך האָב אַלץ געטאָן, בכדי אַרויסצוראַטעווען, וואָס מער יידן פון געטאָ, און דערפירן זיי צו דער פרייהייט; און בכדי עס זאָל כאָטש בלייבן אַ רעשטל יידן, האָב איך אַליין געמוזט פירן יידן צום טויט; און בכדי עס זאָלן אַרויסגיין מענטשן מיט אַ ריינעם געוויסן — האָב איך געמוזט שטעקן אין שמוץ, און האַנדלען אָן געוויסן.

דאָס איז געווען די שטאַרקסטע רעדע פון יענער ליטעראַרישער פאַראַנשטאַל־טונג אין געטאָ און אויף אַ סך האָט זי געמאַכט ניט אַ ווייניק טיפערן איינדרוק, ווי די פּרעמירטע ווערק פון די געטאָ־אויטאָרן.



אַננאַ שימייטע האָט מיר דערציילט:

— איינמאָל ווען איך בין געווען אין געטאָ האָט מיר יעקב גענס געזאָגט: מענטשן באַשולדיקן מיך אין שכרות, אין הוליאַנקעס. אָט שטייט נאָך דאָס גלעזל, פון וועלכן איך האָב אָקאָרשט געטרונקען וויין מיט געסטאַפּאָ־לייט, אָבער אַ דאַנק דעם האָב איך אָפּגעראַטעוועט באַגראַנסקין פון טויט. פאַראורטיילסטו מיך, וואָס איך הוליע און שכור? איך שטיי און איך צייל ביים טויער. אָבער ווייסטו ווי דאָס איז מיר שווער? מענטשן פרעגן וואו פירט מען זיי. איך זאָג ניט — ווייל כ׳ווייס וואו־הין מען פירט זיי. כ׳וויל אָבער כאָטש אַ ביסל ראַטעווען, און צווישן זיי, ווי ווייט מעגלעך, די בעסערע, די ווערטפולערע, זיי זאָלן קענען באַנייען דאָס פאָלק.



מען האָט דערציילט אין געטאָ: אין די טעג פון דער אַקציע פון די געלע שיי־נען, ווען יעקב גענס האָט אָנגעפירט מיטן אויפדעקן מאַלינעס, און אַרויסגעבן פון זיי יידן — האָט ער געכאַפּט אַ פּאָליציסט, וועלכער האָט אָן זיין וויסן אויפגעדעקט און אַרויסגעגעבן אַ מאַלינע, און געמאַכט אים זייער אַ שטרענגען פאַרוואורף. דער פּאָליציסט האָט פאַרקלאָגט יעקב גענסן פאַר די אָנוועזנדיקע געסטאַפּאָ־לייט, אַז ער ווייס פון מאַלינעס און באַהאַלט זיי אויס פון די דייטשן. יעקב גענס האָט אים גע־זאָגט:

— דו ביסט אַ הונט! — און כ׳דערשיס דיך ווי אַ הונט.

און ער האָט אים דערשאָסן פאַר די דייטשן אין די אויגן.

די דייטשן, וואָס זענען געקומען אין געטאָ, האָבן אָנגערופן יעקב גענסן — דער „שטאָלצער יודע". די ליטווישע זעלנערס, וועלכע זענען געשטאַנען ביים טויער, פלעגן פאַר אים מורא האָבן, און ווען ער איז געגאַנגען דורכן טויער, האָבן זיי אים סאַלוטירט.

אין אַ נאַכט פון אַ לופט־אַלאַרם אין ווילנע, ווען ס׳זענען אַראָפּגעפאַלן באָמבעס אין שטאָט — און אויפן געטאָ גופא זענען קיין באָמבעס ניט געפאַלן — האָבן זיך איינציקע דייטשע מיליטער־לייט אַריינגעריסן אין געטאָ און געשריען:

— די יידן האָבן געגעבן סיגנאַלן פאַר די לופט־פליערס.

יעקב גענס האָט זיי מיט כח אַרויסגעטריבן פון געטאָ און זיי צוגעשטעלט צו אַ דייטשן זשאַנדאַרם־פּאָסטן, אַלס שטערער פון אָרדענונג.

מען האָט דערציילט: יעקב גענס האָט געוווסט, אַז אין דער יידישער געטאָ־פּאָליציי געפינען זיך פּאָליציסטן, וועלכע אַרבעטן אין געסטאַפּאָ און זיי שפּיאָנירן אים, און ראַפּאָרטירן וועגן אים צו די דייטשן. מען האָט דערציילט, אַז ער האָט זיך אַמאָל דערוווסט וועגן אַ פּאָליציסט, אַז ער איז יוצא ונכנס אין געסטאַפּאָ, האָט ער אים גערופן צו זיך און געזאָגט:

— איך ווייס, אַז דו אַרבעטסט אין געסטאַפּאָ. וואָס טוסטו? דו מיינסט, אַז דיך וועט מען שוינען, דיך וועט מען לאָזן לעבן? טראָג זיך אָפּ פון מיר.



דער געטאָ האָט פיינט געהאַט די יידישע געטאָ־פּאָליציי, אָבער געוואָלט זען אין יעקב גענסן אַן אָרנטלעכן מענטשן. און יידן פלעגן זיך פרייען, אַז זיי האָבן געהערט וועגן עפּעס גוטע מעשים פון יעקב גענסן. יידן האָבן זיך געוואָלט איינ־רעדן, מיט רעכט אָדער אומרעכט, אַז בראש פון געטאָ שטייט אַ מוטיקער ייד, וועל־כער זאָרגט באמונה ובלב פאַרן גוטס פון געטאָ, פאַר זיין שוץ און זיכערקייט. יע־דער איינער האָט געוואָלט האָבן די אילוזיע, אַז ס׳איז דאָ אַ מענטש, וואָס וואַכט איבערן געטאָ — און אַז יעקב גענס איז דאָס דער „שומר הגיטו" — אַזאַ גע־דאַנק האָט צוגעגעבן מוט אין טעג פון שווערע דערוואַרטונגען. איינער פלעגט דעם אַנדערן טרייסטן:

— אפשר וועט גענס דאָך עפּעס וואָס אויפטאָן אין לעצטן מאָמענט.

— אפשר וועט אים געלונגען נאָך אַ מאָל, כאָטש אַ טייל ראַטעווען? און אפשר וועלן מיר זיין אין יענעם טייל, וואָס וועט זיך אַרויסראַטעווען?

דער גלויבן און צוטרוי אין יעקב גענסן איז געבראָכן געוואָרן נאָך דער אַקציע „קאָוונע״, ווען ער האָט געפירט די מענטשן קיין קאָוונע — און זייער גורל איז געווען פּאָנאַר. ייד צו ייד האָט דאַן געפרעגט:

— איז גענס אַ פאַררעטער — אַ פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער האָט באַוואוסטזיניק פאַרפירט די פינף טויזנט יידן און פאַרנאַרט זיי קיין פּאָנאַר?

— אָדער ער איז אַליין געפאַלן אַ קרבן פון זיין נאַאיוון גלויבן און צוטרוי אין די ווערטער פון די דייטשן.

— האָט גענס געוואוסט, אַז „טראַנספּאָרט קאָוונע״ גייט קיין פּאָנאַר — אָדער ער איז אַליין אָפּגענאַרט געוואָרן פון די דייטשן?

אַ פאַררעטער אָדער אַ פאַרפירטער? אַזוי צי אַזוי, די לעגענדע וועגן יעקב גענס׳ מאַכט איז דאַן צערונען, ווי נאָך אַנדערע געטאָ-אילוזיעס.



צי האָט יעקב גענס געוואוסט אַז קאָוונע איז פּאָנאַר? — —

יידן פון קאָוונער געטאָ האָבן מיר דערציילט, אַז קאָוונער געטאָ האָט באַקומען אַ באַפעל צוצוגרייטן פלעצער פאַר פינף טויזנט יידן, וועלכע דאַרפן קומען אַהינצו פון ווילנע און ווילנער קאַנט.

דאָס אָרט איז צוגעגרייט געוואָרן — אָבער די יידן זענען נישט געקומען.

אין אַ כּאַר וואָכן אַרום האָט דער קאָוונער יידן־ראַט אָנגעפרעגט ביים דייטשן באַאַמטן יוסט:

— וואו זענען די פינף טויזנט יידן פון ווילנע?

— מען האָט זיך דערוואוסט פּלוצעם, אַז זיי זענען באַנדיטן, קאָמוניסטן און פּאַרטיזאַנער — האָט מען זיי דערשאָסן — איז געווען זיין תשובה.

(דאַרף מען טראַכטן, אַז ס׳איז געווען לכתחילה אַ פאַראָרדענונג צו ברענגען די יידן קיין קאָוונע, נאָר פּלוצעם איז די פאַראָרדענונג אָפּגערופן געוואָרן?)



אַננאַ שימייטע האָט מיר דערציילט:

דעם 3־טן און 4-טן אַפּריל 1943, דאָס הייסט אַ טאָג פאַרן אַרויספירן די פינף טויזנט יידן, און אין זעלבן טאָג פון זייער אַרויספיר — איז זי געווען צו גאַסט ביי דער ליטווינערין, די כּלה פון יעקב גענסן. יעקב גענס איז געווען פריילעך און אין אַ גוטער שטימונג. זיין כּאַכטער האָט אים געבעטן ער זאָל מיטנעמען אין טראַנס־פּאָרט „קאָוונע״ אירן אַ באַקאַנטן יידישן סטודענט פון ווילנער געטאָ, וועלכער האָט קרובים אין קאָוונע. ער האָט ניט באַוויזן זיך פאַרשרייבן צו דער־צייט. יעקב גענס האָט איר געענטפערט: — איך וואָלט דאָס פאַר דיר געטאָן. נאָר איך דאַרף איצט האָבן ניט סתם מענער נאָר פּאָליציסטן, וועלכע זאָלן באַגלייטן דעם טראַנספּאָרט. מער קיין מענטשן נעם איך ניט מיט! יעקב גענס האָט דאַן געזאָגט זיין פרוי, אַז ער וועט פאַר איר דערליידיקן אַ גאַנצע רייע ענינים אין קאָוונע. ער וועט דאָרט באַזוכן באַקאַנטע. ער האָט געבעטן צוגרייטן צידה לדרך, און די פרוי האָט צוגעגרייט עסן פאַר אים און פאַר די פּאָליציסטן. אַז ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט זיין פרוי ניט גע־פונען זיך קיין אָרט און האָט געטענהט: זיין אָפּטימיזם געפעלט מיר ניט.

(האָט יעקב גענס געוואוסט, וואָס עס דערוואַרט דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט?)

▼

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט יעקב גענס׳ כּרוי דערציילט אַנגאַ שימייטען :

— ווען גענס איז אָפּגעפאָרן זענען מיך באַפאַלן שלעכטע פאָרגעפילן. איך האָב מיר ניט געפונען קיין אָרט און אומרו האָט מיך באַהערשט. שפּעטער בין איך איינגעשלאָפן. איך האָב געזען אַ חלום : פּאָנאַר. אַ סך קברים. און איך גיי אום און פרעג:

— וואו איז דאָס קבר פון מיין מאַן ?

און עפּעס אַ שטים ענטפערט מיר :

— ווי קען מען אָפּגעפינען אַ קבר אין פּאָנאַר ?

— איך בין אויפגעקומען און מער ניט געקענט איינשלאָפן. אינדערפרי בין איך צוגעגאַנגען צום טויער פון געטאָ, און דאָרט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין מאַן און אַ טייל יידישע געטאָ-פּאָליציי איז פאַרהאַלטן אין געסטאַפּאָ. איך האָב געוואַרט ביים טויער פון געטאָ שעהן, און שעהן. שפּעטער איז ער אָנגעקומען. ער האָט מיך דערזען און געזאָגט:

— גיי אַהיים. איך וועל קומען.

— און ער איז אַוועק אין געטאָ. שפּעטער, ווען ער איז געקומען צו זיין כּרוי אַ היים, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געפירט די יידן פון קאָוונע צוזאַמען מיט די פּאָליציסטן. ווען זיי זענען דערפאָרן צו פּאָנאַר האָט מען אויפגעעפנט די טירן פון די וואַגאָנען, און זיי האָבן דערזען, אַז פוןביידע זייטן פון יעדן וואַגאָן געפינט זיך דייטשע און ליטווישע פּאָליציי מיט אָנגעלאָדענע ביקסן צום שיסן. אין פּאָנאַר האָבן געברענט שייטערהויפנס און עס איז געווען זייער ליכטיק. פון דאָרטן האָט מען גלייך אָפּגעפירט אים און די יידישע געטאָ־פּאָליציי אין געסטאַפּאָ, וואו ער איז געווען פאַרהאַלטן אַ צוועלף שעה, און דאַן האָט מען אים און די יידישע געטאָ־פּאָליציי אַרויסגעלאָזן און זיי זענען געקומען צוריק אין געטאָ.

(האָט יעקב גענס געוווּסט וווהין ער פירט די יידן ?)

▼

מען האָט דערציילט : ערב אַרויספירן די יידן פון די שטעטלעך אַרום ווילנע איז געקומען יעקב גענס קיין אָשמענע. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די שטעטלשע יוגנט קלייבט זיך המונימווייז גיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. ער האָט דאַן געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, זיי זאָלן ניט גיין אין וואַלד, ווייל דאָרט זענען איצט שנייען און פרעסט. זיי וועלן דאָרט אומקומען. זאָלן זיי בעסער קומען קיין ווילנע, אָפּוואַרטן ביזן פרילינג און ערשט דאַן וועלן זיי קענען אַרויסגיין אין די וועלדער.

(האָט יעקב גענס באַוווּסטזיניק אָפּגענאַרט די יוגנט, אָדער ער האָט געגלויבט אין זיינע ווערטער ?)

און דאָך האָבן אַ סך פון די פּאַרטיזאַנער דערציילט, אַז יעקב גענס האָט געהאָלפן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, געוואוסט וועגן די, וואָס גייען אין וואַלד, און אַפילו זיי צוגעהאָלפן. מען האָט אויך דערציילט, אַז ער האָט געגעבן געלט אויף קויפן געווער.

ווען די געשטאַפּאָ האָט געפאָדערט וויטענבערגן, דעם אָנפירער פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב, האָט יעקב גענס אים געלאָזט אַרעסטירן. און ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן אים אַרויסגעריסן פון דער געטאָ־פּאָליציי און באַפרייט, האָט ער גערופן דערנאָך דעם המון אויסצוגעפינען וויטענבערגן (16טער יולי 1943). דאַן איז וויטענבערג אומגעקומען.

און ווען נאָכדעם האָבן די דייטשן געפאָדערט יידן אויף טראַנספּאָרטן קיין עסט־לאַנד, האָט יעקב גענס אָנגעפירט מיט די כאַפּעניִשן און ער איז געווען דער אָרגאַ־ניזאַטאָר פון די צוואַנגס־טראַנספּאָרטן; ברוטאַל און אומרחמנותדיק ביים כאַפּן און פאַרשיקן — און גלייכצייטיק טרייסטנדיק און פאַרזיכערנדיק, אַז ס׳איז צום לעבן. אין יענער צייט פלעגט ער שפּרייזן גאַנצע טעג איבער די הויפן פון יידן־ראַט און טרייבן רעמאָנט־צוגרייטונגען אויף נייע וואַרשטאַטן. ער האָט געהאָפט, אַז די יידן, וואָס וועלן אַרבעטן אין וואַרשטאַטן, זיי וועלן כאָטש זיין באַפרייט פון די טראַנס־פּאָרטן.



ווי אַ רעטעניש, און אפשר אויך ווי אַ פאַרגעבונג פאַר יעקב גענסן איז געווען דער לעצטער טאָג פון זיין לעבן.

מען דערציילט: די געשטאַפּאָ האָט גערופן יעקב גענסן. אַ מענטש פון געשטאַ־פּאָ האָט אים אָנגעזאָגט, אַז עס איז דאָ אויף אים אַ טויט־אורטייל און געראָטן אים ניט צו גיין, באַהאַלטן זיך, אַוועקגיין פון געטאָ. ער אָבער האָט געזאָגט:

— וועל איך, דער געטאָ־קאָמענדאַנט, אַנטלויפן פון געטאָ, דאַן וועלן טויזנטער יידן באַצאָלן מיט זייערע קעפּ פאַר מיין אַנטלויפן.

יעקב גענס האָט צונויפגערופן די געטאָ־פּאָליציי, זיי דערציילט וואָס עס דער־וואַרט אים און באַשטימט זיינע פאַרטרעטערס — און איז אַוועק אין געשטאַפּאָ. מער איז ער שוין ניט צוריקגעקומען.

מען האָט דערציילט: אַז יעקב גענס איז באַשולדיקט געוואָרן פון דער געשטאַ־פּאָ, אַז ער שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און גיט איר הילף. יעקב גענס איז דערשאָסן געוואָרן דעם 15טן סעפּטעמבער 1943 דורכן געשטאַפּאָ־מאַן נויגעבויער.

דער טויט פון יעקב גענסן האָט אַ ניי ליכט באַגאָסן אויף זיין רעטענישפול און סתירותדיק לעבן. יום כפור 1943, אייניקע טעג פאַר דער געטאָ־ליקווידאַציע, האָט מען אין אַלע געטאָ־שולן געמאַכט הזכרות נאָך „ה ק ד ו ש   י ע ק ב   ג ע נ ס״. יום כפור 1943 האָבן צוויי יידישע מיידלעך, גאַרפינקל און וויגדאַרטשיק, וועלכע האָבן געאַרבעט אַלס פיזישע אַרבעטערינס אין דער געשטאַפּאָ, אַרויסגעגנבעט זיך אויף יעקב גענס קבר אין ראסא, מתפלל געווען דאָרט און געלייגט בלומען.



ס׳איז געווען אַ ווייטיקדיק קאַפּיטל — די יידישע געטאָ־פּאָליציי, אַ קאַפּיטל, וועלכעס וועט נאָך מוזן דורכן געשיכטע־שרייבער געפאָרשט ווערן. און ווען איך שרייב די שורות פרעג איך זיך אַליין:

— צי בין איך ניט צו שטרענג — צי בין איך ניט צו מילד?

# 14. דאס געריכט-וועזן

אין געטאָ איז געווען טעטיק אַ געריכט מיט פּאַרטיידיקער, באַשולדיקער און שופטים. אין געריכט-וועזן דערמאָן איך זיך די נעמען פון די יוריסטן רובאַשאָוו, קאָרנגאָלד, סראלאוויטש, יאַשונסקי, מילקאַנאָוויצקי, פּאָווירסקער, א. כוואָיניק, אפרימטשיק, אינזש. מאַרקוס, פּראָקוראָר נוסבוים, פּאַרטיידיקער אָרנשטיין.

אין די ענינים און סכסוכים, וואָס דער געריכט האָט באַטראַכט, האָט זיך אָפּ-געשפּיגלט דאָס שווערע, גרויע, קאָמפּליצירטע, טאָג־טעגלעכע לעבן פון געטאָ.

זייער אָפט זענען באַהאַנדלט געוואָרן פראַגן פון קריגערייען. די אומגעדולדי-קייט און נערוואָזיטעט איז געווען גרויס, די ענגשאַפט אין די צימערן אומדערטרעג-לעך און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען — אומענדלעכע קריגערייען, בעיקר צווישן פרויען, וועגן ריי צום אויסקאָכן וואַסער, רייניקן די דילן, אַרויסטראָגן די עמערס מיט קויט און אַנדערע פראַגן פון טאָג-טעגלעכן לעבן.

ס׳זענען אויך געווען אָפטע משפטים וועגן אַרויסרייסן בעלקעס האָלץ פון חרובֿע געטאָ-בנינים, וועגן גנבֿענען האָלץ אין האָלץ-לאַגער פון יידן-ראַט, אָדער ביי אַ שכן; ס׳זענען געווען צייטן, ווען האָלץ איז געווען אַ יקר-המציאות אין געטאָ, פלעגן מענטשן פאַרן גיין שלאָפן אַריינלייגן די פּאָר שייטלעך האָלץ צוקאָפּנס פאַר מורא, טאָמער וועט זיי דער שכן צוגנבֿענען ביינאַכט.

ס׳זענען געווען אָפט אַדמיניסטראַטיווע משפטים, למשל, פאַר ווידערשטעלן זיך דער געטאָ-פּאָליציי און נישט אויספירן אירע פאַראָרדנונגען, פאַר באַליידיקן די הויז-קאָמענדאַנטינס; פאַר שיקן אנשטאָט זיך אַ „מלאך” (ד. ה. אַן אַנדער מענטש) צו דער צוואַנגס-אַרבעט אָדער בכדי אָפּצוזיצן אַ פּאָר טעג אין געטאָ-תפיסה; פאַר נישט צוריקערן במשך פון אייניקע חדשים ביכער, געליענע אין דער געטאָ-ביבליאָ-טעק, פאַרן נישט גיין רעגולער אין באָד.

אָפט פלעגן באַהאַנדלט ווערן אין געטאָ-געריכט האַנדלס-סכסוכים, וועגן שלעכט (ד. ה. צו ביליק) פאַרקויפטע בגדים דורך די פאַרקויפס-פאַרמיטלערס, ווען דער אינהאבער פון בגד פלעגט זיך פילן באַעוולהט מיטן פרייז.

דער געריכט פלעגט אָפט באַהאַנדלען ענינים פון מענטשן, וואָס זענען פאַר-דעכטיקט געוואָרן אין אַרויסגנבֿענען אַ געלט שיין פון זייער שכן, אָדער ענינים פון מענטשן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן אין פאַרקויפן זייער אייגענעם לעבנס-שיין.

עס פלעגן אויך אַריינפאַליסן אין געטאָ-געריכט אומבאַגרינדעטע, אויסגעטראַכטע און בייזוויליקע מסירות פון איין שכן אויפן אַנדערן, אָפט פלעגן דערמיט זיך פאַר-נעמען פאַרביטערטע פון געטאָ-לעבן, פאַרמאַטערטע און היסטעריזירטע פרויען, מיט

דער האָפנונג, אַז מען וועט זייער שכן אַרויספירן אין אַן אַנדער וווינונג און דער־וויל וועט ווערן אַביסל גרוימער אין זייער ענגן געטאָ־צימער. עס זענען אויך געווען פּראָצעסן פאַר שאַנטאַזש און געלט־אויספּרעסונגען.

דער געטאָ־געריכט האָט געהאַט רעכט אַרויסצוגעבן פאָלגנדיקע אורטיילן: 1) באַפרייונג, 2- מבטל מאַכן דעם פּראָצעס, 3) וואָרנונג, 4) אַרעסט, 5) געלט־שטראָף, 6) געלט־שטראָף און אַרעסט, 7) טויט־אורטייל.

דער געטאָ־געריכט איז נישט געווען נישט די איינציקע אינסטאַנץ, וואָס האָט געהאַט רעכט אַרויפצולייגן שטראָף אויפן געטאָ־מענטש. די זעלבע רעכט האָבן געהאַט פאַרשטענדלעך אויך די געטאָ־פּאָליציי (און בעיקר דער פּאָליציי־שטאַב, די טויער־וואַך און די קרימינעלע פּאָליציי). די פּאָליצייאישע שטראָפן פלעגן פאָרקומען צוליבן אַרויסגיין אַן שטאָט אָן אַ דערלויבעניש, נישט אויספירן פּאָליצייאישע פאַר־אָרדנונגען, באַליידיקן די געטאָ־פּאָליציסטן ביים אויספירן זייערע פונקציעס, אַנט־לויפן פון געטאָ־תפיסה וכדומה.

די אַרעסט־שטראָפן פלעגן זיין געוויינלעך פון פאָלגנדיקע טערמינען: ביז 24 שעה, ביז 48 שעה, ביז אַ וואָך, ביז צוויי וואָכן, ביז אַ חודש, „אייביקע תפיסה" ) ד. ה. ביזן סוף פון געטאָ).

די סטאַטיסטיקעס פון געטאָ־תפיסה ווייזן, אַז מענער זענען כמעט געווען דאָפּלט מער אַרעסטירט ווי פרויען; אַז דאָס רוב אַרעסט־שטראָפן איז אַרויפגעלייגט גע־וואָרן דורך דער טויער־וואַך (פאַר אַריינמאַלינעווען שפּייז־פּראָדוקטן); און אַז די מערהייט אַרעסטן זענען געווען אַדמיניסטראַטיווע, איינטאָגיקע.

אַזוי, למשל, ווייזט די סטאַטיסטיק פון די אַרעסטירטע אין חודש יוני 1942: אַלגעמיינע צאָל אַרעסטירטע 1427; צווישן זיי מענער — 909; פרויען 518; אַדמי־ניסטראַטיוו־באַשטראָפטע 1365; קרימינעל־באַשטראָפטע 62; איין־טאָג־שטראָף — 903; צוויי טעג — 426; ביז אַ וואָך — 84; ביז צוויי וואָכן — 10; איין חודש — 4; (צווישן די באַשטראָפטע — 987 פאַרמשפּט בלויז דורך דער טויער־וואַך).

אין חודש יוני 1942 האָט דער געטאָ־געריכט אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל דורך הענגען אויף 6 יידן, פון וועלכע 5 זענען געפונען געוואָרן שולדיק אין אויס־פירן אָדער מיטהעלפן אויסצופירן אַ מאָרד איבער 2 יידן אין געטאָ גופא; און דער זעקסטער (אַווידאָן) איז געווען שולדיק, אַלס מסור, אין דער שחיטה פון די לידער יידן.

דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אויפן הויף פון האָלץ־פּלאַץ דורך אַ גרופּע פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי. יעקב געגנס האָט פאַר דער עקזעקוציע געהאַלטן אַ וואָרט צו די געטאָ־פּאָליציסטן, אַז מיטן אויספירן דעם אורטייל טוען זיי אַ וויכטיקע יידישע זאַך: זיי באַפרייען דעם געטאָ פון מערדער.

בכדי צו רעגולירן די סכסוכים צווישן שכנים איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמי־סיע, וואָס האָט אויסגעאַרבעט אַ ספּעציעלן געטאָ־רעגולאַמין פאַר שכנים־רעכט. יעקב געגנס האָט באַפוילן צו מאַכן ספּעציעלע שטולן פאַר די געטאָ־ריכטער. אויף די שטולן זענען געווען אויסגעקריצט די צוויי לוחות און דער געטאָ־עמבלעם. דאָס האָט געזאָלט סימבאָליזירן, אַז דער געטאָ־געריכט משפּט לויטן יידישן דין.

די געטאָ־באַפעלקערונג האָט זיך ערנסט באַצויגן, בדרך כלל צום געטאָ־געריכט.

# געטאָ-געריכט

## געריכט אַריבער אין אַ נייעם לאָקאַל

דאָס געריכט גייט היינט אַריבער אין אַן אַנדער מער צוגעפּאַסטן לאָקאַל אויף רוד-ניצקער 4 (אין די רוימען פון דער געוו. ביוראָ פון דער פּאָליציי-קיך).

## די קאָדיפיקאַציע-קאָמיסיע

דאָס געריכט האָט שוין באַקומען דעם אויסגעאַרבעטן רעגולאַמין-פּראָיעקט פאַרן צו-זאַמענלעבן פון שכנים אין די געטאָ-דירות. (שכנים-רעכט אין געטאָ). דער דאָזיקער פּראָ-יעקט ווערט שוין באַהאַנדלט.

## אַ פּסק פאַרן צו שטורמישן רעאַגירן

האָט אין געטאָ-געריכט באַקומען שמואל פּ. פון קאַרמעליטער 7. ער איז אייַנוווינער פון אונטערשטן גארן. אין מיטן דער נאַכט האָט אים אָנגעהויבן קאַפּען אויפן געלעגער. איז ער אויפגעשטאַנען און אַרויפגעגאַנגען אויפן צווייטן גארן, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אויפן זעלבן אָרט קאַפּעט דורכן סופיט פון דריטן גארן. איז ער דאַן אַרויף אויפן דריטן גארן און געפונען, אַז דער קראַן איבערן אָפּגוס איז אָפּגעדרייט און עס גיסט זיך וואַסער אָן אויפהער אויפן דיל, א. אַ. וו. צוליב דעם האָט ער אין גרויס כעס געכאַפּט אַן אַלטן שוך און תיכף אָנגעפאַלן שלאָגן די שלאָפנדיקע קאָמענדאַנטין. עס איז אַנטשטאַנען אַ סקאַנדאַל, וואָס האָט באַקומען אַן אָפּקלאַנג אין געריכט.

פאַר זיין צו האַסטיקן און אומפּאַסיקן רעאַגירן האָט ער באַקומען אַ שטראָף און דעקן די געריכט-הוצאות.

(געטאָ-ידיעות נמ. 25 יה' שבט תש"ג, ווילנער געטאָ 1943. 1. 24.).

אויפפאָדערונג פון ווילנער געטאָ-געריכט, אַרויסגעשיקט דעם 25. 7. 1943 (ייוואָ-אַרכיוון)

# 15. פון דער דייטשער גאַלעריע

## אין זייערע הענט איז געלעגן אונזער גורל

יעדער ייד האָט גיך זיך אויסגעלערנט די נעמען פון די דייטשן, וועלכע זענען געווען די בעלי־בתים פון זיין לעבן, פון זיין גורל, פון זיין רכוש און פון זיינע קולטור־אוצרות.

דער ערשטער נאָמען איז געווען צענפעניג — מיליטערישער קאָמענדאַנט פון ווילנע; ער האָט אַרויסגעגעבן די ערשטע פאַראָרדענונגען פון די געלע לאַטעס מיט אַ „J" (8טער יולי 1941).

דאַן איז געקומען הינגסט — געביטס־קאָמיסאַר פון ווילנע, אַ באַקאַנטער מאַסן־מערדער. זיינע אויפטוען זענען געווען: אַ קאָנטריבוציע אויף דער יידישער באַפעלקערונג, גזירות אויף גזירות, און קליינע, „לאָקאַלע" פּאָגראָמען. ער האָט אונטערגעשריבן דעם גאַסן־פּלאַקאַט וועגן דער „גרויסער פּראָוואָקאַציע".

מיט אַ ציטער פלעגט מען אַרויסרעדן דעם נאָמען שווינענבערג. ער איז געווען אַ געסטאַפּאָ־אָפיצער און האָט געשאַפן זיין שטאַב אויף דער ווילנער־גאַס 12. דאָרטן האָט ער דיריגירט מיט די ליטווישע אַקטיוויסטן — „איפּאַטינגאַס בורים", פון וועלכע עס האָבן זיך רעקרוטירט די „כאַפּונעס" און די אויספירערס פון די יידן־עקזעקוציעס אין פּאָנאַר.

דעם 17־טן יולי 1941 האָט ער דיריגירט מיטן פּאָגראָם אויף נאָוואָגראָד. דעם 31־סטן אויגוסט 1941 האָט ער צוזאַמען מיט זיינע אַדיוטאַנטן ווייס און הערינג דורכגעפירט די „גרויסע פּראָוואָקאַציע". שווינענבערג איז דאַן געלאָפן פון שטוב צו שטוב און מיט אַ נאַגייקע געטריבן די יידן אין די פּאַרטיעס. אין דער לוקישקער תפיסה האָט ער געווילדעוועט איבער די יידן, געשמיסן מיט נאַגייקעס איבער זייער נאַקעט לייב, געפייניקט מיט גימנאַסטיק־איבונגען, דערשטאָכן מענטשן מיט זיין קינדזשאַל.

ער האָט דיריגירט מיטן פירן אין געטאָ.

ער האָט דורכגעפירט די אַזוי גערופענע „צווייטע פּראָוואָקאַציע", דאָס הייסט, אַרויספירן צום טויט די יידן, וואָס זענען געווען פאַרטריבן אין לידסקע-געסל.

ער האָט דורכגעפירט מיט זיינע אַדיוטאַנטן די ערשטע אַקציעס אין געטאָ.

פּלוצעם איז ער פאַרשוואונדן. עס זענען געווען קלאַנגען, אַז מען האָט אים אַרויסגעשיקט אויפן פראָנט; אַנדערע האָבן דערציילט, אַז ער ליגט אין אַ משוגעים־הויז.

דער געטאָ האָט געמיינט, אַז איצט וועט מען לייכטער אָפּאָטעמען. ס׳האָט זיך אָבער באַוויזן אויפן האָריזאָנט איינער נאָכן אַנדערן, די נעמען: מורער — ווייס — קיטעל...

## מורער

ער איז געווען דער רעפערענט פאַר יידישע ענינים ביים געביטס־קאָמיסאַר הינגסט. אַ דייטשער אָפיצער דערצויגן ביי דער היטלער־יוגנט. זיין נאָמען האָט געהאַלטן אין שרעק דעם גאַנצן געטאָ. ביים זאָגן „דער מם גייט" — פלעגן אויס־שטאַרבן די געטאָ־געסלעך און מען איז געלאָפן אין די מאַלינעס.

ער האָט ליב געהאַט אָפּשטאַטן וויזיטן אין געטאָ : אין די אַנשטאַלטן, אין די וואַרשטאַטן, אין באָד; אַריינפאַלן אין הייזער. שעהן פלעגט ער אָפּשטיין ביים טויער און דיריגירן מיטן שמייסן אויפן הוילן לייב. ווי אַ רויב־פויגל פלעגט ער אומגעריכט אָנפאַלן אויף די פאַרטיעס יידן אויף זייער צוריק־וועג פון דער אַרבעט, באַטאַפּן די לאַטעס צי זיי זענען לויט די פאָרשריפטן, באַטאַפּן די מענטשן צי זיי „מאַלי־נעווען" ניט אַריין קיין סחורות און אויסגעפינען זיינע קרבנות פאַר דער תפיסה, פאַר פאָנאַר. —

אויף מאָרגן נאָך דער שחיטה, „קאָוונער פאָנאַר", איז מורער ווי געווייינלעך געקומען אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. אין איין געטאָ־וואַרשטאַט האָט ער געטראָפן דעם צוזאַמענגעבראָכענעם יעקב גענס — און מיט פרייד אים געפרעגט:

— וואָס גיבטס נויעס?

יעקב גענס האָט אים געענטפערט, אַז ער ווייס וואַרשיינלעך אַליין, וואָס ס׳איז געשען... מורער האָט אים געלאַסן געענטפערט:

— געטאָ ווילנע קאָמט ניכט אין בעטראַכט...



פון די געטאָ־וואַרשטאַטן איז מורער אַוועק אין געטאָ־באָד. דאָרט האָבן זיך געוואַשן פרויען. ער האָט זיי גוט באַטראַכט, באַטאַפּט זייערע קערפּערס און געזאָגט:

— די יידישע פראַוען זינד צו פעט! — און איז אַוועק וויזיטירן די אַנדערע געטאָ־אַנשטאַלטן.

ווען ער איז געווען אין אַ הייטערער שטימונג פלעגט ער צוזאָגן, אַז נאָך דער מלחמה וועט די יידן גיין בעסער : מען וועט צום געטאָ צוגעבן נאָך אַ גאַס, סטעפאַן־גאַס.

## מאַרטין ווייס

ער איז געווען דער יורש פון שווייגענבערג, שעף פון „איפּאַטינגאַס", ממונה אויף פאָנאַר.

ווייס איז גיך געשטיגן אין זיינע ראַנגען: פעלדפעבל — הויפטפירער — שטורעמפירער.

ער האָט ליב געהאַט ניט נאָר דיריגירן מיט די עקזעקוציעס, נאָר אַליין אין זיי אָנטיילצונעמען, אַליין טויטן, אַליין פייניקן. אין קאָלעקטיווע „אַקציעס", פלעגט ער האַלט האָבן צו געבן זיין אינדיווידועלן חלק.

ווען מען האָט געפירט די יידן אין געטאָ, דעם 6טן סעפּטעמבער 1941, האָט ער

אַרויסגענומען פון די רייען אַ מיידעלע, גיטע פּערלאָוו, און איר דערשאָסן, בכדי ניט פאַרגעסן זיין שיס־קענטעניש. בשעת די עקזעקוציע אין פּאָנאַר פלעגט ער פאַר די גריבער אַרויסנעמען שענערע בחורים און מיידלעך און זיי אייגנהעגטיק דערשיסן. זיין געליבטע איז געווען עלער רעבנער, געסטאַפּאָ־אַגענטין, געוועזענע סטודענטין פון האַמבורג. צוזאַמען האָבן זיי דורכגעפירט דאָס דערשיסן דעם זינגפויגל פון געטאָ, לובאַ לעוויצקי.

ער האָט אויך דורכגעפירט עקזעקוציעס אין פּאָנאַר אויף ציגיינערס, אויף פּוילישע גלחים; ער איז אויך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון מלוכהשן „שאַנדהויז" אויף סובאַטש־גאַס 9, וועלכעס איז באַשטאַנען פון געכאַפּטע פּוילישע פרויען. אויף זייערע פיס זענען אויסגעברענט געוואָרן שטעמפּלען בכדי זיי זאָלן ניט אַנטלויפן.

ער האָט געהאַט אין פּאָנאַר אַ געהילף, וועלכער פלעגט דורכטאַפּן די בגדים און די קעשענעס פון די הרוגים: די ווערטפולע זאַכן — פאַר ווייסן, די איבעריקע — אַ מתנה פאַרן געטאָ...

ווי אַ שטורעם פלעגט ער אַראָפּפאַלן אין געטאָ. דריי קלונגען פון געהיימען געטאָ־גלאָק, האָבן אָנגעזאָגט דעם עולם, אַז ווייס גייט, און די גאַסן זענען אויסגעשטאָרבן.

איינמאָל בין איך אַרויס פון אַ קראַנקען, אַקוראַט ווען ווייס איז אַריין אין טויער. אין האַנט האָב איך געהאַלטן מיין מעדיצינישע טעקע. ער פאַרהאַלט מיך:

— ווער ביסט דו?

— אַן אַרצט.

— דו ביסט אַ גינעקאָלאָג?

— ניין, אַן אַלגעמיינער טעראַפּעווט.

— דו גייסט פון אַן אַבאָרט. ווייז דיינע אינסטרומענטן!

אין טעקע געפינט ער נור אַ הער־אַפּאַראַט און אַ בלוטדרוק־אַפּאַראַט.

— לאָס, דו יודן־אַרצט! פאַרשווינד!...

און קוקט אויף זיינע מיטגייערס, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט זיין גינעקאָלאָגישע חכמה.



ווייס האָט ליב געהאַט די נאַטור, די וועלדער. זיין דאַטשע האָט ער דעריבער געבויט נעבן די פּאָנאַרער וועלדער.

ער האָט ליב געהאַט בלומען. אין די גערטנער פון געסטאַפּאָ פלעגט ער אין די פרימאָרגנס גיין גיסן וואַסער אויף די צאַרטע בלומען זיי זאָלן, חלילה, ניט פאַרוועלקן.

## קיטעל

אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ איז געקומען קיטל צו פאַרבייטן ווייסן אינעם אַקט פון דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. זיין נאָמען איז געווען דער „ליקווי־דאַטאָר פון די געטאָס". געטאָ־ווילנע איז געווען דער זיבנטער געטאָ פון זיין ליקווי־דאַציע־חשבון. ער איז געוואָרן דער בעל־הבית פון פּאָנאַר.

פון פאַך אַן אַרטיסט און אַ זינגער. אין געטאָ פלעגט ער אַריינגיין אַ מאָל מיט

אַ קוילן-וואַרפער און אַ מאָל מיט אַ סאַקסאָפאָן. דער קוילן-וואַרפער פאַר די ייִדן — דער סאַקסאָפאָן, פאַר די ווילנער ראַדיאָ־צוהערער.



ער איז געקומען אין לאַגער בעזדאַן, הינטער ווילנע, צונויפגעזאַמלט אַלע אַרבעטער אין אַ באַראַק, געלויבט זייער אַרבעט, געטיילט מאַרמעלאַדע. דער באַראַק איז גלייך נאָכדעם אַרומגערינגלט געוואָרן דורך ס״ס־לייט און אונטערגעצונדן געוואָרן. די מענטשן זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. ווער עס איז אַרויסגעשפּרונגען פון די ברענענדיקע באַראַקן־פענצטער — איז דערשאָסן געוואָרן דורך אַ קוילן־וואַרפער.

מורער, ווייס פלעגן קומען אין געטאָ דורכן געטאָ־טויער; קיטעל פלעגט ווי אַ שלאַנג אַריינגליטשן זיך אין געטאָ דורך אויסגעשפּירטע מאַלינעס, דורך לעכער, בוידעמער און קעלערס. אין מיטן גערויש פון געטאָ־לעבן — פלוצעם קיטעל גליטשט זיך אַרויס פון אַ מאַלינע.

אין די לעצטע חדשים פון געטאָ איז פאָרגעקומען אין געטאָ־זאַל אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון בריגאַדירן און לייטערס פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון ייִדן־ראַט. פאַרן אַריינגאַנג האָט מען אַלעמען שטרענג קאָנטראָלירט, צי באַזיצט מען ניט קיין געווער.

אויף דער פאַרזאַמלונג האָט דער געסטאַפּאָ־פירער נייגעבויער געהאַלטן אַ רעדע צו די ייִדן — יעקב גענס האָט זי איבערגעזעצט אויף ייִדיש. נייגעבויער האָט פאַרזיכערט אויף זיין ערנוואָרט, אַז דעם געטאָ דראָט קיין זאַך ניט, זאָלן אַלע זיין רואיק, אַרבעטן פלייסיק, ער וועט זיך באַמיען פאַרגרעסערן די שפּייז־ראַציעס.

אויפן סצענע איז געשטאַנען נעבן אים קיטעל און געשמייכלט.

אויף קיטעלס פּנים האָט שטענדיק געשוועבט אַ שמייכל...



בשעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ איז קיטעל געזעסןביים טויער פון געטאָ און געשפּילט אויף פּיאַנאָ; ייִדן האָבן מאַרשירט אין די רייען און ער האָט געשפּילט... ס׳איז געווען אַ מאָדערנע, קינסטלערישע אימיטאַציע פון קיניג נעראָן...

## די נאַצישע קולטור־טוערס

די דייטשן האָבן באַשלאָסן ליקווידירן ניט נאָר די ייִדישע לעבנס, דעם ייִדישן רכוש נאָר אויך די ייִדישע קולטור־אוצרות. די ממונים אויף דעם זענען געווען די מענטשן פון „ראָזענבערגס שטאַב״. אין ווילנע האָט אָפּערירט אַ גאַנצע מחנה געלערנטע פון ראָזענבערגס שטאַב.

עטלעכע פון זיי:

ד״ר גאָטהאַרט, פּראָפעסאָר פון יודאַאיסטיק אין בערלין, אַדאָלף היטלערס אַ ראַטגעבער; פאַר אים האָבן פּראָפעסאָר נח פּרילוצקי און דער שריפטשטעלער א. י. גאָלדשמידט געמאַכט רשימות פון כתבֿים יקר-המציאות אין סטראַשון-ביבליאָטעק, שפּעטער זענען זיי ביידע געפּוינט געוואָרן טויט אין די געסטאַפּאָ-קעלערס.

ד״ר פּאָל, דירעקטאָר פון פראַנקפורטער מוזיי צו פאָרשן די מזרח-פעלקער. געוועזענער סטודענט פון אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן אין ירושלימער אוניווערסיטעט,

האָט אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד אַ צוואַנציק טויזנט ווערטפולע יידישע ביכער פון סטראַשון־ביבליאָטעק, פון די בתי־מדרשים, פון ייווא, ביי אַן אַכציק טויזנט ספרים האָט ער פאַרקויפט אַלס מאַקולאַטור דער פּאַפּיר־פאַבריק אין ניי־ווילייקא. די תלמוד־מאַטריצן פון ראָמס דרוק האָט ער פאַרקויפט אויף גוס.

ד״ר מילער, אָבער־איינזאַץ־פירער, זיינע וויסנשאַפטס־פאַרניכטונגס־פּלענער זענען געווען פון אַ גאַנץ ברייטן פאָרמאַט, ניט נאָר אַנטי־יידישע. ער האָט באַפוילן צו פאַרברענען די מעדיצינישע ביבליאָטעק פון אוניווערסיטעט־שפּיטאָל.

ה׳ פאַרקעס האָט צונויפגעזאַמלט די ספרי־תורות פון די צאָלרייכע ווילנער בתי־מדרשים און איבערגעגעבן צו מאַכן פון זיי אונטערשלאַק צו זעלנערישע שטיוול. די מצבות פון בית־עלמין האָט ער געשיקט קיין דייטשלאַנד צו פלאַסטערן גאַסן־ברוק.

דער ראָזענבערגער שטאַב האָט זיך געווענדעט אין געטאָ נאָך צוואַנציק אַרבעטער, וואָס קענען גוט יידיש און העברעאיש, זיי זאָלן קענען העלפן סאָרטירן די ביכער און די מאַנוסקריפּטן. ז. קאַלמאַנאָוויטש און הערמאַן קרוק האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ גרופּע יידן, וואָס איר ציל זאָל זיין אָפּראַטעווען, וואָס עס לוינט זיך פון די קולטור־אוצרות. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צווישן די אַרבעטער לערערס און שריפטשטעלערס.



די יידישע „ראָזענבערג־אַרבעטער״ האָבן אַ סך וויכטיקע קולטור־אוצרות פאַר־באָרגן אין די ווענט און מויערן פון ייווא, אַנדערע וויכטיקע ביכער און דאָקומענטן — אַריינגעטראָגן אין געטאָ, אַלס „מאַקולאַטור״ צו הייצן די אויוונס און אָפּגעגעבן דעם „קולטור־הויז״; אַנדערע האָבן זיך געזאַמלט אין געטאָ קליינע ביבליאָטעקן פון אַריינגעגנבעטע ביכער. איינער האָט מיר געבראַכט אַ מתנה אַלע געהיימע אויפרופן פון יאָר 1905, אַרויסגעגעבן פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד.

דאָרטן האָט זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש באַקומען דעם אויפטראַג איבערצו-זעצן אין דייטש פאַלקאָוויטשעס „יידיש״ און „יידן אין אַפריקע״ פון לייבל פעלדמאַן. הערמאַן קרוק און ד״ר לעאָ בערנשטיין האָבן געדאַרפט אָנשרייבן מאָנאָגראַפיעס וועגן די 107 ווילנער בתי-מדרשים.

ביים ראַטעווען די קולטור־אוצרות האָבן אַ סך מיטגעווירקט: ז. קאַלמאַנאָוויטש, הערמאַן קרוק, אברהם סוצקעווער, ש. קאַטשערגינסקי, יוסף גלאַזמאַן, לייב שעפטל, רחל קרינסקי, איטע אלקיניצקי, נעמי מאַרקעלס, ד״ר צ. פיינשטיין און אַ סך אַנדערע; פון קריסטן — מאַריאַ אַבראַמאָוויץ, דער פּאָעט קאזיס באָרוטאַ און אַננאַ שימאַיטע, וועלכע האָט אויסבאַהאַלטן די גרעסטע דאָקומענטן אין דער ליטווישער אוני־ווערסיטעט־ביבליאָטעק.



ניט אַלע דייטשן זענען געווען פון איין שניט. בנוגע דער באַציאונג צו די יידן זענען געווען אונטערשיידן, צווישן מיליטער, „טאָדט״-לייט, אַרבעטס-אָרגאַני-זאַציע) און די ס״ס-געסטאַפּאָ.

אַרבעטן אין אַ מיליטערישער איינהייט האָט זיך אָפט געדעכנט פאַר אַ פּריווי־לעגיע אין געטאָ, ווייל אַ זעלנער פלעגט אַ מאָל צוֹאוואַרפן דעם יידן אַ שטיקל ברויט, אַ פּאָר קאַרטאָפל; אויך אַ „טאָדט־מאַן" פלעגט אַ מאָל געבן אַ מתנה — אַ שיסל זופּ פאַר אַן אַרבעטער פון זיין קאָמאַנדאָ. געוועזן אויך צווישן די ס"ס־לייט אויס־נאַמען, וועלכע פלעגן זיך בעסער באַציען צום יידן, דער עיקר, צו „זיין יידן", וועלכער אַרבעט ביי אים — „מיין יודע".

זיי אַלע פלעגן זאָגן אין „גוטע מינוטן", אויג אויף אויג מיט אַ יידן, מיט וועלכן זיי האָבן זיך ביי דער אַרבעט „באַפריינדעט":

— מיר האָבן גאָרניט קעגן די יידן; מיר זענען ניט קיין אַנטיסעמיטן, מיר זענען דאָך ניט קיין פּאָליאַקן... מיר וועלן אייך קיינמאָל קיין שלעכטס ניט טאָן, סיידן מיר וועלן קריגן אַ באַפעל.

און ווירקלעך, ניט איינער פון זיי האָט געהאָלפן אין „אָרגאַניזירן" שפּייז, אין קריגן אַ שיין, אין אָפּנעמען זאַכן, אַפילו געוואָרנט וועגן אָנקומענדיקע „אַקציעס" — און שפּעטער, אַז ס'פלעגט אָנקומען די „רעדוקציע" אָדער די אַקציע — רואיק, קאַלטבלוטיק, אויסליווערן צום טויט זיין „פריינד", וועלכן ער האָט נאָך נעכטן געהאָלפן.

און אויף מאָרגן ווידער קומען און ווידער מיט עפּעס העלפן זיינע לעבן־געבלי־בענע יידישע אַרבעטער. און ווידער, אויג אויף אויג, זיך דערקלערן אין סימפּאַטיע, און אין וועלן העלפן:

— אָבער אין טאָג פון אַן אַקציע וועל איך ניט קענען העלפן, דאַן ראַטעוועט זיך אַליין, ווייל פאַרן העלפן, דראָט מיך געשיקט צו ווערן אויפן פראָנט...

אויג אויף אויג האָבן אויך אַנדערע קריטיקירט היטלערן און די גאַנצע נאַצישע אָרדענונג און זאָגן בסוד:

— מיר זענען ניט קיין נאַציס.

און זיי פלעגן גלייכצייטיק אויספירן אַלע נאַצישע פאַראָרדענונגען, עקזאַקט, סקרופּולאָז, אָן פּראָטעסט, אָן ווידערשטאַנד.

צי איז דאָס געוועזן אַ צינישע פּערפידיע, אַ גוט אויסגערעכנטער אופן פון אַריינגנבענען זיך אין צוטרוי ביים יידן — אַרויסרופן ביי אים אַ רצון פלייסיק צו אַרבעטן פאַר זיין בעל־הבית, דעם „בעסערן דייטש", און פאַרשלעפערן די יידישע וואַכזאַמקייט מיט די אילוזיע פון „גוטע דייטשן", ניט־נאַציס; אָדער זיי זענען ווירק־לעך ניט געוועזן קיין נאַציס, ווייט פון אַנטיסעמיטיזם, דייטשן פון המון, צעפּרעסענע פון גרויסן אַלבאַהערשנדיקן פּחד פאַרן היטלער־טעראָר, גרויע מיטלמעסיקייטן אָן מוט פון פּראָטעסט, אָן ווילן פון ווידערשטאַנד?



איינמאָל, אין שעה פון דערקלערן זיך אַלס ניט היטלעריסט, אַלס אַ מענטש פון אַ ווידערווילן צו אַלע נאַצישע מעשים־תעתועים, האָט אַ דייטש געזאָגט צו „זיין יידן", מיינעם אַ באַקאַנטן:

— אַזעלכע ווי איך ניט־היטלעריסטן זענען דאָ מיליאָנען אין דייטשלאַנד.

— טאָ פאַרוואָס מאַכט איר ניט קיין ווידערשטאַנד?

— און קאָנצענטראַציע־לאַגער? — — — —

דער ייד האָט ניט געוואַגט אים צו פרעגן: פאַרוואָס רעזיסטאַנטן פון אַנדערע פעלקער מאַכן ווידערשטאַנד טראָץ דער מורא פון קאָנצענטראַציע־לאַגער.



ס׳זענען געווען אַ סך דייטשן „מיט טאָפּלטער נשמה״, פון „סאַקסאָפּאָן און ביקס״. ביי זיך אין שטוב, אַ טרייער, ליבהאָבנדיקער מאַן, אַ צאַרטער פאָטער, וואָס גלעט האַרציק דאָס קעפּעלע פון זיין קינד און פון שכנישע קינדער, וואָס טרעט ניט אָן דער קאַץ אויפן עק, וואָס לאָזט אַרויס דאָס פייגעלע פון שטייגעלע עס זאָל זיך אויך קענען דורכפליען; און ווי נאָר אָנגעטאָן דעם מונדיר און באַקומען דעם באַפעל — אָן קיין ריר פון ברעם, אָן קיין אינערלעכן ספק, אָן קיין צאַפּלונג פון געוויסן — גרייט אויסצופירן מאַסן־עקזעקוציעס, פאַרפייניקן זקנים, פאַרשמייסן ביזן טויט שוואַכע, צעשמעטערן קינדערשע קעפּלעך אין די בוימער פון די עקזעקוציע־פעלדער; און ווידער קומען אַ היים און גלעטן דעם קינדס קעפּעלע און הערן דעם פויגל־געזאַנג.

דער געטאָ האָט דאָס גוט געוואוסט און ייד צו ייד פלעגט זאָגן:

— טרוי ניט די ווערטער פון הומאַניטאַרסטן דייטש, וואָס טראָגט דעם נאַצי־קרייץ, ווייל דו ווייסט ניט קיינמאָל די שעה, ווען ער באַקומט זיין באַפעל... ווייל דו ווייסט קיינמאָל ניט, ווען דייטשער הומאַניזם ווערט פאַרוואַנדלט אין רויב־חיה...



אויפן פאָן פון די נאַצישע מערדערס, זייערע פאַרחיהשטע מיטהעלפערס און די פּחדנותדיקע, געוויסנלאָזע מיטלויפערס, מיטגייערס און שטיל־שווייגערס — שיינען אַרויס די אויסערסט — אויסערסט זעלטענע אויסנאַמען פון מיליטאַנטישע דייטשע אַנטי־פאַשיסטן, וועלכע האָבן ריזיקירט צו ווידערשטעלן זיך דער נאַצישער טייוול־מאַשינעריע.

אַזאַ איז געווען אין ווילנע דער דייטש, פון טשעכישער אָפּשטאַמונג, שמיד. ער איז געווען אַן אידעאַליסטישער אַנטיפאַשיסט. אַלס זיין הייליק־אַנטיפאַשיסטישע אויפגאַבע האָט ער געהאַלטן: העלפן יידן צו ראַטעווען זיך פון געטאָ. ער האָט אָרגאַניזירט אויטאָס, געגנבעט בענזין — און אַליין אַרויסגעפירט גרופּן נאָך גרופּן יידן קיין ביאַליסטאָק, גראָדנע, לידע — וואו מען האָט געמיינט דאַן, אַז דאָרטן איז רואיק. ער איז געכאַפּט געוואָרן — און באַצאָלט מיט זיין לעבן.

מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו האָט מיר אין געטאָ נישט איינמאָל דערציילט מיט התלהבות וועגן שמידס מסירות-נפש און געוואַגטקייט.

אין יענע חושכדיקע געטאָ-טעג האָט דער נאָמען שמיד געלויכטן ווי אַ לעגענדע, און ווי אַ דערמוטיקונג, אַז נישט דאָס גאַנצע אויסערן-געטאָ איז איין וועלט פון פּחדנות און חיה. —

זאָלן צווישן די הונדערטער טויזנטער דייטשע מערדערס און מיליאָנען גרויע פּחדנים אַרויסשיינען די ליכטיקע אויסנאַמען — דער נאָמען שמיד — די איינצעלנע שמידס...

# 16. יידן און ניט־יידן

אַלס אַן עדות פון דער תקופה האַלט איך פאַר מיין חוב, אַזוי ווי איך האָב דערציילט וועגן די דייטשע פאַרניכטונגס־כוונות, און ווי כ׳האָב דערציילט וועגן פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע דערשיינונגען אין יידישן געטאָ־לעבן, — אַזוי אויך צו דערציילן דאָס, וואָס איך ווייס וועגן דער באַציאונג פון די ניט־יידישע שכנים צו די יידן אין געטאָ.

און אויך די דאָזיקע שורות, און אַ סך פון זיי פּיינלעכע שורות, וואָלט איך וועלן זען נאָר אַלס אַ צושטייער פאַרן געשיכטע־פאָרשער; ווייל זיכער זענען מיר אַ סך פּרטים ניט באַקאַנט. געוויסע פּרטים וועגן הילף מצד די שכנים־פעלקער וועלן נאָך מיט דער צייט באַקאַנט ווערן דורך געראַטעוועטע יידן.

די יידישע קהלות, אָבער, אין ליטע, וואָס זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך די ליטווישע „אַקטיוויסטן" — און דאָס זעלבע די יידן פון ווילנע, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די פּוילישע און ליטווישע „כאַפּערס", אָדער פאַרראַטן גע־וואָרן דורך פּאָליאַקן און ליטווינער און איבערגעליפערט געוואָרן צו דער געסטאַפּאָ — זיי וועלן דעם סוד פון זייער אומקום שוין קיינמאָל פאַר קיינעם ניט קענען דערציילן...



די באַציאונג פון די שכנים ליטווינער און פּאָליאַקן לאָזט זיך צעטיילן אין אַ גאַנצער רייע קאַטעגאָריעס:

## א. די אַקטיווע מערדער און שותפים פון נאַציזם

אַ קאָנטיקער טייל פון דער ליטווישער און פּוילישער באַפעלקערונג האָט זיך גלייך געשטעלט צו אַקטיווער מיטאַרבעט מיטן נאַציזם אויפן געביט פון יידן־פאַר־ניכטונג. בעיקר זענען דאָס געווען די ליטווישע אַקטיוויסטן (רעאַקציאָנערע נאַציאָנאַ־ליסטן), וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם רוב מנין פון די „כאַפּערס".

שוין אויפן צווייטן טאָג נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין ווילנע, זענען געווען פאַרקלעבט די גאַסן מיט פלוגבלעטער פון די ליטווישע אַקטיוויסטן, אין וועלכע זיי האָבן גערופן די קריסטן צו יידן־שחיטות.

נאָך פאַרן אַריינפירן די יידן פון ליטע אין די געטאָס — זענען די יידן פון די קליינע שטעטלעך אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך ליטווינער, וועלכע האָבן די מאָרד־אַרבעט אויסגעפירט פרייוויליק, ניט געצוואונגען דורך די דייטשן. די זעלבע ליט־ווישע אַקטיוויסטן האָבן אויך אויסגעפירט די יידן־שחיטה אין קאָוונע מיט דער גוטער צושטימונג פון דער דייטשער מאַכט. אַ טייל פון די ליטווינער האָט געהאָפט,

אַז דורך אַזאַ וועג פון יידן־שחיטה־קאָלאַבאָראַציע, וועלן זיי באַקומען פון די דייטשן אומאָפּהענגיקייט פאַר ליטע.

פון די דאָזיקע קרייזן האָט זיך געשאַפן שפּעטער די ליטווישע איפּאַטינגאַס בורים (די אויסדערוויילטע) מיט נאָרוויש בראַש, וואָס האָבן דורכגעפירט די יידן־עקזעקוציעס אין קאָווגע, שאַוול, זיי האָבן אויך אויסגעפירט דאָס דערמאָרדען פון די יידן אין פאָנאַר. די דייטשע מאַכט האָט זיי פולקאָם אָנפאַרטרויט די יידן־עקזעקוציעס און פלעגט צושיקן נאָר אייניקע ס״ס־לייט אַלס דיריגענטן.

אין אַ געוויסער צייט אַרום, ווען די דייטשע מאַכט האָט ניט באַפרידיקט די אַמביציעס פון די ליטווישע רעאַקציאָנערע נאַציאָנאַליסטן אויף זעלבסטשטענדיקייט, און פאַרקערט גאָר, געפאָדערט פון די ליטווינער, זיי זאָלן מאָביליזירן זייער יוגנט און אַרויסשיקן אויפן סאָוויעטישן פראָנט ליטווישע פרייוויליקע לעגיאָנען — האָט אַ טייל פון די רעאַקציאָנערע נאַציאָנאַליסטן אָנגעהויבן צו פירן אַן אַנטי־דייטשע אַרבעט. אין איינעם פון די אויפרופן פון די דאָזיקע נייע „אַנטי־דייטשן״ איז געווען געשריבן:

— מיר האָבן אייך אָפּגעגעבן די יידן, און איר האָט אפילו אונז זייערע זאַכן ניט אָפּגעגעבן. די גוטע בגדים האָט איר צוגענומען פאַר זיך און אונז האָט איר געלאָזן נאָר טראַנטעס. — — —

אויך צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג האָט זיך געפונען אַ גאַנצע רייע יוגנטלעכע, צווישן זיי: סטודענטן, טעכניקערס, שילערס, בעלי־מלאכות און אינ־טערוועלטס־מענטשן, וועלכע זענען געוואָרן „כאַפּונעס״. זיי פלעגן לויפן איבער גאַסן, הויפן און הייזער, אויסזוכן יידן אָן שיינען און צושטעלן זיי צו דער געשטאַפּאָ פאַרן פרייז פון 10 רובל פאַר אַ קאָפּ. ס׳זענען אויך געווען פאָליאַקן, וועלכע האָבן פון „אידעאַלער פרייוויליקייט״, דאָס הייסט, ניט צוליב געצאָלט — אָנגעוויזן די געשטאַפּאָ־לייט, וואו עס באַהאַלטן זיך אויס יידן אין מאַלינעס אויסערן געטאָ, אָדער אָנגעוויזן אויף יידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ און אַריין צו זיך אין די אַלטע הייזער, בכדי עפּעס אויסצוגעפינען פון שפּייז און בגדים. טויזנטער יידן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין פאָנאַר צוליב די דאָזיקע פרייוויליקע דענונציאַטאָרן.

אַ סך פון די פוילישע הויף־סטרוזשעס (הויף־וועכטערס), האָבן אין יענע טעג מיטגעהאָלפן די כאַפּערס אין זייער בלוטיקער אַרבעט. עס זענען אויך צווישן זיי נאָ־טירט געוואָרן איינצלנע גוטע אויסנאַמען.

## ב. די פּרעסע־מערדערס

ס׳איז געווען אַ צווייטע גרופּע, וועלכע האָט פּערזענלעך אין די יידן־מאָרדן ניט אָנטיילגענומען, נאָר מיטגעהאָלפן אין טרייבן אַן „אידעאישע״ אַנטיסעמיטישע העץ־פּראָפּאַגאַנדע. — צווישן זיי זענען געווען אַ גאַנצע רייע ליטווישע זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן פאַרפּלייצט די ליטווישע פּרעסע פון קאָוונע און ווילנע מיט אַנטיסעמי־טישע אַרטיקלען, ווי אויך פוילישע זשורנאַליסטן פון דער ווילנער פוילישער צייטונג „גאָניעץ צאָדזשעננ״.

מאַצקעוויטש — רעדאַקטאָר פון דער ליטווישער ווילנער טאָג־צייטונג, אַ באַ־קאַנטער ליטווישער שרייבער, וועלכער האָט באַקומען אַמאָל אַ ליטעראַרישע פּרעמיע

פאַר זיין בוך „די גרויע ליטווינער“, האָט אָנגעשריבן בשעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אַן אַנטיסעמיטיש בוך מיטן נאָמען: „פּאַליטרוק שמול שווינדעלעוויטש“, וואו ער האָט אויפגעוויזן, אַז די יידן זענען שווינדלערס, קאָמוניסטן, רויבערס, פּח-דנים. דער דאָזיקער פּאַמפלעט איז געדרוקט געוואָרן אין צען טויזנט עקזעמפּלאַרן און פאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ ליטע.

אין ווילנער אוניווערסיטעטס-ביבליאָטעק איז געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע מצד אַ גאַנצער רייע פון דער ליטווישער אינטעליגענץ אויף אַנטיסעמיטישע אויפקלער-ליטעראַטור... זיי האָבן זיך געוואָלט פאַרפולקאָמען אין זייער „יידן-קענטעניש“, בכדי צו קענען זיך אויסדינען דער דייטשער מאַכט מיט אַנטיסעמיטישע אַרגומענטן.

### ג. די וואָס האָבן זיך געוואָלט אָנלעבן פון יידן-רויב

אַ סך ליטווינער און פּאָליאַקן, וועלכע האָבן ביים דייטש קיינמאָל זיך נישט באַשעפטיקט מיט אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציעס — האָבן איצט וואויל געזען די דייטשישע אויסראָטונגס-טעטיקייט כלפּי די יידן, ווייל דאָס האָט זיי געגעבן מעגלעכקייטן אָנלעבן זיך פון יידישן האָב און גוטס. זיי האָבן פאַרנומען די געוועזענע יידישע דירות, פאַר זיך צוגענומען די געפונענע מעבל, בגדים, וועש, אַרבעטס-מכשירים און קיך-געשיר; מיט שרעק האָבן זיי געטראַכט וועגן דער שעה, ווען עס קען אַמאָל צוריקקומען דער ייד און צוריק פאָדערן זיין האָב און גוטס; וואָס מער די דייטשן פירן די יידן-פאַרניכטונגען — אַלץ וויניקער שאַנסן איז, אַז דער ייד זאָל צוריקקומען און אָפּנעמען זיין געוועזענע דירה, זיינע מעבל, זיינע בגדים.

ביי צענדליקער, צענדליקער טויזנטער ליטווינער און פּאָליאַקן האָבן די יידן איבערגעלאָזן זייערע בגדים פאַרן גיין אין געטאָ. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער הונגער אין געטאָ און יידן האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און אַרויסגעגנבעט זיך פון געטאָ צו די ליטווישע און פּוילישע שכנים בעטן עפּעס פון די בגדים, בכדי צו קענען אויסבייטן אויף שפּייז-פּראָדוקטן, האָבן די גרעסערע טייל ליטווינער און פּאָליאַקן ניט געוואָלט אָפּגעבן. אַ סך פון זיי פלעגן זאָגן:

— סיי ווי סיי וועט דער דייטש אייך אויסהרגענען, זאָלן פאַרבלייבן ביי אונז די זאַכן.

אַזאַ ענטפער האָבן געגעבן אַ סך מאַסן-מענטשן; אַזאַ ענטפער האָבן געגעבן אַ סך, אויך צווישן דער אינטעליגענץ, דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן.



ווען איך בין אַרויס איינמאָל אויסערן געטאָ, אויף דער פאָרשטאָט נאָוואָגראָד, וואו איך האָב אַמאָל געוואוינט, האָב איך געפונען אַ סך יידישע קליינע איין-צוויי-שטאָקיקע הילצערנע הייזער צענומען, אַזוי, אַז נאָר די גרונטשטיינער זענען געבליבן. דאָס האָבן די פּוילישע שכנים מיט וועלכע די יידן האָבן געלעבט אין פריינדשאַפט צענדלינגער יאָרן — געזוכט צווישן די קלעצער, אין די אייוועלעך, אין די בוידעמער און קעלערס — באַהאַלטענע גאָלד און ווערט-זאַכן פון די אַרויסגעפירטע יידן און בשעת מעשה אַרויסגעטראָגן צו זיך די טירן פון די הייזער, די שויבן פון די פענצטערס, די ווייסע קאַכלעס פון די אויוונס, די הענג-לאָמפּן, די עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס און די טיילן פון די וואַסער-קלאָזעטן. ס'איז פון יענע הייזער קיין

שטיין ניט געבליבן. די דאָזיקע „פונאַנדערנעמונגס־אַרבעט" איז פאָרגעקומען אין אַ גיכן טעמפּאָ — אויס מורא, טאָמער ענדיקט זיך דער קריג — און די יידן וועלן זיך צוריקקערן.

### ד. די אינדיפערענטע פּחדנים

די אינדיפערענטע פּחדנים — דאָס איז געווען אַ גרויסע, אפשר דער גרעסטער טייל פון די ליטווינער אין פּאָליאַקן. די אָ מענטשן האָבן ניט געמאָרדעט און ניט גערויבט, אָבער אויך ניט געהאָלפן... דער מקור פון זייער אינדעפערענטיזם איז געווען פּ ח ד.

זיי האָבן געהאַט מורא צו געבן די יידן די מינדסטע הילף, זיי האָבן געהאַט מורא אויסצובאַהאַלטן יידן; זיי האָבן געהאַט מורא אויך אָנצוגעהערן צו אייגענע, ליטווישע אָדער פּוילישע ווידערשטאַנדס־גרופּן; זיי זענען געווען אינדיפערענט צום גאַנצן ענין פאַשיזם, נאַציזם און יידן. פּחדנישער שטילשווייגן אין הסכמה צו נאַצי־רעזשים בכלל — און צו דער יידן־אויסראָטונג בפרט — דאָס איז געווען זייער וועג.

אויף די דאָזיקע שטילשווייגערס האָט געבויט די דייטשע מאַכט איר גאַנצע ממשלה אין די אָקופּירטע געביטן.

### ה. די מיטפילנדיקע אין דער שטיל

ס'איז געווען אויך אַ געוויסער שיכט צווישן פּאָליאַקן און ליטווינערס, וועלכע האָבן מיטגעפירט די יידישע ליידן. זיי פלעגן זיך אויך אַמאָל פרעגן:

— פאַרוואָס קומט עס אַזוי פיל אומגליק די יידן? מיט וואָס האָבן זיי זיך אַזוי פאַרזינדיקט?...

אין אָפטמאָל האָבן זיי זיך געשעמט, הערנדיק וועגן אָנטייל פון די ליטווינערס אין די יידן־מאָרדן און פון די פּאָליאַקן אין די כאַפּונעס; זיי פלעגן זיך שעמען פאַר די, וואָס גיבן ניט אָפּ די יידישע זאַכן; אין דער שטיל, אַז קיינער האָט ניט געזען, פלעגן זיי אויך אָנזאָגן אַ מאָל אַ גוטע נייס, אפילו זאָגן:

— נאָר דערוואַרטן ביזן פרילינג — וועט שוין גוט זיין!

אַן עלטערע קריסטין פלעגט אַ מאָל אויך אַריינשטופּן אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ פּאָר קילאָ קאַרטאָפל פאַר אַ יידישן אַרבעטער אויסערן געטאָ; צוואַרפן אים אַביסל האָלץ; העלפן אויסטוישן אַ בגד — אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן.

זיי האָבן מיטגעפילט — אָבער באַהאַלטן ביי זיך אַן אַנטלויפנדיקן ייד, האָבן זיי געהאַט מורא. זעלטן, גאָר זעלטן, ווער פון זיי האָט זיך דעצידירט אויפצוהאַלטן ביי זיך אַ יידיש קינד, אפילו מיט אַ בלאָנד קעפּעלע; אויסערסט, אויסערסט זעלטן איז געווען צווישן זיי אַ געוואַגטער, וועלכער זאָל העלפן יידן אַנטלויפן פון געטאָ, ווייזן אים דעם וועג אין וואַלד און פאַרבינדן אים מיט די וואַלד־פּויערים אָדער קריגן פאַר יידן געווער.

זיי האָבן סימפּאַטיזירט מיט די יידן, אָבער ריזיקירן מיט עפּעס פאַר יידן האָבן זיי געהאַט מורא.

### ו. די וואָס העלפן

ס'איז אויך געווען אַ קליינער טייל פון ליטווינערס און פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אַקטיוו געהאָלפן די יידן און אַנדערע אפילו געקעמפט פאַר דער יידישער זאַך —

חסידי אומות העולם. ס'זענען געווען צווישן זיי כמה חברים פון די קאָמוניסטישע קרייזלעך און פון דער געוועזענער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. בעיקר זענען דאָס גע-ווען יחידים, נישט אָנגעשלאָסענע דווקא צו פּאַרטייען, נאָר סתם מענטשן פון געוויסן אַזעלכע יחידים זענען געווען צווישן די שטאָטישע איינוואוינערס און פּויערים, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן יידן אידעאיש, אָן געלט... אַזוי איז געווען אין ווילנע אָ קליינע גרופּע ליטוויש-פּוילישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט סימבאָליש מיטגעהאָלפן יעם געטאָ דורך קליינע געלט-זאַמלונגען.

אַננאַ שימאַיטע און אייניקע געראַטעוועטע יידן האָבן מיר דערציילט פאָלגנדיקע פּרטים וועגן די, וואָס האָבן געהאָלפן יידן:

— אַ גרופּע ליטווישע ס.ר.-מענטשן האָבן זיך באַשטייערט מיט צוואַנציק פּראָצענט פון זייער חיונה אויף מאַטעריעלע הילף פאַרן געטאָ. דער איניציאַטאָר פון געדאַנק איז געווען דער ליטווין יורגיטאַיטיס, דער מאַן פון דער יידישער לערערין טילע טיקטין.

אַ גרופּע ווילנער ליטווישע אוניווערסיטעטס-אַרבעטער האָבן צונויפגעזאַמלט אַ קליינע הילף-סומע פאַרן געטאָ.

דער פּראָפעסאָר בירזשישקא מיכאַל (ליטעראַטור) פלעגט געבן צוויי טויזנט ביז זעקס טויזנט רובל חודשלעך אויף אויסצובאַהאַלטן יידישע קינדער.

דער פּראָפעסאָר זשווירבאַנאַס (פיזיק), אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, האָט אַרויסגעוויזן אַן אַקטיוון אינטערעס צו דער יידישער זאַך; ער האָט אפילו צוגעשיקט ציאַן קאַלי פאַר זיינעם אַ פריינט אין געטאָ (ד"ר מאָוושאָוויטש).

פּראָפעסאָר שעזעמאַן (לאָגיק) ווי אויך פּראָפעסאָר קאַרסאַווין (געשיכטע), אויך פּראָפעסאָר בירזשישקא וויקטאָר האָבן אויסבאַהאַלטן אייניקע יידן, געהאָלפן יידן צו טוישן זייערע זאַכן; ווילײשיס פלעגט העלפן ד"ר צמח פעלדשטיינען; פּראָפעסאָר וויקטאָר, פעלטשאַר האָט געמוסרט אַ פּוילישן דאָקטאָר פאַרן ניט וועלן אָפּגעבן יידישע זאַכן. די פּראָפעסאָרן יאַנושקעוויטש און מיכיידאַ האָבן אַ סך געהאָלפן זייערע באַ-קאַנטע יידישע דאָקטוירים.

רוטקאַוקאַס, אַ ליטווישער אָנגעשטעלטער, האָט אַרויסגעראַטעוועט פון ריגער געטאָ אַ יידיש מיידל, מאַטלע.

ווען רוטקאַוקאַס' טאָכטער איז אַרויסגעפאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, האָט ער געמאַכט פאַר דעם יידישן מיידל זשאַנאַ ראַן פּאַפּירן אויפן נאָמען פון זיין טאָכטער מאַרגאַריטאַ רוטקאַוקאַס. זי האָט אויף די דאָזיקע פּאַפּירן שפּעטער פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין מינסקער ראָזענבערג-שטאַב; זי פלעגט קומען צו פאָרן קיין ווילנע אין אַ דייטשן אוניפאָרם. זי האָט איבערגעפירט דייטשע מאַטעריאַלן פאַר דער סאָוויעטן-מאַכט. נאָך דער געטאָ-ליקווידאַציע האָט ער אויסבאַהאַלטן ביי זיך די יידן פון ווילנער געטאָ: סמילג, ברוינשווייג, פרוי פון פרוכט; אויסבאַהאַלטענע יידן פלעגן קומען צו אים עסן. הונדערט פופציק יידן האָט רוטקאַוסקאַס אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט אין קריסטלעכע אַרבעטס-לאַגערן מיט פאַלשע אַרישע פּאַ-פּירן, ערב דער ליקווידאַציע פון געטאָ, וועלנדיק זיי ראַטעווען פון אומקום.

ד"ר יואַזאַס שטאַקאַאוסקאַס, דירעקטאָר פון מלוכה-אַרכיוו האָט צוזאַמען מיטן ליט-ווישן לערער זשעמאַיטיס און דער פּוילישער נאָנע מיקולסקאַ אויסגעבאַהאַלטן

צוועלף יידן: ד״ר אַלעקסאַנדער ליבא מיט פרוי און טאָכטער, גריגאָרי יאַשונסקי און פרוי, אינזשיניער יעקב יאַפע מיט פרוי און טאָכטער, פרוי אסתר יאַפע, פרוי באַק מיט איר זון, דעם יונגן צייכנער זלמן, פריילן מירע ראָלניק.

פּראָפעסאָר אקא, פּראָפעסאָר טשיזשאָווסקי, פּראָפ. פּעטרוסעוויטש, אַדוו. יוזעף ציעלעצקי האָבן געהאָלפן אויסצובאַהאַלטן אייניקע זייערע באַקאַנטע יידן.

ווילנער יידן ווייסן צו דערציילן וועגן אַקטיווער הילף, וואָס אייניקע פּוילישע פּרויען האָבן אַרויסגעוויזן צו זיי. מאַרילאַ אַבראַמאָוויטש-וואָלסקאַ האָט געמאַכט פאַר יידן פאַלשע פּאַספּאָרטן, אויסגעבאַהאַלטן ביי זיך אויף פּאָגוליאַנקאַ 16 צענדליקער מענטשן און געהאָלפן זיי מיט שפּייז און געלט. אין יעדער דירה האָט אויך די פרוי וויקטאָריאַ גזשמיליעווסקאַ אויסגעבאַהאַלטן צענדליקער יידן און אַרויסגעוויזן צו זיי פריינטלעכקייט. דאָ איז אויך כדאי צו דערמאָנען די פרוי מאַריאַ פעדעצקאַ, וואָס האָט געראַטעוועט אַ סך יידן פון טויט, העלפנדיק זיי אינם אַנטלויפן פון געטאָ. די אויבנדערמאָנטע פרויען האָבן אויסגעפירט זייער סכנותפולע אַרבעט פון ריין מענטשלעכע סיבות.

אַ גאַנצע ריי געוועזענע קריסטלעכע דינסטן האָבן אַרויסגעוויזן מענטשלעכע געפילן פאַר זייערע געוועזענע בעלי בתים, באַזאָרגנדיק זיי אָפט מיט שפּייז און אין איינצלנע פאַלן אויך באַהאַלטנדיק זיי. ס׳איז אויך צו דערציילן וועגן פאַלן וועגן קריסטלעכע זויגערינס (אַמען) און ניאַניעס (קינדער-דערציערינס) האָבן אויסבאַהאַלטן יידישע קינדער, וואָס זיי האָבן אַמאָל געזויגט אָדער דערצויגן.



אַ געוויסע אונטערשטיצונג פאַר יידן האָבן אַרויסגעוויזן אויך אייניקע פּערזאָנען פון די קאַטוילישע גייסטלעכע. די גלחים מאַרקעוויטש, אַ פּאָליאַק, און ליפּניונאַס האָבן גערעדט צו זייער עולם, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן די יידן זייערע זאַכן. ליפּניונאַס איז אַרעסטירט געוואָרן. דער גלח קרופּאַוויטשיוס איז פאַר חטא פון פאַרן די יידן אַקטיווע סימפּאַטיע, פאַרשיקט געוואָרן דורך די דייטשן אין קאָנצענטראַציע-לאַגער טילזיט. דער גלח וואַיטקוס האָט באַהאַלטן דאָס קינד פון טרופּיאַנסקין אין אַ קאַטוילישן יתומים-הויז און געהאָלפן אויך ראַטעווען אַנדערע יידישע קינדער.

די טעאַסאָפן (אַזאַ מיסטישע לערע) האָבן געהאָלפן אויסצובאַהאַלטן יידן.

ס׳זענען אויך געווען פאַלן, ווען גלחים, טרעפנדיק אַ יידישע אַרבעטער-גרופּע אויפן גאַס, זיי אַריינוואַרפן אַ טרייסט-וואָרט, אַז גיך וועלן זיי אויסגעלייזט ווערן. מען האָט אויך דערציילט, אַז די גלחים פון קלויסטער „אַלע הייליקע״, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות פון געטאָ, האָבן זיך וואַרעם באַצויגן צו די פאַרביימאַרשירנדיקע יידן. און דאָס האָט אויך דערמוטיקט אַ סך יידן פון געטאָ צו גראָבן אונטערערדישע וועגן פון זייערע מאַלינעס צו דעם קלויסטער פון „אַלע הייליקע״.

כ׳קען אויך ניט פאַרהוילן דעם פאַקט, אַז ס׳זענען דורך קאַטאָליקן געראַטעוועט געוואָרן יידישע קינדער, ניט תמיד אָן מיין, אַריינצוברענגען זיי אונטער די פליגלען פון דער קאַטוילישער קירכע.

כ׳גלויב, אַז די צאָל פּאָליאַקן און קריסטן, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן יידן איז באַדייטנדיק גרעסער ווי די, וואָס מיר ווייסן. די דאָרפישע פּאָליאַקן האָבן זיך דערביי אָפט אַרויסגעוויזן אַ סך האַרציקער ווי די שטאָטישע.

און זיכער וואָלט אַ גרעסערע צאָל פּאָליאַקן אויסבאַהאַלטן יידן ווען ניט די שרעקלעכע מורא, וואָס זיי האָבן געהאַט, טאָמער וועט מען געפינען ביי זיי אַ יידן.

די דייטשן האָבן אויפגעהאָנגען אַ מענטשן (אפשר אַ ייד) אויפן קאַטעדראַ־פּלאַץ אין ווילנע, און מודיע געווען מיט פּלאַקאַטן אין די גאַסן און מודעות אין די צייטונגען, אַז ס׳איז אַ קריסט, וואָס איז באַשטראָפט געוואָרן פאַרן העלפן יידן, און אַזוי איז ער געהאנגען עטלעכע טעג.

ס׳איז אָבער אויך געווען אַ גרויסע צאָל, וואָס האָט ניט מורא געהאַט און פלעגט אויסבאַהאַלטן יידן פאַרן פרייז פון גרויסע סומען (אין דער געטאָ־עפּאָכע פון פינף ביז צען רובל גאָלד אַ חודש, אַן ערך פיר ביז אַכט טויזנט רובל אַ חודש); ווי נאָר דער ייד האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו צאָלן, פלעגט מען אים הייסן גיין... טאָמער פלעגט דער ייד ניט וועלן — פלעגט מען אים דראָען מיט געשטאַפּאָ.

מיר פערזענלעך זענען באַקאַנט צאָלרייכע פאַלן פון יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אייניקע חדשים ביי קריסטן אויסערן געטאָ — און זיי זענען שפּעטער צוריקגעקומען אין געטאָ ממש נאַקעט, ווייל אַלץ האָבן זיי געמוזט איבערלאָזן ביי זייער באַרעמהאַרציקן מכניס־אורח. אַנדערע פון זיי, וואָס האָבן קיין געלט ניט געהאַט, זענען אפילו אין געטאָ ניט דערגאַנגען — זייער גורל איז געווען די געשטאַפּאָ־תפיסה.



ס׳זענען געווען פּאָליאַקן און ליטווינערס, וועלכע האָבן געהאַט צו יידן אַ ריין מסחר־באַציאונג, ווי צו אַ גרופּע קליענטן, פון וועלכע מען קען ביליק אָפּקויפן סחורה.

מיינער אַ שכן, אַ באַקאַנטער פּאָליאַק, איז אַ וואָך פאַר מיין גיין אין געטאָ געקומען צו מיר אָפּצוקויפן מיין פּיאַנאָ. ער האָט געזאָגט:

— איר וועט גיין אין געטאָ. אייערע מעבל און פּיאַנאָ וועלן בלייבן הפקר. אָבער איך וויל ניט זוכה זיין פון הפקר. איך בין ניט קיין ראַזבויניק, לייג איך אייך פאַר צען קילאָ קאַרטאָפל און פאַרקויפט מיר אייער פּיאַנאָ.

כ׳האָב די פּיאַנאָ ניט פאַרקויפט און צעבראָכן אירע סטרונעס ערב גיין אין געטאָ...

איך האָב אים גוט געקענט. ער איז קיין אַנטיסעמיט ניט געווען. אָבער דאָס ווערט פון אַ יידן איז געוואָרן אַזוי ווערטלאָז — אַז ער האָט געהאַלטן אפילו פאַר אַ הומאַניטאַרן זשעסט — דאָס פאַרלייגן מיר צען קילאָ קאַרטאָפל פאַר אַ פּיאַנאָ.

אייניקע וואָכן פאַרן גיין אין געטאָ, זענען הונדערטער, הונדערטער פויערים פון דער סביבה געקומען פאַרלייגן די יידן אָפּקויפן זייערע מעבל: בופעטן, אַלמערס, שפּיגלען, הענגלאָמפּן, פאַר אַ ביסל שפּייז־פּראָדוקטן. די יידן האָבן עס גערן געטאָן, אַבי צו האָבן מיט זיך „זאַפּאַס" גייענדיק אין געטאָ.

די גאַנצע צייט פון געטאָ איז אָנגעגאַנגען, ווי איך האָב ניט איינמאָל דערמאָנט, אַ גרויסער טויש־האַנדל צווישן יידן און פּאָליאַקן. יידן פלעגן אויסטוישן אַ קאָסטיום פאַר אַ קילאָ ברויט, אַ חופּהקלייד פון דער פרוי — פאַר קאַרטאָפל.

די פּאָליאַקן, וואָס האָבן דאָס אַזוי ביליק געקויפט זענען ניט דווקא געווען אַנטיסעמיטן, נאָר זיי האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אויסנוצן די געלעגנהייט און פּראָפיטירן פאַר גאָרנישט יידיש האָב און גוטס.

צו דער געשיכטע פון דער באַציאונג צווישן יידן און פּאָליאַקן וויל איך אויך דערציילן, אַז ווען די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט אין שטאָט די פּוילישע ראַיאָנען און געמאַכט דאָרט אַרעסטן, האָבן דאַן אַ סך פּאָליאַקן אַנטלאָפן אויף זיך געלט לאַטעס און געלאָפן אין געטאָ, דאָרטן האָבן די יידן זיי אויסבאַהאַלטן אין די געטאָ-מאַלינעס.



ס׳איז שווער געוויסע סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע מאַסן-איינשטעלונגען גענוי צו קוואַליפיצירן לויט קאַטעגאָריעס. מיינע שורות זענען נאָר אַ פּרוב קלאָרצומאַכן זיך אַליין די פאַרשידענע ניואַנסן אין דער פראַגע פון די פּאָליאַקן און ליטווינערס און זייער באַציאונג צו יידן אין דער צייט פון געטאָ.

אויפן פראָנט פון די מערדערס, פּרעסע־באַנדיטן, אינדיפערענטע פּחדנים און די, וואָס האָבן געוואָלט פאַרוואַנדלען די יידן אין זייער ״רויב״, אָדער די וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצן די יידישע טראַגעדיע — שיינט אויף די ליכטיקייט פון די יחידים, וואָס האָבן געוואָגט ניט נאָר צו העלפן יידן, נאָר אויך געבן זיי דערמוטיקונג און קעמפן פאַר זייער זאַך. אַזוי איז געווען די מוטער פון בענעדיקטינער מאָנאַסטיר ביי ווילנע, וואו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אבא קאָוונער מיט חברים און וועלכע האָט געבראַכט אַפילו גראַנאַטן פאַרן געטאָ. אַזעלכע זענען געווען די פּאָליאַקינס אירענאַ אַדאַמאָוויטש און יאַדזשע דודזיעץ, אַזאַ איז געווען די ליטווישע סאָציאַליסטין-רעוואָלוציאָנערין אַננאַ שימאַיטע און די פּאָר אויבנדערמאָנטע פּרויען. כ׳וויל גלויבן, אַז אַזעלכע זענען געווען נאָך עטלעכע יחידים אין ווילנער געטאָ און מן הסתם אויך אין אַנדערע געטאָס.

## אַננאַ שימאַיטע

אַ חברטע פון דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַ ליבהאָבערין פון תנ״ך און פון דער יידישער ליטעראַטור, שטאַמט פון אַן אַרבעטער-משפחה.

ווי אַננאַ שימאַיטע האָט מיר דערציילט, פלעגט איר זיידע זי לערנען אין דער יוגנט:

— גלויב ניט די פאַלשע אויסטראַכטונגען וועגן יידן.

און ער האָט איר געגעבן לייענען עליזאַ אָרזשעשקאָס ביכל „מאיר יוזעפאָוויטש״, וואו די יידן ווערן געשילדערט מיט אַ ליבע געפיל.

פאַר דער מלחמה איז זי געווען אַ ביבליאָטעקאַרין אין דער קאָוונער אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק; אין צייט פון דער מלחמה — לייטערין פון אוניווערסיטעטס־קאַטאַלאָג. גלייך נאָכן אַריינפירן די יידן אין געטאָ, איז זי שוין דעם פערצנטן אָקטאָבער 1941 געקומען מיט גאַדלעווסקין (לייטער פון דער ווילנער עפנטלעכער ביבליאָטעק) אין געטאָ, בכדי צו זען דעם מצב און אָריענטירן זיך מיט וואָס מען קען העלפן; זי האָט אַ סך יידן אין געטאָ געהאָלפן מיט טאַט און זאָרגפעלטיקייט. שפּעטער האָט זי וואַרטנדיק אין די פרימאָרגנס לעבן ייוואָ-הויז אַרויסגעראַטעוועט ווערטפולע ביכער און דאָקומענטן, וואָס אומאַ אָלקעניצקי און א. סוצקעווער האָבן איר איבערגעגעבן פון דאָרטן. זי האָט דאָס אַלץ אָפּגעהיטן מיט דער הילף פון ליטווישן דיכטער באַרוטאַ.

זי פלעגט ברענגען אין געטאָ נייס פון אויסערן געטאָ און באַקומען אַ סך בריוו פון די שריפטשטעלערס אין געטאָ און אויסבאַהאַלטן זיי. זי האָט באַזוכט פאַרשידענע קולטור-פאַראַנשטאַלטונגען אין געטאָ. אויף איינער פון אַזעלכע פאַראַנשטאַלטונגען, אויף אַ ח. נ. ביאַליק-אַקאַדעמיע, האָט מיך דער דיכטער ישראל דימענטמאַן באַקענט מיט איר.

זי האָט אויסבאַהאַלטן אַ גאַנצע רייע יידישע קינדער, אין געהאָלפן ראַטעווען קינדער שוין נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ. צום סוף איז געפאַלן אויף איר דער פאַרדאַכט פון געשטאַפּאָ און מען האָט זי אַרעסטירט. זי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער קיין פראַנקרייך, וואו זי איז באַפרייט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער אַרמעע.



צי זענען געבליבן רוסן אין ווילנע, האָבן מיר אין געטאָ ניט געוווסט. אונז איז נאָר געווען באַקאַנט, אַז אויף סובאַטש 37 (געוועזענע בלאָקן פון קיבוץ „שחריה״) געפינען זיך די פרויען און קינדער פון די אַנטלאָפענע סאָוויעטישע מיליטער-לייט.



אַננאַ שימאַיטע

אויף די גאַסן פון שטאָט פלעגט מען אָפט זען פירנדיק די סאָוויעטישע קריגס-געפאַנגענע, זייער אויסזען איז געווען שרעקלעך: אָפּגעריסן, בארוועס, באַוואַקסן, דורשטיק, הונגעריק און פאַרפּייניקט. ווי שווער ס'איז נישט געווען די יידן דאָס לעבן אין געטאָ, פלעגן דאָך די יידן זוכן מיטלען ווי צו העלפן די רוסישע קריגס-געפאַנגענע מיט אַ שטיקל ברויט, ווי אויך צוצושיקן אַ בגד פאַר די פרויען און קינדער אויף סובאַטש 37. דאָרטן אויף סובאַטש 37 איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ סאָוויעטיש קינדער-ליד וועגן יידן, א. נ. „אויף סובאַטשער גאַס צוויי הייזער, דאָרט שטייען״ („נאַ אוליצע סובאַטש דוואַ דאָמאַ סטאָיאַט״).

מיט לעטן, עסטאַניער, אוקראַינער, האָט דער געטאָ געהאַט קאָנטאַקט נאָר אין צייט פון אַקציעס, בעיקר אין דער תקופה פון די טראַנספּאָרטן אין עסטלאַנד און אין דער צייט פון דער געטאָ-ליקווידאַציע (1943). די קאַלטבלוטיקע רציחה און ווילדע אומברחמנותדיקייט אין באַצוג צו פרויען, זקנים און קינדער מצד די לע-

טישע, עסטישע און אוקראַינישע ס.ס.-פרייווויליקע איז ממש נישט צו באַשרייבן. זיי האָבן דערמיט אָפט איבערגעשטיגן די דייטשע געסטאַפּאָ-לייט. זייער באַווייזן זיך ביים געטאָ פלעגט אַרויסרופן די שוידערלעכסטע פּאַניק, ווייל ס׳איז געווען אַ טויט-אָנזאָג.



און אונזערע ברידער די קאַראַאימער?

די דייטשן האָבן נישט פאַרפאָלגט די קאַראַאימער, ווייל זיי האָבן זיך צו זיי באַצויגן אַלס צו נישט-יידן.

אין דער ערשטער געטאָ-תקופה האָבן זיך אַ סך יידן באַזאָרגט מיט פאַלשע פּאַספּאָרטן אַלס קאַראַאימער און בשעת די טויט-אַקציעס פלעגן זיי זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ אין שטאָט אַריין און לעבן דאָרטן אַלס קאַראַאימער.

מ׳האָט דערציילט אין געטאָ, אַז דער קאַראַאימישער „חכם״ האָט דאַן צוגעשיקט׳אין געשטאַפּאָ אַ נאָמענטלעכע ליסטע פון אַלע קאַראַאימער אין זיין געמיינדע, מיט אַן אָנווייזונג פון זייערע אַדרעסן; אַלע אַנדערע קאַראַאימישע פּאַספּאָרטן זענען, הייסט עס, פאַלסיפיצירטע. נאָכדעם זענען אין שטאָט דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס. ביי די אַלע, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס קאַראַאימער, הונדערטער, הונדערטער יידן זענען דאַן אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט.

(ענלעכעס האָט מען אויך דערציילט וועגן מוזולמענישן מופטי אין ווילנע. עס וואָלט געווען געוונטשן, אַז די דאָזיקע קלאַנגען אָדער פאַקטן זאָלן אויסגעפאָרשט ווערן).

דער קאַראַאימישער „חכם״, פּראָפעסאָר שאַפּטאַל, האָט זיך אין יענע צייטן געמיט מיט אַלע כוחות אויפצווייזן דעם ראָזענבערג-שטאַב, אַז די קאַראַאימער שטאַמען נישט פון דער סעמיטישער ראַסע און האָבן דעריבער נישט קיין שייכות מיט די יידן׳ די מענטשן פון ראָזענבערג-שטאַב האָבן זיך געווענדעט צו זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש, אַלס צו אַן אויטאָריטעט אין יודאאיזם, אַז ער זאָל אויפזוכן היסטאָרישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן בנוגע דעם אָפּשטאַם פון די קאַראַאימער. לסוף האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַ ויכוח צווישן פּראָפעסאָר שאַפּטאַל און זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש, וועגן פּראָבלעם פון קאַראַאימישן אָפּשטאַם.

זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש, דער נביא פון ווילנער געטאָ, האָט נישט באַצאָלט די קאַראַאמער לויט זייער יידן-פיינטלעכער אויפפירונג אונטערן נאַצי-רעזשים, פאַרקערט, ער האָט זיי געוואָלט אָפּהיטן פון אַ שחיטה און מסכים געווען בשעת דער דיסקוסיע, אַז די קאַראַאימער האָבן מיט דער סעמיטישער ראַסע און מיטן פאָלק ישראל קיין שום שייכות נישט.



קליין, מינימאַל קליין איז געווען די צאָל פון די, וואָס האָבן געוואָלט העלפן און נאָך קלענער איז געווען די צאָל פון די, וואָס האָבן ווירקלעך געהאָלפן. אויף מיליאָנען אָננעס, יאַדוויגעס און אירענעס זענען געווען נאָר איינצלנע — אַננאַ שימאַיטע, יאַדוויגע דודניעץ און אירענאַ אַדאַמאָוויטש. צוליב דעם היטלער-טעראָר זענען אויך

די דאָזיקע קליינע, ליכטיקע אויסנאַמען ניט געווען באַקאַנט דעם געטאָ-עולם, ווייל אויך די חסידי אומות העולם האָבן געהאַט מורא פאַרן פאַרראַט פון זייערע אייגענע ברידער...

די פחדנישע גלייכגילטיקייט און די אָפענע מערדערישע שנאה — האָבן דאַקעגן אָפן באַגעגנט די יידן טעגלעך. דער ייד אין געטאָ איז אָפט געווען מער מאָראַליש צעבראָכן פון דער באַציאונג פון די פּאָליאַקן און ליטווינערס — ווי פון די היטלעריסטישע דייטשן, פון וועלכע ער האָט גאָר אַנדערש ניט דערוואַרט.

איינזאַם און פאַרלוירן האָט זיך געשפּירט דער ייד אין געטאָ; געוואוסט, אַז ס'איז ניטאָ קיין שוץ פאַר אים און קיין הילף אין דער שווערער אומקום־שעה. געוואוסט, אַז בדרך כלל האָט ער נישט צו דערוואַרטן, אַז ווער עס איז זאָל אים אויסבאַהאַלטן; ער האָט דערוואַרט, אַז ביי יעדן פרווו פון אַנטלויפן קען ער פאַרראַטן ווערן פון ערשטן בעסטן פּאָליאַק אָדער ליטווינער, וואָס וועט דערקענען אויפן גאַס, אַז ער איז אַ ייד און אים אַרויסגעבן. דאָס געפיל פון אַבסאָלוטער הילפלאָזיקייט און איינזאַמקייט אין קאַמף; די מורא פאַרן פאַרראַט פון די שכנים — האָבן פּאַראַליזירט לכתחילה יעדן געדאַנק פון קאַמף און אַקטיוון ווידערשטאַנד. און ווען עס איז אַנטשטאַנען די ווידערשטאַנדס-באַוועגונג, וועלכע האָט געהאַט אַ געוויסע און גאַנץ לויזע אונטערשטיצונג מצד די קאָמוניסטישע קרייזלעך, וועלכע זענען געווען אין פאַרמירונגס-פּראָצעס אין אויסערן-געטאָ, האָט אָבער די מאַסע יידן פון געטאָ געוואוסט גאַנץ קלאָר, אַז אין מינוט פון אויסברוך פון אַ רעוואָלט פון געטאָ — וועט עס זיין אַן אויפשטאַנד אָן אַ פאַרבינדעטן — אָן וועלכער עס איז קעגטיקער הילף פון גרעסערע שכנישע קרייזן. אַן אויפשטאַנד, אָן קיין מינימום האָפענונג פון נצחון, אַן אויפשטאַנד פון איינזאַמע אין קאַמף...

בירגער!

[illegible]

סאניטאר-עפידעמיאלאג. אפטײלונג
ביים יודן-ראט

אויפרוף פון דער סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג
אין געטאָ-ווילנע (ייוואָ-אַרכיוון).

# 17. ערשטע טריט פון דער אונטערערדישער באַוועגונג

שוין די ערשטע טעג פון אַריינגיין אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַפן און פאָרמירן די אונטערערדישע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע האָבן שפּע־טער שטאַרק באַאיינפלוסט דאָס געטאָ־לעבן, געבויט דעם קולטור-וועזן, באַווירקט די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, געשאַפן קאָנטאַקטן פון געטאָ צו געטאָ, מיטגעווירקט צום אַנטשטיין פון דער יידישער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג.



ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ווילנע, און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די כאַפּע־נישן און אַרויספירן צום טויט, און ס׳זענען איבערגעריסן געוואָרן די קאָנטאַקט־מעג־לעכקייטן איבער די גאַסן, האָבן די חלוצישע גרופּירונגען מיט אַלע כוחות אויפ־געהאַלטן דעם קאָנטאַקט צווישן זייערע חברים. די חלוצים פונעם קבוץ „שחריה״, (החלוץ הצעיר — דרור פרייהייט), וועלכער האָט עקזיסטירט אויך אין צייט פון די סאָוועטן אַלס קבוץ אין אַ פאַרם אויף וואָלאָקומפּיע, הינטער ווילנע, האָבן ניט גע־וואָלט פאַרלאָזן די ערד־אַרבעט־־הכשרה, ווען פיל טויזנטער יידן פון ווילנע זענען געווען שוין צוגענומען דורך די כאַפּונעס. די חלוצים האָבן באַשלאָסן :

— דאָ וועלן מיר אַרבעטן ביזן לעצטן טאָג לעבן.

פון די בחורים פון קבוץ לעבט דוכט זיך מיר שוין קיינער היינט צו טאָג, אַ סך זענען צוגענומען געוואָרן דורך די כאַפּונעס, צוויי דריי וואָכן פאַרן געטאָ, און די איבעריקע אומגעקומען אין געטאָ און אין די קאַמפּן. פון די בחורות, איז מיר באַקאַנט, אַז עס לעבן בעלא מלמד און שרה ווענגראָווסקי, וועלכע זענען געווען ביי די פּאַרטיזאַנער. בעלא מלמד אין רודניצקער פּושטשע און שרה ווענגראָווסקי אין לעבדזאַנסקער פּושטשע.

אַן אַנדער גרופּע פון „דרור-החלוץ הצעיר״ האָט געשאַפן אויף סטעפאַן-גאַס נ. 15 אַ חלוצישן קאָלעקטיוו, וואָס האָט עקזיסטירט במשך פון דער גאַנצער ערב-געטאָ-תקופה. דאָרט האָט מען גלייך אָנגעהויבן צו פאַבריצירן פאַלשע שיינען, בכדי אויס־צוהיטן די חברים פון די כאַפּונעס.

פאַרן אַריינגיין פון די דייטשן האָבן עקזיסטירט אין ווילנע אויך קיבוצים פון „השומר הצעיר״, „הנוער הציוני״, „גורדוניה״ און „עקיבא״. גרויסע טיילן פון זייערע חברים זענען פאַרשוואונדן אין די אינוואַזיע-טעג, סוף יוני 1941, ווען די יוגנט איז אַוועק פון ווילנע און אומגעקומען אויף די וועגן. גרויסע טיילן זענען אויך אומ-געקומען אין די ערשטע כאַפּעניש-טעג.

אין די ערשטע טעג פון געטאָ האָבן די רעשטלעך פון דער חלוצישער יוגנט געשאַפן אַ קאָאָרדינאַציע, אין וועלכער עס זענען אַריין החלוץ (דרור-החלוץ הצעיר), השומר הצעיר און הנוער הציוני. ס׳איז אייגנטלעך געווען דער המשך פון דער עקזיסטירנדיקער קאָאָרדינאַציע אין קריגס-צייט. די נשמה-חיה פון דער חלוצי-שער קאָאָרדינאַציע, איר וועגווייזער און קאָנצענטרירער איז געוואָרן מרדכי טענענ־בוים-טאַמאַראָוו. רעשטלעך פון גורדוניה און עקיבא האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די טאָרף-אַגערן אַרום ווילנע און געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיטן געטאָ.

בכדי צו שאַפן פאַרבאַנדינגונגען פאַרן געטאָ און פאַר דער חלוצישער באַווע-גונג מיט דער אַרישער וועלט און מיט די יידישע ישובים אויסער ווילנע, זענען אייניקע חברים פון די חלוצישע יוגנט-באַוועגונגען געבליבן אויסערן געטאָ.

אין בענעדיקטינער מאָנאַסטיר, נישט ווייט פון דער באַן-סטאַנציע ווילנער-קאָלאָניע, האָט די קלויסטער-מוטער, אַ געוועזענע פוילישע סאָציאַליסטין, באַהאַלטן 17 יידן, צווישן זיי אַ גרופּע חברים פון השומר הצעיר: אבא קאָוונער, זיין ברודער מיכאל קאָוונער, טייבל געלבלום, אריה ווילנער און אַנדערע. אין מאָנאַסטיר זענען זיי געווען ביז סוף דעצעמבער 1941, אָנהאַלטנדיק קאָנטאַקט מיטן געטאָ.

אויף אַרישע פּאַפּירן האָבן זיך אויך געפונען אויסערן געטאָ חיה׳קע גראָסמאַן, טאַמאַרע שניידערמאַן, די צוויי שוועסטערס רוזשקע און שרה זילבער, חיים ברומ־בערג, א. א. מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו, שלמה ענטין און נאָך אַנדערע חלוצים פלעגן אָפט אַרויסגיין פון געטאָ אויף נישט-יידישע דאָקומענטן, בכדי אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט דער אַרישער וועלט, ווי אויך מיט די חברים פון אויסערן געטאָ.

דאָס זענען געווען די ערשטע אונטערערדישע פאַרבינדונגען מיטן אויסערן געטאָ.



אויף סטראַשון גאַס 2 איז די ערשטע טעג פון געטאָ געגרינדעט געוואָרן אַ פאָלקס־קיך, וועלכע מען האָט אָנגערופן די „חלוצישע" אָדער. „ציוניסטישע" קיך. דאָרט איז געווען דאָס זאַמל־אָרט פון דער חלוצישער יוגנט, דאָס אָרט פון די ערשטע אונטערערדישע זיצונגען, דאָרטן פלעגן אויך געבראַכט ווערן די ערשטע ידיעות פון אויסערן געטאָ, דאָרטן איז געווען איינע פון די הויפּט-ערטער פון מאַכן פאַלשע אַרישע פּאַספּאָרטן, בכדי צו דערמעגלעכן חברים אין טעג פון די „אַקציעס" אַרויס־גיין אַלס קריסטן אין שטאָט.

אברהם פינטשוק, וועלכער האָט אַריבערגעפירט דעם אינווענטאַר פון „מושב זקנים" אין געטאָ אַריין, האָט מיטגעבראַכט אַ גאַנצע רייע פּאַספּאָרטן צווישן די דאָקומענטן פון „מושב־זקנים". די דאָזיקע פּאַספּאָרטן מיט אַ גאַנצער רייע אַנדערע זענען געשטעמפּלט געוואָרן מיט פאַלשע שטעמפּלען. ס׳זענען פּראָדו-צירט געוואָרן דאַן פּאַספּאָרטן ליטווישע, פּוילישע, טאָטערישע און קאַראַאימישע. ביים פּראָדוצירן די פּאַספּאָרטן און אַנדערע פאַלשע אַרישע דאָקומענטן האָבן זיך מתעסק געווען, אויף ווי ווייט איך דערמאָן זיך, מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו, צבי מער־סיק, לעביעד יאַנדזיע, מאַדייסקער רבקה, ניסל רעזניק, סאַלאָמאָן ענטין. אין די ביתר-גרופּן האָבן זיך דערמיט פאַרנומען יוסף גלאזמאַן, באַריע פרידמאַן און אסתר יפה.

אין יענע ערשטע טעג פון געטאָ זענען אַנטשטאַנען די קערנס פון די פּאָליטישע

אונטערערדישע פּאַרטייען אין געטאָ: פּועלי-ציון-התאחדות, בית״ר, בונד און קאָ-מוניסטן. פון אַנדערע פּאַרטייען זענען געבליבן נאָר איינצלנע יחידים.

די אונטערערדישע פּאָליטישע טעטיקייט, דאָס אויסלעבן זיך אין אידעאישער אַרבעט, אונטער מויער און דראָטן, האָט באַשיינט פאַר די חברים זייער לעבן אין געטאָ און צוגעגעבן זיי אין יענע שפלות-טעג אַ געפיל פון ווערדע און אחריות.

די פאַרשידענע גרופּן האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן צו קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט: לכתחילה, 10 סעפּטעמבער 1941, איז אַנטשטאַנען אַ קאָמיטעט פון אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל; אין באַשטאַנד פון: י. צינצינאַטוס, מ. דוואָרזשעצקי — פּועלי-ציון-התאחדות; מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו — דרור; אַנדזיע לעביעד — השומר הצעיר.

אין די ערשטע טעג איז מען געשטאַנען פאַר אַבסאָלוטער אומקלאָרקייט פון דער סיטואַציע: איז די מלחמה אויף יאָרן, אָדער אויף געציילטע וואָכן? צי איז דער געטאָ נאָר אַ שטאַפּל אין פאַרניכטונגס-וועג פון ווילנער יידנטום — אָדער די, וואָס זענען געבליבן אין געטאָ, וועלן שוין בלייבן ביים לעבן?

וואָס-זשע איז דאַן אָנגעצייכנט געוואָרן אַלס ערשטע טריט פון דער געמיינזאַמער אַרבעט? — אויסגעפינען און אָרגאַניזירן די אַלע חברים, וואָס זענען געווען אין אונטערערד אין משך פון דער קריגס-צייט, העלפן זיי, ראַטעווען זיי, אויפהאַלטן דעם מוט ביי דער באַוועגונג און ביי דער געטאָ-באַפעלקערונג.

אויף איינער פון די ערשטע באַראַטונגען פון געטאָ-קאָמיטעט פון אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע ליניע פון טעטיקייט: מעגלעך, דער קריג איז באַלד צו ענדע — דאַרף מען באַצייטנס, שוין אין געטאָ אָרגאַניזירן אַ באַוועגונג, וואָס זאָל מיטרייסן גלייך נאָך ענדע-קריג די שארית ישראל צו פאַרלאָזן זייערע וואוינערטער און היימען — און גיין קיין ארץ-ישראל. צו דעם צוועק דאַרף אויפגעבויט ווערן שוין אין געטאָ אַ פאַרצווייגטע ציוניסטישע באַוועגונג.

מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו איז אויף יענע זיצונגען אויך געקומען מיט געוואַגטע פּלענער, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אַן עליה, וואָס זאָל גיין דורך אונגאַרן און סלאָוואַקיי מיט הילף פון אַנטי-נאַצישע קאָנדוקטאָרן און באַן-באַאַמטע.

עס זענען דאַן אויך געזוכט געוואָרן עליה-וועגן דורך ליבאַווע און לעטלאַנד, וואו מען האָט געזאָלט זיך אומלעגאַל איבערשוואַרצן אויף דייטשע אויטאָס, און פון דאָרטן איבערן אייז פון פינישן אויסגוס, דערגיין צו שוועדן.

מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו האָט דאַן אָנגעבונדן זיינע ערשטע קאָנטאַקטן מיטן אַנטיהיטלעריסט, דעם דייטשן שאָפער אַנטאָן שמיד, וועלכער האָט זיך עקזאַלטירט פאַר דער אידייע אַרויסצופירן יידן פון געטאָ.

אין יענע טעג איז דורך טאָג-טעגלעכע באַראַטונגען און באַגעגענישן אויך געשאַפן געוואָרן אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט צווישן קאָמיטעט פון אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל מיטן הנוער הציוני (ניסן רעזניק) און אַלגעמיינע ציוניסטן (אַברהם פינטשוק). מיט דער צייט איז אויך אַנטשטאַנען דער ציוניסטישער „דאך" (זע ווייטערדיקע קאַפּיטלען).

דאָס לעבן אין געטאָ איז געגאַנגען זיין וועג. נייע אַרויספירונגען צום טויט, נייע מסקנות, נייע דרינגנדיקע פּראָבלעמען.

ס׳איז דרינגנד געוואָרן די פראַגע צו קאָאָרדינירן די סאָציאַלע און פּאָליטישע טעטיקייט פון אַלע גרופּן אין געטאָ. מיט דעם דאָזיקן ציל איז איבערגעבויט און פאַרברייטערט געוואָרן דער געזעלשאַפטלעכער הילפס-קאָמיטעט, אַזוי, אַז אין אים זענען געווען פאַרטראָטן סיי דער ציוניסטישער „דאָך״, סיי די קאָמוניסטן, סיי „בונד״, סיי אומפּאַרטייאישע און מיט דער צייט אויך רעליגיעזע יידן. (זע באַזונדער קאַפּיטל).

ס׳האָט אָנגעהויבן אויפצוקומען די ווידערשטאַנד-באַוועגונג. נאָך אַ גאַנצע ריי אַנטוויקלונגס-שטופן איז די קאַמפס־ און ווידערשטאַנד-באַוועגונג אין געטאָ פאַראייניקט געוואָרן אין איין געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציע פ. פּ. א. )זע באַזונדערע קאַפּיטלען).

מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו איז געווען די צענטראַלע און ממש לעגענדאַרע פיגור פון אונטערערד אין ווילנער געטאָ. נאָך זיין אַוועקגיין בשליחות פון אונטערערד קיין ביאַליסטאָק און וואַרשע, האָבן זיך אין ווילנער געטאָ אויסגעשיילט נייע געשטאַלטן, וועלכע האָבן קאָנצענטרירט די אונטערערדישע טעטיקייט אין זייערע רייען : פון החלוץ — יחיאל שיינבוים; פון השומר הצעיר — אבא קאָוונער; פון די קאָמוניסטן — יצחק וויטענבערג; פון בית׳ר — יוסף גלאַזמאַן.

אויף סטראַשון-גאַס נ. 15 אין אַ קליין צימערל פון געטאָ, האָבן געוואוינט אין אַ קאָלעקטיוו מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו און די אָנפירנדיקע חברים פון דער חלוצישער יוגנט. דאָס צימערל איז געוואָרן אַ צענטער פון געהיימע זיצונגען. פון דאָרט האָט מרדכי אַרויסגעשיקט אין די ערשטע טעג פון געטאָ אַ גרופּע חלוצים אין ריכטונג פון וואָלין. דאָרט איז אויך געפאַלן דער באַשלוס אַרויסצושיקן שליחים אין געטאָ-וואַרשע און אַנדערע געטאָס.

שפּעטער האָט מרדכי זיך איבערגעקליבן אין אַ געהיים צימערל, וואָס איז אויף גיך אויפגעשטעלט געוואָרן אין אַ בוידעם, אויף סטראַשון-גאַס נ. 2. דאָרט זענען אין די נעכט פאַבריצירט געוואָרן פאַלשע טאָטערישע, קאַראַאימישע און פוילישע פאַספּאָרטן, אַרבעטס-שיינען, פּאַסיר-שיינען און פאַלשע רייזע-דערלויבענישן איבער די באַנען מיט נאָכגעמאַכטע געשטאַפּאָ-שטעמפּלען. דאָרט זענען אויך פאָרגעקומען די ערשטע באַגעגענישן מיט די שליחים פון וואַרשעווער געטאָ.

ושלום על החוקר שיוציאן שוב לאור העולם.
מ.ט.

## אַ פּאָר שורות פון מרדכי

אין טאָג, ווען מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו איז אַוועק פון וואַרשעווער געטאָ אין געטאָ-ביאַליסטאָק, צו שטעלן זיך דאָרט בראש פון ווידערשטאַנד, האָט ער באַהאַלטן אין אַ קעסטל אַ טייל פונם אַרכיוו פון דער „דרור״-באַוועגונג, ווי אויך אַ טייל פון יצחק קאַצענעלסאָנס מאַנוסקריפּטן; דערצו האָט ער צוגעגעבן אַ צעטעלע, דאַטירט פון 20-טן יולי 1942, וואָס ענדיקט זיך מיט די ווערטער : „ושלום על החוקר שיוציאן שוב לאור העולם״ (און אַ גרוס דעם פאָרשער, וואָס וועט זיי ווידער אַרויסברענגען צום ליכט פון דער וועלט). די באַהאַלטענע מאַטעריאַלן זענען נאָך דער מלחמה געפונען געוואָרן אין די חורבות פון אַ קעלער אויף דזשעלנע-גאַס נר. 34, אין וואַרשע.

(דער אָריגינאַל געפינט זיך אין רשות פון מזכירות הקבוץ המאוחד).

# 18. בשליחות פון געטא צו געטא

## די ערשטע פאַרבינדונגען

אָנזאָגן און דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך אין אַלע געטאָס, מודיע צו זיין וועגן די מאַסן-אַרויספירונגען צום טויט, וואָרענען פון פאַלשע אילוזיעס בנוגע די דייטשע כוונות וועגן די „יידן-איבערזידלונגען", דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך אין אַלע געטאָס. רופן צו אַקטיוויטעט און ווידערשטאַנד — דאָס איז געווען די אויפגאַבע, מיט וועלכער די חלוצישע יוגנט האָט אַרויסגעשיקט שליחים פון געטאָ צו געטאָ.

יונגע חלוצות און חלוצים זענען ביי די דאָזיקע סכנותדיקע שליחותן נתגלה געוואָרן, מיט ברען פון גלויבן, מיט גרענעצלאָזער טרייהייט, און מיט הייליקער געוואַגטקייט. זיי האָבן אין זיך פלוצעם דערשפּירט אַן אינעווייניקסטן רוף צו שטיין אין דינסט פון ייד. אונטערערד, און אָפּגעבן זייער לעבן פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק. זיי זענען געווען די ערשטע אָנצוזאָגן, פאַרבינדן, טראָגן דאָס וואָרט פון וואָרענונג און מוטיקייט, דעם גלויבן אין צוקונפט און דעם רוף פון קאַמף אין דער צייט, ווען אַרום און אַרום האָט געדרעמלט יעדער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד. פון געטאָ צו געטאָ האָבן געוואַנדערט די חלוצישע טרוימערס און פייער-טרעגערס, צופוס, אין באַנען און אין פורן געגנבעט גרענעצן, אַריין אין די געטאָס אין די טעג פון ארויספירונגען; באמונה אויסגעפירט זייער פאָלקס-שליחות. געוואַנדערט און געטראָגן אַ הייליקן פייער : זעלטן, ווער פון זיי איז היינט דאָ ביים לעבן.

אשרי הגחלת. — — —

▼

אין יענע טעג האָט מען דערשפּירט : דער יידישער גורל איז איינס אין יעדן אָרט און אָרט אונטער היטלער-רעזשים; און וואָס עס האָט געשען מיט ווילנע, דאָס דערוואַרט בלי שום ספק אויך אַנדערע געטאָס, ווייל איינס איז דער גורל; און וואָס ס'איז געשען ווייט-ווייט אין אַ פאַרוואָרפן קליין-שטעטלדיקן געטאָ — דערוואַרט אויך וואַרשע און ביאַליסטאָק און ווילנע, ווייל איינס איז דער גורל. —

אָנזאָגן און וויסן; קאָנטאַקטן מיט די יידישע אינזלען אין נאַצישן ים; דאָס איז געוואָרן דאַן די ליידנשאַפט פון יידישן געטאָ-אונטערערד.

▼

די ערשטע ידיעה פון יידישן לעבן אין געטאָ-וואַרשע האָט מען דערהאַלטן דורך אַ קריסטלעכן סקויט העניעק, וועלכער איז געקומען קיין ווילנע בשליחות פון החלוץ אין וואַרשע, און געטראָפן זיך אין קלויסטער הינטער ווילנע מיט אבא קאָוונער, עדעק באראקס און אַנדערע, ענדע אָקטאָבער — אָנהויב נאָוועמבער 1941.

אין מיטן נאָוועמבער 1941, האָט העניעק זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע און גע־בראַכט די ערשטע ידיעות פון די מאַסן־אויסמאָרדונגען אין ווילנע. ער איז אויך געווען אַן עד-ראיה פון גירוש פון די יידן אין טראָקי און אומגעגנט אויף אַן אינזל אין טראַקער אָזיערע, וואו די דייטשן האָבן זיי נאָכן אויסהונגערן אויסגעשאָסן און מקבר געווען אין אַ מאַסן-קבר.

העניעק האָט זיך געטראָפן אין וואַרשע-שטאָט מיט פרומקע פּלאָטניצקי און צביה לובעטקין, וועלכע האָבן דאַן געבראַכט די טרויעריקע ווילנער בשורות אין וואַרשעווער געטאָ. די ידיעות האָבן אויפגעציטערט דעם וואַרשעווער געטאָ. עס זענען אָבער געווען יידן, וואָס האָבן די ידיעות נישט געגלויבט.



צו יענער צייט האָט מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו דערהאַלטן אַ לענגערן העב־רעאישן בריוו פון י צ ח ק צ ו ק ע ר מ אַ נ ע ן פון וואַרשע מיט אַ באַשריי־בונג פון דער אונטערערדישער טעטיקייט פון ה ח ל ו ץ אין פּוילן, הכשרה־קיבו־צים און פּרואוון פון עליה אונטער נאַצי־רעזשים. דעם דאָזיקן בריוו האָט מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו איבערגעלייענט אויף די ערשטע פאַרזאַמלונגען פון די חלו־צים און פון פועלי־ציון־התאחדות.

עס ווערן געזוכט קאָנטאַקטן מיט אַנדערע געטאָס דורך בריוו אָדער דורך גרוסן, וואָס ווערן געשיקט דורך יידן, וואָס עמיגרירן אַרויס געהיים אין אַנדערע גע-טאָס, אָדער דורך דאָרפס-פּויערים, וואָס מען באַגעגנט אויף די אַרבעטס-קאָמאַנדאָס. אלחנן מגיד, סאָוואַ גוריאַן און איך שיקן אַריבער בריוו דורך געטאָ-אויסוואַנדערער צו ד״ר באַראַש אין ביאַליסטאָקער געטאָ. כ׳שיק אויך בריוו אין אַנדערע געטאָס. מיט דער צייט הויבן אָן אָנצוקומען אין רמזים-שפּראַך שריכטלעכע תשובות און גרוסן פון פאַרשיידענע געטאָס.

בשליחות פון דער יוגנט פון געטאָ ווילנע צו געטאָ וואַרשע איז דאַן אַרויס־געפאָרן אין דעצעמבער 1941 עדעק בוראַקס, שלמה ענטין, ישראל קעמפּנער און פּינטשעווסקי און געבראַכט דעם ערשטן גענויעם באַריכט וועגן פּאָנאַר, און גע-רופן די פאָרשטייערס פון וואַרשעווער יידנטום צו וואַכזאַמקייט בנוגע דער אָנקומענ־דיקער געפאַר פון אַלגעמיינע יידן־פאַרניכטונגען אין פּוילן.

אין יענע צייטן זענען אויך אָנגעקומען קיין וואַרשע מיט ידיעות פון ווילנע חיה׳קע גראָסמאַן און תמרה שניידערמאַן.

אָנהייב 1942 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען אויף לעשנא גאַס אין אַ קיך פון הנוער הציוני אַ באַראַטונג פון די פאָרשטייערס פון דער וואַרשעווער יידישער גע-זעלשאַפט צוזאַמען מיט עדעק באָראַקס, שלמה ענטין און חיהקע גראָסמאַן, בכדי צו באַטראַכטן די לאַגע פון ווילנער יידנטום און אויסהערן די טרויער-ידיעות פון פּאָ־נאַר. פון דער וואַרשעווער יידישער געזעלשאַפט האָבן זיך באַטייליקט ד״ר עמנואל רינגעלבלום, י. מאָרגענשטערן, יצחק צוקערמאַן, ד״ר נתן עק, גוזיק, גיטערמאַן, קירשענבוים, כאָלעוואַ, י. סאַק און אַנדערע.

צו יענער צייט איז אויך אָנגעקומען קיין ווילנע טאַסיע אַלטמאַן מיט אַ גרוס פון די געטאָס.



מרדכי טענענבוים און צבי מערסיק האָבן אויף אַ זיצונג פון החלוץ הצעיר־דרור פאַרגעשלאָגן די חברה בעלאַ חזן, זי זאָל אַרויספאָרן אויף אַ שליחות קיין גראָדנע. אין אַ קורצער צייט אַרום קערט זי זיך צוריק מיט אַ „פּאַסיר־שיין״ אַלס אַן אַריערין אונטערן נאָמען בראָניע לימאַנאָווסקאַ. אַזוי אַרום ווערט אָנגעבונדן דער ערשטער קאָנטאַקט מיט גראָדנע. בראָניע פאָרט ווידער קיין גראָדנע, וואו זי טרעפט ליאָניע קאָזיבראָדסקאַ, וועלכע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן בשליחות פון וואַרשעווער החלוץ קיין גראָדנע, ביאַליסטאָק און ווילנע. זיי קומען צוזאַמען קיין ווילנע.

ליאָנע קאָזיבראָדסקי האָלט דאַן אָפּ באַראַטונגען מיט דער חלוצישער קאָאָרדינאַציע, מיט פּועלי־ציון התאחדות און ציוניסטישן „דאַך״, און פאָרט צוריק קיין וואַרשע אָפּצוגעבן גרוסן פון ווילנע, גראָדנע און ביאַליסטאָק. זי פלעגט דאַן אָפט פאָרן מיט שליחותן פון אונטערערדישן החלוץ, פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק, גראָדנע, ווילנע און צוריק. אין ווילנע איז זי געקומען אַ פינף מאָל. אין אַפּריל 1942, אויף אַ רייזע פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע, ווערט זי פאַרהאַלטן אין מאַלקיניע און פאַרשיקט אין וואַרשעווער תפיסה פּאַוויאַק. און ס׳פאַרשווינדט פון איר יעדער שפור.



פון וואַרשע זענען דאַן צוריקגעקומען קיין ווילנע שלמה ענטין און עדעק באַראַקס. זיי האָבן דערציילט מיט וואָס פאַר אַן אומגלויבן געוויסע טיילן פון וואַרשעווער יידנטום האָבן אויפגענומען די ידיעות וועגן חורבן ווילנע און פּאָנאַר. ס׳איז דאַן אויך אָנגעקומען פרומקע פּלאָטניצקאַ. זי האָט מיט זיך אויך געבראַכט אַ גרעסערע געלט-אונטערשטיצונג מצד דעם דזשאָינט אין וואַרשע פאַר דער חלוצישער אונטערערדישער יוגנט און פאַר די מענטשן פון גייסט, פען און קונסט. דער קאָמיטעט צו פאַרטיילן די הילף פאַר די נויטליידנדיקע שריפטשטעלער און קינסטלער פון ווילנער געטאָ איז באַשטאַנען פון: ד״ר ש. מילקאָנאָוויצקי, יוסף גלאַזמאַן, אברהם פינטשוק, אברהם סוצקעווער, חייקל לונסקי, זעליק הירש קאַלמאַנאָוויטש און דעם שרייבער פון די שורות.

פרומקע פּלאָטניצקאַ האָט אָפּגעהאַלטן זיצונגען מיט דער חלוצישער קאָאָרדינאַציע, פּועלי-ציון-התאחדות און ציוניסטישן אונטערערדישן „אָך״. זי האָט געבראַכט די ערשטע ידיעות פון טרעבלינקע. צו יענער צייט איז אויך אָנגעקומען מיט אַ גרוס פון דער אונטערערדישער טעטיקייט אין וואַרשע טאַמאַראַ שניידערמאַן, די חברטע פון מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו. דורך פרומקע פּלאָטניצקאַ, טאַמאַראַ שניידערמאַן און אַנדערע שליחים האָט מען דאַן איבערגעשיקט פון געטאָ ווילנע אין געטאָ וואַרשע צו ד״ר עמנואל רינגעלבלום מאַטעריאַלן פאַר די היסטאָרישע זאַמלונגען וועגן די געטאָס.

פרומקע האָט אונדז געזאָגט, אַז נאָך ווילנע און ביאַליסטאָק וועט זי פאָרן קיין קאָוועל זען זיך מיט די חברים פון דער באַוועגונג לאה פיש, דוד אייזענבערג, שיינדעלע שוואַרץ און אַנדערע. זי האָט דאָרט געשאַפן אַן אונטערערדישע גרופּע פון החלוץ און פאַרבינדן איר מיט ביאַליסטאָק. חברים, וועלכע האָבן באַזוכט קאָוועל נאָך דער באַפרייאונג, האָבן געפונען אויף די ווענט פון דער אַלטער גרויסער שול, וואָס איז האַלב חרוב געוואָרן, הונדערטער אויפשריפטן פון יידן, וועלכע זענען

**דאָרט צוזאַמענגעטריבן געוואָרן פאַר דער שחיטה. און אונטער די נעמען אַן אונטערשריפט „נ ק מ ה״! צווישן די אויפשריפטן האָט זיך געפונען אין אַ רעמל אַ העברעאישער אויפשריפט:**

„שלום לחברים בקבוצת חלוצים ההולכים למות. נאמנים נשארנו לרעיוננו עד הסוף. נקמו נקמת דמנו השפוך״.

אַ גרוס די חברים פון דער קבוצה חלוצים, וואָס גייט צום טויט. טריי זענען מיר געבליבן אונזער געדאַנק ביזן סוף. נעמט נקמה פאַר אונזער פאַרגאָסן בלוט.

**אונטערגעשריבן: שיינדל שוואַרץ 6) מקובל, לאה פיש 7) מהורוכוב, רחל פאַגעלמאַן 8), מלכוביץ און דוד אייזענבערג 9) מורשה.**



מרדכי רוט נישט. אויף פאַפירן פון אַ טאַטאַר פאָרט ער עטלעכע מאָל פון געטאָ ווילנע אין געטאָ ביאַליסטאָק, וואו עס אַנטוויקלט זיך דאַן אַ שטאַרקע חלוצישע באַוועגונג. עס קומען אָן אָנווייזונגען פון וואַרשעווער החלוץ צו קאָנצענטרירן אין ביאַליסטאָק די חלוצישע באַוועגונג פון די אַרומיקע געביטן. דאָרט זאָל ווערן אַ צענטער פון ווידערשטאַנד. אַנטאָן שמיד העלפט אים איבערפירן די מענטשן פון געטאָ ווילנע אין ביאַליסטאָק.

אַ גרופּע פון ווילנער איז אָפּגעפאָרן דאַן פון ווילנער געטאָ, געפירט דורך ליאָניע קאַזיבראַדסקי און בראָניע קיין ביאַליסטאָק. דאָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ קיבוץ, אַ הכשרה און אַ סעמינאַר אין פעברואַר־מערץ 1941, אָנגעפירט פון פרומקע פּלאָטניצקי, צבי מערסיק און מרדכי טענענבוים. אויפן אָרט פון מרדכי טענענבוים און צבי מערסיק, בלייבן איבער יחיאל שיינבוים און פעסיע שיינבוים אַלס אָנפירערס פון החלוץ אין ווילנער געטאָ. פון ביאַליסטאָק פאָרט מרדכי קיין וואַרשע, וואו עס פאַרמירט זיך די יידישע ווידערשטאַנד-באַוועגונג און קאַמפס-אָרגאַניזאַציע און אין אָקטאָבער 1942 קערט ער זיך צוריק קיין ביאַליסטאָק, וואו ער שטייט בראש פון דער יידישער קאַמפס-אָרגאַניזאַציע און פון אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ.



תמרה, פרומקע, ליאָניע, טאָסיע — —

ס׳איז נישט צו פאַרגעסן זייערע געשטאַלטן, ס׳איז נישט צו פאַרגעסן די באַגעגענישן מיט זיי; די שעהן פון דערוואַרטן זיי ביים געטאָ-טויער; און די ערשטע גרוסן, וואָס זיי האָבן געבראַכט, גרוסן פון די ווייטע געטאָס, פון ישראל-אין-פיין.

---

6) שיינדל שוואַרץ — שילערין פון דער העברעאישער גימנאַזיע „תרבות״, חברה פון „החלוץ הצעיר״. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה 1939 אַקטיוו אין דער אונטערערדישער חלוצישער באַוועגונג פון וואָלין. 1941 נעמט זי אָנטייל אין סעמינאַר, וואָס איז פאַרגעקומען אין ווילנע פאַר די אַקטיוויסטן פון דער אונטערערדישער חלוצישער באַוועגונג.

7) לאה פיש — חברה פון החלוץ הצעיר — אין צייט פון מלחמה אַקטיוו אין קאָוונע, ווילנע, לעמבערג, קאָוועל.

8) פאָגעלמאַן רחל — חברה פון החלוץ הצעיר — אין צייט פון דער מלחמה אַקטיוו אין לוצק, לעמבערג, קאָוועל.

9) אייזענבערג דוד — חבר פון החלוץ הצעיר, אין צייט פון דער מלחמה מזכיר פון ווילנער קיבוץ, איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון די גרענעץ-איבערוואַנדערונגען. אין 1941 אַוועק קיין קאָוועל אָנצופירן מיט דער אונטערערדישער חלוצישער באַוועגונג.

ביי אַ צאַנקענדיק ליכטל פלעגן מיר זיצן ווי שאָטנס אין די קליינע חושך׳דיקע צימערלעך פון דער חלוצישער קיך, פון די געטאָ-וואַרשטאָטן, פון שול-מעדיצינישן פונקט און הערן די גרוסן.

תמרה׳ס דערציילונגען זענען געווען קינדיש פאַרחלומט; פרומקע האָט גע־רעדט ווי אַ מאַמע מיט זאָרג און מיט באַשלוס; ליאָניע פלעגט ווי אַ מאָלערין שיל־דערן בילדער נאָך בילדער; ביי טאָסיע פלעגט לעבנס-ווילן אַרויסרייסן זיך פון די טרויעריקסטע באַשרייבונגען.

לכתחילה האָבן זייערע גרוסן פאַר אונז אָפּגעקלונגען ווי פאַנטאַסטישע מעשיות: עס לעבט אַ געטאָ אין וואַרשע, אין גראָדנע, אין ביאַליסטאָק: אָן אַקציעס, אָן מורא פאַרן טויט; און מען לעבט אַזוי און אַזוי. — — —

און שפּעטער זענען די באַריכטן געוואָרן אַלץ אומעטיקער און טראַגישער: ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אויך דאָרט און דאָרט — און איבערזידלונגען — און פאַר־שווינדונגען — און געהיימע אויטאָס, אויף וועלכע מען זאָגט — — — און גרויסע קוימען-בנינים, אויף וועלכע מען זאָגט — — — און יידן אין די געטאָס גלויבן נישט, הגם ס׳זענען דאָ אַנטלאָפענע עדות, וועלכע האָבן עס אַלץ אַליין געזען מיט זייערע אייגענע אויגן; און אויך אין וואַרשע איז שוין נישט אַזוי ווי פריער — און מען זוכט — און מען האָט געשאָסן — און אויף געהיימע זיצונגען האָט מען באַשלאָסן אַזוי און אַזוי — — —

און אויף מאָרגן פלעגן זיך יידן דערציילן איינער דעם אַנדערן בסודי סודות: אין וואָלין איז געשען — און אין לובלין — — און אין גאַליציען — — —

וועער האָט געבראַכט די ידיעות — האָט קיינער נישט געוווסט. מען האָט נאָר זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל:

— געהיימע בחור׳טעס קומען אין ווילנע און ברענגען די נייעס; מען זאָגט, אַז חלוצות פון פוילן — נאָר ווי קומען זיי אין געטאָ ווילנע, ווען אַלע וועגן און באַנען זענען געשלאָסן פאַר יידן? — — —

און ס׳האָבן זיך געוועבט לעגענדעס אין געטאָ וועגן די בחור׳טעס, די חלוצות.



אין דעצעמבער 1941 איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער חלוצישער קאָאָרדינאַ־ציע. ס׳האָבן זיך אין איר באַטייליקט מרדכי טענענבוים, צבי מערסיק, ניסל רעזניק, פּינטשוק, ענטין, עדעק באַראַקס, חיהקע גראָסמאַן, רוזשקע. ס׳איז דאַן געוואָרפן געוואָרן דער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד אין די געטאָס. מען האָט אויך הייס דיס־קוטירט די פּרואוון פון איבערוואַנדערונגען אין אַנדערע געטאָס, וואו ס׳האָט זיך דאַמאָלסט געדוכט, אַז ס׳זענען דאָ שיינבאַרערע מעגלעכקייטן צו קאָנצענטרירן אַ ווירקזאַמע יידישע ווידערשטאַנד-באַוועגונג.

ס׳איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן אָנצושרייבן דעם ערשטן ווידערשטאַנדס־אויפרוף. עדעק באַראַקס האָט עס אים איבערגעגעבן אבא קאָוונערן, וועלכער האָט זיך צו יע־נער צייט געפונען אויסערן געטאָ אין אַ קלויסטער. אבא קאָוונער האָט עס אָנגע־שריבן, און געקומען אין געטאָ ערב דעם 1-טן יאַנואַר 1942, וואו ער האָט אים פאַר־געלייענט אויף אַ זיצונג פון דער קאָאָרדינאַציע.

## דער „יזכור"־אָוונט

**דעם 1־טן יאַנואַר 1942 איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער חלוצישער קיך דער יזכור־אָוונט נאָך די אומגעקומענע אין פּאָנאַר, בשעת וועלכן עס איז געוואָרפן געוואָרן פאַר הונדערטער חלוצים פון אַלע ריכטונגען דער לאָזונג פון ווידערשטאַנד. דער אויפרוף איז געלייענט געוואָרן אויף יידיש און העברעאיש.**

לאָמיר ניט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה!

יידישע יוגנט, גלויבט ניט די פאַרפירערס, פון די אַכציק טויזנט יידן אין ירושלים דליטא, זענען געבליבן נאָר צוואַנציק טויזנט. פאַר אונזערע אויגן האָט מען אַרויסגעריסן די עלטערן, ברידער און שוועסטערס. וואו זענען די הונדערטער מענער, געכאַפּטע אויף אַרבעט דורך דער שטאָטישער פּאָליציי? וואו זענען די נאַקעטע פרויען און קינדער, אַרויסגעפירטע אין דער גרויליקער נאַכט פון דער פּראָוואָקאַציע? וואו זענען די יידן, געכאַפּטע אין יום־כפור? און וואו זענען אונזערע ברידער פון דעם צווייטן געטאָ? ווער מען האָט אַרויסגעפירט פון געטאָ, ווערט זיך מער ניט אומקערן, ווייל אַלע וועגן פון געסטאַפּאָ פירן קיין פּאָנאַר, און פּאָנאַר איז דער טויט!

רייסט אַראָפּ די אילוזיע פון פאַריאושטע: אייערע קינדער, פרויען און מענער זענען נישטאָ! פּאָנאַר איז ניט קיין לאַגער. מען האָט זיי אַלעמען דער־שאָסן. עס האָט היטלער געמאַכט אַ סיסטעם אומצוברענגען אַלע יידן אין איי־ראָפּע. אויף אונז איז אויסגעפאַלן די ערשטע רייע.

לאָמיר ניט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה! אמת, מיר זענען שוואַך און האָבן קיין הילף ניט, אָבער דער איינציקער ווירדיקער ענטפער דעם שונא איז ווידערשטאַנד!

ברידער! בעסער פאַלן ווי פרייע קעמפערס, איידער לעבן אין דעם מער־דערס גענאָד! זיך קעגנשטעלן ביזן לעצטן אָטעם!

**ערשטער יאַנואַר 1942, ווילנע אין געטאָ.**



— — — מיר האָבן פאַרשטאַנען: ווילנע איז דער אָנפאַנג. נאָך איר וועלן קומען אַלע איבעריקע יידישע ישובים. ס'איז אויפגעקומען דער געדאַנק פון התגוננות (זעלבסטשוץ).

— — — ס'איז געווען אין דעם אַן אַקט פון יאוש, פון דעטערמינאַציע. מיר האָבן געשטרעבט נאָר צו איינס: אָפּגעבן אונזער לעבן פאַרן העכסטן פּרייז. מיר האָבן אָנגע־הויבן די קאַמפּס-צוגרייטונגען אין ווילנע. נאָך די אָפּטע „אַקציעס", ווען מיר האָבן אַביסל אָפּגעאָטעמט און מיר פלעגן זיך צונויפזאַמלען אָן פּחד פאַר אַ נייעם טראַנספּאָרט, האָבן מיר געוואָרפן דעם לאָזונג: „לאָמיר נישט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה"!

און פון דאַן אָן איז געוואָרן אונזער לעבן אַ צוגרייטונג צום טויט.

פון דאַן אָן זענען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן — אָביעקטיוו און אָן אַ רצון און אַספּי־ראַציעס מצד אונז — צו אָנפירער פון פאָלק. אונזער אַרבעט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן — דורך אירע צילן און אופנים פון רעאַליזאַציע אין אַ מיניאַטורעלער רעגירונגס-אַרבעט. פון איין קאַנט די געטאָס; פון אַנדער קאַנט — די גרויסע וועלט, מען האָט געדאַרפט דאגה'ן פאַר ראַדיאָ און פאַרבינדונג, פאַר באַוואָפנונג און אינפאָרמאַציע, פאַר פּראָפּאַגאַנדע און שוין פאַר פּאַרטיזאַנקע און פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען. — — —

(אויסצוגן פון מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָווס בריוו: „מכתב לחברים, לועד הפּועל של ההסתדרות, למזכירות הקיבוץ המאוחד, לחברים בארץ", געשריבן אין אַפּריל 1943 אין ביאַליסטאָק).

## עס שאַפט זיך די פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע.

אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן גלייכ-צייטיק געהיימע באַראַטונגען בנוגע זוכן וועגן פון אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד און ס'הויבן אָן ספּאָנטאַן צו אַנטשטיין איניציאַטיוו-גרופּן פון קאַמפּס-אָרגאַניזאַציעס.

דאָן איז דעם 23סטן יאַנואַר 1942 אויף אַ בוידעם פון רודניצקער גאַס 6 פאָר־געקומען אַ באַראַטונג פון מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען וועגן דער פראַגע פון ווידערשטאַנד. דאָרט איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. אויף דער זיצונג זענען געווען: אבא קאָוונער, יוסף גלאַז־מאַן, יצחק וויטענבערג, ניסל רעזניק, פּרוכט, אַ געוועזענער מאַיאָר פון דער פּוילישער אַרמעע און כיענע באָראָווסקאַ.

## די אַרעסטן ביי מאַלקיניע

אין אַ חודש אַרום נאָך ענטינס און באראקס קומען קיין ווילנע, פאָרן זיי ווידער אָפּ קיין וואַרשע. אויפן צוריקוועג ווערט ענטין פאַרהאַלטן. עס קומט אָן אַ בריוו קיין ווילנע, אַז ענטין איז אַרעסטירט. לעווקאָוויטש פאָרט אַרויס קיין וואַרשע זוכן מיט־לען ווי אַזוי אים צו ראַטעווען, אָבער עס איז שוין צו שפּעט.

מער קיין ידיעות קומען פון אים נישט אָן. דער גרוס, וואָס די שליחים פון וואַרשע האָבן געבראַכט וועגן אומגלויבן פון די יידן וועגן די מאַסן־אויסמאָרדונגען, האָט באַוואויגן די אַנטשטייענדיקע פּאַרטיזאַנער ־ אָרגאַניזאַציע אַרויסצושיקן אַן אויפרוף צו די יידן קיין וואַרשע און ביאַליסטאָק.

די צוויי שוועסטערס שרה און רייזל ז י ל ב ע ר, וועלכע האָבן געוואוינט אויסערן געטאָ, האָבן דעם אויפרוף אַרויסגעפירט קיין ביאַליסטאָק און וואַרשע צוזאַ־מען מיט עדות-פּראָטאָקאָל פון די יידן-אויסמאָרדונג (אַפּריל 1942).

אין אויפרוף ווערט צווישן אַנדערן געשריבן:

„דער גורל פון אַלע יידן אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע איז אַן אַלגעמיינע אויסראָטונג, ניט געקוקט אויף קיין ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן פון די דייטשן.

ברידער! רייסט אַראָפּ די איינרעדעניש, אַז אונז קען ראַטעווען ווירטשאַפט־לעכע נויטווענדיקייט, וואַרפט אַראָפּ די האָפענונג, אַז צוליב ווירטשאַפטלעכע סיבות וועלן די דייטשן ניט וועלן פאַרטיליקן די פערציק טויזנט יידן אין ביאַ־ליסטאָק און אַ פשיטא שוין דעם האַלבן מיליאָן יידן אין וואַרשע. די אויסראָטונג פון די יידן איז אַ צענטראַלע אַקציע, זי איז ניט אָפּהענגיק פון קיין שום אָר־טיקע אָרגאַנען. די דייטשן אין גראָדנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע, כדי צו האָבן אַרבעט און ניט גיין אויפן פראָנט, קענען פאַרציען דעם קיום פון די געטאָס אויף אַ קורצער צייט. די אויסראָטונג איז אָבער אַ סיסטעמאַטישער פּראָצעס, וואָס פריער אָדער שפּעטער וועט ער טרעפן אַלעמען. דאָ הערשט אַ פּאָליטיש פּראָ־גראַם איבער אַלע ווירטשאַפטלעכע פאַקטאָרן. וואו ס'איז נאָר דאָ אַ יידישער ישוב אונטער היטלערן, וועט זיין פאַנאַר!

ייִדן, אָרגאַניזירט זיך, נעמט זיך צום געווער!
ייִדן! צום ווידערשטאַנד!

די פאַרייניקטע פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ.

אויפן וועג צוריק פון וואַרשע זענען ביידע שוועסטערס שרה און רייזל זילבער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ אויף דער סטאַציע מאַלקיניע.

כמעט אין דער זעלבער צייט, איז אָנגעקומען קיין ווילנע די ידיעה, אַז בעלאַ חזן, וועלכע איז אַרויסגעפאָרן פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע דערוויסן זיך, וואָס איז געוואָרן מיט ליאָניאַ קאָזיבראָדסקי, וועלכע איז ניט געקומען צוריק פון איר שליחות — איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אין מאַלקיניע. ליאָניאַ קאָזיבראָדסקי, בעלאַ חזן, שלמה ענטין, שרה און רייזל זילבער האָבן געהאַט די זעלבע אַרישע פּאַפּירן — מיט אַ פאַלשן שטעמפּל פון גראָדנער געביטס־קאָמיסאַריאַט — און זענען כמעט אין דער זעלבער צייט אַרעסטירט געוואָרן דורכפאָרנדיק מאַלקיניע, וואו געסטאַפּאָ האָט שוין דערקענט דעם פאַלשן שטעמפּל. פון יענעם טאָג אָן האָבן מיר אין געטאָ ניט געוואוסט, וואָס איז געוואָרן דער גורל פון די אַרעסטירטע שליחים.

אין יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז שלמה ענטין, שרה און רייזל זילבער זענען וואַרשיינלעך אומגעקומען אין וואַרשעווער תפיסה פּאַוויאַק. ליאָניע קאָזיבראָדסקאַ און בעלאַ חזן זענען פון מאַלקיניע אָפּגעפירט געוואָרן אין פּאַוויאַק און פון דאָרט קיין אוישוויץ, וואו ליאָניע קאָזיבראָדסקאַ איז געשטאָרבן פון שוואַכקייט נאָך אַ טיפוס־קראַנקייט.

## די „אַרישע" שליחות

אין שליחות פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און פון דער חלוצישער באַוועגונג, האָבן זיך דאַן פרייוויליק געשטעלט צוויי פּוילישע קריסטינס, אירענאַ אַדאַמאָוויטש און יאַדזיע דודיעץ.

אירענאַ אַדאַמאָוויטש — אַ קאַטוילין, אַקטיווע טוערין אין די סקויטישע רייען, איז געשטאַנען נאָך פאַר דער מלחמה אין האַרציקע קאָנטאַקטן מיט דער חלוצישער באַוועגונג און פלעגט אָפּט קומען אויף חלוצישע הכשרה־פּונקטן. געשיקט פון וואַרשע דורכן מרכז החלוץ קיין ווילנע האָט זי זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט יאַדזיע דודיעץ, אַריין אין געטאָ אויף עטלעכע טעג, אָפּגעהאַלטן זיצונגען מיט געזעלשאַפטלעכע טוערס אין געטאָ און איבערגעגעבן ידיעות וועגן ייִדישן לעבן אין די געטאָס פון פּוילן. זי האָט די ערשטע געבראַכט קיין ווילנע די ידיעות פון די גאַז־קאַמערן, און אויף אַ מאַפּע פון פּוילן האָט זי אונז אָנגעצייכנט דאָס בילד פון די „איבערזידלונגען" פון די ייִדישע ישובים אין פּוילן, דאָס בילד פון ייִדישן אומקום. פון ווילנע איז זי געפאָרן קיין קאָוונע, צוזאַמענגעטראָפן זיך מיטן ייִדן־ראַט און מיט די פאָרשטייערס פון „מצוק" (ציוניסטישע קאָאָרדינאַציע), אין געבראַכט זיי די ידיעות פון די געשעענישן פון פּוילן און ווילנע. פון דאָרט איז זי געפאָרן קיין שאַוול, דאַן קיין וואַרשע און ביאַליסטאָק.

זי איז פון די איינציקע שליחים, וואָס זענען געבליבן ביים לעבן.

י א ד ז י ע  ד ו ד י ע ץ — אַ קאַטוילין, פלעגט אָפט קומען אין געטאָ, אָפּ־האַלטן זיצונגען מיט די פאַרשטייערס פון די חלוצישע גרופּירונגען און מיט פועלי ציון התאחדות. זי איז געשטאַנען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט יחיאל שיינבוים און איז געליוועט געווען. זי איז געפאָרן בשליחות פון דער פאַרטיזאַנער-אָרגאַניזאַציע



יאַדזיע דודיעץ

און פון דער חלוצישער באַוועגונג קיין קאָוונע און שאַוול און געבראַכט פון דאָרט ידיעות און בריוו.

איינמאָל, אין ערב יום כפור 1942, ווען יאדזיע איז געקומען אין געטאָ פאַרן אַרויספאָרן אין אַ סכנותפולער נסיעה, האָט זי נאָך אַ זיצונג געזאָגט צו מיר ביים געזעגענען זיך :

— יום כפור, זייט מתפלל פאַר מיר...

זי איז אומגעקומען אין ווילנע דעם 13טן אויגוסט 1944.



אויך די פאַרשידענע גרופּן אין געטאָ האָבן אַחוץ די שליחים פון געטאָ-וואַרשע, אַליין געזוכט זיך צו פאַרבינדן מיט די אַנדערע געטאָס.

אַזוי איז מיר באַקאַנט, אַז אין די ערשטע געטאָ־חדשים האָט זיך דער יונגער עלעקטראָטעכניקער ש א פ י ר אָ (פועלי ציון התאחדות) פרייוויליק געמאָלדן צו פאָרן קיין ביאַליסטאָק אָנצושליסן קאָנטאַקטן (דער אויבנאָ, מיט וועלכן ער איז געפאָרן, איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון געסטאַפּאָ); טאַסיע ל י כ ט ע נ ש ט יי ן (בית״ר) איז געפאָרן אַלס שליחה קיין ביאַליסטאָק, ל יי ז ע ר אָ וו י ט ש (בית״ר) קיין גראָדנע.

דאָס איז אין קורצן, אויף ווי ווייט זי איז מיר באַקאַנט די געשיכטע פון די שליחותן פון געטאָ צו געטאָ, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דורך ווילנע.



ידיעות וועגן דער קאַטאַסטראָפע אין ווייסרוסלאַנד און וועגן די אויפשטאַנדן אין נאָוואָגרודעק, סלאָנים, נעסוויעזש, סטאָלפּצי, מיר, קלעצק, גלובאָקי, פאַרטיזאַנער־גרופּן אין באַראַנאָוויטשער געגנט, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען דורך די פּליטים פון די שחיטות אין באַראַנאָוויטש, לידע, און שפּעטער דורך די יידן פון די שטעטלעך סאָל, אָשמענע, סמאָרגאָן, וועלכע מען האָט „איבערגעזידלט״ קיין ווילנע און טיילווייז קיין פּאָנאַר...

# 19. אונטערערד-שליחים געפאַלן אויף דער וואַך

## פרומקע פּלאָטניצקי

פרומקע פּלאָטניצקי איז געווען איינע פון די הויפּט־טרעגערינס פון חלוצישן וואָרט אין אונטערערדישן פּוילן. איר גרענעצלאָזע מסירת־נפש פאַר דער אידעע, איר טרייהייט צו דער באַוועגונג, איר ליבע צו די חברים, איר איניציאַטיווע און ענערגיע, האָבן זי פאַרוואַנדלט אין איינע פון די צענטראַלע פיגורן פון דער חלוצישער באַוועגונג אונטערן נאַצי־רעזשים. זי איז געבוירן געוואָרן לעבן פּינסק כ״ו אלול תרע״ד, 11טער סעפּטעמבער 1914, אין אַ חסידישער משפּחה. נאָך גאָר יונג איז זי אַריינגעטרעטן אין „פרייהייט", דער יוגנט־באַוועגונג פון „פּועלי ציון צ.ס.".

אין יאָר 1935 איז זי אַוועק קיין ביאַליסטאָק און זי ווערט דאָן אַקטיוו אין דעם קיבוץ תל חי פון החלוץ און באַזוכט בשליחות פון דער באַוועגונג אין פּוילן קיבוצים און סניפים פון החלוץ. ווען ס'האָט זיך דערנענטערט איר צייט עולה זיין — איז אויסגעבראָכן די מלחמה. ווי פאַראויספילנדיק איר גורל, שרייבט זי אין אַ בריוו, דאַטירט פון 6-טן מערץ 1939, פאָלגנדיקעס:

„דוכט זיך, אַז ס'איז אַ רו פאַר אַ גרויסן שטורעם — און אויב דער שטורעם וועט קומען, וועט קיין שפּור פון מיר ניט בלייבן".

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה ווערט זי די צענטראַלע שליחה און פאַרבינדערין פון מרכז החלוץ אין וואַרשע. אין די שווערסטע סכנותדיקע צייטן האָט זי אומלעגאַל דורכגעשפּאַנט פּוילן און געבראַכט אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון יידישן ישוב דאָס וואָרט פון ארץ-ישראל און די ידיעות, וואָס עס טוט זיך אין די געטאָס. זי האָט צוזאַמענגעבונדן די קרייזן פון החלוץ און האָט איבערגעשיקט צענדליקער בריוו אין רמזים־שפּראַך פון פּוילן אונטערן נאַצי־רעזשים אין די נייטראַלע לענדער און פון דאָרטן קיין ארץ־ישראל, דורך וואָס די יידישע עפנטלעכקייט האָט זיך דערוואוסט וועגן די מאַסן־אַקציעס און אומקום פון יידנטום.

אין אָנהויב יאַנואַר 1942 קומט זי פון וואַרשע אין ווילנער געטאָ, איבערצוגעבן אַ גרוס פון לעבן אין וואַרשעווער געטאָ און בכדי אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אין ווילנע. דאַן איז זי געפאָרן קיין ביאַליסטאָק, וואו זי האָט אָנגעפירט צוזאַמען מיט מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו און צבי מערסיק דעם זעקס וואָכיקן סעמינאַר אויף איוועניסקאַ גאַס 13. שפּעטער איז זי געפאָרן קיין ווייסרוסלאַנד, וואָלין, טשענסטאָכאָוו. פון טשענסטאָכאָוו האָט זי דעם 5טן יולי 1942 געשריבן אַ בריוו קיין ארץ־ישראל, אין וועלכן זי האָט באַריכטעט וועגן אירע נסיעות קיין ווילנע און ביאַליסטאָק:

...„אין משך פון עטלעכע חדשים האָב איך באַזוכט מיין משפחה אין ווילנע. איר מצב איז גוט. אַ באַזונדערן גרוס דיר פון השמדה גמורה 1). זי שפּירט זיך זייער גוט — — — —"

אויף דער זיצונג פון 28סטן יולי 1942 אין וואַרשע, אין דער חלוצישער באַוועגונג, ווען ס׳איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס וועגן אויפשטעלן די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, איז פרומקע פּלאָטניצקי באַשטימט געוואָרן צוזאַמען מיט טאסיא אַלטמאַן 2), לאה פּערלשטיין 3) און אריה ווילנער 4) אַלס פאָרשטייערס אויף דער אַרישער זייט. אין דעצעמבער 1942 קומט זי קיין בענדין בשליחות פון החלוץ און שטעלט זיך אין צענטער פון די ווידערשטאַנדס ־ צוגרייטונגען און באַקומט דעם נאָמען „די מאַמע פון בענדינער געטאָ".

ס׳קומט פאַר איר אַן אַ בריוו פון וואַרשע:

ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך מיט דאָקומענטן פון נייטראַלע לענדער. אָבער זי באַשליסט צו בלייבן, ניט ראַטעווען זיך אַליין, ווען אַלע ברידער און שוועסטערס קומען אום. —

פרילינג 1943. עס קומען קיין בענדין ידיעות וועגן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ און צווישן זיי וועגן אומקום פון איר שוועסטער חנהטשע. זי שרייבט וועגן דעם אין אַ בריוו קיין אויסלאַנד:

„גיב אים איבער, אַז מיין קליינע חנה האָט חתונה געהאַט מיט רופין" 5).

דעם 17טן יולי 1943 קומט צו איר אַ ניט־יידישער שליח פון די נייטראַלע לענדער מיטן פאַרלאַנג, זי זאָל פאַרלאָזן בענדין און גיין מיט אים. זי זאָגט זיך אָפּ. אין יענעם טאָג האָט זי אַרויסגעשיקט איר לעצטן בריוו, דיקטירט אויף יידיש און געשריבן אויף דייטש דורך מאַרקוס פאָהאָרילאַ 6), וואו זי באַשרייבט די פאַרניכטונגען אין פוילן און ליטע און פרטים וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשע. דער בריוו, אונטערגעשריבן דורך פרומקע פּלאָטניצקי, הערשל שפּרינגער, צבי בראַנדעס, ישראל קאַזשוך און שלמה לערנער (אָנפירנדיקע חברים פון החלוץ אין בענדין) ענדיקט זיך מיט די ווערטער:

....— — — „טויט וואָס איר קענט. איך בין בספק, אויב איר וועט באַווייזן אונז נאָך צו העלפן, ווייל מיר שטייען פאַר אונזערע לעצטע טעג. אונזער האָפענונג צו זען זיך מיט מולדת וועט צום באַדויערן ניט מקוים ווערן". —

דעם 3טן אויגוסט 1943 איז זי געפאַלן מיט געווער אין האַנט, פאַרטיידיקנדיק דעם בונקער, וואו עס האָבן זיך געפונען די חברים פון קיבוץ בענדין.

אין צווייטן יאָרטאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע איז זי אויסגעצייכנט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג מיט אַ הויכער מלוכהשער אויסצייכנונג.

---

1) השמדה גמורה — פולקאָמע פאַרניכטונג.

2) טאַסיע אַלטמאַן — זע באַזונדער קאַפּיטל.

3) לאה פּערלשטיין — אַ חברה פון דער קאַמפּס-גרופּע „דרור", אַ פאַרבינדלערין מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. אומגעקומען דעם 18-טן יאַנואַר 1943.

4) ווילנער אריה (יורעק) — אַ חבר פון „השומר הצעיר", איינער פון די אַקטיווסטע און העלדישע קעמפער פון דער יידישער ווידערשטאַנד-באַוועגונג און פון די קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ, אומגעקומען דעם 8-טן מאַי 1943.

5) רופין — פאַרשטאָרבענער באַקאַנטער ציוניסטישער טוער.

6) פאָהאָרילאַ — אַ יוגנטלעכער פון דייטשלאַנד, געלעבט אין קיבוץ בענדין.



פרומקע פלאַטניצקי



ליאָניע קאַזיבראָדסקי

## ליאָניע קאַזיבראָדסקי (קריסיאַ קאָסאָווסקי)

עס איז שווער צו פאַרגעסן ליאָניאַ קאזיבראָדסקיס ליכטיק געשטאַלט. עס האָט פון איר געשיינט אַ צויבער פון אַנטשלאָסנהייט, פון פעסטן כאַראַקטער און ווילן, און אַ זעלטענע פאַרחלומטע שיינקייט. זי איז געבוירן אין יאָר 1915 אין פרושקאָוו ביי וואַרשע. איר פאָטער, אברהם קאזיבראָדסקי, איז געווען אַ העברעאישער לערער און אַן ענטוזיאַסטישער ציוניסט. נאָכן ענדיקן גימנאַזיע, גייט זי שטודירן אין אַ פעדאַגאָגישע שול. פאַר דער מלחמה לערנט זי שפראַכן אין אוניווערסיטעט און געווען אקטיוו אין דער „פרייהייט"־באַוועגונג. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה דערשפירט זי אין זיך דעם רוף צו ווידמען איר לעבן פאַר דער אונטערערדישער באַוועגונג. און עס איז ניט געווען קיין שום סכנותדיקע אויפגאַבע, וועלכע זי זאָל ניט אויספירן. אויף פאַלשע אַרישע פּאַפּירן, אונטערן נאָמען פון ק ר י ס י א ק אָ ס אָ וו ס ק י, ווערט זי פאַרבינדלערין פון החלוץ און אַלס אַזעלכע שטייט זי ביי די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אונטערערדישע אַרבעטן אין דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. זי איז געווען הויך, שלאַנק, בלאָנד. מיט אַן אויסזען פון אַ פילם־אַרטיסטין. אויך יידן פלעגן זי אָפטמאָל אָננעמען פאַר אַן אַריערין... איר איז געווען פרעמד יעדעס געפיל פון פחד און קווענקלעניש.

אין יאָר 1939, ווען ס'איז געפלאָסן דער גרויסער חלוצים־שטראָם פון פוילן קיין ווילנע, איז זי געכאַפּט געוואָרן אויפן גרענעץ דורך אַ וואַך פון רויטאַרמייער. צוליב איר בולט אַרישן אויסזען האָט מען איר ניט געגלויבט, אַז זי איז אַ יידישע, טראָץ דעם רעדן און שרייבן יידיש. מען דערציילט, אַז ס'איז אויף איר אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ טויט־אורטייל און דורך אַ נס איז איר געלונגען צו ראַטעווען זיך אין לעצטן מאָמענט. זי איז געוואָרן אַ מומחה צו שוואַרצן גרענעצן און איז שטענדיק געווען בשליחות. זי האָט פאַרבונדן דעם מרכז פון החלוץ אין וואַרשע מיטן פאַרוואָרפנסטן ווינקל, אָרגאַניזירט חלוצישע פלוגות און פאַרמס אין לובלינער קרייז.

חברים פון החלוץ פלעגן פון מויל צו מויל איבערגעבן ממש לעגענדאַרע דער־ציילונגען וועגן אירע געוואַגטע אופנים איבערצופירן אונטערערדישע מאַטעריאַלן פון פונקט צו פונקט. מען האָט דערציילט, אַז ביים איבערגיין די גרענעץ, אָדער אויף סטאַנציעס, פלעגן ניט איינמאָל געסטאַפּאָ־לייט טראָגן איר טשעמאָדאַן מיט אויפרופן און געווער, אָננעמענדיק זי אַלס אַן אמתע אַריערין. זי פלעגט דערביי רואיק און קאַלטבלוטיק גיין, אָנווייזנדיק וואוהין טראָגן איר וואַליזע.

אין יאָר 1941 האָט זי געווידמעט איר ענערגיע צו ראַטעווען חברים. זי פלעגט מאַכן פאַלשע פּאַפּירן, אונטערהאַנדלען מיט גרענעץ־אַריבערפירערס, אויסזוכן די ערטער, וואו מען קען שוואַרצן די גרענעץ און איבער גרענעצן אַריבערפירן די נויטיקע געלטער.

זי איז געווען פון די ערשטע שליחים, וואָס האָבן באַזוכט גראָדנע, ווילנע, און געבראַכט קיין וואַרשע די ידיעות פון די געטאָס. זי האָט געהאָלפן אַריבערפירן אומ־לעגאַל די חלוצים פון ווילנער געטאָ קיין ביאַליסטאָק. פירנדיק אין באַן חברים פון ווילנער החלוץ אויף פאַלשע פּאַפּירן, האָט זי אַרויסגעטראָגן פון ווילנער געטאָ דאָס קינד פון דער חלוצה יפה ענגעלמאַן און געבראַכט עס קיין ביאַליסטאָק. דאָס קינד האָבן די חברים אַ נאָמען געגעבן ש ח ר י ה.

אין יאָר 1942, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען פון באַוואָפנטן ווי־דערשטאַנד, האָט זי זיך געווידמעט צו שאַפן געווער בעיקר צווישן פּאָליאַקן און דייטשן.

אין אַפּריל 1942 ווען זי איז אַרויסגעפאָרן בשליחות פון ביאַליסטאָק קיין וואַר־שע, איז זי פאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער סטאַציע מאַלקיניע. ביזן 11טן נאָוועמבער איז זי געזעסן אַרעסטירט אין פּאַוויאַק אין וואַרשע און דאַן איז זי אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, וואו זי איז דעם 18טן מערץ 1943 אויסגעגאַנגען.

## מרדכי טענענבוים ־ טאַמאַראָוו

מרדכי טענענבוים איז אומגעגאַנגען צווישן דער חלוצישער יוגנט אין געטאָ ווי אַ לעבעדיקע לעגענדע. מען פלעגט אים אָנרופן „דער אַרלאָזאָראָוו פון ווילנער געטאָ". ער איז געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1916. אין 1935 שליסט ער זיך אָן צו דער באַ־וועגונג „פרייהייט". אין יאָר 1937 גייט ער אַרויס צו הכשרה קיין באַראַנאָוויטש און אין יאָר 1938 ווערט ער גערופן צו דער אַרבעט אין מרכז פון החלוץ אין וואַרשע און ווערט אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פאַר קולטור און דערציאונג. ער שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויפן פאַקולטעט פון מזרח־קענטענישן. אין יאָר 1939, ביים אויסברוך פון דער מלחמה, פאַרלאָזט ער וואַרשע צוזאַמען מיט זיין בחורה תמרה שניידערמאַן און מיט די איבעריקע מיטגלידער פון מרכז החלוץ. ער קומט אָן נאָך לאַנגע וואַנדלענישן קיין קאָוועל און פון דאָרטן קיין ווילנע.

אין ווילנע, וואוהין ס'איז דאַן געקומען אַ שטראָם פון איינִיקע טויזנט חלוצים פון פּוילן, שטעלט זיך מרדכי טענענבוים בראש פון דער חלוצישער טעטיקייט. ער העלפט אויפצושטעלן אַ סעמינאַר פאַר חלוצישע טוערס, מיטן צוועק צוגרייטן זיי צו אונטערערדישער אַרבעט. ער שוואַרצט גרענעצן, וואַנדערט פון אָרט צו אָרט און פאַרבינדט די חלוצישע באַוועגונג אין די פאַרשידענע אָקופּאַציע־געביטן, ער איז איינער פון די איניציאַטאָרן, אַרויסגעבער און פאַרשפּרייטער פון דער אונטער־

ערדישער חלוצישער צייטונג. ער איז איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער עמי־גראַציע קיין ארץ-ישראל פון ווילנע אין קריגס-צייט.

ווען עס זענען געקומען די נאַציס קיין ווילנע אין יאָר 1941 איז ער געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן אָנגעבונדן אונטערערדישן קאָנטאַקט מיטן אויסערן געטאָ אויף אַ פאַלשן פאַספאָרט פון אַ טאָטער — י ו ז ע ף ט א מ א ר אָ וו (אויפן נאָמען פון זיין חברה טאמארא). אין צייט פון די אַקציעס פלעגט ער אַרויספירן פון געטאָ די שיינלאָזע חלוצים אין די וועלדער פון וואלאקומפיע, דאָרט וואו ס׳איז אַמאָל געווען די חלוצישע הכשרה־פאַרם. צוזאַמען מיט מערסיקן איז ער געווען אַ מייס־טער צו מאַכן פאַלשע פּאַספּאָרטן אַלס קריסטין, טאַטערס, קאַראַאימערס. מיט אַמאָל פלעגט ער פלוצעם פאַרשווינדן ווערן פון געטאָ און צוריקקומען מיט פּאָליטישע גייס, און קאָנטאַקטן מיט פוילישע אַנטינאַציישע סאַבאָטאַזשיסטן, ווי אויך מיט דייטשע אַנטיהיטלעריסטן.

שטענדיק מוטיק, רירעוודיק, און מיט אַ באַצויבערנדיקן געהיימנישפולן שמייכלענדיקן פּנים. אַלע האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט אַ טיפער באַוואונדערונג, אַכטונג און ליבע. ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן צו שיקן שליחים און ידיעות אין די געטאָס קיין גראָדנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע. אין געטאָ איז ער געשטאַנען בראש פון חלוצישן קאָאָרדינאַציע-קאָמיטעט, געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער פועלי-ציון-התאחדות-באַוועגונג, איינער פון די איניציאַטאָרן און מיטגלידער פון ציוניסטישן „דאך" און פון ברית עברית. מיט דער הילף פון ליאָניע קאַזיבראָדסקאָ האָט ער אַרויסגעפירט אַכט און צוואַנציק חלוצים קיין ביאַליסטאָק וואו זיי האָבן געשאַפן אַ חלוצישן סעמינאַר און אַ קבוץ, וואָס איז דערנאָך געוואָרן אַ וויכטיקער קערן פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג אין ביאַליסטאָק.

אין אָנהויב יאָר 1942 האָט ער אויף אַ זיצונג פון פאָרשטייער פון יידישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין ביאַליסטאָק פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אין זיין בריוו פון 31־טן מערץ 1942 צום קאָנטאַקט-ביוראָ פון דער הסתדרות-העובדים אין זשענעווע, האָט ער געשריבן:

„ ט ב ח 7), וועלכער פאַרנעמט זיך זייער מיט מיין משפּחה, פאַרשאַפט מיר אַ סך דאגות. ווי דו זעסט האָב איך געביטן מיין וואוין־אָרט און כ׳האָב פאַרלאָזן דעם גאון 8), איך וואוין איצט צוזאַמען מיט שארית אין ביאַליסטאָק און כ׳לעב פון די זעלבע פרנסות וואָס י צ ח ק 9) אין וואַרשע".

פון ביאַליסטאָק איז ער געקומען קיין וואַרשע, וואו ער האָט געהאָלפן רעדאַקטירן די אונטערערדישע אויסגאַבע פון די „חלוץ־ידיעות".

אין פרילינג 1942 איז געשאַפן געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ דער אַ נ ט י - פ אַ ש י ס ט י ש ע ר „ב ל אָ ק 10), פּ.פּ.ר., פועלי ציון צ.ס., פועלי ציון לינקע, דרור, השומר הצעיר, וועלכער איז געווען דער יסוד פון דער יידישער קאַמפס־אָר־

7) טבח — שלאַכט.
8) גאון — ווילנע.
9) יצחק צוקערמאַן, געשטאַנען בראש פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד פון וואַרשע.
10) דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק האָט עקזיסטירט קורץ, ביז אָנהויב פון גרויסן גירוש פון 22-טן יולי 1942.

גאַניזאַציע, וואָס איז שפּעטער אַנטשטאַנען. בראש פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג זענען געשטאַנען יוסף קאַפּלאַן (השומר הצעיר), מרדכי טענענבוים (החלוץ), פּי־שעלזאָן (פּועלי ציון צ.ס.), הירש לענט (פּועלי ציון לינקע).

מרדכי טענענבוים רעדאַקטירט דאַן צוזאַמען מיט שכנא זאראן און לעוואַר־טאָווסקי דעם „רוף", אָרגאַן פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק.

דעם 28סטן יולי 1942 איז אויף אַ זיצונג פון החלוץ אין וואַרשע מיט זיינע אָנ־געשלאָסענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, השומר הצעיר, דרור, עקיבא, באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע (זשידאָווסקא ארגאניזאציא באיאווא — אירגון יהודי לוחם). די מיטגלידער פון שטאַב זענען געווען יצחק צוקערמאַן, מרדכי טענענבוים, צביה לובעטקין און שמואל בראסלאוו 11). אויף דער אַרישער זייט זע־נען דאַן אַרויסגעשיקט געוואָרן טאסיא אַלטמאַן, פרומקע פּלאָטניצקי, לאה פּערל־שטיין, אריה ווילנער. מרדכי אָרגאַניזירט דאַן קאַמפּס-גרופּן אין טשערניאַקאָוו.

אין אָקטאָבער 1942 איז מרדכי טענענבוים צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק און געשטעלט זיך דאָרטן בראש פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און געשאַפן די פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער. אין אַ בריוו פון 2טן אַפּריל 1942 צו דער ליי־טונג פון דער פּוילישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע „וואלקא ציווילנא" (ציווי־לער קאַמף) פון ביאַליסטאָקער קרייז, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַנטזאַגט צו אונטער־שטיצן מיט געווער דעם יידישן ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָק, האָט ער געשריבן:

— — „מיר קענען ניט וואַרטן. יעדער טאָג איז די עווענטואַליטעט פון אַרויס־פירן צו דער שחיטה. מיר מוזן תיכף טאָן. — ניט איצט איז די צייט, מיר זאָלן פירן צווישן אונז „פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען". מיר ווענדן זיך צו אייך, צו די פּאָר־שטייערס פון דעם פרייען פּוילן אַלס בירגער פון דער רעפּובליק. צוויי הונדערט גראַנאַטן, אַ פּאָר צענדלינג רעוואָלווערן וועלן ניט דעצידירן וועגן טערמין פון פּוילנס אויפלעבונג. אָבער זיי קענען דעצידירן מיטן לעצטן טאָג פון צווייטן געטאָ, לויט זיין גרויס, אין פּוילן". — —

דאָס געווער האָט ער נישט באַקומען.

אין ביאַליסטאָק שרייבט ער אַ טאָג-בוך, פון וועלכן עס זענען טיילן געפונען געוואָרן.

ווען עס זענען אויסגעבראָכן די קאַמפן אין ביאַליסטאָקער געטאָ, איז ער גע־שטאַנען אין שפּיץ פון דער אָנפירונג מיטן געטאָ־אויפשטאַנד, וואו ער איז געפאַלן אין קאַמף. 12).

וואו און וויאַזוי איז מרדכי אומגעקומען איז נישט גענוי באַקאַנט. ווי עס שטעלט פעסט ד"ר דאַטנער, האָבן מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו און דניאל מאָשקאָוויטש באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, בכדי נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון די דייטשן.

---

11) בראסלאוו שמואל — „השומר הצעיר", אַרויסגעגעבן מיט יוסף קאַפּלאַן די אונ־טערערדישע צייטונג „נגד הזרם". געפאַלן, פאַרטיידיקנדיק זיך דעם 3-טן סעפּטעמבער 1941.

12) דער קאַמף אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אויסגעבראָכן דעם 18-טן אויגוסט 1943 און האָט געדויערט 6 וואָכן. בראש פון שטאַב פון דער יידישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע זע־נען געשטאַנען: מרדכי טענענבוים (דרור), דניאל מאָשקאָוויטש (קאָמוניסטן), חיה'קע גראסמאן (השומר הצעיר), פליישער (רעוויזיאָניסטן), קוסטין (בונד) און אַ חבר פון הנוער הציוני.

אין אַפּריל 1945, צום צווייטן יאָרטאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד, איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג פאַרן העלדישן קאַמף מיטן נאַצישן שונא.



מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו



תמרה שניידערמאַן

## תמרה שניידערמאַן (וואַנדע מאַיעווסקי)

שטיל, בלייך, איינגעשלאָסן אין זיך, מיט אַ טיפן ווילן. געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1917, חברה פון החלוץ הצעיר-דרור. פון פאַך אַ קראַנקן-שוועסטער. אין מלחמה־צייט איז זי אַריבער פון וואַרשע צוזאַמען מיט איר חבר מרדכי טענענבוים קיין קאָוועל און פון דאָרטן אין חלוצישן מרכז אין ווילנע, וואו זי איז געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. זי איז געווען די פאַרבינדלערין פון דרור אין ליטע און פּוילן. בכדי צו דערמעגלעכן די עליה פון חלוצים, האָט זי אויסגעאַרבעט פאַלשע פּאַספּאָרטן פאַר חלוצים קיין שאַנכיי און קיראַסאַ און זי האָט זיי אַליין אונטערגעשריבן. ווען עס זענען געקומען די נאַציס איז זי, צוליב איר אַרישן אויסזען, געבליבן אויף דעם באַשלוס פון החלוץ, אויף דער אַרישער זייט פון ווילנע, אַלס קריסטין א. ב. וואַנדאַ מאַיעווסקי. שפּעטער איז זי געוואָרן טעטיק אַלס שליחה פון געטאָ צו געטאָ צוזאַמען מיט פרומקע פלאָטניצקי און ליאָניא קאָזיבראָדסקי. זי איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געבראַכט קיין וואַרשע די ידיעה פון די יידן־אויסמאָרדונגען אין פּאָנאַר. זי האָט באַזוכט די געטאָס פון ליטע, ווייס־רוסלאַנד, אוקראַינע, בענדין, קאָוועל, לוצק און איז געפאָרן אַן ערך צוואַנציק מאָל פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע און צוריק. זי האָט געקענט יעדן געטאָ פון פּוילן. זי פלעגט קומען אין די געטאָס בשעת די אַקציעס און נאָך די אַקציעס, בכדי צו איבערגעבן די ידיעות קיין וואַרשע. אין וואַרשע איז זי געווען אַקטיוו אין די קאַמפּס-גרופּן פון דרור.

דעם 18טן יאַנואַר 1943 איז זי אומגעקומען אין וואַרשע ביי אַ שליחות פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

## טאָסיע אַלטמאַן

זי איז געבוירן דעם 24סטן אויגוסט 1918 אין ווילאָצלאַוועק. געלערנט האָט זי אין דער העברעאישער גימנאַזיע. צו עלף יאָר טרעט זי אַריין אין השומר־הצעיר, וואו זי ווערט מיט דער צייט אַן איבערגעגעבענע חברה און דערציערין.

ערב דער מלחמה ווערט זי באַשטימט אַלס פאַרבינדלערין פון דער הנהגה ב (הנהגה פאַראויסגעזעענע אויף די קריגס־צייטן) פון השומר הצעיר.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה קומט זי קיין ווילנע, וואו ס'זענען אַריין די סאָוועטן.

סוף יאָר 1939 געלינגט איר צו קומען קיין וואַרשע און דאָ איז זי טע-טיק אין הנהגה הראשית פון השומר־הצעיר, אין מרכז החלוץ און מאַכט באַזוכן אין קראָקע, ראַדאָם, קעלץ, טשענסטאָכאָוו, טאַרנאָוו. אין יאָר 1941, נאָכן אויסברוך פון דייטש־סאָוועטישן קריג, איז זי פון די שליחות פון דער באַוועגונג. אין ווילנע איז זי עטלעכע וואָכן געווען מיט ליאָניא קאַזיבראָדסקי און העלפט אופשטעלן די יידי־שע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. גייענדיק קיין שלעזיע איז זי געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשע היטער ביים גרענעץ. איר איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פון זיי און אַנטלויפן פון טשענסטאָכאָוו ביז דער פאַרם זשאַרקי. פון דאָרטן האָט זי זיך צוריק־געקערט קיין וואַרשע. מיטן אַנטשטייען פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע ווערט זי באַשטימט אַלס איר באַ־כח אויף דער אַרישער זייט פון וואַרשע. פון דאָרט האָט זי אויך איבערגעשיקט בריוו וועגן דער יידישער לאַגע אין פוילן. אין צייט פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד האָט זי געקעמפט אין צענטראַלן געטאָ. זי איז אומגעקומען דעם 24סטן מאַי 1943 אין בונקער פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַ־ציע אין פראַגע בשעת אַן אויסברוך פון אַ שרפה.



טאָסיע אַלטמאַן



עדעק באָראַקס

## עדעק באָראַקס (אליהו), עדואַרד באָרקאָווסקי

ער איז געווען אַ שטילער, ענערגישער און ערנסטער בחור. געבוירן אין קאַ-ליש אין סעפּטעמבער 1918. געלערנט אין דער העברעאישער גימנאַזיע. אַ חבר פון השומר הצעיר.

אין יאָר 1933 איז ער אַרויס אויף הכשרה אין וואָלין. ווינטער 1940/1939 גע־אַרבעט צוזאַמען מיט יוסף קאַפּלאַן ביים אַריבערפירן חברים קיין ווילנע. אין ווילנע, אין צייט פון דער אָקופּאַציע, איז ער דער פאָרשטייער פון השומר הצעיר אין דער חלוצישער קאָאָרדינאַציע. ער פלעגט אָפט אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט פון ווילנע, שאַפן דאָקומענטן און העלפן קריגן געווער.

אין דעצעמבער 1941 איז ער אַרויס קיין וואַרשע מיט דער ערשטער דעלעגאַ־ציע און געבראַכט די ידיעות וועגן פּאָנאַר. דאַן איז ער צוריקגעקומען קיין ווילנע און געווען אַקטיוו אין דער פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע.

ענדע 1942 קומט ער ווידער קיין ווילנע און גיט איבער אַ דין וחשבון וועגן ביאַליסטאָק און קערט זיך צוריק קיין ביאַליסטאָק.

דעם 5טן פעברואַר 1943, ביי די ערשטע קאַמפן אין ביאַליסטאָק, האָט ער אָנ־געפירט מיט אַ קאַמפסגרופּע. די גרופּע מיט אים ווערן געכאַפּט און געפירט קיין טרעבלינקע. אויפן וועג האָט מען אים געוואָלט העלפן צו אַנטלויפן אָבער ער אַנט־זאַגט זיך. ווייל ער וויל טיילן דעם גורל פון זיין גרופּע.

איינער פון די חברים, גדליה, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן, האָט אי־בערגעגעבן, אַז זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען :

„גיב איבער די חברים, אַז זיי זאָלן ווייטער קעמפן".

זיין ווייטערדיקער גורל אומבאַקאַנט.

## צבי מערסיק

אַ שטילער, צניעותדיקער, איבערגעגעבענער חלוץ, אַן ענערגישער בחור, איז ער געווען. צו פערצן יאָר איז ער אַריין אין החלוץ־הצעיר. אויף הכשרה האָט ער גע-אַרבעט אַלס וואַסערטרעגער. אין יאָר 1938 ווערט ער אויסגעקליבן אַלס חבר פון מרכז החלוץ הצעיר.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז ער געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער חלוצישער באַוועגונג אין וואָלין. מיטן חלוצישן שטראָם געקומען קיין ווילנע. אין



שלמה ענטין



צבי מערסיק

צייט פון ווילנער געטאָ מיטגעהאָלפן ענערגיש מרדכי טענענבוימען אין אָנפירן מיטן החלוץ. שפּעטער אַריבער צוזאַמען מיט אַ גרופּע חלוצים קיין ביאַליסטאָק און געווען דאָרט אַקטיוו אין קיבוץ, סעמינאַר און אונטערערדישער באַוועגונג. געווען פאַרבינדלער צווישן דער פאַרטיי פ״צ־התאחדות אין ביאַליסטאָק און דעם קיבוץ, ער האָט געזאַמלט היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע. באַזוכט אַ גאַנצע רייע ערטער, בכדי צו פאַרשרייבן די עדות־זאָגן פון לעבן־איבערגעבליבענע. געשטאָרבן פון טיפוס אין ביאַליסטאָק דעם 28־טן יאַנואַר 1943.

## שלמה ענטין (יאַן סטאַנקעוויטש)

ער איז געבוירן אין יוני 1916 אין דראהיטשין ביי פינסק. אַ חניך פון דער העברעאישער גימנאַזיע „תרבות" אין פינסק. איינער פון די אַקטיווסטע חברים פון פינסקער הנוער הציוני. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה קומט ער קיין ווילנע מיט דער האָפענונג פון דאַנעט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אין ווילנער געטאָ איז ער געשטאַנען בראש פון הנוער הציוני און איז געווען זיין פאַרטרעטער אין דער חלוצישער קאָאָרדינאַציע. סוף יאָר 1941 איז ער געקומען קיין וואַרשע אַלס מיטגליד פון דער ערשטער יוגנט־דעלעגאַציע פון ווילנער געטאָ. בשעת איינע פון זיינע נסיעות אַפּריל 1942, איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ אויף דער סטאַציע מאַלקיניע.



## פון מרדכי טענענבוימס לעצטן בריוו

כ׳ברענג דאָ איניקע אויסצוגן פון לעצטן בריוו פון מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו, געשריבן צו זיין שוועסטער קיין ארץ־ישראל, מיט איניקע טעג פריער, איידער ער איז געפאַלן אין שלאַכט *).

— — און אַט האָט זיך מיר פאַרוואָלט אָנשרייבן אַ בריוו צו דיר.

פון וואָס זאָל מען אָנהויבן?

כ׳וועל אָנהויבן פון דער מאַמען. — — —

די מאַמע איז אַוועקגעפאָרן קיין טרעבלינקע אויפן צענטן טאָג פון דער אַקציע אין וואַרשע. געוועזן איז דאָס אַזוי! — — —

— — — אַזוי איז געשטאָרבן די מאַמע.

ווילסט אויך וויסן ווען? ס׳מאַכט נישט אויס, איך געדענק אַליין ניט (די אַקציע אין וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן, דאַכט זיך, דעם 22־טן יולי 1942. דאָס איז געווען אויפן צענטן טאָג).

און איצטער מיט ט ע מ ע ן. אַ לאַנגע געשיכטע.

אונטער די סאָוויעטן איז זי געווען די פאַרבינדלערין צווישן „חירות" אין דער ליטע און „דרור" אין אוקריינע. גרענעצן, מאַטעריאַל, דאָקומענטן. שפּעטער האָבן מיר זיך געשטופּט אַרויסצופאָרן קיין שאַנכיי, קיין קיראַסאַא — וואו מען האָט נאָר געקענט, האָט טעמע פאַרטראָטן די דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייערס פון די דאָזיקע מדינות און אונז אַרויסגעגעבן געהעריקע דאָקומענטן. זי איז געוואָרן אַ מייסטער אין דעם „פאַך", אָבער דאָס וויכטיקסטע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אַריינקומען פון די דייטשן. זי איז געוואָרן וואַנדאַ מאַיעווסקאַ. אין געטאָ איז זי נישט אַריין. איר אויפגאַבע: קאָנטאַקטן מיט דער דרויסנדיקער וועלט, אינפאָרמאַציע, צושטעלן עסנוואַרג, אַרויסציען פון אַ צרה — — —

— — — זי איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. זי האָט זיך אומגעקערט. אַריבערגעטראַנספּאָרטירט די גאַנץ געבליבענע מענטשן אונזערע קיין ביאַליסטאָק.

ווען ס׳איז איבערגעריסן געוואָרן דער קאָנטאַקט צווישן וואַרשע (יעדע פּאָר טאָג) און דער באַוועגונג, האָט זי אים איינגעשטעלט איבער אַ נייעס און פון דעמאָלט אָן בסדר אויפגעהאַלטן. עטלעכע מאָל אַריבער די גרענעצן קיין עסטלאַנד, קאָוונע (געוועזענע ליטע),

*) לויט דער יידישער איבערזעצונג פון ייוואָ־בלעטער, באַנד 27, נומער 5, 1940.

ווייסרוסלאַנד, אין רייך אַריין (בענדין), קיין אוקראַינע (לוצק), באַצירק ביאַליסטאָק (אַרום צוואַנציק מאָל). זי האָט געקענט יעטוועדן געטאָ אין פּוילן (מויער, שטעכעדיק דראָט) יעטוועדן יידן-ראַט. זי איז געווען די אמתע צענטראַלע פון דזשאָינט, פון אַלע אָרגאַניזאַציעס: ציוניסטישע, געזעלשאַפטלעכע. זי האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט אומגליק, מיט גוים, [illegible]זיין; ווען זי איז אָנגעקומען פלעגן מיר באַקומען פאַר אונזערע אויסגאַבעס און פאַרן אַרכיוו מאַטעריאַלן אויף חדשים. אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פון אומגליק און פון מאַרטיראָלאָגיע פון פּוילישן יידנטום. איז געווען וואו אַן אַקציע — מוז מען תיכף פאָרן. מען האָט געכאַפּט אין לאַגער אַריין — אַרויסציען. אויפן אייזנבאַן-פּלאַנט גרייט מען אַ פאַרדעכטיקן צוזאַמענשטעל פון וואַגאָנען — דערוויסן זיך צוליב וואָס, וואוהין — תיכף פאָרן, וואָרענען. אַ שריפה אין אַ שטעטל — אַוועקפירן געלט. אין די וועלדער זוכן פּאַרטיזאַנער, קויפן געווער, אַלץ.

פּליטים פון פאַרשידענע ווינקלען פּוילן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט דורך אַ נס קיין וואַרשע, פלעגן דערציילן לעגענדעס עפּעס וועגן אַ וואונדערלעכער פּוילישער פרוי, וואָס איז זיך מוסר נפש פאַר יידן. נאָך עטלעכע פראַגעס פלעגן מיר זיך צעשמייכלען: אַלעמאָל איז דאָס געווען אַ דאַמע אין אַ ברוינעם מאַנטל אָדער אין אַ גרינעם רעגנמאַנטל, זי האָט געטראָגן הויכע שיך, קאַשטאַן-ברוינע צעפּ. די געשטאַפּאָ האָט זי געזוכט. זי האָט געביטן אַדרעסן, דאָקומענטן, מיר פלעגן זיין צוזאַמען אַ וואָך — צעשיידן זיך אויף דריי חדשים, געקומען צו פאָרן אויף אַ טאָג — נעלם געוואָרן אויף אַ חודש.

איז אַזוי:

דעם זעלבן חודש איז זי אַריבער די גרענעץ. דעם 13-טן איז געווען אַ ידיעה, און דורך דער פאַרמיטלונג פון די שיקאָרסקי-לייט איבערשיקן קיין לאָנדאָן דעם טעקסט פון די צירקולאַרן פון די נאַצי-מיניסטאָרן שפּער און הימלער (וועגן ליקווידירן די יידן אפילו פאַרן פרייז פון אָפּשוואַכן די באַוואָפענונגס-פּראָדוקציע).

דעם זעלבן חודש איז זי אַריבער די גרענעץ. דעם 13-טן איז געווען אַ ידיעה, אַז ווי אַלעמאָל, אַביסל אָנדענקלעך פון וואַרשע. דער געטאָ איז שוין געווען אַרומגערינגלט.

זי איז אַריין אין וואַרשעווער געטאָ. דעם 19טן יאַנואַר 1943 האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע „אַקציע”. פאַרטיידיקונג פון געטאָ. דער בלאָק פון אונזער קיבוץ אויף זאַמעני האָף גאַס האָט זיך פאַרטיידיקט צוויי טעג. מען האָט אים אויפגעריסן. עס איז געווען אַ פלוגבלעטל פון וואַרשע. אויף אַלע בריוו און דעפּעשן פון וואַנדעס באַקאַנטע — גאָר-נישט, שווייגן. הייסט עס: זי איז געפאַלן.

— — — אין עטלעכע טעג אָדער וואָכן אַרום וועל איך זיין מיט איר. אַבער מיר זענען אַלע מיט איר געשטאָרבן. ווער וועט וויסן וועגן אונזער ראַנגלען זיך? וועגן אונזער באמת העראָאישן קאַמף אונטער די סאָוויעטן? ווער וועט עפּעס וויסן וועגן אונזער לעבן אונטערן היטלעריסטישן קנוט? מיר האָבן אַלע געלעבט אין איר. מער ווי איין מאָל האָבן מיר געבעטן: „סיי ווי איז דאָך אַלץ פאַרפאַלן — לעב, לעב פאַר יעדן פרייז, דו וועסט דערציילן! דו ווייסט דאָך אַזוי פיל.

זי פלעגט לאַכן. ווי אַלעמאָל; און זי איז נישטאָ. עס וועט אַפילו קיין שפּור נאָך אונז ניט בלייבן — — —

אַט דער לעצטער.

דערווייל איז דאָ, אין ביאַליסטאָק, געווען די ערשטע אַקציע. צען טויזנט. מיר האָבן ניט רעאַגירט. מער ניט, וואָס מיר האָבן דערהיטן אונזערע מענטשן. ווען מיר זאָלן שוין איצטער געווען וואַרפן אונזערע גראַנאַטן, וואָלט דאָ שוין ניט געווען קיין איין ייד. מיר וועלן באַווייזן. מיר וועלן נאָך וואַרפן. (אונזערע מענטשן קוקן אויף מיר אי אַ ביסל שעמעוודיק, אי אַביסל בעטנדיק: „אפשר נאָך נישט, אפשר אַן אַנדער מאָל”. (ווי שטאַרק מענטשן ווילן דאָס לעבן!)

אָט דאָס איז אַלץ. — — —

— — — איבערמאָרגן דאַרף מען באַנייען דאָס אַרויספירן. ווען מיר זאָל שטאַרק געווען גיין אין דעם, פאַרן פרייז פון מיין ווירדע, קעגן ווילן — וואָלטן מיר זיך נאָך געזען.

אָבער איך וויל נישט. מען דאַרף נישט. נאַפּליעוואַט — — — —

— — — איין רויע, מאַמע, וואַנדע און איך.

סוף יולי, 1943, ביאַליסטאָק.

# 20. די אונטערערדישע פּאָליטישע פּאַרטייען אין ווילנער געטאָ

אין געטאָ האָבן זיך אויסגעפאָרמירט אונטערערדישע פּאָליטישע פּאַרטייען און גרופּן. זיי זענען אַנטשטאַנען שוין אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ, אין מיטן פון די בלוטיקע אַקציעס. יעדע אָרגאַניזירטע גרופּע, האָט, לויט אירע מעגלעכקייטן, און געפירט פון אירע אידעאישע אַנשויאונגען — און אָפט אויך אָפּהענגיק פונעם צופאַל וויפיל פון אירע אַקטיווע חברים זענען איבערגעבליבן ביים לעבן — יעדע גרופּע האָט מיטגעווירקט, הן אין דער קולטור־אַרבעט פון געטאָ, הן אין דער זעלבסטהילף־טעטיקייט, און הן אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.



כ׳וויל דאָ שילדערן די טעטיקייט און די פּראָבלעמען פון די פּאָליטישע גרופּן אין געטאָ. גענויערע פּרטים זענען מיר באַקאַנט וועגן די ציוניסטישע גרופּירונגען בכלל און וועגן „פּועלי־ציון־התאחדות״ בפרט, אויף ווי ווייט כ׳האָב זיך פּערזענלעך באַטייליקט אין זייערע אַרבעטן.

אידענטישע פּראָבלעמען זענען אָפט געשטאַנען אויך פאַר אַנדערע גרופּירונגען. די אָנגעגעבענע פּרטים וועגן דער טעטיקייט פון אַנדערע באַוועגונגען זענען מיר באַקאַנט טיילווייז פון דערציילונגען פון זייערע מיטגלידער אין געטאָ גופא, און טיילווייז פון בריוו פון לעבן־איבערגעבליבענע חברים, נאָכן געטאָ.

די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע פּאַרטיי
פּועלי-ציון-התאחדות

אויפן דריטן טאָג פון געטאָ, זענען דורך מיר צונויפגערופן געוואָרן אויף אַ באַראַטונג אין אַ חרובן בנין פון דיסנער געסל, די אַקטיווע איבערגעבליבענע חברים פון „פּועלי-ציון״ (צ״ס) און „התאחדות״ מיטן פאָרשלאַג צו שאַפן אַ געאייניקטע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

עס זענען דאַן אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע באַשלוסן:

1. — עס ווערט געשאַפן אין געטאָ אַ געמיינזאַמע אונטערערדישע פאַרייניקטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע „פּועלי־ציון־התאחדות״.
2. — צו דער אָרגאַניזאַציע קענען געהערן נאָר אַקטיווויסטן, „נאמני ציון״ און „נאמני המפלגה״, צו וועלכע עס איז דאָ אַן אַלגעמיינער צוטרוי, אַז זיי קענען און וועלן זיין געטריי דער אָרגאַניזאַציע טראָץ יעדן רעזשים.
3. — אין דער אָרגאַניזאַציע פאַרפליכטעט די אונטערערדישע פּאַרטיי־דיסציפּלין. די פּאַרטיי קען צווינגען אַ חבר אָפּצוזאָגן פון יעדער אַרבעט אין געטאָ, וואָס געפינט זיך נישט אין איינקלאַנג מיט דער ליניע פון דער פּאַרטיי.

די באַראַטונגען פון דער פּאַרטיי פּלעגן פּאַרקומען לכתחילה אין די טעכנישע וואַרשטאַטן פון יידן־ראַט, אונטער דער לייטונג פון אינזשעניער מאַרקוס, און שפּעטער אין לאָקאַל פון שול־מעדיצינישן פּונקט.

וואָס זענען געווען די ערשטע אויפגאַבן, וואָס די פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט אויף אירע ערשטע באַראַטונגען?

אַרבעטן אין ענגען קאָנטאַקט מיט דער חלוצישער יוגנט און אַנדערע ציוניסטישע און געזעלשאַפטלעכע כוחות, בכדי אַריינצופירן אַ געזעלשאַפטלעכן לעבן אין געטאָ, קולטור-אַרבעט און סאָציאַלע הילף; נישט לאָזן פאַרלירן דאָס געטאָ-יידנטום דעם מוט; ברענגען אים דערמונטערונג דורך ציוניסטישער שטימונג און האָפענונגען אויף אַ פרייען לעבן אין ארץ־ישראל; שטיין אין קאָנטאַקט מיט די איבעריקע געטאָס אין פּוילן און ליטע און איבערליווערן ידיעות פון געטאָ צו געטאָ.

גלייכצייטיק איז געשטאַנען פאַר דער פּאַרטיי אַ דרינגענדיקע אויפגאַבע צו זוכן „אַרבעטס־פּלעצער" פאַר אירע חברים, ווי אויך פאַר דער חלוצישער יוגנט, וועלכע איז געבליבן אָן "אַרבעטס-שיינען", דאָס הייסט אָן רעכט אויף לעבן.

דער אַקטיוו פון „פּועלי־ציון־התאחדות" איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פיר און צוואַנציק חברים:

י. אַראָנאָוויטש 1), ברעסלאַ 2), גאַרבער 3), סאַוואַ גוריאַן 4), מאַרק דוואָרזשעצקי 5), ישראל דימענטמאַן 6), נפתלי ווייניק־ראָזע 7), זיידמאַן 8), לייב טאַראַשינסקי 9), טענענוואָרצל 10), מרדכי טענענבוים 11), ישראל לעוויטאַן 12), אלחנן מגיד 13), ישראל מוראַשקין 14), אינזשעניער מאַרקוס 15), בצלאל פּעטוכאָווסקי 16), ישעיהו צינצינאַטוס 17), זעליק קאַבאַטשניק 18), יצחק קויפמאַן 19), שאַץ 20), ישראל שאַפּיר 12), לייב שעפּטעל 22), יחיאל שיינבוים 23), פּעסיע שיינבוים 24).

אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ, ווען עס זענען צונויפגעבראַכט געוואָרן אין ווילנע די יידן פון די אַרומיקע פּראָווינץ־שטעטלעך, זענען צוגעקומען צו דער אַקטיוויסטן־גרופּע: בערמאַן פון טאָרף-לאַגער רעשא-ביאַלאָוואַקאַ 25), גורוויטש, פון סאל 26), מינץ, פון אָשמענע 27), יעקב רייפער, פון מיכאַלישקי 28).

אַ גאַנצע רייע אָנפירנדיקע חברים פון פּועלי־ציון־התאחדות זענען אומגעקומען נאָך אין דער ערב געטאָ־תקופה און אין אָנהויב געטאָ: ירמיהו צעמעל (התאחדות, לייטער פון תרבות אין ווילנע), מאַגיסטער בנימין כוואָיעווסקי (התאחדות, אַקטיוו אין צ"ס־אַקאַדעמישן פאַרבאַנד „ארץ ודרור") — ביידע אומגעקומען ביי די שחיטות פון וואָראָנאָווע 1942; מאַגיסטער באַראַנטשוק (אַקטיווער טוער פון פּועלי־ציון צ"ס אין ווילנע, אומגעקומען דעם 16טן יולי 1941 דורך די כאַפּונעס; סראַעלאָוו (פּועלי־ציון־צ"ס, אומגעקומען אין טאָג פון ליקווידאַציע פון ערשטן יידן־ראַט 1941); ד"ר שמואל ראַבינאָוויטש (התאחדות, אומגעקומען אין שטעטל דאָלהינאָוו, 1942); ד"ר יודל קושעלעוויטש (התאחדות), מאַגיסטער גערשאַטאָר (התאחדות), זייד (פּועלי ציון-צ"ס, קוזין פון אַלעקסאַנדער זייד און חבר פון בער באָראָכאָוו), ח. שטרויס (פּועלי ציון־צ"ס), מינקין (פּועלי ציון־צ"ס ־ הפּועל), ישראל גורעוויטש (לייטער פון שול־קולט) — אַלע אומגעקומען אין יאָר 1941.

נאָכן אומקום פון י. אַראָנאָוויטש, מאַגיסטער צינצינאַטוס און זיידמאַן, און נאָכדעם ווי נפתלי וויניק-ראָזע איז אַוועק פון ווילנער געטאָ צו וואַלד-אַרבעט, איז באַשטאַנען די לייטונג פון דער פּאַרטיי פון: מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו, אלחנן מגיד, אינזשעניער מאַרקוס, ישראל דימענטמאַן, סאַוואַ גוריאַן, יחיאל שיינבוים, פּעסיע שיינבוים און פון מיר. מיט דער פאַרברייטערונג פון דער אַרבעט זענען אַריין אין דער לייטונג זעליק קאַבאַטשניק, לייב שעפּטעל און ברעסלאַ.

דער „אַקטיוו" איז געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער אַזוי־גערופענער „פּעריפעריע" (די איבעריקע געוועזענע חברים פון: התאחדות, פּועלי ציון־צ"ס, הפּועל, העובד און ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל). אין אַ שטענדיקער ענגער מיטאַרבעט זענען געשטאַנען מיט פּועלי־ציון־התאחדות די לערערס משה אַליצקי 29) און גדליה בוסעל 30).

ס'האָט זיך גלייך געשטעלט די פראַגע ווי זאָל זיין די באַציאונג פון דער פּאַרטיי צום יידן-ראַט און צו דער געטאָ-פּאָליציי.

צו די ביידע אינסטיטוציעס האָט די פּאַרטיי אָנגענומען אַ נעגאַטיווע באַציאונג, פּאַראויסזעענדיק, אַז זיי וועלן קעגן זייער ווילן געצוואונגען זיין אויסצופירן די פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט. ווען ס'איז געקומען שפּעטער דער פאָרשלאַג, אַז אינזשעניער מאַרקוס זאָל אַריין אין יידן־ראַט, האָט די פּאַרטיי באַשלאָסן, אַז ער זאָל דעם פּאָסטן ניט אָננעמען. די פּאַרטיי האָט אויך באַשלאָסן, אַז אירע חברים טרעטן ניט אַריין אין דער געטאָ־פּאָליציי.

די פּאַרטיי האָט געהאַלטן פאַר איר אויפגאַבע צו דערגרענגען צו אַן ענגען צוזאַמענאַרבעט פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין געטאָ. לכתחילה האָט זי געשאַפן אַ קאָמיטעט פון אַרבעטנדיקן ארץ-ישראל (י. צינצינאַטוס, מ. דוואָרזשעצקי — פּועלי ציון־התאחדות; מרדכי טענענבוים — דרור; אַנדזיע לעביעד — השומר הצעיר), דאַן אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט מיט דער גאַנצער חלוצישער קאָאָרדינאַציע און שפּעטער איז זי אַרויס מיט דער איניציאַטיוו צו שאַפן דעם ציוניסטישן „דאַך", וועלכער האָט קאָאָרדינירט די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט אויפן פּאָליטישן, קולטורעלן און סאָציאַלן געביט.

די פּאַרטיי איז געווען אַ וויכטיקע טרייב־קראַפט אין דער קולטורעלער אַרבעט פון געטאָ. באַדייטנדיק מיטגעלייסטעט אין שאַפן און פירן דעם ברית־עברית, חברה מדעית עברית, העברעאישן טעאַטער און העברעאישן כאָר. אירע חברים האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די אַרבעטן פון ליטעראַטן־פאַראיין, לערער־פאַרבאַנד, אַרבעטער־אוידיטאָריע און יוגנט־קלוב.

דאָס שול־וועזן אין געטאָ און די פראַגע פון שול-פּראָגראַם האָבן פאַרנומען זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין די באַראַטונגען פון פּועלי ציון-התאחדות, וועלכע האָט אָנגעפירט מיטן אַזוי גערופענעם „קולטור־קאַמף" פאַר דער ראָלע פון ארץ־ישראל אַלס דערציאונגס־מאָמענט אין געטאָ־שול־וועזן. אויף דעם דאָזיקן שטח האָט די פּאַרטיי אַרום זיך קאָנצענטרירט אַלע ציון־שטרעבנדיקע לערערס און קולטור־טוערס פון געטאָ.

די פּאַרטיי האָט אויך געפירט אַן אינערלעכע קולטור־אַרבעט אין פאָרם פון שיחות, צום זכרון פון נחמן סירקין, א. ד. גאָרדאָן, בער באָראָכאָוו, חיים ברענער, יוסף טרומפּעלדאָר, ד״ר טעאָדאָר הערצל; הסתדרות־טאָג; שיחות געווידמעט פּראָבלע־מען פון יידישן נאָך־מלחמהדיקן לעבן; געדענק־זיצונגען נאָך חברים, וועלכע זענען פאַרשוואונדן.

אין קאַמף קעגן הונגער און אין דער סאָציאַלער אַרבעט האָט פועלי ציון־התאחדות אָנטיילגענומען דורכן געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און געווען באַ־טייליקט אין זיין פרעזידיום.



פרומקע פּלאָטניצקי, ליאָניאַ קאָזיבראָדסקי, בעלאַ חזן, תמרה שניידערמאַן און מרדכי טענענבוים פלעגן אָפּהאַלטן זיצונגען מיטן קאָמיטעט פון פועלי ציון־התאחדות יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגן קומען פון זייערע שליחות פון געטאָ צו געטאָ, און איבערגעבן גרוסן פון יידישן לעבן אין די געטאָס פון פוילן און אויך באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן אונטערערדישער אַרבעט און וועגן יידישן מצב אין געטאָ. ענלעכע זיצונגען זענען אויך פאָרגעקומען מיט טאָסיע אַלטמאַן, עדעק באָראַקס און חיהקע גראָסמאַן פון השומר הצעיר און שלמה ענטין פון הנוער הציוני. די פּאַרטיי איז געשטאַנען אויך אין אַ שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט די געטאָס. אַלס קאָנצענטרירער פון דער פּאַרטיי פלעג איך שיקן בריוו קיין וואַרשע (אויף די נעמען פון ראַדונסקי, ד״ר נתן עק, גראַיעק — און שפּעטער אויך צו מרדכי טענענבוים-טאַמאַ-ראָוו), גראָדנע (ד״ר בעלקאָ), ביאַליסטאָק (כמעלניק), קאָוונע (ד״ר גאָרפינקעל), לידע (קאָטאָק) און אַנדערע געטאָס און לאַגערן פון ווילנער אומגעגנט. די מערסטע טייל בריוו פלעג איך אונטערשרייבן מאַרק מאַפּאַיאָווסקי אָדער נפתלי קאָוואַל. עס שאַפן אויך פאַרבינדונגען מיט אַנדערע געטאָס אלחנן מגיד און סאַוואַ גוריאַן. פון לעצטן בריוו פון מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן די קאַמפן און פאַרניכטונג פון וואַרשעווער געטאָ.



ווען ס'איז אַנטשטאַנען די באַוואָפנטע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין געטאָ, וואָס איז געווען לכתחילה צעטיילט אין צוויי שטראָמען (זע פרטים אין באַזונדערע קאַ־פּיטלען), און די חברים פון פועלי ציון־התאחדות זענען אָפּהענגיק פון זייערע אָנשויאונגען אויף די פּערספּעקטיוון און אויפגאַבן פון קאַמף אַריינגעטרעטן ווער אין פ.פ.א. און ווער אין דער קאַמפס-גרופּע, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען יחיאל שיינבוים — איז די פּאַרטיי געווען אַ טרייבקראַפט צו דער אוניפיקאַציע פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

אויף איינע פון די דראַמאַטישע זיצונגען פון פועלי ציון־התאחדות איז דאַן אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקער באַשלוס אין דער פראַגע פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג:

1. — די פּאַרטיי פועלי ציון־התאחדות רופט אַלע אירע חברים אָן אויסנאַם און פאַרפליכטעט זיי אַקטיוו אָנטיילצונעמען אין דער קאַמפס־ און ווי־דערשטאַנדס־באַוועגונג אין געטאָ.

2. — די חברים פון פועלי ציון־התאחדות אין די באַזונדערע עקזיסטירנדיקע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציעס ווערן גערופן אויסצואיבן זייער השפּעה אין דער ריכטונג פון צוזאַמענגיסן אַלע באַזונדערע קאַמפּס־גרופּן אין איין פּאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע.

יחיאל שיינבוים האָט אַ סך מיטגעווירקט צו דער אוניפיקאַציע אין דער פּאַר־טיזאַנער־באַוועגונג. נאָכן טויט פון יחיאל שיינבוים איז אלחנן מגיד געווען איינער פון די אַקטיווסטע חברים פון יחיאלס קאַמפּסגרופּע און האָט זיך אויסגעצייכנט אין וואַלד אַלס לייטער פון דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג פון „נקמה".

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד און דייטשלאַנד האָבן די אַרויס־געפירטע חברים פון פועלי ציון־התאחדות אָנגעהאַלטן זייערע פאַרבינדונגען; מיט־געהאָלפן גרינדן פּאַרטיזאַנישע גרופּן אין די עסטאָנישע לאַגערן, געשאַפן אַן אונ־טערערדישן ברית ציונית סוציאַליסטית אין קאָנצענטראַציע־לאַגער שטוטהאָף ביי דאַנציק.

1) י. אַראָנאָוויטש — געוועזענער מיטגליד פון התאחדות־קאָמיטעט אין ווילנע. (זע קאַפּיטל: „אין די טעג פון די ראַזע שיינען").

2) ברעסלאַ — געוועזענער חבר פון פועלי ציון (צ"ס) קאָמיטעט אין ווילנע. חבר פון פּא"פּ. אַרויסגעפירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַ־גערן קיין עסטלאַנד. אומגעקומען אין יאָר 1944.

3) גאַרבער — פועלי ציון (צ"ס), אַקטיוו אין פּפּ"א, אַרויסגעפירט קיין עסטלאַנד. אומגע־קומען אין קראַנקען-טראַנספּאָרט פון דאַאוטמער-גען קיין בערגען־בעלזען אין יאָר 1945.

4) סאַוואַ גוריאַן — פון ראָסטאָוו, טעטיק אין דער חלוצישער יוגנט־באַוועגונג. אין געטאָ אייניקע חדשים מיטגליד פון „דאַך". איינער פון די באַליבטסטע בריגאַדירן, וואָס האָט געזען אין זיין בריגאַדיר־אַרבעט אַ געזעלשאַפטלעכע שליחות. איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין הק"פּ־בלאָק נאָך דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. אומגעקומען אין הק"פּ אין יאָר 1944.

6) ישראל דימענטמאַן — צ"ס־פּאַרטיי, קאָוו־נע. לערער און שריפטשטעלער. זע קאַפּיטל: „געשטאַלטן פון אומגעקומענע קולטור־טוערס".

7) נפתלי וויניק־ראַזע — געוועזענער מיט־גליד פון פועלי ציון (צ"ס) קאָמיטעט אין וויל־נע. באַקאַנטער שריפטשטעלער, עסייאיסט און ליטעראַטור־קריטיקער. לאַנגיאָריקער לערער. זע קאַפּיטל „געשטאַלטן פון אומגעקומענע קולטור־טוערס".

8) זיידמאַן — אַקטיווער חבר פון פועלי ציון (צ"ס) אין פּוילן. געקומען קיין ווילנע מיט דער פּליטים־באַוועגונג. אים איז געלונגען שוין אין די ערשטע טעג פון געטאָ, אָנצובינדן אונטערערדישע קאָנטאַקטן מיט שטאָקהאָלם. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס זענען אַרויס מיט אַ פּלאַן פון סאָציאַלער אַרבעט אין געטאָ, פון פאָלקס־קיכן און טיי־הייזער. אומגעקומען אין יום־כּפור 1941.

9) לייב טאַראַשינסקי — געוועזענער אָנפי־רער פון „החלוץ" אין ווילנע, חבר פון פּפּ"א, דעפּאָרטירט אין די עסטאָנישע לאַגערן, וואו ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך הילף־בארייטשאַפט פאַר זיינע חברים. וואַרשיינלעך אומגעקומען אין יאָר 1945 אין אַ דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

10) טענענוואָרצל — אַ חבר פון פועלי ציון (צ"ס) אין פּוילן. זיין גורל איז אומבאַקאַנט.

11) מרדכי טענענבוים — געפאַלן אין קאַמף פון ביאַליסטאָקער געטאָ. זע באַזונדער קאַפּיטל.

12) ישראל לעוויטאַן — התאחדות, ווילנע. העברעאישער לערער. מאַגיסטער יורי. אומגע־קומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין יאָר 1944.

13) אלחנן מגיד — פון ביאַליסטאָקער פועלי ציון (צ"ס) יוגנט. אין יאָר 1940 אַרעסטירט דורך די סאָוויעטן פאַר אונטערערדישער ציוניסטיש־שער אַרבעט. מיטגליד פון שטאַב פון דער „קאַמפּס־גרופּע יחיאל". אַקטיוו אין געזעלשאַפט־לעכן הילפס־קאָמיטעט אין געטאָ. אַקטיוו אין דער פּאַרטיזאַנער-אַרבעט פון געטאָ אַלס אינ־סטרוקטאָר פון שיסן און קאָמאַנדיר פון אַ באַטאַליאָן אין יחיאלס קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע. אין וואַלד: אָנפירער פון דער אויסשפּיר-גרופּע „נקמה", אויפגעריסן טעלעפאָן־פאַרבינדונגען, באַנען פון טראַנספּאָרט און אַמוניציע, אונטער-געצונדן בריקן, אָנגעפירט מיט דער שטראָף-עקספּעדיציע אין ניעוואַניאַנצי. אין מאַי 1944

אַנגעפירט אַ פּאַרטיזאַנען-קאַמף אויפן שאָסע ווילנע-גראָדנע. עולה געווען.

14) ישראל מוראשקין — מיטגליד פון התאחדות-קאָמיטעט און געוועזענער מזכיר פון „גורדוניה" אין ווילנע. אַרויס פון געטאָ אין יאָר 1943. אומגעקומען אויסערן געטאָ אין יאָר 1944.

15) אינזשעניער מאַרקוס — אַקטיווער חבר פון התאחדות אין פוילן, מיטגליד פון פּאַטראָנאַט פון קיבוץ „באָראָכאָוו" אין לאָדזש. געקומען קיין ווילנע מיטן פליטים־שטראָם אין יאָר 1939. אין געטאָ לייטער פון וואַרשטאַטן ערן־ריכטער פון גיטאָ. אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין עסטלאַנד. קלאַנגען, אַז ער איז אַרויסגעפירט אַלס קראַנקער קיין ריגע אין יאָר 1944.

16) בצלאל פעטוכאָווסקי — מיטגליד פון התאחדות און העובד־קאָמיטעט אין ווילנע. העברעאישער לערער. אומגעקומען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

17) מאַגיסטער ישעיהו צינצינאַטוס — אַקטיווער חבר פון התאחדות אין פוילן, און פון ציוניסטיש - אַקאַדעמישן פאַרבאַנד „ארץ ודרור" אין ווילנע. פאַרשוואונדן פון געטאָ אין צייט פון דער אַקציע פון „געלע שיינען" אין יאָר 1941. געווען קלאַנגען אַז ער איז אַרויסגעפירט קיין פּאָנאַר, און אַנדערע קלאַנגען, אַז ער איז געכאַפּט געוואָרן פון געסטאַפּאָ מיט פּאַפּירן פון אַ קאַראַאימער.

18) זעליק קאַבאַטשניק — העברעאישער לערער. חניך פון השומר הצעיר. אַקטיווער תרבות-טוער אין ווילנע און פּראָווינץ. לערער אין די געטאָ־שולן. אַקטיוו אין יוגנט־קלוב, אין ברית עברית און אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג. אומגעקומען אין יאָר 1945, אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַאוטמערגען, - דייטשלאַנד.

19) יצחק קויפמאַן — מיטגליד פון פפ"א, דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד. מיטגעהאָלפן אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין עסטלאַנד. אַנטלאָפן מיט אַ גרופּע פון פערצן מאַן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער ערעדאַ אין עסטלאַנד. לעבט און איז טעטיק אין איטאַליע.

20) שאָץ — פועלי ציון (צ"ס) ווילנע. אומגעקומען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

21) ישראל שאַפיר — אַקטיווער חבר פון פועלי ציון (צ"ס) אין ווילנע. אומגעקומען.

22) לייב שעפטעל — אַקטיווער חבר פון פועלי ציון (צ"ס) און געוועזענער פּאַרזיצער פון העובד אין ווילנע. אין געטאָ אַקטיווער קולטור־ און שול־טוער. וויצע־דירעקטאָר פון די גימנאַזיאַלע קורסן. מיטגליד פון קאָמיטעט פון לערער־פאַרבאַנד. זאַמלער פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן. דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד. לעבט און איז עולה געווען קיין א"י.

23) יחיאל שיינבוים — געפאַלן דעם ערשטן סעפּטעמבער 1943 אויף די באַריקאַדן פון סטראַשון־גאַס 12. פּרטים זע באַזונדער קאַפּיטל.

24) פעסיע שיינבוים — אַקטיווע חברה פון דרור און פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין געטאָ און אין וואַלד. לעבט און איז טעטיק אין איטאַליע.

25) בערמאַן — העברעאישער לערער, גענעראַל־סעקרעטאַר פון תרבות אין ווילנע, חבר פון התאחדות, אין געטאָ אָנגעפירט מיט דער קולטור־אַרבעט פון דער טראַנספּאָרט - בריגאַדע „ילדים"; דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד, געזען אים דעם לעצטן מאָל, יום כפור 1944, אין שטוטהאָף.

26) גורוויטש — אַקטיווער טוער פון פועלי ציון (צ"ס) און העובד אין ווילנער פּראָווינץ. אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער-גרופּע פון פּראָווינצער בחורים. אומגעקומען ביי דער אַקציע קאָוונע-פּאָנאַר דעם 5טן אַפּריל 1943.

27) מינץ — העברעאישער לערער, חבר פון ההאחדות, אקטיוו אין פפ"א, זיין גורל איז אומבאַקאַנט.

28) יעקב רייפער — העברעאישער לערער, חבר פון התאחדות, דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד, אַרויסגעפירט אין אַפּריל 1945 מיט אַ קראַנקען־טראַנספּאָרט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַוויט־מערגען קיין בערגען־בעלזען.

29) משה אָליצקי — גרינדער פון שול־וועזן אין געטאָ, זע קאַפּיטל „געשטאַלטן פון אומגעקומענע קולטור־טוער".

30) גדליהו בוסעל — חבר פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, לייטער פון דער תרבות - פאָלקס־שול אין ווילנע אויפן נאָמען פון ד"ר עפּשטיין, לייטער פון פאָלקס־שול נומער 2 אין געטאָ, אַקטיווער קולטור־טוער. דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד.

אין געטאָ איז געוועזן אַ גרעסערע גרופּע פון דרור און געוועזענע חלוצים פון קיבוץ שחריה.

אין שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו 1), זייער אַקטיוו איז דאָרט געוועזן צבי מערסיק 2).

אין געטאָ האָט דער דרור געשאַפן צוזאַמען מיטן השומר הצעיר און הנוער הציוני די חלוצישע קאָאָרדינאַציע.

בשליחות פון דרור זענען געפאָרן פון געטאָ צו געטאָ די חלוצים פרומקע פּלאַטניצקי 3), ליאָנע קאזיבראָדסקי 4), טאַמאַראַ שניידערמאַן 5), בעלאַ חזן 6). אַ גרעסערע גרופּע פון חלוצים איז אַריבער קיין ביאַליסטאָק וואו ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ סעמינאַר און אַ קבוץ פון החלוץ, אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען חברים פון ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק און אומגעגנט אונטער דער אָנפירונג פון פרומקע פלאַטניצקי, מרדכי טענענבוים, ליאָנקאַ קאַזיבראָדסקי און צבי מערסיק, צווישן די אַוועקגעפאָרענע קיין ביאַליסטאָק דערמאָן איך זיך: מרדכי טענענבוים, שמואל זשולטי, יהודית שניידער, צפורה בירמאַן, גערזאַ כהן, שרה קאַפּלינסקי און איר בחור משה, בתיה כץ, צבי מערסיק, יצחק ענגעלמאַן, אברהם, נחמה לייווינט.

בראש פון די איבערגעבליבענע חברים אין ווילנער געטאָ זענען געשטאַנען יחיאל שיינבוים און פעסיע שיינבוים, וועלכע זענען געווען גלייכצייטיק מיטגלידער פון קאָמיטעט פון פועלי ציון־התאחדות, בכדי צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון דעם החלוץ מיט דער פּאַרטיי. סאַלאַ זאַקס 7), פרוי פון אַדוואָקאַט זאַקס, אין וועמענס פאָרם אין וואָלאָקומפּיע הינטער ווילנע, האָבן די חלוצים געמאַכט די לאַנד־ווירטשאַפטלעכע הכשרה, האָט אַ סך מיטגעהאָלפן די חלוצים אין דער אונטערערדישער אַרבעט.

אין דער דאָזיקער פאָרם האָבן געלעבט געהיים חלוצים אויך נאָך דער שאַפונג פון ווילנער געטאָ. ערב „אַקציעס" פלעגט מרדכי טענענבוים אַרויספירן אַהינצו פון געטאָ צענדליקער שיינלאָזע חלוצים.

כמעלניק (פון ביאַליסטאָק) האָט צוגעשיקט מרדכי טענענבוים הילף פאַר דער חלוצישער באַוועגונג אין ווילנער געטאָ. מרדכי האָט אויך באַקומען צוגעשיקט דורך אַ פויער פון ד״ר קאַגאַן (באַראַנאָוויטש) אַ גאָלדענעם זייגער אַלס שטיצע פאַר דער אונטערערדישער חלוצישער אַרבעט אין ווילנער געטאָ.

די חברים פון החלוץ האָבן געלעבט אין קאָלעקטיוון און געפירט צווישן זיך אַן אינטענסיווע אידעאָלאָגישע קולטורעלע אַרבעט. זיי פלעגן זיך אויך באַטייליקן אין אַלע טעטיקייטן פון פועלי ציון־התאחדות.

פאַרן אַריינגיין אין געטאָ זענען אומגעקומען דרור-מיטגלידער : צבי גיאַדאַמאַק, חיים רודנער, עזריאל ברוסט, שייקע שטיין, יפה באַרער, איטקא און זאב גרינשפאַן, ליפשע און פריידל פאַרמאַן, מאיר מאַסטקאָוו און אַנדערע. אין דער געטאָ-תקופה זענען אומגעקומען: מאַקס זאַל, פעסיע מעדניק, שושנה איידעלמאַן, רבקה פיינבערג, רחל טשערטשעס און סימע מאָרדקאָווסקי, חיים פרידמאַן, צבי זילבערמאַן, אסתר און רבקה וואָלקאָוויטש, גאָדעל, בונים, שמחה מאיר, אהרן איידעלמאַן, יעקב גאָלדבערג; פוקס מאָטל, מלך זאַלצמאַן, פריידל זאַלצמאַן און אַנדערע.

מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג האָבן די חברים פון דרור געשאַפן איינע פון די ערשטע קערן־גרופן פון דער „קאַמפס־אָרגאַניזאַציע יחיאל" און אַרויסגעוויזן אַקטיווע פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט אין וואַלד. צווישן זיי: פעסיע שיינבוים, שומאַוויטש יאַנעק און צמרת, יפה געלער, בעלאַ מעלאַמעד. פון די דרור חברים זענען געפאַלן אין קאַמף: יחיאל שיינבוים 8), יחיאל פעלדמאַן 9), מענדל באָרענשטיין 10), וועלפקע סאַלין 11) און מאיר מאָרדקאָווסקי 12).

## גורדוניה

אין געטאָ האָט עקזיסטירט אַ געציילטע גרופּע פון גורדוניה, בראש פון איר איז געשטאַנען ישראל מוראַשקין. אַ גרעסערע צאָל חברים פון גורדוניה האָבן זיך געפונען אין די טאָרף-לאַגערן און אין די אַנדערע לאַגערן אַרום ווילנע, פון וואַנען ס'איז גע־לונגען קוים אַ טייל דורכצוררייסן אין די וועלדער.

1) מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו — זע באַזונדער קאַפּיטל.

2) צבי מערסיק — זע באַזונדער קאַפּיטל.

3) פרומקע פּלאַטניצקי — זע באַזונדער קאַפּיטל.

4) ליאָניאַ קאָזיבראָדסקי — זע באַזונדער קאַפּיטל.

5) טאַמאַראַ שניידערמאַן — זע באַזונדער קאַחיטל.

6) בעלאַ חזן — קראַנקען־שוועסטער אין ווילנע, געטאָ ־ פאַרבינדלערין אין צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע. אַרעסטירט ביי מאַלקיניע, דע־פּאָרטירט קיין אָשוויענטשים. געקומען אַלס מע־פיל קיין ארץ־ישראל.

7) סאַלאַ זאַקס — האָט געשאַפן פאַרבינ־דונגען מיט דער אַרישער זייט. געהאָלפן שאַפן אַרישע דאָקומענטן, מיט אויסערגעוועגלעכער אי־בערגעגעבנקייט געזאָרגט פאַר קראַנקע חלוצים, וועלכע זענען געלעגן אין געטאָ־שפּיטאָל. זי האָט איר צירונג געשטעלט צום רשות פון די אונ־טערערדישע חלוצישע שליחותן, אומגעקומען צוויי טעג פאַר דער באַפרייאונג פון ווילנע, בעת דער שחיטה פון בלאָק הק"פ, מען האָט זי גערופן די מאַמע פון וואָלאָקומפּיע.

8) יחיאל שיינבוים — זע באַזונדער קאַפּיטל.

9) אברהם פעלדמאַן — געבוירן אין לאָדזש 1918. אויסגעפירט אַ רייע סאַבאָטאַזש־אַקציעס. שליח פון פפ"א אין לאַגער ביאַלאָוואַקאַ. צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון ווידערשטאַנד אין הק"פ געפאַלן אין קאַמף.

10) מענדל באָרנשטיין — געבוירן אין מלא-ווע 1927. פּאַרטיזאַנער, געפאַלן אין קאַמף.

11) וועלפקע סאַלין — אַקטיווער פּאַרטיזאַ־נער, נאָך דער באַפרייאונג פון ווילנע געדינט אַלס טאַנקיסט אין דער רויטער אַרמיי. געפאַלן אין קאַמף.

12) מאיר מאָרדקאָווסקי — פירער פון קאָווו־נע צו די פּאַרטיזאַנערס אין דער רודניצקער פּושטשע.

## השומר־הצעיר

אַ רירעוודיקע גרופּע אין געטאָ איז געווען דער השומר־הצעיר. מיטן אַריינגיין אין געטאָ איז אַ טייל פון די חברים פון השומר־הצעיר געבליבן אויף דער אַרישער זייט אין שטאָט, און אַ טייל אין אַ קאָטוילישן מאָנאַסטיר הינטער ווילנע (אבא קאָווונער, אריה ווילנער און אַנדערע). בראש פון דער אַרבעט פון השומר־הצעיר אין געטאָ איז לכתחילה געשטאַנען עדעק באַראַקס 1) און אַנדזיע לעביעד 2). דער לעצטער איז שפּעטער אַוועק מיט זיינע חברה רבקה מאָדייסקער 3) און אַנדערע חברים פון השומר-הצעיר קיין ביאַליסטאָק, וואו ס'איז געווען אַ גרעסערע גרופּע פון השומר־הצעיר.

אבא קאָוונער 4) איז סוף דעצעמבער 1941 צוריקגעקומען מיט די חברים פון קלויסטער אין געטאָ, און איז געוואָרן צוזאַמען מיט יוסף גלאַזמאַן און יצחק וויטענבערג איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון פפ״א. עדעק באָראַקס איז אײַנגיקע מאָל געפאָרן בשליחות פון געטאָ ווילנע אין געטאָ ביאַליסטאָק.

בשליחות פון השומר־הצעיר און פון פפ״א זענען פון ווילנער געטאָ געפאָרן אין אַנדערע געטאָס, טאַסיע אַלטמאַן 5), חיהקע גראָסמאַן 6), רושקע און שרה זילבאַר 7), ווי אויך אריה ווילנער 8), וועלכער איז שפּעטער געווען זייער טעטיק אין דער וואַרשעווער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

זייער שטאַרק איז געווען די באַטייליקונג פון השומר הצעיר אין איניציאירן און אָרגאַניזירן דעם פפ״א. פון זיינע רייען זענען אַרויס די אַקטיווע פּאַרטיזאַנערס: וויטקע קעמפּנער 9), ליזע מאגון 10), רושקע קאָרטשאַק 11), זעלדע טרעגער 12), ברוך גאָלדשטיין 13), ראַשל מאַרקאָוויטש 14), ליובע מאַרקאָוויטש 15), שרה דע־וועלטאָוו 16), יאַשקע ראף 17), חיה טיקאָטשינסקא 18), שלמה קאַנטאָראָוויטש 19), מיכאל קאָוונער 20), צעסיע ראָזענבערג 21), צבי צעפּעלעוויטש 22) און הירש ראָזאַנאָוויטש 23).

אין געטאָ האָט דער השומר־הצעיר געשאַפן אַן אייגענעם „שתוף“ (אַ קיבוץ) פון זיינע טרייעסטע חברים, וועלכע האָבן געלעבט צוזאַמען און געפירט געמיינזאַמע אידעאָלאָגישע אַרבעט. די חברים פון השומר־הצעיר האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער טעטיקייט פון ברית־עברית. דער פאָרשטייער פון השומר־הצעיר אין קאָמיטעט פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין דער ערשטער תקופה איז געווען אַנדזיע לעביעד; אין ציוניסטישן „דאַך“ (נאָכן אַוועקפאָרן פון מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו), אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט (די לעצטע תקופה פון געטאָ) — און אין פפ״א־שטאַב — איז געווען אבא קאָוונער.

1) עדעק באָראַקס — אַקטיווער אָנטיילנעמער אין די קאַמפן פון ביאַליסטאָקער געטאָ. זע באַזונדער קאַפּיטל.

2) אַנדזיע לעביעד — געפאַלן אין די קאַמפן פון ביאַליסטאָקער געטאָ 1943.

3) רבקה מאַרייסקער — פאַרבינדלערין צווישן שטאָט און געטאָ אין ביאַליסטאָק. געכאַפּט און פאַרוואונדעט געוואָרן דורך געסטאַפּאָ. געשטאָרבן אין שפּיטאָל אַלס אַריערין, ניט וועלנדיק פאַרראַטן אירע יידישע חברות פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכע פלעגן זי קומען באַזוכן אַלס אַריערינס אין שפּיטאָל, האָט רבקה פאַרן טויט נישט דערציילט די קאַטוילישע קראַנקען־שוועסטערס, אַז זי איז אַ יידישע, און זי איז נקבר געוואָרן אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם.

4) אבא קאָוונער (אורי) — מיטגליד פון פפ״א־שטאַב און צום סוף פון געטאָ קאָמענדאַנט פון פפ״א, מיטגרינדער פון ברית עברית, מיטגליד פון ציוניסטישן „דאַך“, פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט, אָנפירער פון דער פאַרטיזאַנער־גרופּע „נקמה“. פּרטים זע אין באַזונדערע קאַפּיטלען.

5) מאַסיע אַלטמאַן — זע באַזונדער קאַפּיטל.

6) חיהקע גראָסמאַן — געבוירן אין ביאַליסטאָק אין יאָר 1919. מיטגליד פון הנהגה הראשית פון השומר־הצעיר. איינע פון די אָרגאַניזאַטאָרינס פון פפ״א אין ווילנע. מיטגליד פון ווידערשטאַנד־שטאַב אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

7) רושקע און שרה זילבאַר — צוויי שוועסטערס, געבוירענע אין ראַדאָם, שרה אין יאָר 1919, רושקאַ אין יאָר 1920. פאַרהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1942 ביי מאַלקינע, אַריבערפירנדיק דעם אויפרוף צו די געטאָס.

8) אריה ווילנער — אומגעקומען דעם 8־טן מאַי 1943 אין וואַרשע. זע באַזונדערע קאַפּיטלען.

9) וויטקע קעמפּנער — געבוירן אין קאַליש. חברה פון מזכירות און השומר־הצעיר אין געטאָ ווילנע. זי נעמט אָנטייל אין דער ערשטער

באַן־דיוויזיע הינטער ווילנע. גרופּן־אָנפירערין פון פפּ״א, אַקטיוו אין אויסשפּיר־דינסט פון „נקמה״ אין וואַלד. באַשאָנקען מיטן אָרדען פון „רויטן פאָן״. זעצט פאָר איר טעטיקייט אין דער באַוועגונג.

10) ליזע מאַגון — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1920. טעטיק אין דער שומרישער אונטער־ערדישער באַוועגונג אונטער די סאָוויעטן און שפּעטער אַלס פפּ״א־פאַרבינדלערין. דערשאָסן דעם 17טן פעברואַר 1943. אויף איר נאָמען איז געשאַפן געוואָרן דער פפּ״א־פּאַראַל — „ליזע רופט״.

11) רושקע קאָרטשאַק — געבוירן אין פּלאָצק אין יאָר 1921. אַקטיוו אין ווילנער געטאָ, אין שומרישן „שתוף״ און אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. גיט אָפּ אויף דער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות-העובדים תש״ה דעם ערשטן גרוס פון אומקום און קאַמף פון ווילנער יידנטום.

12) זעלדע טרעגער — געבוירן אין סעמיאַטיטש אין יאָר 1919. העלדישע פּאַרטיזאַנעירין, פאַרבינדלערין צווישן שטאָט און וואַלד. איצט אין ארץ ישראל.

13) ברוך גאָלדשטיין — געבוירן אין מעזריטש אין יאָר 1913. אַקטיוו אין פפּ״א. דעפּאָרטירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן קיין עסטלאַנד. אַנטלאָפן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער ערעדאַ אין יאָר 1943 צוזאַמען מיט יצחק קויפמאַן און ד״ר אַנטאָקאָליעץ. עולה געווען קיין ארץ-ישראל.

14) ראַשל מאַרקאָוויטש — געבוירן אין יאָר 1922 אין ווילנע. בוגרת פון דער העברעאישער גימנאַזיע „תרבות״. זייער אַקטיוו אַלס פאַרבינדלערין פון פפּ״א. זי איז געפאַלן אין קאַמף דעם 8־טן פעברואַר 1944.

15) בלומע מאַרקאָוויטש — די שוועסטער פון ראַשל. נעמט אָנטייל אין די באַפרייאונגס-קאַמפן אין ווילנע. אומגעקומען פון אַ באָמבע-אויפרייס אין ווילנע נאָך דער באַפרייאונג.

16) שרה דעוועלטאָוו — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1922. אַרויס מיט דער ערשטער שומרישער גרופּע פון ווילנע אין ביאַליסטאָקער געטאָ. דאָרט געווען פאַרבינדלערין מיט דער אַרישער זייט. אומגעקומען אין ביאַליסטאָק.

17) יאשקע ראַף — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1914. אָנפירער פון אַ פפּ״א אָפּטיילונג. ער איז געפאַלן אין וואַלד.

18) חיה טיקאָטשינסקי — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1921. געפאַלן אין קאַמף ביי נאַראַטש.

19) שלמה קאָנטאָראָוויטש — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1920. אַקטיווער פּאַרטיזאַנער. לעבט.

20) מיכאל קאָוונער — ברודער פון אבא. געוועזער־אינסטרוקטאָר פון פפּ״א. געפאַלן אין קאַמף דעם 8טן אָקטאָבער 1943.

21) צעסיע ראָזענבערג — געבוירן אין רופין אין יאָר 1920. אָנטיילנעמערין אין פּרוואוו אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט די פּאַרטיזאַנערס פון סאָוויעט־רוסלאַנד. זי לעבט.

22) צבי ציפּעלעוויטש — געבוירן אין ווישנעווע אין יאָר 1910. סעקרעטאַר פון העברעאישן לערער־סעמינאַר „תרבות״ אין ווילנע. געהילף־אָנפירער פון פפּ״א־באַטאַליאָן. דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד, אומגעקומען אין אַפּריל 1945 אין דייטשלאַנד. (אַרויסגעפירט מיט אַ קראַנקן־טראַנספּאָרט פון לאַגער דאַאוטמערגען אין ריכטונג פון בערגען־בעלזען).

23) הירש ראַזאַנאָוויטש — געבוירן אין פּול-טוסק אין יאָר 1915. ערשטער פאַרבינדלער פון פפּ״א מיט די פּאַרטיזאַנער־פּאַראַשוטיסטן. ער איז געפאַלן אין קאַמף.

24) צבי ראַגאָלין — גרופּן־פירער פון פפּ״א. עולה געווען.

## אַלגעמיינע ציוניסטן

אין אַ קליינער צאָל זענען געווען אין געטאָ די עסקנים פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די מערהייט פון זיי זענען אומגעקומען בשעת דער פּראָוואָקאַציע דעם 1טן סעפּטעמבער 1941 אין דעם טאָג פון אַריינגיין אין געטאָ דעם 6־טן סעפּטעמבער 1941.

ד״ר יעקב וויגאָדסקי 1), ערן־פּאָרזיצער פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז העלדיש אומגעקומען אין יאָר 1941.

ישראל ווערבלינסקי, געוועזענער דירעקטאָר פון ווילנער קהלה איז צוגענומען

געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ אין די טעג פון ליקווידאַציע פון ערשטן יידן־ראַט 1941. אין דער זעלבער צייט זענען אויך אומגעקומען גרינבערג 2), יעקב פּינסק 3), שריפטשטעלער ל. רובינאָוו 4), דער שריפטשטעלער חיים לעווין 5) איז אומגעקומען בשעת דער אַקציע פון די גאָלע שיינען. ד״ר גרשון גרשוני 6) איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד אין יאָר 1941 אין געטאָ. יאַשונסקי 7), אומגעקומען פון נאַטירלעכן טויט אין געטאָ.

צווישן די געציילטע לעבנגעבליבענע וועטעראַנען פון די אַלגעמיינע ציוניסטן פלעג איך זען סוכאָוואָלסקי 8), צאַן-דאָקטאָר בלאָך 9), בלעכמאַן, גרינהויז.

פון די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען אין „דאַך" געווען פאַרטרעטן חיים טראַפּידא 10) אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט אברהם פּינטשוק 11).

1) ד״ר יעקב וויגאָדסקי — זע באַזונדער קאַפּיטל.

2) גרינבערג — איינער פון די עלטסטע ציוניסטן אין ווילנע. חבר פון „על המשמר". אַקטיוו אין דער תרבות־באַוועגונג.

3) יעקב פּינסק — אַקטיווער ציוניסטישער טוער, פאָלקס־רעדנער.

4) רובינאָוו — פון די ערשטע חובבי־ציון. מיטגליד פון אחד-העמס „בני משה". אויטאָר פון ערשטן ציוניסטישן ראָמאַן אויף רו־סיש (געדרוקט אין „וואָסכאָד"). באַקאַנטער זשורנאַליסט און ליטעראַט. ביבליאָטעקאַר פון סטראַשון־ביבליאָטעק. פאָלקס־רעדנער.

5) חיים לעווין — באַקאַנטער יידישער שרייבער און זשורנאַליסט. אויטאָר פון בוך „אַמאָל און היינט". רעדאַקטאָר פון דער ווילנער ציוניסטישער טאָג־צייטונג „צייט". מיטגליד פון קאָמיטעט פון ש. אַנסקי־מוזעאום און פון ווילנער יידישן ליטעראַטן־פאַראיין.

6) ד״ר גרשון גרשוני — זע באַזונדער קאַפּיטל.

7) יאַשונסקי — אַקטיווער טוער פון קרן־קימת און תרבות אין ווילנע.

8) סוכאָוואָלסקי — באַקאַנטער ציוניסטישער רעדנער און טוער פון קרן־קימת. זיין גורל אומבאַקאַנט.

9) צאַן־דאָקטאָר בלאָך — מיטגליד פון וועד העירוני פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע על המשמר. אומגעקומען אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער אין עסטלאַנד.

10) טראַפּידא — פון קאָוונער „עת לבנות". לייטער פון באַשפּייזונג־אָפּטיילונג אין געטאָ. אומגעקומען אין יאָר 1944.

11) אברהם פּינטשוק — געבוירן אין וויל־נע אין יאָר 1907. סעקרעטאַר פון דער אַלגעמיי־נער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. צווישן די גרינ־דער פון החלוץ הכלל-ציוני אין ווילנע. אין געטאָ מיטגליד פון פּרעזידיום פון הילפס־קאָ־מיטעט, פון „דאַך", פון ברית עברית. אומגע־קומען פון פלעק־טיפוס אין קאָנצענטראַציע־לאַגער וואיוואַרא, עסטלאַנד, אין יאָר 1944.

## הנוער הציוני

דער הנוער הציוני האָט צוזאַמען מיט דרור - החלוץ הצעיר און השומר הצעיר געשאַפן די חלוצישע קאָאָרדינאַציע אין געטאָ.

פון די אַקטיווע חברים, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן הנוער הציוני זענען געווען שלמה ענטין 1), ניסל רעזניק 2). עס האָט זיי אַ סך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט אברהם פּינטשוק. שלמה ענטין איז געווען פון די ערשטע שליחים פון געטאָ ווילנע אין געטאָ וואַרשע.

אַ צוואַנציק חברים פון הנוער הציוני האָבן געשאַפן אַ קיבוץ אין שפּיטאָל־גאַס נומער 7, וואו זיי האָבן געלעבט צוזאַמען, געפירט קולטור־אַרבעט, געפּראַוועט שבת־צונאַכטן און סדרים. בראש פון קיבוץ זענען געשטאַנען: מאַנקעוויטש 3), סימע זאַק און פסח מיזערעטש. אַ טייל פון די קיבוץ חברים האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן און אַ טייל האָט געשאַפן אַ ברויט־בעקעריי.

אין שטאָב פון פפ״אָ האָט פאַרטראָטן דעם הנוער הציוני ניסן רעזניק.

פון די אַקטיוויסטן זענען מיר באַקאַנט: נחום קאַס 4), יאַנעק שטול 5), הירש לעווין 6).

דער הנוער הציוני האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער שאַפונג פון דער אַזוי גערו־פענער ציוניסטישער קיך אויף סטראַשון־גאַס נומער 2, וועלכע איז געווען אין דער ערשטער צייט פון געטאָ דער צוזאַמענטרעף־פונקט פון דער ציוניסטישער יוגנט. דער הנוער הציוני האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די אַרבעטן פון ברית עברית, העברעאישן כאָר און העברעאישן טעאַטער.

1) שלמה ענטין — זע באַזונדער קאַפּיטל.

2) ניסל רעזניק — געבוירן אין פינסק אין יאָר 1917. חבר פון הנהגה הראשית פון הנוער הציוני. טעטיק אין דער ציוניסטישער אונטער־ערדישער באַוועגונג אין די יאָרן 1939־1940. אין געטאָ אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַווע־גונג, ברית עברית, איינער פון די אָרגאַניזאַ־טאָרן פון פפ״א און שטאַב־מיטגליד פון פפ״א. פאַרשטייער פון הנוער הציוני אין דער חלוצי־שער קאָאָרדינאַציע. אַרויס אַלס פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. ער לעבט, טעטיק אין דער באַוועגונג.

3) מאַנקעוויטש — דעפּאָרטירט קיין עסט־לאַנד. אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קלאאגא דעם 19־טן סעפּטעמבער 1944.

4) נחום קאַס — געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1921. געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן געשאַפן געווער פאַר פפ״א אין יאָר 1941, אַרויסגעשיקט בשליחות פון הנוער הציוני און אומגעקומען.

5) יאַנעק שטול — געבוירן אין טשענסטאָ־כאָוו אין יאָר 1920. אַקטיוו אין פפ״א ביי דער געווער-פּראָדוקציע. אַקטיוו אַלס פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. לעבט. טעטיק אין דער באַוועגונג.

6) הירש לעווין — געבוירן אין יאָר 1922. חבר פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע „קאַמף״. ער לעבט.

## רעוויזיאָניסטן

פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג איז געווען אין געטאָ בעיקר טעטיק די בית"ר-יוגנט. די צענטראַלע פיגור איז געווען יוסף גלאַזמאַן 1), וועלכער איז געווען לכתחילה וויצע־שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי און שפּעטער איינער פון די אָרגאַני־זאַטאָרן פון פפ״א.

ס׳האָט זיך געשאַפן אין געטאָ דער איינדרוק, אַז עס עקזיסטירן אייניקע רעווי־זיאָניסטישע גרופּן, מעגלעך, אַז צוליב דער פעסטקייט פון יוסף גלאַזמאַנס כאַראַקטער זענען אַ פּאָר פון זיינע חברים געווען צו אים אין אָפּאָזיציע, ווי באַריע פרידמאַן און אַנדערע.

אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ איז צווישן דער געטאָ־פּאָליציי געווען אַ קאָנטיקע צאָל מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן אַלט רעוויזיאָניסטן (צי דאָס איז געווען לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער פּאַרטיי, אָדער פון אייגענעם ווילן ? דיסציפּלי-נירטע אָדער נישט דיסציפּלינירטע חברים ? זענען עס געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך דעקלאַרירט אַלס רעוויזיאָנסטן נישט זייענדיק אָנגעהעריק צו דער פּאַרטיי ? די פראַגן זענען מיר נישט אַזוי באַקאַנט אין זייערע פּרטים, איך זאָל זיין ביכולת עס פעסטצושטעלן).

נאָכדעם ווי יוסף גלאַזמאַן איז אַרויס פון דער געטאָ־פּאָליציי און האָט געהאָלפן מיטגרינדן דעם פפ״א, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַ קאָנטיקע צאָל פון זיינע חברים אין פפ״א.

אַ גרופּע רעוויזיאָניסטן בראָש מיט באָריע פרידמאַן 2) האָט אָנטיילגענומען אין שאַפן די צווייטע קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פון געטאָ.

פון די אַקטיוויסטן זענען מיר באַקאַנט: יוסף גלאַזמאַן, באָריע פרידמאַן, באָריע שניידער 3), חיים לאַזאַר 4), משה בראַוזע 5), ליאָווא זיסקאָוויטש 6), מולקע חזן 7), יצחק קאָוואַלסקי 8), יהודה קושינסקי 9), מירע גאַניאַנדסקי 10), אסתר יפה 11), ישראל קעמפּנער 12), פּינטשעווסקי 13), טאַסיע ליכטשטיין 14), לייזעראָוויטש 15), יוסף 16), ניוטאַ 17) אין איזיאַ לובאָצקי 18), משה סימילישסקי 19), מרדכי גאָלד־מאַן 20), מרים בערנשטיין, 21) מ. פוקסמאַן 22).

די רעוויזיאָניסטן זענען געווען פאַרטרעטן אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט דורך דעאול אין „דאַך" דורך יוסף גלאַזמאַן; האָבן אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין ברית עברית, העברעאישן כאָר, העברעאישע דראַמאַטישע סטודיע און אין געטאָ־שול־וועזן.

1) יוסף גלאַזמאַן — געבוירן אין אליטע, נציב ביתר אין ליטע, מיטגליד פון רעדאַקציע המדינה. געפאַלן אין קאַמף דעם 8טן אָקטאָבער 1943. פּרטים אין די קאַפּיטלען: „אין טאָג פון יוסף גלאַזמאַן" און „אין די טעג פון קאָלעק־טיווער אחריות".

2) באָריע פרידמאַן — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1907, מיטגעהאָלפן גרינדן ברית עברית און די העברעאישע דראַמאַטישע סטודיע אין געטאָ. אַקטיוו אין ווילנער ביתר, אַקטיוו אין דער „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע יחיאל". אַרויס מיט דער ערשטער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין וואַלד. אומגע־קומען אין קאַמף אין יאָר 1943. זע פּרטים אין קאַפּיטל „די ערשטע גרופּע גייט אין וואַלד".

3) באָריע שניידער — פון די אָנפירנדיקע חברים פון ביתר אין ווילנע. אין געטאָ געאַר־בעט אין דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, דעפּאָר־טירט קיין עסטלאַנד און שטוטהאָף, וויטערדי־קער גורל אומבאַקאַנט.

4) חיים לאַזאַר — אַקטיווער פפ"א־קעמ־פער, געווער-אינסטרוקטאָר. אַרויס אין וואַלד מיט דער גרופּע פון יוסף גלאזמאן דעם 26טן יולי 1943. אַקטיוו אין וואַלד. אָנטיילגענומען אין אייניקע באַן-דיווערסיעס. ביים אויספירן אַ די־ווערסיע־אַרבעט ווערט ער פאַרוואונדעט און פאַרלירט די רעכטע דלאָניע. ער לעבט. אַק־טיוו אין דער באַוועגונג.

5) משה בראַאוזע — מיטגליד פון ביתר אין ליטע. אין געטאָ — אָפיצער פון דער געטאָ־פּאָליציי. טרעט שפּעטער אַריין אין פפ"א, נעמט אָנטייל אין דער ערשטער באַן־דיווערסיע. גייט אַרויס מיט די פּאַרטיזאַנערס אין וואַלד. אומגע־קומען אין קאַמף.

6) ליאָווא זיסקאָוויטש — געבוירן אין אַש־מענע אין יאָר 1915. אַקטיוו אין ביתר. אין ווילנער געטאָ אַקטיוו אין פפ"א. נאָכן אַרויסגיין פון גלאַזמאַנען אין וואַלד, מיטגליד אין פפ"א שטאַב. אומגעקומען אין קאַמף אין די וועל־דער, פון ווייס־רוסלאַנד.

7) מולקע חזן — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1921. אַרויס אין וואַלד צוזאַמען מיט גלאַז־מאַן. אומגעקומען דעם 26טן יולי 1943.

8) יצחק קאָוואַלסקי — געבוירן אין יאָר 1918 אין ווילנע. אָרגאַניזאַטאָר פון דער אונ־טערערדישער דרוק פון פפ"א. אַקטיוו אין אויסשפּיר־דינסט פון פפ"א. אָרגאַניזאַטאָר פון דרוק אין וואַלד. ער לעבט.

9) יהודה קושינסקי — פפ"א־חבר. ער לעבט.

10) מירע גאַניאַנדסקא — טאָכטער פון אַד־וואָקאַט גאַניאַנדסקי פון קאָוונע. אָנטיילנעמע־רין אין דער העברעאישער דראַמאַטישער סטו־סטודיע. אַקטיווע פּאַרטיזאַנערין. אומגעקומען אין די קאַמפן אין וואַלד.

11) אסתר יפה — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1916. מיטגלידערין פון מפקדת ביתר אין ווילנע. אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ אַק־טיוו אין שאַפן פאַרבינדונגען מיטן אויסערן־געטאָ און אין פּראָדוצירן פאַלשע דאָקומענטן. יוסף גלאַזמאַן האָט לכתחילה געהאַט צו איר אַן אַבסאָלוטן צוטרוי. פון די ערשטע פפ"א־חברות. שפּעטער מיטגעהאָלפן צו שאַפן די צווייטע קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע. געווען אין פפ"א חשדים, אַז זי האָט אַרויסגעגעבן סודות פון פפ"א צו יעקב גענסן. אומגעקומען אין קאָוו־נע אויסערן געטאָ אין יאָר 1944.

12) ישראל קעמפנער — ברודער פון וויטקע קעמפנער. נעמט אָנטייל אין דער יוגנט־דעלע־גאַציע פון געטאָ־ווילנע קיין וואַרשע.

13) פינטשעווסקי — נעמט אָנטייל אין דער יוגנט־דעלעגאַציע פון געטאָ־ווילנע קיין וואַרשע.

14) טאָסיע ליכטנשטיין — געפאָרן בשליחות פון ביתר אין געטאָ ביאַליסטאָק.

15) לייזעראָוויטש — געפאָרן בשליחות פון ביתר אין געטאָ גראָדנע.

16) יוסף ליובאָצקי — פפ״א-חבר.

17) גיוסא ליובאָצקי — חברה פון פפ״א.

18) איזיע ליובאָצקי — אַקטיוו אין „ברית עברית״

19) משה שימעליסקי — טעטיק ביי דער געווער־פּראָדוקציע אין געטאָ.

20) מרדכי גאָלדמאַן — טעטיק אין דער ליי־טונג פון די אַרבעטס־וואַרשטאַטן. דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד. אין קאָנצענטראַציע-לאַגער „סאָס-קי״ געווען לאַגער-עלטסטער. אין די לאַגערן קורעמע און גאָלדפילץ האָט ער אָנגעהערט צו דער יידישער לאַגער-אַדמיניסטראַציע. פון עסט-לאַנד דעפּאָרטירט קיין שטוטהאָף. ווייטערדי-קער גורל אומבאַקאַנט.

21) מרים בערנשטיין — מיטגליד פון דער העברעאישער דראַמאַטישער סטודיע. געאַרבעט אין אויסשפּיר־דינסט פון פפ״א. געפאַלן אין וואַלד.

22) מ. פוקסמאַן — אַקטיוו אין ביתר.

## מזרחי

עס איז מיר ניט באַקאַנט צי ס׳איז געווען אין געטאָ אַן אָרגאַניזירטע מזרחי־פּאַרטיי; די מערסטע טייל רבנים זענען אומגעקומען אין „טאָג פון די רבנים״, י״ז תמוז 1941, ווי אויך אין דער ערשטער תקופה אין געטאָ.

פון געוועזענע מזרחישע טוערס זענען געווען טעטיק אין געטאָ: שעסקין 1) און פעליקס דעסלער 2). אויף איניקע זיצונגען פון „דאַך״ האָט זיך באַטייליקט אין נאָמען פון מזרחי יצחק אושפּיז-שעסקין פון שאַוול.

דער לערער גאָלדבערג האָט געהאַלטן אָפטע לעקציעס אויפן געביט פון יידישער געשיכטע ווי אויך אָרגאַניזירט אַ סעמינאַר פאַר יודאַאיסטישע פראַגן.

אַ גרופּע מזרחי־יוגנט פלעגט זיך צונויפקלויבן פון צייט צו צייט אין די בתי־מדרשים האַלטן אַ שיחה.

פּרטים וועגן רעליגיעזן לעבן אין געטאָ און וועגן די אומגעקומענע רבנים זע אין די באַזונדערע קאַפּיטלען.

1) עזריאל שעסקין — פון די וועטעראַנען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין ווילנע. אין געטאָ זיך באַשעפטיקט מיט רעליגיעזע פראַגן: בתי־מדרשים, מצה-קאָמיסיעס וכדומה.

2) פעליקס דעסלער — באַקאַנטער מזרחי־טוער. פאָטער פון פאָליציי־שעף סאַלעק דעס־לער. אין געטאָ געווען אין אַ סקלעראָטישן צו־שטאַנד. ניט אָריענטירט זיך אין די מעשים פון זיין זון. געווען טעטיק אין רעליגיעזע ענינים און געהאָלפן אַקטיוו זאַמלען געלט פאַרן גע־זעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און ווינטער־הילף.

## פּועלי-ציון לינקע

ס׳איז מיר ניט באַקאַנט צי ס׳האָט עקזיסטירט אין געטאָ אַן אָרגאַניזירטע גרופּע פון לינקע פּועלי-ציון. כ׳דערמאָן זיך אין געטאָ די נעמען פון פאָלגנדיקע חברים פון לינקע פּועלי-ציון: י. סעניצקי (פאָרזיצער פון לערער-פאַרבאַנד), אייפּע (אַרויס אין וואַלד) און כאַרמאַץ (גורל אומבאַקאַנט).

## אגודה

ס׳איז מיר נישט באַקאַנט צי ס׳איז געווען אַן אָרגאַניזירטע אגודה־גרופּע אין געטאָ. ביי רעליגיעזע ענינים האָבן זיך מתעסק געווען הרב ניסן יפה 1) און וויג-דאָרטשיק 2).

װעגן רעליגיעזן לעבן אין געטאָ — און װעגן גורל פון די רבנים — זע באַזונדער קאַפּיטל. די אגודה־סענאַטאָרן טראָקנהיים און מינצבערג זענען געװען די ערשטע אין געטאָ װאָס האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן די כשרע קיך. סוף 1941 פאַרלאָזן דעם געטאָ אין ריכטונג ביאַליסטאָק־װאַרשע.

1) הרב ניסן יפה — פון די מקורבים פון חיים עוזר גראָדזענסקי. מחבר פון אַ רעלי־גיעזן חיבור. שוחט. פאָטער פון אסתר יפה. זיך משתדל געװען אין געטאָ צו גרינדן אַ רע־ליגיעזע אָפּטײלונג ביים יידן־ראַט.

2) װיגדאָרטשיק — געװעזענער ראַטמאַן פון אגודה אין װילנע. אַ סוחר. אַקטיװ אין דער אַרבעט פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט. לסוף אויך פאָרשטייער פון די רעליגיעזע קרייזן אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט.

## דער ציוניסטישער „דאַך"

אין די ערשטע טעג פון געטאָ האָב איך זיך געװענדעט צו מרדכי טענענבוים, אַנדזיע ליעבעד און אברהם פינטשוק װעגן קאָאָרדינירן די טעטיקייטן פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין געטאָ. לכתחילה פלעגן אָפּט פאָרקומען, אויף סטראַ־שון־גאַס נומער 15, אָדער נומער 2, געמיינזאַמע באַראַטונגען פון די קאָנגרעס־ציוניס־טישע גרופּן. אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז געשאַפן געװאָרן אַ קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אונטערן נאָמען „דאַך" („גג"), אָדער קאָמיטעט פון די זיבן. זיין צוזאַמענשטעל איז געװען פאָלגנדיקער:

1. פּועלי ציון־התאחדות — סאַװאַ גוריאַן, שפּעטער פאַרביטן געװאָרן דורך ישראל דימענטמאַן.
2. פּועלי ציון־התאחדות — מאַרק דװאָרזשעצקי.
3. אַלגעמיינע ציוניסטן א' — אברהם פינטשוק.
4. אַלגעמיינע ציוניסטן ב' — טראַפּידאָ.
5. אומפּאַרטייאישע ציוניסטן — ד"ר שבתי מילקאַנאָװיצקי.
6. רעװיזיאָניסטן — יוסף גלאַזמאַן.
7. חלוצישע יוגנט — מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָװ, נאָך זיין פאַרלאָזן דעם װילנער געטאָ האָט אים פאַרטרעטן אבא קאָװנער.

אויף אייניקע זיצונגען האָט זיך באַטייליקט דער מזרחיסט אושפּיץ שעסקין.

די אויפגאַבן פון „דאַך" זענען געװען: קאָנצענטרירן, קאָאָרדינירן און דיריגירן די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט אין געטאָ; זאָרג פאַר דער העברעאישער קולטור־טעטיקייט („ברית עברית" און אירע אָפּצװייגונגען: דער העברעאישער טעאַטער, העברעאישער כאָר, חברה מדעית עברית); זאָרג פאַרן ארץ־ישראל־מאָמענט, העב־רעאיש לימוד און נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון געטאָ־שול־װעזן; קאָנטאַקט מיט אַנדערע יידישע ישובים און געטאָס. (די חלוצישע שליחים פון פאַרשידענע ריכטונגען פלעגן אָפּהאַלטן באַריכט־זיצונגען מיטן „דאַך") זאָרג פאַר אַרבעטס־פּלעצער פאַר דער חלוצישער יוגנט; זאָרג פאַר זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן פון געטאָ־לעבן; אַקטי־װער בשותפותדיקער אָנטייל אין דער סאָציאַלער טעטיקייט פון געטאָ (דורכן געזעל־שאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט); אונטערשטיצן די מענטשן פון גייסט און פען.

קיין שום ציוניסטישער אַרויסטריט פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, האָט ניט געקענט פאָרקומען אין געטאָ אָן אַ פריערדיקן הסכם פון „דאַך".

דער „דאַך" איז געווען רעפּרעזענטירט אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט דורך ד"ר שבתי מילקאַנאָוויצקי, אברהם פינטשוק, דעאול און מיך. אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ אויך אבא קאָוונער און יוסף גלאַזמאַן.

ווען די חלוצישע אונטערערדישע שליחים האָבן געבראַכט אין ווילנער געטאָ געלטער פון „דזשאָינט" אין וואַרשע צו פאַרטיילן פאַר שריפטשטעלערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס, איז דורכן „דאַך" צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ פאַרטיילונגס־קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַרטיילט די געלטער פאַר מענטשן פון גייסט און פען פון אַלע ריכטונגען, ווי אויך פאַר אלמנות און קינדער פון אומגעקומענע אָדער פאַרשיקטע געזעלשאַפטלעכע טוערס. דער „דאַך" האָט אויך אונטערשטיצט די יוגנט־גרופּן, וועלכע האָבן אין דער ערשטער תקופה איבערגעוואַנדערט אין אַנדערע געטאָס, און שפּעטער די צוריקוואַנדערנדיקע פון די געטאָס אין ווייסרוסלאַנד, וואו ס'זענען פאָרגעקומען יידן־שחיטות.

אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ האָט דער „דאַך" פאַרגרעסערט די צאָל פון זיינע אָנטיילנעמער מיט ד"ר לעאָן בערנשטיין, יחיאל שיינבוים, ניסל רעזניק און געביטן זיין נאָמען אויף „ציוניסטישער קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט פון ווילנער געטאָ".

## „בונד"

דעם „בונד" אין ווילנער געטאָ האָבן געפעלט אַ סך פון זיינע אָנפירערס, וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די יאָרן 1940 און 1941, ווען ווילנע האָט זיך געפונען אונטער דער סאָוויעטישער מאַכט (אַננאַ ראָזענטאַל, יעקב זשעלעזניקאָוו, יוסף אַראָנאָוויטש, פיינזילבער און אַנדערע).

ווען מען איז צוגעטרעטן שאַפן דעם יידן־ראַט, ערב דעם געטאָ, איז דורך די איניציאַטאָרן איינגעלאַדן געוואָרן אויך דער „בונד". די איינלאַדונג האָט דער בונדישער קאָמיטעט אָנגענומען און געשיקט אַ דעלעגאַציע אויף דער פאַרזאַמלונג אין באַשטאַנד פון וואַפנער 1), ווידמאַן 2), ג. יאַשונסקי 3) און פישמאַן 4). מיטן הסכם פון דער בונדישער פאַרטיי זענען אַריין דאַן אין יידן־ראַט דריי בונדיסטן.

אין יידן־ראַט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ גופא, האָבן אָנטיילגענומען צוויי בונדיסטן: גריגאָרי יאַשונסקי און פישמאַן. פון די אָנפירנדיקע חברים פון „בונד" אין געטאָ זענען מיר געווען באַקאַנט די נעמען: הערמאַן קרוק 5), הירש גוטגעשטאַלט 6), מרים גוטגעשטאַלט 7), אַברהם כוואָיניק 8), יוסף לייקין 9), רבקה עפשטיין 10), לאה יאַשונסקי 11), גריגאָרי יאַשונסקי, פישמאַן, ווידמאַן. ווי מען דערציילט, איז די פאָרזיצערין פון „בונד"־קאָמיטעט געווען פּאַטי קרעמער 12).

דער „בונד" האָט אַ לענגערע צייט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אין יידן־ראַט פון געטאָ. ג. יאַשונסקי האָט אָנגעפירט מיט דער אָרגאַניזאַציע־אָפּטיילונג און מיט דער קולטור־אָפּטיילונג. פישמאַן, מיט די וואַרשטאַטן. ווי מען דערציילט זענען געווען חלוקי־דעות אינערהאַלב דעם „בונד" אין געטאָ, צי דאַרפן זיינע פאָרשטייערס זיצן אין יידן־ראַט. צום סוף פון געטאָ האָט יעקב גענס דערוויטערט ג. יאַשונסקין פון יידן־ראַט. אַ גאַנצע רייע חברים פון „בונד" האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע צווייגן פון קולטור־לעבן ווי שול־וועזן, יוגנט קלוב, ליטעראַטן פאַראיין, לערער פאַרבאַנד. (הערמאַן קרוק, הירש און מרים גוטגעשטאַלט, יוסף לייקין, יאַשונסקי און אַנדערע).

די בונדישע גרופּע האָט לכתחילה באַדייטנד מיטגעהאָלפן אין שאַפן דעם געזעל-שאַפטלעכן היפס-קאָמיטעט, אין וועלכן זי איז געווען פאַרטרעטן דורך הערמאַן קרוק, אברהם כוואַיניק, הערש גוטגעשטאַלט און יאַשונסקי.

פון בונדיסטן, אַקטיווע, אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, זענען מיר באַקאַנט די נעמען פון אברהם כוואַיניק, אסיע ביק 13), שמואל קאַפּלינסקי 14), סימקע פּאַלעווּ-סקי און גאָלאָמב. די בונדישע קרייזן פלעגן באַקומען ידיעות פון וואַרשע דורך שליחים פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פּפּ״ס.

1) וואַפּנער — אומגעקומען בשעת דער ליק־ווידאַציע פון ערשטן יידן־ראַט אין יאָר 1941.

2) ווידמאַן — גורל אומבאַקאַנט.

3) גריגאָרי יאַשונסקי — אַדוואָקאַט, מיט־גליד פון יידן־ראַט אין ווילנער געטאָ. אין ליק־ווידאַציע־טעג פון געטאָ אויסבאַהאַלטן דורך אַ קריסט. ער לעבט.

4) יואל פישמאַן — מיטגליד פון יידן־ראַט אין ווילנער געטאָ. וואַרשיינלעך אומגעקומען אין קלאָאָגאַ אין יאָר 1944.

5) הערמאַן קרוק — אומגעקומען אין קלאָאָ-גא דעם 19טן סעפּטעמבער 1944. זע קאַפּיטל „געשטאַלטן פון אומגעקומענע קולטור־טוערס״.

6) הירש גוטגעשטאַלט — באַקאַנטער בונ־דישער טוער, אַקטיוו אין דער צוקונפט־באַווע־גונג. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעפירט מיט אַ שטרייק פון די שי־לערס פון דער האַנדלס־שול אין וואַרשע פאַר אַ יידישער שול אין יידיש. אַרעסטירט געוואָרן דורך די דייטשן אויף דער וואַרשעווער קאָנפערענץ פון „צוקונפט״ אין יאָר 1918 און פאַרשפּאַרט אין מאָדלינער פעסטונג. אין די יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג געווען באַזונדערס טעטיק אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פאַר האַנדלס־אָנגעשטעל־טע. ער האָט אויך פאַרטרעטן די יידישע האַנ־דעלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע פון פּוילן אין אינטערנאַציאָנאַל פון אָנגעשטעלטע. פאַרעפנט־לעכט לידער און עסייען אין „פאָלקסצייטונג״. פאַרעפנטלעכט אַ באַנד לידער אונטערן נאָמען „מענטש און לאַנדשאַפט״. אין יאָר 1939 גע־קומען מיטן פּליטים־שטראָם קיין ווילנע. אין יאָר 1940 געווען אַרעסטירט דורך די סאָוויעטן. אין געטאָ איז ער געווען איינער פון די באַ־גאַבטסטע רעדנערס און זייער אַקטיוו אין קול־טור־לעבן. ער איז אויך אַרויס מיט דער איני־ציאַטיווע צו שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן ראַט אין געטאָ; אָנגעפירט מיט אַ רייע אַרבעטס־וואַר־שטאַטן, מיטגליד פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און פון ליטעראַטן־פאַראיין. אומגעקו־מען אין קלאאגא, דעם 19טן סעפּטעמבער 1944 צוזאַמען מיט זיין זון.

7) מרים גוטגעשטאַלט — די פרוי פון הירש גוטגעשטאַלט, שוועסטער פון דער יידישער שריי־בערין לאה ראַטקאָפּ, שול־טוערין אין געטאָ. מיטגליד פון שול־ביוראָ. אַקטיוו אין געזעל־שאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט. דעפּאָרטירט אין טאָג פון געטאָ־ליקווידאַציע.

8) אברהם כוואַיניק — געהאָנגען געוואָרן דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943. פּרטים זע קאַ־פּיטל „פאַרטיזאַנערס גייען״ און „אין טאָג פון געטאָ־ליקווידאַציע״.

9) יוסף לייקין — לאַנגיאָריקער ווילנער שול־טוער און לערער. לייטער פון פאָלקס־שול נומער 1 אין געטאָ. געשטאָרבן אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער דאַאוטמערגען, דייטשלאַנד, ענדע 1944.

10) רבקה עפּשטיין — לערערין, אומגעקו־מען אין יאָר 1941.

11) לאה יאַשונסקאַ — פרוי פון גריגאָרי, לעבט.

12) פּאַטי קרעמער — מיידלשער נאָמען: מאַטלאַ סרעדניצקאַיאַ. געבוירן אין יאָר 1867. געענדיקט אין פּעטערבורג דענטיסטישע שול. פרוי פון באַקאַנטן בונדישן טוער אַרקאַדי קרע־מער. אין יאָר 1897 אַרעסטירט און פאַרשיקט אין טשאַוסי, מאָהילעווער גובערניע. אין יאָר 1902 אַנטלויפט זי פון טשאַויסי. אין געטאָ האָט פּאַטי קרעמער, טראָץ איר טיפן על־טער, געהאַט אינטערעס צו לויפנדיקע פראַגן. דעפּאָרטירט געוואָרן מיט די פרויען און זקנים אין דעם טאָג פון ליקווידאַציע פון ווילנער גע־טאָ, דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943.

13) אסיע ביק — אויפגעהאָנגען דעם 23סטן סעטעמבער 1943. זע קאַפּיטלען „פאַרטיזאַנערס גייען״ און „אין טאָג פון דער געטאָ־ליקווי־דאַציע״.

14) ש. קאַפּלינסקי — געבוירן אין זשעמל אין יאָר 1914. געווער־אינסטרוקטאָר אין פּפּ״א, אָנפירער פון אַ גרופּע „נצחון״. לעבט.

## די קאָמוניסטישע גרופּע

אין געטאָ איז געווען אַ טעטיקע קאָמוניסטישע גרופּע. פון די אַקטיוויסטן אין דער קאָמוניסטישער גרופּע זענען מיר באַקאַנט די נעמען פון: יצחק וויטענבערג 1), בערל שערשנעווסקי 2), כיענאַ באָראָווסקי 3), לייב אָפּעסקין 4), מרים בערנשטיין 5), רחל ברוידא 6), ראָזאַ שערשנעווסקי 7), סאָניע מאַדייסקער 8), יעקב קאַפּלאַן 9), אברהם גאַנטאָווניק 10), ליאָווקע און הירש גאָרדאָן 11), טעווקע גאַלפּערן 12), איטקע און דאָנקע ליובאָצקי 13), יצחק מאַצקעוויטש 14), רחל בוראַקיסקי 15).

ווי מען דערציילט איז אין פעברואַר 1942 אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אין די סקאָר־בוטשאַנער וועלדער, ניט ווייט פון ביאַלאָוואַקאַ אַ גרופּע פון די סאָוויעטישע פּאַראַ־שוטיסטן. יצחק וויטענבערג זאָל האָבן באַקומען פון זייער קאָמאַנדיר מאַרגיס דעם יפּוי כח צו גרינדן אַ קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. אַלס מיטגלידער פון ווילנער שטאָטישן קאָמיטעט זענען באַשטימט געוואָרן יצחק וויטענבערג, בערל שער־שנעווסקי און כיענע באָראָווסקי. בערל שערשנעווסקי, דער סעקרעטאַר פון קאָמיטעט, האָט מיט דער הילף פון ווייסרוס קאָראָבליאַקאָוו אין פוילישן קאָמוניסט יאַן פּשע־וואַלסקי אָנגעהויבן צו שאַפן קאָמוניסטישע קרייזן אין שטאָט ווילנע.

שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן, ווי מען דערציילט, אַ געמיינזאַמער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־קאָמיטעט פאַר שטאָט און געטאָ מיטן פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: בערל שערשנעווסקי (סעקרעטאַר פון שטאָטישן קאָמיטעט), יצחק וויטענבערג (קאָמענדאַנט פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב אין געטאָ), מאַקאַר קאָראָבליאַקאָוו (אָרגאַניזאַציע פון שטאָ־טישע קרייזלעך), יאַן פּשעוואַלסקי (אַגיטאַציע), סאָניע מאַדייסקער (קאָמסאָמאָל).

די קאָמוניסטישע גרופּע האָט צוזאַמען מיטן ציוניסטישן „דאָר" געשאַפן דעם פּרעזידיום פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין מצד די קאָמוניסטן: רחל ברוידא, לייב אָפּעסקין, יעקב קאַפּלאַן, מירע בערנשטיין, שפּעטער אויך יצחק וויטענבערג און כיענע באָראָווסקי.

די קאָמוניסטישע גרופּע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין קולטור־ און שול־וועזן פון געטאָ (מרים בערנשטיין, רחל ברוידא, לייב אָפּעסקין, יעקב קאַפּלאַן און אַנדערע), און איז געווען אַ יסודותדיקער טייל פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען יצחק וויטענבערג ביז זיין טויט.

אונטער דער השפּעה פון דער קאָמוניסטישער גרופּע אין געטאָ זענען גע־שטאַנען גרויסע טיילן פון דער יוגנט, בעיקר פון יוגנט־קלוב.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און איר יוגנט האָבן אַרויסגעוויזן אַ בולטע אַקטיווי־טעט אויף אַלע שטחים פון געטאָ־לעבן, קאָאָפּערירנדיק מיט אַלע אַנדערע פּאָליטישע שטרעמונגען אין געטאָ.

1) יצחק וויטענבערג — קאָמענדאַנט פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב פפ״א. אומגעקומען דעם 16טן יולי 1943. זע באַזונדער קאַפּיטל.

2) בערל שערשנעווסקי — סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין געטאָ. אין וואַלד פּאָליטישער סעקרעטאַר פון דער גרופּע „קאַמף". ער לעבט.

3) כיענע באָראָווסקי — קראַנקען־שוועסטער. געוועזענע סעקרעטאַרין פון ווילנער מעדיצינישן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין יאָר 1940. אין וואַלד פּאָליטישע קאָמיסאַרין אין די קאַמפּס־גרופּן „נקמה" און „נצחון". זי לעבט.

4) לייב אָפּעסקין — אומגעקומען דעם 10טן יולי 1944. פּרטים זע קאַפּיטל „אומגעקומענע קולטור־טוערס פון געטאָ".

5) מרים בערנשטיין — פּרטים זע קאַפּיטל „אומגעקומענע קולטור־טוערס פון געטאָ״.

6) רחל ברוידא — לאַנגיאָריקע לערערין אין ווילנער יידישן שול־וועזן. אַקטיווע מיטבויערין פון דער געטאָ־שול. מיטגליד פון שול־ביוראָ אין געטאָ. דעפּאָרטירט אין טאָג פון געטאָ־ליקווי־דאַציע.

7) ראַזאַ שערשנעווסקי — לייטערין פון ביו־ראָ פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט אין געטאָ. אומגעקומען דעם 26סטן יולי 1943 אין פּאַרטיזאַנער-קאַמף ביי דער בריק פון לאַ-וואַרישאָק (די גרופּע פון אַכצן, וואָס איז אַרויס מיט יוסף גלאַזמאַן).

8) סאָניע מאַדייסקער — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1914. אַכט יאָר געזעסן אין גראָדנער תּפיסה פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. אַקטיווע קאָמוניסטישע טוערין אין געטאָ. געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דער אומלעגאַלער צייטונג „שטאַנדאַר וואָלנאָשטשי״. גרופּע־פירערין פון פפ״א, מיטגליד פון צווייטן פפ״א־שטאַב. נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ בלייבט זי אין שטאָט. געפאָרן אין שליחות פון פפ״א אָנצו־בינדן קאָנטאַקטן מיט סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנערס. אַרויסגעגעבן פּראָקלאַמאַציעס און צייטונגען פאַר דער פּוילישער און ליטווישער באַפעלקערונג. געוואוינט אין שטאָט ביים אַקטיוון ליטווישן אַרבעטער־פירער יוליאַן יאַנקאָווסקאַס. ווען זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן אויף זאַרעטשע גאַס נומער 3 דורך געסטאַפּאָ, האָט זיך אַנט-וויקלט אַ קאַמף. יוליאַן יאַנקאָווסקאַס איז דער-שאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ. סאָניע האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד, נאָר זי האָט זיך נאָר לייכט פאַרוואונדעט. זי איז אומגעקומען אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ.

9) יעקב קאַפּלאַן — אומגעקומען דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943. פּרטים אין קאַפּיטל „פּאַרטיזאַנערס גייען״.

10) אברהם גאַנטאָווניק — גרופּן־פירער פון פפ״א. אַרויסגעפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן קיין עסטלאַנד. ער לעבט.

11) ליאָווקאַ און הירש גאָרדאָן — צוויי ברידער. ליאָווקאַ געבוירן אין יאָר 1920, הירש אין יאָר 1922. ביידע געפאַלן דעם 26סטן יולי 1943 אין קאַמף ביי דער בריק פון לאַוואַרישאָק.

12) טעווקע גאַלפּערן — געבוירן אין יאָר 1908. גרופּן־פירער אין דער פּאַרטיזאַנער־אָפּ־טיילונג „קאַמף״ אין רודניצקער וואַלד. ער לעבט.

13) דאָנקע און איזקע ליובאָצקי — זין פון באַקאַנטן ווילנער לערער ברוך ליובאצקי. דאַנקע געבוירן אין יאָר 1921, מיטגליד פון קאָמסאָמאָל, גרופּן־אָנפירער אין פפ״א, אַרעסטירט דורך גע־סטאַפּאָ. אַנטלויפט פון תפיסה. געפאַלן אין קאַמף אין יאַנואַר 1944. זיין ברודער איזקע אומגע-קומען קורץ נאָך אים.

14) יצחק מאַצקעוויטש — געבוירן אין וויל־נע אין יאָר 1922. מיטגליד פון קאָמסאָמאָל. גרופּן־פירער פון פפ״א. געפאַלן דעם 26סטן יולי 1943 אין קאַמף ביי דער בריק פון לאַוואַ-רישאָק.

15) רחל בוראַקיסקי — טעטיק אין געזעל-שאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט. געפאַלן דעם 26־סטן יולי 1943 אין קאַמף ביי לאַוואַרישאָק.

ס. ר.

אין ווילנע איז געווען טעטיק פאַר דער מלחמה אַ גרופּע סאָציאַליסטן-רעוואָלו־ציאָנערן, וועלכע האָבן אויסגעאיבט אַ קאָנטיקע השפּעה אין די אַרבעטער-קרייזן. צווישן זיי: ליכטנשטיין 1), גרשון מאלאַקעוויטש 2), פּרץ צונזער 3), ברידער טרו-פּיאַנסקי 4), נאָר איניקע פון דער גרופּע זענען געבליבן אין געטאָ.

1) ליכטשטיין — לערער פון ליטעראַטור, איבערזעצער, אומגעקומען נאָך פאַרן געטאָ. אַוועקגעפירט דורך כאַפּונעס פון דער היים אין דער לוקישקער געפענגניש און פון דאָרטן אויף פּאָנאַר 1941.

2) גרשון מאלאַקעוויטש — רעדאַקטאָר פון „באַגינען״. פאַרשיקט אין 1905 אין סיביר. אומגעקומען סוף אָקטאָבער 1941.

3) פּרץ צונזער — שריפטשטעלער. געווען אַקטיוו אין קולטור לעבן פון געטאָ. וואַרשיינ-לעך אומגעקומען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן פון עסטלאַנד.

4) ברידער פּ. און י. טרופּיאַנסקי — אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין געטאָ. איינער (פייוול?) מיטגליד פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ צו-נויפגערופן אויף רודניצקער 6 אַ פּריוואַטע באַ-ראַטונג וועגן גרינדן אַ ווידערשטאַנד אָרגאַני-זאַציע. פון דער באַראַטונג איז קאָנקרעט גאָר־ניט אַנטשטאַנען, ווייל אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן די פפ״א. דער צווייטער ברודער אויפגעפירט די פאָרשטעלונג „ליאַלקעס״ אין קינדער קלוב. ביידע דעפּאָר-טירט אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן. אומגע-קומען וואַרשיינלעך דאַאוטמערגען 1944-1945.

## דער געזעלשאַפטלעכער הילפס-קאָמיטעט — דער „געטאָ־פּאַרלאַמענט"

אין די געטאָ־באַדינגונגען איז געווען אַן אויסערסט וויכטיקע נויטווענדיקייט צו שאַפן אַן אינסטיטוציע, אין וועלכער עס זאָלן מיטאַרבעטן און באַראַטן זיך אַלע גרופּירונגען. אין אַזאַ אינסטיטוציע איז גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן דער געזעלשאַפט־לעכער הילפס־קאָמיטעט.

לכתחילה האָט דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַן אינסטיטוציע פון סאָציאַלער הילף, וואָס האָט געגאַסן פון דער אונטערשטי־צונג פון אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג ביים יידן־ראַט און האָט אויך אָנגעהויבן אַן אַקציע פון זאַמלען נדבות ביי די געטאָ־איינוואוינערס. ס'איז דאַן געווען אין אים אַן איבער־וויגנדיקע מערהייט פון חברים פון „בונד" און זיינע סימפּאַטיקער. אין נאָמען פון ציוניסטישן „דאַך" זענען דאַן דעלעגירט געוואָרן אברהם פּינטשוק און איך צו פאַרהאַנדלען מיט אברהם כוואָיניק, דעם פאָרשטייער פון „בונד", מירע בערנשטיין און רחל ברוידא פון די קאָמוניסטן, בנוגע פאַרברייטערן די באַזע פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און פאַרוואַנדלען אים פון אַן אינסטיטוציע פאַר סאָציאַלער פאַר־זאָרגונג אין אַן אינסטיטוציע מיט פּאָליטישע, ווי אויך סאָציאַל-עקאָנאָמישע אויפגאַבן און אין איינקלאַנג דערמיט בייטן דעם צוזאַמענשטעל פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט (גלייכע פאָרשטייערס פאַר קאָמוניסטן, „בונד" און ציוניסטישן „דאַך").

דער צוזאַמענשטעל פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט איז נאָך אַ רייע פאַרהאַנדלונגען געווען:

מצד דעם ציוניסטישן „דאַך" — שבתי מילקאַנאָוויצקי, אברהם פּינטשוק, דעאול, מאַרק דוואָרזשעצקי.

מצד די קאָמוניסטן — מירע בערנשטיין, רחל ברוידא, לייב אָפּעסקין, יעקב קאַפּלאַן.

מצד די בונדיסטן — אברהם כוואָיניק, הערמאַן קרוק, הירש גוטגעשטאַלט, גרי־גאָרי יאַשונסקי,

ווי אויך פּ. טרומפּיאַנסקי — אַלס ניט-אָנגעהערנדיקער צו אַן עקזיסטירנדיקער פּאָליטישער גרופּירונג אין געטאָ (פאַרן געטאָ — ס"ר).

שפּעטער זענען אויך צוגעצויגן געוואָרן פאָרשטייער פון רעליגיעזע יידן — וויגדאָרטשיק, וועלכער האָט פאַרטרעטן דעם הרב אהרן בעריק, וועלכער איז געווען טובערקולאָז קראַנק, ווי אויך אַ פאָרשטייער פון די אַרבעטער־בריגאַדירן — יצחק גלאַזמאַן.

אין דער לעצטער תקופה פון געטאָ האָבן צום געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט אויך אָנגעהערט יוסף גלאַזמאַן, יצחק וויטענבערג, כיענע באָראָווסקי, אבא קאָוונער און קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי.

דאָס פּרעזידיום פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט איז געווען פאָלגנדיקער:

פאָרזיצער — שבתי מילקאַנאָוויצקי (ציוניסטישער „דאַך"); וויצע-פאָרזיצער — לייב אָפּעסקין (קאָמוניסט); גענעראַל-סעקרעטאַר — מאַרק דוואָרזשעצקי (ציוניסטי־שער „דאַך"); קאַסירער — מירע בערנשטיין (קאָמוניסטין); פּרעזידיום-מיטגליד — טרומפּיאַנסקי.

(די פאָרשטייער פון „בונד" זענען ניט אַריין אין פּרעזידיום פון געזעלשאַפטלעכן

הילפס־קאָמיטעט, נאָכדעם ווי די קאָמוניסטן האָבן געשטימט פאַר דעם אומפּאַר־טייאישן ציוניסט ד״ר שבתי מילקאַנאָוויצקי אַלס פאָרזיצער, זיי האָבן אָבער ווייטער אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין פּלענום פון ג. ה. ק.).

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס-קאָמיטעט איז אַחוץ זיין סאָציאַלער טעטיקייט גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „יידישן פּאַרלאַמענט״ פון געטאָ. דאָ פלעגן אָפט געהאַלטן ווערן דעקלאַראַציעס פון באַזונדערע גרופּירונגען בנוגע אַקטועלע געטאָ־ענינים און אָפט פלעגן אויך אָנגענומען ווערן געמיינזאַמע שטעלונגען. אויף די זיצונגען פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט פלעגט מען אָפט שאַרף רעאַגירן קעגן געוויסע האַנדלונגען פון יידן־ראַט און געטאָ־פּאָליציי (הגם אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט האָבן זיך באַטייליקט צוויי פּערזאָן, וועלכע זענען געווען גלייכצייטיק מיטגלידער פון יידן־ראַט: גריגאָרי יאַשונסקי און ד״ר שבתי מילקאַנאָוויצקי). אַזוי למשל זענען אין צוזאַמענהאַנג מיטן הפקרדיקן שמייסן ביים געטאָ־טויער מצד דעם שעף פון דער טויער־וואַך, דעם יידישן פּאָליציסט לעוואַס — דעלעגירט געוואָרן מצד דעם געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט דער דיכטער לייב אָפּעסקין און איך צום פאָרזיצער פון יידן-ראַט, אינזשעניער פריד און צום געטאָ-פּאָליציי-שעף יעקב געגס, אויסצודריקן אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן דער ברוטאַליטעט פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי.

אין דער ביוראָ־אַרבעט זענען געווען טעטיק: ראָזאַ שערשנעווסקי (קאָמוניסטין), רחל בוראַקיסקי (קאָמוניסטין), מרים גוטגעשטאַלט („בונד״), אלחנן מגיד און יצחק ברעסלאָ (פּועלי ציון-התאחדות), צעפּעלעוויטש (השומר-הצעיר).

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט האָט געפונען אַ סך פרייוויליקע צו דער הילף אין זיין אַרבעט, צווישן זיי: ד״ר פּאָמעראַנץ, ד״ר רוטשניק, ד״ר גירשאָ־וויטש, בראַנזאָפּט, קאָמערמאַכער, סאָלאָדוכאַ, פעליקס דעסלער און אַנדערע.

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס-קאָמיטעט האָט אויסגעקעמפט ביים געטאָ-פּאָליציי־שעף יעקב געגס איין און פערציק שוץ־שיינען פאַר אינטעלעקטועלע און געזעל־שאַפטלעכע טוערס, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין שום יכולת צו קריגן אַ געלן שיין. דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט האָט אונטערשטיצט די חלוצישע קיבוצים מיט קאָלעקטיווע אונטערשטיצונגען, ווי אויך דערטיילט ספּעציעל גרויסע אונטערשטיצונגעז פאַר די אַנטלאָפענע פון די שחיטות אין די אַרומיקע געטאָס.

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט האָט געגאָסן פון צוטרוי מצד דעם עולם, ווייל אין אים זענען געזעסן פאָרשטייערס, פריי דעסיגנירטע, מצד די פאַר־שידענע וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע כוחות אין געטאָ, אין דער צייט ווען דער יידן־ראַט איז געווען אַ נאָמינירטער מצד דער דייטשער מאַכט.

אין די צימערן פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט פלעגן אָפט פאָרקומען צוזאַמענטרעפן פון פּאָליטישע גרופּירונגען און פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

מילקאַנאָוויצקי שבתי — דאָקטאָר יורי, באַקאַנטער רעדנער, אויטאָר פון אַ ווערק אין דייטש וועגן ארץ־ישראל־מאַנדאַט. לענגערע יאָרן וויצע־פאָרזיצער פון ווילנער קהילה. אַמאָל אַ חבר פון פּועלי ציון, שפּעטער אומפּאַרטייאי־שער ציוניסט. אין געטאָ, מיטגליד פון יידן־ראַט, לייטער פון געזונדהייטס-אָפּטיילונג, דעפּאָרטירט קיין עסטלאַנד, פון דאָרטן אין די לאַגערן שטוט־האָף און דאַאוטמערגען. געשטאָרבן אין אַפּריל 1945, צוויי טעג נאָך דער באַפרייאונג, אין אַל־לאַך. לויט זיינע ווערטער איז ער געווען אין אַ מינדערהייט אין יידן-ראַט און ניט געהאַט קיין וואָגיקע דעה.

## פראטאקאל

פון דער פלענארער זיצונג פון געז. הילפס-קאמיטעט דעם 10/5 1942

אנוועזנד: די ה.ה. מילקאנאוויצקי, אפעסקין, טראמפיאנסקי, יאשונסקי, קרוק, כוראזשיק, גאטגעטשאלק, מ. בערנשטיין, ר. ברוידא, רעסלער, ווינדארפסקי, גלאזמאן יצחק, פינשטוק, דר. דווארזשעצקי, און טערשאניעווסקא (די לייטערין פון ביורא)

## סדר - היום

1/ באריכט:

דר. מילקאנאוויצקי - דער פארזיצער פון געז. הילפס-קאמיטעט גיט איבער א באריכט פון דער ארבעט פון ג.ה.ק. פון 8/4 1942 ביז 2/5 1942.
הכנסה: 135.225 פאר יעם חודש - ובכלל 350.000 ר.
עס האבן געגעבן גרויסע רעזולטאטן דאס גלעזל טיי פאר די בריגאדירן.
די ארבעטס-אייניקייטן ה.ק.פ. האט זיך גלייך אפגערופן, און ס'איז פארגעקומען א פארזאמלונג פון דער אייניקייט אין זאל פון יידן-ראט אויף וועלכער זיי האבן זיך פארפליכטעט צושטיין צו דער ארבעט, וועלכע עס פירט דער ג.ה.ק.
"קיילים" האט זיך אויך אפגערופן, ס'איז פארגעקומען א געמיינזאמע זיצונג פון פרעזידיום מיט די פארשטייער פון "קיילים" אויף וועלכער ס'איז אנגענומען געווארן א פלאן פון ארבעט.
דער יידן-ראט האט געגעבן א סובווענץ פון 13.000 רובל (פון די ארבעטס ביכלאך)
אונטערשטיצונגען האבן באקומען פארן מאנאט 934 פאמיליעס (ווארשיינלעך ביז 3.000 פערזאן)
ס'איז ארויסגעגעבן געווארן 54 פאר זוילן, 53 פערזאן האבן באקומען בארעס, 13 פון שייבן + 28 פון פרייער.
עס איז אונטערשטיצט געווארן דער קינדער-חיים, קינדער-קיך, מושב-זקנים.
געגעבן די איניציאטיוו פון ווארשטאטן (קארטאן און פענדזלען)
דער ג.ה.ק. איז געווארן א גרויסער געזעלשאפטלעכער פאקטאר אין געטא.
ה. יאשונסקי לעגט פאר, אז דער ג.ה.ק. זאל זיך ארייננעמען אין די סכסוכים צווישן בריגאדירן און ארבעטער פון דער אייניקייט, רעאגירן וועגן די האנדלונגען פון טאר-וואך, פארגיכערן דאס ערלעדיקן די בקשות.
ה. טראמפיאנסקי-פינקס, אז בנוגע דער פראגע פון בריגאדירן און טאר-וואך דארף רעאגירן דער יידן-ראט, ווערענדס א מיטגליד ס'איז ה. יאשונסקי,- מען מוז באטראכטן די לאגע, ווי צו ראטעווען די באפעלקערונג פון הונגער-טויט, די טעמים תענוגים ביים טאר-וואך זיינען אונטערטעניק און די גאנצע געזעלשאפט פאראורטיילט זיי. ה. רעסלער מעלדעט אז ער איז גרייט לייסטן די גרעסטע מיט-ארבעט פאר דעם ג.ה.ק.
ה. גלאזמאן לייגט פאר זיין מיטהילף ביים שאפן פראדוקטן פאר דעם ג.ה.ק.
דר. מילקאנאוויצקי ענטפערט אויף דער דיסקוסיע און ווענדעט זיך צו ה. יאשונסקי און זיינע חברים, אז זיי זאלן ארייננעמען אין פרעזידיום, און ניט שטיין פון דער ווייטנס פון דער ארבעט פון ג.ה.ק. וועלכער לייסטעט פאזיטיווע ארבעט פאר די נויט-ליידנדע אין געטא.
ס'ווערט אנגענומען דער פארשלאג פון ה. יאשונסקי קארעגירט דורך א. גאטגעטשאלק - דער ג.ה.ק. האלט אז די טעטער, וועלכע עס ווענדעט אן די טאר-וואך זיינען ניט קיין פאסנדע און רעדליכע. דארף די אנפירונג געענדערט ווערן. (די רעזאלוציע דארף איבערגעגעבן ווערן שריפטלעך דורך א דעלעגאציע דעם יידן-ראט און דעם שעף פון געטא פאליציי)
דער פארשלאג, וועגן ארייננעמען זיך אין די ענינים פון בריגאדירן פאלט אפ ביי דער אפשטימונג.

2/ באשטעטיקונג פון יתומים:

עס קומט פאר א דיסקוסיע מיטן אנטייל פון דר. מילקאנאוויצקי, דר. דווארזשעצקי, אפעסקין, כוראזשיק, פינשטוק, קרוק, און טראמפיאנסקי,- עס ווערט באשלאסן אויסקלייבן א קאמיסיע, וועלכע זאל אויסארבעטן א פלאן וועגן א אקציע פאר יתומים באשטייערונג.
באשטאנד פון דער קאמיסיע:
גלאזמאן יצחק, טראמפיאנסקי, כוראזשיק פינשטוק, אפעסקין בראנזאווט, קאסטענבאכער, סאלאוויטש, און דר. גערשאוויטש.

3/ קינדער פארזארגונג:

פארשטארקן די ארבעט צו פארזארגן קינדער מיט קליידער,- און אויך באמיען זיך וועגן מלבושים פאר קינדער.

פארזיצער

סעקרעטאר

פראָטאָקאָל פון דער פּלענאַרער זיצונג פון געז. הילפס-קאָמיטעט אין ווילנער געטאָ
דעם 10-טן מאַי 1942.

(ייוואָ-אַרכיוון)

## געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט

### פּראָדוקטן־באַריכט פאַר דער צייט 21/1—1/8 1942.

ברויט (אַריינגעגאַנגען 3.693,15 ק״ג; אין דעם געקויפטע — 1.402 ק״ג; פאַרטיילטע — 3.618,95 ק״ג; קאַרטאָפל (6481 ק״ג, 4171 ק״ג, 6456 ק״ג), גרינסן (471,15, 152,00, 471,15), פלייש (275,60 ;84;275,60), אַרבעס (אַריינגעגאַנגען — 177,55 ק״ג; פאַרטיילטע — 177,55 ק״ג, גרויפּנס — 52,40; 52,40, מעל (קאָרן, רעטשקע) 982,30, 982,30, פיש 17,17, ציבעלע (16,16), מילך (114,114), פוטער־קעז (17,25; 17,25), אייער (167 שטיק, 167 שטיק), קעלבערנע פיסלעך (6,6), צוקער (4,40; 4,40), בוימאייל (2;2).

(דער פּראָדוקטן־באַריכט, ייוואָ־אַרכיוון, ווייזט וועלכע פּראָדוקטן האָט דער געז. הילפס־קאָמיטעט פאַרטיילט במשך פון אַ האַלב־יאָר. די אריינגעפלאָסענע פּראָדוקטן האָבן געשטאַמט אָדער פון נדבות אָדער פון פּראָדוקטן, אָפּגעראַטעוועטע בשעת די קאָנפיסקאַציעס און די אונטערזוכונגען ביים געטאָ־טויער. דער ג. ה. ק. האָט אַחוץ דעם אַליין איינגעקויפט צום פאַרטיילן: ברויט, קאַרטאָפל, גרינסן, פלייש. יעדער פּעטענט פלעגט באַקומען יעדן חודש עטלעכע הונדערט רובל, אַ פּאָר ק״ג ברויט, אַ זעקס ביז צען ק״ג קאַרטאָפל און גרינסן. שוואַכע און קינדער פלעגן באַקומען פלייש, ווי אויך די אַנדערע זעלטענע „לוקסוס״־אַרטיקלען, ווי מילך, פיש א. אַ., וואָס פלעגן אָפּגעראַטעוועט ווערן פון די „געטאָ־טויער־קאָנפיסקאַציעס).

▼

## געז. הילפס־קאָמיטעט

### אַריינגעפלאָסענע געלטער פאַר דער צייט 21/1 — 1/8 1942

| ל. נ. | פון וועמען באַקומען | סומע אין ר״מ |
| --- | --- | --- |
| 1. | פון יידן־ראַט־אָנגעשטעלטע | 13.678,73 |
| 2. | פון די איינהייטן | 14.048,17 |
| 3. | פון נדבות | 19.041,80 |
| 4. | פון רעטונגס־אַקציע | 17.382,50 |
| 5. | פון אימפּרעזן (קולטור־אָפּטייל) | 5.082,99 |
| 6. | סובווענץ פון יידן־ראַט | 7.206,00 |
| 7. | הלוואות | 174,00 |
| 8. | פון רעסטאָראַנען | 354,48 |
| 9. | פון פּאָדריאַד | 7.936,16 |
| 10. | פאַרשידענע הכנסות | 1.869,15 |
| | ס״ה : | 82.274,48 |
| | איבערגאַנגס־סומע פון נדבות (זע הוצאה־באַריכט) : | 268,00 |
| | ס״ה : | 82,902,48 |

(די טאַבעלע, פון די ייוואָ־אַרכיוון, ווייזט אונז, אַז במשך פון עטוואָס מערער פון אַ האַלב יאָר, איז אַריינגעפלאָסן אין קאַסע פון געז. הילפס־קאָמיטעט איבער 8 מיליאָן רובל. די 4 הויפּט־מקורות פון די אַריינגעפלאָסענע געלטער זענען געווען די זעלבסט־באַשטייערונגען פון די אָנגעשטעלטע אין די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן און פון די אַרבעטער אין די איינהייטן אויסערן געטאָ; נדבות ביים ראַטעווען זיך פון אַ טויט־אַקציע, פון לוקישקער תפיסה וכדומה, אָדער צום יאָר־טאָג פון אומגעקומענע עלטערן און קינדער ווי אויך די ספּעציעל פּראָקלאַמירטע רעטונגס־אַקציע. אַ קאָנטיקן צושטייער האָבן אויך געגעבן די פּראָצענטער פון די קולטור־אימפּרעזן און פון מצה־פאַרקויף,

דער דאָזיקער דאָקומענט ווייזט דעם אַקטיוון פרייוויליקן אָנטייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג אינם שאַפן די הכנסה־מקורות פאַר דער סאָציאַלער זעלבסט־הילף פון געטאָ).

# 20. די פאַרטיזאַנער-באַוועגונג

ווי אַ טליענדיק אַש האָט געגליכערט דער ווידערשטאַנדס־געדאַנק און דער נקמה־דראַנג אין האַרץ פון געטאָ־מענטש. פון צייט צו צייט פלעגט ער נתגלה ווערן אין אינדיווידועלע אָדער קאָלעקטיווע ווידערשטאַנדס־אַקטן, און ווידער פּאַראַליזירט ווערן — ביים אָנבליק פון איינזאַמקייט אין קאַמף — און פון מאַכטלאָזיקייט-געפיל, מחמת מאַנגל אין געווער.

די שליחים פון געטאָ צו געטאָ האָבן אונטערן נאַצי רעזשים ווי אַ פאַקל גע־טראָגן דעם ווידערשטאַנדס-געדאַנק פון ישוב צו ישוב. די פּאָליטישע פּאַרטייען און די יוגנט האָבן געשאַפן ספּאָנטאַן און כמעט אייִנצייטיק, אין אַלע געטאָס, ווידער־שטאַנדס־גרופּן, פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציעס.



די ערשטע ווידערשטאַנדס־אַקטן אין ווילנער געטאָ זענען געווען פּאַסיווע, גע־ווערלאָזע:

ביים ליקווידירן דעם געטאָ נומער צוויי אין יאָר 1941 האָבן הונדערטער יידן ניט געלאָזט זיך פירן קיין „פּאָנאַר" און אויסגעלייגט זיך אויף דער ערד.

אין די טעג פון די „געלע שיינען", זענען נאָך דער אַקציע געפונען געוואָרן אויף די הויפן די דערשאָסענע קערפּערס פון יידן, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט פירן קיין פּאָנאַר און געוואָלט בעסער אומקומען אין געטאָ.

ביי דער אַקציע פון די „ראָזע שיינען" איז אויף שפּיטאָל גאַס נומער 13 אויס־געבראָכן דער ווידערשטאַנד פון דער גרופּע „האַאוז און גאָלדשטיין".

דעצעמבער 1941, ווען ס'איז אין געטאָ פאָרגעקומען די אַזוי גערופענע אַקציע פון „אונטערוועלט" — האָט אויפן וועג קיין פּאָנאַר רעוואָלטירט די אַרויסגעפירטע פּאַרטיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון פיזיש קרעפטיקע מענטשן: בעלי עגלות, טראַנס־פּאָרטלערס, גנבים און אונטערוועלט־מענטשן — זיי זענען באַפאַלן מיט בלויזע הענט זייערע באַוואָפנטע באַגלייטערס, געראַנגלט זיך מיט זיי און אַ סך פון זיי איז גע־לונגען צו אַנטלויפן און אין אייניקע טעג אַרום צוריקצוקומען אין געטאָ.



דעם קאַמפס-גייסט אין געטאָ האָבן געהויבן די אָנקומענדיקע ידיעות וועגן די יידישע ווידערשטאַנדס-אַקטן אין דער ווייסרוסישער פּראָווינץ.

מען האָט זיך דערציילט פון מויל צו מויל, אַז אין ב ר ע ס ל א וו האָבן יידן זיך פאַרבאַריקאַדירט און געשטעלט ביי דער שחיטה אַן עקשנותדיקן ווידער־שטאַנד, אַז אין נעסוועזש האָבן יידן אונטערגעצונדן דעם געטאָ און ביים פייער פון

די ברענענדיקע הייזער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און דאַן געלאָפן אין די וועלדער. — מען האָט דערציילט, אַז אין קלעצק, סטאָלפּצי, גלובאָק — האָבן יידן פאַרברענט די געטאָס. אָנקומענדיקע יידן פון די ליקווידירטע שטעטלעך האָבן דערציילט, אַז גרופּן יוגנט רייסן זיך אין די וועלדער און ווערן פאַרטיזאַנער.



די ערשטע געהיימע יוגנט־פאַרזאַמלונג אין ווילנער געטאָ, אונטערן לאָזונג „ניט גיין קיין פּאַנאַר" ! איז געווען דער „יזכור-אָוונט" פון די חלוצישע גרופּן דעם 1-טן יאַנואַר 1942.

דעם 23-טן יאַנואַר 1942 איז אויף אַ זיצונג פון פּאַרטיי-פאָרשטייערס, אויף אַ בוי-דעם אויף רודניצקער גאַס 6, געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער פאַראייניק-טער פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע (פ.פּ.אָ.).

אַ גאַנצע ריי באַזונדער־עקזיסטירנדע קלענערע קאַמפס־גרופּן האָבן זיך שפּע־טער צונויפגעגאָסן אין איין קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, בראש פון וועלכער ס׳איז געשטאַ־נען יחיאל שיינבוים („יחיאלס קאמפס־אָרגאַניזאַציע"). אויך זי האָט זיך אין דער לעצ־טער תקופה צונויפגעגאָסן מיט פ.פּ.אָ.

## פ. פּ. אָ.

דער נאָמען פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע איז געווען פ.פּ.אָ. (פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע).

דער ערשטער שטאַב איז באַשטאַנען פון דריי מענטשן : לעאָן (יצחק וויטענ־בערג), — קאָמאַנדיר, אורי (אבא קאָוונער) און אברהם (יוסף גלאַזמאַן) — שטאַבס־מיטגלידער. שפּעטער זענען צוגעקומען צום שטאַב ניסל רעזניק און אברהם כוואָי־ניק, דאַן יעקב קאַפּלאַן און ל. זיסקאָוויץ. די ערשטע אָנפירנדיקע חברים זענען געווען: אבא קאָוונער און יוסף גלאַזמאַן — באַטאַליאָן-קאָמאַנדירן. ברוך גאָלדשטיין, סאָניע מאַדייסקער און שמואל קאַפּלינסקי — אָפּטייל־קאָמאַנדירן, עדעק באָראַקס, יצחק מאַצקעוויטש — גרופּן-קאָמאַנדירן.



ביי דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געשאַפן באַזונדערע קאַמפס־גרופּן: דיווערסאַנטן, אויסשפּירערס, קוילנוואָרפערס, מינען-לייגערס. אַ געהיימער ראַ־דיאָ־אַפּאַראַט איז אינסטאַלירט געווען אויף קאַרמעליטע גאַס 3. יעדן אָוונט פלעגט מען פונאַנדערטיילן צווישן די חברים אַ נייס-ביולעטין פון די געשעענישן אויף די פראָנטן.

אין פעברואַר 1942 האָט מען אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטן אויפרוף צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג, אונטערגעשריבן „פאַרבאַנד צו קעמפן מיטן דייטשן אָקופּאַנט".

דער דרוקער יצחק קאָוואַלסקי, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַ דייטשער מלוכה־דרוקעריי, האָט אַרויסגעגנבעט פון דאָרטן דרוק־מאַטעריאַלן, פון וועלכע מען האָט מאָנטירט אַ דרוק אין געטאָ, ווי אויך אויסערן געטאָ (אויף שלאָס־גאַס 15). אין די דרו־קערייען זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן צייטונגען, אויפרופן און פלוגבלעטער אין ליט־ויש, דייטש און פּויליש. די פּוילישע צייטונג האָט געהייסן „שטאַנדאַר וואָלנאָשטשי".

אַ ספּעציעלע קאָנספּיראַטיווע אָפּטיילונג ביי דער פ.פּ.אָ. האָט געהאַט אַלס אויפ־

גאָבע דערוויסן זיך באַצייטנס וועגן די דייטשע געהיימע באַפעלן, וואָס קומען אָן אין געטאָ; דערוויסן זיך מיליטערישע סודות, אויפדעקן געשטאַפּאָ־אַגענטן, האָבן אַ קאָנ־טראָל איבער די מיטגלידער פון פ.פּ.אָ. עטלעכע חברים פון דער ספּעציעלער אויס-שפּיר-אָפּטיילונג זענען געשיקט געוואָרן דינען אין דער געטאָ-פּאָליציי, בכדי צו וויסן באַצייטנס וועגן אַלע באַפעלן, וואָס די געטאָ-פּאָליציי באַקומט. מיט דער גרופּע האָט אָנגעפירט יוסף גלאַזמאַן. צווישן די אַקטיווסטע אויסשפּירער זענען געווען מרים גאַניאַנדזסקא, און מרים בערנשטיין.

אונטער דער לייטונג פון יוסף גלאַזמאַן איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן איינ־סטרוקטאָרן קורס, צו וועלכן עס האָבן געהערט משה בראַאוזע, ברוך גאָלדשטיין לאָ־וואַ זיסקאָוויטש, מולקע חזן, יאַשקע ראַף, משה שימיליסקי און אַנדערע.



אבא קאָוונער

די יסודות פון פ.פּ.אָ., זיין געבוי — זענען מיט דער צייט פאָרמולירט געוואָרן אין פאָרם פון אַ רעגולאַמין, וועלכער איז אין מערץ 1943 פאַרגעלייענט געוואָרן פאַר די חברים. אונטערן רעגולאַמין זענען געווען געחתמעט: לעאָן (יצחק וויטנבערג), אב-רהם (יוסף גלאַזמאַן), אורי (אבא קאָוונער), משה (אבראַשאַ כוואָיניק) און היים (ניסל רעזניק). דער רעגולאַמין איז באַשטאַנען פון זעקס און אַכציק פּונקטן, איינגעטיילט אין זעקס טיילן: 1) אַלגעמיינע, 2) קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, 3) מאָביליזאַציע, 4) זעלב־שטענדיקע טעטיקייט, 5) באַוואָפענונג און 6) פאַרטרעטנדיקער שטאַב.



אַ גרופּע ווילנער יידישע פּאַרטיזאַנערס נאָך דער באַפרייאונג.

# קאַמפּס־רעגולאַמין פון פּ. פּ. אַ.

## 1. אַלגעמיינע

1. דער קאַמף, צו וועלכן מיר גרייטן זיך, וועט זיין דער העכסטער פּראָוואָשטיין פון די מאָראַלישע און פיזישע ווערטן פון דעם פּ. פּ. אָ.־מענטש, און די פעאיקייט, אויסהאַלטן און אויסדויערן פון יעדן באַזונדערן קעמפער.
2. דעם קאַמף וועט אונז אויסקומען צו פירן נאָך אַ שווערער נערוון־שפּאַנונג, און אַ פּאַניק־אַטמאָספער, נאָך שווערע קלעפּ, וועלכע די פּ. פּ. א. קען אויסקומען צו ליידן ערב דעם קאַמף.
3. דער פּ. פּ. א.־קעמפער דאַרף אין די שווערע קאַמפּס־באַדינגונגען נישט פאַרלירן די קלאָרקייט פון באַוואוסטזיין, די רואיקייט. זיין אויסגערעכנט, האַנדלענדיק פעסט און מיט שכל — בלייבנדיק אומדערשראָקן.
4. יעדער אָפּטייל קאָמענדאַנט און יעדער באַזונדערער קעמפער דאַרף זיך גרייטן צום קאַמף דורך איינלעבן זיך אין אַ סיטואַציע, וועלכע איז מאַקסימאַל דערנענטערט צו דער קומענדער קאַמף־ווירקלעכקייט — כדי נישט ווערן איבעראַשט און גייסטיק צעשמעטערט, כדי דער וואָס האָט קיינמאָל נאָך נישט געשאָסן זאָל זיך נישט דערשרעקן פאַר זיין אייגענעם שאָס!
5. דאָס דאַרף דערגרייכט ווערן אויפן וועג פון איבונג און אומאויפהערלעכער, פּערזענלעכער פאַרטראַכטונג, אויסמאָלנדיק זיך דאָס פאַרבילד פון דער געווענטשעלער סיטואַציע, אין וועלכער יעדער קען ווערן געשטעלט אין מאָמענט פון קאַמף.

## 2. קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע

6. פּ. פּ. א. טיילט זיך אויף צוויי באַטאַליאָנען.
7. יעדער באַטאַליאָן דאַרף באַשטיין פון זעקס ביז אַכט אָפּטיילונגען.
8. יעדע אָפּטיילונג פון דריי גרופּן.
9. יעדע גרופּע באַשטייט פון פינף קעמפערס.
10. מיט יעדער גרופּע פירט אָן אַ גרופּן־קאָמענדאַנט.
11. מיט יעדער אָפּטיילונג פירט אָן אָן אָפּטייל־קאָמענדאַנט.
12. מיט אַ באַטאַליאָן פירט אָן דער באַטאַליאָן־קאָמענדאַנט — אַ מיטגליד פון שטאַב.
13. יעדער באַטאַליאָן האָט אַ רעזערוו־אָפּטיילונג צו דער דיספּאָזיציע פון שטאַב.
14. יעדער קאָמענדאַנט האָט צו זיין דיספּאָזיציע אַ פאַרבינדלער, וועלכן ער נוצט אין אַ נויטוועגדיקייטס־פאַל.
15. דער העכסטער באַפעל איז דער באַפעל פון פּ. פּ. אָ.־קאָמענדאַנט.
16. רעזערוו־פאַרבינדלער דאַרפן זיין פאַרקאָנספּירירט און אויסגענוצט נאָר דאַן, ווען דער געוויינלעכער שטאַב־פאַרבינדלער אין אומגעקומען.
17. זייער אויפגאַבע איז קענען אַלע באַטאַליאָן־קאָמענדאַנטן און דעם גאַנצן מעכאַניזם פון די גרופּן־ און אָפּטייל־פאַרבינדלער. זיי דאַרפן אויך זיין אינפאָרמירט וועגן די אויפגאַבן, פונקציעס און אָפּטיילן פון די באַטאַליאָנען.

## 3. מאָביליזאַציע

18. די מאָביליזאַציע איז דער פאָרבאַדינג צום קאַמף.
19. די מאָביליזאַציע פון דער פּ. פּ. א. קען קומען:
   א) לויטן באַפעל פון שטאַב.
   ב) אויפן אויטאָמאַטישן וועג.

ל ו י ט ן  ב אַ פ ע ל  פ ו ן  ש ט אַ ב.

20. די מאָביליזאַציע קומט פאָר לויט אַ פּאַראָל (מאָב. רוף).
21. דער פּאַראָל איז: „ליזע רופט"!
22. ווען דער קאָמענדאַנט דערהערט דעם פּאַראָל איז ער פאַרפליכטעט מאָמענטאַן מאָביליזירן זיין גרופּע — און אויך שטעלן זיך דער ערשטער אויפן מאָביליזאַציע־פּונקט.
23. יעדער באַזונדערער זעלנער, ווען מ'קומט צו אים מיטן פּאַראָל (אומאָפּהענגיק ווער עס קומט) איז ער מחויב מ אָ מ ע נ ט אַ ל שטעלן זיך אויפן מאָב. פּונקט.
24. דער מאָב. פּונקט איז — דזשעשע 31.
25. אויב ס'וועט צוזאַמען מיטן מאָב. רוף נישט געמאָלדן ווערן וועגן אַ נייעם אָרט פון מאָביליזאַציע בלייבט אין קראַפט דער מ. פּ. דזשעשע 31.
26. אויפן מ. פּ. דאַרף מען זיך שטעלן ט ר אָ ץ אַ ל ע ש וו ע ר י ק ײ ט ן, באַ־

נוצנדיק פאַרשיידענע דורכגענג-קאָמבינאַציעס. ביים באַגעגענען אַ ווידערשטאַנד דאַרף מען מיט באַוואָפנטער קראַפט (קאַלט געווער) דורכרייסן זיך אַ וועג צום מ. פּ.

27. צום מ. פּ. מוז מען אָנקומען פּ אַ ר י ע ד ן פּ ר יי ז !

28. אָנקומענדיק אויפן מ. פּ. דאַרף יעדער קעמפער געפינען זיין קאָמענדאַנט (און ניט פאַרקערט).

29. ניט געפינענדיק זיין קאָמענדאַנט פון דער גרופּע דאַרף ער זיך מעלדן צום אָפּטייל-קאָמענדאַנט אָדער זיך פאַראייניקן מיט אַ צווייטער גרופּע פון זיין אָפּטייל.

פּראָיעקט פון צוויי באַטאַליאָנען

30. ערשטער באַטאַליאָן. קאָמענדאַנט אברהם (יוסף גלאַזמאַן).
ערשטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט שמואלקע (קאַפּלינסקי),
גרופּע 7 קאַנטאָראָוויטש. 17 געגנבער. 8 שמואלקע.
צווייטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט אייזיק.
גרופּע 5 חיים. גרופּע 19 גאָלדמאַן. גרופּע 6 אייזיק.
דריטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט ברוך (גאָלדשטיין),
גרופּע 3 אברהם. גרופּע 19 וויטקע. גרופּע 2 ברוך.
פערטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט גאָרדאָן לייב.
גרופּע 10 ברוך (ברוך שניידער). גרופּע 22 גאָרדאָן הירש.

31. צווייטער באַטאַליאָן. קאָמענדאַנט אורי (אבא קאָוונער).
זעקסטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט ישמעאל (זאב מאַצקעוויטש),
גרופּע 20 ווירשופּ. גרופּע 23 ווידזוצקי. גרופּע 24 ישמעאל.
זיבעטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט ראף (יאשקע ראף).
גרופּע 13 יצחק ראגאַלין. גרופּע 14 וואָלף רעוסקי. גרופּע 15 יצחק לאַם.
אַכטער אָפּטייל. קאָמענדאַנט הערש.
גרופּע 11 פינע, גרופּע 12 הערש. גרופּע 10 צעטעלעוויטש.

אויטאָמאַטישע מאָביליזאַציע

32. אין פאַל ווען דער שטאַב ווערט, צוליב אומפאָראויסגעזעענע סיבות, [illegible] אין זיין טעטיקייט, דאַרף די פ. פּ. א. זיך אויטאָמאַטיש מאָביליזירן.

33. וועלכע סיטואַציע פאַרפליכטעט צו אויטאָמאַטישער מאָביליזירונג? — ווען דער געטאָ ווערט פּלוצלינג באַדראָט, ווען ס'נעמט אַרום די באַפעלקערונג אַ פּאַניק שטימונג, באַגלייט מיט אַ לויפן אין מאַלינעס. די סיטואַציע וועט הייסן „אויסנאַם-צושטאַנד".

34. אין אַזאַ סיטואַציע איז די פליכט פון יעדן קעמפער, ניט וואַרטנדיק אויף אַ באַפעל פון שטאַב, ניט וואַרטנדיק אויפן מאָביליזאַציע-רוף — שטעלן זיך אַליין צום מאָביליזאַציע פּונקט.

35. אין דעם זעלבן פאַל דאַרף מען באַזיגנדיק אַלע שוועריקייטן דורכרייסן זיך צום מאָב. פּונקט, אַרבעטן דעציִדירט לויט די אויבנדערמאָנטע אינסטרוקציעס 26. 27. 28. 29. 30 און 31. אַן אַנדערע האַלטונג, ווי צום ביישפּיל אונטערצוגעבן זיך דער פּאַניק, אַנטלויפן מיט דער משפּחה אין דער מאַלינע איז — פאַראַט.

36. דאָס אַנטלויפן אין אַ מאַלינע פון אַ קעמפער ביי וועלכע עס איז באַדינגונגען און סיטואַציע איז דאָס זעלבע ווי אַנטלויפן פון קאַמפּס פראָנט אין קריג און איז פאַראַט.

37. נאָכן קומען אויפן מאָבפּונקט אין רעזולטאַט פון דער אויטאָמאַטישער מאָביליזאַציע, דאַרף מען אין פאַל פון ניט געפינען דעם קאָמענדאַנט אנטאן דעם סימן פון פ.פּ.א. און זעלבשטענדיק זיך אָרגאַניזירן.

## 4. זעלבשטענדיקע האַנדלונג

38. יעדער אָפּטייל, יעדער קאָמאַנדיר און קעמפער קענען זיך געפינען אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז זיי וועלן ווערן אָפּגעריסן פון צענטער אָן מעגלעכקייטן פון באַקומען אַ דירעקטן באַפעל.

39. דעריבער איז נויטווענדיק אַז די אָפּטיילן, קאָמאַנדירן און קעמפער זאָלן זעלבשטענדיק האַנדלען אין קאַמף און אַרויסווייזן אייגענע איניציאַטיוו. אויב עס ווייזט זיך אַרויס אַז דער שטאַב איז אַרעסטירט, שטעלט זיך אין שפּיץ פון פ.פּ.א. אַ פאַרטרעטער פון שטאַב, וועלכער האַנדלט גלייך לויט פאָרויס באַשטימטע אינסטרוקציעס.

40. יעדערער איז מחויב מיט אַלע מיטלען שטרעבן צו זיין אין קאָנטאַקט מיטן צענטער: דער קעמפער מיט די גרופּע, די גרופּע מיטן אָפּטייל, דער אָפּטייל מיטן באַטאַליאָן.

41. יעדער אפּטייל זוכט פאַר יעדן פּרייז דעם שטאַב און אַ קאָנטאַקט מיט אים.
43. דער רעזערוו שטאַב ווערט באַשטימט באַצייטנס.
44. דער פּאַראָל פון רעזערוו שטאַב איז: „לעבן איז אין שפּיטאָל". דער ענטפער פון פּ.פּ.א. חבר: „איך בין זיין ברודער".
45. ווערנדיק אָפּגעריסן אין קאַמף פון צענטער פירט דער אפּטייל קאָמענדאַנט זיין אפּטייל זעלבשטענדיק צום קאַמף.
46. ווערנדיק אָפּגעריסן פון דער גרופּע קעמפט יעדער זעלנער זעלבשטענדיק.
48. יעדער קאָמענדאַנט זעענדיק, אַז די גרופּן אָדער די באַזונדערע קעמפער זענען געבליבן צעשפּרייט אָן קאָנטאַקט, איז מחויב פון אייגענער איניציאַטיוו זיי צונויפזאַמלען און שטעלנדיק זיך בראש פון אַ וואָס גרעסערער גרופּע, פירן זיי אונטער זיין ליטונג צום קאַמף.
49. יעדער באַזונדערער זעלנער בלייבנדיק אַליין דאַרף אַקטיוויזירן און רופן צום קאַמף (אויך צווינגען) גרופּעס פון מענטשן און שטעלנדיק זיך בראש פון זיי אַלס קאָמענדאַנט פירן זיי זעלבשטענדיק צום קאַמף.
50. פירן דעם קאַמף ביי יעדער צאָל מענטשן, אומאָפּהענגיק פון דעם, מיט וויפיל באַוואָפענונג מען איז אויסגעשטאַט.
51. קעמפן אויך דאַן, ווען מען באַזיצט ניט קיין הייס געווער. שלאָגן מיט קאַלט געווער.
52. קעמפן מיט העק, לאָפּאַטעס, שטעקנס, דראָנגעס, שטיינער, צינד-מאַטעריאַלן.
53. קעמפן אויך אָן געווער.
54. מיטן מאָמענט פון אָנהויב קאַמף איז דאָס אַוועקגיין פון קאַמפּספּלאַץ — פאַראַט.
55. פאַרלאָזן דעם קאַמפּספּלאַץ קען מען נאָר נאָכן באַקומען אַ באַפעל.
56. בלייבנדיק אַליין דאַרף יעדער פּ.פּ.א. חבר דורכרייסן אין אַ קאַמפּס פּאָזיציע צום קעמפנדיקן קאָלעקטיוו.
57. יעדער פּ.פּ.א. חבר דאַרף ווערן אין דער דראָענדיקער לאַגע אַ ביישפּיל פון מוט און העלדישקייט, מיטרייסנדיק וואָס מער מענטשן דורך טאַט און רוף צום קאַמף.
58. דער סיגנאַל צום אָנהויב קאַמף דאַרף זיין: א) אַ באַפעל פון שטאַב, ב) אַ דירעקטע סכנה פון אַ דראָענדיקער ליקווידאַציע.
59. אויב דער קאָמענדאַנט פון אפּטייל פאַרפעלט פון די רייען, מוז אים תיכף פאַרטרעטן איינער פון די גרופּע קאָמענדאַנטן.
60. אויב ס'פאַרפעלט אין די רייען אַ גרופּן קאָמענדאַנט, דאַן דאַרף יעדער זעלנער זיין גרייט איבערצונעמען די ליטונג פון דער גרופּע.
61. אַ מאַנגל פון אַ באַפעל פון אַ העכערער אינהייט באַרעכטיקט ניט דעם קאָמענדאַנט צו בלייבן אומטעטיק בשעת דעם קאַמף.
62. בשעתן קאַמף דאַרף מען זיין שטענדיק צוגעגרייט צו טראָגן הילף מיט אַלע מעגלעכע מיטלען פאַר די קעמפנדיקע חברים דורכן דערלאַנגען זיי פייער, גראַנאַטן, אַ האַק און אַ לאָפּאַטע.
63. דאָס אויטאָמאַטישע געווער שלינגט איין אַ סך קוילן וועמענס פאַרלוסט קען מען ניט אויסגלייכן אין צייט פון קריג. דעריבער מוז יעדער קעמפער זיין שפּאָרזאַם. ריכטן זיין שאָס טרעפלעך, און באַטראַכט. אָפּגעבנדיק אַ שאָס דאַרף מען אויסנוצן דעם אַם פּאַסנדיקסטן מאָמענט און שיסן רואיק.
63. קיין איין און איינציקע קויל טאָר ניט גיין לאיבוד.
65. דער פּ.פּ.א. זעלנער דאַרף דורכפירן זיין קאַמפּסאויפגאַבע מיט איניציאַטיוו, מיט זעלנערישער קלוגקייט. ער דאַרף אָפּנאַרן דעם פיינט.
66. דער פּ.פּ.א. זעלנער דאַרף קענען דעצידירן אין געהעריקן מאָמענט און מוטיק אָן ספיקות דורכפירן די אָנגענומענע דעציזיע.
67. אין קאַמף געפינט זיך דער גרופּן-קאָמענדאַנט פאַר דער גרופּע, סיי אין פאַרטיידיקונג, אָנגריף און סיי אין פייער פון קאַמף.
68. דער אפּטייל קאָמענדאַנט געפינט זיך אין צייט פון פאַרטיידיקונגס-קאַמפן און אָנגריף גלייך הינטער זיין אָפּטיילונג. אין קאַמפּס-פייער שטייט ער בראש פון זיין אפּטייל.
69. דער באַטאַליאָן קאָמענדאַנט געפינט זיך אין דער צייט פון פאַרטיידיקונג און אָנגריף אויף אַ ספּעציעלע פּאָזיציע הינטער דער פייער ליניע.
70. די באַפעלן פון קאָמענדאַנט דאַרפן זיין קלאָרע, קורצע, אָנגעגעבן אָן קאָמענטאַרן, אַזוי אַז דער וואָס באַקומט די באַפעלן זאָל גוט פאַרשטייען זיין אויפגאַבע. די באַפעלן דאַרפן זיין קאָנסעקווענט דורכגעפירט.
81. בכדי אויסצומיידן מיספאַרשטייענישן איז דער קאָמענדאַנט מחויב צו פאָדערן אַז דער וועמען דער באַפעל איז אַרויסגעגעבן, זאָל דעם באַפעל אים איבערחזרן.

## 5. באַוואָפנונג

72. די באַוואָפנונג פון די אָפּטיילן איז אָפּהענגיק פון דער אויפגאַבע און פון די מעג-לעכקייטן.
73. יעדער באַטאַליאָן וועט האָבן אַ רעזערוו גרופּע פון פּ.פּ.אָ., אַ גרופּע פון גראַנאַטן וואַר-פער און אַ גרופּע וואָס באַזיצט אויטאָמאַטיש געווער.
74. שוין אין אָנפאַנג קאַמף דאַרף מען זיך באַמיען צו טרעפן אין אַ וואָס גרעסערער צאָל באַוואָפנטע זעלנער און צונעמען זייער געווער און אַמוניציע.
75. די פּאָר וועמען ס'וועט זיין געגעבן דאָס וועלן קלייך צוטרעטן צו שאַפן העק, דראַנגעס, אייזערנע שטאַבעס, מעסערס, לאָפּאַטעס א. א. וו.
76. אויפרייסן אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי דער געטאָ מאַגאַזין, וואַרשטאַטן און קורסן און צונעמען אַלץ וואָס קען דינען אַלס קאַלט געווער.
77. יעדער פון די קעמפער, ווען ער איז פאַרווונדעט און איז ניט פעאיק צום ווייטער-דיקן קאַמף, מוז אָפּגעבן זיין געווער און אַמוניציע אַ צווייטן.
78. ווען אַ חבר ווערט דערהרגעט — דאַרף מען גלייך צונעמען זיין געווער און אַמוניציע.

## 6. פאַרטרעטנדיקער שטאַב

80. דער פאַרטרעטנדיקער שטאַב דאַרף זיין באַקאַנט מיט אַלע וויכטיקסטע ענינים פון שטאַב.
81. ער דאַרף קענען אַלע קאָמענדאַנטן.
82. אין מאָמענט ווען די אַרבעט פון שטאַב ווערט פאַראַליזירט, דאַרף דער פאַרטרעטנדי-קער שטאַב אָנבינדן קאָנטאַקט מיטן פאַרבינדלער אָדער מיט צוויי רעזערוו פאַרבינדלער.
83. אויב דער שטאַב ווערט אַרעסטירט צוליב סיבות וואָס זענען אומאָפּהענגיק פון דער סיטואַציע אין געטאָ, דאַרף דער פאַרטרעטנדיקער שטאַב איבערנעמען די לייטונג פון פּ.פּ.אָ. און פאָרזעצן זיין טעטיקייט.
84. זיין ערשטע אויפגאַבע איז אָנבינדן קאָנטאַקט מיטן אַרעסטירטן שטאַב.
85. אויב דער שטאַב ווערט אַרעסטירט אין אַן אויסערגעוויינלעכער סיטואַציע ערב דעם קאַמף, דאַן דאַרף דער פאַרטרעטנדיקער שטאַב מאָביליזירן די אָרגאַניזאַציע, אויסטיילן אַן אָפּטייל צו ספּעציעלע אויפגאַבן.
86. אויב דער שטאַב ווערט איבערגעגעבן דער געשטאַפּאָ און עס געלינגט אים ניט אָפּראַ-טעווען — דאַרף מען זיך דעצידירן גלייך און זעלבשטענדיק פירן פּ.פּ.אָ. צום קאַמף.

לעאָן (יצחק וויטענבערג) קאָמענדאַנט

| | |
|---|---|
| מיטגלידער פון שטאַב | אברהם (יוסף גלאַזמאַן)<br>אורי (אבא קאָוונער)<br>משה (אבראַשא כוואָיניק)<br>חיים (ניסן רעזניק) |

מאַרס 1943 אין געטאָ ווילנע.

▼

## באַמערקונג

די פּאַראַגראַפן פון 1 ביז 29 פון פּ.פּ.אָ.-רעגולאַמין זענען לויט קאָפּיעס פון אויטענ-טישן יידישן טעקסט, וועלכע זענען מיר איבערגעגעבן געוואָרן דורך פאַרשיידענע פּאַרטיזאַ-נערס.

די פּאַראַגראַפן פון 30 ביז 86 זענען טיילווייז אויפגעשטעלט געוואָרן לויט רשימות פון יידישע פּאַרטיזאַנער, אָדער איבערגעזעצט געוואָרן פון פּוילישן טעקסט, וואָס געפינט זיך אין בוך „די אונטערערדישע באַוועגונג אין די געטאָס און לאַגערן" (מאַטעריאַלן און דאָקומענטן) באַאַרבעט דורך בעטי אייזענשטיין, אַרויסגעגעבן דורך דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן, נומער 28., זייטן 125-130. דער פּוילישער טעקסט איז איבערזעצט פון יידישן אָריגינעלן טעקסט.

די איינציקע אויסצוגן פון די קאָמענטאַרן צום רעגולאַמין זענען אויך איבערזעצט פון בוך „די אונטערערדישע באַוועגונג" און זענען קאָנטראָלירט און פאַרגליכן געוואָרן מיט טעקסטן פון פּאַרטיזאַנערס.

# געטאָ — אָדער וואַלד

פאַר אויסערסט שווערע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען איז געשטאַנען די ייִדישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין געטאָ, ביי די ספּעציפישע באַדינגונגען פון געטאָ־לעבן, ביי איזאָלירטקייט פון די שכנישע ניט-ייִדישע ווידערשטאַנדס-באַוועגונגען, וועלכע האָבן ניט געוואָלט דערטיילן הילף, ביי מינימאַלע באַוואָפענונג און ביי דער ריזיקער מאַכט פון דער געסטאַפּאָ, דייטשע מיליטער און קאָלאַבאָראַטאָרן פון דער שכנישער באַפעלקערונג.

וואָס איז דער ציל פון ווידערשטאַנד, וואוהין דאַרף ער פירן ?

אין דער פראַגע האָבן געראַנגלט צוויי געדאַנקען:

איין געדאַנק האָט געזאָגט — דער ציל איז אָרגאַניזירן דעם קאַמף אין געטאָ גופא, באַווייזן פאַר דער וועלט און פאַר דער געשיכטע, אַז יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם דייטשן שונא אין געטאָ און געשטאָרבן מיט כבוד. די אָנהענגער פון דעם דאָזיקן געדאַנק האָבן געוואוסט, אַז אין מאָמענט פון אַ געטאָ־רעוואָלט וועט קיינער פון די שכנישע פעלקער ניט קומען צו הילף. אַ קאַמף אָן אַ האָפענונג, אַ קאַמף פאַר דער געשיכטע, קדוש שם ישראל.

אַ צווייטער געדאַנק האָט געזאָגט — דער ציל פון ווידערשטאַנד איז אָנטייל־צונעמען אַקטיוו אין קאַמף קעגן דייטשן שונא. מען דאַרף דעריבער אַרויספירן, וואָס מער יוגנט אין וואַלד, צו די פאַרטיזאַנער. דאָס גיט די מעגלעכקייט אָנטייל־צונעמען אין אַלגעמיינעם קאַמף קעגן נאַצי; דאָס גיט שאַנסן צו ראַטעווען לכל הפחות די [illegible]יוט פון געטאָ.

אַזוי אַרום איז די קאַרדינאַלע ייִדישע שטרייט־פראַגע געווען: געטאָ — אָדער וואַלד.

די אָנהענגער פון „קאַמף אין געטאָ", (אַזעלכער איז געווען דער אַרויסגאַנגס־פּאַקט פון פ.פ.אָ.) האָבן געזען אינעם גיין צו די פאַרטיזאַנער אין וואַלד — אַ פאַר־לאָזן דעם געטאָ — אָן אויסליידיקן אים פון זיינע יוגנט־כוחות, פון זיינע שוץ־כוחות.

אין די קאָמענטאַרן צום רעגולאַמין פון פ.פ.אָ., אונטערגעשריבן דורכן קאָמענ-דאַנט דעם 4טן אַפּריל 1943, זענען געווען באַענטפערט די קאַרדינאַלע ספקות־פראַגן פון די חברים. דער ענטפער וועגן דער פראַגע וואַלד האָט געהייסן :

„די פאַראייניקטע פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע איז אַ נאַציאָנאַל־געזעלשאַפט־לעכע אָרגאַניזאַציע, איר ציל איז קאַמף, שוץ פון ייִדישן לעבן און כבוד. דאָס גיין אין וואַלד שטעלט מיט זיך פאַר דאָס זוכן פערזענלעכע זיכערקייט און ראַ־טעווען דאָס אייגענע לעבן און איז אידענטיש מיטן אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ באַהעלטעניש".

די אָנהענגער, דאַקעגן, „פון גיין אין וואַלד" האָבן געזאָגט :

„דער קאַמף אין געטאָ גופא איז פאָראויס פאַרמשפט צום אומקום, צוליב דעם, וואָס די אַרומיקע באַפעלקערונג וועט ניט העלפן. ניט ס'וועלן געמאַכט ווערן דעם דייטש קיין שאָדנס, און ניט ס'וועלן געראַטעוועט ווערן ייִדישע לעבנס. דער פאַרטי־זאַנער־קאַמף אין וואַלד, אין נאַציאָנאַלע ייִדישע איינהייטן, איז אַ קאַמף פאַרן ייִדישן כבוד, און וועט ראַטעווען דאָס לעבן פון הונדערטער אָדער טויזנטער יוגנטלעכע. ייִדישע פאַרטיזאַנער־גרופן אין די וועלדער וועלן אין אַ שווערער שעה קענען קו־מען צו הילף דעם געטאָ".

די צוויי באַזונדערע צוגאַנגען זענען צווישן אַנדערע געווען די סיבה פון אַנט־שטיין פון צוויי פּאַרטיזאַנער־באַוועגונגען אין געטאָ: „פּ.פּ.אָ.״ און „יחיאלס גרופּע״.

דאָס לעבן אין געטאָ, דער טראַגישער לויף פון די געשעענישן האָט געשאַפן אַ סינטעזע צווישן ביידע שטאַנדפּונקטן, וואָס האָט געבראַכט שפּעטער צו אַ צוזאַמענ־גיסונג פון ביידע גרופּן.

שוין אין די זעלבע „קאָמענטאַרן צום רעגולאַמין פון פּ.פּ.אָ.״ איז אויף דער פראַ־גע: „צי דאַרף מען ניט גיין אין וואַלד״, וועלכע איז געשטעלט געוואָרן מצד די פּ.פּ.אָ. קעמפּפערס, און אויף דעם באַאומרואיקנדיקן געדאַנק — צי דאַרף מען טאַקע פירן אַן אויסזיכטסלאָזן קאַמף — געגעבן געוואָרן צווישן אַנדערן פאָלגנדיקער ענטפער: וועלכער האָט אין זיך געהאַט דעם אָנהויב פון סינטעז.

„אין וואַלד וועלן מיר גיין נאָכן קאַמף. נאָכן אויספּילן דעם חוב וועלן מיר מיטרייסן מיט זיך די מאַסן, און אַלס אַ באַשטאַנדטייל פון די פּאַרטיזאַנער, וועלן מיר ווייטער פירן דעם קאַמף מיטן בעסטיאַלישן מערדער. נאָר אין קאַמף, וועל־כער אַנטשטייט אַ דאַנק אונזער ווידערשטאַנד, עקזיסטירן שאַנסן פון בלייבן ביים לעבן און ראַטעווען די ברייטע יידישע מאַסן״.

יחיאלס גרופּע דאַקעגן האָט געהאַלטן, אַז דאָס באַלדיקע אַרויסשיקן די ערשטע גרופּן חברים אין וואַלד דערמעגלעכט צוגרייטן פּאָזיציעס פאַר אָנקומענדיקע חברים, ווען ס׳וועלן זיך דערנענטערן די טעג פון געטאָ־ליקווידאַציע; די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַלטן אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז אין טאָג פון געטאָ־קאַמף מוזן אַלע ווי־דערשטאַנדס־כוחות געמיינזאַם אַרויסטרעטן צום קאַמף.

דער סינטעז איז געגאַנגען אין דער ריכטונג: ד׳ ווידערשטאַנד-באַוועגונג איז אייניק אין פאַרלאַנג פון קאַמף. די טאַקטיק קאַמף אין געטאָ אָדער וואַלד — דאַרף ביי קאָנקרעטע באַדינגונגען דעצידירן דער שטאַב.

דאָס לעבן אין געטאָ און דער אומפאַראויסגעזעענער לויף פון ד׳ גע-שעענישן האָט געשפּילט אַן איראָניש שפּיל איבער שטאַנדפּונקטן:

י ו ס ף   ג ל א ז מ א ן — איינער פון די הויפּט־אידעאָלאָגן און טעאָרעטי־קער פון קאַמף אין געטאָ — איז געווען געצוואונגען אַרויסצוגיין מיט די ערשטע פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין וואַלד, און איז דאָרטן אומגעקומען.

י ח י א ל   ש ײ נ ב ו י ם — דער אידעאָלאָג פון פּאַרטיזאַנער־קאַמף אין וואַלד — איז געפאַלן אין געטאָ־קאַמף, אויף סטראַשון גאַס 12.

## ווען איז דער אָנהויב פון סוף?

ווען־זשע איז די שעה פון אויפהויבן דעם געטאָ־רעוואָלט ?

— בשעת דער געטאָ-ליקווידאַציע.

וואָס הייסט געטאָ־ליקווידאַציע ? צי וועט אָנקומען די געטאָ־ליקווידאַציע מיט־אַמאָל, אָדער עטאַפּנוויז, טיילוויז, דורך אַרויספירן פּאַרטיעס נאָך פּאַרטיעס יידן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, צוואַנגס־אַרבעט אָדער קרעמאַטאָריעס ?

ווי וועט האַנדלען פּ.פּ.אָ. ביי אַ טיילווייזער ליקווידאַציע פון געטאָ ? — דאָס איז געווען אַ פראַגע, וואָס די יונגע פּ.פּ.אָ. קעמפערס פלעגן פרעגן זייערע אָנפירערס. צי דאַרף מען וואַרטן ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ און דאַן שטעלן דעם ווידערשטאַנד ?

**אָדער באַצייטנס, ביי די ערשטע עטאַפּן שטעלן ווידערשטאַנד, ווייל נאָך דעם, וועט זיין צו שפּעט ? —**

**אויף דעם האָבן געענטפערט די „קאָמענטאַרן צום פ.פ.אָ.־רעגולאַמין":**

„פ.פ.אָ. וועט אָנהייבן דעם קאַמף דאַן, ווען ס׳וועט געשטערט ווערן די עקזיסטענץ פון ג אַ נ צ ן געטאָ.

„עס זענען מעגלעך פאַרשידענע פאָרמען פון פּאסטוּוען זיך, נייר־דערייען, אַקציעס פון אַ לאָקאַלן כאַראַקטער, פאַרשידענע רעפּרעסיעס מצד געסטאַפּאָ, וועלכע וועלן קאָסטן דאָס לעבן פון איינצלנע, צענדלינגער אָדער הונדערטער יידן.

מיר שטייען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דאָס לעבן פון יעדן ייד איז ווערט שוץ, אַז עס דאַרף ניט אָפּגעגעבן ווערן די באַנדיטן אָן ווידערשטאַנד. ווייל פ.פ.אָ. שטעלט מיט זיך ניט פאָר קיין שטאַרקן מיליטערישן כוח, וועלכער וואָלט געקענט אויפנעמען דעם ניט גלייכן קאַמף מיטן דייטשן שונא, קען זי ניט אַרויס־טרעטן אין שוץ פון לעבן פון יעדן ייד. פ.פ.אָ., אַלס אַוואַנגאַרד פון די איבערגע־בליבענע יידישע ישובים, ניט נאָר פון ווילנע, קען מיט אַ פריצייטיקן אַרויס־טריט ברענגען צו אַ פריצייטיקער פאַרניכטונג פון פ.פ.אָ. און גלייכצייטיק דער מיט איבערלאָזן דעם געטאָ אָן אַ זעלבסטשוץ. אַזאַ טאַקטיק וואָלט געווען אַ דאָן־קישאָטישע, אַ זעלבסטמערדערישע פאַר פ.פ.אָ. מיר וואָלטן אָנערקענט געוואָרן דורך די יידן אַלס פּראָוואָקאַטאָרן און מיר וואָלטן גענאַרפט קעמפן מיט אייגענע ברידער. אַ פריצייטיק דערשיינען וואָלט געווען לייכטזיניק: אַ צו שפּעטער—אַ פאַרברעכן. פ.פ.אָ. וועט אַרויסטרעטן אין אַזאַ אַקציע, וועל־כע וועט אָפּגעשאַצט ווערן אַלס אָנהויב פון סוף, אומאָפּהענגיק פון אונזער צאָל יידן. וועגן מאָמענט פון אַרויסטריט וועט דעצידירן דער שטאַב, וועלכער וועט אָפּשאַצן די סיטואַציע אויפן יסמך פון אינפאָרמאַציעס, דערהאַלטענע פון זיכערע מקורות. די שוואַכע באַוואָפענונג באַרעכטיקט דאָס, וואָס פ.פ.אָ. קען ניט דערשיינען אין יעדן מאָמענט, אָבער די שוואַכע באַוואָפענונג קען ניט באַרעכטיקן דאָס אויסמיידן דעם קאַמף דאַן, ווען עס וועט געשטערט ווערן די אַלגעמיינע עקזיסטענץ פון געטאָ. ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגן דער אַלגעמיינער פאַרניכטונג פון אונז, וועלן מיר אַרויסטרעטן, אַפילו מיר זאָלן זיין נישט באַוואָפנט..."

## די קאַמפסגרופּע יחיאל

אויסער פ.פ.אָ. איז אַנטשטאַנען אין געטאָ אַ צווייטע קאַמפסגרופּע, וועלכע מען באַצייכנט יעצט א. נ. יחיאלס קאַמפסגרופּע. אירע חברים האָבן געהאַט אַ באַדייטנ־דיקן אָנטייל אין פאָרמירן די ווידערשטאַנדס-באַוועגונג.

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו פאָרמירן וואָס גרע־סערע גרופּן צום פּאַרטיזאַנען-קאַמף אין וואַלד. אַ חוץ מיטגלידער פון פּאַרטייאישע גרופּן האָט זי געציילט אַ סך סתם יידן און פּראָווינצער יוגנט. די אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פּראָדוקט פון פאַרייניקן זיך פון אַ ריי קלענערע קאַמפס-גרופּן, וואָס זענען אַנטשטאַנען ספּאָנטאַן, לגמרי אומאָפּהענגיק איינע פון דער צווייטער, אין דער תקו־פה, ווען עס איז אויפגעקומען אין געטאָ דער געדאַנק פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אונטערגעשיידעט פון פ.פּ.אָ. אין סטראַטעגישן פּראָ־גנאָז וועגן די אויסזיכטן פון קאַמף אין געטאָ, נעמלעך זי האָט פאָרויסגעזען, אַז אין די לאָקאַלע באַדינגונגען פון געטאָ־ווילנע, וואָס געפינט זיך אין אייניקע געציילטע קליינע געסלעך אין סאַמע צענטער שטאָט, אין מיטן פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז נישט גרייט צו העלפן אין קאַמף — די דאָזיקע באַדינגונגען וועלן אוממעגלעך מאַכן אַ וועלכן עס איז דויערנדיקן רעוואָלט פון געטאָ; דעריבער פאָדערט, סיי דער יידישער כבוד, סיי דער געפיל פון נקמה אָן שונא, סיי דער רצון אָפּצוראַטעווען דורך קאַמף וואָס מער געטאָ־יידן — באַצייטנס אַרויספירן וואָס מער עס לאָזט זיך יידן צו די פאַרטיזאַנער-רייען אין וואַלד. דער אָרגאַניזאַציע איז געלונגען אַריבער־צופירן אין די וועלדער אַ פאָר הונדערט פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען געוואָרן דער קערן פון די יידישע פאַרטיזאַנישע גרופּן. פון זייערע רייען זענען אַרויס געוואַגטע קעמפער און קאָמאַנדירן פון רודניצקער פּושטשע.



ד"ר לעאָ בערנשטיין, איינער פון די שטאַבס־מיטגלידער פון דער קאַמפּסגרופּע, האָט מיר צוגעשיקט אַ ברייטערע אָפּהאַנדלונג וועגן איר געשיכטע. כ'ציטיר דאָ איי־ניקע שטעלן:

— — „מען רופט זי אָן איליאַס (יחיאלס) גרופּע, ווייל יחיאל שיינבוים איז גע־ווען איר צענטראַלע פיגור. זי איז געווען פאַראייניקט מיט דער פ.פּ.אָ. אין די שווער־סטע מאָמענטן פאַר דער אונטערערדישער באַוועגונג אין געטאָ. אָן צווייפל איז די תקופה פון דער פ.פּ.אָ. אין געטאָ געווען באַוועגטער, רייכער און אויך טראַגישער. זי האָט מערער אויפגערודערט דעם געטאָ, איז אויך געווען גלאַנצפולער. אין אירע רייען זיינען געשטאַנען און אויך געפאַלן אַזעלכע פיגורן ווי יוסף גלאַזמאַן און יצחק וויטענבערג. אין זייערע רעזולטאַטן זענען זיך אָבער ביידע גרופּן געווען פולשטענ־דיק גלייך: אין געטאָ האָבן ביידע ניט געקענט דערגרענגען צו אַ מאַסן־אויפשטאַנד, ווי עס איז געווען אין וואַרשעווער, אָדער ביאַליסטאָקער געטאָ. אין וואַלד וואו זיי האָבן צום סוף פון געטאָ זיך אַריבערגעטראָגן, זענען זיי ביידע ניט געשטאַנען ווי באַזונדערע איינהייטן און זייערע חברים האָבן גוט געקעמפט פאַר דער אַלגעמיינער זאַך. אין וואַלד האָבן זיי זיך אַזוי אויסגעמישט, אַז די אַמאָליקע העטעראָגענע עלע־מענטן האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

— — „דאָס, וואָס די איליאַס־גרופּע האָט צום סוף מיט זיך פאַרגעשטעלט, איז געווען אַ פאַרשמעלצונג פון פאַרשידענע גרופּן; וועלכע האָבן צום סוף זיך צונויפ־געגאָסן אין איין שטאַרקער גרופּע אונטער דעם מאָראַלישן איינפלוס און אונטער דער ענערגישער לייטונג פון יחיאלן. כ'וועל זיך באַמיען שילדערן קורץ יעדע איינע גרופּע באַזונדער:

— — א. די קערן־גרופּע. אַרום איליא האָבן זיך אין געטאָ גרופּירט די חברים פון פרייהייט ־ החלוץ הצעיר: יאַנעק און צמרת שומאַוויטש, וועלפקע סאַלין, בעלא מעלאַמעד, יפה געלער, פּופּקאָ אליהו, פּוקס מאָטל און אַנדערע.

איר אייגנטלעכע פאַרטיזאַנישע טעטיקייט אין געטאָ האָט די גרופּע אַרום אי־ליא אָנגעהויבן אין פרילינג 1942, ווען עס איז געלונגען איליאַן צו קויפן דעם ערשטן רעוואָלווער אויף זיין אַרבעטספּלאַץ ביים „פליגער־האַרסט" אויף וויוואולסקי גאַס 13. דאָ פלעגט אויך קומען צו אים יאַדזיע, וועלכע האָט אים פאַרבונדן מיטן פּוילישן

סאָציאַליסט מיעטשיסלאַוו. פון אים האָט איליאַ באַקומען דעם ערשטן גרעסערן כמות קוילן און אַמוניציע. אויף דעם זעלבן פּלאַץ האָט איליאַ שפּעטער אויך באַקומען געווער. די חברים סאַלין און פּופּקאָ פלעגן ברענגען געווער פון זייער אַרבעטספּלאַץ אויף פּאַרובאַנעק, וואו עס איז געווען אַ מין זאַמלפּלאַץ פון דער רייכסווער פאַר געראַבטע און דעראָבערטע וואָפן.

איליאַס גרופּע איז געווען איינגעטיילט אין פינפטלעך, וועלכע האָבן געפירט אַן אַקטיווע אונטערערדישע אַרבעט. צווישן זיך אָבער האָבן זיי צוליב קאָנספּיראַטיווע צוועקן ווייניק געהאַט קאָנטאַקט. די טעטיקייט פון די פינפטלעך איז בעיקר באַשטאַנען אין וואָפנלעקציעס, וועלכע פלעגן פאָרקומען דריי מאָל אַ וואָך אין שול־מעדיצינישן פּונקט אויף סטראַשון גאַס 2 און אויף שפּיטאָל גאַס 25 אין אַ בוידעם־שטיבל, וואו עס האָט געוואוינט אַ גרופּע פון חברים פון „פרייהייט״. איליאַ איז געווען די גייסטיקע טרייבקראַפט און די באַליבטע אויטאָריטעט פון דער גרופּע. זיין גרענעצלאָזע איבערגעבנקייט פאַר זיינע חברים און זיין פאָטערלעכע זאָרג פאַר זיי, ווי אויך זיין שטאָלצער יידישער זעלבסטבאַוואוסטזיין זענען געווען ניט די איינציקע גורמים פון זיין אויטאָריטעט צווישן זיינע חברים. צום סוף פון יאָר 1942 איז די גרופּע געווען שוין גוט באַוואָפנט און האָט געציילט דרייסיק חברים.

— — ב. באַרקע פרידמאַן און זיין גרופּע. באַרקע פרידמאַן איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1912, איינע פון די באַקאַנטסטע פיגורן פון דעם אָרטיקן ביתר. אַ מענטש מיט אַ גרויסן העברעאישן וויסן. ער האָט לעצטנס געאַרבעט אין דער יידישער געטאָ־אַרבעטס־פּאָליציי, אָבער יעדער איינער האָט געוואוסט, אַז דער פּאָליציי־באַנד אויף זיין אָרעם האָט זיינע סימפּאַטיעס נאָר אויף אַ זייט פיל. ווי ווייט עס איז בלויז ווייס. ער איז געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון יוסף גלאַזמאַן. אויך אין דער פ.פ.אָ. האָט ער אַ געוויסע צייט מיט אים מיטגעאַרבעט. מען ווייס ניט גענוי צוליב וואָס ער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט יוספן. באַרקע פרידמאַן האָט אַרום זיך געזאַמלט חברים, צווישן וועלכע ס׳זענען געווען אויך די ברידער אזגוד, זלמן טאָקער, שמואל עפּשטיין, די משפחה לעווין (פּאָטער, זון און טאָכטער), טאַלקאַ קראַקאָווסקי פון אַרבעטסבלאָק קיילים, פסח מגיד, צווישן זיי אויך אַ פולע ניט רעוויזיאָניסטן.

— — ג. גרופּע רינג. אַרום דעם נאָטעק־רינג האָבן זיך גרופּירט מיצקע ליפּענהאָלץ, ניסן רויטבאַרט, מאיר ליכטענזאָן, לייזער באַרט, ישראל ווייס, שלמה בראַנט, יאַנעק פּאַויסט, בנימין יעקבסאָן, די ברידער לאַלקע, הירשקע וואַרשאַווטשיק און ישראל בן־אשר (ראָזען).

— — אין געטאָ איז נאָטעק געווען אין אָנהויב דינסטלייטער און דאַן שטעלפאַרטרעטער פון געטאָ־פּאָליציי־קאָמיסאַר אין דריטן רעוויר, און שפּעטער געטאָ־פּאָליציי־קאָמיסאַר פון ערשטן רעוויר. ווען עס איז פאַרמירט געוואָרן דאַן דער שטאַב פון איליאַס קאַמפּסגרופּע, האָט נאָטעק זיך ניט איין מאָל געבעטן ביים שטאַב מען זאָל אים דערלויבן צו פאַרלאָזן זיין אַמט אין דער געטאָ־פּאָליציי. דער שטאַב איז אָבער מיט דעם ניט מסכים געווען צוליב צוויי סיבות: נאָטעקס שטעלונג איז געווען זייער וויכטיק אויסצונוצן פאַר פאַרשידענע ענינים פון דער קאַמפּסגרופּע, ווי אַריינצוטראָגן געווער וכדומה. אַ חוץ דעם איז געווען פאַראויסצוזען, אַז דעסלער וועט פאַר אים נעמען נקמה אין פאַל פון זיין פאַרלאָזן די געטאָ־פּאָליציי. דעסלער האָט

געקענט באַזייטיקן מיט אַ בעסטיאַלישער ברוטאַליטעט מענטשן, וואָס האָבן צופיל געוואוסט וועגן אים אָדער זענען אים סתם געווען אומבאַקוועם. נאַטעקס גרופּע איז געווען גוט באַוואָפנט. נאַטעק אַליין און נאָך מער זיין דרייסטער חבר מיצקע, זענען אָפט געגאַנגען אין שטאָט און געברענגט געווער. נאַטעק פלעגט די וואָפן האַלטן ביי זיך אין טישקסטל אין געטאָ־פּאָליציי־רעוויר. ער איז געווען זיכער, אַז אויב עס זאָלן פאָרקומען גרויסע רעוויזיעס פון וואָפן, וועט מען אין אַזאַ טאַבו־אָרט, ווי אַ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, ניט זוכן.

ד. די גראָדנער גרופּע. צום סוף פון יאָר 1942, ווען דער געטאָ אין גראָדנע איז ליקווידירט געוואָרן, האָט זיך איינגעגעבן עטלעכע יידן זיך אַריבערכאַפּן אין ווילנער געטאָ. צווישן זיי איז אויך געווען מאיר זאַמאָשטשאַנסקי מיט זיין גרופּע; וועלכער האָט אויך מיטגעבראַכט מיט זיך עטלעכע רעוואָלווערן. אין ווילנע האָט דער גרעסטער טייל פון זיי געאַרבעט אין פּאַרובאַנעק, וואו זיי האָבן געגנבעט אָדער איינגעקויפט געווער. דעם ערשטן גרוס פון דער ליקווידאַציע פון גראָדנער געטאָ האָבן געבראַכט לייזער זאַלצמאַן (אומגעקומען), מאיר זאַמאָשטשאַנסקי און אולקע.

ה. די פּראָווינצער גרופּע. די דאָזיקע גרופּע איז ניט אַנטשטאַנען מיט איין מאָל. אירע באַגרינדערס זענען געווען די חברים לייבל באַס און אהרון דער שוסטער, וואָס איז געווען אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט. די גרופּע איז כמעט אויסשליסלעך צוזאַמען מיט די שפּעטער צוגעקומענע חברים פון דער פּראָווינץ באַשטאַנען פון קאָמוניסטן און געוועזענע מיטגלידער פון קאָמסאָמאָל. לייבל באַס גרופּע האָט אין אַנהויב געציילט עלף מאַן און געהאַט עטלעכע רעוואָלווערן.

— — אויף זאַוואַלנע גאַס 4, אויסערן געטאָ, האָט זיך נאָך דער אַקציע קאָוונער־פּאָנאַר געפונען אַ לאַגער פון פּראָווינצער יידן, וועלכע זענען שפּעטער אַריבער אין געטאָ און געלעבט אין אַ קאָלעקטיוו אויף דייטשע גאַס 21, צווישן זיי איז אויך געווען אַן אָרגאַניזירטע גרופּע יונגטלעכע פון אַן ערך 15 מאַן, סווירער, אונטער דער אָנפירונג פון די חברים ברוך און זלמן, וועלכע האָבן שוין אין דער פּראָווינץ געהאַט פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען צפורה בריזמאַן, וועלכע האָט זיי פאַרבונדן מיט יחיאלן.

— — ו. די גרופּע עקיבא. אין חודש יולי 1941 איז פון ווילנע אַרויסגעפאָרן קיין ביאַלאָוואקע אויף טאָרף־אַרבעט אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט יידן. צווישן זיי איז אויך געווען אַ קרייז פון דער עקיבא־באַוועגונג, וועלכע האָט געציילט צוזאַמען מיט די פרויען אַ 20 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון משה קאַלכהיים און יחיאל זיידעל. אין פרילינג 1943 האָבן די ביעלאָוואקער יידן אָנגעהויבן זוכן פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער פון דער רודניצקער פּושטשע, וועלכע האָבן ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ מען שפּירבאַרע טעטיקייט אין יענער סביבה נאָך דעם ווי זעקס יידן פון ביאַלאָוואָקאַ האָבן געהאַט צוגעגנבעט ביי דער ליטווישער וואַך דריי ביקסן און זענען אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד, האָבן די דייטשן ליקווידירט די ביאַלאָוואַקיער לאַגערן און אַריבערגעפירט די יידן אין ווילנער געטאָ. דאָ האָט זיך די גרופּע פון משה קאַלכהיים גלייך פאַרבונדן מיט איליא און איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער אַלגעמיינער גרופּע פון איליא.

די דאָזיקע פאַרשידענע גרופּן האָבן פּאַמעלעך אין לויף פון געטאָ אָנגעשלאָסן קאָנטאַקט צווישן זיך.

די ערשטע זיצונג מיט אַלע פאַרשטייערס פון ד' גרופן איז פאַרגעקומען אין מערץ 1943 אויף רודניצקער גאַס 6. דער שטאַב פון די פאַראייניקטע גרופּן איז דאַן געשאַפן געוואָרן אין באַשטאַנד פון פינף מענטשן: איליא שיינבוים, פאָרזיצער פון שטאַב און קאָמענדנאַט פון דער קאַמפסגרופּע, נאַטעק רינג און שלמה בראַנד, וואָפן-אָפּטיילונג; בארקע פרידמאַן, פינאַנסן; לעאָ בערנשטיין, פּראָפּאַגאַדע. שפּעטער האָט זיך דער באַשטאַנד פון שטאַב געביטן. ווען בארקע פרידמאַן איז אַוועק אין וואַלד האָט זיין אָרט אין שטאַב פאַרנומען יאַנעק פּאוסט; נאָכדעם ווי איליא איז אומגעקומען אין קאַמף אין געטאָ, איז אויף זיין אָרט באַשטימט געוואָרן אלחנן מגיד.

— פּראָגראַם. עס איז גלייך נאָך דער פאַראייניקונג קלאָר פאָרמולירט געוואָרן דאָס פּראָגראַם. די קאַמפּסגרופּע זעט דעם הויפּט־שטח פון איר טעטיקייט אין דער פּאַרטיזאַנקע אין וו אַ ל ד. אַהין צו דאַרפן אַריבערגעפירט ווערן אַלע אירע חברים, ווי אויך אַלע יידן, וועלכע זענען גרייט צו דעם. די קאַמפסגרופּע וועט אָבער צו יעדער צייט אויפנעמען אין געטאָ דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, ווען ס'זאָל דראָען דעם געטאָ אַ גרויסע, טיילווייזע אָדער ענדגילטיקע ליקווידאַציע.

אָרגאַניזאַציע. צום טאָג פון איר פאַראייניקונג האָט די קאַמפּסגרופּע געציילט בערך הונדערט חברים. צום סוף פון געטאָ האָט איר צאָל דערגרייכט ביז צוויי הונדערט. די קלענסטע איינהייט פון דער קאַמפסגרופּע איז געווען אַ פינפטל. אַלס פאַרבינדונגסמאַן צווישן די פאַרשידענע פינפטלעך איז אין גרעסטן טייל באַשטימט געווען אַ בחורה. גרעסטסטייל זענען אין איין פינפטל געווען חברים פון די פריערדיקע קאַמפּסגרופּן פון וועלכע די קאַמפּסאָרגאַניזאַציע האָט זיך צונויפגעשטעלט. די חברים פלעגן אָפט וואוינען צוזאַמען אין איין צימער, בכדי צו קענען דאָרט פירן זייער אַרבעט. עס זענען אויך געווען צוויי „פּאָליציי"־פינפטלעך, וועלכע זענען באַשטאַנען פון פּאָליציסטן, ווערבירטע פאַר דער גרופּע, אָדער פון חברים, ספּעציעל געשיקטע אין דער געטאָ־פּאָליציי, ווי דאָס האָט שוין פריער פּראַקטיקירט די פ.פ.אָ. דריי פינפטלעך האָבן געבילדעט איין אָפּטיילונג. פיר אָדער פינף אָפּטיילונגען האָבן צוזאַמען געבילדעט איין אָפּטיילונג. פיר אָדער פינף אָפּטיילונגען האָבן צוזאַמען געבילדעט איין באַטאַליאָן. אַזעלכע באַטאַליאָנען האָבן מיר צום סוף געהאַט צוויי.

מיט די וואָפנלעקציעס האָבן אָנגעפירט די אָפּטיילונגס-פירער: שלמה בראַנד, זלמן טאָקער, אלחנן מגיד, מיצקע דיפּענהאָלץ, הוגאָ גראָנער, לעאָ בערנשטיין, בארקע און אַבראַשע פּענעאוסאָוו.

— די ראַדיאָ־נייס פלעגן הערן אין שטאַט ספּעציעל צו דעם באַשטימטע חברים. צום סוף האָט די קאַמפּסגרופּע אויך געהאַט אַן אייגענעם ראַדיאָ, וועלכער איז געוואָרן איינגעמאָנטירט דורך מיצקע ליפּענהאָלץ אין אַ קעלער־מאַלינע אויף דייטשע גאַס 21.

— לײדער איז דער אָריגינאַל-טעקסט פון סטאַטוט מער ניט פאַראַן. ער איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע 4 טיילן:

1. די פאָרם פון אָננעמען חברים;
2. די פליכטן און אויפגאַבן פון חברים;
3. די גרונט-כללים פון קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט;
4. באַשטראָפונגען פאַר פאַראַט און האַנדלונגען קעגן גייסט פון פּראָגראַם אָדער געזעצן פון סטאַטוט.

## וואו קריגט מען געווער?

דער געטאָ איז געווען איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט — וואו קריגט מען געווער? ווי אַזוי טראָגט מען אַריין עס אין געטאָ? ווי שמוגלט מען עס דורך דעם טויער פון געטאָ, ווי פאַבריצירט מען אין געטאָ גופא געווער?

די ערשטע גראַנאַטן אין געטאָ זענען געבראַכט געוואָרן צו אַבאַ קאָוונערן דורך דער קלויסטער־„מוטער״, וועלכע האָט אויסגעבאַהאַלטן אים אין מאָנאַסטיר. דאָס איז געווען אַ סימבאָל — אין געטאָ איז דאָ געווער!...

דעם ערשטן פיסטאָל האָט אַריינגעטראָגן, סוף יאַנואַר 1942 ברוך גאָלדשטיין. ער האָט אים אַרויסגעגנבעט פון אַ דייטשן בונקער. דריי טעג איז ער געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט אַ געשוואָלענער, פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט. אויפן דריטן טאָג אַריינגעגאַנגען מיטן רעוואָלווער אין די באַנדאַזשן — און דורך דעם טויער. ער איז געוואָרן איינער פון די אַקטיוועסטע געווער־אַריינשמוגלערס.



זלמן טיקטין, אַ זעכצן יאָריקער בחור, האָט זיך אַריינגעריסן (אַפּריל 1943) אין פאַרפּלאָמבירטע געווער־וואַגאָנען און אַרויסגעגנבעט צינדערס און מאַשין־געווער־לענטעס. ער איז געכאַפּט געוואָרן, אין אָנגעהויבן אַנטלויפן. ס'האָט אים נאָכגעיאָגט אַ האָגל קוילן און ער איז געפאַלן. ווען מען האָט אים געפירט אַ גוססן פאַרביי די יידישע אַרבעטער פון זיין קאָמאַנדאָ, האָט ער שטיל אויסגערופן:

— ברידער, האָט זיי אין דרערד!



חברה האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגנבענען אויף די אַרבעטס־ערטער, פון געווער־מאַגאַזינען און מיליטערישע אָפּטיילונגען — פיסטוילן, טיילן־געווער, און אויפרייס־מאַטעריטל. אַנדערע האָבן אָנגעהויבן איינקויפן געווער פאַר גאָלדענע קידושין-רינג-לעך, זייגערס, מלבושים — ביי אַרומיקע פוילישע אַרבעטערס, קאָנדוקטאָרן, ביי פאַרשיכורטע דייטשן. ווי היט מען זיך אָבער אָפּ פון אַ פּראָוואָקאַציע?

דער פּרייז פון אַ רעוואָלווער אין איינקויף אין שטאָט איז גיך געשטיגן, פון צען טויזנט רובל — אויף פופצן טויזנט — אויף פינף און צוואַנציק טויזנט רובל; פון צען רובל גאָלד אויף פופצן — אויף פינף און צוואַנציק איין שטיק.

וואו נעמט מען די סומען?



אין די זעלבע וועגן ווי שפּייז — אַזוי האָט מען אָנגעהויבן אַריינשמוגלען דאָס געווער: דורך לעכער אין ווענט, אין קעלערס, אין בוידעמער, אין פאַרבאָרגענע קע־שענעס, אין לאַבנס ברויט, אין פורן מיסט, אין אָרון פון מתים.

שמואל קאַפּלינסקי און מאַטוס לעווין האָבן אַרויסגעגנבעט פון דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג די רויטע סיגנאַל-צייכנס פון די וועגן. אויפגעשטעלט די סיגנאַל-צייכנס אויף סטעפּאַן־גאַס און פאַרהאַלטן די באַוועגונג: אַ רעמאָנט פון דער קאַנאַליזאַציע... אויפגעהויבן די קאַנאַליזאַציע-דעקן און אַריינגעוואָרפן צוויי פּעק געווער אין צוזאַ-מענגעקלאַפּטע מולטערס.



לעאָ בערנשטיין



ניסן רעזניק



אַסיע ביק



סאָניע מאַדייסקער



פעסיע שיינבוים



אלחנן מגיד



יצחק קאָוואַלסקי



שמואל קאַפּלינסקי

דורך אַן עפּענונג פון „ספּאקאיניס-וואַרשטאַטן" אויף רודניצקער גאַס זענען ביינאַכט עטלעכע יונגע בחורים אַריין אין די קאַנאַלן און אַרויסגעפירט דאָס געווער.

ביים איינקויפן, איינשאַפן און אַריינגנבענען געווער אין געטאָ ווייזן אַרויס זייער אַן אַקטיווע טעטיקייט די פ.פ.אָ. חברים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער איינהייט, „בורבישקי", ווי אויך אין אַנדערע איינהייטן. צווישן זיי דערמאָן איך מיר די נעמען: משה בראַוזע, אברהם גאָנטאָוניק, ברוך און צדוק גאָרדאָן, לייבקע און הערשקע גאָרדאָן, מולקע חזן, איזקע און ניונקע טעלעראַנט, דינה לייזערסאָן, חיים לאַזאַר, הירשקע לעווין, ברידער פּילאָווסקי.

אויך דער ייוו״אָ איז געווען אַ קוואַל פון געווער-ליפערונג. אין ייוו״אָ האָבן גע-אַרבעט פערציק יידישע אַרבעטער ביים סעגרעגירן די ביכער פאַר ראָזענבערגס שטאַב. מען האָט דאָרט איינגעשאַפן און אויסבאַהאַלטן געווער און פון דאָרטן גע־בראַכט אין געטאָ.

ענלעכע זענען געווען די וועגן פון איינשאַפן געווער פון יחיאלס קאַמפּגרופּע. יחיאל שיינבוים פלעגט איינשאַפן געווער ביים פּאָליאַק מעטשיסלאַוו דורך דער פאַר־מיטלונג פון יאַדזיען. מיצקע ליפענהאָלץ, וועלכער האָט געאַרבעט ביי דער ווילנער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַלס קאַנאַליזאַציע מעכאַניקער, איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט פיל ליטווינער און פּאָליאַקן און האָט ביי זיי געקויפט רעוואָלווערן. שלמה בראַנט פלעגט ביי אַ געסטאַפּאָ־מאַן קריגן פאַר גאָלדענע רובל בערך צוויי מאָל אַ וואָך שפּאָגל־נייע מאַאוזערס. לאם פון מעמעל האָט געאַרבעט אַלס איבערזעצער אינעם ראָ-זענבערג־שטאַב אין בנין פון ייוו״אָ. באַקאַנטע ליטווינער פלעגן אים דאָרטן ברענגען געווער. לעאָ בערנשטיין, וועלכער פלעגט קומען אין ייוו״אָ מיט אַ פּאַסירשיין כלו־מרשט צו זוכן יידישע לערנביכער פאַר די קינדער, פלעגט איבערנעמען די וואָפן ביי לאַמען און זיי אַריינטראָגן אין געטאָ. ביים טויער זענען געשטאַנען די פּאָליציסטן פון דער קאַמפּסגרופּע און געזאָרגט פאַר דעם, אַז דאָס אַריינטראָגן פון געווער זאָל דורכגיין בשלום. אַ גאַנצע ריי חברים פון יחיאלס קאַמפּס־גרופּע פלעגן גנבענען גע-ווער אין דער געשטאַפּאָ-איינהייט. זיי האָבן אויך אַרויסגעגנבעט און געבראַכט אין געטאָ דעם רעוואָלווער פון מערדער מאַרטין וויס.

אויך אין געטאָ גופא האָט מען פּראָדוצירט געווער. אין די טעכנישע וואַרשטאַטן אויף רודניצקער גאַס 6, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער אינזשעניער מאַרקוסעס ליטונג זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אַמעריקאַנער הענטשקעס פון אַלומיניום און מעש (פּראָיעקט פון יאַנעק שטול) אַ הונדערט צוואַנציק העק פאַר די פּאַרטיזאַנער, און פאַרשידענע קאַלטע שוצגעווער, אייניקע הונדערט קינזשאַלן, מעסערס, גווינטן, צינ-דערס צו גראַנאַטן (יאַנעק שטול און ש. קאַפּלינסקי) טיילן צו רעוואָלווערן, שפּראָנג-זשינעס, הענטלעך. אויך האָט מען מאָנטירט געווער אין פּריוואַטע וואַרשטאַטן (משה שימיליסקי א. אַ.).

אָפּט האָבן די יידישע אינסטרוקטאָרן און וואַרשטאַטן-לייטערס באַוואונדערט די פלייסיקייט פון זייערע יונגע שילערס, וואָס אַרבעטן אויך אין די פרייע שעהן און אָפט האָבן זיי זיך געמאַכט ניט זעענדיק, וואָס עס פּראָדוצירט די יוגנט.

אַן ערך אַכט הונדערט גראַנאַטן האָט מען אויסגעאַרבעט אין געטאָ פון עלעק־טרישע לעמפּלעך, אויסנוצנדיק אויפרייס־שטאָף, וועלכע זענען אַריינגעשמוגלט גע־וואָרן דורך הירש און לייב גאָרדאָן אָנשטאָט קאַרטאָפל און זאַלץ.

אלחנן מגיד, פּאָטער און ברידער פּענעאָסאָוו, האָבן אין די טעכנישע וואַר־שטאַטן פאַריכט אַלטע און אומברויכבאַרע וואָפן און פאַרוואַנדלט זיי אין נוצלעכן געווער.

וואו האָלט מען דאָס געווער ? די געווער־אַרסענאַלן האָבן זיך געפונען אין גע־ווער־מאַלינעס, אין קעלערן, בוידעמער, אונטער פּאַדלאָגעס, אין פּוסטע קלעצער; אין טאָפּעלע פענצטער-דעקן, אויף סטראַשון־גאַס 12, אין דער פּאַלקסקיך זענען געלעגן פּיסטאָלן אין דאָפּעלע דעקן פון עמערס מיט וואַסער, וואָס זענען געשטאַנען אין רשות הרבים. אויף סטראַשון גאַס 2 זענען געלעגן קליינע אויטאָמאַטן אין די ווי־טאַמינען־סלויען פון שול־מעדיצינישן פּונקט. אַ געווער־אַרסענאַל פון פ.פ.אָ. האָט זיך געפונען אין אַ קעלער אויף קאַרמעליטו גאַס 3, אין פּאַלקס-קיך דייטשע גאַס 31, אויף אַשמענער גאַס 8 (לאָקאַל פון פ.פ.אָ.־שטאַב), אויף סטראַשון גאַס 6 (אין דער ביבליאָטעק פון „מפיצי השכלה”).

יחיאלס גרופּע האָט געהאַט אירע געווער־מאַלינעס אין געטאָ־שול־ביוראָ; אין אַ קעלער אויף סטראַשון גאַס 2, אונטערן שול־מעדיצינישן פּונקט; אין אַ קוישעטקע, וואָס האָט זיך געפונען אין בראַנטס וואוינונג, אין לאָקאַל פון ערשטן געטאָ־פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.



וואו האָט מען געלערנט איבן זיך מיט געווער ?

די טעאָרעטישע לעקציעס פון באַנוצן געווער, פונאַנדערנעמען און אויפלייגן עס, זענען געהאַלטן געוואָרן אין די צימערן פון די שולן, פון יוגנט־קלוב, פון די גע-טאָ-וואַרשטאַטן, אין שול-מעדיצינישן פּונקט און אין די מאַלינעס. פּראַקטישע פּרוואוון פון באַנוצן געווער זענען געמאַכט געוואָרן אין קעלערס: הויף קאַרמעליטע גאַס 3, אויף רודניצקער גאַס 7, דייטשע גאַס 31, סטראַשון גאַס 6.

די יונגע חברים פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג פלעגן ניט תמיד אָפּהיטן אַלע פאַרזיכטס-מעטאָדן און עס האָט ניט איינמאָל געטראָפן אין געטאָ, אַז אַ רע־וואָלווער פלעגט אויסשיסן פון זיך אַליין. עס זענען פאָרגעקומען צוויי פאַלן, ווען מען האָט זי דורכגעשאָסן אַ האַנט און אַ פוס. דאָס זעלבע פלעגט אויך טרעפן אין וואַלד. די געווער־אינסטרוקטאָרן זענען געווען בחורים, געדינטע אין מיליטער. דורך מי־ליטערישע אינסטרוקציע ־ ביכלעך, אַריינגעגנבעט פון די חורבות פון ייוואָ, האָט מען זיך פאַרפולקומט אין מיליטערישע קענטענישן.



צו די צוגרייטונגען צום קאַמף אין געטאָ און וואַלד האָט אויך געהערט די סאַניטאַרע אויסשולונג. עס האָבן צו די קאַמפּס-גרופּן געהערט מעדיצינער און קראַנקן-שוועסטער, וועלכע האָבן געזאָרגט וועגן סאַניטאַרן פּערסאָנאַל און מאַ-טעריאַל. אַלס מיטגליד פון דער קאַמפּס-גרופּע פון יחיאל האָב איך אין שול-מעדי־צינישן פּונקט אָנגעפירט מיט אַ גרופּע קראַנקן-שוועסטער-פּאַרטיזאַנער, לערנענ-דיק זיי מאַכן אימפונגען, באַנדאַזשן און דערטיילן ערשטע הילף ביי פאַרוואונדונגען.

אַ גאַנצע ריי מעדיצינער, וועלכע עס איז געלונגען דורכצרייסן זיך אין וואַלד אין די ליקווידאַציע-טעג פון געטאָ האָבן געלייסטעט דאָרט וויכטיקע אַרבעט ביים ראַטעווען די פאַרוואונדעטע פאַרטיזאַנער.

## סאַבאָטאַזש־אַקטן

נאָך איידער ס'איז אַנטשטאַנען די ווידערשטאַנדס־באַוועגונגען, האָבן אַ גאַנצע רייע יידן פון זיך אַליין, ניט צונויפגערעדט, ניט אָרגאַניזירט — נאָר געטריבן פון רצון צו נעמען נקמה קעגן שונא — אָנגעהויבן זוכן וועגן פון סאַבאָטאַזש, פון אָנטאָן היזק די נאַציס.

סאַבאָטאַזש־אַקטן זענען פאָרגעקומען נאָך פאַרן אַריינגיין אין געטאָ. פשוטע יידן, אַרבעטער, טראַנספּאָרטלער, פלעגן אַרבעטנדיק ביים דייטש, מאַכן לעכער אין די זעק פון מעל צעברעכן רייפן פון די פעסלעך, צעשטערן טיילן פון אַפּאַראַטן. יעדער איינער האָט געוואוסט, אַז די קליינע סאַבאָטאַזש־אַקטן וועלן ניט דעצידירן אויפן גורל פון שונא; אָבער יעדער האָט געוואָלט מיט עפּעס באַפרידיקן זיין אינערלעכן רע־וואָלט, זיין דורשט נאָך נקמה.

אין דער תקופה פון געטאָ, ווען ס'האָט זיך פאָרמירט די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, זענען די סאַבאָטאַזש־אַקטן געווען שוין אָרגאַניזירטע, פּלאַנירטע.

ווייס, ווייט ניט אַלע פון די סאַבאָטאַזש־אַקטן זענען מיר באַקאַנט. עטלעכע פון זיי, וועגן וועלכע איך האָב געהערט, וועל איך דאָ דערציילן.

יאַנעק שטול האָט מיר דערציילט, אַז די ערשטע וואָך נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן קיין ווילנע, האָט ער געאַרבעט מיט נאָך דריי חברים (מאַקס, פריץ און חיים ראצער) ביים צוזאַמענשטעלן טיילן פון ראָוערן אויף זשעליגאָווסקע גאַס 4 אין „פאַרראַט־זאַמענשטעלע". זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן סאַבאָטאַזש־אַרבעט. ביים איינפּאַקן צוזאַמענגעשטעלטע ראָווערן פאַרן אָפּשיקן זיי מיט טראַנספּאָרטן, פלעגן זיי איבערשניידן אַקסן אָדער אַנדערע טיילן פון ראָווערן, און אַזוי האָבן זיי פאַרניכ־טעט טיילן פון זעקס הונדערט ראָווערן.

שפּעטער, שוין איניקע וואָכן פאַרן געטאָ, האָבן זיי געאַרבעט אויף פּילסודסקי גאַס 68, אויף אַ פּלאַץ, וואו עס פלעגן פאַרריכט ווערן טאַנקען. דאָרט פלעגן זיי מאַכן לעכער אין די בענזין־פעסלעך, און געלאָזט אַזוי אויסרינען ביי צען טויזנט ליטער בענזין און צעשטערט מאַשינעריע־טיילן פון דריי טאַנקען.

די דייטשן, וועלכע האָבן זיך ניט געריכט, אַז יידן וועלן וואַגן מאַכן סאַבאָטאַזש־אַקטן, האָבן ניט געוואוסט ווי זיך צו דערקלערן, פאַרוואָס איז דאָס בענזין אויסגע־רונען פון די פעסלעך.



אַ סך פון די יידישע סאַבאָטאַזש־אַקטן זענען אַדורך נישט באַמערקט פאַר די דייטשן, אָדער דורך זיי אָנגענומען געוואָרן אַלס דיווערסיע־אַקטן פון פּוילישע, ליט־ווישע ווידערשטאַנדלערס אָדער סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער — ווייל דעם יידן האָט דער דייטש ניט געקענט חושד זיין, אַז ער וועט זיך פאַרנעמען מיט סאַבאָ־טאַזש, דאַן ווען דער טויט־שווערד איז איבער אים געהאנגען.



דאָס פונאַנדערנעמען און קאַליע מאַכן טיילן פון מאַשינען, און דאָס לאָזן אויס־רינען בענזין איז געווען אַ באַליבטער סאַבאָטאַזש־שפּיל ביי דער געטאָ יוגנט.

מען האָט דערציילט :

דער זיבצן יאָריקער שלאָסער ל ײ ב ק ע ד י ס ט ע ל האָט צעשטערט עטלעכע און פערציק שלעסער פון אַנטי-אַוויאַציע-קוילנוואָרפערס. ער איז אויך גע-ווען אַ ספּעציאַליסט אויף אַרײַנצוברענגען געווער.

י אָ ש ק ע ר א ף און פ ע ל ד מ אַ ן, ספּעציאַליסטן־טעכניקער, האָבן אַר-בעטנדיק אין „הק״פ״־איינהייט פאַרניכטעט טײלן פון טאַנקען; דאָס זעלבע האָבן געטאָן נאָך חברה, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט.

אין ב ו ר ב י ש ק י זענען געווען גרויסע מאַגאַזינען פון געווער, קוילן־וואַר-פערס, טאַנקען וכדומה. ברוך גאָלדשטיין, גאָרדאָן און זיאמקע טיקטין פאַרנעמען זיך דאָרט, בשעת דער אַרבעט, מיט קאַליע־מאַכן טײלן פון די קוילנוואָרפערס.

וועגן ברוך גאָלדשטיין האָט מען דערציילט, אַז ער אַליין האָט קאַליע געמאַכט איבער הונדערט אַנטי־אַוויאַציע־קוילן־וואַרפערס.

ביי דער מיטהילף פון אינזשעניער ראַטנער, האָבן די אַרבעטער פון בורבישקי אין זומער 1942 אַרײַנגעוואָרפן אויטאָמאַטישע צינדערס אין די בענזין־רעזערוואַרן פון זעקס טאַנקען, וועלכע זענען פאַרלאָדן געוואָרן אין בורבישקי אין ריכטונג סמאָ-לענסק. אויפן וועג האָבן זיך די טאַנקען אָנגעצונדן.

מען דערציילט, אַז זומער 1943 האָט אין בורבישקי, אַ יונגער דייטשער דורכ־פאַרנדיקער רעזערוויסט, מאַניפּולירט מיט אַ גראַנאַט. אַפּדרייענדיק פון אים אַ טייל, האָט ער זיך זייער צעטומלט. ראַטנער האָט אים געזאָגט: גיב אַ וואָרף דעם גראַ־נאַט, אַז ניט וועסטו צעריסן אויף שטיקער! — און מיטן האַנט האָט ער אים באַוויזן וואו צו וואַרפן. דער גראַנאַט האָט אויפגעריסן אַ מאַגאַזין מיט קוילן. קיינער האָט זיך ניט געכאַפּט, אַז ראַטנער האָט געוואוסט דעם פּלאַן פון די פאַרמאַסקירטע געווער־אַרסענאַלן אין בורבישקי... מען האָט געשאַצט, אַז עס זענען דאַן פאַרברענט געוואָרן אַן אַנדערהאַלבן מיליאָן ביקסן-קוילן.

וועגן ז ע ל י ק ג אָ ל ד ב ע ר ג, דער געוועזענער אינסטרוקטאָר פון ווילנער יידישן טעכניקום, האָט מען דערציילט, אַז אַרבעטנדיק אַלס אינזשינער אויפן אַערודראָם פון פּאַרובאַנעק, האָט ער אַרויסגעדרייט וויכטיקע טײלן פון פופציק אַע-ראָפּלאַנען, וועלכע זענען געווען אין רעפּאַראַטור.



לעבן בעזדאַן, פערציק קילאָמעטער הינטער ווילנע, איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער פון יידן. דאָרט האָבן הירש לעווין, מאַצקעוויטש, קופּערבערג און וויינשטיין צענומען מיט אַ שרויף־שליסל הונדערטער מ״עטער רעלסן אויפן באַן־וועג ווילנע־איגנאַלינע.



אַ געוויסן טאָג איז גאַנץ ווילנע אויפגערודערט געוואָרן פון אַ שרפה אין דער פעלץ-פאַבריק „קאַיליס״, בשעת וועלכער ס׳זענען פאַרברענט געוואָרן צענדליגער טויזנטער פעלצן. אין דער שרפה איז געלעגן די האַנט פון די פ.פ.אָ.־חברים.

אַ שרפה איז אויך אויסגעבראָכן אין בענזין־לאַגער לעבן ווילנע, ניט ווייט פון פּאָנאַר „בענזינובקע״. אייניקע הונדערט פעסער בענזין זענען דאַן אַוועק מיטן פלאַם. דאָס איז געווען די מלאכה פון ייד פרידמאַן.

ווייניק מענטשן האָבן געוואוסט אין געטאָ, אַז די ביידע שרפות זענען אַרויסגע־רופן געוואָרן דורך יידן.



אָנהויב זומער 1942 איז פאָרגעקומען די ערשטע באַן־דיווערסיע. אויף קאַר־מעליטן-געסל 3, אין אַ קעלער האָט מען פאַבריצירט דעם אויפרייס־גראַנאַט..

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן גייט אַרויס וויטקע קעמפנער מיט אַ גרופע יידישע אַרבעטער אויסערן געטאָ אויסצוזוכן דאָס אָרט פון אַטענטאַט; וויטקע קעמפנערס האָר זענען העל-בלאָנד; זי האָט אַן אַרישן אויסזען. פלוצים נעמט זי אַראָפּ איר לאַ-טע, גייט אַרויף אויפן טראָטואַר און מאַרשירט אַוועק, אַלס אַריערין, צום אויסערן שטאָט, נעבן דער באַן-ליניע, דאָרט זוכט זי דאָס פאַסנדיקע אָרט, סטאַרעט זיך צו געדענקען פרטים, ווייל דער אַטענטאַט דאַרף פאָרקומען ביינאַכט. אַזוי מאַכט זי דריי טעג אירע זוכונגען. אין דער פרי גייט זי אַרויס פון געטאָ — אין אָוונט קערט זי זיך צוריק. עס ווערט אויסגעווייטל אַן אָרט, אַ זיבן קילאָמעטער הינטער ווילנע.

אין אַ פאַרטאָגס, יולי 1942, גייען אַרויס וויטקע קעמפנער, איזע מאַצקעוויטש און משה בראַוזע דורכן געטאָ־טויער און טראָגן מיט זיך די מינע. ביינאַכט ווערט זי אונטערגעלייגט אונטער די באַן־רעלסן. אויף מאָרגן אין די אָוונט־שעהן קערן זיך צוריק. עס ווערט אויסגעווײילט אַן אָרט, אַ זיבן קילאָמעטער קינטער ווילנע.

— נעבן ווילייקע איז אויפגעריסן געוואָרן אַ באַן, צעשמעטערט געוואָרן דער לאָ־קאָמאָטיוו און וואַגאָנען מיט געווער; פאַראַן אַ סך געהרגעטע און פאַרוואונדעטע דייטשן!

דאָס איז געווען די ערשטע באַן־דיווערסיע נעבן ווילנע. ס׳זענען דאַן אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע הונדערט פויערים פון דער אומגעגנט. מען האָט צווישן זיי געזוכט פוילישע פאַרטיזאַנער, שולדיקע אין אַטענטאַט. די דייטשן האָבן ניט געהאַט קיין פאַרדאַכט, אַז ס׳איז אַ יידישע אַרבעט.



אַ גאַנצע רייע חברים פון פ.פּ.אָ. האָבן דורכגעפירט אַנטי־נאַצישע שפּיאָנאַזשן, נאָטירט אויף זייערע אַרבעטסשטעלן די באַוועגונג פון די מיליטער־איינהייטן און זייער צאָל. יצחק מאַצקעוויטש האָט געאַרבעט אויף טאָטערישע פאַפּירן ביי דער באַן. ער פלעגט נאָטירן די באַוועגונג פון די מיליטער־צוגן און איבערגעבן עס אין שטאַב פון פ.פּ.אָ.



אַ קאָנטיקן אָרט אין די סאַבאָטאַזש־אַקטן האָבן פאַרנומען די גנבות פון די דייטשע אַמטן. יעדער ייד, האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב, עפּעס אַרויסצוגנבענען פון מיליטער, אָדער פון די אַרבעטס־איינהייטן און ברענגען עס אין געטאָ. ס׳איז געווען אַ גרויסער מקור פון דער געטאָ־עקאָנאָמיק, אָבער ס׳איז אויך געווען אַן ערן־ענין. יעדער, וואָס פלעגט עפּעס אָפּגנבענען פון דייטש, פלעגט דערמיט שטאָלצירן. די וואָס פלעגן צוריקקומען אַ היים מיט פוסטע הענט, גאָרניט געגנבעט, האָבן זיך ממש געשעמט. אַלע האָבן זיי באַטראַכט פאַר לא יוצלחס, און אַזוי האָבן זיי זיך אַליין אויך געהאַלטן.

אַ גרויסע גנבה־אַקציע אין „פעלד־באַקליידונגס־אַמט" מיטן צוועק אַריינצוברענגען אַ סכום געלט פאַר פ.פ.אַ. איז דורכגעפירט געוואָרן פון טאַליאַ זשאַבינסקאַ, מולקע חזן, מיכאל קאָוונער און דאַנקע ליובאַצקי. מולקע חזן, געקליידעט אין פּאָליציי־בגדים, שטייט אין פענצטער פון „פעלד־באַקליידונג". מיכאל קאָוונער און דאַנקע ליובאַצקי שטייען מיט אַ וואָגן. טאַלקאַ זשאַבינסקאַ וואַרפט זיי דורכן פענצטער דייטשע שינעלן, קאַראַקולענע מאַנטלען, יעגער־וועש. די געגנבעטע סחורה ברענגט אַריין פערציק טויזנט רובל.

אַן אַנדער מין אַרבעט ווערט דורכגעפירט דורך י. קאָוואַלסקי. ער דרוקט פאַלשע פּראָדוקטן־קאַרטן, וואָס ברענגען אַריין אַ גרויסע הכנסה.

י צ ח ק ו ו א ל א ז ש נ י פאַרניכטעט אין פאַרפלעגונגס־לאַגער שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס ווערן געשיקט צום פראָנט.

ט ע ו ו ק ע ג א ל פ ע ר י ן פאַרברענט און צערייסט דייטשע בריוו, פירנדיק די דייטשע פאָסט; גנבעט שפּייז־פּאַקעטן און ברענגט זיי פאַר די קינדער אין געטאָ.

י ח י א ל ש יי נ ב ו י ם פאַרניכטעט אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ אַלץ, וואָס ס׳לוינט זיך: מאַשינען־טיילן, עלעקטרישע דראָטן, אַפילו די שויבן פון די פענצטער. איך פלעג צו אים קומען פון צייט צו צייט אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ. איינמאָל באַמערק איך, עס פעלן די שויבן אין די פענצטער. אויף מיין פראַגע־בליק ענטפערט ער מיט הנאה:

— ס׳איז מיין מלאכה... זיי מיינען, אַז פון די אויפרייסן נאָך די לופט־אָנפליען צעפּלאַצן די שויבן אין די פענסטערלס...



כ׳האָב דאָ נאָר דערציילט וועגן די פאַלן, וועגן וועלכע מען האָט געהערט אין געטאָ, אין די לאַגערן אָדער שפּעטער אויף דער פריי. אומצאָליקע גרעסערע און קלענערע סאַבאָטאַזש־אַקטן, אויסגעפירט דורך פ.פ.אַ. חברים און סתם ניט קיין אָרגאַניזירטע יידן, זענען דעם עולם ניט באַוואוסט. ס׳ווייסן זיי נאָר זייערע שטילע אויספירערס.

## פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג

ווי זאָל מען פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַרן ווידערשטאַנדס־געדאַנק, ווי זאָל מען אַריינציען נייע חברים, ווען דער יסוד פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג איז געווען באַזירט אויף פערזענלעכן צוטרוי. קיין דירעקטע אָפענע פּראָפּאַגאַנדע צווישן געטאָ־עולם האָט דעריבער די ווידערשטאַנדס־באַוועגונג ניט געקענט פירן, זי האָט געמוזט אויסקלויבן א ו מ ד י ר ע ק ט ע וועגן פון אָפּעלירן צום געפיל און צום האַרץ פון געטאָ־ייד.

די קולטור־אַרבעט אין געטאָ איז אין לעצטן יאָר געווען אַזוי צו זאָגן די טריבונע פאַרן ווידערשטאַנדס־געדאַנק. אַ נעסט פון ווידערשטאַנד־פּראָפּאַגאַנדע איז געווען דער יוגנט־קלוב, וועלכער האָט געציילט ביז דריי הונדערט מאַן. אין דער אַרבעט פון אויסוואַל, פון געהעריקן שטאָף פאַר רעוואָלטירנדיקע דראַמאַטישע אויפ־

פירונגען, כאַראַלע דעקלאַמאַציעס וכדומה, האָבן מיטגעהאָלפן: לעאָ בערנשטיין, דער לייטער פון יוגנט־קלוב, אבא קאָוונער, דער רעזשיסער פילניק, די דיכטער ש. קאַטשערגינסקי, אברהם סוצקעווער און ל. אָפּעסקין, די לערערס זעליק קאַבאַטשניק, ישראל דימענטמאַן, שעפּטעל און ראַסקין. די געזעלשאַפטלעכע טוערס הערמאַן קרוק, גוטגעשטאַלט און אַנדערע. די אַרבעטער־אוידיטאָריע, וואו עס פלעגן פאָרקומען זונטאָג אומזיסטע אימפּרעזעס פאַר די אַרבעטער, מיטן אָנטייל פון יוגנט־קלוב; אַ גאַנצע רייע לידער, געזונגענע אויף די אויפפירונגען פון יידישן געטאָ־טעאַטער; די צום רעוואָלט רופנדיקע פּיעסע „היהודי הנצחי״ פון דער העברעאישער דראַמאַטישער סטודיע; די אָוונטן פון ברית עברית געווידמעט די קאַמפן פון די חשמונאים קעגן די העלענער, פון די קנאים מיט די רוימער; די ל״ג בעומר־פייערונגען אין די שולן; די אויפפירונגען פון לייוויק און לעיעלעס; די רעציטאַציעס פון חיים גראַדעס „געוויין פון דורות״, פון דעם העברעאישן ליד: „הנך מוכן שאל הקולי!״ און אַנדערע; די עפנטלעכע מסדה־פייערונג, אָרגאַניזירט דורך ז. קאַבאַטשניק און דאָס לערנען מסדה אין די שולן; די כאַראַלע אינסצעניזאַציע פון שׂאַנסקיס „מרד״ (אויפשטאַנד) — פון אבא קאָוונער; י. ל. פּרצעס „מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע״, ח. נ. ביאַליקס צער און צאָרן לידער — דאָס זענען געווען די וועגן דורך וועלכע די ווידערשטאַנדס־באַוועגונג איז געקומען מיט איר רוף צום געטאָ.

▼

פאַרשיידן זענען געווען די וועגן פון יידישן ווידערשטאַנד אין געטאָ; ער האָט געפונען זיין אויסדרוק אין קולטורעלן, מאָראַלישן, רעליגיעזן, ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישן, סאַניטאַרן און פּאָליטישן געראַנגל; און ער איז שפּעטער נאָך בולטער נתגלה געוואָרן אין דער פּאַרטיזאַנישער קאַמפּס־באַוועגונג פון געטאָ.

— ווער איז געווען דער גיבור פון יידישן ווידערשטאַנד אין געטאָ?

דער געטאָ־כלל, דער געטאָ־ייד, וואָס האָט זיך געראַנגלט עקשנותדיק טאָג־טעגלעך פאַר זיין לעבן און פאַר זיין כבוד; דער געטאָ־ייד, וואָס האָט ניט געוואוסט אַפילו, אַז דאָס רופט זיך אָן ווידערשטאַנד, אָבער וועלכער האָט אינסטינקטיוו רעזיסטירט קעגן די דייטשע פאַרניכטונגס־כוונות; דער געטאָ־ייד, וואָס פלעגט זיין אידעאַל און באַשטרעבונג אויסדריקן מיט די אַזוי פשוטע ווערטער: דערלעבן צו לעבן ווי אַ מענטש — און שטאַרבן ווי אַ מענטש״.

דער געטאָ־כלל האָט פון זיך אַרויסגעגעבן די אַלע טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין געטאָ־געראַנגל פאַרן קיום; דער געטאָ־כלל האָט פון זיך אויך אַרויסגעגעבן די, וואָס זענען נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון אונטער די איום ונוראַדיקע באַדינגונגען — די אנוסים, פאַרפירער און פאַרפירטע. די, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט און די, וואָס האָבן אין זייער פאַרבלאָנדזשעניש געמיינט, אַז זיי וועלן אויפטאָן גוטס פאַרן געטאָ.

דער געטאָ־כלל האָט אַרויסגעגעבן פון זיך די אָנפירנדיקע, צילבאַוואוסטזיניקע אַקטיוויסטישע יחידים, וועלכע האָבן געהערט צו די פאַרשיידנסטע שיכטן און פּאָליטיש־אידעאישע קרייזן פון געטאָ און וועלכע ס׳האָבן זיך קלאָר דעפינירט די צילן פון געטאָ־געראַנגל: לעבן אויך אין געטאָ ווי אַ מענטש — און שטאַרבן אויך אין געטאָ ווי אַ מענטש.

דער געטאָ־ווידערשטאַנד אין זיינע אַלע וועגן און פאָרמען — איז געווען די נחלת־הכלל פון ישראל אין געטאָ.

# 21. א טאג אין געטא

עס לויפט דורך פאַר מיינע אויגן אַ „נאָרמאַלער" טאָג אין געטאָ־ווילנע, אַ טאָג אַ רואיקער, אָן געשעענישן.

— צוועלף ביינאַכט... פינצטער. אויף האָלץ-פּריטשן, אויף טישן און צונויפגעלייגטע שטולן ליגט מען צו אַכט, צו צען, צו צוועלף, צו דרייצן, צו פופצן מאַן אין צימער. משפחות, משפחות ליגן צוזאַמען, ווער אויסגעטאָן און ווער האַלב אין די זאַכן, די פענצטער פאַרהאַנגען מיט שוואַרצע טיכער. אָבליגאַטאָרישע נאַכט־פאַרטונקלונג צו־ליב אַעראָפלאַנען-אָנפליען.

די טיר עפנט זיך שטיל, מיט אַ סקריפּ.

אַ שאָטן שאַרט זיך צו אַ שאָטן.

— שלמה, שטיי אויף צו דיין נאַכט־וואַכע.

— שוין, איך גיי שוין. וואָס הערט זיך אין געטאָ?

— שטיל. עפּעס אויפן גאַס זענען געלאָפן פּאָליציסטן. מסתמא ווענען געזוכט. נאָר אין אַלגעמיין שטיל, הלוואי ווייטער.

— איינס ביינאַכט. אַ זילבערנע נאַכט, אין זילבער איז דער געטאָ פאַרזונקען. נאָר פון טויערן און גזימסן פאַלן אָפּגעריסענע שאָטנס.

אויפן גאַנעק אויף זאַוואַלנע 44 שפּאַצירט דער נאַכט־וועכטער אין אַ פּאָר מאַנטלען אָנגעטאָן. ס'איז קאַלט.

עס הערן זיך שטיל זיינע טריט.

פון ווייטן הערן זיך איינזאַמע טריט פון נאַכט־וועכטער אין שכנישע הויפן, לעכער אין די ווענט פאַראייניקן די הויפן, און מען קען גיין פריי פון הויף צו הויף, ווי דורך טויערן. שטיל.

נאָר אָפט הערט זיך עפּעס אַ קליין גערויש ביים טויער, ווי עפּעס אַ באַוועגונג. וואָס קומט דאָ פאָר?

די נאַכט-וואַכע גייט צו צום טויער. באַלויכט שטיל דאָס טויער מיט אַ פאַר־טונקלטן לאַמטערן. דאָס טויער פון זאַוואַלנע 44 גרענעצט מיטן גאַס פון אויסערן געטאָ. איין טראָט — און אויסערן געטאָ! אָבער געשלאָסן איז דאָס טויער מיט שטאַרקע שלעסער און פאַרהאַקט מיט ברעטער און טשוועקעס.

קיינער ניטאָ. מסתמא זיך אויסגעדוכט. נאָר עפּעס איז אַ ברעט ווי אָפּגעריקט אַביסל. אַ לויכט מיט דער האַנט-לאַמטערן: עס ליגט אַ זעקעלע. ווער האָט עס פאַרבייגייענדיק אַריינגעשטופּט דורך אַ ברעט פון טויער, אַ ברעט, וואָס לאָזט זיך אָפּרוקן פון אָרט.

פלוצעם הערט זיך אויף די טרעפ פון הויף אַ שטילער טראָט, אַ שאָטן נעענטערט זיך צו.

— שלמה, אַ פּעקל האָסטו געפונען ביים טויער?

— געפונען.

— מאַך אַ שוויג. קום כ'וועל דיר דערציילן, וואָס עס ליגט אין פּעקל... ס'וועט קומען אַ טאָג און דאָס פּעקל וועט צונוצקומען! עס וועט צונוצקומען.

— צוויי ביינאַכט. עס עפנט זיך אַ טיר.

אַ שאָטן שאַרט זיך צו אַ שאָטן.

— אברהם, שטיי אויף צו דיין נאַכט־וואַכע. איך האָב מיינע צוויי שעה שוין אָפּגעשטאַנען. איצט איז דיין ריי.

און אַזוי בייט זיך די וואַך אין די הויפן פון געטאָ, יעדע צוויי שעה, נאַכט נאָך נאַכט. אַ וואַך וואָס גיט אַכטונג, צי רייסן זיך ניט אַריין קיין שיכורע דייטשן, ליט־ווינער אָדער פּאָליאַקן דורך די טויערן פון די הויפן, וואָס גרענעצן זיך מיטן אויסערן געטאָ. אַ וואַך, וואָס גיט אַכטונג, צי עס געשעט ניט עפּעס אומגעריכטעס אין געטאָ, צי זוכט מען ניט וועמען עס איז, צי איז ניט אַרויס אַ באַפעל פון אַן אַקציע.

ביי יעדן פאַרדעכטיקן געריוש אויף די גאַסן אין דער שלאָפנדיקער נאַכט, אָדער ווען די פּאָליציסטן קלויבן זיך צונויף פלוצעם אין די קאָמיסאַריאַטן, און עס ווערן זיי געגעבן אומגעריכטע נאַכטיקע באַפעלן — לויפט די נאַכט־וואַכע פון וואוינונג צו וואוינונג און רופט:

— יידן, שטייט אויף, אין געטאָ איז אומרואיק!

און אין געציילטע מינוטן זענען אַלע שוין אויף די פיס, און ווער נאָר עס האָט ניט קיין „שיין" לויפט אין אַ מאַלינע.

וואָס עס זאָל ניט זיין די סיבה פון טומל אין געטאָ — איז תמיד בעסער צו זיצן אין אַ מאַלינע, דאָרט דערגייט ניט אַזוי גיך דער דייטש, און ניט דער יידישער געטאָ־פּאָליציסט.

פיר פאַרטאָג. עס הויבט זיך אָן אַ באַוועגונג אין די צימערן. פאַרזיכטיק צינדט מען אָן אַ לעמפּל און מען קוקט צי די נאַכט-פאַרטונקלונג איז אין אָרדענונג. דער עולם טוט זיך אָן אין איילעניש, אַלע צוזאַמען, מענער, פרויען, קינדער, איינע אין די אויגן פון די אַנדערע. קיינער לייגט ניט אַכטונג אויף די אַמאָליקע שעמענישן, קיינער באַמערקט ניט קיין צווייטן.

ביי דער פּליטע אין קיך פאַרען זיך די פרויען און קענען קוים דורכקומען ווער פון זיי וועט היינט אין דער פרי האָבן די זכיה צו קענען עפּעס אויפקאָכן פאַרן מאַן, ערב זיין גיין צו דער אַרבעט.

די הויז־קאָמענדאַנטין גייט צו צו דער רשימה אויפן וואַנט און לייענט פאָר:

— מלכה קערט אויס היינט אַלע צימערן און די טרעפּ... — שרה וואַשט די דילן...

— די עמערס פון די קאָרידאָרן זאָלן גלייך פאַרטאָג פאַרשווינדן. איך וועל פאָר אייך אין תפיסה ניט גיין. געדענקט, היינט קען זיין אַ סאַניטאַרע אינספּעקציע, מאַכט אין אָרדענונג. איך זאָג אייך צום לעצטן מאָל. איך וועל פאַר אייך אין תפיסה ניט גיין...

די אויסגערופענע פרויען קוקן מיט בייז אויף דער הויז־קאָמענדאַנטין:

— וואָס ביסטו פאַר אַ פּריצטע. קענסט אויך צולייגן אַ האַנט.

— וואָס, איך אַרבעט דען ניט, ווי איר, ביי די דייטשן אויף דער קאָמאַנדע? איך בין אייך מוחל דעם כבוד, און ווערט אַליין קאָמענדאַנטינס...

מענער מישן זיך אַריין:

— ווייבער, זייט רואיק. די הויז־קאָמענדאַנטין דאַרף מען פאָלגן. עס דאַרף זיין אָרדענונג, וואָס, איר ווילט אומזיסטע צרות?

— פינף פאַרטאָג...פון ווייטן גרויט דער פרימאָרגן. אויף די גאַסן הויבט זיך אָן שטראָמען אַ באַוועגונג. רייען ביי די יידן־ראַט־טיי־הייזער, פרויען אין פאַטשיילעס לויפן מיט טשייניקעס געקאָכטע וואַסער. דער מאַן ווערט האָבן אַ הייס גלאָז טיי.

אויף די גאַסן דרייען זיך יידן מיט קעסטלעך:

— ווער קויפט סאַכאַרין, דייטשישע, טשעכישע, אָריגינעלע, גוטע?

אַ פרוי שטעלט זיך אָפּ:

— כ׳קויף צוויי פעקלעך, אויב ס׳איז נאָר אָריגינעלע — אָבער ניט היגע ערזאַץ.

— וואָס הייסט היגע? מיין זון האָט עס נעכטן אַליין געגנבעט ביי אַ דייטש, וואו ער אַרבעט. ס׳איז פון טשעכיע, ער האָט אַראָפּגעצויגן דריי ציטרינען. אפשר ווייסט איר, ווער דאַרף עס האָבן פאַר אַ חולה?

— וויפיל לייזט איר פאַר אַ ציטרין?

— פינף קילאָ ברויט. ס׳איז אָנגעקומען ממש מיט בלוט, מיט טויט־ריזיקע.

— זעקס פאַרטאָג. ס׳פאָרמירן זיך אין באַזונדערע הויפן די איינהייטן, אין שורות. בראש פון יעדער איינהייט איר יידישער בריגאַדיר.

יעדער אַרבעטער איז אָנגעטאָן אין וואָס עס לאָזט זיך, אַרומגעגאַרטלט מיט שטריק און באַלאָדן מיט אַ קאָך-געשיר (אַ „מענאַשקע”) און מיט אַ טאָרבע צו האַלטן ברויט.

בריגאַדע נאָך בריגאַדע, שורה נאָך שורה, פליסט מען אַרויס פון די הויפן און מען ציט צום געטאָ־טויער.

ביים טויער שטייען ס״ס-לייט, ליטווישע פאָליציסטן און יידישע געטאָ־פאָליציסטן („טאָר־וואַך”).

ס׳דעפילירן די בריגאַדעס, ס׳ווערן געציילט די שורות; וויפל מענטשן ס׳גייען אַרויס פון דער בריגאַדע, אַזויפיל דאַרפן צוריקקומען. אַניט איז דער יידישער ברי־גאַדיר פאַראַנטוואָרטלעך מיט זיין קאָפּ.

ס׳דעפילירן די בריגאַדעס. ס׳לויפן די שורות, שאָטנס און טאָרבעס, שאָטנס און טאָרבעס.

אַנדערע מורמלען זיך אַ ליד, וואָס האָט זיך דורכגעגנבעט פון קאָוונער געטאָ:

„מיר יידישע בריגאַדעס
אויסגעפּוצט אין לאַטעס.”

— זיבן פרי. שטיל אין די גאַסן. די אַרבעטער־קאָמאַנדעס זענען שוין אַוועק צו דער אַרבעט. אַ העלפט געטאָ איז שוין אויסערן געטאָ. אין געטאָ גופא זענען גע־בליבן די „שיינלאָזע” נעלמים, פרויען, קינדער, און אָנגעשטעלטע פון יידן־ראַט.

קינדער טוען זיך אָן. אויף די פּליטקעס קאָכט זיך אַ זופּ פון מעל, אין די טשיינעס

לויפט מען ווידער נאָך הייס וואַסער. איצט עסט די צווייטע שיכט: די פרויען און די קינדער.

מען ווייס שוין אויך ידיעות וועגן די נאַכט־געשעענישן. ווער איז אַרעסטירט געוואָרן ביינאַכט, וואו געווען אַ רעוויזיע, וועלכע נייע מודעות הענגען אויף די ווענט, וועלכע נייע גזירות ווערן פּראָויסגעזען.

— אַכט פרי. קינדער איילן אין די געטאָ-שולן. אַרבעטער לויפן אין די געטאָ-וואַרשטאַטן. יידן־ראַט־אָנגעשטעלטע אין די ביוראָען פון יידן־ראַט, אין שפּיטאָל און אין די קאָאָפּעראַטיוון.

געטאָ־פּאָליציסטן פאַרקויפן די פּוילישע אַנטיסעמיטישע צייטונג „גאָניעץ צאַ־דזשיענני". איין רובל אַ צייטונג.

יידן כאַפּן די צייטונג און שפּייען מיט רוגזה:

— אַ מיתה משונה זאָל זיי נעמען די אַנטיסעמיטישע העצערס, מען טאָר די צייטונג אין האַנט ניט נעמען. מען מוז אָבער וויסן עפּעס נייס. שטענדיק קען מען עפּעס וויסן צווישן די שורות.

— ניין פרי. דאָס לעבן לויפט אין געטאָ זיין נאָרמאַלן לויף.

אויף די הויפן, פון הויז צו הויז, פון צימער צו צימער וואַנדערן די יידישע סאַ־ניטאַרע דאָקטוירים אין טענהן מיטן עולם: „לופטערט דאָס בעט־געוואַנט, וואַשט די דילן, מאַכט ריין די שויבן, שטויבט אָפּ די אַלטע בילדער, מאַכט ריין די אוביקאַציע, וואַרפט אַרויס דאָס מיסט: ווער פון אייך איז נאָך פאַרלייזיקט — קריגט אַן אומזיסטן בילעט אין באָד; וועמען פון אייך בייסט די הענט — קריגט אַ צעטל צו גיין אין אַנטי־סקאָביעס-פּונקט זיך אויסשמירן. ווער ס'האָט היץ קען זיך אויסמעסטן. נאָר צוברעכט ניט דעם טערמאָמעטער, מען קען ניט קויפן קיין נייעם. יידן — היט זיך אָפּ פון קראַנקייטן."

פאַרחושכטע יידן נעמען אָן די וואָרענישן פון דאָקטוירים און שוועסטער פאַר־שידנאַרטיק. אַנדערע באַגעגענען מיט רוגזה:

— קיינע אַנדערע דאגות האָט איר שוין ניט, נאָר ריינקייט. און חיונה? און אַ „שייך"? און וואָס הערט זיך עפּעס מיט פּאָנאַר?

און אַנדערע נעמען אויף וואַרעם, לאַדן איין זיך צוזעצן אויף די הילצערנע נאַרע.

— נעבעך דאָקטאָר, אַמאָל האָט איר געהאַט קאַבינעטן, און איצט גייט איר איבער די הייזער, ווי אַ שמש אין די סליחות-פּרימאָרגנס, רופט צו עבודת הבורא. זאָגט עפּעס אַ גוט וואָרט, עפּעס אַ גוטע נייס... איר מוזט דאָך וויסן מער פון אונז.

פון טרעפּ צו טרעפּ לויפט די ידיעה:

— דער יידישער סאַניטאַרער דאָקטאָר גייט! די סאַניטאַרע שוועסטער גייט. הויבט אָן צו וואַשן די פּאָדלאָגעס און קערן די טרעפּ.

— וואָס האָט איר מורא פאַרן יידישן דאָקטאָר? ס'איז דאָך ניט קיין דייטש. ער פאַרשטייט דאָך די לאַגע, ווי קען מען אַלץ אַזוי גיך באַוויזן? זיין ווייב מוז דאָך אויך איצט וואַשן די פּאָדלאָגעס.

אויף די הויפן מאַכן די הויף־וועכטער אָרדענונג. רוימען די קלאָזעטן. ביי די מיסט־קאַסטנס שטייען פויערים מיט פורן און פאַקן דאָס מיסט אין די פורן. און קענען זיך ניט אָפּהידושן פון וואַנעט נעמט זיך אַזויפיל מיסט אין איין נאַכט, קאַרטאָפל שאָלעכץ, אָפּפאַל פון בוריקעס, פון גרינסן.

אַ פאַרבייגייענדיקע יידענע גיט אַ שושקע דעם פויער:

— מיכאַל, דערקענסט מיך? פלעגסט אַמאָל קויפן ביי מיר סחורה. דאַרפסט אפשר אַ בלוזקע פאַר דיין מיכאַלאָווע?

— אוודאי דאַרף איך, אַבראַמאָווא, טראָג אַראָפּ גיכער, קיינער זאָל ניט זען. ווייַ, וואָס איז פון דיר געוואָרן. באַקומסט צוויי קילאָ ברויט, 3 קילאָ קאַרטאָפל, אַן איי, און אַ בוראַק.

דאָס געשעפט ווערט געמאַכט. די רויטע בלוזקע פאַרפאַקט אין דיקן פאַפּיר פאַרשווינדט צווישן דעם מיסט אויף דער פור.

אויף די גאַסן עפענען זיך די בעקערייען. עס שטייען רייען און מען קויפט דאָ ברויט נאָך זודיקע, קאָכיקע, אַז ס׳איז דאָ אין שטוב דאָס שטיקל ברויט איז זיכערער. אַ ליאַדע מאָמענט קען דאָך אויסקומען לויפן אין אַ מאַלינע.

עס עפענען זיך די געוועלבלעך — די „געטאָ־קאָאָפּעראַטיוון". אויפשריפטן: — „היינט איז דאָ צו פאַרקויפן 3 קילאָ געפרוירענע קאַרטאָפל, אַ האַלבע קילאָ מערן און אַ קילאָ בוריקעס אויף אַ פּראָדוקטן-קאַרטע".

וואו ס׳איז נאָר דאָ אַ געוועלבל שטייט אַ רייע. געפרוירענע קאַרטאָפל איז אויך אַן ענין. מען וואַשט עס גוט אָפּ, מען רייבט אָן און מען מאַכט אַ טייגעכץ. אַבי ניט געהונגערט.

אין די הויפן שטייען ווייבער און וואַשן וועש מיטן געטאָ־וואַש־פּראָשעק פון אַש. שטריק נאָך שטריק ווערן דורכגעצויגן און ס׳פלאַטערט אויף זיי די וועש.

אין די ביוראָען פון יידן־ראַט קאָכט די אַרבעט. מען שרייבט, מען רעגיסטרירט, מען גיט אַרויס קאַרטן, מען שטעמפּלט.

פון די געטאָ־וואַרשטאַטן הערן זיך קלעפּ פון האַמערס. אין געטאָ־זעגעריי רוישט די זעג־מאַשין. און ס׳פאַרן אַרויס וועגעלעך מיט האָלץ צעזעגטע אויף קליינע שטיקלעך. אין יעדן וועגעלע זענען איינגעשפּאַנט קינדער פון דער טראַנספּאָרט־בריגאַדע „ילדים". ביי דער באָד־קאַסע שטייען רייען. מען קויפט באָד־בילעטן, מען גייט צו דער דעזינ־פעקציע.

פון אייניקע הויפן הערט זיך אַ גמרא-ניגון: די ישיבה-לייט לערנען גמרא. פון אַנדערע הויפן רייסט זיך אַרויס קינדערשע געזאַנגען. מען לערנט די קינדער זינגען אין די פאָלקס־שולן. אַ שטים פון אַ לערערין:

— „אַט אַזוי זייט אַ לאַנדסמאַן
זיינע קאָרן, זיינע קאָרן" —

— לערערין, וואו זייט ער? ווי זעט אויס קאָרן?

און פון אַ ניט גוט צוגעמאַכטן פענצטער פון אַ פאָלקס־שול טראָגט זיך די שטים פון אַ לערער:

— און ווען ס׳האָבן די רוימער באַלאַגערט מסדה...

— עלף בייטאָג. אַ קלינג אין יידן-ראַט דורכן אַלאַרם-גלעקל, וואָס גייט געהיים פון געטאָ־טויער. דער סימן איז באַוואוסט:

— מורער גייט!

געטאָ־פּאָליציסטן לויפן פון הויף צו הויף:

— מורער גייט!

אין אַ בליציקער שנעלקייט פאַרשווינדן פון די גאַסן אַלע טויש־הענדלער, אַלע יידן מיט קעסטלעך, יעדער ייד אָן אַ „שיין", יעדער פּנים מיט אַ גרויער האָר.

עס שטאַרבן אויס פּלוצעם די גאַסן. די אַלטע און שיינלאָזע לויפן צו די מאַליגעס. די הויף־וועכטער קערן מיט אימפּעט די הויפן. די הויז-קאָמענדאַנטין לויפט איבער די צימערן:

— קערט! וואַשט! מאַכט ריין די צימערן! אַלץ אין אָרדענונג! מורער גייט!

און דאָס לעבן שטאַרבט אָפּ.

און שפּעטער לויפט פון הויף צו הויף, פון הויז צו הויז די ידיעה:

— דער „מעם" איז געווען אין יידן-ראַט און אין געטאָ-תפיסה. קיינעם ניט מיט גענומען.

— דער „מעם" איז אַוועק! — און ס'שיטן זיך אויס יידן ווידער אויף די גאַסן. און יידן מיט קעסטלעך האַנדלען, און ווידער רייען, און וועגעלעך פאָרן, און פון די שול־פענצטערס הערן זיך קינדער־געזאַנגען.

— צוועלף בייטאָג. אין די פאָלקס־קיכן אַ געדראַנג. מיטאָג.

— היינט איז זופּ פון קרויט און אויך אַ קאַשע פון געפרוירענע קאַרטאָפל!

— ווי לאַנג קען מען דערמיט ציען די פּיס?

די געטאָ-אומפאַרמעגלעכע און -איינזאַמע עסן אין די קיכן. די בעלי־משפּחות נעמען אין קאַך־געשירן די זופּן, און טראָגן אַהיים און קאָמפּלעטירן עס מיט אַן אייגן געקעכץ, אויסגעקאָכט אויף דעם געטאָ־אויוועלע — „מאַרקוסובקע". פּאָליציי און מיוחסים עסן אין די פּריוואַטע רעסטאָראַנען.

— איינס אַ זייגער. מיטאָג אָפּרו. אויף די גאַסן שטיל. ביים טויער־וואַך זעען זיך ניט קיין דייטשן. ס'איז „מאַלצייט", נאָר אַ פּאָר ליטווישע פּאָליציסטן, שוין אָפּ־געקויפטע און „באַשמירטע".

יידישע פּאָליציסטן אַרום געטאָ שטייען ווי שטאָפּעטן:

— מען זעט ניט קיין ס"ס.

און פּלוצעם ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט אויס אַ פור, פון אויבן צוגעדעקט מיט שמאַטעס און האָלץ. בליציק עפענען זיך אויף די טויערן פון געטאָ און דאָס פורל פאָרט אַריין אין אַ נאָענטן הויפל פון געטאָ. מען לאָדט עס אויס שנעל, קאַרטאָפל און מערן, און אַ פּאָר זעקלעך מעל.

די פור פאָרט אַרויס אויף צוריק מיט מיסט.

יידישע פּאָליציסטן גיבן איבער די ידיעה:

— שטיל אַרום און אַרום. מען זעט ניט קיין ס"ס.

און אַ צווייט פורל לויפט אַריין אין געטאָ. פון צווישן האָלץ נעמט מען אַרויס

לעבעלעך ברויט, עטלעכע זעקלעך מעל און אַרבעס. היינט אָוונט וועט ביליקער זיין ברויט אין געטאָ.

— פיר נאָכמיטאָג הויבט זיך אָן ווידער די באַוועגנג ביים טויער פון געטאָ. עס איילן זיך צוריקקערן וואָס שנעלער די ערשטע נאָנטסטע פּאַרטיעס.

אַלע עפּעס אַזוי משונהדיק, פאַרהויקערדיקט און הינקענדיק. ווער ס׳האָט קאַר־טאָפל אַרומגעוויקלט אַרום די פיס, און ווער ס׳האָט באַנדאַזשירט מיט מעל־קאָרסעטן זיין ברוסט.

מיט שרעקעדיקע אויגן דערנענטערן זיך די צוריקגייער צום טויער. מען ציילט. די צאָל איז אין אָרדענונג. די רעוויזיע איז נאָר לפנים וועגן. מען גייט דורך שנעל.

אין געטאָ אין די טויערן פון די שכנותדיקע הויפן צום געטאָ-טויער וואַרטן שוין קינדער און שטוביקע:

— טאַטע, דורך בשלום? וואָס האָסטו היינט געבראַכט?

— געבראַכט צוויי המוציאס ברויט, אַ גערדיכטן זופּ מיט קאַרטאָפל אין מענאַשקע און אַראָפּגעגנבעט צוויי שפּולקעס באַוול.

— טאַטע, דו ברענגסט יעדן טאָג אַ סך! עס וואַרט אויף דיר אַ הייסע זופּ פון בוריקעס, וועלן מיר דאָס צוזאַמענמישן מיט דיין זופּ. פאַר די באַוול וועלן מיר קריגן אַ פּאָר קילאָ ברויט. טאַטע, ס׳איז גוט, אַ יאָ?

— ס׳איז גוט, מיין קינד, אַבי מען לעבט.

— זעקס אַ זייגער. ס׳שטייען אויסערן געטאָ אין אומענדלעכע שורות די צוריק־גייענדיקע אַרבעטער. ס׳איז אַ פאַרהאַלטונג ביים טויער. אָנגעקומען דייטשישע ס״ס און מען רעווידירט גענוי.

די יידישע פּאָליציי טאַפּט זאָרגפעלטיק און געפינט אויס ביי וועמען קאַרטאָפל, ביי וועמען ברויט.

דער פּאָליציסט לעוואַס שטייט מיט אַ גומענעם שטעקן, און איז מכבד יעדן געכאַפּטן שמוגלער מיט זיין גומענער נאַגייקע.

און אָט גייט דורך אַ פרוי. עפּעס דיקלעך. מען רעווידירט זי. און פּלוצעם: עס לויפט אַרויס פון איר בוזים — אַ האָן, לויפט און שרייט קוקורעקו.

די יידישע, ליטווישע און דייטשישע פּאָליציסטן לויפן נאָך דעם האָן. ער לויפט, שפּרינגט, פליט, שפּרינגט אַריין אין פּנים. אַ געווירבל. דורכן אָפן־געלאָזענעם טויער לויפן דורך דערווייל צענדליקער, צענדליקער יידן און ווערן פאַרשוואונדן מיט די אַריינגעשמוגלטע סחורות.

לעוואַס יאָגט נאָך די פרוי מיט זיין גומענעם שטעקן.

— זיבן אַ זייגער. עס רוען זיך די גאַסן פון געטאָ.

די צוריקגעקומענע אַרבעטער דערציילן די ידיעות:

— פאַרבייגייענדיקע פּויערים האָבן דערציילט, אַז די סאָוועטן זענען שוין גאָר נאָענט.

— הינטער לידע האָט מען אויפגעריסן אַ בריק.

— די באַנען האָבן היינט געפירט „געפרוירענע עפּעלעך" (די געפרוירענע דייטשן אויפן רוסישן פראָנט).

— אויפן וואָקזאַל איז היינט דורכגעפאָרן אַ גרויסער טראַנספּאָרט מיט „געהאַקט קרויט" (שווערע קריגס-פאַרוואונדיקטע).

— הינטער ווילייקע האָט מען ווידער אויפגעריסן אַ באַן. ווער ווייס, ווער האָט עס געמאַכט?

— ביי אונז אין „שניידער-שטובע" איז געווען היינט אַ רעוויזיע. מען האָט אַלעמען באַזוכט. ביי אַ פרוי האָט מען געפונען אַ צוגעגנבעטע שפּולקע באַוול, האָט מען זי אַוועקגעפירט אין תפיסה.

— אונזער דייטשישער אַרבעטס-מייסטער האָט מיר היינט געזאָגט אין דער שטיל: ראַטעווע זיך, אַנטלויף. מען וועט אייך אַלעמען פאַרניכטן.

— אַ בייז יאָר אויף זיין קאָפּ. וואָס שיט ער דיר זאַלץ אויף די וואונדן, וואו קען מען אַנטלויפן? ווער וועט אַריינלאָזן? וואָס באַשערט איז באַשערט.



אויף שפּיטאָל גאַס שטייט אַ גרופּע „געטאָ־סטראַטעגן". אין מיטן ד"ר יאשפאַן. ער איז מפרש די נייס פון טאָג.

— געווען אָקאָרשט אַ ידיעה, אַז די דייטשישע דרייצנטע דיוויזיע איז אין גאַנצן צעשמעטערט.

— פון וואַנעט די ידיעה?

— אַ דאגה אייך. מען זאָגט געוועזן, איז געוועזן. דער דריי־און־צוואַנציקסטער קאָרפּוס איז אַרומגערינגלט. די איין־און־צוואַנציקסטע דיוויזיע איז אין אַ קעסל. זיי האָבן ניט וואו צו גיין. זיי האָבן ניט וואוהין צו לויפן.

— אוי דאָקטאָר, אַ געזונט אייך אין קאָפּ! ווי דערלעבט מען נאָך אַ פּאָר חדשים און זען זייער מפּלה...



אויף שאַוועלסקע־גאַס און סטראַשון־גאַס גייט אין אָוונט דער הויפּט-האַנדל. יעדער איינער פאַרקויפט די סחורה, וואָס ער האָט היינט „אַריינגעמאַלינעוועט".

מענער, פרויען און קינדער גייען און שרייען אויס זייער סחורה:

— קאַרטאָפל, קאַרטאָפל, דריי־און־צוואַנציק רובל אַ קילאָ!

— סאַכאַרין, עכטע, אָריגינעלע!

— גרויסע בוריקעס!

— רעטעכער ווי די קירבעס!

— נאָדלען, שפּילקעס, שנירלעך צו די פיס!

— מעל פון אַרבעס. גוט צו באַקן, צו קאָכן!

— ציגאַרעטן, ציגאַרעטן, דייטשישע, פּוילישע, שפּאַנישע!

ייִנגלעך און פרויען שטייען און רופן אויס געטאָ־פּראָדוקציע-אַרטיקלען!

— באַבקעס, באַבקעס, רעטשקענע באַבקעס, קאַרטאָפל-באַבקעס, טייגעכצלעך!

— געבעקס, קיכעלעך מיט מערן — גוט ווי אין די פרידנס יאָרן!

— צוקערקעס. דריי רובל אַ שטיק. איריסן — צוגייען אין מויל, זעקס רובל אַ שטיק!

— זייף, אמתע, גוטע, מאַכט אַ שוים, מיט דער מאַרקע „הירש״!
אין אַ ווינקל שטייען אַ פּאָר באַקאַנטע געטאָ-גרויס-סוחרים.
— ווער האָט אַ גאָלדענעם זייגערל פאַר אַ פּוילישן פּריץ? גלייך מזומנים!
— איך דאַרף אַ ווייס ת׳פה־קלייד פאַר מיין געוועזענער שטרוזשובקע, גאַראַנ־טירט אַ קילאָ ווייס־ברויט און אַ פערטל קילאָ פּוטער.
— כ׳האָב אַ סוחר אויף הונדערט „לאָקשן״ פאַר אַ ליטווישן פּאָליציסט, גאַראַנ־טירט ברויט, מעל, קאַרטאָפל און בוריקעס. — — —
דער האַנדל בליט אין געטאָ.



און אָט אויף סטראַשון-גאַס, נעבן הויף פון דער ביבליאָטעק „מפיצי השכלה״ שטייט נחומקע, אַ זעכצן יאָריקער בחורל און לייגט פאַר שטיל דעם עולם, וואָס גייט אַרויס פון ביבליאָטעק:
— ווער קויפט ציאַן־קאַלי? ווער קויפט ציאַן־קאַלי! דער טויט קומט אין אַ סעקונדע!
— ס׳איז אמתע, גאַראַנטירטע?
— איר קענט קאָנטראָלירן אין אַפּטייק!
— מה יקר, אַ פּאָרציע פאַר איין מענטשן?
— טויזנט רובל אַ פּאָרציע. ביליק און גיך. און ס׳פאַרהיט פון פּאָנאַר.
שטייט אַ ייד און טראַכט:
— קויפן פאַר זיך אַליין ציאַן־קאַלי איז ניט אָרנטלעך כלפּי דעם ווייב. פאַרביידן איז שוין אַ הוצאה פון צוויי טויזנט רובל. פאַר דעם געלט קען מען לעבן צוויי חדשים.
זאָגט אים נחומקע:
— איצטער זשאַלעוועט איר דאָס געלט, און ווילט אַריינכאַפּן נאָך אַ פּאָר חדשים לעבן, אין שפּעטער וועט שוין זיין צו שפּעט. איר וועט ניט קריגן די סחורה, ווי זשע וועט איר זיך דאַן פאַרהיטן פון גיין קיין פּאָנאַר — —
שטייט דער ייד, טראַכט, טראַכט און זאָגט:
— אַליין זיך איינקויפן דעם טויט? זיין אַ מאבד את עצמו לדעת? אַנטלויפן פונעם טויט וואָס איז מיר באַשערט? ניין... ווי באַשערט אַזוי וועל איך שטאַרבן!...
(אין איינעם פון די לאַגערן אין עסטאָניע האָב איך געטראָפן נחומקע קראַנק אויף אַ שטערבלעכע דיזענטעריע, צעשלאָגן און צובלוטיקט פון אַן אַרבעטס־אויפזעער. ער האָט מיך דערקענט און באַקלאָגט זיך:
— אַלעמען פאַרקויפט ציאַן־קאַלי, פאַר זיך גאָרניט געלאָזן, געדאַרפט שפּייזן משפּחה. אַזויפיל מענטשן געגעבן די מעגלעכקייט צו שטאַרבן, ווען זיי ווילן — און זיך אַליין צוליב ברויט און קאַרטאָפל, ניט געלאָזן קיין איין פּאָרציע ציאַן־קאַלי, קיין איין פּאָרציע ציאַן-קאַלי. — — —



אויף רודניצקע גאַס, אויפן הויף פון יידן-ראַט, שטייט אַ פרוי און דערציילט:
— כ׳האָב היינט געהערט, אַז אַ שאָפער האָט באַגעגנט לעבן מינסק אַ גרופּע ווילנער יידן אַרבעטנדיק אויף אַ שאָסיי. מען שמועסט אויך, אַז ער האָט דאָ געבראַכט

אַ בריוול פאַר אַ פרוי פון איר מאַן, וואָס מען האָט אַרויסגעפירט בשעת אַן אַקציע פון געטאָ. ס׳קען ניט זיין, אַז מען האָט אַלע אַרויסגעפירטע אויסגעהרגעט. אַ טייל מסתמא לעבט.

פרעגט איר אַ שכנטע:

— ווער איז די פרוי? כ׳וויל זיך דערווּיסן, אפשר לעבט אויך מיין מאַן?

— מען קען זיך ניט דערוויסן ווער די פרוי איז. מסתמא האָט זי מורא, מען זאָל זי ניט מקנא זיין.

אַ יונגע אויסגעדאַרטע פרוי מיט אַ זעקסיאָריק בלייך קינד ביים האַנט זאָגט שטיל:

— זיי לעבן! ביי וויטעבסק, אָדער הינטער מינסק; וואו עס איז, אָבער זיי זענען דאָ. היינט ביינאַכט האָב איך אין חלום געזען מיין אַרויסגעפירטן מאַן, האָט ער געוואונקען צו מיר מיטן פינגער, געגלעט דאָס קינד און געזאָגט: בקרוב וועלן מיר אַלע זיין צוזאַמען! — — — —

— וואָס הייסט, בקרוב וועלן מיר אַלע זיין צוזאַמען? — — — —

— אַכט אָוונט. די יוגנט גייט צום „אָוונט־שפּאַציר‟. פּאָרווייז, פּאָרווייז און גרופּנווייז. די גאַסן געדיכט. ניט דורכצושפּאַרן זיך.

ס׳איז דאָך יוגנט. מען פאַרגעסט זיך אַ ווײַלע, אַז ס׳איז געטאָ. מען שמייכלט און מען לאַכט. מען וואַרפט זיך איבער אַ בליק און אַ וואָרט און אַ שמייכל.

די הויפּט־שפּאַציר־גאַסן זענען רודניצקע, שאַוועלסקע און סטראַשון־גאַס. דאָ קען מען אויך אַריינגיין אין אַ געטאָ־קאַפע און מכבד זיין די אויסדערוויילטע מיט אַ גלאָז שוואַרצע קאָרן־קאַווע.

ראָמאַנטישע פּאָרן גייען שפּאַצירן אויפן הויף פון יידן־ראַט, רודניצקע 6. דאָ שטייט אַ בוים. דער איינציקער געטאָ־בוים. אַרום אים איז גוט צו חלומען און צו בענקען. ער פאַרבייט אַ גאָרטן.

אויף סטראַשון־גאַס נומער 6 איז דאָ אַ האָלץ־פּלאַץ. ליגן דאָרטן קלעצער אויס־געלייגט עטאַזשנווייז. דאָרט איז דער זאַמלפּונקט פאַר פאַרליבטע פּאָרלעך. מען זיצט אויף די קלעצער, מען טרוימט וועגן די טעג פון דער באַפרייאונג און מען זינגט געטאָ־לידער. און וואָס שטאַרקער די ליבע — אַלץ אויף העכערע קלעצער זיצט דער בחור מיט זיין חברטע.

פון די קלעצער אויפן מאַרק־פּלאַץ טראָגט זיך דאָס פּאַרטיזאַנישע ליבע־ליד: אונטער די קאַנאָנען:

היינט ליבע מאַריאָן,<br>
טרעפן מיר זיך ביים ראַנד פון קאַנאָן,<br>
און איידער וואָס ווער<br>
נעם די שער,<br>
שער אָפּ דיינע צעפּ,<br>
טו אָן דעם מאַנטל מיט די סאָלדאַטסקע קנעפּ,<br>
גיב אַ קוש, נעם אַרום,<br>
כאַפּ די ביקס און קום.

פון קלאָץ צו קלאָץ, אַלץ ווייטער און העכער און וואַנדערט דער רעפרען:

אונטער די קאַנאָנען וועלן מיר זיך באַגעגענען,<br>
אונטער די קאַנאָנען וועלן מיר זיך געזעגענען,<br>
ביקס צו ביקס צעקושן<br>
ביקס צו ביקס.

אין געטאָ־טעאַטער גייט אַ פאָרשטעלונג. אין געטאָ־רעפּרעזענטאַנץ־הויז זיצט מען ביי די טישלעך און מען טרינקט שוואַרצע קאַווע און מען דערציילט די יסורים און שרעק פון טאָג. אין די בתי־מדרשים דאַוונט מען מעריב. אין קרייזלעך — זיצונגען; און אונטערערדישע גרופּן — באַראַטונגען. פון הויפן קלינגען אַרויס געזאַנגען פון יידישן און העברעאישן כאָר. פון האַנט צו האַנט וואַנדערן געהיימע ראַדיאָ-נייס-ביולעטינען פון דער פּאַרטיזאַנער-אָרגאַניזאַציע.

— ניין אַוונט. אויף די הויפן און די גאַניקעס פול מיט מענטשן. מען שטייט אין די רייען צו די אוביקאַציעס. מען גייט אין די ענגע דירות צו דעם געשטיקטן שלאָף. מען פרעגט זיך אויס די לעצטע נייס-געשפּרעכן:

— איז ווי מיינט איר, היינטיקע נאַכט קען מען רואיק שלאָפן?

— זע, לייבל, כאַפּ זיך אַריין לעבן קאָמיסאַריאַט, דערוויס זיך געגוי צי עס זענען ניטאָ קיין נייע גזירות. צי קען מען זיך אויסטון אָדער מען דאַרף שלאָפן אין די זאַכן?

אין די צימערן אין ענגשאַפּט און חושך לייגט מען אויס די נאַרעס. מען שפּרייט די קאָלדרעס אויף טישן, אויף שטולן. מען לייגט זיך שלאָפן. מען שעפּטשעט:

— נו, אַבי אַריבער נאָך אַ טאָג, אַלץ נענטער צום סוף.

— זאָג נאָך ניט אַריבער, ווייל די נאַכט הויבט זיך ערשט אָן. — — —

— צען בייַנאַכט. עס שלאָפט דער געטאָ. עס שלאָפן די גאַסן. עס שלאָפן די הויפן. עס שלאָפן די צימערן. שטיל. נאָר אין באַהאַלטענע קעלערן און בוידעמער שטילע גערוישן. פּאַרטיזאַנער־קרייזלעך איבן זיך אין געווער. יידן בויען אין דער נאַכט מאַלינעס.

די ערשטע נאַכט־וואַכע גייט אַרויס צום דיזשור.

— עלף בייַנאַכט... ס׳שלאָפן שטיל די הימלען. נאָר פון צייט צו צייט הערן זיך ווייטע, שטילע פאַרדעמפטע גערוישן. ס׳לויפן עסקאַדריליען אַעראָפּלאַנען פון די אַלי-אירטע. פליט וואָס מערער! דערנענטערט די שעה פון דער באַפרייאונג!

און ווידער שטיל. נאָר נאַכט־וועכטער צו נאַכט־וועכטער וואַרפן דורך אַ רוף:

— „סלושאַי״!

און ווידער שטיל. נאָר נאַכט־וועכטער וואַרפט דורך צו אַ צווייטן נאַכט־וועכטער, אַ יודע־ספר, אַן אַלטן רוף:

— שומר מה מלילה?

ענטפערט אים די שטים פון חבר:

— שומר מה מליל?

און ווידער שטיל.

— צוועלף בייַנאַכט. אַריבער אַ מעת לעת אין געטאָ.

# 1. אקציע אשמענע

זומער 1942.

אין געטאָ ווילנע זענען דאַן געווען די רואיקסטע טעג פון דער סטאַביליזאַציע־תקופה. געטאָ־ווילנע איז געווען די מעטראָפּאָליע, און אַרום איר קליינע געטאָס — „ווילנער־לאַנד”.

דער געטאָ אָשמענע האָט געציילט אַ באַפעלקערונג פון פיר טויזנט יידן און איז געלעגן אין „הערשונגס־קרייז” פון יעקב גענסן. די באַפעלקערונג פון געטאָ אָשמענע איז באַשטאַנען פון אַ סך פרויען, קינדער און זקנים — ווייל די מענער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די דייטשן נאָך אין יאָר 1941.

פּלוצעם האָט זיך אין געטאָ ווילנע פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז די געטאָ־פּאָליציי פאָרט אַרויס דרינגענד קיין אָשמענע, בכדי דורכצופירן דאָרט אַן אַרבעטס־רעגיס־טראַציע. ס. דעסלער איז געקומען קיין אָשמענע מיט אַן אָפּטיילונג פון דער געטאָ־פּאָליציי און זיי האָבן אין משך פון עטלעכע טעג פאַרטיילט שיינען פאַר אַלע אָש־מענער יידן. די שיינען זענען געווען פון ראָזע פאַרב מיט איבערשטעמפּלונג אַ און ס. די פ.פ.אָ האָט באַקומען ידיעות, אַז די געטאָ־פּאָליציי גרייט צו אַן אַקציע אין אָש־מענע. עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער פ.פ.אָ. פאַרבינדלערין  ל י ז ע  מ א ג ו ן, די אויפגאַבע צו קומען קיין אָשמענע, אַלס אַריערין, וואָרענען די יידן, אַז עס גרייט זיך אַן אַקציע, און רופן די יוגנט צו גיין אין די וועלדער, אָבער ווייניק יידן האָבן עס איר געגלויבט. זיי האָבן געטרויט אין זייערע שיינען, אַ פּאָר גרופּן יוגנט איז דאָך שפּעטער אַוועק אין וואַלד.

אין אַ געוויסן טאָג איז געטאָ ווילנע געשפּאַנט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז אַ גרעסערע גרופּע געטאָ־פּאָליציי, אויסגעפּוצט אין מונדירן, באַוואָפנט מיט גומענע שטעקנס, איז אַרויסגעפאָרן קיין אָשמענע. אַ נערוועזע שטימונג האָט באַהערשט דעם געטאָ:

אַלע יידן אין אָשמענע האָבן דאָך שיינען, טאָ נאָך וואָס פאָרט אַהין די געטאָ־פּאָליציי ?

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די געטאָ־פּאָליציסטן זיך צוריקגעקערט שיכורע אין געטאָ, דורכגעמאַרשירט אין די אויסגעפּוצטע מונדירן מיט די גומענע שטעקנס אין די הענט. אין געשלאָסענע רייען פון געטאָ־טויער ביז צו דער פּאָליציי־צענ־טראַלע. אויף מאָרגן האָט מען דערציילט אין געטאָ, אַז די געטאָ־פּאָליציסטן האָבן געבראַכט פון אָשמענע אוצרות גאָלד, ווערטזאַכן און זייגערס, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער גאַנצער געטאָ געוואוסט, אַז אין אָשמענע איז פאָרגעקומען הינטער דער שטאָט אַן אַקציע. איבער פיר הונדערט יידן זענען עקזעקוטירט געוואָרן אויס־שליסלעך דורך דער געטאָ־פּאָליציי.

אין געטאָ האָט מען גיך געוואוסט פּרטים:

דער נאַצי ווייס האָט געפּאָדערט פופצן הונדערט יידן צום טויט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש צווישן אים מיט דעסלערן און שפּעטער אויך מיט יעקב גענסן און זיי האָבן אַראָפּגעדונגען אויף פיר הונדערט.

ווייס האָט באַפוילן, אַז די געטאָ-פּאָליציי זאָל אַליין אויספירן די עקזעקוציע. אויפן פּלאַץ פון שטעטל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע יידן לויט זייערע אָפּשטאַם-שטעטלעך: אָשמענע, אלשאן און כדומה. די געטאָ־פּאָליציי האָט דורכגעפירט די סעלעקציע ביי דורכמאַרשירנדיקע גרופן צו פופציק מאַן. די באַשטימטע צו לעבן, זענען געשיקט געוואָרן אין בית-מדרש. און די באַשטימטע צום טויט, זענען פון פּלאַץ אָפּגעפירט געוואָרן צום עקזעקוציע-אָרט. די וואָס האָבן זיך באַהאַלטן האָט די געטאָ-פּאָליציי געזוכט אין די הייזער.

אין געטאָ האָט מען דערציילט, אַז ביי דער סעלעקציע האָבן אייניקע געטאָ-פּאָליציסטן זיך גערעכנט ניט מיטן עלטער (זקנים צום טויט), נאָר מיט דעם שוחד, וואָס זיי האָבן באַקומען, און עס זענען געווען פאַלן, ווען רייכע זקנים האָבן זיך אויסגעקויפט — און יינגערע, וועלכע האָבן קיין געלד און זייגערס ניט געהאַט, זענען אַוועק צום טויט. די געטאָ-פּאָליציי האָט געהאַלטן, אַז אַ דאַנק איר דורכפירן די עקזעקוציע האָט זי געראַטעוועט טויזנט יידן פון טויט.



דעם 27־טן אָקטאָבער 1942 האָט יעקב גענס פאַררופן אין זיין פּריוואַטער דירה אַ צוזאַמענקום פון פּאָליציי, פאַרוואַלטונג פון יידן-ראַט און אָנפירערס פון רעסאָרטן פון יידן-ראַט, ווי אויך דעם געטאָ-רב. ד"ר מילקאַנאָוויצקי, וועלכער איז בייגעווען אויף דער פאַרזאַמלונג, האָט מיר דערציילט, אַז יעקב גענס האָט געעפנט דעם צוזאַמענקום זאָגנדיק אָפן, אַז ער וויל דערציילן ווי אַזוי יידן האָבן געפירט יידן צום טויט. ער האָט דערציילט, אַז ווייס האָט געפּאָדערט צום טויט די פרויען און קינדער, און אַז ער, יעקב גענס, האָט אים פאַרגעלייגט אָנשטאָט זיי — די זקנים; און דערמיט האָט ער געראַטעוועט די אַלע פון געטאָ, וועלכע זענען לעבנספעאיק. די אַלטע האָבן דאָך סיי ווי סיי זייער לעבן אָפּגעלעבט.

ס'איז איבערגעבליבן אַ פּראָטאָקאָל פון יענער זיצונג און פון גענס רעדע. יעקב גענס האָט געזאָגט:

— אין די שטעטלעך קימעלישעק און ביסטריץ האָט זיך די יידישע פּאָליציי ניט באַטייליקט, זענען אַלע אויסגעשאָכטן געוואָרן אָן אונטערשייד און איצטער קומען צו אים יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און בעטן הילף. איך האָב זיי געקענט זאָגן: איך וויל ניט באַשמוצן מיינע הענט און שיקן מיין פּאָליציי צו דער שמוציקער אַרבעט, אָבער איך זאָג, אַז עס איז יאָ מיין אויפגאַבע צו שמוצן מיינע הענט. ווען ס'זענען דערמאָרדעט געוואָרן פינף מיליאָן, איז אונזער אויפגאַבע צו ראַטעווען די שטאַרקע און די יונגע און ניט לאָזן זיך באַהערשן פון סענטימענטן. איך ווייס ניט צי אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען מיינע ווערטער, און צי זיי וועלן עס באַרעכטיקן און צי אַלע וועלן באַרעכטיקן אונזערע מעשים, אַפילו ווען מיר וועלן זיך באַפרייען פון געטאָ, אָבער דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פון דער פּאָליציי: ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך, ניט רעכנענדיק זיך מיט אונזערע פּערזענלעכע איבערלעבונגען. פון אייך וואַרט איך אויף אַ מאָראַלישע אונטערשטיצונג. ביז איצט פאַר-

שטייען ניט אַ סך יידן די גרויסע סכנה, וויפיל מאָל אין טאָג עס דראָט אונז צו גיין קיין פּאָנאַר. כ׳האָב געוואָלט אייך דערנענטערן צום לעבן, געבן אייך צו פאַרשטיין דאָס לעבן אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט.

און צום סוף פון דער באַראַטונג האָט ער געזאָגט:

— איך נעם אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַלץ, וואָס איז געשען. איך וויל ניט קיין דיסקוסיעס. כ׳האָב אייך גערופן, בכדי צו דערקלערן אייך פאַרוואָס אַ ייד טונקט זיינע הענט אין בלוט, און אויך אין דער צוקונפט, אַז מיר וועלן דאַרפן גיין — וועלן מיר גיין.

ס׳זענען דאַן צעטיילט געוואָרן די מיינונגען אין געטאָ בנוגע יעקב געַנס שטאַנד-פּונקט. געווען מענטשן, וועלכע האָבן אים פאַרשאָלטן. געווען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג, כאָטש אַביסל יידן אָפּצוראַטעווען.

צו די געטאָ-פּאָליציסטן אָבער, וועלכע זענען צוריקגעקומען מיטן גאָלד און זיי-גערס פון שוחד-געלטער. האָט דאָס גאַנצע געטאָ געפלאַקערט מיט שנאה און האַס.



אַריבער אַ קורצע צייט און אין געטאָ איז געוואָרן ווידער רואיק. דאָס לעבן איז געוואָרן נאָרמאַל. יידן האָבן געאַרבעט. קינדער האָבן געלערנט און טעאַטער האָט געשפּילט.

ליזע מאַגון האָט זיך צוריקגעקערט פון אָשמענע און איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרבינדלערין פון פ.פ.אָ. מיטן שטאָט. זי פלעגט גיין אין שטאָט אויף פּוילישע דאָקומענטן. די שטאָט-פּאָליציי האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן נייע פּאַספּאָרטן. ליזע



ליזע מאַגון

מאגון באַשליסט צו באַקומען אַזאַ נייעם פּאַספּאָרט, וועלכער וועט איר דערמעגלעכן פריי צו באַוועגן זיך. ביים אָפּנעמען דעם פּאַספּאָרט איז זי פאַרהאַלטן געוואָרן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, געשלעפּט געוואָרן אין די קעלערס פון געסטאַפּאָ און פון דאָרט געפירט געוואָרן אין תפיסה לוקישקי. דעם 17-טן פעברואַר 1943 איז זי דער-שאָסן געוואָרן אין פּאָנאַר.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט פ.פ.אָ. באַשטימט אַלס מאָביליזאַציע-פּאַראָל די ווערטער: ליזע רופט!

## 2. ווען מען איז געגאַנגען צו דער מגילה...

### אויפן געטאָ־פראָנט קיין נייעס.

ס'איז אַריבער דאָס יאָר 1942. אין געטאָ איז געווען רואיק. ס'האָבן אָנגע־הויבן צו לויפן די ערשטע ווינטער־חדשים פון 1943. אויפן געטאָ־פראָנט איז אַלץ גע־ווען שטיל. אמת, עס פלעגן פאָרקומען פון צייט צו צייט „קליינע אַקציעס", אָבער דאָס האָט זיך שוין ניט גערעכנט.

אַן אויפטרייסלונג האָט איבערגעלעבט דער געטאָ דעם 17טן יולי 1942, ווען מען האָט אַרויסגעפירט זקנים קיין פּאָשפּעשקי אין דער אַמאָליקער „טאָז"־קאָלאָניע פאַר קינדער, — און פון דאָרטן זענען זיי שוין נישט צוריקגעקומען.

-- אָבער צום געדאַנק פון אַ זקנים־אַקציע איז מען שוין אויך געווען צוגעוואוינט...

אין אָשמענע און אין אַנדערע געטאָס אַרום ווילנע זענען פאָרגעקומען אַקציעס — איז עס דערפאַר, ווייל דאָרטן זענען פריער געווען ווייניק אַקציעס. אָבער ווילנע, דער „צענטראַלער געטאָ" איז דערווייל רואיק.

אין גאַנץ ווייסרוסלאַנד זענען דאַן פאָרגעקומען אַקציעס, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט ספּעציעלע ווייסרוסישע גרופּעס, „טשאַרנע וואָראָנעס"—שוואַרצע ראָבן. ביי דער מיטהילף פון ליטווישע „זאָנדער־קאָמאַנדעס". עס האָט זיך פאַרשפּרייט אי־בער גאַנץ ווייסרוסלאַנד דער קלאַנג, אַז אין געטאָ ווילנע איז רואיק; און פון די אַלע מקומות האָבן געצויגן פליטים אין געטאָ ווילנע, דורך וועלדער און אומוועגן.

אין געטאָ ווילנע איז געווען רואיק. — —

אויך דאַן איז ניט געווען אַ טאָג, וואָס מען זאָל ניט אַרעסטירן אַ פּאָר יידן פאַרן פאַרגעסן אָנטאָן אַ געלע לאַטע, פאַר טראָגן עפּעס עסנוואַרג, אָדער אַנדערע חטאים. הונדערטער יידן פלעגן אַזוי אומקומען במשך פון אַ חודש; אָבער עס האָט געהייסן, אַז זיי זענען אומגעקומען וועגן זייער אייגענער שולד און ניט צוליב אַן אַקציע.

### מען קאָנצענטרירט די יידן פון די שטעטלעך

אַ פּאָר וואָכן פאַר פּורים 1943 האָבן זיך פּלוצעם פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען קאָנצענטרירט אַלע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און מען וועט זיי פירן אין ווילנער געטאָ אַריין.

ווער ס'האָט געבראַכט די קלאַנגען — האָט קיינער ניט געוואוסט; די אָפיציעלע „קרייזן" פון געטאָ האָבן זיי ניט באַשטעטיקט, אָבער ביים געטאָ־עולם האָבן עס אַרויס־גערופן אַ גוואַלדיקע פּאַניק. יעדער איינער האָט גוט געוואוסט, אַז די קאָנצענטראַציע פון די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך קיין וואַרשע און אַנדערע גרעסערע שטעט —

איז געווען דער פּראָלאָג צו גרויסע מאַסן־מאָרדן. יעדער איינער האָט אויך געוואוסט, אַז אַן איבערזידלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, — אפילו ניט צו דערמאָרדונג, ברענגט צו אַ פאַרניכטונג פון גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג, צו „נאַטירלעכן" אומקום פון די שוואַכע, קראַנקע, זקנים און יונגע קינדער. — — —

אַ שווער פאָרגעפיל האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין געטאָ. ס'האָבן זיך געשפרייט קלאַנגען, אַז דער געטאָ־קאָמענדאַנט, יעקב גענס, אינטערווענירט אין געשטאַפּאָ אָפּצורופן די גזירה. מען האָט אים געזען אָפּט אַרויסגיין פון געטאָ, און דער עולם פלעגט נערוועאיש וואַרטן אויף זיין צוריקקער. און ווען ער איז געקומען צוריק מיט אַ שמייכלענדיק פנים, איז גלייך אַריבערגעלאָפן איבערן געטאָ די ידיעה:

— גענס שמייכלט. ס'איז גוט. אָפּגערופן די גזירה...

ווען יעקב גענס אָבער איז צוריקגעקומען פאַרזאָרגט און געגאַנגען צו זיך אַ היים, ניט אָפּשטעלנדיק זיך רעדן מיט פאַרבייגייענדיקע יידן, איז שנעל דורך די ידיעה:

— גענס איז פאַרחושכט... ס'טויג ניט... — ס'הענגען כמאַרעס איבערן געטאָ...

### פורים 1943 צו דער מגילה

ערב פורים האָט שוין דער עולם געוואוסט זיכער, אַז דאָס קאָנצענטרירן די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, בכדי זיי צו ברענגען אין געטאָ, איז שוין דעצידירט.

איינער האָט דעם אַנדערן געוואָלט טרייסטן, און פאַריאָגן די שווערע פאָרגעפילן. אָבער יעדער איינער האָט טיף געוואוסט אין האַרצן: די ליקווידאַציע פון די אַרומיקע געטאָס — די קאָנצענטראַציע פון די אַרומיקע יידן אין ווילנער געטאָ—דאָס איז דער ערשטער טריט צו דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

אין אָוונט האָבן געשטראָמט המונים יידן צו דער מגילה.

יידן האָבן צווישן זיך גערעדט:

— לאָמיר גיין הערן די מגילה. — לאָמיר הערן וועגן אַמאָליקן נס און דער מפּלה פון אַמאָליקן המן! — וואָס מיינט איר? אויך אַפילו פאַר אונז קען אומגעריכט אָנקומען די ישועה.

די שול אויף יאַטקעווער גאַס איז געווען איבערפולט. ס'איז געווען שטאָק־פינצטער אין בית־המדרש. נאָר ביי דער בימה האָט געצאַנקט אַ קליין ליכטל. צונויפגעפּרעסטע, זענען געשטאַנען יידן, און ווי פון ווייטע ווייטענישן האָט אָפּגעקלונגען די שטים פון בעל־קריאה:

— שעשה ניסים לאבותנו בימים ההם בזמן הזה —

מיט כוונה און האָפענונג האָט אויפגעכאַפּט דער עולם די לעצטע ווערטער, און הונדערטער קולות האָבן אָפּגעענטפערט אין כאָר:

— בזמן הזה! —

און ס'האָט זיך געדוכט, אַז די צונויפגעפּרעסטע עדה יידן, און די ציטערנדיקע שאָטנס ביים צאַנקענדיקן ליכטל און די עמודים פון אַלטן בית-מדרש זאָגן אַלע אין תפילה — בזמן הזה! — בזמן הזה!!!! —

די עדה האָט פּלוצעם דערשפּירט אַ באַנייטן אינהאַלט אין אַלטע ווערטער און אַלטע פּסוקים, ווי זיי וואָלטן ערשט איצט געזאָגט געוואָרן פון נייע אנשי כנסת הגדולה.

און זאַצן, געהערטע שוין צענדליקער מאָל, האָבן אָנגעהויבן קלינגען אין בית-מדרש ווי עפּעס אַ רוף פון אַ געהיימער אונטערערדישער שטים:

— להקהל ולעמוד על נפשם, להשמיד, להרוג ולאבד, את כל חיל עם ומדינה הצרים אותם! — זאַמלען זיך! און קעמפן פאַרן לעבן! פאַרניכטן, אויסהרגענען און פאַרטיליקן די קרעפטן פון פעלקער און מדינות, וואָס אונטערדריקן זיי.

— נקהלו היהודים בעריהם — לשלוח יד במבקשי רעתם — און ס'האָבן זיך גע-זאַמלט די יידן אין זייערע שטעט צו קעמפן מיט די, וואָס טוען זיי שלעכטס.

— הרב את ריבנו, והדן את דיננו, והנוקם את נקמתנו, והמשלם גמול לכל אויבי נפשנו — ער קריגט אונזער קריג און ער משפט אונזער משפט און ער נעמט פאַר אונז נקמה און ליט באַצאָלונג אונזערע שונאים... —

דער לערער גאָלדבערג האַלט אַ רעדע: ניט פאַלן אין מוט, זען וואָס מער אויס־צודויערן. געציילט זענען די חדשים, די וואָכן, צו המנס מפלה. — ער זינגט מיטן עולם: שושנת יעקב, פּסוק נאָך פּסוק. מיט כוונה זינגט נאָך דער עולם:

— תשועהם היתה לנצח — ותקותם בכל דור ודור. — — —

(זייער רעטונג איז אויף אייביק — זייער האָפענונג איז אין אַלע דורות).

פּלוצים דערהערט זיך אַ שטים אין דער פינצטערניש פון בית-המדרש:

— יידן! לאָמיר ניט פאַלן אין מוט! לאָמיר זינגען התקוה!

דער גאַנצער עולם זינגט התקוה, פערז נאָך פערז. און איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל — ווי אַ תפילה פון אַ נשמה פאַרן אויסגיין.

▼

## צו דער לאַגע: רוהע.

אונז איז שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אין אונזערע „געטאָ-ידיעות" קעגן פּאַניק-שטימונגען, וואָס פאַרכאַפּן פּלוצים אונזער געטאָ-עולם אין גרונט מערסטנטייל צוליב אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּלאַפּלער, אָדער צוליב איבערגעשפּיצטע אויס-טייטשונגען פון פאַלש פאַרשטאַנענע פאַראָרדענונגען פון די מאַכט-אָרגאַנען. איטלעך מאָל, ווען די אָנפירנדע פּערזאָנען פון אונזער געטאָ האָבן גערופן צו רו האָט דאָס לעבן באַוויזן, אַז עס איז נישט געווען קיין שום אָרט פאַר פּאַניק, אַז דער בעסטער וועג איז געווען רו-איק פאָרצוזעצן די טאָגטעגלעכע אַרבעט און שווינען די אייגענע נערוון.

אָבער אין משך פון דער לעצטער וואָך איז אונזער געטאָ-עולם אַריינגעפאַלן אין אַ נערוועזער שטימונג, ווידער אָן גרונט און ווידער צוליב נישט גענוגיקן וויסן פון די אמתע סיבות, וועלכע האָבן אַרויסגערופן געוויסע אַקטן פון די מאַכט-אָרגאַנען. עס האַנ-דלט זיך אָט וועגן וואָס: לויט אַ פאַראָרדענונג פון די דייטשע מאַכט-אָרגאַנען, וואָס איז נאָך אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט אַ געוויסער צייט צוריק טאָרן יידן נישט וווינען אין אַ זאָנע פון 50 קילאָמעטער לענגאויס דער ווייסרוסישער גרענעץ. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער פאַראָרדענונג האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצופירן די יידן פון די פיר קליינע געטאָס, וואָס געפינען זיך אין ווילנע-לאַנד, דהיינו: פון סווענציאַן, אָשמענע, מיכוילישאַק און סאָל. אַ טייל פון זיי ווערט אַריבערגעפירט אין ווילנער געטאָ און אַ טייל אין פאַרשיידענע אַרבעטס-לאַגערן. מען מוז באַמערקן, אַז דאָס אַריבערפירן פון די דאָזיקע יידן קומט פאָר מיט דער הילף און אונטער דער אויפזיכט פון דער יידישער פּאָליציי פון אונזער געטאָ. עס ווערט אַלץ געטאָן, כדי דאָס אַריבערפאָרן וואָס מער צו אָרגאַניזירן און וואָס מער צו פאַרלייכטערן.

אין דער לאַגע פון אונזער געטאָ האָט זיך אַבסאָלוט גאָרניט געביטן און אים דראָט גאָרניט!

דעריבער קענען מיר נאָר געבן די עצה ניט צו פאַרדאַרבן די אייגענע נערוון דורך לחלוטין אומבאַגרינדעטע קאָמבינאַציעס. מיר קענען נאָר נאָכאַמאָל איבערחזרן:

זאָל יעדערער טאָן זיין אַרבעט. זיין רואיק און באַרואיקן זיין סביבה!

(לייטאַרטיקל פון „געטאָ-ידיעות" נ. 31 פּורים י"ד אדר ב' תש"ג, ווילנער געטאָ 21.3.1943).

## 3. אקציע קאוונע - פאנאר

**די יידן פון די שטעטלעך זענען געקומען קיין ווילנע**

פורן נאָך פורן, אין לאַנגע רייען, האָבן אָנגעהויבן אַריינצופאָרן אין אַ געווייסן פאַרטאָגס אין געטאָ־ווילנע. פורן, איבערגעפּולטע מיט פּעק, אויף יעדן פּאַק — גרויסע אויפשריפטן מיטן נאָמען פון זיין אינהאַבער און פון שטעטל. פורן פון אָשמענע, סוויר, מיכאַלישאָק.

די פורן זענען געפירט געוואָרן פון קריסטלעכע בעלי־עגלות. זיי האָבן דער־ציילט:

— די יידן וועלן שפּעטער אָנקומען. מ'האָט זיי צעטיילט: איין גרופּע קיין ווילנע, איינע אין אַרבעטס־לאַגערן און איינע וועט פאָרן קיין קאָוונע.

שפּעטער זענען אָנגעקומען די יידן פון די שטעטלעך. קרעפּטיקע, ברוין־אָפּגעברענטע פון זון. אַ סך פון זיי האָבן שוין דורכגעוואַנדערט פון געטאָ צו געטאָ פון זעקס ביז זיבן מאָל, און אַנדערע האָבן ערשט איצט, צום ערשטן מאָל, דער־שפירט דעם טעם פון געטאָ-לעבן מען האָט זיי צונויפגעזאַמלט אויף רודניצקער-גאַס 7, אין גרויסן בנין פון דער אַמאָליקער פּאָלקסבאַנק. דאָרט האָט מען אויף גיך אויפגעבויט עטלעכע עטאַזשן נאַרעס. די יידן זענען דאָרט אָפּגעווען אַ קורצע צייט, ביז וואַנען יעדער איינער האָט זיך אַריינגעקליבן צו אַ קרוב, צו אַ באַקאַנטן.

די אַלטע און שוואַכע לייט פון די שטעטלעך זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אויף שאַוועלסקע־גאַס 1 אין אַ בנין. דאָרט זענען זיי געווען איזאָלירט און געהיטן דורך דער געטאָ־פּאָליציי.

ד״ר לאַזאַר עפּשטיין און איך האָבן באַקומען אַן אויפטראַג פון געטאָ־קאָמענ־דאַנט יעקב גענס דורכצופירן אַן אונטערזוכונג פון די זקנים און שוואַכע און פעסטצושטעלן, ווער פון זיי איז אַרבעטספעאיק. האָבנדיק דאָס פאַרגעפיל, צו וואָס עס קען פירן אַזאַ „קוואַליפיקאַציע״ אויף אַרבעטספעאיקע און אומפעאיקע, האָב איך געמאָלדן יעקב גענסן:

— איך פאַרשטיי זיך ניט אויף דערוואַקסענע, נאָר אויף קינדער, איך קען דעריבער די קוואַליפיקאַציע ניט דורכפירן.

ד״ר לאַזאַר עפּשטיין האָט געענטפערט יעקב גענסן:

— איך בין אַ סאַניטאַר־דאָקטאָר און קען ניט פעסטשטעלן אַ געזונטהייטס־דיאַגנאָז.

צווישן די שוואַכע איז געווען אַ בחור, אַ דרייסיק־יאָריקער, מיט פּאַראַליזירטע פיס; פלעגט ער זיצן אין אַ וועגעלע און פאַרקויפן פּאַפּיראָסן. ער האָט גוט געלייזט. אַלע האָבן אויף אים רחמנות געהאַט. צווישן די אַריינגעפאָרענע יידן פון די שטעטלעך זענען געווען אַ סך יונגע בחורים און מיידלעך. די פאַרבייגייערס פלעגן זאָגן אויף זיי מיט נחת:

— געזונט ווי דעמבעס.

די יוגנט האָט גיך געקריגן אַרבעט און האָט געוואוינט צוזאַמען אין שותפות־דיקע דירות. אין אָוונט פלעגן רוישן די גאַסן פון זייערע געזאַנגען. ביינאַכט האָבן זיי זיך אַרויסגעכאַפּט אויף די הויפן און געטאַנצט צוזאַמען אַ הוירא. יידן פלעגן זאָגן מיט הנאה:

— די ערד טרייסלט זיך אונטער זייערע פיס! — אַבי ס׳איז נאָך געבליבן אַ ביסל יאַטן! זאָלן זיי טאַנצן, זיי וועלן דערלעבן בעסערע יאָרן!

## מען גרייט זיך צו פאָרן קיין „קאָוונע"...

פּלוצעם איז באַקאַנט געוואָרן: אַלע די יידן פון געטאָ־ווילנע, וואָס האָבן קרובים אין קאָוונע, קענען זיך פאַרשרייבן מיטצופאָרן קיין קאָוונע צוזאַמען מיטן טראַנס־פּאָרט יידן פון די שטעטלעך. ס׳איז אויך באַקאַנט געוואָרן, אַז אויך יעקב גענס פאָרט מיט זיי צוזאַמען. מ׳האָט דערציילט, אַז יעקב גענס מאַכט פּאַפּירן, אַז ער האָט שוין באַקומען אַ דערלויבעניש צו קומען קיין קאָוונע מיטן גאַנצן טראַנספּאָרט, אַז מען גרייט פינף טויזנט פלעצער פאַר זיי אין קאָוונער געטאָ.

לויט די ידיעות, איז אין קאָוונער געטאָ געווען דאָס לעבן לייכטער, די וואוי־נונגען גרעסער, דאָס עסן בעסער, די באַציאונג אַ בעסערע, די שחיטות קלענערע. האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה צו פאַרשרייבן זיך קיין קאָוונע. דער עיקר, האָט זיך פאַרשריבן די יוגנט, וואָס איז אָנגעקומען פון די שטעטלעך: קיין קרובים אין ווילנע האָבן זיי נישט געהאַט, איז שוין בעסער אין קאָוונע, ווייל עס איז ווייטער פון פּאָנאַר...

מיט יעקב גענסן האָט געדאַרפט מיטפאָרן אַ שטאַב פּאָליציסטן, אייניקע דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטערס. אויך טראַפּידאָ, דער לייטער פון דער באַ־שפּייזונגס־אָפּטיילונג, האָט געדאַרפט מיט אים מיטפאָרן. ער איז אַ קאָוונער, האָט ער געוואָלט האָבן אַ שאַנס צו זען קאָוונע.

איך קום צו טראַפּידאָן אין שטוב, אַ זייגער צוועלף, אין טאָג פון אָפּפאָרן קיין קאָוונע. ער פּאַקט זיינע זאַכן און איז אין רייזע־פיבער. איך גיב אים איבער אַ בריוו צום אַדוואָקאַט לעאָ גאַרפינקעל אין קאָוונע. טראַפּידאָ זאָגט מיר צו צו ברענגען אַ תשובה. צוריקגייענדיק, האָב איך געזען, ווי ס׳האָבן געצויגן מחנות פּראָווינצער יוגנט מיט פּעק צום טויער פון געטאָ, פריילעכע און מונטערע: זיי פאָרן קיין קאָוונע! זייער זאַמל־פּונקט איז געווען ביים געטאָ־טויער, וועלכער איז געווען באַוואַכט פון דייטשע ס"ס. די יידישע געטאָ־פּאָליציסטן האָבן מיט שפּאַלירן אָפּגעטיילט די „אָפּפאָרערס קיין קאָוונע" פון גאַנצן איבעריקן עולם.

נאָך וואָס אַזאַ באַוואַכונג, אַז דער עולם פאָרט פריי־ווייליק? דאָך איז די פּאַרטיע „קאָוונע" אָפּגעפאָרן פון געטאָ אין מונטערער שטימונג און מיט געזאַנג. אין אָוונט, אויף דער מאַנסאַרדע, זאַוואַלנע־גאַס 44, טרעף איך אָן אַ חבר, אַ לערער, ער איז פאַרזאָרגט:

— דו ווייסט, מען האָט אַרויסגערופן פון די געטאָ־וואַרשטאַטן די בלעכערס און זיי באַלייגן מיט דראָטן די פענצטערס און טירן פון די וואַגאָנען. מען וועט די יידן פירן אין פאַרפלאָמבירטע וואַגאָנען, עפּעס איז דאָ ניט אין אָרדענונג... איך האָב אַ שלעכטן פאָרגעפיל.

— אין מיטן נאַכט האָט מען מיך אַרויסגערופן צו אַ קראַנק קינד אויף סטראַשון־גאַס 2. זיין טאַטע, וואָס אַרבעט אַלס פיזישער אַרבעטער אין דער געסטאַפּאָ־איינהייט, דערציילט:

— אין געסטאַפּאָ איז היינט געווען אַ גרויסע באַוועגונג. די ליטווישע שיסערס האָבן געטרונקען, געשיכורט, זיי זענען שוין אַ צייט אַזוי שיכור ניט געווען. מען האָט אויך געפירט פעסלעך אויף אויטאָבוסן.

איך קום צוריק אויף מיין מאַנסאַרדע און איך דערצייל דאָס געהערטע. איך ווער אָנגעשטעקט מיט אַן אומרו. ווען די ליטווישע זעלנער שיכורן, איז דאָס אַ סימן אויף אַן אַקציע. פעסלעך, קענען זיין פעסלעך מיט כלאָר, וואָס מען גיסט אַריין אין די מתים־גריבער נאָך אַן אַקציע.

— וואָס גרייט זיך דאָ?

## 5־טער אַפּריל 1943

עס איז געווען פּאַרטאָגס. איך בין געקומען אין דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג. אַלע שושקען זיך, זיי זענען פאַרמרה־שחורהטע. מען דערציילט זיך פון מויל צו מויל:

— ווען עס זענען אָנגעקומען די באַנען פון די אַרומיקע שטעטלעך מיט די יידן און מען האָט זיי פּאַראייניקט מיט דער ווילנער גרופּע, האָט מען דעם גאַנצן טראַנספּאָרט אַוועקגעשטעלט אויף אַן אַנדער באַן־ליניע, ניט קיין קאָוונע... יעקב געגס איז ביינאַכט געקומען אַן אויפגערעגטער און מיט רוסישע „ברכות״ אַרויסגעטריבן די דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטערס פון די וואַגאָנעס. וואָס קען דאָ זיין?

▼

און שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה:

— געגס איז אַרעסטירט!

און אַביסל שפּעטער האָט ווי אַ לאַווינע זיך צעגאָסן איבערן געטאָ אַ ידיעה און אין צענדליגער מינוטן אַרויסגעשטופּט אַלע אויף די גאַסן, און דער געטאָ האָט געקאָכט אין פּאַניק, אין דענערווירונג, אין ציטערן און אין יאוש:

— אַלע פינף טויזנט יידן האָט מען געבראַכט קיין פּאָנאַר... ס׳קומט פּאָר אַ מערדערלעכע עקזעקוציע.

ווער ס׳האָט געבראַכט די ידיעה — האָט קיינער ניט געוואוסט, די געטאָ־פּאָליציי איז געווען טויט־בלייך. די אָנפירערס פון די געטאָ־פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן זענען געשטאַנען ביים געטאָ־טויער מיט אויסגעלאָשענע אויגן.

און שפּעטער איז געקומען יעקב געגס, אַ מידער, מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן, און אַוועק צו זיך אין צימער און מיט קיינעם גיט גערעדט און זיך ניט באַוויזן. אַלע האָבן שוין געוואוסט. די נסיעה־קאָוונע האָט זיך געענדיקט מיט פּאָנאַר...

אָנגעפירט מיט דער אַקציע האָט ד״ר וואולף, דער געביטס־קאָמיסאַר פון ווילנע.

▼

אַ טיפער אומעט האָט באַהערשט דעם געטאָ. ס׳גייען ווידער אַקציעס. אַ ווייטיק האָט אַלעמען געגאָגט, און איינער צום אַנדערן האָט געטענהט:

— אַזעלכע בחורים, אַזעלכע גיבורים ווי די דעמבן, האָבן זיך אַליין געלאָזט פאַרנאַרן קיין פּאָנאַר. און מיר אַלע האָבן געזען די רעגיסטראַציע און ניט געוואָרנט, און ניט פאָראויסגעפילט, אַז דאָ קומט פאַר אַ שוידערלעכע נאַרעריי. ביז איצט זענען מיר געגאַנגען געצוואונגענע, אָדער געכאַפּט אין די מאַלינעס. און איצט זענען אַוועק פינף טויזנט, ממש פרייוויליק צום טויט!... וואו איז אונזער יידישע קלוגשאַפט, אונזער חכמה?...

און מענטשן, וועלכע זענען ביז דאַן געווען ווייט פון יעדן ווידערשטאַנדס־געדאַנק, האָבן אָנגעהויבן צו רעדן צווישן זיך:

— מער וועלן מיר זיך ניט לאָזן פאַרפירן, אין קיין שום נסיעות ניט גלויבן, אויף טראַנספּאָרטן ניט גיין. דאָ שטאַרבן, אָדער אַרויסגיין אין וואַלד.

אַ סך זענען דאַן צוגעשטאַנען צו דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, און אַ סך האָבן אויף אייגענע הענט אָנגעהויבן גרופּנווייז זוכן וועגן, ווי אַרויסצוגיין פון געטאָ אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

## עדות פון פּאָנאַר

דעם 6טן אַפּריל אין דער פרי איז ווייס געקומען אין געטאָ און גערופן די געטאָ־פּאָליציי, בכדי מקבר צו זיין די מתים פון פּאָנאַר. עס זענען אַוועק צען יידישע געטאָ־פּאָליציסטן. דער געטאָ האָט אין טיפער געשפּאַנטקייט געוואַרט אויף זייער צוריקקום.

— וועלן די פּאָליציסטן צוריקקומען לעבעדיק פון פּאָנאַר? אָדער זיי וועלן נאָר מקבר זיין די מתים און דערשאָסן ווערן פון ווייסן? — האָט געפרעגט איינער דעם אַנדערן.

— אויב די פּאָליציסטן וועלן דערשאָסן ווערן, בלייבט אין זיי באַגראָבן אויף אייביק דער סוד פון פּאָנאַר, אויב אָבער מען וועט זיי אַרויסלאָזן פון פּאָנאַר און צוריקשיקן אין געטאָ, הייסט עס, אַז דער גאַנצער געטאָ איז פאַרמשפּט צום טויט, און די דייטשע מאַכט האַלט שוין פאַר איבעריק צו מאַכן פון פּאָנאַר אַ געהיימעניש. פאַר אַ פאַרמשפּטן צום טויט, לעזט מען אויף פריער איבער זיין אורטייל: זאָל ער וויסן...

ביינאַכט, האָבן די געטאָ־פּאָליציסטן זיך צוריקגעקערט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, טויט־מיד און אין אַ ווילדער שטימונג. און שפּעטער, האָבן זיי אַ גאַנצע נאַכט געטרונקען בראָנפן, ביז משוגענער שכרות.

אויף מאָרגן, האָט די געסטאַפּאָ גערופן יידישע פיזישע אַרבעטער פון געטאָ, בעלי־מלאכות און טראַנספּאָרטלערס, בכדי צו גיין קיין פּאָנאַר דאָרט צו מאַכן אָרדענונג. ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט, האָט מען זיי ממש ניט דערקענט אין זייערע פּנימער איז געלעגן אַ שוואַרצקייט און אין די אויגן האָט געברענט אַ לאחר־יאושדיקער פייער. זיי האָבן ניט געטרונקען, ניט געשיכורט, נאָר געקומען מיט פאַרקריצטע ציין אין די הייזער און דערציילט די שטוביקע, וואָס זיי האָבן געזען.

און אַזוי, פון מויל צו מויל, האָט זיך דער געטאָ דערוואוסט דעם אמת און די מוראדיקייט פון פּאָנאַר. אין יענעם אָוונט, ווען עס האָבן זיך צוריקגעקערט די אַרבעטער, בין איך אַקוראַט געוואָרן אַרויסגערופן צו אַ קראַנק קינד, שאַק, אויף סטראַשון־גאַס; זיין טאַטע האָט דאָרט דערציילט:

— איך בין אַריינגעפאַלן אין דער גרופּע, וועלכע מען האָט געררופן מאַכן אָרדענונג אין פּאָנאַר. אַ גאַנצן טאָג פּאָר אונז, האָבן דאָרט געאַרבעט די יידישע פּאָליציסטן, אָבער זיי האָבן ניט געקענט די אַרבעט פאַרענדיקן. אויף אַ ווייטן שטח פון פּאָנאַר, איבער אַ קילאָמעטער, זענען געלעגן מתים, דורכגעשאָסענע ביים אַנט-לויפן פון פּאָנאַר. אַנדערע זענען געלעגן ביי די סאַמע באַן־רעלסן, וואָס האָבן געפירט צו אַ פּלאַץ, וועלכער איז געווען אַרומגעצוימט מיט דראָט, און איבערן טויער אַן אויפשריפט:

„איינטריט אַוך פיר דויטשע אָפיצירע שטרענג פערבאָטן!"

דער פּלאַץ איז געווען באַדעקט מיט מתים. אַנדערע זענען געלעגן אין קופּעס, באַגאָסן מיט כלאָר. דער ווינט האָט אויפן פעלד געטריבן צעריסן פּאַפּיר־געלט. דאָס האָבן מענטשן געריסן זייער געלט פאַרן טויט, בכדי עס זאָל ניט אָנקומען צו די דייטשן. מיר האָבן די צעוואָרפענע מתים געטראָגן און צוזאַמענגעלייגט אין רייען. איינער פון אונז האָט דערקענט זיין ברודער פון שטעטל מיכאַלישאָק, און אין זיינער אַ קעשענע האָט ער געפונען אַ פאָטאָגראַפיע, האָט ער אַ קוש געטאָן די פאָטאָגראַפיע און מיטגענומען מיט זיך. ווען ווייס, וועלכער האָט דיריגירט מיט דער אַרבעט, האָט זיך פון אונז דערווייטערט, האָט זיך איינער פון אונז אוועק־געשטעלט און געזאָגט „קדיש", אַ קדיש נאָך די טויטע, וואָס ליגן אין די קברים פון פּאָנאַר, און אויך אונז אַלעמען, אויף וועמען עס וואַרטן נאָך די אָפענע גריבער. און מיר האָבן אַלע געזאָגט: „אמן".

## נעמען אָדער ניט נעמען די זאַכן פון די מתים ?

אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט די דייטשע מאַכט באַפוילן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, זי זאָל אַרויסשיקן פורן קיין פּאָנאַר צוזאַמענצונעמען די זאַכן פון די מתים. די בעסערע זאַכן זענען אָפּגעקליבן געוואָרן פון געסטאַפּאָ, און די ערגערע געלאָזט — אַ געשאַנק פאַר דעם געטאָ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געמורמל:

— ניט נעמען די זאַכן.

ווייזט אָבער אויס, אַז די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט געהאַט מורא זיך אָפּצוזאָגן פון דעם געסטאַפּאָ־געשאַנק — און מען האָט די פורן דאָך אַרויסגעשיקט.

אין אַ טויטער שטילקייט זענען געלעגן די גאַסן פון געטאָ. שטיל, לויהדיק זענען אַריינגעפאָרן דורכן געטאָ־טויער די פורן באַלאָדענע מיט זאַכן פון די מתים; פּעק, מאַנטלען, בגדים, פאַנען, טשאַיניקעס, לעבלעך ברויט, טליתים, פּאַטשיילעס, טערקישע שאַלן, קליינינקע קינדערשע היטעלעך. אַ סך פּעק פון די מיכאַלישקער און סווירער יידן זענען געווען ניט פונאַנדערגעפּאַקט און עס האָבן פון זיי אַרויס־געשריען די נעמען פון זייערע אינהאָבערס. יידן זענען געשטאַנען און מיט אַ געמורמל געלייענט די נעמען. אויף איינעם פון די פורן איז געלעגן אַ גרויסער ווייסער פּאַק; אויף אים — יידישע אותיות: גורוויטש פון סאָל. אויף אַן אַנדערער פור האָבן אַרויסגעשריען פּעק מיטן נאָמען סאָלאָדוכע. זענען געשטאַנען יידן און געלייענט די פאַמיליע־נעמען פון די פּעק, און געוואוסט, ווער עס איז אומגעקומען אין פּאָנאַר.

דער יידן־ראַט האָט באַשטימט אַ גאַנצע רייע מענטשן, בעיקר פרויען און עלטערע לייט, זיי זאָלן סעגרעגירן די זאַכן פון די מתים: אַ קלייד צו אַ קלייד, אַ

מאַנטל צו אַ מאַנטל, אַ לײַלעך צו אַ לײַלעך. די סאָציאַלע פֿאַרזאָרגונג בײַם ייִדן־ראַט האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרטיילן די זאַכן צווישן די אומפֿאַרמעגלעכע אין געטאָ. לכתחילה האָט דער עולם עס ניט געוואָלט נעמען: ווי טוט מען אָן אויף זיך בגדים פֿון דערמאָרדעטע? און שפּעטער האָט מען זיך שוין צוגעוואוינט צום געדאַנק, און מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן זיך צו כּאַרעַרייבן אין דער רייע, בכדי צו באַקומען זאַכן פֿון די מתים. די, וואָס האָבן זיך דעצידירט צו נעמען די בגדים, פֿלעגן זאָגן:

— אויב מיר וועלן ניט נעמען, וועלן עס די דײַטשן שפּעטער צונעמען. עס גייען שווערע צײַטן, אַ בגד קען צונוץ קומען אין די קאַלטע טעג, ווי אויך צום פֿאַרקויפֿן אין הונגערצײַטן. די מתים וועלן זײַן צופֿרידן, ווען עפּעס פֿון זייער איבערבליי־בעניש וועט העלפֿן ייִדן דורכשטופּן די צײַט פֿון געטאָ.

און מען האָט גענומען די זאַכן.

## געראַטעוועטע פֿון פּאָנאַר

אין אַ פּאָר טעג נאָך דער אַקציע „קאָוונע" — האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין געטאָ אַ קלאַנג:

— ס׳זענען דאָ געראַטעוועטע פֿון פּאָנאַר; ס׳זענען דאָ אַנטלאָפֿענע. זיי באַהאַלטן זיך אויס אין די וועלדער. אַ טייל איז שוין אַרײַן אין געטאָ. אויפֿן פֿערטן טאָג נאָך דער אַקציע איז געקומען אין שול־מעדיצינישן־צענטער אַ פֿרוי, גאָלדע תּפּוח, מיט צוויי קינדערלעך: אַן אַכט־יאָריקן ייִנגל און צוועלף־יאָריק מיידל, און געזאָגט:

— כ׳האָב דאָ געבראַכט צוויי אַנטלאָפֿענע קינדער פֿון פּאָנאַר. קינדער פֿון מײַן שוועסטער. גיט אַן עצה, ווי אַזוי זיי צו באַשפּײַזן, און די געטאָ־פּאָליציי זאָל ניט וויסן און זאָל זיי ניט צונעמען פֿון מיר...

די קינדער האָבן דערציילט:

— מיר זענען געפֿאָרן פֿון שטעטל סאָל. בײַ די פֿאַרקראַטעוועטע פֿענצטער פֿון וואַגאָן זענען געשטאַנען ייִדן און געקוקט וואו מען פֿאָרט. פּלוצעם האָט די באַן זיך אָנגעהויבן אָפּצושטעלן: אפשר אַ סטאַציע?... די מענטשן, וואָס האָבן געקוקט דורכן פֿענצטער האָבן דורכגעלייענט פֿון ווײַטן אַן אויפֿשריפֿט און אים אויסגע־שריען מיט שרעק: פּאָנאַר!... עס איז געוואָרן אַ געוויין, מען האָט זיך געריסן די האָר פֿון קאָפּ, געקלאַפּט זיך מיט די קעפּ אין די ווענט פֿון וואַגאָן, בכדי קענען אַרויסלויפֿן. מיר זענען געווען פֿון די ערשטע דרײַ וואַגאָנען, וואָס זענען אָנגעקומען קיין פּאָנאַר. די וואַגאָנען האָט מען פּלוצעם געעפֿנט, מען האָט אונדז אַרויסגעטריבן נעבן די באַן־רעלסן, און מיר האָבן דערזען פֿאַר זיך אַ לאַנגען, לאַנגען באַן מיט אַ סך וואַגאָנען; נעבן יעדן וואַגאָן פֿון ביידע זײַטן זענען געשטאַנען גרופּן באַ־וואָפֿנטע ליטווינער מיט ביקסן אין די הענט. מיר האָבן דערזען: ס׳איז שלעכט. ניטאָ קיין האָפֿענונג. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען: מען וועט אונדז דאָ אויסשיסן. פֿון פּאָנאַר גייט מען ניט אַרויס קיין לעבעדיקע... די סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן אונדז צו טרײַבן מיט זייערע קאָלבעס און נאַגייקעס אויף אַ פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט דראָטן. פּלוצעם האָט איינער אַ בחור זיך אַ ריס געטאָן און אָנגעהויבן צו לויפֿן. די געסטאַפּאָ און ליטווישע זעלנער האָבן אים נאָכגעשאָסן. די מאַמע האָט געגעבן אַ געשריי:

— קינדער, לאָמיר לויפֿן!

זי האָט אונז אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און מיר זענען געלאָפן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג פון דער, וואו דער בחור איז געלאָפן. גלייכצייטיק האָבן אָנגעהויבן לויפן אין אַלע זייטן מענער, פרויען און קינדער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. קוילן זענען אונז נאָכגעפלויגן און געזשומעט פאַרביי אונז, נעבן אונזערע פיס. מענטשן זענען געפאַלן. מענטשן זענען געלאָפן. אַ קויל האָט געטראָפן די מאַמען אין מיטן לויפן. זי איז געפאַלן און אויסגעשריען:

— קינדער, לויפט ווייטער!

מיר זענען געלאָפן, געלאָפן, און אַז עס פלעגן רוישן די קוילן, פלעגן מיר זיך ריטשען אויף אַלע פיר צווישן גראָז און קליינע קוסטעס. אַזוי זענען מיר דערלאָפן ביז אַ וואַלד. עס איז שוין געוואָרן פינצטער. מיר זענען געזעסן אין דער פינצטער־ניש, צוגעטולעט איינער צו דעם צווייטן. פון ווייטן האָט זיך עפּעס באַוועגט. מיר האָבן געהערט יידישע שטימען. עס זענען געגאַנגען אַנטלאָפענע יידן... פאַרטאָג האָבן מיר דערזען, אַז אין וועלדל בלאָנדזשען אַ סך יידן. עס זענען צווישן זיי געווען אַ סך קינדער. מיר האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג אויסבאַהאַלטן צווישן געדיכטע קוסטעס, מען זאָל אונז ניט באַמערקן, און ביינאַכט האָבן מיר אָנגעהויבן צו גיין ווייטער... אַ נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געבלאָנדזשעט אין די וועלדער. אין דער פרי האָבן מיר דערזען, אַז עס גייען ניט ווייט פוילישע מענער און פרויען, האָבן מיר זיך ווידער באַהאַלטן: געהאַט מורא, אַז זיי זאָלן אונז ניט אַרויסגעבן צו די דייטשן. מיר זענען געווען הונגעריק און פאַרמאַטערט. און אָט האָבן מיר דערזען אַן אַלטן פּויער, קוים וואָס ער שלעפּט זיינע פיס. מיר האָבן צו זיך געזאָגט:

— ער וועט אונז קיין שלעכטס ניט טאָן...

זענען מיר צו אים צוגעגאַנגען און דערציילט, אַז מיר זענען יידישע קינדער אַנטלאָפענע פון פּאָנאַר. האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געגעבן אונז שטיקלעך ברויט און געזאָגט:

— קינדער, ניט ווייט געפינט זיך דאָס אָרט פּאָרובאַנעק. דאָרט שטעלן זיך אָפּ אַ סך אַעראָפּלאַנען. דאָרטן אַרבעטן הונדערטער יידן פון ווילנער געטאָ. אייערקע וועלן אייך שוין ווי עס איז ראַטעווען.

ער האָט אונז געוויזן ווי צו גיין. פון ווייטן האָבן מיר דערזען אַ ייד מיט אַ געלער לאַטע. ער איז געגאַנגען נאָך וואַסער. האָט ער אונז באַמערקט, רחמנות געהאַט, געבראַכט עסן פון זיין עסן. שפּעטער זענען געקומען נאָך עטלעכע יידן, אַרבעטער פון פּאָרובאַנעק, אונז איבערגעקליידט, מיר זאָלן אויסזען ווי גרויסע, און אונדז אַריינגעשמוקלט מיט אַ פּאַרטיע יידן אין געטאָ.



אין משך פון אַ קורצער צייט זענען אָנגעקומען אין געטאָ הונדערטער אַנטלאָפענע, דאָס רוב קינדער. ווייזט אויס, אַז אַ קינד איז געווען לייכטער צו אַנטלויפן און ניט באַמערקט צו ווערן אויף די וועגן. אין געטאָ האָט מען געשאַצט, אַז עס זענען אַנטלאָפן קרוב פינף הונדערט מאַן. קיין גענויע צאָל האָט מען ניט געוואוסט, ווייל די אַנטלאָפענע זענען געווען בעלמים, באַהאַלטענע, געהאַט מורא, אַז די געטאָ־פּאָליציי זאָל זיי ניט אַרויסגעבן צו די דייטשן, אויב זיי וועלן פאָדערן די אַנטלאָפענע פון פּאָנאַר. די אַנטלאָפענע פלעגן זיך אַליין וואונדערן:

ווי אַזוי איז זיי איינגעפאַלן דער געדאַנק צו לויפן פון פּאָנאַר. צענדלינגער טויזנטער האָט מען געפירט קיין פּאָנאַר, און זיי זענען ניט געלאָפן. עס האָט פּאַראַליזירט זייער רצון, דאָס געפיל פון אַן אַבסאָלוטן יאוש. דאָס באַוואוסטזיין, אַז עס איז נישטאָ וואו צו אַנטלויפן, אַז קיינער וועט זיי צו זיך אין שטוב ניט אַריינגעמען. עס איז געווען כמעט אַ זיכערקייט, אַז אַ סך פּוילישע און ליטווישע פּאַרבייגייערס וועלן זיי פרייוויליק אַרויסגעבן אין די הענט פון די דייטשן...

מענטשן האָבן צווישן זיך דאַן גערעדט:

און דאָך גיט דאָס אַנטלויפן אַ געוויסן שאַנס פאַר אַ קליינעם פּראָצענט מענטשן צו ראַטעווען זייער לעבן, ווען עס איז דאָ אַ נאָענטער עיר מקלט ווי דער געטאָ און מען קען אַריינלויפן און דאָרט זיך באַהאַלטן. וואָס וועט אָבער זיין אין טאָג פון געטאָ־ליקווידאַציע?... צי קענען דען לויפן צענדלינגער טויזנטער מענטשן אומ־באַמערקבאַר? און וואו וועלן זיי לויפן?... ווער וועט זיי אַריינלאָזן צו זיך?...

אינגאַנצן אַ פערציק קילאָמעטער פון ווילנע ציען זיך די גרויסע וועלדער. אָבער ווי לויפט מען דורך אָט דעם קליינעם מרחק? ווען די וועגן זענען אויסגעשטעלט מיט דייטשער וואַך, און ווען יעדעס פּוילישע און ליטווישע יינגל קען די יידן אויסליווערן אין די הענט פון געסטאַפּאָ? זיינע עלטערן האָבן אים ניט געלערנט צו האָבן מיטלייד צום יידן; פאַרקערט, זיי האָבן אים געלערנט צו זען אין יידן דעם מקור פון בייז, פון וועלכן מען דאַרף פטור ווערן, און וועלכן עס איז אַ מצוה צו יאָגן, טרייבן, שלאָגן און פאַרביטערן דאָס לעבן. —



נאָך דער אַקציע „קאָוונע" האָבן אַלע יידן פאַרשטאַנען, אַז דער גורל פון געטאָ איז געחתמעט. אויב די דייטשן האָבן געלאָזט לעבן די געטאָ־פּאָליציסטן און אַר־בעטער, וועלכע האָבן מקבר געווען די מתים פון פּאָנאַר, אויב זיי האָבן געלאָזן אַרומ־גיין אין געטאָ די אַנטלאָפענע, הייסט דאָס, אַז קיינער וועט פון געטאָ ניט אַרויסגיין לעבעדיק און וועט ניט קענען זיין אַ עדות פון זייערע גרויזאַמקייטן

אילוזיע נאָך אילוזיע האָבן געפּלאַצט:

— אַרבעט פאַרן דייטש קען ניט העלפן — והא ראיה — צווישן די אומגע־קומענע אויף דער נסיעה קאָוונע זענען דאָך געווען אַרבעטער פון די דייטשע איינהייטן: הייסט דאָס — מען קען אויסקומען אָן יידישער אַרבעט. יונגער עלטער קען ניט ראַטעווען, ווייל די אַבסאָלוטע מערהייט פון טראַנספּאָרט קאָוונע איז געווען יוגנט אין בליענדיקן עלטער. ס'איז צו זען, אַז דער דייטש וויל פטור ווערן ניט נאָר פון אַלטן, שוואַכן און קינד, נאָר אויך פון יונגן און געזונטן ייד. אין יונגן ייד זעט ער, ווייזט אויס, פאַר זיך אַ סכנה: דער יונגער ייד קען זיך ווידערשטעלן. יעקב גענס פּאָליציי קענען ניט העלפן. אויב די געטאָ־פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז „קאָוונע" איז פּאָנאַר, זענען זיי דאָך די שענדלעכסטע בוגדים! האָבן זיי ניט גע־וואוסט, און זיי האָט מען אויך אָפּגענאַרט, זענען זיי דאָך אַזוי שוצלאָז ווי אַלע יידן און קענען ניט העלפן, ניט וועמען ניט איז און ניט זיך זעלבסט.

## די עלעגיע „קאָוונע־פּאָנאַר"

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער גאַנצער געטאָ געזונגען אַן אומעטיק פֿאָלקס־ליד: די עלעגיע „קאָוונע־פּאָנאַר". דער מחבר איז מיר אומבאַקאַנט, און איך דערמאָן זיך ניט, צי ווער ניט איז אין געטאָ האָט געוואוסט זיין נאָמען. דער ניגון איז פון רוסישן ליד „קאַטשעגאַרי":

אַרויס איז אין ווילנע אַ ניַיער באַפעל
צו ברענגען די יידן פון שטעטלעך.
געבראַכט האָט מען אַלע פון יונגע ביז אַלט,
אפילו אויך קראַנקע אויף בעטלעך.

צונויפגעשפּאַרט האָט מען דעם לאַגער,
מען האָט זיי גענומען פאַרמירן,
אַשמענער יידן — אין ווילנע צו בלייבן,
און סאָלער — אין קאָוונע צו פירן...

אַרויסגעפירט האָט-מען פון דעם לאַגער...
יונגע און פרישע קרבנות...
אַריינגעשפּאַרט האָט מען זיי אַלעמען גלייך,
אין די זעלבע פאַרמאַכטע וואַגאָנעס.

דער צוג איז זיך לאַנגזאַם געפאָרן...
געפייפט און געגעבן סירענעס.
סטאַציע פּאָנאַר... דער צוג שטעלט זיך אָפּ.
מען טשעפּעט דאָרט אָפּ די וואַגאָנעס...

זיי האָבן דערזען, אַז מען האָט זיי פאַרפירט,
מען פירט צו דער שרעקלעכער שחיטה.
זיי האָבן געבראָכן די טיר פון וואַגאָן,
גענומען אַליין מאַכן פליטה.

זיי האָבן געוואָרפן זיך אויף דער געשטאַפּאָ,
און זיי די קליידער צעריסן,
געבליבן איז ליגן לעבן די יידן
עטלעכע דייטשן צעביסן.

ס'האָבן די יידן פון דער פּראָווינץ
געגעבן פינף טויזנט קרבנות...
ס'האָבן די דייטשן אין געטאָ געשיקט
די זאַכן פון זיי אַלס מתנות...



אַ ווילנער פאַרטיזאַנער-משפחה (פּאָטער און זין פּעגאָאוסאָוו) ביים אויסאַרבעטן געווער.

# 4. די ערשטע קאָנטאַקטן מיטן וואַלד

פאַרשידענע אָרגאַניזירטע און ניט אָרגאַניזירטע קרייזן אין געטאָ האָבן געזוכט וועגן, ווי אַזוי אָנצובינדן דעם קאָנטאַקט מיטן „וואַלד".

„וואַלד" — איז געווען לכתחילה אַ ניט גאָר דעפינירטער באַגריף. פאַר די ניט אָרגאַניזירטע האָט עס געהייסן: ווי עס איז דורכשטופּן די צייט אין אַ וואַלד־באַהעלטעניש, זוכן שפּייז, הילף און שוץ ביי די פּויערים מיט גוטע הערצער. ביי די אָרגאַניזירטע גרופּן האָט וואַלד באַדייט: פאַרבינדן זיך מיט פּאַרטיזאַנער און געמיינזאַם פירן דעם קאַמף קעגן שונא.

ווער איז אַ פּאַרטיזאַנער? איז אויך לכתחילה ניט געווען קיין קלאָרער באַגריף, ווייל אין די וועלדער פון ווילנער אומגעגנט האָבן זיך אַרומ־געדרייט פאַרשידענע גרופּן מענטשן, וועלכע מען האָט אָנגערופן מיט אַ שם כולל פאַרטיזאַנער. צווישן זיי זענען געווען: סאָוועטישע פּאַראַשוטיסטן, רויטע אַרמייער, איבערגעבליבענע נאָכן סאָוועטישן ריקצוג פון לימע און ווייסרוסלאַנד; פּוילישע און ליטווישע יוגנט, וועלכע איז אַנטלאָפן פון די דייטשע רעקרוטירונגען צום מיליטער און צו צוואַנגס־אַרבעט, צווישן זיי נאָר ווינציקער פּראָסאָוועטישע גרופּן. דאָס רוב פון די אַנטלויפערס זענען געווען פאַשיסטן, רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטישע גרופּן. אין די וועלדער האָבן אויך געוואַנדערט סתם רויבער־באַנדעס, וועלכע פלעגן באַפאַלן אַרומיקע וועלדער און דורכגייערס.

עס זענען געווען אַ סך פאַלן, ווען יידן פון ווילנער געטאָ, וועלכע האָבן ניט גע־וואוסט וועגן די קאָנספּיראַטיווע אונטערערדישע קאַמפסגרופּן, זענען אַליין אַרויס אין וואַלד און דאָרטן אומגעקומען פון די הענט פון די פאַשיסטישע פּאַרטיזאַנער און באַנדיטן־באַנדעס. גיך האָבן אויך פּריוואַטע, ניט אָרגאַניזירטע פּערזאָנען פאַרשטאַ־נען, אַז בכדי אַרויסצוגיין אין וואַלד, דאַרף מען האָבן געווער, זיך אָרגאַניזירן אין גרופּן, און האָבן צוגעגרייט קאָנטאַקט מיטן וואַלד. דאָס האָט זיי געשטופּט צוצושטיין צו די עקזיסטירנדיקע קאַמפסגרופּן אין געטאָ. פון דער יידישער פּראָווינץ האָבן זיך אָן אַן אויפהער געצויגן יחידים און גרופּן אין וואַלד, — און ווען מען האָט די פּראָ־ווינצער יידן געבראַכט אין ווילנער געטאָ — האָבן פון זיי אַ סך זיך אָנגעשלאָסן צו פ.פ.אָ. און צו דער קאַמפסגרופּע יחיאל. און אַ גאַנצע רייע פון זיי זענען אויף איי־גענער האַנט אַרויס אין וואַלד אויפן הפקר פון גורל.

פ.פ.אָ. האָט געזוכט קאָנטאַקטן מיט די וועלדער פון ווילנער אומגעגנט; יחיאל שיינבוימס קאַמפסגרופּע האָט דאָס זעלבע געטאָן; ווי אויך די יידן פון דער פּראָווינץ.



אין פעברואַר 1942 האָט דער פ.פ.אָ.־חבר צבי ראָזאָנאָוויטש גע־בראַכט אין געטאָ די ידיעה, אַז אין די וועלדער פון ווילנער אומגעגנט, ניט ווייט

פון ביאַלאַוואַקאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ פּאַראַשוטיסטן-גרופּע. וויטענבערג איז אַוועק אין ביאַלאַוואַקאַ און אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט דער פּאַראַשוטיסטן-גרופּע. זיי האָבן אָנערקענט דעם פּ.פּ.אָ. אַלס אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וועלכע איז אָנגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג.

עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן, אַז פּ.פּ.אָ. וועט דורכפירן שפּיאָנאַזש-אַרבעט אין אַלע וויכטיקע דייטשע סטראַטעגישע אוןווירטשאַפטלעכע פּונקטן און וועט עס צו־שטעלן צו פּאַראַשוטיסטן, ווי אויך, אַז פּ.פּ.אָ. וועט צוזאַמען מיט די פּאַראַשוטיסטן אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנישע דיווערסאַנטן באַזע, און די פּאַראַשוטיסטן וועלן געבן הילף פאַר פּ.פּ.אָ. אין געטאָ.

די פּאַראַשוטיסטן־גרופּע איז שפּעטער פאַרראַטן געוואָרן דורך די פּויערים פון דער אומגעגנט און איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די דייטשן.



פּ.פּ.אָ. האָט דאַן אַרויסגעשיקט סאָניע מאַדייסקערן און צעסיאַ ראָזענבערגן צו זוכן וועגן, ווי דורכצורייסן די סאָוועטיש־דייטשע פראָנטליניע און דערגרייכן קיין מאָסקווע, בכדי איבערצוגעבן דאָרטן בנוגע דעם דייטשן בלוט-טעראָר און אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט די צענטראַלע פּאַרטיזאַנער־אינסטאַנצן. אבא קאָוונער און חיהקע גראָס-מאַן האָבן צוגעגרייט פאַר זיי פאַלשע דאָקומענטן. זיי זענען באַזאָרגט געוואָרן מיט אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל און וועגן דייטשן טעראָר, ווי אויך מיט מיליטערישע אינפאָרמאַציעס. ביי פּאָלאָצק זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן; זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן. ביי וועליקי לוקי, צוועלף קילאָמעטער פון פראָנט, זענען זיי ווידער פאַר-האַלטן געוואָרן, ווידער אַנטלאָפן קיין פּאָלאָצק, דאָרט ווידער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַן אַנדערער פּאָליציי־גרופּע און געבראַכט געוואָרן קיין ווילנע, וואו זיי איז געלונגען אויף דער באַן־סטאַציע נעלם צו ווערן. אַזוי אַרום איז ניט צושטאַנד גע־קומען דער פּרואוו פון פּ.פּ.אָ. צו פאַרבינדן זיך מיט מאָסקווע.



פּ.פּ.אָ. און יחיאלס גרופּע האָבן געזוכט קאָנטאַקטן מיט דער פּוילישער אונטער-ערדישער באַוועגונג. זי האָט אָבער געטראָגן אַ בולטן אַנטיסאָוועטישן און אַנטיסע־מיטישן כאַראַקטער. זייער פלוג־בלעטל „ניעפּאָדלעגלאָשטש" (זעלבשטענדיקייט) איז געווען פול מיט שנאה צום סאָוועטישן מיליטער, און מיט קאַלטער צופרידנהייט פלעגט דאָרט דערציילט ווערן וועלכע פּוילישע שטעט זענען שוין יידן־ריין. יעדעס מאָל ווען אַזאַ פלוג־בלעטל איז אַריינגעפאַלן אין געטאָ, פלעגט עס אַרויסרופן אַנטוי־שונג און יאוש, ווייל עס האָט איבערגעצייגט די יידן, אַז זיי זענען איינזאַם אין זייער קאַמף, און אָן אויסזיכט אויף הילף מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג.

דער פּ.פּ.אָ. האָט דאַן מיט דער הילף פון וויטענבערג אָנגעשלאָסן ענגע קאָנ־טאַקטן מיט דער אַנטשטייענדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און קאָמוניסטישער ווי־דערשטאַנדס־באַוועגונג אין שטאָט בראש, פון וועלכער עס איז געשטאַנען וו י־ט אָ ס, געוועזענער ראש פון ווילנער שטאָט-ראַט אין צייט פון די סאָוועטן. עס איז אַנטשטאַנען דאַן אַ געמיינזאַמער שטאַב פאַר פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט אויף די שטחים פון ליטע, מיט וויטאַסן בראש; אַלס פאָרשטייער פון פּ.פּ.אָ. איז דאָרט געווען וויטענבערג.

אין פרילינג 1943 זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז אין די וועלדער איז טעטיק אַ ווייסרוסישע פּאַרטיזאַנער-בריגאַדע אונטער דער פירונג פון מאַר־קאָוו, און אַ ליטווישע בריגאַדע אונטער דער פירונג פון יורגיס. דער פּאַרטיזאַנער-שטאַב פון ווילנע, אונטער דער פירונג פון וויטאַסן, שטעלט זיך מיט די אויבנדערמאָנטע גרופּן אין קאָנטאַקט, וואָס איז לכתחילה געווען נאָך זייער שוואַך.

דער שטאַב פון פ.פּ.אָ. האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון מאַרקאָוון, אין וועלכן ער האָט גערופן די יוגנט פון געטאָ אַרויסצוגיין אין וואַלד און אָנשליסן זיך אין זיין בריגאַדע. די שטעלונג פון פ.פּ.אָ. שטאַב איז געווען אָבער — ווידערשטאַנד אין געטאָ גופא, און ערשט נאָכן קאַמף אַדורכרייסן זיך אין וואַלד.

די פאַרשטייער פון פ.פּ.אָ. האָבן געפאָדערט פון דעם פּאַרטיזאַנער-שטאַב אין ווילנע, ער זאָל צוגרייטן באַהעלטענישן אין שטאָט, אין פאַל, אויב מען וועט דאָרטן דאַרפן אויסבאַהאַלטן די קעמפערס פון פ.פּ.אָ. — ווי אויך צוצוגרייטן ניט יידישע קאַמפסגרופּן, וועלכע זאָלן אין שעה פון קאַמף אין געטאָ, אויספירן סאַבאָ־טאַזש־אַקטן אין שטאָט און דערמיט דערטיילן הילף די קעמפנדיקע אין געטאָ.

ווי מען האָט דערציילט, האָט דער פ.פּ.אָ. שטאַב איבערגעגעבן אַ געלטסומע ווי־טאַסן, בכדי איינצוקויפן געווער און אויסבאַהאַלטן יידישע קעמפערס אין שטאָט. אויף ווי ווייט ס'איז מיר באַקאַנט איז קיין געווער ניט געקויפט געוואָרן, און ס'איז אויך ניט געשאַפן געוואָרן קיין באַהעלטענישן אין שטאָט פאַר די יידישע קעמפערס.

דערווייל האָט געסטאַפּאָ אַרעסטירט קאָזלאָווסקי, וועלכער האָט דער־מעגלעכט דעם קאָנטאַקט פון פ.פּ.אָ. מיט וויטאַסן. נאָכדעם איז אויך אַרעסטירט גע־וואָרן וויטאַס, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַנגען אין תפיסה, בכדי בשעת די געסטאַ־פּאָ־פּייניקונגען זאָל ער ניט אַרויסגעבן די חברים. געסטאַפּאָ איז געפאַלן אויף די שפּורן פון דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג אין ווילנע, און געזוכט אירע אָנפירערס הן אין שטאָט, און הן אין געטאָ.



אין דער זעלבער צייט האָט יחיאלס גרופּע אָנגעשלאָסן אַ קאָנטאַקט מיט ווייס־רוסישע פּאַרטיזאַנער.

אין ביאַלאָוואַקאַ הינטער ווילנע האָבן געאַרבעט ביי טאָרף עטלעכע הונדערט יידן; צווישן זיי איז אויך געווען מיצקע באַסטאַמסקי מיט זיין משפחה. מיצקע באַסטאַמסקי איז געווען פאַר דער מלחמה אַ וואַלד־סוחר, האָט ער זיך גוט געקענט מיט די פויערים פון די וועלדער אַרום ווילנע. ער האָט זיך באַ־קענט מיט די פויערים ראַמקאָ און ניקאָלייטשוק, צוויי טאַטאַרן פון דאָרף סאראַק טאַטאראָוו, עטלעכע קילאָמעטער הינטער ביאַלאָוואַקאַ. פון זיי האָט ער זיך דער־וואוסט, אַז אין דער רודניצקער פּושטשע, וועלכע הויבט זיך אָן הינטער סאראַק טאַטאראָוו, זענען שוין דאָ עטלעכע צענדלינג גוט באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער. דער פויער ראַמקאָ פלעגט קומען אין ווילנער געטאָ און פירן האָלץ פאַר דער בעקעריי פון וואַרשאַווטשיק. די ברידער הערשקע און ליאַלקע וואַרשאַווטשיק האָבן געהערט צו דער קאַמפסגרופּע יחיאל; מיצקע באַסטאַמסקי איז געווען אַ קרוב פון די וואַר־שאַווטשיקס.

דורך דעם דאָזיקן צופאַל האָט די קאַמפסגרופּע יחיאל באַקומען דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער פון רודניצקער פּושטשע. ס'איז געווען אַקוראַט נאָך

דער אַקציע קאָווגע-פּאַנאַר און דער שטאַב פון איליאַס גרופּע האָט באַשלאָסן אַרויס-צושיקן די ערשטע גרופּע אין רודניצקער פּושטשע.



צום אָנבינדן דעם קאָנטאַקט צווישן יחיאלס קאַמפּסגרופּע מיט די פּאַרטיזאַנער האָט אַ סך מיטגעהאָלפן ח יי ם  ס א ל ץ, מיטן צונאָמען „חיים דער גראָבער", דאָס איז געווען אַ פּשוטער ייד פון שטעטעלע אָלקעניק, וועלכער איז אַוועק אין וואַלד אין צייט פון די שחיטות אין אָלקעניק. דאָרט האָט ער געטראָפן אַ פּאַרטיזאַנער-גרופּע, געקומען אין ווינטער 1941, אָנגעפירט פון זיין חבר  ג ע ר ו ו י ל א ו ו ס ק י, אַ פויער פון 70 יאָר. וועמען די פּאַרטיזאַנער האָבן אָנגערופן מיטן נאָמען באַטיא. חיים סאלץ איז געקומען אין געטאָ, געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט יחיאל שיינבוימען און אים פאַרגעלייגט העלפן אַרויסצופירן יידן אין וואַלד.



אין דער נאַכט פון 20טן אויפן 21טן אַפּריל 1943 האָט אַ גרופּע פון יחיאלס קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין באַשטאַנד פון 28 מאַן פאַרלאָזן דעם ווילנער געטאָ דורך אַ בוידעם פון דייטשער גאַס 21. די גרופּע איז געווען אָנגעפירט דורך באַריע פריד-מאַן און באַגלייט פון מיצקע באַסטאַמסקי. צו דער גרופּע האָבן געהערט מענטשן פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, ווי אויך סתם יידן, דאָס איז געווען די ערשטע אָרגאַ-ניזירטע פּאַרטיזאַנער-גרופּע, וואָס איז אַרויס פון געטאָ. ניט אויסגעשלאָסן, אַז ניט אָרגאַניזירטע גרופּן זענען נאָך פריער אַרויס אין וואַלד.



באַרקע פרידמאַן איז געווען מיינער אַ שול-חבר אין ווילנע, וואו מיר האָבן גע-הערט צו איין ליטעראַרישן קרייזל. שפּעטער זענען מיר זיך צעגאַנגען אין פאַר-שידענע פּאָליטישע פּאַרטייען און באַרקע פרידמאַן פלעגט אָפט אויפרייסן מיטינגען אויף וועלכע איך פלעג אַרויסטרעטן. דאָך האָבן מיר געלעבט אין פריינדשאַפט. נאָך דעם אויפגעריסענעם מיטינג פלעגט ער מיר זאָגן:

„כ'האָב געמוזט לויטן אויפטראַג פון מיין באַוועגונג. אָבער חברים בלייבן מיר".

אין געטאָ איז ער געווען לכתחילה אַ פּאָליציסט און דערנאָך אַוועק פון געטאָ-פּאָליציי — ניט געקענט מיטמאַכן די באַרבאַרישע מעטאָדן. אין געטאָ האָבן מיר זיך אָפט געטראָפן. כ'פלעג אויך וויזיטירן אַלס דאָקטאָר זיין קינד. ווינטער 1941 בשעת אַ באַגעגעניש, איז ביי אונז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן אַ ברית עברית. פון דעמאָלסט אָן האָט ער זייער ענערגיש געאַרבעט אין ברית עברית און בעיקר געווידמעט זיין צייט פאַרן העברעאישן כאָר. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו גיין פאַרטראַכט און פאַרסודעט. ער איז אויך דאַן ניט געווען שוה בשוה מיט גלאַזמאַנען, צוליב וועלכע סיבות איז מיר ניט געווען באַקאַנט. ער האָט זיך דאַן שטאַרק באַ-פריינדעט מיט יחיאל שיינבוים, וועלכער האָט מיט התלהבות געפריידיקט דעם גע-דאַנק וועגן זעלבשטענדיקע יידישע קאַמפּסגרופּן אין די וועלדער; און איינמאָל, דעם 20סטן אַפּריל 1943 איז ער אַריין צו מיר אין שול-מעדיצינישן פּונקט, מיך אַרויס-גערופן פון דער אַרבעט און געזאָגט:

— הער צו! היינט גייען מיר אַרויס אַ גרופּע אין וואַלד. מער קען איך שוין ניט אויסהאַלטן די געטאָ - באַדינגונגען. די פרוי און דאָס קינד

וועל איך שפּעטער אָפּנעמען, ווייל עס קענען גיין איצט נאָר מענער. שאַפט גלייך סאַניטאַר מאַטעריאַל פאַר אונזער גרופּע. אין געטאָ־שפּיטאָל זאָל מען זיך אָבער ניט אָריענטירן צו וועלכן צוועק.

באַרקע איז געבליבן אין שול-מעדיצינישן פּונקט. איך בין געגאַנגען אין דער מאַנסאַרדע פון זאַוואַלנע 44, געכאַפּט אַ פּעקל באַהאַלטענע וואַטע, באַנדאַזשן, יאָד, טאַבלעטן, איינשפּריצונגס-אַפּאַראַטן, אַמפּולן, דאַן בין איך אַריין אין געטאָ-שפּיטאָל, געזאָגט, אַז איך האָב אַן אָנפאַל פון נירן-שטיינער און באַקומען עטלעכע מאָרפיום-אַמפּולן צו שטילן ווייטיקן און געבראַכט עס באַרקע פרידמאַנען.

— אט איז דאָס נויטיקסטע צו ערשטע הילף. הלואי מען זאָל עס ניט דאַרפן באַנוצן.

— זאָלסט זאָרגן וועגן געזונט פון מיין קינד. די פרוי זאָלסטו זאָגן, אַז כ׳וועל זי אַריבערנעמען אין וואַלד.



אויף מאָרגן האָט דער געטאָ געוואוסט: אַ פּאַרטיזאַנער-גרופּע איז אַוועק אין וואַלד. קינד און קייט האָט זיך עס איבערגעגעבן פון מויל צו מויל. מען האָט זיי מקנא געווען: זיי וועלן איצט לעבן אָדער שטאַרבן ווי פרייע מענטשן.

יעקב גענס האָט אויסגערופן אויף פּאַרזאַמלונגען, קריטיקירט די אַוועקגייענדיקע, אָנגערופן זיי אַלס פ ח ד נ י ם, וואָס זענען אַנטלאָפן, בכדי זיך אַליין צו ראַטעווען און זייערע משפחות האָבן זיי איבערגעלאָזן אין געטאָ.

וואָס איז געווען דער גורל פון דער ערשטער גרופּע ? ווי עס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, האָט די גרופּע אויף איר וועג באַרירט ביאַלאַוואַקאַ, וואו עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די זעקס ביאַלאַוואַקער יידן מיט די צוגערויבטע ביקסן ביי די ליטווינערס. באַרקע פרידמאַן האָט געדאַרפט צושיקן אַ ידיעה לויט אַן אָפּגערעדטן פּאַראָל. עס זענען אָבער אַריבער איניקע וואָכן און עס איז קיין ידיעה נישט אָנגעקומען. דאַן האָט יחיאלס קאַמפּס־גרופּע אַרויסגעשיקט צו ראַמקאַ די חברים מיצקע ליפּנהאָלץ און הירשקע וואַרשאַווטשיק. זיי זענען צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אַז באַרקע פרידמאַן איז אָנגעקומען אויף אַן אָרט אין וואַלד. מערער האָט מען פון באַרקע פרידמאַנען נישט געהערט.

דאָס אַרויסגיין אין וואַלד פון דער פּאַרטיזאַנער-גרופּע האָט אַרויסגערופן מצד דער געטאָ־פּאָליציי רעפּרעסיעס, צווישן אַנדערע איז לעאָ בערשטיין דאַן אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין אַמט אַלס לייטער פון דער קולטור־אָפּטיילונג.



אַ סך שפּעטער האָט מען דערציילט פּאָלגנדיקע פּרטים וועגן דעם גורל פון דער ערשטער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. זיי זענען אָנגעקומען אין וואַלד אין דער צייט פון אַ בלאָקאַדע. זיי האָבן זיך געדרייט אין די אַרומיקע דערפער, ביז וואַנעט זיי זענען פאַרפאָרן אין אַ כוטאָר אַרום פּושטשע, וואו זיי זענען געווען אַ לענגערע צייט. דער אייגנטימער פון כוטאָר, אַ פּאָליאַק, האָט אַראָפּגעבראַכט צו זיך אין שטוב אַלס קרובים פאַשיסטישע פּוילישע פּאַרטיזאַנער. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאַמף, בשעת וועלכן כמעט די גאַנצע יידישע פּאַרטיזאַנער-גרופּע איז אומגעקומען. צווישן די געפאַלענע איז געווען אויך באַרקע פרידמאַן.

ווען עס האָבן אין די וועלדער זיך באַוויזן מערערע יידישע פּאַרטיזאַנער, איז אַ גרופּע פון זיי געקומען נעמען נקמה פאַרן בלוט פון דער ערשטער יידישער פּאַרטיזאַנער-גרופּע. זיי האָבן די מענטשן פון פאַררעטערישן כוטאָר דערשאָסן און די שטוב פאַרברענט.



דעצידירנדיקע טעג האָבן זיך דערנענטערט פאַר דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג אין געטאָ. זי לויפט אָבער אין צוויי שטראָמען: פ.פ.א. מיט דער עיקר איינשטעלונג אויף קאַמף אין געטאָ; און יחיאלס גרופּע, מיט דער עיקר איינשטעלונג אויפן פּאַרטיזאַנער-קאַמף אין וואַלד. די יוגנט אין געטאָ האָט געוואָלט אַ פאַרייניקונג פון די קרעפטן. אַ טרייב־קראַפט צו דער דאָזיקער אייניקונג איז געווען די פּאַרטיי פּועלי־ציון־התאחדות, וועלכע האָט געהאַט גרופּן חברים סיי אין פ.פ.א. און סיי אין יחיאלס קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און זי האָט געהאַלטן פאַר אירע אַ דרינגענדיקע אױפגאַבע די אוניפיקאַציע פון דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג אין געטאָ.

לעאָ בערנשטיין, וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין די אייניקונגס-פאַרהאַנדלונגען, דערציילט וועגן זיי פאָלגנדיקע פּרטים:

— — די ערשטע פאַרהאַנדלונגען זײַנען פאָרגעקומען אין חודש מאַי 1943 ביי מיר אין צימער. מצד דער פ.פ.אָ. האָבן אַנטיילגענומען כיענע באראָווסקי און יצחק וויטענבערג. מצד דער קאַמפּס־גרופּע יחיאל — די חברים יחיאל שיינבוים, שלמה בראַנט און ל. בערנשטיין.

— — די פאָדערונגען פון פ.פ.א. זענען געווען: אויפלייזונג פון דער קאַמפּס־גרופּע יחיאל, איבערגעבן דאָס געווער אין דעם אַלגעמיינעם וואָפן-לאַגער פון פ.פ.א. און איבערייסן דעם סעפּאַראַטן וואָפן-איינקויף. דערפאַר פאַרפליכטעט זיך די פ.פ.אָ. נאָך אַן איבערפּרווו כון דער רשימה פון יחיאלס גרופּע, איינצוגלידערן די חברים אַלס יחידים אין פאַרשידענע פינפטלעך פון פ.פ.א.

די פאָדערונגען פון דער קאַמפּס־גרופּע יחיאל זענען געווען: איינגלידערונג פון דער קאַמפּס־גרופּע אין פ.פ.א. אַלס זעלבשטענדיקער באַטאַליאָן מיט אויטאָנאָמע רעכט אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע, אויסשולונג, ווערבירונגס־פרייהייט פון נייע חברים און סעפּאַראַטן וואָפן-איינקויף, ווי אויך דעלעגירונג פון צוויי חברים אין שטאַב פון פ.פ.א.

די פאַרהאַנדלונגען זענען געפירט געוואָרן עטלעכע טעג און זענען געקומען, אַ דאַנק דעם גרויסן מאָראַלישן איינפלוס פון וויטענבערגן און דעם גוטן ווילן פון יחיאלן צו פאָלגנדיקן אָפּשלוס:

נאָכן איבערפּריוון פון דער פ.פ.אָ. די רשימה פון די חברים פון דער גרופּע יחיאל, ווערט די דאָזיקע קאַמפּס-גרופּע אָנגעשלאָסן צו דער פ.פ.אָ. אַלס זעלבשטענדיקער באַטאַליאָן, מיט אויטאָנאָמע רעכט אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע און ווערבירונגס־פרייהייט פון נייע חברים, וועגן וועלכע עס דאַרף יעדן מאָל געמאָלדן ווערן דעם שטאַב פון פ.פ.א., דער וואָפן-איינקויף ווערט נאָך מעגלעכקייט קאָאָרדינירט, דער שטאַב פון דער קאַמפּס־גרופּע יחיאל באַשטימט אַ פאַרבינדונגס־מאַן צווישן זיך און דעם שטאַב פון פ.פ.א. לשם קעגנזייטיקע אינפאָרמאַציע, וועלכער ווערט אויך ביי אַלע וויכטיקע ענינים צוגעצויגן צו די באַראַטונגען פון דעם שטאַב פון

פ.פ.א. די וואָפן, וועלכע די קאַמפס־גרופּע יחיאל פאַרמאָגט, פאַרבלייבט אין איר רשות. די געמיינזאַם איינגעקויפטע וואָפן ווערן פאַרטיילט פּראָפּאָרציאָנעל.

עס איז אויך באַרירט געוואָרן דער ענין פון אַרויסגיין אין וואַלד. אין דעם הינזיכט האָט וויטענבערג דערקלערט, אַז דאָס איז אונטערגעוואָרפן די באַשלוסן פון דער שטאָטישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. יחיאלס גרופּע האָט געבעטן אינפאָר־מירן די קאָמפּאַרטיי, אַז עס זענען פאַראַן גרופּן, וועלכע ווילן אַרויסגיין אין וואַלד דאָרטן פירן דעם קאַמף. עס איז ניט באַקאַנט צי וויטענבערג האָט באַקומען אַ דעפיניטיווע תשובה, דאָס פּראָבלעם איז געבליבן אָפן. און באַלד האָבן פּאַסירט זאַכן, וועלכע האָבן מיט אַן אייזערנער נויטווענדיקייט אַליין דיקטירט די ענינים. — — —

יחיאל איז געוואָרן דער פאַרבינדונגס-מאַן צווישן ביידע קאַמפס-אָרגאַניזאַציעס און שפּעטער אויך פאַרטרעטער פון דער צווייטער קאַמפס-אָרגאַניזאַציע אין שטאַב פון פ.פ.א.



אין יענע טעג, סוף 1943, אין אַן אָוונט-שעה, האָט זיך פּלוצעם פאַרשפּרייט אַ ידיעה אין געטאָ, אַז דער פּוילישער אונטערערדישער ראַדיאָ „סוויט", האָט אין א זענדונג איבערגעגעבן: „האַלאָ, האַלאָ! מיר זענען מודיע דער גאַנצער וועלט: דער וואַרשעווער געטאָ גוססט — דער וואַרשעווער געטאָ שטייט אויפן שוועל פון אונ־טערגאַנג — מען פאַרטיידיקט זיך אויף יעדער גאַס, פּלאַץ און הויז — דער וואַר-שעווער געטאָ פאַלט אין קאַמף ! כבוד די העלדן — — — !"

די ידיעה האָט אויפגעשטורעמט דעם גאַנצן געטאָ. עס איז געווען אין איר אימה און שטאָלץ. ס'זענען פול געוואָרן די ענגע געטאָ-געסלעך. מען האָט געגלייבט און ניט געגלייבט. מען האָט זיך איבערגעפרעגט: ראַדיאָ „סוויט"? וואַרשעווער געטאָ קעמפט! וואו זשע האָט מען גענומען געווער? ווער העלפט זיי? איז דאָס אַן אמת!? יידן קעמפן קעגן דייטשן ! אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ ? אויפשטאַנד ? אויפשטאַנד ! אַלע יידן פון וואַרשע קומען אום ! און וואָס וועט זיין אין אַלע געטאָס ? — —



דעם 1טן מאַי 1943 איז אויף שאַוועלסקע נומ. 1, אין פּאָלקס טיי-הויז איינגע-אָרדנט געוואָרן אַ מאַי-אַקאַדעמיע אונטערן אומשולדיקן נאָמען אַ „פּרילינג-יום-טוב". דאָרט איז געוואָרפן געוואָרן דורך וואָרט און ליד דער לאָזונג פון קאַמף און ווידער־שטאַנד. דאָרטן זענען באַערט געוואָרן די אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ. דער „פּרילינג-יום-טוב" פון ווילנער געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן- אין אַן אַקאַדעמיע פון וואַרשעווער אויפשטאַנד

# 5. דער טאג פון יוסף גלאַזמאַן

יוסף גלאַזמאַן איז געווען אַ מענטש פון ענערגיע, פון טאַט און פון ווילן. פון די טאַרף-אַרבעטן אין רעשע, הינטער ווילנע, איז ער געקומען אין געטאָ, און געוואָרן וויצע-שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי. יעקב גענס האָט געהאַט צו אים לכתחילה אַן אומבאַגרענעצטן צוטרוי, אַלס צו אַ מענטשן פון אויסעראָרדנטלעכע אָרגאַניזאַציאָ־נעלע פעאיקייטן. גיך האָט אָנגעהויבן זיך צו באַווייזן אַ ריס צווישן יוסף גלאַזמאַן און די יידישע פּאָליציי-אָנפירערס, וואָס האָבן געחנפעט יעקב גענסן.

די „סוויטע״ פון יעקב גענסן האָט געשושקעט צו אים:

— דו, יעקב גענס, ביסט דער אומבאַליבטער פּאָליציי־שעף, דער פירער צום טויט; יוסף גלאַזמאַן, דיין וויצע-שעף מאַכט זיך אין געטאָ באַליבט אַלס „קולטור-טוער״.

אין געטאָ איז יוסף גלאַזמאַנס פּאָפּולאַריטעט געוואַקסן. דער געטאָ־מענטש פלעגט זאָגן:

— גלאַזמאַן, הגם ער איז אַ געטאָ־פּאָליציסט, דאָך טיילט ער זיך אויס לטובה פון דער איבעריקער פּאָליציי.

צו יעקב גענסן פלעגן די אַלע שמועסן דערגיין. ס׳האָט אים פאַרדראָסן. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין פּאָסטן, וואָס איז פאַרפלעקט מיט אַזוי פיל בלוט איז אויך אַ יידי-שע שליחות. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין טאַקטיק פון אָפּשטופן, איבערוואַרטן, אָרגאַ־ניזירן דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין געטאָ, אָרגאַניזירן די אַרבעט — דאָס וועט ראַטעווען, וואָס מער יידן פון געטאָ. יעקב גענס האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע פּיעטעט פאַר ענין געשיכטע, אַ סך מיטגעהאָלפן צו דערמעגלעכן די זאַמלונגען פון היסטאָרי־שע געטאָ-מאַטעריאַלן. עס האָט אים געוויטיקט דער געדאַנק: פאַרוואָס עפּעס וועט ער, יעקב גענס, אריינגיין אין דער געשיכטע אַלס בלוטיקער פּאָליציי־מאַן פון געטאָ — און יוסף גלאַזמאַן, פאַרקערט, אַלס דער „געזעלשאַפטלעכער״ געטאָ-פּאָלי-ציסט. יעקב גענס, אַ געוועזענער חבר פון „ברית־החיל״, פלעגט אויך אָפּט טענהן מיט תרעומות: איך בין אַ רעוויזיאָניסט, אַ בעסערער רעוויזיאָניסט ווי גלאַזמאַן.

די אומצופרידנהייט פון יעקב גענסן מיט יוסף גלאַזמאַנען איז געוואַקסן. ער האָט אים דערווייטערט פון זיין אַמט אַלס וויצע־שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי און געמאַכט פאַרן לייטער פון דער וואוינונגס־אָפּטיילונג.

נאָך דער אַקציע „אָשמענע״, וואו די געטאָ־פּאָליציי האָט עקזעקוטירט 400 יידן, האָבן י. גענס און ס. דעסלער פאַררופן גלאַזמאַנען, און פאַרגעלייגט ער זאָל אַרויס־פאָרן אין אַלט שווענציאַן, און ברענגען דאָרטן אין אָרדענונג די וואוינונגס-פראַגע. גלאַזמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז די פּאָליציי וויל אים אַריינציען אַלס אומדירעקטער שותף צו אַ געפּלאַנטער אַקציע. ער אָנטזאָגט זיך פון דער רייזע. גענס פאָדערט קאַטעגאָריש. גלאַזמאַן נעמט ניט אָן דעם באַפעל.

גענס רופט צונויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער פּאָליציי. אויף וועלכער ער רעדט מיט פאַרביטערונג וועגן דער „פאַרשטונקענער אינטעליגענץ״, וואָס שטערט מיט איר קריטיק די אַרבעט פון דער פּאָליציי. נאָכדעם איז גלאַזמאַן אַרעסטירט געוואָרן.

יצחק וויטענבערג און כיענע באַראַווסקי זענען אַוועק צו גענסן אינטערווענירן, ער זאָל באַפרייען גלאַזמאַנען. גענס און דעסלער האָבן זיך גערעכנט מיט דער פּאָ־דערונג פון וויטענבערג און באָרזשאָווסקי, ניט וועלנדיק זיך פאַררייסן מיט די קאָמו־ניסטישע קרייזן. (די סאָוועטישע אָפּענסיווע איז שוין געווען אין איר קראַפט...). זיי האָבן גלאַזמאַנען באַפרייט.

י. גלאַזמאַן און זיינע נאָענטע חברים זענען שפּעטער עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן און געפּאָרשט געוואָרן דורך יעקב גענס און ס. דעסלער.

אין פרילינג 1943. אין דער געסטאַפּאָ איז שוין געווען רייף דער פּלאַן פון דער געטאָ־ליקווידאַציע. אַ סך דייטשע באַאַמטע, „מייסטערס״ פון דער טאָדט־אָר־גאַניזאַציע, פּלעגן אין אויער, בסוד אָנזאָגן זייערע יידישע אַרבעטער, קיינעם ניט צו דערציילן:

— עס גרייט זיך די ליקווידאַציע פון געטאָ.

די פּאָליאַקן האָבן עס אָפן גערעדט צווישן זיך ווי אויך די ליטווינער. וואַר־שיינלעך האָט די געסטאַפּאָ געוואוסט פון אירע אַגענטן וועגן דער עקזיסטענץ פון באַוואָפנטער רעזיסטאַנטן אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. זיי האָבן אויך וואַרשיינלעך גע־האַט מורא, אַז אַ יידישער באַוואָפנטער אויפשטאַנד בשעת דער געטאָ־ליקווידאַציע, וועט ברענגען צו פוילישע אומרוען אין שטאָט און אין אומגעגנט. דער וועג פון געסטאַפּאָ איז געווען איצט, פריער פאַרניכטן די ווידערשטאַנדס-קרעפטן פון פּראָ־ווינץ און געטאָ — און דאַן ליקווידירן דעם געטאָ גופא.

דער ערשטער שריט איז געווען דאָס פאַרנאַרן און אַרויספירן צום טויט אַ פינף טויזנט יוגנטלעכע אין אַרבעטער פון געטאָ אין דער פּראָווינץ-אַקציע קאָווענ־פּאָנאַר. און דערמיט איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ גרויסער ווידערשטאַנדס־כח, בעיקר די יוגנט פון פּראָווינץ, וועלכע איז געווען אַזוי אָנגעשטעקט מיט וואַלד-שטימונגען.

דעם ווייטערדיקן עטאַפּ: ליקווידירן די ווידערשטאַנדס-אָרגאַניזאַציע — האָט די געסטאַפּאָ וואַרשיינלעך איבערגעלאָזן פאַר דער יידישער פּאָליציי.

די טאָטאַלע ליקווידאַציע איז איבערגעלאָזן געוואָרן פאַר געסטאַפּאָ, ס.ס. ביי הילף פון ליטווינער, אוקראַינער, עסטאָניער און לעטישע פרייוויליקע.

אין יולי 1943 איז געקומען צו יוסף גלאַזמאַנען אין צימער רפאל אסטער, דער לייטער פון דער געטאָ קרימינאַל פּאָליציי, און אים געמאָלדן אין נאָמען פון געטאָ־קאָמענדאַנט און פּאָליציי-שעף, אַז ער דאַרף גלייך פאַרלאָזן דעם געטאָ און אַרויס־גיין אין פּאָליציי־באַגלייטונג צו דעם טאָרף־לאַגער רעשע, וואו ער האָט געאַרבעט אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ. יוסף גלאַזמאַן האָט זיך אַנטזאָגט צו גיין אין רעשע. רפאל אסטער האָט געמאָלדן ס. דעסלערן, אַז יוסף גלאַזמאַן אַנטזאגט זיך צו מקיים זיין די פּאָליציי־פאַראָרדענונגען. דעסלער האָט באַפוילן אַרויספירן יוסף גלאַזמאַנען מיט געוואַלט פון געטאָ. פינף פּאָליציסטן, באַוואָפנטע מיט גומענע נאַ־גייקעס און אייזערנע הענטשקעס, זענען געקומען צו יוסף גלאַזמאַנען און אים גע־נומען מיט געוואַלט. זיי האָבן אים געפירט דורך די געטאָ-געסלעך צו דער פּאָליציי

און אים געשלאָגן. די ידיעה האָט אין אַ מאָמענט עלעקטריזירט דעם געטאָ. דער פ.פ.אָ.-שטאַב האָט באַשלאָסן גלייך צו מאָביליזירן אַלע זיינע חברים, בכדי צו ראַטעווען יוסף גלאַזמאַנען פון דער געטאָ-פּאָליציי, געשמידט אין קייטן האָט די געטאָ-פּאָליציי געפירט יוסף גלאַזמאַנען אין אַ פור צום טויער פון געטאָ. די פ.פ.אָ.-חברים זענען באַפאַלן די געטאָ-פּאָליציסטן און באַפרייט יוסף גלאַזמאַנען און מיט טריאומף אים געפירט אויף סטראַשון גאַס 6.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס יידן האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער געטאָ־פּאָליציי, וועלכע האָט הינטער זיך געהאַט די שוץ פון געסטאַפּאָ.

די גאַסן פון געטאָ האָבן גערוישט פון מענטשן, יידן האָבן זיך געפרייט:

— געפונען זיך בראַווע יונגען, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער פּאָליציי.



יוסף גלאַזמאַן

אַנדערע האָבן געטענהט:

— וואָס וועט איצט זיין אין געטאָ, אַז געסטאַפּאָ וועט זיך דערוויסן, וועגן אַ ווידערשטאַנד פון געטאָ־מענטשן קעגן דער געטאָ-פּאָליציי? וועט דען די געסטאַפּאָ שווייגן?



יאַנעק שטול, אַן אָנטיילנעמער אין דער באַפרייאונג פון יוסף גלאַזמאַנען, האָט מיר דערציילט:

— די „געלע ראַשקע" איז געקומען פלוצעם צו מיר און מיטן פּאַראָל פון פ.פ.אָ. מיך אַרויסגערופן:

— קום אויף רודניצקער גאַס!

דאָרטן זענען אויף אַלע ראָגן געשטאַנען פ.פ.אָ.-חברים. זיי האָבן באַקומען אַ ידיעה פון פ.פ.אָ.־שטאַב:

— גלאַזמאַן איז געבונדן אין קייטן. מען וועט אים אַרויספירן דורכן טויער פון געטאָ; אייער אויפגאַבע איז אים צו באַפרייען.

אַרום צוויי נאָכמיטאָג איז פון געטאָ־פּאָליציי קאָמיסאַריאַט ביים יידן־ראַט

אַרויסגעפֿאָרן אַ פֿור, און אונטער אַ פּאָליציי־שמירה גלאַזמאַנען געשמידט אין קייטן און צוגעשמידט צו דער פֿור; — פֿירט מען אים טאַקע נאָר קיין רעשע, אָדער איבער־געבן אין די הענט פֿון „געסטאַפּאָ" ? ביי די יאַטן האָט זיך אָנגעצונדן די קאַמפּס־גרייטקייט. עטלעכע יאַטן האָבן געהאַט רעוואָלווערן אין טאַש. ס'איז אָבער געווען אַ באַפֿעל פֿון פּ.פּ.אָ.-שטאַב ניט צו שיסן. די חברה זענען באַפֿאַלן די פֿור. מאַדייסקער, וועלכער האָט געאַרבעט ביים פּלאַסטישן פּלאַן, האָט פֿאַרהאַלטן די פֿור. איך בין אַרויף אויף דער פֿור, איינער אַ חבר, אַ פּאָליציסט, דער אָנפֿירער פֿון טראַנספּאָרט־בריגאַדע ילדים, איז אַריינגעלאָפֿן אין די טעכנישע וואַרשטאַטן, אַרויסגעכאַפּט צוויי זעגלעך צו זעגן אייזן, איינס פֿאַר אים און איינס פֿאַר מיר, צוגעלאָפֿן צו דער פֿור און אָנגעפֿאַנגען זעגן די קייטן. ווען מ'האָט געשניטן די קייטן האָט גלאַזמאַן געשריען:

— ניט שיסן !

ש. קאַפּלינסקי מיט אַ גרופּע חברים האָבן געהאָלפֿן באַפֿרייען גלאַזמאַנען פֿון פֿור. געטאָ-פּאָליציסטן פֿון די קאָמיסאַריאַטן זענען געקומען צולויפֿן אָפּשלאָגן גלאַז־מאַנען. הירשקע גאָרדאָן, האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס זעגל, געפּאַכעט מיט אים און גע־שיצט די חברים, וואָס באַשעפֿטיקן זיך מיט באַפֿרייען גלאַזמאַנען. נאָכן באַפֿרייען, איז גלאַזמאַן, באַגלייט פֿון די פּ.פּ.אָ.־חברים, אַוועק אויף סטראַשון גאַס 6.

▼

אַ מאָמענט איז דער געטאָ געווען באַהערשט פֿון פּ.פּ.אָ. יעקב גענס איז גראָד ניט געווען אין געטאָ. איז עס געווען צופֿעליק, אָדער, בכדי צו באַווייזן, אַז ער איז ניט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן שלאָגן יוסף גלאַזמאַנען ביים אַרעסט ? אין אַ פֿינף מינוט שפּעטער, איז יעקב גענס געקומען אין געטאָ, געשאָסן אין דער לופֿט, בכדי צו צעטרייבן דעם עולם. די געטאָ־פּאָליציי האָט אָבער ניט באַקומען קיין פֿאַראָרדע־נונג אַריינצוגיין אויף סטראַשון-גאַס 6 און צו נעמען גלאַזמאַנען מיט געוואַלט.

יעקב גענס האָט גערופֿן די פֿאָרשטייערס פֿון פּ.פּ.אָ., פֿאַרזיכערט, אַז יוסף גלאַז־מאַנען פֿירט מען נאָר קיין רעשע, געבעטן, אַז ער זאָל מיט גוטן אַוועקגיין קיין רעשע. אויב ניט, איז די געטאָ־פּאָליציי קאָמפּראָמיטירט. און קיינער וועט ניט אויספֿירן אירע פֿאַראָרדענונגען; ער האָט געדראָט, אַז אויב יוסף גלאַזמאַן וועט נישט אַוועקגיין פֿון געטאָ, וועט ער און דעסלער פֿאַרלאָזן דעם געטאָ. דאַן וועט ס"ס אַריינגיין מאַכן אָרדענונג. די שולד וועט פֿאַלן אויף פּ.פּ.אָ.... די ביטע און די דראָאונגען האָבן געווירקט. אויפֿן באַשלוס פֿון פּ.פּ.אָ. איז יוסף גלאַזמאַן פֿון „פֿרייען ווילן" אַרויסגע־פֿאָרן קיין רעשע, בכדי נישט צו פֿאַרשאַרפֿן די סיטואַציע אין געטאָ.

גלייכצייטיק מיט גלאַזמאַנען איז אַרעסטירט געוואָרן י א נ ע ק פ א א ו ס ט פֿון יחיאלס קאַמפּס-גרופּע.ער איז באַפֿרייט געוואָרן, ווי מען דערציילט, דורך נאַטעק רינג. ער האָט אָבער שפּעטער געמוזט, אויפֿן דרוק פֿון יעקב גענס, צוזאַמען מיט יוסף גלאַזמאַנען פֿאָרן קיין רעשע.

אין דער זעלבער פֿור, אָבער שוין ניט געשמידט אין קייטן איז יוסף גלאַזמאַן אַרויסגעפֿאָרן דורכן טויער פֿון געטאָ און אָנגעקומען קיין רעשע צו די טאָרף־אַר־בעטן. אין אַ געוויסער צייט אַרום איז ער אַוועק פֿון רעשע און געקומען אויפֿן בית־עולם, הינטער ווילנע. פֿון דאָרטן האָט אים צ. ראגאלין אַריינגעפֿירט אין געטאָ. צוזאַמען מיט אים איז אויך צוריקגעקומען יאַנעק פֿאַאוסט. דעסלער האָט ניט רעאַגירט.

ס'איז שוין געווען צוגעגרייט אַן אַנדער קרבן.

# 6. דער טאג פון יצחק וויטענבערג

די געסטאַפּאָ האָט געזוכט יצחק וויטענבערגן, דעם קאָמאַנדאַנט פון פ.פ.אָ.

דעם 9טן יולי 1943 זענען דורך דער געסטאַפּאָ אַרעסטירט געוואָרן צוויי קאָ־מוניסטן, ניט־יידן, דער סעקרעטאַר פון ווילנער שטאָטישן קאָמוניסטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט ווי ט אַ ס און דער קאָמיטעט-מיטגליד ק אָ ז ל אָ וו ס ק י.

אויפּצומאַרגנס נאָך זייער אַרעסט, איז דער נאַצי קיטעל געקומען אין געטאָ און געפּאָדערט יצחק וויטענבערגן אויף אַן אויספאָרשונג. ס'זענען געוועזן קלאַנגען, אַז קאָזלאָווסקי האָט ביי די געסטאַפּאָ־ענויים אַרויסגעגעבן דעם נאָמען וויטענבערג. קיטעל האָט באַקומען דעם ענטפער, אַז יצחק וויטענבערג איז געשטאָרבן.

קיטעל האָט אַרעסטירט אַ געטאָ־פּאָליציסט אַוווערבוך, אָפּגעהאַלטן אים לאַנגע שעהן אין דער געסטאַפּאָ און נאָך אַן אויספאָרשונג אים באַפרייט. דער אַרעסט און דאָס באַפרייען אַוווערבוכן איז געווען אין אַלעמענס אויגן פאַרדעכטיקט. מען האָט גע־זען אין דעם אַ פּראָוואָקאַציע פון געסטאַפּאָ, וועלכע וויל באַווייזן, אַז נאָך אַן אויס־פאָרשונג לאָזט זי אַרויס אויף דער פריי. מיט דעם אופן גרייט זי צו אַ מאַנעווער, שפּעטער אַריינצונאַרן די פירערס פון די ווידערשטאַנדס-אָרגאַניזאַציעס.



דעם 16טן יולי 1943 אין טונקל גרויען פאַרטאָג, האָט מיך אויפגעוועקט אַ געמורמל, אַ גערויש אין געטאָ. די שטוביקע כאַפּן זיך אויף פון שלאָף:

— עפּעס קומט פאָר אין געטאָ.

כ'לויף אַראָפּ אויפן גאַס. אַ באַוועגונג. די געטאָ־פּאָליציי לויפט איבער די גאַסן, איבער די געטאָ־הויפן און שרייט:

— דער געטאָ-קאָמענדאַנט יעקב גענס רופט אַלע מענער אין הויף פון יידן-ראַט. דער געטאָ איז אין סכנה —

שטראָמען יידן פון אַלע הויפן האָבן זיך געצויגן צום הויף פון יידן־ראַט. אויפן וועג פאַרהאַלט מיך אַ חבר און זאָגט:

— ס'קומען דאָ פאָר אויסטערלישע זאַכן. ביינאַכט האָט יעקב גענס גערופן אין יידן-ראַט אייניקע מיטגלידער פון פ.פ.אָ.-שטאַב: יצחק וויטענבערג, כיענע באָראָוו־סקי, אבא קאָוונער און אַבראַשע כוואָיניק אויף אַ שמועס. אינמיטן שמועס איז דעס־לער אַרויס אויסערן געטאָ און צוריקגעקומען מיט אייניקע ליטווישע פּאָליציסטן. מען האָט אַרעסטירט יצחק וויטענבערגן און געשמידט אין קייטן.

פ.פ.אָ. האָט באַצייטנס געהאַט אַ חשד, אַז עס גרייט זיך עפּעס, האָט זי גלייך אויסגעשטעלט חברים אויף דער וואַך. ווען די פּאָליציי האָט געפירט וויטענבערגן, אַ געשמידטן, זענען די פ.פ.אָ.-חברים באַפאַלן די פּאָליציסטן און באַ־פרייט יצחק וויטענבערגן. ער איז אַנטלאָפן, ער ווערט געזוכט.

דער הויף פון יידן־ראַט איז געווען שוואַרץ פון יידן, דערשראָקענע, אין מיטן נאַכט אויפגעוועקטע, שפּירנדיק די שווערע, טראַגישע שעה, וואָס דערנענטערט זיך. יעקב גענס איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן פון זיין וואוינונג און געהאַלטן אַ רעדע צום עולם:

— אין שטאָט איז געכאַפּט געוואָרן דורך געסטאַפּאָ אַ פּוילישער קאָמוניסט קאָזלאָווסקי. ביי דער אויספאָרשונג האָט ער דערציילט, אַז ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט אין געטאָ מיט איינעם וויטענבערג, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַ געהיימע דרוקעריי, וועלכער דרוקט אויפרופן פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין שטאָט. געסטאַפּאָ פאָדערט וויטענבערגן. זי האָט געגעבן אַן אולטימאַטום דער געטאָ־פּאָליציי צושטעלן אין משך פון איינ׳קע שעה וויטענבערגן און אויב ניט — גייען אַריין די דייטשע טאַנקען אין געטאָ; אַעראָפּלאַנען וועלן באַוואַרפן מיט באָמבעס די געטאָ־געסלעך.

גענס האָט זיך געווענדעט צום עולם:

— וואָס זאָל מען איצט טאָן? מקריב זיין דאָס לעבן פון אַלע געטאָ־איינוואוינערס צוליב איינעם, אָדער איבערגעבן דער מאַכט דעם איינעם, בכדי צו ראַטעווען אַלעמען?

פון עולם האָבן זיך געהערט קולות:

— אַרויסגעבן וויטענבערגן! ראַטעווען דעם געטאָ!

יעקב גענס האָט דאַן געזאָגט:

— ער באַהאַלט זיך אויס. זוכט אים אויף! גייט זוכט!

די א נטערוועלט, אָרגאַניזירט פון דעסלערן, האָט זיך אַ לאָז געטאָן זוכן יצחק וויטענבערגן. מיט שטעקנס און שטיינער זענען זיי באַפאַלן אויף דייטשע גאַס 31 דעם בנין, וואו ס׳האָבן זיך געפונען די אָנפירנדיקע חברים פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג. עס האָבן זיך דערהערט שאָסן. מען האָט דערציילט, אַז דער ערשטער האָט געשאָסן דער געטאָ־פּאָליציסט שאַפּיראָ, אַ פּראָוואָקאַטאָר. אין געטאָ איז אויסגעבראָכן אַן אומגלויבלעכע פּאַניק. קינד און קייט זענען געלאָפן אין די מאַלינעס מיט געשרייען:

— געקומען די לעצטע שעה פאַרן געטאָ!

דער געטאָ איז געווען פאַריאושט: צוליב איין מענטשן זאָל דער גאַנצער געטאָ אומקומען! און דאָ זענען די ידיעות פון פראָנט אַלץ בעסערע פון טאָג צו טאָג. די דייטשן טרעטן אָפּ פון רוסלאַנד; אין איטאַליע אַ צוזאַמענברוך — נאָך אַ פּאָר וואָכן, לכל היותר, נאָך אַ פּאָר חדשים — און דער קריג איז צו ענדע. — דאַרף מען דאָך זען מיט אַלע מיטלען ווי ס׳איז איבערצושטופּן די צייט. זאָלן זיי דען איצט, אַ צוואַנציק טויזנט יידן, אומקומען צוליב איינעם? !

דער דעת הקהל איז געווען: אַרויסגעבן יצחק וויטענבערגן!



די פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן דעם מאָביליזאַציע־פּאַראָל צו זאַמלען זיך אין די זאַמל־פּונקטן. די אָנפירערס פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג זענען געשטאַנען פאַר אַ טראַגישער דילעמע: אַרויסגעבן דעם קאָמענדאַנט פון פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און דערמיט אָפּשטופּן די ליקווידאַציע, וועלכע דערנענטערט זיך

— אָדער שטעלן ווידערשטאַנד און ברענגען וואַרשיינלעך אין זעלבן טאָג צו דער ליקווי־דאַציע פון געטאָ. די פּאַרטיזאַנער האָבן אויך געוואוסט, אַז דער רוב פון געטאָ האַלט, אַז מען דאַרף יצחק וויטענבערגן אַרויסגעבן. דער געטאָ וועט ניט מיטגיין אין קאַמף פאַרן יחיד. מען וועט דאַרפן קעמפן קעגן אייגענע ברידער.

אין גענצן האָט מען זיך גיך דערוואוסט, אַז דער פּאַרטיזאַנער־שטאַב איז מסכים אַרויסצוגעבן יצחק וויטענבערגן, בכדי צו ראַטעווען דעם געטאָ. עס זוכן אים אָבער די פּאַרטיזאַנער און זיי ווייסן ניט וואו ער געפינט זיך.



יצחק וויטענבערג

אויך יחיאל שיינבוים האָט באַקומען דעם באַפעל צו מאָביליזירן זיין באַטאַ־ליאָן. ער האָט געהייסן פאַרטיילן געווער חברים פון זיין קאַמפס־גרופּע, און זיי האָבן פאַרנומען די פאַר זיי אָנגעוויזענע ערטער. דאָ איז צום ערשטן מאָל געקומען צום אויסדרוק די קאָאָרדינירטע טעטיקייט און די סאָלידאַריטעט פון דער קאַמפס־גרופּע יחיאל מיט פ.פ.אָ.



אין דעם מאָמענט לויפט צו מיר צו יצחק וויטענבערגס פרוי מיטן קינד:

— ראַטעוועט מיך, באַהאַלט מיך אויס מיטן קינד! מען זוכט מיין מאַן, דער־ווייל קען די יידישע פּאָליציי כאַפּן מיך מיטן קינד פאַר ערובניקעס.

וויטענבערגס יינגעלע האָב איך זייער ליב. ער זיצט אָפט ביי מיר שעהן אין שול־מעדיצינישן פונקט ביי איינשפּריצונגען און דערציילט זיינע קינדערשע מעשיות; שטיל ווי אַ טויב, טרינקט מיט אמונה דעם געטאָ־וויטאַמינען געטראַנק, און האָט זייער טרויעריקע אויגן — כאַפּ איך אים אַרויף מיט זיין מאַמען אויף דער מאַלינע פון זאַוואַלנע גאַס 44. די מאַלינע איז פול מיט שכנים פון הויף. ניטאָ שוין וואו צו אָטעמען. מען פרעגט:

— וועמען האָט איר געבראַכט, אַ פרעמדן ?

אין געטאָ האָט יעדע מאַלינע געהאַט אירע תושבים; פאַר אַ פרעמדן דורכ־גייער האָט מען געהאַט מורא, טאָמער וועט מען אַרויסגעבן די געהיימניש פון מאַ־לינע. איך האָב געזאָגט ;

— האָט ניט מורא, דאָס זענען אייגענע !...

אין דעם מאָמענט הערט זיך פון הויף אַ שטים פון אַ געטאָ־פּאָליציסט:

— יידן פון די הייזער, יידן פון די מאַלינעס, הערט צו ! העלפט אויפזוכן ווי־טענבערגן. ראַטעוועט דעם געטאָ ! וויטענבערג באַהאַלט זיך אויס אין בגדים פון אַ פרוי. אין אַ שוואַרץ קלייד, אין אַ העל פּרויען-היטל. קוקט זיך אַרום אין די הייזער, אין די מאַלינעס: אפשר איז ער צווישן אייך ? יידן ראַטעוועט זיך ! נאָך עטלעכע שעה און דער געטאָ ווערט צעשמעטערט !

איינע אַ פרוי, פון דער מאַלינע, גיט אַ זיפץ:

— ווי דערלעבט מען שוין מען זאָל כאַפּן וויטענבערגן ! ?

אַלעמענס בליקן זאָגן הסכמה.. משהלע, וויטענבערגס זון, גיט אויף מיר אַ קוק מיט טויטע אויגן. די פרוי וויטענבערג רעדט צו מיר שטיל אויפן אויער, ווי נאָך אַ שווערן געראַנגל, און אַ צער פון יאָרן—איז איר בליק; און אַ טאָן פון ווידוי זענען אירע שעפּטשנדיקע ווערטער:

— איך זע. אַלע וואַרטן אויף יצחקס טויט... אַלע ווילן זיין טויט... אַלע ווילן זיין טויט... היינט איז יצחקס לעצטער טאָג...

איך לאָז איבער אין דער מאַלינע יצחק וויטענבערגס פרוי און זיין קינד אין טאָפּלטן טרויער, — און איך גיי אויף סטראַשון-גאַס, דאָרט, וואו אַלע זאַמלען זיך נאָך שעהן פון שוידערהאַפטער פּאַניק.

אַ ידיעה:

— וויטענבערג אַנטלאָפן אויף דייטשע גאַס 21. עס קומט דאָרט פאַר מיט אים אַ באַראַטונג פון פ.פ.אָ.-שטאַב.

שעהן זענען געפלויגן און ווידער אַ ידיעה:

— וויטענבערג גיט זיך איבער, אויפן באַשלוס פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב, אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ !...



ניסל רעזניק, מיטגליד פון פּאַרטיזאַנער-שטאַב פון פ.פ.אָ. האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקע פּרטים:

— אין דער פרי איז געווען די מיינונג פון פ.פ.אָ.-שטאַב, מען זאָל ניט אַרויס-געבן וויטענבערגן, און מען האָט אָנגעהויבן פונאַנדערטיילן די פ.פ.אָ.-חברים געווער פונעם אַרסענאַל, בכדי זיי זאָלן זיין גרייט צום קאַמף און פאַרטיידיקונג. יעקב גענס האָט געשיקט אונטערהענדלער, פאַרמיטלער. דער הויפּט־פאַרמיטלער איז געווען קריזשאָווסקי. די אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער גרופּע: כיענע באַראַווסקי, בערל שערשניעווסקי, סאָניאַ מאַדייסקער האָבן זיך באַראַטן, און איינגעפונען, אַז מען קען ניט שטעלן דעם געטאָ אין סכנה צוליב דעם לעבן פון וויטענבערגן. זיי האָבן געמאָלדן דעם שטאַב זייער שטעלונג און באַווירקט דעם שטאַב צו אָננעמען די זעלביקע מיינונג.

סאָניאַ מאַדייסקער און ניסל רעזניק זענען געקומען צו וויטענבערגן אויף סטראַ־

שוין גאַס 15, וואו ער, וויטענבערג, האָט זיך אויסבאַהאַלטן. סאָניאַ, זיין פּאַרטיי־חברטע, האָט אים מודיע געווען די מיינונג פון פּ.פּ.אָ.־שטאַב. ער האָט אָבער ניט מסכים געווען. ער איז פאַרשוואונדן פון סטראַשון גאַס 15. דער פּ.פּ.אָ. שטאַב האָט דעם קאָנטאַקט. קריזשאַווסקי איז געלאָפן אים זוכן און ניט געקענט געפינען. אים אָנגעהויבן צו זוכן און ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך, פאַרלוירן מיט אים די אָנפירנדיקע חברים פון פּ.פּ.אָ. זענען געווען אין אַן אויסערסט־דענערווירטער שטימונג.

וואָס צו טאָן? אַרויסגעבן דעם פּ.פּ.אָ.־קאָמענדאַנט? צי שטעלן ווידערשטאַנד און דערברענגען עווענטועל צום אַריינגיין פון די דייטשע טאַנקען אין געטאָ און צו זיין פאַרניכטונג? צי איז שוין די צייט צו אָנפאַנגען דעם לעצטן קאַמף?

כוואָיניק האָט פאָרגעלייגט: אַרויסצוגיין אין גאַס אין באַגיין זעלבסטמאָרד מיט די רעוואָלווערן.

די געטאָ־פּאָליציי האָט דערווייל פאַרהאַלטן יצחק וויטענבערגן אויפן גאַס אין אַ פרויען־קלייד. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט שיסנדיק מיטן רעוואָלווער און אַריינגעלאָפן אויף דייטשע גאַס 21.

ס׳איז פאָרגעקומען אַ לאַנגע טראַגישע זיצונג פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב מיט דער באַטייליקונג פון יוסף גלאַזמאַן, אבא קאָוונער, כוואָיניק, סאָניע מאַדייסקער, ניסל רעזניק. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן מיטצוטיילן יצחק וויטענבערגן, זייער דעציזיע, אַז ער דאַרף זיך אַרויסגעבן.

סאָניע מאַדייסקער, אבא קאָוונער, יוסף גלאַזמאַן — זענען געקומען אים דאָס מיטצוטיילן. יצחק וויטענבערג אָבער האָט ניט מסכים געווען צו זייער שטעלונג און האָט געזאָגט:

— דער געטאָ שטייט, סיי ווי סיי, פאַר זיין ליקווידירונג. געסטאַפּאָ וויל ליקווידירן פריער די פירערס פון ווידערשטאַנד און שפּעטער דעם גאַנצן געטאָ.

די פּאַרטיזאַנער־שטאַב־מיטגלידער האָבן אים געזאָגט:

— די געטאָ־באַפעלקערונג האַלט ניט, אַז ס׳איז שוין אַלץ פאַרלוירן און אַז ס׳איז שוין די לעצטע שעה. די געטאָ־באַפעלקערונג וויל ניט דערנענטערן די שעה פון ליקווידאַציע, די באַפעלקערונג וויל ניט איצט דעם קאַמף.

אַנאַטאָל פריד, טראַפּידאָ, מינא סווירסקאַ, ד״ר מילקאָנאָוויצקי — זענען אויך געקומען מיט אים אונטערהאַנדלען, איבערצייגן. זיי האָבן אים אויך איבערגעגעבן, אַז יעקב גענס פאַרזיכערט, אַז ער וועט טאָן אַלץ בכדי אים אַרויסצונעמען פון דער געסטאַפּאָס הענט.

דעסלער האָט יעדע ווײַלע געקלונגען און געשיקט שליחים אָנצוזאָגן, אַז באַלד גייט אַריין געסטאַפּאָ אין געטאָ מיט די טאַנקען.

לסוף איז יצחק וויטענבערג איינגעגאַנגען מיט די מיינונגען פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב. ער האָט געזאָגט:

— אויב איר ווילט, גיי איך...

און ער איז אַוועק.

▼

פאַרן טויער האָט געוואַרט אַ געסטאַפּאָ־אויטאָ. שטיל איז יצחק וויטענבערג געגאַנגען צום טויער און הינטער אים געטאָ־פּאָליציי מיט אויפגעהויבענע רעוואָל־

ווערן, עס זאָל הייסן פאַר געסטאַפּאָ : געטאָ־פּאָליציי האָט געכאַפּט דעם פאַרברע־כער... דאָס אויטאָ האָט אים אַוועקגעפירט אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ.

עס זענען געווען קלאַנגען, אַז דעסלער האָט אים געגעבן טרינקען אַ פאַרסמט־געטראַנק פאַרן גיין צום טויער.

אויף מאָרגן איז יצחק וויטענבערג געווען טויט. צי האָט מען איבּ פאַרפּייניקט בעשתן פאַרהער, צי איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד מיט די ציאַן-קאַלי, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, איז אומבאַקאַנט...

אין אָוונט, זענען די מענטשן לאַנגזאַם, שטיל, פאַרשעמט אַרויס פון די מאַ־לינעס און אָנגעהויבן ווידער דאָס געטאָ־לעבן. מען האָט זיך ווי געשעמט קוקן איי־נער דעם אַנדערן אין די אויגן. אַלע צוזאַמען האָבן אַרויסגעגעבן אַ קרבן הקהל. היינט דראָט שוין ניט דעם געטאָ דער אומקום; אַרויסגעריסן נאָך אַ פּאָר טעג פון מלאך המות; ווער איז דער ווייטערדיקער קרבן ? ווען וועט אָנגעצונדן דער מזבח פאַרן גאַנצן געטאָ ?...



יצחק וויטענבערג איז געבוירן אין יאָר 1907 אין ווילנע, וואו ער האָט געענדיקט אַ פאָלקס-שול. ער איז געווען פון פאַך אַ שטעפּער. ער איז געווען טעטיק אין דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי מיטגליד פון ראַט פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען אין ווילנע. אין יאָר 1940, בשעת די סאָוועטן, איז ער געווען פאָרזיצער פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער. אין געטאָ — אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער גרופּע, שפּעטער אויך מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט פון געטאָ. איינער פון די אָר־גאַניזאַטאָרן פון דער פאַרטיזאַנער-באַוועגונג. ער האָט געאַרבעט אין געטאָ אַלס פלאַנירער ביים סאַניטאַרן דורכלאָז-פּונקט פון דער סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג.



די קאַמפּס-גרופּע „נקמה" פון די ווילנער פאַרטיזאַנער, אַ טאָג נאָך דער באַפרייאונג פון ווילנע (אויפן בילד זעט מען : דעם שטאַב-אָנפירער, אַ רוס, דעם אָנפירער פון דער אויסשפּיר-גרופּע אלחנן מגיד, קאָמענדאַנט פון ווזוואָד שלמה בראַנד, די פאַרטיזאַנער : וויטקע קעמפּנער, קאַגאַן, בתיה מגיד, פּאַאוסט, מינאַ סווירסקאַ און לייזער בראַנד).

# 7. אין די טעג פון קאָלעקטיווער אחריות

דער 16טער יולי, די טראַגעדיע יצחק וויטענבערג, איז געווען אַן איבערברוכס-טאָג אין דעם געדאַנקען-גאַנג און אין דער טאַקטיק פון די פּאַרטיזאַנער.

דאָס געהיימעניש איז אויפגעגעבן. די אָרגאַניזאַציע איז דעקאָנספּירירט. די געסטאַ־פּאָליציי ווייס שוין קלאָר, אַז ס'איז דאָ אַ באַוואָפנטער ווידערשטאַנדס-כּוח אין געטאָ. זי ווייס ווער עס זענען די פירערס; דאָס איז שוין דעריבער אויך ניט קיין סוד פאַר דער געסטאַפּאָ. ס'איז צו דערוואַרטן, אַז מאָרגן וועט די געסטאַפּאָ פאָדערן דעם שטאַב און אַלע אָנפירנדיקע חברים פון פ.פ.אָ.; ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יוסף גלאַזמאַן מיט נאָך אַ גרופּע פון אַ צוואַנציק מאַן זאָלן אַוועקגיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. צו דער גרופּע האָבן געהערט מענטשן פון פאַרשיידענע ריכטונגען אין געטאָ.



דעם 22סטן יולי 1943, פּאַרטאָג, זענען זיי אַרויס פון געטאָ, ווי אַ קאָלאָנע, וואָס גייט צו דער אַרבעט. שיקע גערטמאַן פון סווענציאַן, איז געגאַנגען ווי אַ וועג־ווייזער. יעדער איינער האָט באַקומען געווער. דער וועג איז געווען דורך ניי-ווילייקע אין די נאַראַטשער וועלדער. אין נייווילייקע האָבן זיך צו זיי אָנגעשלאָסן פערצן יידן.

ווען זיי זענען דערגאַנגען צו אַ בריקל איבער דער ווילענקע באַשליסט יוסף גלאַזמאַן אַרויסצושיקן אַן אויסשפּיר-גרופּע: ברידער גאַרדאַן, זונדל, יצחק מאַצקעוויטש, מולקע חזן, חיים ספּאָקאָיני, רחל בוראַקיסקי, ראָזאַ שערשניעווסקי, א. אַ. מיט אַמאָל אַ שיסעריי פון די דייטשן. עס אַנטוויקלט זיך אַ קאַמף. די אויסשפּיר־גרופּע איז געפאַלן.

ווי מען האָט דערציילט זענען ראָזאַ שערשניעווסקי און רחל בוראַקיסקי געכאַפּט געוואָרן לעבעדיקערהייט און אַוועקגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר.

שיקע גערטנער, דער באַגלייטער, איז דערווייל פאַרשוואונדן געוואָרן און מיט אים אויך ישראל לובטשאַנסקי.

די איבעריקע האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן אין בלאָטעס לעבן אַ נאָענטן וואַלד און דאָרט איבערגענעכטיקט.

אין דערפרי האָבן זיי יונגע פויערים פון אַ נאָענטן דאָרף דערציילט, אַז אין גאַנצן געגנט איז אַן אָבלאַווע קעגן פּאַרטיזאַנער. ס'זענען דאָ אויך פאַרוואונדיקטע מצד די דייטשן.

די פויערים האָבן זיי אַוועקגעפירט טיפער אין וואַלד, געבראַכט עסן, און פאַרנאַכט מיט לאָדקעס אַריבערגעפירט איבער דעם ווילענקע-טייכל.

זיי זענען געגאַנגען פינף טעג און אָנגעקומען צו די נאַראָטשער וועלדער.

אין די נאַראַטשער וועלדער האָט יוסף גלאַזמאַן געגרינדעט די גרופּע „נקמה“.

בשעתן אויסכּירן אַן אויפגאַבע, איז ער מיט אַ גרופּע פון צוועלף מאַן באַפאַלן געוואָרן פון ליטווינער. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאַמף, ביי וועלכן יוסף גלאַזמאַן און מיט אים כּמעט אַלע חברים זענען געפאַלן.

איןּ געטאָ האָט מען געשמועסט, אַז פאַרטאָג, ווי נאָר יוסף גלאַזמאַן מיט זיין גרופּע זענען אַרויס, האָט דעסלער גלייך וועגן דעם מודיע געווען אין געסטאַפּאָ. אויף




**בלעכענער נומער פון ווילנער געטאָ**

אויפן נומער געפינען זיך די אותיות W און G (ווילנער געטאָ) און M (מאַן); דאָס הייסט, אַז דער אינהאַבער איז אַ מאַן; אין מיטן פון בלעכל געפינט זיך דער נומער 1157.

מאָרגן נאָכן העפטיקן קאַמף ביי לאוואַרישאַק, איז געקומען נויגעבויער אין געטאָ און געבראַכט די בלעכענע נומערן, וואָס זענען געפונען געוואָרן אויף די קערפּערס פון די געפאַלענע פאַרטיזאַנער. לויט די געפונענע נומערן האָט די געסטאַפּאָ אידענטי־

פיצירט אין דער געטאָ-קאַרטאָטעק די נעמען פון די אומגעקומענע פּאַרטיזאַנער. לויט אַ קאָנטראָלע ביים טויער האָט מען געוואוסט, וויפיל מענטשן עס פעלן ביים צוריקקער און ווּעלכער בריגאַדע. נויגעבויער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל איבערצוגעבן אים די משפחות פון אַלע די, וואָס זענען אַוועק פון געטאָ, ווי אויך די יידישע אָנפירערס פון די קאָמאַנדעס (בריגאַדירן), צו ווּעמען עס האָבן געהערט די אַנטלאָפענע, צוזאַמען מיט זייערע משפחות. ביי אַ צוויי און דרייסיק זענען דאַן אין מיטן נאַכט אַרויסגענומען געוואָרן פון זייערע וואוינונגען און אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער געטאָ־תפיסה איף לידסקער גאַס, און פון דאָרטן קיין פּאָנאַר.

דאַן האָט נויגעבויער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל פון קאָלעקטיווער פּאַראַנטוואָרטלעכקייט: פאַר יעדן אַנטלאָפענעם ייד ווערט צוגענומען זיין משפחה. פעלט משפחה — זיינען פאַראַנטוואָרטלעך אַלע איינוווינער פון זיין צימער; ווּעלן די צימער-איינוווינער נישט געפינען ווערן — ווּעט דער גאַנצער הויף דערשאָסן ווערן. אַלע יידן, וואָס גייען צו דער אַרבעט ווערן איינגעטיילט אין צען, פעלט איינער ביים צוריקקער פון דער אַרבעט — ווערן אַלע צען דערשאָסן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך צו שרעקן איינער פאַר דעם אַנדערן; מענטשן פלעגן אָנהויבן היטן די טריט פון חבר אויף דער אַרבעט, ער זאָל זיך ניט דערוויטערן, ניט אַנטלויפן.

— כ׳וויל צוליב דיר ניט דערשאָסן ווערן!

אין אָוונט פלעגן די הויף-קאָמענדאַנטן, די הויז-קאָמענדאַנטן, די בלאָק-קאָמענדאַנטן — לויט רשימות קאָנטראָלירן צי עס פעלט ניט ווער עס איז פון די מענטשן. ביינאַכט, אַז ווער עס איז פון צימער פלעגט אַרויסגיין אויפן הויף צו זיינע באַדערפענישן, פלעגן די איבעריקע וואַרטן אויפן פאַרדעכטיקן מיט אומגעדולד, צי איז ער ניט אַנטלאָפן. דערשראָקענע צימער-קאָמענדאַנטינס פלעגן אינמיטן נאַכט אויפוועקן זייערע צימער-שכנים און קאָנטראָלירן, צי אין דער פינסטערניש האָט זיך ווער עס איז ניט אַרויסגעגליטשט. די פּאָליציי האָט איינגעפירט געניויע „מעלדונגס-ביכער״ — פלעגט אינמיטן נאַכט מאַכן לוסטראַציעס, צי אַלע פאַרמאָלדענע געפינען זיך אויף זייערע ערטער.

דער געזעץ פון קאָלעקטיווער פּאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט אין יענער תקופה געשלאָסן דעם וועג פון גיין אין וואַלד. יעדער, וואָס גייט אין וואַלד ליפערט אויס צום טויט זיין משפחה און זיינע שכנים...



אין „געטאָ-ידיעות״ איז דערשינען דאַן אַן אַרטיקל, דיקטירט פון דער געטאָ-פּאָליציי, אין ווּעלכן עס איז געווען געשריבן צווישן אַנדערע פאָלגנדיקס :

„— — — עס איז קלאָר, אַז די קרבנות זענען געווען איבעריקע, זייער טויט ליגט אויפן געוויסן פון די, וואָס האָבן מיט זייער אַחריותלאָזער אויפפירונג דערבראַכט דערצו, אַז אומשולדיקע מענטשן זאָלן באַצאָלן מיט זייער לעבן פאַר ניט זייערע זינד. — —

— — זאָל דאָס פאַרגאָסענע בלוט זיין אַ לעצטע וואָרענונג פאַר אונז. זאָל דאָס אונז דערמאָנען, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדער וועג, נאָר דער וועג פון אַרבעט — זאָל דאָס פאַרגאָסענע בלוט זיין אַ וואָרענונג פאַר בריגאַדירן, קאָלאָנען-פירער, צענדליק-אויפזעערס און פאַר יעדן יידישן פּרט, אַז מען זאָל גלייך מודיע זיין פון יעדן פאַל, ווען עס ווּעט פעלן אַ מענטש פון זיין אויגהייט, שטוב, צימער. דאָ איז ניטאָ קיין אָרט פאַר סענטימענטן און משפחה-געפילן. דאָס איז אַ פליכט-פראַגע. מען מוז, ווי אַן אָפיציר פון אַ באַטאַליאָן, מודיע זיין יעדע דערשיינונג, ווּעלכע קען אונז ברענגען אומגליק. אַזאַ מעלדונג איז ניט קיין מסירה, ווי עס מיינען אַ סך, ווּעלכע האָבן פאַרקריפּלטע גלות-באַגריפן. דאָס איז דער חוב פון יעדן געטאָ-איינוווינער. — — —

# 8. דער ווידערשטאנד ביים ערשטן טראנספארט קיין עסטלאנד

דעם 1טן אויגוסט 1943, פאַרנאַכט, ביים טויער פון געטאָ שטייען ווי געוויינלעך המונים און וואַרטן אויף די צוריקקומענדיקע אַרבעטער, און פלוצעם קערט זיך צוריק אַ קאָמאַנדאָ מיט אַ שווערער בשורה:

— מען האָט אונז אַלעמען אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

און נאָך אַ צווייטע און אַ דריטע, קאָמאַנדאָ נאָך קאָמאַנדאָ קערן זיך צוריק מיט דער זעלבער בשורה:

— אַלעמען אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

ווי אַ שרפה־גלאָק האָט די ידיעה גלייך אַלאַרמירט דעם גאַנצן געטאָ. אַלע זענען אַרויס אויף די גאַסן און געשטראָמט צום הויף פון יידן־ראַט, צו יעקב גענסן:

— אַלעמען אַנטזאָגט. הייסט עס, אַז מען דאַרף ניט די יידישע אַרבעט... ווער עס אַרבעט ניט, האָט ניט קיין רעכט צום לעבן!...

דער געטאָ איז געווען אין אַן אַלאַרם־צושטאַנד. ביי יעקב גענסן זענען באַראַטונגען. עס זענען פאַרזאַמלט ביי אים אַלע אָנפירערס פון דער געטאָ־פּאָליציי, די בריגאַדירן, לייטערס פון הויפּט־אָפּטיילונגען פון יידן־ראַט.

אויפן יידן־ראַט־הויף און אויף די גאַסן וואַרטן טויזנטער יידן. פלוצעם לויפט אַרויס קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי:

— יידן, ס'איז נאָך ניט אַלץ פאַרלוירן. אַ טייל יידן וועלן צוריקגענומען ווערן צו דער אַרבעט. ס'וועלן געשאַפן ווערן נייע איינהייטן.

דער געטאָ האָט אַביסל אָפּגעאָטעמט און געוואַרט אויף ווייטערע געשעענישן. און ווירקלעך, אַ קליינע צאָל יידן האָבן באַקומען אַרבעט אין עטלעכע איינהייטן. די איבערוויגנדיקע מערהייט איז געבליבן אָן אַרבעט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום — אַ מעלדונג פון געטאָ־אַרבעטס־אַמט: ביים באַן־הויף און אויפן אַעראָדראָם פּאָרובאַנעק ווערן פאָרמירט גרויסע יידישע אַרבעטס־איינהייטן. מען קען זיך פאַרשרייבן.

ס'איז געווען אַ געדראַנג, וואָס גיכער זיך צו פאַרשרייבן. זיין פון די ערשטע, וואָס וועלן גיין צו דער אַרבעט, ניט זיין קיין „אומנויטיקער" אין געטאָ, האָבן אויפן שיין אַ שטעמפּל, אַז מען אַרבעט. די קאָמאַנדאָס זענען אַוועק צו דער אַרבעט. די געטאָ־פּאָליציי, דער אַרבעטס־אַמט האָבן אָנגעהויבן שטרענג צו קאָנטראָלירן, צי אַלע פאַרשריבענע זענען ווירקלעך אויף דער אַרבעט, שטרענג באַשטראָפן די, וואָס פעלן. אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן מורמלען:

וואָס הייסט, פריער האָבן די דייטשן אַלעמען אַנטזאָגט, מען דאַרף קיינעם ניט...

און איצט איז מען אַזוי להוט, אַז קיינער זאָל ניט פאַרפעלן די אַרבעט. מסתמא ליגט דאָ עפּעס אַ מיין... אַ פּאַסטקע...

אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן זיך צו דערציילן בסודי סודות:

— עס גרייט זיך אַ טראַנספּאָרט קיין עסטלאַנד אָדער ריגע: „באַן־הויף״ און „פּאָרובאַנעק״ וועלן זיין די ערשטע קרבנות...

אין אַ געוויסן פאַרנאַכט רופט מיך זעליק קאַבאַטשניק און זאָגט:

— ס׳קורסירן זיכערע קלאַנגען, אַז מאָרגן וועט עפּעס געשען מיט די פאַר־שריבענע אַרבעטער. כ׳בין צווישן די פאַרשריבענע, כ׳וועל ניט גיין מאָרגן צו דער אַרבעט, גיב אַן עצה, ווי ווערט מען שנעל קראַנק, הויך היץ אין פאַל פון אַ פּאָליציי־רעוויזיע וועט זיין אַן אַליבי.

די עצה איז קורץ: אַ דיסקרעטע איינשפּריצונג פון דעם טיפוס־וואַקסין, עס זענען נאָך דאָ פלעשעלעך אין שול־מעדיצינישן פונקט. ווען ס׳וועט געבן פּערציק גראַד, אַרויסרופן דעם דאָקטאָר פון גיכע הילף. ער וועט געבן אַ קראַנקייטס-באַשטע-טיקונג און אַ באַפרייאונג פון דער אַרבעט.

אין זעלבן אָוונט בין איך אַלאַרמירט געוואָרן צו אַ סך פלוצעמדיקע „קראַנקע״... די „טיפוס״־פלעשעלעך האָבן געהאַט דערפאָלג... איך האָב געזען דאַן איבער די געסלעך אַ סך חברים דאָקטוירים איילן מיט די מעדיצינישע טאַשן. אין יענער נאַכט איז געווען ממש אַן עפּידעמיע פון פלוצעמדיקער היץ, אָנפאַלן פון נירן־שטיינער, גאַל־שטיינער, בלינדע קישקע... די גיכע הילף איז געווען אין באַוועגונג די גאַנצע נאַכט...

ביי נאַכט האָב איך אָנגעזאָגט מיינעם אַ קרוב, שורע לאַנדאָ:

— גיי ניט מאָרגן צו דער אַרבעט. ס׳גרייט זיך עפּעס.

ער האָט מיר געענטפערט:

— ס׳איז מסתמא אַ פאַלשע פּראָוואָקאַציע פון דער געטאָ־פּאָליציי, אַ פאַלשער אַלאַרם. מאָרגן וועט אַקוראַט גאָרניט טרעפן. די מענטשן וועלן זיך אַרומזען, אַז ס׳איז פּוסטע שרעק — וועט מען רואיק גיין צו דער אַרבעט; און ערשט דאַן וועט די געטאָ־פּאָליציי אָפּטאָן, וואָס זי וויל. כ׳וועל דעריבער מאָרגן דווקא גיין און אין אַ פּאָר טעג אַרום אויפהערן צו גיין.



אויף מאָרגן אין דער פרי זענען די אַרבעטער אַרויס ווי געוויינלעך צו דער אַרבעט; מען האָט זיי ווי געוויינלעך געציילט אין גרופּעס און שורות. אין אַ קורצער צייט אַרום איז פאַרביי דעם געטאָ־טויער דורכגעפאָרן אויף אַ ראָווער אַ קריסטלעכער באַן־אַרבעטער און אַ וואָרף געטאָן אין טויער אַ וואָרט:

— ביים באַן איז ניט אין אָרדענונג...

אין געטאָ איז געוואָרן אַ געפּרעסטע דערוואַרטונגס־שטימונג. פּלוצעם איז אַריינגעלאָפן אין געטאָ־טויער אַ גרופּע מענער און פרויען מיט געוואַלדן און גע־שרייען. די ליטווישע טויער־וואַך האָט זיי פרובירט פאַרהאַלטן, האָבן זיי זיך מיט די פויסטן דורכגעריסן און אַריין אין געטאָ, צעלאָפן זיך איבער די געסלעך, איבער די הייזער. זיי האָבן דערציילט:

— מיר זענען אַרויס ווי געוויינלעך צו דער אַרבעט. אויף ר׳אַג קיעווער-גאַס האָט אונז איבערגענומען אַ גרויסע באַוואַכונג פון ס״ס־לייט, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס מיט פּיסטאָלעטן, ביקסן און גומי־שטעקנס. שפּעטער האָט מען אונז אָנגע־הויבן פירן גרופּנווייז צום באַן. דאָרט זענען געשטאַנען גרייטע וואַגאָנען, אַזעלכע ווי ביי דער אַקציע „קאָוונע־פּאָנאַר״, מיט פאַרדראָטעוועטע פענצטער. דער פּלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט ס״ס, געסטאַפּאָ, ליטווישע, לעטישע און עסטאָנישע זעלנערס. מען האָט אָנגעהויבן אַריינצושטופּן די ערשטע גרופּן אין די וואַגאָנען. עס האָבן זיך דערהערט צווישן די רייען געשרייען:

— יידן, ניט לאָזן זיך פירן צום טויט! —

— שטאַרבן אויף אַן אָרט און ניט גיין אין די וואַגאָנען! —

— יידן! ראַטעוועט זיך! לויפט!

מען האָט אָנגעהויבן לויפן, ווילדע געשרייען האָבן זיך צעהילכט. די באַוואַכונג האָט פאַרצוימט דעם וועג, געשלאָגן מיט קאַראַבינען, מיט גומי־נאַגייקעס.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן אונז אומבאַוואָפנטע מיט די טויזנטער דייטשן, ליטווינער, לעטן, עסטאָניער; מיר מיט קולאַקעס, זיי מיט געווער. זיי האָבן געעפנט אַ קאַראַביגען־פייער, וועלכער האָט טויט־געלייגט די אַנטלאָפענע אויף די רעלסן פון באַן, אויפן פּלאַץ, אויף די שטעכל־דראָטן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ. פון הינטער די וואַגאָנען זענען מיר אַנטלאָפן. מיר ווייסן ניט ווי אַזוי אונז איז געלונגען צו קומען אין געטאָ...

מענער, פרויען און קינדער זענען געגאַנגען אויף די גאַסן, געוויינט, געבראָכן די הענט, געריסן די האָר פון קאָפּ. שטענדיק פלעגט יעדע אַקציע דורכגיין אין אַ טויטן־שטילשווייגן. אַזוי איז די גזרה און אַזוי מוז עס זיין. — איך האָב ניט קיין שיין — באַהאַלט איך זיך; כאַפּט מען מיך — גיי איך צום טויט; האָב איך אַ שיין — אָדער איך באַהאַלט זיך אויס — איז מיין מזל... דאָס מאָל האָט עפּעס געפּלאַצט אין דער סטאָאישער ערב טויט־שטימונג. יידן זענען געשטאַנען און געבראָכן די הענט:

— וואָס טוט מען? ניטאָ קיין שום ישועה. גייסט ניט צו דער אַרבעט — וועט מען דיך נעמען צום טויט; גייסטו יאָ צו דער אַרבעט — נעמט מען דיך צום טראַנספּאָרט און וואוהין פירט מען אונדז?...

אַ פרוי איז געשטאַנען און געיאָמערט:

— מיין מאַן האָט געזאָגט: עס גרייט זיך עפּעס, כ׳וויל ניט גיין צו דער אַרבעט. האָב איך אים געזאָגט: מאַלע וואָס מען רעדט! אויפן באַן וועסטו קריגן ביי אַ פויער אַ קילאָ קאַרטאָפל, אַ שאָד די קאַרטאָפל. צוליב אַ קילאָ קאַרטאָפל האָב איך געפּטרט מיין מאַן, מיין קרוין...

גרופּן נאָך גרופּן זענען געלאָפן צום טויער פון געטאָ. פּלוצעם זענען אָנגעקומען צוויי אויטאָס מיט געסטאַפּאָ און עסטאָנישע זעלנער. די געסטאַפּאָ־פּאָליציי האָט באַקומען אַ באַפעל צו פאַרהאַלטן די אַנטלויפערס און פאַרלאָדן זיי אין די אויטאָס. אין געטאָ איז געוואָרן אַ טומל:

— די געטאָ־פּאָליציי האָט פאַרנאַרט די יידן צום טראַנספּאָרט — און איצט פּאַקט זי אין די אויטאָס די אַנטלאָפענע.

ס׳איז געוואָרן אַ צוזאַמענגעלויף ביים געטאָ־טויער אָפּצוראַטעווען די אַנטלויפֿנ־דיקע. די עסטאָביער האָבן זיך געוואָרפֿן אויף די ראַטעווערס און זיי געשלאָגן מיט די בלאַנקע, שאַרפֿע שווערדן. עס זענען געפֿאַלן פֿאַרוואונדעטע אויף רעכטס און לינקס. דאָך איז אַ טייל געלונגען אַרויסצורייסן זיך פֿון דער שמירה, אַראָפּצושפּרינ־גען פֿון אויטאָ און אַנטלויפֿן אין געטאָ. די געטאָ־פּאָליציי האָט אָנגעהויבן פֿאַרלאָדן שנעל פֿורן מיט ברויט און פֿלעשער וואַסער און געפֿירט צום באַן.



אין אָוונט איז שוין געווען באַקאַנט:

אויפֿן באַן־פּלאַץ און אַרום ליגן אַ דריי הונדערט הרוגים. געפֿאַלענע אין קאַמף און דערשאָסענע ביים אַנטלויפֿן. הונדערטער זענען אַנטלאָפֿן, פֿאַרשוואונדן; די איבעריקע זענען פֿאַרלאָדן אין די וואַגאָנען.

ס׳האָבן געפֿעלט יידן צום נויטיקן חשבון פֿון טראַנספּאָרט. האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט די עטלעכע יידישע „זיכערע״ קאָמאַנדאָס, וועלכע האָבן געאַרבעט אין שטאָט און זיי אַרויסגעפֿירט צום טראַנספּאָרט.

מען האָט דערציילט:

— יעקב גענס איז מיט דער געטאָ־פּאָליציי געקומען צום באַן, געבראַכט דאָס ברויט און דאָס וואַסער. ער האָט געהאַלטן אַ באַרואיקונגס־רעדע פֿאַר די יידן אין די וואַגאָנעס, זיי פֿאַרזיכערט, אַז מען פֿירט זיי ניט צום טויט, נאָר אויף אַרבעט קיין עסטלאַנד. אין גיכן וועלן צו זיי קומען זייערע קינדער און פֿרויען.

די יידן פֿון די וואַגאָנען האָבן אים פֿאַרוואָרפֿן מיט פֿלעשער. אין אָוונט האָט די געטאָ־פּאָליציי געבראַכט אַ סך צעטעלעך פֿון באַן, געשריבן אויף יידיש:

— מיר געפֿינען זיך אין באַן, מען זאָגט, אַז מען פֿירט אונז קיין עסטלאַנד.

די צעטעלעך זענען געווען ניט פֿאָלסיפֿיצירטע. איך האָב דערקענט אַ סך האַנט־שריפֿטן פֿון באַקאַנטע. אין זעלבן אָוונט און אויף מאָרגן האָט מען געפֿירט אין געטאָ־שפּיטאָל אַ סך פֿאַרוואונדעטע און קראַנקע, וואָס מען האָט געפֿונען אויפֿן באַן־פּלאַץ און אומגעגנט. דאָס געטאָ־שפּיטאָל איז געווען באַלאַגערט פֿון יידן, וועלכע האָבן געוואָלט וויסן, אפֿשר געפֿינט זיך צווישן די פֿאַרוואונדעטע אויך זייערער אַ קרוב. אויפֿן געטאָ־שפּיטאָל־טויער איז אויפֿגעהאָנגען געוואָרן אַ רשימה פֿון ניי־אָנגעקומענע כירורגישע קראַנקע... דער עולם האָט שוין געוואוסט וועמען מען מיינט. פֿון שורע לאַנדאָ איז ניט געווען קיין ברייוול פֿון באַן, און ער איז ניט געווען אויף דער ליסטע פֿון די כירורגישע קראַנקע.

די געטאָ-פּאָליציי האָט געמאָלדן אויף מאָרגן:

די אָוועקגעפֿאָרענע מיטן טראַנספּאָרט קיין עסטלאַנד האָבן ניט געהאַט קיין מאַנטלען, וואַרעמע וועש און עסנוואַרג. זיי האָבן זיך ניט געגרייט. זייערע קרובים קענען ברענגען פּעקלעך ביז פֿופֿצן קילאָ פֿון בגדים און עסנוואַרג, אויפֿשרייבן אויפֿן פּעקל דעם פֿאַרנאָמען און דעם פֿאַמיליע-נאָמען פֿון אוועקגעפֿאָרענעם, — אַדרעס: וויוואַראַ, ווי אויך דעם אַדרעס פֿון קרוב, דעם אָפּשיקער.

איך האָב אין געטאָ־פּאָליציי געבראַכט אַ פּעקל פֿאַר שורע לאַנדאָ. אַלס אָפּשיקער האָב איך אָנגעגעבן אַ פֿרעמדן נאָמען, נאָך וואָס זאָל פֿיגורירן אין דער געטאָ־פּאָליציי מיין נאָמען, אַלס אַ קרוב — מען קען ניט וויסן, נאָך וואָס עס ווערן געקליבן די פּעקלעך.

יעקב גענס האָט פון באַלקאָן געהאַלטן רעדעס און באַרואיקט דעם עולם. שוין חדשים ווי די דייטשן האָבן פון אים געפאָדערט אַרבעטער קיין עסטלאַנד און ריגע, ער האָט אַלץ אָפגעשטופט. און ווייל קיין פרייוויליקע וואָלטן זיך ניט געפונען, האָבן די דייטשן גענומען בגוואַלד. ס׳איז אָבער אויף אַרבעט, ניט צום טויט. בקרוב וועלן זיין גרוסן, בריוועלעך פון זיי. מען זאָל רואיק גיין צו דער אַרבעט, מען וועט ניט כאַפּן. דאַקעגן וועט די פּאָליציי פאַרהאַלטן אַלע אַרבעטס־פעלנדיקע, וועלכע וועלן ניט זיין ביי דער אַרבעט...

מיט אומגעדולד פלעגט מען אָפוואַרטן די צוריקגייענדיקע פון דער אַרבעט. צי איז ווידער עפּעס ניט געשען? אין איינעם אַן אָוונט איז מיט דער פּאַרטיע אַרבעטער אַריין דורכן געטאָ־טויער אויך שורע לאַנדאַ. ער האָט דערציילט:



הויף פון יידן-ראַט אויף רודניצקער 6.
אויף דעם הויף (ביים סעדל), איז פאָרגעקומען די סעלעקציע פון די „געלע שיינען".
(פאָטאָ: ק. גערשאטער).

— כ׳בין געלאָפן פון באַן אַוועק מיט אַלעמען. אויפן וועג אַריין אין אַ באַקאַנטן הויף, באַהאַלטן זיך צווישן קיילעס. געהאַט מיט זיך אַ פּאָר שטיקלעך ברויט, האָב איך עס געגעסן, אָפּגעהיט אַ פּאַרטיע אַרבעטער און צוזאַמען מיט זיי צוריקגעקערט זיך.

ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען נאָך „פּאַרשפּעטיקטע", אַנטלאָפענע פון טראַנס־פּאָרט קיין עסטלאַנד. אָט די אַלע זענען געוואָרן „נעלמים" פון געטאָ. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן באַן־קאָנדוקטאָרן איבערגעגעבן זיך מפּה לפּה:

— ווען די באַן איז פאַרבייגעפאָרן די געדיכטע ווייסרוסישע וועלדער, האָבן פּלוצעם אָנגעהויבן זיך אויפברעכן אַ גאַנצע רייע וואַגאָנען פון טראַנספּאָרט, יידן זענען געשפּרונגען פון באַן, עס זענען זיי נאָכגעפלויגן דייטשע קוילן, אַ טייל איז אָבער געלונגען צו אַנטלויפן אין וואַלד.

# 9. ס׳קומען אַן גרוסן פון עסטלאַנד

אין געטאָ האָט מען ניט געוואוסט געני: ווער איז אַוועק מיטן טראַנספּאָרט, ווער עס איז אַנטלאָפן, ווער פאַרשוואונדן. אין די צימערן פון די פעלנדיקע האָבן זיך אַריינגעקליבן די געבליבענע. דאָס געזעץ פון קאָלעקטיווע אַחריות האָט אַ קליינע צייט ניט געקענט האָבן קיין שליטה. אַ פעלנדיקער מענטש קען זיין איז פון די אַרויסגעפירטע, דערשאָסענע, אָדער אַנטלאָפענע. עס האָט זיך געעפנט די מעגלעכ־קייט צו גיין אין וואַלד, אָן קאָלעקטיווע שטראָף פאַר משפחה און שכנים. יוגנט האָט אָנגעהויבן צו ציען אין וואַלד.

דורך אַ נייער איבעררעגיסטראַציע און אַ דאַנק די געשיקטע פעקלעך נאָך ווייוואַראַ, האָט די געטאָ־פּאָליציי צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון די אַוועקגעפאָרענע קיין עסטלאַנד און פון זייערע קרובים. די פּאָליציי האָט געמאָלדן:

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט דאַרפן אַלע קרובים פון די „עסטאָניער" זיך מעלדן פרייוויליק צום טראַנספּאָרט.

דערווייל זענען אָנגעקומען פון עסטלאַנד צענדליקער בריוו אויף דיש, אַז מען איז אין ווייוואַראַ, מען אַרבעט פיזיש, מען גיט יעדן טאָג זופּ, קאַווע, פינף און דרייסיק דעקאַ ברויט, אַ שטיקל מאַרגאַרין, אַ מאָל מאַרמעלאַדע. אין איינעם פון די בריוו איז דורכגעפאַלן אַ זאַץ: „דער פעטער מיט די וואָנצעס אַרבעט אַכציק קילאָמעטער פון אונז", — דאָס האָט געזאָלט באַדייטן אויפן „געטאָ־דיאַלעקט", אַז דער סאָוויעטישער פראָנט (סטאַלין — דער פעטער מיט די וואָנצעס), איז אַכציק קילאָמעטער פון ווייוואַראַ. די בריוו זענען ניט געווען געפעלשטע. אין אַ בריוו פון אַ באַקאַנטן איז געווען אַ זאַץ: „ביי דער אַרבעט זאָג איך שמע ישראל" — „שמע ישראל" איז געווען אַן אָפּגערעדטער זאַץ צווישן מיר מיט אים, אין דער צייט ווען אין געטאָ האָט מען געכאַפּט אויף צוואַנגסאַרבעט אויף ווערזשבאַלאָווע — אויב מיר וועלן זיך דורך אַ געלעגנהייט שרייבן אַ בריוו, באַדייט „שמע ישראל", אַז דער טעקסט פון בריוו איז אַן אמתער, ניט קיין אויפגעצוואונגענער. די געטאָ־פּאָליצייאישע קרייזן האָבן געשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ווייוואַראַ מיט די ווערטער: — „ווען איך האָב רעדלעך, וואָלט איך געקענט צופאָרן צום פעטער יוסף". — דער באַטייט דערפון איז — אַז מיט גאָלדענע מטבעות („רעדלעך" אויפן געטאָ־דיאַלעקט) קען מען גנבענען דעם סאָוויעטישן גרענעץ. ביי אַ סך מענטשן האָט זיך צעהיצט די פאַנטאַזיע... ס׳איז געוואָרן אַ געדאַנקען-צעטומלעניש: אַ טייל געטאָ האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז כדאי צו פאָרן קיין עסטלאַנד און וואָס גיכער; אַ טייל האָט געהאַלטן אַז עסטלאַנד איז אַ פאַסטקע, אַן אָפּנאַרעריי, שפּעטער וועט מען דאָרט אַלעמען פאַרניכטן; אַ טייל האָט געהאַלטן, אַז אין עסטלאַנד פאַרניכטעט מען ניט, ס׳איז דאָרטן „קאַטאָרגע" און וואָס מען קען אָפּשטופּן, דאָס איז בעסער.

אין געטאָ איז דורך אַ קלאַנג:

— ס׳איז דאָ אַ מענטש פון עסטלאַנד!

און ווירקלעך, ס׳איז געקומען דער בריגאַדיר היימאַן. פון יעקב געגס באַלקאָן אויפן הויף פון יידן־ראַט האָט ער געהאַלטן אַ רעדע צום געטאָ־עולם. ער האָט דערציילט:

— איך בין מיט דער „באַן״־גרופּע אַוועק קיין עסטלאַנד — די יידן אַרבעטן שווער, אָבער האָבן וואָס צום עסן גענוג. און ער האָט דערציילט ווי זיי אַרבעטן און וואָס זיי עסן — זיי איז דאָרטן רואיקער ווי אייך דאָ, זיי וואַרטן אויף אייך,



אויפרוף פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט (ייוואָ-אַרכיוון).

איר וועט אַלע דאָרטן קומען, ווער פריער, ווער שפּעטער. ס׳זענען פאַר אַלעמען צוגעגרייט גרויסע באַראַקן; גרייט צו וואַרעמע וועש, ווייל אין די פרימאָרגנס איז דאָרטן קאַלט. איך פאָר ווידער אַהינצו, איך וועל זיין בריגאַדיר.

זיינע ווערטער האָבן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ סך האָבן געטענהט:

— ער זאָגט אמת, מען דאַרף זיך גרייטן צו פאָרן קיין עסטלאַנד. איז צו פיזישע אַרבעט, אָבער צום לעבן.

— ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, געגנס׳ אַ מקורב; אויב אים איז דאָרטן גוט, זאָל ער פאָרן, אונז האָט ער ניט וואָס איינצורעדן — האָבן אַנדערע געטענהט.

אַז עס איז געקומען דער טאָג פון „קרובים־טראַנספּאָרט״, האָבן זיך טאַקע אַ סך

מענטשן געמאָלדן פּרייווויליק; אַ טייל האָט זיך באַהאַלטן. די געטאָ-פּאָליציי האָט זיי געזוכט אין די מאַלינעס און בײַלוויין זיי אויסגעפונען, מיט דער מיטהילף פון דער אונטערוועלט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן אַלע „קרובים" באַקומען שריפטלעכע, נאָמענטלעכע אײַנלאַדונגען צום טראַנספּאָרט אויפן זאַמל־פּונקט, ביים קאָפּע־הויז שאַוועלסקע־גאַס 1. די וואָס זענען ניט געקומען האָט די אונטערוועלט ווידער געהאָלפן דער געטאָ־פּאָליציי זיי אויסזוכן. יעקב גענס האָט זיי צוגעזאָגט, אַז דערפאַר וועט מען זיי און זייערע קרובים ניט רירן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן באַקומען שריפטלעכע אײַנלאַדונגען צום טראַנס־פּאָרט אַלע „אַריינגעפּאַרענע" יידן, דאָס הייסט פון די ליקווידירטע פּראָווינץ־שטעטלעך: אָשמענע, שווענציאַן, סוויר, סמאַרגאָן וכדומה... מענער, פרויען און קינדער. מען האָט זיי דערלויבט מיטצונעמען אַלע זייערע פּעק, בעטגעוואַנט, עסן און בגדים. ווער עס קומט ניט און באַהאַלט זיך אויס — ווערן זיינע פּעק קאָנפיסקירט; ביי וועמען עס ווערן געפונען חפצים פון אַ באַהאַלטענעם — ווערט אַרויסגעשיקט קיין עסטלאַנד; באַפרייט פון טראַנספּאָרט זענען נאָר די פּראָווינצער, וועלכע פאַרנעמען וויכטיקע פּאָסטנס אין די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן. אַזוי זענען געפאָרן אָפּטע טראַנספּאָרטן קיין עסטלאַנד, צו עטלעכע הונדערט מענטשן אין אַ טראַנספּאָרט. קליינע „טיילווייזע ליקווידאַציעס".

ס'זענען געווען אַ סך משפחות, וועלכע האָבן ניט געהאַט וואָס מיטצונעמען, האָט זיי דער געז. הילפס-קאָמיטעט באַזאָרגט מיט שפּייז און די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג — מיט בגדים.



די געטאָ־מענטשן האָבן זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז עס דערוואַרט אַלעמען עסטלאַנד.

אין געטאָ האָט מען געזונגען קופּלעטן (טעקסט ראָזענטאַל).

„פּאַק זיך איין, פּאַק זיך איין.
ס'וועט פון אונז שוין גאָרנישט זיין.
היינט העכסטנס נאָך אַ סימפּאָניע
מאָרגן ביסט שוין אין עסטאָניע
טאָ פּאַק זיך איין, פּאַק זיך איין.

און אויך וועגן די קלאַנגען בנוגע טראַנספּאָרטן קיין ריגע האָט דער קופּלעט ניט פאַרגעסן:

היינט זענען מיר נאָך היגע
מאָרגן פאָרן מיר קיין ריגע
טאָ פּאַק זיך איין, פּאַק זיך איין — — —

און מענטשן האָבן זיך געפּאַקט און געגרייט צום טראַנספּאָרט.

דאָס טעאַטער, די רעווי, די סימפאָנישע קאָנצערטן, די רעפעראַטן — זענען אין די טעג פון די טראַנספּאָרטן פאָרגעקומען נאָרמאַל ווי געווען. אַ סך מענטשן פלעגן אין אָוונט גיין זען דעם לעצטן מאָל טעאַטער — און אויף מאָרגן זיך מעלדן צום טראַנספּאָרט.

אין דער זעלבער צייט זענען אָנגעקומען פון פראָנט אַלץ פרייטלעכערע ידיעות וועגן דייטשע מפּלות. דער געטאָ-עולם האָט זיך געלאָזט ערב די טראַנספּאָרטן פאַר־

וויגן מיט האָפנונגס-אילוזיעס וועגן דעם, אַז באַלד הויבן אָן די דייטשן „זיך פּאַקן". דער קופּלעט האָט געזונגען:

פּאַק זיך איין, פּאַק זיך איין
ס'וועט דער סוף בעסער זיין.
דאָס מאָל וועט זיי ניט געלינגען
מירן זיי דאָס לידל זינגען
„פּאַק זיך איין, פּאַק זיך איין!".

די פּאַרטיזאַנער האָבן געוואָרנט פאַר „אילוזיע עסטלאַנד", פּאַראויסגעזאָגט, אַז דאָרטן איז אומקום, דאָס רוב יידן פון געטאָ האָט אָבער געזען אין עסטלאַנד אַ קליינעם שטראַל האָפענונג צו בלייבן לעבן.

ביי דער קאָמפּלעטער אומבאַוואָפנטקייט פון עטלעכע און צענדליגע טויזנט מענטשן פון געטאָ, ביי דער קליינער באַוואָפענונג פון די כמה הונדערטער אָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנער, ביים פּאַרלוסט פון די פּאָפּולערע אָנפירערס פון די ווידערשטאַנדס-באַוועגונג — יוסף גלאַזמאַן און יצחק וויטענבערג — ביים אָפּפלוס פון באַוואָפנטע גרופּן אין וואַלד — האָט דאָס רוב מנין פון געטאָ געזען אין, אַ געטאָ-קאַמף, נאָר אַ זעלבסט־מאָרד־אַקט, אויף וועלכן די דייטשן וואַרטן אפשר. די פּאָליאַקן און ליטווינער וועלן דאָך זיכער צו הילף ניט קומען.

טויזנטער יידן האָבן זיך געריסן צו גיין אין וואַלד, אָבער ווי גייט מען אַהין? דאָס געטאָ־טויער איז באַוואַכט, די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס — באַוואַכט, די וועגן — באַוואַכט. יעדער אָנגעטראָפענער פּאָליאַק אָדער ליטווינער קען דיך אַרויסגעבן. אַ מאַסן־גאַנג פון געטאָ איז אָן אויטאָפּיע און אַ זעלבסט־מאָרד.

אין די פּאַרטיזאַנער־קרייזן האָט מען געקוקט מיט גרויס פּאַרזיכטיקייט אויף יעדן, וואָס וויל זיך אָנשליסן, צי איז ער פּאַרטרויאונגס־ווערט, צי וועט ער ניט פּאַרראַטן אין אַ שווערער שעה, צי איז ער ניט אַן אַגענט פון דער געטאָ־פּאָליציי אָדער געסטאַפּאָ. אויף צו גיין אין וואַלד האָט מען געפאָדערט לכל הפחות באַזיצן אויף צוויי מענטשן איין רעוואָלווער. אָן געווער קען מען שוצלאָז אין וואַלד ניט גיין, אָן געווער קען מען סיי אויפן וועג, סיי אין וואַלד געכאַפּט ווערן פון פּאַטרולן, פון באַנדיטן, פון פּאַשיסטישע פּאַרטיזאַנער. מען האָט אויך געוואוסט, אַז די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער נעמען ניט אָן צו זיך אָן געווער...

ווערסטו שוין אָנגענומען אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און האָסטו שוין געווער, דאַרפסטו זיין גרייט אין עווענטועלן טאָג פון אַרויסגיין אין וואַלד—איבערצוגאָזן אין די שווערע געטאָ־שעהן, אויף הפקר, דיין טאַטן, דיין מאַמען, דיין קינד און דיין פרוי. אַ סך דעצידירטע צום קאַמף און צו אָפּפער — האָבן זיך אָבער ניט געקענט דעצידירן איבערלאָזן אויף הפקר די משפחה און אין לעצטן דעציזיע־מאָמענט, פלעגן זיי צוזאַמענברעכן. ס'האָט זיך געשאַפן דאַן אין געטאָ אַ מיינונג, אַז אינעם גיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער — ליגן די גרעסטע שאַנסן צום בלייבן לעבן. אויף דעם, וואָס האָט די מעגלעכקייט צו גיין אין וואַלד, האָט מען געקוקט ווי אויף אַ גליקלעכן, אויף אַ בר־מזל.

בכדי צו פאַרשטיין די שטימונג פון יענער צייט, און די סיבות, וואָס האָבן אָפּ־געהאַלטן אַ סך מענטשן פון דורכברעכן אַ וועג און ווי עס איז פּרובירן צו גיין אין וואַלד — מוז מען אויך דערציילן, אַז די משפּחות, די טאַטעס און די מאַמעס, די

ברידער און די שוועסטער, ווי אויך די פרויען — האָבן אין דעם משפחה־מיטגליד, וואָס גרייט זיך צום וואַלד, ניט תמיד געזען אַן אידעאַליסטישן פרייהייטס־קעמפער, נאָר אָפט אַ מענטש, וואָס וויל זיך אַליין ראַטעווען, איבערלאָזנדיק די גאַנצע משפחה אויף הפקר. אני את נפשי הצלתי...

מענטשן פלעגן זאָגן:

האָט אונז דער דייטש צעטיילט — איז פאַרפאַלן, אַזאַ גורל מן השמים — אָבער אַליין פרייוויליק זיך צעשיידן? ניין. צוזאַמען אין ליידן, צוזאַמען אין פריידן; צוזאַמען אין לעבן, צוזאַמען אין טויט.

אַ געוויסער טייל מענטשן, וועלכע האָבן געזען, אַז דאָס גיין אין וואַלד איז פאַר זיי ניט רעאַל, האָבן דאָך ניט געוואָלט גיין קיין עסטלאַנד און זיי האָבן מיט ענערגיע געבויט מאַלינעס אויף צו קענען זיך אויסבאַהאַלטן במשך פון חדשים.

ס׳האָבן זיך דאַן אויסגעפאָרמירט דריי שיטות אין געטאָ:

1) די וואָס זענען גרייט צו טראַנספּאָרטן קיין עסטלאַנד, צווישן זיי האָט אַ טייל געטראַכט, אַז וואָס לענגער מען קען אָפּשטופּן איז אַלץ בעסער.

2) די וואָס זענען זיך מכין אויף אַ לענגערער צייט אויסצובאַהאַלטן זיך אין מאַלינעס.

3) די אָרגאַניזירטע אין דער פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג, ווי אויך גרופּן פון פּראָ-ווינצער און אַליין שטייענדיקע, משפחהלאָזע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אויף אייגענער האַנט געזוכט וועגן אַרויסצורייסן זיך אין וואַלד.

אַלע האָבן געוואַרט אויף גרויסע, ענטגילטיקע געשעענישן, וואָס קומען אָן — —



אין יענע טעג האָט דער פאָלקס-דיכטער פון געטאָ כ. ברוידאָ *) געשאַפן זיין ליד: „משה האַלט זיך" (מוזיק ג. וועקסלער), וואָס האָט גערופן צום אויסהאַלטן און געדענקען, אַז מען דאַרף אַרויס:

משה האַלט זיך
נישט פאַרליר זיך
און געדענק מען דאַרף אַרויס —

משה האַלט אויס
גליטש זיך ניט אויס
געדענק מען דאַרף אַרויס —

משה האַלט זיך, האַלט זיך משה
עס איז ניט ווייט
עס שלאָגט שוין באַלד די שעה די גרויסע — — — —

*) כתריאל ברוידאָ, געבוירן אין ווילנע, אין 1907. נאָכן ענדיקן די העברעאישע גימנאַזיע, ווידמעט ער זיך דער טעאַטער-קונסט און האָט זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין מאַריאָנעטן-טעאַטער „מיידים". אין געטאָ איז ער געווען דער פּאָפּולערסטער פאָלקס-דיכטער און אויטאָר פון די מערסטע געטאָ-רעוויי-פּראָגראַמען. פון זיינע באַקאַנטערע געטאָ-לידער: „געטאָ דיך פאַרגעסן וועל איך קיינמאָל ניט!", „ענג, אונזער צימער איז ענג", „איך בין פון טראַנספּאָרט", „פרויען געבוירענע אין שווערע שעהן", „נאָר ביי אונז איז גראָ און פינצטער", „מיר שפּאַנען צום בעסערן מאָרגן".

כתריאל ברוידאָ איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין עסטלאַנד און איז אין יאָר 1945 דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן, נעבן קעניגסבערג, ביים ברעג פון באַלטישן ים.

# 10. אין טאג פון יחיאל שיינבוים

דעם 1טן סעפטעמבער 1943 איז פלוצעם פאַרטאָג דער געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט געסטאַפּאָ, ס״ס-לייט און עסטאָנייער — ניט אַריין און ניט אַרויס.

— ס׳הויבט זיך אָן די ליקווידאַציע!

זענען מענטשן געלאָפן מיט געשרייען אין די מאַלינעס. איך כאַפּ זיך אַראָפּ אויפן גאַס מיט מיין פרוי און שוועסטער שפרה. די באַוועגונג איז איבערגעריסן. מען כאַפּט אַלעמען אויף די גאַסן. מיר רייסן זיך ווי עס איז דורך פון אונזער הויף צום נאָנט שטייענדיקן הויף פון געטאָ־שפּיטאָל. דאָרט דערוויסן מיר זיך, אַז נויגע־בויער כאָדערט צען, פופצן טויזנט מענטשן קיין עסטלאַנד. ס׳לויפן קלאַנגען, וועל־כע זענען איינע די אַנדערע זיך סותר. פון געטאָ שפּיטאָל אויף סטראַשון גאַס 6, רייס איך זיך דורך מיט מיין פרוי און שוועסטער שפרה דורך דורכגאַנג-הויפן; דאָרט איז דער זאַמל־פּונקט פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. פון די ערשטע, וואָס איך באַגעגן דאָרט, איז ניסל רעזניק, מיטגליד פון פאַרטיזאַנער־שטאַב. כ׳זאָג אים:

— כ׳בין געקומען אויפן זאַמל־פּונקט צוזאַמען מיט מיין פרוי און שוועסטער, זיי שליסן זיך אויך אָן צו דער באַוועגונג. פאַרטייל מיר אַ פּאָזיציע ביי אַ קאַמפּס־פּונקט, און גיב מיר געווער.

ניסל רעזניק זאָגט:

— גיי גלייך אין שפּיטאָל, דאָרט איז איצט דיין אָרט.

— ניסל! איך בין דאָך ערשט געקומען פון שפּיטאָל!

— היינט איז אַן ערנצטער טאָג. ס׳איז צו דערוואַרטן בלוטיקע געשעענישן. גע־ווער איז דאָ זייער ווייניק. גיי גלייך אין שפּיטאָל, דאָרטן איז איצט דיין פּאָזיציע. דאָרטן ביזטו נויטיק אַלס דאָקטאָר.

כ׳רייס זיך אַדורך דורך הויפן צוריק אין געטאָ-שפּיטאָל אַריין. באַלד קומט אָן אַ ידיעה דורך אַ פּאַו בייגייענדיקן געטאָ פּאָליציסט:

— די דייטשן זענען אַריין אין געטאָ. מען כאַפּט. —

און שפּעטער אַ ידיעה:

— פאַרכאַפּט אויף שפּיטאָל גאַס 8 אַ גרופּע יידן, צווישן זיי פאַרטיזאַנער.

און ווידער אַ ידיעה:

— מען רייסט מאַלינעס. די פאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אויף סטראַ־שון גאַס 12, 8 און 6.

שפּעטער זענען אָנגעקומען ידיעות:

— די געטאָ־פּאָליציי נייט איבער די הויפן, רופט אַלעמען אַרויסגיין פון די מאַלינעס. זי דראָט, אַז די הויפן וועלן אויפגעריסן ווערן מיט דינאַמיט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך דערהערט דעטאָנאַציעס. די שויבן פון די געטאָ-שפּיטאָל־פענצטער האָבן געציטערט. ס׳זענען אָנגעקומען ידיעות:

— אויפגעריסן אַ פליגל פון סטראַשון גאַס 15.

— אויפגעריסן סטראַשון גאַס 12.

— ס׳זענען דאָ הונדערטער טויטע און פאַרוואונדיקטע.

מיר זענען אַרויסגעלאָפן פון געטאָ-שפּיטאָל מיט טראָג-בעטלעך און אָנגעהויבן פון צווישן רויכנדיקע רואינען, צעבראָכן גלאָז און פאַרשאָטענע קעלערן, אַרויסצושלעפן בלוטנדיקע קערפּערס פון האַלב־לעבעדיקע יידן, און בלויע גופים פון דערשטיקטע ביים אויפרייס. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די דאָקטוירים און סאַניטאַרן פון געטאָ-שפּיטאָל געאַרבעט ביים אַרויסנעמען די טויטע און די פאַרוואונדיקטע פון די חורבות, ביים דערטיילן זיי די ערשטע גיכע הילף, ביים דורכפירן די דרינגלעכסטע אָפּעראַציעס. אַלע צימערן און קאָרידאָרן פון געטאָ־שפּיטאָל זענען פאַרלייגט געוואָרן מיט פאַרוואונדיקטע. דאָס מתים־שטיבל — מיט טויטע.

צווישן די הרוגים איז געווען יחיאל שיינבוים.



ווען מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו, האָט פאַרלאָזן געטאָ ווילנע און אַוועק אין וועג ביאַליסטאָק — וואַרשע, האָבן מיר אים געזעגנט אין אַ פינצטער צימערל פון די געטאָ־וואַרשטאַטן און אין גרויען פאַרטאָג אים באַגלייט צום געטאָ-טויער. כ׳האָב אים דאָרט געפרעגט:

— מרדכי, וועמען לאָזטו איבער אָנצופירן מיטן „החלוץ" אין געטאָ? ווער וועט דיך פאַרטרעטן?

— יחיאל שיינבוים וועט מיך פאַרטרעטן.

ער האָט אים פאַרטרעטן: ס׳איז געווען דער זעלבער וועג מרדכי טענענבוימס אין ביאַליסטאָק, יחיאל שיינבוימס אין ווילנע; און דער זעלבער גורל...

יחיאל שיינבוים איז געווען יונג, שלאַנק, וואוקסיק, מיט אַ האַרציקן, חברישן שמייכל אויף די ליפּן. אַרבעטזאַם, עקשנותדיק, ענערגיש ביים אויספירן אַן אײַפּגאַבע; אַ שווייגער אין טאָג טעגלעכן לעבן, פלעגט ער אויפברויזן ווי אַ לאַווינע ביים וואָרט „ווידערשטאַנד". ער פלעגט זאָגן:

— מיך ווערלן די דייטשן לעבעדיקערהייט ניט נעמען. און זיי האָבן אים אויך לעבעדיקערהייט ניט גענומען.



פעסיע שיינבוים האָט מיר געשריבן אין אַ בריוו:

„איליא שיינבוים איז געבוירן דעם 2טן סעפּטעמבער 1914 אין אָדעס. זיין פאָטער פּנחס און זיין מוטער זלאַטע — זענען אַוועקגעפאָרן פון אָדעס קיין קאָוועל, ווען איליאַ איז אַלט געווען צוויי יאָר. זיי זענען געווען דריי קינדער: איליאַ, אַ שוועסטער אורה, וועלכע געפינט זיך שוין איבער זעקס און צוואַנציק יאָר אין ארץ־ישראל, אין קבוץ יגור, און אַ שוועסטער סיפּאַ. דער פאָטער איז געווען אַ גוטבאַזיצער, אַן אינהאָבער פון אַ גרויסן הורט־געשעפט פון גאַלאַנטעריע, און אַ קעגנער פון ציוניזם. די פעטערס — אַדוואָקאַטן, אַסימילירט. ווען איליאַ איז אַלט געווען דריי יאָר, איז זיין מוטער שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן צו אַכט און צוואַנציק יאָר; די באָבע, דעם פאָטערס מוטער, איז געווען פאַר איליאַן „זיין מאַמע". אַלט

זייענדיק צוועלף יאָר, איז איליא אַוועק פון פאָטערס שטוב צו דער באָבען, וועלכע איז געווען פאַר אים אַלץ. ער האָט זיך געלערנט אין „תרבות"-שול און אָנגעשלאָסן געווען אין קאָוועלער סניף „פרייהייט". צו זעכצן יאָר אַנטלויפט ער אין קבוץ קלאָ־



יחיאל שיינבוים

סאוו; זיין שוואַכער אָרגאַניזם האַלט ניט אויס די שווערע אַרבעט און ער ווערט קראַנק. דער פאָטער מיט די שוועסטער סיפּא קומען אים אָפּנעמען א היים. ער איז אָבער פאַרעקשנט און גייט ניט צוריק. ווען ער ווערט גערופן אין פוילישן מיליטער

לערנט ער מיט התמדה דעם למוד פון קאַמף און שוץ און באַקומט די מיליטער־ראַנגע פון אַן אָפיצער. זיצט אָבער אָפּט אין מיליטער־אַרעסט פאַרן אַרױסגנבענען זיך פון די קאַזאַרמעס אױף אַפּזיצן שעהן לאַנג אין סניף פון לובאַמיל, װאו ער האָט געװױנט. פון מיליטער איז ער צוריקגעקומען אין קבוץ קאָװעל און אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ װאָלין צו אָרגאַניזירן דאָרט די סניפים פון „פרייהײט״, און דאַן אין קאָנגרעס־פּױלן. אין יאָר 1938 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער אחוד־קאָנפערענץ פון „פרייהייט״ — החלוץ הצעיר״; אין די יאָרן 1938 - 1939 איז ער געװען אין „קבוץ באָראָכאָװ״ אין לאָדזש. פיל מאָל האָט ער געדאַרפט עולה זיין און דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אים ניט דערלויבט, װייל ער איז געװען נױטיק צו אָרגאַניזאַטאָרישע און דערציערישע אַרבעט. אין יאָר 1939 אַרבעט ער ביים איבערפירן חברים פון פּױלן, װאָס איז געװען אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע, דורך װאָלין קיין װילנע. אין יאָר 1939 קומט ער אין קבוץ שחריה — אויף סובאָטשער גאַס 37. צוזאַמען מיט די חברים כרוסט עזריאל און דוד קאַזיבראַנסקי שטעלט ער אויף דעם סניף „פרייהייט״ און װידמעט זיך מיט גרויסער ליבע צו דער דערציאונג פון די קינדער. אין יאָר 1940, װען דער גרעסטער טייל חברים פון קבוץ שחריה פאָרט אַװעק פון װילנע, פאַלט דער באַשלוס פון מרכז, אַז ער זאָל בלייבן, בכדי מיטצוהעלפן אַנצופירן די אַרבעט מיט די איבערגעבליבענע חברים. עס ברעכט אויס די מלחמה.

ער נעמט אָנטייל אין פגישות מיט חברים אין דער פאַרם פון שחריה אין װאַלאַקומפּע און אין זאַקרעטער װאַלד. עס אַנטשטייט ביי אים דער געדאַנק פון פּאַרטיזאַנקע.

דעם 6טן סעפּטעמבער 1941, װען מען האָט אונז אַלעמען געטריבן אין געטאָ, זאָגט ער צו מיר:

— היינט מוז מען אַװעקגיין אין װאַלד!

איך בעט אים אָבער אַריינגיין מיט אַלע יידן צוזאַמען אין געטאָ:

— מיר האָבן דאָך ניט קיין געװער און קיין פאַרבינדונג, מיר מוזן דאָך גיין אין געטאָ.

מען האָט אונז געטריבן פון װיװאולסקער גאַס, װאו מיר האָבן געװױנט — דורך נאָװאָגראָדער. יחיאל שיינבוים הױבט אָן פּלוצעם צו זינגען אַ חלוציש ליד. אַלע קוקן אויף אים װי אויף אַ משוגענעם. ער הױבט אָן צו רעדן צו די גייענדיקע יידן:

— יידן, קוקט, פאַרשטייט, װאָס עס טוט זיך מיט אונז! גלױבט ניט אין נסים...

לעאָ בערנשטיין שרייבט:

דעם 6טן סעפּטעמבער 1941, האָט אליאַ דערקלערט פאַר חברים:

— איך גיי ניט אין געטאָ, איך גיי אין װאַלד קעמפן, קומט אַלע!

די אַרומיקע קװעטשן מיט די פּלייצעס װעגן דעם דאָזיקן דאָן־קישאָטישן געדאַנק; דער קורס איז — רעטונג דורך געטאָ. — אויך פאַר אליאַ?

ער הױבט אָן צו אַרבעטן אין אַ דייטשער איינהייט. זיין פאַך: עלעקטראָטעכניקער. דער דייטשער אויפזעער פלעגט זיך װעגן אים אָפּרופן צו די אַנדערע יידישע אַרבעטער:

— דער ייד געפעלט מיר ניט, מען הערט פון אים קיין װאָרט ניט, מען זעט אויף זיינע ליפּן קיין שמייכל, זיינע אויגן קוקן מיט שנאה. איך װאַרף אים אַרויס!

דערוויל האָט ער באַוויזן אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט דער פּראָגרעסיווער פּוי־לישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין שטאָט, האָט באַוויזן אַריינצוטראָגן אַ גאַנצן אַר־סענאַל פון רעוואָלווערן און קוילן אין געטאָ און צו אָרגאַניזירן אַ שטאַרקע באַוועג־גונג פון די אונטערערדישע געטאָ־קעמפער. אין אויגוסט 1943, נאָך דער אַקציע „קאָוונע-פּאָנאַר", אַרבעט ער פּיבערהאַפט. ער זאַמלט אַרום זיך און אָרגאַניזירט חלו־צים. אָבער אויך יעדער אַנדערער ייד, וואָס וויל קעמפן פאַרן יידישן כבוד, איז אים טייער. דורך גאַנצע נעכט פּירט ער לעקציעס מיט די גרופּעס. ער איז דער קאָמאַנ־דיר פון אַ באַטאַליאָן. אין וואַלד האָט ער שוין אַרויסגעשיקט איבער הונדערט און פופציק יוגנטלעכע. אויך ער רייסט זיך אין וואַלד. דער ענטפער פון די שטאַב־חברים איז: מיר גייען די לעצטע.

ס'איז באַצייכנענדיק פאַר זיין סאָציאַל פּילן, וואָס ער קלייבט זיינע פּאַרטי־זאַנער־רעקרוטן הויפּטזאַכלעך צווישן דער מאַסע. די יוגנט פון דער פּראָווינץ, ניט לאַנג אַהערגעבראַכט פון די לאַגערן, פאַרפולט זיינע רייען. ער איז צווישן זיינע פּאַרטיזאַנער דער ערשטער באַפעלער און ערשטער חבר.

ווען די דייטשן זענען דעם 1טן סעפּטעמבער 1943, פינף אַזייגער אין דער פרי, פלוצעם באַפאַלן דעם געטאָ, איז ער גלייך אַלאַרמירט געוואָרן. מיט דער גיכקייט און זיכערקייט פון אַ מיליטערמאַן האָט ער געגעבן באַפעלן, צונויפגערופן גרופּן, אַרויסגעגראָבן דאָס געווער פון קעלערן און בוידעמער. נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיטן שטאַב פון פ.פ.אָ., האָט ער איבערגענומען דעם פּאַרטיידיקונגס־פּונקט אויף סטראַשון גאַס 12. דאָ ליגט ער ביים פענצטער און וואַרט, און באַאָבאַכטעט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

אויף סטראַשון גאַס 12, די פאָדערשטע פּאָזיציע אין קאַמפּס־פּלאַן, האָט זיך געפונען אַ גרופּע קעמפער א ן באַשטאַנד פון 40 מאַן. צווישן זיי זענען געווען בערך 10 פון קאַמפּס־גרופּע איליא; 20 חברים פון דער גרופּע חיים רובאַשאָוו (אַ גרופּע, וועלכע האָט שוין פריער געוואָלט אַרויסגיין אין וואַלד, און איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דער פ.פ.אָ., ווי אויך אַ צען חברים פון פ.פ.אָ.

אַלס צווייטער פּאַרטיידיקונגס פּונקט איז באַשטימט געוואָרן סטראַשון גאַס 7, אין צימער אין וועלכן איליא האָט געלעבט. דער דאָזיקער פּונקט איז געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון שטאָט־מיטגליד פון פ.פ.אָ. זיסקאָוויטש.

דער דריטער פּאַרטיידיקונגס־פּונקט איז געווען אויף סטראַשון גאַס 8, וועל־כער איז געווען באַזעצט אויסשליסלעך פון חברים פון דער קאַמפּס־גרופּע איליא און איז געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון אַפּטיילונגס־פירער פון איליאַס באַטאַ־ליאָן — א ל ח נ ן מ ג י ד.

אויף סטראַשון גאַס 6 איז געווען קאָנצענטרירט די הויפּט־פּאָזיציע פון פ.פ.אָ. קאָמענדאַנט פון שטאַב פון פ.פ.אָ. איז געווען א ב א ק אָ וו נ ע ר.

דער פּאַרטיידיקונגס־פּונקט אויף סטראַשון גאַס 12 איז געווען שלעכט באַוואָפנט. איליאַ האָט פאַרלאַנגט ביים שטאַב פון פ.פ.אָ. אַ מאַשינגעווער פון פּאַרטיידיקונגס־פּונקט סטראַשון גאַס 12, וועלכער איז געווען צום מערסטן עקספּאָנירט. עס איז אים צוגעזאָגט געוואָרן צו שיקן אַ מאַשין־געווער.

דערוויל קרעכצט און גוססט דער געטאָ. יידן גייען, משפחותווייז, צום געטאָ־טויער, צום דייטש; יידן לויפן אין מאַלינעס, פאַרשפּאַרן זיך; יידן שטייען אויפן גאַס

הילפלאָז, אָנמעכטיק, ניט וויסנדיק וואו איז לעבן, וואו איז טויט. ער מוז דאָס אַלץ צוזען. זיין פרוי, וועלכע האָט געקניט לעבן אים, האָט דערציילט:

— ער האָט געפיבערט, זיינע הענט האָבן שטאַרק געציטערט — אָבער ס'איז נאָך ניט געווען קיין באַפעל צום שיסן.

ווען די דייטשן האָבן דערזען, אַז יידן גייען ניט צום טויער האָבן זיי באַשלאָסן צו מינירן און אויפרייסן די הייזער. דער ערשטער קרבן איז געווען סטראַשון־גאַס 15. דער אַנטקעגנדיקער מויער פון סטראַשון־גאַס 12. עס האָט זיך געהערט אַ שרעקלעכע דעטאָנאַציע און וויי־געשרייען. ווי נאָר די דייטשן זענען אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס



לוויה פון יחיאל שיינבוים

און ער האָט זיי דערזען, האָט ער זיך אויפגעהויבן מיט זיין גאַנצער גרויס ביים פענ־סטער און ווילד געשאָסן צו זיי. די דייטשן האָבן געענטפערט פון אויטאָמאַטישן גע־ווער. אַ קויל האָט דורכגעהאַקט איליאַס האַרץ און אַ שטראָם בלוט האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויף זיין פרוי. זי האָט נאָך באַוויזן אים צוצודריקן די אויגן און צו אַנטרינען — ווייל באַלד האָבן די דייטשן, פאַרשכורטע פון גאַס, צעראַבירט די פעסטונג, וואָס איז געבליבן אָן איר קאָפּ און אויפגעריסן דעם בנין.

אין אַ בריוו האָט מיר פּעסיע שיינבוים געשריבן וועגן זיינע לעצטע מינוטן:

— ווען ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט אויף סטראַשון גאַס 12, בין איך אַוועק מיט אים צוזאַמען; ער האָט זיך ניט געוואָלט צעשיידן. איך בין געוואָרן דער פאַרבינדונגס־מאַן פון די איבעריקע פאַרבאַריקאַדירטע פונקטן. ער איז געווען אויפגערעגט, גערעדט וועגן ארץ ישראל, און האָט געזאָגט:

— ווען מיר לעבן איבער היינטיקן טאָג, דאַן גייען מיר גלייך ביינאַכט אַרויס אין וואַלד; מער קען מען ניט וואַרטן.

ווען ער האָט גענומען שיסן אויף די דייטשן, וועלכע האָבן אויפגעריסן די מויערן פון סטראַשון גאַס 15 — ווען ער האָט אַ צי געטאָן דאָס צינגל, איז ער געווען דער גליקלעכסטער אויף דער וועלט, ווייל דאָס ליבסטע איז לעצטנס געווען ביי אים דאָס געווער. ווען די קויל האָט אים געטראָפן אין האַלדז, האָט ער אפילו קיין קרעכץ ניט געטאָן, אין מאָמענט געשטאָרבן, אָבער דאָס געווער פון האַנט ניט אַרויסגעלאָזט...

לעאָ בערנשטיין דערציילט ווייטער:

— און שפּעטער, ווען עס איז שוין שטיל געווען נאָך די אַרויסגעריסענע פון אונזער זעקס טויזנט יידן, און שטיל זענען געווען די אומגעקומענע אונטער די חורבות פון די אויפגעריסענע הייזער, און נאָך שטילער זענען געווען די לעבעדיקע, די געבליבענע — האָבן מיר געפונען איליאַס קערפּער. ער איז געלעגן איבערן באַרג פון רויכיקע שטיינער גאַנץ און ניט צעשעדיקט, נאָר אין זיין געל פּנים איז פאַרגליווערט געוואָרן די שכרות פון אויפרעגונג און ווילדער נקמה. מיר האָבן אים אַריינגעלייגט אין אַן אָרון און געטראָגן צום טויער, די איבערגעבליבענע געטאָ־קעמפערס און דער גאַנצער געטאָ האָבן אים אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד. אין זומער 1944, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון וואַלד, האָבן מיר געשטעלט אַ מצבה אויפן אַלטן ווילנער בית־עלמין:



פ. נ.
החלוץ יחיאל שנבוים
נולד בשנת 1914 באודיסה
נפל בקרב ההגנה בגיטו הווילנאי
1.11.1943

## 11. מײַן לעצטער טאָג אין געטאָ

...אַ גאַנצע נאַכט פון 1טן אויפן 2טן סעפּטעמבער 1943 האָט מען געטראָגן אין געטאָ־שפּיטאָל די טויטע און פאַרוואונדיקטע. דאָס געטאָ־שפּיטאָל האָט אויס־געזען ווי עפּעס אַ שחיטה־הויז. זיפצן פון גוססדיקע האָבן זיך געטראָגן איבער די זאַלן. עס האָבן יאָמערלעך געקרעכצט די פאַרוואונדיקטע פון זייערע יסורים. ווייסע כאַלאַטן האָבן צווישן די חורבות געזוכט די הרוגים. ס׳איז געווען אַ ליל שימורים פאַר די דאָקטוירים, סאַניטאַרן און קראַנקען־שוועסטערס. מען האָט געוואוסט, אַז צענד־לינגער און אפשר הונדערטער יידן ליגן נאָך אין די חורבות.

נאָך האַלבע נאַכט איז דערגאַנגען אַ ידיעה:

— היינט וועט די געטאָ־פּאָליציי גיין אויפרייסן מיט דינאַמיט מאַלינע נאָך מאַ־לינע, זי מוז צושטעלן נאָך טויזנטער יידן צום טראַנספּאָרט קיין עסטלאַנד.

אין גרויעם פאַרטאָג האָב איך זיך אַדורכגעריסן פון געטאָ־שפּיטאָל דורך לע־כער, וועלכע פאַראייניקן הויפן, צום צימערל פון מײַן מוטער אויף זאַוואַלנע גאַס. איך געפין זי ליגן אויף דער נארע אין איר שוואַרצן מאַנטל מיט צעשויבערטע האָר, מיט אַ פאַרטרויערטן בליק, וואָס בלאָנדזשעט אין דער ווייט — נעבן איר ליגט אַ צוגעגרייט זעקל מיט עפּעס עסנוואַרג און בגדים. דאָס נעמט זי שטענדיק מיט, ווען זי גייט אין דער מאַלינע. כ׳קוק אויף איר שטאַרק. כ׳קריץ איין אין זיך יעדן שטריך. אַ שטים פון פאַרגעפּיל זאָגט מיר:

— כ׳זע דיך, מאַמע, צום לעצטן מאָל.

כ׳זאָג איר:

— מאַמע... זײַ ניט אַליין, נאַ דיר דאָס פּעקל און גיי אין דער מאַלינע, זײַ דאָרט מיט אַלעמען.

זי ענטפערט מיר:

— ס׳איז שוין אַלץ איינס...

— כ׳האָב זיך אַרײַנגעכאַפּט אויף אַ מינוט פון געטאָ־שפּיטאָל. דאָרט איז אויך די פרוי און די שוועסטער. דו ווייסט וואָס נעכטן איז פאָרגעקומען אין געטאָ?

— איך ווייס אַלץ, גוט וואָס איר זײַט צוזאַמען.

— זאָג צו, אַז דו וועסט גיין אין דער מאַלינע!

— כ׳וועל גיין.

— מאַמע, ס׳איז היינט זייער ערנסט אין געטאָ. ווער ווייס, וואָס עס קען גע־שען? לאָמיר זיך געזעגענען...

די מאַמע הויבט זיך אויף, דערלאַנגט מיר שטיל איר אויסגעדאַרטע האַנט און קוקט אויף מיר נאָנט מיט די שטילע אויגן. ס׳לויפט מיר דורך עפּעס אַ געדאַנק:

— זע, ס׳איז די לעצטע צײַט מיט זילבער באַדעקט געוואָרן דער קאָפּ, וואָס

האָט אַזוי פיל שלאָפלאָזע נעכט געוואַכט איבער מיין קראַנקען־בעט אין די קינדער־יאָרן.

און אַ צווייטער געדאַנק!

אויסגעהיט דיך, מאַמע, ביז די לעצטע טעג פון געטאָ, און איצט...

כ׳גיב זיך אַ ריס, אַ לעצטער בליק!

— זיי געזונט, מאַמע!..

ס׳לויפט מיר נאָך די מאַמעס שטים:

— דו וועסט נאָך קומען? — — —

דורך דעם אָפענעם טירל, הער איך פון פינצטערן קאָרידאָר די מאַמעס שטים:

— כ׳וועל דיר נאָך זען?..

כ׳לויף אין געטאָ-שפּיטאָל, פון הויף צו הויף, דורך לעכער אין די ווענט. כ׳טראָג אין מיר מיין מאַמעס בילד.



אין געטאָ־שפּיטאָל איז די שטימונג דענערווירט. מען דערציילט:

— דער געטאָ־קאָמענדאַנט איז היינט ווילד. ער איז שכור, ער יאָגט מענטשן אין די פּאַרטיעס. איינער אַ ייד איז ניט אַזוי גיך געגאַנגען האָט ער אים געטויט אויפן אָרט. די געטאָ־פּאָליציי האָט באַקומען געווער, בכדי צו קענען דורכפירן די אַקציע.



די קאָמוניקאַציע אין געטאָ איז איבערגעריסן. אַלע טויערן פאַרמאַכט. אַלע דורכהויפן געשלאָסן; ווער עס באַווייזט זיך אויפן גאַס ווערט געכאַפּט צום טראַנספּאָרט — דורכרייסן זיך איבערן גאַס איז אוממעגלעך. ס׳לויערט די געטאָ־פּאָליציי. דאָס געטאָ־שפּיטאָל איז אָפּגעריסן פון גאַנצן געטאָ.

אין געטאָ־שפּיטאָל: די מענער צעטיילן מיט זייערע פרויען דאָס, וואָס יעדער איינער האָט מיט זיך אונטערן האַנט. טאָמער וועט מען צעשיידן. כ׳שטיי אין קאָ־רידאָר מיט מיין פרוי און שוועסטער. מיר מאַכן וואַנדער־פּעקלעך. מיר רעדן אָפּ צווישן זיך אַ מין שיפר דורך וועלכן מיר זאָלן זיך קענען געבן סימנים אין וואַלד צי אויף אַרבעט, וואו דער גורל וועט פירן.

אויטאָמאַטיש ווערן געמאַכט נאָך פאַרבאַנדן. יאָד. וואַטע מארלע. און ווידער יאָד, וואַטע — דער געדאַנק אָבער לויפט:

ווי רייסט מען זיך אַרויס פון געטאָ-שפּיטאָל. ווי רייסט מען זיך אַדורך צו דער חברה?...



פּלוצעם פּראַלט זיך אויף דאָס טויער פון געטאָ־שפּיטאָל. יעקב גענס מיט אַ גרופּע געטאָ־פּאָליציסטן לויפן שנעל אַריין:

— אַלע פרויען זאָלן שוין אַרויסגיין אין דער הויף אין די זאַלן. אַלע דאָק־טוירים, אַפּטייקערס זאָלן אַראָפּגיין צו אַן איבערציילונג.

פון אַלע זייטן לויפן צום שפּיטאָל־הויף די דאָקטוירים און אַפּטייקערס אין די ווייסע כאַלאַטן...

— אויסשטעלן זיך אין צוויי רייען!

יעקב גענס גיט באַפעלן:

— דורכלייענען די דאָקטוירים-ליסטע!

מען שטעלט זיך אויס.

מען לייענט דורך.

יעקב גענס איז פאַרביי די שורות. עס שפּירט זיך פון אים אַ ריח פון בראָנפן. ער קלייבט אָפּ אַ גרופּע פון אַ צענדליק דאָקטוירים און שטעלט זיי אין אַ זייט.

יעקב גענס גיט אַ באַפעל:

— אַלע — אויסטאָן די כאַלאַטן!

מען טוט זיך אויס.

יעקב גענס נעמט אַרויס שנעל אַ רעוואָלווער און לאָדט אים אָן. די פּאָליציסטן מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן אין די הענט רינגלען אַרום די דאָקטוירים.

פון די שפּיטאָל-פענצטערס זע איך דערשראָקענע פרויען-בליקן, צווישן זיי מיין פרוי.

יעקב גענס שטעלט זיך אַוועק אין מיטן הויף:

— אַכטונג! אויספילן מיינע פאַראָרדענונגען; לינקס אום! ווער עס גיט זיך אַ ריר פון אָרט ווערט דערשאָסן.

פון אַלע פענצטערס — פרויען-געוויין. יעקב גענס שרייט:

— צעטרייבט די פרויען פון די פענצטערס.

איך גיב זיך אַ ריס צו דעם פענצטער. מיין פרוי גיט זיך עפּעס אַ באַוועג — און צו מיינע פיס פאַלט אַראָפּ אַ גרויסער מעסער. איך דערקען: אונזער שטוביקער מעסער. איך גיב אַ הויב די אויגן: די פרוי מאַכט מיט די הענט צום געזעגענונג. די געטאָ־פּאָליציסטן טרייבן פון די פענצטערס.

איך פרעג זיך:

— נאָך וואָס דאָס מעסער?...

מיר מאַרשירן אַרויס פון געטאָ־שפּיטאָל. טויטע גאַסן. מען פירט צום געטאָ־מויער. דאָרט: יעקב גענס, דעסלער, געטאָ-פּאָליציי, ס״ס, געסטאַפּאָ, אַ לאַסט-אויטאָ.

יעקב גענס מעלדעט קיטעלן:

— די דאָקטוירים פון געטאָ-שפּיטאָל.

— שנעל אין אויטאָ!

געשרייען, מיר זעצן זיך אַריין אין אויטאָ. פון ווייטן: ס׳פאָרן אויטאָס אָנגעלאָדענע מיט יידן. דער לעצטער בליק אויף די געטאָ־געסלעך, אויפן געטאָ־טויער, דער דייטשער אויפשריפט: „זויכען - געפאַר״, פון ווייטן שיינט אַראָפּ אַ גרויסער פּלאַקאַט פון אַ געטאָ-טעאַטער-אויפפירונג פון „היהודי הנצחי״.

עס לויפט דער אויטאָ. ס׳לויפן די געדאַנקען:

— וואָס איז דאָ געשען? ווי אַזוי? אַריינגעפּאַקט אומגעריכט. וואָס הייסט „אומגעריכט״? שוין צוויי יאָר ווי מען ריכט זיך... טראַנספּאָרט, דעפּאָרטאַציע.... וואוהין? און די מאַמע און די פרוי? און די שוועסטער? ניט געזעגנט. קיין לעצטן וואָרט ניט געזאָגט. פאַרוואָס האָט גענס אַזוי אָפּגענאַרט? ער מוז צושטעלן אַ צאָל... פאַרוואָס האָט ער ניט געלאָזט זיך געזעגענען... ס׳איז געפאַלן אַ מעסער. נאָך וואָס אַ מעסער?... איך האָב מיט זיך מאָרפיום... צוויי שטערבלעכע דאָ־

זעס... זיי האָבן ניט געוואָלט נעמען זייער חלק... וואו איז די חברה ? שטיל, מען פירט יידן... מען פירט... כ'האָב דאָך געמיינט, אַז מיין סוף וועט זיין אַנדערש.... אפשר איז עס נאָך ניט דער סוף ? ס'הויבט זיך ערשט אָן אַ לאַנגער וועג... און אפשר היינט — טויט ?... פאַרוואָס־זשע בין איך אַזוי רואיק ? יאָ, איך בין רואיק ווי ביי אַ נארקאָז... נאָר כ'קען ניט דעריאָגן די געדאַנקען...

ס'לויפן געסלעך. באַגרינטע אַלעען, בוימלעך. איך שעפּטשע :

— זייט געזונט געסלעך ! זייט געזונט בוימלעך ! דאָ זענען מיר אַמאָל, קינ־דער, צום באַן געגאַנגען, דאָ האָבן מיר לידער געזונגען...



פלאַץ ראַסאַ, עס הערט זיך : אָפּשטייגן!

טויזנטער יידן. אַרום און אַרום געסטאַפּאָ, ס״ס, קוילן־וואַרפערס, נויגעבויער, און ווייס.

איך דערקען באַקאַנטע פּנימער. „עמך" פון געטאָ; די געטאָ־פּאָליציי, די העכערע יידן־ראַט אָנגעשטעלטע, די וואַרשטאַטן־אַרבעטער זעען זיך ניט. איך טרעף דאָרט אַ גרופּע פון פ.פ.אָ. זיי דערציילן:

— מיר זענען דאָ נאָך פון נעכטן. יעדע ווילע קומען אָן נייע פּאַרטיעס. מען האָט אונז אומדערוואַרט געכאַפּט אויף שפּיטאָל־גאַס 6.

— ס'איז נאָך ניט די גאַנצע ליקווידאַציע פון געטאָ.

— עס בלייבן נאָך אַ צען טויזנט יידן.

— קיין קאַמף אין געטאָ קומט ניט פאָר. דער עולם זאָגט : מען פירט צו אַרבעט — און ניט צום טויט.

— די געטאָ־פּאָליציי האָט מורא פאַר די פּאַרטיזאַנער, זיי גייען ניט צו די הויפן, וואו פּאַרטיזאַנער זענען פאַרבאַריקאַדירט.

— די דייטשן גייען אויך ניט צו.

— די חברה האָט מזל — זיי גייען אין וואַלד.

— די דייטשן קענען אונטערלייגן מינעס און נאָך אויפרייסן, חס וחלילה, די חברה מיט די באַריקאַדן...

פון געטאָ קומען אָן אויפן פלאַץ קעסלען מיט פאַרברוינט וואַסער מיט גע־שניטענע ברויט. יידישע פרויען, וואָס אַרבעטן אין די געטאָ־קיכן, טיילן פונאַנדער קאָכלעפלען קאַווע, מוצא'ס ברויט. דער עולם וואַרפט זיך אויפן ברויט און וואַסער. אַנדערע רייסן פון די הענט :

— נאָך אַ זופּ וואַסער, נאָך אַ זופּ וואַסער...

צווישן די ברויט־ און וואַסער־טיילערינס: די קראַנקן־שוועסטער גראַדע־קלעפּ־פיש. זי זאָגט צו מיר:

— אַ גרוס אייך פון אייער פרוי. מיר קומען איצט אָן פון געטאָ. אין שפּיטאָל נאָכן אַרויספירן די מענער האָט זיך הימל און ערד אָפּגעטאָן. יללות, געוויינען. יעקב גענס האָט אָנגעזאָגט, אַז היינט פירט מען נאָר מענער. פרויען קענען זיך פריוויליק פאַרשרייבן מאָרגן צום טראַנספּאָרט. אייער פרוי און שוועסטער האָבן זיך פאַרשריבן פריוויליק. די פרויען פּאַקן פּעק פאַר די מענער. ס'וועט גיין אַ וואַ־גאָן פּעק.

כ'גיב איר איבער פאַר מיין מוטער, פרוי און שוועסטער אַ קורצן בריוו:

„פלאץ ראסא, מיר וואַרטן אויפן טראַנספּאָרט. זייט מוטיק. זייט צוזאַמען, אפשר וועלן מיר זיך נאָך זען״...



מען ליגט שעהן אויף דרערד. פּלוצעם אַ באַפעל:

— אויפשטיין!

מען פירט אונז צום באַן. פלאַמבירטע וואַגאָנען פון בהמות, פאַרצויגן מיט דראָטן, ווי אין יענעם צוג „קאָוונע־פּאָנאַר״. עולם ספק׳ט אַריינצוגיין. ביי די טירן פון די וואַגאָנען שטייען געטאָ־פּאָליציסטן און טיילן יעדן איינעם צו אַ פּושקע קאָנסערוון, אַ פלאַש וואַסער, אַ שטיק ברויט:

— „אויף אַ טאָג עסן״.

עולם באַרואיקט זיך — און מען גייט אין די וואַגאָנען. מען שטופּט אַריין צו 50, 60, 70 מאַן אין אַ וואַגאָן.

ס׳קומען צולויפן יונגע געטאָ־פּאָליציסטן.

— שרייבט גיך קורצע בריוועלעך, מיר וועלן מיטנעמען און צעטיילן אין געטאָ.

מען רייסט שטיקלעך פּאַפּיר פון אַלטע צייטונגען, פון פּאַספּאָרטן, און מען שרייבט בריוועלעך. איך שרייב צו דער פרוי, צו דער מוטער, צו דער שוועסטער, צו משה אַליצקין, צו לייב שעפּטלען, צו ישראל דימענטמאַנען — געזעגענונגס־ווערטער. דער געטאָ־פּאָליציסט לויפט און זאַמלט אין זיין היטל די בריוועלעך.

דורך אַ פאַרדראָטן פענצטערל זע איך: ווילנע, די אַלטע, שיינע ווילנע. עס לויכטן פון ווייטן די שפּילע, רואיקע הייזעלעך, ס׳שטייען רואיק די בערג פון גע־דימין. אל טל ואל מטר עליכם, הרי הגלבוע!... בלאַנדע קעפּעלעך לויפן פאַרביי פריילעך און שרייען צו זיך מיט הנאה:

— מען פירט יידן צום טויט...

סאַראַ וואוילע קינדער! מי יתן ונפץ עולליך על הסלע...

וואָס איז דאָרטן אין די געטאָ־געסעלעך? מען שרייבט זיך פרייוויליק... מען פירט... וואָס שטיי איך דאָ אין פענצטער ווי אַ צוקוקער? מיך פירט מען דאָך אויך

— ס׳איז מאָדנע: איך בין שוין דאָ און איך בין נאָך דאָרטן. פאַרוואָס זשע בין איך אַזוי רואיק, רואיק — נאָר איך קען ניט דעריאָגן די געדאַנקען.

פּלוצים, מען פאַרריגלט די טירן פון די וואַגאָנען. מען פאַרדראָטעוועט, מיר זענען פאַרשלאָסן. אַ שווערע שטימונג. יעדער איינער דערמאָנט זיך שטיל:

— „קאָוונע־פּאָנאַר״..

אַ ייד רופט זיך אָן:

— אויב אין פּאָנאַר איז עס אַ מאָמענטאַלער טויט; אין קאָנצענטראַציע־לאַגער איז עס אַ לאַנגזאַמער טויט.

די באַן גיט פּלוצעם אַ ריר. כ׳שטיי ביים פאַרדראָטעוועטן פענצטערל. ס׳לויפט די שטאָט.

— זיי געזונט, ירושלים דליטא; כ׳וועל דיך שוין קיינמאָל ניט זען.

ס׳קלאַפּן שטיל די באַן־רעדער. כ׳הער אַ שטים, מיין מאַמעס שטים, וואָס רופט פון אַ געסל דאָרט אין געטאָ:

— דו וועסט נאָך קומען? כ׳וועל דיר נאָך זען?...

די באַן הויבט אָן צו גיין לאַנגזאַמער, אַ ייד רופט אויס מיט שרעק:

— יידן! מיר דערנענטערן זיך צו פּ אַ נ אַ ר . . .

אַ טויטע שטילקייט, עס הערן זיך קלאַפּן הערצער. אויגן מיט שרעק. עלטערע יידן הויבן אָן צו שעפּטשען אַ תפילה. כ'באַטאַפּ אַ פאַרבאָרגענע קעשענע: דאָס מאָרפיום איז דאָ... איך נעם אַרויס דאָס מעסער פונאַנדערצושפּאַלטן די ברעטער פון די וואַגאָן־ווענט. די באַן גייט גאָר שטיל. יוגנט כאַפּט זיך שפּאַלטן די ברעטער פון די פּאָדלאָגעס. דער צוג שטעלט זיך אָפּ. מעסערס, העקלעך אַרבעטן פיבערהאַפט אין די ווענט, אין פּאָדלאָגעס.

— אַנטלויפן, ניט גיין צום טויט...

פּלוצעם. די באַן גיט האַסטיק אַ ריר. פּאָנאַר איז הינטער אונז... ס'איז געווען דער לעצטער דייטשער וויץ פון געטאָ.

אין אַ רגע ווערט ביי אַלע אַ גוטע שטימונג:

פּאָנאַר איז הינטער אונז... פּאָנאַר איז הינטער אונז...

אַ ייד, אַן אָפּטימיסט, רופט זיך אָן:

— אויסגעמיטן פּאָנאַר... לאָמיר עפּעס טועם טעם זיין. ס'וועט שוין גוט זיין. —

דער עולם נעמט פונאַנדער די פּעקלעך. מען עסט ברויט מיט קאָנסערוון. מען פאַרטרינקט מיט וואַסער. מען איז זיך מכבד מיט דאָס, וואָס מען האָט מיטגענומען פון געטאָ. אַ יונגער בחור זינגט דאָס ליד פון געטאָ: „משה האַלט זיך".

איינער רופט זיך אָן:

— משה האַלט זיך! יידן, ס'איז אַן עת צרה ליעקב. לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען. מיר וועלן צוזאַמען גיין אַרבעטן. צוזאַמען עסן. מירן זיי איבערלעבן.

אַ ייד מיט אַ דייטשישן יידיש ענטפערט אים:

— איך בין פון דייטשלאַנד. כ'ווייס, וואָס עס איז אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער... איר וועט שוין זען, ווי מען קען זיך דאָרט האַלטן צוזאַמען. דעם ביסן פון מויל וועט איר איינעם דעם אַנדערן אַרויסרייסן. ווי חיות וועט איר ווערן. דעם געשטאַלט מענטש וועט איר פאַרלירן. און טרינקט ניט אַזוי גיך אייער וואַסער. איר וועט נאָך פאַרברענט ווערן פון דורשט...

שעהן לויפן. די לופט אין וואַגאָן איז געפּרעסט. שווער צו אָטעמען. יידן שעפּטשען: „איך מוז עפּעס דערליידיקן..." נאָר וואו? —

ס'לויפן ווידער שעהן. די באַן שטעלט זיך אָפּ. מען עפנט די וואַגאָנען. אַ פרייער פלאַץ, אַרומגעשטעלט מיט הונדערטער, הונדערטער דייטשן מיט אָפענע ביקסן. אַ דייטשע הייזעריקע שטימע שרייט:

— צו פינף, צו פינף לויפן, שנעל!

מיר לויפן צו פינף. די דייטשן שלאָגן מיט גומענע נאַגייקעס. דער עולם, וואָס איז אין די וואַגאָנעס, איז זיך מכין באַצייטנס, מען לויפט צו פינף. די דייטשן דירי-גירן: איינס, צוויי, דריי — ערלעדיקט! און דאַן טרייבט מען שוין ווייטערע פינפט-לעך: האַסטיק! און נאָך האַסטיקער! מענטשן לויפן צוריק און דערציילן זייער צער: ניט באַוויזן...

שוין אַלע צוריק. ס"ס באַווייזט זיך אין די טירן:

— אָפּגעבן געלט, צירונג, ווערטזאַכן. ביי וועמען מען וועט געפינען, וועט ווערן דערשאָסן!

מען גיט זייגערס, גאָלדענע ציינער, פּאַפּירן־געלט. זיי גייען אַוועק. די באַן רירט. איינער זאָגט:

— ווען איך וואָלט געווען אַן ס״ס־מאַן וואָלט איך נאָך איצטער אַ זוך געטאָן, כ׳וואָלט נאָך געפונען גענוג, וואָס מען האָט זיי ניט אָפּגעגעבן...

ס׳לויפן שעהן. די לופט איז געדיכט, אַז עס שווינדלט אין די אויגן. אַלע פּנימער זענען באַגאָסן מיט אַ קלעפּיקן שווייס. מען קען ניט אָטעמען.

ווי לאַנג וועט עס נאָך דויערן, וואו קריגט מען וואַסער? אַ טרונק וואַסער! די פלעשער שוין לאַנג אויסגעטרונקען. געזאָגט, אַז אויף אַ טאָג. ס׳איז שוין דער צווייטער מעת־לעת. דער דריטער. אַ זופּ וואַסער...

די באַן שלעפּט זיך. עס איז נאַכט. מען ליגט אין אָנמאַכט. קעפּ אויף קעפּ, ווי פאַרסמט. עפּעס אין דער שטיל הערט זיך ווי איינער זופּט וואַסער!

ס׳איז געווען דער ייד פאַרזיכטיק און געטרונקען נאָר שלוקנווייז, איז אים געבליבן ביז איצט צו טרינקען. זיין שכן בעט זיך:

— גיב אַ שלוק וואַסער, כ׳וועל דיר געבן ברויט...

ער גיט אים די פלאַש, ער נעמט זי אַרום און רייסט זיך ניט אָפּ. דער ייד שרייט אויס:

— דו טרינקסט אויס דאָס גאַנצע וואַסער!

ס׳ווערט אַ טומל אין וואַגאָן. — וואַסער! — אַ שלוק וואַסער! אַ שלוק וואַסער! ס׳רייסן זיך געשרייען. מען שלאָגט זיך וועגן דער פלאַש. קיין וואַסער איז שוין ניטאָ...

ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד — פערטער מעת־לעת. די באַן גייט לאַנגזאַמער. דורכן פאַרדראָטעוועטן פענצטערל זע איך ברייטע פעלדער, אומענדלעכע זומפּן, עפּעס באַראַקן, באַראַקן און ווידער באַראַקן, וואַגאָנעטקעס מיט זאַמד, מיט קיזלשטיין, מיט שטיין־קוילן. לעבן דער באַן־ליניע זעען זיך שאָטנס, וואָס טראָגן זעק צעמענט, טאַטשקעס ליים. עס שרייט אַריין אין וואַגאָן עפּעס אַ יידישע שטימע:

— ווער פאָרט? יידן? —

איך שריי דורכן פענצטערל אין לופט אַריין:

— יידן!

עס ווערט אַ באַוועגונג אין פאַרחלשטן עולם:

— זענען טאַקע דאָ אין עסטאָניע יידן?

אַ נייע האָפענונג עפנט זיך אויף אין די אויגן. מען וועקט איינער דעם אַנדערן:

— שטייט אויף, שטייט אויף! מיר זענען שוין אויף אַן אָרט!

ס׳הערן זיך פון דרויסן יידישע שטימען:

ס׳איז צום לעבן! —

די באַן שטעלט זיך אָפּ:

ווייוואַרא. — — — —

עס הויבט זיך אָן דאָס גרויזאַמע, אומבאַקאַנטע: מגילת עסטלאַנד.

## 12. ערב דער ליקווידאציע

די לעצטע טעג פון געטאָ האָב איך שוין אַליין ניט דורכגעמאַכט. כ׳בין שוין דאַן געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער וואַיוואַרא. ווען עס זענען דאָרטן אָנגעקומען די לעצטע אַרויסגעפירטע יידן פון ווילנע, האָבן זיי דערציילט:

— אַז מען האָט אַרויסגעפירט קיין עסטלאַנד די מענער, געכאַפּטע דעם ערשטן, צווייטן, און דריטן סעפּטעמבער 1943, האָבן אַ סך פרויען געוואָלט זיך צום יידן־ראַט און צו דער געטאָ־פּאָליציי, אַז זיי ווילן פרייוויליק פאָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער צו זייערע מענער.

צווישן די וואָס האָבן זיך געמאָלדן צום אַרויספאָר, זענען אויך געווען מיין פרוי מרים און מיין שוועסטער שפרה. דעם 4טן סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרויס־שיקן די פרויען, קרוב צו צוויי טויזנט. מען האָט זיי איינגעטיילט אין גרופּן: פרויען אָן קינדער, פרויען מיט איין קינד, פרויען מיט מערערע קינדער. צו דער באַן־סטאַציע וואַיוואַרא אין עסטלאַנד, איניקע קילאָמעטער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער וואַיוואַראַ, איז ווירקלעך אָנגעקומען אַ באַן מיט פרויען פון ווילנער געטאָ. די באַן איז געשטאַנען דריי טעג. און דאַן איז פאָרגעקומען אַ צעטיילונג אין צוויי גרופּן. איין גרופּע — פרויען אָן קינדער — האָט מען אַוועקגעפירט אין ריכטונג דעוואָל — שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט גענויער, אַז אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קלאָגאַ, ביי רעוואָל. אַ צווייטע גרופּע — פרויען מיט קליינע קינ־דער אָדער סתם עלטערע פרויען — האָט מען אַוועקגעשיקט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג — ווי מען האָט שפּעטער דערציילט — קיין אַשוויענטשים.

יעקב געגנס האָט פאַראָרדנט, אַז די אַרבעטער פון ה.ק.פ., אַ צאָל פון דריי הונ־דערט און פופציק מאַן, זאָלן פאַרלאָזן דעם געטאָ און אַריבערקלייבן זיך צוזאַמען מיט זייערע משפחות (אַן ערך 800 מאַן), אין 2 בלאָקן אויסערן געטאָ, אויף סובאָטש 37 (דאָרט וואו עס איז אַמאָל געווען דער קבוץ שחריה).

די „געטאָ־ידיעות" האָבן דאַן געשריבן, אַז אין אַלגעמיין זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין עסטלאַנד זיבן טויזנט הונדערט דרייסיק פּערזאָן, און אַז אין געטאָ זענען געבליבן צען טויזנט צוויי הונדערט פּערזאָן, צוזאַמען מיט די ה.ק.פ. מענטשן.

אין געטאָ האָט מען געהאַלטן, אַז ס׳איז זיכערער צו זיין אין ה.ק.פ. עס איז געוואָרן אַ געוואַלדיקער געדראַנג אַריבערצוגיין אין ה.ק.פ.

דעם 5טן סעפּטעמבער האָט יעקב געגנס געמאָלדן, אַז די אַרויסשיקונגען קיין עסטלאַנד זענען געענדיקט. יידן וועלן מער צו קיין שום אַרבעט אויסערן געטאָ ניט אַרויסגיין. זיי וועלן אַרבעטן נאָר אינערהאַלב די געטאָ־וואַרשטאַטן. דאַקעגן די יידן, וואָס זענען באַשעפטיקט אין איניקע וויכטיקע פּונקטן, וועלן דאָרט בלייבן תמיד וואוינען אויסערהאַלב דעם געטאָ.

אַזוי אַרום איז געבליבן אַ פאַרריגלט געשלאָסענער געטאָ און אַרום אים, אויסערן געטאָ, אייניקע פאַרמאַכטע יידישע בלאָקן, שטאָטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן:

ה.ק.פּ. מיט אַן ערך אַכט הונדערט מאַן.

קייליס מיט אַן ערך טויזנט צוויי הונדערט און פופציק מאַן.

מיליטערישער לאַזאַרעט ביי אַ זיבציק מאַן.

געסטאַפּאָ (פיזישע אַרבעטער) ביי אַ זעכציק מאַן.

די 4 קאָנצענטראַציע-לאַגערן האָבן עקזיסטירט אין ווילנע ביז יולי 1944 ווען זיי זענען ליקווידירט געוואָרן אייניקע טעג פאַר דער באַפרייאונג פון ווילנע. ווי מען האָט דערציילט איז די צאָל יידן אין „ה. ק. פּ.״ און אין „קייליס״ דערגאַנגען נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע ביז 1500 אין יעדן לאַגער, ווייל עס זענען דאָרט צוגעקומען אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין מאַלינעס בעת דער געטאָ-ליקווידאַציע.

דאָס לעבן אין געטאָ האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט. די געטאָ־וואַרשטאַטן האָבן אָנגעהויבן אַריינגעמען מענטשן. אין געטאָ־טעכניקום האָט מען געלערנט ווי פריער. אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן בולטע סימנים פון פאַראַרעמונג און הונגער. די קיכן האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן זעקס טויזנט פּאַרציעס זופּ אַ טאָג.

דעם 6טן סעפּטעמבער איז געקומען אין געטאָ אַ טאָדט־קאָמיסיע און פאַרהאַנדלט וועגן עפענען אין געטאָ אַ טאַל־פאַבריק. די ידיעה וועגן דעם האָט אַרויסגערופן אין געטאָ נייע האָפענונגען וועגן עקזיסטענץ-פּערספּעקטיוון.

דעם 14טן סעפּטעמבער האָט פּרי האָט נויגעבויער גערופן צו זיך יעקב גענס מיט ס. דעסלערן, און אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט זיך צוריקגעקערט דעסלער אַליין און האָט איבערגעגעבן, אַז יעקב גענס איז דערשאָסן געוואָרן דורך נויגעבויערן.

ווי מען האָט דערציילט אין געטאָ, האָט יעקב גענס געוואוסט, וואָס עס דערוואַרט אים יענעם טאָג. אַ באַקאַנטער געסטאַפּאָ־מאַן האָט אים געוואָרנט, ער זאָל נישט גיין, ווייל עס איז פאַראַן אויף אים אַ טויט־אורטייל. יעקב גענס אָבער האָט באַשלאָסן ניט צו אַנטלויפן פון געטאָ און מעלדן זיך צו געסטאַפּאָ, בכדי ניט צו ברענגען צו אומזיסטע יידישע קרבנות אלס נקמה פאַר זיין אַנטלויפן. דעסלער, מורא האָבנדיק פאַרן זעלבן סוף ווי יעקב גענס, איז אין עטלעכע טעג אַרום פאַרשוואונדן פון געטאָ.

דעם 23סטן סעפּטעמבער איז אָנגעקומען דער לעצטער ענדגילטיקער טאָג פון דער געטאָ ליקווידאַציע.



אין יענע טעג איז פאָרגעקומען אַן ענדגילטיקער איבערברוך אין דער טאַקטיק פון פ.פּ.אָ., וועמענס הויפּטציל איז לכתחילה געווען ק אַ מ ף א י ן ג ע ט אָ. פ.פּ.אָ. האָט געזען — אַז אין אָנבליק פון די אַרויספירונגען קיין עסטאָניע, וועלכע ווערן אויפגעפאַסט דורך די יידן אַלס אַרויספירונגען צו אַרבעט און ניט צו טויט, וועט פ.פּ.אָ. ניט געלינגען מיטצורייסן דעם עולם צו אַ שלאַכט אין געטאָ, וועלכע וועט זיך ענדיקן מיט זיכערן טויט, בעיקר פאַר די א ו מ ב אַ וו אָ פ נ ט ע געטאָ־מענטשן. דעריבער פאַלט דער באַשלוס פון פ.פּ.אָ. אַריבערגיין פון געטאָ — אין וואַלד.

# 13. די אַרבעטס-לאַגערן אַרום ווילנע

אין ווילנער אומגעגנט האָבן זיך געפונען פאָלגנדיקע אַרבעטס-לאַגערן:
1) ביאַלאַ-וואַקאַ; 2) בעזדאַן; 3) רעשע; 4) סאָראָק טאַטאַרי; 5) קענע; זיי זענען מיט דער צייט געוואָרן אָפּטיילונגען פון ווילנער געטאָ און אונטערגעלעגן דער אויפזיכט פון ווילנער געטאָ-פּאָליציי, געוואָרן פאַרבונדן אַדמיניסטראַטיוו מיט אַ גאַנצע ריי געטאָ-אַנשטאַלטן, ווי סאַניטאַר-עפּידעמיאָלאָגישע סעקציע, געטאָ-שפּיטאָל, וכדומה.
אין די לאַגערן האָבן די ייִדן אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט די אַרומיקע פּאַרטיזאַנער.

**בעזדאַן** (25 קילאָמעטער פון ווילנע)

דער בעזדאַנער לאַגער איז אַנטשטאַנען נאָך פאַרן געטאָ אין יאָר 1941, דורך אַ גרופּע ייִדישע בעלי-עגלות, טראַנספּאָרט-אַרבעטער און קצבים פון נאָוואָגראָדער קוואַרטאַל אין ווילנע, וועלכע זענען אַוועק אַהינצו אויף טאָרף-אַרבעט (אָנשטאָט צו גיין צו די דייטשע אַרבעטן אין שטאָט גופא). אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום זענען אַהינצו אַראָפּגעבראַכט געוואָרן זייערע פרויען און קינדער פון געטאָ. די ייִדן האָבן דאָרטן געלעבט אין שווערע סאַניטאַרע באַדינגונגען, וואָס האָט דערבראַכט צום אויסברוך פון אַ פלעק-טיפוס עפּידעמיע (יאַנואַר 1942). פון די הונדערט לאַגער-מענטשן זענען 75 קראַנק געוואָרן אויף פלעק-טיפוס, וועלכער איז פאַרלאָפן מיט קאָמפּליקאַציעס פון נערוועזיטעט-אויסברוכן און צייטווייליקן פאַרשווינדן פון זכרון. משה קאַלכהיים פון עקיבא, וואָס איז געווען אין בעזדאַן, האָט זיך פאַרבונדן מיטן געטאָ און געטראָפן זיך דאָרטן מיט מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָוו און פּעסיע שיינבוים, אָנבינדנדיק אַזוי אַרום קאָנטאַקטן מיט דער חלוצישער קאָאָרדינאַציע. אין בעזדאַן איז געווען טעטיק אַ גרופּע פון עקיבא, וואָס האָט פּלאַנירט אין אָנהויב תקופה פון געטאָ, אַריבערצופירן מענטשן פון ווילנער געטאָ קיין ווייסרוסלאַנד דורך בעזדאַן. מיט דער צייט איז אין בעזדאַנער לאַגער אַנטשטאַנען אַ פּאַרטיזאַנער-גרופּע, וואָס האָט געציילט 17 מאַן. אין מיטן חודש מאַי 1942 איז געקומען קיין בעזדאַן אַ פּליט פון דער שחיטה אין נעמענטשין (17 קילאָמעטער פון בעזדאַן). פאַר שרעק טאָמער וועט דאָס זעלבע פּאַסירן אין בעזדאַן, זענען אַלע לאַגער-מענטשן אַנטלאָפן אין נאָנט שטייענדיקן וואַלד און זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין לאַגער ערשט, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז די עקזעקוציע-גרופּע האָט פאַרלאָזן די געגנט. די פּויערים האָבן דערציילט, אַז די נעמענטשינער ייִדן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און אַז אַ ייִדישע פרוי האָט אַרויסגעריסן אַ קאַראַבין פון אַ ליטווישן שיסער און צעשפּאָלטן אים דעם קאָפּ. אין חודש יוני 1942 זענען די בעזדאַנער ייִדן אַריבערגעפירט געוואָרן אין ביאַלאָ-וואַקאַ.

נעבן ביאַלאָ-וואַקאַ זענען אַראָפּגעלאָזן געוואָרן, זומער 1942, 4 סאָוויעטישע פּאַראַשוטיסטן. פ.פ.אָ. האָט מיט זיי אָנגעבונדן קאָנטאַקט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער ביאַלאָוואַקער פּאַרטיזאַנער-גרופּע (צעסיע ראָזענבערג, הירש ראָזשאַנאָוויטש, וואַלטער זיסער).
(דערציילט פון משה קאַלכהיים).

אין אַ צייט שפּעטער האָט מען ווידער געשיקט ייִדן צו טאָרף-אַרבעט אין בעזדאַן. אַ גרויסע גרופּע האָט געשטאַמט פון דער אַקציע קאָוונע-פּאָנאַר, ווען יעקב גענס האָט אין דער לעצטער מינוט אָפּגעריסן עטלעכע וואַגאָנעס פון אַלגעמיינעם טראַנספּאָרט צו פּאָנאַר; די אָפּגעריסענע וואַגאָנעס זענען אַוועק קיין בעזדאַן. אין דער צווייטער תקופה פון בעזדאַן האָבן דאָרטן געאַרבעט קרוב 400 מאַן.

דעם 9 יולי 1943 איז קיטעל געקומען אין בעזדאַנער לאַגער אויף אַן אַפּעל, געלויבט די לאַגער-מענטשן פאַר זייער גוטער אַרבעט, געהייסן זיי טיילן מאַרמעלאַד; דאַן איז דער לאַגער אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשע און ליטווישע זעלנער, וועלכע האָבן באַוואָרפן מיט גראַנאַטן און אונטערגעצונדן די בנינים. די וואָס האָבן געפּרובירט אַנטלויפן זענען דערשאָסן געוואָרן און די, וואָס זענען געבליבן — זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט

געוואָרן. נאָר איינצלנע זענען געבליבן ביים לעבן און געבראַכט די גרויזאַמע ידיעה אין געטאָ.

**רעשע** (15 קילאָמעטער פון ווילנע)

דאָ האָבן געאַרבעט קרוב הונדערט יידישע אַרבעטער ביי טאָרף. זייער לעבן האָט פאַר-צייכנט די ווילנער געטאָ-רעוויו „פּעשע פון רעשע". נאָך דער ליקווידאַציע פון בעזדאַן און ביאַלאָוואַקע זענען זיי געבראַכט געוואָרן אין ווילנער געטאָ. אין רעשע האָט געשריבן זיינע לידער דער דיכטער הירש גליק*), אין רעשע איז אויך פאַרשיקט געוואָרן יוסף גלאַזמאַן. דאָרט איז אויך אַנטשטאַנען אַ יידישע פּאַרטיזאַנער-גרופּע.

**ביאַלאַ-וואַקאַ** (14 קילאָמעטער פון ווילנע)

דער לאַגער האָט עקזיסטירט נאָך אוידער עס איז געשאַפן געוואָרן דער געטאָ. זומער 1941 אין דער צייט פון די כאַפּעניש, זענען אַהינצו אַוועק צו טאָרף-אַרבעט הונדערטער יידן און זיי זענען ניצול געוואָרן פון די געטאָ-אַקציעס. עס האָבן זיך דאָרטן אויך געראַ-טעוועט יידן אַנטלאָפענע פון געטאָ בשעת די אַקציעס פון די געלע און ראָזע שיינען. דאָרטן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט איבער טויזנט יידן און געלעבט פאַרהעלטעניסמעסיק אַ לייכטערן לעבן, ווי אין געטאָ. ענדע מערץ 1943 האָט מען די יידן פון ביאַלאָ-וואַקאַ, צוגלייך מיט די יידן פון אַלע טאָרף-לאַגערן אַרום ווילנע, אַריבערגעפירט אויף זאַוואַלנע 4 אין ווילנע, אויסערן געטאָ און פרילינג 1943 האָט מען די יידן אַריבערגעפירט צוריק אין ביאַלאָ-וואַקאַ, אָבער דאָס מאָל נאָר אַ פּאָר הונדערט מאַן, ווייל די איבעריקע האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין ווילנער געטאָ.

אויף זאַוואַלנע 4 איז פאַרזאַמלט געוואָרן אַ 2000 מאַן. וואַרשיינלעך האָבן די צע-נויפגעזאַמלטע אויף זאַוואַלנע 4 געדאַרפט טיילן דעם גורל פון דער אַקציע קאָוונע-פּאָנאַר. ווייזט אויס, אַז אין לעצטן מאָמענט איז פאַרגעקומען עפּעס אַ שנוי און מען האָט זיי איבערגעלאָזט לעבן.

אַ געוויסן טאָג זענען פון ביאַלאָ-וואַקאַ אַנטלאָפן עטלעכע יידן. אַלס קאָלעקטיווע שטראָף זענען דערשאָסן געוואָרן 67 יידן אויף אַן אַלגעמיינעם לאַגער-אַפּעל, בשעת וועלכן עס איז אויסגעקליבן געוואָרן צום טויט יעדער פינפטער פון דער שורה. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָט מען דעם לאַגער ליקווידירט און אַריבערגעפירט די יידן אין ווילנער געטאָ. בשעת דער ליקווידאַציע זענען 22 מאַן פון דער ביאַלאָ-וואַקער פּאַרטיזאַנער-גרופּע אַוועק אין וואַלד.

**סאָראָקי טאַטאַרי** (15 קילאָמעטער פון ווילנע)

דאָרטן האָבן געאַרבעט אַ גרופּע פון הונדערט יידן ביי וואַלד-אַרבעט און זיי האָבן צו-געגרייט ברען-מאַטעריאַל פאַר ווילנער געטאָ. ווען צו זיי איז דערגאַנגען די ידיעה וועגן דער ליקווידאַציע פון די לאַגערן אַרום ווילנע, איז זיך דער עולם צעלאָפן, געוואַנדערט אין די אַרומיקע וועלדער און פעלדער און איינציקווייז צוריקגעקומען אין ווילנער געטאָ.

אַ שוואַנגערע פרוי, וואָס איז אַנטלאָפן אויפן בית-עולם נעבן ווילנע האָט דאָרט געבוירן איר קינד אין אַ קבר.

דורך סאָראָק טאַטאַרי זענען געגאַנגען אַקטיווע פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער פון די אַרומיקע געגנטן.

## ק ע נ ע

אין קענע האָבן געאַרבעט קרוב 200 ווילנער יידן. זיי זענען דעם 8 יולי 1943 אַרומ-גערינגלט געוואָרן דורך אַ גרופּע דייטשע און ליטווישע סאָלדאַטן און אויף אַן אָרט אויס-געשאָסן געוואָרן.

אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע לאַגערן זענען פון צייט צו צייט אויך געשאַפן געוואָרן קלע-נערע צייטווייליקע לאַגערן אויף באַשטימטע קורץ טערמיניקע אַרבעטן.

---

*) הירש גליק, געבוירן אין ווילנע 1920, געענדיקט אַ העברעאישע פּאָלקס-שול, מיט-גליד פון דער ווילנער ליטעראַרישער גרופּע „יונגוואַלד". אין צייט פון געטאָ זיך געפונען אין די לאַגערן פון ביאַלאָ-וואַקאַ און רעשע, געשריבן דאָרט פּאָעמען און לידער, פאַר וועל-כע ער איז צוויי מאָל פּרעמירט געוואָרן אין געטאָ. אָנגעשלאָסן זיך צו פ.פ.אָ. דאָן אָנגע-שריבן די לידער: „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" (וואָס איז געוואָרן דער הימן פון די פּאַרטיזאַנער), „זאַנגל", „שטיל, די נאַכט איז אויסגעשטערנט".— דעפּאָרטירט אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן פון עסטלאַנד. זומער 1944 אַנטלויפט ער פון לאַגער גאָלדפילץ אין וואַלד, וואו ער קומט אום.

## 14. פּאַרטיזאַנער גייען אין וואַלד

גרופּן נאָך גרופּן פּאַרטיזאַנערס זענען געגאַנגען אין וואַלד. לכתחילה זענען עס געווען די חברים פון יחיאלס קאַמפּס־גרופּע, ווען ס'איז געווען באַזירט פון אַנטשטייאונגס־מאָמענט אָן, אויפן פּרינציפּ צו גיין אין וואַלד. שפּעטער זענען אויך געגאַנגען די פּ.פּ.אָ.־חברים, ווען עס איז אָנגעקומען די ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ דורך אַרויספירן די טראַנספּאָרטן קיין עסטלאַנד און לעטלאַנד.

איך רעכן דאָ אויס די נעמען פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען אַרויס אין וואַלד, אויף ווי ווייט עס איז מיר געלונגען זיי טיילווייז צו רעקאָנסטרואירן פון געשפּרעכן מיט מענטשן פון ווילנער געטאָ.

1. די ערשטע גרופּע, וואָס איז אַרויס אָרגאַניזירט אין וואַלד אין ריכטונג פון רודניצקער פּושטשע דעם 25טן אַפּריל 1943, איז געווען די גרופּע אָנגעפירט פון באַרקע פרידמאַן און באַגלייט פון מיצקע באָסטאָמסקי.

צו דער גרופּע האָבן געהערט: באָרקע פרידמאַן, מיצקע באָסטאָמסקי, פרידע מיט זיין פרוי, בתיה לעווין, פּסח מגיד, חייקע מיט איר פאָטער, „דער קווי־מענקערער" א. אַ.

גורל: אַלע אומגעקומען — חוץ מיצקע באסטאָמסקי, פּסח מגיד און לייבל דער קאָך.

2. די צווייטע גרופּע „גרופּע לעאָן", אויפן נאָמען פון וויטענבערגן, אָנגעפירט פון גלאַזמאַנען, איז אַרויס דעם 25סטן יוני 1943 אין דער ריכטונג נאַראָטש.

אָנטיילנעמער: יוסף גלאַזמאַן, זונדל לייזערמאַן, צבי און לייבל גאַרדין, יצחק מאַצקעוויטש, חיים לאַזאַר, טעווקע האַלפּערין, מולקע חזן, ישראל דו־שינסקי, בערעלע דרוזגעניק, בערל שערשנעווסקי, ראָזאַ שערשנעווסקי, רחל בוראקישקי, חיהקע טיקאָטשינסקי, דוד קוסקע, חיים ספּאַקאָיני, גערשקע דער שוסטער, ישראל לובטשאַנסקי.

פון זיי לעבן: חיים לאזאר, בערל שערשנעווסקי, דוד קוסקע, טעווקע האַלפּע־רין, גערשקע דער שוסטער.

3. אַ וואָך נאָכן אַרויסגיין פון גלאַזמאַנען, איז אַרויס פון יחיאלס קאַמפּס־אָרגאַ־ניזאַציע אין נאַראַטשער פּושטשע אַ גרופּע פון פינף און צוואַנציק מאַן אונטער דער פירונג פון לייבל באַס. כמעט אַלע חברים פון דער גרופּע זענען אומגעקומען אין די וואַלדקאַמפן. לייבל באַס איז געפאַלן זעקס וואָכן פאַר דער באַפרייאונג. עס איז נישט באַקאַנט צי אימיצער פון דער גרופּע איז געבליבן לעבן.

אין דער צייט פון זעקסטן אויגוסט (ערשטע דעפּאָרטאַציע קיין עסטלאַנד) — ביזן ערשטן סעפּטעמבער (גרויסע מאַסן דעפּאָרטאַציע קיין עסטלאַנד), זענען אַרויס צוויי גרופּן פון דער קאַמפּס־גרופּע יחיאל.

4. די גראָדנער גרופּע, בראש מיט מאיר זאַמאָשטשאַנסקי, צוזאַמען בערך 20 מאַן, איז אַוועק קיין נאַראָטש. זיי האָבן געזאָלט אַרויסגיין מיט דער ערשטער גרופּע מיט באָרקע פרידמאַן, נאָר זיי זענען דורך דער געטאָ־פּאָליציי אַרעסטירט געוואָרן

און אַריינגעזעצט אין דער געטאָ־תפיסה. זיי זענען געווען צוערשט אין „נקמה״־אָטריאַד אין נאַראַטש. דערנאָך אין קאָמסאָמאָלסק־אָטריאַד, און שפּעטער אין קאַלי־נינס אָטריאַד. כמעט אַלע געבליבן ביים לעבן.

אַנטײלנעמער: מײר זאַמאַשטשאַנסקי, צפּורה בריזמאַן, אילקאַ, צבי ליפּשיץ, אהרון דעראַטשינסקי, ליזע נוסבוים, רעזניק, אליק טראַכטענבערג, ראובן לוביטש, לוטעק שניידער (אומגעקומען), לייזער זאַלצמאַן (אומגעקומען).

5. די גרופּע פון עקיבא, בראש מיט שלום זילבער. זייער גורל איז געווען טראַגיש, זיי זענען אויפן וועג געכאַפּט געוואָרן פון ליטווישער פּאָליציי. פיר בחורים זענען געפאַלן אויפן אָרט אין קאַמף. צוויי בחורים מיט צוויי מיידלעך איז געלונגען צו אַנטלויפן און קומען צוריק אין געטאָ. אַנטרונען איז אויך דער באַגלייטער וואַלטער זיסער, וועלכער איז דער איינציקער אָנגעקומען אויפן באַשטימונגס-אָרט אין נאַראָ-טשער פּושטשע. בשעת דעם קאַמף האָט ער דערהרגעט צוויי ליטווישע פּאָליציאַנטן. די איבעריקע זענען גענומען געוואָרן לעבעדיקערהייט און מען האָט זיי געבראַכט קיין ווילנע אין געשטאַפּאָ, וואו מען האָט זיי שוידערלעך געפּייניקט, וועלנדיק אַרויסבאַ-קומען פון זיי די נעמען פון די, וואָס האָבן זיי אָרגאַניזירט. זיי האָבן זיך העלדיש געהאַלטן און קיינעם ניט אַרויסגעגעבן. דעם 23סטן סעפּטעמבער 1943, אין טאָג פון דער געטאָ־ליקווידאַציע, האָט מען די פרויען פון דער דאָזיקער גרופּע דערשאָסן, אַ טייל מענער אַרויסגעפירט אין די לאַגערן.

אַנטײלנעמער: שלום זילבער און זיין פרוי טשעסיאַ, שושנה אסטערמאַן, אהרון דער שוסטער מיט זיין פרוי, איזיע און אַנדערע.

נאָכן טויט פון יחיאל שיינבוים זענען אַרויס דריי גרופּן פון יחיאלס קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע:

6. דעם 11 סעפּטעמבער איז אַרויס אין רודניצקער פּושטשע אַ גרופּע פון פינף און צוואַנציק מאַן, אונטער דער פירונג פון יצחק טשוזשאָי, באַגלייט פון חיים דעם גראָבן (סאָלץ).

אַנטײלנעמער: חיים סאָלץ, יצחק און אַבראַשע טשיזשאָי מיט זייער מו-טער פייגע און הירשקע וואַרשאַווטשיק, ליאָלקע וואַרשאַווטשיק, חנה סאָלץ, בתיה פרידמאַן, בנימין יעקב סאַן, נתן צעלניק, אַברהם צעלניק, פעלאַ צעלניק, יצחק אַלפּער, וועלפקע סאַלין, יוסף גובערסקי, עפּשטיין, גיגוזשינסקי, זלמן טאָקער.

פון דער גרופּע געפאַלן: ליאָלקע וואַרשאַווטשיק, העלדישער פּאַרטיזאַנער געקראָגן די אויסצייכענונגען אין אַ רוסישן אָטריאַד; עפּשטיין, וועלפקע סאַ-לין, אַ מוטיקער פּאַרטיזאַנער, אומגעקומען אַלס טאַנקיסט.

7. דעם 13טן סעפּטעמבער 1943 איז אַרויס אַ גרופּע פון דרייסיק מאַן אונטער דער אָנפירונג פון אלחנן מגיד, באַגלייט פון מיצקע באָסטאָמסקי אין רודניצקער פּושטשע.

צווישן זיי: אלחנן און בתיה מגיד, יאַנעק און צמרת שומאַוויטש-מערסיק, אבראַשא פּענעאָוסאַוו און זיין פרוי, זיין ברודער באַריע און זייערע עלטערן שמו-אל און זשעניע פּענעאָוסאַוו, ריזע פּיינמאַן, מאיר און שושנה ליכטענזאָן, מאיר, זלמן און פאַניע וואָלאָזשני, סאַנקע, שמואל שפּיראָ, רעסיאַ שפּיראָ, ישראל ראָזין, בן אשר, בנימין בן-אשר, דוד סווירסקי, בלומקע לעווין, שוב, יאַנקעלע גייוואַוש, ראַזאַוו, פּופּקאָ אליהו, איצקאָוויטש.

געפאַלן: שפּיראָ שמואל.

8. דעם 15טן סעפּטעמבער, נאָכן דערשיסן יעקב געגנסן, איז אַרויס די לעצטע גרופּע פון יחיאלס קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

אַנטײלנעמער: לעאַ בערנשטיין, פּעסיע שיינבוים, מיצקע ליפּענהאָלץ, ניסן

רויטבאַרט, לייזער אויף זשעניע בארט, י. ווייס, שלמה און מאשע בראנט, זשעניע בערקאָוויטש יאַנעק און ריטאַ פויסט, הוגאָ גראנער, מאַשע שניידער.

די דריי גרופּן האָבן געשאַפן די ערשטע יידישע פּאַרטיזאַנער־באַזע אין רודניצקער פּושטשע. זיי האָבן שוין דאָרטן געפונען אין די רוסישע אָטריאַדן חיים לאַזאַר, טעווקע האַלפּערן און בערל שערשנעווסקי.

פון פ.פ.אָ. זענען אַרויס ביזן 14טן סעפּטעמבער פינף גרופּן קיין נאַראָטש, צו דער ווייסרוסישער בריגאַדע פון מאַרקאָוון. צוזאַמען אַ הונדערט פופציק מאַן.

איין גרופּע געפירט פון שורקע קאַצענבויגען
צווייטע גרופּע געפירט פון משה קאַלכהיים.
דריטע גרופּע געפירט פון משה יודקע רודניצקי און ניסל רעזניק.
פערטע גרופּע געפירט פון זיסקאָוויטש מיט יאַנינסקי.
פינפטע גרופּע געפירט פון פישמאַן (פון סווענציאַן).

דאַן האָט פ.פ.א. באַקומען מיט אַ וואָכיקער פאַרשפּעטיקונג אַ מעלדונג פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב פון דער ליטווישער בריגאַדע, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין אויף דער באַזע פון רודניצקער פּושטשע.

אין טאָג פון דער געטאָ - ליקווידאַציע האָבן אַ זעכציק מאַן פון פ.פ.אָ. צעטיילט אין גרופּן, פאַרלאָזן דעם געטאָ דורך די רערן פון דער וואַסער־קאַנאַליזאַציע. זיי האָבן זיך נעזאַמלט אין אַ קעלער פון פּושקין־פּאַלאַץ אויף סובאַטש־גאַס. אויפן וועג צום זאַמל־פּונקט האָט אַ דייטשער פּאַטרול פאַרהאַלטן די צוויי שטאַבס־מיטגלידער פון פ.פ.א. יעקב קאַפּלאַן און אברהם כוואיניק און די באַטאַליאָן־פאַר־בינדלערין אַסיאַ ביק. ווי מען דערציילט האָבן די דריי געעפנט אַ שיסעריי. פון זייערע קוילן איז געפאַלן מאַקס גראָס, דער אויספאָרשער פאַר פּאַרטיזאַנישע ענינים פון ווילנער געשטאַפּאָ. זיי זענען געכאַפּט געוואָרן לעבעדיקערהייט און געפירט געוואָרן אויפן פּלאַץ ראסא, וואו קיטעל האָט פאַר זיי אויפגעשטעלט דריי תליות.

אברהם כוואָיניק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1907 אין שטעטל ראָזשינאָי, נעבן סלאָנים. באַזוכט די גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט פון ווילנער אוניווערסיטעט. פון די יונגע יאָרן אַ חבר פון „בונד" אין ביאַליסטאָק און ווילנע, אין קריגס-צייט טעטיק אין קאָמיטעט פון די יידישע אַרבעטער-פליטים. אין געטאָ געשטאַנען צוזאַמען מיט יוסף גלאַזמאַנען בראש פון דער דירות-אָפּטיילונג. איינער פון די איניציאַטאָרן פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט.. מיטגליד פון פ.פ.אָ.-שטאַב. געווען זייער האַרציק און פריינטלעך אין באַציאונגען צו מענטשן, פאָלקסטימלעך אין רעדן (אַברהם כוואָיניק איז פון דער פּראָוויזאָרישער פּוילישער רעגירונג אויסגעצייכנט געוואָרן נאָכן טויט אין יאָר 1945 מיטן אָרדער „ווירטוטי מיליטאַרי").

אָסיאַ ביק געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1922, געענדיקט די ווילנער יידישע רעאַל-גימנאַזיע.

יעקב קאַפּלאַן — געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1913. אַקטיוו אין יידישן וועלטלעכן שול־וועזן אין ווילנע און פּראָווינץ. אין געטאָ קאָנצענטרירט ער צוזאַמען מיט משה אָליצקי דאָס שול־וועזן אין בלאָק „קייליס" אויסערן געטאָ. מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין געטאָ, שפּעטער איר סעקרעטאַר. נאָכן טויט פון וויטענבערגן אַריין אין פ.פ.א.־שטאַב אַלס פאָרשטייער פון די קאָמוניסטן.

אין פּושקין־פּאַלאַץ האָבן די פ.פ.אָ.-חברים געוואַרט אויף אַ ידיעה פון לייבל געלבלום, וועלכע איז אַרויס אויסצופאָרשן די וועגן, וואָס פירן אין רודניצקער

פושטשע. אויף מאָרגן איז אָנגעקומען אַ שליח פון וואַלד וואַנקע, מיט דער ידיעה, אַז טייבל געלבלום איז געכאַפּט געוואָרן ביים שוועל פון וואַלד דורך אַ ליטווישן פּאַטרול.

נאָך אַ שווערן וועג, הונגעריקע און טויט מידע, זענען די חברים פון פ.פ.א. דערגאַנגען צו דער רודניצקער פּושטשע, וואו ס׳האָבן אויף זיי שוין געוואַרט די פּאַר-טיזאַנער, וואָס זענען אַרויס מיט די פריערדיקע גרופּן.

ס׳איז מיר ניט געלונגען עד היום פעסטצושטעלן די גענויע ליסטע פון אַלע פּאַרטיזאַ-נער, וואָס זענען אַרויס אין וואַלד, די נעמען פון אַלע אומגעקומענע אין די קאַמפן, ווי אויך פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען דעפּאָרטירט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן.

כ׳גיב דאָ איבער אַ ליסטע פון אומגעקומענע פּאַרטיזאַנער, וואָס כ׳האָב באַקומען אין אויגופּט 1947 פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן.

ביג אַסיע, געבוירן 1922
בלום אַבראַשע
ביעלאַק טוביה, געב. 1923
בענסקי פּיוול, געב. 1923
אינזש. באַראָן אליהו
בערנשטיין מירע, געב. 1908
אַדוו. בראַונשוויג סטאַניסלאַוו
באָנק יאַנקל, געב. 1907
גלאַזמאַן יוסף, געב. 1918
גאָרדאָן הירש
גאָרדאָן לייבל
גאָבשטיין מאָטל
גאָניאָנדזקי מירע
וויניסקי טויבע, געב. 1921
וואַרשאַווטשיק לאָלע, געב. 1920
וויטענבערג איציק, געב. 1905
זיסקאָוויטש ליאָווע, געב. 1912
יאַבראָוו איזיע
טייץ לייוויק, געב. 1910
טיקטין זלמן, געב. 1922
כוואָיניק אַבראַשע, געב. 1906
לובאָצקי דאָניע
לובאָצקי אימע
מאַגון ליזע, געב. 1918
מאַדייסקער סאָניע, געב. 1917
מאַצקעוויטש איזיע, געב. 1920
מאַרקאָוויטש ראַשל
מאַרקאָוויטש בלומע
מיליקאָווסקי יאַנקל, געב. 1920
פּרוכנאָ לאָלע
תווירסקי שלום, געב. 1906
ד״ר ח. פּערלמאַן
פרידמאַן באָרע, געב. 1907
קאָוונער מיכאַל, געב. 1920
קאַפּלאַן יאַנקל, געב. 1907
קוניסקי, געב. 1923
שלאַגמאַן חיים

שיינבוים איליאַ
אַראָנאָוויטש אהרן
באָראקס עדעק
בראוזע מ.
בראוזע (זיין פרוי)
בוראקישסקי חיהלע
גאַלדמאַן מרדכי
ווידוצקי דוד
ווילקאָמירסקי
וויינער מאיר
טווערדין ראשל
טורגעל יאַנקל
לעווין אליהו
לעווין מאַטעס
לעווין יונה
לוקישער ראשל
לעווין
מעלצער חיים
מיקלישאַנסקי
נאַפּעלעאָן חיים
ניעדזוויעדסקי לובאַ
סאראכאן
סטריטשאַנסקי משה
פּופּיסקי פרידע
צעפּעלעוויטש גרישע
קאָוונער יאַשע
קוריצקי מולע
קאָניוכאָווסקי
ראשל טאָמקע
ראָדזעוויטש מאָניעק
ראף יאַשע
שערשנעווסקי-כץ ראָזע
שאַפּיראָ שמואל
שניידער באָריע
שאַפּיראָ (אַ קצב)
שמערע לייבקע (אַ קוימענקערער)



ישראל דימענטמאַן



די חרובע באַריקאַדע פון סטראַשון גאַס נומ. 12, וואו עס איז
געפאַלן יחיאל שיינבוים.

# 15. אין טאג פון געטא-ליקווידאציע

ס׳האָט מיר דערציילט אינזשעניער ה. ליליענהיים:

— נאָך דעם ווי דער געטאָ־קאָמענדאַנט יעקב גענס איז דערשאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ, האָט יעדער איינער אין געטאָ שוין געוואוסט, אַז עס זענען אָנגעקומען די לעצטע טעג פון געטאָ. אין דער לופט האָט זיך ממש געשפּירט, עס גייט, עס קומט אָן די ליקווידאַציע פון געטאָ. עס איז געווען דער דריי און צוואַנציקסטער סעפּטעמבער 1943. פינף אַ זייגער אין דער פרי איז פּלוצעם געקומען קיטל אין געטאָ. אַלע האָבן דערוואַרט מיט שפּאַנונג די רעזולטאַטן פון זיין קומען. גלייך נאָכדעם איז אַרויס בעניאַקאָנסקי אויפן הויף פון יידן־ראַט און געהאַלטן פון באַלקאָן אַ רעדע צום עולם. ער האָט אָנגעזאָגט, אַז דער געטאָ ווערט ליקווידירט, אַ טייל באַפעלקערונג ווערט אַרויסגעפירט קיין ווייוואַרע און אַ טייל קיין ליטע. אין ווילנע וועלן בלייבן די יידישע אַרבעטער פון איינהייט „קייליס" ה.ק.פּ. און דער דייטשער קריגס־לאַזאַרעט. ער האָט געענדיקט זיינע ווערטער מיט דער הבטחה:

— איך פאָר מיט אייך צוזאַמען.

קיטל איז געווען יענע מאָמענטן זייער פריינדלעך... יידן, וועלכע זענען צו אים צוגעגאַנגען פרעגן פראַגן, האָט ער זיי געענטפערט געלאַסן. ער האָט אַרומגעשפּאַצירט מיטן יידישן פּאָליציסט דרייזין, און געהאַלטן אים אונטערן האַנט. און זיי האָבןביידע געלאַכט. שפּעטער האָב איך געזען קיטלען שפּאַצירנדיק מיטן יידישן פּאָליציסט אַבערהאַרט. אַ געטאָ־פּאָליציסט האָט געבראַכט אַ יידן, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן ביים וועלן נעמען ברויט אין אַ געוועלבל. אַבערהאַרט האָט דעם יידן אָנגעהויבן צו הרגענען פאַר די אויגן פון קיטל, ער האָט אים אַזוי צעמזיקט, אַז דער ייד איז געפאַלן אין חלשות. קיטל איז געשטאַנען און זיך רואיק צוגעקוקט. ס׳איז געווען דער באַפעל: קלייבן זיך צוויי אַ זייגער נאָכמיטאָג ביים געטאָ־טויער, בכדי אַרויסצוגיין צו די טראַנספּאָרטן. וואָס טאָן? דער עולם האָט ניט געוואוסט. אַנדערע האָבן געטראַכט וועגן פאַרשטעקן זיך אין מאַלינעס. דער קריג איז דאָך מער ניט אַ פראַגע פון עטלעכע חדשים, וועט מען ווי עס איז איבערלעבן. אַנדערע האָבן זיך געגרייט צום טראַנספּאָרט, אייליק געגרייט פּעקלעך, אפשר איז דאָס טאַקע צום לעבן? דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן ראַבעווען די געטאָ־שפּייז־געוועלבלעך. מען דאַרף די פּראָדוקטן ניט איבערלאָזן פאַר די דייטשן. מען דאַרף עס האָבן מיט זיך אויפן וועג, אָדער אין מאַלינע אַריין. אין געטאָ איז שוין פון אייניקע וואָכן געווען זייער אַ שטאַרקער הונגער. ביים ראַבעווען די געוועלבלעך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָרטן איז געווען אַ גרויסער זאַפּאַס פון מעל און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען, וואָס האָט געקענט נוצן אויף אַ לאַנגער צייט. פאַר וואָס־זשע האָט עס אויסבאַהאַלטן דער יידן־ראַט און די געטאָ־פּאָליציי און געלאָזט הונגערן די יידן?

דער עולם האָט עס אויסגעטייטשט דערמיט, אַז דער יידן־ראַט און די געטאָ־פּאָליציי האָבן וואַרשיינלעך געהאַפּט, אַז זיי און נאָך אַ געוויסער קרייז מענטשן וועלן איבער־בלייבן אין ווילנע, נאָך דער ליקווידאַציע, האָבן זיי אָפּגעשפּאַרט פאַר זיך פּראָדוקטן. עלף אַ זייגער זענען אַריין ליטווישע פּאָסטנס אין געטאָ. פיר אַ זייגער זענען געקומען אוקראַינער אין געטאָ און געלאָפן איבער די הייזער טרייבן די יידן צום געטאָ־טויער.

יידן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען מיט זייערע משפחות צום געטאָ־טויער מיט די פּעק אויף די פּלייצעס. פון דאָרטן זענען זיי געגאַנגען צום פּלאַץ ראסא. דער גאַנצער וועג איז געווען אַרומגעשטעלט פוןביידע זייטן מיט אַ שפּאַלער פון ס״ס־


יעקב קאַפּלאַן


כוואַיניק

לייט און אוקראַינער, שווער באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטיש געווער. אין מיטן וועג האָט מען פּלוצעם אָנגעהויבן צעטיילן: די מענער פאַראויס, און די פרויען לינקס, אויף אַ פּלאַץ הינטער אַ מויער. דאָרט האָט מען ווידער צעטיילט: די עלטערע פרויען מיט קינדער לינקס, די ייִנגערע און געזונטערע פרויען רעכטס. מיר, די מענער, זענען געווען צוזאַמענגעקליבן אויף אַ גאַס. יידן האָבן אַלץ געשטראָמט און געשטראָמט. אַז ס׳איז געוואָרן אָוונט איז אָנגעקומען אַן אויטאָמאָביל מיט אַ פּאַטעפאָן און אַ הילכער. אויטאָמאָבילן האָבן באַלויכטן דעם גאַנצן פּלאַץ מיט שיין־וואַרפערס. די מעגאַפאָנען האָבן געשפּילט מאָדערנע דזשאַז־מוזיק. אַ דייטש האָט דערקלערט, אַז מיר בלייבן אַלע די גאַנצע נאַכט אויפן גאַס צוליבן שולד פון די יידן, וואָס גייען ניט אַרויס אייגנוויליק און מען מוז זיי טרייבן אייבציקווייז פון די הייזער...

ס׳איז געוואָרן נאַכט. אוקראַינישע וועכטערס האָבן געקרייזט צווישן אונז און געוואָלט באַראַבעווען זייגערלעך, געלט און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. די גאַנצע נאַכט האָבן זיך געהערט אַרומלויפנדיקע טריט, שאָסן, רוסישע קללות. אין דער

פרי איז געקומען ווייס, און מען האָט אָנגעהויבן שטעלן פיר לייטערס צו אַ מויער. דאָקטאָר טאָובענהויז, וועלכער האָט זיך געפונען נעבן מיר אויפן פּלאַץ, האָט מיר געזאָגט שטיל:

— זע, מען גרייט אַ מאַסן־עקזעקוציע.

פּלוצעם האָט מען אויסגערופן:

— ווער איז דאָ אַ זייגערמאַכער?

האָט איינער פון די שורות אויסגערופן:

— ס'איז דאָ אַ זייגערמאַכער — לעווין.

האָט מען אַרויסגערופן לעווינען פון די שורות, אַלע יידן האָבן געמיינט, אַז מען באַפרייט אים באַלד אויפן פּלאַץ און מען וועט אים אָפּשיקן אין ה.ק.פּ. שפּעטער


יידן צום באוואפנטן ווידערשטאנד

אויפרוף פון פ.פ.אָ. דעם 1-טן סעפּטעמבער 1943.

האָט מען געהייסן אָפּגעבן מעסערס און אַנדערע שאַרפע אינסטרומענטן און עס איז אויסגעוואַקסן אַ באַרג מעסערס און שאַרפע געצייג. דאַן איז געגאַנגען צווישן די שורות אַ העכערער דייטשער באַאַמטער און געוויזן מיט די פינגער, ווער עס זאָל אַרויסגיין. דאָס זענען געווען מינוטן פון טויט־שרעק, ווייל מיטן פינגער האָט ער אָנגעוויזן אויף אַלטע לייט, אויף קליינע קינדער און אויף מענטשן מיט אַ שוואַך אויסזען. די שוואַכערע האָבן אָנגעהויבן זיך אויסצובאַהאַלטן אונטער די

פלייצעס פון די שטאַרקערע, כדי מען זאָל זיי ניט באַמערקן. דער דייטש אָבער האָט געשפּאַנט צווישן די שורות און אויסגעזוכט זיינע קרבנות. אַזוי האָט ער אויסגעוויילט אַן אַכציק ביז הונדערט מאַן. זיי זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אויטאָמאָבילן. מער איז פון זיי קיין שפּור ניט געווען. שפּעטער איז אַרויס אַ דייטש און געמאָלדן אַן אורטייל.

— עטלעכע מענטשן וועלן געהאָנגען ווערן פאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד. באַזיצן געוועזער און פאַרן פּרוּוון אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער. די עקזעקוציע וועט אויסגעפירט ווערן פאַר אַלעמען אין די אויגן בכדי אַלע זאָלן וויסן, וואָס עס דערוואַרט זיי פאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

דערווייל האָט ווייס צוגעבראַכט פיר תליות, דאָרט וואו מען האָט פריער געבראַכט די לייטערס. מיר האָבן גלייך דערזען: מען נעמט אַרויס פיר מענטשן און מען פירט זיי אַרויף אויף די לייטערס. דאָס זענען געווען: דער ערשטער — כוואָיניק, דער צווייטער — לעווין, דער דריטער — יעקב קאַפּלאַן, די פערטע — דאָס מיידל אַסיאַ ביק.

ווען אַלע זענען אַרויף אויף די לייטערס, האָט דאָס מיידל געשמייכלט.

כוואָיניק איז געווען דער נאָנטסטער צו אונז. ער האָט געקוקט אויף אונז פון אויבן און האָט געמאַכט לייכטע באַוועגונגען מיט די הענט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געזעגנט און אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ. לעווין און קאַפּלאַן זענען רואיק געשטאַנען. אַזוי זענען זיי געשטאַנען אַ פינף מינוט און די פּעטלעס זענען געווען פאַרוואָרפן אויף זייערע העלדזער. ווייס, אין אַ שוואַרצן היטל, מיט אַן ס"ס־שאַרבן, איז געשטאַנען און געפּרוּווט, און באַטאַפּט מיט די הענט צי אַלץ איז אין אָרדענונג אויף די תליות. פּלוצעם האָט מען אַ צי געטאָן די לייטערס אונטער די פיס פון די פיר. די קערפּערס האָבן אָנגעהויבן צו צוקן. די שטריק האָט זיך אונטערגעריסן אונטערן שווערן לעווינען און ער איז אַרונטערגעפאַלן. ווייס האָט געהייסן אים אויסדרייען זיך און שטיין מיטן פּנים צום מויער.

צום ערשטן איז געשטאָרבן דאָס מיידל אין קורצע מינוטן. דער צווייטער איז געשטאָרבן יעקב קאַפּלאַן. דער קערפּער פון כוואָיניק האָט זיך געוואָרפן אין קראַמפּן. ער איז געווען בלוי. מען האָט געזען, אַז די פּעטלע האָט זיך ניט באַלד פאַרמאַכט געהעריק און דער טויט קומט ניט שנעל. ווייס האָט געזאָגט לעווינען, ער זאָל זיך שטעלן אויף די קני מיטן פּנים צום וואַנט. ער איז צוגעגאַנגען פון הינטן און דערלאַנגט אַ קאַטין־שאָס אין קאָפּ. דער קערפּער פון לעווינען איז געפאַלן, זיין בלוט האָט אָנגעהויבן צו רינען איבער די שטיינער. דער קערפּער פון כוואָיניק האָט אַלץ שוואַכער און שוואַכער געציטערט. פון הינטערן מויער, וואו עס האָבן זיך געפונען די פרויען, האָבן זיך געהערט געשרייען פון שרעק. מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייען און געגעבן אַ סיגנאַל צום מאַרש. פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען אוקראַינער און ס"ס־לייט, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטישע קאַראַבינען. מיר האָבן דורכגעמאַרשירט פאַרביי די קערפּערס פון לעווינען און פון די אויפגע־האַנגענע — אין דער ריכטונג פון דער באַן־סטאַנציע.

מען האָט אונז אַריינגעפירט אין די וואַגאָנען. — — —

# 16. פּאָנאַר

פּאָנאַר, וואַלד, און גרעזער און בלומען. זיבן קילאָמעטער הינטער ווילנע, אויפן וועג ביים גראָדנער שאָסיי, ביי דער באַן־ליניע ווילנע־וואַרשע.

ס'איז שיין פּאָנאַר. איינס פון די שענסטע ווינקלען פון ווילנער אומגעגנט.

אַהינצו פלעגן אַמאָל ציען אויספלוגן פון ווילנער יידישע לערערס מיט זייערע תהמידים, יוגנט און קינדער. אין די נעכט פלעגט מען אָנצינדן שייטערס און זינגען יידישע לידער, הוראַס און קאַראַהאָדן, געזאַנג און טאַנץ — אַמאָל אין פּאָנאַר...

און איינמאָל, אויף איינעם פון אונזערע פּאָנאַר־אויספלוגן, האָט אַ יידישער בחור אַ זאָג געטאָן נאָך אַ צעשטורעמטן הוראַ־טאַנץ:

— לאָמיר אַוועק. די ערד ברענט אונטער פּאָנאַר!

און קיינעם האָבן זיינע ווערטער ניט אָנגעצונדן מיט שוידער; און אויך ער אַליין האָט ניט דערפילט זיין גורל־נבואה.

נאָר אין שרעקנס־נעכט אין געטאָ, אויף דער מאַלינע, פלעגט ער אונז דער־מאָנען פריידי־אויספלוגן אַמאָל אין פּאָנאַר... און פלעגט מיט טויטן פחד איבערחזרן:

— עס ברענען שייטערס אין פּאָנאַר!

אין פּאָנאַר ליגט דער רוב מנין פון ווילנער יידנטום. די ערשטע האָט מען אַהינצו געפירט, זומער 1941, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די „כאַפּונעס", און פון פאַגראָם אויף נאָווגאָראָד און שניפּישאָק, און די, וואָס מען האָט זיי געהייסן נעמען אַ האַנטוך מיט זייף, ווייל זיי פאָרן אויף אַרבעט. נאָך דער באַפרייאונג, ווען מען האָט געעפנט די מאַסן־קברים, האָט מען געפונען דאָרט די הרוגים מיט די האַנטוכער און זייפן. מען דערציילט, אַז ביי די מערהייט פון זיי זענען די הענט געווען פאַרבונדן אויף הינטן און דער שאַרבן דורכגעלעכערט פון הינטערשאָסן. (האָבן זיי זיך ווידערגעשטעלט, און דעריבער האָט מען זיי געבונדן די הענט? — ס'איז אַ סוד פון פּאָנאַר). און דאַן האָט מען אַהינצו געפירט די יידן פון דער ערשטער פּראָוואָקאַציע (1טער סעפּטעמבער 1941) און פון אַלע פּראָוואָקאַציעס; די יידן פון לידסקער געסל; פון לוקישקער תפיסה; פון צווייטן געטאָ; די געכאַפּטע אין די טעג פון די „געלע שיינען", פון די „ראָזע שיינען", און די, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן קיין קאָוונע.

און אויך נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע, איז פּאָנאַר נאָך אַלץ געווען הונגעריק. מען האָט אַהינצו געפירט יידן געכאַפּטע אין די מאַלינעס, ווי אויך שוואַכע און קראַנקע פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין עסטלאַנד.

אויף די פעלדער פון פּאָנאַר ליגן יידן ניט נאָר פון ווילנע. אין „געטאָ־פּאָסט־

ביורא" פלעגן אָפט אָנקומען אָנפראַגעס פון פאַרשידענע יידישע געמינאָס וועגן גורל פון יידן, וואָס מען האָט פון זייערע מקומות געפירט קיין ווילנע און אין ווילנער געטאָ זענען זיי ניט אָנגעקומען. זיי האָבן זיך אָפגעשטעלט זיבן קילאָמעטער ווייטער...

ווילנער יידישע אַרבעטער האָבן געזען ווי ס'זענען ביים באַן געפאָרן גרופן טשעכישע יידן, שיין געקליידט, אָנגעטון אין צילינדערס. מען האָט זיי געפרעגט:

— וואוהין פאָרט איר?

— אין דער שטאָט פאָנאַר.

— פאָנאַר איז ניט קיין שטאָט! ס'איז...

קיינער פון די גרופן טשעכישע יידן האָט ניט געגלויבט.

די יידישע געטאָ־פּאָליציסטן, וואָס האָבן מקבר געווען די מתים פון פאָנאַר נאָך דער „אַקציע קאָוונע", האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן דאָרטן געפונען יידישע



פאָנאַר פאַר דער מלחמה

אַן עקסקורסיע פון ווילנער יידישע לערער אויף פאָנאַר אין יאָר 1927

(פאָטאָ צוגעשיקט פון א. גאָלאָמב).

פאַספּאָרטן פון פראַנקרייך, האָלאַנד און אַנדערע לענדער. פון צייט צו צייט, פלעגט דער געטאָ אויפגעציטערט ווערן מיט אַ ידיעה:

— פאַרבייגעפאָרן אַן עשאַלאָן יידן.

פון וואַנען? — האָט קיינער ניט געוואוסט.

וואוהין? — האָט יעדער געוואוסט — קיין פאָנאַר.

פאָנאַר איז געווען אַ פאַרניכטונגס־פּלאַץ אויך פאַר ניט־יידן. אַהינצו האָט מען געפירט אין די טויזנטער די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע און די סאָוויעטישע פּרטיזן, וועלכע זענען געווען אינטערנירט אין ווילנע — די גלחים פון קאַטוילישן

סעמינאַר אין ווילנע — און סתם אַריער, פאַרדעכטיקטע אין ווידערשטאַנדס־טעטיקייט.

זומער 1943, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע סאָוויעטישע קאָנטער־אָפּענסיווע, זענען דורכגעפאָרן פאַרביי ווילנע צענדליקער עשאַלאָנען מיט עוואַקו־אירטע רוסישע מענער און פרויען. יידישע באַן־אַרבעטער פלעגן זיי פרעגן:

— קודאַ? (וואוהין?)

— נאַ ראַבאָטו וו גאָראָד פאָנאַרי (אויף אַרבעט אין שטאָט פאָנאַר).

אין זעלבן זומער איז ביים ווילנער באַנהויף אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון רוסישע קינדער פון דריי ביז צען יאָר, וואָס האָט געזאָלט גיין אין דער ריכטונג — פאָנאַר.

קריסטלעכע באַן־אַרבעטער האָבן זיי אָפּגעקויפט פון זייערע דייטשע באַגלייטערס פאַר פינף — פאַר צען — פאַר פופצן מאַרק...

אין פאָנאַר ליגן אויך הונדערטער ליטווישע יידן־מערדערס. ווען זיי האָבן



הזכרה אויף פאָנאַר, נאָך דער באַפרייונג, 1944.
(אַרכיוון פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכען).

פאַרענדיקט זייער פאַרניכטונגס־אַרבעט איבער די יידן, האָבן די דייטשן זיי באַפוילן צו גיין אַלס „פרייוויליקע" אויפן סאָוויעטישן פראָנט, די ליטווינער האָבן עס ניט געוואָלט. מאָרדן יידן איז באַקוועמער... האָט מען זיי אויסגעטאָן די גאַרטלען, געהייסן אויסשניידן די קנעפּ פון זייערע הויזן, און מען האָט זיי געפירט דורך זייער הויפּט־שטאָט מיט אַראָפּגעלאָזטע הויזן — אַהינצו, וואו ס'זענען געלעגן זייערע יידישע הרוגים.

נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, זענען די דייטשן צוגעטרעטן צו פאַרווישן די שפּורן פון זייער מאָרד. זיי האָבן געבראַכט קיין פאָנאַר קריסטן פון די טורמעס און אַ גרופּע יידן. זיי איז פאַראָרדנט געוואָרן צו פאַרברענען די מתים, און זייער

אַש צעמישן מיט זאַמד. יעדעס מת האָט געהייסן ביי די דייטשן אַ פיגור, און די אַרעסטאַנטן האָט מען צעטיילט לויט זייער אויפגאַבע אין: „פיגור־גרעבערס" — „פיגור־טרעגערס" — „האָלצפאַרזאָרגערס" — „פייערמייסטערס" — אַשן־זיפּערס" — און „סמנים־פאַרגלעטערס".

די מתים זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פון די מאַסן־גריבער און געלייגט געוואָרן שיכטנווייז אין גרויסע פּיראַמידן. אין יעדער פּיראַמידע ביי דריי טויזנט פינף הונדערט פיגורן. די שייטערס פלעגן אונטערגעצונדן ווערן דורך צינדבאָמבעס, אייל און בענזין. זיי פלעגן ברענען ביז צען טעג.

די פיגורן־פאַרניכטערס זענען געווען געשמידט אין קייטן און אַרעסטירט אין אַ בונקער אינערהאַלב פּאָנאַר. זיי האָבן אויסגעגראָבן אַן אונטערערדישן טונעל און אַ טייל פון די מענטשן איז געלונגען זיך צו ראַטעווען און אַרויסגיין צו די פּאַרטי־



דערמאָרדעטע אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קלאָאָגאַ, ביי רעוואַל אין עסטלאַנד, דעם 19־טן סעפּטעמבער 1944.

זאַנערס. אויף די מאַסן־קברים האָבן די דייטשן געגאָסן בעטאָן, דורכגעפירט באַן־רעלסן, עס זאָל קיין שפּור ניט בלייבן פון די הרוגים.

אויף די פעלדער פון פּאָנאַר ליגט דאָס אַש און געביין פון איבער הונדערט טויזנט הרוגים. דאָרטן איז דער בית־עלמין פון ירושלים דליטא, וואָס איז ניט געקומען צו קבר ישראל. ס'איז שיין פּאָנאַר, איינס פון די שענסטע ווינקלעך פון דער ווילנער אומגעגנט.

# 17. פאַרשידן איז געווען דער גורל...

אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דער געטאָ־ווילנע, דער יידישער ציבור פון ירושלים דליטא, וואָס האָט אין געטאָ געצויגן זיין הערלעכע דורותדיקע טראַדיציע, און וועלכע האָט זיך פאַרשריבן אויף אייביק אין פנקס פון יידישן גוראַנגל.

פאַרשידן איז געווען דער וועג פון ווילנער יידנטום נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ. הונדערטער איז געלונגען אַרויסצוגיין אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנערס; געציילטע הונדערטער זענען געבליבן אין די בלאָקן הק״פ און „קיילים״, ווי אויך אין נאָך אַ פּאָר קליינע איינהייטן אויסערן געטאָ; אַ קליינער טייל איז געבליבן אויסבאַהאַלטן אין די מאַלינעס פון געטאָ, אין די קאַנאַליזאַציע־רערן, ווי אויך אין מאַלינעס אויסערן געטאָ; די איבעריקע, דאָס הייסט דער רוב מנין ורוב בנין, איז פאַרשיקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן קיין עסטלאַנד און לעטלאַנד.

פאַרשידן איז אויך געווען דער גורל פון ווילנער יידנטום. די יידישע פּאַרטיזאַנערס האָבן זיך קאָנצענטרירט בעיקר אין די וועלדער (פּושטשעס) פון נאַראָטש, אַן ערך הונדערט דרייסיק קילאָמעטער פון ווילנע, ווי אויך אין דער רודניצקער פּושטשע, אַן ערך פערציק קילאָמעטער פון ווילנע. דאָרט זענען אויך געשאַפן געוואָרן יידישע אָפּטיילונגען: „קאַמף״, „נקמה״, „נצחון״, „אַ טויט דעם פאַשיזם״.

אין די וועלדער האָבן אַרום זיי זיך גרופּירט אויך די יידן פון סווענציאַן, קורעניעץ, ווילייקע, סוויר, דאָלהינאָוו, איליע, לידע, און אַנדערע מקומות — יידן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די וועלדער און געזוכט אַ וועג צו די פאַרטיזאַנערס.

דאָס איז אַ קאַפּיטל פון גבורה און עקשנות, אַ ניי, ליכטיק קאַפּיטל אין דער דורות־לאַנגער געשיכטע פון ירושלים דליטא. ס׳איז אַ קאַפּיטל, וואָס דאַרף באַזונדער באַשריבן און באַלויכטן ווערן דורך די, וואָס דער גורל און זייער קאַמפס־ווילן האָט זיי זוכה געמאַכט אין אים אָנטיילצונעמען.

די ווילנער יידישע פאַרטיזאַנערס האָבן זיך באַטייליקט אין די באַפרייאונגס־קאַמפן פון ווילנע און זענען צוזאַמען מיט די רויטע אַרמייער אַריינגעטרעטן אין דער באַפרייטער שטאָט און זוכה געווען צו זינגען די ווערטער פון פאַרטיזאַנער־הימען אויף די חורבות פון דער בלוטיקער מאַכט, וואָס האָט פאַריאָכט און פאַרניכטעט ירושלים דליטא. אין די שטילע געסלעך פון געטאָ, אין די רואינען, וואו יעדע שטוב, וואו יעדער שטיין האָט דערמאָנט אין דעם גוואַלדיקן גוראַנגל פון ירושלים דליטא פאַר איר קיום — דאָרט האָבן אָפּגעקלונגען די ווערטער, וואָס זענען אויסגעחלומט געוואָרן אויף געהיימע געטאָ־פאַרזאַמלונגען:

מיר זענען דאָ! — — — —

די יידישע פּאַרטיזאַנערס זענען אַרויס פון די וועלדער באַוואָפנט מיט אַ געשמידטן קאַמפּס־רצון, און מיט אַ טיפער ברענענדיקער בענקשאַפט צו אַ זעלבסטשטענדיקן, שטאָלצן, פרייען, יידישן לעבן, און די מערסטע פון זיי, זענען, נאָך ניט־אָנגעזעטיקטע פון נקמה, אַוועק ווידער צו נייע פּאַרטיזאַנישע שליחותן.



די יידישע אַרבעטער פון הק״פ־איינהייט („הערעס־קראַפט־פּאַרק״) און „קיילים״-איינהייט (פוטער־פאַבריק), זענען נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ געבליבן אין שטאָט ווילנע, אין די בנינים פון זייערע אַרבעטס־איינהייטן. אַרומגעצוימטע מיט דראָט, האָבן זיי געלעבט, ווי פאַראיינזאַמטע אינדזלען אין דער נאַצישער שטאָט, באַהערשטע פון שטענדיקער מורא, אַז עס דערוואַרט זיי דער גורל פון גאַנצן ווילנער יידנטום. 150 ה.ק.פ.-יידן האָבן געוווינט אין די וואַרשטאַטן „פאַנצער-קאַזערנע״.

און ביי יענע באַדינגונגען האָבן די שרידים פון ירושלים דליטא אָרגאַניזירט אין זייערע בלאָקן־אינדזלען שולן פאַר די קינדער, וועלכע זיי האָבן אויסבאַהאַלטן פון דעם רוצחישן אויג, ווי אויך יום־טובים פאַר זיי; און געזאַמלט מאַטעריאַלן, זיי אויך געשריבן טאָג־ביכער.

די יידן פון „ה.ק.פ.״ און „קיילים״ האָבן אָנגעהויבן צו בויען זייער לעבן לויטן מוסטער פון געווו. ווילנער געטאָ; זיי האָבן אויפגעשטעלט אַמטן (וווינונג-פאַרפלעגונג, מעלדונגסאַמט, געזונהייטס-וועזן), ווי אויך וואַרשטאַטן (שלאָסעריי, מאַלעריי, אויטאָ-מעכאַניק, שניידעריי, שוסטעריי, פיין-מעכאַניק, זייגערמאַכעריי א. אַ. וו.).

ערב פּסח 1944 (27טער מערץ) האָבן די יידן אין די אַרבעטס-בלאָקן באַקומען אַ פאַראָרדענונג אַרויסצופירן די קינדער, אַרומגעוואַשענע און אויסגעפוצטע, צום שפּיטאָל, בכדי דורכצומאַכן קעגן־טיפוס־איינשפּריצונגען. פון דאָרט זענען די קינדער פאַרכאַפּט געוואָרן אין אויטאָס און אַוועקגעפירט געוואָרן (אַן ערך צוויי הונדערט), אין אַ דייטשן שפּיטאָל קיין קראָקע. דאָרט האָט מען פון אַ טייל קינדער אַרויסגעצויגן דאָס בלוט אויף טראַנספּוזיעס פאַר דייטשן; אַן אַנדערער טייל קינדער האָט געדינט צו קאָסמעטישע אָפּעראַציעס. מען האָט פון זיי אַראָפּגעצויגן די הויט, בכדי איבערפלאַנצן אויף די פּנימער פון פאַרוואונדיקטע דייטשן. אַ סך מוטערס האָבן ניט געלאָזט אַרויספירן זייערע קינדער, זענען זיי דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט די קינדער אויף אַן אָרט.

אין הק״פ האָבן זיך אין באַהעלטענישן געראַטעוועט עטלעכע צענדליק קינדער פון דער שחיטה. מען האָט זיי פאַרמויערט אין אַ צימער און געמאַכט צו זיי אַן אַריינגאַנג דורך אַ בלעכענעם אויוון, וועלכער האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געהייצט, בכדי די נאַציס זאָלן זיך ניט כאַפּן, אַז דאָרט געפינען זיך לעבעדיקע מענטשן; אין יענער אונטער־וואַנט־מאַלינע איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר די קינדער אַ שול, און דאָרטן האָט דער לערער אָפּעסקין אויפגעפירט מיט די קינדער זיין ליד „דער לעצטער ייד פון דער מאַלינע״.

אין זעלבן הק״פ האָט סאַוואַ גוריאַן אָרגאַניזירט אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע, צו וועלכער עס זענען געווען אָנגעשלאָסן דער דיכטער לייב אָפּעסקין, דער אַרטיסט יעקב בערגאָלסקי, לעאָן גורוויטש, פּסח כץ, משה קאָטלער, מישאַ בן-ציון, שאַפּיראָ לוסיק, טעמקע שערעס, ש. גראָדזענסקי, נעמזער א. אַנד. די גרופּע איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די פאַרטיזאַנערס פון וואַלד.

סוף מאַי 1944 זענען 200 מאַן פון „ה.ק.פּ.״ אַרויסגעפירט געוואָרן אין „קאָזלאָ־וואַ גוראַ״, ביי קאָוונע, וואו זיי זענען ליקווידירט געוואָרן סוף יוני 1947.

דעם 31 יוני האָט אַ גרופּע ווידערשטאַנדלער פון ה.ק.פּ. דורכגעזעגט די קראַטעס פון די פאַרצוימונגען און געלאָפן פון לאַגער; די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער און דערשאָסן אַ סך ווידערשטאַנדלער, פון וועלכע נאָר אייניקע איז געלונגען צו אַנט־לויפן אין שטאָט.

דעם 2טן און 3טן יולי 1944 זענען אַרומגערינגלט געוואָרן די לאַגערן „ה.ק.פּ.״ און „קיילים״. דאָס רוב יידן אַרויסגעפירט אויף פּאָנאַר, אייניקע הונדערט, וועלכע האָבן זיך ווידערגעשטעלט, זענען דערשאָסן געוואָרן אויף אָן אָרט. אַ קליינע צאָל איז גע־לונגען דורכצורייסן זיך אין שטאָט, אָדער אין וואלד, אַ קליינע צאָל איז געבליבן אין מאַלינעס ביז דער באַפרייאונג.

דער זעלבער גורל האָט דערוואַרט אויך די גרופּע יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אַלס פיזישע אַרבעטער אין דער געסטאַפּאָ. זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט אין קאָוונע, אויפן 9טן פאָרט. די יידן פון קריגס־לאַזאַרעט זענען דערמאָרדעט געוואָרן דעם 2טן יולי 1944, אין די ליקווידאַציע־טעג פון „קיילים״.

פון זיי זענען נאָר יחידים געבליבן ביים לעבן.



אַ קליינע צאָל יידן איז געבליבן נאָך דער געטאָ־ליקווידאַציע אין מאַלינעס, אויסגעבויטע אין די קעלערס פון געטאָ. די געסטאַפּאָ האָט זיי געזוכט און אַנטדעקט. דער מאַנגל אין עסן, אין וואַסער, האָט אויך אָפּט געשטופּט די מענטשן אַרויסצוגיין פון דער מאַלינע.

נאָר יחידים זענען פון זיי געבליבן ביים לעבן.

מענטשן האָבן געזוכט פאַר זיך אַ מקום־מקלט אין די רערן פון דער וואַסער־קאַנאַליזאַציע, וועמענס הויך האָט געהאַלטן פון אַ מעטער מיט אַכציק צענטימעטער אונטער די הויפּטגאַסן — ביז בלויז פערציק צענטימעטער אונטער די קלענערע גאַסן. דאָ, אין נעץ און שמוץ, האָט מען געלעבט און געזוכט פאַרבינדונגען מיטן אויסערן געטאָ. פון די קאַנאַליזאַציע־רערן האָט מען געגראָבן קאַנאַלן אונטער באַ־וואוינטע הויפן, און דאָרט מיט דער הילף פון געציילטע קריסטן, וואָס האָבן געוואָלט העלפן, איינגעאָרדנט וואוינונגס־מאַלינעס.

אויך דאָרט אין די אונטערערדישע מאַלינעס און אין די קאַנאַליזאַציע־רערן זענען אַנטשטאַנען סמנים פון אַ געזעלשאַפטלעכן לעבן. מען האָט געשריבן טאָג־ביכער, פאַרפאַסט מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט צווישן די מאַלינעס און איינגעאָרדנט חנוכה יום־טובים און ערשטער מאַי־צוזאַמענטרעפן.

יחידים זענען געבליבן פון זיי ביים לעבן.



איינצלנע מענטשן איז געלונגען אין דער ליקווידאַציע־תקופה, דורך אונטער־ערדישע וועגן אַרויסצוגיין פון געטאָ. זיי האָבן אין אויסערן געטאָ געזוכט צווישן באַקאַנטע קריסטן אַ מקום־מקלט. אַנדערע פון זיי האָבן זיך טאַקע געפונען אין שטאָט גופא, אָדער אין אַרומיקע דערפער; אַנדערע זענען גלייך אַריינגעפאַלן אין

די הענט פון געסטאַפּאָ. ס׳האָבן זיך געצויגן חדשים נאָך חדשים, די באַפרייאונג איז נאָך אַלץ געווען ווייט, דאָס געדולד האָט געפּלאַצט ביי אַ סך אויסבאַהאַלטערס. זיי האָבן געפּאָדערט געלט און בגדים פאַרן אויסבאַהאַלטן, און ווען דאָס געלט און די בגדים זענען אויסגעשעפּט געוואָרן, זענען די נסתרים אויסגעליווערט געוואָרן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. אַנדערע פון זיי זענען געכאַפּט געוואָרן פון די נאַציס בשעת מאַסן־־אַבלאַוועס אין שטאָט און אין די דערפער.

נאָר יחידים פון זיי זענען געבליבן ביים לעבן.



דער גורל פון פיין און יסורים האָט פאַרטריבן דעם רוב מנין און רוב בנין פון ווילנער יידנטום אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן קיין עסטלאַנד און אַ קליינעם טייל אויך קיין לעטלאַנד. צווישן די פאַרטריבענע אין עסטלאַנד איז אויך געווען דער צווייטער באַטאַליאָן פון פפ״אָ.

אויך מיין גורל איז געווען — קאָנצענטראַציע-לאַגער אין עסטלאַנד.

עס זענען מיר באַקאַנט די נעמען פון פינף און צוואַנציק לאַגערן אין עסטלאַנד, וואוהין עס זענען צעשפּרייט געוואָרן די ווילנער יידן, און שפּעטער אויך אַ גרויסער טייל פון קאָוונער יידן. דאָס זענען:

1. איליגורמע,
2. אייוואַרי,
3. אזארי,
4. גאָלדפילץ,
5. וואַיוואַרא 1,
6. וואַיוואַרא 2,
7. ווייוויקאָני 1,
8. ווייוויקאָני 2,
9. וויזענבערג,
10. יעוויע,
11. לאַגעדי,
12. נאַרוואַ,
13. סאַנדאַ,
14. סאַקי,
15. סאָסקי,
16. ערעדאַ,
17. פעטשאָראַ,
18. פאַרטקונדע,
19. פוטקי,
20. קלאָאָגאַ,
21. קיוויאָלי 1,
22. קיוויאָלי 2,
23. קערסטאָוואַ,
24. קורעמאַע.
25. קונדאַ.

אָפּט האָט מען טראַנספּאָרטירט און געטוישט די יידן פון איין לאַגער אין צווייטן, בכדי די יידן זאָלן ניט שאַפן קיין צו נאָענטע קאָנטאַקטן מיט דער שכנות־דיקער באַפעלקערונג, אָדער ניט קענען מיטווירקן אויף דער אַנטשטייאונג פון ווידערשטאַנדס־געדאַנקען ביי די שכנים.

אין לעטלאַנד זענען מיר באַקאַנט די נעמען פון די פאָלגנדיקע לאַגערן:

1. אילגעצהיים (ריגע),
2. אליינע,
3. לענטאַ (ריגע),
4. קייזערוואַלד (ריגע),
5. שלאָק,
6. שפּילווע (ריגע),
7. ביסאַ,
8. סאלעספול.
8. שטראַסענהאָף (ריגע)
10. דינאַ ווערק (ריגע)
11. וואַרניאַן.
12. דונדאַגיען.

אין אויגוסט 1944, זענען די יידן פון עסטלאַנד איבערגעפירט געוואָרן אויף שיפן דורכן באַלטישן ים קיין שטוטהאָף ביי דאַנציק. ערב דער ים־רייזע איז אַדורכ־געפירט געוואָרן דורכן דייטשן דאָקטאָר פאָן באָטמאַן אַן אַקציע אין אַ רייע לאַגערן.



ברודער-קבר אין קאָנצענטראַציע-לאַגער אין דאַאוטמערגען, וואו עס
זיינען אומגעקומען איבער 1000 יידן פון ווילנע און קאָוונע.



אַן אַנטלאָפענע פרוי פון דער שחיטה אין קלאָאָגא,
דערמאָרדעט צווישן קרויט.



רערמאָרדעטע קינדער אין קאָנצענטראַציע-לאַגער קלאָאַגאָ.



דערמאָרדעטע אין קאָנצענטראַציע-לאַגער קלאָאָגא.
19-טן סעפּטעמבער 1944.

פון איבער צען טויזנט יידן, וועלכע זענען געווען אין עסטלאַנד, זענען קיין שטוטהאָף געקומען בלויז אַן ערך פיר טויזנט.

דער לאַגער קלאאגא ביי רעוואַל, איז ניט עוואַקואירט געוואָרן. דאָרט איז דעם 29טן סעפּטעמבער 1944, איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויזאַמע שחיטה. מען האָט געצוואונגען די יידן אויסלייגן זיך אויף קלעצער צו דרייסיק מאַן. זיי זענען דער־שאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. אויף זיי זענען געלייגט געוואָרן ווייטערדיקע קלעצער, אויף וועלכע מען האָט אויסגעלייגט נאָך יידן און דערשאָסן. ווער עס האָט פּרובירט אַנטלויפן איז מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן, אַזוי זענען געשאַפן געוואָרן שייטערס, צו זיבן שיכטן אין אַ שייטער, וועלכע זענען אונטערגעצונדן געוואָרן דורך די דייטשן. טויזנט זעקס הונדערט יידן זענען אַזוי אויסגעשאָסן געוואָרן. הונדערט האָבן זיך באַהאַלטן אויף בוידעמער. אין געציילטע שעהן נאָך דער שחיטה זענען אַריין די סאָוויעטן אין קלאאגא.

קיין שטוטהאָף, דעם לאַגער פון אַכציק טויזנט אַרעסטירטע פון אַלע אומות, זענען געבראַכט געוואָרן די יידן פון עסטלאַנד, לעטלאַנד, ווי אויך פון אַ סך מקומות פון פוילן.

אין שטוטהאָף זענען צונויפגעבראַכט געוואָרן די ווילנער יידישע קינדער ווי אויך אַ טייל קינדער פון קאָוונע. אין אַ פרימאָרגן האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין רייען, געגעבן טאָפּלטע ראַציעס ברויט מיט מאַרמעלאַדע, געהייסן זינגען לידער, און אַרויסגעפירט זיי פון לאַגער צום וואָקזאַל — און פון דאָרט אין וואַגאָנען, צו אַ ריכטונג — פון וועלכער זיי זענען שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען.

פון שטוטהאָף זענען די יידן פון ווילנע און קאָוונע צעטיילט געוואָרן איבער פאַרשידענע לאַגערן פון דייטשלאַנד. צווישן זיי איז אַ גרויסע גרופּע פון אַן ערך טויזנט מאַן אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ שוידערלעכן אומקום-לאַגער: דאַאוטמערגען, ביי שענבערג, קרייז באַלינגען, דריי און אַכציק קילאָמעטער הינטער שטוטגאַרט, וואו דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען פון קלעפּ, קעלט, שמוץ, לייז, הונגער, דורשט, דיזענטעריע און פלעק־טיפוס.

פון די אַלע לאַגערן זענען נאָר יחידים, אָדער צענדליקער איבערגעבליבן ביים לעבן.



כ׳האָב דורכגעמאַכט פינף לאַגערן אין עסטלאַנד, ווי אויך שטוטהאָף ביי דאַנציק און דאַאוטמערגען ביי שענבערג, ביזן טאָג פון מיין אַנטלויפן פון לאַגער אויפן וועג קיין דאַכאַו — און איך בין אַן עדות פון טרויעריקסטן אומקום פון טויזנטער, טויזנטער, ביי שרעקלעכע באַדינגונגען פון קאַטאָרגע־אַרבעט, הונגער, שמוץ און קראַנקייטן.

כ׳בין אַן עדות פון אומצאָליקע ליכטיקע דערשיינונגען פון פאָטער־מוטער ליבשאַפט, קינדערשער טרייהייט, מאַן און פרוי־איבערגעגעבנהייט, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט אין די מסירת-נפשדיקע אָפּפער-אַקטן אונטער די דראָטן, אין די זומפּן פון טויט, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען קאָנצענטראַציע-לאַגער.

כ׳בין אַן עדות פון אונטערערדישע באַוועגונגען און פּאַרטיזאַנישע איניציאַטיוון אין די יידישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד.

אַן עדות פון חנוכה־אָוונטן, הסתדרות־ און ערשטער מאַי־פייערונגען, לעבעדיקע

צייטונגען, קולטור־באַגעגענישן אין יידיש און העברעאיש, וואָס פלעגן איינגע־אָרדנט ווערן אין דער אונטערערד פון לאַגער־לעבן.

אַן עדות פון תפילות, געזאָגטע ביי דער אַרבעט, פון מצות, געבאַקטע אין די נעכט אויף אויוועלעך־רערן, פון געהיים־געפּראַוועטע סדרים, פון תנ״ך־ און גמרא־לערנען אין שמוץ און טרויער פון לאַגער־לעבן.

אַן עדות פון קערנדלעך פון פּאָליטישע גרופּירונגען און אידעאָלאָגישע מיינונגס־אויסטוישונגען; פון לידער און טאָג-ביכער געשריבענע אויף פּאַק-פּאַפּיר פון צע-מענט און באַנדאַזשן.

אַן עדות פון אַן איבערמענטשלעכן אינדיווידועלן, און אָפט אויך פּרואוון פון קאָלעקטיוון געראַנגל אין פאַרשידענע וועגן און פאָרמען — אַ געראַנגל פאַר לעבן, איבערלעבן און דערלעבן צום טאָג פון נקמה איבער די דייטשן, דעם טאָג פון מענטשן־פרייהייט.

אַן עדות פון עפּעס, וואָס איז אַזוי אויסטערליש, אַזוי אומגלויבלעך, אַזוי דזשונגלדיק-ווילד און רוצחותדיק, וואָס עס קענען עס, דוכט זיך מיר, ניט פאַרשטייען די, וואָס האָבן עס ניט געזען עין בעין — און וואָס איך קען עס אַליין שוין היינט צו טאָג ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי מיר, די געציילטע איבערגעבליבענע, האָבן עס דאָך איבערגעלעבט — און וואָס היינט צו טאָג פרעג איך זיך אַליין, צי איז עס געווען אַ בלוט־ און טויט־קאָשמאַר, צי אַ ווירקלעכקייט; עפּעס, פון וואָס דער געדאַנק וויל אַנטלויפן, און איז דאָך צוגעשמידט אויף אייביק — און וואָס עס איז אַ שליחות פון די לעבן-איבערגעבליבענע צו זאַמלען און פאַרפיקסירן די שאַנדע פון דער מענטש-לעכער געפאַלנקייט אין דער נאַצי-געשטאַלט, בכדי עס זאָל ניט פאַרלאָשן ווערן ביי די לעבנגעבליבענע און די קומענדיקע דורות דער דורשט פון נקמה און דער דראַנג פאַר אייביקער גרייטקייט צום קאַמף פאַר דער מענטשלעכער און פאָלקס-פרייהייט.



פאַרשידן זענען געווען די וועגן פון יידישן איבערמענטשלעכן געראַנגל אין געטאָ פאַר זיין קיום און כבוד, און פאַרשידן זענען אויך געווען זיינע המשכים אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן. דער ווידערשטאַנד איז געווען דער נ ס פון געטאָ און לאַגער.

דער ווידערשטאַנד אָבער פון דעם יידן האָט אים נישט געקענט פאַרהיטן פון אומקום דורך דער נאַצישער פאַרניכטונג.

דער נס פון רעטונג איז נישט געשען.

די גוואַלדיקע איבערמאַכט פון נאַצישן טעראָר און מאָרד, ביי דער מיטהילף פון אַזויפיל עלעמענטן פון די שכנים, און ביי דער גלייכגילטיקייט און שטילשווייגן פון אַזוינע גרויסע טיילן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג — דאָס הייסט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון אונזער לעצטער תקופה, האָבן באַזיגט דעם סוביעקטיוון אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון, אַזוי הערואישן קאַמף און ווידערשטאַנד פון די יידן אין די געטאָס.

אַזוי איז אומגעקומען געטאָ ירושלים דליטא.

אַזוי איז געווען אין אַלע קהילות פון ליטע און פוילן.

**געדענק** די קאַטאַסטראָפע פון ישראל — געדענק דעם קאַמף און דעם אומקום — און לערן פון זיי אַ לערע.

**און זאָל** דאָס געדענקען זיין דיר אַ באַגלייטער, ווען דו גייסט אין וועג, ווען דו שלאָפסט און ווען דו וואַכסט אויף.

**וארשת לעולם** דעם זכרון פון די, וואָס זענען שוין ניטאָ.

**און זאָל** דער זכרון פון דער קאַטאַסטראָפע זיין זאַלץ אין דיין ברויט, און זאָל ער אַריין אין דיר, אין דיין בלוט, אין דיין פלייש און ביין.

**פאַרקריץ די ציינער** און געדענק! און ווען דו עסט — געדענק! און ווען דו טרינקסט — געדענק! און ווען דו הערסט אַ ליד — געדענק! און ווען עס שיינט די זון — געדענק! און ווען עס קומט די נאַכט — געדענק!

**און אַ שטוב,** אַז דו וועסט בויען, ברעך אין איר אַ וואַנט — בכדי דו זאָלסט תמיד זען פאַר דיינע אויגן דעם חורבן בית-ישראל.

**און אַז דו וועסט** אַ פעלד פאַראַקערן — אַ באַרג-פון-שטיינער שטעל אויף אין אים — צו עדות און זכרון פאַר ברידער, וואָס זענען צו קבר ישראל ניט געקומען.

**און אַז דו וועסט** דיין קינד צו חופה פירן — הויב אויף דעם זכרון פון יידישע קינדער, וואָס צו דער חופה וועט מען זיי שוין קיינמאָל ניט פירן — און אפילו קיין קדיש וועט קיינער נאָך זיי קיינמאָל ניט זאָגן.

**און זאָל ווערן איינס!** דער טויטער — און דער לעבעדיקער; דער אויסגעריסענער — און דער איבערגעבליבענער; די וואָס זענען אַוועק — און די שארית-ישראל.

**הער צו און הער,** ווי עס רופט יעדן איינעם פון אונז — די לערע פון דער פאָלקס-קאַטאַסטראָפע — צו אומרו! צו אומרו!

# דאַטן

| 1941 | תש״א | |
|---|---|---|
| 22-טער יוני | כז סיון | אויסברוך פון דויטש-סאָוויעטישן קריג. |
| 23-טער יוני | כח סיון | המונים יידן פאַרלאָזן ווילנע אין דער ריכטונג צו סאָוויעט-רוסלאַנד. |
| 24-טער יוני | כט סיון | אַריינמאַרש פון די דייטשן אין ווילנע. |
| 25-טער יוני | ל סיון | ס'ווערן גענומען יידישע ערובניקעס. |
| 27-טער יוני | ב תמוז | יידן ווערן געכאַפּט צו דער אַרבעט. |
| 4-טער יולי | ט תמוז | גרינדונג פון ערשטן יידן-ראַט. |
| | | באַפעל וועגן טראָגן ווייסע לאַטעס מיט אַ געלן קרייז און אַן אָפּצייכנונג |
| 8-טער יולי | יג תמוז | פאַרבאָטן יידן צו גיין אויף די הויפּט-גאַסן. |
| 10-טער יולי | טו תמוז | שחיטה אויף שפּיטאָל-גאַס (123 מענער) אונטערן אויסרייד, אַז זיי האָבן געשאָסן אויף אַ דייטשן מאָטאָציקליסט. |
| | | פאַרטיעס יידן ווערן אויסגעשאָסן אין בורביש-קער וואַלד. |
| 11-טער יולי | טז תמוז | ערשטע מאַסן-אויסשיסונגען פון יידן אין פּאָנאַר. |
| 12-טער יולי | יז תמוז | דער טאָג פון די רבנים. |
| 13-טער יולי | יח תמוז | געשטאַפּאָ כאַפּט יידן אויף די גאַסן און אַרבעטס-פּלעצער און פירט זיי אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, הייסנדיק מיטנעמען אַ האַנטוך און זייף. |
| 14-טער יולי | יט תמוז | אַרויסגעפירט די יידן פון זאַרעטשע. |
| 15-טער יולי | כ תמוז | באַפעל צו טראָגן אַ געלע לאַטע מיט אַ געלן מגן-דוד. |
| | | ליטווישע פּאָליציי כאַפּט יידישע מענער אויף די גאַסן און אין די הייזער. |
| 17-טער יולי | כב תמוז | פּאָגראָם אויף נאָווגאָראָד (אַרויסגעפירט אַן ערך 800 מענער). |
| 3-טער אויגוסט | תשעה באב (נדחה) | פאַרווערט יידן צו גיין אויף טראָטואַרן. |
| | | באַפעל צו טראָגן אַ געלן מגן-דוד איבערן ברוסט און פּלייצע. |
| 6-טער אויגוסט | יג אב | קאָנטריבוציע פון 5 מיליאָן רובל. |
| 7-טער אויגוסט | יד אב | דערשאָסן די פאָרשטייער פון יידן-ראַט לייזער קרוק און פּעטוכאָווסקי. |
| 24-טער אויגוסט | א אלול | אַרעסטירט ד״ר יעקב וויגאָדסקי (לויט אַנדערע קלאַנגען דעם 28-טן אויגוסט, ה אלול). |
| 31-טער אויגוסט - 1-טער סעפּטעמבער | ח, ט אלול | די גרויסע פּראָוואָקאַציע (אַרויסגעפירט צום טויט קרוב 8000 יידן). |

| | | |
|---|---|---|
| 6-טער סעפּטעמבער | יד אלול | אַרויסגעפירט די יידן אין געטאָ נומ. 1 (קרוב 29.000 יידן) און אין געטאָ נומ. 2 (קרוב 11.000 יידן). |
| 7-טער סעפּטעמבער | טו אלול | די יידן פון לידסקער געסל (פון געטאָ נומ. 1), פון קאַלוואַריסקע גאַס, אַנטאָקאָל און פון פּאָהולאַנקע, ווערן אַרויסגעפירט אין לוקישקער תפיסה. |
| | | גרינדונג פון געטאָ-יודן-ראַט. |
| | | אַנטשטייונג פון דער געטאָ-אַמבולאַטאָריע און פון סאַניטאַרן-וועזן. |
| 9-טער סעפּטעמבער | יז אלול | אָנפאַנג פון שול-וועזן אין געטאָ. |
| 8-טער ביזן 15-טן סעפּטעמבער | טז-כג אלול | אַנטשטייונג פון די פּאָליטישע אונטערערדישע פּאַרטייען אין געטאָ. |
| 12-טער-15-טער סעפּטעמבער | כ-כ"ג אלול | דערשאָסן אויף פּאָנאַר די אַרעסטירטע יידן פון לוקישקער תפיסה. |
| 15-טער סעפּטעמבער | כג אלול | אַרויסגעפירט צום טויט 2950 יידן אונטערן אויסרייד, אַז מען פירט זיי פון געטאָ נומ. 1 אין געטאָ נומ. 2. |
| 20 סעפּטעמבער | כח אלול | שחיטה אין טראָקי ביי ווילנע, אויסגעשאָסן 550 יידן. |
| **1941** | **תש"ב** | |
| 22-טער, 23-טער סעפּטעמבער | א און ב ראש השנה | דערשאָסן קרוב 4000 יידן אין דאָרף וועליטשאַן פון די שטעטלעך נײַ-ווילייקע, טורגעל, רוקאָן, ווי אויך די יידן פון די טאָרף-לאַגערן קענע, שומסק, קאַמאַראָווע. |
| 1-טער אָקטאָבער | יום כפור | יום-כפור-אַקציע (אַרויסגעפירט פון געטאָ נומ. 1 2200 יידן און פון געטאָ נומ. 2 — 1700 יידן) |
| 3-טער, 4-טער אָקטאָבער | יב, יג תשרי | אַרויסגעפירט פון געטאָ נומ. 2 — 2000 יידן. ספּאָנטאַנער פּאַסיווער ווידערשטאַנד. |
| 15-16-טער אָקטאָבער | כד, כה תשרי (אסרו חג סוכות) | אַרויסגעפירט פון געטאָ נומ. 2 — 3000 יידן. |
| 22-טער אָקטאָבער | א חשון | זקנים-אַקציע אין ביידע געטאָס. |
| 24-טער אָקטאָבער | ג חשון | ערשטע אַקציע פון געלע שיינען אין געטאָ נומ. 1. אַרויסגעפירט צום טויט קרוב 5000 יידן. |
| 28-טער, 29-טער, 30-טער אָקטאָבער | ז, ח, ט חשון | ליקווידאַציע פון צווייטן געטאָ (אַרויסגעפירט צום טויט 2500 יידן). |
| 3-טער, 4-טער, 5-טער נאָוועמבער | יג, יד, טו חשון | צווייטע אַקציע פון די געלע שיינען (אַרויסגעפירט צום טויט קרוב 1200 יידן). |
| 15-טער נאָוועמבער | כה חשון | שחיטה אין וואָראָנאָווע (אויסגעשאָסן אַלע יידישע איינוווינער פון וואָראָנאָווע, בעניאַקאָן און אייניקע הונדערט אַנטלאָפענע יידן פון ווילנע) |
| נאָוועמבער | חשון | ערשטער גרוס פון וואַרשעווער געטאָ (סקויט הניעק) |
| דעצעמבער | כסלו | ס'פאָרן אַרויס שליחים פון געטאָ-ווילנע צו געטאָ-וואַרשע; ס'קומען אָן אין ווילנער געטאָ שליחים פון וואַרשע. |
| 4-טער דעצעמבער | יד כסלו | אַקציע איבער די משפחות פון די יידישע פיזישע אַרבעטער אין געשטאַפּאָ (קרוב 600 מאַן). |
| 5-טער דעצעמבער | טו כסלו | אַקציע פון דער „אונטערוועלט" (ביי 90 מאַן). |
| 20-21-טער דעצעמבער | ל כסלו א טבת (ו, ז. חנוכה) | אַקציע פון די „ראָזע שיינען" (אַרויסגעפירט צום טויט קרוב 400 מאַן). |
| 21-טער דעצעמבער | א טבת | ווידערשטאַנד פון האָוז און גאָלדשטיין. |

| | | |
|---|---|---|
| **1942** | **תש"ב** | |
| 1-טער יאַנואַר | יב טבת | חלוצישע יזכור-פאַרזאַמלונג (אויפרוף נישט צו לאָזן זיך פירן אויף פּאָנאַר). |
| 16-טער יאַנואַר | כז טבת | ערשטער ליטעראַרישער מוזיקאַלישער קאָנצערט אין געטאָ. |
| 21-טער יאַנואַר | ב שבט | דעפיניטיווע אויספאָרמירונג פון געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט. |
| יאַנואַר | טבת | ס'קומען שליחים פון געטאָ-וואַרשע צו געטאָ-ווילנע. |
| 23-טער יאַנואַר | ד שבט | גרינדונג פון פ.פּ.אָ. |
| 17-טער פעברואַר | ל שבט | גרינדונג פון ליטעראַטן- און קינסטלער-פאַריין. |
| 28-טער פעברואַר | יא אדר | ערשטע אונטערערדישע פייערונג פון ציוניסטישן „דאַך" (טרומפּעלדאָר-פייערונג). |
| פרילינג | ניסן - אייר | שחיטות אין גלובאָק, דאָלהינאָוו, קריוויטש, דאָקשיץ, קורעניעץ, בודסלאָוו, ווילייקע, איליע, וואַסילישאָק. |
| אַפּריל | ניסן | גרינדונג פון דער קערן-גרופּע פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע יחיאל. |
| אַפּריל | ניסן | אַרעסטירט די געטאָ-שליחים ביי דער סטאַנציע מאָלקינע. |
| 24-טער אַפּריל | ז אייר | דערעפענונג פון געטאָ-טעאַטער. |
| 15-טער מאַי | כה אייר | שחיטה פון נעמענטשין. |
| מאַי - יוני | אייר-סיון | שחיטות אין דרויע, דרויסק, שאַרקאָווטשיזנע, |
| 16-טער יולי | ב אב | בראַסלאַוו, גערמאַנאָוויטש, דאָקשיץ, לוזשקי, |
| | ב, ג אב | וואָראָנאָווע. |
| 16-טער, 17-טער יולי | | „מאַניפעסט" פון יעקב גענס. |
| | | אַקציע פּאָספּעשקי (100 זקנים). |
| 3-טער אויגוסט | כ אב | שחיטה אין וואָלאָזשין. |
| 13-טער אויגוסט | ל אב | שחיטה אין מיר. |
| **1942** | **תש"ג** | |
| 14-טער אָקטאָבער | ג חשון | ערשטער נומער „פּאָלקס-געזונט". |
| אָקטאָבער | חשון | שחיטה אין בודסלאָוו. |
| 25-טער נאָוועמבער | טז כסלו | שחיטה אין דונילאָוויטש, פּאָסטאַוו. |
| **1943** | **תש"ג** | |
| פעברואַר | אדר א | ליקווידאַציע פון די שטעטלעך אָשמענע, סווענציאַן, מיכאַלישאָק, סאָל. |
| 17-טער פעברואַר | יב אדר א | דערשאָסן ליזע מאַגון (ליזע רופּט). |
| 5-טער אַפּריל | כט אדר ב | אַקציע קאָווגע-פּאָנאַר (דערשאָסן 5000 מאַן פון ווילנע און פּראָווינץ). ווידערשטאַנד ביי פּאָנאַר. |
| 20-טער אַפּריל | א פסח | אַרויסגעגאַנגען די ערשטע פּאַרטיזאַנער גרופּע אין |
| 1-טער מאַי | כו ניסן | וואַלד. |
| 8-טער יולי | ה תמוז | פייערונג פון ערשטן מאַי און באַערונג פון וואַר- |
| 9-טער יולי | ו תמוז | שעווער אויפשטאַנד. |
| | | דערשאָסן 200 ווילנער יידן אין אַרבעטסלאַגער קענע. |
| | | דערשאָסן 350 ווילנער יידן אין לאַגער בעזדאַן. |
| 16-טער יולי | יג תמוז | אַרעסטירט יצחק וויטענבערג, קאָמענדאַנט פון פ.פּ.אָ. |
| 17-טער יולי | יד תמוז | וויטענבערג אומגעקומען אין געשטאַפּאָ. |
| 24-טער, 25-טער יולי | כא, כב תמוז | יוסף גלאַזמאַן אַרויס מיט אַ גרופּע אין וואַלד. קאַמף ביי לאַוואַרישאָק. |
| 27-טער יולי | כד תמוז | די אַקציע אויף די בריגאַדירן. |
| 1-טער אויגוסט | כט תמוז | אַנטזאָגט די יידן פון די אַרבעטס-איינהייטן. |

| | | |
|---|---|---|
| 6-טער אויגוסט | ה אב | ערשטער טראַנספּאָרט קיין עסטלאַנד (1000 יידן). ווידערשטאַנד ביים באַן. |
| 19-טער-24-טער אויגוסט | יח-כג אב | צווייטער טראַנספּאָרט קיין עסטלאַנד. |
| 20-23-טער אויגוסט | יח-כ"ג אָב | ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען די רעשטלעך פון די יידישע שטעטלעך: דאָקשיץ, דאָלהינאָוו, שאַרקאָווטשיזנע, סווענציאַן, קאָזיאַן, פּאָהאָסט, דרויע, דאַנילאָוויטש, גערמאַנאָוויטש, פּאָסטאַוו. |
| 1, 2, 3-טער סעפּטעמבער | א, ב, ג אלול | מאַסן-אַרויספירונגען קיין עסטלאַנד. |
| 1-טער סעפּטעמבער | א אלול | געפאַלן יחיאל שיינבוים. |
| 4-טער סעפּטעמבער | ד אלול | פרויען-אַרויסשיקונג קיין עסטלאַנד. |
| 10-13-טער סעפּטעמב. | י, יג אלול | גרופּן פּאַרטיזאַנער גייען אין וואַלד. |
| 14-טער סעפּטעמבער | יד אלול | דערשאָסן יעקב גענס. |
| 16-טער סעפּטעמבער | טז אלול | אַרויסגעפירט קרוב 1000 יידן אין ה. ק. פּ.-לאַגער און קרוב 1000 יידן אין לאַגער „קיילים". |
| 23-טער סעפּטעמבער | כג אלול | ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ. אַרויסגעפירט קיין עסטלאַנד קרוב 7000 מאַן. די אַלטע און קראַנקע אַרויסגעשיקט קיין פּאָנאַר און גרופּן פרויען מיט קינדער אַוועקגעשיקט קיין מײדאַנעק. אויפגעהאַנגען 4 פּאַרטיזאַנער. די לעצטע פּאַרטיזאַנער-גרופּע גייט אַרויס דורך די קאַנאַליזאַציע-רערן. |
| **1944** | **תש"ד** | |
| 27-טער מערץ | ג ניסן | אַקציע אויף די קינדער פון לאַגער ה. ק. פּ. און לאַגער „קיילים". |
| 15-טער אַפּריל | אחרון של פסח | יידן אַנטלויפן דורכן פּאָנאַר-טונעל. |
| סוף מאַי | סיון | איבערזידלונג פון אַ פּאָר הונדערט ה. ק. פּ.-יידן אין קאָנצענטראַציע-לאַגער פון קאָזלאָווע רודאַ, וואו זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן. |
| 1-טער יולי | י תמוז | אַרויסגעפירט די יידישע פיזישע אַרבעטער פון אוינהייט געשטאַפּאָ קיין קאָוונע אויפן 9-טן פאָרט, וואו זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן דעם 3-טן יולי. |
| 2-טער, 3-טער יולי | יא, יב תמוז | ליקווידאַציע-אַקציע אין ה. ק. פּ. און „קיילים". דערמאָרדעט אַ פּאָר טויזנט יידן. עטלעכע צענדליק יידן געלינגט צו אַנטלויפן אין וואַלד. |
| 13-טער יולי | כב תמוז | ווילנע ווערט באַפרייט דורך דער רויטער אַרמיי. די יידישע פּאַרטיזאַנער גייען אַריין מיט די מיליטערישע אַוואַנגאַרד-גרופּן אין ווילנע. |
| **1944** | **תש"ה** | |
| 19-טער סעפּטעמבער | ב ראש השנה | 1800 יידן דערמאָרדעט און פאַרברענט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער קלאָאָגאַ ביי רעוואַל אין עסטלאַנד. |
| **1945** | **תש"ה** | |
| 29-טער יאַנואַר | טו שבט | עטלעכע טויזנט ווילנער יידן ווערן דערשאָסן און דערטרונקען אין באַלטישן ים ביי קעניגסבערג. |
| 28-טער אַפּריל | טו אייר | עטלעכע צענדליק ווילנער יידן אַנטלויפן אין די וועלדער ביים אויפשטאַנד פון לאַגער דאַוטמערגען אויפן עוואַקואַציע-וועג קיין דאַכאַו. |
| סוף אַפּריל — אָנהויב מאַי | אייר | עס ראַטעווען זיך די רעשטלעך פון ווילנער יידנטום אין די באַפרייאונגס-טעג פון די דייטשע קאָנצענטראַציע-לאַגערן. |

# זוכצעטל

## א.

ה.



ו.

## נ.



## ס.

## ש.



## ת.

# באַמערקטע טעותים

| זייט | שורה | געדרוקט: | דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|
| 30 | 2 | פון אונטן דעם 13טן יולי 1941 | דעם 12 יולי 1941 |
| 66 | 5 | „ „ ש. גראָדזענסקי | א. י. גראָדזענסקי |
| 89 | 1 | פון אויבן יום-כפור 1941 | 12. יום כפור 1941 |
| 101 | 1 | „ „ אין די טעג פון די גע-לע שיינען | 14. אין די טעג פון די געלע שיינען |
| 113 | 3 | פון אונטן 24 אָקטאָבער 1947 | 24טער אָקטאָבער 1941 |
| 126 | 1 | פון אויבן 51. אין די טעג פון די ראָזע שיינען | 15. אין די טעג פון די ראָזע שיינען |
| 148 | 4 | „ „ און פון 2 ביז 12 | און פון 2 ביז 14 |
| 149 | 3 | „ „ דייטשע גאַס (19, 22, 27, 29, 31, 36) | דייטשע גאַס (19, 21, 23, 25, 27, 29, 31, 33) |
| 149 | 12 | פון אונטן קאַרמעליטן גאַס 5 | קאַרמעליטן גאַס 3 |
| 149 | 10 | „ „ סטראַשון גאַס 40, 6 | סטראַשון גאַס 4, 6. |
| 166 | | נאָך דער לעצטער שורה פעלט: 3) קעלערס — אין די קעלערן פון די געטאָ-וואוינונגען, וואָס גרענעצן זיך מיט קריסטלעכע קעלערן, זענען געמאַכט געוואָרן לעבער-דורכגאַנגען. | |
| 167 | | נאָך דער פערטער שורה פון אויבן פעלט: 5) פענסטערס און באַלקאָנען — פון קריסטלעכע הייזער, וואָס האָבן געגרענעצט מיט די געטאָ-הייזער, פלעגן איבער די געטאָ-טויערן פליען אין וועג פון קעגנזייטיקן מסחרישן אויסטויש פּעקלעך מיט פּראָדוקטן. | |
| 203 | 12 | פון אויבן ד"ר קלמן שפּיראָ | ד"ר קלמן שאַפּיראָ |
| „ | 14 | „ „ ד"ר זאב וואָלף שומעל-סקי | ד"ר זאב וואָלף שומעליסקי |
| 211 | 1 | פון אונטן אין ווילנער הילפס-קאָמיטעט | אין געזעלשאַפטלעכן הילפס-קאָמיטעט |
| 221 | 16 | פון אויבן פערעוואלקי ראובן | פערעוואזקי ראובן |
| „ | „ | „ „ רעבעס | רעכעס |
| 221 | 9 | פון אונטן גראַדע-צירינבקאַ | גראַדע-קלעפּפּיש פּרומע |
| 244 | 3 | פון אונטן צ. קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי | ד. קאַפּלאַן קאַפּלאַנסקי |
| 284 | 1 | „ „ אין וועלגער געטאָ | אין ווילנער געטאָ |
| 304 | 1 | „ „ יידישער פּאַטריאָטן-באַ-וועגונג | יידישע פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג |
| 327 | 20 | „ „ פּראָפעסאָר שעזעמאַן | פּראָפעסאָר סעזעמאַן |
| 351 | 22 | פון אויבן פון דער וואדערשטאַנד-באַוועגונג | פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג |
| 352 | 4 | „ „ מיט שכנא זאַראַן | מיט שכנא זאַגאַן |
| 356 | 1 | פון אונטן ייוואָ-בלעטער, באַנד 27 נומער 5, 1940 | ייוואָ-בלעטער, באַנד 27, נומער 5, 1946 |
| 366 | 15 | פון אויבן ראזאַנאָוויטש 23) | ראָזאַנאָוויטש 23) און יצחק ראָגאַלין 24) |
| 367 | 10 | פון אונטן 24) צבי ראָגאַלין | 24) יצחק ראגאלין |
| 380 | 1 | פון אויבן 20. די פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג | 21. די פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג |
| 391 | 11 | פון אונטן יאַנעק פאַוויסט | יאַנעק פאַוסט |
| 393 | 13 | „ „ מיצקע דיפּענהאָלץ | מיצקע ליפּענהאָלץ |
| 402 | 1 | פון אויבן 21. אַ טאָג אין געטאָ | 22. אַ טאָג אין געטאָ |
| 477 | 11 | פון אויבן 25 אַפּריל | 20 אַפּריל |

## פון זעלבן מחבר

**דערשינען:**

„קאַמף פאַרן געזונט אין געטאָ-ווילנע". פאַרלאַג „אָזע", פאַריז 1946.
אין העברעאיש („דפים רפואיים"). תל-אביב 1946.
אין פראַנצויזישער איבערזעצונג, פאַרלאַג „אָזע" (זשענעוו 1946).

**ס׳געפינט זיך אין דרוק:**

העברעאישע איבערזעצונג פון „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום".

**ס׳ווערט צוגעגרייט צום דרוק:**

„מחשבות פון אַ צוריקגעקומענעם" (זאַמלונג פון עסייען).




ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג ע ן
צו דער מאפע פון שטאט-ווילנע

געטא-ווילנע — F 6
פאגאר — B 8
ואקרעט — A 5
זוועזשוניעץ — B 3
באוגארער — D 7
בורבישקי — C 10
באן-הויף — F 8
לוקישקי — D 5
ראסע — J 8




(געמאכט אין ווילנער געטא, אין יאר 1943)

דערקלערונגען
צום פלאסטישן פלאן

1. הויפט-טויער פון געטא;
2. די פארצוימונגען ארום דעם געטא;
3. סטראשון גאס נומ. 6;
4. יידישער שפיטאל (הקדש);
5. רודניצקער גאס נומ. 6 (הויף פון יודן-ראט);
6. דער דאזיקער טייל פון פלאן, וואס האט פארגע-שטעלט די לעצטע זייט פון רודניצקער, א טייל פון „א-לע היידיקע", קארמעליטן און קאנסקע, איז באשע-דיקט געווארן אומוואר-געריכט זיך אין די דייטשע אינסטיטוציעס.

## טויערן

א. הויפטויער פון געטא: ארייננאנג און ארויסגאנג פון די ארבעטס-קאמאנדעס. „טויער-וואך"; סעלעקציע ביים טויער.
ב. פארמויערטער גרענעץ-טויער ביי רודניצקע גאס 4.
ג. פארשלאסענער גרענעץ-טויער פון יאטקעווער גאס: פון דאנעט זענען ארויסגעגאנגען גרופן אין וואלד.
ד. גרענעץ-טויער פון אשמענער גאס.
ה. פארשלאסענער גרענעץ-טויער פון סטראשון גאס און שאוועלסקע גאס.
ו. פארמויערטער גרענעץ-טויער פון זאוואלנע גאס אויף סטראשון גאס (דורך אים האט מען אריינגעפירט די יודן אין געטא).
ז. פארמויערטער גרענעץ-טויער פון שפיטאל גאס און זאוואלנע גאס.
ח. פארשלאסענער טויער פון שפיטאל גאס און רודניצקע גאס.

## וויכטיקע פונקטן אין געטא

רודניצקע גאס 9 — סאניטאר-טעכנישע-ווארשטאט, אונטערגראבונג פון פ.פ.א צו די קא-נאליזאציע-רערן. פון דאנעט זענען ארויס די לעצטע גרופן פ.פ.א בעת דער געטא-ליקווידאציע.
רודניצקע גאס 11 — אמבולאטאריע און ביכע הולה.
רודניצקע גאס 13 — געטא-רעסטאראן און קאפע, סאבארין- און פארע-וואסער-פאבריק.
רודניצקע גאס 17 — געטא קיך (פארוואלטונגען פון ליטעראטן-פארייין).
רודניצקע גאס 21 — געטא-קאראנטין.
רודניצקע גאס 6 — הויף פון יודן-ראט; צענטראל-קאמיסאריאט פון געטא-פאליציי, וואוינונג פון יעקב גענס; סעדעלע וואו ס'איז פארגעקומען די סעלעקציע פון די געלע שיינען; געטא-טעאטער; יודן-ראט-קיך; יודן-ראט-ווארשטאטן
רודניצקע גאס 8 — טעכנישע ווארשטאטן
רודניצקע גאס 12 — קעלער צו פראוון געווער (דארט איז פארגעקומען דער ערשטער פראוון פון געטא-געווער).
רודניצקע גאס 14 — געטא-טעכניקום. טראנספארט-בריגאדע ילדים.
קארמעליטן גאס 3 — סאניטארער דורכלאז-פונקט (געטא-באד נומער 1). הויף-טויער דורך וועלכן ס'זענען ארויס די ערשטע באוואפנטע גרופן אין וואלד.
דייטשע גאס 21 — פאלקס-שול נומער 3; גימנאזיע.
דייטשע גאס 31 — שטאב פון פ.פ.א.
שאוועלסקע גאס 2 — פאלקס-שול נומער 2; לאקאל פון לערער-פארבאנד; יאגעבעס קלויז.
שאוועלסקע גאס 6 — רב שאולקעס קלויז.
סטראשון גאס 2 — שול-סעדריצוגישער צענטער. ציוניסטישע קיך (ערשטער צוזאמענקו-מען פון דער אונטערערדישער חלוצישער באוועגונג און פון ברית עברית). מאגאזינען פון געהיים געווער.
סטראשון גאס 4 — אונטערגאט און ווארשטאטן פו ילדים.
סטראשון גאס 6 — סאניטארער דורכלאז-פונקט נומער 2 (אין די קעלערן פראוון פון געווער). הויף-באריקאדע פון פ.פ.א. ביבליאטעק פון מפיצי השכלה. מאליגע פון געווער. געטא-תפיסה. ספארט-פראץ.
סטראשון גאס 12 — ערשטע פארטיזאניע. דא איז דעם 1טן סעפטעמבער 1943 געפאלן יחיאל שיינבוים. פאלקס-שול נומער 1; קינדערגארטן. שומרישער שיתוף. מילך-פונקט; קינדער-קיך.
יאטקעווער גאס 8 — קינדער- און יוגנט-קלוב. געווער-מאליגעס.
שפיטאל גאס 1 — וויסאטינגען-לאבאראטאריע; יתומים-אונטערגאט.
שפיטאל גאס 3 — געטא-שפיטאל.
שפיטאל גאס 7 — קיבוץ הנוער הציוני.
שפיטאל גאס 17 — געווער-מאליגע פון דער „געלער ראשקע".




ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג ע ן
צום סכעמאטישן פלאן פון געטא

דער פלאן ברענגט א סכעמאטישן בילד פון די געטא-הויפן, באצייכנט, אז א רייע הויפן פון דייטשער גאס האבן טיילוויז געהערט צום געטא און טיילוויז צום אויסערן-געטא. באוויזן איינציקע דורכגאנגען פון הויף צו הויף (אויף דייטשער גאס און אויף שפיטאל גאס) און ברענגט אויך א גענויערע סכעמע פון רודניצקער גאס נומ. 6 (הויף פון יודן-ראט):

a
הויפט-קאמיסאריאט פון דער געטא-פאליציי;

b
טעכנישע ווארשטאט;

c
האלץ-זענעריי;

d
יודן-ראט ביוראען;

e
וואוינונג און פאלקאן פון געטא-קאמענדאנט יעקב גענס;

f
גערטעלע פון יודן-ראט, וואו ס'האט זיך געפונען דער איינ-ציקער בוים פון געטא;

g
גערטעלע פון יודן-ראט;
אין די ביידע גערטלעך איז פארגעקומען די סעלעקציע אין טאג פון די „געלע שיינען".

h
געטא-טעאטער;

i
קיך פון יודן-ראט;

j
סאניטארער דורכלאז - פונקט נומער 1;

k
פארמאכטער הויף-טויער צום אויסערן-געטא דורך וועלכן עס זענען ארויס באוואפנטע גרו-פן אין וואלד.

## פלאן פון ווילנער געטאס

1-בער געטא | 6 סעפטעמבער 1941 - 23 סעפטעמבער 1943
2-בער געטא | 6 סעפטעמבער 1941 - 29 אקטאבער 1941

### גאסן פון געטא נומ. 1

זאוואלנע, לידסקע, סטראשון (קאסניצקער), שאוועלסקע, רודנער, אשמענער, דייטשע, יאט-קעווער, רודניצקער, שפיטאל („הקדש"), קארמעליטן (פאליציי-גאס), קאנסקע (ארקלי).

### גאסן פון געטא נומ. 2

יידישע, קלאטשקא (יאטקעווער 2), גלעזער-גאס, גאונס געסל.